

לערער-יזכור-בוך
די
אומגעקומענע
לערער
פון
ציש״א שולן אין פוילן


שול-יזכור-בוך
די
אומגעקומענע
לערער
פון
ציש"א שולן אין פוילן

# LERER-JISKOR-BUK

## Teacher Memorial Book

רעדאַקציע קאָמיטעט :

ש. גילינסקי
ב. טאַבאַטשינסקי
י. פּאַט
י. ראָטענבערג

רעדאַקטאָר :

ח. ש. קאַזדאַן

אַרויסגעבער :

קאָמיטעט צו פאַראייביקן דעם אָנדענק
פון די אומגעקומענע לערער פון די ציש״אָ שולן אין פוילן,
ניו יאָרק, 1952 — 1954

PRINTED IN THE UNITED STATES OF AMERICA
BY MARSTIN PRESS, INC., NEW YORK CITY
I. London, *President*



אין די אויוונס פון די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אין די געטאָ־קאַמפּן און פון הונגער זיינען אומגעקומען כמעט אַלע לערערס פון די יידיש־וועלטלעכע שולן.

ווער ווייס, צי מיר וועלן האָבן אַמאָל אַ מעגלעכקייט וועגן יעדן פון זיי באַזונדער צו דערציילן? נישט בלויז אויסרעכענען זייערע נעמען אין אַ שוואַרצער ראַם, און עס וואָלט געווען וועגן זיי אַלעמען און וועגן יעדן אַ סך צו דערציילן.

דאָס איז געווען אַ וואונדערלעכע גרופּע מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט מיט אַ גרויסער אידעע און איר געדינט מיט דער גאַנצער נשמה. בכלל גענומען זיינען דאָס געווען יונגע מענטשן מיט אַ סך ברען, מיט אַן אַ שיעור וואַרעמקייט. און אַזוי אויסערגעוויינלעך ענטוזיאַסטיש...

צוזאַמענפאָרן, קאָנפערענצן פון די דאָזיקע לערערס זיינען אַלע מאָל געווען אַזוי יום־טובדיק און דורכגעדרונגען מיט אינערלעכער אומרואיקייט און גליענדיקער שעפערישקייט...

עס איז שווער וועגן דעם צו שרייבן און טראַכטן — מען ווערט צעריסן פון אינערלעכער בענקשאַפט און צער.

¶ אַזוי האָט געשריבן דער פאַרשטאָרבענער ש ל מ ה מ ע נ ד ע ל ס אָ ן אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען וועלכע ער האָט געשריבן באַלד נאָך די ידיעות פון חורבן פוילן און וועלכע ער האָט געווידמעט איינצעלנע לערער פון דער ציש״אָ־שול־באַוועגונג.

¶ אָבער נישט ש. מענדעלסאָן, כל זמן ער האָט געלעבט, און נישט מיר — די געוועזענע חברים און מיטאַרבעטער פון די הונדערטער אומגעקומענע לערער־קדושים — האָבן ניט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דער אָנדענק פון אָט דער לערערשאַפט זאָל פאַרלוירן גיין פאַר אונזער דור און פאַר די שפּעטערדיקע דורות. די לערערשאַפט פון יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן אין פוילן האָט אַזוי פיל שעפערישע קולטור, אַזוי פיל אידעאַליזם און התלהבות פאַרקערפּערט אינעם יידישן לעבן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, — אַז עס איז זיך גאָרניט פאַרצושטעלן, זייער אָנדענק זאָל אומברחמנותדיק אָפּגעווישט ווערן.

¶ און ווען ש. מענדעלסאָן איז פּלוצים און אַזוי טראַגיש אָפּגעריסן געוואָרן פון אונז (געשטאָרבן דעם 8־טן פעברואַר 1948), האָבן מיר דער־פילט נאָך אַ גרעסערע אחריות אויף זיך און מיר האָבן זיך געזאָגט: מיר מוזן גובר זיין אַלע שוועריקייטן, און מיט די קאָלעקטיווע כוחות פון די רעשטן פון דער ציש״אָ־אַרמיי וואָס זיינען לעבן געבליבן — דאַרפן מיר אַוועקשטעלן אַ דויערנדיקן מאָנומענט ניט נאָר דעם כלל פון דער פאַרשניטענער לערערשאַפט נאָר אויך יעדערן פון זיי אינדיווידועל. און

אויף זיין טראַגישער פראַגע: „ווער ווייס, צי מיר וועלן האָבן אמאָל אַ מעגלעכקייט וועגן יעדן פון זיי באַזונדער צו דערציילן?״ — האָבן מיר געענטפערט מיט אַן אַנטשידענעם יאָ: מיר נעמען עס אויף זיך! מיר וועלן עס אויספירן ביזן סוף!

¶ אַזוי איז געבוירן געוואָרן דער פּלאַן פון אונזער לערער־יזכור־בוך.

¶ דער פּלאַן האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַ סך שווערער, ווי מען האָט זיך פון ערשטן בליק פאָרגעשטעלט: ווי אַזוי זאָמלט מען אויף די נעמען פון דער גרויסער מחנה לערער? ווער קען פאַרצייכענען זייערע ביאָ־גראַפיעס און כאַראַקטעריסטיקעס ווי פּעדאַגאָגן און געזעלשאַפטלעכע טוערס? ווער קען עדות זאָגן וועגן זייער אומקום, וועגן זייער לעצטן וועג צום קידוש השם? צי וועלן מיר קריגן די פאָטאָגראַפיעס פון די לערער? און צום סוף — וואו נעמט מען די גרויסע סומע געלט וואָס איז נויטיק אויף אַרויסצוגעבן אַזאַ יזכור־בוך?

¶ מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ צאָל באַראַטונגען, אין וועלכע עס האָבן אַנטייל גענומען אַ דרייסיק פּערזאָן, און מיר האָבן באַשלאָסן זיך נעמען צו דער אַרבעט. עס איז אָנגעצייכנט געוואָרן דער פּלאַן פון דער אויס־גאַבע, עס איז אויסגעטיילט געוואָרן אַן ענגערע קאָמיסיע פאַר דער פּראַקטישער אַרבעט.

¶ מ נ ו ח ה ז אַ ל צ מ אַ ן — איז ביים אָנהייב פון דער אַרבעט געווען די סעקרעטאַרין פון דעם איניציאַטיוו־קאָמיטעט און זי האָט אַ סך מיט־געהאָלפן. עס איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אַ פראַגע־בויגן, מען האָט אים אויך פאַרעפנטלעכט אין דער גאַנצער יידישער פּרעסע, — און די רעזולטאַטן האָבן ניט געלאָזט אויף זיך וואַרטן: צענדליקער און צענדליקער האָבן זיך תיכף אָפּגערופן, צוגעשיקט די געפאָדערטע ידיעות און אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ גרויסע קאַרטאָטעקע פון אַקטיווע קאָרעספּאָנדענטן פון איין זייט, און אַ רשימה פון הונדערטער אומגעקומענע לערער פון דער אַנדערער זייט. הונדערטער לערער־קדושים זיינען פאַררעגיסטרירט געוואָרן. עס האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען זעלבסטבאַשטייערונגען פון געוועזענע לערער און שולטוער. דאָס האָט צוגעגעבן גלויבן אין דער אויספירבאַרקייט פון דער געפּלאַנטער אַרבעט. אָבער דאָס איז געווען — דער אָנהייב, איצט איז

פאַר אונז געשטאַנען די ווייטערדיקע גראַנדיעזע אַרבעט: צונויפֿ־נעמען געניוירן ביאָגראַפֿישן מאַטעריאַל וועגן לעבן און קאַמף פֿון יעטוועדן לערער; צוזאַמענשטעלן אַרטיקלען וועגן דער פּעדאַגאָגישער טעטיקייט, וועגן די אויפֿטוען און דערגרייכונגען פֿון יעדן באַזונדער; און דער עיקר — אַ באַריכט וועגן די לעצטע טעג פֿונעם לערער־מאַרטירער און העלד — אין די געטאָס, לאַגערן, תּפֿיסות, גאַז־קאַמערן...

‖ היינט קומען מיר צו אונזער עפֿנטלעכקייט מיט דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט, און יעדערער קען אָפּשאַצן און באַנעמען דעם פֿאַרמעסט פֿון דער דאָזיקער אויסגאַבע. עס איז ניט קיין לעקסיקאָן אין געוויינלעכן באַנעם פֿון וואָרט. אונזער לערער־יזכּור־בוך איז אַ זאַמלונג פֿון זכרונות, מאָנאָגראַפֿיעס, דאָקומענטן וועגן די וואָס האָבן געבויט און אויסגעטראָגן אויף זיך די נייע יידיש־וועלטלעכע שול, און מיט איר צוזאַמען פֿאַרברענט געוואָרן. אָפֿטמאָל גיבן מיר וועגן איין פּערזאָן עטלעכע אַרטיקלען — יעדער פֿון אַן אַנדער כאַראַקטער, פֿון אַן אַנדער קוקווינקל אָדער פּעריאָד. די אַרטיקלען זיינען דורכגעדרונגען מיט פּערזענלעכע זכרונות און שטימונגען, מיט פּערזענלעכע געפֿילן און דערפֿאַרונגען, און דאָס גיט צו די אַרטיקלען אַ סך פֿאַרביקייט, אינטימקייט, בלוטיקע האַרציקייט.

‖ ביי די געשילדערטע באַדינגונגען האָבן מיר ניט געקענט איינהאַלטן אַ פּראָפּאָרץ צווישן די אַרטיקלען. וועגן איין לערער גיבן מיר עטלעכע זייטלעך, וועגן אַ צווייטן — עטלעכע שורות. דאָס איז ניט געווען אָפּהענגיק פֿון אונזער באַציונג צום לערער. עס האָט זיך געהאַנדלט נאָר אין איינס: צי מיר האָבן געהאַט גענוג וויכטיקן מאַטעריאַל וועגן דער געגעבענער פּערזאָן, און טאַקע וועגן זיין גאַנצן לעבן — ביזן סאַמע אומגליק. מיר האָבן געהאַלטן: אויב דער פֿאַראַנענער מאַטעריאַל גיט אַן אַלזייטיקע אָפּשאַצונג פֿון דער טעטיקייט און ראָל, וועגן לעבן און אומקום פֿון דער געגעבענער פּערזאָן — דאַרפֿן מיר אַלץ אויסנוצן. מיר האָבן זיך ניט געהאַלטן פֿאַר באַרעכטיקט צו פֿאַרבאַהאַלטן און אויסמיידן די אָדער אַנדערע פֿאַקטן, וויבאַלד זיי זיינען מיטגעטיילט געוואָרן פֿון באַגלויבטע מענטשן.

‖ און ווייל דער יזכּור־בוך האָט אָנגענומען אַזאַ כאַראַקטער, האָט זיך באַקומען נאָך איין וויכטיקער פּועל יוצא: דער יזכּור־בוך גיט אַ גרויסע

צאָל בילדער און פאַקטן וואָס האָבן אַ שייכות צום יידישן קולטור־לעבן בכלל, אין דער תקופה צווישן ביידע וועלט־מלחמות, און גאָר באַזונדערס וועגן דער תקופה פון נאַצישן חרוב מאַכן דאָס פוילישע יידנטום. די אַלע לערער־ביאָגראַפיעס צוזאַמענגענומען גיבן אונז אַ בולטע פאָרשטעלונג וועגן דעם, ווי אַזוי דער יידיש־וועלטלעכער שולוועזן אין פוילן איז אויפגעקומען, ווער זיינען געווען זיינע פּיאָנערן און מויערער, וועלכע געזעלשאַפטלעכע און פּעדאַגאָגישע מעטאָדן האָט די נייע שול אָנגעווענדט אין איר אַרבעט, וועלכע אינסטיטוציעס זיינען פון איר אַרויסגעוואַקסן. די אַלע ביאָגראַפיעס צוזאַמען ווייזן אידעאַלע מוסטערן פון אַ נייער יידישער פאָלקס־אינטעליגענץ, וועלכע האָט מיט מסירת נפש און פולשטענדיקער איבערגעגעבנקייט געטאָן איר שול־און קולטור־אַרבעט טאָג איין טאָג אויס; און ווען אָט די לערערשאַפט איז געשטעלט געוואָרן פּנים אל פּנים מיטן נאַצישן שטן המשחית וועלכער האָט זיך אַזוי חיהש פאַרמאָסטן אויפן יידישן קינד, האָט זי מיט איר בלוט און נשמה געשיצט דאָס קינד, אַלע מיטלען אויסגעפּרואווט אויף אים צו ראַטעווען, און ווען דאָס האָט זיך ניט געלאָזט — מיט אים צוזאַמען געגאַנגען צום אומקום...

¶ אַזוי אַרום איז דער יזכור־בוך אַ קאָלעקטיוו ווערק, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט צענדליקער חברים און פריינד פון די אומגעקומענע. יעדערער פון זיי האָט מיט בלוט געשריבן זיין אַרבעט. יעדערער פון זיי האָט מיט זיינע שורות געוואָלט שטעלן אַ מצבה דעם וואָס איז אים אַזוי טייער, וואָס זיין אָנדענק איז פאַר אים הייליק. א סך פון די שרייבערס זיינען אַליין געשטאַנען אויפן ראַנד פון אומקום, האָבן צוזאַמען מיט די באַשריבענע געהאַט בשותפותדיקע איבערלעבונגען, נאָר דער גורל האָט געוואָלט איינער זאָל זיך ראַטעווען, דער אַנדערער זאָל אויף אייביק פאַרשווינדן... עס איז דעריבער אַ ספר הזכרונות פון אַ דור. עס איז אַ ביישטייער צו דער געשיכטע פון אונזער טראַגישער תקופה. מיר — די געוועזענע טוער און פירער פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע — האָבן באמת געפילט אונזער גרויסע היסטאָרישע אחריות פאַר אָט דער אַרבעט.

¶ אַלע גרעסערע ביאָגראַפישע אָפּהאַנדלונגען אין בוך זיינען אונטערגעשריבן מיט די נעמען פון זייערע מחברים. די ניט־אונטערגעשריבענע אַרטיקלען זיינען צוזאַמענגעשטעלט אויפן גרונט פון פערז. זכרונות

אָדער פון פאַרצייכענונגען וואָס עס האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען. אָט די אַרטיקלען געהערן ס׳רוב דעם שרייבער פון די שורות.

¶ די גרויסע גאַלעריע שרייבערס פון די אַרטיקלען, וואָס זיינען פאַר־טראַכטן אינעם דאָזיקן בוך — זיינען אַליין אַ שטיק געשיכטע פונעם יידישן שולוועזן. כמעט אַלע די שרייבערס זיינען לערער אָדער שול־טוער מיט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול און קולטור. עס איז געווים אַ זכיה פאַר זיי צו שטיין אויף איין בלאַט מיט די קדושים.

¶ צום אויפריכטיקן באַדויערן, האָט זיך אָנגעקליבן אַ היפּשע צאָל לערער, וועגן וועלכע עס האָט זיך ניט איינגעגעבן צו באַקומען קיינע ידיעות, אַ חוץ זייערע נעמען. מיר גיבן דעריבער נאָכן ערשטן טייל — אַ רשימה פון עטלעכע הונדערט לערער „אומבאַקאַנטע", פאַרגעסענע, פאַרלוירענע. זאָל לפּחות זייער נאָמען בלייבן פאַראייביקט.

¶ מע דאַרף זיך אויך ריכטן, אַז אין דעם יזכור־מאַטעריאַל זיינען אַריינגעפאַלן אייניקע טעותן: ביי אַזאַ קאָמפּליצירטער אַרבעט און ביי אַזעלכע שווערקייטן — איז עס אומפאַרמיידלעך. הגם מיר האָבן ניט געקאַרגט קיין צייט און מי אויסצוגעפינען אַלע פּרטים וועגן לעבן און טויט פון יעדער לערער, איז דאָך מעגלעך אַז אייניקע פאַקטן און דאַטעס שטימען ניט מיט דערווירקלעכקייט. מעגלעך אפילו אַז אייניקע פון די אָנגעגעבענע אומגעקומענע לערער — לעבן גאָר. בעטן מיר ביי אַזעלכע — אנטשולדיקונג אין פאָראויס. און הלוואי זאָלן זיין אַזעלכע טעותן וואָס מער...

¶ ווי געזאָגט, איז געשאַפן געוואָרן אַ גרעסערער קאָמיטעט פאַר דעם לערער־בוך, און אין אים זיינען געווען די פריינד:

הירש אבראמאָוויטש, ב. טאַבאַטשינסקי, דינה אבראמאָוויטש, רעגינע מאַנדעלמאַן, ש. אבראמסאָן, פייגל מעלאַמדאָוויטש, ב. אייסוראָוויטש, יעקב מעלאַמדאָוויטש, ל. באיאָן, מאיר מענדעלסאָן, י. ברומבערג, בלומע סאָבאָל, חיים בראנד, ליבע סטאָלאַר, צעשע בורשטיין, אברהם סטאָלאַר, א. גאָלאַמב, י. סטאָלאַרסקי, פערל עלענבויגן ־ כהן, רבקה גאַרדאָן־טאָלפּין, יעקב פּאַט, בעטי גומינער־נוטקעוויטש, בתיה פּופּקאָ, ליובע גילינסקי, חיים פּופּקאָ, ש. גילינסקי, דאָרע פּאָמעראַנץ, י. גראָסמאַן, אברהם פיינזילבער, ל. האָדעס, ח. ש. קאַזדאָן, רעגינע ווײַנרייך, צלובה קרישטאַל, שלמה זוסמאַן, י. ראָטענבערג, מנוחה זאַלצמאַן, ש. בערקאָוויטש, ח. וואַסער, מ. שור, נאָטע קאָזלאָווסקי, שפרה קאַזדאָן.

¶ מיט אַ באַזונדער באַפרידיקונג דערמאָנען מיר דעם קאָמיטעט פון די געוועזענע תלמידים פון די צישאָ־שולן. דער קאָמיטעט האָט זיך באַטייליקט אין דער גאַנצער ארבעט — גענומען אָנטייל אין די באַראַטונגען, אַליין פּראָקלאַמירט א געלט־באַשטייערונג ווי אַ פליכט פאַר יעדן תלמיד. אינעם שילער־קאָמיטעט זיינען געווען:

שמואל אַמבאַראַס, נחמה בראַנד־זשולי, ד״ר אוריאל וויינרייך, אברהם כהן, יוסף מוסניק, פייגעלע מיענדזיזשעצקע (וולאדקע), יאָסל מלאַטעק, העניעך מענדעלסאָן, מאיוס נאַוואָגרודסקי, דוד סטאָלאַרסקי, ד״ר עמנואל פּאַט, חנה קרישטאַל־פרישדאָרף, ש. ציטרינאַווסקי, הערשל קופּערשטיין, סימע קלאַק, חייקע פיינזילבער־לאַמשטיין.

¶ און אוודאי דאַנקען מיר אַלע פריינד און חברים וואָס האָבן זיך אַליין באַשטייערט פאַר דער אויסגאַבע און געזאַמלט ביי אַנדערע פריינד.

¶ לכתחילה איז אונזער פּלאַן פון דער אויסגאַבע געווען אַזאַ: זי זאָל אַרומנעמען בעיקר לערער, אָבער עס זאָלן דאָ אויך זיין צוויי קלענערע אָפּטיילונגען, אין וועלכע עס זאָלן פאַראייביקט ווערן די מער אַקטיווע שולטוער, ווי אויך די צישאָ־שול־תלמידים וואָס זיינען געפאַלן אין די געטאָ־שלאַכטן. אָבער דער לערער־מאַטעריאַל איז זיך אַזוי צעוואַקסן, אַז מיר האָבן זיך פון די צוויי אָפּטיילונגען געמוזט אָפּזאָגן — הגם מיר האָבן שוין אָנגעזאַמלט היפּש מאַטעריאַל אין אונזער קאַרטאָטעק סיי וועגן די טוערס און סיי וועגן די געוועזענע תלמידים. אפשר וועלן די לעצטע פאַרווירקלעכן זייער נייעם פּלאַן און אַרויסגעבן אַ באַזונדער בוך געווידמעט די געוועזענע תלמידים פון די צישאָ־שולן. די שולטוערס ווערן צוביסלעך פאַראייביקט אין פאַרשידענע אויסגאַבעס פון די לאַנדסמאַנשאַפטן און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, געווידמעט זייערע היימשטעט.

¶ מיר האָבן אָבער געהאַלטן פאַר אומבאַדינגט נויטיק און וויכטיק אַריינצוגעבן אין בוך אַן אָפּטיילונג פון אַלגעמיינע אַרטיקלען, געווידמעט באַזונדערע געביטן און ראַיאָנען פון דער טעטיקייט פון דער „צענטראַלער יידישער שולאָרגאַניזאַציע". אויף וויפיל דאָס אָרט האָט אונז דערלויבט, האָבן מיר אויסגענוצט די אַרטיקלען וואָס זיינען געווען אין אונזער רשות. אָט די אַרטיקלען וועלן פאַרשטעלן די סביבה אין וועלכער די לערער זיינען געווען טעטיק — סיי אין צענטראַלן מאַסשטאַב און סיי אין די אָרטיקע ראַמען.



‏‎▌ דאָס איז אַ געדענק־בוך נאָך די לערער וואָס זײַנען אומגעקומען בעת דעם חורבן 1939־1943. אַזוי אַרום האָט אונזער בוך ניט געקענט אַרײַננעמען די גרויסע צאָל געזעלשאַפטלעכע טוערס וואָס זײַנען געווען פּירער, בויער און קעמפער פון יידיש־וועלטלעכן שולוועזן, זײַנען אָבער קיינמאָל קיין לערער ניט געווען. עס זײַנען דאָ דעריבער ניט פאַראייביקט אַזעלכע נעמען ווי: בייניש מיכאַלעוויטש, יוסף כמורנער (לעשצינסקי), ד״ר צ. שאבאד, ב. ווירגילי־כהן, ש. זאגאן, ה. ל. פּאָזנאַנסקי, אבראשע בלום, יעקב קענער, ל. האָלענדערסקי, אנא ראָזענטאַל, ד״ר פּ. קאָוואַרסקי, מרדכי בירנבוים און נאָך און נאָך. מיר האָבן געמאַכט אויסנאַמען נאָר פאַר אַ פּאָר ניט־לערער וואָס זײַנען געווען דירעקט באַטייליקט אין די אַמטן פון דער ציש״אָ.

‏‎▌ עס פעלן אויך אין בוך די ביאָגראַפיעס פון אַ צאָל לעקטאָרן אויף די פאַרשיידענע קורסן פון ציש״אָ: נח פּרילוצקי, זלמן רייזען, ז. קלמנאָוויטש א״א.

‏‎▌ די אויסגערעכנטע נעמען און די צענדליקער און הונדערטער טוערס אויף די ערטער — בלייבן אונז טייער און מיר בייגן אונזערע קעפּ פאַר זייער אָנדענק. אַלע איינס צי זיי זײַנען געשטאָרבן פאַרן חורבן, צי בעת דעם חורבן ווי דירעקטע קדושים. כבוד זייער אָנדענק!

‏‎▌ מיר האָבן אויך ניט אַרײַנגענומען אין בוך דעם נאָמען שלמה מענדעלסאָן, וועלכער איז געווען עטלעכע יאָר לערער אין די ציש״אָ־שולן און זײַן ראָל אין דער ציש״אָ־באַוועגונג איז געווען אויסערגעוויינטלעך ווירקזאַם און באַדייטפול. מיר האָבן זיך גערעכנט מיט דעם, וואָס אָקאָרשט איז דערשינען אַ גרויס בוך געווידמעט ש. מענדעלסאָנען, — און אין דעם בוך איז געגעבן אַ צאָל אָפּהאַנדלונגען־אָפּשאַצונגען פון זײַן פּאָליטישער, קולטור־געזעלשאַפטלעכער, ליטעראַרישער און שול־פּעדאַגאָגישער טעטיקייט.

זאָל דער יזכור־בוך זײַן אַן אָנדענק צום ליכטיקן געשטאַלט פון אונזער שלמה מענדעלסאָן, וועלכער איז געווען אַזוי געבונדן און באַליבט בײַ דער גאַנצער לערערשאַפט.



⁋ עס פעלט, צום באדויערן, אין בוך דער מאטעריאל וועגן די געוועזענע תלמידים פון דער ציש"א־שול.

⁋ זאל דא אבער אונטערגעשטראכן ווערן: אונזער שול האט געשאפן א באזונדערן טיפ תלמידים. מ'האט זיי געקענט דערקענען צווישן גרויסע מחנות שילער פון אנדערע לערן־אנשטאלטן. די ציש"א־תלמידים האבן זיך אויסגעצייכנט מיטן באוואוסטזיין אז זיי זיינען א רינג אין דער קייט פון דער נייער יידיש־וועלטלעכער קולטור. זיי האבן פארשטאנען אז אויך אויף זייערע קליינע פלייצעס פאלט אוים צו טראגן די שווערע משא פון קאמף פאר די רעכט פון דער יידישער שפראך און איר שול. זיי זיינען געווען דורכגעדרונגען מיטן באוואוסטזיין, אז זייער שול באלאנגט צום צוקונפט־טרוים פון דער ארבעטנדיקער מענטשהייט און פון אויפגעלעבטן יידישן פאלק. אומגעהויערע שעפערישקייט, גייסטיקע איניציאטיוו און דערפינדערישקייט — האבן די קינדער אנטוויקלט אין שול. יידיש איז ניט נאר געווען זייער מוטערשפראך, אויף יידיש האבן זיי זיך אויסגעלעבט אויסער די ווענט פון דער שול, דורך יידיש האבן זיי אלע זייערע פעיקייטן ארויסגעבראכט. יידיש איז פאר זיי געווען דער אויסדרוק פונעם נייעם דור יידן וואס האט דערוואכט צום סאציאלן און נאציאנאלן קאמף. און א באזונדער לעבנסלוסטיקייט און קאמפלוסטיקייט, א פרייער געזעלשאפטלעכער אינסטינקט, אויפריכטיקע חברישקייט און מענטשליבע האט אנגעפילט זייערע הערצער און זייער לעבן. זיי האבן ניט געוואוסט פון פסיכישער געשפאלטנקייט: שול, היים, לערער, חברים, פאליטיש־געזעלשאפטלעכע ארגאניזאציעס און זעלבסט־ארגאניזאציע — דאס איז פאר זיי געווען איין גאנצקייט. אין שול האבן זיי געלערנט מיט ברען און התמדה. די שול האט כמעט ניט געוואוסט פון קיין דיסציפלין־פראבלעמען, ווייל די שול איז געווען א צענטער פון קינדער־פרייד, קינדער־פרייהייט, סאלידאריטעט און פון נאציאנאלן שטאלץ. די שול האט זיי געגעבן אן איינטריטס־קארטע — צו דער וועלט, צו דער מענטשהייט, צו קולטור און וויסנשאפט. עס איז געווען ז י י ע ר שול.

‏¶ אינעם דאָזיקן בוך גייען פאַר אונז אַדורך הונדערטער לערער — מענטשן פון גרויסן פאַרמעסט, מענטשן מיט קולטור און בילדונג, מיט נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע טרוימען, מיט פעדאַגאָגישן טאַלאַנט, מיט ליבע צום יידישן קינד. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע וויזיע וועגן אַ קולטור־נאַציאָנאַלן יידישן לעבן אין פוילן — אין דער יידישער שפּראַך. זיי האָבן מאָדעלירט אַ דור יידישע יוגנט, וועלכע טרעט אויס נייע היסטאָרישע וועגן און מוסטערן פאַרן יידישן פאָלק. דאָס לעבן פון דער דאָזיקער לערערשאַפט האָט זיך צונויפגעגאָסן אויף אַ נאַטירלעכן וועג מיטן לעבן און קאַמף פון דער יידישער פאָלקסמאַסע. אַ לערערשאַפט וואָס האָט געהאָלפן פאַרווירקלעכן דעם רענעסאַנס אין יידישן קולטור־לעבן, אין יידישן לעבן בכלל. יעדער לערער אויף זיין פּלאַץ איז געווען אַ ל״וניק, שטיל און באַשיידן, גרייט אויף אַלע נסיונות וואָס מיט זיי איז דאָס לעבן פון דער יידיש־וועלטלעכער שול געווען איבערגעפילט. דער קאָלעקטיוו פון דער לערערשאַפט — דאָס איז געווען אַ מעכטיקע געזעלשאַפטלעכע קראַפט אינעם נאַציאָנאַלן לעבן און שאַפן, פול מיט דינאַמישקייט און קאָמפּסלוסטיקייט. אַ לערערשאַפט וואָס האָט אַרויסגערופן באַוואונדערונג און דרך ארץ ביי פרעמדע און אייגענע, ביי נאָענטע און ווייטע.

‏¶ היינט זיינען מיר שוין צען יאָר נאָך דער פאַרשניטונג פון דער דאָזיקער לערערשאַפט וואָס איז געווען די קרוין פון יידיש־וועלטלעכן שולוועזן אין פוילן. דער דייטשער נאַציזם האָט דערמאָרדעט דאָס יידישע קינד און זיין דערציער, דעם יידישן לערער.

‏¶ זאָל דאָס דאָזיקע בוך זיין אונזער קאָלעקטיווער מאָנומענט און נר תמיד פאַר די נשמות פון די דאָזיקע הונדערטער לערער, דערציער פון אונזערע קינדער און יוגנטלעכע, פּראַקטישע שעפער און בויער פון יידישער וועלטלעכער קולטור, היטער און פלאַנצער פון דער יידישער שפּראַך. ניט נאָר אונז פּערזענלעך — די שרידים ופליטים פון גרויסן נאַציאָנאַלן חורבן — איז הייליק דער אָנדענק פון אָט דער לערערשאַפט; זי וועט פאַרנעמען אַן אָרט אין דער יידישער געשיכטע, אין דער געשיכטע פון אונזער קולטור. די לערערשאַפט פון דער יידיש־וועלטלעכער שול געהערט צום נאַציאָנאַלן פּאַנטעאָן פון אונזערע העלדן און מאַרטירער.

נאָוועמבער, 1954.

ח. ש. קאַזדאַן

**אַבעלמאַן, מינע** — געבוירן אין אַסטראָה־וואָלין, אין 1897, געענדיקט גימנאַזיע. שפּעטער שטודירט אין קיעווער אוניווערסיטעט. זיך גאָר יונג פאַרבונדן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג און מיט דער יידיש־וועלטלעכער שול. מינע איז געווען אַן אַקטיווע חברטע פון דער לינקער פּועלי־ציוניסטישער פּאַרטיי אין וואַרשע. געווען אַן ענערגישע טוערין, אַ גוטע רעדנערין. מינע איז געווען ניט נאָר לערערין נאָר אויך שול־טוערין, קולטור־טוערין. זיך שטענדיק באַטייליקט אין די צוזאַמענפאָרן פון ציש״אָ און אויף די אָרטיקע און לאַנד־קאָנפערענצן פון די לערער. זיך שטאַרק אָנגעזען אין די רייען פון דער לערערשאַפט אין פּוילן.



מינע אַבעלמאַן איז געווען איבערגעגעבן איר געזעלשאַפטלעכער פונקציע צו דערציען אַ דור וואָס קעמפט פאַר באַפרייאונג. זי איז געוואָרן אַ לערערין אין די שטורמישע טעג פון דער רעוואָלוציע פון 1917, ווען זי האָט דערשיטערט אירע עלטערן, בעלי בתים פון שטאַנד און יחוס, מיט אירע לינקע סימפּאַטיעס און נייגונג צו יידיש. איר ערשטע אַרבעט איז געווען אין קינדער־גערטנער פון דער רעגירונג און פון דער „קולטור־ליגע" אין אַסטראָה. אין 1921, אַרבעט מינע אַבעלמאַן אַלס פרעבעליסטין אין ביאַליסטאָק; פון 1922 ביז 1925 — אין לעמבערג. אין 1925 פאָרט זי אַריבער קיין וואַרשע. דאָ איז זי לכתחילה די פרעבעליסטין אין קינדער־גאָרטן אויפן נאָמען פון ב. באָראָכאָוו (נאָוואָליפּיע 3). שפּעטער אַרבעט זי אַלס לערערין אין דער באָראָכאָוו־שול, דזיקע 6. אין דער זעלבער צייט שטודירט זי אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט אויף פּעדאַגאָגיק.

**אַבעלמאַן, רחל** — געבוירן אין אַסטראָה־וואָלין אין 1899, אַ שוועסטער פון מינע אַבעלמאַן. געענדיקט גימנאַזיע, שטודירט אין אוניווערסיטעט. רחל אַבעלמאַן איז געווען אַ לאַנגיאָריקע לערערין פון דער יידיש־וועלטלעכער שול אויפן נאָמען פון מענדעלע מוכר ספרים אין ביאַליסטאָק. געקו־נאָמען פון מענדעליסטאָק אין די צוואַנציקער יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. זי איז געווען צווישן די געציילטע יידישע לערערינס, וואָס האָבן פאַרמאָגט חוץ וועלטלעכע קענטנשין אויך אַ סך יידיש וויסן. זי האָט גלענצנד געקענט די יידישע ליטעראַטור און העברעאיש. אירע לימודים אין שול זיינען געווען יידיש, שפּראַך און ליטעראַטור, אויך אַלגעמיינע לימודים אין די יינגערע קלאַסן.



אַ לערערין מיט אַסך פּעדאַגאָגישע פעיקייטן און לערערישער פּראַקטיק, האָט רחל אַבעלמאַן פאַרנומען אַ פאָדערשטע פּאָזיציע אין דער ביאַליסטאָקער לערער־משפּחה. געווען שטענדיק צווישן די דיסקוטאַנטן אויף לערערישע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן. אירע אַרויסטרעטונגען האָבן שטענדיק געהאַט וואָג און געדאַנק. אַ הייסע פּאַטריאָטקע פון דער מענדעלע־שול, האָט רחל אַבעלמאַן געהאַט אַ סך אינטערעס פאַר אַלגעמיינע שול־ענינים סיי אַלס מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון לערער־פאַראיין סיי אין דער טאָג־טעגלעכער שול־אַרבעט.

פאליטיש האט רחל אבעלמאן געהערט צו די לינקע פועלי־ציון. זי האט ליב געהאט מיט הארץ און נשמה דעם יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן און זיך קיינמאל ניט אידענטיפיצירט מיט די ביטערע אטאקעס פון די לינקע לגבי די שולן פון דער יידישער שול־ארגאניזאציע אין פוילן.

לויט געוויסע ידיעות זיינען ביידע שוועסטער, רחל און מינע מיט איר קינד, אומגעקומען אין אסטראה אין 1941 אדער 1942. דא זיינען אויך אומגעקומען זייערע עלטערן און די שוועסטער שרהקע.

**אבראמאוויטש, חנה.** — אין דער צייט פון מיין ארבעט אין ווילנע איז אנא סאמאילאווונא געווען פארוואלטערין פון דער ש. פרוג־שול. ניט זי אליין האט אויסגעקליבן אט דעם נאמען פון בארימטן רוסיש־יידישן דיכטער — פאר איר שול. דאס האט געטאן דער צ.ב.ק., די צענטראלע ארגאניזאציע פון יידיש־וועלטלעכן שולוועזן אין ווילנע. דער צ.ב.ק. האט בכלל צו יעדער פון זיינע מערצאליקע אנשטאלטן אויסגעקליבן אן אדאפטאנט פון צווישן די באדייטנדיקע יידישע קינסטלער אדער קולטור־טוער. דורך דעם האט ער, פון איין זייט, צוגעגעבן זיין טייל צו דער פאראייביקונג פון די גרויסע פערזענלעכקייטן; פון דער אנדערער זייט, האט ער סימבאליזירט דערמיט די אויפגאבע פון דער נייער יידישער שול צו זיין א המשך, א ווייטער־פארטיפונג פון די ווערטן פון דער מאדערנער יידישער קולטור.



ס'איז פארשטייט זיך, ניט געווען קיין צופעליקייט אין עצם אויסוואל פון די נעמען פאר די שולן; ס'איז יא געווען א צופאל אין דעם, וואס דווקא דער און דער נאמען איז געגעבן געווארן דער און דער שול. ס'איז אבער ניט געווען קיין בלויזער צופאל אין דעם, וואס גראד די שול וואס איז פארוואלטעט געווארן פון אנא סאמאילאווונא, איז אנגערופן געווארן אויפן נאמען פון ש. פרוג.

אנא סאמאילאווונא איז צו אונזער יידיש־וועלטלעכן שולוועזן געקומען פון דער רוסישער שול, פון דער רוסישער ראדיקאלער אינטעליגענץ. זי האט אין זיך פארמאגט די גאנצע קולטור־איידלקייט און דעם נאוואטארישן הייליקן ברען מיט וועלכע ס'האבן זיך אויסגעצייכנט די בעסערע זין און טעכטער פון דער רעוואלוציאנער־רוסישער אינטעליגענץ. זי האט פארמאגט אחריות און זארגפעליקייט אין דער שול־ארבעט, וואס איז פאר איר געווען אן אמתע מלאכת־קודש. אפהיטנדיק די בעסערע רוסישע פעדאגאגישע טראדיציעס, האט זי זיך געגעבן פיל מי איינצופאסן זיי אין די נייע ראמען פון דער יידישער שול — זי האט זיך פלייסיק געלערנט יידיש, איינגעזאפט אין זיך די ווערטן פון דער נייער יידישער ליטעראטור און קולטור. זי האט גוט געוואוסט, אז אין דער נייער יידישער שול ווערט געלייגט דער גרונדשטיין פאר א פאזיטיווער ענדערונג אין דער מענטאליטעט פון דעם כלל־יידישן לעבן. זי האט פארשטאנען, אז פון דער שול „תצא תורה" פאר דעם גאנצן יידישן ארום, און זי האט זיך צו אט דער תורה צוגעפאסט, געווארן אלץ מער ראוי צו זיין איר פארשפרייטערין. זי האט זיך צוגעקליבן א לערער־פערסאנאל אן אחריותדיקן, א התלהבותדיקן פונקט אזוי ווי זי גופא. זי האט אויף דעם

פערסאנאל געווירקט מיט איר פערזענלעכקייט.

און זי איז געווען איינע פון די ליכטיקסטע פערזענלעכקייטן אין אונזער יידישער ווילנער קולטור־עפענטלעכקייט. גוטע מידות, נאטירלעכע חברשאפט צו דערוואקסענע און צו קינדער. אין אלע אירע טריט — לויטער אויפריכטיקער ערנסטער מיין לטובת הכלל והפרט. די פרוג־שול איז אונטער איר אנפירונג געווארן איינע פון די בעסטע שולן, מיט וועלכע ווילנע האט זיך געגרייסט.

ד״ר י. רובין

***

חנה אבראמאוויטש איז געבוירן אין 1880. זי איז די טאכטער פון ווילנער געהילפס־ראבינער שמואל שרייבער און די פרוי פון באקאנטן קולטור־טוער און שרייבער הירש אבראמאוויטש. באלד ווי זי האט געענדיקט גימנאזיע, איז זי געווארן א לערערין פון געאגראפיע אין פאני מארקוסאנס פראגימנאזיע, ווילנע. זי האט געענדיקט אין 1910 די העכערע פרויען־קורסן אין אדעס. אין אדעס איז זי געווען א לערערין אויף אוונטשולן פאר ארבעטערינס. אומגעקערט זיך קיין ווילנע, איז זי געווארן לערערין אין דער מוסטער־שול פון דער „געזעלשאפט פאר קינדער־פארזארגונג", און שפעטער ווערט זי פארוואלטערין פון דער דאזיקער שול.

שפעטער איז די שול פון דער „געזעלשאפט פאר קינדער־פארזארגונג" אנגערופן געווארן אויפן נאמען פון ש. פרוג. די שול האט געהאט 8 קלאסן און ביז 400 קינדער. די פרוג־שול האט זיך אנגעשלאסן אין צ.ב.ק. מיט יידיש אלס לערן־שפראך. אין 1922 האט חנה אבראמאוויטש, צוליב געזונט־טעמים, רעזיגנירט פון פארוואלטעריי מיט דער פרוג־שול, אבער שפעטער ווערט זי דורכן פרויען־פאריין איינגעלאדן אלס די פארוואלטערין פון זייער פראפעסיאנעלער שול (4 אפטיילונגען: שניידעריי, וועשנייטעריי, קארסעטן, היט).

חנה אבראמאוויטש פארנעמט זיך אויך מיט געזעלשאפטלעכער ארבעט. זי איז די פארזיצערין פונעם קאמיטעט צו שטיצן די קינדער־ביבליאטעק, זי איז א פארוואלטונג־מיטגליד פון דער געזעלשאפט און שול פאר צוריקגעשטאנענע קינדער (אנפירערין וויטע לעווין און טילטשע טיקטין). אין דער צייט פון דער סאוויעטישער אקופאציע (1940 - 1941) איז זי געווען לערערין אין די פאראייניקטע האנטווערקער־שולן פון „הילף דורך ארבעט" און „פרויען פאראיין". ווען די דייטשן האבן פארנומען ווילנע, איז אננא מיט איר טאכטער דינה (איצט אין ניו יארק) געבליבן אין ווילנע. זי האט געקראגן ארבעט אין דער טעכנישער שול (טעכניקום), וואו איר ברודער, אינזשעניער שרייבער, איז געווען דירעקטאר. אין 1943 בעת ליקווידירן די געטא, איז זי אוועקגעשיקט געווארן, אזוי ווי דער גרעסטער טייל יידישע פרויען, אין טרעבלינקע (אדער מיידאנעק).

***

אננע שימייטע, א ליטווינערין, די ביבליאטעקארין פון ווילנער אוניווערסיטעט, וועלכע האט געהאלפן א סך יידישע פערזענלעכקייטן אין ווילנער געטא, שרייבט וועגן דער פרוי אבראמאוויטש: „אננע אבראמאוויטש . . . האט אין אנהייב געקעמפט פאר איר לעבן. שפעטער אבער, ניט ווילנדיק אז עמיצער זאל פאר איר ריזיקירן מיט זיין לעבן, גיט זי זיך אונטער איר גורל. עס שטראלט פון איר א ליכט פון גרויסקייט און קלוגשאפט. אירע בריף זיינען פול מיט שטילער

בענקשאַפט נאָך דער נאַטור. אין די אוונטן האָט זי ליב צו שטיין ביים פּלויט און קוקן דורך דער שפּאַרע אויפֿן בוים (איינציקן) וואָס שטייט אויף דער גאַס. אין איר האָט זיך געבונטעוועט דער שטאָלץ פֿון אַן אומזיסט־ליידנדיקן און גערודפֿטן מענטשן. ביאַליקס שירים ווערן איר טיש־בוך . . . נאָך איינער פֿון די גרויסע אַקציעס אין געטאָ, ווען ס'האָט זיך אויסגעדאַכט אַז די גאַנצע געטאָ ווערט ליקווידירט, האָט אננא אבראַמאָוויטש אָנגעשריבן אַ האַרציקן בריוו צו איר מאַן אין אַמעריקע און צו דער טאָכטער אין פּאַריז. זי געזעגנט זיך מיט אירע ליבע און בעט זיי ניט צו טרויערן נאָך איר. זי געפֿינט אַז איר לעבן האָט זי ערלעך און גוט דורכגעלעבט. אָבער קעמפֿן (פֿאַר איר עקזיסטענץ) בכדי צו קאָנען דורכלעבן נאָך עטלעכע יאָר, האַלט זי פֿאַר אומנויטיק" (די „גאָלדענע קייט", נום. 8, 1951).

דער דערמאָנטער בריוו איז געשריבן דורך אננא אבראַמאָוויטש אויף רוסיש, און איר רוסישע חברטע פּאַשקעוויטש, וועלכע האָט איר אויסבאַהאַלטן אַ געוויסע צייט, האָט דעם בריוו שפּעטער איבערגעגעבן דער פֿאַמיליע. מיר ברענגען דאָ דעם לעצטן אָפּזאַץ פֿונעם דאָזיקן בריוו: „. . . מיינע טייערע, מיינע נאָענטע, מיינע ליבסטע! לאַנגע טעג, וואָכן און אפילו חדשים גרייט איך זיך צום טויט. איך בין שוין אָוועק פֿון אַלץ וואָס איז ערדיש. איך קען וועגן דעם איצט ניט רעדן, האַלט עס שוין פֿאַר ניט וויכטיק. פֿאַר מיין גייסטיקן בליק שטייען שוין אַנדערע ווערטן. דאָס לעבן ווערט באַלויכטן אַנדערש. די בעסערע מענטשן (טאָלסטאָי) האָבן עס אַלעמאָל פֿאַרשטאַנען. נאָר מיר איינפֿאַכע שטערבלעכע זיינען געוועזן פֿאַרשלונגען דורך קליינע ענינים. אויך איך זינדיקע האָב זיך ניט פֿאַרטראַכט וועגן מיין לעצטער שעה, ניט פֿאַרטראַכט זיך וועגן דאָס סאַמע הייליקסטע, סאַמע וויכטיקסטע. מיר איז באַשערט אַ לאַנגזאַמער טויט, אַ פֿאַרצויגענע דערוואַרטונג פֿון טויט. איך זוך טרייסט אין ליבשאַפֿט און גלויבן. זייט מיר מוחל מיינע חסרונות, פֿאַרגעסט דאָס שלעכטס וואָס איך האָב אייך — באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק — מעגלעך געטאָן. באַוויינט מיך ניט, טראַכט נאָר וועגן די לעבעדיקע, אָבער ניט וועגן די געשטאָרבענע. זיי איז שוין גוט . . . איך קוש און האַלדז מיין טאָכטער וועלכע ווייזט מיר נאָך אויס צו זיין די ליבינקע קליינינקע מיידעלע, מיין טייערן מאַן — זיי מיר מוחל פֿאַר אַלץ, — מיין געליבטן און ליבן איידעם, אייער מאַמע".

## אָבערמאַן (גרינהויז), דוניע. —

געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1899. אַ טאָכטער פֿון פֿרומע פֿאַרמעגלעכע עלטערן, געענדיקט אַ מיטל־שול און יערלעכע פּעדאַגאָגישע קורסן.

דוניע (פֿרידע) אָבערמאַן האָט צוערשט געאַרבעט אין דער ציש"אָ־שול אין קאַליש, שפּעטער איבערגעטראָגן זיך קיין וואַרשע. זי האָט געפֿירט קלאַסן־קאָנצענטראַציע, אָנהויבנדיק פֿון ערשטן קלאַס, געגאַנגען צוזאַמען מיט די קינדער ביזן 4־טן קלאַס. באַטייליקט זיך אין אויספֿלוגן, שול־אויסשטעלונגען. זי איז געווען אַ פּאָעטישע, טאַלענטירטע לערערין מיט גרויס פֿאַרשטאַנד פֿאַר די דערציִאונגס־פּראָבלעמען.

אַ לינקע, מיט סימפּאַטיעס צו די קאָמוניסטן, האָט זי געאַרבעט אין די באָראָכאָוו־שולן אין וואַרשע. זי איז די פֿרוי פֿון וואַרשעווער לערער און טוער וואָלף גרינהויז.

אומגעקומען איז זי אין יאָר 1942.

**אבראמאוויטש, בערל.** — לערער פון גימנאסטיק אין ווילנע. בעת די נאצים האט ער געארבעט אין טארף־לאגער רעשע. צום סוף איז ער געווען אין ווילנער געטא. אבער ער איז פארשיקט געווארן קיין עסטאניע און געשטארבן אין שטוטהאף.

**אגמאן, לאה** — געקומען קיין ווארשע ווען זי איז אלט געווען א יאר 11 צוזאמען מיט די עלטערן, פליטים אינעם ערשטן וועלט־קריג. די משפחה איז געווען זייער אן ארעמע, פרומע און בכבודיקע. לאה איז אנגעקומען אין דער יידיש־וועלטלעכער שול אויף טווארדע 22, וועלכע האט זיך דעמאלט געפונען אין א בליענדן צושטאנד אונטער דער אנפירונג פון ש. אבראמסאן. זי איז געווען זייער א געוויסנהאפטיקע און פלייסיקע שילערין, האט געשפילט א גרויסע ראל אין דער קינדער־זעלבסטפארוואלטונג און איז געבליבן אין שול אקטיוו אויך עטלעכע יאר נאכן פארענדיקן. שוין אין פאלקשול האבן זיך ארויסגעוויזן אירע מוזיקאלישע פעאיקייטן.

אזוי האט לאה אגמאן שוין פון די יינגסטע יארן אן אליין געמוזט זוכן מיטלען אויסצוהאלטן זיך און צו לערנען. נאכן פארענדיקן א פוילישע מיטלשול האט זי דורכגעמאכט דעם לערער־קורס ביי דער יידישער גמינע אין ווארשע, און אין די 30־קער יארן איז זי אנגעקומען אלס לערערין אין דער מיכאלעוויטש־שול אויף מילע 51, וואו זי האט געארבעט ביזן אויסברוך פון דער היטלער־מלחמה. זי האט געלערנט אין די יינגערע קלאסן, און אחוץ דעם האט זי זיך ספעציאליזירט אלס א געזאנג־לערערין; שפעטער האט זי טאקע געפירט אויך געזאנג אין די יינגערע קלאסן. זי האט אריינגעלייגט הארץ און נשמה אין איר דערציאונגס־ארבעט: „מע דארף געבן די קינדער דאס וואס זיי האבן ניט אין דערהיים, וואס מער פרייד און אינטערעס." פלעגט זי טאקע זייער אפט צוגרייטן מיט איר קלאס שול־פארוויילונגען, קלאסן־יום־טובים און ניט געשפארט קיין צייט פאר דער שול. — די אומאויפהערלעכע אנגעשטרענגטע ארבעט כדי אויסצוהאלטן זיך, שטודירן אליין און טאן די לערער־ארבעט — האט אין א היפשער מאס אונטערגעגראבן איר געזונט־צושטאנד, אבער זי האט עס נישט געוואלט מודה זיין אפילו פאר זיך אליין. זי האט זעלטן איבערגעריסן די ארבעט, נישט פארפעלט קיין לעקציעס און ווייטער געארבעט איבער זיך. די לעצטע יארן פארן קריג האט זי געפירט דעם געזאנג־לימוד אויך אין דער באראכאוו־שול אויף נאוואליפקי 68 — מיט גרויס דערפאלג.

אויך איר ברודער איז געווען א געוויסע צייט לערער פון געזאנג אין די ווארשעווער שולן. ביידע זיינען אומגעקומען אונטער די נאצים.

**אוסטער, מאוריצי און פרידא** — זיינען געווען לערער אין יידישע שולן אין ווארשע. ביידע זיינען אומגעקומען אין זייער געבורט־שטאט סטאניסלאוו, גאליציע אין מערץ 1943.

**אורינסקי, גרשון** — דאס לעבן פון גרשון אורינסקי — דאס איז די ביאגראפיע פון הונדערטער אידעאליסטן און „למד־וואוניקעס", מיט וועלכע עס איז אזוי רייך געווען דאס יידישע לעבן אין פוילן אין די יארן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. און יעדער שטאט און שטעטל האט פארמאגט אזעלכע אורינסקיס,



וועלכע האבן געחלומט וועגן באנייען און באווייכערן דאס יידישע לעבן. זיי האבן זייער גאנץ לעבן געווידמעט אט די פאלקס־אויפגאבן, טאג און נאכט זיינען זיי בלב ונפש געווען אריינגעטאן אין דער קולטור־ארבעט. מיט זייער הייליקער אויפריכטיקייט האבן זיי געהויבן דעם מאראלישן און געזעלשאפטלעכן ניווא פונעם יידישן לעבן אין די פארווארפענסטע שטעטלעך. זיי האבן אהער געטראגן קולטור און וויסן. זיי האבן דא געפלאנצט נייע מעטאדן פון געזעלשאפטלעכער ארבעט און קאנסטרוקטיווער בויאונג. זיי זיינען געווען א ברכה פארן גאנצן דעמאלסטיקן יידישן לעבן און פאר דער נייער יידיש־וועלטלעכער שול.

פרוזשאנע איז געווען ווייט פון ווארשע, אבער איר שול האט געהאט א שם אין דער יידישער שול־באוועגונג אין פוילן, און פרוזשאנער שול־טוער בראש מיט גרשון אורינסקי האבן זיך שטארק אנגעזען אין דער משפחה פון „ציש"א".

פרוזשאנער פאלקשול האט געטראגן דעם נאמען פונעם גרויסן דיכטער י. ל. פרץ. דאס איז געווען א פאן, א ריכטונג, א פראגראם. די גרינדערס פון דער שול — ג. אורינסקי און זיין שפעטערדיקע פרוי רבקה קליינערמאן (געשטארבן אין 1929), זיינען געווען אנהענגער פון יידישער שפראך און וועלטלעכער דערציונג. זיי זיינען אליין געווען די ערשטע צייט לערער פון דער נייער שול. זיי האט באגייסטערט אין דער ארבעט י. ל. פרץ'ס אידעע וועגן א נייער יידיש־וועלטלעכער קולטור, און אין זיין גייסט האבן זיי געפירט די נייגעגרינדעטע שול. דאס שטעטל האט געקאכט מיט לעבן, מיט קולטור־טעטיקייטן, און אין צענטער איז געשטאנען די פרץ־שול. די נשמה פון דער גאנצער ארבעט איז געווען גרשון. די שול איז זיין גאנץ לעבן, זיין פאמיליע, זיין חלום. אלע זיינע געדאנקען, זיין גאנצע צייט און ענערגיע האט ער אפגעגעבן דער שול.

ג. אורינסקי איז געווען ראטמאן אין שטאטראט, פרנס אין דער קהלה, — אבער דאס אלץ האט ער געטאן צוליב דער שול. זיין גאנצן אידעאליזם, וועלכן ער האט פארמאגט פון דער יוגנט אן (געווען א ס. ס. אוועץ), האט ער פארקערפערט אין זיין שול־ארבעט. זיין אומאייגננוציקייט, זיין איבערגעגעבנקייט האט אלעמען אימפאנירט, אלע האבן געהאט פאר אים גרויס דרך־ארץ, אפילו די ארטאדאקסישע קרייזן, אפילו די ארטיקע פוילישע מאכט. אן אינטעליגענטער מענטש, מיט א ברייטן קוק, מיט אלגעמיינע קולטור־אינטערעסן, איז ער געווען פול מיט איניציאטיוו און ארבעטזאם.

א גוטער ביישפיל פון ג. אורינסקיס אונטערנעמערישקייט איז געווען דער „פנקס פון דער שטאט פרוזשאנע" וואס איז ארויס אין 1930, און דאס וואכנבלאט „פרוזשאנער לעבן". די איניציאטיוו פונם פנקס איז געקומען פון די לערער און תלמידים פון דער שול. דער לימוד פון געשיכטע איז אין שול געשטאנען אויף א הויכער מדרגה. די תלמידים זיינען אריינגעצויגן געווארן אין פארשונגס־ארבעטן איבער דער געשיכטע פון דער שטאט פרוזשאנע און איר יידישער באפעלקערונג. די קינדער האבן זיך געלאזן אויף „עקספעדיציעס" אין די ארטיקע געזעלשאפטן, חברות וכד' — און זיי האבן אנגעהויבן טראגן

מאטעריאל; זיינען שוין אריינגעצויגן געווארן אין דער ארבעט אויך די דערוואקסענע, און אויך זיי האבן זיך גענומען באארבעטן פארשיידענע טעמעס און געשעענישן. אין סך הכל איז ארויסגעקומען א גרויסער אינטערעסאנטער „פנקס”, מיט א וויכטיקן געשיכטלעכן מאטעריאל — א בוך פון 326 זייטן. ג. אורינסקי אליין האט בייגעטראגן 9 ארטיקלען.

איז אנטשטאנען די פראגע: ווי אזוי קאן די ארעמע פרושאנער שול־ארגאניזאציע ארויסגעבן אזא גרויס ווערק, וואס איז פארבונדן מיט א הוצאה פון עטלעכע טויזנט זלאטעס? אין באשלאסן געווארן: איינקויפן זאץ, שאפן אן אייגענע זעצעריי און אנהויבן ארויסגעבן א וואכנטלעכע צייטונג. אזוי ארום האט מען געשאפן א פאנד, מע האט אליין געארבעט — און דער פנקס איז דערשינען. און אויך די צייטונג האט אנגעהויבן רעגולאר ארויסצוגיין. דער רעדאקטאר פון דער צייטונג, און דער הויפט־רעדאקטאר פון דעם פנקס — איז געווען ג. אורינסקי. אט די ביידע אונטערנעמונגען זיינען באמת געווען א מוסטער פון קולטור־טעטיקייט פאר דער גאנצער פראווינץ — ווי אזוי מע קאן דערהויבן ארטיקע שטילע ארבעט צו דער מדרגה פון אמתער קולטור מיט א גרויסן נאציאנאלן ווערט.

די גאנצע פרושאנער שול־טעטיקייט איז געווען באהויכט מיט א העכערן אידעאל. דא איז געוואקסן א נייע יוגנט. געענדיקט די פאלקשול, האבן די קינדער געשטרעבט צו ווייטערדיקער יידיש־נאציאנאלער און וועלטלעכער בילדונג. זיי זיינען געפארן קיין ווילנע און אנגעקומען אין דער דארטיקער רעאל־גימנאזיע. זיי זיינען אריין אינם ווילנער לערערסעמינאר פון דער „ציש"א”, און זיך געגרייט דא צו ווערן לערער. די פרושאנער פרץ־שול איז געווען שטאלץ מיט דער גרויסער צאל תלמידים, וועלכע זי האט צוגעשטעלט פאר דער גימנאזיע און סעמינאר.

גרשון אורינסקי אליין האט געלעבט אין דחקות און ארעמקייט. געהונגערט — אבער ארומגעטראגן זיך מיט גרויסע אידעאלן פון באניימן יידישן לעבן, געטרוימט פון א „פריילאנד”־טעריטאריע, געווען אריינגעטאן אין פראבלעמען פון יידישער שפראך, יידישער קולטור.

ווען די סאוועט־מאכט האט אין 1939 באזעצט פרושאנע, האט זי צונויפגעגאסן ביידע שולן — די יידישע און די העברעאישע, און אלץ איז געלערנט געווארן אויף יידיש (אין בנין פון תרבות). גרשון איז געווען פארוואלטער און אויך לערער אין דער שול, שפעטער אבער איז ער אלס פארוואלטער באזייטיקט געווארן און געבליבן נאר לערער.

אין 1940 ווערט ג. אורינסקי קראנק, ער האט א ראק (קענסער) אין האלדז. מע פירט אים קיין לעמבערג, ער ליגט דא 4 חדשים, זיין לאגע ווערט אלץ ערגער, און מען ברענגט אים צוריק קיין פרושאנע. אין אקטאבער 1940, אין עלטער פון 53 יאר, ברענגט מען אים צו זיין אייביקער רו. די גאנצע שטאט איז באטייליקט אין דער גרויסער פייערלעכער לויה, יידן און קריסטן קומען אים אפגעבן כבוד. פרושאנע האט געערט איינעם פון אירע שענסטע זין.

**אוריעוויטש, יענטע.** — געבוירן אין 1905 אין פרושאני (איר מיידלשער נאמען — אורינסקי). געענדיקט



גימנאזיע און דורכמאכט פעדאגאגישע קורסן אין ווילנע, האט זי אין 1927 אנגעהויבן ארבעטן אלס לערערין אין דער פרוזשאנער פאלקשול אויפן נאמען פון י. ל. פרץ, און דא געארבעט ביזן אויסברוך פון היטלער־קריג. גלייכצייטיק האט זי אנטוויקלט א גרויסע געזעלשאפטלעכע טעטיקייט: א שטענדיקער מיטגליד אין דער שול־פארוואלטונג, אין בית יתומים, אין דער שטאט־ביבליאטעק; זי ארבעט אויך אין קינדערגארטן און אויף די אוונט־קורסן. אן אקטיווע בונדיסטקע, איז זי טעטיק אויך אין דער סביבה ארום דער שול, און זי איז באליבט צווישן די ארבעטנדיקע מענטשן פון שטאט, ווייל זי איז געווען א גוטהארציקע, שטילע פרוי — אן אמתע גוטע נשמה. אין 1939, ווען די סאוועטישע מאכט פארנעמט פרוזשאני, ווערט יענטע אוריעוויטש באזייטיקט פון דער יידישער שול. שפעטער, אונטער דער דייטשער אקופאציע און ביזן סוף 1942 געפינט זי זיך אלץ אין פרוזשאנער געטא, צוזאמען מיט איר מאן זלמן (איצט אין ניו יארק). אומגעקומען איז זי צוזאמען מיט אירע צוויי קינדער (פרומע — 7 יאר אלט; מאניע — 16 חדשים) אין אוישוויץ דעם 30טן יאנואר 1943.

**אידעלסאָן, מאַרק** — האט געשטאמט פון א ווילנער באלעבאטישער פארמעגלעכער משפחה — סוחרים. לויט „דער מאדע" אין דער דאזיקער סביבה, האבן קינדער פון אזעלכע עלטערן געדארפט באקומען העכערע בילדונג. מארק האט געהאט מאטעמאטישע נייגונגען און איז געווארן אן אינזשיניער. שוין פון דער יוגנט אן האט ער, ווי דער גרעסטער טייל יידישע סטודענטן, זיך אריינגעצויגן אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. ער איז געווען א בונדיסט און געבליבן טריי דער באוועגונג ביזן סוף פון זיין לעבן.

אויב עס איז ווען געווען אין „בונד" אן אלזייטיקער קענער פון דער געשיכטע פון רעוואלוציאנערע באוועגונגען און א וויסער וועגן אלע אנגעזעענע פארטיי־מיטגלידער און זייערע ביאגראפיעס — ווי אויך וועגן אלערליי אויסגאבן פון דער פארטיי, איז עס געווען מארק אידעלסאן.

ער איז געווען א לײדנשאפטלעכער ביכער־זאמלער, א ביבליאגראף אויף די אנגערופענע געביטן. ער האט אין זיין ביבליאטעק (פריוואטע) געהאט טויזנטער ביכער, ער פלעגט קויפן ביכער סיי אלטע, סיי נייע און געקענט זייער אינהאלט. ער פלעגט אין דער פרייער צייט ארומגיין איבער די ווילנער מערק, וואו צווישן אנדערע אלטווארג פלעגן זיך פארקויפן ביכער — „שמות", די בוקיניסטן האבן עס געהאלטן אלס מאקולאטור.

אידעלסאן האט נישט דורכגעלאזט קיין איין „שמה", וואס ער זאל נישט דורכקוקן, און טאקע אפט אנטדעקט אוניקומס, יקר המציאותן, און ער פלעגט זיך פרייען ווי א קליין קינד, דערציילן פריינט און נאענטערע באקאנטע וועגן דעם, וואס פאר אן אוצר ער האט אריינגעקראגן אין זיין ביבליאטעק. ער האט שוין פאר איין וועג דערציילט פרטים וועגן מחבר און איבערגעגעבן דעם אינהאלט פון בוך אדער בראשור, אדער אפילו אלטן זשורנאל.

אידעלסאן איז געווען בעת דער ערשטער מלחמה און די פעברואר־ און אקטאבער־רעוואלוציעס אין אדעס און אין אנדערע שטעט פון דרום־רוסלאנד. אין 1919 איז ער געקומען קיין ווילנע און איז איינגעלאדן געווארן דורך אינזשיניער אקון, דער דירעקטאר פון טעכנישע קורסן, אלס לעקטאר. ווען די קורסן זיינען שפעטער פארוואנדלט געווארן אין דעם יידישן טעכניקום פון „ארט", בלייבט אידעלסאן דארטן אלס דאצענט פון פיזיק. ער האט געארבעט פלייסיק אויפן געביט פון שאפן יידישע טערמינאלאגיע און א טייל טעקסט־ביכער, וואס זענען דאמאלט כמעט ווי נישט געווען, איבערהויפט אויפן געביט פון פיזיק, מאטעמאטיק, א.ד.גל.

אלס לערער אין טעכניקום איז ער פארבליבן ביזן סוף פון זיין לעבן, אפילו אין געטא.

אידעלסאן דער ביבליאפיל האט פארמאגט א גרויסן חוש פאר געשיכטע, פאר דאקומענטן און האט אנגעשריבן עטלעכע ווערטפולע ארטיקלען אויפן געביט פון ביבליאגראפיע. קיין גרויסע ארבעטן האט ער נישט איבערגעלאזן. ער איז געווען א היסטאריקער שבעל פה.

ער איז געווען א שטענדיקער מיטגליד פון ווילנער קאמיטעט פון „בונד" און אקטיוו זיך באטייליקט אין זיין טעטיקייט.

געשטארבן איז ער אין געטא, 1942. זיין פרוי און טעכטערל זיינען, ווייזט אויס, אומגעקומען אין די גאז־קאמערן.

ה. אבראמאוויטש

***

אידעלסאן האט געלערנט אין דער ווילנער ווינטשעווסקי־שול נאך בעת דער דייטשער אקופאציע, ווען דער פארשטארבענער ביניש מיכאלעוויטש האט זיך מתעסק ווענען ארום דער שול. אן ערנסטער לערער און א גוטער מאטעמאטיקער, האט דער זייער באשיידענער און שטילער אידעלסאן געהאלפן לערער אויסצוארבעטן די טערמינאלאגיע פון אריפמעטיק און געאמעטריע. גאנץ אפט פלעגט ער בעת די הפסקות דערציילן וועגן די ענדערונגען, וואס ער האט אריינגעטראגן אין דער טערמינאלאגיע פון די ברוך־צאלן. אידעלסאן האט פיל געהאלפן די ווילנער שולן און דער רעאלגימנאזיע ביי דער דאזיקער פאראנטווארטלעכער ארבעט.

מארק אידעלסאן איז געווען באטייליקט אין צ.ב.ק. און אין דער גאנצער שול־ארבעט. ווען עס איז געשאפן געווארן דער ייווא, האט ער זיין גאנצע פרייע צייט אפגעגעבן דעם ייווא.

**איזראעלאוו, רבקה** — אינסטרוקטארין פון „הילף דורך ארבעט" — די גרעסטע פאך־שול אין ווילנע (האפטעריי און קינדער־קאנפעקציע). זי האט באלאנגט צו דער ווילנער ארגאניזאציע פון יוגנט־בונד „צוקונפט". צוזאמען מיט איר מוטער זשעני, וועלכע איז געווען אינסטרוקטארין אויף די פאך־קורסן פונעם פרויען־פאריין, — איז זי אומגעקומען אויף פאנאר אין 1941 (פון לוקישקער תפיסה).

**אייזיק, יצחק** — האט געהערט צו די שענסטע טיפן פון דער יידישער אינטעליגענץ אין פוילן צווישן די ביידע וועלט־מלחמות. א זון פון א רייכן יידישן גוט־באזיצער הינטער קוטנע, האט ער געקראגן א גוטע יידישע און אלגעמיינע דערציאונג. זיין הויפט־אינטערעס איז אבער

געלעגן אין דער וועלט פון געוויקסן, אין דער פארבנרייכער וועלט פון בלומען. נאכן פארענדיקן א גימנאזיע אין פוילן, לאזט ער זיך אוועק קיין דייטשלאנד, וואו ער שטודירט אלגעמיינע לימודים און ווידמעט זיך אגראנאמיע. זיין ספעציאליטעט איז בלומען־צוכט. אייזיק פארנעמט זיך מיט וויסנשאפטלעכער פארשונג פון האדעווען און ארויסקריגן נייע מינים רויזן (נייע קאלירן). אייינצייטיק האט ער זיך אויך שטארק אינטערעסירט מיט פראבלעמען פון יידישן לעבן און איז געווען א סימפאטיקער פון פועלי־ציון.

אומקערנדיק זיך קיין פוילן, האט ער פארלייגט הינטער קוטנע א בלומען־צוכט, הויפטזעכלעך — צוכט פון רויזן. פון די פאר־הונדערט מינים רויזן, וואס האבן שוין עקזיסטירט ביז אים, האט ער ארויסגעקראגן נאך א מין (א נייעם קאליר), וואס האט אים פאפולער געמאכט נישט נאר אין פוילן, נאר אויך אין אנדערע לענדער. אייזיק איז געווען אין קאנטאקט מיט די גרעסטע רויזן־ציכטלער אין אייראפע און האט מיטגעארבעט אין פארשידענע פאך־זשורנאלן. די גרעסטע מאגנאטישע הויפן אין פוילן פלעגן זיך ווענדן צו אים נאך עצות און קויפן ביי אים בלומען. באשטעלונגען אויף זיין נייעם מין רויזן פלעגט ער קריגן פון קעניגלעכע פאלאצן אין אייראפע.

אייזיק האט שטארק ליב געהאט קינדער און אלס פריינד פון קינדער איז ער געקומען צו דער מעדעם־סאנאטאריע. אין פארק פון סאנאטאריע האט אייזיק זיך אנגעשטויסן אויף קוסטעס בלומען. זיין פנים האט אויפגעשטראלט און ער האט א זאג געטאן: „האט איר דא אויך בלומען, דאס איז שוין גאר אינטערעסאנט". נאך א גענויעם באקענען זיך מיטן פיל־זייטיקן לעבן פון דער סאנאטאריע, האט אייזיק אביסל שעמעוודיק (ער איז געווען זייער א באשיידענער מענטש) א פרעג געטאן דעם פארוואלטער פון אנשטאלט: „וועט איר גארנישט האבן דאקעגן, איך זאל פון צייט צו צייט אהער אראפקומען און העלפן אייער גערטנער אין דער ארבעט?". פון דעמאלט אן איז אייזיק דער קאפ פון גערטנעריי אין סאנאטאריע. ער כאפט זיך אראפ אהער אויף א טאג און גיט אנווייזונגען ווי אזוי צו פלאנירן און וועלכע בלומען און גרינסן צו פלאנצן.

אין די עטלעכע יאר פון זיין מיטארבעט (ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה) האט זיך די בלומען־צוכט און גערטנעריי אזוי צעוואקסן, אז די סאנאטאריע פלעגט גאנצע פורן מיט בלומען און גרינסן פארקויפן צו הענדלער. דער פארק פון דער סאנאטאריע איז געווען באדעקט מיט בלומען און אין די אראנזשערייען האבן זיך געפונען טויזנטער טעפלעך מיט די שענסטע און רייכסטע בלומען. און דאס אלץ איז דערגרייכט געווארן מיט גראשעדיקע מיטלען.

די קינדער פלעגן זיך רייסן צו דער ארבעט אין גארטן אדער ביי די בלומען. יעדן פרימארגן אדער אין די פרייע שעהן האבן זיי באאבאכטעט דעם וואוקס און אנטוויקלונג פון יעדן מין געוויקס און בלום. קינדער פון די שטאטישע הינטער־גאסן, וואו אפילו א גרעזל איז נישט געוואקסן, האבן זיי מיט צארטקייט און פארזיכטיקייט באהאנדעלט די נייע שפראצונגען. אייזיק איז געווען

שטאלץ מיט דעם: „זעט איר, אונדזערע יידישע קינדער קענען אויך ארומגיין ארום בלומען. ביי בלומען און ביי גערטנעריי וועלן זיי זיך אויסלערנען צו פארוואנדלען מיסט אין גאלד און נישט פארקערט.” אזוי האט אייזיק מיט זיין גאנצער איבערגעגעבנקייט געהאלפן פארשענערן און פאראיידעלן דאס לעבן פון די קינדער אין דער מעדעם־סאנאטאריע.

אנהויב מלחמה איז אייזיק ערגעץ פארשוואונדען אן א שפור.

אונטער די נאצים האט אייזיק'ס א ברודער — אהרון — אויך א גערטנער, זיך באזעצט אין סאנאטאריע און האט ביי די שוידערלעכסטע באדינגונגען געהאלפן אויפהאלטן דאס לעבן פון די קינדער. ביי דעם שרעקלעכן הונגער, וואס האט געהערשט אין אנשטאלט, האט מען שוין נישט געקאנט טראכטן וועגן קיין בלומען. אייזיק האט אויף יעדן שטיקל פרייען שטח געפלאנצט און געהאדעוועט קארטאפל, טאמאטן, אוגערקעס און אנדערע גרינסן. אונטער אייזיקס אנפירונג האבן די עלטערע קינדער און טייל יונגטלעכע טאג און נאכט געארבעט ביי די גרינסן און מען האט מיט דעם געהאלפן באטש טיילווייז שטילן דעם הונגער.

אייזיק האט אויסגעמיטן דעם גורל פון די קינדער, וועלכע זענען צוזאמען מיט די לערער און דאקטוירים אוועקגעפירט געווארן אין טויטן־לאגער. ער איז פונקט דעם טאג נישט געווען אין אנשטאלט, אבער ער איז שפעטער אומגעקומען אין אן אנדערן אדער אין דעם זעלבן גאזאויוון וואס די קינדער פון מעדעם־סאנאטאריע.

ש. גילינסקי

**אייזיקאָוויטש, מערי.** — מערי איז געווען א וואונדערבארער טיפ פון א לערערין א פיאנערין. זי איז געווען לאנגיאריקע פארוואלטערין פון דער סלאנימער פאלקשול זינט איר גרינדונג און ביזן אומקום אין יאר 1941. זי האט געהערט צו דער צאל בעסטע פראווינץ־לערער, געטריי און איבערגעגעבן דער שול און דער ציש"א. פארבונדן מיט טויזנט פעדעם מיטן ארטיקן לעבן פון דער יידישער באפעלקערונג.



מערי אייזיקאוויטש האט באמת איר גאנצן לעבן געווידמעט דער שול־ארבעט. זי האט אליין אנגעפירט און אויפגעהאלטן די שול ביי די ערגסטע באדינגונגען. זי האט געטאן איר ארבעט מיט א סך ענערגיע און איבערגעגעבנקייט. קינדער און לערער האבן איר הויך געשעצט. לערער האבן פאר איר געהאט גרוים דרך ארץ. יעדע נייע פעדאגאגישע איניציאטיוו און איינפאל האט זי אויפריכטיק באגריסט און איינגעפירט אין שול, כדי זי זאל וואס מער פראגרעסירן.

איר שוועסטער שפרה אייזיקאוויטש איז געווען היגיעניסטין אין דער סלאנימער שול און אויך זיך געווידמעט אינגאנצן דער שולארבעט.

זייער גורל — אומבאקאנט.

**אייזנבערג, שרה.** — געבוירן געווארן ארום 1900, געשטאמט פון אן ארעמער, אבער בעל־הבתישער משפחה



אין ביעלסק פּאַדלאַסקי. געהערט צום שענסטן טיפּ פּראָווינצער לערער און בויער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול. אירע ערשטע שריט האָט זי געמאַכט נאָך אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. די יידיש־וועלטלעכע שול אין ביעלסק איז געווען איינע פון די ערשטע שולן אין פּוילן, שוין אין 1920 האָט זי געהאַט 300 קינדער, 6 קלאַסן און 2 צוגרייט־גרופּעס. און ביזן לעצטן טאָג איז די שול געווען גוט אַוועקגעשטעלט סיי געזעלשאַפטלעך און פינאַנציעל, סיי אידעאיש און פּעדאַגאָגיש. די ביעלסקער שול האָט צוגעשטעלט אַ סך תלמידים פאַר דער ווילנער רעאַל־גימנאַזיע און פאַר דעם לערער־סעמינאַר פון דער צישאַ. און דאָס אַלץ איז געווען צו פאַרדאַנקען דער איבערגעגעבנקייט און געטריישאַפט פון אַזעלכע אַרטיקע אינטעליגענטן ווי שרה אייזנבערג און איר ברודער שעפּסל.

שרה האָט געענדיקט די גימנאַזיע, און נאָך אַ יונג מיידל — איז זי געוואָרן לערערין אין דער ביעלסקער שול. שפּעטער האָט זי געאַרבעט אין פּרוזשאַנע און אין ווילנע. אַן אינטעליגענטנע לערערין, האָט זי אַ סך מאָל באַזוכט די לערער־קורסן פון צישאַ און אַליין געאַרבעט איבער איר פאַרפולקאָמונג. געלערנט האָט זי שטענדיק אין די ייִנגערע קלאַסן, אָבער דעם לימוד פון יידישער שפּראַך האָט זי אויך געפירט אין עלטערע קלאַסן. די שול — דאָס איז געווען איר גאַנץ לעבן, דאָ האָט זי זיך פולשטענדיק אויסגעלעבט. מיט די גראַדואירטע תלמידים האָט זי שטענדיק קאָרעספּאָנדירט און געהאָלפן זיי זיך איינאָרדענען. אין דער שול־אַרבעט איז זי געווען סיסטעמאַטיש, צילבאַוואוסט און אחריותפול.

די לעצטע יאָרן האָט זי געאַרבעט אין ווילנע, און דאָ איז זי אומגעקומען.

**אַייזנבערג, שעפּסל.** — געבוירן אין ביעלסק פּאַדל. אַרום 1897. פּונקט ווי זיין שוועסטער שרה, האָט אויך שעפּסל געאַרבעט אַ סך יאָרן אין ביעלסק און לעצטנס אין ווילנע. שעפּסל איז געווען אַ לערער פון האַנטאַרבעט און צייכענען. ער האָט פאַרמאָגט קינסטלערישן טאַלאַנט און אינטואיציע, און אין זיין גאַנצער אַרבעט האָט ער אַריינגעלייגט אַ סך אידעאַליזם און וואַרעמקייט. ער האָט עטלעכע מאָל באַזוכט די לערער־קורסן פון צישאַ. ער איז געווען שטאַרק באַפריינדעט מיט זיינע תלמידים, און מיט איינער פון זיינע שילערינס האָט ער חתונה געהאַט. די לעצטע יאָרן האָט ער זיך פאַרנומען מיט צאָן־טעכניק, אָבער פון דער שול איז ער קיינמאָל ניט אַוועק.

אומגעקומען איז ער אַפּנים אין ביעלסק.

**אַייזנשטאַט, עטאַ** — איז געווען פון 1929 לערערין אין קאָוונע. אין 1939 איז זי געקומען אין ווילנע. געווען דאָ לערערין און פאַרוואַלטערין פון אַ יידישער מיטל־שול.

צוזאַמען מיט איר שוועסטער נחמה אייזנשטאַט — אַ יונגע אַקטריסע — פון צווייטן געטאָ אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף פּאָנאַר.

**אַייזנשטיין, פרומע.** — געבוירן אין בריסק אין 1897 ביי פרומע עלטערן. געענדיקט גימנאַזיע אַלס עקסטערן, דורכ־מאַכנדיק יערן יאָר עקזאַמענס. אָנגע־הויבן אין 1917 אין מעזריטש מיט פּריוו־וויליקער אַרבעט אין געשאַפענעם קינדער־גאָרטן; שפּעטער דאָרט געוואָרן אָנ־געשטעלט. פון 1920 אַרבעט זי אין בריסק



און שפּעטער אין וואַרשע אַלס לערערין פון ערשטן קלאַס אין די באָראָכאָוו־שולן (אויף פּראַגע, טאַרגאָווע און אין אַנ־דערע).

פרומע אײזנשטיין איז געווען אַ שטי־לע, אַרבעטזאַמע, געטרייע לערערין און דערציערין. זי האָט זיך באַצויגן צו די קינדער מיט אמת מוטערלעכער ליבע און איבערגעגעבנקייט. זי האָט געלעבט מיט דער שול און אין דער שול־אַט־מאָספערע. באַזוכנדיק פאַרשידענע לער־ער־קורסן פון ציששאַ, האָט זי שטענדיק געאַרבעט איבער זיך, ווייל גרויס איז געווען איר פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער שול־טעטיקייט. אפילו אין וואַרשע־ווער געטאָ האָט זי אויף קיין מינוט ניט פאַרלאָזט איר פּעדאַגאָגישע אַרבעט, און דאָ אין געטאָ איז זי אומגעקומען.

**אַייכנער, באָלעק.** — אַ ברודער פון באַקאַנטן לאָדזשער ד״ר אַייכנער. ער האָט געלערנט אין די עלטערע קלאַסן פון די בונדישע שולן אין לאָדזש — פּוילישע ליטעראַטור און געשיכטע. אָבער ב. אַייכנער האָט געהאַט אַ נאַציאָ־נאַל־באַוואוסטזיניקע באַציאונג צו די יידישע שולן און איז זיי געווען שטאַרק איבערגעגעבן. אַ גוטער לערער, איז ער געווען אין בעסטע באַציאונגען מיט די קינדער און זיי האָבן געהאַט צו אים גרויס אַכטונג.

**אייסוראָוויטש, באָריס** — גע־שטאָרבן אין ניו יאָרק דעם 24־טן מאַי 1953, אין עלטער פון 72 יאָר, נאָך אַ שווערער קראַנקהייט. אָבער הגם געשטאָר־בן מיטן נאַטירלעכן טויט, און ניט אונ־טער דעם רעזשים פון די נאַצים, — באַלאַנגט ב. אייסו־ראָוויטש צו אונזער יזכור־בוך. די בעס־טע יאָרן פון זיין



לעבן האָט ער אָפּגעגעבן דעם יידישן קינד. באַלד ביים אָנהויב פון ערשטן וועלט־קריג וואַרפט ער זיך אַריין אין דער יידישער הילפסאַרבעט בכלל, אין דער אַרבעט פאַרן יידישן קינד בפרט. ער שאַפט קינדער־גערטנער אין דער יידישער שפּראַך, אינטערנאַטן פאַר די אָרעמע פאַרוואָרלאָזטע קינדער. ער פירט אָן מיט דער פאַרשול־אָפּטיילונג ביי דער געזעלשאַפט „אָזע״, און ווען עס קומט די רעוואָלוציע פון 1917 — אַנטוויקלט ער אין קיעוו און גאַנץ אוקראַינע אַ גרויסע טעטיקייט אויפן געביט פון פאָר־שול־אַרבעט. ער גרינדעט לאַנגטערמיניקע און קורצטערמיניקע קורסן פאַר פרעבע־ליסטינס, ער שטייט בראש פון דער פאָרשול־סעקציע אין דער באַקאַנטער „קולטור־ליגע״. אין 1921 באַזעצט ער זיך אין וואַרשע, און אין דער ניי־גע־שאַפענער „צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע״ (ציששאָ) פאַרנעמט ער דעם זעלבן אַמט וואָס אין דער קיעווער „קולטור־ליגע״. ער אָרגאַניזירט און פירט

אַן מיט דער נעץ פון קינדער־גערטנער, ער איז אויף דעם ערשטן שול־צוזאַמענפאָר דער אָנפירער פון דער פאַרשול־סעקציע, ער ווערט אויסגעקליבן אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער ציש״אָ, ער געהערט אויך צו איר עקזעקוטיווע און ער גייט אַריין אין איר אויספירביוראָ מיט באַראַטונגס־רעכט. אין דער אַרבעט פונעם „פּעדאַגאָגישן אַמט" פון דער ציש״אָ נעמט ב. אייסוראַוויטש אַ שטענדיקן אַנגעזעענעם אָנטייל. ער אָרגאַניזירט אַ צאָל אַרטיקע און צענטראַלע פאַרשול־קאָנפערענצן, אויך דערגאַנצונגס־קורסן פאַר פרעבעליסטינס. אָבער סוף די 20־ער יאָרן פאַרלאָזט ער די ציש״אָ און גייט אַוועק אַרבעטן אין „אָרט", — שפּעטער באַזעצט ער זיך אין ניו־יאָרק.

ב. אייסוראַוויטש איז געווען אַ טאַלאַנטפולער אָרגאַניזאַטאָר און רעדנער. זיינע לעקציעס האָבן געהערט צו די פּאָפּולערסטע און אַממערסטן באַזוכטע אין לאַנד. אַ ליבער מענטש און חבר, האָט ער געהאַט פריינד אַן אַ צאָל איבער גאַנץ פּוילן. ער האָט זיך דאָ באַזונדערס באַליבט געמאַכט מיט זיין אָרגאַניזירן יעדן זומער עקסקורסיעס אין די בערג — ער איז געווען דער געקרוינטער מייסטער פון בערג־קלעטעריי, ער האָט געשאַפן ביי דער יידישער יוגנט אַ קולט פון ליבע און באַגייסטערונג פאַר דער נאַטור, פאַרן שטייגן איבער די הויכע באַרגשפּיצן. די דאָזיקע מאַסן־עקסקורסיעס אונטער דער אָנפירונג פון ב. אייסוראַוויטש זיינען געוואָרן אַ שטיק לעבנשטייגער ביי דער יידישער אַרבעטער־יוגנט און אינטעליגענץ.

זיין גאַנץ לעבן איז ער געווען אַ סאָציאַליסט און אַ בונדיסט. יידישע אַרבעטערשאַפט און יידיש מאַסן־לעבן — דאָס איז געווען זיין סטיכיע. ביזן לעצטן אָטעם פון זיין לעבן איז ער געבליבן געטריי דער אידעע פון יידיש־וועלטלעכער שול און קולטור.

**אילוויצקי** (ערשטער נאָמען ?) — געבוירן אין ביאַליסטאָק. זיין פאָטער איז געווען אַ מלמד, געהאַט אַ מאָדערנעם חדר — אַ געמיש פון תורה מיט וועלטלעכקייט. אילוויצקי האָט געענדיקט מיטלשול אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז געוואָרן אַ לערער אין די ביאַליסטאָקער יידיש־וועלטלעכע שולן. ער איז געווען אַ קלוגער, געטרייער און איבערגעגעבענער פּאַרטיי־חבר (פּועלי ציון), און דאָס האָט אים אָפט געבראַכט אין קאָנפליקט מיט זיינע קעגנער. ווען די באָראָכאָוו־שול אין ביאַליסטאָק האָט זיך פאַרמאַכט, איז ער אַרויסגעפאַלן פון דער אַרבעט און מער צו לערעריי זיך ניט אומגעקערט. ער האָט איבערגעריסן די באַציאונגען מיט דער לערערישער סביבה. זיין ווייטערדיקער גורל איז ניט באַקאַנט.

**איצקאָוויטש, שרה.** — געבוירן אין ווילנע אין 1903. געענדיקט ווילנער יידישע רעאַל־גימנאַזיע און נאָך דעם געשטודירט אין אוניווערסיטעט. זי האָט געהאַט אַ פאָלקשול און אַ קינדערגאָרטן אויף ווילקאָמירסקאַ 97. אומגעקומען אין נאָוועמבער 1941 — אויף פּאָנאַר.

**אירינסקאַ** (ערשטער נאָמען ?) — לערערין פון נאַטור־לימודים אין די פּועלי־ציוניסטישע שולן אין וואַרשע. געווען זייער אַ סימפּאַטישע און פּאָעטישע לערערין. חתונה געהאַט מיט ד"ר אַפּענהיים און וואַרשיינלעך אומגעקומען צוזאַמען מיט אים אין וואַרשעווער געטאָ.

**אַלטמאַן, הירש.** — די לעצטע יאָרן פאַרן קריג איז ה. אַלטמאַן געווען לערער פון צייכענען אין די וואַרשעווער



ציש״אַ־שולן — מילא 51, קאַרמעליצקא 29 א״א. געקומען אין די יידיש־וועלטלעכע שולן פון אַ פרעמדער סביבה, האָט ער אָבער גלייך דערפילט אַז ער האָט דאָ פאַר זיך אַ ברייט פּלאַץ אויף צו אַנטוויקלען זיינע שעפערישע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן און פּראָיעקטן. ער האָט זיך שנעל אַריינגעלעבט אין דער אייגנאַרטיקער אַטמאָספער פון די וואַרשעווער שולן, ער האָט דאָ אויסגעפונען אַ צאָל העכסט־טאַלאַנטירטע קינדער, ער האָט דורכגעפירט פאַרשידענע עקספּערימענטן אויפן געביט פון צייכענען און האַנט־אַרבעט, און האָט מיט גרויס באַגייסטערונג געטאָן זיין דערציעריש־קינסטלערישע אַרבעט. אַ קינסטלער אין דער נאַטור, אַ מענטש מיט אַקאַדעמיע־בילדונג און מיט עסטעטישן געשמאַק און אַ סך קינסטלערישער איניציאַטיוו, — האָט ער גלייך דערפילט און ליב געקראָגן די שעפערישע וואַרשעווער יידישע קינדער, און איז געוואָרן אין שול אַן אמתער לערער־דערציער, — וואָס איז אַ זעלטנהייט צווישן די א.ג. „ספּעציאַליסטן". נאָר אַ גרויס פעלד האָט ה. אַלטמאַן פאַר זיך געפונען אין די צוגרייט־אַרבעטן פון די שולן צו די גרויסע שול־אויסשטעלונגען פון דער ציש״אַ. אין אַ צאָל אַרטיקלען אין "שול־וועגן" האָט ער זיינע דערפאַרונגען און פּראָיעקטן באַהאַנדלט אויך טעאָרעטיש, און באַרייכערט די שול־ און לערער־פּראַקטיק.

אַליין האָט ער געשטאַמט פון נאָוואַרודעק, און ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט זי אים טאַקע דאָרט געטראָפן. דער ווייטערדיקער גורל פון ה. אַלטמאַן — איז אומבאַקאַנט.

**אָליצקי, ברוך** — דער לערער און דיכטער, איז געבוירן געוואָרן אין טריסק (וואָלין) בערך אין יאָר 1907. אַ קינד פון עלטערן־קרעמער,



האָט ער באַקומען זיין דערציאונג און קענטעניש פריער אין דער היים און אין חדר, שפּעטער אין אַ ציוניסטישן בית־הספר פון וועלכן ער איז קיין ציוניסט נישט אַרויסגעקומען. זיין ווייטערע אויסבילדונג איז געווען אַן אויטאָדידאַקטישע.

ברוך אָליצקי האָט געהאַט אַ טרויעריקע קינדהייט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין די מלחמה־יאָרן האָט ער איבערגעלעבט די נויט אין שטוב און דעם טויט פון די עלטערן. ביטערניש און ערגערניש האָט ער אויך איבערגעלעבט נאָך דער מלחמה, אויפהאַלטענדיק זיך ביי זיינעם אַ פעטער. אַוועק פונעם פעטער, איז ער אַ שטיקל צייט געווען אַ לערער אין אַ דאָרף ביי אַן אַרענדאַר. שפּעטער איז ער מיט הפסקות געווען אַ לערער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן: אין דרויע, לונע, מעזריטש, זשעטל און לאָדזש.

צי האָט ברוך אָליצקי דער דיכטער געהאַט אַ באַרוף צו לערעריי? שווער דערויף צו ענטפערן. אין פלוג פאַרן זיך זייער שוואַך דיכטונג מיט פּעדאַגאָגיק. קיין פּעדאַגאָגישע שול האָט ער נישט דורכגעמאַכט.

ער איז געווען א לערער פון יידישער שפראך און ליטעראטור, און א יידיש־לערער — א יידישער דיכטער איז געווים געווען א גרויס געווינס פאר דער יידיש־וועלטלעכער שול.

אויב אבער דער עיקר אין פעדאגאגיק איז די ליבע מצדן דערציער צו זיינע דערצויגלינגען, האט ברוך אליצקי, דער דיכטער וואס איז פארליבט געווען אין בלאסע נארציזן און בלייכע קינדער פון דער יידישער ארעמקייט, געדארפט זיין א גאר גוטער דערציער און לערער. „גיי קוש נישט אויס די דאזיקע אראפגעלאזטע פארשעמטע קינדערישע קעפלעך!" רופט אויס ברוך אליצקי אין זיינעם א פראזע־ארטיקל. נאך שטארקער זאגט עדות וועגן זיין ליבע צו קינדער זיין פרעכטיק געדיכט "צו מיינע קינדער" אין זיין בוך „מיין בלוט איז אויסגעמישט". אויך די קינדער האבן אים ליב געהאט. זיי האבן געשריבן צו אים בריוו, ווען ער איז פון זיי אוועקגעפארן, און ארויסגעגאנגען אים מקבל־פנים זיין, ווען ער האט זיך צוריקגעקערט. די ליבע איז געווען א קעגנזייטיקע. ער האט אוודאי געוואונען די קינדערס ליבע אויך מיט זיין יונגקייט, אויסערלעכער שיינקייט און שטאלטנקייט און מיט זיין הומאר, וואס האט געשפרודלט פון אים צווישן קינדער.

ברוך אליצקי האט ליב געהאט די קינדער פון דער יידישער ארעמקייט און זייער שול, וואס איז געווען דאס איינציקע ווינקעלע, וואו זיי האבן פארלערנט און פארשפילט, פארגעסן די נויט פון דער היים און נישט זעלטן דעם נאגנדיקן הונגער אונטערן הארצלעפעלע.

פייערלעך האבן די קינדער מיטגעזונגען מיט זייער לערער דעם דיכטער — זיין שבועה ליד:

„פארשאלטן אויף אייביק זאל זיין
מיין געביין,

אויב כ'וועל זיך נישט לייגן אזוי
ווי א שטיין

אין יידישער שול־וואנט..."

די צווייטע וועלט־מלחמה האט ברוך אליצקיס לערערישע טעטיקייט נישט איבערגעריסן. ער האט געארבעט פריער אין א סאוויעטיש־יידישער גימנאזיע אין גראדנע און שפעטער אין א שול אין ליאכאוויץ לעבן באראנאוויטש.

דעם 24טן יוני יאר 1941, ווען די הארדעס האקנקרייצלער האבן זיך דערנענטערט צום שטעטל, האט מען געזען ברוך אליצקין אין דער שול, אין בהלה, זוכן א וועג צו אנטרינען. ס'האט אים נישט אפגעגליקט. ער איז, ווי אלע זיינע קינדערלעך, אוועק מיטן שוידערלעכן וועג פון יידישן אומקום.

איבערגעבליבן פון ברוך אליצקין איז בלויז א טייל פון זיין דיכטונג, וואס זיינע ברידער, חברים, פריינד און פארערער האבן ארויסגעגעבן א. נ. „מיין בלוט איז אויסגעמישט" און דערמיט געשטעלט א מצבה אויף זיין אומבאוואוסטן קבר — אויפן קבר פון דעם דיכטער און לערער ברוך אליצקי.

ב. ע. ב.

## אלמאן, דארא (דבורה). — 

פרוי פון צישא־לערער מ. אלמאן (היינט אין ענגלאנד). אירע עלטערן שרה און מרדכי־יוסף רייכמאן זענען אומגעקומען אין די דייטשע גאז־אויוונס אין כעלמנא, 1943.

געבוירן אין וולאצלאוועק אין יאר 1907. געענדיקט די פויליש־העברעאישע גימנאזיע אין איר שטאט און מלוכהשע פעדאגאגישע קורסן אין לוויוויטש.

געארבעט אלס לערערין פון פויליש און רעכענען אין דער פרץ־שול אין וולאצלאוועק אין די יארן 1927־1928, איבערגעריסן די ארבעט אין שול צוליב שלעכטן געזונט־צושטאנד.

אין יאר 1939 ווען די היטלערישע חיות האבן אנגעהויבן זייערע מערדער־רייען אין וולאצלאוועק, האט זי פאר־לאזן די שטאט. אין יאר 1940 איז זי אנגעקומען מיט איר 12 יאריק טעכטערל יודיט קיין אסטראווצע צו איר ברודער נחמן, און דא האט זי געטיילט דעם אומקום־גורל פון די אסטראווצער יידן.

**אַלפּערזאָן, ניוניע** — שטאמט פון ווילנער געגנט (ווארשיינלעך לוצק). באקומען א טראדיציאנעלע יידישע הער־ציאונג. קיין ביאליסטאק קומט ער באלד נאך דער אנטשטייאונג פון דער אומאפ־הענגיקער פוילישער מלוכה און ווערט דא לערער אין דער ערשטער יידישער פאלק־שול "יוגנט־פאריין" (1920). ער ארבעט אין דער זעלבער שול ביזן סאמע אויסברוך פון דער מלחמה. ער פירט דעם לימוד פון יידיש און געשיכטע אין די עלטערע קלאסן. אן איבערגעגעבענער לערער, טוט ער זיין ארבעט מיט גרויס פאראנטווארטלעכקייט. ער באטייליקט זיך אין פארשיידענע לערער־צוזאמענ־פארן און נעמט שטענדיק אן אקטיוון אנטייל אין די דעבאטעס איבער די לימודים פון יידיש און געשיכטע. ער איז אומגעבראכט געווארן דורך די דייטשן.

א לערער מיט גרויסע יידישע ידיעות, מיט שטארק אנטוויקלטן נאציאנאלן באוואוסטזיין, איז ער געווען א פאלקס־לערער לויט אלע זיינע אייגנשאפטן. ענטוזיאסטישער אנהענגער פון יידיש, האט ער געפלאנצט אין זיינע פילצאליקע תלמידים די נייע יידיש־וועלטלעכע קול־טור און דעם גלויבן אין די שעפערישע כוחות פון פאלק. אליין א טיפישער ווילנער ייד, האט ער זיך אקלימאטי־זירט אין דער ליטווישער ביאליסטאק און איז געווארן איינער פון די בויער פון דער יידישער קולטור אין דער דאזי־קער שטאט.

**אָלשטיין, לאזאַר** — שטאמט פון זשעלודאק. געווען לערער אין זשעטל. אומגעקומען אין לידע.

**אָלקעניצקי (פּופּקאָ), פּאַליע** — א לערערין אין די צ.ב.ק.־שולן אין ווילנע און אין די שולן פון „צישא" אין די שטעטלעך פון ווילנער פראווינץ (זשעלודאק און לי־דע).



אין ווילנע האט זי געארבעט אין 1925, 1926, 1927 — אין דער שלום־עליכם־שול; אין זשעלודאק און לידע האט זי געארבעט פון 1928 ביז 1931/32. נאכדעם האט זי א קורצע צייט ווידער געארבעט אין ווילנע אין דער גימנאזיע פון ס. מ. גורעוויטש.

איר שוועסטער רחל דערציילט וועגן איר:

„די נאטור האט פאליען באשאנקען סיי אויסערלעך און סיי אינערלעך מיט א פולער האנט. א שלאנקע און גראציע־זע, מיט אויגן, וואס פלעגן, אפהענגיק פון איר שטימונג, בייטן זייער קאליר פון גרא ביז גרין, מיט פרעכטיקע צעפ ביז די קני, — זע איך איר אין די לעצטע קלאסן פון גימנאזיע.

דאס מערקווירדיקסטע אין איר פערזענלעכקייט זיינען געווען: געוואגטקייט, מוט און א טיפער חוש פאר הומאר.

איך געדענק ווען מען האט איר צוליב הערשנדיקן אנטיסעמיטיזם ניט אנגענומען אין ווילנער אוניווערסיטעט, איז זי אוועק צום רעקטאר און אים געפרעגט: וואו איז עס די גלייכבארעכטיקונג, וואס די פוילישע קאנסטיטוציע האט צוגעזאגט אלע בירגער צוגלייך, זי וואלט טאקע וועלן זען באטש איין ביטע פון א קריסטלעכן יונגטלעכן מיט אן אפזאג. דער רעקטאר האט גלייך אויף אן ארט אונטערגעשריבן איר ביטע, געגעבן זיין וויזיט־קארטע און דערלויבט איר אין פאל פון נויטווענדיקייט זיך צו ווענדן דירעקט צו אים.

איר שארפזיניקער הומאר איז געווען דער סוד פון איר הערפאלג ביי אלעמען, מיט וועמען זי איז געקומען אין באַרירונג.

פאליע איז געווען זייער א פייאיקע און לעבעדיקע לערערין. עס איז שווער צו זאגן, ביי וועמען איז זי געווען מער באליבט — ביי די קינדער אדער חברים לערער. דאס וויכטיקסטע אבער אין איר ארבעט זיינען געווען ניט אירע געלונגענע לעקציעס, ניט די אינטערעסאנטע קינדער־פארשטעלונגען, נאר די אטמאספער, וואס זי פלעגט שאפן ארום דער שול.

פאליע האט געהערט צו דעם זעלטענעם מין לערער, וואס זייער ארבעט ענדיקט זיך ניט מיטן פארמאכן די טיר פון קלאס. זי האט געקענט אריינהויכן לעבן און שאפן א שטימונג פון באגייסטערטער ארבעט אין דער קאלטסטער סביבה. פאר א לערער פון א שול אויף דער פראווינץ איז עס געווען א ספעציעלע ברכה.

די שול אינעם שטעטל זשעלודאק וואו פאליע האט געארבעט איז מיט איין מאל געווארן א צענטער פארן קולטורעלן אויסלעבן זיך פון דער שטעטלשער אינטעליגענץ. מענטשן, וואס האבן ביז איצט א קליינע שייכות געהאט צום יידישן שולוועזן, זיינען געווארן איבערגעגעבענע שול־טוער. דאס זעלבע איז געשען אין לידע.

דער נאיווער גלויבן שטויסט פאליען אריבערצוגיין אומלעגאל די גרענעץ — קיין סאוועט־רוסלאנד . . . .

אין רוסלאנד איז פאליען געגאנגען לויטן באוואוסטען נוסח: צוערשט — דערפאלגרייכע פעדאגאגישע ארבעט מיט רייזעס קיין קרים און קאווקאז אלס באלוינונג, — שפעטער תפיסה און פארשיקונג . . . .

די לעצטע יארן פון איר לעבן איז זי געווען פארשיקט אין קאזאכסטאן (אין דער שטאט אקטובינסק). איר מאן איז אויך געווען פארשיקט אין ארכאנגעלסקער געגנט. ווען די מלחמה האט זיך געענדיקט האט פאליע באקומען דערלויבעניש ארויסצופארן פון קאזאכסטאן.

און ווען מיר האט זיך אין 1945 איינגעגעבן אנצובינדן מיט איר א שריפטלעכן קאנטאקט — איז עס שוין ניט געווען די אמאליקע פאליע. פיזיש אויסגעשעפט פון נויט, שווערער ארבעט און מאלאריע, גייסטיק צעבראכן, — האט זי זיך הילפלאז געפרואווט ארויסרייסן פון גיהנום. זי איז געפארן קיין ווילנע מיט דער האפענונג צו געפינען אירע דאקומענטן אין אוניווערסיטעט און זיך אפיציעל רעפאטריאירן קיין פוילן. אירע פאפירן זיינען אבער פארשוואונדן און קיין פריינט, וואס זאלן איר העלפן האט זי שוין אויך ניט געטראפן. א נידערשלאגענע איז זי אוועק־

געפֿאָרן קיין מאָסקווע. עטלעכע אַמאָליקע חברים האָבן איר געהאָלפֿן באַקומען אַרבעט אין אַ שול הינטער מאָסקווע און אַ צימער עטלעכע צענדליק מייל פֿון דער שול אין אַן אַנדער פּונקט.

פּאַטעטיש האָבן געקלונגען אירע לעצטע בריוו. זי האָט מורא געהאַט פֿאַרן אָנקומענדיקן ווינטער, ווייל דאָס ביסל זאַכן וואָס זי האָט פֿאַרמאָגט האָט מען ביי איר צוגעגנבעט אונטערוועגס בעת אַן אָנפֿאַל פֿון מאַלאַריע. אונזער האַרציקן פֿריינט ש. קאַטשערגינסקי האָט זיך איינגעגעבן צו געפֿינען אַ באַקאַנטן, וואָס איז אַוועקגעפֿאָרן קיין מאָסקווע כדי צו ברענגען פֿאַליען קיין פּוילן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז דער שליח צוריקגעקומען און געבראַכט אַ בריוועלע פֿון פֿאַליען: זי וואָלט מיט פֿרייד איינגעשטעלט איר לעבן פֿאַר דער קלענסטער מעגלעכקייט זיך אַרויסצורייסן פֿון גיהנום. אָבער דער געדאַנק ווידער פֿאַרשיקט צו ווערן (אויב עס וועט זיך ניט איינגעבן) וואַרפֿט אויף איר אַן אַ שרעק, וועלכע זי קען ניט בייקומען . . .

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז פֿאַליע טראַגיש אומגעקומען אין איר נייעם וואוינאָרט . . .".

**אַנילאָוויטש, יודל** — געענדיקט די ווילנער יידישע רעאַל־גימנאַזיע. געווען פֿאַרוואַלטער פֿון דער פּרעסע־אָפּטיילונג און ביבליאָגראַפֿישער צענטראַלע אין ייוואָ (ווילנע). י. אַנילאָוויטש איז געווען אויסגעצייכנט באַקאַנט מיט דער יידישער פּרעסע איבער דער גאַנצער וועלט. ער האָט גוט געדינט יעדן פֿאָרשער וואָס האָט געאַרבעט איבער ספּעציעלע פֿראַגן, וואו די פּרעסע איז געווען דער איינציקער קוואַל פֿון אינפֿאָרמאַציע. י. אַנילאָוויטש האָט פֿאַרעפֿנטלעכט וויכטיקע ביבליאָגראַפֿישע אַרבעטן אין די „ייוואָ־בלעטער". אויך די צוויי ביבליאָגראַפֿישע יאָר־ביכער פֿון ייוואָ זיינען געווען זיין אַרבעט. ער האָט בייגעשטייערט אַ סך צו דער ביבליאָגראַפֿיע פֿון לערנביכער און פּעדאַגאָגישער ליטעראַטור אין דער יידישער שפּראַך.

אין דער ווילנער געטאָ האָט זיך זיין צוקער־קראַנקהייט שטאַרק פֿאַרערגערט — ניט געווען קיין מעגלעכקייט צו באַקומען די נויטיקע רפֿואות. אַ צייט איז ער אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל. זיין פֿרוי האָט געאַרבעט אין אַ גאָרטן און פֿלעגט אַריינשמוגלען פֿאַר אים אַ מאָל וואָס צו עסן. אָבער ער איז געווען רואיק, באַהערשט אין געטאָ. ער האָט געגלויבט אומדערשיטערט, אַז די מפּלה פֿון היטלעריזם איז אומפֿאַרמיידלעך. זומער 1943 איז ער אויסגעגאַנגען פֿון דוחק אין אינסולין אין יידישן שפּיטאָל אין געטאָ.

**אַס, יאַנקל** — געבוירן אין ווילנע אין זייער אַן אָרעמער משפּחה. דורכגעגאַנגען די יינגלשול מפֿיצי־השׂכּלה און געענדיקט דעם לערער־סעמינאַר אין ווילנע.

די ערשטע יאָרן האָט ער געאַרבעט אין דבורה קופּערשטיין־שול, שפּעטער איבערגענומען אַ טייל שעהן אין סאָפֿיע גורעוויטש־שול, און מיט דער צייט געוואָרן דאָרטן אַ פֿולער לערער און געאַרבעט ביזן אויסברוך פֿון דער מלחמה. אַס איז געווען מאָביליזירט אין דער פּוילישער אַרמיי פֿון סאַמע אָנהויב און באַלד אַוועקגעשיקט אויפֿן פֿראָנט; צוריק איז ער שוין ניט געקומען.

אַס איז געווען אַ לערער דערהויפּט פֿון נאַטור־וויסנשאַפֿט און גימנאַסטיק. אין זיין באַציאונג צו נאַטור און ספּאָרט האָט זיך שטאַרק געשפּירט די השפּעה

פון לערער־סעמינאר: דערקענען די טויטע נאטור ניט נאר פון ווערטער, נאר וואס מער עקספערימענטן; ניט נאר דערציילן וועגן לעבעדיקער נאטור, נאר אויך פארברענגען נאענט צו דער נאטור. עקסקורסיעס און שפאצירן זיינען געווען א וויכטיקער טייל פון זיין ארבעט; ער איז געווען אן אויסגעצייכנטער אנפירער אויף עקסקורסיעס, ספעציעל ביי גרעסערע שפאצירן מיט נעכטיקן, צוגרייטן עסן, באדן זיך, — דא האבן זיך אנטפלעקט זיינע סקויטישע טענדענצן.

אם איז געווען איינער פון די גרינדער און אקטיווע טוער אין דער „בין". געבויט לויטן מוסטער פון אינטערנאציאנאלע סקויטישע ארגאניזאציעס, איז „די בין" געווען שטרענג אויסגעהאלטן אין איר באציאונג צו דער יידיש־וועלטלעכער קולטור, אבער פאליטיש אומפארטייאיש. ספארט, שפאצירן, לאגערן, געזאנג, — דאס זיינען געווען אלץ נייע זאכן פאר יידישע קינדער.

יאנקל אם האט געהאט אין זיך די פעאיקייט צו שאפן אן אינטימען קאנטאקט מיט קינדער. זיי פלעגן מסתמא ארויסשפירן די אוממיטלבארקייט פון זיין כאראקטער און די במעט קינדערשע פעאיקייט צו פרייען זיך מיט זיי צוזאמען און הנאה האבן פון לערנען זיך. חוץ נאטור און גימנאסטיק, האט ער איבערגענומען קלאסן־דערציערי. צו ערשט אין אן עלטערן קלאס, און שפעטער אפילו ביי גאר קליינע קינדער. געוויינטלעך פלעגן מיט די יינגסטע קלאסן אנפירן לערערינס, און אפשר דערפאר זיינען די 7־יעריקע געווען ספעציעל שטאלץ מיט זייער לערער, און זיי האבן זיך צו אים גאר שטארק צוגעבונדן.

מחוץ דער שול איז אם געווען די לעצטע יארן אקטיוו אין „ווילביג" (ווילנער בילדונגס־געזעלשאפט). ווידער א מאל עקסקורסיעס פאר דערוואקסענע, לעקציעס וועגן נאטור־וויסנשאפט און היימקענטעניש. אבער א סך נעענטער זיינען אים געווען די אזוי גערופענע „קינדער־אודיטאריעס" פון ווילביג — אן אינסטיטוציע וועלכע האט געהאלטן אין וואקסן. דאס זיינען געווען שבת־דיקע קינדער־פרימארגנס: אמאל א לעקציע מיט ליכטבילדער, אמאל א רעציטאציע, אמאל א פארשטעלונג, און אמאל איז גאר געקומען א קונצן־מאכער. יעדן מאל האט מען געגעבן די קינדער יידישע לידער און רעטענישן. פון אנהויב האבן די ארגאניזאטארן געהאט גרויסע ספקות, צי וועלן אזעלכע פרימארגנס קענען קאנקורירן מיטן קינא און צוציען אן עולם. אבער אפט פלעגט שוין א שעה פארן אנהויב דער זאל אויף מאקאווע 5 זיין אזוי געפאקט, אז מען פלעגט מער קינדער נישט אריינלאזן. געקומען זיינען די ארעמסטע קינדער, און ניט נאר שילער פון יידישע שולן, נאר דווקא א סך קינדער פון העברעישע און פויליש־יידישע שולן, די אזוי גערופענע „שאבאסואווקעס", — אייגנטלעך דערזעלביקער עלעמענט, וואס פלעגט זיך גרופירן ארום דער „בין".

אזא איז געווען יאנקל אם: אן גרויסע פראזעס פלעגט ער שטענדיק צוציען צו זיך אמתע פאלקסקינדער ווייל ער איז געווען איינער פון זיי.

ר. וויינרייך

**אָפּנהיים, ד"ר בער** — געבוירן אין ווארשע 1892, געארבעט אין ווארשע אין דער בארכאוו־שול אויף דזיקע 6, געלערנט נאטור־וויסנשאפט אין די עלטערע אפטיילונגען. געווען פארוואלטונגס מיטגליד פון געזעלשאפט „שול און דער־

ציאונג״, געהערט צו דער לינקער פועלי־ציון ריכטונג. אומגעקומען אין ווארשעווער געטא.

**אַפּעסקין, לייב** — געבוירן אין 1908 אין ווילנע, געענדיקט דעם יידישן לערער־סעמינאר. אנגעהויבן צו ארבעטן



אויף דער פראווינץ (שארקאוושטשיזנע). דארט האט ער זיך אויך אפגעגעבן מיט פאליטישער טעטיקייט און איז ארעסטירט געווארן. ווען ער איז נאך צוויי יאר באפרייט געווארן פון תפיסה, האט ער פארלוירן דאס רעכט צו זיין א לערער און פארנומען זיך מיט פריוואטע לעקציעס אין ווילנע.

ווען די רויטע ארמיי האט פארנומען ווילנע, אין 1939, איז לייב אפּעסקין ווידער געווארן געזעלשאפטלעך אקטיוו, דער עיקר אויפן קולטור־געביט: ער האט ארגאניזירט א קלוב, געהאלטן לעקציעס, איבערגעזעצט לידער פאר די כארן, געדרוקט זיינע אייגענע לידער אין דער יידיש־סאוועטישער פרעסע. שפעטער אין די צייטן פון דער רוסיש־דייטשער מלחמה איז ער געווען איינער פון די גרינדערס פון דער פארטיזאנקע. ער איז געווען זייער אקטיוו אינעם געזעלשאפטלעכן לעבן אין דער ווילנער געטא.

לייב אפּעסקין איז געווען קודם כל א דיכטער. די לידער, וועלכע זיינען געווען פארעפנטלעכט פון צייט צו צייט אין פארשיידענע זשורנאלן, האט ער שפעטער צונויפגעזאמלט אין א ביכל, אונטערן נאמען „באגין״. זיינע לידער זיינען, ווי ער אליין, א מאל פארחלומטע, א מאל רעוואלוציאנערע. הויפטזעכלעך אנטפלעקן זיי די צארטקייט, עניוותדיקייט און נשמהדיקייט פון זיין נאטור.

ער איז געווען איינער פון די סימפאטישסטע יונגע מענטשן אין אונדזער סביבה. כ׳ווייס נישט, צי דער שיינער, אינטעליגענטער אויסדרוק פון זיין פנים, אדער זיין פיינע באנעמונג און אפשר זיין שטילע שעמעוודיקייט אין זיין שטימע, האבן אים געשאפן א סך פריינד, וואס האבן אים ליב געהאט און געאכטעט.

צעסיע בורשטיין

***

אפּעסקינס לידער („באגין״, „דער ייד פון מאלינע״ א. אנד.) וואס זיינען אנגעשריבן געווארן אין ווילנער געטא, זיינען דורכגעזאפט מיט טיפן טרויער און בענקשאפט צו דער פרייהייט, וואס דארף קומען.

דעם 11טן יולי 1944 האט די גרופע פארטיזאנער, צווישן וועלכער אפּעסקין האט זיך געפונען, זיך געגרייט ארויסצורייסן פון די פארצוימונגען פון ארבעטסלאגער אויף דער סובאטש־גאס 37 און זיך פאראייניקן מיט דער רויטער ארמיי, וועלכע איז שוין געשטאנען הינטערן שטאט. די געסטאפא האט אבער דערשפירט דעם אויפברויז צווישן די יידן. אין קאמף קעגן די געסטאפא־מערדער איז אויך געפאלן דער דיכטער־פארטיזאן לייב אפּעסקין. — ווילנע איז אויף מארגן באפרייט געווארן.

דער דיכטער א. סוצקעווער האט אונז צוגעשיקט אפּעסקינס א ליד, געווידמעט דעם לערער יעקב גערשטיין. ער שרייבט אונז דערביי: „איך שיק אייך א ליד ׳אויף גערשטיינס טויט׳, וואס עס האט אנגעשריבן אין ווילנער געטא דער דיכטער און לערער לייב אפּעסקין, וואס איז

שפעטער דערמאָרדעט געוואָרן. דאָס ליד איז קיינמאָל ניט געדרוקט געווען. ס'איז איינס פון אַ בינטל לידער וואָס כ'האָב אַרויסגעצויגן פון דיכטערס קעשענע, ווען כ'האָב אים געפונען אַ דערשאָסענעם (דעם 14־טן יולי 1944) אין לאַגער ה. ק. פּ.".

**אָקאָשקאָ, אסתר** — שטאַמט פון ראַוונע, איז אָנגעקומען אין יידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע באַלד ווי דער סעמינאַר האָט זיך געעפנט, אין נאָוועמבער 1921.

אַן אינטעליגענטע מיידל מיט פיינע פעיקייטן, איז זי אַ גוטע שילערין אַלע יאָרן פון איר לערנען זיך אין סעמינאַר און שפּעטער אויך אַ גוטע לערערין אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. זי האָט געהערט צום ערשטן אַרויסלאָז פון סעמינאַר. נאָכן פאַרענדיקן דעם סעמינאַר וואַרפט זי זיך אַריין אין דער שול־אַרבעט און באַמיט זיך באַאיינפלוסן מיט איר אינטעליגענץ אירע יונגע שילער.

זי האָט חתונה געהאַט מיטן לערער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן — מ. בראַנדעס. זיי ביידע צוזאַמען מיט זייער יינגעלע פון אַ יאָר 7־6 זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצי־מערדער.

**

ר ב ק ה  וו א ל ד מ א ן דערציילט וועגן אָקאָשקאָס אַרבעט אין  ז ש ע ט ל:

„... פלעגט די לערערין אָקאָשקאָ נאָך די לעקציעס אָוועקשפּאַצירן מיט די קינדער אין די וועלדער און פעלדער. און זי פלעגט ניט מיד ווערן צו לערנען: קינדערלעך, אָט דאָס איז אַ לעבער־בלום, דאָס איז אַ פיאַלקע, דאָרט ביים ראַנד הייבט זיך דער גאָלדענער ראַנונקעל... אָקאָשקאָ און איר מאַן בראַנדעס, טריי איבערגעגעבענע ווי למדוואָוניקעס, האָבן פאַרבונדן זייער פּערזענלעך לעבן מיט דער שול, די שול — מיט דער וועלט, מיט די פעלדער און וועלדער אַרום".

**אַראָנאָוויטש, יוסף** — געבוירן אין ווילנע — האָט יוסף אַראָנאָוויטש איינגעזאַפּט אין זיך דאָס בעסטע מיט וואָס ווילנע האָט געשמט אין דער יידישער וועלט, — תורה, השכלה און געזעלשאַפטלעכקייט. ער איז געוואַקסן אין די געדיכטעניש פון יידישן צענטער און איז געווען איינער פון דער מאַסע. ער האָט פון קינדוויז אָן געזען נויט, געזען מענטשן וואָס האָבן זיך געצאַפּלט אין אָרעמקייט, געפילט עס אויף זיך און געטראָגן זיין גאַנצן לעבן אַלס חוב צו העלפן דער אָרעמשאַפט.



ווען אַראָנאָוויטש איז אָנגעקומען אין דעם באַרימטן ווילנער לערער־אינסטיטוט (אַ רעגירונגס־סעמינאַר), האָט ער מיטן גאַנצן דורשט פון זיין זוכנדיקער נשמה געוואָרפן זיך אויף וויסנשאַפטן. ער האָט מיטן זעלביקן פליים געשטודירט נאַטור־וויסנשאַפט, ווי געשיכטע, ליטעראַטור, סאָציאָלאָגישע ווערק. זייענדיק זייער באַגאַבט האָט ער דערגרייכט גרינדלעכע ערודיציע, דערצו זענען עס געווען די שטורמישע יאָרן פון ערב 1905, ווען דאָס גאַנצע פּראָגרעסיווע רוסלאַנד און באַזונדערס די יידישע אַרבעטערשאַפט און אינטעליגענץ האָבן געפיבערט מיטן דראַנג צו שטירצן די פאַרהאַסטע אַליינהערשאַפט. די סטודענטן פון לערער־אינסטיטוט האָבן געהערט צו

פאַרשיידענע יידישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, אין גרעסטן טייל צום „בונד". מען האָט זיך אויסבאַהאַלטן פון די אויפּזעער און מען האָט געשלונגען די „לעצטע ידיעות", „איסקרא", „רעוואָ־לוציאָנאַיאַ ראָסיאַ" א"א.

פאַר די פיר יאָר צייט וואָס ער איז געווען אין לערער־אינסטיטוט איז אַראַ־נאָוויטש אַרויס אויף דער סאָציאַל־פּאָ־ליטישער אַרענע, פון וועלכער ער איז נישט אַוועק ביזן סוף פון זיין לעבן, מיט אַ גרויס באַגאַזש פון ערודיציע און באַלערנטקייט.

ער ווערט באַשטימט אַלס לערער אין אַ לאָדזשער רעגירונגס־שול. דאָס איז אָבער פאַר אים אַ צו שמאָלער געביט, הגם ער איז אויך אויף דעם פּעדאַגאָגישן פעלד זייער הערפּאָלגרייך. אין לאָדזש האָט ער גרינדלעך דערלערנט די פּוילישע שפּראַך, פּוילישע געשיכטע און ליטעראַ־טור . . . . ער טרעט אַרויס אויף פּויל־ישע מאַסן־פאַרזאַמלונגען.

ער ווערט אַרעסטירט, זיצט אָפּ אַ לענגערע צייט אין דער צאַרישער תפיסה. דאָס ברעכט אָבער נישט זיין גייסט. נאַ־טירלעך, פאַרלירט ער זיין רעגירונגס־שטעלע; ווען ער גייט אַרויס אויף דער פריי, ווערט אַראַנאָוויטש אַ פּראָפעסיאָ־נעלער אַרבעטער־טוער. אַ דאַנק זיין גרויסן רעדנערישן טאַלאַנט, ווערט ער שטאַרק באַליבט ביי די אַרבעטס־מאַסן.

נאָך דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע פאָרט אַראַנאָוויטש אַריבער אין זיין היימשטאָט ווילנע, וואָס איז שוין איצט פּוילן. ער ווערט איינער פון די אָנפירער פון ווילנער „בונד". אַראַנאָוויטשעס „פּוילישקייט" איז טאַקע זייער צונויץ געקומען איצטער.

די ערשטע יידישע רעאַל־גימנאַזיע אין ווילנע לאָדט אים איין אַלס לערער. אַ פאַר יאָר אַרבעט ער דאָרט, נישט פאַר־לאָזנדיק זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. אָבער די פּוילישע בילדונגס־מאַכט באַ־זייטיקט אים פון דער פּעדאַגאָגישער אַר־בעט צוליב זיין פּאָליטישער נישט־כשרות. אַלס פאָרשטייער פון די ווילנער יידישע אַרבעטער גייט ער אַריין אין ראָט פון קראַנקן־קאַסע, וואו ער פאַרנעמט איינגיכן אַ פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט. ער ווערט אויך ראַטמאַן אין קהילה (פון „בונד"), און עטוואָס שפּעטער נאָך דעם זיג פון „בונד" אין 1938 טרעט ער אַריין אין שטאָטראָט צוזאַמען מיט אַ צענ־דליק אַנדערע בונדישע ראַטמענער, די שטאַרקסטע יידישע פראַקציע אין ווילנער שטאָטראָט. ער פּאַרטיידיקט דאָ די יידישע און בכלל אַרבעטער־אינטערעסן. ער גרייפט אָן די סאַנאַציע און די פאַ־שיסטישע „אָזאָן־פּאַרטיי". ער קען אויסגעצייכנט די שטאָטווירטשאַפט, און דעקט אויף די מאַכינאַציעס פון אַנטי־סעמיטישע ענדעקעס און אָזאָניסטן. צו זיינע רעדעס, געהאַלטן אין שיינעם סטיל און מיט פּאַטאָס פון איבערצייגונג, מוזן אַפילו די פאַרביסענע אַנטיסעמיטן זיך צוהערן.

י. אַראַנאָוויטש איז געווען אַ ליבער און פריינטלעכער מענטש, אָן אַ ברעקל גאווה, הגם ער האָט געמעגט געוויס שטאָלצירן מיט זיין טיפן וויסן און אָראַטאָרישן דערפאָלג. ער האָט געקענט האַלטן אויך אַ פען אין האַנט, אָבער זעלטן זיך באַנוצט מיט דעם.

ה. א ב ר א מ א ו ו י ט ש

***

צו די אויבן־געבראַכטע ביאָגראַפישע ידיעות וועגן י. אַראַנאָוויטש, דאַרף מען נאָך צוגעבן:

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקו־פּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

געפינען מיר דעם חבר אראנאוויטש אין טשענסטאכאוו — ער איז דא דער סעקרעטאר פון קאמיטעט פון „בונד”. ווען עס איז דא שפעטער געשאפן געווארן דער ארבעטער־ראט, איז י. אראנאוויטש איינער פון די טיכטיקסטע מיטגלידער פון דער בונדישער פראקציע אינעם ראט. ווייטער, ווען עס איז אין 1919 געוויילט געווארן דער ערשטער שטאטראט — שוין אין דער צייט פון אומאפהענגיקן פוילן, איז י. אראנאוויטש דא געווען דער שטענדיקער הויפט־רעדנער פון „בונד”. אין שייכות מיט דעם וואס ער האט אפגעגעבן די דעקלאראציע קעגן פויליש־סאוועטישן קריג, איז י. אראנאוויטש ארעסטירט געווארן דורך דער פוילישער מאכט.

אויך אין ווילנע איז ח' אראנאוויטש געווען מיטגליד פון בונדישן קאמיטעט. ער איז אקטיווסטער טוער אויפן פראפעסיאנעלן און פאליטישן געביט פון דער ארבעטער־באוועגונג. גלייכצייטיק איז ער באטייליקט אין דער שול־ארבעט פון צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט (צ.ב.ק.). א פאר יאר (1935 — 1938) איז ער אפילו געווען דער סעקרעטאר פון צ.ב.ק. ווי א געוועזענער לערער און א מענטש מיט פעדאגאגישער בילדונג, האט ער געהאט גרויס פארשטענדעניש פאר די פראבלעמען פונעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן. ער איז געווען באקאנט מיט דער ארבעט פון יעדער ווילנער ציישא־שול. ער האט געהאלפן פירן דעם קאמף פאר זייערע רעכט און עקזיסטענץ.

באלד נאכן פארנעמען ווילנע דורך דער סאוויעטישער ארמיי אין סעפטעמבער 1939, האט די נ.ק.וו.ד. גענומען ארעסטירן און ליקווידירן די באקאנטע פאליטישע טוער. י. אראנאוויטש איז געווען פון די ערשטע קרבנות.

דער ח' מ. ק. האט אין דער בונדישער טעגלעכער צייטונג „אונזער שטימע” וואס דערשיינט אין פאריז, פארעפנטלעכט זיינע זכרונות וועגן זיין באגעגעניש מיטן ח' אראנאוויטש אין מינסקער תפיסה. מיר גיבן עס דא איבער — מיט געוויסע קיצורים:

„סוף יולי 1940 בין איך פון גראדנער תפיסה איבערגעשיקט געווארן אין דער מינסקער תפיסה. איך בין אריינגעווארפן געווארן אין דער קאמער נומ' 70. דער אויסזען פון דער קאמער וועט אייביק פארבלייבן אין מיין זכרון. כ'האב ניט געוואוסט צי איך געפין זיך אין א תפיסה, צי אין א לאזארעט. אין דער קאמער, וואס איז געווען באשטימט פאר 70 פערזאן, האבן זיך געפונען ביי 200 און צום סוף ביז 250 מענטשן. די מערהייט פון זיי זיינען געווען בוכשטעבלעך אדם־נאקעט, א טייל אין צעריסענע וועש. ביי זייער פיל זיינען געווען פארבאנדאזשירטע טיילן פון קערפער. די קרעכצן זיינען געווען אזוי ווי נאך א שלאכט . . .

„אין מיין קאמער האב איך געטראפן פיל באקאנטע פון גראדנע און אויך פון ביאליסטאק, ווילנע.

„אין א ווינקל, צווישן א גרופע ווילנער געזעלשאפטלעכע טוער, איז געלעגן דער חבר יוסף אראנאוויטש. עס גייט מיר דורך א שוידער, ווען איך דערמאן זיך, ווי אזוי דער חבר יוסף האט דערמאלט אויסגעזען. האלב נאקעט אין צעריסענע שמוציקע וועש. דער קערפער פול מיט וואונדן, פון וועלכע עס איז גערונען ראפע. כ'האב זיך איינגעארדנט לעבן אים . . .

„. . . היות ווי איך האב מיטגעבראכט א פעקל זאכן, האב איך דעם ח' יוסף גענעבן א פאר וועש און אויך א פאר

הויזן, ווייל מען האט אין תפיסה־באד ביי אים צוגענומען זיין קאסטיום. דער געזונט־צושטאנד פון ח׳ יוסף האט זיך פון טאג צו טאג פארערגערט. מיר האבן באשלאסן זיך צו דערשלאגן צום נאטשאלניק אדער צום דאקטאר פון דער תפיסה.

איך און דער ח׳ יוסף האבן פרובירט זיך פארשרייבן צום נאטשאלניק, דערקלערנדיק אז מיר האבן אים איבערצוגעבן וויכטיקע זאכן. דאס האט געהאלפן. מיר האבן דעם נאטשאלניק אויפמערקזאם געמאכט אויף די באדינגונגען אין וועלכע מיר געפינען זיך . . . צומארגנס האט מען מיך און אויך דעם ח׳ יוסף ארויסגערופן צום דאקטאר, זייער א סימפאטישע פרוי, א יידישע, וועלכע האט ארויסגעוויזן א ווילן אונז אביסל צו העלפן. דער ח׳ אראנאוויטש האט איר געבעטן, אז זי זאל אים צייטווייליק איינארדענען אין טורמע־שפיטאל. אבער זי האט דערקלערט אז לײדער קען זי גארנישט מאכן, ווייל עס איז נישטא קיין פלעצער און זי האט פיל שווערערע קראנקע . . .

אין א פאר וואכן ארום האט זיך אנגעהויבן די אויספארשונג פון ח׳ ארא־נאוויטש. די ערשטע נאכט האט מען אים 5 מאל געשלעפט אין א קאלטן צימער, כדי ער זאל שרייבן זיין אויטאביאגראפיע. די צווייטע נאכט — כדי ער זאל אנשרייבן דעם פראגראם פון דער פארטיי. די דריטע נאכט האט מען אנגעהויבן צו שטעלן פראגן. ח׳ יוסף האט דאן געבעטן, אז מען זאל איבעררייסן די אויספארשונג, ווייל ער פילט זיך זייער שלעכט. אגב, וועט ער נישט ענטפערן, אויב מען וועט אים נישט דערלויבן אנצושרייבן א בריף צו זײער פאמיליע, ווייל ער איז ארעסטירט געווארן אין ווילנע אויף דער גאס און זיין פרוי און קינדער ווייסן גארנישט וועגן אים...

„דעם 15טן נאוועמבער האט מען אויף דער אויספארשונג אים געפרעגט צי ער איז זיך מודה אין א ריי ניט־געשטויגענע פארברעכנס (14 פראגן) . . .

„און דאן איז געקומען דער אויספיר: אזוי ווי איר, בירגער יוסף אראנאוויטש, זייט געווען אן אקטיווער טוער פון בונד און א מיטגליד פון ווילנער קאמיטעט און אויך א פארשטייער פון צעקא אא״ו, ווערט איר באשולדיגט לויט די ארטיקלען 76, 66 און 58־א און נאך אנדערע פון שטראף־קאדעקס פון דער ווייס־רוסישער רעפובליק . . .

„אויסהערנדיק די באשולדיקונגען, האט דער ח׳ יוסף דערקלערט, אז עס איז פאר אים און אויך פאר דעם „בונד", צו וועלכן ער האט דעם כבוד צו געהערן, א באליידיקונג צו פירן וועלכע עס איז דיסקוסיעס וועגן די אומגעלומפערטע באשולדיקונגען און ער וועט מער ניט ענטפערן אויף קיין פראגן. אויסער דעם, ער איז א בירגער פון פוילן און די סאוועטישע מאכט האט נישט קיין רעכט אים צו משפטן. נאך זיין דערקלערונג האבן די פארשטייער פון געריכט זיך געווארפן אויף אים מיט רעוואלווערן אין די הענט. „מיר וועלן דיך באלד דערשיסן ווי א הונט, ארויס פון צימער!" — האבען זיי גערעוועט.

„אין משך פון א וואך האט מען אים כסדר אלע נאכט געשלעפט, געהאלטן אין א קאלטן צימער אויסגעטאן נאקעט און בארוועס. ווען ער האט זיך קאטעגאריש אפגעזאגט אונטערצושרייבן דעם פראטאקאל, האט מען אים אריינגעווארפן אין א קארצער. 5 שעה איז ער געשטאנען אין קאלטן וואסער ביז די קני. ווען ער איז צוריק געקומען, האט ער אויס־

נעזעז ווי א מת — אינגאנצן צעבראכן און אויסגעשעפּט.

„אין א קורצער צייט ארום נאך דער לעצטער פייניקונג האט דער ח׳ יוסף ביי אונז אין קאמער געהאלטן א רעפע־ראט אין פּויליש. ער האט גערופן צו אויסדויער און זיך נישט איינברעכן. ווען ער האט געענדיקט, איז ער געפאלן אין חלשות.

„מיט דער הילף פון דעם סטאראסטע פון דער קאמער האב איך ווידער בא־זוכט דעם נאטשאלניק און אים אויפ־מערקזאם געמאכט, אז דער געזונט־צו־שטאנד פון ח׳ יוסף איז א געפערלעכער. ח׳ יוסף איז אריבערגעפירט געווארן אין טורמע־שפּיטאל. מיר האבן געוואוסט דורך א קראנקן־שוועסטער, אז זיין צו־שטאנד איז זייער א שווערער.

„אויב אפילו ער האט באקומען, אזוי ווי מיר אלע, אן אורטייל פון דער „טראיקע״ — בין איך זיכער, אז ארויס־שיקן האט מען אים נישט געקענט. ער איז ווארשיינלעך געשטארבן אין דער תפיסה.

„אזוי איז אומגעקומען אונזער טייערער ח׳ יוסף, א גוטער געטרייער בונדיסט, א מוטיקער קעמפער פאר א בעסערן מארגן״.

## אראנאָוויטש, אריה — געבוירן

אין ווילנע אין 1895, געענדיקט דעם אינסטיטוט, און נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען א לערער אין די ציש״א־שולן. אין 1923 באזעצט ער זיך אין דונילאוויטש. דא ווערט ער פאר־וואלטער פון דער ידיש־וועלטלעכער שול (פון 1924). אין 1935 איז ער לערער אין דער ניי־סווענציאנער יידישער שול. נאכן צונעמען ביי אים די לערער־רעכט דורך דער פּוילישער מאכט, ווערט ער פארזיצער פון דער שול־פארוואלטונג און פירט אן מיט דער גאנצער ארבעט פון דער שול. אראנאוויטש איז געווען אן איבערגעגעבענער לערער און פירער פון דער יידישער שול און פון דער יידי־שער קולטור. זייער באליבט אין שטעטל.

ווען די רויטע ארמיי איז געקומען אין 1939 אין די מזרח־געביטן פון פּוילן, האט מען אים ניט דערלויבט צו זיין א לערער אין א יידיש־סאוועטישער שול.

אין 1941 ווערט ער פארשפארט אין געטא אין דונילאוויטש. ער ראטעוועט זיך פון דער שחיטה אין דונילאוויטש און אנטלויפט אין דער געטא אין גלו־באקי, וואו ער קומט אום צוזאמען מיט זיין פרוי און דריי טעכטער, זומער 1943.

## אראנאָווסקי־זעליגמאַן, חנה —

געבוירן און דערצויגן אין קאוונע, וואו זי האט געענדיקט גימנאזיע מיט אן אויסצייכענונג. בעתן ערשטן וועלט־קריג און גירוש קאוונע, האט זיך אראנאווסקי באזעצט אין ווילנע. אנהייב די 20־קער יארן איז זי געווען לערערין פון אלגע־מיינע און יידישע לימודים אין דער אוונט־שול פון דער געז. „הילף דורך אר־בעט״ (פּראפעסיאנעלע שול). זי איז אויך געווען לערערין אין אן אנפאנג־קלאס אין דער לייזער־גורוויטש־שול. זי איז געווען אן ארבעטזאמע, באשיידענע לערערין. געלעבט אלע מאל אין שווערע מאטעריעלע באדינגונגען, אליין דערצויגן איר איינציקן זון. געווען גוטמוטיק און פריינדלעך, נישט קוקנדיק אויף די שוועריקייטן.

אין ווילנער געטא, בעת די נאצים, האט זי ארויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע לעבנס־פייאיקייטן, זיך ניט פארלארן,

אינספירירט פון איר איינציקן פארלאנג — צו ראטעווען איר קינד. זי האט זיך ארויסבאקומען מיטן קינד פון געטא און אויסבאהאלטן זיך מיט אים אין משך פון 10 חדשים נאך דער ליקווידאציע פון געטא ביז דער באפרייאונג.

נאך דער באפרייאונג איז זי פלוצלונג שווער קראנק געווארן און געשטארבן. דאס קינד, אויסערגעוויינלעך פייאיק צו מאטעמאטיק און אינזשענעריע, איז געבליבן לעבן.

## ארושקעס־זוסמאן, ליזע

**ארושקעס־זוסמאן, ליזע** — האט געהערט צו די פיאנערן־לערער אין דעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן, וואס האבן מיט זייער פערזענלעכקייט און מיט זייער שעפערישקייט אנגעפילט די שול מיט א פילזייטיקן רייכן אינהאלט און האבן די דערציערישע ארבעט דערהויבן צו גאר א הויכער מדרגה.



ליזע ארושקעס־זוסמאן איז געקומען צו דער יידישער שול מיט א גרויסן סכום וויסן ווי אויך מיט פעדאגאגישער דערפארונג. אבער ערשט דא, אין דער בייער יידישער שול, האט זי אמבעסטן געקאנט אנטוויקלען אירע פעדאגאגישע און דערציערישע פייאיקייטן. ארושקעס האט געזוכט צו באקענען די קינדער פון די ווארשעווער הינטער־גאסן מיט דער ארומיקער נאטור, וועקן אין זיי אינטערעס צו דערשיינונגען פון מענטשלעכן לעבן און אנרעגן זיי צו טראכטן, פארשן און לערנען. אליין א טרוימערין פון דער נאטור, פלעגט זי די קינדער אויך פירן אויף אויסגעטרוימטע וועגן צו א שענערן און בעסערן לעבן.

די קינדער פלעגן מיט אויפמערקזאמקייט נאכפאלגן יעדן איר ווארט, יעדן איר געדאנק. ארושקעס האט אין איר דערציערישער ארבעט דערגרייכט א שטופע, צו וועלכער נאר געבענטשטע לערער דערגייען. זי איז געווארן א לערערין און וועג־ווייזערין נישט נאר אין קלאס נאר אויך אין לעבן פון אירע תלמידים און תלמידות.

דער שנעלער וואוקס פון יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן בעת און נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה האט ארויסגערופן א גרויסן מאנגל אין לערער, אין לערער־דערציער, וואס זאלן זיין נאענט צום גייסט פון די יידיש־וועלטלעכע שולן. צו דער נייער שול האבן זיך גע־צויגן געבילדעטע יונגעלייט און מיידלעך, וואס זענען געווען באהויכט מיט די סאציאלע און נאציאנאלע אידייען און טרוימערייען פון יענער צייט. קיין לערער־סעמינאר, וואס זאל אט די קאנדידאטן אויף לערער צוגרייטן צו זייער צוקונפטיקער ארבעט, איז נאך דאן נישט געווען. עס פלעגן דא און דארטן איינגעארדנט ווערן צייטווייליקע קורסן, וואס זאלן די יונגעלייט און מיידלעך כאטש אין א וועלכער עס איז מאס באקענען מיט די עלעמענטארסטע פרינציפן און מעטאדן פון לערנען די קינדער און פון לערנען זיך פון די קינדער. די הויפט־דערציער פון אט די יונגע לערער זענען דעריבער געווען די עלטערע חברים, וואס האבן געלייגט דעם פונדאמענט און אויסגעפורעמט דעם כאראקטער פון דער נייער יידישער שול. ליזע ארושקעס איז געווען איינע פון אט די לערער, וואס האבן געדינט אלס ביישפיל פאר די יינגערע חברים, און געהאלפן דערציען א נייעם דור יונגע לערער.

ליזע ארושקעס איז געבוירן געווארן אין 1892 אין ביאליסטאק ביי אויפגע־

קלערטע עלטערן. איר פאטער איז שוין דאמאלסט געווען א חובב ציון. נאך גאר א קינד, איז זי פאריתומט געווארן און האט נאך יונגערהייט באדארפט זיך לערנען זיין זעלבשטענדיק. א דאנק אירע גרויסע פייאיקייטן האט זי זיך אריינגעקראגן אין א רעגירונגס־גימנאזיע פאר מיידלעך, וואו זי איז אין די העכערע קלאסן געווען די בעסטע שילערין. פאר אנטיילנעמען אין א רעוואלוציאנערן קרייזל אין שול איז זי פון דער גימנאזיע אויסגעשלאסן געווארן. עס געלינגט איר דאך שפעטער צו קריגן א צייגניש פון דער גימנאזיע און זי קומט אן אויף די העכערע קורסן פון ווארשעווער אוניווערזיטעט אויפן נאטור־וויסנשאפטלעכן פאקולטעט.

נאך אין די סטודענטישע יארן האט ל. ארושקעס אנגעהויבן ארבעטן אלס לערערין פון נאטור־וויסנשאפט אין פריוואטע יידישע שולן פאר מיידלעך. שפעטער איז זי געווען לערערין אין דער באקאנטער אין ווארשע שול פאר מיידלעך „יהודיה”. אין 1919 באהעפט זי זיך מיט דער יידיש־וועלטלעכער שול און ווערט פארוואלטערין פון דער צישא־שול אויף נאוואליפקי 68. צוליב קראנקהייט איז זי געצוואונגען צו פארלאזן אויף א לענגערע צייט די שול־ארבעט. נאכן געזונט־ווערן ארבעט זי אלס לערערין פון נאטור־וויסנשאפט אין אנדערע שולן און א פאר יאר שפעטער ווערט זי ווידער איינגעלאדן אלס פארוואלטערין פון דער גרויסער און פאפולערער פאלקשול אויף קראכמאלנע 36. קראכמאלנע איז געווען די גאס פון דער גרויסער יידישער ארעמקייט און פון יידישע האראפאשניקעס: טרעגער, בעקער, גאסן־הענדלער און אנדערע. ליזע ארושקעס האט דא געהאט א גרויס פעלד פון ארבעט אויך צווישן די עלטערן.

ווען די צווייטע מלחמה איז אויסגעבראכן, האט ל. ארושקעס מיט איר מאן שלמה זוסמאן (באקאנטער ארבעטער־ און שול־טוער) און מיט זייערע צוויי טעכטער דערשלאגן זיך צו איר געבורטס־שטאט ביאליסטאק, וואו עס האבן שוין געבאלעבאטעוועט די באלשעוויקעס. די משפחה זוסמאן זוכט אבער באלד א וועג ארויסצוראטעווען זיך פון די באלשעוויסטישע נעגל און מיט גרויס געפאר פארן לעבן געלינגט זיי דאך דורכצושמוגלען זיך דורכן באלשעוויסטיש־ליטווישן גרענעץ און אריינקריגן זיך קיין ווילנע. שפעטער ווערט די גאנצע משפחה מגולגל קיין אמעריקע.

אין ניו יארק איז ליזע ארושקעס געצוואונגען געווען צו ארבעטן שווער פיזיש. זי האט עס אויפגענומען מיט א לייכטן געמיט און אויך איר שטייגער — מיט צופרידנהייט. אין 1946 איז ליזע ארושקעס־זוסמאן שווער קראנק געווארן און איז דעם 12 אפריל 1947 אוועק פון דער וועלט.

ש. גילינסקי

**אשקענאזי־שאַפּירא, באַלבינע (באליע).** — אין ווארשעווער געטא איז דער טויט געווען א געוויינלעכע דערשיינונג. דער שווידערלעכער הונגער, די מוראדיקע ענגשאפט, די אומבאשרייבלעכע נויט און פיין און זייער באגלייטער, דער טיפוס, האבן יעדן טאג הונדערטער מענטשלעכע לעבנס אומגעבראכט. אין א געוויסן טאג (די דאטע איז נישט באקאנט, אין 1940-1941) איז צווישן זיי אויך געווען באליע אשקענאזי, די לערערין אין דער פאלקשול אויף קראכמאלנע 36. זי איז געווען איינע פון די זיילן פון דער גרעסטער צישא־שול אין ווארשע. באליעס קלאס האט זיך

שטענדיק גערעכנט פאר איינעם פון די בעסטע אין ווארשע און גערינט אלס מוסטער פאר א סך לערער פון ווארשע און פון דער פראווינץ. באליע איז געווען איינע פון די איבערגעגעבנסטע בויער און טרעגער פון יידישן שול־וועזן אין פוילן און א געטרייער מיטגליד אין דער בונדישער משפחה.

געבוירן אן ערך אין 1898 אין אן ארטאדאקסישער היים אין ווארשע, האט באליע געענדיקט האלפערינאוועס גימנאזיע און שפעטער די פרעבעל־קורסן פון מאריע וועריכא. איר ערשטע לערערישע פראקטיק (2 יאר) האט זי געהאט אינעם אמאל באקאנטן קינדער־היים פון ד"ר ארערפעלד — אן אנשטאלט פאר יידישע קינדער געפירט אין דער פוילישער שפראך. פון 1920 ארבעט זי 2 יאר אין א יידיש־פוילישער גימנאזיע אין מעזריטש. דארט, אין דער בערשטעטער־שטאט, ווארפט זי זיך אריין אין דער בונדישער ארבעט און ווערט א הייסע אנהענגערין פון דער יידיש־וועלטלעכער שול.

נאך א יאר ארבעט זאגט זי זיך אפ פון דעם גוט־באצאלטן פאסטן אין גימנאזיע און גייט איבער ארבעטן פאר א הונגער־לוין אין דער יידיש־וועלטלעכער פאלקשול. זי באטראכט איר ארבעט אין דער יידישער שול ווי א הייליקע מיסיע און זי איז שטענדיק אין שרעק, אז זי איז נישט גענוג צוגעגרייט צו דער מיסיע. פריער האט זי אויסגעפרואווט אירע כוחות אין קינדער גארטן (מעזריטש, סקערנעוויץ). איצט ווידמעט זי זיך אין גאנצן צו יינגערע קינדער פון שול־עלטער, אין ווארשע.

באליע ארבעט א סך איבער זיך, שטודירט די יידישע שפראך, באקענט זיך מיט די היימען פון די קינדער און שאפט דעם נאענטסטן קאנטאקט צווישן עלטערן און שול. אזוי ארבעט זי 20 יאר, כמעט א העלפט פון אירע אפגעלעבטע יארן (פריער אין דער בר. גראסער־שול, שפעטער אין דער כמורנער־שול).

באליע איז געווען א לערערין פון גאטס גענאד. זי האט פארמאגט אן אויסערגעוויינטלעכע פעדאגאגישע אינטואיציע און דערציערישן טאקט. איר קלאס האט פארגעשטעלט מיט זיך א מוטערלעכע נעסט, און אלע קינדער האבן זיך געטוליעט צו איר. שטענדיק געארבעט אין אן ערשטן אדער צווייטן קלאס, האט זי אריינגעבראכט אין דער ארבעט פון די קינדער א סך זעלבסט־דיסציפלין און עסטעטישקייט. די ווענט פון איר קלאס זיינען געווען באפוצט מיט קאלענדארן און וועטער־באריכטן אויסגעפירט דורך די קינדער גופא, מיט צייכענונגען און מאלערייען פון די קינדער, מיט אויסשניטן פון צייטונגען און זשורנאלן, מיט אינטימע לאזונגען און אויפשריפטן. די פסיכאלאגיע פון די קינדער־יחידים און פונעם קינדער־קאלעקטיוו איז פאר באליען געווען אן אפן בוך, פון וועלכן זי האט ארויסגעכישופט דאס שענסטע און בעסטע.

צו אירע אלע פעדאגאגישע מעלות האט באליע נאך געהאט א סך אנדערע וואס האבן געשאפן איר פערזענלעכקייט: זי איז געווען אבסאלוט אידעאליסטיש און מסירת־נפשדיק פאר דער שולארבעט, זי איז געווען שטיל און באשיידן, אינטעליגענט און חנעוודיק, אויפריכטיק און צארט. דערפאר האט זי געהאט אזא גרויסן איינפלוס ניט נאר אויף די קינדער, נאר אויך אויף זייערע מאמעס. דערפאר האבן די חברים לערער זיך צו איר באצויגן מיט פולן דרך ארץ און ליבשאפט.

**באַביטש, יוסף** — געבוירן אין 1885, איז געווען אַ תלמיד פון די גראָדנער פעדאַגאָגישע קורסן פון דער חברה מפיצי השכלה, און ווען ער האָט זיי געענדיקט האָט ער געאַרבעט אין פאַרשיידענע יידישע שולן.

י. באַביטש איז אויך געווען טעטיק אויפן געביט פון פובליציסטיק און ליטעראַטור־קריטיק. ער האָט געדרוקט דערציילונגען, פעליעטאָנען, רייזע־בילדער; עטלעכע זאַכן אין בוך־פאָרם. ער האָט אָפט געהאַלטן עפנטלעכע פאָרטראָגן אויף ליטעראַרישע טעמעס און געהאָלפן וועקן אינטערעס און פאַרשטענדיקונג צו די יידישע קולטור־פּראָבלעמען.

**באלער, ברוך** — געבוירן אין כעלם אַרום 1903. געווען לערער אין די יידישוועלטלעכע שולן אין ניי־סווענציאַן, ווידז און סווענציאַן. ער איז אַלע מאָל געווען לערער פון יידישער שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע. אין די שטעטלער וואו ער האָט געאַרבעט איז ער געווען זייער טעטיק אין אָרטיקן קולטור־לעבן. זיין פרוי און צוויי קינדער זיינען אומגעקומען פון די נאַציס אין סווענציאַן. וואָס מיט אים איז געשען, איז ניט באַוואוסט.

**באַס, שלום.** — געבוירן אין היידוטשישאָק און אַ שילער פון דער דאָרטיקער יידישער שול, האָט ער שפּעטער געענדיקט דעם סווינציאַנער מלוכה־סעמינאַר. אין 1939 איז ער געווען אַ לערער אין דונילאָוויטש און שפּעטער אין זשעטל. ש. באַס איז אומגעקומען אַלס לייטענאַנט אין אַ פאַרטיזאַנער אָטריאַד (פון די הענט פון די פאַרטיזאַנער).

**באַטשקאָווסקי, העניעק** — אַן אַביטוריענט פון דער לאָדזשער מעדעם־שול, איז ער אין דער צייט פון דער נאַצי־געטאָ געווען אַ לערער פון דער געשאַפענער יידישער שול. צוזאַמען מיט זיינע אַמאָליקע לערער, האָט ער איצט גענומען אויף זיך די פליכט פון דערציען די געבליבענע שול־קינדער אין דעם גייסט, אין וועלכן די מעדעם־שול האָט אים דערצויגן. ער איז געווען אַ קוזין פון מאָטל און חנהלע הויזער, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אַקטיווער און איבערגעגעבענער אַרבעט פאַר דער שול און פאַר דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג — סיי פאַרן קריג און סיי אין דער פינצטערער צייט פון לאָדזשער געטאָ.

העניעק באַטשקאָווסקי איז פאַרשיקט געוואָרן פון געטאָ און ערגעץ אומגעקומען. חנה און מאָטל הויזער זענען אומגעקומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער די לעצטע טעג פאַר דער באַפרייאונג.

**באָסטאָמסקי, שלמה** — געבוירן אין 1891, געשטאַמט פון אַן אַרבעטער־פאַמיליע. זיין מוטער, אַן אלמנה, האָט פאַנאַנדערגעטראָגן איבער די הייזער מילך און דער קליינער שלמה האָט איר אין דעם געהאָלפן. פון זיין קינדהייט אָן איז ער געווען אויסגעמישט מיט די יידישע קינדער פון דער יידישער סטעפּנגאַס אין ווילנע, וואו זיין מוטער מיט אַ ייִנגערן ברודער האָבן געוואוינט אין אַ האַלב־פינצטערער דירה.



ש. באָסטאָמסקי האָט אין זיך איינגעזאַפּט אַלע יידישע קינדער־ווערטלעך, רעטענישן און זאָגן, אויך כלערליי חדר־

שפּיל־גראַמען און ווערטלעך. ער האָט עס שפּעטער פאַרעפנטלעכט אין „פּנקס פון ווילנע בעת דער דייטשער (ערשטער) אָקופּאַציע" (1923).

שלמה באַסטאַמסקי האָט געענדיקט אַ יידישע רעגירונגס־שול און איז אָנגענומען געוואָרן אין ווילנער יידישן לערער־אינסטיטוט. אַ דאַנק זיין גוטן זכרון און אויפנעם־פּעאיקייטן האָט ער מיט דערפאָלג געענדיקט (1912) דעם מערקווירדיקן לערן־אַנשטאַלט (עטלעכע יאָר פאַר דער ערשטער מלחמה). ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס לערער אין דער יידישער רעגירונגס־שול (דאַכט זיך אין איוויע?). ער שטודירט די פּסיכיק פון שטעטלשע קינדער. דאָ פילט ער נאָך מער ווי נויטיק עס איז פאַר דער אַנטוויקלונג פון יידישן קינד די מוטערשפּראַך, יידיש. מען דאַרף גוט זיך אָנמאַטערן, כדי צו געבן די קינדער וועלכע עס איז ידיעות אין אַ פרעמדער שפּראַך (רוסיש). דאַקעגן באַנעמען די קינדער זייער שנעל, ווען מען דערקלערט זיי עפּעס אין יידיש. אַט מיט דער איבערצייגונג קומט ש. באַסטאַמסקי אין ווילנע.

נאָך דער עוואַקואַציע פון דער רוסישער מאַכט (אויגוסט־סעפּטעמבער 1915) הויבן אָן אַ טייל פון ווילנער לערער בילדן „גרופּעס", וואו די לערן־שפּראַך איז נאָך אַלץ רוסיש. . . . אָבער אַ גרויסער טייל פון אָנגעזעענע לערער מיט ג. פּלודערמאַכער און ז. רייזען בראש באַשליסן אַז איצט איז די שעת הכושר פון איינפירן יידיש אַלס די אונטעריכט־שפּראַך. באַסטאַמסקי איז בלב ונפש פאַר דעם. און ווען דער קאָמיטעט פון מפיצי השכלה באַשליסט צו עפענען די ערשטע יידישע ייִנגל־שול אונטערן זעלבן נאָמען מיט דער יידישער אונטעריכט־שפּראַך — ווערט באַסטאַמסקי איינגעלאַדן אַלס קלאַסן־לערער. די שול „מפיצי השכלה" קאָנצענטרירט אַרום זיך די בעסטע לערערישע וויסנשאַפטלעכע כוחות.

באַסטאַמסקי האָט דאָ די מעגלעכקייט אַרויסצווייזן זיינע אויסגעצייכנטע פּעדאַגאָגישע פּעאיקייטן. ער איז אַ ניכטערער, רואיקער לערער, וואָס פאַרשטייט און פילט די מענטאַליטעט פון די קינדער. שפּילנדיק מיט זיי לערנט ער זיי אויס לייענען, שרייבן, זינגען אַ יידיש לידל, טרעפן אַ רעטעניש, דערציילנדיק זיי מעשיות און זיי אים. מעשיות, וועלכע זיי האָבן געהערט פון זיידעס־באָבעס אָדער מאַמעס־מומעס. באַסטאַמסקי פאַרשרייבט, פאַרצייכנט אַלץ, וואָס איז אינטערעסאַנט און וואָס איז ווייניק געהערט געוואָרן און נאָך ווייניקער פאַרשריבן געוואָרן. אין באַסטאַמסקין דערוועקט זיך דער חשק צו שרייבן מעשהלעך פאַר יידישע קינדער. אויפן מוסטער פון „איוואַנושקאַ־דוראַטשאָק" (איוואַנעלע דער נאַרעלע) פאַרפאַסט באַסטאַמסקי אַן עכט יידישע מעשהלע „יעקעלע־נאַר", וועלכע האָט גרויס דערפאָלג ביי קינדער. און אַזוי גייט ער אָן ווייטער מיט שאַפן ליטעראַטור פאַר קינדער, קליינע און גרעסערע. ער גיט אויך אַרויס די זשורנאַלן „גרינינקע ביימעלעך" (פריער האָט זיי אַרויסגעגעבן דער קלעצקין־פאַרלאַג). באַסטאַמסקי גרינדעט דעם „שול־חבר", אַ זשורנאַל פאַר אונטערוואַקסנדיקע קינדער פון 10—11 יאָר און העכער. ער גיט אַרויס אַ לידער־זאַמלונג פאַר קינדער „אונטער די גרינינקע ביימעלעך", אַ זאַמלונג פון שפּילן „איך שפּיל אויך", אַן אַריטמעטישן לערנבוך פאַרן 2טן לערניאָר. ער ציט צו צו זיין אַרבעט אויף דעם געביט פון קינדער־ליטעראַטור אויך די זייער געבילדעטע און באַגאַבטע פּעדאַגאָגין מערי חיימסאָן. זיי אַרבעטן צוזאַמען, שאַפן לערן־ביכער אויף יידיש און כרעסטאָמאַטיעס פאַר קינדער פון

פאַרשידענעם עלטער. די קינדער זוכן שוין די ליטעראַטור פון דער „נייער שול" (אַזוי האָט באַסטאַמסקי אָנגערופן זיין פאַרלאַג).

ער מאַכט אַ פּרואוו צו שאַפן אַ יידישע ביאָגראַפישע ביבליאָטעק פאַר יוגנט. ער הויבט אָן מיט דער ביאָגראַפיע פון גרויסן ווילנער סקולפּטאָר, דעם וועלט־באַרימטן מרדכי אַנטאָקאָלסקי.

באַסטאָמסקי און חיימסאָן האָבן ביי דער געמיינזאַמער אַרבעט זיך דערנענטערט און חתונה געהאַט. זיי זעצן איבער פון די אייראָפּעאישע שפּראַכן פּאָפּולערע קינדער־ליטעראַטור און שרייבן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ביכער און בראָשורן.

ש. באַסטאָמסקי האָט אַרויסגעוויזן אויך גוטע קאָמערציעלע פעאיקייטן. ער פלעגט אין צייט איינשאַפן זאַפּאַסן פּאַפּיר. ביי די אָפּמאַכן מיט מוכר ספרים־ניקעס און פאַרלאַגן, דרוקער און איינבינדער, האָט ער גוט פאַרשטאַנען ווי אָפּצוהיטן און פאַרטיידיקן זיינע אינטערעסן. אָבער דער באַסטאָמסקי־חיימסאָן־פאַרלאַג איז געווען אַ גאַראַנטיע, אַז אַלץ איז צוגעפּאַסט פאַר שול־יוגנט און יעדע בראָשור אָדער אויסגאַבע פון דעם פאַרלאַג „נייע שול" קען נעגעבן ווערן רואיק די קינדער פון באַטרעפנדיקן עלטער. סיי לויט דער שפּראַך, סיי לויטן אינהאַלט — איז עס דאָס בעסטע וואָס איז דאָ אויפן ביכער־מאַרק פון קינדער־ליטעראַטור.

דער פאַרלאַג „נייע שול" האָט זיך פאַרבונדן מיט אַלע וועלט־טיילן, וואו ס'זענען געווען יידישע ישובים און יידישע שולן.

נישט קוקנדיק אויף זיין ברייטער פאַרלאַג־טעטיקייט, האָט שלמה באַסטאָמסקי אָבער קיינמאָל נישט איבערגעריסן זיין לערערישע אַרבעט אין שול. דאָס איז געווען זיין באַליבטע לאַבאָראַטאָריע פאַר זיין פּעדאַגאָגיש־שריפטשטעלערישער פאָרשונג. ער איז כמעט אַן איבעריים געווען אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג אין לערער־פאַראיין. מיט זיין מיושבדיק־פּראַקטישן שכל האָט ער דערוואָרבן דעם צוטרוי פון אַלע, וואָס האָבן אים געקענט. איבערהויפּט איז באַסטאָמסקי געווען אומפאַרבייטלעך ביים לייזן פאַרשידענע סכסוכים פון לערער מיט „אַרבעט־געבער". זיינע רייד, רואיקע און איבערצייגנדיקע האָבן אָנטוואָפנט די היץ־קעפּ פוןביידע צדדים. די גרעסטע טייל שטרייקן זענען פרידלעך אויסגעגליכן געוואָרן. ש. באַסטאָמסקי איז אָמאָפּטסטן אויך דעלעגירט געוואָרן מצד דעם צ.ב.ק. און לערער־פאַראיין אויף די פּלענומס פון ציש"אָ (צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע פאַר פּוילן).

ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון ווילנער ליטעראַטן־פאַראיין.

די באַסטאָמסקי ־ חיימסאָן ־ אויסגאַבן דערגרייכן אין די פילע צענדליקער און האָבן בשעתם באַרייכערט די יידישע קינדער־ליטעראַטור מיט געזונטן און נוצלעכן לייען־שטאָף.

ש. באַסטאָמסקי האָט געהאַט דאָס „גליק" צו שטאַרבן אין זיין הויז אָדער אין שפּיטאָל ערב דעם גרויסן אומגליק פון דער דייטשער אינוואַזיע.

כל זמן עס איז דאָ אַ יידיש שולוועזן וועלן באַסטאָמסקיס אויפטוען פאַר דער יידישער קינדער־ליטעראַטור נישט פאַרגעסן ווערן.

ביידע, באַסטאָמסקי און חיימסאָן האָבן געהערט צו די אָנגעזעענסטע לערער און שרייבער, וואָס ווילנע האָט פאַרמאָגט.

ה. אַבראַמאָוויטש

מ. וו. אין זיין נעקראלאג צוליבן טויט פון ש. באסטאמסקין שרייבט וועגן אים:

„אין יִוואָ איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער פאָלקלאָר־קאָמיסיע און פון ראָט. ער האָט געשפּילט אַ קענטיקע ראָלע אויף די לערער־קאָנפערענצן וואָס זיינען פאָרגעקומען אין יִוואָ 1937—1939, איינגעאָרדנט פון ציִשאָ און יִוואָ. אין דעצעמבער 1940 האָט ער, טאָקע אין די ווענט פון יִוואָ־בנין אין ווילנע, געהאַט דעם מוט צו דערמאָנען צום גוטן יענע קאָנפערענצן אין בייזיין פון די נייע דעה־זאָגערס. זיי האָבן דאָס ניט געוואָלט לײדן און האָבן אים דאָס קלאָר געגעבן צו פאַרשטיין.״

***

שלמה באָסטאָמסקי איז געווען איינער פון דער גרופּע תלמידים פון ווילנער לערער־אינסטיטוט, וועלכע האָט זיך געשטעלט אין רשות פון די פּיאָנערן־בויער פון דער נייער יידיש־וועלטלעכער שול. ער איז געווען אַ מענטש „פון פאָלק״ אין בעסטן זין פון וואָרט, אָנגעזאַפּט מיט פאָלקסלאָריסטישן וויסן ניט פון בלויזן פאַד־שטודירן, נאָר פון לעבן אוממיטלבאַר. פאַרבונדנקייט מיטן יידישן קינד און זיין נשמה־אינהאַלט — איז ביי אים געווען „צווייטע נאַטור״. אַ שטענדיק גוטמוטיקער, פול מיט וואָרעמען גלעטנדיקן הומאָר, אַ גוטער חבר ביז קרבנות־גרייטשאַפט — אַזאַ איז געווען שלמה באָסטאָמסקי.

פאַרן יידיש־וועלטלעכן שולוועזן האָט ער געהאַט גוואַלדיקע פאַרדינסטן. אויסער זיין יאָרן־לאַנגער לערער־אַרבעט אין אַט דער שול, אַן אַרבעט וואָס איז געווען געבענטשט מיט טאַלאַנט און דערפאַרונג — בפרט אויפן געביט פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור — האָט ער כל ימיו אַרויסגעגעבן פּאַסיקע לייען־ און לערן־ליטעראַטור פאַר קינדער. ער האָט רעדאַקטירט און אויסגעהאַלטן מיט גרויס עקשנות די פּעריאָדישע אויסגאַבן פאַר קינדער און יוגנט: „גרינינקע ביימעלעך״ און „חבר״. ער האָט געגרינדעט און רעדאַקטירט פּעדאַגאָגישע אויסגאַבעס פאַר לערער („שול פריינד״ א״א), פאַרפאַסט לערן־ביכער, זאַמלונגען פון פאָלקלאָר, אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל קינדער־ביכלעך צום לייענען אויף פאַרשיידענע וויסן־געביטן. זיין מחברשע, רעדאַקטאָרישע און פאַרלעגערישע טעטיקייט האָט שטענדיק געוועקט באַוואונדערונג און טיפע אָנערקענונג ביי אַלע זיינע פריינד און באַקאַנטע — און פריינד און באַקאַנטע האָט ער געהאַט אַ גאַנצע גרויסע מחנה: דאָס איז געווען כמעט די גאַנצע מחנה פון אַלע יידישע לערער און שול־טוער, ניט בלויז אין פּוילן אַליין נאָר אין גאָר דער וועלט.

זיין פרוכטבאַרע פּעדאַגאָגישע טעטיקייט האָט זיך געבונדן מיט זיין סאָציאַליסטישער וועלט־אָנשויאונג. ער איז געווען אַ מיטגליד פון ס.ס. (סיאָניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי) און שפּעטער אין איר נייעם אָרגאַניזאַציאָנעלן גילגול — „פאַראייניקטע״. ער האָט אַרויסגעגעבן אויך אַלגעמיין־סאָציאַליסטישע ליטעראַטור (אַ בראָשור וועגן מ. ראָטנערן א״א).

געווען אַ צייט אין דער בויאונג פון דער יידיש־וועלטלעכער שול, ווען די בויער האָבן געמוזט זאָרגן פאַר דעם עצם בוי־מאַטעריאַל, אַליין קנעטן די ציגל פאַרן ווייטערדיקן בנין. שלמה באָסטאָמסקי איז עס געווען צווישן די ערשטע און בעסטע ציגל־קנעטער. ער האָט אָבער זוכה געווען צו זיין אויך אַרכיטעקט פונעם שפּעטער־אויפגעשטעלטן הערלעכן שול־בנין אין אַלע זיינע פאַרפולקאָמונגען.

ישראל רובין

באסטאמסקין האב איך צום ערשטן מאל באגעגנט ביי די צייטווייליקע קורסן פון דער חברה מפיצי־השכלה אין אדעס אין 1913־טן יאר.

ער איז געווען נאך זייער יונג. נאר וואס פארענדיקט דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט און באקומען א לערער־שטעלע אין א קליין שטעטל אין ווילנער געגנט.

מיט טיפן גלויבן און איבערגעגעבנקייט האט באסטאמסקי מיטגעהאלפן צו ארגאניזירן די יידישיסטישע גרופע אויף די קורסן. גענומען אן אקטיוון אנטייל אין אויסארבעטן די אנקעטע, וואס איז דורכגעפירט געווארן צווישן די צוהערער פון די לערער־קורסן.

די אויפגאבע אונזערע איז געווען פעסטצושטעלן, ווי באציִען זיך די לערערס פון די געזעלשאפטלעכע שולן צו דער אידעע פון א יידישער שול מיט יידיש אלס אונטעריכט־שפראך.

צום באדויערן זיינען די אנקעטעבויגנס פארפאלן געווארן. ווען איך בין נאכן אויסברוך פון דער מלחמה אוועק פון ווארשע, האב איך די אנקעטע־בויגנס איבערגעלאזן ביי ש. גילינסקין.

אבער פון דעם וואס ס׳איז פארבליבן ביי מיר אין זכרון, געדענק איך, אז איבער זעכציק פראצענט קורסאנטן האבן אין די ענטפערס אויסגעדריקט זייער באגער אז יידיש זאל זיין די אונטעריכטשפראך פון אלע לימודים אין דער יידישער פאלק־שול. און דאס איז ניט געווען בלויז א פרומער וואונטש, נאר אין אייניקע שולן האט מען שוין דעמאלט ניט נאר איינגעפירט יידיש ווי א לימוד, נאר יידיש איז שוין געווען די אונטעריכטשפראך פון יידישער געשיכטע, אריפמעטיק אין די שולן אין פאלטאווע, סימפעראפאל, לובאוויטש, אלעקסאנדריע, אקערמאן און אנדערע מקומות.

איידער די קורסן האבן זיך פארענדיקט האבן מיר באשלאסן צו באזוכן דעם זיידן פון דער יידישער ליטעראטור, מענדעלע מוכר־ספרים, וואס האט דעמאלט פארבראכט דעם זומער ביים ברעג פון שווארצן ים. ס׳איז געווען א ליכטיקער זומערטאג, שבת פרי, מיר זיינען מיטן טראמוויי געפארן ביז דער צוואנציקסטער סטאנציע. אבער שוין אין מיטן וועג האבן מיר באמערקט אויף די סטאנציעס א סך פאליציי, און ווען מיר זיינען ארויס אויף דער צוואנציקסטער סטאנציע, איז פאר אונז קלאר געווארן אז פאליציי האלט אן אויג אויף אונז. דער עולם האט זיך גענומען צוריקציִען, איז פארשוואונדען.

פארבליבן בין איך נאר מיט שלמה באסטאמסקי. מיר האבן באשלאסן אויסצונוצן די געלעגנהייט און באזוכן מענדעלען.

ש. הורוויץ־זאלקעס

## באקשט, עקיבא.

— א קיילעכדיק פנים — בלאנדע האר, מיט ברילן אין גראבע אמעריקאנער ראמען — האט עקיבא באקשט געהאט אין זיין אויסזען ווייניק יידישעס, נאך ווייניקער — ווי א יידישער לערער.



זיין גאנץ וועזן האט געשפראצט מיט דארפישער געזונטקייט און נאיוויטעט.

געשטאמט האט ער פון איוויע, א שטעטל לעבן נאוואגרודעק, אין מזרח־פוילן. ווי א פיזיש־געזונטער מענטש, האט ער ליב געהאט די נאטור, און אויך זיינע שילער אנגעשטעקט מיט דער ליבע. קוים האט גע־

קלונגען דער שול־גלאָק, איז באַקשט ניט געווען מער דער שטרענגער לערער, נאָר דער גוטער צוגעלאָזענער חבר. זיין שוואַכקייט איז געווען — מאַרשירן. ער האָט ניט דורכגעלאָזן קיין געלעגנהייט זיך אַראָפּצוכאַפּן אין אַ פרייען טאָג פון נעסוויזש, וואו ער האָט געאַרבעט אין דער ציש״אַ־שול, אין זיין היימשטאָט אַריין, איוויע. אַ מהלך פון וואַסערע 90 קילאָמעטער איז פאַר אים געווען אַ נאַכט־שפּאַציר, ביי וועלכן מ׳פאַרשטויבט אפילו ניט די שיך.

ווי באַקאַנט, איז אַ יידישער לערער אין שטעטל געווען מער ווי לערער: ער האָט געמוזט זיין אַ „קראַפט״, מ׳זאָל אים קענען אויסנוצן אַלס טוער, רעד־נער אָדער אַרטיסט. באַקשט איז ניט געווען קיין אויסנאַם. ער האָט געשפּילט טעאַטער, ער האָט געטאָן די גאַנצע גע־זעלשאַפטלעכע אַרבעט — אַזוי אין נעס־וויזש, אַזוי אין איוויע, וואו ער איז געווען דער לערער און פאַרוואַלטער פון דער שול.

מ. אייזענבוד

## באַקשטיין, מערי

**באַקשטיין, מערי** — שטאַמט פון קאַרטוז־בערעזע, זיך געלערנט אין אַ גימנאַזיע און שפּעטער אַנגעקומען אין ווילנער לערער־סעמינאַר.

העכער פון מיטעלן וואוקס, אַ שיינע מיט אַ זוניקן פּנים און תמיד שמייכלענ־דיקע אויגן, טרעט זי אַריין אין ווילנער סעמינאַר אין יאָר 1922 און געהערט צו דער גרופּע סעמינאַריסטן פון צווייטן קורס. זי ענדיקט דעם סעמינאַר אין יוני 1926.

זי אַרבעט אַלס לערערין אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. זי איז געווען לערערין אין דער ווילנער לייזער גורעוויטש־שול, און עטליכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה — אַרבעט מערי באַקשטיין אין ערשטן קלאַס פון ווילנער יידישער רעאַל־גימנאַזיע וואו זי שטייט אויף איר פּאָסטן ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן.

מערי באַקשטיין רוקט זיך אַרויס אין די פאָדערשטע רייען צווישן די לערער פון יינגערע קלאַסן. איר נאָמען ווערט אָפט דערמאָנט מיט ליב אין אַלע אַרו־מיקע שטעט. זי האָט גרויס דערפאָלג אין איר אַרבעט: זי גיט אַרויס זייער געלונגענע קינדער־מעשהלעך פאַרן ערשטן קלאַס, וואָס ווערן פון אַלע לערער שטאַרק געלויבט.

צוזאַמען מיט אַנדערע לערער־קדושים ווערט זי אומגעבראַכט דורך די נאַצי־מערדער.

## באַראָן, שמואל

**באַראָן, שמואל** (?). — געקומען קיין סוועַנציאַן אַרום 1930. געווען אַ לערער פון פּויליש אָבער זיך אויסגע־צייכנט ווי אַ גוטער יידיש־רעדנער. מיט גרויס דערפאָלג געהאַלטן רעפעראַטן אין „בילדונג״, געשפּילט טעאַטער אין דער אַמאַטאָרישער „בילדונג״־טרופּע. בכלל זיך זייער אַקטיוו באַטייליקט אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אַרום דער שול. געווען אַ שיינער, אַ יונגער, אַ הויכער, אַ שלאַנקער.

ער איז געווען ראַדיקאַל געשטימט, אַרונטערגעפאַלן אונטער דער ווירקונג פון סוועַנצ. קאָמוניסטן, אָבער ער האָט געהאַט מער ליטעראַרישע, הומאַניסטישע נייגונגען איידער פּאָליטישע. די פּאָליציי האָט ביי אים געפונען קאָמפּראָמעטירנ־דיקע דאָקומענטן, אַרעסטירט, אָבער דאָס געריכט האָט אים באַפרייט, איינגעפּי־נענדיק אַז זיין פאַרבינדונג מיט די קאָ־מוניסטן איז געווען אַ געגנוג לויזע. די דערלויבעניש צו זיין אַ לערער האָט ער אָבער פאַרלאָרן.

זיין ווייטערדיקער גורל — אומבאַ־קאַנט.

**באַראַנטשוק, יצחק** — געווען עטלעכע יאָר אַ לערער אין די צישאָ־שולן פון ווילנער פּראָווינץ. אַ פּאָר יאָר אויך געווען סעקרעטאַר פון דער שול־אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנער פּראָווינץ. ער האָט שטודירט יורי אין ווילנער אוניווערסיטעט און געווען געהילף־אַדוואָקאַט ביי י. טשערניכאָוון. געווען אַן אַקטיווער טוער פון פּועלי ציון אין ווילנע. צוזאַמען מיט נאָך חשובע יידן פון ווילנער געטאָ צוגענומען געוואָרן דורך די כאַפּונעס אויף לוקישקעס, געפּייניקט און אומגעבראַכט געוואָרן אויף פּאָנאַר דעם 16־טן יולי 1941.

**באַרג, יאַנקל** — געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר אין דעם זעלבן יאָר, וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט אים פאַרמאַכט. געווען זייער אַ גוטער תלמיד. געאַרבעט אַלס לערער אין לובלין, שפּעטער אין אַזדוטיטש. געווען זייער אַקטיוו מיט גרויס דערפאָלג אין יוגנט־בונד „צוקונפט", פלעגט אָנפירן מיט זומער לאַגערן פון יוגנט־בונד און „צוזאַמענפליען" ווי מען האָט עס גערופן. אַלס אַ חבר איז ער געווען די איבערגעגעבנקייט אַליין, פול מיט איניציאַטיוו און לעבן. אַן אינטעליגענטער מענטש מיט אַ קלאָרן קאָפּ און האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרלוירן. געבאָרן איז ער אין אַזדוטיטש ביי זייער אָרעמע עלטערן. זיין פאָטער איז געווען אַ דאָרפס־גייער. זיין ערשטער לערער איז געווען לערער קרוסמאַן, וואָס האָט געגרינדעט אַ יידישע שול אין אַזדוטיטש אין די ערשטע יאָרן פון פוילנס ווידערגעבורט. ער האָט דעמאָלט אויפגעשטעלט אַ בונדישע יוגנט־גרופּע אין שטעטל, וואָס איז דערנאָך געפאָרן שטודירן אין ווילנע. יאַנקל באַרג איז געווען איינער פון די דאָזיקע יוגנטלעכע. ער האָט געענדיקט די מפיצי־השכלה־שול ביים צ. ב. ק. אין ווילנע. דערנאָך איז ער אָנגעקומען אין לערער־סעמינאַר וואו ער האָט געלערנט 5 יאָר. אין סעמינאַר איז ער געווען אַקטיוו אין שילער־ראַט און פאַרנומען פירנדיקע פּאָזיציעס אין אינטערנאַט, אין סעמינאַר־ביבליאָטעק און אין דער קולטור־קאָמיסיע. געווען אויך אין ווילנע טעטיק אין יוגנט־בונד צוקונפט און פאַרנומען אַ פירנדיקע שטעלע.

זיין גורל בעת דער מלחמה — אומבאַקאַנט.

י ח י א ל   ש ט ע ר ן

**באָרנשטיין, האַלינאַ** — געבוירן אין אַן אַסימילירטער משפּחה אין שעדלעץ, וואָס האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין לאָדזש. אָנהויב 20־קער יאָרן איז האַלינאַ מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם און איז צוגעצויגן געוואָרן צו דער יידיש־וועלטלעכער שול. אַלס לערערין פון האַנט־אַרבעט איז זי געווען ביז גאָר פּאָפּולער, זי האָט אָבער אויך געלערנט אין שול די פּוילישע שפּראַך. זי האָט מיט דער גרעסטער אחריות זיך באַמיט צוצופּאַסן זיך צו דער יידיש־וועלטלעכער שול.

אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ.

**באָרנשטיין, עלים** — שטאַמט פון ראַדעם, האָט פאַרמאָגט אַ סך יידיש וויסן און אויך אַלגעמיינע בילדונג. געהאַט גרויסע פעאיקייטן צו שפּראַכן, און שפּעטער געוואָרן איבערזעצער פון עטלעכע גרעסערע ווערק פון פּויליש און דייטש אויף יידיש (שעלענגאָווסקים קולטור־געשיכטע א"א). געווען אויך יאָרנלאַנג אַ לערער אין די צישאָ־שולן. עטלעכע יאָר איז ער געווען פאַרוואַלטער פון דער י.

ל. פרץ שול אין שעדלעץ. זיינע לימודים זיינען געווען יידישע שפּראַך און ליטעראַטור, אויך יידישע געשיכטע און העברעאיש. אין די ווייטערדיקע יאָרן איז ער געווען לערער פון העברעאיש אין די וואַרשעווער ציש״אָ־שולן. זיין גורל בעת דער היטלער־מלחמה — אומבאַקאַנט.

**בודאָוויטש, חייהקע** — א גע־בוירענע א ווילנער, ביי עלטערן קרע־מער. זייער א לעבעדיק און פּייאיק מיידל, קומט זי אַן נאָכן פאַרענדיקן אַ יידישע פאָלקשול אין לערער־סעמי־נאַר. זי איז פעאיק צו אַלץ. נעמט אַלץ זייער לייבט. אין 1930 ענדיקט זי דעם סעמינאַר, אַרבעט אין א שטעטל ביי ווילנע. דאָרט האָט זי חתונה. זי איז געווען א גוטע לערערין פאַר די ייִנגערע קלאַסן. זייער א מוזיקאַלישע, א טענ־צערין און ספּאָרטמענקע. לויט ווי עס גיבן איבער ווילנער חברים, האָט מען איר געזען אין ווילנער געטאָ. מסתמא איז זי דאָרט אויך אומגעקומען.

**בולקין, אברהם** — געבוירן אין ווילנע אין 1894, זיינע עלטערן האָבן גע־האַט א קליין גאַלאַנטעריי־געשעפט אויף דייטשער גאַס. ער האָט געענדיקט דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט שוין ערב דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און שפּעטער האָט ער געאַרבעט אויף יידיש אין די ווילנער שולן אַלס לערער פון נאַטור־וויסנשאַפט און געאָ־גראַפיע.

זייער א פעאיקער לערער און ענער־גישער אומדערמידלעכער אַרבעטער, האָט ער שוין אין דער צייט פון דער ערשטער דייטשישער אָקופּאַציע פיל בייגעטראָגן אויפן געביט פון דער יידישער טערמינאָ־לאָגיע אין די אַנגערופענע לימודים.

א. בולקין איז געווען באַטייליקט אין פאַרשידענע פעדאַגאָגישע אויסגאַבעס. ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין דער פאַר־וואַלטונג פונעם פּראָפעסיאָנעלן לערער־פאַריין.

סיי צווישן די עלטערן, סיי צווישן די קינדער און יוגנטלעכע איז א. בולקין געווען זייער פּאָפּולער און באַליבט. ער פלעגט מאַכן מיט די קינדער אָפטע אויספלוגן, געזען איינפלאַנצן אין די קינדער ליבע צו דער נאַטור.

געלעבט האָט אברהם בולקין זייער אָרעם, ווייל די פרוי איז אָפט געווען קראַנק (זיי האָבן געהאַט איין טאָכטער, לאהלע). אָבער ניט געקוקט אויף דעם, איז ער שטענדיק געווען רואיק, גע־אַרבעט איבער זיך זייער א סך. געזוכט אריינצוברענגען אין קלאַס פעדאַגאָגישע נייס, און קיינמאָל ניט פאַרלוירן זיין גלויבן און געטריישאַפט צו דער יידיש־וועלטלעכער שול. ער איז באמת געווען אַ מוסטער פון אַ יידישן פאָלקסלערער.

אין אַ גרעסערער אָפּהאַנדלונג וועגן א. בולקינען שרייבט הירש אבראַמאָ־וויטש:

„בולקין האָט שטודירט די געאָגראַפי־שע ליטעראַטור און אַליין דערצויגן אויף די שלעכטע טעקסט־ביכער, כמעט גע־געבן זיך א נדר, אַז בעת ער וועט ווערן אַ לערער — וועט ער זיך באַמיען צו אַנטפּלעקן פאַר יידישע קינדער די שיינ־קייט און פאַרשידנאַרטיקייט פון דער וועלט.

בולקין האָט זיין פעדאַגאָגישן נדר אויסגעפילט. ווען ער האָט געענדיקט דעם אינסטיטוט, איז ער געווען שוין גוט באַהאַוונט אין דער גאַנצער געאָ־גראַפישער ליטעראַטור. ער האָט באַקומען אַ פּאָסטן פון אַ לערער אין אַ ווילנער מלוכה־שול. די ראַמען פון אַן „איינציקער

שול זיינען געווען פאר אים צו שמאל. און ווען אין ווילנע עפנט זיך א ספּעציעלע יידישע „געזעלשאפט פאר קינדער־פארזארגונג" — ווארפט זיך בולקין אריין מיט זיין גאנצן יוגנטלעכן ברען אין דער ארבעט פון דער נייער געזעלשאפט. די געזעלשאפט גרינדעט אן אייגענע מוסטער־שול פאר מיידלעך, שפּעטערדיקע פרוג־שול, מיט העכסט קוואליפיצירטע פעדאגאגישע קרעפטן. די שול ארדנט איין פארלעזונגען פאר קינדער און דערוואקסענע מיט „צויבער־בילדער" (ליכט־בילדער אין קאלירן) אד"גל. א. בולקין נעמט אויף זיך די שבתדיקע פארלעזונגען און דאס גיט אים א מעגלעכקייט אנצואווענדן זיינע טיפע ידיעות אין דער געאגראפיש־עטנאגראפישער ליטעראטור.

די פארלעזונגען זיינע האבן געהאט גרויס דערפאלג. קינדער פלעגן מיט אומגעדולד ווארטן אויף בולקינס פארלעזונגען מיט די „צויבער־בילדער", וואס האבן זיי געוויזן נייע וועלטן.

בולקין האט נישט אויפגעגעבן זיינע פארלעזונגען אויך אין דער צייט פון דער ערשטער דייטשער אקופאציע. אבער דעמאלט האט זיך געשטעלט אין איר גאנצער שארפקייט דאס פראבלעם פון פעלנדיקע יידישע לערן־ביכער אויף כמעט אלע קענגשטאנדן.

בולקין האט זיך גענומען צוזאמענשטעלן לערן־ביכער אויף זיין באליבטן קענגשטאנד — געא־עטנאגראפיע. צוערשט האט ער ארויסגעגעבן א לערן־בוך וועגן אייראפעאישע לענדער, דערנאך זיינען געקומען לערן־ביכער איבער די באזונדערע קאנטינענטן. פאר א באזע האט ער גענומען די מעטאדן פון די בעסטע רוסישע פעדאגאגן־געאגראפער. אבער ער האט די מעטאדן צוגעפאסט צום יידישן קינד. ער האט אין זיינע טעקסט־ביכער איינגעפירט דעם ארבעט־ און פארש־מעטאד מיט א סך פראקטישע אויפגאבן פון דער נאענטער סביבה און ארומיקער נאטור.

די ביכער זיינע זיינען געווען צוגעפאסט אויך פאר אליינבילדונג. איבערהויפט פאר יינגערע פאלקס־מענטשן, וועלכע האבן נישט געקענט אין זייער צייט דורכמאכן א נארמאלע שול.

דאס זעלביקע דארף געזאגט ווערן וועגן בולקינס געאגראפישע כרעסטאמאטיעס און באזונדערע מאנאגראפיעס אויף דעם געביט.

נישט האבנדיק די מעגלעכקייט אליין צו רייזן און זען מיט די אייגענע אויגן אלץ, וואס איז דורך אים באשריבן געווארן — דארף מען באוואונדערן בולקינס חוש פאר געאגראפישערווירקלעכקייט. און פון מעטאדאלאגישן שטאנדפונקט האט מען קענן זיינע לערן־ביכער גארנישט געקענט אויסזעצן.

אברהם בולקין האט זינט יאר 1930 אנגעפירט מיט דער מפיצי השכלה־שול אלס איר פארוואלטער ביזן סוף פון איר עקזיסטענץ, וואס איז געווען אויך דער סוף פון ווילנער יידן.

אין די קרייזן פון ציש"א און צווישן דער דעמאקראטישער ווילנער עלטערנשאפט איז אברהם בולקין געווען זייער געשעצט.

זיין גאנצער לעבנס־אינטערעס איז געווען די יידישע שול, דאס יידישע קינד. ער האט פארענדיקט זיין לעבן אין פאנאר, וואו ער איז אוועקגעפירט געווארן דורך די כאפער שוין דעם ערשטן זומער פון דער דייטשער אקופאציע (1941).

זיין פרוי אסתר בולקין, אויך א לערערין אין ווילנער יידישע פאלקשולן, איז אוועק קיין מיידאנעק."

**בוקסבוים, נתן** — אין 1918 האָבן מיר זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן אויף אַ צוזאַמענפאָר פון דער אַקאַדע־מישער יוגנט. בוק־



סבוים איז געווען אַ דעלעגאַט פון לעמ־בערג. עס האָט אַלע־מען פאַרוואונדערט, וואָס פון דער אַסי־מילירטער גאַליציע איז געקומען אַ פאַר־שטייער, וואָס רעדט אַזוי אויסגעצייכנט יידיש און האָט אַזאַ טיפע באַציאונג צו דער יידישער קולטור. בוקסבוים האָט געהערט דאַן צו די יונגע פירער פון „פועלי ציון”.

נאָכן ערשטן שול־צוזאַמענפאָר (1921) קומט ער קיין וואַרשע און פון דאַן אָן האָבן מיר אין משך פון קנאַפע 20 יאָר צוזאַמען געאַרבעט אין דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע ביים אויפבוי און פאַנאַנדערבוי פון דער יידיש־וועלטלעכע שול.

אַ דאַנק זיינע גרויסע פעאיקייטן, אַלס רעדנער, טוער און שרייבער איז בוק־סבוים שנעל געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע פירער פון יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן.

ער האָט זיך פאַרנומען מיט דעם שווערן אָפּשניט פון פּאָליטישן קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ און רעכט פון די שולן. מיט איינגעשפּאַרטקייט און מוט איז ער ניט מיד געוואָרן צו קעמפן פאַר אַ דערלויבעניש פאַר אַ שול, פאַר אַרויס־באַקומען פאַר איר הילף. ער האָט פאַר־מאָגט עקשנות ניט אין קליינִיקייטן, נאָר אין וועזנטלעכע ענינים. דאָס איז אַן עקשנות וואָס בויט און העלפט איינ־האַלטן און אויסדויערן.

פונקט אַזוי זיין מוט. ער איז געווען דרייסט דווקא אין געפערלעכע מאָמענטן, ווען די סכנה איז געשטאַנען פאַר די אויגן — איז ער רואיק איר אַנטקעגן געגאַנגען.

ער איז גרייט געווען אַ סך מקריב צו זיין פאַר זיינע איבערצייגונגען. ליידן האָבן אים ניט געשראָקן, ניט געקוקט וואָס ער איז געווען אַ פיזיש ליידנדי־קער מענטש.

ניט איינמאָל האָט אים די פּוילישע פאַרמלחמהדיקע רעאַקציאָנערע רעגירונג איינגעשפּאַרט אין טורמע. איינמאָל איז ער אַפילו אַרעסטירט געוואָרן אין לאָ־קאַל פון שול־אָרגאַנזאַציע ביי דער אַר־בעט. ער פלעגט אַרויסגיין פון תפיסה נאָך מער געשטאַרקט אין זיינע איבער־צייגונגען און זיין לעבנס־וועג.

לעבנסלוסטיק און אידעאַליסטיש. גע־האַט אַ סך געפיל פאַר לעבנס־גענוס און גלייכצייטיק געקענט פון אַלעם זיך אָפּזאָגן פאַר דער אידייע, פאַר דער זאַך.

ש. מענדעלסאָן

***

נתן בוקסבוים איז געבוירן אין לעמ־בערג אין 1890 אין אַן אַסימילירטער משפחה. אָבער שוין אַלס אַ יונגער סטו־דענט האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער פועלי־ציון־באַוועגונג, און נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פּאַרטיי אין מזרח־גאַליציע, באַלאַנגט צו די לינקע פּוע״צ. פון 1923 האָט ער זיך באַזעצט אין וואַרשע און דאָ געשפּילט אַ גרויסע פירנדיקע ראָל אין זיין פּאַרטיי. אַ פּעאי־קער רעדנער און שרייבער, אַ מוטיקער לינק־אָריענטירטער פּאָליטישער קעמפער, אַ מענטש מיט בילדונג און קולטור — האָט ער מיט גרויס דערפאָלג רעפּרע־זענטירט זיין פּאַרטיי אין וואַרשעווער שטאָטראַט, אויף פאַרשיידענע צוזאַמענ־

פארן. ער האט פארנומען א וויכטיקע פאזיציע אויך אין דער צישא. א יוריסט לויט זיין בילדונג, האט ער אין דער צישא געהאט דעם שווערן און פאראנטווארטלעכן אמט פון יורידיש־פאליטישער שוץ פאר דער צענטראלע און בעיקר פאר די ארטיקע שול־אינסטיטוציעס וועלכע זיינען שטענדיק געווען נערודפט דורך דער פוילישער רעגירונג. אויף דעם דאזיקן אמט האט נ. בוקסבוים אנטוויקלט א גרויסע טעטיקייט, ארויסגעוויזן א סך טאלאנט און דערפינדערישקייט כדי צוצופאסן דעם שולוועזן צו דער פאליטישער לאגע פון געגעבענעם מאמענט. אין די אויסגאבעס פון דער צישא און אין דער פארטייאישער פרעסע האט ער אן אויפהער געקעמפט פאר די רעכט און אנערקענונג פונעם שולוועזן. אין צענדליקער דעלעגאציעס צו פארשטייער פון דער מאכט האט ער מוטיק פארטיידיקט די פאדערונגען פון דער צישא — סיי אלגעמיין־פאליטישע, סיי פון דער טאג־טעגלעכער פראקטיק. גלייכצייטיק האט ער זיך באטייליקט, אלס מיטגליד פון ענגערן „ביורא" פון דער צישא, אין דער גאנצער פעדאגאגיש־געזעלשאפטלעכער טעטיקייט פון דער שולארגאניזאציע, געווען אקטיוו אין אלע אונטערנעמונגען און פארמעסטונגען פון דער צישא בכלל. אויף אלע צוזאמענפארן און קאנפערענצן, אין די פלענאר־זיצונגען פון דער הויפטפארוואלטונג פון דער צישא, אין איר עקזעקוטיווע איז ער שטענדיק געווען רעפערענט און קארעפערענט איבער וויכטיקע פראבלעמען, זיך באטייליקט אין אלע דיסקוסיעס. ער איז געווען מיטבויער און מיט־באטייליקער אין אלע לערער־קורסן און לערער־צוזאמענפארן: ער איז געווען מיטרעדאקטאר אין די זשורנאלן און בולעטינען פון דער צישא.

מען קען זאגן, ער איז געווען איינער פון די זיילן אויף וועלכע עס האט זיך געהאלטן דער בנין פון דער צישא. אין נאמען פון צישא האט ער אויך באזוכט צוזאמען מיט י. פאט די פאר. שטאטן, וואו די דעלעגאציע האט דורכגעפירט א גרויסע דערפאלגרייכע קאמפאניע לטובת דעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן פון פוילן.

אין דער צייט פון דער היטלערישער אקופאציע האט נתן בוקסבוים דורכגעמאכט א שווערן פורעניות־וועג: געלאפן פון ווארשע — קיין לעמבערג, געקומען צוריק קיין ווארשע, זיך באטייליקט אין דער אונטערערדישער באוועגונג, — און צום סוף אריינגעפאלן אין דער צאל פון די „גליקלעכע" מיט אויסלענדישע פעסער; זיי האבן געזאלט כלומרשט אויסגעטוישט ווערן דורך די דייטשן און צוליב דעם זיינען זיי אלע אינטערנירט געווארן. שפעטער אבער האט די געשטאפא אנולירט די דאזיקע אויסלענדישע פעסער. צוזאמען מיט הונדערטער אנדערע געזעלשאפטלעכע טוערס — איז נ. בוקסבוים אומגעבראכט געווארן סוף אקטאבער 1944.

לויט מלך ניישטאדט, אין זיין בוך „חורבן און אויפשטאנד פון די יידן אין ווארשע", איז דער לעצטער וועג פון נתן בוקסבוים געווען אזא:

„בעת דער מלחמה איז ער אריבערגעפארן קיין לעמבערג און דארט פארבליבן ביז סוף 1942 אדער אנהויב 1943. א דאנק די באמיאונגען פונם יידישן נאציאנאלן קאמיטעט איז ער ארויסגענומען געווארן פונם לעמבערגער ארבעטס־לאגער אויף יאנאווסקע־גאס און אריבערגעפירט געווארן קיין ווארשע, וואו ער איז פארבליבן אין ארישן טייל. אין די פארעפנטלעכע דאקומענטן

שפּירט זיך די גרויסע זאָרג פון זיינע חברים וועגן זיין גורל — ער ווערט דערמאָנט אונטערן נאָמען אנטאָני. אינמיטן 1943 איז ער צוזאמען מיט זיין פאַמיליע (זיין פרוי באַשע און זיין 16־יאָריקע טאָכטער מירא) אריבערגעפירט געוואָרן קיין בערגען־בעלזען — אויפן סמך פון דאָקומענטן אלס אויסלענדישער בירגער. אויך זייענדיק אין בערגען־בעלזען איז ער געווען געזעלשאַפטלעך־אַקטיוו (ב. מארק שרייבט אין „דאָס נייע לעבן” פונם 20־טן אויגוסט 1947, אַז ער האָט דאָרטן געלעבט אונטערן נאָמען קירשענבלאַט). ער איז אָבער אין בערגען־בעלזען נאָר פאַרבליבן ביזן 21־טן אָקטאָבער 1943. דאַן (שמחת תורה תש”ד), איז ער, צווישן נאָך 1800 יידן, אַוועקגעפירט געוואָרן אין אן אומבאַקאַנט אָרט, לויט דער דייטשער מעלדונג — קיין בערגאַו ביי דרעזדען. פונדאַנען האָט זיך גענומען נאָך דער מלחמה א ידיעה אין דער פּרעסע, אַז בוקסבוים געפינט זיך אין אַזאַ לאַגער. אָבער די דאָזיקע דייטשע מעלדונג איז גאָר געווען אַ פולשטענדיקער שווינדל. נישטאָ קיין זיכערקייט, אז אַזאַ לאַגער האָט בכלל עקזיסטירט. יענער גאַנצער טראַנספּאָרט יידן איז אָפּגעשיקט געוואָרן אויף פאַרניכטונג קיין אָשוויענטשים אָדער בירקענאַו.”

## בוראַק, (ערשטער נאָמען ?) — געווען

אַ סך יאָרן לערערין אין די צישאָ־שולן פון סוויסלאָטש, ראָזשאַנאַי א”א. געווען די פרוי פונעם לערער משה וויגאָדסקי.

## בזשעזשינסקי, פייגל — געאַרבעט

אין דער צישאָ־שול אין ביעלסק. לערער פלעגן קומען, אַוועקגיין, אָבער זי האָט קיינמאָל נישט פאַרלאָזן די שול. אַליין אַ פאַרמעגלעכע פון דער היים, האָט זי שפּעטער חתונה געהאַט רייך, געהאַט א היים. זי האָט אָבער די שול־אַרבעט ניט אויפגעגעבן. זי איז געווען אַ לערערין פון חשבון אין די מיטעלע קלאַסן. שטרענג, געוויסנהאַפט, מיט אַ וואונדערבאַרער באַציונג צו די קינדער. זי איז געווען איינע פון די זיילן פון דער שול.

פייגל בזשעזשינסקי האָט געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע, געלערנט עטלעכע יאָר אויף העכערע פּעדאַגאָגישע קורסן אין רוסלאַנד.

## ביאַלאָסטאָצקי, יוכבד — טאָכ־

טער פון יעדוואַבנער רב. אין 1927 איז זי געווען לערערין פון פּויליש אין דער צישאָ־שול אין דוניל‎אָוויטש, זי האָט אויך געלערנט מאַטעמאַטיק אויף יידיש. זי איז געווען זייער אַ גוטע לערערין און זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיט די קינדער: אָרגאַניזירט אויספלוגן, געפירט נאַטור־שמועסן או”וו.

י. ביאַלאָסטאָצקי האָט געהאַט א דיפּלאָם אַלס מאַגיסטער יורי, און אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זי געאַרבעט אַלס אַדוואָקאַט אין מאַלאָדעטשנאָ.

## ביבער, ישראל — איז צו אונדז

געקומען איינגטלעך פון ווייט. פון קאָלאָמייע אין דרום גאַליציע ביז ווילנע אין צפון ליטע איז דאָך פאַלג מיד אַ גאַנג, אָבער ער איז גאָר גיך געוואָרן אַ ”ווילנער” בלב ונפש. פון וויגער אוניווערסיטעט מיט די דאָרטיקע סטודענטישע זיטן ביז אונדזער ליטוואַקיש־רוסישער



אינטעליגענטישקייט איז געווען א מהלך; זיין סיסטעמאטישע בילדונג איז געווען ווייט פון אונזערע ישיבה־טראדיציעס, אויטאדידאקטישקייט, משכילישקייט. מיר אלע אין סעמינאר זיינען געווען פאלקסלערער, וואס האבן זיך אליין ארויפגעדראפעט אויף העכערע מדרגות פון וויסן — ביבער איז געקומען מיט א סך וויסן און נאך מער ליבע צו דער נאטור. פאר אנדערע, פאר אונדז איז נאטור־וויסנשאפט געווען א טייל פון אונדזערע פעדאגאגיש - געזעלשאפטלעכע אמביציעס, ווי עס איז געווען די שטימונג אין די פראגרעסיוו־פעדאגאגישע קרייזן אין צארישן רוסלאנד אויפן שוועל פונעם יארהונדערט. פון זיי האבן מיר זיך געלערנט און עס אריבערגעטראגן אין אונדזערע יידישע שולן (אויך ביי די פיאנערן פון העברעישן שולוועזן אין ארץ ישראל). ביי אים איז דאס געווען א דירעקטע ליבע איינגעפלאנצט פון קינדהייט אן, מער וויסן און ווייניקער דראנגען און דרינגענישן. צוויי וועלטן, און איך באוואונדער אפט ווי גיך ער האט זיך אריינגעלעבט צווישן אונדז.

איך דערמאן זיך, אז ער אליין האט נאך פון ווין זיך געווענדעט צו אונז — עס האט אים געצויגן אידעיש צום יידיש־וועלטלעכן שולוועזן, און ערלעד און אויסגעהאלטן איז ער געווען ביז נאר. ווען די פאליאקן האבן זיך גענומען ענערגישער צו פאלאניזירן ווילנער ליטע האבן זיי צו זייער דינסט געקראגן א סך גאליציאנער יידן. די גאנצע פאלאניזאציע פון יידישער דערציונג האבן די פאליאקן געפירט מיט די הענט פון גאליציאנער יידן. י. ביבער איז געווען ווייט פון דעם, ער האט קיין מאל ניט געטראכט אויסצונוצן זיינע רעכטלעכע מעגלעכקייטן אויף דעם געביט און דערמיט פארבעסערן זיינע עקאנאמישע פאזיציעס, ווי דאס האבן געטאן אנדערע. אפילו ווען דער סעמינאר איז ברוטאל געשלאסן געווארן און י. ביבער איז געבליבן כמעט אן פרנסה, האט ער אויך ניט געוואלט אויסנוצן זיינע רעכטלעכע מעגלעכקייטן אריבערצוגיין אין די פאלאניסטישע שולן, נאר ער האט געשאפן יידישע קורסן פאר קראנקען־שוועסטער, וואס האבן זיך נאטירלעך געפירט אין יידיש בעת אין ווארשע האבן זיך ענלעכע קורסן געפירט „אויך נאטירלעך" נאר אין פויליש. אויף אזוי פיל איז י. ביבער געווארן א ווילנער, מער ווי אנדערע געבארענע אין ווילנע.

מיר האבן צוזאמען מיט דר. י. ביבערן געפירט דעם יידישן לערער־סעמינאר גאנצע ניין יאר, און איך קען זיך ניט דערמאנען, עס זאל ווען עס איז קומען צווישן אונדז צו קאנפליקטן — ניט קיין אידעישע און אויך ניט קיין פערזענלעכע.

די תלמידים האבן לכתחילה זיך שווער געקאנט צוגעוואוינען צו זיינע דיסציפלין־פאדערונגען און פינקטלעכקייט: זיי זיינען דאך אין זייער מערהייט געווען ליטוואקעס, אבער מיט דער צייט האבן זיי אין אים דערפילט דעם גוטן פריינד און די באציונג האט זיך געביטן.

י. ביבער האט גענומען א טיכטיקן אנטייל אין דער קולטור־ארבעט אין ווילנע בכלל. ער האט געפירט די אוונטקורסן פאר ארבעטער פון „ווילביג" (ווילנער בילדונגס געזעלשאפט). מיר האבן מיטן סעמינאר, אזוי אויך מיט די קורסן, געפירט א סך נאטור־וויסנשאפטלעכע עקסקורסיעס. פון דער גרינער אזערע אין איין זייט (14 קילאמעטער פון ווילנע) ביז טראק (30 קילמ') איז געווען אונדזער „אמפליטודע", — און י. ביבער איז געווען א מייסטער אויף די זאכן:

פון ווייטן פלעגט ער לויטן קלאנג דער־קענען וואס פאר א פויגל עס זינגט, מיט ליבע און פריינדשאפט פלעגט ער קענען לאנג נאכגיין און באטראכטן עפעס א זשוקעלע, א ווערימל, וכדומה.

י. ביבער האט א סך געשריבן און באַרייכערט אונדזער אָרעמע יידישע נאַטור־וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור. די ביבליאָגראַפיע פון זיינע אַרבעטן אויף דעם געביט איז זייער גרויס.

א. גאַלאַמב

***

ישראל ביבער איז געקומען קיין ווילנע (און ערך אין 1924) אויף דער איינלאַדונג פון דעם יידישן לערער־סעמינאַר אלס א לערער פון נאַטור־וויסנשאַפט און געאָגראַפיע און איז שפּעטער געוואָרן דער דירעקטאָר פון סעמינאַר. ווען די פּוילישע מאַכט האָט פאַרמאַכט דעם סעמינאַר, האָט ביבער איבערגענומען די־זעלביקע לימודים אין רעאַל־גימנאַזיע פון צ.ב.ק. און געאַרבעט דאָרטן ביז די דייטשן זיינען אריין אין ווילנע. אין די וואַקאַציעס פלעגט ביבער אָוועקפאָרן אין מעדעם־סאַנאַטאָריע (מיעדזעשין, לעבן וואַרשע) אויף אָנצופירן דאָרטן מיט דער נאַטור־וויסנשאַפטלעכער אַרבעט.

ישראל ביבער איז געבאָרן אין 1898 אין קאַלאָמיי, גאַליציע. דאָרטן האָט ער געענדיקט גימנאַזיע, דערנאָך דעם אוניווערסיטעט אין ווין. עטלעכע יאָר האָט ער געדינט אין דער עסטרייכישער אַרמיי.

ווילנער יידישע שולטוער און לערער פלעגן אויפנעמען די גאַליציאַנער לערער מיט א געווויסן אומצוטרוי: זייער גאַנצע מענטאַליטעט איז געווען אנדערש, זייער דערציונג ווייט פון דער ווילנער יידישער טראַדיציע. קודם־כל זיינען זיי פאַר ווילנע געווען א סימבאָל פון פּאָלאָניזאַציע. זיי האָבן פאַרמאָגט די נייטיקע פּוילישע לערערשע אויסבילדונג, און די מאַכט האָט זיי גערן באַשטעטיקט. י. ביבער האָט אָבער זיך אריינגעפּאַסט אין דעם יידישן שולוועזן בעסער ווי ווער ניט איז אַנדערש. אין די כמעט 15 יאָר פון זיין אַרבעט איז ער און זיין לימוד געוואָרן פון די גאָר וויכטיקע עלעמענטן פון דער שול־סיסטעם. געוויס איז אים פון אָנהייב געווען שווער זיך צוצוגעוואוינען צו דער אָרומיקער אָפּגעלאָזנקייט און אומסיסטעמאַטישקייט וואָס איז געווען א ירושה פון רוסישער דערציונג; אָבער דאָס האָט אים ניט אָפּגעשראָקן. ער איז געווען א פלייסיקער אַרבעטער, און געווירקט קודם־כל מיט זיין אייגענעם ביישפּיל. זיינע אַרבעט־צימערן זיינען באַלד געוואָרן צוציונגס־צענטערס פאַר אַלע יענע שילער, וועלכע האָבן זיך אינטערעסירט מיט נאַטור־וויסנשאַפטן. ניט נאָר אויף די לעקציעס, נאָר אויך אויף די הפסקות און שפּעט נאָך די לעקציעס פלעגט מען דאָרט שטענדיק טרעפן שילער מיט דעם כאַראַקטערים־טישן ערנסטן אויסזען פון יונגע נאַטוראַליסטן.

עקסקורסיעס זיינען געווען א וויכטיקער טייל פון י. ביבערס פּראָגראַם. ער האָט זיי געפירט דורכאויס באַטראַכט און ערנסט, ווי יעדע זאַך וואָס ער האָט געטאָן. דורך די אָפטע עקסקורסיעס האָט ער זיך גוט באַקאַנט מיט דער אומגעגנט פון ווילנע און זיך שטאַרק דערנענטערט אי מיט די שילער, אי מיט חברים לערער וועלכע פלעגן גערן מיטגיין. איינער פון די באַליבטסטע און צוטריטלעכסטע אויספלוגן איז געווען צו גיין פרילינג פאַר טאָג אין בערנאַרדינער גאָרטן הערן די פייגל און זיך לערנען זיי צו דערקענען.

אין רעאַל־גימנאַזיע זיינען כסדר געוואַקסן י. ביבערס זאַמלונגען אין די נאַ־

טור־צימערן. מוזיי־אָביעקטן, קאָנסערווירטע און אויסגעשטאָפּטע בעלי־חיים, אקוואריומס, געוויקסן און אפילו לעבעדיקע בעלי־חיים און — ביבערס ספּעציעלע ליבהאָבעריי — מוראַשניקעס, וועלכע מען האָט געקענט עפענען און זען וואָס עס קומט פאָר אינעווייניק. נאָך מער האָט י. ביבער געקענט אויף אַן אמת אַנטוויקלען דעם לעבעדיקן ווינקל אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. פאַר די שטאָטישע יידישע קינדער איז עס אָפט געווען די שטאַרקסטע איבערלעבונג בעת זייער זיין אין סאַנאַטאָריע: מען פלעגט באַאַרבעטן אַ גאָרטן, האָדעווען כּלערליי בעלי־חיים, אָבסערווירן זייער לעבן און עקספּערימענטירן מיט זיי. דאָרטן האָט י. ביבער אויך פאַרלייגט בינשטאָקן: בינערײַ האָט אים באַזונדערס אינטערעסירט די לעצטע יאָרן.

פון אָנהייב איז עס י. ביבערן אָנגעקומען ניט גרינג איבערצוגעבן אין יידיש זיינע קענטענישן, וואָס ער האָט געקראָגן אין דייטש און פּויליש. ער האָט אָפּגעגעבן אַ סך מי אויף בייצוקומען די שוועריקייטן, און געטאָן עס ווי אַלצדינג זייער גרינדלעך: אויסגעאַרבעט טערמינאָלאָגיעס פאַר זיינע לימודים, באַטייליקט זיך אין טערמינאָלאָגישע קאָמיסיעס, צונויפגעשטעלט לערן־ און לייען־ביכער פון זאָאָלאָגיע און אַנאַטאָמיע און סיסטעמאַטיש געשריבן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען אין „פאָלקסגעזונט".

י. ביבער איז געווען אַ גוטער קענער פון זיין פאַך, אַן עקשנותדיקער און סיסטעמאַטישער אַרבעטער; מיט זיין טעטיקייט האָט ער געהאָלפן צו הייבן דאָס יידישע לערנען אין און אַרום דער שול און אויסגלייכן דעם ניוואָ פון די לימודים מיט העכערע אייראָפּעישע סטאַנדאַרטן. נאָך אין זיינע גימנאַזיסטישע יאָרן איז ער געווען יידישיסטיש געשטימט, אָבער קיין קעמפערישער יידישיסט איז ער קיין מאָל ניט געווען — ער איז בכלל ניט געווען קיין קעמפערישע נאַטור. אָבער זיין ערלעכקייט און אויסגעהאַלטנקייט האָט ער מיט פולער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט אַריבערגעטראָגן אין זיין פּריוואַטן לעבן, און זיין שטוב איז געווען פול און דורכאויס יידיש.

די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט ביבערן פון ווילנע קיין עסטאָניע, נאָך פאַר דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ.

ר ע ג י נ ע  וו ײ נ ר ײ ך

⁂

ל. באַיאָן, היינט אַ לערער אין דער ייד. שול אין מעקסיקע, און אַ געוועזענער תלמיד פון ווילנער לערער־סעמינאַר, דערציילט וועגן י. ביבערן:

„אין אים האָבן מיר — זיינע תלמידים — באמת דערזען די פאַרקערפּערונג פון דער מערב־אייראָפּעישער קולטור און די עכטע באַמיונג צו פאַרווירקלעכן אין לעבן די פּאָרמעסטן פון דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיק.

אַ באַשיידענער מענטש פון לויטערסטן גראַד, מיט פּערזענלעכע מידות טובות און פיינער באַנעמונג צום מיטמענטש — האָט ער אונדז ממש צוגעצויגן צו זיך ווי אַ מאַגנעט.

אַ באַנאַבטער לערער מיט טיפע ידיעות אין דעם נאַטור־לימוד, האָט ער קיין מאָל ניט געפּרואווט אַ בליץ טאָן מיט זיינע בקיאות אין די דאָזיקע לימודים, נאָר שטענדיק געמאַכט זיינע תלמידים ווי מיטשאַפערס, ווי דערפינדערס. קיין מאָל ניט אַרויסגעשטעלט די לערער־פּערזענלעכקייט, דעם „אַלץ־ווייסער", נאָר אַוועקגעשטעלט יעדע נייע טעמע ווי אַ

פראבלעם, וואס מיר אלע — תלמידים ווי לערער — דארפן זי לעזן. און ווייל יעדע לעקציע — אדער ציקל לעקציעס — זיינען געווען עמפּיריש ארויסגעפירט, באארבעט און באשריבן פארזיכטיק, גע־דענקען זיי זיך אלע און אין הארצן טראגט זיך אווארעם געפיל צו אט דעם אייגנארטיקן מענטש און לערער— ד"ר ישראל ביבער.

עס געדענקען זיך לעקציעס אין דער ביאלאגישער לאבאראטאריע פון יידישן לערער־סעמינאר, עס געדענקען זיך די נאטור־וויסנשאפטלעכע עקסקורסיעס אין ווילנער געגנט און עס פילט זיך טיפע דאנקבארקייט צו דעם לערער, וואס האט אזוי פיל נייעס פאר אונדז אנטדעקט און אזוי פיל ליבע געשאפן ביי אונדז צו דער נאטור און אירע באשעפענישן. און דער עיקר — וואס ער האט אונדז געוויזן, אז מען קען א סך זאכן לערנען פון גאטס וועלט גופא און אויף דער פרייער לופט און גראד דווקא ניט אין ביכער.

איך האב אים קיין מאל ניט געזען אין אן אויפגערעגטן צושטאנד. יעדע סיטואציע פלעגט ער באנעמען מיט דער גרעסטער פארזיכטיקייט און מיט זאכ־לעכער רואיקייט. און עס זיינען געווען א סך אומאנגענעמע סיטואציעס, וואס אנדערע האבן רעאגירט אויף זיי מיט נערוון. י. ביבער איז שטענדיק געווען דער געלאסענער, דער רויקער, וואס האט קיין מאל זיך ניט פארלארן.

„— איר זייט דאך נאענט מיט דעם חבר ש..., אפשר קענט איר מיר אויפ־קלערן, פאר וואס ער איז געווארן די לעצטע צייט אזוי אפּאטיש צו דער אר־בעט?" — האט ער זיך ניט איין מאל געווענדט צו דעם שרייבער פון די שורות — „דערוויסט זיך עפּעס ביי אים, אפשר לעבט ער עפּעס איבער און מיר וועלן אים מיט עפּעס קענען ארויס־העלפן".

מיט צארטקייט און איידלקייט פלעגט ער וועלן באנעמען יעדע אומאנגענעמע דערשיינונג און זיך באמיען אויף זיין אייגנארטיקן מענטשלעכן אופן זי גוט צו מאכן. ער פלעגט זייער לייכט קענען מוחל זיין א שילער ווען ער איז ניט געווען דערפאלגרייך ביי זיינע לימודים, אויב נאר ער האט ארויסגעוויזן אינטע־רעס אויף אנדערע געביטן".

*
* *

ד"ר ישראל ביבער איז געווען פארבונדן מיט דער מעדעם־סאנאטאריע איבער 8 יאר. ער פלעגט דא פארברענגען כמעט אלע זיינע זומער־ און ווינטער־וואקא־ציעס ווי אויך די אנדערע פרייע צייט פון זיין ארבעט אין די ווילנער שולן. גלייך ביים ערשטן וויזיט האט ער א זאג געטאן: „אין די שולן לערנט מען און דא לעבט מען מיט דער נאטור". פון דע־מאלט אן האט די ארבעט אין סאנא־טאריע פארנומען א גרויס ארט אין זיין לעבן.

די סאנאטאריע ווידער איז אדאנק בי־בערס מיטארבעט געווארן אינהאלטס־רייכער און דאס לעבן און אויסלעבן זיך פון די קינדער — פולער און טיפער. דער נאטור־ווינקל מיטן „ביאלאגישן צי־מער" (א קליינע ספּעציעלע געביידע) זיי־נען געווארן דאס גרעסטע פארגעניגן־ארט פאר די קינדער. מען לויפט אליין אהער און מען פירט געסט צו באווייזן די גרויסע וואונדער פון דער נאטור, אויף די וועכנטלעכע פארזאמלונגען, אויף וועלכע מען ווילט באאמטע פאר די פאר־שיידענע געביטן פון ארבעט אין אנ־שטאלט, צאפּלען זיך די קינדער ממש בעטנדיק מען זאל זיי געבן אמטן אין

ביאַלאַגישן צימער, אין די וואַרעם־הייזער אָדער ביי די הינער, קרוליקעס און טויבן. קינדער פון חדרים און תלמוד־תורות, וואָס האָבן לכתחילה מורא געהאַט צו־צוגיין נאָענט צו אַ לעבעדיק באַשעפעניש אָדער צו אַ „פּגר", ווי זיי האָבן גערופן די אָנגעשטאָפּטע בעלי חיים, זיינען נאָך אַ געוויסער צייט געוואָרן ליבהאָבער פון דער נאַטור און אפילו קענער אויף געוויסע געביטן.

י. ביבער איז שטענדיק געווען אַרומגערינגלט מיט קינדער, וואָס פאַרשיטן אים מיט פראַגן, און ער אַ גליקלעכער און שיינענדיקער ענטפערט, דערקלערט, באַווייזט און לערנט צו פאַרשן, צו זוכן און אויפדעקן די סודות פון דער נאַטור. די קינדער באַציען זיך צו ביבערן מיט אַ באַזונדער ליבע, מיט אַ באַזונדערן דרך־ארץ. אויף די שפּאַצירן אין די פריי־מאָרגנס אָדער אין די פאַרנאַכטן כאַפּט מען מיט אים אַמאָל אַ שטיף און אפילו אַ קיבעץ.

ביבערס „ביאַלאַנישער צימער" און דער לעבעדיקער אינווענטאַר אין סאַנאַטאָריע האַלטן אין איין פאַרגרעסערן און באַרייכערן זיך. געוויקסן און לעבעדיקע באַשעפענישן פון בערג און פון ימען און פון ווייטע לענדער; פאַרשיידענע בעלי־חיים, אָנגעשטאָפּטע און לעבעדיקע, קומען כסדר צו. עס זאַמלען די קינדער, עס זאַמלען די דערוואַקסענע, עס זאַמלען די געסט. עס זאַמלען אפילו די קינדער און דערוואַקסענע פון די אַרומיקע קריסטלעכע שכנים. די באַזוכער פון אויסלאַנד פאַרגעסן נישט צוצושיקן אויסגעשטאָפּטע (און נישט זעלטן אפילו לעבעדיקע) זעלטענע בעלי חיים פון זייערע לענדער און עקספּאָנאַטן פון דער טויטער נאַטור. עס ווערט אַזוי ענג אין ביאַלאַגישן צימער, אַז מען פּלאַנירט שוין אַ גרויסע געביידע פאַר אַ נאַטור־מוזיי. די ווענט אין „ביאַלאַגישן צימער" האָט י. ביבער באַהאַנגען מיט בילדער און מיט אויסגעשטאָפּטע בעלי־חיים. איר האָט דאָ דעם גרויסן פויגל־רויבער, דעם אָדלער און דאָס קלענסטע פייגעלע, די קאָליברי פון בראַזיל; פלאַטערלעך פון כלערליי קאָלירן און פון פאַרשיידענע לענדער. אויף די פּאָליצעס זיינען אויסגעשטעלט אין אַ סדר פיש, פרעש, טריטאָנס, שלאַנגען, עקדישן, שילדקראָטן און אויך אַ קליינער קראָקאָדיל. נאָך אינטערעסאַנטער איז דער דרויסן מיט די הינער, טויבן, קרוליקעס, מוראַשקעס און מיט כלערליי פישן אין דעם ספּעציעל־געבויטן וואַסער־באַסיין. דער גרעסטער וואונדער זיינען אָבער די „מאַשינאַווע הינדעלעך" (הינדעלעך אויסגעבריטע אין אינקובאַטאָרס) און דער פליענדיקער פיש אין באַסיין.

אין אַלץ איז געווען ביבערס איניציאַטיוו. ער האָט איינגעאָרדנט אויך אַ „מעטעאָראָלאָגישע סטאַנציע".

י. ביבער איז גליקלעך ווען ער זעט, די קינדער לויפן אַרום די בעלי חיים מיט זאָרג און צערטלעכקייט. די הינער און טויבן האָבן זיי געגעבן אייגענע נעמען ווי: גאָלדעלע, שפּרינקעלע, טענצערקע, קלוגקעפּעלע, שיינעלע.

ד"ר ביבער האָט געהערט צו די געציילטע לערער, וואָס האָבן מיט זייער אַרבעט און טאַלאַנט און מיט זייער שטאַרקער ליבע צום קינד דערהויבן די דערציאונג פון די קינדער צו אַזאַ הויכער מדרגה, אַז דער אַנשטאַלט איז געוואָרן באַרימט צווישן ביי די צענדליקער טויזנטער יידישע קינדער אין פוילן און דערנאָך אין דער פּעדאַגאָגישער וועלט.

ד"ר ישראל ביבער האָט מיט גרויס ליבע און פאַרשטענדעניש באַשריבן דאָס

לעבן אין סאנאטאריע אין א ביכל „ווינ־טער אין וואלד", וואס איז דערשינען אין פארלאג „קינדער פריינד" ווארשע 1937.

ש. גילינסקי

**בילטשיק, חנה** — שטאמט פון קארטוז־בערעזע, פון זייער אן ארעמער שטוב. פארן אנקומען אין ווילנער יידי־שער לערער־סעמינאר, האט זי באקומען איר אלגעמיינע בילדונג אין א רוסישער גימנאזיע.

אין 1921, ווען אין ווילנע האט זיך געעפנט דער יידישער לערער־סעמינאר, טרעט זי אריין אין סעמינאר און פאר־ענדיקט אים צוזאמען מיט די אנדערע שילער פון ערשטן ארויסלאז אין יאנואר 1926.

פון דער נאטור זייער א שטילע, צו־ריקגעצויגענע און ערנסטע, טיילט זי זיך אויס מיט איר ערנסטער באציאונג צו איר לערנען זיך אין סעמינאר. זי זוכט שטענדיק דאס טיפערע, דאס פארבאר־גענע און דאס שיינע אין אלץ, וואס זי שטודירט און לייענט.

א טייערע חברטע, און איידעלע נשמה, „א שטילע טויב" וואס קען קיין מאל די שטימע הויך ניט אויפהייבן, ווערט זי לייכט דערשלאגן, אויב עפעס גיט זיך איר ניט איין. אלץ לעבט זי דורך טיפער און ערנסטער ווי אירע מיט־שילער.

נאכן פארענדיקן דעם לערער־סעמינאר אין ווילנע ארבעט זי אלס לערערין פון יידיש און נאטור אין די יידיש־וועלט־לעכע שולן (קארטוז־בערעזע, לונע א"א). זי איז אומגעבראכט געווארן דורך די נאצי־מערדער.

פ. מעלאמדאוויטש

**בינדער, עמנואל** — געווען איינער פון די אינטערעסאנטסטע טיפן וואס האט געווירקט אין געזעלשאפטלעכן, קול־טורעלן און פאליטישן לעבן פון לובלין.

אנגעזאפט ווי א שוואם מיט אלע פראבלעמען, האט פון אים געשטראמט ווי פון א קוואל, פון וועלכן אלע דור־שטיקע קענען טרינקען.

ער גרינדעט שילער־קרייזן און רע־פערירט אויף פארשיידענע טעמעס — ליטעראַרישע און פאליטישע. ער ווערט דער לערער פון גאנץ לובלין. ער ווערט אויך ראטמאן פון דעם לובלינער שטאט־ראט פון די לינקע „פועלי־ציון".

עמנואל בינדער פארמאגט א קוואל פון ענערגיע און איינפאלן. ער ווערט אויך דער גרינדער פונם זש.ט.ק. (זשי־דאווסקיע טאוואזשיסטווא קראיאזנאוו־טשע).

אין די שולן איז ער דער לערער פון העברעיש און יידיש, די קינדער באציען זיך צו אים מיט גרויס ליבע.

אין יאר 1933 געפינען מיר בינדערן אלס לערער פון דער פאלקשול אין לאדזש און סוועטנציאן. דארט טאקע ווערט ער אין יאר 1939 מאביליזירט אין דער פוילישער ארמיי צו פארטיידיקן דאס לאנד פון די דייטשישע נאצים.

בינדער פאלט אין קאמף מיטן בלוט־דורשטיקן שונא פון יידישן פאלק. בינ־דער איז דער ערשטער קרבן פון דער שטאט לובלין אויפן מזבח פון דער אנטי־נאצישער מלחמה.

עם זיינען פארשטומט געווארן די רייד פון דעם באליבטן פאלקס־אינטעליגענט און נאך אים — פון גאנצן לובלינער יידנטום.

העלא מארדער

**בינדער, מאיר** — עלטערער ברודער פון עמנואל בינדער. געענדיקט א רוסישע גימנאזיע און שטודירט אין אוניווערסי־טעט. אדאנק זיין עלטערן ברודער איז ער געקומען צו דער יידישער פאלקשול, ער האט זיך פאראינטערעסירט מיט די נייעסטע לערן־מעטאדן און איז געווארן א גוטער לערער. ער האט געארבעט אין די ציש״א־שולן אין בוטשאטש, מיר און וולאצלאוועק.

**בינטנער, חייטשע** — געשטאמט פון אסטראוו־מאז., פון ארעמע פרומע עלטערן. אין ווילנער לערער־סעמינאר איז זי אנגעקומען אין 1925, נאכן ענדיקן א פוילישע פאלקשול. פארשטייט זיך, אז אירע יידישע און העברעישע קענטע־נישן זיינען געווען מינימאלע. זייער א באשיידענע, ארבעטזאמע, פארענדיקט זי דעם סעמינאר און דערגרייכט איר ציל צו ווערן א לערערין. וואו זי האט גע־ארבעט דאס ערשטע יאר ווייס איך ניט. שפעטער ארבעט זי אין נאווידוואר, האט דארט חתונה מיט אן ארבעטער, א בונדיסט. אליין איז חייטשע אויך זייער א טעטיקע אין דער פארטיי.

אין 1937 איז מיר אויסגעקומען מיט איר צו ארבעטן אין נאווידוואר. זי איז דעמאלט געווען פארוואלטערין פון דער שול. זי פירט יידיש און געשיכטע אין די עלטערע קלאסן. א גוטע ארגאניזא־טארין איז זי. אין 1940 האב איך בא־קומען פון איר א בריוו פון וואלקאוויסק (אדער פון א שטעטל אין יענער געגנט). זי האט מיר געבעטן אפשר קען איך איר העלפן זיך איינארדענען אלס לערערין ביי אונז אין שטעטל, וואו איך האב דעמאלט געארבעט אין א רוסיש־יידישער שול. וואס ווייטער מיט איר איז גע־שען — האב איך ניט קיין שום ידיעות.

ח. סעגאל

**בירסקי, איטשע** — א געוויסע צייט געווען לערער אין דער מעזריטשער פאלקשול, אונטער דער אנפירונג פון פרוי אדלער. מיט זיין שטענדיקן שמייכל אויפן פנים — איז ער געווען שטארק באליבט ביי די קינדער. א. בירסקי האט אויך געהאלטן עפנטלעכע לעקציעס אויף וויסנשאפטלעכע און ליטעראַרישע טע־מעס. אויף דער ליסטע פון „בונד" איז ער אויסגעקליבן געווארן פאר א מיט־גליד אין דער קהילה און אין שטאט־ראט, — ער איז דא געווען אומדערמיד־לעכער און שארפער קעמפער פאר יידי־שע רעכט און קולטור.

א. בירסקי איז אומגעקומען אין א דייטשן לאגער.

**בלאך, משה** — שטאמט פון וויל־נע, אדוואקאט־אפליקאנט, פארוואלטער און לערער פון דער אוונט־שול אין קראקע, טוער אין „סקיף", פירער פון די סקיף־לאגערן, אקטיוו ביי די ציש״א־אקציעס.

נאך אין זומער 1939, געווען פאר־וואלטער פון דער ווארשעווער קולטור־ליגע־קאלאניע אין בראק ביים בוג.

אומגעקומען מיטן קראקעווער יידנ־טום (ארום 29 יאר אלט).

**בלום, צעציליא** — די פרוי פון בונדישן טוער יונה־שמואל, לערערין, טע־טיק אין דער געז.„ אונזערע קינדער", קראקע. אין די יארן פון אקופאציע גע־פירט אומלעגאל א קינדער היים. אומ־געקומען צוזאמען מיט איר מאן אין טאמאשאוו־מאז.

**בלום, פייע** — געבוירן אין מאקאוו מאז. אין יאר 1912 ביי חסידישע על־טערן. דער פאטער איז געווען א שמש.

אלס קינד איז פייע געבליבן אן א מאמען. די עלטערע שוועסטער נעמען איבער די אויפזיכט איבער איר. פייע באזוכט א פוילישע שול. זי ווייזט ארויס אויסערגעוויינלעכע פייאיקייטן. די שוועסטער געהערן צום „בונד" און פירן פייעלען אריין אין „סקיף". דארט קריגט זי איר יידישע דערציונג. נאכן פארענדיקן די שול הייבט זי אן טראכטן וועגן פארן זיך ווייטער לערנען. זי טרוימט וועגן יידישן לערער־סעמינאר. אבער קיין מאטעריעלע מיטלען זיינען דערצו נישטא. די בונדישע ארגאניזאציע פאראינטערעסירט זיך מיט דעם פייאיקן מיידל און באשליסט ארויסצושיקן פייעלען זיך לערנען אויפן חשבון פון דער ארגאניזאציע. אין 1929 קומט זי אן אין סעמינאר. זי ווערט באלד באליבט ביי אלע חברים און חברות. זי טרעט אריין אין דער ווילנער „צוקונפט", וואו זי ווערט אויך די פירערין פון א סקיף־קרייז.

אין 1931 נאכן שליסן דעם סעמינאר, קומט פייע צוריק קיין מאקאוו. אבער איר ענערגיע לאזט איר לאנג נישט זיצן אויף איין ארט. זי פארט קיין ווארשע. זי קריגט ארבעט אין דער קאנצעלאריע פון דער מעדעם־סאנאטאריע. זי גיט אבער ניט אויף איר טרוים וועגן לערנען זיך ווייטער. זי טרעט אריין אינעם פרעבל־סעמינאר א. ג. פייגין־לוריע, דארט לערנט זי א יאר צייט און שפעטער ארבעט זי ווי א פרעבעליסטין.

ווען ווארשע ווערט פארנומען דורך די דייטשן אין 1939, אנטלויפט פייע קיין ביאליסטאק. פון ביאליסטאק קומט זי קיין קרינקי, די הויפטשטאט פון איר מאן ראזענבלום. ווארשיינלעך איז זי דארט אומגעקומען.

## בלומענטאל, מענדל (מיסקע)

— יינגערער ברודער פון נחמן בלומענטאל, געבוירן דעם 14־טן דעצעמבער 1899 אין בארשטשאוו, געענדיקט די גימנאזיע אין סטאניסלאוו, דערנאך — דעם אוניווערסיטעט אין לעמבערג (פילאזאפיע און מאטעמאטיק). פארבראכט א לענגערע צייט אין ווארשע, וואו זיך פארפולקאמט אין וויסן און אין פעדאגאגיק.



געוועזן לערער אין יידיש־פוילישע גימנאזיעס אין גראדנע און אין זאמאשטש, וואו געפירט, פון אייגענער איניציאטיוו, קרייזלעך פאר יידישער ליטעראטור, ווי אויך ארגאניזירט דראמאטישע סטודיעס פון די יינגערע און עלטערע שילערס; אויפגעפירט אין שטאטישן טעאטער אין זאמאשט אינסצעניזירטע פאלקס־לידער און פראגמענטן־סצענעס פון יידישע דראמאטישע שאפונגען אין יידיש. א באנאבטער פארטרעטן־צייכענער און בכלל — א נוח לבריות, געקאנט ארומרינגלען ארום זיך קרייזן פון דער אינטעליגענץ און פאלקסמענטשן. געוועזן וויצע־פארזיצער פון דער פארוואלטונג פון דער יידישער שול־ארגאניזאציע אין זאמאשטש, וואו געארבעט פאר דער י. ל. פרץ שול, נישט געקוקט אויף זיין אמט אין דער יידיש־פוילישער גימנאזיע. די לעבן־געבליבענע צישא־טוער פון זאמאשטש רעדן וועגן אים ווי וועגן א למד־וואווניק — א געטרייען שול־ און קולטור־טוער.

פאר דער היטלער־מלחמה האט מיסקע בלומענטאל געארבעט, אונטער דער אויפזיכט פון יצחק גיטערמאן און ד"ר ע. רינגעלבלום, אין „צעקאבע", די הילף־

צענטראלע פאר ליי־קאסעס ביים דזשאינט אין ווארשע. ער האט פארעפנטלעכט ארטיקלען אין די ביולעטינעם פון „צעקאבע", זיך באטייליקט אין די „ליט.־בלעטער". א קורצע צייט אויך געארבעט אין דער מעדעם־סאנאטאריע.

אין די מלחמה־יארן 1939 ־ 1941 געארבעט אין דער סאוועטישער שול־קוראטאריע אין לוצק (וואלין). געפירט די סטאטיסטישע אפטיילונג. זיך באטייליקט אין ארגאניזירן הילף־ און זעלבסט־הילף בעת דער דייטשער אקופאציע. אומגעקומען, ווארשיינלעך, דעם 22־טן אקטאבער 1941 בעת דער ערשטער אקציע אין לוצק.

**בלומענטאל, שרה (סאליע)** — יינגערע שוועסטער פון נחמן בלומענטאל, איז געבוירן דעם 26־טן מאי 1905 אין בארשטשאוו.



געענדיקט די גימנאזיע און שטודירט אין דער אוניווערסיטעט אין לעמבערג, דערנאך אין ווארשע — פוילישע פילאלאגיע. געענדיקט א סעמינאר פאר פרעבליסטינס אין ווארשע און א פוילישן לערער־סעמינאר אין טשענסטאכאוו. זיך באטייליקט אין ווארשע אין פארשיידענע קולטור־געזעלשאפטלעכע טעטיקייטן. געארבעט אין קינדערהיימען און אין שולן פון דער יידישער שול־ארגאניזאציע אין גריצע, טשענסטאכאוו, מינסק־מאזאוועצק און ווארשע.

חברים פון גריצע דערמאנען ביז היינט די חנעוודיקע, ליבהארציקע סאליע בלומענטאל, די לערערין פון זייער קינדערהיים (1926 ־ 1927). ח' ראזנטאל פון גריצע, איצט אין ארגענטינע, שרייבט:

„זי האט מיט פיל ענערגיע זיך געווידמעט דער שולארבעט, זי האט אקטיוויזירט די עלטערן צו טאן פארש' ארבעטן פאר דער שול. איר באציאונג צו די קינדער איז געווען א מוטערלעכע, זי האט אויך א סך צייט אפגעגעבן זיך מיט בונדישער פארטיי־ארבעט. די קולטור־ארבעט ארום דער שול איז אנגעפירט געווארן דורך איר און אזוי ארום האט מען געדעקט די גרויסע דעפיציטן."

אין די מלחמה־יארן 1939 ־ 1941 איז סאליע געווען לערערין אין דער יידישער מלוכהשער מיטלשול, וואס איז אויפגעקומען, בעת דער ראטן־מאכט, אין בארשטשאוו. אויף די אלגעמיינע קונסט־פארמעסטונגען פון די שולן אין בארשטשאווער קרייז — מיט דער באטיילונג פון די אוקראינישע, פוילישע און יידישע שולן — האבן אירע שילער אויפגעפירט אייניקע זאכן אין יידיש און באקומען א פריז.

אדורכגעמאכט די מוראדיקע איבערלעבענישן אין בארשטשאוו בעת דער דייטש־נאצישער אקופאציע, איז זי געשטארבן דעם 25־טן דעצעמבער 1942, און אזוי ארום אויסגעמיטן די ווייטערדיקע גרוילעכקייטן און דעם שרעקלעכן אומקום פון איר פאמיליע און פון דער יידישער באפעלקערונג אין איר היימשטאט.

**בלומענטאל ־ מייזיל, יהודית (אידוסיע)** — געבוירן אין בארשטשאוו, מזרח־גאליציע דעם 31־טן יולי 1894. חתונה געהאט מיט איר געשוועסטער־קינד יעקב, דער זון פון ישראל מייזיל, (יעקב מייזיל, געבוירן י"ב שבט תרמ"ט — אומגעקומען אין

בארשטשאוו דעם 7־טן יוני 1943).

יהודית איז געווען א קוואליפיצירטע לערערין פון העברעאיש און ענגליש. געפירט א לענגערע צייט קורסן פון העברעאיש אין בארשטשאוו, און ערב דער לעצטער מלחמה ענגלישע קורסן — ביים יידישן לערער־פאריין אין ווארשע.

זי האט געענדיקט א פרעבל־סעמינאר אין ווארשע און געפירט א קינדערהיים. געווען טעטיק אין די עלטערן־קאמיטעטן פון די ציש״א־שולן אין ווארשע, וואו אירע צוויי זין האבן זיך געלערנט.

געווען א מענטש מיט וויסן אויף פארשיידענע געביטן, בעיקר — אין פעדאגאגיק. אינאיינעם מיט איר מאן, יעקב, איבערגעזעצט פון העברעאיש א. נ. גנעסינס בארימט ווערק „אצל" (אין יידישן „אפרים מרגלית", דערשינען אין קלעצקין־פארלאג, 1925 167 ז"ז) און קנוט האמסונס „די ווייבער ביים ברונים" (פון דייטש, קלעצקין־פארלאג, 1929, 536 ז"ז). געפירט אלע יארן א אינטערעסאנטן טאגבוך (אין העברעאיש) וועגן דעם וואוקס און אנטוויקלונג פון אירע קינדער, וואס האט געהאט א וויכטיקן דערציעריש־פעדאגאגישן ווערט. זייער הויז, אין ווארשע, אויף טשעפלא, איז געווען א זאמל־פונקט פאר שרייבער און לערער, קולטור־טוער און קינסטלער.

אין די יארן 1939 - 1941, בעת דער סאוועטן־מאכט אין מזרח־גאליציע איז אין בארשטשאווער קרייז געגרינדעט געווארן א גאנצע נעץ יידישע שולן, מיט וועלכע עס האט אנגעפירט איר ברודער פון יהודית, באקאנטער פעדאגאג און שריפטשטעלער, נחמן בלומענטאל (איצט אין ישראל). יהודית איז אין די יארן געווען ליטערין פון א לערער־ביבליאטעק, און לערערין פון יידיש אין דער בארשטשאווער מיטל־שול.

אומגעקומען איז זי צוזאמען מיט איר מוטער ערב פסח תש"ג, דעם 19־טן אפריל 1943, דערשאסן אין הויף פון זייער וואוינונג אין בארשטשאווער געטא, נאך דעם ווי זיי האבן זיך אפגעזאגט צו גיין צו דער אקציע, וואס איז פארגעקומען אויפן בית־עולם.

אירע זין: א) לייב, געב. אין ווארשע דעם 18־טן יאנואר 1922, געלערנט אין יידיש־וועלטלעכע שולן, שפעטער סטודענט פון פאליטעכניקום, אומגעקומען ווי א פארטיזאן דעם 20־טן אויגוסט 1943 אין די ווישקאווער וועלדער לעבן ראדזימין. ב) משולם־מולינקע, געב. דעם 20־טן סעפטעמבער 1926 אין ווארשע, אומגעקומען דעם 20־טן אפריל אין בארשטשאוו דורך די נאצישע בעסטיעס.

**בליזניאנסקי, מיראן** — געענדיקט דעם ווילנער אוניווערסיטעט, הומאניסטישן פאקולטעט. געווען לערער פון געשיכטע אין דער ווילנער רעאל־גימנאזיע (1934 - 1935). אוועקגעפארן קיין סאוועט־רוסלאנד און געווען דארט א לערער אין איינער פון די מאסקווער שולן. זיין ווייטערדיקער שיקזאל אומבאקאנט.

**בליט, פאלא** — איז אויסגעוואקסן אין א האלב אסימילירטער משפחה, אין וועלכער עס זיינען אבער געווען שטארקע טראדיציעס פון דער בונדישער באוועגונג. די ווירקונג פון די דאזיקע טראדיציעס איז פארשטארקט געווארן נאכדעם ווי ביידע אירע ברידער זיינען געווארן אקטיווע מיטגלידער אין דער דאזיקער פארטיי.

נאכן פארענדיקן די מיטל־שול האט פאלא שטודירט פיאנא אין דער ווארשעווער קאנסערוואטאריע. דאס האט זי געמאכט אן אנטיילנעמערן אין יידיש־

וועלטלעכן שולוועזן. זי האט געהאלפן צוגרייטן דעם מוזיקאלישן טייל פון די עפנטלעכע ארויסטרעטונגען פון א ריי ווארשעווער ציִשא־שולן, און באזונדערס פון נאוואליפקי 68, מוראנאוו 16 און קארמעליצקע 29.

זי איז אומגעקומען, צוזאמען מיט איר מוטער און פאטער, בעת איינער פון די ליקווידאציע־אקציעס אין ווארשעווער געטא אין יאר 1942.

## בליסקאָווסקי, רבקה

בליסקאָווסקי, רבקה — זי שטייט מיר פאר די אויגן, מיין טייערע חברטע און פריינד, ריווטשע. א קליינע, א דארע, מיט א קיילעכדיקן צעשמייכלטן פנים, מיט צוויי חן־גריבלעך איןביידע באקן, וועלכע האבן דאס גוטע פנים, מיט זומערשפרינקלעך באדעקט, נאך ליבער געמאכט. א טונקל־האריקע, מיט א זיל־בערנעם פאס האר אין סאמע מיטן קאפ, וועלכער האט איר יונגקייט עפעס מאמע־שיסעם צוגעגעבן. אבער מער פון אלץ האבן זיך איינגעקריצט אין זכרון אירע אויגן. גרין־גרויע, שטראלנדיקע, שטענ־דיק לאכנדיקע, און טרוימערישע ווען עפעס האט ווי געטאן אדער פארדראסן. ריווטשע האט קיין סך ניט גערעדט. זי האט גערעדט, בארויקט, געבעטן מיט אירע אויגן.

עפעס דארפיש איז געווען אין איר גאנצער פיגור און איר גאנצער האל־טונג. געשטאמט האט זי פון א קליין שטעטעלע מיכאלאווקי, נישט ווייט פון ביאליסטאק. (געב. אן ערד אין 1900).

איר פאטער איז געווען א מילנער, געפירט א ברייטע שטוב, וועלכע איז תמיד געווען אפן פאר דורכגייער און דורכפארער. ריווטשע האט זיך ביסלעכ־ווייז צוגעגרייט צום אנקומען אין ווילנער לערער־סעמינאר. קיין סיסטעמאטי־שע בילדונג האט זי ניט געקראגן, זי האט צוביסלעך אלץ געלערנט אין דער היים ביי פריוואטע לערער. אין 1925 קומט זי אן אין ווילנער סעמינאר אין זעלבן קורס מיט מיר. נישט זייער קיין פעיקע, אבער זייער ארבעטזאם, ארבעט זי טאקע טאג און נאכט כדי צו דער־גרייכן איר ציל.

די ערשטע צוויי יאר וואוינט ריווטשע אין שטאט פריוואט. שפעטער ווען זי באפריינדעט זיך מיט איר צוקונפטיקן מאן, קומט זי וואוינען אין אינטערנאט.

זייער א גוטע באלעבאסטע, ווערט זי גלייך די עקאנאמקע פונם שילער־אינ־טערנאט ביים סעמינאר. א חברישע, פאר יעדן איז שטענדיק גרייט א גוט ווארט און ליבער שמייכל. נישט קיין קליינ־לעכע. ריווטשע פלעגט באקומען שפייז־פעקלעך פון דער היים, און מיט איר דארפישער ברייטקייט, פלעגט זי מאכן א סעודה פון דעם פעקל פאר די הונ־געריקע סעמינאריסטן, און אויף מארגן, זאל גאט זארגן. קיינמאל האט זיך ריווּ־טשע ניט ארויסגעדרייט פון די שווער־סטע ארבעטן אין אינטערנאט, שטענדיק געווען גרייט יענעם צו העלפן.

ביים אריינגיין אין 5־טן קורס האבן מיר זיך גאר שטארק באפריינדעט, מיר האבן צוזאמען גאנצע נעכט זיך געגרייט צו די עקזאמענס. אין 1930 האבן מיר זיך צעשיידט, זי האט צוזאמען מיט איר מאן געארבעט אין דער ציִשא־שול אין הרובעשוויו. אין 1932 טרעפן מיר זיך אין לוצק.

ריווטשע איז גליקלעך, ס׳איז איר גארניט צו שווער, זי קאכט און וואשט און ארבעט אין שול, זי פירט א דריטן קלאס און האנט־ארבעט אין אלע קלאסן, זי האט געהאט גאלדענע הענט. ליב גע־האט איר ארבעט און די קינדער האבן איר ליב געהאט.

אויך אין איר ליבע איז ריווטשע גע־ ווען אנדערש ווי אלע פרויען. זי האט אנ־ געהויבן בענקען. זי האט געוואלט ווערן א מוטער, און כאטש די מאטעריעלע באַ־ דינגונגען און אויך איר געזונט־צושטאנד האבן עס ניט דערלויבט, האט ריווטשע ריזיקירט און געווארן א מוטער. נאך א שווערער אפעראציע, א בלאסע א מידע, איז ריווטשע געקומען מיט איר זון צוריק קיין לוצק. זי איז געווען גליקלעך צע־ שטראלט. גאר אינגיכן האט זי דערפילט ווי שווער עס איז אין די באדינגונגען צו זיין א מוטער. ס'איז אלץ געפאלן אויף אירע שוואכע פלייצעס — די שטוב, דאס קינד, די שול. אבער ריווטשע האט זיך ניט דערשראקן. זי האט דערצויגן איר קינד מיט א סך ליבע און איבערגע־ געבנקייט, נעכט ניט דערשלאפן, אויפ־ געשטאנען פארטאג, און אלץ איז געווען אין ארדנונג.

אזוי האט מען געלעבט אין ארעמ־ קייט, אבער אין פרייד, ביז 1939. די סאוועטישע מאכט האט אנגעהויבן די באוואוסטע נאכט־וויזיטן, דאס ארויס־ שלעפן דעם מאן פון בעט, די אויס־ פארשונגען. ריווטשע האט געוואוסט מיט וואס דאס אלץ קען זיך ענדיקן. זי האט פארשטאנען, אז אין א שיינעם פרי־ מארגן, קען זי בלייבן אן דעם וועלכן זי האט אזוי ליב. אבער זי האט ניט געוואלט ארויסווייזן איר פיין.

אין 1940 איז מיר אויסגעקומען צו זיין ביי זיי. ריווטשע איז מיר געפאלן אויפן האלדז און זיך צעוויינט. געוויינט ביטער, שטיל, זי האט מיר דערציילט פון די שרעקלעכע נעכט, פון די וויזיטן אין נ.ק.וו.ד. כ'האב איר געטרייסט, און פון דעמאלט אז האב איך מיין טייערע ריווטשען מער ניט געזען.

די גאנצע צייט פון מיין וואנדער־ ווענ, האב איך נישט געהערט פון זיי, כ'בין אבער געווען זיכער, אז זיי האבן זיך געראטעוועט. ערשט אין 1944 האב איך געקראגן א בריוו פון ריווטשעס מאן. ער איז דעמאלט געווען אין בוכא־ רע, איך אין א פארווארפן דארף אין פאלטאווער געגנט.

כ'האב מיט די אויגן געזוכט א פאר ווערטער פון ריווטשען, אבער ניט גע־ פונען. כ'האב אנגעפרעגט און באקומען דעם שרעקלעכן ענטפער, אז ריווטשע צו־ זאמען מיט איר געראטענעם פעאיקן זון איז אומגעקומען.

איך ווייס ניט גענוי, ווי אזוי זי איז אומגעקומען, איך ווייס אז אויך אין לוצקער געטא האט זי געארבעט. געווען צוזאמען מיטן קינד, און שפעטער אומ־ געקומען מיט אלע קדושים פון לוצקער געטא.

ריווטשע האט זייער ליב געהאט די נאטור, געקענט יעדער גרעזל, יעדער בלי־ מעל און פעלד, יעדער בוים אין וואלד. איר באליבטער געגנשטאנד איז געווען נאטורוויסנשאפט.

זי איז טאקע געווען לערערין פון נא־ טורוויסנשאפט אין דער לוצקער שול, געפירט וויסנשאפטלעכע עקסקורסיעס, געמאכט קאלעקציעס פון בלומען, בלע־ טער און אינזעקטן.

א סך ליבע האט זי אריינגעלייגט אין דער ארבעט, און איינגעפלאנצט ליבע צו דער נאטור ביי די קינדער.

ח. סעגאל

*
* *

אין איר שול־ארבעט האט זיך ד. בליסקאווסקא ארויסגעוויזן ווי א געטרייע פאלקס־לערערין, א הארציקער מענטש און חבר. אין קינדער־קלוב, ביי די שול־ אויסשטעלונגען, אויף קינדער־לאגערן אום זומער — שטענדיק האט זי זיך

אויסגעצייכנט מיט איר איבערגעגעבענער ארבעט און מיט איר ליבער באציאונג צו די קינדער. אז אקטיווער מיטגליד פון דער בונדישער ארגאניזאציע, האט זי צונויפגעגאסן אירע פעדאגאגישע פרינציפן מיט ברייטע געזעלשאפטלעכע אידעאלן.

**בעלאָגורסקי, שלום** — פאפולערער און גוטער לערער פון צייכענען אין ווילנער יידישע און העברעאישע שולן. ער פלעגט אויך אויסשטעלן זיינע בילדער. אין 1935 איז ער אוועק פון ווילנע אין זיין געבוירן־שטאט ביאליסטאק, און ער האט אויך דא פארגעזעצט זיין קינסטלערישע טעטיקייט. זיין פרוי איז אין ביאליסטאק געווען לערערין און פארוואלטערין פון א העברעאישן קינדער־גארטן. זומער 1943 זיינען זיי ביידע אוועקגעשיקט געווארן קיין טרעבלינקע.

**בענינסאָן, זשעניע** — איך געדענק גענוי דעם טאג, ווען אונזער פארוואלטער האט געמאלדן אין קלאס, אז מיר וועלן האבן א נייע לערערין פון פויליש. מיר האבן נישט געוואוסט וואס צו דערוואַרטן: וועט זי זיין יונג, שיין, גוט, וועלן מיר זיין צופרידן וואס מיר האבן א נייע לערערין?

א גאנצן פרימארגן האבן מיר, 16 יינגלעך און מיידלעך, אין 6־טן אפטיילונג מערעם־שול אין לאדזש, שרודמיעיסקא 18, דיסקוטירט וועגן אונזער נייער לערערין. ווען זי איז אריין אין קלאס, האט געהערשט א טויטע שטילקייט. אבער נישט לאנג. זשעניע בענינסאן האט אריינגעבראכט מיט זיך אין קלאס א פיינע שטימונג. זי האט גערעדט שטיל און פריינדלעך. זי איז געווען זייער יונג און סימפאטיש, מיט ווארעמע פארטרוילעכע אויגן, און אין גאר עטלעכע מינוט האבן מיר, שילער, געוואוסט, אז מיר וועלן זיין פריינט. עס דאכט זיך מיר אז מיר זענען געווען איר ערשטער קלאס, זי איז דעריבער געווען אביסל צוריקגעהאלטן פון אנהויב.

זשעניע פלעגט קיינמאל נישט ווערן אין כעס: זי פלעגט מיטלאכן מיט די וויצלער און באמיען זיך זיי צו פאראינטערעסירן אין א שיין געדיכט אדער אין אן אינטערעסאנטער דערציילונג, וועלכע זי פלעגט פאר אונז פארלייענען. אלע שילער האבן זי ליב געקראגן, ווייל זי פלעגט אויף איר באשיידענעם אופן אונז לערנען ווי אפצושאצן א שיין פאעטיש ווערק אדער אן אויסצוג פון א ווערטפולן בוך אין פראזע.

די שוועריקייטן זענען געווען גרויסע: פון די 16 שילער אין קלאס האבן אפשר 4 אדער 5 געקענט גוט רעדן און פארשטיין פויליש. דער רעשט קינדער פלעגט קיינמאל אין הויז מיט זייערע עלטערן אדער מיט חברים קיין פויליש נישט רעדן און פאר זיי איז דאס געווען א פרעמדע שפראך, צו וועלכער זיי פלעגן זיך צוהערן איין שעה א טאג. זשעניע האט דאס געוואוסט און זי פלעגט זיך אזוי שטארק באמיען זיי צו געבן צו פארשטיין די וויכטיקייט פון לערנען די שפראך פון לאנד, אין וועלכן מיר לעבן. די פוילישע גראמאטיק איז זייער שווער, אזוי איז אויך די ארטאגראפיע. און איך געדענק גענוי ווי אונזער לערערין פלעגט „קנעלן” מיט די דאזיקע שילער און פלעגט בלייבן מיט זיי אין קלאס נאך די לעקציעס כדי צו ברענגען די צוריקגעשטאנענע צום ניוואָ פון די בעסערע שילער.

זשעניע בענינסאן איז געווען א מוסטער פון א ליבער הארציקער, איבערגעגעבענער לערערין, וואס האט נישט בלויז געטאן איר פליכט פון לערנען. ווען מיר זענען געווארן עלטער האבן מיר דאס בעסער אפגעשאצט, און איך בין זיכער אז א סך פון אירע שילער האבן איר אין הארצן א סך מאל געדאנקט, וואס זי האט זיך מיט אזוי פיל גייסט און נשמה איבערגעגעבן איר ארבעט.

מ א נ י ע  מ י ל מ א ן ־ ג ע ל פ א ר

***

זי איז געקומען צו די לאדזשער צישא־שולן אלס לערערין פון פוילישער שפראך און געשיכטע. א שטילע, באשיידענע, מיט שווארצע טרויעריקע אויגן, עפעס א טיפער יידישער טרויער איז געלעגן אין זיי. זי פלעגט אריינקומען צו די לעקציעס, ארומנעמען די קינדער מיט ליבע בליקן, דערציילן זיי פון דער פוילישער געשיכטע, אריינפלעכטן מיינונגען און געדאנקען, געגעבן די קינדער פולע פרייהייט אויסטייטשן די פאקטן. זשעניע האט געוואלט אלעמענס פראגן באפרידיקן, געוואלט אלעמען באהילפיק זיין. אלע קינדער האבן ליב געהאט די לערערין זשעניע, און ערשט שפעטער ווען מיר זיינען געווארן עלטער האבן מיר אפגעשאצט דעם קאלאסאלן ווערט פון דעם מענטש וועלכער האט געהייסן זשעניע בענינסאן. נישט איין מאל פלעגט זי אריינקוקן אין די שול־בענק, זען צי מיר האבן געבראכט עסן. זי האט אינספירירט דעם קלאס צו געמיינזאמע פרישטיקן, כדי אלע קינדער זאלן געניסן. זי האט געהאט פאר אלע קינדער א גוט און צערטלעך ווארט, באמיט זיך ארויסצוברענגען פון די קינדער ווערטן טיף־פארבארגענע אין זיי. זי האט ליב געהאט אונז און האט זיך אפגעגעבן מיט דער סאציאליסטישער קינדער־דערציונג אויסער דער שול. זי איז געווען קרייז־פירערין אין „סקיף", און פון אלע קינדער געווען ארומגערינגלט מיט ליבע און רעספעקט.

זי האט געהאט די מעגלעכקייט אנצונעמען א פאסטן אין איינער פון די יידיש־פוילישע מיטלשולן, אבער זי האט דערפון רעזיגנירט, געבליבן אויף איר פאסטן אין דער לאדזשער מעדעם־שול און געליטן נויט און דחקות צוליבן נישט אויסגעצאלטן געהאלט און די שווערע באדינגונגען פון ארבעט. דערפאר אבער איז זי געווען צווישן יידישע ארבעטס־קינדער, צווישן יידישע פאלקסקינדער. אין די פרייע שעהן פלעגט זי זיך מיט אונז אוועקזעצן און שפינען פאר אונז די צוקונפט, די אויסגעטרוימטע שיינע צוקונפט. — איך זע זי איצט, ווי זי שטייט פאר אונז קינדער און איר טיפער בליק נעמט אונז ארום. איך זע זי, ווי זי זיצט צוזאמען מיט אונז און אנדערע לערער אויף די ארויסגעווארפענע שול־בענק, אויף דער גאס, ווייל די מעדעם־שול האט נישט געהאט צו באצאלן דאס דירה־געלט דעם באלעבאס... זשעניע בענינסאן איז אומגעקומען אין גראדנע, דארט האט זי אויסגעהויכט איר נשמה אין דער צייט פון די נאצים...

ל י ל ק ע  נ ו ט ק ע ו ו י ט ש

**בערגער**, (ערשטער נאמען ?) — לערערין פון צייכענען אין דער י. ל. פרץ שול, לובלין.

אומגעקומען אין לובלינער געטא.

**בערמאַן, מאיר** — געבוירן אין קאַרטוז־בערעזאַ, און דאָ באַקומען זיין יידישע און וועלטלעכע דערציונג. אַזוי ווי ער האָט פאַרמאָגט פעאיקייטן צו מאַלעריי איז ער אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע און דאָ געלערנט אין דער קונסט־אַקאַדעמיע.



פון 1921 איז ער צוריק אין קאַרטוז־בערעזע. ער איז סעקרעטאַר פון דער ציש"אָ־שול און ער ווערט אויך דער לאַנגיאָריקער לערער פון צייכענען און האַנט־אַרבעט אין דער קאַרטוז־בערעזער ציש"אָ־שול. אין מיטן פון די דרייסיקער יאָרן קומט ער אַן אַלס לערער אין ביאַליסטאָק. ער פירט צייכענען און האַנט־אַרבעט אין אַלע ביאַליסטאָקער ציש"אָ־שולן.

ער איז אַ גלענצנדיקער פאַכמאַן און צייכנט זיך שטאַרק אויס מיט זיין אַרבעט.

מאיר בערמאַן אַרבעט אומדערמידלעך און טראָגט צו גאָר אַ סך צו די אויסשטעלונגען פון די ציש"אָ־שולן סיי אין לאָקאַלן, סיי אין לאַנד־מאַסשטאַב.

עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה האָט מאיר בערמאַן חתונה געהאַט מיט דער לאַנגיאָריקער לערערין פון דער „יוגנט־פאַריין"־שול ציליע דאָמבראָצקי. ער ווערט אַזוי אַרום אַ תושב אין ביאַליסטאָק און פאַרנעמט זיך צו טאָן נאָך מער אַרבעט אויף זיין געביט אַלס לערער. די מלחמה האָט אַלע זיינע פּלענער צעשטערט. ער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס צוזאַמען מיט זיין פרוי.

**בערמאַן, רוטע** — די פרוי פון באַרימטן בונדישן טוער לייבעטשקע בערמאַן, איז געבוירן געוואָרן אין 1884 אין אַלט־ביכאָוו (מאָהילעווער גוב.). דער טאַטע יוסף באַטכאַן איז געווען אַ שורסטער. ער און די גאַנצע פאַמיליע (4 זין) זיינען געווען סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אַקטיוו באַטייליקט אין דער אומלעגאַלער באַוועגונג. רוטע בערמאַן האָט געענדיקט גימנאַזיע אין קרעמענטשוג און איז גאָר יונג געוואָרן אַ לערערין אין אַ שול אויף רוסיש אין שטעטל שפּאָלע. אין די יאָרן 1917־1920 איז זי געווען אַ לערערין אין שולן וואָס האָבן זיך געפירט אויף יידיש — אין אָדעס. נאָך פריער האָט זי געאַרבעט אין ווילנע אויף די אָוונט־קורסן פאַר לערער, געגרינדעט אין 1908 דורך פלודערמאַכער, פראַנקפורט א"א. אַ געטרייע בונדיסטקע פון 1903 יאָר אָן, איז פאַר איר די אַרבעט אין אַ שול אויף יידיש — געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, און וואו נאָר עס האָט זיך איר געמאַכט די געהעריקע מעגלעכקייט, האָט זי ביינגעטראָגן אירע פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן צו דער יידישער שול. ווען זי איז, נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש, געקומען קיין וואַרשע, האָט זי אָנגענומען אַרבעט אין די ציש"אָ־שולן (1923־1926). זי איז דאָ געווען ניט נאָר לערערין, נאָר אויך שולפאַרוואַלטערין, און זי האָט באַזונדערס ליב געהאַט דעם לימוד פון נאַטורוויסנשאַפט.



אין משך פון לאַנגע יאָרן איז רוטע בערמאַן געווען אַן אָנגעזעענע טוערין

אין דער בונדישער ארגאנזאציע „יאף", (יידישע ארבעטער פרוי), וועלכע האט זיך פארנומען מיט פאליטישער און אלגעמיינער קולטור־אויפקלערונג פון די הויזפרויען, הויז־ארבעטערינס וכד'. רוטע איז דא אפט אויפגעטראטן אויף פארזאמלונגען און אנדערע מינים צוזאמענקומען. זי האט געטראגן ליכט און באוואוסטזיין אין די רייען פון די אפגעשטאנענסטע פרויען. זי האט פארמאגט טיפע פארשטענדעניש פאר די ארעמע פרויען אין זייערע נויטן און פראבלעמען.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז זי פארבליבן אין ווארשעווער געטא. זי איז דא געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער באוועגונג. זי האט געהערט צום פאטראנאט פון יתומים־אינטערנאט ביים „בונד" און אויך געארבעט אין אנדערע אינסטיטוציעס. אומגעקומען איז זי אין 1942 אין מאידאנעק.

גבילדעט און אינטעליגענט, אידעאליסטיש און פרום־סאציאליסטיש, מיט א שטארק־אנטוויקלטן געוויסנהאפטיקייט־געפיל, געטריי דער ארבעטער־באוועגונג — האט זי געדינט דער יידיש־וועלטלעכער שול אלע אירע יארן. אליין דערצויגן געווארן אין גרוים ארעמקייט אבער אין א גייסטיק־פרייער סאציאליסטישער פאמיליע, האט זי געוואלט זען דאס יידישע קינד גליקלעך, שיין דערצויגן, פריי און מוטיק, אין דעם גייסט האט זי געפירט איר ארבעט אין שול, אין זעלבן גייסט האט זי געפירט איר גאנץ לעבן.

**בערנשטיין, מירע.** — מירע און איר פאטער מאיר בערנשטיין זיינען ניט געווען סתם טאטע און טאכטער, זיי זיינען ביידע געקומען פון א מערקווירדיקן פעדאגאגיש - אידעאליסטישן הויז, פון א הויז וואו עס האט זיך געוועבט די שפאנגל־נייע טראדיציע פון שטעלן איבער אלץ דעם זכות פון דער יידישער שול און איר צענטראלער ארגאניזאציע, פון פארוואנדלען דאס מטפל זיין זיך מיט די פראבלעמען פון דער יידישער שול — ממש אין א רעליגיעזן קולט.



נאר אין דער סביבה און השפעה פון טאטן מאיר האט געקענט אויפוואקסן די לעגענדאר־הערואישע יידישע לערערקע, די טאכטער מרים.

די משפחה בערנשטיין, פון דער מוטערס זייט, שטאמט פון ערשטן העברעאישן סאציאליסט א. ש. ליבערמאן, וואס האט זיך פארמאסטן אויף גרינדן א סאציאליסטישע ארגאניזאציע ביי יידן און האט גערופן ישיבה־בחורים צו סאציאליסטישער זעלבסטבאשטימונג און צום רעוואלוציאנער - סאציאליסטישן קאמף. ווייזט אויס אז אט דער יחוס־אבות, אט די שייכות צו ליבערמאנען האט געהאט איר ווירקונג אינעם הויזגעזינד פון מאיר בערנשטיין. אלע דא, און מיטן טאטן בראש, זיינען געווען צווישן די איבערגעגעבענע פריינד און בויער פון דער יידיש־וועלטלעכער סאציאליסטישער שול, פון דער נייער סאציאליסטישער ארבעט־קולטור בכלל.

מרים האט איר לעבנסוועג געפונען אין זיין א לערערקע פון דער יידישער שול. זי האט ארויסגעוויזן פון אנהייב אן, ווי א צוגאב צו איר זעלטענעם אידעאליזם, גרויסע פעדאגאגישע פעאי־

קיטן. זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אמת־שוועסטערלעכע באַציונגען צו אירע תלמידים, האָט א סך אויפגעטאָן אויפן געביט פון קינדער־געמיינשאַפט, און זי האָט שטענדיק ערנסט און ערלעך געמיינט אין אַלע אירע אַפּט געוואַגטע פּעדאַגאָגישע עקספּערימענטן. ווען זי האָט אין די עטלעכע געציילטע יאָרן פאַר איר אומקום זיך א נויג געטאָן צום קאָמוניזם, איז די באַוועגקראַפט דערצו געווען איר ווילן צו ברענגען א תקומה פאַר דער מאָדערנער יידישער קולטור־אַרבעט בכלל און דער נייער יידישער שול בפרט. זי האָט זיך אין אַט דעם גלויבן אירן אַנגעשטויסן אויף אידעאישער אָפּאָזיציע אין איר אייגענער משפּחה: איר ברודער איז געווען א טעטיקער מיטגליד פון דער גרופּע „פּרייסאָציאַליסטן", האָט אויך אַקטיוו געאַרבעט לטובת דער יידישער שול, אָבער מיט גאָר אַנדערע, סאָציאַליסטישע כוונות. דער פאָטער מאיר איז זיין גאַנץ לעבן געבליבן א געטרייער בונדיסט. אָבער די לערערין מירע האָט, פּונקט אַזוי ווי איר טאַטע און ברודער, געהערט צום טיפּ „מתנגדים" פון ווילנער שניט, וואָס אידעאישע עקשנות האָט זיך ביי זיי געפּאָרט מיט אידעאישער ערלעכקייט און אָן־פּשרהדיקייט. פון שנאה צו קעגנער האָט זי קיינמאָל ניט געוואוסט, איר אידעאישע קעגנערשאַפט איז געווען געפלאַסטערט מיט וואַרעמער ליבע, מיט גוטן ווילן, מיט גלעטנדיקער געדולדיקייט, באַזונדערס נאָך ווען זי האָט געקענט „גיין א שטיקל וועג צוזאַמען" מיט אירע קעגנער...

ד"ר ישראל רובין

***

ווען מיהעם ראָל אין ווילנער געטאָ דערציילט ד"ר מאַרק דוואָרזשעצקי:

„באַשיידן, פאָלקסטימלעך, האַרציק, מיט א ברויזנדיקער ענערגיע און מיט א ים ליבשאַפט צו די קינדער, האָט מירע בערנשטיין זייער א סך געלייסטעט אינעם אויפשטעלן דעם געטאָ־שול־וועזן און אינעם שאַפן האַרציקע פאַרבינדענישן צווישן דער לערערשאַפט און די קינדער אין געטאָ. זי איז געווען ביי די קינדער זייער געאַכטעט, באַליבט און ממש אידעאַליזירט.

זי איז אויך געווען טעטיק אויפן סאָציאַלן געביט אַלס פּרעזידיום־מיטגליד אין געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט פון געטאָ. זי איז געווען די נשמה חיה פון די שול־אויפטריטן אין געטאָ; רעזשיסירט „אַלע מענטשן זענען ברידער", „זיי א צוכט", און אַנדערע. זי האָט אַריינגעבראַכט ענטוזיאַזם אין דער אַרבעט פון יוגנט־קלוב און קינדער־קלוב.

א ריינער געשטאַלט פון א ווילנער יידישער אידעאַליסטישער לערערין."

***

ש. קאַטשערגינסקי שרייבט:

„מירע בערנשטיין — געבוירן אין 1908 אין ווילנע. אַביטוריענטין פון לערער־סעמינאַר. לערערין און פון 1939 דירעקטאָרין פון דער ווילנער יידישער רעאַל־גימנאַזיע. אין ווילנער געטאָ פאַרוואַלטערין פון א שול.

מ. בערנשטיין איז געווען פון די איידעלסטע פּערזענלעכקייטן פון דער יידישער ווילנע. איר געזונט און לעבן האָט מירע אָפּגעגעבן פאַר די אומגליקלעכע קינדער אין געטאָ. אין די שווערסטע מינוטן און געפאַרן האָט מירע אירע קינדער ניט פאַרלאָזן. ווי אן אַקטיווע טוערין אין דער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע האָט זי דעם ווידערשטאַנד־געפיל געשטאַרקט צווישן די קינדער.

ווען די געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן, האָט זיך מירע אָפּגעזאָגט צו באַהאַלטן אין א מאַלינע, ווי ס'האָט איר פאָרגע־לייגט דער פּאַרטיזאַנער־שטאָב. אויך דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן איז מירע ניט געגאַנגען, ניט וועלנדיק זיין צו לאַסט, צוליב איר שוואַכן געזונט, פאַר אירע חברים. מירע האָט אויסגעקליבן דעם וועג מיט אַלע יידן — טרייסטן זיי, האָ־פענונג און מוט פלאַנצן, אפשר, אפשר...

אבער דאָס מאָל איז געווען דער וועג דער לעצטער — מיידאַנעק."

די געשטאַלט פון מירע בערנשטיין איז פאַראייביקט געוואָרן אינעם ליד פון א. סוצקעווער „די לערערין מירע".

## בערשלינג, משה — געבוירן אין

פּיוסק ביי לובלין. באַקומען א יידישע דערציונג און געווען דורכגעדרונגען מיט יידישער שפּראַך און יידיש וויסן. געווען א טרוימערישער בחור, שטענדיק געזונ־גען הארציקע סענטימענטאַלע לידער. גע־ענדיקט דעם וואַרשעווער לערער־סעמי־נאַר פון צענטר. ייד. שול־אָרגאַניזאַציע, און שפּעטער געאַרבעט אין עטלעכע צי־שאָ־שולן. געווען א גוטער פּעאיקער לע־רער פון יידישער שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע. די לעצטע יאָרן געאַרבעט אין לאָדזש, אין דער באָראָכאָוו־שול. אומגעקומען איז ער אין פּיוסק.

די געוועזענע שילערין פון דער אָנ־גערופענער שול, מאַלאַ מינסקא־לובעלסקי (איצט אין ניו יאָרק), שרייבט וועגן מ. בערשלינג: „לערער משה בערשלינג, דער לערער פון יידיש, איז געווען איינער פון די באַליבסטע לערער אין דער לאָדזשער באָראָכאָוו־שול, מיט א שטענ־דיקן שמייכל אויף זיינע ליפּן. אַן אָנ־גענעמער און צוגעלאָזענער, האָט ער שטאַרק אויסגענומען ביי אַלע זיינע שי־לער און שילערינס. זיין פרוי מאַניע סעגאַל איז אויך געווען לערערין פון פּויליש אין דער זעלבער שול. אויך זי איז געווען זייער באַליבט און הארציק, און ביידע צוזאַמען האָבן מיט ליבשאַפט געלערנט; און כאָטש אין צוויי באַ־זונדערע שפּראַכן, איז זייער האָפענונג און ציל געווען איינער: דערציען א געזונטן יידישן דור. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן זיינען זיי אַוועק קיין ביאַ־ליסטאָק, וואו עס האָבן זיך דאַמאָלסט אַרומגעוואַלגערט א סך צעבראָכענע און הונגעריקע היימלאָזע. דאַמאָלסט האָט דער לערער־פאַרבאַנד פון ביאַליסטאָק גע־עפנט א קיך פאַר שילער און לערער פון דער יידישער שול. און כאָטש די צייט איז געווען אַזאַ גרויזאַמע, האָט מען פאַרט דאָ געקענט געפינען א טרייסט־וואָרט צווישן די יידישע לערער. און טאַקע אין אָט דער קיך האָב איך באַ־געגנט מיינע ליבע לערער משה בער־שלינג און מאַניע סעגאַל צום לעצטן מאָל."

## בראָדסקי, חיים — איז געבוירן גע־

וואָרן אין טשודנאָוו, אוקראַינע. פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מל־חמה איז ער אַלט



געווען עטלעכע און פערציק יאָר. ער האָט געשטאַמט פון א משפּחה בונדיסטן־רעוואָלוציאָנערן. איי־נער פון זיינע ברי־דער האָט זיך באַ־טייליקט אין דער באַ־רימטער גרופּע פון בונדישן זעלבסט־שוץ פון טשודנאָוו און איז געפאַלן אין קאַמף מיט די פּאָגראָמ־טשטשיקעס (1905).

קיין ביאליסטאק איז חיים בראדסקי געקומען באלד נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה און געווארן לערער פון יידיש און געשיכטע אין א פערטן און זעקסטן קלאס און פון אלע לימודים (אויסער פויליש און קונסט־לימודים) אין א דריטן קלאס. זיין לערערישע ארבעט אין ביאליסטאק האט חיים בראדסקי אנגעהויבן אין דער יידיש־וועלטלעכער שול אויפן נאמען „גן ילדים" ביי דער יידישער שול־ארגאניזאציע אין ביאליסטאק. אין 1924־1925 קריגט ער באשעפטיקונג אין דער גראסער־שול און בלייבט ארבעטן אין דער שול ביז זיין טראגישן אומקום אין געטא פון ביאליסטאק.

ווען בנימין פלאמענבוים רעזיגנירט אין יאר 1934 פון פארוואלטער־אמט פון דער גראסער־שול, נעמט ח. בראדסקי איבער אט דעם בכבודיקן פאסטן.

חיים בראדסקי האט געהערט צו די יידישע לערער וואס זיינען געקומען צו דער יידישער שול פון חדר און רוסישער גימנאזיע. זיין יידיש־וויסן האט ער געקראגן דורך זעלבסט־בילדונג. ער האט זיך באזונדערס אויסגעצייכנט אויף די לימודים פון יידישער ליטעראטור און שפראך. ניט געקוקט אויף זיין אויסערלעכער קאלטקייט און מיושבדיקייט, האט ער געקאנט ארייַנברענגען אין קלאס א סך הארציקייט און לערערישן ברען. די קינדער האבן געהאט א סך דרך ארץ און ליבע פאר זייער לערער און דער־ציער. אויפן פאסטן פון פארוואלטער פון דער גרעסטער יידיש־וועלטלעכער שול אין ביאליסטאק ווייזט בראדסקי ארויס פאראנטווארטלעכקייט, איבערגעגעבנקייט און זארג פאר דער אינסטיטוציע, וואס איז אים אנפארטרויט געווארן.

אין 1939 אונטער דער ממשלה פון דער סאוועטן־מאכט בלייבט ח. בראדסקי דער פארוואלטער פון דער שול. וואס איז געווארן זיין גורל נאכן ארייַנמארש פון די דייטשן אין ביאליסטאק אין 1941, איז אומבאוואוסט. קיינער ווייסט אויך ניט ווי און ביי וועלכע אומשטאנדן איז ער אומגעקומען.

חיים בראדסקים פרוי, לאהקע בראדסקי, איז געווען א קראנקן־שוועסטער אין די יידישע שולן און אין תלמוד תורה, באשטימט פון „טאז" („געזעלשאפט פאר אפהיטן דעם געזונט פון יידן"). זייער זון ניומע בראדסקי איז בעתן אויסברוך פון דער מלחמה געווען א תלמיד אין דער יידישער גימנאזיע אין ביאליסטאק און א טעטיקער „סקיפיסט". פאראן ידיעות, אז דער יונגער בראדסקי האט געקעמפט אין די רייען פון די אויפשטענדלער פון ביאליסטאקער געטא און געפאלן א העלד אין קאמף.

י. מעלאמדאוויטש

**בראטמאכער, שמשון** — געבוירן אין האראדאק ביי ביאליסטאק אין 1897. געשטאמט פון א רבנישער משפחה. ביז 13 יאר האט ער געלערנט אין סלאבאדקער ישיבה. גאר יונג איז שמשל צוגעשטאנען צו דער פוע"צ - באוועגונג און אויך צו דער יידיש - וועלטלעכער שול־באוועגונג. דורך אליינבילדונג דערגרייכט ער גרויסע קענטענישן אין דער אלוועלטלעכער און יידישער ליטעראטור. א מענטש פון גרויסער באגאבטקייט, האט ער זיך ארייַנגעווארפן אין דער שול־ארבעט און איז אליין געווארן לערער פון יידישער שפראך און ליטערא־



טור, ווי אויך פון העברעאיש און פון יידישער געשיכטע — אין די העכערע קלאסן. א גלענצענדער טעמפעראמענטפולער רעדנער האט ער באגייסטערט די לערער, עלטערן און די קינדער מיט זיינע רעדעס. ניט געווען קיין איין קאנפערענץ, צוזאמענפאר, אויסשטעלונג פון דער „צישא״, וואו שמשון בראטמאכער זאל ניט זיין באטייליקט. אין זיין שולארבעט, ווי אויך אין זיינע פעדאגאגישע ארטיקלען און רעפעראטן האט ער ארויסגעוויזן א סך דרייסיקייט פון געדאנק, פראגראמאטישע איניציאטיוו. געארבעט אלס לערער אין האראדאק, בריסק, ווארשע, און די לעצטע יארן אין דער ביאליסטאקער גימנאזיע פון דער „צישא״. אזוי ווי אים האט געפעלט דער נויטיקער דיפלאם צו זיין א גימנאזיע־לערער און צו באשטעטיקט ווערן פון דער מאכט, האט ער אין ביאליסטאק געארבעט אומלעגאל, און דאס איז געווען פארבונדן פאר דער גימנאזיע, וועלכע איז אזוי אויך אויסגעשטאנען גענוג רדיפות מצד דער מאכט, מיט א סך פיינלעכע שוועריקייטן. אלע האבן אבער געשאצט דעם גרויסן ווערט פון ש. בראטמאכער, און אנגענומען די אומלעגאלע לאגע פאר ליב. ש. בראטמאכער איז געווען א העכסט ווערטפולער טאלענטירטער לערער און קולטור־טוער, וועלכער איז געווען נוצלעך פאר אלע יידישע אינסטיטוציעס אין עפנטלעכן לעבן.

יוני 1941 איז שמשון בראטמאכער ארעסטירט געווארן דורך דער סאוועטישער מאכט וועלכע האט אקופירט ביאליסטאק. זיין פרוי (אויך א לערערין פון די צישא־שולן) מיט דער טאכטער — האט מען פארשיקט אין די ווייטע מקומות קיין רוסלאנד. ווען די דייטשן זיינען אריין אין ביאליסטאק, איז שמשון באפרייט געווארן און ער איז דא פארבליבן. אין געטא, זייענדיק א פארשטייער פון קולטור־אמט ביים יידן־ראט, האט שמשון ארגאניזירט 2 יידישע שולן (פאבריטשנע 37 און נייוועלט 22), אין וועלכע ער האט געארבעט ביז דער פארניכטונג פון ביאליסטאקער געטא. דא אין געטא איז ער אומגעבראכט געווארן צוזאמען מיט זיין זון.

ש. בראטמאכער איז געווען פון די שענסטע טיפן פון דער יידישער פאלקס־אינטעליגענץ אין פוילן און פון די באגאבסטסטע לערער אין צישא־שולוועזן.

די פרוי פון ש. בראטמאכער און די טאכטער געפינען זיך היינט אין מעלבורן.

ק.

* * *

איך האב זיך מיט שמשון בראטמאכער באקאנט אין דער קרינקער ישיבה, וואו מיר האבן צוזאמען געלערנט ביז דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האט שוין אין דער ישיבה ארויסגעוויזן גוואלדיקע פייאיקייטן און ערודיציע.

מיר האבן זיך ווידער געטראפן אלס יונגע בחורים אין 1918 אין דער פועלי־ציון־באוועגונג. אין 1920 ארגאניזירט ער די יידיש־וועלטלעכע שול אין האראדאק און ווייזט גלייך ארויס גרויסע פייאיקייטן אלס לערער. אין 1921 נעמט ער אנטייל אין די לערער־קורסן וואס זיינען ארגאניזירט געווארן פון דער צישא. ער נעמט אנטייל אין די שול־צוזאמענפארן פון צישא, און ספעציאליזירט זיך אלס לערער פון יידיש און יידישע געשיכטע ; ער איז יארן לאנג א לערער אין די פארשידענע שולן פון דעם בראכאוו־שול־קוראטאריום ; נעמט אויך אן אקטיוון אנטייל אין די פעדאגאגישע זשורנאלן און אויסגאבן פון דער צישא ; איז גלייכצייטיק

שטארק אקטיוו אין דער לינקער פועלי־ציון־באוועגונג אלס טאלאנטפולער רעדנער און מיטארבעטער אין דער לינקער פועלי־ציוניסטישער פרעסע.

די לעצטע יארן פאר דער מלחמה איז ער א לערער אין דער יידישער גימנאזיע אין ביאליסטאק. דארט האב איך אים ווידער אמאל געטראפן אין יאר 1939 בעת איך בין אנטלאפן פון ווארשע ביים אויסברוך פון דער מלחמה און פארוואגלט געווארן אין ביאליסטאק.

שמשון בראטמאכער איז געווען שטארק ענטוזיאסטיש פאר דער ראטן־מאכט און האט געהאט גרויסע אילוזיעס, אז ערשט איצט וועט ער קענען פאנאנדערבינדן די הענט און ווערן שטארק אקטיוו אויפן שול־געביט וואס איז אים געווען אזוי ליב און טייער.

איך האב פרובירט אפקילן זיין באגייסטערונג, דערמאנענדיק אים די דערפארונג וואס מיר האבן געהאט מיט דער ציטווייליקער פוילישער ראטן־רעגירונג אין 1920, אויך דעם אונטערגאנג פון דעם יידישן שולוועזן אין ראטן־פארבאנד. אבער איך האב שמשונען ליידער ניט געקענט איבערצייגן. ער איז פארבליבן דער גרויסער ענטוזיאסט.

אין נאוועמבער 1939 איז גערופן געווארן א צוזאמענפאר פון לערער אין ביאליסטאק. ס'איז געקומען א פארשטייער פון מינסק, א געוויסער גינזבורג. אויף דעם דאזיקן צוזאמענפאר האט מען געשאטן פעך און שוועבל אויף די צישא־שולן אין פוילן, באצייכנענדיק זיי אלס „סאציאל־פאשיסטישע”. די אנוועזנדיקע לערער פון די צישא־שולן האבן ניט געהאט דעם מוט ארויסצוטרעטן קעגן. אנדערע האבן געהאלטן רעדעס אין זעלבן נוסח און געשפיגן אויף זייער פארגאנגענהייט. שמשול האט זיך ניט אפגעגעבן קיין רעכענונג פון דער געפאר, וואס עס דראט אים, און ער איז ארויס מיט א פייערדיקער רעדע, פארטיידיקנדיק די צישא־שולן, אז זיי זיינען די איינציקע סאציאליסטישע שולן אויף דער וועלט, און דערביי שטארק קריטיקירט די פראגראמען און לערן־ביכער פון די יידישע שולן אין ראטן־פארבאנד. די גאנצע פרעסע איז אויף מארגן ארויס געגן אים, באצייכענענדיק אים אלס טראצקיסטישער פראוואקאטאר.

זיין פרוי, חיה ראבינאוויטש, איז געקומען צו לויפן צו מיר מיט טרערן אין די אויגן, איך זאל ווירקן אויף שמשלען ער זאל אנטלויפן. מיינע רייד האבן ווידער ניט געהאלפן. איך האב זיך געווענדעט צו בערל מארק, דעם דעמאלדיקן רעדאקטאר פון ביאליסטאקער „שטערן”, ער זאל קאריגירן דעם באריכט אין דער ציטונג. מיין אינטערווענץ האט אבער ניט געהאלפן. שמשול איז גערופן געווארן צו דער ענקאוועדע. איך האב זיך געווענדעט צום לערער מאשעוויצקי, וואס איז געווען דאן פארזיצער פון דער ביאליסטאקער ציטווייליקער שטאט־פארוואלטונג, און אים געדראט אז אויב ער וועט ניט אינטערווענירן לטובת שמשלען, וועלן מיר מעלדן וואו מען דארף, אז ער איז געווען צווישן די לערער וואס פלעגן ניט שטרייקן דעם ערשטן מאי. מאשעוויצקי האט דאן אינטערווענירט לטובת שמשלען. ער איז אבער פארבליבן אונטער פאליצייאישן אויפזיכט און ס'איז אים פארווערט געווארן צו זיין א לערער. ביסלעכווייז האט ער זיך אויסגעניכטערט פון זיינע אילוזיעס בנוגע דער ראטן־מאכט. ער האט אבער ניט געהאט די מעגלעכקייט, האבנדיק א פרוי מיט צוויי קינדער, מיטצומאכן דעם וועג פון די פליטים וואס האבן זיך געשמוגלט פון סאוויעט־פוילן

קיין ליטע. בעת די דייטשן האָבן פאַר־נומען ביאַליסטאָק, איז ער אומגעקומען.

י ש ר א ל   ס ט אָ ל א ר ס ק י

**בראַנדעס, מענדל** — געענדיקט דעם וואַרשעווער לערער־סעמינאַר פון ציִשאַ. ער איז געווען פון די געציילטע און אפשר דער איינציקער גאַליציאַנער צווישן די סעמינאַריסטן (ער האָט גע־שטאַמט פון סטאַניסלאַוו). אין סעמינאַר האָט ער גלייך געצויגן די אויפמערקזאַמ־קייט מיט זיין טיפער ערנסטקייט און מיט זיין פיינעם הומאָר. „איך בין געקומען לערנען אין אייער סעמינאַר, כדי צו דער־מאָנען אייך אַז אויך גאַליציע דאַרף האָבן יידיש־וועלטלעכע שולן, נישט נאָר פוילן און ליטע”. ער האָט אויפריכטיק געגלייבט, אַז מע קאָן אַ סך אויפטאָן אין גאַליציע אויפן געביט פון דער יידיש־וועלטלעכער שול. ער איז געשטאַנען אין קאָרעספּאָנדענץ מיט זיינע חברים פון גאַ־ליציע וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים גע־ענדיקט פוילישע מיטלשולן, און ער האָט זיי אַגיטירט צו קומען אין סעמינאַר. אין גאַליציע — האָט ער געהאַלטן — דאַרף מען אָנהייבן אַ פּיאָנערן־אַרבעט, און דערצו איז נויטיק אַ גרופּע לערער־אידע־אַליסטן. ער האָט א סך געלייענט און שטודירט, זיך ערנסט געגרייט צו דער קינפטיקער לערער־אַרבעט. דער עיקר — האָט ער געטענהט — איז אַרויסצובאַ־קומען פון זיך וואָס מער ליבשאַפט, באַ־גייסטערונג פאַר דער זאַך.

די פוילישע רעגירונג האָט געפּסקנט אַז אין גאַליציע טאָרן ניט זיין קיין שולן אויף יידיש. אַלע אַזעלכע פּרואוון מצד דער ציִשאַ זיינען גלייך פון אָנהייב דער־שטיקט געוואָרן. מ. בראַנדעסן איז דע־ריבער נישט באַשערט געווען צו טאָן פּיאָנערישע שול־אַרבעט אין גאַליציע.

אַנשטאָט דעם האָט ער געאַרבעט אין זשעטל, נאָווי־דוואָר, פּינסק...

איך האָב אים טאַקע בעת די מלחמה־וואַנדערונגען געטראָפן אין פּינסק. שווע־רע צייטן געווען, מען האָט היינט ניט געוואוסט וואָס מאָרגן וועט זיין, אָבער בראַנדעס האָט נאָר גערעדט וועגן דער שול, וועגן די דערגרייכונגען, וועגן די קינדער, — אַזוי ווי ער וואָלט גאָר גע־לעבט אין אַן אַנדערווירקלעכקייט, אין אַן אייגענער אויסגעטרוימטער וועלט. — וואָס האָט איר בדעה צו טאָן? — פרעג איך אים: איר וועט בלייבן דאָ, צי איר וועט אַוועק? — איך האָב גאָר ניט געטראַכט וועגן דעם, האָט ער געענטפערט מיט אַ טרויעריקן שמייכל: ווי אַזוי קען מען עס אַוועק און אַלץ איבערלאָזן אַזוי!

י. ר אָ ט נ ב ע ר ג

***

רבקה וואַלדמאַן (מירסקאַ) — פּאַריז — אַ געוועזענע תלמידה פון ווילנער לערער־סעמינאַר, דערציילט וועגן מ. בראַנדעסן:

„געווען איז עס אין יאָר 1932, ווען אין זשעטלער שול זיינען אָנגעקומען אַר־בעטן בראַנדעס און זיין פרוי. די יידישע שול איז געווען דער צענטער פון אָרטיקן לעבן. אין שטעטל איז אַלץ געווען יידיש. פויליש האָבן נאָר גערעדט דער בור־מישטש און די פּאָליציי, וועלכע מען האָט אויך חושד געווען אַז זיי פאַרשטייען יידיש. בראַנדעס איז געקומען אין שול ווי אַ לערער פון פויליש, און דאָס אַליין האָט אָנגעשטעקט דאָס שטעטל מיט אַ געוויסן דרך ארץ צו אים. די שול איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע חסידים, וואָס ביי זיי איז די שול געווען אַ טייל פון זייער פּערזענלעך לעבן. אַז זיי פלעגן אַרויסגיין אויפן מאַרק קויפן אַ וועגל האָלץ פאַר זיך, האָבן זיי אויך

געדענקט צו קויפן א וועגל האלץ און אוועקפירן עס אין שול, די קינדער זאלן ניט פרירן. אט די יידן האבן באטראכט בראנדעסן און ארויסגעטראגן דעם ערשטן פסק: „ער מוז זיין א גוטער לערער". און אזוי איז שוין געבליבן די באציאונג פון שטעטל צו בראנדעסן. זיין א גוטער לערער האט געהייסן: געבן גוט די לעקציעס, שטענדיק לעבן מיט דער שול, פירן פארשיידענע עלטערן־ און שילער־פארזאמלונגען, אביטוריענטן־קלובן. אומעטום האט מען געזען און געפילט די ארבעט פונעם לערער בראנדעס.

אן אינטערעסאנט שטעטל איז געווען זשעטל. דער הויפט־אקטיוו ביי דער שול איז באשטאנען פון סופרים — יידן וועלכע פלעגן זיצן טאג און נאכט און שרייבן ספר־תורהס — דאס איז געווען זייער פאך, זייער פרנסה. א סך פון זיי האבן געהאט רייכע פארגאנגענהייטן אלס רעוואלוציאנערן פון 1905: געוועזענע עסעראווצעס, בונדיסטן, באלשעוויקעס. געווען אויך פרומע יידן. אלעמען האט פאראייניקט די שול. צווישן אט־די שול־טוער זיינען געווען אויך אזעלכע, פאר וועמען דער לערער בראנדעס האט געהאט א גרויסן חסרון: ער איז געווען א בונדיסט. „צו וואס, פלעגן זיי טענהן, זיין אזוי אקטיוו אין דער פארטיי, ווען מע קען אזוי פיל טאן פאר דער שול?" בראנדעס פלעגט פריי זאגן: פון דאנען טאקע נעמט ער זיין אויסדויער, נאר אדאנק דעם קען ער ארבעטן ביי אלע צווייגן פון שול און לידן אזוי פיל הונגער און קעלט; ער קען עס ניט אפטיילן. און אזוי איז בראנדעס — א שטארקער אידייען־מענטש, אן איבערגעגעבענער לערער אין יעדער מינדסטער זאך וואס האט געהאט א שייכות צום שול־לעבן — אריינגעוואקסן אין שטעטל און געווארן א טייל פון איר".

## ברוידאָ־העלער, אַננאַ ד״ר —

האט געהערט צו די געזעלשאפטלעך־אקטיווע דאקטוירים אין ווארשע, וואס האבן צווישןביידע וועלט־מלחמות געהאלפן בויען און באנייען דאס יידישע לעבן אין פוילן. מיט איר ברויזנדן טעמפעראמענט און אויסערגעווייגלעכער ענערגיע, מיט איר ארגאניזאטארישן טאלאנט און מיט איר סאציאלן צוגאנג צו מעדיצין, האט זי זייער פיל אויפגעטאן צו העלפן אויסהאדעווען פון די קינדער פון דער יידישער ארעמקייט א געזונטן דור.

א טאכטער פון א רייכן זיידן־סוחר אויף נאלעווקיס אין ווארשע, האט זי אין שווייץ שטודירט מעדיצין און אלס איר ספעציאליטעט אויסגעקליבן פעדיאטריע, דעם געביט פון היילן קינדער. אין שווייץ טרעט זי אריין אין „בונד". נאכן אומקערן זיך שוין אלס דאקטאר קיין ווארשע (בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה) האלט זי רעפעראטן און פארלעזונגען אויף גרויסע פארזאמלונגען פון יידישע ארבעטער, ווי אויך לעקציעס וועגן געזונטהייט־ און היגיענע־פראגן פאר ארבעטער־פרויען.

ד״ר העלער האט באווירקט א קרייז אידעאליסטיש געשטימטע דאקטוירים, וואס האבן אונטער איר אנפירונג אנטוויקלט א ברייט־פארצווייגטע ארבעט לטובת דעם געזונט פון יידישן פאלקסקינד. צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האט די גרופע דאקטוירים געגרינדעט א פינדל־היים פאר אונטערגעווארפענע יידישע קינדער. א פאר יאר שפעטער האט די זעלבע גרופע דאקטוירים געשאפן די געזעלשאפט „טראפן מילך", וועלכע האט אויסגעהאלטן אין דער געגנט פון דער יידישער ארעמקייט א צאל באראטונג־שטעלעס פאר מוטערס. די ארעמע מאמעס קריגן דארטן פריי אן געצאלט מעדיצינישע און היגיענישע אנווייזונגען, קריגן אויך צוגעטיילט אומ־

זיסט מילך פאר זייערע קינדער. ד"ר העלער ארגאניזירט ביים קינדער־שפיטאל אויף שליסקע א קורס אויף אויסצושולן קראנקן־שוועסטערס. זי פירט אן מיט דער גאנצער ארבעט און פארנעמט זיך נאך דערביי מיט שאפן מיטלען אויף אויסצוהאלטן די שול און אויף צו שטיצן די ארעמע שילערינס. דער צענטער פון ד"רין העלערס אויפטוען איז דער יידישער קינדער־שפיטאל אויף שליסקע גאס (אויף די נעמען פון בערסאן און באומאן). צוערשט אלס הויפט־דאקטאר פון אן אפטיילונג און שפעטער אלס הויפט דאקטאר און דירעקטאר פון שפיטאל, האט זי ראדיקאל געענדערט די מעטאדן פון היילן די קראנקע קינדער. דער שפיטאל איז אונטער איר אנפירונג געווארן בארימט אין גאנץ פוילן. דא אין שפיטאל האבן זיך קאנצענטרירט די פאלקסטימלעכע יינגערע קינדער־דאקטוירים, וואס האבן געשטרעבט צו ווידמען זייער פאר־קענטעניש צו יידישע פאלקס־קינדער.

פארבונדן מיט דער ארבעטער־באוועגונג הן פערזענלעך און הן דורך איר מאן אינזשיניער אליעזר העלער, וועלכער איז געווען אן אנגעזעענער טוער אין „בונד", האט זי איבערגענומען די אויפזיכט איבערן געזונט פון די קינדער פון דער ערשטער בונדישער קינדער־היים א. נ. בראניסלאוו גראסער (געגרינדעט אין 1915). ווען עס ווערט געשאפן א קאמיסיע פון שול־דאקטוירים ביים דינעזאן־מעדעם־רייכמאן שול־קאמיטעט, וואס האט די אויפגאבע צו פאראייניטלעכן און אויסברייטערן די מעדיצינישע אויפזיכט איבער די קינדער אין און אויסער די שולן, שטייט זי ווידער אין שפיץ פון אט דער וויכטיקער מעדיצינישער ארבעט. די דאקטוירים־קאמיסיע (העלער, נ. ליכטענבאום, א. קרוק, אייזנשטאט) שטויסט צום געדאנק וועגן שאפן א צענטראלע זומער־קאלאניע פאר לונגען־שוואכע קינדער און שפעטער צו דער בויאונג פון א סאנאטאריע פאר אט די קינדער. אננא ברוידא־העלער איז גלייכצייטיק דאקטארין אין דער גראסער־שול אויף קארמעליצקע 29.

זינט דער גרינדונג פון דער מעדעם־סאנאטאריע (אין 1926) געהערט ד"ר העלער צו איר פארוואלטונג און איז די גאנצע צייט פארזיצערין פון דאקטוירים־ראט. זי קומט אפט אין סאנאטאריע, זי העלפט לייזן אלע קאמפליצירטע פאלן פון קראנקהייטן ביי די קינדער ווי אויך צו פארבעסערן די פארש־מעטאדן. ווען די מעדיצין אין סאנאטאריע קומט אין קאנפליקט מיט דער פעדאגאגיק אין פראגן פון רעזשים פאר די קינדער, רעכנט זיך ד"ר העלער קיינמאל ניט מיט פראגן פון אמביציע אדער פון אויטאריטעט, פאר איר עקזיסטירט בלויז די פראגע, וואס איז בעסער פארן געזונט און פאר דער פסיכיק פון קינד. אויף א קאנפערענץ פון מעדיצינישע אויטאריטעטן אין ווארשע פארטיידיקט זי טאקע דעם שטאנדפונקט, אז מעדיצין אליין איז נישט גענוג אויף צו היילן קינדער דערפאלגרייך, מען דארף דערצו נאך פארמאגן ליבע און א סך פארשטענדעניש פאר זייער פסיכיק, פאר זייערע נשמות.

די ליכטיקע פערזענלעכקייט פון ד"רין העלער האט זיך ארויסגעוויזן אין איר גאנצער גרויסקייט אונטער די נאצים. אין אט דער פינצטערער און גרויזאמער צייט האט זי זיך דערהויבן צו אן אויסערגעוויינטלעכער הייך. בעת דער באמבארדירונג פון ווארשע אנהייב מלחמה האט זי געטאגט און גענעכטיקט אין שפיטאל און זי האט איר וואכזאם אויג נישט אראפגעלאזט פון די קראנקע און צום טויט־דערשראקענע קינדער. דער גאנצער פערסאנאל האט געארבעט גאנצע מעת־

לעתן אן שלאף און אן רו. ווען א נאצישער קאמיסאר האט מיט א רעוואלווער אויפן טיש געגעבן ד״ר העלער באפעלן צום שאדן פון די קינדער, האט זי אומדערשראקן זיך קעגנגעשטעלט און שארף פראטעסטירט. דאס איז נאך געווען אין אנהויב פון דער אקופאציע.

דארף מען ראטעווען פון אונטערגאנג די גרויסע מחנות הונגעריקע און פארוואַרלאזטע קינדער, וואס פארפלייצן די גאסן פון געטא, העלפט ד״ר אננא ברוידא־העלער ארגאניזירן פאטראנאטן פאר אט די קרבנות פון די רוצחישע נאצים. זי געהערט אויך צו דער אנפירונג פון בונדישן „רויטן קרייץ", וואס האט די אויפגאבע צו שאפן הילף און ראטעווען פון אונטערגאנג די אלע, וואס ס'האט זיך נאך געלאזט ראטעווען. בעת מען טרעט צו אונטער די נאצים צוריק אויפלעבן די מעדעם־סאנאטאריע, איז ד״ר העלער צווישן די געציילטע פערזאנען וואס האבן אנגעפירט מיט דער ארבעט (די סאנאטאריע האט זיך געהאט געשלאסן אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה). אט די גרופע מענטשן שטעלט זיך נישט אפ פאר קיין שוועריקייטן, און די סאנאטאריע ווערט ווידער געעפנט מיט א גרעסערער צאל קינדער און מיט כמעט א נייעם פערסאנאל. ד״ר העלער שטייט ביזן לעצטן מאמענט אין קאנטאקט מיט דער סאנאטאריע און העלפט זארגן פארן אויפהאלטן די קינדער ביים לעבן.

די גייסטיקע גבורה פון אט דער פרוי איז געווען אזוי גרויס, אז זי האט נאך געפונען אין זיך כוחות צו פירן וויסנשאפטלעכע פארשונגען איבער די קראנקע אין געטא. גרויס איז געווען די צאל פון די, וואס פלעגן יעדן טאג פארשניטן ווערן אין ווארשעווער געטא פון הונגער און עפידעמיעס. איבער די וואס פלעגן פאמעלעך אויסגיין פון הונגער, זיינען עס געפירט געווארן די פארשונגען. באשרייבונגען פון קראנקהייטן זיינען געפירט געווארן דורך ד״ר העלער און אנדערע דאקטוירים (א. מילייקאווסקי). נאך דער ליקווידאציע פון געטא האט מען די דאזיקע פארש־ארבעטן געפונען און ארויסגעגעבן אין בוך־פארם אויף פויליש; לעצטנס איז דער בוך ארויס אויך אויף ענגליש (Diseases of Starvation). די מעדיצינישע וועלט באטראכט די דאזיקע פארשונגען פאר א ווערטפולן וויסנשאפטלעכן מאטעריאל.

ש. גילינסקי

⁂

דער קינדער־שפיטאל אויף שליסקע איז איבערגעטראגן געווארן אויף ראג זשעלאזנע און נאוואליפיע א צען טעג פארן אנהויב פון דער „אויסזידלונג־אקציע" פון ווארשעווער געטא. דער צוועק איז געווען צו שאפן נאך א גרעסערן כאאס און פאניק צווישן דער יידישער באפעלקערונג. יעדן טאג זיינען ארויסגעשיקט געווארן פון געטא טויזנטער יידן, אבער נישט געקוקט אויף דער פארצווייפלונג, וואס דאס האט ביי אלעמען ארויסגערופן האט ד״ר העלער זיך נישט פארלוירן און מיט פארטאפלטער ענערגיע זיך פארנומען מיט ארגאניזירן דעם שפיטאל. זי איז נישט ארויס פון שפיטאל נישט בייטאג און נישט ביינאכט, האלטנדיק, אז אין אזעלכע שוידערלעכע באדינגונגען טאר די ארבעט פון טראגן הילף פאר קראנקע מענטשן אויף קיין איין מינוט נישט אפגעשטעלט ווערן.

אין א פאר טעג ארום האט די געסטאפא געצוואונגען ד״ר העלער איבערצוטראגן איר שפיטאל אין איינעם פון די פליגלען פון דער פאלקס־שול אויף

ניסקע גאס, וועלכע האט איצט באקומען דעם נאמען „אומשלאג־פלאץ" און פון וואנען הונדערטער טויזנטער יידן זיינען אפגעשיקט געווארן קיין טרעבלינקע. אויך דארט האט ד"ר העלער טאג און נאכט זיך פארנומען מיט זארגן פאר די קראנקע. יעדן טאג זיינען ס. ס.־יונגען באפאלן דעם שפיטאל און געפרואווט טעראריזירן די ד"ר העלער, אבער זי האט עקשנותדיק זיך איינגעשטעלט פאר די רעכט פון קראנקע מענטשן אויף הילף. די מאסן יידן וואס זיינען געלעגן צונויפגעדריקט אויפן אומשלאג־פלאץ, ווארטנדיק אפגעשיקט צו ווערן מיט די טראנספארטן, האבן געשעפט האפענונגען, ווען זיי האבן געקוקט אויף דער פאן פון רויטן קרייץ, וואס האט געפלאטערט אויפן שפיטאל. אויב, האבן זיי געטראכט, עס געפינען זיך נאך מענטשן, וואס ווילן ראטעווען קראנקע און פארמאגן נאך ענערגיע צו קעמפן פאר די רעכט פון די קראנקע, איז נאך נישט אלץ פארלוירן.

ד"ר העלער, פארזונקען גאנצע פיר און צוואנציק שעה אין מעת־לעת אין איר שפיטאל־ארבעט, האט פונדעסטוועגן אויך געדענקט אין די, וואס האבן זיך געפונען אויף יענער זייט טויער פון שפיטאל. איינשטעלנדיק איר לעבן, האט זי אויס־באהאלטן אין שפיטאל די וואס האבן פון אומשלאג־פלאץ זיך אהין אריינגע־גנבעט דורך פארשיידענע פארטלען. שפע־טער האט זי דורך אומוועגן זיי צוריק אוועקגעפירט אין געטא.

ווער עס האט געזען ד"ר העלער אין דעם דאזיקן שפיטאל מיט אירע ברענענ־דיקע אויגן און איינגעפאלענע באקן, איז נישט אימשטאנד צו פארגעסן דאס דא־זיקע פנים אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקריצט צער, ענערגיע און עקשנות־דיקער באשלוס נישט צו פארלאזן איר וואך־פאסטן ביזן לעצטן אטעם־צוג.

ווען דער אומשלאג־פלאץ איז געווארן ליקווידירט און די געטא איז געווארן קאנצענטרירט אויף די נאלעווקעס (מיט אן ערך 25 טויזנט יידן, נישט אריינרע־כענענדיק די ארבעטער אין די שעפער און די אויסבאהאלטענע), איז דער שפי־טאל פון ד"ר העלער איינגעארדנט גע־ווארן אויף גענשע גאס, און ווידער האט זי זיך גענומען צו דער ארבעט. דעמאלט האט מען שוין גוט געוואוסט וואס עס איז דער גורל פון די „אויסגעזידלטע". אחוץ דער גרופע אונטערערדישע קעמ־פער, וועלכע זיינען צוגעטראטן צו ארגא־ניזירן דעם ווידערשטאנד קעגן די דייטשן, האבן די איבעריקע יידן פון געטא זיך דערהאלטן ביים לעבן בלויז מיטן כוח פון פרימיטיוון לעבנס־אינ־סטינקט. ד"ר העלער אבער האט געשעפט איר ענערגיע פון איר זעלבסט־אפפערונג און פון ארבעט פאר די, וועלכע האבן זיך גענויטיקט אין איר מעדיצינישער הילף. וועגן זיך האט זי אינגאנצן נישט גע־טראכט. מען האט איר פארגעלייגט זיך צו ראטעווען אויף דער ארישער זייט, אבער זי האט וועגן דעם נישט געוואלט הערן. זי האט געטאן אלץ וואס מעגלעך צו ראטעווען איר איינציקן זון, איר שנור, איר אייניקל, איר שוועסטער, שוואגער און שוועסטערן־זון. זי האט געטראכט וועגן פריינד און באקאנטע. זי האט גע־פונען א וועג ווי זיך מיט אלעמען צו שטעלן אין פארבינדונג, אלעמען צו געבן עצות, אבער אליין האט זי באשלאסן צו בלייבן מיט אירע קראנקע און מיט אירע מיטארבעטער.

ווען ס'איז אויסגעבראכן דער געטא־אויפשטאנד, איז זי נאך אלץ געשטאנען אויף איר פאסטן, און אין דער לעצטער מינוט, ווען אלץ איז שוין געווען פאר־לוירן, האט זי צוזאמען מיט איר שוועס־טער אפטערגוט, מיט בערטא קאסטע־

לאַנסקאַ און אַנדערע שפּיטאָל־מיטאַרבעטער זיך באַהאַלטן אין אַ בונקער. שוין נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ איז נאָך געווען אַ ידיעה פון ד"ר העלערס בונקער. שפּעטער איז אַלץ פאַרשטומט געוואָרן.

העלענאַ שעפּנער

## ברוידע, חיים (עווגעני)

— געבוירן אין ביאַליסטאָק, האָט ער געענדיקט די דאָרטיקע „יוגנט־פאַריין־שול", שפּעטער האָט



ער דורכגעמאַכט דעם פּעדאַגאָגישן לערערקורס אין ביאַליסטאָק, אָבער דאָס באַפרידיקט ניט ח. ברוידען און ער קומט אָן אין דעם יידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע. געענדיקט דעם סעמינאַר, איז ער געוואָרן אַ לערער אין די ציש"אָ־שולן פריער אין לובלין און שפּעטער אין וואַרשע. ער האָט זיך גאָר גיך דערוואָרבן דעם בעסטן נאָמען פון אַ דערציער, לערער און שולטוער. אינגיכן ווערט ער באַשטימט פאַר אַ פאַרוואַלטער פון דער גרויסער שול א"נ פון בר. גראָסער, אין וואַרשע.

„חיים ברוידע איז פון זיין פריסטער קינדהייט געווען אַ יתום, — דערציילט זיינע אַ יוגנט־חברטע פייגל באַראַקין־מעלאַמדאַוויטש: ער האָט זיך געהאָדעוועט ביי זיינער אַ מומען. די מומע איז אים געטריי, זאָרגט פאַר אים, עס פילט זיך אָבער גלייך, אַז דעם קליינעם חיים פעלט צערטלעכקייט, פעלט דאָס גליק פון האָבן טאַטע־מאַמע. ער רופט זעלטן שול־חברים צו זיך אַהיים, ביי זיי איז טונקל און ניט פריילעך. דערפאַר קומט ער אָפט צו אונז, זיינע שול־חברים. אין אונזער סביבה לעבט ער אויף, ער איז אָבער קיין מאָל ניט צו פריילעך, ער לאַכט ניט, נאָר ער שמייכלט, שטענדיק עפּעס ווי צוריקגעהאַלטן. ער פאַרמאָגט אָבער אַ צאַרטע און פילבאַרע נשמה. ער איז אינטעליגענט און פּעאיק. אַלס קינד איז ער שוין אַ קליינער דיכטער, נישט איין ליד און פּאָעמע שרייבט ער דעמאָלט אָן. ער האָט אַ רייכע פאַנטאַזיע, און ער פאַרטרויט עס דעם פּאַפּיר. אַזוי וואַקסט ער, און די ערנסטקייט מיט אים. ער קלייבט פאַר זיך אויס דעם וועג פון ווערן אַ יידישער לערער, ווי די מערסטע פון אונז, זיינע שול־חברים און חברטעס האָבן עס געטאָן. אין לערער־סעמינאַר צייכנט ער זיך באַלד אויס מיט זיינע פעאיקייטן סיי אין מאַטעמאַטיק סיי אין הומאַניסטיק. ער לערנט און שטודירט אַ סך. אויך אַלס לערער שטייגט ער גיך. ער ווערט מיט דער צייט פאַרוואַלטער פון אַ באַדייטנדער יידישער פאָלקשול אין וואַרשע. ער איז איבערגעגעבן זיין אַרבעט מיט לייב און לעבן. ער פילט די אחריות, וואָס עס ליגט אויף אים, ער איז אַ דערציער פון יידישע פאָלקס־קינדער, און פירט אויס זיין אַרבעט בשלמות. אפילו ווען ער פילט זיך ניט גוט, ער איז ניט געזונט, וויל ער זיין אַרבעט ניט פאַרלאָזן, און זאָגט זיך אפילו אָפּ פון אורלויב צו קענען פאַרבעסערן זיין געזונט. אַזוי שטייט ער ביזן סאַמע אויסברוך פון דער מלחמה אויף זיין פּאָסטן."

אין וואַרשעווער געטאָ האָט ח. ברוידע צוזאַמען מיט די אַנדערע ציש"אָ־לערער אַ צייט אָנגעפירט די אומלעגאַלע אונטערערדישע שול־טעטיקייט, און שפּעטער ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער יידן־ראַט און די שולן זיינען לעגאַליזירט געוואָרן, איז ער געווען איינער פון די לערער אין די טעטיקע דריי ציש"אָ־שולן.

דאַ אין וואַרשעווער געטאָ איז זיין יונג לעבן פאַרשניטן געוואָרן.

אין דעם „יזכור" פון ייוואָ (ייוואָ־בלעטער, סעפּט.־אָקט., 1945) ווערט וועגן חיים ברוידע דערציילט:

„חיים ברוידע איז געווען אין דעם ערשטן ארויסלאָז פון ווילנער יידישן לערער־סעמינאַר. געקומען איז ער פון ביאַליסטאָק, וואו ער איז געוואַקסן אין אַן אַסימילירטער משפחה; אין די פּאַפּירן איז ער געווען פאַרשריבן עוגעניוש, נאָר גערופן האָט ער זיך חיים. אַ פּופּצן יאָר האָט ער געאַרבעט אין וואַרשע ווי אַ לערער, שפּעטער ווי אַ פאַרוואַלטער פון אַ ציש״אָ־שול. אויף איין זומער איז ער געקומען קיין ווילנע און האָט צוגעגרייט דאָס בוך „די ערשטע יידישע שפּראַך־קאָנפערענץ," אַ מוסטער פון דאָקומענטאַציע. שפּעטערדיקע פּרואוון אים אריבערצונעמען קיין ווילנע זיינען מער ניט געראָטן, ווייל דער ייוואָ האָט אים ניט געקאָנט געבן אפילו דאָס ביסל וואָס ער האָט פאַרדינט פון דער פּעדאַגאָגישער אַרבעט. שוין פון אונטער היטלערן איז אָנגעקומען אין ניו יאָרק אַ בריוו צו נוטע פריינד, מען זאָל אים מיט זיין משפחה ארויסנעמען. ס'איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט."

**ברוידע, רחל** — געבוירן אין טראָק (לעבן ווילנע), געענדיקט די פרעבל־קורסן וואָס זיינען אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה (1920־1921) געווען אָרגאַניזירט ביי דער ווילנער קהילה. געאַרבעט פון 1921 ביז דער היטלער־אָקופּאַציע אַלס לערערין אין דער ש. פרוג־שול. געווען אַ פּאָעטיסע און איבערגעגעבענע לערערין. געקענט גוט העברעאיש, זיך אויסגעלערנט ענגליש. געווען אַ יאָר אין לאָנדאָן אויף אַ ספּעציעלן קורס פון ענגלישער שפּראַך. און אין די לעצטע יאָרן ווען די שולן האָבן דורכגעמאַכט אַ פינאַנציעלן קריזיס, האָט זי געגעבן פּריוואַטע לעקציעס פון ענגליש.

רקל ברוידע איז אויך געווען אַ טעטיקער מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון לערער־פאַריין.

רחל ברוידע האָט אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע געאַרבעט אין דער שול־אָפּטיילונג פון ווילנער יידנראַט, געווען אַ מיטגליד פון שול־ביוראָ אין געטאָ. זי האָט אויך גענומען אָנטייל אין דער אונטערערדישער באַוועגונג און איז געווען פאַרבונדן מיט דער פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנען־אָרגאַניזאַציע; זי איז געווען אַ מיטגליד (מצד די קאָמוניסטן) אינעם פּרעזידיום פונעם געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט. צוליב איר פיזישן צושטאַנד איז זי ניט אַוועק אין דער פּאַרטיזאַנקע. בעת איינער פון די נאַצישע אַקציעס איז זי ארויסגעשיקט געוואָרן קיין מיידאַנעק.

דערציילנדיק וועגן דער טעטיקייט פונעם אַלגעמיינעם לערער־פאַרבאַנד אין ווילנער געטאָ, גיט איבער ד"ר מ. דוואָרזשעצקי: „... און איין מאָל איז פאָרגעקומען אַ הזכרה נאָך אַלע אומגעקומענע און פאַרשוואונדענע לערער פון געטאָ נומער איינס און געטאָ נומער צוויי. כ'דערמאָן זיך: ביי אַ טויטער שטילקייט האָט די לערערין רחל ברוידע איבערגעלייענט אַ ליסטע פון הונדערט און צען ווילנער אומגעקומענע לערער".

**ברוידע, שיע** — „האָט געשטאַמט פון לאָדזש, האָט שטודירט אין פּראַג, איז געווען אַ לערער פון לאַטיין אין



ווילנע אין דער גימ־נאזיע סאפיע גורע־וויטש און שפּעטער אין ווארשע. ער איז געווען זייער אַקטיוו אין דער ווארשע־ווער געזעלשאַפט פריינד פון ייווא און איין צייט איז ער געווען אַ שליח פון ייווא. ער האָט געטרוימט וועגן אויס־גאַבעס פון גריכישע און לאַטיינישע קלאַסיקער אין יידיש, און כאָטש ער האָט אויך געהאַט אי געזעלשאַפטלעכע, אי בפירוש פּאָליטישע אינטערעסן, פלעגן זיינע גרויסע אויגן גלאַנצן צום מערסטן ווען ער פלעגט אַרויפברענגען דעם שמו־עס אויף טאַציטוסן, וואָס אַנטקעגן אים איז ציצעראָן געווען אַ קליין מענטשל. שיעס פרוי איז אומגעקומען פון אַ ניט־געראָטענער אָפּעראַציע אין אַ קעלער ביי אַ חלבן ליכטל נאָך דעם ווי אַ באָמבע־שפּליטער האָט זי געטראָפן בעת דער באַלאַגערונג פון ווארשע אין 1939. וואָס פון זיינע קינדער איז געוואָרן קען מען זיך אָנשטויסן. ער אַליין איז דערמאָנט צווישן די אומגעקומענע אין דער רשימה וואָס עמנואל רינגעלבלום ע״ה האָט אַרויסגעשיקט פון ווארשע ערב זיין אייגענעם אומקום.״

***

לויט די ידיעות פון ש. ברוידעס אַ קרובה אין ניו יאָרק, איז ער געבוירן געוואָרן אַז ערך אין 1895. זיין פּאָטער איז געווען אַ מאָדערנער ייד, געלייענט מענדעלע מו״ס א״א, געהאַט אַ געשעפט פון זאַקן. וועגן שיעס טויט אין וואר־שעווער געטאָ זיינען דאָ צוויי ווערסיעס: איינע, אַז ער איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד, אַ צווייטע — אַז ער איז אַרויס־געפירט געוואָרן קיין מיידאַנעק.

רחל אויערבאַך דערציילט וועגן אַ צאָל יידישע זשורנאַליסטן וואָס האָבן זיך גענומען דאָס לעבן בעתן ערשטן גירוש אין ווארשע. „דאָס זעלבע, זאָגט זי, האָט געטאָן דער איבערזעצער פון אַ ריי דיאַ־לאָגן פון פּלאַטאָ אויף יידיש, דער באַ־קאַנטער קולטור־טוער יהושע ברוידע.״

די לעצטע יאָרן פאַרן קריג איז שיע ברוידע געווען ערנסט קראַנק און האָט פאַרבראַכט לאַנגע חדשים אין די אָט־אָווצקער וועלדער. ער האָט אָבער קיינ־מאָל ניט פאַרלוירן זיין וואונדערבאַרן הומאָר, זיין שטענדיקע שפּאַסיקייט און זיין פריינדלעכע באַציונג צו מענטשן. פערזענלעך באַפריינדעט מיט די פירער פון ציש״אָ, איז שיע ברוידע אייניקע מאָל צוגעצויגן געוואָרן צו פאַרשיידענע אַרבעטן פון דער ציש״אָ. ער איז געווען געפּלאַנט אַלס דירעקטאָר פון דער יידיש־וועלטלעכער גימנאַזיע אין ווארשע, — אָבער די פּוילישע שול־מאַכט האָט זיך אונטער פאַרשיידענע אויסריידן אָפּגע־זאָגט צו געבן דער ציש״אָ אַ דערלויבע־ניש אויף אַ מיטלשול אין דער יידישער שפּראַך. אָבער שיע פון זיין זייט האָט שטענדיק באַטראַכט די ציש״אָ־שול ווי זיין שול.

## ברומבערג־גאַוועגדאַ, מ ר י ם

(מאַרילאַ) — געבוירן אין לאָדזש אין יאָר 1908. אין 1914, מיטן אָנפאַנג פון דער 1־טער וועלט־מלחמה, איז די משפּחה אַריבערגע־פאָרן קיין סוועטציאַן לעבן ווילנע, די היים־שטאָט פון איר פאָ־טער, אברהם זאב ברומבערג. אַ ייד אַ סוחר און גלייכצייטיק אַ גרויסער גע־



זעלשאפטלעכער עסקן, איז ער אין די יארן פון דער דייטשער אקופּאציע געווען דער פירער פון דער סווענציאנער יידישער קהילה, געשעצט און געאכטעט ניט נאר דורך די יידן, נאר אויך פון דער ניט־יידישער באפעלקערונג.

די משפּחה ברומבערג, ווי טראגיש־איראניש עס זאל ניט קלינגען אין אנבליק פון דער שוידערלעכער היטלער־עפּאכע, איז אומגעבראכט געווארן דורך די באלשעוויקעס: דער פאטער צוזאמען מיט צוויי זיינע זין, שמעון און הענריק, זיינען אומגעבראכט געווארן דורך זיי דעם 2־טן מאי 1919; מארילע און דער יינגסטער ברודער זיינען אומגעקומען אין רוסלאנד אין רער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה טיף אין סאוועטישן רוסלאנד. געבליבן ביים לעבן זיינען נאר 2 פון די 6 קינדער.

מארילע ברומבערג האט איר ערשטע דערציאונג באקומען אין סווענציאן אין דער יידישער שול. זי האט פארענדיקט אן 8־קלאסיקע גימנאזיע אין ווילנע און שפּעטער גראדואירט אוניווערסיטעט אין ליטעראטור און געשיכטע. אין ווילנע האט מארילע ברומבערג שטענדיק אנגעהאלטן פארבינדונגען מיט די קרייזן פון יידישע לערער און נאכגעפאלגט מיט א ספּעציעלן אינטערעס די אנטוויקלונג פון דעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן.

נאכן פארענדיקן דעם אוניווערסיטעט האט מארילע גענומען א ספּעציעלן קורס און באקומען א דיפּלאם פון א לערער פאר פאלקס־ און מיטל־שולן.

איר לערער־קאריערע האט זי אנגעהויבן אין סווענציאן. זי האט אויך געארבעט אין דער ציש"א־שול אין זאמאשטש, אין דער יידישער גימנאזיע פון ס. מ. גורעוויטש אין ווילנע און אין אנפאנג פון דער 2־טער וועלט־מלחמה ווידער אין דער יידישער שול אין סווענציאן. א קורצע צייט האט זי געארבעט אין דער מעדעם־סאנאטאריע אין מיעדזעשין, לעבן ווארשע.

פון נאטור א לעבעדיקע, רירעוודיקע און שטענדיק א פריילעך־זינגענדיקע, האט זי פארמאגט אלע געגעבענע צו זיין ניט נאר א לערערין, נאר אויך א דערציערין און אן אמתער פריינד פון די קינדער, וועלכע האבן ממש געקלעפּט צו איר און איר ליב געהאט ווי א שוועסטער און א חברטע. זי האט זיך אויסערגעווינלעך אריינגעלעבט אין דער גאנצער אטמאספער פון דער סאנאטאריע.

אין אנהייב פון דער היטלער־מלחמה האט זיך מארילע מיט איר מאן שמואל גאווענדא, צוריק באזעצט אין סווענציאן, וואס איז געווארן אקופּירט דורך סאוועטישן מיליטער. דארטן האט זי געבוירן א קינד, און ווען די דייטשן האבן זיך דערנענטערט צו סווענציאן, איז זי, מיט איר מאן און ניי־געבוירן קינד אויף אירע הענט — אוועק טיף אין רוסלאנד. דאס קינד איז אין טראגישע אומשטענדן אומגעקומען אויפן שווערן וועג. זי אליין — נאך קנאפּע 3 יאר פון וואגלעניש, פּלאגעניש און יסורים, איז אומגעקומען פון א קראנקהייט אין טאשקענט.

**בריקנער, לאה** — געשטאמט פון לעמבערג. זי איז געווען פארוואלטערין (די „אויסערלעכע" פאר דער מאכט) פון דער ווילנער מיטל־שול „אסתר רובינשטיין" אויף סוויאנסקע גאס. אין געטא איז זי געווען לערערין אין דער שול נ. 2 אויף שאוועלסקע גאס 1 — אין זעלבן לאקאל האט זיך געפונען דער לערער־פאריין. יעדן אוונט פלעגן זיך דארט די לערער טרעפן, דארט פלעגט מען זיך אויף א מאמענט פארגעסן אין די שוידערלעכע געשעענישן. זייער אקטיוו איז דארט געווען די לערערין בריק־

נער אלס ווירטשאפטלעכע ליימעריין — זי און דער לערער מאַרשאַק פלעגן זיך באַמיען צו מאַכן די אַטמאָספערע אָנ־גענעם, און דער עיקר מען זאָל ניט אוועקגיין אַז א גלאַז טיי מיט א שטיקל טרוקן ברויט. דאָרט איז פאַריין פלעגן פאָרקומען אינטערעסאַנטע רעפעראַטן, שמועסן — דאָרט איז געווען די אמתע היים פון אַלע ווילנער לערער.

## ברעסלאוער, העלא — געבוירן

אין וואַרשע ביי גאָר רייכע חסידישע עלטערן — דער פאָטער א לערער־סוחר, שפּעטער פאַראַרעמט געוואָרן. העלא האָט באַקומען מיטעלע בילדונג און האָט גע־ענדיקט אין וואַרשע די שול פאַר קונסט־האַנט־אַרבעט פון ה. פרענדזעל. העלא ברעסלאוער האָט געאַרבעט אין די ציִשאָ־אַנשטאַלטן אויף דער פּראָווינץ און א קורצע צייט אויך אין וואַרשע.

## גאָלדבערג, אליעזר — געאַרבעט

אַלס אינערלעכער פאַרוואַלטער אין דער ווילנער מיידל־שול אויפן נאָמען פון אסתר רובינשטיין. ער איז געווען א ייִד א למדן און מיט וועלטלעכער בילדונג. בעת דער הערשאַפט פון די נאַציס גע־האַלטן יעדע וואָך אין בית מדרש פון ווילנער געטאָ רעפעראַטן איבער היסטאָ־רישע טעמעס. ער איז דעלעגירט גע־וואָרן אין דער שול "קאַילים", א בלאָק אויסערן געטאָ; דאָס איז געווען א שול פאַר די קינדער פון די אַרבעטער אין דער פוטער־פאַבריק. פאַרוואַלטער פון דער דאָזיקער שול איז געווען יאַנקל קאַפּלאַן. דאָרט האָט אויך געאַרבעט די לערערין לוסקי (אומגעקומען אויף מיי־דאַנעק 1943) און אויך דער לערער אַפּעסקין. אליעזר גאָלדבערג איז אומ־געקומען אין עסטאָניע.

## גאָלדבערג, בן־ציון — געבוירן

אין ווילנע, 1906, אין א רעליגיעזער משפּחה. ער ענדיקט די פאָלקס־שול און קומט אַן אין 1922 אין ייִדישן לערער־סעמינאַר. ער איז זייער פעאיק און איז איינער פון די בעסטע שילער אין זיין קורס.

ער איז באַטייליקט אין די בונדישע יוגנט־קרייזן ביים סעמינאַר.

אין 1927 ענדיקט ער דעם סעמינאַר. די ציִשאָ שיקט גאָלדבערגן קיין פּינסק אין דער גלויבערמאַן־שול, וואו ער אַר־בעט די גאַנצע יאָרן זינטן ענדיקן דעם סעמינאַר ביזן אויסברוך פון דער מל־חמה. ער איז איינער פון די בעסטע לערער דאָרט אין שול. ער אַרבעט אין די עלטערע קלאַסן.

גאָלדבערג איז אַן אַקטיווער בונדיסט און פירט אַן מיט דער „סקיף”־אַרבעט אין פּינסק. ער אַרבעט אויך אויף קאַ־לאַניע־אַרבעט ביי פּינסק.

זיין גורל נישט באַוואוסט.

## גאָלדבערג, י. — געשטאַמט פון דער

וואַרשעווער אָרעמקייט און איז געווען אַן אַביטוריענט פון דער שול אויף דזשיקע 6. די לערער אין שול באַמערקן שנעל זיין מוזיקאַלישקייט און העלפן אים אַנטוויקלען זיינע פעאיקייטן אין דער ריכטונג. נאָכן פאַרענדיקן די שול, אַרבעט ער א סך אויפן געביט פון מוזיק. א דאַנק זיין צאַרטער דינער שפּי־רעוודיקייט, זיין גרויסער ליבע צו מו־זיק דערגרייכט ער זייער א סך. ער פירט אַן אין וואַרשע מיט א יוגנט־כאָר, ער ווערט שנעל אַנערקענט און ווערט לערער פון געזאַנג אין די ייִדישע שולן.

בעת דעם אויסברוך פון דער מלחמה האָט ער זיך געפונען אויף טוואַרדע־גאַס מיט זיינע אָרעמע עלטערן און שוועסטער,

פאַר וועלכע ער איז איבערגענומען מיט זאָרגן. ער האָט געהערט צו די וואָס האָבן בייגעטראָגן א סך כדי צו פאַרזיסן די ביטערע טעג פון די קינדער אין געטאָ. זיינע געזאַנג־נומערן און קאָנצערטן אין דער קיך און שפּעטער אין די שולן; זיינע קינדער־פאָרשטעלונגען האָבן געוואונען א סך דערפאָלג. אויסגעמאַטערט, דערשעפּט און צעבראָכן פון די טעגלעכע מעשים פון די דייטשן, איז ער געוואָרן איינגעבראָכן און אָפט גענייגט צו טרערן. זיינע לידער און קאָמפּאָזיציעס זענען געווען שטימונגספולע, פון וועלכע עס האָט געאָטעמט אן אומענדלעכער טרויער.

בעת דער ליקווידאַציע פון דער קלײנער געטאָ (טוואַרדע, שליסקע און די גאַנצע געגנט) ווערט י. גאָלדבערג אויסגעזידלט צוזאַמען מיט זיינע עלטערן.

ג ע נ י א ס י ל ק ע ס

## גאָלדמאַן, גאָלדע — די שוועסטער

פון שואל גאָלדמאַן, געבוירן אין ביאַליסטאָק, אין 1892, ביי נישט פאַרמעגלעכע עלטערן. באַקומען מיטעלע בילדונג (גימנאַזיע), איז זי אין 1919 געוואָרן א לערערין אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. ביז 1923 האָט זי געאַרבעט אין ביאַליסטאָק, שפּעטער אין לונע און אין פּרושאַנע. ווען אין 1926 האָט זיך געעפנט אין גראָדנע א שול פון ציש"א, איז גאָלדע גאָלדמאַן אַריבער אַהין, און האָט דאָ געפירט אן 1־טן און 2־טן קלאַס, ווי אויך געלערנט מאַטעמאַטיק אין עלטערע קלאַסן. גאָלדע האָט גלייכ־



ציטיק געאַרבעט אויף די אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע, געטאָן א סך אַרבעט אין די קינדער־קלובן און אויף די זומערקאָלאָניעס. געווען אויך אַקטיוו אין דער ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון שלום עליכם ביי דער „יידישער יוגנט".

פון 1941 איז זי אין ביאַליסטאָקער געטאָ. ביי דער ליקווידאַציע פון געטאָ אין 1943 איז זי אַרויסגעפירט געוואָרן קיין מײַדאַנעק און דאָרט פאַרגאַזט געוואָרן.

אויסערגעוויינטלעך געטריי דער יידיש־וועלטלעכער שול, האָט זי איר גאַנצן שטילן באַשיידענעם לעבן געווידמעט דעם יידישן קינד. אַליין ניט געהאַט קיין פערזענלעך לעבן, האָט זי געלעבט מיט דער שול און מיט איר אַרומיקער סביבה. אויף פאַרשיידענע לערער־קורסן און קאָנפערענצן האָט זי דערגאַנצט איר בילדונג און פּעדאַגאָגישע צוגעגרייטקייט, און אירע גאָרע קענטענישן און פעאיקייטן האָט זי געבראַכט אין שול און איבערגעגעבן דעם יידישן קינד.

## גאָלדמאַן, פּעשקע — אויסזיכטלאָז און פאַרצווייפלט איז געבליבן א גרופּע לערער, וואָס האָבן געענדיקט אין ווילנע דעם יידישן לערער־סעמינאַר אין יוני 1931. די רעגירונג האָט פּלוצים צוגענומען ביים סעמינאַר די רעכט און האָט מער ניט באַוויליקט צו שיקן איר עקזאַמענירקאָמיסיע צו די עקזאַמענס פון סוף שוליאָר. צום נייעם לערניאָר האָט זיך דער סעמינאַר שוין אין גאַנצן ניט געעפנט.

אויב דער דאָזיקער באַשלוס פון דער שולמאַכט האָט אונטערגעהאַקט די פליגלען פון קרוב צוויי הונדערט יוגנטלעכע וואָס האָבן זיך געגרייט צו ווערן לערער ביי יידן, איז די לאַגע פון די אַביטור־

ריענטן פון לעצטן קורס געווען א הימל־שרייענדיקע. זיי האבן שוין דורכגעמאכט דעם פולן פינף־יאריקן קורס פונעם לערער־סעמינאר, זיי האבן שוין זייערע לערער־דיפלאמען, און די שולמאכט אנערקענט זיי נישט.

בלויז פינף סעמינאריסטן פון די העברעע קורסן איז געלונגען במשך פון די יארן 1932 און 1933 אריינצוקומען אין אנדערע סעמינארן און ארויסבאקומען אנדערע דיפלאמען פון יענע אינסטיטוציעס, און אזוי ארום האבן זיי זיך איינגעגלידערט אין דער לערער־משפחה.

שווער איז געווען פאר די איבעריקע צוואנציק אביטוריענטן פון דעם דאזיקן ארויסלאז צו באזייטיקן די אלע מניעות און שוועריקייטן וואס זיינען זיי געשטאנען אויפן וועג צו דער יידישער שול. טייל האבן פארלאזט פוילן און האבן אנגעהויבן צו ארבעטן אין די יידישע שולן מעבר לים, אנדערע ווידער האבן זיך אריבערגעווארפן צו אנדערע פרנסות. אנדערע האבן בשום אופן ניט געוואלט רעזיגנירן און האבן דאך מיט לייב און לעבן געדינט דעם יידישן קינד.

צו דער לעצטער גרופע האט געהערט די יידישע לערערין פעשקע גאלדמאן.

געבוירן איז פעשקע גאלדמאן אין קאברין אין יאר 1908. נאך דעם ווי זי האט געענדיקט די פאלקשול אין איר שטאט, איז זי אנגעקומען אויף דעם ערשטן קורס פון סעמינאר אין יאר 1926. אין 1931 האט זי פארענדיקט דעם לערער־סעמינאר פול מיט האפענונג און גלויבן צו ארבעטן אין די יידישע שולן פונקט ווי איר עלטערע שוועסטער פייגל האט עס געטאן. צום באדויערן אבער, איז זי אריינגעפאלן אין גורל פון די, פאר וועמען דאס בילדונגס־מיניסטעריום האט ניט באוויליקט קיין עקזא־מעניר־קאמיסיע און במילא האט זי ניט געהאט די לעגאלע רעכט צו ארבעטן.

גרויס איז אבער געווען איר ליבע צו דער ארבעט און זי האט דורכגעבראכן פארשיידענע מניעות און לעגאלע שוועריקייטן און איז במשך פון די יארן 1932־1939 געווען דאך טעטיק אויף דעם געביט פון יידישער דערציונג.

אין א בריוו צום שרייבער פון די שורות פון נאוו. 1937 שרייבט זי:

„...דו ווייסט דאך, אז איך האב געענדיקט דעם סעמינאר אין 1931, אין דעם יאר ווען מען האט אים געשלאסן. בין איך טאקע ביז היינטיקן טאג פארבליבן א הינקענדיקע לערערקע. פארמעל פארן אינספעקטאר טאר איך מיט מיין צייגעניש אין פוילן ניט ארבעטן. מיט צוויי וואכן צוריק בין איך געווען אין ווילנע, געמיינט, כ׳וועל דארטן געפינען ארבעט. עס איז מיר אויסגעקומען צו ריידן דארטן מיטן ח׳ ישראל ביבער, האט ער מיר געראטן צו עמיגרירן אין די אמעריקאנער לענדער. ער האט מיר איבערגעגעבן אז אונזערע חברים סעמינאריסטן, וואס האבן ניט קיין קוואליפיקאציעס האבן זיך דארט זייער גוט איינגעארדנט. קיין ארבעט אין שול האב איך ניט. פאר דער צייט, זינט מען האט דעם סעמינאר געשלאסן, האב איך א ביסל שניידעריי זיך אויסגעלערנט, אבער איך קען זיך ביי דעם ניט אויסלעבן און פארדינען גארניט. עס איז מיר געלונגען צו ארבעטן איין מאל אין א יתומים־הויז א לענגערע צייט. יעדן זומער ארבעט איך אויף „קאלאניעס” פון „טאז” און „צענטאס”. דאס לעצטע יאר האב איך געארבעט אין „שלום־עליכם שול” אין זשעטל. דארט ארבעט שוין דאס דריטע יאר מיין שוועסטער פייגל מיט איר מאן. דאס לעצטע יאר איז מיין שוועסטער ניט געווען אין גאנצן געזונט,

נו האב איך איר פארטראטן און גע־
האט דעם בעסטן דערפאלג. דאס איז
געווען מיין ערשטע לענגערע פעדאגאגי־
שע פראקטיק.

ענדע שוליאר — וואקאציע צייט —
האב איך ביידע סעזאנען געארבעט אויף
א „טאז־קאלאניע" אין נאוואיעלניע מיט
250 קינדער. איך האב זיך צוגעוואוינט
צו ארבעטן און די שולארבעט האב איך
ליב."

אין א בריוו פון נאוו. 1938 שרייבט
צווישן אלעמען פעשקע גאלדמאן וועגן
איר לעבן און איר ארבעט אזוי:

„... ווינטער, ווען איך האב דיין בריוו
דערהאלטן בין איך געווען אין פינסק.
דארט האב איך זיך געלערנט אין אן
„ארט"־שול צו שניידן און מאדעלירן.
איך האב געוואלט בייטן מיין פאך און
ווערן א שניידערין, האב איך גראד דער־
האלטן אן איינלאדונג פון „מעדעם־
סאנאטאריע" צו קומען אהין ארבעטן
אויף דריי חדשים. נאך דער סאנאטאריע
האב איך געקראגן גלייך ארבעט אין
א קינדערהיים אין נאווידוואר (נאענט
פוןווארשע), בין איך שוין ניט געפארן
אהיים קיין קאברין און גלייך געפארן
קיין נאווידוואר. זאגן אז איך בין צו־
פרידן פון מיין ארבעט דא — קאן איך
ניט. איך האב דא ניט קיין סביבה און
איך פיל זיך איינזאם. פארשטייט זיך,
אז אין סאנאטאריע איז געווען גאר
אנדערש."

„... איך מיין, אפשר וועט מיר פארט
געלינגען צו קריגן ארבעט. פאריקן שבת
בין איך געווען אין ווארשע און גערעדט
מיטן ח' קאזדאן, האט ער מיר געהייסן
קומען דעם צווייטן שבת, אפשר וועט
זיין א פרייער ארבעטס־פלאץ פאר מיר."

„דא אין שול (אין נאווידוואר) אר־
בעטן די לערערינס ביטנער, זאק און
באציאן. די ערשטע צוויי זיינען געוועז־
נע סעמינאריסטינס. די שול שטייט דא
גאנץ שוואך. די מאטעריעלע לאגע איז
זייער א שווערע און דאס איז במילא
אויך משפיע אויפן אויסזען און אינ־
האלט פון שול־לעבן. אין זעקס אפטיי־
לונגען ארבעטן בסך הכל דריי לערערינס.
פאר א יארן האט דא געארבעט חוה
סעגאל, איז זי היי־יאר אוועק."

אין א בריוו פון 20־טן נאוועמבער
1938:

„... פון זינט מיין לעצטן בריוו האב
איך שוין דורכגעמאכט פארשיידענע
גלגולים: אין נאווידוואר, ווארשע, קא־
ברין און איצט גאוואראווע. אין לעצטן
שטעטל בין איך שוין פונקט א חודש.
איך ארבעט אין א נאכמיטאג־שול מיט
קינדער פון „פאווישעכנע" און חדר. די
ארבעט מיינע — טראכט איך — איז
ענלעך צו אייער ארבעט דארטן; איך
לערן מיט יידישע קינדער אין פוילן
ריידן יידיש, שרייבן און לייענען. אין די
אוונט־שעהן לערן איך מיט א גרופע
סקיפיסטן — קינדער פון 12 ביז 16
יאר — וואס אלע ארבעטן שוין. איך
באנוץ זיך מיט י. פאטס „מיין ביכל".

מיין ארבייטסטאג הייבט זיך אן 10
אזייגער אין דער פרי און ענדיקט זיך
11 אזייגער אין אוונט. פון 10 ביז 1
בייטאג ארבעט איך אין א קינדערהיים.
פון 1 ביז 7 אוונט אין דער נאכמיטאג־
שול און פון 9 ביז 11 מיט די סקי־
פיסטן. ווי דו זעסט, בין איך א גאנצן
טאג ווי אין טאטשקעס. ניטא קיין צייט
דעם אטעם אפצוכאפן."

דעם 20־טן יאנואר 1939 שרייבט
פעשקע גאלדמאן:

„... נאך זעקס וואכן ארבעט אין נאכ־
מיטאג־שול אין גאוואראווע זיינען אנ־
געקומען די ווינטער־וואקאציעס. נאר־
מאל וואלט מיר נאך נישט געקומען
קיין אורלויב. שטעל זיך אבער פאר מיין

פרייד: די ציִשאָ האָט פאַר אונז צוגעגרייט אַ סיורפּריז. „לערער־קורסן" אין ווילנע פאַר לערער פון יידישע שולן. באַן־הוצאות און דירה־געלט האָט די ציִשאָ געשיקט. ווער זשע וועט עס דורכלאָזן אַזאַ געלעגנהייט? קיין ווילנע פאָרן, אין אונזער ראָמאַנטישער ווילנע, זיך טרעפן מיט אַלטע און נייע באַקאַנטע!?! היינט די באַדייטונג פון קורס, גופא, פאַר אונז לערער אין די פאַרוואָרפענע צעשפּרייטע שטעטלעך פון פּוילן! דאָס איז דאָך ממש געווען אַן אַזיס אין אַ מדבר. אויסער דעם פּעדאַגאָגיש־וויסנשאַפטלעכן טייל מיט וואָס דער קורס האָט אונז באַרייכערט, האָט ח' קאַזדאַן, דער לייטער פון די קורסן, צוגעגרייט פאַר אונז, פּראָווינצער לערער פאַרשיידענע אַנגענעמע סיורפּריזן... די קורסן האָבן געדויערט צוועלף טעג, האָט ער צוויי טעג איבערגעטראָגן די לעקציעס פון אינדערפרי אויף נאָכמיטאָג און האָט צוגעגרייט פאַר אונז 120 פאַר נאַרטן און אונז אַוועקגעשיקט אין די בערג."

פעשקע גאָלדמאַן האָט זיך מיט די ציינער איינגעביסן און מיט גרויס עקשנות דורכגעפירט איר מיסיע צו זיין אַ לערערין ביי יידן. האָט מען פאַר איר פאַרמאַכט דעם וועג צו דער שול, האָט זי געאַרבעט אין קינדערהיים, אין דער נאָכמיטאָג־שול, אין די קינדער־קאָלאָניעס. זי האָט ליב געהאַט דאָס יידישע קינד און איז גרייט געווען אויף אַלע סאָרטן קרבנות.

ל. באַיאַן

**גאָלדמאַן, פייגל** — שטאַמט פון קאָבריז, דער פאָטער געווען אַ גלעזער. אַן עלטערע שוועסטער פון דער לערערין פעשקע גאָלדמאַן. פייגל איז געווען אַ שיינע, לעבעדיקע מיידל. אומרואיק, קלוג. געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר אין 1929, — און פון דעמאָלט אָן געאַרבעט אין פאַרשידענע ציִשאָ־שולן: אין קאָבריז, נאָווידוואָר א"א. די לעצטע דריי יאָר פאַר'ן קריג האָט זי געאַרבעט אין זשעטל.

וואו זי איז אומגעקומען — ניט באַקאַנט.

**גאָלדמאַן, שואל** — געבוירן דעם 1 נאָוועמבער 1894 אין ביאַליסטאָק, ביי נישט־פאַרמעגלעכע עלטערן, האָט ער זיך דערשלאָגן צו מיטעלער בילדונג און געענדיקט 8 קלאַסן גימנאַזיע. גאָר אַ יונגער בחורל, שטייט שוין שואל גאָלדמאַן ביי דער גרינדונג פון דער ערשטער יידישער שול אין ביאַליסטאָק



אויפן נאָמען פון „יוגנט־פאַריין" אין יאָר 1916. שפּעטער אַרבעט ער אַלס לערער און פאַרוואַלטער אין דער מענדעלע־שול און אין דער יוגנט־פאַריין־שול. ער איז די גאַנצע צייט טעטיק און ווירקט מיט ביים פאַרצווייגן זיך פון דעם יידישן שול־וועזן אין ביאַליסטאָק און אומגעגנט. ער איז אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע אונטערנעמונגען וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום שול־וועזן.

ער איז אויך אַ מיטגליד אין דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג פון דער ציִשאָ.

צוליב דעם שטאַרקן וואוקס פון דער בונדישער באַוועגונג אין ביאַליסטאָק אין יאָר 1932, פאַרלאָזט ער די אַרבעט אַלס לערער און ווערט דער סעקרעטאַר פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָק. שואל גאָלדמאַן איז דער לעבעדיקער נערוו פון דער פּראָפעסיאָנעלער

באַוועגונג אין ביאַליסטאָק, ער איז ראַט־מאַן אין שטאָטראַט, קהלה און אין דער פאַרוואַלטונג פון קראַנקן־קאַסע. ער העלפט מיט אין דער אַרבעט פון דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג „צוקונפט״ אין ביאַליסטאָק.

נאָכן טויט פון י. כמורנער, ווערט ער באַשטימט אין צ. ק. פון „בונד״ אַלס מיטגליד אויף זיין אָרט.

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1939 יאָר, ווען דער דייטש דערנענטערט זיך צו ביאַליסטאָק, פאַרלאָזט שואל זיין היים־שטאָט מיט אַלע קאָמיטעט־מיטגלידער פון ביאַלי־סטאָקער „בונד״, איבערלאָזנדיק זיין פרוי און 2 קינדער און משפחה.

„ביי דער ערשטער מעגלעכקייט, — דערציילט ש. גאָלדמאַנס פרוי, אסתר (היינט אין אויסטראַליע) — ווי נאָר די דייטשן האָבן אָפּגעטראָטן פון ביאַלי־סטאָק פאַר די סאָוועטן, קומט ער צוריק קיין ביאַליסטאָק. ער ווערט באַלד גע־רופן צום ערשטן סאָוועטישן קאָמענ־דאַנט פון שטאָט, צוגלייך מיטן ח׳ פּלווי־מענבוים און נאָך אַנדערע קאָמיטעט־מיטגלידער, און ווערט כלומרשט פריינט־לעך אויפגענומען פון די נייע שטאָט־בעל־הבתים. זיי אַלע ווערן אויפגעפאָ־דערט, אַז זיי זאָלן אונטערשרייבן פאַר־שידענע דעקלאַראַציעס: אויסדריקן חרטה פאַר זיין „פאַררעטער״ און „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן״. עס הויבן זיך אָן אַרעסטן. עס זיינען אַוועק שווערלעכע טעג, וואָכן און חדשים. פון 2־טן אָקטאָ־בער ביזן 13־טן מאַי 1940 יאָר איז שואל געווען אין דער ביאַליסטאָקער תפיסה. פון צייט צו צייט איז מיר גע־לונגען פאַר אים איבערצוגעבן אַ פּעקל וועש. דעם 13 מאַי 1940 ווען איך בין געקומען מיט אַ פּעקל וועש, האָט מיר דער טורמע־וועכטער געענטפערט, אַז מען האָט שואלן אַרויסגעשיקט פון ביאַ־ליסטאָק. פון דעמאָלסט אָן — קיין שום שפּור פון זיין אומקום.

אַ מיטזיצער פון דער ביאַליסטאָקער תפיסה־קאַמער, ווען ער איז אַרויס אויף דער פריי האָט מיר געבראַכט אַ גרוס פון שואלן:

זיין דרייסטע האַלטונג האָט געקענט דינען אַלס מוסטער נישט געקוקט דערויף, וואָס מען האָט אים זייער פיל מאָראַליש געפייניקט. אין די נעכט איז ער געווען פאַר זיי אַן אַטראַקציע — ער זאָל פאַר זיי באַשרייבן, וואָס איז אַזוינס דער „בונד״. ער פלעגט זיך צוריק קערן אין קאַמער שרעקלעך אויס־געמאַטערט, אָבער זיך ניט אונטערגעגעבן. ער האָט געהייסן איבערגעבן מיר, אַז מען האָט אים געמאָלדן, אַז ער איז פאַרמשפּט אויף 10 יאָר אַרבעט אין לאַגער, און אויב ער וועט גוט אַרבעטן וועט ער זיין נאָענטסטע משפחה קענען נעמען צו זיך, אָבער ער לאָזט עס איבער פאַר מיר צום באַשטימען, איך זאָל טאָן אַזוי, ווי פאַר מיר מיט די קינדער וועט בעסער זיין. ער האָט אָבער שטאַרק געבעטן, אַז איך זאָל די קינדער דערציען אין סאָציאַליסטישן גייסט.

דעם 20־טן מאַי אין יאָר 1941 איז מען געקומען און צוגענומען אונז אין טראַנספּאָרט אויף סיביר. דער עלטערער זונעלע וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען דאָס זיבעטע יאָר, איז אַנטלאָפן אין מיטן דער נאַכט און זיך באַהאַלטן, און אין דער קורצער צייט, וואָס מען האָט מיר געגעבן זיך צום איינפּאַקן האָב איך אים נישט געקענט געפינען. אַזוי האָט מען מיר אַרויפגעוואָרפן אויפן מאַשין מיטן ייִנגערן זונעלע אויפן האַנט, צו־זאַמען מיט שואלס שוועסטער ביילע.

אין 3 טעג שפּעטער, ווען אין ביאַ־ליסטאָק זיינען שוין געווען די דייטשן,

איז שואלס מאמע געשטארבן. דער טאטע איז געשטארבן ווען שואל איז שוין גע־ווען ארעסטירט אין יאר 1940.

אונזער עלטערער זונעלע האט זיך אויפגעהאלטן צוזאמען מיט שואלס שוועסטער גאלדע ביי מיינע עלטערן ביז דער ליקווידאציע פון ביאליסטאקער געטא.

אן איינזאמער, אן קיין שום נאענטסטן פון דער משפחה, האט ער צוזאמען מיט א טראנספארט קינדער אויסגעהויכט זיין נשמה׳לע אין די גאז־קאמערן פון מיי־דאנעק.״

*

איך האב שואלן גוט געקענט דאס גאנצע לעבן זיינס. ער האט זיך אויפגע־האדעוועט אין דער ארעמער שטוב פון זיין מאמען, דער אלמנה, און זיינע צוויי שוועסטער, אויף ווארשאווסקע גאס, אין ביאליסטאק. ער האט געשטאמט פון ארעמען באלעבאטישן שטאנד, וואו די נויט איז שטענדיק געווען פארשטעלט, פארדעקט, — זאלן עס לייט ניט זען.

שואל גאלדמאן איז געווען זיין מא־מעס בן־יחיד. איר איז געלונגען, אז איר פעאיקער יינגל זאל צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האבן גע־ענדיקט א מיטל־שול, געלערנט ייִדיש־קייט ביי מלמדים. ער שטייט פאר מיר איצט לעבעדיק, ווי איך האב אים געזען אין די שעה׳ען ווען די דייטשע ארמיי האט פארנומען ביאליסטאק בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה — אין אויגוסט 1915. עס איז געווען נאך א שרעקלעכער נאכט, די שטאט האט געברענט פון אייניקע זייטן, איבער דער שטאט האבן זיך געטראגן די ווידער־קול׳ען פון די בריק־אויפרייסן, די צארישע ארמיי איז אנטלאפן אין בהלה. די ערשטע דייטשע שטאפעט־סאלדאטן זיינען אריינגעקומען אין שטאט. שואל גאלדמאן איז געשטא־נען מיט מיר אין יענער שעה ביי דעם ביאליסטאקער שטאט־זייגער און מיר דערציילט: „מיר, דער יוגנט־פאריין, האבן געעפנט א קינדער־היים פאר די היימלאזע יידישע קינדער.״

ער איז נאך דעמאלט געווען א יונגער בחור, קנאפע צוואנציק יאר אלט, — א פעאיקער, אן איבערגעגעבענער, אן אידעאליסטישער. ער האט דעמאלט גע־מאכט זיינע ערשטע שריט אלס יידישער לערער אין דער ערשטער קינדער־היים. פון יענער שעה אן האב איך באגלייט זיין לעבן כמעט ביזן סוף פון זיינע טעג. קינדער־היימען, קינדער־קיכן, יידי־שע שולן — דאס איז געווען לכתחילה זיין הויפט־אינטערעס. ער האט ניט גע־וואוסט קיין גרענעץ אין איבערגעגעבנ־קייט — טאג און נאכט, וואך און שבת. צוזאמען מיט דעם זיינען געקומען שולן פאר דערוואקסענע ארבעטער, קורסן, ביבליאטעקן, פארשפרייטונג פון יידישע ביכער. ער האט די ארבעט געטאן סיי מיט א זעלטענער באשיידנקייט און סיי מיט א גוואלדיקער עקשנות. פאלקס־טימלעכקייט איז געווען אין זיין בלוט. קולטור־טעטיקייט איז געווען זיין הויפט־אינטערעס.

עס האט לאנג געדויערט זיין גאנג צו דער סאציאליסטישער ארגאניזאציע, צו דער פארטיי, צום „בונד״. מען האט געדארפט בויען די ביאליסטאקער אר־בעטער־באוועגונג, די ארגאניזאציע פון די וועבערס, פון די טרעגערס, פון די בעקערס. מען האט געדארפט מלחמה האלטן פאר א ביסל רעכט, נאך א שטיקל ברויט, קעגן ארבעטסלאזיקייט. אליין געבארן אין ארעמקייט, אליין שטענדיק געליטן פון אנגעגריפענע לונ־גען, אליין מיט אן אפן הארץ פארן צווייטן, דורכגענומען מיט א גוואלדיקער

ניינעריקייט צום צווייטנס שיקזאל, פארביסן פאר גערעכטיקייט, — האבן די ארבעטער פון ביאליסטאק דערשפירט אין אים א ברודער, און איבערגעגעבענעם וועג־ווייזער. ער האט געטיילט די פיר־און־צוואנציק שעה פון זיין מעת־לעת צווישן שול־ארבעט, ביבליאטעק־ארבעט, טרעיד יוניאן־ארבעט און פאליטישע קאמפן.

ער האט דערלעבט, אז די גרויסע יידישע פאלקס־שול אין ביאליסטאק אין ישעיה וויסאצקי׳ס הויז אויף בראניצקא גאס 13, קעגנאיבער דעם שטאט־גארטן האט שוין געהאט פופצן סיום׳ס. פופצן יאר האבן יעדעס יאר די שול געענדיקט צענדליקער גוט־ געלערנטע און דערצויגענע יידישע קינדער. און צוזאמען מיט איר האבן זיך פאנאנדערגעוואקסן די זיבן־קלאסיקע מענדעלע־שול, די גראסער־שול, די פרץ־שול, די יידישע גימנאזיע — מיט טויזנטער תלמידים. עס האבן זיך פאנאנדערגעבליט קינדערהיימען פאר די קליינע קינדער.

ער האט אויך דערלעבט דעם פאנאנדערבלי פון דער ארבעטער־באוועגונג, פון די פראפעסיאנעלע פאריינען. ער האט דערלעבט צו ווערן א פירער פון „בונד״, א שטאט־ראטמאן, א קהילה־ראטמאן. ער האט אויך דערלעבט צו דעם, אז די שלום־עליכם־ביבליאטעק, מיט וועלכער ער איז געווען פארבונדן זיין גאנצן לעבן, האט דערגרייכט צו פופציק טויזנט ביכער און טויזנטער לעזער.

אין די ערשטע וואכן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין סעפטעמבער־אקטאבער, איז שואל גאלדמאן אוועק פון ביאליסטאק. שפעטער, אז די סאוועטישע ארמיי האט פארנומען ביאליסטאק, האט ער אנגעהויבן טראכטן וועגן גיין צוריק אין זיין ביאליסטאק.

ער איז געווען א קעגנער פון קאמוניזם. ער האט אבער דאך געהאפט, געגלויבט די סאוועטן. ער איז געווען א זון פון די ארעמע יידישע גאסן, דורכגענומען מיט אלע יסורים אוןליידן, וואס א ייד האט דורכגעמאכט אין פוילן. און ער האט געטראכט — ווער ווייס, אפשר וועט מען קאנען הויזן צוזאמען מיט די סאוועטן, אפשר וועט ער קאנען ווידער ווערן א לערער אין די ביאליסטאקער שולן פאר יידישע קינדער?

ער האט אויך געהאט אין ביאליסטאק זיין פרוי אסתר, מיט זיינע קינדער. עס האט אים צו זיי געצויגן. ער האט דארטן אויך געהאט זיין שוועסטער גאלדע, א הארציקע יידישע פאלקס־לערערין, ווי קאן ער זיי לאזן אליין?

איז ער אוועק צוריק אין ביאליסטאק.

די קאמוניסטן האבן שואלן ניט געדארפט האבן אין ביאליסטאק. ער איז געווען פאר זיי א שטערונג, צופיל האט די שטאט אים געקענט, צופיל אים געטרויט, צו שטארק האבן אים געליבט די יידישע ארבעטער. די קאמוניסטן זיינען געווען זיכער, אז זיי באזעצן זיך אין ביאליסטאק אויף אייביק. די ביאליסטאקער ארבעטערשאפט איז געווען סאציאליסטיש, בונדיסטיש. גאלדמאן איז איר פירער, מוז מען אים אויסרייסן מיטן ווארצל, דארף מען אים פריער שענדן מאראליש און נאכדעם טייטן פיזיש.

„אייער סאציאליסטישער פירער, שואל גאלדמאן, איז געווען אן אגענט פון דער נעהיים־פאליציי, געטריבן ארגיעס און געשיכורט מיטן וואיעוואדע״.

וואס קען מען נאך זאגן? ווי נאך שטארקער קאן מען מאכן א בלוט־בילבול? — דער גרעסטער אומזין, דער שענדלעכסטער שקר, די נידעריקסטע שענדונג.

זאָל מען ברעכן די מאַראַל פון די אַרבעטער, אויסרייסן זייער געוויסן, זאָל מען באַשפּייען זייער נשמה און זיי צווינגען צום שווייגן. זאָלן זיי שטומערהייט אויפנעמען רעזאָלוציעס וועגן טויט פאַר שואל גאָלדמאַן.

קיינער ווייסט ניט אין וועלכער נאַכט עס איז געשען. קיינער ווייסט ניט ביי וועלכער וואַנט אָדער ביי וועלכן סלופּ דאָס איז פאָרגעקומען. מען ווייס נאָר, אַז שואל גאָלדמאַן איז אומגעבראַכט געוואָרן. אין 1940 איז ער שוין ניט געווען.

... אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי מיין אַרטיקעל איז געווען געדרוקט, האָט מיר דערציילט אַ שריפטזעצער פון „פאָרווערטס”, אַז ער האָט באַקומען אַ בריף פון זיין ברודער, וואָס געפינט זיך אין פּאַריז, אַז ער האָט געלייענט מיין אַרטיקל און ער קען עדות זאָגן וועגן דער טראַגעדיע — ער איז געזעסן צוזאַמען מיט שואל גאָלדמאַנ'ען אין דער זעלבער ביאַליסטאָקער טורמע אונטער דער סאָוועטישער הערשאַפט.

איך בין געווען זייער נייגעריק צו הערן די איינצלהייטן און איך האָב געבעטן דעם שריפטזעצער פון „פאָרווערטס”, ער זאָל פאַרלאַנגען פון זיין ברודער מער איינצלהייטן . . .

לויפן טעג, וואָכן, חדשים, און ערשט — איך באַקום אַ בריף פון מאָנטעווידעאָ, אורוגוויי. עס שרייבט צו מיר דער זעלבער מענטש, דער עדות פון סטאַלינ'ס רציחה. ער דערציילט מיר אין זיין בריף וועגן די יסורים און אומקום פון נאָך אַ יידישן סאָציאַליסט, מיינעם אַן אַלטן גוטן פריינד, אַ טייערן מענטשן, כאַצקל אַניכאָוויטש, וועמען עס האָט געקענט די גאַנצע אַרבעטערשאַפט פון דער שטאָט.

דער בריף־שרייבער פון מאָנטעווידעאָ דערציילט, אַז סוף 1939 איז ער אַריינגעפירט געוואָרן אין טורמע־קאַמער נומער 21 פון דער ביאַליסטאָקער טורמע, מיט אַן אורטייל פון אַכט יאָר טורמע. פאַרוואָס? פאַרווען? — גיי פרעג דעם קאָמוניזם און זיין גערעכטיקייט.

„איך בין אַריין אין קאַמער”, דערציילט ער, „און דערזען דאָרט דעם חבר שואל גאָלדמאַן, עליו השלום, וועמען איך האָב גוט געקענט פון אונזערע שול־יאָרן אין אַלעקסאַנדראָווס גימנאַזיע”. אין זעלבן טורמע־קאַמער איז אויך געווען דער חבר כאַצקל אַניכאָוויטש. ער איז געווען מיט שואל גאָלדמאַנען „אַ שותּף אויף איין קאַיקע”, אויף איין טורמע־געלעגער.

שואל גאָלדמאַן האָט שוין דעמאָלט געוואוסט וואָס אים דערוואַרט פון דער סאָוועטישער מאַכט. „ער איז געווען רויִק”, דערציילט מיין בריוו־שרייבער, „ער האָט געפילט וואָס די בלוטיקע מאַכט גרייט פאַר אים. ער האָט נאָר שווער געליטן פאַרן גורל פון זיין געליבטער פרוי און צוויי קינדער. זייענדיק מיט כאַצקלען אַ שכן אויף דעם סדום־בעטל, האָט ער מיט אים פיל גערעדט אין זיינע גרויזאַמע שעהן”...

אין איינער אַ פינצטערער נאַכט איז געקומען די טורמע־מאַכט און אַרויסגענומען שואל גאָלדמאַנען פון קאַמער. ער האָט געהאַט אַ געפיל, אַז עס קומט זיין סוף. ער איז אָבער געווען רויִק. ער האָט נאָר געבעטן ביי כאַצקלען, אַז אויב כאַצקל וועט בלייבן לעבן, זאָל ער געדענקען אָן זיין פרוי און קינדער. דאָס איז געווען זיין לעצטע נאַכט אין טורמע.

אַז עס איז פריי געוואָרן שואל גאָלדמאַנס פּלאַץ אויף דער טורמע־קאַיקע, אויף דעם סדום־בעטל, האָט מיין בריף־

שרייבער אים פאַרנומען. ער איז גע־
וואָרן כאַצקעלס שותף.

„דריי נעכט שפּעטער האָט מען אים
אַרויסגעפירט פון טורמע־קאַמער, אַזוי
ווי שואל גאָלדמאַנען. מיט שטאַרקע
קושן האָבן מיר זיך צעשיידט. מער האָב
איך אים ניט געזען, ניט געהערט".

י. פּאַט

## גאָלדפאַרב, יוסף — איז אָנגעקו־

מען אין ווילנער לערער־סעמינאַר אין
דריטן קורס. געבוירן איז ער אין סטאַ־
שעוו ביי סוחרישע עלטערן, געקריגן אַ
פּוילישע דערציונג. געענדיקט אַ פּוילישע
גימנאַזיע. יידיש און העברעאיש האָט ער
זייער שוואַך געקענט. אַ הויכער, אַ שטיי־
פער, מיט אַן אויסזען פון שייגעץ, האָט
מען אים טאַקע באַלד געקרוינט מיטן
צונאָמען „אָפיצער". אָבער ער איז גע־
ווען אַן אָנגענעמער, וואוילער בחור. ער
האָט געהערט צו דער בונדישער אָר־
גאַניזאַציע. נישט קיין שלעכטער לערער,
רופט ער אַרויס צו זיך אַכטונג מיט זיין
האַלטונג און אויסזען. די קינדער האָבן
אים ליב. אין 1937 האָט ער געוואָרפן
לערעריי און אַרומגעפאָרן אַלס זיין טאַ־
טנס אַן אַגענט — פאַרקויפן שיך. ער האָט
חתונה געהאַט מיט אסתרקע ליבערמאַן,
וועלכע איז אויך געווען אַ תלמידה
פונעם ווילנער לערער־סעמינאַר און האָט
די גאַנצע צייט געאַרבעט אַלס לערערין
אין די ציש"אָ־שולן.

זיין גורל — אומבאַקאַנט.

## גאָלדפאַרב, פעשקע — געבוירן

אין קאָבריז, אָנגעקומען אין ווילנער
יידישן לערער־סעמינאַר אין 1926 און
אים פאַרענדיקט מיט אַ געהעריקן די־
פּלאָם. אַ טרוימערישע, אַן אויסערגעוויינ־
לעך סימפּאַטישע אין באַצוג צו חברים.
זייער געזעלשאַפטלעך, אַ גוטע מיטאַר־
בעטערין אין אינטערנאַט פון סעמינאַר,
גרייט שטענדיק אַלעמען צו העלפן.

נאָכן שליסן דעם סעמינאַר באַזעצט
זי זיך אין ווילנע מיט איר מאַן; איר
היים איז אַ וואַרעם ווינקל פאַר אַלע
יונגע פּאָעטן און אירע פריינד און
באַקאַנטע. אַליין אַ געוועזענע מיטגלי־
דערין פון „צוקונפט", אַרבעט זי איצט
אַלס לערערין־פאַרוואַלטערין אין דער
טאָג־היים פון „יאַף"; מען איז זייער
צופרידן פון איר אַרבעט.

אין 1939 נאָכן פאַרנעמען ווילנע
דורך די דייטשן קומט זי מיטן מאַן
יאָסל דובינסקי און קינד — קיין ביאַ־
ליסטאָק.

אין אויגוסט 1943 — אוועקגעשיקט
געוואָרן קיין טרעבלינקע.

## גאָלדשמיט, אליהו יעקב — איז

געבוירן אין 1882 אין קרייצבורג אויפן
גרענעץ פון וויטעבסקער גובערניע און
ליפלאַנד, אין אַ
משפחה פון אַן אָרע־
מען בעל־מלאכה.



גאָלדשמיט האָט גע־
קענט נויט און אָפט־
מאָל הונגער פון די
קינדערישע יאָרן אָן.
און נויט און צרות
האָבן אים באַגלייט
ביזן לעצטן טאָג פון
זיין לעבן, ביז פּאָנאַרער גי ההריגה ביי
ווילנע.

באַשאָנקען מיט גרויסע פעאיקייטן
און פענאָמענאַלן זכרון, האָט גאָלדשמיט
איינגעזאַפּט אין זיך דורך אַליינבילדונג
אַ ים מיט וויסן סיי פון דער „גויאישער"
סיי פון דער יידישער וועלט. ער האָט
באַהערשט פולשטענדיק העברעאיש, רו־

סיש, דייטש, פראַנצויזיש, נישט רעדנדיק, פאַרשטייט זיך, וועגן יידיש און אַרטיקע שפּראַכן. אין ביבליאָטעק פון קרייצבורג און יאַקאָבשטאָט (אַ שטעטל אויף יענער זייט דווינע) האָט ער אויסגעלייענט ממש אַלע ביכער. אַזוי, אַז אַלס יונגטלעכער איז ער שוין געווען באַהאַוונט אין די ליטעראַטורן פון די אָנגעוויזענע שפּראַכן, אין פראַנצויזישער ליטעראַטור האָט ער זיך פאַרפולקאָמט עטוואָס שפּעטער.

ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אין „בונד". עס איז געווען ביי אים אַן עטאַפּ צו גערעכטיקייט, סאָציאַלן יושר און גלייכקייט. די דאָזיקע פּרינציפּן האָבן פּרעוואַלירט ביי אים דאָס גאַנצע לעבן, ביז ער איז אַריבערגעגאַנגען צום עטישן הערשאַפטלאָזן סאָציאַליזם, לויט דער שיטה פון ד"ר י. נ. שטיינבערג, וועמען ער האָט זייער שטאַרק פאַרערט.

ער שטרעבט אָנצוקומען אין ירושלים דליטא (ווילנע). דאָ גיט ער זיך אָפּ דער בונדישער באַוועגונג, נעמט אָנטייל אין אַלע דעמאָנסטראַציעס, אַגיטירט, פאַרשפּרייט ליטעראַטור, ווערט אַרעסטירט, אָפטמאָל שטאַרק צעשלאָגן פון פּאָליציי און קאָזאַקן, „פאַרברענגט" אַ לענגערע צייט אין די צאַרישע תפיסות וועלכע ער נוצט אויס צו פאַרברייטערן זיין וויסן. גאָלדשמיט שלינגט בוך נאָך בוך ביי די קאַרגע ליכט פון די תפיסה־קאַמערלעך און מאַכט קאַליע זיין ראיה ביזן לעצטן גראַד, אַזוי, אַז שפּעטער האָט ער געקענט לייענען אָדער שרייבן נאָר האַלטנדיק בוכשטעבלעך דאָס געדרוקטע אָדער געשריבענע אויף די אויגן.

ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן אין פאַרשיידענע ווילנער און נישט־ווילנער אויסגאַבן. ער האָט געשריבן פּאָפּולערוויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען, פּובליציסטישע און ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען. דאָס האָט זיך זייער שלעכט באַצאָלט, און גאָלדשמיט איז געווען אין שטענדיקער נויט. ער האָט חתונה געהאַט, זיין פרוי האָט אים געבוירן צוויי קינדער און נישט אויפגעהערט צו קרענקען. אין זיין צוויי־צימערדיקער וואוינונג אויף „ווינגרעס" איז געווען דלות און חושך.

בעת דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע איז ער געוואָרן באַשטימט פאַר אַ לערער פון העברעאיש און געשיכטע אין די יידישע שולן („מפיצי השכלה" און „דבורה קופּערשטיין"). אָבער זיין וויסנשאַפטלעכער באַגאַזש איז געווען צו גרויס פאַר דער קליינוואַרג, דערצו האָט ער נישט באַמערקט צוליב זיין שלעכטער ראיה, וואָס עס טוט זיך אין קלאַסצימער. גאָלדשמיט וואָס האָט געקענט זיין אַ גרויסער דערפאָלג אַלס דאָצענט אין אַ הויך־שול — האָט נישט געטויגט פאַר אַ לערער אין אַ פאָלקשול. דאָס האָט אים געבראַכט פיל מאָראַלישע יסורים.

ער שרייבט און איבערזעצט. צווישן אַנדערע זעצט ער איבער די באַרימטע אויטאָביאָגראַפיע פון שלמה מימאָן. ער לאָזט אַרויס אַ בוך „פון לויטערן קוואַל" (לעגענדעס), דערציילונגען פון דער מלחמה־צייט, אַ ביאָגראַפיע וועגן לעבן און שאַפן פון א. ווייטער, זעצט איבער פון פראַנצויזיש ראָמאַנען פאַרן „קלעצקין פאַרלאַג". צוזאַמען מיט וו. ריבקאַ שטעלט ער צוזאַמען אַ לערן־בוך פון יידישער געשיכטע (מיטל־אַלטער), מיט ה. אַבראַמאָוויטש און י. זאַוועלס — אַ יידישן געאָגראַפישן אַטלאַס; מיט ג. פלורמאַכער — אַן ארץ־ישראל־מאַפּע.

די לעצטע פאַר יאָר האָט גאָלדשמיט ענדלעך באַקומען אַ פּאַסנדע שטעלע. די ווילנער קהילה האָט אים באַשטימט פאַרן פאַרוואַלטער פון ש. אנסקי־מוזיי

און פון דער ביבליאטעק און לייען־זאל ביים מוזיי. ער האט געדארפט סעגרעגירן די גרויסע צאל דאקומענטן וואס זענען דארט געווען. דער געהאלט זיינער איז געווען זייער א באשרענקטער. מאראליש האט ער זיך אבער געפילט בעסער ביי דער פאסיקער פאר אים ארבעט. ער האט שוין געגרייט א בוך וואס האט געדארפט ארומנעמען זיין פארשונג־ארבעט איבער די ארכיוואלע דאקומענטן.

זיין פיינפולן לעבן האבן פארענדיקט די מערדערישע היטלעריסטן, לויט איין נוסח — אין פאנארער טאל, לויט אנדערע — אין לוקישקער תפיסה. מען האט פון גאלדשמיטן געפאדערט, ער זאל ווייזן וואו עס זיינען באהאלטן די גאלדענע חפצים פון מוזיי, וועלכע א מוזיי פון אלטערטימלעכקייטן פארמאגט. אזוינס איז אין דעם אנסקי־מוזיי נישט געווען. מע האט גאלדשמיטן שרעקלעך געפייניקט. ער איז געזעסן צוזאמען מיט נח פרילוצקי... אין די לעצטע נעכט האבן ביידע געלערנטע זיך מתווכח געווען וועגן רמב"ם. שפעטער האט מען געזען פריילוצקין א האלב־נאקעטן אויף דער ערד, ארומגעבונדן אין זיין פארבלוטיקטן העמד ארום דעם קאפ. לעבן אים איז געלעגן גאלדשמיט און שוין מער נישט געאטעמט (סוצקעווער).

ש. קאטשערגינסקי דערציילט, אז מען האט גאלדשמיטן גענומען אלס ערובניק שוין סוף יוני 1941. אין דער תפיסה האבן די ערובניקעס געטאן די שמורציקסטע ארבעט. נאך דעם האט מען זיי געפייניקט און אין העלפט יולי דערשאסן אין פאנאר. גאלדשמיט איז געווען אין טורמע זייער קראנק און האט זיך געוואונטשן וואס גיכער דעם טויט. אזוי צי אנדערש, איז גאלדשמיטן באשערט געווען צו שטארבן מיט א מארטירער־טויט, א טעמע וואס האט אים אלס יידישן שריפטשטעלער שטארק אבסארבירט. — פון זיין פאמיליע איז קיין זכר נישט געבליבן...

גאלדשמיט איז געווען א ליבער מענטש און א געטרייער חבר. אלס שריפטשטעלער האט ער אין זיינע ווערק געזוכט דעם „אמת־ווארהייט" און „אמת־יושר". זיינע אנשויאונגען האט ער אפט אויסגעדריקט אין די „פרייע שריפטן" און אין די חודש־שריפטן וואס די גרופע „פרייע שריפטן" האט אין ווילנע ארויסגעגעבן. די יידישע ליטעראטור און וויסנשאפט האט נאך געקענט דערווארטן א סך פונעם גרויסן מתמיד און ערודיט. די תלינים האבן זיין נאמען געהאט פון פאראויס, אלס געלערנטן, און איינער פון די ערשטע איז ער ווי א קדוש אומגעקומען.

ה. אבראמאוויטש

***

די געוועזענע ווילנער לערערין ש. סאפיר־קריץ דערציילט:

„א. י. גאלדשמיט איז געווען א לערער, שרייבער, אבער מער פון אלץ — א הארציקער מענטש. קינדער האט ער פארגעטערט, און דאך איז אים אנגעקומען שווער מיט זיי אויסצוקומען. ער שטייט מיטן תנ"ך אין האנט, לייענט פאר א קאפיטל נאך א קאפיטל, און דערקלערט יעדעסווארט, יעדע באדייטונג, און די קינדער ווילן גראד אין דער צייט כאפן א שמועס אדער א שטיף טאן איינע מיט די אנדערע.

„גאלדשמיט פלעגט צוגיין צו אזוינע קינדער, א גלעט טאן און בעטן מיט גוטן, מע זאל זיך באציען מיט ערנסטקייט צו די לעקציעס. ווען עס האט ניט געהאלפן און דער קלאס האט ניט געקאנט זיך באהערשן, איז ער ארויס פון קלאס א דערצארנטער, זיינע פענסנע

האלטן זיך אין איין ארונטערגליטשן פון זיין נאז, און ער ווערט נאך מער נערווען, און מיט גרויס מיטלייד קוקן די ארומיקע אויף אים, און עס רופט ארויס גרויס פארדרוס אויף די קינדער...

ער האט אבער אויף די קינדער לאנג קיין כעס ניט געהאלטן, גלייך פארגעסן די ווייטאגן וואס זיי האבן אים פארשאפן".

מלך קוטון (ישראל) דערציילט:

„ווער האט דאס אין ווילנע נישט געקאנט דעם לערער א. י. גאלדשמיט?

ס'איז ניט געווען א שילער וואס האט זיך אנגעהויבן לערנען פון 1920 ביז דעם צווייטן וועלט־קריג, ער זאל ניט קענען דעם לערער גאלדשמיט.

„איך וועל קיינמאל ניט פארגעסן מיט וואס פאר א ליבשאפט, וויפל מי ער האט אוועקגעלייגט בכדי דער שילער זאל פארשטיין, באנעמען אלץ, וואס ער לערנט מיט זיי. ער האט קיינמאל ניט גערופן די קינדער ביי דער פאמיליע נאר ביים נאמען: טייערער חיימל, ליבינקער בערעלע, איטעלע, ליבינקע שרהלע, פייגעלע או"וו. ניט אומזיסט איז ער געווען אזוי באליבט ביי אלע שילער. ווען עס פלעגן אמאל זיך צונויפטרעפן אלטע שילער זיינע, איז די איינציקע טעמע כמעט אויסשליסלעך געווען געווידמעט דעם לערער א. י. גאלדשמיט, — אזוי איז ער געווען געאכט און געשעצט.

„אליין פון נידעריקן וואוקס, מיט א ביסל פארשמאלצענע בגדים און קאפעליוש, א קורצזיכטיקער, פלעגט ער שטענדיק לויפן מיט א בוך אין האנט פון איין ארבעטס־פלאץ צום צווייטן. אינדערפרי איז ער געווען לערער אין די שולן, מיטאג־צייט איז ער געווען קארעקטאר אין קלעצקינס פארלאג און אין פארלאג „טאמאר". ביי אים האט ניט געטראפן אז א בוך זאל ארויסגיין מיט גרייזן: א גרויסער גריבלער און פארשער איז ער געווען אין די זאכן.

„אין אוונט איז ער געווען אויפזעער (פארוואלטער) אין אנסקי־מוזעאום. מיט וואס פאר א ליבשאפט ער פלעגט רעדן וועגן אלטע ביכער, פלעגט זיי ארומנעמען, דריקן זיי שטארק צום הארצן און דערביי זאגן: איר ווייסט גאר ניט וואס פאר אן אנטיקל דאס איז."

צום סוף — נאך א קורצע כאראקטעריסטיק, וועלכע עס האט אנגעשריבן ד"ר י. רובין וועגן א. י. גאלדשמיט:

„א פאעטיש טיף באגאבטער, א שטענדיקער אומרואיקער זוכער, פון דעם כאראקטעריסטישן ביי אונז, אין ווילנער ספעציפישער סביבה בפרט, טיפ „ניט פון דער וועלט".

„דורכגעמאכט א סך אידעאישע גילגולים: פון בונדיסט געווארן שפעטער מיסטיקער, נוטה צום ראמאנטישן ציוניזם. יידיש און יידיש שאפן, וועל כולם — די יידישע שול, זענען ביי אים אבער פארבליבן אויף שטענדיק דער זינען פון זיין לעבן.

„פארפאסט לערן־ביכער און ווערק פון שיינער ליטעראטור, אלץ אויפן געביט פון יידישער געשיכטע, אלע באהויכט מיט זעלטן־פאעטישן, ווארעמען אטעם.

„איינער פון די יידישסטע מענטשן צווישן די לערער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול אין ווילנע."

**גאלינא ־ איצקאָוויטש** — געשטאמט פון מאקאווע. זי איז געווען לערערין פון פויליש אין סלאנימער שול. איר מאן משה, א זון פון פולטוסקער שוחט, האט געארבעט אלס בונדישער פונקציאנער אין וואלקאוויסק און סלאנים. ער איז געווען לאווניק אין סלאנים. זי איז

אויך געווען א בונדיסטקע און גענומען אנטייל אין אַרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן. זי איז אומגעקומען מיט אירע צוויי קינדער אין 1941, אין סלאָנימער געטאָ.

**גאָצלאַוו, אַנאַ ד״ר** — האָט גע־הערט צו דער יונגער גענעראַציע יידישע קינדער־דאָקטוירים אין פוילן, וואָס האָבן גע־דינט די אָרעמע יידישע פאָלקס־מאַסן. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך גרו־פירט אַרום דער ליכטיקער פערזענלעכ־קייט פון דאָקטאָרין אַנאַ ברוידאָ־העלער אין קינדער־שפּיטאָל אויף שליסקע גאַס. די גאָר פּעאיקע פון אָט די יונגע דאָק־טוירים פלעגט דאָקטאָרין העלער רעקאָ־מענדירן אויף פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזי־ציעס אין יידישע קינדער־אינסטיטוציעס. אַזוי איז ד״ר גאָצלאָוו געקומען צו דער מעדעם־סאַנאַטאָריע.

אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע האָט דער דאָקטאָר באַדאַרפט זיין צוגלייך אַ מעדי־צינער און אַ דערציער. דער דערציערי־שער כאַראַקטער פון אַנשטאַלט, די אַט־מאָספער פון ליבע און פאַרשטענדעניש פאַר די נייגונגען און שוואַכקייטן פון קינד האָבן אַ סך בייגעטראָגן צום שנעלן געזונט ווערן פון די קינדער. דאָקטאָרין גאָצלאָוו האָט זיך דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון סאַנאַטאָריע און זי פלעגט זייער געלונגען פאַרבינדן די מעדיצינישע און דערציערישע אויפגאַבן פון אַנשטאַלט. באַשאַנקען פון דער נאַטור מיט גוטס־קייט און ליבע צום קינד, האָט זי מיט איר שמייכל געקענט ביי די קינדער אַלץ דורכפירן אָן שטרענגקייט און צוואַנג.

זי איז געווען אַן עלטערער חבר און אמתער פריינד פון די קינדער.

דער אָנדענק פון א. גאָצלאָוו לעבט אין זכרון פון די לעבנגעבליבענע קינדער און לערער. זי איז אויך געבליבן לעבן אין פילם פון מעדעם־סאַנאַטאָריע „מיר קומען אָן״.

ש. גילינסקי

**גאָרדאָן־צוקערמאַן, ליזע** — שטאַמט פון א ווילנער סוחרישער מש־פּחה. האָט שטודירט אין שווייץ און דאָרטן באַקומען איר דאָקטאָר־דיפּלאָם (געשיכטע). נאָכן פאַרענדיקן אוניווערסי־טעט קערט זי זיך אום קיין ווילנע און זי ווערט לערערין פון געשיכטע אין דער יידיש־וועלטלעכע רעאַל־גימנאַזיע. זי פירט אויך אָן מיט געשיכטע־קרייזן ביי דער גימנאַזיע. אויך אין ווילנער געטאָ פירט זי איר לערער־אַרבעט.

ליזע גאָרדאָן איז געווען א מענטש פון אויסערגעוויינלעכער אינטעליגענץ, צאַרט־קייט און גוטסקייט. אומגעקומען איז זי אין ווילנער געטאָ, אַרויסגעשלעפּט דורך די דייטשן פון א בונקער, א האַלב־נאַקע־טע. זי האָט באַשיצט מיט איר קערפּער דאָס קינד פון איר ברודער (ניאָמע). ליזע און דאָס קינד זיינען געווען באַדעקט מיט וואונדן. די דייטשן האָבן זיי אין אַזאַ צושטאַנד געפירט צום טויט.

לויט די ידיעות פון ש. קאַטשערגינסקי, איז ליזע גאָרדאָן דערשאָסן געוואָרן בעת זי האָט פּרובירט צו אַנטלויפן. „איר קער־פּער האָט זיך עטלעכע טעג געוואַלגערט אין דער פוסטער געטאָ.״

רחל פּופּקאָ־מעלעזין כאַראַקטעריזירט אַזוי ליזע צוקערמאַן־גאָרדאָן:

„זי איז געווען גוט באַהאַוונט אין יידי־שער געשיכטע און געקענט אויך העברע־איש. ל. גאָרדאָן איז געווען אַן אויסער־געוויינלעך אויפריכטיקער און יושרדיקער מענטש. די חברים לערער און די שילער האָבן עס געוואוסט און געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי און אכטונג צו איר. צו די שילער האָט זי געהאַט זייער א וואַרע־

מע און אבסאלוט חברישע באציונג. א באשיידענער מענטש, האט זי קיינמאל ניט געזוכט צו שאפן אן איינדרוק סיי ביי די חברים סיי ביי די קינדער, אז זי ווייס אלץ. אין קלאס־דיסקוסיעס אויף לעקציעס פלעגט זי זיך גארניט באמיען שטענדיק בלייבן די גערעכטע. טאמער האט זיך געטראפן אז זי איז באגאנגען אן אומפינקטלעכקייט אדער א פעלער אויף א לעקציע, האט זי עס קיינמאל ניט פארווישט. די שילער האט גוואלדיק אימפאנירט איר אויפריכטיקייט און אביעקטיווע באציונג צו זיך אליין, — דאס איז מסתמא געווען איינע פון די סיבות צוליב וועלכע אלע קינדער סיי אין די יינגערע סיי אין די עלטערע קלאסן האבן זי אזוי ליב געהאט. די פליכטן פון א לערערין און קלאסן־דערציערין האט ליזע אויפגענומען מיט גרויס אחריות. זי פלעגט זיך ערנסט גרייטן צו די לעקציעס און א סך לייענען.

„דער לימוד געשיכטע איז געפירט געווארן אין גימנאזיע אין פויליש און איז מער פון אנדערע קעגנשטאנדן קאנטראלירט געווארן דורך דער פוילישער שולמאכט. צו די ארויסלאז־עקזאמענס פלעגט דער קוראטאריום שטענדיק שיקן א פוילישן לערער פון געשיכטע, וועלכער פלעגט עקזאמענירן די אביטוריענטן. איינמאל האט אזא מין עקזאמענאטאר פון געשיכטע נאך א גלענצענדיקן ענטפער פון ליזעס א שילער, זיך ניט איינגעהאלטן און א זאג געטאן — „דאס איז אן ענטפער אויפן ניווא פון א הויכשול און ניט פון א גימנאזיע".

ל. גארדאן האט קיינמאל ניט געהאט קיין קאנפליקטן מיט שילער. זי האט אבער אלעמאל פון די ערשטע געוואוסט ווען אין א עלטערן קלאס האט א לערער מיט א שילער ניט געקענט אויסקומען. די שילער פלעגן זיך גערן טיילן מיט איר מיט די געשעענישן פון זייער שול־לעבן און ניט מורא געהאט אז זי וועט פון פארויס אננעמען די אפיציעלע שטעלונג פון א לערער. אויף פעדאגאגישע ראטן פלעגט זי שארף פארטיידיקן איר שטעלונג אין פעדאגאגישע און נאך מער אין געזעלשאפטלעכע פראגן.

אין געטא איז די לאגע פון ליזע גארדאן געווען פונקט אזא טראגישע ווי פון אלע יידן און אפשר נאך ערגער. קיין געלט שיין, וואס זאל כאטש צייטווייליק באשיצן זיי פון די אקציעס — האט איר מאן ניט באקומען. צוזאמען מיטן אלטן טאטן, מיט דער שווענערין־אלמנה און דעם איין־יאריקן פלימעניק, האבן זיי זיך דורך ניסים אויסבאהאלטן אין די קעלערן און בוידעמער. שפעטערצו האט איר מאן באקומען דעם אויסגעטרוימטן געלן שיין. קורץ האט אבער זייער פרייד געדויערט. מיט עטלעכע חדשים שפעטער איז איר מאן פלוצלונג קראנק געווארן און געשטארבן. איצט איז דער גאנצער יאך פון געטא־לעבן געפאלן אויף די שמאלע פלייצעס פון ליזען. זייער מאטעריעלע לאגע איז געווען א שוידערלעכע. זי האט שוין לאנג פארקויפט מיט דער הילף פון פריינד, וואס פלעגן ארוים אין שטאט ארבעטן, דאס ביסל צירונג און זאכן. זיי האבן פשוט געהונגערט, ליזע האט זיך אבער ניט באקלאגט. מיט עטלעכע חדשים שפעטער איז איינמאל צו מיר געקומען ליזע און געזאגט, אז זי וועל עפעס מיר דערציילן און בעראטן זיך מיט מיר: אירע פריינד וואס זיינען דורך די רוסן פארשיקט געווארן קיין סיביר, האבן איר איבערגעלאזן א געוויסע סומע דאלארן, זי זאל זיי קענען שיקן פעקלעך אדער אויסבאהאלטן ביז וואנען זיי וועלן צוריק קומען. ביז איצט איז איר ניט איינגעפאלן דאס געלט אנצורירן. אבער דאס געשוואלענע פנים פון דעם הונגעריקן

טאטן און פון קליינעם סעריאָזשקען... „לענגער קאָן איך עס ניט פאַרטראָגן. פון דער צווייטער זייט, איז עס דאָך ניט מיין געלט און איך האָב דאָך קיין רעכט ניט עס אָנצורירן", האָט זי צוגעגעבן.

די ברוטאַלע ווירקלעכקייט פון געטאָ־לעבן האָט גאָר ווייניק געענדערט די אינערלעכע וועלט פון ליזע גאָרדאָן. עס האָבן דאָרט ווי שטענדיק געהערשט די הויפּט־פּרינציפּן פון איר לעבן — אמת און יושר."

## גוטגעשטאַלט, מרים — געבוירע־נע ראַטקאָפּ — איז איינע פון די ערשטע לערערינס אין די יידיש־וועלטלעכע שולן



אין וואַרשע. זי האָט געאַרבעט אין די וואַרשעווער ציש״אָ־שולן יאָרן לאַנג, בעיקר אין די ייִנגע־רע קלאַסן. א פרוי מיט בילדונג און קולטור, איז זי גע־ווען שטאַרק באַליבט ביי די קינדער און געהאַט גרויס דערפאָלג אין איר גאַנצער לערערישער פּראַקטיק. זי האָט זיך באַ־טייליקט אין אַלע לערער־קאָנפערענצן און לערער־קורסן פון דער ציש״אָ און געווען איינע פון די געטרייסטע לערער און מיט־אַרבעטער פון דער ציש״אָ. זי האָט אויך געשריבן אין די פּעדאַגאָגישע אויסגאַבעס פון דער שול־אָרגאַניזאַציע, שטענדיק אַרויסגעוויזן א סך פּעדאַגאָגישע איני־ציאַטיוו און געטרייקייט צו נייע שול־עקספּערימענטן.

אויך איר שוועסטער לאה ראַטקאָפּ איז געווען אין די ערשטע יאָרן א לערערין אין די וואַרשעווער שולן. זי האָט אויך געשריבן פיינע נאָוועלן אין יידיש. ביידע שוועסטער זיינען דערצויגן געוואָרן אין א פרום־חסידישער משפּחה, אָבער די גאַנצע אַטמאָספערע אַרום זיי איז געווען א יידיש־וועלטלעכע, קולטור־שעפערישע. מיט אָט דעם גייסט האָט געאָטעמט מרימס גאַנצע אַרבעט אין שול. א גע־טרייע בונדיסטקע, האָט זי שטענדיק גע־האַט פאַר אירע אויגן די סאָציאַל־דער־ציערישע אויפגאַבן פון דער יידיש־וועלט־לעכער שול.

ווען איר מאַן, הערש גוטגעשטאַלט, איז אין ווילנע אַרעסטירט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט, האָט זיך מרים אָפּגעזאָגט צו פאַרלאָזן ווילנע און אויס־נוצן די מעגלעכקייט צו פאָרן צוזאַמען מיט א סך אַנדערע חברים קיין אַמעריקע. זי האָט זיך כסדר משתדל געווען וועגן דער באַפרייאונג פון הערש גוטגעשטאַלט, און האָט זיך טאַקע דערוואַרט אויף דעם. אָבער באַלד נאָך דעם איז געקומען די הערשאַפט פון די נאַציס און בעת דער „ליקווידאַציע" אין ווילנע, איז מרים ווידער אָפּגעטיילט געוואָרן פון איר מאַן און איינציקן זון גאַבריש, און איז אַרי־בערגעפירט געוואָרן קיין פּאָנאַר. אין דער זעלבער גרופּע איז געווען פּאַטי קרעמער, זשעלעזניקאָווס פרוי און טאָכטער, מאַניע גראָסמאַן, א"א. זיי האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, און די אַלטע פּאַטי האָט זיי געמוטיקט: „מיר וועלן זיך אַרומנעמען און זינגען די „שבועה", דעמאָלט וועט דער טויט נישט אויסקומען אַזוי שרעק־לעך".

## גוטמאַן, זיסל — געבוירן אין לוצק, וואָלינער גובערניע אין יאָר 1900, אין א פּאַמיליע פון רייכע וואַלד־סוחרים,



וואָס שטאַמען אָפּ פון די סלאַוויטער שאַפּיראָס. פון טאַטנס צד ווידער — דער זיבעטער דור פון ר׳ ישראל בעל־שם־טוב.

שוין אין דער גאָר פריער יוגנט איז זיסל מיטגעריסן געוואָרן מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס האָט שוין דאַן געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג ביי דער לוצקער יידישער אינטעליגענץ. ענדיקנדיק די רוסישע גימנאַזיע מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל און האָבנדיק די בעסטע געלעגנהייטן צו שטייגן אַלץ העכער אויפן לייטער פון פּערזענלעכן גליק און קאַריערע, — האָט זיסל דאָך אויסגעקליבן די „באַעוולה׳טע און באַליידיקטע״, און האָט זיי אוועקגעגעבן איר האַרץ און נשמה, איר וויסן און אינטעליגענץ.

זיסל איז די גרינדערין פון דער „קולטור־לגיע״ און פונעם „בונד״ אין לוצק. זי אַרבעט אומדערמידלעך צו עפענען אַ צישאַ־שול, אָוונט־קורסן, אַ ביבליאָטעק, פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אַ גאַנצער דור יידישער אינטעליגענץ אין לוצק איז אויפגעוואַקסן אויף אירע הענט. איר משפחה־הויז איז געוואָרן דער סאַלאָן פון יידישער קולטור־ און פּאַרטיי־אַרבעט אין לוצק. אַלע גראַדואַנטן פון וואַרשעווער לערער־סעמינאַר, וואָס שטאַמען פון וואָלינער גובערניע, האָבן זייערע ערשטע שריט געשטעלט און זייער ערשטע אינספּיראַציע פאַר פאָלקס־לערערשאַפט געקראָגן אין הויז פון ז. גוטמאַן.

ז. גוטמאַן האָט אַליין געענדיקט דעם וואַרשעווער לערער־סעמינאַר פון דער צישאַ, און נאָך דעם געאַרבעט אין עטלעכע שולן: אין וויסאָקע־ליטעווסק, סווענציאַן, שעדלעץ, פּעטריקאָוו. די לעצטע יאָרן האָט זי געאַרבעט אין וואַרשעווער צישאַ־שולן און אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. פון דער י. כמורנער־שול (קראָכמאַלנע 36), איר לעצטער שול אין וואַרשע, איז זיסל ביים אָנקומען פון די נאַצישע האָרדעס אַוועק מיט איר מאַן „באַטקע״ מ. גילינסקי קיין סוועגציאַן, וואו זיי האָבן ווייטער געפּרואווט אָנהאַלטן זייער שול־אַרבעט אונטער דער סאָוועטישער אָקופּאַציע. אין גיכן קומען זיי אָן קיין ווילנע. זיסל גוטמאַן איז דאָ אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצי־רוצחים אין 1942 אין דער געטאָ פון ווילנע.

## גוטמאַן, חיים (יחזקאל)

— געבוירן 1889 אין לאָדזש. זיין פאָטער, אַ געלערנטער חסיד, האָט



אים נישט לאַנג געקאָנט לאָזן לערנען. צו דרייצן יאָר פאַרענדיקט חיים „זיינע אוניווערסיטעטן״ ביי אַ גמרא־מלמד, און מוז צוהעלפן זיין פאָטער אין דער אַרבעט (אַ לויז־ וועבער).

אין חיימען וואַקסט אָבער אַן אומגעשטילטער דורשט צו לערנען. האָבנדיק אַ פיין געפיל פאַר נגינה (אַ ירושה פון דורות מנגנים און זעלטענע בעלי־תפילות), לערנט ער זיך כמעט אַליין נאָטן. ער דיריגירט אייניקע קליינע כאָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווי אויך אין דער סטריקאָווער פּרץ־ביבליאָטעק. ח. גוטמאַן איז אויך אַ גלענצנדער טורנער. די ביידע טאַלאַנטן קומען אים שפּעטער צונוץ אין דער יידישער פאָלקשול: ער פירט דאָ אָן פּרעכטיקע קינדער־כאָרן און גימנאַס־

טיק־גרופעס. ער לערנט זיך אַליין ווייטער. ער באַקומט ברייטע קענטענישן אין דער יידישער ליטעראַטור. מאַטעמאַטיק איז זיין באַליבטער לימוד. ער איז אַ גוטער רעזשיסער פון קינדער־פאַרשטעלונגען.

ח. גוטמאַן האָט דורכגעמאַכט דעם ציש״אַ־סעמינאַר אין וואַרשע, און ער איז דאָ געווען איינער פון די פלייסיקסטע תלמידים. ווען ער ענדיקט דעם סעמינאַר, אַרבעט ער אין ציש״אַ־שולן: אין פלאָנסק, וואָנסלאַוויץ, סוויסלאָטש, קאַרטוז־בערעזע, זאַמבראָוו, כעלם, ראַזשישטש, און אין די לעצטע יאָרן אין וויסאָקע־ליטעווסק. אין זיין גאַנצער אַרבעט טראָגט ער אַריין דעם געירשנטן חסידישן ברען און התלהבות.

אין וויסאָקע־ליטעווסק פאַרכאַפּן אים די נאַציס.

## גוטמאַן, רייזל — שוועסטער פון זיסל

גוטמאַן, — די דריטע פון די פיר גוטמאַן־שוועסטער, אַלע לערערינס אין די ציש״אַ־שולן, — איז געבוירן געוואָרן אין לוצק פּסח 1906. רייזל איז שוין אויסגעוואַקסן אין דער „קולטור־ליגע" און אין „בונד", אינעם סאַמע געראַנגל פון דער רייף־געוואָרענער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ניט איין ערשטן מאַי איז רייזל „אָפּגע־זעסן" אין דער טרויעריק־באַרימטער לוצקער „וואַיעוואָדסטוואָ". דאָך באַלד נאָך יעדער באַפרייאונג פון טורמע, וואַרפט זי זיך ווידער אַריין אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט מיט נאָך מער פייער, מיט נאָך מער קרבנות־גרייטקייט אין קאַמף פאַר אַ שענערער גערעכטערער וועלט.

רייזל פאַרענדיקט פרעבל־קורסן אין וואַרשע, און זי הייבט אָן אַרבעטן אין דער שול־נעץ פון דער ציש״אַ: אין לוצק, סוויסלאָטש, קאָלאָ, שפּעטער אין לובלין.

אין דער ציש״אַ־שול אין לובלין (זינט 1928) ווערט רייזל אַ באַגייסטערטע מיט־אַרבעטערין פון דער לעגענדאַרער בונ־דיסטקע — בעלאַ שאַפּיראָ. רייזל לייזט זיך אויף אין דער באַוועגונג, אין דעם פאָלק. און אַלץ טוט זי אַזוי שטיל, אַזוי באַשיידן. ניט שטרעבנדיק צו פאַרנעמען קיין פּאָזיציע אין דער באַוועגונג, טראָגט זי מיט יראת־הכבוד „די ליים און ציגל" אויף אירע צאַרטע חסידישע אַקסלען צו העלפן דער באַפרייאונג פונעם אַרבעטער־קלאַס.

און אַזוי איז רייזל אומגעקומען על קידוש־השם אין דער לוצקער געטאָ אין יאָר 1942.

## גוטענבוים, אהרן — געבוירן אין

וואַרשע, די מוטער האָט געהאַט אַ גע־וועלב פון מילכיקס אויף נאַלעווקיס נאָ־ענט צו מילע.

א. גוטענבוים האָט באַקומען מיטלע בילדונג און געענדיקט די וואַרשעווער „וושעכניצע" אויף יורידישן פאַקולטעט. ער האָט אַ צייט געאַרבייט אַלס לערער פון יידיש און געשיכטע אויף טוואַרדע 22 אין דער ציש״אַ־שול. ווען ער האָט גע־ענדיקט דעם סטודיום האָט ער פּראַקטי־צירט אַלס אַדוואָקאַט, און איז געווען באַקאַנט ווי אַ מענטש מיט אַ גאָלדן האַרץ.

## גורדוס, יצחק — געבוירן אין ניי

סווענציאַן און באַקומען מיטלשול־ביל־דונג. במשך פון אַ סך יאָרן איז ער געווען לערער און פאַרוואַלטער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול אין ניי־סווענ־ציאַן, וועלכע איז געווען אַנגעשלאָסן אין דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע פון ווילנער פּראָווינץ. י. גורדוס איז טאַקע אין דער דאָזיקער שול־אָרגאַניזאַציע, וואָס איר צענטראַלע איז געווען אין ווילנע, געווען

אקטיוו באטייליקט. ער איז געווען א מיט־גליד פון איר עקזעקוטיווע און ער האט אפט אין איר נאמען באזוכט די שולן פון דארטיקע פראווינץ־שטעטלעך, געהאלטן פארטראגן, אויפגעטראטן אויף עלטערן־פארזאמלונגען אאז"וו. ניט קיין דורכ־שניטלעכער לערער פון יידישע לימודים, איז ער געווען זייער פאפולער ביי די עלטערן אלס גוטער דערציער און געווען באליבט ביי די קינדער. אין די לעצטע יארן פארן היטלער־קריג איז ער אויס־געקליבן געווארן אין ארטיקן שטאטראט און געווארן א לאווניק אין מאגיסטראט. ער האט אנטוויקלט א גרויסע געזעלשאפט־לעכע טעטיקייט צווישן דער יידישער און ניט־יידישער באפעלקערונג. ער איז וויי־טער פארבליבן דער געטרייער דינער און שיצער פון דער שול. אדאנק אים איז פאר דער ניי־סווענציאנער צישא־שול אויסגעטיילט געווארן א גרעסערע סוב־סידיע און איר עקזיסטענץ איז געווען גע־זיכערט.

בעת די סאוועטישע מאכט איז גע־שטאנען אין ניי־סווענציאן, האט י. גור־דוס אויך געארבעט אלס לערער. אין יוני 1941 איז ער דורך די דייטשע מערדער אומגעבראכט געווארן צוזאמען מיט זיין פרוי און קינדער.

**גורעוויטש, סאפיע** — געבוירן אין 1880 אין מינסק. שטודירט פעדאגאגיק און נאטור־וויסנשאפט אין פעטערבורג. אין 1904 האט סאפיע גורעוויטש געגרינ־דעט א מיטלשול פון דער ח'מ"פה אין קאוועל, אין 1905 אריבערגעפארן קיין ווילנע און דא געארבעט אלס לערערין אין דער שול פון ח' מח"ה אין די ביליקע הייזער און אלס פארוואלטערין פון דער אוונטשול וואו מ'האט דעמאלסט שוין אנגעהויבן איינפירן אין געהיים די יידישע שפראך. 1906 עפנט סאפיע מארקאווונע צוזאמען מיט פרוי אנטאקאלסקי א גימ־נאזיע פאר מיידלעך. ווי עס כאראקטע־ריזירט די דאזיקע לערן־אינסטיטוציע רע־גינע וויינרייך, איז עס געווען א גימנאזיע אן א „קאזיאנעם צוגאנג", מיט יידישע אינטערעסן און פראבלעמען, מיט א פע־דאגאגישן ראט, וואס איז געווען פאר־אינטערעסירט אין דער ארבעט גופא. ס'איז געווען גאר א נייע זאך אין ווילנע, א גימנאזיע ניט נאר צוליב א דיפלאם, נאר צוליב אנטוויקלונג, ברייטע האריזאנטן. האט זיך טאקע גרופירט ארום איר די פראגרעסיווע אינטעליגענץ. א פאר יאר האט אין דער גימנאזיע געארבעט דער בארימטער יידישער סאציאליסט ר. אב־ראמאוויטש, — ער איז געווען לערער פון יידישער געשיכטע און פון מאטע־מאטיק און פיזיק.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אר־בעט סאפיע מארקאווונע אלס באפולמעכ־טיקטע פון „אזע", זי גרינדעט קינדער־היימען פאר די היימלאזע; אין 1916 גרינדעט זי א גימנאזיע אין פאלטאווע. אין 1918 קומט זי צוריק קיין ווילנע. אלץ איז דא געווען יעמאלט אומקלאר, די מאכט ניט סטאביליזירט, די שפראכן־פראבלעם ניט באשטימט, עס קומט אויף די נייע שול אין יידיש. ס. מ. איז געווארן פארוואלטערין פון דער יידישער רעאל־גימנאזיע און שפעטער פון יידישן לערער־סעמינאר. זינט 1922 רעארגאניזירט זי איר פריוואטע גימנאזיע, פירט דא איין יידיש ווי די לערנשפראך. זי פארעפנט־לעכט א גענויע פראגראם פאר נאטור־וויסנשאפט אין דער „נייער שול", זי רעצענזירט יידישע לערנביכער.

„סאפיע מארקאווונע — שרייבט רעגינע וויינרייך — איז געווען אן אומרואיקער כאראקטער, פול מיט איניציאטיוו, מיט ענערגיע און אונטערנעמערישקייט. א

מערקווערדיקע שעפערישע נייגעריקייט
האָט איר ניט געלאָזט רוען. אַלץ וואָס איז
ניי, וואָס איז יונג, וואָס איז דינאַמיש
האָט געהאַט חן אין אירע אויגן, און
האָט געקענט זיך ריכטן אויף איר הילף.
קיין שום שוועריקייטן האָבן איר ניט
געקענט אָפּשטעלן, ווען זי האָט געהאַט
עפּעס אַ פרישן פּלאַן דורכצופירן; עס
האָט זיך אָפט געדוכט, אַז זי וויל די
שוועריקייטן ניט זען; און באמת, ניט
איין מאָל האָט זי באַוויזן וואונדער, מיט
איר כמעט נאַאיוון גלויבן דורכגעבראַכן
שטערונגען קעגן וועלכע אַנדערע מיושב־
דיקע מענטשן האָבן ניט געהאַלטן פאַר
מעגלעך זיך צו ווערן.

„ווי שטענדיק, האָט זי צוגעצויגן אין
איר פּעדאַגאָגישן ראַט די אינטערע־
סאַנטסטע מענטשן וואָס מען האָט גע־
קענט קריגן, זי האָט אָפט נישט גערעכנט
זיך צי זיי זיינען צוגעפּאַסט צו לערערשער
שוואַרצאַרבעט; ניט איין מאָל געהאַט
גרעסטע שוועריקייטן, ווייל פּאָעטן (קול־
באַק, בער האָראָוויץ) האָבן ניט געקענט
זיך אַריינפּאַסן אין דיסציפּלין־ און
פּראָגראַם־פאָדערונגען. דערפאַר אָבער
האָבן זיי געשאַפן אַזאַ אַטמאָספער, גע־
געבן די תלמידים אַזוי פיל, אַז נאָך ביי
היינטיקן טאָג שיינען אויף די אויגן ביי
אַ סך שוין מיטליאָריקע מענטשן, ווען
זיי דערמאָנען זיך אין זייער שול".

די פּוילישע מאַכט האָט באַזייטיקט
סאָפיע גורעוויטש פון דער שולאַרבעט.
אין 1937 פאָרט ס. מ. אַריבער קיין ראַטן־
רוסלאַנד. די היטלער־מלחמה טרעפט איר
דאָ אַ קראַנקע, פאַרעלטערטע, זי ווערט
עוואַקואירט אין דער שטאָט גאָרקי, אין
קעלט און אין הונגער הויכט זי דאָ אויס
איר נשמה אין 1942.

ווען ס. מ. האָט פאַרלאָזן ווילנע, האָט
איר שול ווייטער עקזיסטירט און איינגע־
האַלטן איר נאָמען און אויטאָריטעט. „די
סאָפיע־גורעוויטש־שול — שרייבט ר.
ווינרייך — איז געווען גאָר אַן אייגנאַר־
טיקע אינסטיטוציע, אייגנטלעך די איינצי־
קע פּריוואַטע יידישע שול אין פּוילן. אַן
געזעלשאַפטלעכער שטיצע, אָבער מיט פּו־
לער געזעלשאַפטלעכער אחריות, געבויט
אויף אַ דעמאָקראַטישער אַרבעט פון פּע־
דאַגאָגישן ראָט, מיטן נאָענטסטן אָנטייל
פון די עלטערן, איז די שול אינספּירירט
דורך סאָפיע מאַרקאָוונעס גייסט לאַנגע
יאָרן נאָך דעם ווי זי איז באַזייטיקט
פון דער אַרבעט. די שול האָט דורכגע־
מאַכט עטלעכע טיפע קריזיסן, און איז
יעדן מאָל אַרויס אַ געשטאַרקטע; געווען
שוין אַ פולע 8־קלאַסיקע גימנאַזיע, רע־
דוצירט געוואָרן ביז אַ קליין שולעכל מיט
80 קינדער, און איז ווידער אויסגעוואַקסן
צו אַ געזונטער שטאַרקער פאָלקשול מיט
איבער 200 תלמידים און מיט אַן איינגע־
נעם פּנים, אַזוי ביז דעם פאַטאַלן יאָר
1939".

## גורעוויטש, ישראל

— געבוירן אין
1887, האָט ישראל גורעוויטש צו 20 יאָר
פאַרענדיקט דעם ווילנער לערער־אינסטי־
טוט, און פון דאָרט געקומען צו דער
יידיש־וועלטלעכער נאַציאָנאַלער שול־
בויאונג. ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה
איז ער געווען אַ לערער אין אַ רוסיש־
יידישער רעגירונגס־פאָלקשול אין סמאָר־
גאָן. זינט 1915, איז ער יאָרן לאַנג גע־
ווען אין ווילנע פאַרוואַלטער פון דער
8־קלאַסיקער מפיצי־השכלה־שול, וואָס איז
געוואָרן אַ מוסטער פון אַ גוט־אָרגאַניזיר־
טער יידישער שול. י. גורעוויטש איז
גלייכצייטיק געווען טעטיק אין צ. ב. ק.,
אין דער „קולטור־ליגע"; ער איז געווען
מיטרעדאַקטאָר פונעם ווילנער עלטערן־
זשורנאַל „שול און היים", געווען אַקטיוו

אין די ווילנער טערמינאלאגישע קאמיסיעס, האט פארעפנטלעכט באלערנדיקע פעדאגאגישע און מעטאדאלאגישע ארטיקלען אין דער „נייער שול". אין די יארן נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז י. גורעוויטש אויך געווען זייער פרוכטבאר אויפן געביט פון שאפן און איבערזעצן לערנביכער פאר דער נייער יידישער שול. ער האט אפגעדרוקט „מיין טאגבוך" — געבויט לויטן ארבעטס־פרינציפ — פאר די שילער; צוזאמען מיט י. שוסטעראוויטשן האט ער ארויסגעגעבן אן אריטמעטישן רעכן־בוך (1921); אפגעדרוקט אן אלגעבראאישן רעכנבוך (1923), אן איבערזעצונג פון אסטריאבס אנשויאונג־געאמעטריע (1923), א געאמעטרישן רעכנבוך אין צוויי טיילן (1922), אן איבערזעצונג פון קיסעלעווס געאמעטריע (פ"ג קלעצקין, 1924), אן אנשוילעכע געאגראפיע א"א.

די לעצטע יארן פון זיין לעבן האט י. גורעוויטש זיך א נויג געטאן צו דער פשרהדיקער סינטעזע צווישן יידיש און העברעאיש אין שול, און איז געווארן איינער פון די גרינדער פונעם אזוי־גערופענעם „שול־קולט", — ער האט עס אבער זיכער געטאן אונטערן דיקטאט פון גוט־געמיינטער זארגעוודיקייט פאר יידיש, וואס ער האט שטענדיק געליבט און געהאלטן פאר דער הויפט־אקס אין זיין אידייען־וועלט. די דירעקטע סיבה פון זיין צערייסן מיט דער ציש"א און צ. ב. ק. איז געווען א קאנפליקט אויפן באדן פון א פאטריאטישער מאניפעסטאציע ביי דער געביידע פון פוילישן שול־קוראטאריום בעת א ל"ג בעומר־שפאציר, דורכגעפירט דורך י. גורעוויטש און זיין שול. נאכן אריבערגיין מיט דער־שול אין „שול־קולט", איז אין י. גורעוויטשעס נייער שול די אונטעריכט־שפראך ווייטער געווען יידיש, אבער מיט א פארגרעסערטער צאל העברעאישע לימודים און מיט א נאציאנאליסטישער ריכטונג. די שול האט צוגעצויגן א גרעסערע צאל תלמידים סיי פון מיטלשטאנד, סיי פון די ארעמערע שיכטן, — און דאס איז געווען צו פארדאנקען בעיקר די ארגאניזאטארישע פעאיקייטן פון י. גורעוויטש.

י. גורעוויטש איז געווען טעטיק אין דער פראפעסיאנעלער ארגאניזאציע פון יידישע לערער, — ער האט דארטן ארויסגעוויזן שטארקע חברשאפט, פריינדשאפטלעכע ווארעמקייט און ווייכקייט.

ישראל גורעוויטש איז אומגעבראכט געווארן אויף פאנאר אין 1941.

זיין פרוי חנה איז אויך געווען א לערערין אין דער מפיצי־השכלה־שול — אין די יינגערע קלאסן. צוזאמען מיט איר מאן האט זי באארבעט און ארויסגעגעבן אויף יידיש די באקאנטע אריטמעטיק פאר אנפאנגער פון ווענטווארד און ריד (פ"ג „בילדונג", 1923). איר גורל — אומבאקאנט.

## גיטערמאן, אסתר

**גיטערמאן, אסתר** — פרוי פון יצחק גיטערמאן, פון דער היים סאפאזשניק, געבוירן 1898. געווען סעקרעטארין פון דער געזעלשאפט „אזע" אין קיעוו. אין 1917 האט זי ארגאניזירט די יידישע לערערשאפט אין וואלין און געהאלפן צונויפרופן די ערשטע לערער־קאנפערענץ אין ראוונע, וואו עס איז באשלאסן געווארן בויען א נעץ פון מאדערנע יידישע שולן און קולטור־אנשטאלטן. אין 1918 איז זי געקומען קיין לוצק, זי פירט אן מיט דער ארבעט פון „אזע" פאר די פליטים קינדער. זי איז אליין א פעאיקע און טעטיקע פרעבליסטין.

נאכן סוף פון ערשטן וועלט־קריג באזעצן זיך די גיטערמאנס אין ווארשע. אסתר איז דא די ערשטע יארן פארבונדן

מיט די קינדער־היימען פון צישא. — נאכן געטא־אויפשטאנד איז אסתר אריבערגעפירט געווארן אין איינעם פון די אפגעשלאסענע לאגערן אין לובלינער געגנט און דארט איז זי אין 1943 דערמארדעט געווארן דורך די דייטשן.

## גילינסקי, מאָטל (באַטקע) —

געענדיקט דעם ווילנער יידישן לערער־סעמינאר, איז ער א קורצע צייט געוועזן לערער אין צישא־שולן אויף דער פראווינץ, און אינגיכן אריבער קיין ווארשע, וואו ער האט געארבעט אין שול און שפעטער במשך פון לאנגע יארן אין דער מעדעם־סאנאטאריע ביי מעדזעשין.



שוין אין לערערסעמינאר האט ער ארויסגעוויזן זיינע ארגאניזאטארישע פעאיקייטן און געזעלשאפטלעך־חברישע באציאונגען, און די סעמינאריסטן האבן אים דערפאר געקרוינט מיטן נאמען „באטקע" (טאטע). דער ווילנער סעמינאר האט געהאט אן אינטערנאט אויף סובאטש 9. „מיר וואוינען — דערציילט די געוועזענע סעמינאריסטקע פייגל באראקין־מעלאמדאוויטש — אויפן זעקסטן שטאק. א לאנגער קארידאר מיט צימערן פון ביידע זייטן. אין יעדן צימער וואוינען 2, 3, 4 סעמינאריסטן. מיט אונז וואוינט די אומפארגעסלעכע, טייערע ראזע סימכאוויטש. מיר לעבן אין א „קאמונע". מיר פירן אן מיט דער באלעבאטישקייט, מיר האבן אונזער אייגענע פארוואלטונג. אונזער אלעמענס „טאטע" איז אונזער חבר מאטל גילינסקי. „באטקע" הייסט ער ביי אונז. באטקע איז א טייערער חבר און העלפט מיט עצות אין יעדער סיטואציע".

דער נאמען „באטקע" איז שוין געבליבן פארן ח' מאטל גילינסקי אויף זיין גאנצן לעבן.

ווי יעדער נייער לערער אין דער מעדעם־סאנאטאריע, איז באטקע די ערשטע צייט געווען אביסל פארלארן, נישט זיכער אין זיך, און עס האט גענומען א היפשע צייט ביז ער האט זיך דורכגעדרונגען מיט די אידייען און דערציערישן דרך אין דעם אנשטאלט. באטקע האט זיך מיט ליב און לעבן אריינגעווארפן אין דער ארבעט און איז געווארן איינער פון די פירנדיקע לערער־פעדאגאגן אין דער מעדעם־סאנאטאריע.

באטקע איז געווען א גאט־געבענטשטער דערציער, באשאנקען פון דער נאטור מיט זעלטענע אייגנשאפטן, ווי פשטות, נאטירלעכקייט, אמתדיקייט און יושרדיקייט. א דאנק אט די כאראקטער־שטריכן און זיין גרויסן דערציערישן טאלאנט, איז ער געווען אומגעהויער באליבט ביי די קינדער און ביי אלע חברים מיטארבעטער. באטקעס ווירקונג אויף די קינדער איז געווען אזוי גרויס, אז זיי פלעגן אונטער זיין איינפלוס אויספירן אלע געבאטן פון אנשטאלט און אלע זייערע פליכטן האבן זיי געטאן מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט. די קינדער זיינען ממש געווען פארליבט אין אים, געזוכט יעדע געלעגנהייט צו זיין נעענטער צו אים. אויף א וואונדערבארן אופן האט ער שנעל אריינגעצויגן אין לעבן פון אנשטאלט די נייאנגעקומענע קינדער, וואס דאס איז געווען א גאר קאמפליצירטע פראבלעם אין סאנאטאריע.

פירנדיק מיט דערפאלג לעקציעס פון יידישער שפראך און ליטעראטור אדער פון נאטורוויסנשאפט, האט „באטקע"

אפט געזאגט די קינדער גאר אפן, אז די אדער יענע פראגע איז אים אליין נישט גענוג באקאנט. כדי אויסצוגעפינען די געהעריקע תשובה, פלעגט ער ארייַנציען די קינדער און צוזאמען מיט זיי אפט פארברענגען גאנצע שעהן אין שטודירן א געוויסן ענין. אויף אזא הייד האט באטקע זיך אויפגעהויבן אין זיין דערציערישער ארבעט אין סאנאטאריע.

„באטקע" האט אליין זיך געהאלטן אין איין לערנען. במשך פון א פאר יאר האט ער באזוכט די פעדאגאגישע אפטיילונג פון דער פרייער פוילישער הויך־שול אין ווארשע (וושעכניצא). א דאנק באטקען זיינען די פראפעסארן און די סטודענטן פון דעם קורס (כמעט אלע פאליאקן) געווארן הייסע אנהענגער פון דער דערציאונג־סיסטעם אין דער מעדעם־סאנאטאריע.

„באטקע" האט זיך אויסגעצייכנט אין אלע געביטן פון זיין ארבעט. ער איז א גלענצנדער דערציער פון די קינדער, ער האט גרויס פארשטענדעניש פאר דער פסיכיק פון קינד. ער פירט לימודים, ער פירט גימנאסטיק, ער גרייט צו פארשיידענע שפילערייען, ער פירט מיט די קינדער האנט־ארבעט, ער מאכט מיט זיי וויסנשאפטלעכע שפאצירן. קיינער קען זיך אזוי ניט שפילן און פארווילן — מיט די קינדער, ווי ער. צוזאמען מיט זיין חבר י. טרופיאנסקי האט ער אנגעפילט די סאנאטאריע מיט קינדער־פרייד און גליק. מיט זיינע וועכנטלעכע קאנצערטן און מיט די גרויסע פארוויילונגען האט מ. גילינסקי אנגעפילט דאס לעבן פון יעדן קינד באזונדער און פון דער גאנצער סאנאטאריע. אין זיין פעדאגאגיש־קינסטלערישער ארבעט איז ער געווען אויסערגעוויינטלעך שעפעריש און דערפינדעריש.

דער הויכפונקט אין דער דאזיקער שעפערישער ארבעט איז געווען די מוזיקאלישע קינדער־שפיל „ליאלקעס", פון וועלכער דער טעקסט געהערט צו מ. גילינסקי און די מוזיק צו י. טרופיאנסקי. ווען די דאזיקע שפיל איז דורכן פארלאג „קולטור־ליגע" אפגעדרוקט געווארן אין בוך־פארם אין 1937, האבן די מחברים אין זייער פאררעדע געשריבן: „אין דער מעדעם־סאנאטאריע פארברענגט יעדעס קינד פון איין ביז דריי־פיר חדשים. כדי אין אזא קורצער צייט דערציעריש צו ווירקן אויפן קינד, מוזן מיר אויסנוצן מער אינטענסיווע פעדאגאגישע מיטלען. מיר אקצענטירן אין אונזער ארבעט די מעטאדן, וואס ווירקן דער עיקר אויף דער געפיל־ספערע פון קינד.

א גרויס ארט פארנעמען אין אונזער ארבעט די קאנצערטן, פארשטעלונגען און אנדערע פארווילונגען. דא אבער שטויסן מיר זיך אן אויף אזא שוועריקייט, ווי מאנגל אין רעפערטואר. עס פעלן לידער פיעסעס, וואס אנטשפרעכן דעם גייסט פון אונזער ארבעט. דער פאקט האט אונז אפט געצוואונגען צו נעמען די פעדער אין האנט און מיט אייגענע כוחות פארפילן דעם בלויז. אויף אזא אופן האט זיך אנגעזאמלט ביי אונז א היפשער מאטעריאל פון א ריין לאקאלן כאראקטער (אקטואליען פון לעבן אין סאנאטאריע). ס'זיינען אבער אויך געשאפן געווארן טייל זאכן, וואס קענען האבן אן אלגעמיינעם אינטערעס.

איינס פון דעם מין איז טאקע די מוזיקאלישע שפיל „ליאלקעס".

די טעמע פון דער פיעסע איז נישט פרעמד אונזערע קינדער. ביי אונז האט עקזיסטירט א מאריאנעטן־טעאטער, וואס פלעגט געבן פון צייט צו צייט פארשטעלונגען. עס זיינען אויך געמאכט געווארן פרואוון צו קאמבינירן די שפיל פון מאריאנעטקעס מיט דער שפיל פון קינדער ארטיסטן. דאס איז געווען דער

באַדן, דער שטויס צו דער טעמע און צום שאַפן די קינדער־אָפּערע „ליאַלקעס".

אָנגעשריבן איז געוואָרן די פּיעסע צו אונזער טראַדיציאָנעלן, קאָסטיומירטן ניי־יאָר־באַל און לכתחילה איז זי באַשטימט געוואָרן פאַר די יינגערע קינדער, אָבער די זאַך האָט זייער שטאַרק אויסגענומען אויך ביי די עלטערע. ווי שטענדיק, איז נאָך דער פאָרשטעלונג פאָרגעקומען מיט די קינדער אַ שמועס — אַ קריטישע אָפּשאַצונג פון דער פּיעסע. אַ גאַנצע ריי באַמערקונגען און אָפּשאַצונגען פון די קינדער האָבן אונז אינספּירירט צו פאַרברייטערן און אַנטוויקלען די פּיעסע.

שפּעטער זיינען די „ליאַלקעס" אויסגעפירט געוואָרן מיט דערפאָלג דורך דער במורנער־שול אין וואַרשע, דורך די שולן אין ביאַליסטאָק, אין בריסל (בעלגיע), — אומעטום האָבן די קינדער נאָך דער פאָרשטעלונג געהאַלטן אין איין זינגען פראַגמענטן פון דער אָפּערע."

די פּאָפּולאַריטעט פון די „ליאַלקעס" האָט דערגרייכט אַפילו קיין אַמעריקע, און דאָ איז די שפּיל אַ סך מאָל אויפגעבראַכט געוואָרן פאַר די קינדער און דורך די קינדער. אין 1949 האָט מיכל געלבאַרט אָפּגעדרוקט די „ליאַלקעס" אין זיין אויסגאַבע „אָפּערעטעס", און ער האָט צום טעקסט פון מ. גילינסקי געשאַפן זיין אייגענע מוזיק, צוגעפּאַסט צום כאַראַקטער פון די היגע קינדער.

אָבער די „ליאַלקעס" איז ווייט ניט געווען די איינציקע טעאַטער־שפּיל, וואָס איז אין סאַנאַטאָריע פאַרפאַסט און אויפגעפירט געוואָרן דורך מ. גילינסקי און י. טרופּיאַנסקי. זייער באַליבט און איינגענעבן איז געווען די אָפּערעטע „שפּייבלער" א"אַ (צוזאַמענגעשטעלט ביים אַנטייל פון י. מלאַטעק). ווי געזאָגט, די אַלע פּראָדוקציעס זיינען געווען אַ רעזולטאַט פון לאַנג־דויערנדיקער פּראַקטיק, אין וועלכער די קינדערס שאַפונג און זייער טעמפּעראַמענט, זייערע פעאיקייטן האָבן געשפּילט גאָר אַ היפּשע ראָל.

די סאַנאַטאָריע פלעגט אויך דורכפירן 2־1 מאָל אַ יאָר גרויסע אונטערנעמונגען אין וואַרשע גופא. דאָס זיינען געווען פּראָדוקציעס פון איצטיקע און געוועזענע סאַנאַטאָריע־קינדער. אויך די דאָזיקע אויפפירונגען זיינען געווען די אַרבעט און דערגרייכונג פון די צוויי חברים גילינסקי און טראָופּיאַנסקי און פון די טאַלענטירטע קינדער וועלכע זיי האָבן אַנטדעקט און אויפגעצויגן אין דער סאַנאַטאָריע.

דער אַפּאָגיי פון אַט דער גאַנצער מוזיקאַליש־טעאַטראַלער דערציאונגס־אַרבעט איז געווען דער קלאַנג־פילם „מיר קומען אָן", אין וועלכן עס זיינען פאַראייביקט געוואָרן אַ סך שאַפונגען פון די צוויי לערער אין מוזיק און שפּיל.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די ראָל פון „באַטקען" און פון י. טראָופּיאַנסקין ביים אָרגאַניזירן אויף דער שלום־עליכם־אויסשטעלונג פון ציש"אָ דעם שאָטן־פילם „דער פאַרכישופטער שניידער" און דעם מאַריאָנעטן־טעאַטער „מאָטל פּייסי דעם חזנס". ביידע זאַכן האָבן פאַרשאַפט אַ סך פרייד די קינדער און דערוואַקסענע, וואָס האָבן באַזוכט די אויסשטעלונג.

אָבער מ. גילינסקי איז געווען ניט נאָר סאַנאַטאָריע־לערער, ער האָט געשטרעבט איבערצוטראָגן די פּראַקטיק פון סאַנאַטאָריע — אין די ווענט פון די ציש"אָ־שולן. ער האָט טעאָרעטיש באַגרינדעט זיינע עקספּערימענטן און דערפאַרונגען, און אין אַ ריי אַרטיקלען זיי פּראָפּאַגאַנדירט פאַר דער לערערשאַפט.

לערער־יזכור־בוך

אין „שולוועגן" האט ער אפגעדרוקט אינטערעסאנטע ארטיקלען: „קינדהייט און יוגנט", „טעאטער אויף שפאציר" און אנדערע. זיינע ארטיקלען וועגן אָר־גאניזאציע פון טעאטער־שפּילן, זיין ארבעט אין דער „נייער שול" וועגן „קינ־דער־פאָרווײלונגען אין פאלקשול" — זיינען געווען פול מיט רייכע אידייען, דערציערישע איינפאלן און, דער עיקר, מיט אומגעהויערער ליבע צום קינד.

ווען עס איז געקומען היטלערס אנפאל אויף פוילן, איז „באטקע" צוזאמען מיט זיין פרוי זיסל גוטמאַן, געקומען צו לויפן אין זיין געבוירן־שטאט אלט־סווענציאן. דא האט ער א קורצע צייט געארבעט אלס לערער, אונטערן סאוועטישן רעזשים. שפּעטער בעת דער דייטשער אקופּאציע, איז ער געווארן א שטוב־מאלער, גלייכ־צייטיק איז ער אויך געווען א מיטגליד פון יידנראט.

מיט דער ליקווידאציע פון סווענציאנער געטא איז ער אריבערגעשיקט געווארן מיט א טייל יידן אין ווילנער געטא. דא האט ער א צייט אנגעפירט מיטן קינדער־קלוב. און ווען די ווילנער געטא איז ליק־ווידירט געווארן, איז ער איבערגעשיקט געווארן קיין עסטאניע, און דארטן איז ער אומגעקומען.

**גינדזבורג זשעניע** — געבוירן אין ווילנע ארום 1909 אין זייער אן ארעמער היים. נאכן פארענדיקן די סאפיע גורע־וויטש גימנאזיע קומט זי אן אויפן דריטן קורס פון לערער־סעמינאר. זי איז א שטילע, באשיידענע מיידל, א הארציקע, א סענטימענטאלע. אלע סימפּאטיזירן מיט איר. נאכן פארענדיקן דעם סעמינאר אין 1930, האט זי חתונה מיטן סעמינאריסט חיים פירער. זיי באקומען ארבעט אין אשמענע, וואו זיי ארבעטן עטלעכע יאר ביזן אויסברוך פון דער מלחמה און טוען דא אויף זייער א סך סיי געזעלשאפטלעך, סיי פעדאגאגיש.

אין 1940 האבן זיי זיך געפונען אין וואלקאווייסק. אבער שפּעטער איז זשענקע (ווי מ'האט זי גערופן) מיט איר קינד אומגעקומען מיט אלע אשמענער יידן צוזאמען.

**גילמאָווסקי צפורה** — צפורה איז געבוירן געווארן אין לידע אין 1906. זי האט געארבעט אין די ציש"א־שולן פון ווילנער פראווינץ — איוויע, סקידל און לידע. געווען א גוטע לערערין. קינדער האבן איר ליב געהאט. מיטן מאן יאנקל בערעזאווסקי האט זי זיך באקענט אין סקידל פון וואנען ער שטאמט. אויך ער איז געווען א לערער אין דער דאר־טיקער שול.

צפורה האט געשטאמט פון זייער אינ־טערעסאנטע עלטערן. דער טאטע האט שטענדיק געשאטן מיט וויצן און זיינע חכמות זיינען בארימט געווען אין לידע.

צפורה האט געהאט א 5־יאריק קינד. אין 1944 זיינען זיי אלע אומגעקומען.

**גלאַזער־בראַנדעס ראָמע** — גע־בוירן דעם 31 דעצ. 1900 אין שערפּיץ, אין א סוחרישער שטוב. געענדיקט קא־לעצקיס גימנאזיע אין ווארשע, פעדא־גאגישע קורסן ביי דער קהלה און שפּע־טער א ספּעציעלן פעד. קורס ביי דער „ווּשעכניצע", ווארשע.



פון 1921 געווען לערערין אין ציש"א־שולן: קארמעליצקע 29 און שפּעטער

אויף מילע 51. געאַרבעט אין די ״אוונטשולן פון לאַנדראַט אויף דזשיקע, נאַלעווקי 24־26; שפּעטער אין דער פאַדשול פון „אַרט״ אויף דלוגא, און די גאַר לעצטע יאָרן געווען פּאַרוואַלטערין פון דער פאַכשול פון טערעזע אַלטער.

ראַמע איז געווען א מענטש מיט אַ גאָלדן האַרץ און דערביי מיט אַן אויסערגעוויינלעך שטאַרקן כאַראַקטער. געווען אַ ליבלינג פון אַלע שילער, וועלכע האָבן געהאַט אַן אומבאַגרענעצטן צוטרוי צו איר. די שווערסטע דערציערישע אויפגאַבן זיינען איר אָנפאַרטרויט געוואָרן דורכן פּעדאַגאָגישן ראַט. געווען אַ פאַקט אין דער שול אויף מילע 51, ס׳איז געפאַלן אַ חשד אויף אַ יינגל, אַז ער גנבעט. מ׳דאַרף אויספאַרשן דאָס קינד און ברענגען אים צו אַ צושטאַנד אַז ער זאָל זיך אַליין מודה זיין. ס׳האָט זיך געפאָדערט גוואַלדיקע פאַרזיכטיקייט און טאַקט. דער פּעדאַגאָגישער ראַט האָט די דעליקאַטע אויפגאַבע איבערגעגעבן ראַמען, און זי האָט איר מיסיע אויסגעפירט: דאָס יינגל האָט געעפנט זיין האַרץ פאַר ראַמען און פאַר איר אַנטפּלעקט די סיבות פון זיין אומנאָרמאַלקייט. ראַמע האָט אַ סך צייט געווידמעט דעם יינגל און אים אויסגעהיילט. דאָס יינגל איז שפּעטער געוואָרן אַן אָפּטער אַריינגייער צו ראַמען אין שטוב, און זי איז געבליבן זיין אַפּטרופּס און מדריך.

ווענן ראַמעס טעטיקייט בשעת דער היטלער־אָקופּאַציע ווערט דערציילט: זי איז געווען טעטיק אין די הויז־קאָמיטעטן אין דער וואַרשעווער געטאָ, אַרויסגעוויזן אַ סך אָפּפערוויליקייט און געווען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַרן נאָענטן, אַבי צו ברענגען אַביסל טרייסט און הילף. צוזאַמען מיט אַנדערע באַקאַנטע פרויען האָט זי געהערט צום פּאַטראָנאַט פונעם בונדישן יתומים־אינטערנאַט, און דאָ אין געטאָ איז זי אומגעקומען צוזאַמען מיט איר טאָכטער.

**גלאַזער, חוה** — געבוירן אין יאָר 1905־6, האָב איך נאָך געקענט אַלס קינד. אַ קליין שטיל מיידעלע מיט אַ חנעוודיק פּנימל, שוואַרצע גלאַטע האָר פאַרקעמט אין צוויי צעפּלעך, און אַ פּאָר גרינע אומעטיקע אויגן. געווען איז זי מיינע אַ שכנטע. מיר האָבן ביידע געוואוינט אויף סופּראַסלער געסל, ביאַליסטאָק. איך האָב זי דערקענט ווען איך בין שוין געווען אַ שילערין פון 6־טן קלאַס פאָלקשול, און חוה איז ערשט אָנגעקומען אין אונזער יוגנט־פאַריין־שול אין 4־טן קלאַס. זי איז געווען הינטערשטעליק אויף עטלעכע קענגשטאַנדן און איך האָב איר געדאַרפט צוגרייטן, אַז זי זאָל קענען מיטגיין מיטן קלאַס. זי האָט געהאַט זייער אַ שטאַרקן ווילן צום קענען און איז קיין מאָל ניט מיד געוואָרן צום אויסלערנען נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל ביז זי האָט אירס דערגרייכט. זי האָט אין אַ קורצער צייט אָנגעיאָגט וואָס איר האָט געפעלט און זי האָט פאַרענדיקט די פאָלקשול און האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין ווילנע אין לערער־סעמינאַר (אין 1922).

אירע עלטערן זיינען געווען זייער שטילע באַשיידענע אַרבעטסמענטשן. דער פאָטער — אַ גלעזער און ניט קיין גרויסער גביר. די מוטער אויך אַ פרומע יידענע, פלעגט צוהעלפן אין פּרנסה מיט דעם, וואָס זי פלעגט פאָרן אַ פּאָר מאָל אין וואָך אין שטעטל לאַפּי, לעבן ביאַליסטאָק, פון וואַנען זי פלעגט ברענגען פלייש, פּוטער, קעז, אייער, און עס פאַרקויפן צו אירע באַקאַנטע און שכנים.

פאַרשטייט זיך, אַז חוהס באַשלוס צו פאָרן קיין ווילנע אין סעמינאַר איז גע־

פאלן ווי א שווערע לאסט פאר דער פאמיליע. אבער חוהס שטארקער ווילן און די געטריישאפט פון דער פאמיליע און אויך דער נחת פון האבן א טאכטער א לערערקע האבן געווירקט אז חוה האט אירם אויסגעפירט. זי איז אוועקגעפארן צוזאמען מיט איר שול־חברטע איטקע וויערניק קיין ווילנע אין סעמינאר. אלע וויסן מיר די גליקלעכע אבער שווערע יארן, וואס די סעמינאריסטן האבן דורכ־געמאכט אין ווילנער לערער־סעמינאר. מען האט אונטערגעהונגערט, מען האט געפרוירן אביסל און שווער געארבעט אויף צו הערגרייכן דעם ציל. חוה איז נים אפגעשטאנען פון די איבעריקע. צו־זאמען מיט די שווערע טעג האט זי אויך גענאסן פון דער פרייד פון קאלעקטיוון לעבן און פון בארייכערן זיך מיט וויסן.

חוה האט ווייטער מיט איר אומבויג־זאמען ווילן און אנגעשטרענגטער ארבעט הערגרייכט איר ציל. זי האט אויסגע־האלטן די ארויסלאז־עקזאמענס (דריטער ארויסלאז פון ווילנער לערער־סעמינאר, אין 1927) און איז געקומען אהיים א פארטיקע לערערקע און שוין א גאנצע פריילין; די פרייד פון דער משפחה — נישט אויסצודערציילן.

זי האט באלד באקומען א פאסטן אין דער פיאטריקאווער פאלקשול פון דער צישא אלס לערערין פון 2־טן און 3־טן קלאס און נאך אנדערע קענגשטאנדן אין די עלטערע קלאסן.

אין א פאר יאר ארום (אין 1927-28) האבן מיר זיך ביידע ווידער צונויפגע־טראפן. דאס מאל שוין ביידע אלס לע־רערינס אין דער גן־ילדים־שול אין ביא־ליסטאק. מיר האבן זיך זייער דערפרייט איינע מיט די אנדערע. מיר זיינען נאך אלץ געווען שכנים, און מיר זיינען גע־ווארן אויך גוטע חברטעס. מיר פלעגן זיך טרעפן אויף זיצונגען פון פעדא־גאגישן ראט. מיר פלעגן זיך אויך טרעפן נאך דער שול. די קינדער האבן איר זייער ליב געהאט. זי האט איר גאנצן ווילן איצט אנגעשטרענגט אויף צו זיין א גוטע לערערקע. זי האט זיך נים באנוגנט מיטן גרויסן באגאזש וויסן, וואס זי האט באקומען אין לערער־סעמינאר, זי האט כסדר געזוכט, געלייענט, געוואלט וויסן אלץ מער און מער. זי האט נאך געצילט אפצוגעבן עקזאמען אויף מאטורע און שטודירן אין אוניווערזיטעט.

פאר דער שול איז איר נים געווען שווער קיין שום ארבעט. זי האט מיטגע־ארבעט אין קינדער־קלוב און אין ביב־ליאטעק פון שול. פאר די קינדער איז זי געווען נים נאר א לערער נאר אויך א חבר. זי האט מיטגעארבעט אין ביא־ליסטאקער „סקיף" און איז געווען א מיטגליד אין ביאליסטאקער „בונד".

איך האב פארלאזן ביאליסטאק אין יאר 1932. חוה גלאזער איז געווען די לעצטע פון די לערער מיט וועמען איך האב זיך געזעגנט. איך האב א סך מאל באקומען פון איר בריוו, שטענדיק פול מיט ענטוזיאזם פאר אונזערע שולן.

דער סאמע גליקלעכסטער בריוו פון חוהן איז געווען ווען זי האט מיר אנגע־זאגט, אז מען שטעלט זיך בויען א נייעם בנין פאר דער גן־ילדים־שול. פון יעדן געשריבענעם ווארט האט ארויסגע־שטראלט מיט פרייד, פרייד וועלכע האט אנגעשטעקט אויך מיר, כאטש איך בין געווען אזוי ווייט פון דעם ארט וואו דער בנין האט זיך ערשט געדארפט צעוואקסן. געווען איז עס אין שול־יאר 1936-37, אויב איך האב קיין טעות נים.

חוה גלאזער איז אומגעקומען אין דער צייט פון דער היטלער־מלחמה. ווען און ווי אזוי — איז נים באקאנט...

מ. קאפלאנסקי־
טענענבוים

**גלאַטשטיין יוסף** — יעקב גלאַטשטיינס עלטערער ברודער יוסף שלמה איז אויך געווען אַ באַגאַבטער מוזיקער. געענדיקט די וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע, האָט ער געאַרבעט אַלס דיריגענט און מוזיק־לערער אין די שולן פון ציש״אָ און אַנדערע. אויך ער האָט געשאַפן קאָמפּאָזיציעס צו אַ סך לידער.

מיכל געלבאַרט שרייבט וועגן אים („טאָג", 8 אָקט. 1944):

„יוסף גלאַטשטיין איז געווען דער אָפיציעלער מוזיק־קריטיקער פון דער וואַרשעווער „פאָלקס־צייטונג", האָט כסדר געוועקט און געמונטערט, באַגייסטערט און דערמוטיקט יידישע מוזיק־מחברים צו שאַפן יידישע מוזיק, יידישע געזאַנגען פאַרן יידישן פאָלק. ווי אַ געטרייער פאָטער, האָט ער יעדן יונגן מוזיקער געלערנט, וואָס איז גוט און וואָס ניט. מיט ליבע אָנגעוויזן אויף אַלע מעלות און חסרונות. אָן געבייזער און אָן פאַראורטייל האָט ער אויפריכטיק און ערלעך אָנגעוויזן וואָס איז ריכטיק און וואָס איז אַ טעות, און אויב ער האָט צו אַ יונגן מוזיק־מחבר געדאַרפט זיין אביסל שטרענגער, — און נישט ווילנדיק יענעם דערצערנען און אפשר דערמיט יענעם אַנטמוטיקן צו שאַפן, וואָס דורך דעם קאָן אפשר ליידן די מוזיק־ליטעראַטור, — האָט ער וועגן דעם עפנטלעך נישט געשריבן, נאָר געשיקט אַ בריוול אַהיים. האָט יענער מוזיקער געמענט זיך געפינען אין עק וועלט, האָט ער אים אויסגעפונען, דערגרייכט און מיט יענעם זיך דורכגעשריבן.

יוסף גלאַטשטיין איז געווען דער אמתער מוזיקאַלישער מורה־דרך. ער איז געשטאַנען ווי אַ געטרייער שומר און געהיט, אַז אַלע יידישע מוזיק־אינסטיטוציעס זאָלן וואַקסן געזונטע, און קיין שלעכטס זאָל, חלילה, נישט געשען. און געשטאַנען איז ער אין דעם סאַמע צענטער פון דעם יידישן שאַפן אין אייראָפּע — אין וואַרשע. געשטאַנען און געטריי געדינט דעם יידישן פאָלק, דער יידישער מוזיק און נישט אָפּגעטראָטן, ביז די נאַציִשע מערדער־האַנט האָט אים דערגרייכט, אים געשטעלט אויף זייער טויטן־ליסטע, און צוזאַמען מיט די אַזויפיל יידישע קינסטלער, לערער און פירער איז ער אַזוי טראַגיש אומגעקומען פאַרן קיום פון יידישן פאָלק".

**גלאַטשטיין, יעקב** — פון די ענגע דושנע וואוינונגען פון די יידישע פאָלקס־מענטשן אויף סמאַטשע, סטאַווקי, קראַכמאַלנע האָבן זיך געטראָגן יידישע געזאַנגען, קלאַנגען פון פרייד און מוטיקונג. דאָס האָבן געזונגען די קליינע קינדער — זייערע לידער געבראַכט פון דער יידישער וועלטלעכער שול און פון די קינדער־אָרגאַניזאַציעס. דאָס האָבן געזונגען די יוגנטלעכע פון „יוגנט בונד — צוקונפט", אַן אָרגאַניזאַציע וואָס האָט אין וואַרשע געציילט איבער צען טויזנט מיטגלידער.



ווער האָט די לידער איינגעזונגען מיט דער גרויסער מאַסע קינדער און יוגנטלעכע? ווער האָט די לידער געשאַפן?

דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס געווען די פרוכט פון דער שטילער און מיזאַמער, אָבער דערפאַר באַגייסטערטער און געטרייער אַרבעט — פון יעקב גלאַטשטיין: דאָס האָט ער געפלאַנצט די קולטור פון געזאַנג, דעם עסטעטישן געפיל פאַר שיינעם קלאַנג און מעלאָדיע.

ניט געווען קיין יונגטלעכער וואס האט ניט געוואוסט דעם נאמען פון אט דעם שווארצחנעוודיקן, באשיידענעם, ליבן דיריגענט פונעם גרויסן כאר פון „צוקונפט". ניט געווען קיין תלמיד פון די צישא־שולן וואס האט ניט פארגעטערט דעם נאמען פונעם דאזיקן באגאבטן געזאנג־לערער. אויפן פאן פון ארעמען טרויעריקן לעבן פון אט די פאלקסקינדער — איז די מוזיקאלישע טעטיקייט פון יעקב גלאטשטיין געווען א ליכטיקע און דערהויבענע דערשיינונג. דאס איז געווען מוזיקאלישע קולטור, דאס איז געווען לעבנסלוסט און פריידיקייט פון געזאנג. עס איז געווען שיינקייט און הארמאניע פארקערפערט אין יידישע מעלאדיעס. די אויפטריטן פון די יונגנט־כארן אונטער דער אנפירונג פון יעקב גלאטשטיין זיינען געווען דער צענטראלער פונקט אויף אלע עפנטלעכע אונטערנעמונגען פון דער פארטיי, פון דער קולטור־ליגע, פון דער שול־ארגאניזאציע.

און אזוי ווי דער לעגענדארער בעל־תפילה, וואס איז אוועקגעפאלן ביים עמוד בעת דער יום־כיפורדיקער עבודה, אזוי האט יעקב גלאטשטיין זיין לעצטן אטעם אויסגעהויכט אין ווארשעווער געטא, ניט אפטרעטנדיק פון זיין עבודה און ניט אויפהערנדיק צו טראגן פרייד און מוט צו די שקלאפן פון נאצי־געטא...

ניט נאר האבן זיינע כארן און זיינע לידער זיך געלאזט הערן אויף די ארגאניזירטע עפנטלעכע צוזאמענקומען אין געטא, נאר אויף די הויפן און גאסן האבן הונגעריקע און פארפייניקטע יידישע קינדער ניט אויפגעהערט זינגען „דעם לערער גלאטשטיינס" לידער, און געפונען א טרייסט און דערלייכטערונג אין די באליבטע קלאנגען. די גרויסע ליבע צום יידישן ליד, וואס י. גלאטשטיין און אנדערע האבן איינגעפלאנצט אין דער יידישער מאסע, איז אין אט די פינצטערע טעג אין ווארשעווער געטא — ניט אויסגעלאשן געווארן.

***

יעקב גלאטשטיין האט געשטאמט פון לובלין, זיין טאטע איז געווען דער שטאט־חזן משהלע (א לייבלעכער ברודער פונעם פאעט יעקב גלאטשטיינס פאטער). יעקב גלאטשטיין האט אויך געהאט א זון — זייער א פעאיקער פיאניסט־ווירטואז.

א באשיידענער שטילער מענטש, פון א גוטמוטיקן כאראקטער, געטריי דער נייער יידיש־וועלטלעכער שול און קולטור, — איז יעקב גלאטשטיין געווען א שעפערישע פיגור אין יידישן קולטור־לעבן אין ווארשע. גרויסע פאלקס־אונטערנעמונגען האט ער באשיינט מיט זיין דיריגירן די כארן אדער מיט זיינע קאמפאזיציעס.

געבליבן אין ווארשע נאך דער נאצי־אקופאציע, האט יעקב גלאטשטיין דא געלעבט אין גרוים דחקות און מאטערניש, איבערגעלעבט דעם טראגישן טויט פון זיין פרוי (פון טיפוס). אבער ניט געקוקט אויף דעם אלעם, איז ער אויך אין געטא געווען טעטיק. ער האט אויך דא צוזאמענגעהאלטן דעם כאר פון „צוקונפט" און דיריגירט זיינע קאנצערטן. ער האט ארגאניזירט קינדער־כארן אין די פליטים־הייזער, ער איז אויפגעטראטן אויף גרויסע פאלקס־קאנצערטן אין זאל פון דער יודאאיסטישער ביבליאטעק. אין 1941 האט ער אין דעם זאל אנגעפירט מיטן גרויסן כאר פון „צוקונפט" — דער קאנצערט איז פאקטיש געווען די פייערונג פון יערלעכן יובילעי פון „בונד". אין געטא האט ער אויך געשאפן א מעלאדיע צו יצחק קאצענעלסאנס ליד „ארוים איז געגאנגען א ייד אויף דער גאס". אט

אזוי איז יעקב גלאַטשטיין געשטאַנען אויף זיין הויכן קולטור־פּאָסטן ביז דער לעצטער מינוט — ווען ער און זיין טאַלאַנטפולער זון זיינען אומגעקומען צוזאמען מיטן יידישן לעבן פון וואַרשע.

***

„יעקב גלאַטשטיין, — שרייבט דער באַגאַבטער יידישער מוזיקער מיכל געלבאַרט — דער ייגנסטער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט פון דער גלאַטשטיין־מוזיק־דינאַסטיע, איז געווען זייער פּראָדוקטיוו אויפן געביט פון שאַפן קינדער־געזאַנגען. ער איז געווען אין סאַמע בלי פון זיין שאַפן, און שוין זיינען זיינע קינדער־לידער געזונגען געוואָרן אין אַלע יידיש־וועלטלעכע שולן מיט ליבע און פרייד. ער האָט אָנגעהויבן אַרויפשטייגן צו זיין עלטערן קוזין ישראל מיט געראָטענע לידער, וועלכע די קינדער האָבן אַזוי גערן געזונגען. זיין „בערל איז אַ וואויל יינגל" איז געוואָרן איינס פון די באַליבטסטע לידער ביי די קינדער אין אַלע שולן.

ביז היטלער איז באַפאַלן פּוילן, האָב איך אָפּגעהאַלטן דערהאַלטן מוזיק־מאַנוסקריפּטן פון יעקב גלאַטשטיין מיט אַ וואַרעם בריוועלע, וואו ער ווענדט זיך צו מיר ווי צו אַן עלטערן קאָלעגע אין פאַך, איך זאָל אים זאָגן מיין מיינונג. ווי אַ מתמיד, אַ תלמיד, האָט ער זיך נישט געשעמט, ניט מורא געהאַט, טאָמער וויזט מען אים אָן אויף אַ טעות. פאַרקערט, ער איז געווען דאַנקבאַר, ווען מען האָט אים אָנגעוויזן, אים אפילו אויסגעבעסערט".

## גלאַטשטיין ישראל — הונדערטער,

טויזנטער יידישע קינדער פון דער גאָרער, גאָרער וועלט וועלן וויינען און טרויערן, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן אויף וואָס פאַר אַ טראַגישן אופן די נאַציישע רוצחים האָבן אומגעבראַכט זייער באַליבטן קאָמפּאָזיטאָר ישראל גלאַטשטיין.



גאָטעניו, פאַרוואָס שווייגסטו? פאַרוואָס נעמסטו ניט נקמה אָן די מערדער, וועלכע האָבן צוגערויבט אַזויפיל פרייד פון אַזוי פיל טויזנטער יידישע קינדערלעך?! ווער עס האָט נאָר אַמאָל בייגעוואוינט אַ געזאַנג־לעקציע אין אַ יידישער שול, אָדער געזעסן ביי וועלכן עס איז קינדער־קאָנצערט, אין וועלכער עס איז שטאָט, אין וועלכן עס איז לאַנד, וואו יידן געפינען זיך נאָר, און געזען די ליכטיקע פּנים'לעך, די שטראַלנדיקע אייגעלעך און מיט פרייד־אָנגעפילטע הערצעלעך פון די יידישע קינדער, בשעת זיי האָבן געזונגען גלאַטשטיינס וואונדערלעכע קינדער־לידער — די וועלן באַגרייפן דעם גרויסן פאַרלוסט, וואָס די יידישע מוזיק, די יידישע שול און ספּעציעל דאָס יידישע קינד האָט געליטן.

עס איז געווען אין 1908, ווען איך בין אָנגעקומען אין זאַנדבערגס גרויסן טעאַטער אין לאָדזש אַלס כאָריסט. דעם זעלביקן טאָג איז אויך אָנגעקומען אַלס כאָריסט ישראל גלאַטשטיין. אונזער זשאַלאָוואַניע איז געווען צו אַכט רובל אַ חודש. אונזערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט און שטום געפרעגט: ווי אַזוי קאָן מען לעבן פון אַזאַ געהאַלט? זיינען מיר ביידע אַרויס אין גאַס, זיך באַקענט, זיך פאַנאַנדערגערעדט און אויסגעפונען, אַז מיר זיינען אייגנטלעך ביידע געקומען קיין לאָדזש לערנען מוזיק. ביידע יונגע בחורים, ביידע מיט איין שטרעבן: צו ווערן יידישע קאָמפּאָזיטאָרן, שאַפן פאַר

די יידישע פאלקסמאסן יידישע מוזיק — האבן מיר באשלאסן, אז צוזאמען וועט זיין לייכטער צו הונגערן. האבן מיר ביידע געדונגען איין בעטל אין א ביליקער אכסניה אין באלוט. האבן מיר ביידע געלעבט אויף צוויי „טשאסטעס" מיט א גלאז מילך א טאג, האבן מיר ביידע צוזאמען געוואויגן 180 פונט און אויסגעזען ווי ר' צדוקס פייג נאך די פערציק טעג... זיינען מיר ביידע געגאנגען יעדן פרייטיק־אוונט... פרייטאג־ צו פראבע און יעדן אוונט צו דער פארשטעלונג אין טעאטער, און גייענדיק אויסגעמיטן אלע וואסערלעד און בלאטקעלעך, מחמת די צעפליקטע שיך, וואס מיר האבן געטראגן. — דערפאר האבן מיר ביידע פלייסיק געלערנט, שטודירט און פארפולקאמט זיך אין מוזיק־קאמפאזיציע.

יעדע נאכט אויפן געלעגער זיינען מיר לאנג געלעגן וואך און פארדרעדט דעם הונגער מיט אונזערע פאנטאזיעס וועגן יענער גליקלעכער צייט, ווען מיר וועלן זיין יידישע קאמפאזיטארס, שאפן יידישע מוזיק, דיריגירן יידישע כארן און זיי לערנען יידישע געזאנגען.

נאך עטלעכע יאר הונגערן און לערנען האבן מיר פארלאזן לאדזש און זיך געלאזט אין דער וועלט אריין זוכן און געפינען אונזער גליק. בין איך פארווארפן געווארן קיין אמעריקע און זיך דערוואוסט דא, אז ישראל גלאטשטיין געפינט זיך אין לובלין, וואו ער שאפט וואונדערלעכע קאמפאזיציעס פאר גרויס און קליין. ספעציעל צייכנט ער זיך אוים מיט קינדער־לידער. אין 1920 איז אין ווארשע דערשינען זיין ערשטע גרויסע זאמלונג „געזאנג און שפיל" — 50 פרעכטיקע לידער און געזאנג־שפילן פאר קינדער, אויף ווערטער פון משה בראדערזאן און יצחק קאצענעלסאן. די לידער זיינען אויפגעכאפט געווארן אין אלע יידיש־וועלטלעכע שולן אין אייראפע און אמעריקע און האבן אריינגעגאסן אזויפיל פרייד אין די הערצער פון יידישע קינדער.

וועלכעס יידישע קינד, וואס האט נאר באזוכט א יידישע שול, קען ניט זינגען ישראל גלאטשטיינס „מארש־ליד", „צייפעלע", פעלד־ארבעט", „בלומען" און נאך און נאך וואונדערלעכע לידער?

ישראל גלאטשטיין איז געווען דער ערשטער צו שאפן א יידישע אפערע „פאטימא" — (טעקסט פון יצחק קאצענעלסאן: מארים שווארץ האט זי אויפגעפירט אין ניו־יארק).

שפעטער האט זיך ישראל גלאטשטיין באזעצט אין בערלין, וואו ער האט געשאפן גאר־גאר וויכטיקע מוזיק־ווערק, וועלכע האבן ארויסגערופן אויפזען אין דער יידיש־מוזיקאלישער וועלט, צווישן זיי „חורבן" און „שולמית", וועלכע זיינען ארויסגעגעבן געווארן פון יוסף פ. קאץ מוזיק־פארלאג אין ניו־יארק (די היינטיקע „מעטרא מוזיק קאמפאני").

ווען היטלער איז געקומען צו דער מאכט אין דייטשלאנד און גענומען פייניקן יידן, איז י. גלאטשטיין, ווי א פוילישער בירגער, פארבליבן אין בערלין ביז אנהייב 1939. דעם לעצטן בריוו, וואס איך האב פון אים געקראגן איז שוין געווען פון ווארשע (דעם 15־טן סעפט. 1939). אין דעם בריוו בעט ער זיך: „זייט זיך מרחם אויף מיר און ברענגט מיך אריבער קיין אמעריקע". זינט דאן האב איך פון אים מער ניט געהערט ביז — איך האב איבערגעלייענט אין דער היגער יידישער פרעסע די רשימה פון די מארטירער קדושים, וואס די נאציבעסטיעס האבן אומגעבראכט אין ווארשע, צווישן וועלכע איך האב געזען דעם נאמען ישראל גלאטשטיין.

מ י כ ל   ג ע ל ב א ר ט

***

ביי וועלכע אומשטענדן איז ישראל גלאטשטיין געקומען פון בערלין קיין ווארשע, — איז אומבאקאנט. בעת אין געטא איז באניים געווארן דאס יידישע טעאטער, אין דער ספעציעל רעמאנטירטער „סקאלא"־געביידע, איז ישראל גלאטשטיין געווען דער מוזיקאלישער לייטער. ער איז פארבליבן אין ווארשע און דארט אומגעקומען צווישן אלע יידן.

## גליאט, חיים

**גליאט, חיים** — איז געווען דער סאמע באוואוסטער און אויטאריטאטיווער לערער פון גימנאסטיק אין ווילנע. צוזאמען מיט די אנדערע קאלעגן פון זיין פאך האט ער געהאלפן ארגאניזירן און דורכפירן די ספארט־יום־טובים און גאסן־צוגן פון די יידישע שולן, וועלכע פלעגן נישט נאר ארייננטראגן א סך לעבן און דינאמישקייט אין אונזערע שולן, נאר פארשטעלן זייער א וויכטיקן פראפאגאנדע־פאקטאר פאר די לערן־אנשטאלטן. חיים גליאט איז מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן דער ארבעט. אין די פרייע טעג פלעגט ער איינארדענען עקסקורסיעס מיט די קינדער און מיט די לערערס, שפאצירן און אויספלוגן אויף שליטלעד, נארטעס אאז"וו. אפילו בשעת די זומערוואקאציעס פלעגט ער ארגאניזירן גרופן און זיי לערנען שווימען, פארן אויף קאיאקן, שפילן אין נעץ־פילקע וכדומה.

ער איז געווען דער אקטיווסטער אינסטרוקטאר און בויער פון דעם ספארט־פאריין מכבי, וועלכער האט זיך אויסגעטיילט פון אנדערע יידישע ספארט־קלובן אין פוילן מיט זיין יידישן כאראקטער. די גאנצע ארבעט פון מכבי איז געפירט געווארן אויף יידיש, די טעטיקייט ארום מכבי איז געווען א וויכטיקער צושטייער צו דעם אלגעמיינעם יידישן קולטור־לעבן אין ווילנע.

חיים גליאט איז געווען א ליבער, גוטער און הארציקער מענטש, שטענדיק מיט א ווייכן, גוטמוטיקן שמייכל אויפן פנים, גרייט צו העלפן מיט א טובה. זיין באציאונג צו די קינדער איז געווען א וואונדערבארע; ביי אים אויף די לעקציעס האט מען קיין מאל נישט געזען קיין מושטיר־דיסציפלין, ווי עס פלעגט זיך טרעפן ביי אנדערע גימנאסטיק־לערערס. ער פלעגט גלייך איינשטעלן אן אטמאספער פון געמיטלעכקייט, שפילעוודיקייט, פריינדלעכקייט, לייכטקייט, און מען האט געקאנט דערשפירן בפועל ממש, ווי די קינדער האבן גרויס הנאה און פרייד אויף זיינע לעקציעס.

אויך אין ווילנער געטא, אונטער די נאצים, האט ח. גליאט גענומען אנטייל אין דער ארבעט פון ספארט־קלוב, בעיקר אין דער סעקציע פאר קינדער. אומגעקומען איז ער אין קלאגע, עסטאניע, אין 1944. זיין פרוי בתיה ברוידע איז צוגענומען געווארן קיין פאנאר אין 1941.

## גליאט, מאיר

**גליאט, מאיר** — געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאר און א סך יארן געארבעט אין נעסוויזש, ביעלסק, וויסאקע ליטעווסק. איינער פון די סימפאטישסטע און איבערגעגעבנסטע לערער אינעם ציש"א־שולוועזן. צום באדויערן, ניט געקוקט אויף אלע באמיאונגען, האט זיך ניט איינגעגעבן צונויפנעמען מער אינפארמאציעס וועגן אים. מ. אייזנבוד, אויסטראליע, גיט איבער אז מע האט מ. גליאטן געזען אין רוסלאנד — צוריק פון סטאלינגראדער פראנט, און ער מיינט אז ער איז שפעטער אומגעקומען.

אויך זיין פרוי איז געווען א פרעבליסטין אין די ציש"א־קינדער־גערטנער. אויך וועגן איר פעלן ידיעות.

**גלעזער אברהם** — געווען א לערער פון גימנאַסטיק אין ווילנע, געווען אויך לערער און אַקטיווער טוער אין שולוועזן אין געטאָ. ער איז געווען ספּאָרט־אינסטרוקטאָר פון ספּאָרט־קלוב אין ווילנער געטאָ, און אונטער זיין אויפזיכט פלעגן די קינדער טורנען אויפן ספּאָרט־פּלאַץ אין געטאָ. ער איז אומגעקומען אין דאַוטמערגען.

זיין פרוי מייטע איז אוועקגעשיקט געוואָרן אין מײַדאַנעק, דער זון לייבל, א קעמפער און א מיטגליד פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע, איז אוועקגעשיקט געוואָרן קיין עסטלאַנד. ער איז אַנטלאָפן פון לאַגער, אָבער אין די וועלדער איז ער אומגעקומען.

**גלעזער יאָסל** — א זון פון י. ע. גלעזער, געבוירן אין 1914 אין פּרוזשענע. אין דער יידישער פאָלקשול ווייזט ער אַרויס גרויסע פעאיקייטן און פלייס. ווען ער ענדיקט די שול, געלינגט דעם פאָטער ביי א גרויסער אָנשטרענגונג אַוועקצושיקן יאָסלען אין ווילנער לערער־סעמינאַר. ער לערנט דאָרט זייער גוט, אָבער ווען ער פאַרענדיקט דעם דריטן קורס, ווערט דער סעמינאַר געשלאָסן. ער קומט צוריק אַהיים און וואַרפט זיך אַריין אין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט — ער אָרגאַניזירט און פירט אָן מיט קרייזן פון „סקיף" און „צוקונפט". גלייכצייטיק לערנט ער זיך אויס דעם דרוקער־פאַך און אַרבעט אין „פּרוזשענער לעבן". נאָכן פאַרענדיקן מיליטער־דינסט נעמט ער זיך ווייטער צו פאַרווירקלעכן זיין ציל — צו ווערן א לערער. עס געלינגט אים, און אין שוליאָר 1938־1939 ווערט ער לערער אין דער יידישער פאָלקשול אין דרויע, ווילנער געגנט. ער איז זייער צופרידן מיט זיין אַרבעט. זיינע בריוו זיינען פול מיט באַגייסטערונג. ליידער איז ער בלויז איין שול־יאָר געווען לערער. א שווידערלעכער אומגליק האָט פאַרלאָשן זיין יונג לעבן. דעם לעצטן טאָג פון שוליאָר, דעם 23־טן אויגוסט, נאָכן געזעגענען זיך מיט די קינדער, איז ער צוזאַמען מיטן לערער לעווין אַוועק זיך באָדן, און זיי זיינען ביידע דערטרונקען געוואָרן אין דעם טייך דווינע.

**גלעזער לייזער** — האָט געשטאַמט פון ווילנע. געענדיקט דעם ווילנער לערער סעמינאַר אין יאָר 1924 (דריטער אַרויסלאָז). גלייך נאָכן ענדיקן דעם סעמינאַר ווערט לייזער גלעזער א לערער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. די לעצטע 3־4 יאָר האָט ער געאַרבעט אין דער גראָדנער ציישאַ שול. ער האָט געפירט א פערטן קלאַס און אויך געזאַנג, גימנאַסטיק און צייכענען אין די אַנדערע קלאַסן. ער איז געווען א פעאיקער לערער, מיט זייער אַן ערנסטער באַציאונג צו זיין לערער־אַרבעט. אויסער אין דער ציישאַ־שול האָט לייזער גלעזער געאַרבעט אין דער גראָדנער האַנטווערקער־שול פאַר יינגלעך. ער האָט דאָרט געפירט די לימודים פון יידיש און יידישער געשיכטע.

ער האָט חתונה געהאַט מיט א לערערין, וועלכע האָט געפירט דעם לימוד פון פּויליש אין דער גראָדנער ציישאַ־שול.

די גלעזערס האָבן געהאַט א יינגעלע, וואָס איז פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה אַלט געווען א יאָר 6־7.

לייזער גלעזער האָט געהערט צום „בונד" און האָט אָנגעפירט מיט „סקיף"־גרופּן אין גראָדנע. די גאַנצע משפחה איז אומגעקומען אין גראָדנע, בעת דער היטלער־אָקופּאַציע.

**גלעזער פייגל** — שטאמט פון אַ ארבעטער משפּחה — דער פאָטער טאַקע געווען אַ גלעזער, פון קאָברין. פייגל גלעזער האָט געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר און נאָך דעם געאַרבעט אַלס לערערין אין די ציש״אָ־שולן אין פּרוזשאַנע און זשעטל. זי איז געווען אַ אַקטיווע בונדיסטקע און געפירט קרייזן פון „סקיף״ און „צוקונפט״. געלערנט האָט זי בעיקר אין די העכערע קלאַסן. אין דער צייט פון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע איז זי אָנגעקומען אויף מלוכהשע קורסן אין באַראַנאָוויטש. איר ווייטערדיקער גורל נישט באַוואוסט.

**געלבאַרט ישראל יהושע** — דער באַקאַנטער מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָר מיכל געלבאַרט דערציילט וועגן זיין יינגערן ברודער, אַ לערער פון געזאַנג אין די יידישע וועלטלעכע שולן, ישראל יהושע געלבאַרט, וועלכער האָט אין לאָדזשער געטאָ אונטער די נאַציס געטיילט דעם גורל פון הונדערטער טויזנטער יידן:



„געבוירן אין 1895 אין אָזאָרקאָוו, פּוילן, איז ישראל יהושע געווען איינער פון 17 קינדער. דער זעכצנטער לויט דער ריי. אַזוי ווי אַלע קינדער האָבן געהאַט צו צוויי נעמען און ס'איז פּשוט שווער געווען צו געדענקען אַלעמענס נעמען, האָט מען אים גערופן בלויז שיע.

דער טאַטע זיינער, אַ ייד אַ למדן, אַ זעלטענער בעל תפילה און גרויסער מנגן — איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. האָבן די בני בית שטענדיק געהונגערט. איז דען אַ חידוש, וואָס שיע האָט געוואויגן בלויז 2 פונט ווען ער איז געבוירן געוואָרן און מע האָט אים ערשט געקענט מל זיין צו 4 וואָכן. שיע, ווי די אַנדערע קינדער, איז געווען אויסגעדאַרט און אויסגעקוואָרט.

די בנים (צען זיינען זיי געווען) האָבן טאַקע קיין עסן ניט געהאַט, דערפאַר האָבן זיי אָבער אַלע געהאַט גרויס חשק צו לערנען און צו זינגען. אַזוי ווי קיין שכר לימוד איז ניט געווען צו צאָלן, האָט דער פאָטער געהאַט זיין אייגן חדר, פאַר זיינע אייגענע בנים, און זיי געלערנט — זיינען זיי אַלע געגאַנגען אין טאַטנס דרכים.

נאָך אַלס קליין קינד — האָט שיע געזונגען ביים טאַטן אַלס משורר און געהאָפט צו פאָרן צו אַ גרויסן חזן זיך לערנען חכמת מוזיק, ווי זיין עלטערער ברודער מיכל, וועלכער האָט שוין געשמט אין פּוילן. איז שיע טאַקע אַלס יונג בחורל אַוועק אין דער גרויסער שטאָט לאָדזש און געגאַשט מוזיק וואו נאָר ער האָט געקענט. שיע איז אין גאַנצן געווען געראָטן אין זיין עלטערן ברודער מיכל, סיי אין אויסזען, סיי אין כאַראַקטער, סיי אין חשק צו לערנען, סיי אין פעאיקייטן. פונקט ווי זיין ברודער איז ער גאָר יונג געוואָרן אַ געזאַנג־לערער פאַר יידישע קינדער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן אין לאָדזש, האָט אויך אָנגעהויבן אַליין שאַפן מוזיק פאַר יידישע קינדער אין העברעאיש און אין יידיש. ער איז אויך געווען אַ טיכטיקער טוער אין דער פּועלי־ציון פּאַרטיי און דער גרינדער און לערער פון אַ אָוונט־שול פאַר דערוואַקסענע אין זיין היים־שטעטל אָזאָרקאָוו. וואו ער פלעגט אַריינפאָרן צוויי מאָל אַ וואָך אָנפירן מיט דער שול. די רייזע־הוצאות איז געווען זיין איינציקע מאַטעריעלע באַלוינונג. ער האָט שטענדיק געאַרבעט איבער זיך, גע־

לערנט זיך כדי צו קענען לערנען יענעם, — דאס איז געווען זיין העכסטער לוין.

ווען שיע האט חתונה געהאט און גע־ווארן א טאטע פון א קינד — האבן אלע דריי געוואוינט אין איין בוידעם־שטיבל אויף דער נאוואמיעיסקא גאס אין לאדזש, און ער איז געווען נאך א גרע־סערער ארעמאן ווי דער טאטע זיינער. אלס געזאנג־לערער אין די יידיש־וועלט־לעכע שולן און לערער פון אלגעמיינע לימודים אויף די אוונט־קורסן האט ער קיין געהאלט ניט געקריגן, געלערנט לשם מצוה. פלעגן חברים זיך וואונדערן: פון וואנען לעבט ער? פון רוחניות... יא, געלעבט פון רוחניות און טאקע גע־ווען רוחניות — א נשמהדיקער, האר־ציקער מענטש... אזוי איז שיע אנגע־גאנגען ביז די צווייטע וועלט־מלחמה האט אויסגעבראכן".

**

פר' אלימלך שווארץ, וועלכער האט איבערגעטראגן דעם גאנצן נאצי־אומגליק אין לאדזש, זיך געראטעוועט און וואוינט איצט אין קענזעס סיטי, שרייבט אונז וועגן ישראל יהושע געלבארט:

„אין לאדזשער געטא האט עקזיסטירט א „שול־וועזן" קרוב צו 2 יאר. אלע לע־רער וועלכע זיינען געבליבן אין לאדזשער געטא זיינען געווארן ארגאניזירט אין אן אפיציעלן שול־אפטייל, און זיי האבן געלערנט מיט די קינדער אין געטא. צווישן די לערער זיינען געווען פאר־שיידענע מינים, פאוושעכנע־שול־לערער, העברעאישע, און אויך יידישע פאלקשול־לערער. דער שרייבער פון די שורות האט פארוואלטעט מיט א רעליגיעזער שול אין געטא. צווישן די לערער פאר וועלטלעכע לימודים האט מיר די שול־אפט. געשיקט א לערער מיטן נאמען — געלבארט. ער האט מיר געזאגט אז פאר דער מלחמה איז ער געווען א לערער אין די יידישע פאלקשולן, וואו ער האט געלערנט די קינדער געזאנג, יידישע פאלקס־לידער. ביי מיר אין שול אין געטא האט ער אויך געלערנט יידיש און יידישע פאלקס־לידער. איך געדענק נאך איצט אן אנהויב פון זיין ליד:

איינס, צוויי, דריי, פיר
אוי־אוי, יידן זיינען מיר...

ער איז געווען א זייער איידעלער, אינ־טעליגענטער מענטש, ער האט אלעמאל מיט מיר געשמועסט וועגן זיין ברודער מיכל געלבארט אין אמעריקע. ער האט טאג און נאכט גערעדט פון אים און ער האט מיט די קינדער געזונגען א טייל פון זיינע שאפונגען.

ער האט געליטן הונגער און נויט. ער האט געהאט א יינגעלע, איז ער אלט געווען 10 יאר. דאס „עסן" וואס ער האט באקומען פאר זיך, האט ער אוועקגעגעבן זיין יינגל, און ער אליין איז געווען גע־שוואלן פון הונגער... ער האט ניט פאר־פעלט קיין איין מאל צו קומען אין שול. נאך די לימודים איז ער אוועק אין זיין „דלות־שטיבל" און זיך אריינגעלייגט אין בעט, געשריבן טעקסטן און נאטן צו יידישע פאלקס־לידער.

אין 1942, אין חודש סעפטעמבער, האט מען איינגעשפארט דאס לאדזשער געטא־יידנטום אויף 8 טעג אין די הייזער, פון וועלכע די מערדערישע נאצים האבן ארויסגעשלעפט עטלעכע צוואנציק טויזנט קרבנות אויף „אויסזידלונג"... נאך די 8 טעג, ווען מע האט דערלויבט די געטא־איינוואוינער צוריק צו קומען צו דער ארבעט, בין איך גלייך אוועק זען וואס עס טוט און מאכט געלבארט. אבער צו מיין גרויסן ווייטאג, איז זיין קליין ארעם שטיבל געשטאנען אפן, וויסט און לער...

נישט געווען מער קיין צייכן, קיין שפור פון אים און זיין 10־יאריק קינד.

אט אזוי טראגיש האט פארענדיקט זיין לעבן אן איידעלער, קולטורעלער ייד און לערער. א פשוטער פאלקס־מענטש מיט א סך ערלעכקייט און יידישער תמימות".

**געלמאַן ברוך** — דאכט זיך געווען א רבס א זון. יונגער דיכטער, מיטאר־בעטער פון דער ווארשעווער „פאלקס־צייטונג", „וואכנשריפט פאר ליטעראטור", „ליטעראַרישע בלעטער". ארויסגע־וויזן א סך טאלאנט אין זיין שרייבן. לעצטנס געשריבן א סך זאכן פאר קינ־דער — מיט גרויס דערפאלג. געווען א קורצע צייט לערער אין דער דרויער שול. עטלעכע יאר פארן קריג געלעבט אין ווארשע. אין סעפטעמבער 1939 איז ער אנטלאפן פון ווארשע אין זיין געבוירן־שטעטל ווידז. ווען די דייטשן האבן זיך דערנעענטערט צום שטעטל, האט זיך דא אנגעהויבן א פאגראם אין וועלכן עס זיינען געפאלן 80 קרבנות. צווישן זיי איז אויך געווען ברוך געלמאן, זיינע דריי ברידער און צוויי שוועסטער.

**געלמאַן ליובע** — געבוירן אין קאוולע, וואלין, אין 1905. איר פאטער, א פארמעגלעכער ייד — א צושטעלער פון פלייש און פראדוקטן צו דער פוילישער ארמיי, איז געווען א משכיל און האט געגעבן זיינע קינדער א וועלטלעכע דער־ציאונג.

ווען איך האב זיך באקענט מיט ליובע געלמאן, איז זי נאר וואס געהאט גע־קומען פון דאנציג. דארטן האט זי פאר־ענדיקט גימנאזיע און האט מיטגעבראכט אלע גוטע און שיינע טראדיציעס פון דער דעמאלטדיקער אייראפעאישער ביל־דונג. קלוג, אינטעליגענט און דערפאלג־רייך. און ווי באשיידן עס האט זיך גע־האלטן אט די שלאנקע צוואנציקיאריקע מיידל לגבי אירע חברים און חברטעס, וואס שטייען גייסטיק א סך נידעריקער פון איר. אלע פארערן ליובען, אלע הערן זיך צו צו אירס א ווארט. זי איז די נשמה פון דער „החלוץ"־ארגאניזאציע.

צוזאמען מיט אונזערע חברים אויף וואלין האט ליובע דורכגעמאכט אידיי־אישע עליות און ירידות, קריזיסן און אויפשטייגן אין אונזערע געזעלשאפט־לעכע אספיראציעס. „החלוץ", „קיבוץ קליעסאוו", יידישיסטישע באוועגונג אויף וואלין. ליובע געלמאן, צוזאמען מיט די שפעטערדיקע יידישע לערער ישראל וואקסמאן, מאיר רייז, מ. ספעקטאר — ארגאניזירן אין קאוולע די יידישיסטישע באוועגונג אויף וואלין.

ליובע געלמאן באשליסט צו ווערן א לערערין אין יידישע שולן. זי פארט אוועק אין סעמינאר פון ד"ר יאנוש קארטשאק, מאכט דארטן דורך א קורס און פארט אוועק ארבעטן אין די יידישע שולן אין דער פוילישער פראווינץ. זי האט גע־ארבעט אין בריסק אין דער יידישער „תל־חי"־שול א פאר יאר, שפעטער אין אנדערע יידישע שולן, קינדער־היימען, „טאז"־קאלאניעס.

דער נאצישער אומגליק טרעפט זי אין קאוולע, וואו זי קומט אום צוזאמען מיט איר משפחה.

ל. באיאן

**געלרוט** (ערשטער נאמען ?) — לערע־רין פון דייטש אין דער צישא־גימנאזיע, ביאליסטאק. געווען זייער איבערגעגעבן דער שול. מיט לייב און לעבן איז זי געווען אריינגעטאן אין דער שול. זי האט שטארק אכטונג געגעבן אויף דער

סאניטארער און עסטעטישער זייט פון דער גימנאזיע. זי האט גענומען אן אקטיוון אנטייל ביים צוגרייטן שול־פארשטעלונגען, אויספלוגן, אויסשטעלונגען א״א. זי איז בכלל געווען איינע פון די אקטיווסטע לערערינס אין דער גימנאזיע. די לערערין געלרוט, צוזאמען מיט דער לערערין צ. פאט און דעם לערער ראזנבלאט — זיי דריי זיינען געווען דער קערן פון דער ביאליסטאקער יידיש־וועלטלעכער גימנאזיע. ווען די סאוועטן האבן אין 1941 פארלאזט ביאליסטאק, איז די לערערין געלרוט אויך אוועק אויף מזרח. איר ווייטערדיקער גורל — אומבאקאנט.

## גערמאן, מערל

**גערמאן, מערל** — מערל גערמאן (הערמאן) איז געבוירן געווארן אין פינסק יוני 1892 ביי זייער פרומע און ארעמע טאטע־מאמע. נאך אין אירע קינדער־יארן האט זיך אנטפלעקט אין איר א שטארקער דראנג צום לערנען און צו וויסן — א דראנג וועלכער האט גובר געווען דעם עלנט וואס האט געהערשט



אין איר ארעמער היים. זי האט באוויזן צו באזוכן און צו ענדיקן צוערשט די מיידל־גימנאזיע אין פינסק און נאכדעם אנצוקומען אויפן היסטאריש־פילאלאגישן פאקולטעט פונעם ווארשעווער אוניווערסיטעט (געענדיקט שוין אין די יארן פונעם ערשטן וועלט־קריג). אין אפריל 1919 האט מערל גערמאן איבערגעלעבט א טראגישע דערשיטערונג: זי ווערט ארעסטירט דורך דער פוילישער מיליטערישער מאכט צוזאמען מיט נאך הונדערטער פינסקער יידישע מענער און פרויען, וועלכע ווערן געצוואונגען אונטער מוראדיקע קלעפ צו זיין עדות פון דער עקזעקוציע איבער 39 אומשולדיקע יידישע יונגעלייט ביי דער „וויסער וואנט" פונעם קלויסטער אויפן פינסקער מארק. אויף אירע אויגן איז דאן אומגעקומען איר נאענטסטער חבר און פריינד — דער בונדיסט אברהמל האלצמאן.

אינעם זעלבן יאר 1919 איז געעפנט געווארן די פאלקשול אויפן נאמען פון משהל גלויבערמאן (א בונדיסט וואס איז דערשאסן געווארן אין דער גרופע פון די 39). און פון דער דאטע אן איז מערל גערמאן געווארן „די לערערין מערל גערמאן", דאס געוויסן, נשמה און הארץ פון דער שול. די ארבעט האט זי אנגעהאלטן פולע 20 יאר ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מ. גערמאן איז געווען א הויך־אינטעליגענטער און גלייכצייטיק א באשיידענער, רואיקער און באזאכטער מענטש. זי איז געווען א פרומע יידישע און יידיש־לערערין, וועלכע האט געדינט איר לערער־שליחות און דעם אידעאל פון יידיש־וועלטלעכן שולוועזן מיט עקשנות און מסירות־נפש. די יידישע פאלקשול א. נ. פון משהל גלויבערמאן איז געווען איר היים און מקום־קדוש, וואו זי האט ערלעך און געטריי, טאג־איין, טאג־אויס געהאמערט די נשמה פונעם יידישן קינד און געצונדן אין אים פונקען פון ליבע און אכטונג צו דער יידישער קולטור און דער יידישער שפראך.

זייענדיק א לערערין אין דער פאלקשול וואס איז געשטאנען אונטער דער השפעה און אנפירונג פון „בונד" אין פינסק, האט זי אויסגעפירט אלע שליחותן פון דער ארגאניזאציע.

מערל גערמאן, וואס האט פון אירע לערער־„פארדינסטן" אויך אויסגעהאלטן

אַז אַלטע מאַמע און אַ כראָניש־קראַנקע שוועסטער, האָט זיך קיינמאָל נישט געקלאָגט אויף איר אויסערסט־שווערע מאַטעריעלע לאַגע. זי האָט פאַרבונדן אירע פריידן מיטן בהדרגהדיקן אויפשטייג פון דער שול, און אירע לײדן מיטן וועג פון פּיין און רדיפות, וואָס די שול איז אויסגעשטאַנען אין משך פון 20 יאָר עקזיסטענץ.

מערל גערמאַן מיט איר מאַן זיינען אין אָקטאָבער 1942 — צוזאַמען מיטן גאַנצן ײדישן פּינסקער ישוב — אומגעקומען פון די דייטשן אין די גריבער אַרום פּינסקער געטאָ.

ל י י ז ע ר ל ע װ י ן

## גערשטיין יעקב

— געענדיקט דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט אין 1904. געווען לערער אין יידישע פאָלקשולן מיט דער רוסישער אונטעריכט־שפּראַך אין וויטעבסק. אין 1915 ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט ווילנע, איז ער פאַרבליבן אין ווילנע און געוואָרן אַ לערער אין די נײַ־אַנשטאַנענע שולן מיט דער יידישער אונטעריכט־שפּראַך.



י. גערשטיין איז געווען אַן איבערצייגטער יידישיסט פון די ערשטע יאָרן, ווען ער האָט אָנגעהויבן זיין פּעדאַגאָגישע אַרבעט אין די א. ג. קאַזיאָנע יידישע פאָלקשולן אין צאַרישן רוסלאַנד. שוין אין אינסטיטוט האָט ער אַרויסגעוויזן זיינע יידישיסטישע נייגונגען: מיט די חברים פונעם רוסיפיצירטן אינסטיטוט האָט ער גערעדט נאָר יידיש. אין 1907 האָט ער זיך באַטייליקט אין דער ניטלעגאַלער לערער־קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ווילנע, אויף וועלכער עס איז אָנגענומען געוואָרן די רעזאָלוציע וועגן יידיש אַלס די שפּראַך פון דער יידישער שול. די אָנטיילנעמער זיינען אַרעסטירט געוואָרן און די זיצונגען פון דער קאָנפערענץ זיינען פאַרענדיקט געוואָרן אין די לוקישקער טורמע־קאַמערן, וואוהין מען האָט די באַטייליקטע אַריינגעזעצט. אויך י. גערשטיין איז געווען צווישן די אַרעסטירטע. ער האָט דאָ אין קאַמער געפירט כאָר־געזאַנג, געשאַטן מיט וויצן און אַנעקדאָטן, מיט פאָלקס־ווערטלעך און פאָלקס־לידער. ער איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן אין צענטראַל־ביוראָ פונעם צוזאַמענפאָר.

י. גערשטיין איז געווען אַ פילפאַרביקע פערזענלעכקייט און האָט געהאַט גרויס דערפאָלג אַלס לערער. די תלמידים האָבן אים זייער ליב געהאַט. ער איז אויך געווען לערער אין יידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע. ער האָט געהאַט מוזיקאַלישע פעאיקייטן און געווען אַ באַגאַבטער דיריגענט און אָנפירער פון כאָר, סיי אין רעאַל־גימנאַזיע, סיי אין יידישן לערער־סעמינאַר.

דורך זיין אַרבעט מיט די אויבן־דערמאַנטע כאָרן אין ווילנע האָט ער אַ סך ביינעטראָגן צו דער פּאָפּולאַריזירונג פון דעם יידישן פאָלקס־ליד. זיינע עפנטלעכע אויפטריטן אויף קאָנצערטן און אפילו אויף דער פּוילישער ראַדיאָ אין ווילנע מיט אַ פּראָגראַם פון יידישע לידער — פלעגן צוציען גאָר אַ גרויסן עולם. און דאָס איז אַלע מאָל געווען באַטראַכט דורך דער ווילנער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אַלס אַ יום־טוב פון יידיש וואָרט און יידיש ליד.

י. גערשטיין האָט פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען איבער מוזיק אין וויל־

נער „טאג". ער האט אנגעפירט דעם באַקאַנטן פאָלקס־כאָר אויף זיין נאָמען (גערשטיינס כאָר). ער האט רעדאַגירט און צוזאַמענגעשטעלט צוויי זאַמלונגען פון דעם רעפּערטואַר פון זיין כאָר, אויסער די באַזונדערע אויסגאַבעס מיט נאָטן און טעקסט.

אין דער צייט פון די נאַציס איז י. גערשטיין פאַרבליבן אין געטאָ. ער האט געאַרבעט אין דער שול אין געטאָ נומ' 2. ער איז אויפגעטראָטן מיט רעפעראַטן און פאָרלעזונגען אין ליטעראַטן־פאַריין. אָבער די געטאָ האט אים איינגאַנצן צעבראָכן. דער שטענדיק האָפערדיקער, שטאָלצער גערשטיין האט פאַרלוירן די גאַנצע האָפענונג אויף באַלדיקער באַפרייאונג און רק געטענהט, אַז די מלחמה איז אַ מעשה ניט אויף איין יאָר. זיין פאַרלאָזענע שוואַרצע באָרד און די כמורנע אויגן האבן אַלעמען געשראָקן. ער איז קראַנק געוואָרן און זיך אָפּגעלייגט אין שפּיטאָל, פון וואַנען ער איז שוין נישט אַרויס. זיין טויט האט אַרויסגערופן אין געטאָ גרויס טרויער.

זיין קערפּער איז געווען אויסגעשטעלט אונטער אַן ערן־וואַך פון לערער און שילער. טויזנטער יידן זיינען געקומען אים אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד. מספּיד געווען האבן אים ברוך לובאַצקי, לייב טורבאָוויטש, דוד קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי, די דיכטער א. סוצקעווער און ל. אָפּעסקין האבן געלייענט ספּעציעל אָנגעשריבענע לידער צו זיין טויט. אין געטאָ־טעאַטער און אין דער אַרבעטער־אוידיטאָריע זיינען פאַרגעקומען ספּעציעלע טרויער־פייערונגען צו די שלושים נאָך זיין טויט. די קינסטלערין רחל סוצקעווער האט אַראָפּגענומען פון טויטן אַ בילד (געפינט זיך אין יידישן מוזיי אין ווילנע).

זיין שוועסטער רחל, אַ לערערין, איז אַוועק קיין טרעבלינקע.

ח. פּופּקאָ
ש. קאַטשערגינסקי

***

ל. מייזעל (איצט אין נ"י), דער איניציאַטאָר פונעם ערשטן פאַרלאַג פון יידישער קינדער־ליטעראַטור „פאַר אונזערע קינדער" (קישינעוו־אָדעס, 1912) — איז געווען אַ שול־ און יוגנט־חבר פון יעקב גערשטיין, און ער דערציילט וועגן אים:

„מיט יאַנקעלען (אַזוי האָבן מיר אים גערופן) זיינען פאַרבונדן מיינע קינדער־יאָרן און די יאָרן ביז און אין ווילנער לערער־אינסטיטוט — אונזערע שיינע בעסטע יאָרן, — יאָרן אָן גרויסע זאָרגן און אָן גרויסע אַנטוישונגען. מיר פלעגן זיך טרעפן יעדן פרייטאָג צונאַכטס און שבת אין „אונזער" קלויז, וואו מיין פאָטער איז געווען דער „גלאַוונער" גבאי און יאַנקעלעס פאָטער — איינער פון די זייער חשובע בעלי־בתים.

יאַנקעלע האט זיך געהאָדעוועט אין אַ פיין יידיש הויז, אין אַ סביבה פון יידישע טראַדיציעס. זיין פאָטער, ר' חיים־שלמה איז געווען אַ לערער פון יידיש און העברעאיש. ער האט געהאַט אַ זעלטן שיינעם כתב־יד. יאַנקעלע האט געירשנט פון זיין פאָטער די פיינע האַנטשריפט: ווען ער פלעגט אָנשרייבן אַ בלאַט נאָטן — איז דאָס געווען ווי געדרוקט! יאַנקעלע האט אויך געירשנט דעם געהער און מוזיקאַלישע נייגונגען פון זיין פאָטער, דעם בעל מנגן. פון זיינעם אַ מעריב אָדער שחרית האט דער עולם שטאַרק הנאה געהאַט. יאַנקעלע האט געירשנט אַ שטאַרקע ליבע צו נגינה, צו מוזיק און אויך די שטאַרקע אומדערמידלעכע שטים־בענדער. ער איז געווען בכוח צו זינגען שעהן

לאַנג, און זיין שטאַרקן באַריטאָן האָט מען אַלעמאָל אַרויסגעהערט פון דעם גרויסן כאָר אין לערער־אינסטיטוט.

זומער, אין די וואַקאַציע־חדשים, פלעגן מיר זיך טרעפן יעדן טאָג אין קלויז. גלייך נאָכן דאַווענען זיינען מיר געגאַנגען שפּאַצירן אין באָטאַנישן גאָרטן. דער אייגנציקער צוועק איז געווען — זיך אַרומדרייען אַרום דעם בנין פון זומער־טעאַטער. פון אויסן איז דאָס געווען אַ לאַנגער הילצערנער באַראַק, אָבער זייער פיינע זינגער מיט אַ גוטן כאָר און אָרקעסטער האָבן יעדן טאָג געמאַכט דאָרטן זייערע טעאַטער־פּראָבן. און מיר ביידע פלעגן האַלטן די קעפּלעך צוגעדריקט צו די ברעטער און זיך צוגעהערט צו די אַלע מעלאָדיעס, אַריעס, דועטן און כאָר־געזאַנגען. אַט טאַקע דאָ איז געווען אונזער ערשטע מוזיק־שול, אונזער ערשטע „קאָנסערוואַטאָריע". און ווען מיר זיינען געגאַנגען אַרום 12 דעם זייגער אַהיים, פלעגן מיר צוזאַמען נאָכזינגען די אַלע לידער פון די געהערטע אָפּערעס און אָפּערעטקעס און נאָכמאַכן דעם גאַנצן אָרקעסטער. איך קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז מיר האָבן נאָכגעזונגען ריכטיק, גענוי און מיט אַלע ניואַנסן.

געזאַנג־אונטעריכט און דיריגענטן־קונסט האָבן מיר שפּעטער געלערנט אין אינסטיטוט ביי אונזערע גוטע לערער — ציאַנסאָן, וויינבערג, פּיראָזשניקאָוו, מאַלקין. אין לערער־אינסטיטוט איז מיין יאַנקעלע געווען אַ ליבער פּויליאַקע. אויפגעשטאַנען — דער לעצטער, אַריינשפּאַצירט אין קלאַס־צימער — דער לעצטער. כ'האָב אים זעלטן געזען מיט אַ בוך אין האַנט, ער האָט קיינמאָל ניט געלערנט די לעקציעס. אָבער ער איז געווען באַגאַבט. און ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מוזיק און געזאַנג, איז ער געווען דער ערשטער.

אין אָרקעסטער האָט ער גאַנץ גוט געשפּילט אויף זיין ליבלינג־אינסטרומענט — קאָרנעט אַ פּיסטאָן. די מייסטע צייט אין אינסטיטוט האָט ער פאַרבראַכט אין שרייבן און אָפּשרייבן נאָטן, כאָר־אַראַנזשירונגען, פּאַרטיטורן אד"גל.

אין זיין ווייטערדיקן לעבן האָט יאַנקעלע זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ הייסער פאַנאַטישער טאָפּלט־ליבע אין האַרץ: צו מאַמע־לשון און צו מוזיק. זיין פאַנאַטישע ליבע צום יידישן וואָרט און זיין ראַדיקאַליזם אינעם פּונקט מאַמע־לשון האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט אין די ערשטע יאָרן פון ערשטן קריג.

צום סוף וויל איך נאָך צוגעבן: די פאַרשפּרייטע מיינונג אַז יאַנקל גערשטיין איז געווען נאָר און אויסשליסלעך אַ געזאַנג־לערער, איז ניט ריכטיק. אַזוי ווייט ווי איך ווייס, האָט ער שטענדיק געפירט אין שול אויך אַנדערע לימודים.

ווי עס גיט איבער דער ווילנער דאָקטאָר און שפּיטאָל־אָנפירער אליהו סעדליס (איצט אין ניו־יאָרק), האָט י. גערשטיין אין 1941 פאַרלאָרן זיין הומאָר, זיין מוט, געווען ביי זיך אַראָפּגעפאַלן, מרה־שחורהדיק און גענומען קרענקען. דאָס ערשטע מאָל איז י. גערשטיין אָנגעקומען אין געטאָ־שפּיטאָל סוף 1942 צוליב זיין אויגן־קראַנקהייט. אָנהויב 1943 איז ער ווידער אַריין אין שפּיטאָל צוליב זיין האַרץ־אָפּשוואַכונג, און איז דאָרט אָפּגעלעגן עטלעכע וואָכן און אויסגעגאַנגען מיט זיינע לעצטע כוחות (די גענויע דאַטע געדענקט ניט דער ד"ר)".

**גראָדניצקי, ה.** — זי איז געווען אַ לערערין פון גימנאַסטיק אין די ווילנער שולן פון צ. ב. ק. אין די יאָרן פון 1923 ביז 1928 האָט זי געאַרבעט אין

דער ש. פרוג־שול. זי האט אין איר ארבעט ארויסגעוויזן א פיינע אידייאישע באציאונג. זי איז אויך געווען אינסטרוקטאר אין ווילנער „מכבי”. שפעטער איז זי אוועקגעפארן קיין פראג און איז דארטן אנגעקומען אין א הויכשול.

איר שוועסטער גראדניצקי־לאזאווסקי איז אויך געווען יארן לאנג א לערערין אין ווילנע. אן ערך צען יאר איז זי געווען לערערין פון דייטש אין דער רעאל־גימנאזיע.

**גראובארט, בנימין** — ארום 1926 האט זיך אין נעסוויזש באוויזן א יונגער אינטעליגענט פון ווארשע. א נידעריקער און דיקלעכער, עטוואס הינקענדיק אויף א פוס, מיט צוויי קלוגע שמייכלענדיקע אויגן הינטער די ברילן אין גאלדענע רעמלעך, — איז ב. גראובארט געווארן פארוואלטער פון דער נעסוויזשער ציש״א־שול. שפעטער, שוין א תושב אין נעסוויזש, איז ער אויסגעוויילט געווארן אלס ראטמאן אין מאגיסטראט, און איז איינציקע יאר געווען לאווניק. ער העלפט דער יידישער ארעמער באפעלקערונג, ער גיט זיך אפ מיט דער דערציאונג פון יידישן קינד. אין 1930 אינסצעניזירט ער דעם „פרינץ און דער בעטלער”. ער שניידט און מאלט די דעקאראציעס, ער רעזשיסירט די ראלן מיט די קינדער. די פארשטעלונג האט געשאפן גרויס אנזען דער שול און אירע טוער.

אין 1932 פארט ער איבער קיין פינסק און ער ווערט פארוואלטער פון דער דארטיקער באראכאוו־שול. אבער אונטערן דרוק פון דער פוילישער שול־מאכט האט גראובארט געמוזט אויפגעבן זיין לערערפאסטן, און ער ווערט בוכהאלטער אין א האנדלס־אונטערנעמונג. ער ווידמעט ווייטער זיין גאנצע ענערגיע פאר קינדערדערציאונג און פאר געזעלשאפטלעכער ארבעט לטובת דער ארעמער יידישער באפעלקערונג.

אומגעקומען איז ער אין פינסק.

**גראיעווסקי, רייזל** — געבוירן אין 1911 אין סוויעטאוואליע (צווישן פינסק און האסאוו־פאליעסקי). דער פאטער איז געווען א שוחט און א מלמד פאר גמרא־יינגלעך. אין שטוב זיינען געווען צען קינדער; רייזל איז געווען די פינפטע פון דער צווייטער פרוי.

צוליב די שלאכטן אין יענע געביטן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האט די משפחה אריבערגעוואנדערט קיין קארטוז־בערעזע וואו ס'האט געוואוינט דעם פאטערס שוועסטער. אין וועג האט זיך דער פאטער פארקילט און איז דעם זעלבן יאר געשטארבן אין קארטוז־בערעזע.

גלייך נאך דער מלחמה ווען אלץ איז נאך געווען חרוב, האט דער פארגעשריטענער טייל פון בערעזער יוגנט געגרינדעט א קינדער־היים פאר מיידלעך וואו די לערערס זיינען געווען פון דער יוגנט גופא אן געצאלט אויסער איינעם א געצאלטן — פארן לימוד פון העברעאיש — דעם מגיד פון שטעטל. דאס איז געווען רייזלס ערשטע שול, כאטש לייענען און שרייבן האט זי שוין געקענט פון דעם וואס די עלטערע שוועסטער שרהקע האט איר געלערנט. דער קינדערהיים פאר מיידלעך האט זיך שפעטער אויסגעברייטערט ביז ער האט זיך פארוואנדלט אין א זיבנקלאסיקער יידישער פאלקשול, אנגעשלאסן אין ציש״א, וואו ס'האבן געלערנט יינגלעך מיט מיידלעך צוזאמען.

אין 1923 האט רייזל גראיעווסקי פארענדיקט די שול און איז אין א יאר ארום אנגעקומען אין ווילנער יידישן לערערסעמינאר. מאטעריעל האט זי זיך אויס־

געהאלטן די גאנצע פינף יאר סעמינאר
דורך אייגענער ארבעט, געבנדיק לעק־
ציעס. אין דער צייט ווען זי האט גע־
לערנט אין סעמינאר איז זי אויך דורכ־
געגאנגען א קורס פון טענץ (באלעט),
וואס זי האט שפעטער, זייענדיק א לע־
רערין, אויסגענוצט ביי פארשיידענע אונ־
טערנעמונגען אין די שולן.

די ערשטע שול וואו רייזל איז נאכן
פארענדיקן דעם סעמינאר אין 1929 גע־
שיקט געווארן פון דער צישא אלס לע־
רערין, איז געווען די לובלינער „פרץ
שול", זי האט דא געארבעט צוויי יאר,
אין ערשטן און צווייטן קלאס; זי האט
אויך אנגעפירט אין לובלין מיט א סקיפ־
קרייז. נאכדעם האט זי איין יאר דורכ־
געמאכט אין מעדעם־סאנאטאריע. אין
1933 האט זי געארבעט אין דאבזשין
ביי פאמאזשע. די שול האט זיך דא
געהאלטן נאר אדאנק דער ענערגישקייט
און איבערגעגעבנקייט פון רייזלען, וועל־
כע האט אליין געשאפן די מיטלען דורך
אונטערנעמונגען און ביישטייערונגען.
אין דאבזשין האט זי חתונה געהאט מיט
א מיטגליד פון דער פארוואלטונג פון דער
שול, שמואליק פינטשעווסקי. נאך דאב־
זשין האט רייזל געארבעט צוויי יאר אין
לעמבערג אין א קינדערהיים אויסגע־
האלטן פון וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס.
אין 1936 האט רייזל ווידער געארבעט
איין יאר אין מעדעם־סאנאטאריע, און
דערנאך זיך צוריקגעקערט אין לעמבערג
שוין אין א שול.

1939. לעמבערג איז אונטער דער
מאכט פון די סאוועטן. קיין שול אין
יידיש איז אין לעמבערג דאן ניט געווען
און מער ניט געשאפן געווארן. אלץ איז
געווען אין אוקראיניש. רייזל האט דורכ־
געמאכט אן אכט־חדשימדיקן אוקראינישן
פעדאגאגישן קורס. נאכן פארענדיקן דעם
קורס איז זי אריין ארבעטן אין אן אכט־
קלאסיקער אוקראינישער גימנאזיע, וואו
זי איז געווען ביז היטלער האט פארנומען
לעמבערג און אלצדינג חרוב געמאכט.

איר ווייטערדיקער גורל איז ניט באַ־
וואוסט.

**גראסבוים, שאול** — געבוירן אין
1890 אין זאמאשטש. זיין פאטער שמואל
איז געווען א געלערנטער מאן, א פריי־
דענקער. זיין פעטער,



דער מוטערס ברו־
דער איז געווען פישל
געליבטער, באקאנ־
טער טוער אין ניו־
יארק און דירעקטאר
פון בילדונגס־קאמי־
טעט פון ארבעטער
רינג. ש. גראסבוים
האט באקומען א
וועלטלעכע דערציאונג און בילדונג;
יידישע לימודים האט ער געלערנט אין
בריסק פון וואנען דער פאטער האט גע־
שטאמט. ש. גראסבוים איז אין זיינע
יונגטלעכע יארן מיטגעריסן געווארן פו־
נעם רעוואלוציאנערן שטראם, ער קומט
אריין אין א נייער וועלט פון יידישער
שפראך און ליטעראטור. עס דראט אים
א פאליטישער פראצעס און נאך פאר דער
ערשטער וועלט־מלחמה אנטלויפט ער קיין
שווייץ, וואו ער פארקערט אין די קרייזן
פון דער פאליטישער עמיגראציע. מיט
גרויס אויסדויער און ענערגיע שטודירט
ער מעדיצין אויפן בערנער אוניווערסי־
טעט. א פאר יאר נאך דער ערשטער
וועלט־מלחמה קערט ער זיך אום קיין
פוילן, באליינגט דעם נאסטריפיקאציע־
עקזאמען און באקומט די דערלויבעניש
צו פראקטיצירן אין פוילן.

אין 1928—1930 איז ש. גראסבוים
געווען דאקטאר אין דער מעדעם־סאנא־

טאריע, לעבן ווארשע. א געוויסע צייט האט ער אויך אויסגעפירט די פונקציעס פון סאנאטאריע־פארוואלטער. נאכן פארלאזן די מעדעם־סאנאטאריע האט ער פראקטיצירט א צייט אין גארוואלין (לעבן ווארשע), און שפעטער האט ער זיך באזעצט אין זאמאשטש. ער איז דא געווען געזעלשאפטלעך אקטיוו. געווען פארזיצער פון „טאז" און אויסגעקליבן געווארן אלס ראטמאן אין דער קהילה אויף דער ליסטע פון „בונד".

אין אנהויב פונעם היטלער־קריג האט ד"ר גראסבוים צוזאמען מיט א סך יידן פארלאזט זאמאשטש און זיך באזעצט אין דער שטאט לודמיר (איבערן בוג). ווען די דייטשן האבן שפעטער פארנומען לודמיר, איז ד"ר גראסבוים צוזאמען מיט זיין פרוי אומגעקומען בעתן ערשטן פאגראם אין סעפטעמבער 1942.

וועגן זיין ארבעט אין דער מעדעם־סאנאטאריע דערציילט ליובע קאנטאראוויטש־גילינסקי: „ד"ר גראסבוים איז געווען א באשיידענער, געוויסנהאפטער מענטש פון א הויכער עטיק. ער איז געבליבן געטריי זיינע יונגנטלעכע אידעאלן און פרינציפן ביזן לעצטן טאג פון זיין לעבן. אין איבערגעגבנקייט און ליבשאפט פאר די קינדער האט ער הארמאניש מיטגעארבעט מיטן פערסאנאל פון דער מעדעם־סאנאטאריע. אלע האבן אים געאכטעט פאר זיינע אידעלע כאראקטערשטריכן. אין זיין ארבעט האט ער ארויסגעוויזן גרינטלעכע פ א כ מ ע נ ע ר י ש ע קוואליפיקאציעס און א סך געזעלשאפטלעכע אחריות".

**גראסמאן, מאניע** — א לערערין פון די יידיש־וועלטלעכע שולן, א לאנגיאריקער מיטגליד פון „בונד".

אין א באשרייבונג פון דער ליקווידאציע פון ווילנער געטא, לייענען מיר:

„אויף לינקס זיינען געווען כמעט אלע אונזערע בונדיסטינס, פאטי קרעמער, מיין מוטער, מרים גוטגעשטאלט, ריווטשע פרייטאג מיט איר פיריאריק מיידעלע, זשעלעזניקאווס פרוי און טאכטער, ד"ר אימיעניטאווא, מאניע גראסמאן און נאך אנדערע. זיי האבן זיך געהאלטן צוזאמען. פאטי האט נאר געזאגט: 'מיר וועלן זיך ארומנעמען און זינגען די שבועה, דאן וועט דער טויט נישט אויסקומען אזוי שרעקלעך'".

וואס פאר א טיף־רירנדיק בילד! די גרייז־גרויע פיאנערין פון „בונד", פאטי, אין א קרענצל פון יינגע און מיטליאריקע בונדיסטינס, ארומגענומען, מיט געזאנג פון דער „שבועה", נעמען אויף דעם טויט, און דער טויט זעט צוליב דעם נישט אויס „אזוי שרעקלעך".

מאניע (פון דער היים קאראס) איז א טיפישע יידישע פאלקס־טאכטער. פון א ניט פארמעגלעכער היים. פרי פארלוירן דעם פאטער. באקומען א רוסישע מיטל־שול־בילדונג, באוועגט זי זיך אין דער סביבה פון דער סאציאליסטישער יוגנט; אין דער צייט פון דער דייטשער אקופאציע (אין דער ערשטער וועלט־מלחמה) איינע פון די ערשטע אנגעשלאסן אין די קאדרען יוגנט, וועלכע האבן זיך געווידמעט דער בויאונג פון דער יידיש־וועלטלעכער שול אין ווילנע. כמעט גלייכצייטיק האט זי זיך אנגעשלאסן אין די רייען פון „בונד". מאניע קאראס (שפעטער גראסמאן, אלס פרוי פון באקאנטן לערער און שול־טוער י. גראסמאן, איצט אין מאנטרעאל) איז העכער צוואנציק יאר פארבליבן אויף דער פאזיציע פון א לערערין פון די שולן. די שולן האבן געהאט פארשיידענע צייטן (דאס מיינט, שלעכטע און

זייער שלעכטע). אבער מאניע קאראס־גראסמאן, איינע פון דער מחנה טרייסטע, האט זיך מיט דער יידיש־וועלטלעכער שול פארבונדן אויף לעבן און טויט. זי איז געקומען צו דער שול, ווייל די שול האט פארקערפערט די גרויסע אידייע, וועלכע זי האט ארויסגעטראגן פון איר בונדישער סביבה, און דער דאזיקער אידייע האט זי געדינט מיט איבערגעגעבנקייט און הייליקער פשטות. מאניע גראסמאן האט עטלעכע יאר פארן צווייטן וועלט־קריג דורכגעמאכט א שווערע אפעראציע, אבער אויך דעמאלט האט זי באלד, ווי זי האט זיך געקאנט שטעלן אויף די פיס, גלייך זיך צוריקגעקערט צו איר באליבטן קליינווארג. זי איז געווען א לערערין אין די יינגסטע קלאסן. און איר לייכטער ווארעמער הומאר, רואיקע פריינטלעכקייט, אויפריכטיקע הארציקייט האבן זי געמאכט באליבט ביים קליינווארג.

און נישט בלויז ביים קליינווארג. איר קליינע וואוינונג אויף סטעפאן־גאס און שפעטער אויף פילסודסקיעגא איז שטענדיק געווען א צענטער פון בונדישער היימישקייט און ווארעמקייט. באזונדערס האט זיך דאס ארויסגעוויזן אין די חדשים, וועלכע זיינען געווען אן אמתער פראוושטיין פון כאראקטער־פעסטקייט און טריישאפט: ווען עס האט גענומען בושעווען דער צווייטער וועלט־קריג און ווילנע איז געווען פארפאקט מיט פליטים פון ווארשע און אנדערע שטעט. ווילנע איז דעמאלט געווען אט סאוועטיש, אט ליטוויש, אט ווידער סאוועטיש. עס זיינען שוין פארגעקומען ארעסטן, און מען האט גוט געוואוסט, אז צופיל האבן צו טאן מיט פאליטישע פליטים איז נישט א גאראנטיע פון „זיכערקייט". ווי כאראקטעריסטיש איז דאס אבער געווען פאר מאניע גראסמאן! זי האט זיך ווענן דעם געמאכט נישט־וויסנדיק. זי האט געטראגן א פול הארץ מיט ווארעמקייט און פריינטשאפט, איר היים איז שטענדיק געווען פול מיט „פרעמדע", אנגעקומענע, פאר וועמען זי האט ארויסגעוויזן ממש מוטערלעכע זארג, שטענדיק געהאט פאר זיי אן אפענע היים, שטענדיק — א רואיקן שמייכל און גוטמוטיקייט, וועלכע האט געהאלפן פארזאגן דאס ווערעמל פון אומרו, וואס האט גענאגט אלעמען און בלי־ספק אויך זי אליין.

עס זיינען געקומען געטא, אונטערערדישע ארבעט אין געטא, עקשנותדיקער קולטור־המשך אונטערן חלף פון שונא. ווער עס האט געקענט מאניע גראסמאן, קאן זיך פארשטעלן מיט וואס פאר א רואיקער געלאסנקייט און ווארעמען ערנסט זי האט זיך באטייליקט אין אט די ארבעטן.

זי האט אין געטא געארבעט אין א יידישער שול און קינדער־קלוב. דעם 23טן סעפטעמבער 1943 איז זי, ווי אויך מרים גוטגעשטאלט, די משפחה זשעלעזניקאוו און אנדערע בונדיסטקעס געשטאנען ארומגענומען מיט דער פיאנערין פון יידישן סאציאליזם — פאטי קרעמער, געזונגען די „שבועה" און אזוי אויפגענומען דעם טויט מצד היטלערס־רוצחים.

עס איז אזוי געווען „נישט אזוי שרעקלעך צו שטארבן".

פון אונזער קדושים־טאוול וועלן אט די נעמען אייביק לויכטן.

ל. האדעס

## גראספעלד, ד״ר (ערשטער נאמען ?)

— דירעקטאר פון ביאליסטאקער גימנאזיע פון דער ציישא, געווען אויך לערער פון געשיכטע. ער האט געשטאמט פון גאליציע און איז געווען זייער א געבילדעטער מענטש. זיינע לעקציעס פון גע־

שיכטע האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג ביי די תּלמידים. ער האָט געהערט צו די פּועלי ציון און איז אין ביאַליסטאָק גע־ווען איינער פון די פירער פון דער אָר־גאַניזאַציע. וואָס מיט אים איז געשען, נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען ביאַליסטאָק, איז אומבאַקאַנט.

## גרונדמאַן, ישראל ברוך

— גע־בוירן אין 1907 אין לאָדזש ביי פּרומע עלטערן. שוין זייענדיק אַ קינד האָט ער אַרויסגעוויזן אַ סך ווילן צו לערנען זיך. ישראלס עלטערע שוועסטער נעכע, וועל־כע האָט געהערט צו די אומלעגאַלע אַרבעטער־קרייזן, האָט קעגן דעם ווילן פונעם פאָטער געשיקט ישראלן אין אַ יידיש־וועלטלעכער שול, די שפּעטערדיקע „מעדעם־שול". די עלטערן האָבן געפירט אַ שטאַרקן קאַמף מיט זייער טאָכטער. נאָך אַ סך אינטערווענצן פון ישראל ליב־מענשטיין און דער לערערין האַלצמאַן, וועלכע האָבן דעם קליינעם ישראל זייער ליב באַקומען, האָבן די עלטערן סוף כּל סוף נאָכגעגעבן. ישראל האָט ליב געהאַט די שול און האָט דאָ אַרויסגעוויזן גוטע פעאיקייטן. ווען ער האָט גראַדואירט די שול, איז ער איבערגעשיקט געוואָרן קיין ווילנע אינעם יידישן לערער־סעמינאַר אַריין.

י. ב. גרונדמאַן פאַרענדיקט דעם סע־מינאַר און עס הייבט זיך אָן זיין טעטי־קייט אַלס לערער. אַ געוויסע צייט אַרבעט ער אין וויסאָקע־ליטעווסק, און נאָך דעם ווערט ער איינגעלאָדן קיין לאָדזש צו זיין אַ לערער אין דער זעלבער מעדעם־שול, וועלכע האָט אים דערצויגן. מיט ליב־שאַפט און ברען האָט ער זיך אַריינגע־וואָרפן אין דער אַרבעט פון דערציען דאָס יידישע קינד פאַר אַ שטאָלצן באַ־וואוסטזיניקן מענטשן און גוטן סאָציאַ־ליסט. ער איז זייער באַליבט ביי זיינע שילער און מיטאַרבעטער פאַר זיין פריינדשאַפט און פריילעכן כאַראַקטער. הגם ער איז שטאַרק טעטיק אויף פאַר־שיידענע געביטן פון געזעלשאַפטלעכער און קולטור־אַרבעט, געפינט ער שטענדיק צייט צו שאַפן אינטערעסאַנטע שפּילן, וויצן און לידער פאַר די קינדער. צוזאַמען מיט מ. גילינסקי (באַטקאַ) און ק. וואַפּנער האָט ער אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון סקויטן־שפּילן, לידער און הומאָריסטישע סצענעס פאַר קינדער. דאָס בוך „שפּיל און פאַרווייַלונג" איז אַרויס אין וואַרשע אין פאַרלאַג „סקיף־ביבליאָטעק", אין 1938. דאָס בוך איז אַ פּראָדוקט פון פיליאַריקע דערפאַרונג פון די מחברים, וועלכע האָבן געאַרבעט אין שול, אין מעדעם סאַנאַטאָריע, און אין „סקיף". י. ב. גרונדמאַן איז אויך געווען אַן אויס־געצייכנטער לערער פון האַנטאַרבעט, מאָלעריי און גימנאַסטיק.

י. ב. גרונדמאַן איז געווען זייער פּראָ־דוקטיוו און דערפינדעריש ביים אָרגאַ־ניזירן שול־אויסשטעלונגען פון די אַר־בעטן פון די קינדער. ער האָט אַ סך בייגעטראָגן צו די צענטראַלע שול־אויס־שטעלונגען וואָס די ציש"אָ האָט אָרגאַני־זירט אין לאַנד־מאַסשטאַב. אַ צייט איז ער געווען אינסטרוקטאָר אין לאָדזשער „מאָרגנשטערן", וואו ער האָט געאַרבעט מיט איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט צו דער ספּאָרט־דערציאונג פון דער יידישער יוגנט.

ווען די היטלער־מלחמה איז אויסגע־בראָכן, איז י. ב. גרונדמאַן מיט זיין פרוי עווא ווינער און זייער טעכטערל אַנט־לאָפן קיין ביאַליסטאָק און שפּעטער קיין בריסק. אונטער די רוסן אַרבעט ער דאָ אַלס לערער, און ווען די רוסן פאַרלאָזן בריסק פאַרבלייבט ער דאָ. שפּעטער אַנט־

לויפט ער צו די פארטיזאנער. וואו ער איז אומגעקומען, ווען און ווי אזוי — ווייסט מען נישט.

**גריטשאַנסקאַ, חנה** — געווען א פריוואטע לערערין — געגרייט קינדער צו די יידישע וועלטלעכע שולן. געווען זייער באשיידן. די לעצטע יארן האט זי געארבעט אין ייווא (ווילנע) אלס אנגעשטעלטע אין דער ייווא־ביבליאטעק. פאר דעם האט זי געארבעט אין דער קינדער־ביבליאטעק פונעם צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט (צ. ב. ק.).

**גריליכעס, אסתר** (גרילי׳ך) — געארבעט אין ווילנע אין פרוג־שול און ד. קופערשטיין־שול אלס לערערין פון נאטורוויסנשאפט. די לעצטע יארן פארן נאצי־קריג האט זי געלעבט אין פאריז. דא האט זי נישט געארבעט אין שול, געשטאנען אבער נאענט צום יידישן קולטור־לעבן. געווען א מענטש מיט גרויסער קולטור און גרויסע פעדאגאגישע פעאיקייטן.

אינטערנירט געווארן דורך די נאצים דעם 16־טן יולי 1942, שפעטער געווארן דעפארטירט צו די טויט־לאגערן און אומגעקומען. אין די טעג פון אינטערנירונג איז זי געווען קראנק און מען האט זי קראנקערהייט ארויסגעטראגן פון שטוב.

**גרינבלאַט, מירא** (מרים) — געבוירן אין לאדזש אין 1902, האט זי געענדיקט א מיטלשול און די „וושעכניצע" (פעדאגאגיק) אין ווארשע. גרינבלאט האט געארבעט אין די יידיש־וועלטלעכע שולן פון די לינקע פועלי־ציון אין ווארשע און לאדזש — זי האט שטענדיק געפירט א צווייטע און א דריטע אפטיילונג. אומגעקומען איז זי אין פינסקער געטא. א געוויסע צייט האט זי געפירט פיזיק און כעמיע אין דער שול אויף טווארדע 22.

**גרינבערג** (ערשטער נאמען ?) — געבוירן אין ווארשע אז ערד איז 1910. אנגעקומען אין ווילנער לערער־סעמינאר אין 1926. געווען זייער פעאיק צו מאטעמאטיק און פיזיק. א באשיידענער, א חברישער. געזעלשאפטלעך האט ער געהערט צו די לינקע. זיין גורל אומבאקאנט.

**גרינבוים, הערשל** — געבוירן אין ווארשע אין 1907־8. געענדיקט די יידיש־וועלטלעכע פאלקשול אין ווארשע טווארדע 22, אונטער דער אנפירונג פון ש. אבראמסאן, און שפעטער דעם ייד. לערער־סעמינאר אין ווילנע. געארבעט א סך יארן אלס לערער אין בערעזע, פרושאנע, שפעטער אין די ווארשעווער ציש״א־שולן. אן אקטיווער בונדיסט, האט ער די לעצטע יארן מיטגעארבעט אין ארכיוו פון צ. ק. פון „בונד". געווען אויך לערער אין דער מעדעם־סאנאטאריע.



בכלל געווען אקטיוו אין דער ציש״א־באוועגונג, גענומען אנטייל אין פארשיידענע קאנפערענצן און אפגעדרוקט עטלעכע וויכטיקע און ערנסטע אפהאנדלונגען אינעם ארגאן פון ציש״א — „שול־וועגן". געווען א טיפ פון א טרוימער און זיך ארומגעטראגן שטענדיק מיט שעפערישע פראיעקטן פאר דער שול־באוועגונג און פאר דער קולטור־ארבעט. דערצו געווען א גוטער, פעאיקער פעדאגאג און לייכט געוואונען די סימפאטיע פון די קינדער.

אין סעפטעמבער 1939 איז ער ארויס פון ווארשע, מיטנעמענדיק אלס איינציקן באגאזש אן עקזעמפלאר פון דער „ארבע־

טער שטימע" וואס האט זיך געפונען אין סעקרעטאריאט פון צ. ק. פון „בונד". געקומען קיין בראסלאוו (ווילנער געגנט) — געבורטס־שטאט פון זיין פרוי. סוף 1939 ווערט ער אריבערגעשיקט קיין ווידז (ווילנער געגנט), וואו ער ארבעט אונטער דער סאוועטישער מאכט אלס לערער אין דער יידישער ניט פולער מיטלשול. אין 1940 יאר ווען ס'האט זיך אנגעהויבן די ליקווידאציע פון די יידישע שולן אין ווייס־רוסלאנד, ווערט די שול פארוואנדלט אין א פאלקשול, גרינבוים ארבעט דא אלס פארוואלטער. אדאנק זיין ענערגיע און פעדאגאגישע פעאיקייטן באקומט די שול גרויס חשיבות און פארנעמט איינעם פון די אנגעזעענסטע ערטער אין דעם דארטיקן שול־קרייז. זייער שווער איז גרינבוימען געווען אויסצופירן און צופאסן זיך צו די פארארדענונגען פון דער סאוועטישער שול־מאכט. קורץ פארן אויסברוך פון דער סאוועטיש־דייטשער מלחמה ווערט גרינבוים דורך א יונגן ווילנער פאבל־דיכטער געמסרט אלס בונדיסט. גרינבוים לעבט איבער פיינלעכע און שרעקלעכע טעג און נעכט, ווארטנדיק אז מען זאל אים קומען ארעסטירן. נאכן אריינמארשירן פון די דייטשן אנטלויפט גרינבוים קיין בראסלאוו, וואו ער לעבט און ארבעט פיזיש אין געטא. בעת דער ליקווידאציע פון ברעסלאווער געטא פארלירט ער זיין פרוי און טעכטערל. אים אליין גיט זיך איין על פי נס צו אנטלויפן אין א דערבייאיקן וואלד, וואו ער וואנדערט ארום וואכן לאנג. ניט קענענדיק די געגנט און ניט האבנדיק וואס צו עסן, איז ער געצוואונגען צו ריזיקירן אריינצוגיין אין אן אומבאקאנטן כוטאר, וואו ס'האט געוואוינט א פאליאק. — זיי לאזן אים איבער ביי זיך און גרינבוים לערנט מיט זייער זון פויליש אין זיין באהעלטעניש — אין שייער אויף די היי. צווישן דעם לערער און שילער אנטוויקלט זיך א ליבע און גרינבוים פארבלייבט אויפן כוטאר עטלעכע חדשים, ביז ווען דעם האט זיך דערוואוסט א שכן וועלכער מסרט אז ביים פאליאק באהאלט זיך אוים א ייד. אין איין פרימארגן זיינען צום הויז צוגעקומען דייטשן און פאליציי. דער שילער זאגט אן באצייטנס גרינבוימען, און ער באוויזט צו אנטלויפן.

ס'הייבן זיך אן פאר אים טעג פון וואנדער און הונגער, ביז ער האט זיך אנגעשטויסן אויף עטלעכע פאסטוכער. זיי האבן אים געבונדן און איבערגעגעבן צו די דייטשן וועלכע האבן אים דערשאסן.

ה. גרינבוים האט ערשט אנגעהויבן לעבן און וואקסן גייסטיק. ער האט געהאט אלע אויסזיכטן צו פארנעמען אן אנגעזעען ארט אין יידיש־פראלעטאריש לעבן און אין דער שול־באוועגונג. זיין יונג לעבן איז רציחהדיק איבערגעריסן געווארן . . .

בעטי גומינער־נוטקעוויטש (דעטראיט), די געוועזענע קונסט־לערערין אין די ווארשעווער ציישא־שולן, דערציילט וועגן ה. גרינבוימען:

„בעת דער שלום־עליכם־אויסשטעלונג אין ווארשע האבן מיר צוזאמען צוגעגרייט דעם מאריאנעטן־טעאטער. ה. גרינבוים איז געווען א גוטער חבר און כאטש צייטנווייז איז ער געווען א שווערלעכער מענטש צוליב זיינע שטימונגען און פארביטערונג — פונדעסטוועגן האב איך ליב געהאט מיט אים צו ארבעטן. ער פלעגט זיך פארשפילן מיט די קינדער ביי די פראבעס און אפטמאל אזוי אריינגיין אין דער ראלע אז ער האט ניט געוואלט די ליאלקע אפגעבן און אליין שפילן.

דעם לעצטן מאָל האָב איך געטראָפן גרינבוימען אין 1941 אין ווילנע. ער האָט געאַרבעט אין ווידז, און קיין ווילנע איז ער געקומען ווייל צו אים זיינען קלאַנגען דערגאַנגען אַז מען באַקומט וויזעס אויף אַרויסצופאָרן. זיין אויסזען איז געווען אַ טרויעריקער, ער איז אָפּגעריסן געווען, ניט געהאַט קיין שיך אויף די פיס נאָר קאַלאָשן געטראָגן אויף שמאַטעס אָנגעטאָן. דאָס פּנים ניט געגאָלט, פאַרוואַקסן און דאָס מויל פאַרקוועטשט אין אַ ביטערן שמייכל. ס'איז שוין צו שפּעט געווען פאַר אים צו שאַפן אַ וויזע און ער איז מיט גאָרניט אַוועקגעפאָרן. מיר האָבן זיך געזעגנט, און ער האָט מיר געוואונטשן אַ פריילעכע רייזע. זיין פאַרביטערטע שטימע און דער אויסזען פון אַ געיאָגטער חיה האָבן מיך לאַנגע מאָנאַטן נאָכגעפאָלגט, און עס שטייט נאָך אַלץ פאַר מיינע אויגן זיין טרויעריקע געשטאַלט און עס קלינגען נאָך אַלץ זיינע ווערטער — דערמאָנט מיך אַמאָל אין אַמעריקע — — ״.

**גרינהויז, וואָלף** — געבוירן אין ליטע אין יאָר 1894. אַ זון פון פאָרמעגלעכע עלטערן, האָט ער דורכגעמאַכט סיסטעמאַטישע בילדונג און פאַרענדיקט אוניווערסיטעט אַלס אינזשעניער. וו. גרינהויז האָט געאַרבעט אין וואַרשע אַלס לערער, אין 1924 איז ער געוואָרן פאַרוואַלטער פון דער באָראָכאָוו־שול, מוראַנאָוו 16. ער איז געווען לערער פון פיזיק, כעמיע און מאַטעמאַטיק אין די העכערע אָפּטיילונגען. ער האָט זיך באַטייליקט אין אויסשטעלונגען, קאָנפערענצן, צוזאַמענפאָרן פון ציש״אָ און געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל צווישן דער לערערשאַפט. ער איז געווען אַ רואיקער גוטער מענטש, אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר, פול מיט ענערגיע און איניציאַטיוו.

אומגעקומען איז ער אין 1942.

**גרינקרויט, יאַנעק** — געבוירן אין וואַרשע, געענדיקט דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט (יורי).

כמעט אַלע יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָט ער געאַרבעט אין די ציש״אָ־שולן, — די לעצטע יאָרן אין די שולן פון קראָכמאַלנע 36 און קאַרמעליצקע 29. ער האָט אויך געאַרבעט אויף זומער־קאָלאָניעס פון די שולן. ער האָט פאַרמאָגט אַ סך ערנסט און ליבע צו דער שול־אַרבעט. אַ גוטמוטיקער מענטש פון דער נאַטור, איז ער געווען באַליבט ביי די קינדער און יוגנטלעכע. זיין לערערשע אַרבעט האָט ער געטאָן מיט גרויס דערפאָלג און פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

הגם פאָרמעל אַ לערער פון פויליש, און נאָר פון פויליש, איז ער אָבער געווען אַקטיוו געבונדן מיט דער גאַנצער ציש״אָ־באַוועגונג און געהאַט ניט נאָר אַן אמת־האַרציקע באַציאונג צו דער שול, נאָר אויך אַן ערנסטע אידעאישע באַציאונג. ער איז געווען אַ מיטגליד פון „בונד״, און די שול איז פאַר אים געווען אַ טייל פון זיין אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע.

די באַקאַנטע געטאָ־העלדין וולאַדקע (פייגעלע פּעלטעל־מיענדזיזשעצקאַ) איז געווען אַ תלמידה פון י. גרינקרויט, און אָט ווי אַזוי זי דערציילט וועגן אים:

„דער לערער גרינקרויט האָט אין מיין קלאַס אין דער מיכאַלעוויטש־שול נישט געלערנט. אָבער מיר קינדער האָבן אים גוט געקענט. אַ בלאָנדער מיט קורצע וואָנסעס און גרויסע גלעזער אונטער וועלכע עס האָבן אַפּירגעקוקט פאַרמרוזשעטע לאַכנדיקע אויגן האָט ער מיט זיין

שטענדיקן גוטמוטיקן שמייכל, זיך אויסגעטיילט פון ארום. א לייכטע זארגלאָזיקייט האָט געשוועבט ארום לערער גרינקרויט. זיין פיינער פויליש, זיין אביסל מאַנירלעכע האַלטונג און דאָס כסדרדיקע שפּאַסן מיט די מיידלעך, האָט ביי אונז געשאַפן דעם איינדרוק, אַז מיט אַזאַ לערער מוז זיין אַ נחת צו לערנען, מען קען אַלץ נעמען לייכט, אפילו דאָס נישטמאַכן די היים־אַרבעט. איז מען טאַקע געווען מקנא די אַנדערע קלאַסן, מיט וועלכע ער האָט געלערנט.

מאַכט זיך אַ „גליקלעכע" געלעגנהייט, אונזער שטענדיקע פויליש - לערערין ווערט קראַנק און אַלס איר פאַרטרעטער שיקט מען אונז צו דעם לערער גרינקרויט. מיט אומגעדולד און פרייד האָט מען דערוואַרט די ערשטע לעקציע. ניין, מען האָט זיך נישט גענאַרט. זיין לערנען איז טאַקע געווען לייכט, מיט אַ וויץ און אָפט געלעכטער, אָבער מיט דער זעלבער לייכטקייט האָט ער אויך ביי אונז שילער אַרויסבאַקומען דעם מאַקסימום אַנשטרענגונג אין לערנען. פרייוויליק פלעגט מען לערנען זיך געדיכטן פון אויסנווייניק אָדער גאָר שרייבן לאַנגע פוילישע קאָמפּאָזיציעס, אָבי נאָר אויסנעמען ביים לערער. פויליש, אַלס לימוד איז דורך אונז קינדער, נישט גאָר באַליבט געווען. כאָטש מען האָט געלעבט אין דער הויפּטשטאָט פון פוילן, אין וואַרשע, האָט מען אָבער די שפּראַך אין טאָג־טעגלעכן לעבן ווייניק גענוצט. געוואוינט און אויסגעוואַקסן איז מען אין האַרץ פון יידישער אָרעמקייט, אַלץ האָט דאָ געאָטעמט און געווען דורכגעדרונגען מיט יידיש. די שטוב, די גאַס, די שול — אומעטום האָט מען גערעדט מאַמע־לשון. כאָטש מען פלעגט פויליש לערנען פלייסיק, איז אָבער דאָס האַרץ נישט געווען דערביי, די פּוילישע שפּראַך איז אונז נישט געווען היימיש.

די לעקציעס פון לערער גרינקרויט האָבן אביסל אַנדערשקייט אַריינגעבראַכט, פויליש איז געוואָרן נענטער, ליבער. און אויב אין מיין זכרון זיינען פאַרבליבן נאָך היינט שטיקלעך פון פּוילישער פּאָעזיע, זיינען דאָס ס'רוב פון יענע קורצע פריילעכע לעקציעס, וואָס דער לערער גרינקרויט האָט מיט אַזאַ פּאַכמענישער לייכטקייט אונז אויסגעטיילט.

עס זיינען אַוועק יאָרן, כ'האָב געענדיקט די מיכאַלעוויטש־שול און דערמיט איז איבערגעריסן געוואָרן דער קאָנטאַקט מיטן לערער גרינקרויט. ערשט אין געטאָ, און דאָס גאָר צופעליק האָב איך אים ווידער באַגעגנט. אויסערלעך האָט ער זיך ווייניק וואָס געהאַט געענדערט. די זעלבע העלע האָר און וואַנסעס, דיזעלבע גלעזער, דיזעלבע פאַרזשמורעטע אויגן. און דאָך אַן אַנדערער. אַ טרויעריקע פאַרזאָרגטקייט איז געווען אין זיין גאַנצער פּערזאָן. די צייט האָט געלייגט אויף אים איר שטעמפּל. ער אַרבעט, ער איז ווייטער צווישן קינדער. לערנט אין איינער פון די קינדער־קיכן פון די געוועזענע צישאָ־שולן. נאָר אַנדערש איז דאָס לערנען און אַנדערש זיינען די קינדער. זיי קומען, די קליינוואַרג, הונגעריקע, אויסגעדאַרטע נאָכן ביסעלע זופּ, נאָך אַביסל וואַרעמקייט און אַביסלע פרייד. נעבעכדיק זיינען די מיטלען צו שטילן דעם הונגעריקן געטאָ־קינדס נויט, אָבער אפילו אין די שווידערלעכע געטאָ־באַדינגונגען האָט דער לערער ווייטער געדינט דעם יידישן קינד מיט זיין לאַנגיעריקער דערציאונגס־דערפאַרונג.

נאָך איינמאָל האָב איך אים געזען. דאָס איז געווען אין ווינטער, סוף 1942. איך בין געשיקט געוואָרן אין שליחות

פון בונדישן אונטערערד פון דער ארישער זייט אין געטא אריין. האט מיר מיין חבר חיים עלנבויגן, וואס האט זיך אויסבאהאלטן אויף דער פוילישער זייט, געבעטן כ'זאל זייענדיק אין געטא אריינכאפן זיך אין יתומים־פונקט אויף דזשיקע 3. דארטן געפינט זיך זיין 11־יעריק ברודערל און איך זאל אים איבערגעבן א פעקעלע עסנווארג.

ווי געזאגט, איז עס געווען ווינטערצייט, און געטא האט געהערשט א שטיקל שטילשטאנד. די ארויספירונגען זיינען איבערגעריסן געווארן. די דייטשע שעפער האבן געארבעט און די רעשטלעך געטא־יידן, צעווייטיקטע, אויסגעפייניקטע האבן געפרואווט זיך טרייסטן אז אפשר — זיי וועט אפגליקן און זיי וועט דער דייטש איבערלאזן. דער ווילן צו בלייבן לעבן איז געווען אזוי שטארק, אז די מינדסטע דייטשישע גוטהייסונג איז שוין גענוג צו ווארעמען די האפענונג פון פארמשפטע, אז זיי מיינט מען שוין ניט...

בכדי נאכמער איינצושלעפערן די וואכזאמקייט פון די יידן, האבן די דייטשן דערלויבט צו עפענען דעם יתומים־פונקט אויף דזשיקע 3. דארטן האבן געפונען א שטיקל מקום מנוחה די קינדער וועמענס עלטערן מען האט שוין באוויזן ארויסצופירן; קינדער, וואס זיינען אנטלאפן פון אקציעס, פון וואגאנען אדער גאר געקומען צוריק פון דער ארישער זייט, וואו מען האט זיי פארפאלגט; קינדער פון פארשיידענעם עלטער, וועלכע האבן שוין געהאט הינטער זיך די גהנומדיקסטע און גרויליקסטע איבערלעבונגען. ווען כ'בין צוגעקומען צו דזשיקע 3, האט מיר אן אומהיימלעכקייט ארומגעכאפט. די גאס איז געווען ווי אפגעשטארבן, קיין מענטשן האט מען נישט געזען און דערצו אזוי נאענט צום אומשלאג־פלאץ. אפילו אין הויז גופא האט געהערשט א שטילקייט, פונקט ווי עס וואלט אינגאנצן נישט געווען באוואוינט.

ערשט ווען כ'האב אנגעהויבן ארויפגיין אלץ העכער אויף די שטיגן, האט זיך דערטראגן א שוואכער אפקלאנג פון קינדערישע שטימען.

כ'בין אריין אין א טונקעלן לאנגן קארידאר, דארטן האבן מיך צוויי יינגלעך געפרעגט וואס איך דארף, איינער איז גלייך פארשוואונדן און צוריקגעקומען אין באגלייטונג פון אן עלטערן מאן. ווידער פראגן. דאס מאל אין פויליש: צו וועמען, נאך וואס. עפעס דוכט זיך מיר, אז דער פרעגער איז מיר באקאנט, ספעציעל די שטים און זיין פוילישע אויסשפראך. יא, כ'האב אים דערקענט, פאר מיר איז געשטאנען דער לערער גרינקרויט.

ס'ארא פרייד, נאך אזוי פיל שוידערלעכקייטן זעט מען ווידער א באקאנטן מענטשן. א לאנגע וויילע האט מען זיך שווייגנדיק אנגעקוקט. וויפל דערינערונגען זיינען אין אט דער שטומער וויילע אימפעטיק דורכגעלאפן אין זכרון. דער לערער גרינקרויט ארבעט און דאזיקן אנשטאלט. ער לעבט דא צוזאמען מיט די לעצטע פארבליבענע געטא־יתומים. ער פרואווט זיי פארטרעטן א טאטן, א פריינד און אויך זיין זייער לערער.

ווי שווער און פיינלעך עס מוז זיין דאס לערנען אין אזא צייט. איך באמערק עפעס וועגן דעם אויפן קול, א שווערער שמייכל באווייזט זיך אויפן פארעלטערטן אויסגעצויגענעם געזיכט — „מען טוט וואס מען קען" — ענטפערט ער. ער פרעגט מיך אוים אביסל וועגן פריינד, באקאנטע. וועגן זיך רעדט ער נישט און איך וואג נישט צו פרעגן. אלע וויילע רופט אים אן אנדער קינד אוועק אין

א זייט, ס׳איז שווער אנצוגיין מיט א שמועס. עס באווייזט זיך דאס יינגל פאר וועמען כ׳האב דאס קליינע שפּייז־פּעקעלע. אויך מיט אים כאפּ איך א שמועס און שוין מוז מען טראכטן וועגן צוריקגיין, ווייל עס פאלט צו די נאכט.

הארט ביים געזעגענען, פרעג איך נישט־דרייסט: און אויב ס׳הויבן זיך אן די אקציעס? איך פיל, אז כ׳האב בעסער באדארפן שווייגן, אבער שווער איז געווען זיך צו באפרייען פון דעם געדאנק, וואס איז מיר נאכגעגאנגען די גאנצע צייט פון מיין באזוך אין דעם אנשטאלט. — דער געדאנק — אז דאס אלץ איז דאך דא בלויז אויף דער ווייל, פארבייגייענדיק, דער דייטש וועט עס דאך פריער צי שפּעטער, זיכער חרוב מאכן. איז צו וואס דאס נארן זיך? אבער זיין ענטפער, האט אלץ קלאר געמאכט.

— וועלן זיין אקציעס, וועלן מיר גיין צוזאמען...

דאס זיינען געווען די לעצטע ווערטער פון מיין שול־לערער, וועלכע זיינען מיר געבליבן אין זכרון. מער האב איך אים שוין נישט געזען. א פרישע כוואליע פון אקציעס האט זיך אנגעהויבן אין אנהויב 1943, און אין איינער פון זיי איז אויך אוועק דאס יתומים־הויז פון דזשיקע 3".

## גרשוני, מרדכי

— געענדיקט דעם ווארשעווער לערער־סעמינאר פון ציש״א. זייער א באשיידענער און שעמעוודיקער, האט ער זיך אין סעמינאר געהאלטן אין שאטן, שטענדיק געזעצט זיך אין א זייט, אויסגעזוכט עפּעס א ווינקל. מיט דער צייט אבער האט ער אנגעהויבן ציען אלעמענס אויפמערקזאמקייט. ער האט גערעדט שטיל מיט א שעמעוודיקן שמייכל אויפן פּנים, מיט אראפּגעלאזטע אויגן. אז ער האט זיך באטייליקט אין א דיסקוסיע (און דאס איז געשען ניט אזוי גיך, ביז ער האט איינגעבראכן זיין שעמעוודיקייט), האט ער שטענדיק אנגעהויבן מיט די ווערטער „מיר דאכט זיך", אבער זיין מיינונג איז געווען דורכגעטראכט, וואגיק. ער איז געווען איינער פון די אינטעליגענטסטע און טיפסטע סעמינאריסטן, און א גרויסער ליבהאבער פון דער יידישער ליטעראטור, איבערהויפּט פון פּאעזיע. ער האט מיר אמאל געוויזן א העפט מיט אפּגעקליבענע לידער וואס ער וועט אויסנוצן אין זיין קומענדיקער לערער־ארבעט. ער האט אפּט איבערגעחזרט: „מיט א פיינער קינסטלערישער ליד איז אמלייכטסטן צוצוקומען צום קינדס נשמה". ווען ער האט נאר געהאט צייט, האט ער באזוכט שולן. „אמבעסטן פיל איך זיך אין דער סביבה פון די קינדער". אליין פאלקסטימלעך, איידל און באשיידן, האט ער ארויסגערופן צו זיך א ווארעמע פריינדלעכע באציאונג פון אלע לעקטארן און סעמינאריסטן. „אט איז דער אמתער טיפּ פון א יידישן פאלקסלערער, מיט הארציקייט און אידעאליזם" — אזוי פלעגן אלע טראכטן וועגן אים.

געענדיקט דעם סעמינאר, האט מ. גרשוני געארבעט עטלעכע יאר אין די ציש״א־שולן פון ביאליסטאקער געגנט און אין גראדנע. שפּעטער האט ער געארבעט אין אנדערע טיפּן שולן. זיין גורל — אומבאקאנט.

י. ראטנבערג

## דאָדיוק־ליכטשטיין, ביילע

— די פרוי פון ראובן ליכטשטיין, איז געבוירן געווארן אין קאוולע, וואלין, אין 1907. איר פאטער איז געווען זייער א סימפּאטישער און אינטערעסאנטער

מענטש. א ייד א משכיל, וואס האט געהאט פיל אינטערעס פאר דעם מאדערנעם יידישן לעבן. א פלייסיקער לייענער פון דער העברעאישער און יידישער ליטעראטור און א ליידנשאפטלעכער שמועסער וועגן תורה־ענינים. די שטוב פון די דאדיוקס איז געווען א גאסטפריינדלעכע און אפן פאר יעדן איינעם.

משה דאדיוק האט געגעבן זיין טאכטער ביילען א וועלטלעכע דערציאונג. נאך דעם ווי זי האט פארענדיקט די פויליש־יידישע גימנאזיע אין קאוולע, איז זי אוועקגעפארן קיין ווילנע אויפן הומאניסטישן פאקולטעט און זי האט אים געענדיקט מיט אויסצייכענונגען.

פון נאטור א באגאבטער, ליבלעכער מענטש, האט זי געזוכט א גייסטיקן אנשפאר אין איר אידייאישן לעבן און האט זיך מיט לייב און לעבן אריינגעווארפן אין דעם אידעאליסטישן קרייז, וואס האט זיך אין 1930 געגרינדעט ארום דער צייטשריפט „פרייע שריפטן“.

דער דאזיקער קרייז האט זיך פארנומען מיט א ריי געביטן פון פילאסאפיע און ליטעראטור און האט זיך באמיט אויסצושמידן אן אידייע פאר אונזער דור, וואס זאל זיך אנשפארן אויף די טראדיציעס פון אונזערע נביאים, די סאציאלע קעמפער פון זייער צייט, און אויף אן עטישן מאדערנעם סאציאליזם פון אונזער צייט.

ביילע דאדיוק און איר מאן ראובן ליכטשטיין, לערער און שרייבער, זיינען געווען די נשמה פון דעם קרייז. אונטער דער השפעה פון אט דער אידעאליסטישער גרופע איז ביילע דאדיוק אריינגעטראטן צו ארבעטן אין די יידישע שולן און האט אין זיי אריינגעלייגט דאס שענסטע און בעסטע פון איר איידעלער נשמה.

אויסער דער שול און דער געזעלשאפטלעכער ארבעט, האט ביילע דאדיוק און איר מאן זיך פארנומען מיט ליטעראַרישער ארבעט. צווישן זייערע וויכטיקע ארבעטן איז ווערט צו פארצייכענען זייער איבערזעצונג פון דייטש אויף יידיש פון אלפרעד אדלערס פסיכאלאגיש ווערק „דער זין פון לעבן“, ארויסגעגעבן אין פארלאג „טאמאר“, ווילנע.

א מוסטער־מענטש איז ביילע דאדיוק געווען. אלע האבן זי ליב געהאט און פארערט. די נאציישע ברוטאלע האנט האט אין 1943 איר אומגעבראכט צוזאמען מיט אירע צוויי קינדער.

ל. ב א י א ן

**דאָמב, חיים** — גערופן האט מען אים אין סעמינאר — „דאס הייליקע שניידערל“, אבער נישט מיט אן איראנישן בייטעם נאר טאקע דברים כמשמעם, צוליב זיינע פאזיטיווע כאראקטעריסטישע שטריכן; חיים דאמב האט שטארק געארבעט איבער זיך און עס איז אים געלונגען צו דערגרייכן צו א מאראלישער שלימות. ער האט אפגעהיט זיין מויל פון רכילות, פון שלעכטס ריידן אויף א צווייטן און ווער שמועסט נאך צו האנדלען קעגן דעם וואס זיין געוויסן דיקטירט.

איך האב אים געקענט עטלעכע יאר. אין 1930 האב איך זיך געטראפן מיט אים אין יידישן לערער־סעמינאר אין ווילנע. מיר האבן געוואוינט בשכנות אין אינטערנאט פון סעמינאר און האבן געהערט צום קרייז „פרייע שריפטן“ — א פרייהייטלעך־סאציאליסטישער קרייז וואס האט זיך פארנומען מיט סאציאלע, פילאזאפישע און ליטערארישע פראבלעמען און האט געלייגט דעם טראפ אויף דעם עטיש־מאראלישן יסוד פון אונזער לעבן.

געבוירן אין 1908 אין ביעלסק. געלערנט אין חדר און שפעטער אין דער יידישער שול. אין 1927 איז ער אנגעקומען אין יידישן לערער־סעמינאר. זיינע לערער און חברים האבן אים זייער געשעצט צוליב זיינע פערזענלעכע מידות טובות און מען האט אים שטארק ליב געהאט.

ווען דער יידישער לערער־סעמינאר איז געשלאסן געווארן, האט אים געפעלט איין יאר צו פארענדיקן. ער האט אבער ניט געקענט גלייך באזייטיקן די לעגאלע מניעות וואס זיינען אים געשטאנען אין וועג און ערשט אין א יאר ארום איז ער אריין אין פריוואטן לערער־סעמינאר פון ד"ר ש. י. טשארנא און האט אים פארענדיקט מיט אויסצייכענונגען.

אין 1933 ענדיקט ער דעם סעמינאר און גייט אוועק ארבעטן אין יידישן שולוועזן פון דער ווילנער פראווינץ. די ערשטע שול וואו ער האט געארבעט איז געווען איגנאלינע.

ער איז געווען א לערער־אידעאליסט און פונקט ווי ס'איז געווען זיין באציאונג בין אדם לחברו, אזוי איז אויך געווען זיין באציאונג צו די קינדער. קיין מאל ניט זיך דערלויבט אנצושרייען אויף זיי. זיין גאנצן אינטערעס פלעגט ער אריינטאן אין דער ארבעט, אין זוכן מעטאדן, ווי אזוי צו זיין דערפאלגרייך אין דער ארבעט און אינטערעסאנט פאר זיין קינדער־אוידיטאריע. מיט יעדן דערפאלג זיינעם פלעגט ער זיך פרייען ווי מיט אן אויסערגעוויינלעכער דערפינדונג.

עס געדענקט זיך א באזוך ביי אים אין שול אין איגנאלינע. ער האט מיט אזא תמימות און נאאיוון גלויבן גערעדט וועגן זיינע מעטאדן פון העברעאיש־ און געשיכטע־לימוד, אז כ'האב ממש באוואונדערט זיין אומאינטערעס פאר אנדערע וויכטיקע פראבלעמען פון דעם גאנצן ארום.

חיים דאמב מוז אבער גיך איבעררייסן די ארבעט אין שול. די פאליציייאישע מאכט זאגט זיך אפ ארויסצוגעבן אים א „מאראל־צייגעניש" באשר זיין ברודער איז געשטאנען אונטער א חשד צוליב זיינע פאליטישע אנשויאונגען. אלע אנשטרענגונגען וואס פריינד און חברים האבן געמאכט בכדי אויפצווייזן חיימס פאליטישע כשרות האבן ניט געהאלפן און ער מוז איבעררייסן די ארבעט אין שול.

אין 1934 באזעצט ער זיך אין ווילנע און ארבעט אומלעגאל אין דער „ספעציעלער שול" וואס שטייט אין דער פעדאגאגישער אויפזיכט פון ווינטע לעווין. אין דער זעלביקער צייט ארבעט ער מיט אין דעם אפצווייג פון דער יוגנט־פארשונג ביי דעם יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט.

אין סעפטעמבער 1936 באקומט ער אז אספיראנטור אין ייווא. במשך פון דעם יאר ארבעט ער אויף דער טעמע: „ירושהדיקייט און סביבה ווי סיבות פון הינטערשטעליקייט". אויף דעם סיום פון דער אספיראנטור דעם 28־טן און 29־טן יוני לייענט ער א טייל פון זיין ארבעט אויף דער אויבן דערמאנטער טעמע. די ארבעט איז אפגעדרוקט אין „ייווא־בלעטער" באנד 12, נומער 4־5.

ל. ביאן

**דאמעראצקי, ציליע** — איינע פון די ערשטע לערערינס פון יידישן שולוועזן אין ביאליסטאק. צוזאמען מיט דער גרופע „יוגנט פאריין" געהערט זי צו די גרינדער פון דער ערשטער יידיש־וועלטלעכער שול אין ביאליסטאק, די „יוגנט־פאריין"־שול.

העכער 20 יאר איז ציליע דאַמעראַצקי געווען לערערין אין דער שול, געפירט אַלע לימודים (חוץ צייכענען, אַרבעט און זינגען) אין אַ דריטן אָדער פערטן קלאַס. אין די לעצטע יאָרן האָט זי אויך געפירט דעם פּויליש־לימוד.

געבוירן אין ביאַליסטאָק ביי פאַרמעג־לעכע בירגערלעכע עלטערן, געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע. ציליע דאַמעראַצקי איז געווען צווישן די אינטעליגענטסטע יידישע לערערינס, האָט זיך באַטייליקט אין אַלע לערער־קאָנפערענצן און לערער־באַראַטונגען, און גענומען שטענדיק אַן אַקטיוון אַנטייל אין די דעבאַטעס וועגן פּעדאַגאָגיש־דערציערישע און מעטאָדישע פראַגן. איר אַרבעט האָט זי געפירט מיט גרויס דערפאָלג און אַ סך ווירדע.

## דאָרפמאַן, סאָניע — דערציערין

און לערערין פון יידישן קינדערגאַרטן אין לעמבערג. זי האָט געהאַט נאָר אַלגע־מיינע בילדונג. אַ הייסע סאָציאַליסטקע. זי האָט געשטאַמט פון אַ בונדישער משפּחה. איר פאָטער, דוד דאָרפמאַן, איז געווען אַן אַלטער איבערגעגעבענער בונ־דישער טוער אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג (שלאָסער־אַרבעטער).

סאָניע האָט געהאַט גרויס פאַרשטענ־דעניש פאַר די קינדער פון די יידישע אַרבעטער. די קינדער האָבן דאָס געפילט און געווען זייער צוגעבונדן צו סאָניען.

סאָניע דאָרפמאַן האָט אויך אָנגע־פירט מיט די דערגאַנצונגס־קורסן פאַר קינדער, וואו זיי פלעגן נאָכן מאַכן די לעקציעס פאַר דער אַלגעמיינער שול אין פּויליש, האָבן לעקציעס אין יידיש יערן טאָג.

## דובאָווסקי (ערשטער נאָמען ?) —

האָט צוזאַמען מיט שלמה באַסטאַמסקי פאַרענדיקט דעם ווילנער לערער־אינסטי־טוט אַן ערך צוויי יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. באַלד נאָכן פאַרענדיקן האָט ער באַקומען אַ לערער־שטעלע אין טראָק, ניט ווייט פון ווילנע. שפּעטער האָט ער געאַרבעט אין די שולן פונעם צענטראַלן בילדונג־קאָמיטעט. אין 1921־טן יאָר האָט דובאָווסקי גענומען אַרבעטן אין דער ווילנער אָוונט־שול אויפן נאָמען פון מאַרים ווינטשעווסקי. געהאָלפן זייער אַ סך אין רעאָרגאַניזירן און איינשטעלן אָרדענונג אין דער שול. אַן ערנהאַפטער און פאַראַנטוואָרטלעכער לערער, איז ער שטאַרק באַליבט געווען ביי די צוהערער פון די אָוונט־קורסן.

אין אָנהויב פון די דרייסיקסטע יאָרן איז ער צוזאַמען מיט זיין יונגער פרוי פון ווילנע אַוועק קיין עסטלאַנד, וואו ער האָט אַ לענגערע צייט געלערנט אין דער יידיש־וועלטלעכער שול אין רעוועל.

קיין גענויע ידיעות וועגן זיין אומקום איז ניטאָ. אָבער עס איז קיין שום ספק ניט, אַז זיין יונג לעבן איז פאַרשניטן געוואָרן אין אַ קאָנצענט. לאַגער אין עסטלאַנד.

אויך זיין פרוי איז געווען אַ פרעב־ליסטין — פריער אין ווילנע און שפּע־טער אין רעוועל.

## דורמאַשקין, וואָולף — עקיבאַס זון

(זע ווייטער). געבוירן אין ווילנע 1914. שוין אַלס קליינער יינגל האָט ער אַרויס־געוויזן גרויסע מוזיקאַלישע פעאיקייטן. דער פאָטער האָט אים צו 4 יאָר אָנגע־הויבן לערנען קלאַוויר. צו 7 יאָר האָט דער קליינער וואונדער־יינגל שוין געגעבן קאָנצערטן פאַר געפאַקטע זאַלן. צו 16 יאָר ענדיקט וואָולף די העברעאישע גימ־נאַזיע אין ווילנע. אין 1937 ענדיקט ער ווילנער קאָנסערוואַטאָריע און פאָרט קיין

ווארשע צו שטודירן ווייטער ביים באַרימטן פראפעסאר בערדיאיעוו. דער פראפעסאר האט אים אנערקענט פאר איינעם פון זיינע בעסטע און פעאיקסטע שילער.

צוליבן אויסברוך פון קריג פארלאזט וואולף ווארשע און ער קומט צוריק קיין ווילנע. ער ווערט אינגיכן דיריגענט פון ווילנער פילהארמאניע און פירט זיין ארבעט מיט גרויס דערפאלג. קריטיקער זאגן אים פאר א גרויסע צוקונפט. אין 1940 פירט ער אויף די אפערע „אאידא" אין יידיש. ער לערנט אין עטלעכע יידישע שולן און גימנאזיעס — טעאריע פון מוזיק. ער איז אויסערגעוויינלעך באליבט ביי די שילער.

דאס בלוטיקע יאר 1941 האט שווער געטראפן דעם יונגן קינסטלער. אבער נישט די מויערן פון געטא, נישט די שטרענגע פארארדענונגען פונעם דייטשן אקופאנט זיינען אימשטאנד אפצושטעלן וואולף דורמאשקינס טעטיקייט. ער ארגאניזירט אין ווילנער געטא אן ערשטקלאסיקן סימפאנישן ארקעסטער. אונטער לעבנסגעפאר גנבעט ער זיך ארויס פון געטא און שאפט איין אינסטרומענטן און נאטן. ער באקומט די ערשטע געטאפרעמיע פאר מוזיק — פאר זיין „עלעגיע אויף פאנאר", ער פירט אויך אן מיטן העברעאישן כאר און שרייבט אן מוזיק צו דער אויפפירונג פון ד. פינסקיס „היהודי הנצחי". ער שאפט אין געטא א מוזיק־שול. נאך דעם ווי די פרואוון אים צו ראטעווען האבן זיך ניט איינגעגעבן, איז ער ביי דער ליקווידאציע פון ווילנער געטא אוועקגעשיקט געווארן קיין עסטאניע, קלאגא. לויט די ידיעות פון דורמאשקינס צוויי שוועסטער, וועלכע האבן זיך געראטעוועט פון די לאגערן און געפינען זיך איצט אין ניו־יארק, איז וואולף אומגעקומען איין טאג פאר דער באפרייאונג: די דייטשע ס. ס. האבן אים אויף א מערדערלעכן אופן אומגעבראכט דעם 19־טן סעפטעמבער 1944 (ראש־השנה).

**דורמאשקין, עקיבא** — געבוירן אין 1885 אין קיעוו. געענדיקט קאנסערוואטאריע אין אדעס און איז געווען לערער פון מוזיק אין ווילנע. ער האט דא געפירט קלאסן־געזאנג, כארן און ארקעסטערם פון שילער — אין גימנאזיע און פאלקשול. א מענטש מיט מוזיקאלישע און פעדאגאגישע פעאיקייטן, האט ער געהאט א פיינע און ערלעכע באציאונג צו זיין ארבעט. אומגעקומען איז ער אויף פאנאר אין 1941.

**דושאנסקי, הינדע** — געווען זייער א שיינע, א הויכע, א שלאנקע, בלויע טיפע אויגן, טונקל־בלאנדע צעפ, א פארריסענע נאז. עפעס סלאווישעס געווען אויסגעגאסן אויפן פנים און פיגור. מען פלעגט איר טאקע זייער אפט אננעמען פאר א קריסטלעך מיידל.

געבוירן אין ווילנע אין 1913 אויף ווענגערסקע געסל. דער טאטע א זעמשער; פלעגט ארומגיין גרעסטן טייל פון יאר ליידיק, — פלעגט דעריבער די מאמע דארפן „צוקנעלן". זי פלעגט פארקויפן עפל אויפן האליץ־מארק. דער יאך פון שטוב איז געפאלן אויף הינדען. אויף אירע הענט איז אויך געווען דאס יינגערע קינד, א יינגל מיט עטלעכע יאר יינגער פון איר. ער איז געווען דעפעקטיוו, און דאס אויפפאסן אויף אים איז געווען זייער א שווערע לאסט אויף אירע פלייצעס. איר פעלט די קינדהייט. זי האט ניט ווען זיך צו שפילן מיט קינדער. און דאס ערגסטע — זי האט ניט קיין באדינגונגען צו באזוכן א שול.

די שווערע נויט פארהארטעוועט איר. עס אנטוויקלט זיך אין איר א שטארקער ווילן, א ווילן וואס קען אלץ ברעכן. ארום איר זעט זי קינדער מיט גוטע היימען, קינדער וועמען די עלטערן באזארגן מיט אלדאס גוטס. זי שליסט מיט זיי פריינדשאפט, ביי זיי קריגט זי די ערשטע אנווייזונגען אין שרייבן און לייענען, ביי זיי קריגט זי ביכער. זי באשליסט ארויסצוקריגן זיך מיט אלע מעגלעכקייטן פון דער לאגע. זי הייבט אן ארבעטן אויף זיך. ניט דורכמאכנדיק קיין פאלקשול, דערווערבט זי א גרויסן באגאזש וויסן. זי באשטימט צו ווערן א לערערין. זי שטעלט זיך צו די עקזאמענס צום יידישן לערער־סעמינאר. הינדע איז בפירוש גליקלעך ווען זי דערוואוסט זיך אז זי איז צווישן די אנגענומענע שילער. אין סעמינאר צווישן חברים איז זי אביסל צוריקגעהאלטן, ניט צופיל געזעלשאפטלעך, זי איז אבער דורשטיק נאך וויסן. זי וואקסט גייסטיק זייער גיך. איר גליק געדויערט אבער ניט לאנג... ווען זי געפינט זיך אויפן דריטן קורס, ווערט דער צישא־סעמינאר געשלאסן דורך דער רעגירונג.

זי לעבט דאס איבער טיף, ווי אירע א פערזענלעכע טראגעדיע, זי גיט ניט אויף דעם געדאנק צו ווערן א לערערין. זי באשטימט אנצוקומען אין העברעאיש־פוילישן פריוואטן לערער־סעמינאר פון ד"ר טשארנא. כדי דורכצופירן דעם פלאן, קומט הינדען אויס צו באקעמפן א היפש ביסל שוועריקייטן. זי ארבעט צוויי יאר, גיט פריוואטע לעקציעס, לויפט פון איין עק שטאט צום צווייטן. קלייבט א גראשן צו א גראשן. צום סעמינאר מוז מען דורכמאכן מלוכה־עקזאמענס פון 29 לימודים. דער פראצענט פון די וואס האלטן אויס די עקזאמענס איז זייער קליין. הינדע גארטלט זיך אן מיט כוח און ארבעט אן א שיעור. עס איז ניטא קיין גענוג, זי לערנט טאג ווי נאכט, באנוגנט זיך מיט צוויי דריי שעה שלאף אין מעת־לעת.

הינדע ווערט ענדלעך א לערער — מיט רעכט צו ארבעטן אין א מלוכהשער אדער אין א העברעאישער שול. מען לייגט איר פאר פאסטנס. זי נעמט אן א פאסטן אין ערגערע באדינגונגען אבער אין א צישא־שול. דעם ערשטן יאר ארבעט זי אין וויסאקע ליטעווסק. זי איז א גוטע לערערין, זי קען זיך אבער ניט צופאסן צו דער סביבה פון שטעטל. זי וויל וואקסן גייסטיק, וויל זיך פארפולקאמען. אין שטעטל האט זי ניט די געהעריקע באדינגונגען. זי האט א שטארקן באגער נאך וויסנשאפט. זי בלייבט אין ווילנע און קריגט פארבייט־ארבעט אין די ווילנער צ. ב. ק.־שולן. בעת די סאוועטן ארבעט זי אין ברעסלאווער יידישער שול. אין 1941 יאר קומט זי צוריק קיין ווילנע. די טראגישע תקופה האבן מיר דא דורכגעמאכט צוזאמען.

מוט און ווילן זיך דורכצושפארן דעם היטלער־גיהנום האט איר גלייך פארלאזן. ווי אויף הינדען, אזוי אויף אירע עלטערן אין הויז האט זיך געלייגט א שטעמפל פון פארניכטונג: דאס הויז אפגעלאזן. אפהענטיק איז הינדע, אפהענטיק די עלטערן — ליגן אין די בעטן און וויינען. האפענונגסלאזיקייט — זייער שטימונג.

אין געטא האט מען אונז געפירט צוזאמען. זי אויף לידסקער געסל, אונז אויף סטראשון. מענטשן האבן זיך נאך פריי געקענט באוועגן צווישן די געסלעך. איך האב זיך געלאזט גיין צו לידסקער זיך טרעפן מיט הינדען. דער ליטווין וואס ביים טויער האט מיר ניט דורכגעלאזן. דריי מאל האב איך זיך געפרואווט דורכשטופן און ביז יעדן מאל צוריקגעשטויסן

געוואָרן. מער האָב איך הינדען ניט געזען... אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָט מען אין יודן־ראַט געבראַכט זאַכן. אַ שוידער האָט אונז דורכגענומען. מיר האָבן געוואוסט אַז דאָס זיינען זאַכן פון די יידן פון לידסקער געסל. דורך דער נאַכט האָט מען זיי אַוועקגעפירט קיין לוקישקער תפיסה, דאָס אָרט פון וואַנען מען פירט צו פּאָנאַר. דעם לעצטן גרוס פון הינדען האָב איך געקראָגן דורך אַ פרוי וואָס האָט זיך על פּי נס אַרויסגעקראָגן פון תפיסה. זי האָט דערציילט אַז מען האָט זיי געהאַלטן צוויי מעת לעת אויפן טורמע־הויף, אָן עסן, אָן וואַסער. עטלעכע זיינען דאָרט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. קינדער האָבן געלעכצט נאָך אַ טראָפּן וואַסער. געוואַלדן, געוויינען האָבן זיך געטראָגן איבערן הויף. הינדע איז אַרומגעגאַנגען אַ רואיקע. „אַ שאָד וואָס בריינע איז ניט מיט מיר" — זיינען געווען אירע לעצטע ווערטער. אַ רואיקע האָט זי דערוואַרט דעם שרעקלעכן טויט...

ב ר יי נ ע   א ס ־ ג אָ ל ד מ אַ ן

## דלוגאַטש (ערשטער נאָמען ?) — געבוירן אין ביאַליסטאָק. געוואוינט מיט אַן אַלטער האַלב־פּאַראַליזירטער מוטער אויף סענקעוויטש גאַס — געהאַט אַ סאָדע־וואַסער־קרעמל. די לערערין דלוגאַטש האָט געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע און געאַרבעט אין דער אַנסקי־שול אין ביאַליסטאָק, שפּעטער אין דער גן־ילדים־שול (2־טער קלאַס). אומגעפער אין 1928 איז זי צוזאַמען מיטן פאַרוואַלטער פון דער גן־ילדים־שול און זיין פרוי, לערער באַרכאַש, אַריבער אַרבעטן אין דער פּוילישער פּאָושעכנע שול. דלוגאַטש איז געווען פאַרהייראַט מיט גרינבערגן, אַ לערער פון אַ פּריוואַטער שול.

## דערעוויאַנסקי, יוסף דוד — לערער פון געשיכטע אין ווילנער עפּשטיין־גימנאַזיע. געווען אַספּיראַנט פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, ווילנע. פאַרעפנטלעכט אייניקע אַרבעטן אויף יידיש־היסטאָרישע טעמעס. אין „ייוואָ־בלעטער", 1936, אָפּגעדרוקט אַן אַרבעט: „די באַציאונג פון דער געזעלשאַפט און די רעגירונגס־קרייזן צו דער ראַבינערשול".

## האַלפּערן, לאה — לאה האַלפּערן האָט געהערט צו דער עלטערער פּלעיאַדע פאָלקסלערער. ווי אַ סך פאָלקסטימלעכע יידישע אינטעליגענטן אין דער צייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זי באַשלאָסן איבערצוּרייסן איר אוניווערסיטעט־בילדונג און ווידמען זיך דער יידישער דערציאונג.



געשטאַמט האָט זי פון וואָלקאָוויסק און אירע לערן־יאָרן האָט זי דורכגעמאַכט אין ביאַליסטאָק, וואו זי האָט פאַרענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע. דאָרט טאַקע האָט זי אויך אָנגעהויבן איר ערשטע פּעדאַגאָגישע פּראַקטיק. אין די פריע צוואַנציקער יאָרן קומט זי קיין וואַרשע און אין קורצן נאָכן אָנקומען, ווערט זי דורך דער ציש"אָ באַשטימט, ווי אַ פאַרוואַלטערין פון דער „גראָסער־שול" אויף קאַרמעליצקע 29, וואו זי אַרבעט, מיט קליינע איבעררייסן, ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מען קען בלי גוזמא זאָגן, אַז לאה האַלפּערן איז געווען איינע פון די געטרייסטע, פאַראַנטוואָרטלעכסטע און

איבערגעגעבנסטע שולפּאַרוואַלטערס. די יונגע לערערין־אידעאַליסטין, וואָס איז געקומען קיין וואַרשע פול מיט יוגנטלעכן גלויבן אין דער נייער ייִדיש־וועלטלעכער שול, וועלכע איז דאַן נאָך געווען אין סטאַדיע פון אויפבוי און שווערן גע־ראַנגל, האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער שול אַרבעט מיט ליב און לעבן. זי האָט ממש פאַרגעסן אין איר אייגן פּערזענלעכן לעבן, און אין לויף פון די יאָרן איז די שול געוואָרן איר היים, איר משפּחה, איר לעבן.

די אַנטוויקלונג און וואוקס פון דער פרעכטיקער „גראָסער־שול" אויף קאַרמע־ליצקע 29 איז שטענדיק געווען פאַרבונדן מיטן נאָמען לאה האַלפּערן. לערערס האָבן זיך געביטן, שול־פּאַרוואַלטערס זיינען איבערגעטראָגן געוואָרן פון איין שול אין דער צווייטער, אָבער ל. האַלפּערן איז כּמעט כּסדר געבליבן אויף איר פּאָסטן. נישט שטענדיק האָט זי געקענט לייכט־אויסקומען מיט לערער און מיטגלידער פון עלטערן־קאָמיטעטן, ווייל זי האָט גע־פאָדערט פון אַנדערע די זעלביקע גע־טריישאַפט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס זי אַליין האָט אַרויסגעוויזן אין דער מאַקסימאַלסטער מאָס.

און דערפאַר טאַקע האָט אויף איר קיינער קיין פּאַראיבל נישט געהאַט און מען האָט גלייך פאַרגעסן אירם אַ שאַרף וואָרט אָדער אַ פאָרוואורף. מען האָט גע־מוזט רעספּעקטירן און באַוואונדערן איר אָפּפערוויליקייט און גרענעצלאָזע איבער־געגעבנקייט. די צישאָ האָט קיינמאָל ניט געפּרואווט זי איבערטראָגן אין אַן אַנדער שול, ווייל נישט דער עלטערן־קאָמיטעט און נישט די עלטערן וואָלטן מסכּים גע־ווען דערויף. אַ דאַנק איר אומגעהייערער ענערגיע, מיט וועלכער זי האָט אויך אָנ־געשטעקט די עלטערן־קאָמיטעטן און שול־טוער ביי דער „גראָסער־שול", איז די דאָ־זיקע שול געווען זייער גוט באַזאָרגט מיט די נייטיקע שול־מכשירים און אַר־בעטס־וואַרשטאַטן.

ביי דער גאַנצער ברייט־פאַרצווייגטער אַרבעט אירער אַרום דער שול, ווי אַ פאַר־וואַלטערין, האָט לאה האַלפּערן דאָך שטענדיק גענומען אַ מאַקסימום צאָל לערן־שעהן אין די קלאַסן, וואו זי האָט געפירט דעם ייִדיש־לימוד און געשיכטע. זי האָט שטענדיק געאַרבעט איבער זיך און אַ סך געלייענט און שטודירט, ווי עס איז דאָס צו באַמערקן פון אירע אַר־טיקלען, מיט וועלכע זי האָט זיך באַ־טייליקט אין די פּעדאַגאָגישע אויסגאַבן פון דער צישאָ. זי האָט זיך שטענדיק אַרומגעטראָגן מיט נייע פּלענער און פּראָיעקטן.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט זי געהאַט פאַרבראַכט אירע וואַקאַציעס אין איר געבוירן־שטאָט, וואָלקאָוויסק. חברים וואָס האָבן, פאַרבייפאָרנדיק, זי דאָרטן געזען, האָבן איבערגעגעבן, אַז זי איז געוואַלטיק דערשלאָגן, וואָס זי איז געבליבן שטעקן אין וואָלקאָוויסק, דער־ווייטערט פון איר אייגנטלעכער היים, פון דער „גראָסער־שול" אויף קאַרמעליצקע 29. זי האָט אָבער געטרייסט זיך מיט דער האָפענונג, אַז עס וועט לאַנג נישט דויערן און זי וועט זיך אומקערן צו איר היים.

איר האָפענונג איז אָבער נישט מקוים־געוואָרן . . .

י. ראָטענבערג

## האַלפּערן, סיאָמע (שלמה גאַלפּערן)

— איך האָב געאַרבעט צוזאַמען מיט אים 2 יאָר, די ערשטע יאָרן פון מיין לע־רערשער פּראַקטיק. גלייך פון שולבאַנק בין איך געשיקט געוואָרן דורך דער שול־צענטראַלע אין ווילנע אַלס לערערין פון דער ייִדישער שול אין ווידז. איך דערמאָן

זיך מיין שמועס מיטן ערשטן קלאַס: געזאָגט אין אומדערפאַרנקייט פראַזן אויסגעלייענטע ערגעץ פון ביכער; די זאַצן זיינען אַריין די קינדער אין איין אויער, דורכן צווייטן אַרויס. סיאָמע נעמט איבער דעם שמועס. דער קלאַס ווערט באַלעבט, די קינדער ווערן אַקטיוו, רייסן זיך צום רעדן. איך דערפיל אַז איך האָב ניט דעם ריכטיקן צוגאַנג צו די קינדער, איך ווער ביין זיך געפאַלן. סיאָמע טרייסט מיך: עס איז בלויז די ערשטע צייט אַזוי, איך וועל זיכער געפינען אַ וועג צו די קינדער... איך האָב פון סיאָמען זייער אַ סך געלערנט. ער בלייבט מיין מוסטער אַלס לערער.

געבוירן איז סיאָמע אין ראָוונע אַרום 1908, אין אַ ניט־פאַרמעגלעכער אָבער גוטער פאַמיליע. נאָכן ענדיקן די פאָלק־שול און אַ פוילישע גימנאַזיע קומט סיאָמע אָן אינעם יידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע; געענדיקט האָט ער דעם סעמינאַר אין 1929. ער איז געווען איינער פון די בעסערע שילער. זיין ערשטער יאָר אַרבעט אַלס לערער איז אין זאַלעשטשיקי. ער פילט זיך דאָרט פרעמד און ער קומט אין ווילנער פראָווינץ. לאַנגע יאָרן אַרבעט ער אינעם שטעטל ווידז. די דאָרטיקע יידישע שול אַסאָציאירט זיך מיט סיאָמען. עס איז זיך אוממעגלעך פאָרצושטעלן די שול אָן סיאָמען. ער איז פאַרוואַלטער פון שול, לערנט מיט די עלטערע קלאַסן יידישע ליטעראַטור און אַנדערע אַלגעמיינע קענגשטאַנדן. ער האָט די פעאיקייט פון איבערגעבן וויסן; מאַכן עס אינטערעסאַנט, פּאָפּולער און צו־טריטלעך פאַר די קינדער. די לעקציעס פירט ער ניט אָנגעשטרענגט, כמעט שפּי־לעוודיק: אָט שפּאַצירט ער איבערן קלאַס־צימער, אָט זעצט ער זיך אויפן שטול צי אַפילו אויפן טיש. אַלעמענס אויגן פאָלגן אים כסדר נאָך.

נאָך די לעקציעס איז ער צו די קינדער זייער צוגעלאָזן. ער שפּאַצירט מיט זיי אַרום געאָרעמט, האָרכט אַלצדינג אויס, איינעם גיט ער אַן עצה, אַ צווייטן אַ טרייסט־וואָרט. סיי די יינגלעך סיי די מיידלעך קומען צו אים מיט זייערע פּראָבלעמען פון אַלערליי געביטן פון לעבן. ווען מיר שטייען פאַר אַ דילעמע — די קינדער זיינען פאַרעקשנט צוליב געוויסע סיבות און פאַרלייקענען אַ „פאַרברעכן", — איז גענוג אַז סיאָמע זאָל זיך מיט עמעצן פון די שילער דורכשמועסן אויג אויף אויג, און די עקשנות איז געבראָכן.

זייער אָפט טרעפט מען גאַנצן גרופּן קינדער אין סיאָמעס היים. ער באַזוכט אויך די היימען פון די קינדער, האָט דעם צוטרוי פון די עלטערן. ער איז שטאַרק באַליבט ניט נאָר ביי די שילער, נאָר ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג פון שטעטל. דער צענטער פון גייסטיקן לעבן אין שטעטל איז די שול. אַרום איר גרו־פּירט זיך די יוגנט, די אינטעליגענץ פון שטעטל. די יום טובים פון שול זיינען אַלגעמיינע יום־טובים. סיאָמע גרייט אַליין די נומערן פון דער קינסטלערישער פּראָג־ראַם, ער באַזוכט די פּראָבן, בעסערט אויס און גיט אָנווייזונגען.

די שול אונטער ס. האַלפּערנס אָנ־פירונג פירט אַ געזעלשאַפטלעך־אויפקלע־רערישע אַרבעט. כמעט יעדן שבת ווערן איינגעאָרדנט רעפעראַטן, דיסקוסיעס. סיאָמע און אויך אַנדערע לערער טרעטן אַרויס מיט לעקציעס אויף ליטעראַרישע, פּעדאַגאָגישע און פּאָפּולער־וויסנשאַפט־לעכע טעמעס.

סיאָמע האָט דעם היטלער־גיהנום ניט דערלעבט. ער איז געשטאָרבן אונטער די סאָוועטן פון אַ לונגען־אָנצינדונג.

ב ר ײ נ ע  א ס ־ ג א ל ד מ א ן

**האָלצמאַן, ליזע** — געאַרבעט אין לאָדזשערע צישאָ־שול א"נ פון וו. מעדעם און שפּעטער אין דער שול א"נ פון ביינישׁ מיכאַלעוויטש.



זי האָט פאַרנומען דעם אַמט פון דירעקטאָר און לערער, אָבער אין יענע שולן, אין דער אָרעמסטער וועבער־געגנט פון לאָדזש, האָט יעדער לערער געדאַרפט זיין אויך א „סאָשעל וואָרקער", וואָס דאַרף זאָרגן פאַרן קינדס טאָג־טעגלעכן קיום. ליזע איז עס געווען.

געוואוינט האָט זי אין איין גרויסן, ליכטיקן צימער, עסטעטיש איינגעאָרדנט (ביי יענעם), מיט בילדער אויף די ווענט, און דאָס איז שוין גענוג געווען פאַר די וועבער־קינדער פון באַלוט, צו דערציילן וועגן דער „רייכקייט" וואָס זיי האָבן געזען ביי ליזען.

ליזע איז געבוירן געוואָרן ביי רייכע עלטערן און האָט באַקומען א זייער גרינטלעכע בילדונג. זי האָט באַזוכט די פּאַריזער „עקאָל דע פּאַרי", זי האָט אַרומגערייזט איבער די אייראָפּעאישע לענדער וואו מאָדערנע בילדונג איז געשטאַנען הויך, און זי האָט אַריינגעזאַפּט אַלע מאָדערנע שטרעמונגען פון בילדונג.

ביז 1920 האָט זי אירע פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן אויסגענוצט אין די רייכע יידיש־רוסישע און יידיש־פּוילישע גימנאַזיעס. זי איז דאָ געווען זייער געאַכטעט, ווייל שוין גאַנץ פרי האָט זי אַנגעווענדט דעם סיסטעם פון אינדיווידועלער אויפמערקזאַמקייט צו אירע שילערינס און אין איר אופן פון לערנען איז זי געווען אַנדערש פון די איבעריקע לערער.

פון איר פריער יוגנט איז ליזע געווען באַהאַפטן מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. איר היים פון די פּאַרמעגלעכע עלטערן האָט געדינט ווי א באַשיצטער פּלאַץ פון פּאָליציייאישע איבערפאַלן, און די פּאַרטיי־אַרכיוון זיינען געווען דאָרטן באַהאַלטן. אין „בונד" איז ליזע געווען אַקטיוו אין דער לעדער־גרופּע און שפּעטער אינעם „קלוב פון דער יידישער אַרבעטנדער אינטעליגענץ" אין לאָדזש און אויך אין „יאַף". זי איז אָבער געווען א קענערין פון דער בונדישער קינדער־באַוועגונג, האַלטנדיק, אַז מען טאָר די קינדער נישט אַריינציען אין פּאָליטיק.

ליזעס אייראָפּעאישע פאַרבינדונגען זיינען זייער שטאַרק אויסגענוצט געוואָרן פאַר דער פּאָפּולאַריזירונג פון די צישאָ־שולן אין פראַנקרייך, שווייץ און ענגלאַנד. אומעטום האָט זי געהאַט פערזענלעכע פריינד צווישן די אויטאָריטעטן פון דער פּעדאַגאָגישער וועלט. אויף איר איניציאַטיוו זיינען עס פאַרגעקומען די צוויי אינטערנאַציאָנאַלע אויסשטעלונגען פון קינדער־אַרבעטן פון די צישאָ־שולן, אין דער שווייץ (לאָקאַרנאָ) און אין פּאַריז. זי האָט די אויסשטעלונגען אויך אָרגאַניזירט און אַדורכגעפירט, און די אייראָפּעאישע פּעדאַגאָגישע וועלט האָט זיך דאָ באַקענט מיט די צישאָ־שולן און מיט די יידישע קינדער פון פּוילן.

מיטן פאַרלויף פון יאָרן זיינען אירע אויגן קאַליע געוואָרן, און שוין פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זי ערנסט געטראַכט וועגן דעם, אַז זי דאַרף אַוועקגיין פון דער וועלט. — „אויב די קינדער קען איך שוין מער קיין נוצן ניט ברענגען, צו וואָס זשע טויג דאָס לעבן?" — האָט זי געפרעגט אירע פריינד. דאָך איז איר לעבנס־אימפּעט ניט אויסגעגאַנגען. מיט די שוין האַלב־בלינדע אויגן פלעגט זי לייענען די

לעצטע פעדאגאגישע אויסגאבן און זיך מיט איר וויסן טיילן מיט די לערער.

איר סאציאליסטישע געזינונג האט ל. האלצמאן אדורכגעפירט אין לעבן אויף פולע הונדערט פראצענט. זי האט זיך מיט איר יעדן ביסן געטיילט מיט אן ארעם קינד פון איר שול. זי האט געהאט אירע „אפנעמער" פון אירע ארעמע פריש־טיקס און מיטאגן. זי האט ניט געקענט פארשטיין, ווען מען האט איר דערציילט עפעס שלעכטס וועגן א מענטשן. „ס'איז אויסעטראכט", פלעגט זי זאגן, „פאר־געסט וועגן דעם".

דאס לעצטע מאל האב איך ליזען גע־זען אין מיי 1939. איך האב שוין דע־מאלט געוואוינט אין ווארשע, אבער כ'פלעג קומען צו די זיצונגען פון לאד־זשער שטאט־ראט. נאך איינער אזא זי־צונג, אין א שפעטער אוונט־שעה, האט זי מיר אפגעווארט ביים ארויסגאנג פון זאל. — „פעסעלע איז ווידער באדראט מיט שווינדזוכט, זי מוז אנקומען אין מעדעם־סאנאטאריע. אט האט איר די פאפירן און דערליידיקט עס באלד אין ווארשע"...

ס. נוטקעוויטש

***

ווען איך דערמאן זיך אין מיינע קינדער־יארן און אין זכרון וואכט אויף דאס בילד פון דער מיכאלעוויטש־שול, איז אוממעגלעך זיך ניט אפצושטעלן אויף דער געשטאלט פון דער לערערין ליזע האלצמאן. פון די ערשטע אפטיילונגען, ביז צום פייערלעכן ארויסלאז פון דער שול — שטייט זי אין איר געראנגל פאר דער עקזיסטענץ פון דער שול. אנגעהויבן האט זי אלס פארוואלטערין פון דער מע־דעם־שול. נאך עטלעכע יאר מיפולער ארבעט, מוז זי דעם פאסטן אויפגעבן און פארן קיין אויסלאנד היילן אירע קראנקע אויגן.

אין 1928 ווערט געשאפן די צווייטע בונדישע שול אין לאדזש — אין הארצן פון ארעמען קווארטאל — באלוט. גע־הייסן האט זי — מיכאלעוויטש־שול. ליזע האלצמאן שטעלט זיך גלייך נאך איר צוריקקומען פון אויסלאנד — טראָץ דעם פארבאט פון די דאקטוירים — צו דער ארבעט אלס פארוואלטערין און לע־רערין פון דער שול. זי גיט זיך איבער מיט לייב און לעבן דער שולארבעט. די שול איז פאר איר אלץ. בייטאג אויף לעקציעס, אין די אוונטן — אין שילער־קלוב. אין די שפעטע אוונט־שעהן שטרענגט זי אן אירע אויגן איבער די קינדער־העפטן, און גרייט צו די מארגנ־דיקע לעקציעס.

מיר פילן אין איר נישט נאר א לערער־פעדאגאג, נאר אן איבערגעגעבענע מאמע, וועלכע אינטערעסירט זיך מיט יעדער קלייניקייט פון קינדס גייסטיקער און פיזישער אנטוויקלונג. זי באזוכט די היי־מען, שמועסט מיט די עלטערן. איז א קינד אביסל הינטערשטעליק מיטן געזונט, באמיט זיך די לערערין צו פארשאפן פאר אים אן ארט אויף א „טאז"־קאלאניע.

די לערערין האלצמאן טראגט זיך ארום מיט אן אידיי — צו שאפן אביסל גרינס, א פאר בלומען־בייטן פאר די קינדער וואס קענען ניט ארויס אין דארף. צו־זאמען מיט א קרייז איבערגעגעבענע שול־טוער און לערער גיט זיך איין אפצוקויפן ביים ווירט פון הויז א שטיקל הויף. פון א ווינקל שלעכט־ברוקירטן הויף ווערן בייטן, באזעצט מיט בלומען, גרינסן. ס'איז שווער זיך פארצושטעלן אונזער קינדערשע פרייד ווען ס'האבן אנגעהויבן ארויסשפראצן פארשיידענע גרינצייג. דער גארטן איז געווען אונזער שטאלץ. פאר דער אומדערמידלעכער לערערין האלצ־מאן איז עס נאך ניט גענוג. זי וויל פאר־פולקאמען איר אידיי. אין א שיינעם

פרימאָרגן האָבן זיך אין שול־גאָרטן באַוויזן ליגשטולן, און קינדער האָבן געשעפּט פרישע לופט, ליגנדיק אין זיי. אַ צעשמייכלטע, צופרידענע איז די לערערין אַרומגעגאַנגען און יעדעס מאָל אַן אַנדער קינדער־קעפּל אַ גלעט געטאָן.

אין יאָר 1939 (פינף יאָר נאָכן ערשטן — אגב אויך לעצטן — אַרויסלאָז פון דער מיכאַלעוויטש־שול) טרעפן זיך אַלע שילער צוזאַמען מיט דער באַליבטער דערציערין, און יעדער דערציילט וועגן זיך, טיילט זיך מיט זיינע דערגרייכונגען אין משך פון די פינף יאָר. יעדנס דערגרייכונג — איז געווען איר דערגרייכונג, און זי האָט פון יעדן איינעם באַזונדער, ווי אַן איבערגעגעבענע מאַמע, געשעפּט נחת.

אין יאָר 1934, נאָכן כסדרדיקן געראַנגל, האָט זיך די מיכאַלעוויטש־שול געשלאָסן. ליזע האַלצמאַן פאַרלאָזט מיט אַ שווער האַרץ לאָדזש און פאָרט אַריבער קיין נאָווידוואָר ביי וואַרשע, זי אַרבעט דאָרט אַלס פאַרוואַלטערין פון דער צישאַ־שול. נאָך אַ יאָר אַרבעט, פאָרט זי אין 1935 אַריבער קיין פּינסק און ווערט פאַרוואַלטערין פון דער „משהלע גלויבערמאַן שול".

אין 1937 ווערט זי איבערגעפירט קיין לובלין און אַרבעט אַלס פאַרוואַלטערין פון דער פּרץ־שול. ביז צום קריג־אויסברוך אַרבעט זי אין לובלין. זי קומט אין 1939 (זומער) צום אָפּרו קיין לאָדזש, און דאָ באַגעגנט זי די מלחמה. אין 1940 פאָרט זי אַריבער קיין וואַרשע, וואו זי דערלעבט אירע לעצטע טעג אין וואַרשעווער געטאָ. פּיזיש קראַנק — ליידנדיק יאָרן־לאַנג אויפן מאָגן, ווייט פון אירע נאָענטסטע און שילער, האָט זי אין 1942 אַן איינזאַמע אויסגעהויכט איר נשמה.

ל א ה  ג ר ו נ ד מ אַ ן ־
א יי ז ע נ ב ו ך

## האַמבורג, בלומע (קליאַטשקאַ) —

געבוירן אין ווילנע. אַ קינדער־גערטנערין און לערערין. פרוי פון פאַרשטאָרבענעם (1928) פאַרוואַלטער פון דער גלובאָקער ייִיש־וועלטלעכער שול, אהרן האַמבורג.

בלומע האַמבורג האָט געענדיקט העכערע פּעדאַגאָגישע פרעבל־קורסן אין פּעטערבורג. אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זי אָנגעפירט מיטן קינדער־גאָרטן (זאַוואַלנע 28) פון צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט. שפּעטער איז זי אַריבערגעפאָרן מיט דער פאַמיליע קיין גלובאָקי. בלומע האָט אָנגעפירט אין דער זעלביקער שול מיט די ייִנגערע קלאַסן. נאָכן פּלוצלונגען טויט פון איר מאַן — איז בלומע מיט אירע 2 קינדער אַריבערגעפאָרן צוריק קיין ווילנע. צוזאַמען מיט דער באַקאַנטער פּעדאַגאָגין עמאַ שעוועליאָוויטש־קאַץ פירט זי אַן און איז מיט־אייגנטימערין פון אַ פּריוואַטן קינדער־גאָרטן מיט ייִדיש אַלס לערן־שפּראַך. ניט קוקנדיק אויף איר שווערער מאַטעריעלער לאַגע — איז בלומע געווען מונטער און מיט ליבע געווען איבערגעגעבן דער דערציאונג פון קליינוואַרג.

בלומע האָט פאַר דער צייט פון ליטווישע און סאָוועטישע אָקופּאַציע — 1941-1939 — געאַרבעט אין ווילנע אַלס קינדער־גערטנערין. בעת די דייטשן האָבן פאַרנומען ווילנע איז זי לויט קלאַנגען געלאָפן קיין גלובאָק און דאָרטן אומגעקומען מיט איר 12־יאָריקן זונעלע.

## האַנדעלסמאַן, שבע — לערערין

במשך פון אַ סך יאָרן אין דער פּרץ־שול אין לובלין. אַ גוטע, פעאיקע און זייער אינטעליגענטע לערערין, איז זי אין איר שול־אַרבעט שטענדיק געווען ערנסט און פאַראַנטוואָרטלעך, זי האָט אויסגעפירט איר אַרבעט מיט ליבע און איבערגעגעבנ־

קייט. מיט פרייד האט זי אויפגענומען יעדן אויפטו און כאראקטעריסטישן אויסדרוק פון א קינד, — און באלד זיך וועגן דעם געטיילט מיט די אנדערע לערער. איר גורל בעת דער נאצי־מלחמה איז ניט באוואוסט.

**האָרן־קאַפטאַן, רייצע** — געבוירן אין 1913 און געענדיקט דעם בית־יעקב סעמינאר אין קראקע. געלערנט מיט יידישע קינדער אין אלגעמיינע פוילישע שולן — יידישע רעליגיע און געשיכטע. געלערנט יידיש אין בית־יעקב־שולן אין פיאסק ביי לובלין א״א. אין 1942 איז זי צוזאמען מיט איר טעכטערל און אירע עלטערן אוועקגעשיקט געווארן אין די גאז־קאמערן.

**היימאַן, גיטל** — געבוירן אין לערטאוו ביי באלעבאטישע עלטערן. נאכן ענדיקן די מלוכהשע פאלקשול איז זי אריינגעטרעטן אין דער ארטיקער פוילישער מיטלשול, וואו זי האט זיך אויסגעטיילט מיט אירע פעאיקייטן און אינטעליגענץ. שיין, יונג און לעבנסלוסטיק, האט זי געהאט גרויס דערפאלג, אבער זי האט באשלאסן ווייטער צו שטודירן כדי צו קענען זיך ארויסרייסן פון קליינעם שטעטל און ווערן זעלבשטענדיק. זי איז אוועק קיין ווארשע, האט דא געענדיקט אויף א לערערין און אנגעהויבן ארבעטן אין די שולן פאר יידישע קינדער, וואס די „גמינע" (קהילה) האט אויסגעהאלטן. איר ספעציאליטעט איז געווען פויליש, און אויך אויף דעם געביט האט זי זיך גלייך אויסגעטיילט מיט אירע פעדאגאגישע פעאיקייטן.

דער שרייבער פון די שורות, אויך א לעווערטאווער, פלעגט זיך מיט איר אפט טרעפן אין ווארשע, און שטענדיק האט זי ליב געהאט צו רעדן וועגן איר שול־ארבעט. אליין א פאלקסטימלעכע יידישע טאכטער, וואס האט זיך אויסגעלעבט אין אן עכט יידישער סביבה, האט זי זייער ליב געהאט דאס יידישע פאלקס־קינד. מיט צופרידנקייט פלעגט זי דערציילן אז די קינדער זאגן איר אפט: „דו ביזט ניט קיין פויליש־לערערין, נאר א יידישע לערערין". די קינדער האבן זיך מיט איר געפילט ווי מיט א נאענטן מענטשן, זיי האבן איר ליב געהאט. זי האט ניט אזוי שטארק געזארגט זיך וועגן דעם „גוטן אקצענט" פון די קינדער און ניט מורא געהאט ארויסצולאזן א יידישווארט פון מויל אין קלאס בעת די פויליש־לעקציעס.

זי האט זיך כסדר אויסגעלעבט אין די קרייזן פון דער יידישער פאלקסטימלעכער אינטעליגענץ און זי האט חתונה געהאט מיט דעם באקאנטן פאלקלאריסט און קריטיקער ש. ל. קאווע. און דעמאלט האט זי אויך אנגעהויבן טיילווייז ארבעטן אין די ציש״א־שולן. ווען עס איז אויסגעבראכן דער היטלער־קריג, איז זי מיטן מאן געקומען קיין ביאליסטאק. זעט אויס, אז זיי זיינען דא פארבליבן ביז די נאצים און זיינען דא אומגעקומען, ווייל קיינער פון די שרייבער וואס האבן זיך אומגעקערט פון רוסלאנד דערמאנט נישט וועגן זיי.

י. ראטנבערג

**העלער, ד״ר משה** — איינער פון די אייגנארטיקסטע פערזענלעכקייטן אין דער יידישער ווילנע, געווען דער געשיכטע־לערער פון די יידישע סעמינארן און מיטלשולן.

באזעצט האט ער זיך אין ווילנע גלייך מיטן אויפקום פון דער פוילישער רעפובליק און האט געהערט צו דער גרופע פון דער יידיש־גאליציאנער אינטעליגענץ

וואס האבן פארבונדן זייער גורל מיט דער מאדערנער יידישער קולטור און דערציאונג.

ד"ר משה העלער איז געווען איינער פון די באליבטסטע לערער, צו וועמען זיינע תלמידים האבן זיך באצויגן מיט טיפסטן רעספעקט און יראת הכבוד. פאר אים פלעגט מען זיך פארטרויען מיט די אינטימסטע אינטערעסן און ווי ווייט מעגלעך האט מען זיך באמיט אים ניט מצער צו זיין.

„איך ווייס, פאר וואס איר זיצט אזוי רואיק און איר טומלט ניט ביים ד"ר משה העלער אויף די לעקציעס — האט אונז איין מאל איינער פון אונזערע פירנדיקע לערער געזאגט — דאס איז מחמת דעם, וואס ד"ר העלער איז אזוי שטארק באעולהט געווארן פון דער נאטור, איר ווילט דא אביסל גוט מאכן, ווייל די נאטור האט אים שלעכטס געטאן!"

אבער דער דאזיקער לערער אונזערער האט דאס מאל א טעות געמאכט: ניט דאס אויסערלעכע אויסזען, ניט זיין קליינגעוויקסיקייט און אויך ניט זיין הויקערדיקע פיגור האבן אויף אונז געווירקט, אז מיר זאלן טראגן צו העלערן טיפסטע אכטונג. ניכער איז דאס געווען זיין עטיש־מאראלישער אויפפיר, די באציאונג צו זיינע תלמידים, וואס איז געווען א קארעקטע און א ווירדיקע און האט ניט פארמאגט אין זיך א שמץ פון וועלן עמעצן וויי טאן און א פשיטא שוין באליידיקן. איבערהויפט טאקע, איז דאס געווען די ווירקונג פון זיין אינטעליגענץ און חכמה וואס האבן די שווערסטע סיטואציעס באלויכטן מיט הומאר און מיט פארשטענדעניש.

שוין די ערשטע עטלעכע לעקציעס האבן געמאכט פארגעסן זיין פיזישן אויסזען. ער איז העכער און שענער געווארן אין אונזערע אויגן, און פארגאפטע האבן מיר זיך צוגעהערט צו זיינע אינטערעסאנטע שמועסן, באמערקונגען און אויסטייטשונגען פון דער אלגעמיינער און יידישער געשיכטע. יעדע לעקציע זיינע איז געווען א מוסטער פון ארכיטעקטאנישן געבוי מיט געזימסן און מיט אלע פליטערלעך וואס א פאלאץ דארף האבן. די נאטור האט אים געקריוודעט, דערפאר האט זי אים באשאנקען מיט אזוי פיל פקחות, הומאר און גוטן מוט וואס האבן באחנט זיינע פיזישע דעפעקטן.

אט קלעטערט ער מיט אונז אויף די פראגמאטישע וועגן פון דער יידישער און אלגעמיינער געשיכטע, פארוויקלט אונז אין די צווישנפעלקערלעכע פראבלעמען, ברענגט אונז אריין אין דער פילאזאפיע פון וועלבאנעמען. דער מוח ווערט מיד, מען קען שוין באלד ניט באנעמען, מיט אמאל באווייזט זיך א פקחותדיק שמייכעלע אויף זיין פנים און די לעקציע נעמט אן גאר אן אנדערע ריכטונג. זי פארוואנדלט זיך גאר אין א מעשהלע. — „און היער קומט א וויץ" — ווארפט ער אריין א דייטשמערישן אויסדרוק, און פארכאפט אונזער פאנטאזיע און לאזט אפרוען אונזער געדאנק אויף דעם לייכטן הומאר פון א שיינעם וויץ אדער משל, אין וועלכן עס ווערן אריינגעפלאכטן העלדן — טאקע חברים פון אונזער קלאס.

מאכט זיך, אז א חבר אונזערער האט אמאל אויף א לעקציע פון געשיכטע אזוי פארדרייט די פאקטן און אויפגעפלאנטערט אזא געקעכטס, אז מיר פלעגן אזש זיך אויפטרייסלען פון אויפרעגונג און אראפלאזן די קעפ פאר חרפה. דער לערער מ. העלער פלעגט אבער איינהאלטן זיינע עמאציעס, ארויפציען אויף זיך א טיפן ערנסט און מיט תמימות א זאג טאן:

„— אבער ח' ג..., די פאקטן וועגן וועלכע איר רעדט זיינען דאך געווען אינגאנצן אנדערש. איר האט א טעות געמאכט...״ און דערביי פלעגט ער א בליץ טאן מיט א שפאגל נייער באלייכטונג פון די היסטארישע פאקטן, אז עס פלעגט אונז ממש ליכטיק ווערן אין די אויגן און אין דעם געמיט; ווי שיין און ווי הערליך ער האט רעאגירט אויף אונזערן א חברס ניט־צוגרייטן די לעקציעס און ווי דערציעריש דאס פלעגט ווירקן אויף אונז! שטילערהייט פלעגט יעדער איינער פון אונז דאנקען דער השגחה, וואס ד״ר העלער איז אונזער לערער, ווייל זיין יעדע לעקציע, יעדער אויפפלאנטער פון א שווערער סיטואציע איז געווען ממש א מעטאדאלאגישער ביישפיל ווי אזוי צו פירן א לעקציע און ווי אזוי א לערער דארף זיך בכלל פירן.

יארן זיינען געלאפן, און אט איז געקומען א טרויעריקע שעה. דער יידישער לערער־סעמינאר איז געשלאסן געווארן און מיר האבן זיך געטראפן... אין העברעאישן לערער־סעמינאר „תרבות״. אין איינעם א טאג קומט מיר אן אן אויפפאדערונג צוצושטעלן זיך צו א פאליטישן פראצעס. א פאליטישער פראצעס אין יענער האלב־פאשיסטישער פוילישער רעגירונג האט געשמעקט מיט שווערע שטראפן און דער עיקר מיטן ארויסגעווארפן ווערן פון לערער־סעמינאר.

אין דער דאזיקער עת־צרה האב איך זיך מיטן פולסטן צוטרוי געווענדט צו מיין לערער ד״ר משה העלער. אים האב איך געמאכט פאר א שותף צו מיין סוד און צו מיינע איבערלעבונגען. כ'האב געגלויבט אין זיין עטישקייט און כ'האב זיך אים פארטרויט. ווי א יוריסט האט ער מיר געגעבן אנווייזונגען און עצות און אזוי ארום האב איך זיך ארויסגעדרייט פון א גאנץ פארפלאנטערטער סיטואציע.

ד״ר העלער האט געפירט געשיכטע־קרייזן אין יידישן לערער־סעמינאר און אין די אנדערע מיטלשולן וואו ער האט געארבעט. די שילער מיט א ספעציעלן אינטערעס פאר געשיכטע האבן געהערט צו די דאזיקע קרייזן און מיט זיי פלעגט ער אויך פירן פארשיידענע געשיכטע־עקסקורסיעס איבער ווילנע און אויסער ווילנע.

ל. באיאן

***

אין דעם שוין א סך מאל דערמאנטן „יזכור״ פון די ייוואָ־בלעטער ווערט דערציילט וועגן ד״ר משה העלער:

„משה העלער איז פון זבאראזש, מזרח־גאליציע, אזוי ווי טויזנטער אנדערע יידישע אינטעליגענטן, אוועק שטודירן קיין ווין, אבער מיט זיין דאקטאר־טיטל האט ער זיך פארנומען אויפן וועג פון געציילטע — ער איז געקומען קיין ווילנע, געווארן א לערער אויף יידיש אין לערער־סעמינאר און שפעטער אין דער רעאל־גימנאזיע, אויפגעבויט א יידישע היים און פארנומען זיך מיט יידישע היסטארישע פארשונגען. מיר האבן אים געהאט פאר א מיטגליד אין דער פארוואלטונג פון דער ווילנער געזעלשאפט „פריינד״, אבער צום מערסטן האט דער ייוואָ אים געהאט צו דאנקען ווען ער האט אין 1938 איבערגענומען צו פירן די פראאספיראנטור. אונטער דער נאצי־אקופאציע, ווערן מיר געוואויר, האט ער אנגעשריבן אן ארבעט וועגן דער אמאליקער און דער נייער יידישער געטא אין ווילנע, מיט גענויער סטאטיסטיק פון די אומגעבראכטע אין די ערשטע אכט חדשים״.

ביי ש. קאטשערגינסקין לייענען מיר:

„ד"ר מ. העלער איז אין ווילנער געטא געווען א לערער און אנפירער פון סטאטיסטישן אמט ביים יידנראט. די געטא האט אויף אים זייער שטארק געווירקט. אנפאנג 1943 איז העלער קראנק געווארן. אין שפיטאל האט ער שוין קיין היילונג נישט באקומען. די געלט־זאמלונגען צווישן זיינע פריינד זיינען געווען צו ווייניק, כדי צו קויפן די נויטיקע איינשפריצונגען פארן קראנקן. אין גרויסע יסורים איז העלער געשטארבן, ווערנדיק באגלייט פון זיינע פארבליבענע פריינד ביז צום טויער (מער האט מען נישט געטארט גיין) צו זיין לעצטער רו. זיין פרוי און דער זון גאביק זיינען אוועק אויף לינקס".

**העלערשטיין, ל.** — אן אויטאדידאקט מיט בילדונג פון א מיטלשול, איז ער געווען א סך יארן דער לערער פון העברעאיש און תנ"ך אין דער יידיש־וועלטלעכער שול אין ניי־סווענציאן, ווילנער געגנט. דארט האט ער אויך חתונה געהאט. ער איז ניט נאר געווען לערער נאר אויך איבערגעגעבענער בויער און טוער פון דער שול.

**הענדלער, חיהקע** — שטאמט פון ראוונע. איז אריינגעטראטן אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאר באלד ביי זיין גרינדן זיך אין נאוועמבער 1921.

א לעבנסלוסטיקע, א שפרודלדיקע מיט ענערגיע, דערווארט זי א סך פון איר יונג־לעבן.

נאכן ענדיקן דעם סעמינאר אין יאנואר 1926 ארבעט זי אלס לערערין אין פרושאני, שפעטער אין מעדעם־סאנאטאריע אין מיעדזעשין. עטלעכע יאר פארן אויסברוך פון דער מלחמה ווערט זי לערערין אינעם קינדער־גארטן ביי דער גראדנער יידיש־וועלטלעכער שול. ביי דער ארבעט שטייט זי ביזן לעצטן טאג, ווען די נאצימערדער האבן איר יונג לעבן מיט אירע שיינע חלומות אומברחמנותדיק פארשניטן.

**הערמאַן־קאַץ, גניע** — שטאמט פון ווארשע (געבוירן ארום 1900) פון א טראדיציאנעלער חסידישער משפחה. זי איז געווען איינע פון די צאלרייכע שיינע שוועסטערן, וואס אדאנק זייערע פארבינדונגען מיט יונגעלייט פון פארשיידענע פאליטישע פארטייען זיינען זיי געווארן אריינגעצויגן אין יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן, דער עיקר אין דער שול־ארבעט.

גניע איז מיט דעם ענטוזיאזם, וואס איז געווען אזוי כאראקטעריסטיש פאר איר חסידישער היים, אנגעקומען אין ווילנע, וואס האט געהאט א צוציאונגסקראפט פאר א סך יונגע יידישע מענטשן. זי איז געווארן א לערערין פון פויליש אין די ייגנערע קלאסן פון דער רעאלגימנאזיע. זי איז געווען זייער דערפאלגרייך אין איר ארבעט און איינע פון די פארביקסטע פערזענלעכקייטן אויפן לערער־הארייזאנט אין ווילנע.

ווען זי האט חתונה געהאט מיט עליע קאץ, א לערער אין די רעגירונג־שולן, איז זי פון אים באאיינפלוסט געווארן און צוליב זיכערקייטס־טעמים אוועק פון דער צ. ב. ק. גימנאזיע. זי האט זיך אבער צוליב דעם געפילט שולדיק און אלע יארן זיך אינטערעסירט מיטן גורל פון אונזערע שולן, אונטערגעהאלטן פארבינדונגען מיט אונזערע קרייזן.

אין 1940 איז זי מיט איר מאן און 2 קינדער געפארן קיין וולאדימיר וואלינסק, די היים־שטאט פון איר מאן. דארט איז זי אומגעקומען.

צ ע ש א  ב ו ר ש ט י י ן

**הערצליך־בליט, פעליע** — איר פאטער, מרדכי, איז געווען א בעל־מלאכה. ער האט געארבעט פון זיינע יינגסטע יארן, נאד איידער ער איז פון סארנאקי געקומען קיין ווארשע. און ער האט געארבעט אין זיין קליינעם ווארשטאט אין די קעלערן פון ווארשעווער געטא, ביז זיינע לעצטע טעג. ער האט אלעמאל געזאגט דאס, אין וואס ער האט געגלויבט.



איר מוטער, לאה, האט געשטאמט פון אן אסימילירטער יידישער פאמיליע אין ווארשע. עס איז געווען איר איינפלוס וואס האט באוואוינגן דעם שווער־ארבעטנדיקן מרדכי צו אפפערן א סך מער ווי ער איז געווען אימשטאנד, כדי צו געבן זיין טאכטער א קאסטבארע דערציאונג.

פעליע האט געענדיקט א גימנאזיע אויף שוויענטא־יערסקע אין ווארשע. זי האט שטודירט ליטעראטור אויפן ווארשעווער אוניווערסיטעט.

זי האט באשלאסן צו ווערן א לערערין אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. זי איז צו זיי געקומען מסתמא, ווי א סך אנדערע יונגע מענער און פרויען אין פוילן אין יענער צייט, דורך אירע פאליטישע סימפאטיעס. אלס סטודענטין האט זי זיך אנגעשלאסן אין דער ארגאניזאציע פון די פועלי־ציון (לינקע). און די דאזיקע פארטיי, ווי באקאנט, איז געווען אן אקטיווער מיטבאטייליקטער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן.

פעליע, אויך אין די יארן נאד איר חתונה האבן מיטן באקאנטן בונדישן טוער און זשורנאליסט לוציאן בליט, איז געווען שטארק פאראינטערעסירט און זייער טעטיק אין דער פועלי־ציון־פארטיי. זי האט א געוויסע צייט געהערט צום ווארשעווער קאמיטעט פון דער דאזיקער פארטיי. זי פלעגט ארויסטרעטן אויף פאליטישע מיטינגען אין נאמען פון איר פארטיי. זי האט קאנדידירט אייניקע מאל אויף די וואל־ליסטעס סיי צום „סיים" סיי צום ווארשעווער שטאט־ראט.

אבער איר גאנץ הארץ האט זי אוועקגעגעבן צו די יידישע וועלטלעכע שולן. זי האט זייער ליב געהאט קינדער. זי האט זיי פארשטאנען. זי האט מיט זיי געלעבט נישט נאר בעת די שול־שעהן. זי האט וועגן זיי געוואוסט נישט נאר דאס, וואס מיט זיי געשעט אין די מויערן פון זייער שול, נאר אויך אלץ וואס איז אנגעגאנגען אין זייערע היימען. זי האט פאר זיי געזארגט, ווייסנדיק אז א סך פון זיי האבן וויייניק, ווער עס זאל פאר זיי דאגהנען.

אירע ערשטע לערער־יארן האט פעליע אדורכגעמאכט אין די צישא־שולן אין פינסק און בריסק. איר ענטוזיאזם איז שנעל פארפולקאמט געווארן מיט דער דערפארונג. די „צענטראלע יידישע שול ארגאניזאציע" האט באשלאסן זי צו באשעפטיקן אין ווארשע. זי האט צוערשט געארבעט (1925) אין דער יידיש־וועלטלעכער שול פון „אונזערע קינדער" אויף נאוואליפקי 68. דערנאד האט זי געארבעט אין דער שול פון די פועלי־ציון אויף מוראנאווסקע 16, און שפעטער אין דער באראכאוו־שול אויף נאוואליפקי 68. זי איז געווארן איר פארוואלטערין. און זי האט די שול אויך געפירט אין די צייטן פון דער מלחמה און געטא, ביז עס זיינען מער נישט געבליבן קיין קינדער, און עס זיינען מער נישט געווען קיין לערער.

זי האָט געהאַט אַ גליקלעך משפּחה־לעבן. זי איז געווען אַ שטאָלצע מוטער פון צוויי טעכטער (זיי לעבן). זי האָט געהאַט אַ סך גוטע פריינט.

און צווישן אירע שווערע פליכטן אַלס שול־פאַרוואַלטערין און לערערין, האָט זי אַלעמאָל געפונען אויך צייט צו פאַרפולקאָמען איר וויסן.

ווי נאָר די דייטשן האָבן אָקופּירט וואַרשע, האָט זי זיך ווידער געשטעלט צו דער אַרבעט. זי האָט ווי אַן אויג אין קאָפּ אָפּגעהיט איר שול און די הונדערטער קינדער, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין הילף מער ווי ווען נישט איז פריער. זי האָט אין דער שול אָרגאַניזירט די באַשפּייזונג פון די קינדער. און ווען די נאַצי־אָקופּאַנטן האָבן פאַרבאָטן אַלע שולן, האָט זי צוזאַמען מיט פיל פריערדיקע לערער, ווידער פאַרזאַמלט די קינדער, כדי זיי יעדן טאָג צו געבן עפּעס צו עסן, כדי זיי ווי ווייט מעגלעך צו ראַטעווען פון די עפּידעמישע קראַנקהייטן אין דער געטאָ, כדי זיי נישט צו לאָזן ווערן קרבנות פון דער עלנטער נאָס.

זי האָט אין די קעלערן פון דער וואַרשעווער געטאָ אויסגעהאַלטן ביז צו דער פאַרניכטונג פון די לעצטע צווישן אירע איינוואוינער און פאַרטיידיקער. אין אַפּריל 1943 איז זי געפאַנגען געוואָרן דורך די נאַצים. זי איז אומגעבראַכט געוואָרן אין מאַידאַנעק־לאַגער דעם 3־טן מאַי פון זעלביקן יאָר.

***

פעליע הערצליך האָט געהערט צו דער יונגער גענעראַציע לערער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. זי איז געווען פאַרבונדן מיט די ציש״אָ־שולן פון דער באָראָכאָוור־ריכטונג, פריער אין דער פּראָווינץ און שפּעטער אין וואַרשע, די לעצטע עטלעכע יאָר פאַרן קריג איז זי געווען די פאַרוואַלטערין פון דער גרויסער באָראָכאָוור־שול, נאַוואָליפּקי 68.

אַ געבילדעטע, אינטעליגענטע, מיט אַן איינגעבוירענעם פּעדאַגאָגישן חוש, האָט זי געהאַט אַ וואונדערבאַרע באַציאונג צו די קינדער, — עס איז געווען ממש אַ באַציאונג ווי פון אַן אייגענער מאַמע. קינדער און עלטערן האָבן איר ליב געהאַט, חברים לערער האָבן זיך באַצויגן צו איר מיט גרויס דרך ארץ. געזעלשאַפטלעך אַקטיוו אין איר אייגענער פּאַרטיי, צו וועלכער זי איז געווען געטריי און איבערגעגעבן, האָט זי אויך אַקטיוו אַנטייל גענומען אין דער פאַרצווייגטער אַרבעט פון ציש״אָ: איז אַרויסגעטראָטן אויף קאָנפערענצן, זיך באַטייליקט אין די זיצונגען פון דער ציש״אָ־הויפּט־פאַרוואַלטונג, זי האָט אויך געטאָן אַ סך אַרבעט אין דער קינדער־אָרגאַניזאַציע פון די לינקע פּוע״צ „יונגבאָר״.

**וואַגער, חנה** — געשטאַמט פון נאַוואָגרודעק. געווען אַ העכסט געבילדעטער מענטש. געקומען אין ווילנע איז זי פון רוסלאַנד נאָכן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט (קיעוו), דעם פאַקולטעט פון נאַטורוויסנשאַפט. זי האָט געלערנט געאָגראַפיע און נאַטורוויסנשאַפט אין די יינגערע קלאַסן פון רעאַל־גימנאַזיע און אין די העכערע קלאַסן פון קופּערשטיין־שול.

אונזערע שולן האָבן זיך געקאָנט האַלטן נאָר אַדאַנק אַזעלכע איבערגעגעבענע לערער ווי חנה וואַגער. זי פלעגט אויסער די נאָרמאַלע לערן־שעהן קומען אין די אָוונטן אין שול און אויספירן פאַרשיידענע אַרבעטן אַרום דער שול. אַליין אָן אַ משפּחה, האָט זי זיך פולשטענדיק אויסגעלעבט אין דער שול.

חנה וואגנער האט זיך באצויגן זייער ערנסט צו איר ארבעט. הגם זי האט גע־האט העכערע בילדונג, פלעגט זי באזוכן פארשיידענע מינים קורסן, כדי ניט בלייבן אפגעשטאנען לגבי די נייסטע פאדערונגען פון דער מאדערנער פע־דאגאגיק.

ח. וואגנער איז געווען א גוטער האר־ציקער מענטש, האט ליב געהאט די קינ־דער, אבער ביי אירע גרויסע פעאיקייטן און הויכער בילדונג איז איר אנגעקומען שווער דאס אריבערפלאנצן אין די קינ־דערשע מוחות אלץ וואס זי האט גע־וואלט. דאך האבן די קינדער שטענדיק געגרייט צו אירע לעקציעס פארשיידענע ארבעטן, געזאמלט בלעטער, בלומען וכד'. יעדע שול־אויסשטעלונג האט געהאט א גרויסע צאל ארבעטן פון די קלאסן וואו חנה וואגנער האט געהאט אירע לעקציעס.

אין ווילנער געטא בעת די נאצים האט זי געארבעט אין א שול.

ווי עס איז געווען דער גורל פון א סך ווילנער יידישע אינטעליגענטן, איז אויך חנה וואגנער ארויסגעשיקט געווארן קיין עסטאניע.

**וואגענפעלד, סטעלא** — געבוירן אין כעלם, איז געווען פארבונדן מיטן שולוועזן פון ציש"א א סך יארן, און פון 1938 איז זי געווען א לערערין אין דער י. ל. פרץ־שול אין פרוזשאני. זי איז געווען אן אינטעליגענטע, פאר־אנטווארטלעכע און פינקטלעכע לערערין.

בעת דער מלחמה איז זי געווען אין ביאליסטאקער געטא. זי איז אומגעקומען אין א פארניכטונגס־לאגער.

צום באדויערן, פעלן פרטים פון איר ביאגראפיע.

**וואלטשקאווסקי**, (ערשטער נאמען?) — לערער פון דער יידישער שול אין זשעלודאק. געלערנט יידישע שפראך, ליטעראטור און רעכענען. געווען טריי איבערגעגעבן דער שול. מאטעריעל פלעגט זיך אים לעבן שווער. זיין פרוי שרה האט געהאט א שפייז־קרעמל, וואו אויך ער פלעגט ארבעטן אין זיין פרייער צייט. א שטילער אבער זייער גוטער מענטש. זיי האבן געהאט א קליין טעכטערל. זייער גורל ניט באוואוסט.

**וואלפסאן, מאניע** (מינע). — שטאמט פון ביעלסק, דער פאטער האט געהאט א געשעפט פון שרייב־געצייג. זי האט געענדיקט גימנאזיע און בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה דורכגעמאכט א דייטשן קורס פאר לערער. די דייטשן האבן אין ביעלסק געעפנט א שול אין דער דייטשער שפראך, און מ. וואלפ־סאן איז דא געווען א לערערין. שפעטער פארבינדט זי זיך מיט דעם ניי־אויפגע־קומענעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן. זי מאכט אדורך עטלעכע לערער־קורסן פון דער ציש"א, און זי ארבעט אין פאר־שיידענע ציש"א־שולן. די לעצטע יארן פארן נאצי־קריג ארבעט זי אין דער באַ־ראַכאָוו־שול אין לאדזש. זי פירט די לימודים פון רעכענען, נאטור און גע־גראפיע. זי באשיינט די שול מיט איר אויסזען און גוטהארציקייט, מיט איר פע־דאגאגישן טאקט און גוטע ארבעטס־מעטאדן. די תלמידים האבן זי זייער ליב.

וואו און ווי אזוי זי איז אומגעקומען — איז נישט באקאנט.

**וואסער (גלאזער), מאניע** — געשטאמט פון שערפץ, א קליין שטעטל, צווישן פלאצק און וולאצלאוועק. געבוירן



אין 1889 אין אַ ביר־געךלעכער, חסידי־שער משפּחה, האָט זי געענדיקט מיטל־שול אין פּלאָצק און שפּעטער, צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפּחה, זיך באַזעצט אין וואַרשע. פֿון איר יוגנט אָן האָט זיך מאַניע באַהעפֿט מיט דער יידישער סאָ־ציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג און האָט זיך באַטייליקט אין דער אומלע־גאַלער בונדישער אַרבעט אין די צאַרישע צייטן, ווי אויך אין יידיש־געזעלשאַפֿט־לעכע טעטיקייטן.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונ־טער דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט מאַניע (מרים) גלאַזער געהערט צו דער בונדישער איניציאַטיוו־גרופּע אויף צו עפֿענען אַ קינדערהיים אין דער יידישער שפּראַך. ווען דער קינדערהיים אויפֿן נאָ־מען פֿון בראָניסלאַוו גראָסער איז גע־עפֿנט געוואָרן דעם 20טן אָקטאָבער 1915, האָט מאַניע געווידמעט אומגעהויערע אי־ניציאַטיוו און ענערגיע, כדי צו פֿאַר־פֿעסטיקן און איינהאַלטן די נייע אינסטי־טוציע אין די שווערע באַדינגונגען פֿון אָקופּאַציע. אַט דער באַשיידענער קינ־דער־היים איז פֿאַקטיש געוואָרן דער אָנ־הייב פֿון בונדישן שול־וועזן אין וואַרשע, וואָס האָט זיך שפּעטער אַזוי פּרעכטיק אַנטוויקלט.

מאַניע איז געווען די סעקרעטאַרין פֿון דער געזעלשאַפֿט „אונזערע קינדער", וואָס האָט אָנגעפֿירט מיטן בונדישן שול־וועזן. אַט דעם אַמט האָט זי פֿאַרנומען ביז הארבסט 1922, ווען זי איז אַוועק־געפֿאָרן קיין אויסלאַנד. אין משך פֿון דער צייט איז זי געווען באַטייליקט אין דער הילף־טעטיקייט (קיכן פֿאַר אַרבעטס־לאָזע א.ד.ג.), ווי אויך אין דער פֿאַר־צווייגטער קולטור־אַרבעט פֿון „גראָסער קלוב" אויף קאַרמעליצקאַ נאָם 29. באַ־זונדערס אַקטיוו איז מאַניע געווען אויפֿן געביט פֿון אָרגאַניזירן זומער־קאָלאָניעס פֿאַר די קינדער פֿון די יידיש־וועלטלעכע שולן. סיי אינעם דערמאָנטן קינדערהיים, און סיי אין די זומער־קאָלאָניעס איז מאַניעס ראָל געווען אַזאַ, אַז זי האָט זיך מיט קיין זאַך ניט אונטערגעשיידט פֿון די „אָפֿיציעלע" לערער. איר פֿולן לע־בעדיקן טעמפּעראַמענט און גוטמוטיקן כאַראַקטער האָט זי אַריינגעטאָן אין די אינסטיטוציעס, און זי איז דאָ געווען פֿאַקטיש אַ לערערין־דערציערין און אַ פֿריינד פֿון אַלע קינדער און זייערע על־טערן. אָבער מאַניעס פֿאַרבונדנקייט מיטן יידישן וועלטלעכן שול־וועזן איז קיינ־מאָל נישט איבערגעריסן געוואָרן. אין די שפּעטערע יאָרן ווען מאַניע האָט חתונה געהאַט מיטן באַקאַנטן בונדישן פּירער חיים וואַסער (געשטאָרבן אין ניו־יאָרק דעם 7־טן סעפּטעמבער 1953), איז זי געווען טעטיק אין עלטערן־קאָמי־טעט פֿון דער „גראָסער שול", וואו איר טאָכטער האַנושע האָט געלערנט.

אַ מענטש מיט אומבאַגרענעצטער גוטסקייט, מיט אַ ברייט הארץ, איז מאַניע שטענדיק גרייט געווען צו טראָגן הילף יעדן איינעם, וואָס האָט זיך גע־נויטיקט. אין דער הינזיכט איז פֿאַר איר קיין זאַך נישט געווען שווער.

אין 1939, ווען די היטלערישע אַר־מייען האָבן פֿאַרגאָסן פּוילן, איז מאַניע וואַסער געבליבן אין וואַרשע. זי האָט דורכגעמאַכט דעם גאַנצן גיהנום פֿון וואַרשעווער געטאָ־לעבן. פֿון נאַטור אָפּ־טימיסטיש און פֿול מיט גלויבן אין מין מענטש, האָט מאַניע געגלויבט, אַז דער בלוטיקער קאָשמאַר וועט אַריבער און אַז דער סוף פֿון דער נאַציסטישער ממשלה

איז נאָענט. איר איז אָבער נישט געווען באַשערט דאָס צו דערלעבן.

אין אויגוסט 1942 איז מאַניע וואַסער, צוזאַמען מיט איר שוועסטער ראָמא בראַנדעס, און זייערעביידע קינדער, פאַרנומען געוואָרן דורך די נאַציס (עס־עם ליים) אויף נאַלעווקעס, ביים ארויסגאַנג פון שאָפּ, וואו זיי האָבן געאַרבעט. זיי זיינען גלייך אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ" און פון דאָרטן קיין טרעבלינקע. אין די גאַז־קאַמערן פון טויטן־לאַגער איז מאַניע אומגעבראַכט געוואָרן.

די טאָכטער פון מאַניע און חיים וואַסער, האַנושע, האָט זיך אין וואַרשעווער געטאָ באַרימט געמאַכט מיט איר מוטיקער און אידעאַליסטישער האַלטונג, מיט איר אַקטיווער אַרבעט צווישן די קינדער און דער יוגנט, און מיט איר מסירת נפשדיקער געטריישאַפט צו די אידעען פון סאָציאַליזם און פון דער יידיש־וועלטלעכער שול און קולטור.

## וואַסערמאַן, לוטקע — געלערנט

פּויליש אין די ציש״אָ־שולן אין וואַרשע (מוראַנאָוו 16 און אַנדערע). געקומען איז זי צו דער יידישער שול פון די וואַרשעווער סטודענטישע קרייזן, וואָס האָבן גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דעם אויפוואַכנדיקן יידישן קולטור־לעבן אין פּוילן. געשטאַמט האָט זי פון אַ באַלעבאַטיש־אינטעליגענטער משפּחה.

די לערערין פון פּויליש (כמעט אין אַלע שולן האָבן פּויליש געלערנט פרויען) האָט פאַרנומען אין דער יידישער שול אַ גאַנץ באַזונדערן און אייגנאַרטיקן אָרט. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס די לערערין פון פּויליש אָדער ווי די קינדער פלעגן איר רופן „די פּוילישע לערערין" איז געווען די איינציקע פּערזאָן אין שול, וואָס האָט מיט די קינדער גערעדט פּויליש, האָט איר אויסגעטיילט פון אַלע איבעריקע לערער. חוץ דעם האָט די לערערין פון פּויליש געקאָנט זיין אין קאָנטאַקט מיט די קינדער אין קלאַס אין גאַנצן וועלכע 6—9 שעה אַ וואָך. דאָס אַלץ האָט איר געשטעלט אין אַ באַזונדער לאַגע. די קינדער האָבן געקאָנט זיין צו איר צוגעבונדן און אַפילו שטאַרק ליב האָבן, אָבער די צוגעבונדנקייט איז געווען ווי צו אַביסל אַ דרויסנדיקן. בלויז ווען די פּויליש־לערערין איז אַליין געווען אַ „גייסטיק קינד" פון דער שול און האָט צוזאַמען מיט די קינדער איינגעזאַפּט און געאָטעמט מיט דער זעלבער קולטור־לופט, — אין יענע פאַלן פלעגן אַלע אונטערשיידן אָפּגעווישט ווערן. די לערערין פון פּויליש פלעגט דעמאָלט אויך הייסן ביי די קינדער מיטן ערשטן אָדער מיטן צווייטן נאָמען ווי אַלע אַנדערע לערער אין שול.

לוטקע וואַסערמאַן האָט געהערט צו דער לעצטער קאַטעגאָריע פּויליש־לערער. זי האָט פאַרמאָגט אַ הויכע אינטעליגענץ און האָט געקאָנט די קונסט ניט נאָר פון לערנען די קינדער נאָר אויך לערנען זיך פון די קינדער און זיי ליב האָבן. דערצו איז זי געווען אַן אַרטיסטקע פון דער נאַטור: זי האָט דורכגעמאַכט אַ פּוילישע דראַמאַטישע שול און איז אַ געוויסע צייט געווען אויף דער פּוילישער בינע. מיט איר אַרטיסטישקייט אין לערנען און מיט איר פאַרלייענען פלעגט זי שטאַרק אויסנעמען ביי די קינדער און זיי אריינציען און פאַראינטערעסירן מיט די פּוילישע קלאַסישע ווערק. לוטקע פלעגט אויך אַרויסהעלפן ביים איינרעזשיסירן די קינדער־פאַרשטעלונגען פון איר שול אָדער פון אַלע שולן צוזאַמען.

אָנהייב די 30־קער יאָרן האָט לוטקע חתונה געהאַט מיטן יונגן דאָקטאָר רובינשטיין וועלכער איז געווען טעטיק אין

דער ייד. געזונטהייטס־געזעלשאפט „טאז" וואו ער האט אנגעפירט מיט זומער־קאָלאָניעס פאר קינדער; לוטקע האט מיט איר דערפארונג אים ארויסגעהאלפן אין דער ארבעט. שוין נאכן פארלאזן די שול־ארבעט, האט לוטקע זיך אלץ אינטערעסירט מיט אלע געשעענישן אין און ארום דער שול. יעדער דערפאלג פון א קינדער־פארשטעלונג איז פאר איר געווען א דערהויבונג. באזונדערס גרויס איז געווען איר אינטערעס פאר די צוזאגנדיקע טאַלאנטן צווישן די קינדער. זי האט געציטערט איבער יעדערן פון זיי, אזוי ווי זי וואלט פארגעפילט די אנקומענדיקע קאַטאסטראפע.

ש. גילינסקי

**וואַקסמאַן, ישראל** — געבוירן אין קאָוועל אין 1903, אין א רעליגיעז־ציוניסטישער משפחה, און זיך געריסן פון דער סביבה אין אנדערע וועלטן. זיין טאטע, א רעליגיעז נאציאנאלער ייד, האט אים געגעבן א יידיש־נאציאנאלע דערציאונג, גלייכצייטיק האט ישראל וואקסמאן געלערנט אין א רוסישער גימנאזיע. דורכגעמאכט זעקס, זיבן יאר אין גימנאזיע, פארט ער אוועק אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאר. צוליב פארשיידענע סיבות ענדיקט ער נישט דעם לערער־סעמינאר און קומט צופארן צוריק אין זיין היימשטאט קאָוועל.

די יארן 1925-1926 זיינען יארן פון אויפשטייג אין דער „החלוץ"־באוועגונג אין וואלין, און ישראל וואקסמאן ווארפט זיך אריין מיט לייב און לעבן אין דער דאזיקער באוועגונג. אין 1926 איז ער איינער פון די וויכטיקסטע פירער פון דער קיבוצישער באוועגונג אויף וואלין, ער קומט אבער צוריק פון קיבוץ אז אנטוישטער און צוזאמען מיט מאיר דייז — דער דעמאלטדיקער לערער אין „תרבות־גימנאזיע" אין קאָוועל, — אהרן ווערבא און ליובע נעלמאן ארגאניזירן זיי די יידישיסטישע באוועגונג אין קאָווּלע, שאפן דארטן א יידישע שול, — צווישן אלע לערער לערנט אויך דארטן זיין שוועסטער, אהרון ווערבא און ע. פיגעלמאן.

שפעטער ווערט ישראל וואקסמאן א לערער אין די יידיש־שולן (1927-1929). ער ארבעט אין די יידישע שולן אין טאָרטשין (וואלין) און אין זשעטל. ער איז זייער א דערפאלגרייכער לערער, איז טעטיק געזעלשאפטלעך, פירט קרייזן צווישן שול־קינדער און יוגנטלעכע.

ער פאלט אבער אין אומחן ביי דער פוילישער מאכט, וואס נעמט צו ביי אים די קוואליפיקאציעס און רעכט צו ארבעטן. סוף 1929 ווערט ער ארעסטירט און ער מוז פארלאזן פוילן.

דעם לעצטן גרוס האב איך באקומען וועגן אים פון דער לערערין חוה סעגאל — איצט אין מאנטרעאל, קאנאדע: „מיט ישראל וואקסמאן און מיט זיין משפחה האב איך זיך געטראפן אין קאָווקאז אין יאר 1942. אויב אייך איז באַקאנט, האט ער חתונה געהאט מיט דער לערערין רחל פרידמאן, וואס האט געענדיקט דעם יידישן לערער־סעמינאר אין ווילנע. געלעבט האבן זיי אין קרים ביזן אויסברוך פון דער לעצטער מלחמה. זי איז געווען א לערערין און ער איז געווען א זאא־טעכניקער. עס האט זיך זיי זייער גוט געלעבט מאטעריעל. זיי האבן געהאט צוויי פרעכטיקע מיידלעך — ווען איך האב זיך מיט זיי געטראפן, האט זי מיר דערציילט, אז אין יאר 1937 האט מען אים ארעסטירט, נאך דורך א צופאל איז ער אין א יאר ארום באפרייט געווארן. זיין באגעגעניש מיט מיר איז גע־

ווען א קאלטע... די צוריקגעהאלטנקייט איז זייער כאראקטעריסטיש פאר יעדן רוסישן בירגער, וואס וויל זיך נישט אריינלאזן אין פריינדשאפט מיט אן אויסלענדער. איך פלעג זייער אפט קומען צו זיי. מיט איר געארבעט אין איין שול. שפעטער האט מען אים צוגענומען אין מיליטער. הארבסט פון דעם זעלביקן יאר האבן מיר געמוזט לויפן פון קאווקאז, און פון דעמאלט אן ווייס איך פון זיי גארנישט".

ל. באיאן

**וואראביאווסקי, לוי** — געשטאמט פון רוסלאנד. פון פאך א לערער. אין אומאפהענגיקן פוילן גענומען אן אקטיוון אנטייל אין פאליטיש־געזעלשאפטלעכן און קולטור־לעבן. אין משך פון עטלעכע יאר איז ער געווען אינסטרוקטאר פון דער „צענטראלער יידישער שול־ארגאניזאציע". ער האט באזוכט און פעדאגאגיש אינסטרואירט צענדליקער צישא־שולן, ער האט ארגאניזירט די עלטערן און געשאפן צישא־אפטיילונגען אויף די ערטער. ער האט מיט דערפאלג געפירט געזעלשאפטלעכע קאמפיינען און געלטזאמלונגען פאר דעם צישא־שולוועזן. אזוי ארום איז ער געווארן זייער פאפולער און באליבט מיט זיין איבערגעגעבענער און אויסערגעוויינלעך געטרייער ארבעט אין די רייען פון דער לערערשאפט און פון די שולטוער. די לעצטע יארן פארן קריג האט ער געארבעט אין מעזריטש און אין באראנאוויטש, וואו ער איז געווען ענג פארבונדן מיט דער בונדישער באוועגונג. געשטארבן איז ער אין דער צייט פון קריג ווי א היימלאזער פליט אין רוסלאנד, אין מיטל־אזיע. לויט אנדערע ידיעות איז ער אומגעקומען אין באראנאוויטשער געטא.

**וויגאדסקי, אננא פאוולאוונא** — אין ווילנע — אונטער די נאציס — פלעגט זיך אלע טאג באווייזן אין קינדער־קיך אן אלטע פרוי אין א שווארצער פעלערינע און א הוט. זי פלעגט אויסשפרייטן אויפן טיש א קליינע סערוועטקע ווייס ווי איר פארשטיינערטער פנים, שוויגנדיק אויפעסן איר שיסעלע שיטערע זופ, צונויפלייגן די סערוועטקע און אוועקגיין ביז מארגן. דאס איז געווען די 75־יאריקע אננא פאוולאוונא וויגאדסקי, א באקאנטע ווילנערין.

אננא פאוולאוונא פאפערנא איז געבארן אין באברויסק. ארום 1885 איז זי קעגן דעם ווילן פון דער רייכער משפחה אוועק זיך לערנען אין פעטערבורג; געווארן א טיפישע רוסישע סטודענטקע, דורכגעדרונגען מיט אידעאליסטישן שטרעבן צו דינען דעם פאלק. נאך דער חתונה מיט ד"ר מיכאיל וויגאדסקי האבן זיי זיך באזעצט אין באברויסק. דארטן האט זי זיך גענומען אינטערעסירן מיט דערציאונגס־פראבלעמען, אפגעגעבן איר ענערגיע דער ארבעט אין א שול פאר ארעמע יידישע מיידלעך. די שול איז געווען, פארשטייט זיך, אין רוסיש.

ארום 1905 זיינען די וויגאדסקיס אריבערגעפארן קיין ווילנע, און אננא פאוולאוונא האט זיך באקענט מיט דער יידיש־רוסישער גימנאזיע פאר מיידלעך, באקאנט אונטערן נאמען אנטאקאלסקי־גורעוויטש־גימנאזיע.

נאכן פלוצימדיקן טויט פון איר מאן איז א. פ. אוועקגעפארן אויף עטלעכע יאר אין אויסלאנד. זי האט זיך באקענט מיטן שולוועזן אין ענגלאנד און אמעריקע, און א לענגערע צייט שטודירט ביי מאריא מאנטעסארי אין איטאליע. פון דעמאלט אן זיינען פעדאגאגיש־דערציערישע פראבלעמען געווארן פאר איר וויכטיקער איידער געזעלשאפטלעכע.

מיטן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג איז אננא פאוולאוונא אוועקגעפארן אין מאסקווע, דארטן געענדיקט א מאנטעסארי־קינדערגארטן. מיט דער צייט איז עס געווארן א מוסטער־אנשטאלט ביים בילדונגס־קאמיסאריאט, סטודענטן פון פעדאגאגיק פלעגן קומען אהער זיך לערנען.

צוריק אין ווילנע נאך דער מלחמה, האט א. פ. תיכף גענומען זוכן פאר זיך א מעגלעכקייט פאר פעדאגאגישער ארבעט. עס איז געווען די צייט, ווען דאס יידישע שולוועזן האט זיך גענומען פילזייטיק אנטוויקלען. עס איז געווען נאטירלעך פאר א. פ. אריבערצוגיין אויף יידיש (כאטש פריער האט זי פון יידיש ניט אזוי געהאלטן). א. פ. איז געווארן אן אנפירערין פון דעם קינדער־גארטן ביי דער הומאניסטישער גימנאזיע פון צ. ב. ק., דערנאך אבער האט זי ווידער געעפנט אן אייגענע שול; זי איז געווען צו פעדאנטיש אויסגעהאלטן אין אלע דעטאלן פון אירע פעדאגאגישע פרינציפן אויף צו קענען ארבעטן אין א געזעלשאפטלעכער אינסטיטוציע. איר שול האט אנגענומען אן אייגנארטיקן כאראקטער; דער העכערער שכר־לימוד און די פאדערונגען צו די קינדער און צו די עלטערן האבן געשאפן א שול פאר רייכערע עלעמענטן, — א זאך וואס איז מעגלעך געווען נאר אין ווילנע: אן „אריסטאקראטישע" שול אויף יידיש.

אין משך פון די יארן צווישן די צוויי מלחמות איז אננא פאוולאוונאס שול דורכגעגאנגען פארשיידענע גילגולים. אן א דרוק פון געזעלשאפטלעכן קאנטראל האט זי זיך ניט שטארק געגון קעגנגעשטעלט דעם דרוק צו פאלאניזאציע מצד דער שול־מאכט. אין פאדערגרונט זיינען פאר איר שטענדיק געשטאנען די הויכע פעדאגאגישע סטאנדארדן און די אלגעמיינע ראפינירטע אטמאספערע פון דער שול.

אין ווילנע האט מען א. פ. גוט געקענט שוין לויט איר אויסזען: זי פלעגט זיך שטענדיק קליידן לויט דער מאדע פון אנהויב יארהונדערט מיט הויכע קראגנס און שטייפן הוט, און נאר אין שווארץ־ווייסע קאלירן. עס איז איר באשערט געווען דורכצוגיין דעם גאנצן געטא־פעריאד. אפילו דארטן האט זי געהאט פארשיידענע פלענער וועגן א שול. איין צייט איז זי ארויס פון געטא, געווען איינגעארדנט ביי קריסטן, זי איז אבער באלד געקומען צוריק. עס איז געווען ניט מעגלעך פאר איר שטייפער גראדליניקער נאטור צו זיין אין באהעלטעניש.

ביי דער ליקווידאציע פון געטא דעם 23טן סעפטעמבער 1943 איז זי אוועק צוזאמען מיטן גרעסטן טייל פון די ווילנער יידן אין דעם צוג וואס האט געפירט צו פארניכטונג.

ר ע ג י נ ע  ו ו י י נ ר י י ך

## וויגאָדסקי, יחזקאל (כאַצעק) —

האט געשטאמט פון אן אינטעליגענטער משפחה אין ווארשע. די יינגערע מיטגלידער פון דער משפחה האבן געהערט צו כמעט אלע נאציאנאלע פארטייען אויף דער יידישער גאס. כאצעק אליין האט נאך גאר יונגערהייט זיך אנגעשלאסן אין דער פארטיי ס"ס (ציונ.־סאציאליסטן).

אלס סטודענט אויפן ווארשעווער אוניווערסיטעט איז וויגאדסקי געווען אקטיוו אין דער נאציאנאלער ארגאניזאציע פון יידישע סטודענטן וואס האט ארויסגעגעבן א צאל לערער און בויער פון די יידישע שולן.

כ. וויגאדסקי איז נאך אלס סטודענט געקומען צו דער יידישער וועלטלעכער שול וואו ער האט געלערנט אלגעמיינע

לימודים (אין דער שול אויף נאַוואַליפּקי 68 אין וואַרשע א"א). אַ באַגייסטערטער אַנהענגער פון דער נייער וועלטלעכער דערציאונג איז ער מיט זיין גאַנצער נשמה געווען איבערגעגעבן דער אַרבעט און האָט געשטרעבט יעדן קינד צוצוגרייטן צו די שווערע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן. די קינדער האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט, און דאָס איז געווען פאַר אים דער העכסטער לוין פאַר זיין באמת אידעאַישער אַרבעט.

זיין פרוי אַנקע גאָלדפלאַס, וואָס האָט געשטאַמט פון אַן אַסימילירטער משפחה, איז אונטער זיין ווירקונג אויך צוגעשטאַנען צו דער יידישער שול און איז דאָ געוואָרן אַ לערערין פון פּויליש. זייער שטוב איז אַ געוויסע צייט געווען אַ צענטער פאַר דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער יוגנט. כאַצקע ווינאַדסקי און זיין פרוי אַנקע זיינען ביידע אומגעקומען אין דער וואַרשעווער געטאָ.

ש. גילינסקי

**ווינאַדסקי, משה** — שטאַמט פון נידערשלעזיע. געווען לערער אין די צישאַ-שולן פון סוויסלאָטש, רוזשאַנוי א"א. געווען אַ גוטער לערער, געפירט די לימודים אין עלטערע קלאַסן און אויך גימנאַסטיק. געווען אַקטיוו געזעלשאַפטלעך און געטאָן אַ סך קולטור-אַרבעט אין די שטעטלעך. חתונה געהאַט מיט דער לערערין בוהאַק.

**וויטשיק, פּאַליע** — געשטאַמט פון אַ פיינער יידישער משפחה. איר פאָטער איז געווען אַ העברעאישער לערער און די מוטער — אַ טייערע יידישע מאַמע. די קינדער האָבן געקראָגן אַ גוטע יידישע דערציאונג און צוויי פון זיי — פּאַליע און סאָניע — זיינען געוואָרן לערערינס אין די יידיש-וועלטלעכע שולן. סאָניע איז געשטאָרבן נאָך גאָר יונגערהייט און פּאַליע איז דורך די נאַצים אומגעבראַכט געוואָרן אין איינעם פון היטלערס קאַלד-אויוונס.

פּאַליע וויטשיק האָט אַרום 1920 אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס לערערין אין דער שול אויף דלוגע 26. אַדאַנק איר יידיש וויסן האָט זי שטענדיק געלייגט גרויס אַכט, אַז די קינדער זאָלן זיין באַקאַנט מיט אַלע זייטן פון יידישן לעבן. וויטשיק האָט זיך קיינמאָל נישט באַנוגנט מיט איר אַרבעט אין קלאַס. זי האָט אָפּגעגעבן עטלעכע שעה אַ טאָג פון איר פרייער צייט אויף העלפן באַשפּייזן, באַקליידן די קינדער און האַלטן אין אָרדענונג דעם לאָקאַל פון דער שול. מיט דער צייט האָט זיך וויטשיק, ווי אַלע אַנדערע לערער, אין יענעם פּעריאָד, אַזוי זיך אַריינגעצויגן אין שול-לעבן, אַז די שול איז געוואָרן איר היים. זי פלעגט פאַרלאָזן די שול שפּעט אין אָוונט ווען אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

אין יענע מלחמה- און נאָך-מלחמה יאָרן איז די שול געווען פאַר די קינדער אַ שול און אַ היים. דאָ האָבן די קינדער זיך געלערנט, דאָ פלעגן זיי ווערן באַשפּייזט, באַקליידט און דאָ האָבן זיי זיך אויסגעלעבט אין שפּיל, געזאַנג און אין אַרבעט. יעדע שול האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קליינע געמיינדע פון קינדער און לערער. די זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די קינדער איז געווען אַ ברייט פעלד פאַר דערציערישער אַרבעט. פּ. וויטשיק איז געוואָרן איינע פון די הויפּט-מיטאַרבעטערס אין דער זעלבסטפאַרוואַלטונג. אויף די זומער-קאָלאָניעס פון דער שול פלעגט זי אַרבעטן אַלס באַלעבאָסטעווירטשאַפטלערין.

באַלד נאָך דער דערעפענונג פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע אין מיעדזעשין (אין יאַנואַר 1925) איז פּ. וויטשיק איינ־געלאַדן געוואָרן אַלס ווירטשאַפטלערין אין דעם אַנשטאַלט. זי האָט געאַרבעט אין סאַנאַטאָריע אַ ריי יאָרן און האָט מיט איר אומבאַגרענעצטער איבערגעגעבנ־קייט, סיסטעמאַטישקייט און פּינקטלעכ־קייט אין דער אַרבעט אַ סך מיטגעהאָלפן איינצופירן אַ מוסטערהאַפטע אָרדענונג אויף אַלע געביטן, אויף וועלכע זי איז גע־ווען טעטיק. אין 1937 האָט זי צוליב פּערזענלעכע סיבות פאַרלאָזן די אַרבעט אין סאַנאַטאָריע.

אין געטאָ אונטער די נאַציס האָט פּ. וויטשיק אָנגעפירט מיט אַן אַרבעטער־קיך וואו הונדערטער אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן פלעגן קריגן אַביסל שפּייז אויף אויפצוהאַלטן זייערע נשמות. בעת אַן אַבלאַווע אין געטאָ איז זי אַריינ־געפאַלן אין פּאַסטקע פון די מערדער און זי איז אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט די טאַטעס און מאַמעס און מיט די קינדער, וועמען זי האָט אָפּגעגעבן דאָס גאַנצע לעבן.

ש. גילינסקי

**ווײַנשטיין, אַבֿרהם** — שטאַמט פון כעלם. געווען פיר יאָר אין דונילאָוויטש, געלערנט יידיש און געשיכטע. ער איז אויך געווען לערער אין דאַלהינאָוו, פּאָד־בראַדז, פּיאַטריקאָוו. אומעטום האָט ער געטאָן אַ סך קולטור־אַרבעט פאַר דער־וואַקסענע. ער איז געווען אַ גוטער אָרגאַ־ניזאַטאָר און אַרבעטזאַמער טוער.

**ווײַן, אַלטער** — געבוירן אין בריאַנסק אין 1902. געלערנט אין חדר און געענדיקט פּעדאַגאָגישע קורסן פון



ציש"אַ. געאַרבעט אין די יידיש־וועלטלעכע פאָלקשולן אין וואַר־שע — געלערנט נאַטור־וויסנשאַפט און געאָגראַפיע אין די עלטערע אָפּטייל־לונגען. לערער פון די באַראַכאָוו־שולן אויף מוראַנאָוו 16, דזיקע 6, פּראַגע — טאַרגאָווע 32. גע־הערט צו דער לינקער פּועלי ציון־ריכטונג. אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי אין וואַרשעווער געטאָ.

א. ווײַן איז געווען אַ לערער — אַן אויפריכטיקער, האַרעפּאַשנער, אידעאַליס־טישער און פאָלקסטימלעכער. ער האָט געטאָן זיין אַרבעט שטיל, באַשיידן און בשלימות. זיין באַציאונג צו די קינדער איז געווען ווייך און צאַרט. ער האָט געוואונען סימפּאַטיע אין ברייטע קרייזן.

**ווײַן, פּערל** — איז די שוועסטער פון אַלטער ווײַן. זי איז געבוירן אין בריאַנסק אין 1900. געלערנט זיך אין אַ העב־רעאישער פאָלקשול און געענדיקט פּעדאַ־גאָגישע קורסן. האָט געאַרבעט אין די יידיש־וועלטלעכע פאָלקשולן פון 1923־טן יאָר. געאַרבעט אין סטרי, בריסק, קאַרטוז־בערעזע און וואַרשע. שטענדיק געפירט אַן ערשטע און צווייטע אָפּטיילונגען.

אומגעקומען צוזאַמען מיט איר מאַן אין וואַרשעווער געטאָ.

**ווײַניג־ראָזע, נפתלי** — געבוירן אין טאַרנע, גאַליציע, דעם 16־טן פעב. 1897, שטודירט פילאָזאָפיע און סלאַ־ווישע ליטעראַטור אין קראָקע און קונסט־געשיכטע אין ווילנע. מיטאַרבעטער פון די פּועלי־ציון־צייטשריפטן, „ליטעראַ־

רישע בלעטער" א"א. אנגעשריבן א ריי אפהאנדלונגען וועגן יידישער און אל־וועלטלעכער ליטעראטור. געווען איינער פון אינטערעסאנטסטע און פיינסטע יידישע קריטיקער און פאלקלאריסטן אין פוילן. געווען יארנלאנג א לערער פון פויליש אין יידישע גימנאזיעס. זיך באטייליקט אין פארשיידענע אויסגאבעס פון ייווא. אין די יארן פארן היטלער־קריג האט ער געלערנט אין ווילנע.

אין די ערשטע טעג פון דער געטא־גרינדונג אין ווילנע איז ער אריין אין דער געטא־פאליציי, נישט פאראויסזעענדיק אין וואס זי וועט זיך פארוואנדלען.

„יום־כפור 1941 — דערציילט ד"ר מארק דווארזשעצקי — נאכדעם ווי יעקב גענס האט פאררופן א פארזאמלונג פון די געטא־פאליציסטן און אנגעזאגט זיי וועגן דער אריבערפירונגס־אקציע פון געטא נום. 1 אין געטא נום. 2, האט נפתלי וויניג אנגעזאגט ווען נאר ער האט געקענט, אז מען זאל נישט טרויען די געטא־פאליציי און נישט אויספירן אירע פארארדענונגען. באלד נאכדעם פארלאזט ער די געטא־פאליציי, אנטלויפט פון געטא, און ארבעט ביי האלץ־ארבעט אין א שטעטעלע סוויר, אין ווייסרוסלאנד. ער קומט צוריק אין געטא, וואו ער לעבט מיט זיין משפחה אין גרויס ארעמקייט, אין הונגער ממש.

ער ווערט דער לערער פון יידישער ליטעראטור און ארץ־ישראל־וויסנשאפט אין די געטא־פאלקשולן, שרייבט א גרעפערע ליטערארישע ארבעט וועגן לייב ניידוס און הויבט אן צו שרייבן וועגן יעקב גלאטשטיין, זאמלט אויך געטא־פאלקלאר. געווען טעטיק אין פארבאנד פון יידישע שרייבער און קינסטלער און געהאלטן דארט אין געטא זיין פארטראג אין דער ארבעטער־אוידיטאריע וועגן אליקום צונזער.

ער איז דעפארטירט געווארן אין די לאגערן פון עסטלאנד. זיינע חברים פון לאגער דערציילן מיט יראת־הכבוד וועגן זיין לעבן אין די קאנצענטראציע־לאגערן. דארטן, אין לאגער נארווא, 1944, איז ער אומגעקומען פון הונגער און שוואכקייט".

## וויינשטיין, זלאטקע

— געבוירן אין 1913 אין ווארשע. נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה באזעצט זיך די פאמיליע אין בערעזע. זלאטקע ענדיקט דא די יידישע פרץ־שול, זי צייכנט זיך אויס מיט אירע פעאיקייטן און ספעציעל מיט אירע דראמאטישע פעאיקייטן. אין 1930 קומט זלאטקע אן אין דער יידישער רעאל־גימנאזיע אין ווילנע. איר יוגנטלעכער טעמפעראמענט שאפט איר א סך פריינט, זי ווערט אריינגעצויגן אין די „צוקונפט"־קרייזן, נעמט אנטייל אין דראמאטישן קרייז פון רעאל־גימנאזיע, נעמט א דראמאטישן קורס ביי מארעווסקין. ווען דער דראמאטישער קרייז פון גימנאזיע פירט אויף צום ערשטן מאל „גרינע פעלדער" אין ווילנע, נעמט זלאטקע אנטייל. נאכן ענדיקן די גימנאזיע קומט זלאטקע צוריק אהיים.

דא באגעגן איך זיך מיט איר. זייער א לעבעדיקע, צוגעלאזטע, און דער עיקר געירשנט פון טאטן (שלמה וויינשטיין — איבערגעגעבענער שול־טוער) דאס געזעלשאפטלעכע אדערל, ס'איז פשוט געווען א פארגעניגן מיט איר צו ארבעטן, זייער א טיכטיקע אין דער ארבעט ארום שול. זי איז איינע פון די זיילן פון דראמאטישן קרייז אין בערעזע, רעציטירט און זינגט שיין. ס'איז שווער צו פארגעסן די לאבערקע מיט די שווארצע אויגן.

נאך מיין פארלאזן בערעזע פארט זלאטקע אויף א לערער־קורס, שפעטער באקומט זי ארבעט אלס לערערין אין

אזדוטיטש (וואלין), זי באקענט זיך מיט עליע טעפּער מיט וועמען זי האט חתונה. זי באזעצט זיך אין בערעזע אין 1940, וואו זי ווערט א לערערין אין דער סאוועטישער יידישער שול. זי ארבעט דארט ביז די דייטשן אקופּירן בערעזע. שפּעטער קומט זי ווארשיינלעך אום אין בערעזער געטא.

ח. סעגאל

**ווייסבערג, לוי** — שטאמט פון פּרושקאוו, פּארמאגט היפּש יידיש וויסן. געווען א סך יארן לערער פון יידישע לימודים אין פארשיידענע ציש"א־שולן: אין מיכאלאווע ביי ביאליסטאק, אין קאליש א"א. געפירט זיין ארבעט מיט גרויס דערפאלג און געוואונען די אנערקענונג און אכטונג מצד דער ארטיקער יידישער באפעלקערונג. ער האט דורכגעמאכט עטלעכע לערער־קורסן פון דער ציש"א און איז געווען אינטים פארבונדן מיטן שולוועזן. די לעצטע יארן פארן קריג האט ער געארבעט אין נעסוויזש, און בעת דער היטלעריסטישער אקופּאציע האט ער זיך באטייליקט אינעם באקאנטען אויפשטאנד אין ניעסוויזשער געטא. דא איז ער אומגעקומען.

**ווילענסקי (שיינמאַן), ראָזע** — פארמאגנדיק א זעלטענע פּעדאגאגישע אינטואיציע און דערצו העכערע פאַדבילדונג אויפן געביט פון נאטור־וויסנשאפט (שטודירט אין דער שווייץ), איז ראזע ווילענסקי גאר יונג געווארן א לערערין אין דער יידיש־וועלטלעכער שול. זי איז געווען צווישן די ערשטע וואס יעקב פּאט האט צוגעצויגן צו זיין „פּרץ־קינדער־היים", די באקאנטע יידיש־וועלטלעכע פּיאנערן־שול אין ביאליסטאק. די דאזיקע שול האט אויסגעאיבט א געהעריקע ווירקונג אויף דעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן אין דער ברייטער סביבה.

פּעדאגאגישע ארבעט איז געווארן פאר ראזע ווילענסקי, ווי אויך פאר אירע תלמידים און חברים לערער, א קוואל פון באגייסטערונג, פון ניט־געשטילטן דראנג נאך ווייטערע און מערערע דערגרייכונגען.

שפּעטער האט זי צוזאמען מיט איר מאן אלי־מאיר שיינמאן געארבעט אין אנדערע יידיש־וועלטלעכע שולן (ביאליסטאק און לוצק). זי האט מיטגעארבעט אין צוזאמענשטעלן די ערשטע פּראגראם פארן לימוד פון נאטורוויסנשאפט, וואס איז פארעפנטלעכט געווארן אין די פּעדאגאגישע אויסגאבעס פון דער ציש"א. זי האט אויך איבערגעזעצט (צוזאמען מיט א. מ. שיינמאן) א פּאפּולער ביכל וועגן נאטורוויסנשאפט.

י. רובין

**וויניק, (דויד ?)** — דער מאן פון דער לערערין פעלא לינדעמאן. געבוירן אין זגיערזש בערך אין 1899. געווען אויסגעבונדן אין דער גאנצער שול־סביבה אין ווארשע. געווען פארוואלטער פון זומער־קאלאניעס פאר לערער. געפירט אויספלוגן און אנדערע וויסנשאפטלעכע אונטערנעמונגען פון „קולטור־ליגע". אומגעקומען אין ווארשעווער געטא.

**וויניק, אברהם** — זון פון שמואל־פּרץ, געבארן 1898 אין ווילנע ביי א פאטער א בעל־מלאכה. געלערנט אין האלפּערנס חדר מתוקן (איינער פון די ערשטע חדרים מתוקנים אין ווילנע). שפּעטער געלערנט און געענדיקט די יידיש־רוסישע גימנאזיע פון פּ. אי. כהן. אין די יארן 1920־1921 באזוכט די פּעדאגאגישע קורסן ביי דער ווילנער יידישער קהילה און געגנט־קאמיטעט "יעקאפּא". אין די יארן 1917—1920 איז א. וויניק געווען קלאסן־אויפזעער אין

דער יינגל־שול מפיצי השכלה, און פון 1922 ביז 1930 געווען לערער פון דער פאלקשול אין נײַ־סווענציאן. פון 1930 ביזן אויסברוך פון דער מלחמה געווען לערער פון „שול־קולט" אין ווילנע.

א. וויניק האט געלעבט אין ווילנער געטא, געטאן שווערע פיזישע ארבעט ביי די דייטשן. אין סעפטעמבער 1943 איז ער אריבערגעפירט געווארן אין לאגער הא־קא־פע (אין די ביליקע הייזער אויף סובאטש). ער איז דערהרגעט געווארן דורך די דייטשן סוף יוני אדער אנפאנג יולי 1944, עטלעכע טעג פאר דער באפרייאונג, צוזאמען מיט זיין איינציקן 17־יאריקן זון קלמן, א תלמיד פון דער ווילנער יידישער רעאל־גימנאזיע און פון ווילנער יידישן טעכניקום.

זיין פרוי גניע וויניק (געבארענע יאוויטש), א נײַ־סווענציאנערין, האט געענדיקט די יידישע פרעבל־קורסן אין ווילנע, געפירט עטלעכע יאר א קינדערגארטן און צוגרייטונגס־קלאס אין דער נײַ־סווענציאנער יידישער שול. צוגענומען געווארן פון דעם לאגער הא־קא־פע בעת דער „קינדער־אקציע" סוף מערץ 1944.

ד. גרייסדארף

**ווינאָגראד, בערטאַ** — געבוירן אין לאדזש אין 1902 אין א בירגערלעכער פאמיליע, האט בערטא געענדיקט אבעם גימנאזיע אין



לאדזש, און שפעטער באזוכט 2 יאר דעם הומאניסטישן פאקולטעט פון ווארשעווער אוניווערסיטעט; זי האט אויך באזוכט פארשיידענע לערער־קורסן, און פון 1924 אנגעהויבן איר לערערישע טעטיקייט אין לאדזש אין דער מעדעם־שול און אויף די אוונט־קורסן. זי האט דא געלערנט געאגראפיע, מאטעמאטיק און געשפילט א גרויסע ראל אינעם פעדאגאגישן ראט. א פלימעניצע פון ח. ל. פאזנאנסקי, וועלכער איז געווען די נשמה פון לאדזשער שול־וועזן האט זי אויך מיט איר גאנצן הארצן זיך אפגעגעבן דער שול. א יונגע, אינטעליגענטע, געבילדעטע, באטייליקט אין דער אנפירונג פון לאדזשער „סקיף", — האט זי זיך געווידמעט ניט נאר דער שול־ און קלאס־ארבעט, נאר אויך געווען פאראינטערעסירט מיטן גורל און צוקונפט פון יעדן שילער אינדיווידועל. זי האט באזוכט די היימען פון די קינדער, זיי באזארגט מיט אפרו אויף זומער־קאלאניעס, אפגעגעבן א סך צייט דעם אוונט־קלוב פון די גראדואירטע תלמידים, באזארגט זיי מיט פרייען באזוד פון עפנטלעכע קאנצערטן, פארלעזונגען און אז"וו. און פאר די אלע מעלות האבן איר סיי די תלמידים, סיי די עלטערן און שול־טוער — געצאלט מיט גרויס אכטונג און ליבשאפט.

בערטאס געוועזענע שילערין לילקע נוטקעוויטש שרייבט וועגן איר:

„בערטא ווינאגראד איז צו אונזערע שולן געקומען פון זייער א פארמעגלעכער יידישער היים. זי האט געקענט אננעמען א לערער־פאסטן אין די מלוכהשע „פאווערשעכנע" שולן, און אויסמיידן הונגער־לויז, דחקות און צרות. און דאך איז זי ביי אונז געבליבן, טריי געבליבן, אפגעגעבן איר ברייטן וויסן דער יידישער פאלקשול. האט אויך געהאלטן אן אויג אויף דער ארדענונג און ווירטשאפט פון שול. אן אויסערגעוויינלעכע פעדאנטין, פלעגט זי מיט איר פינקטלעכקייט אנשטעקן אלע ארומיקע, און מיר קינדער האבן פאר איר געציטערט, אויב ביי

איינעם איז א קנעפל געווען אראפגעריסן און א זאק נישט געצירעוועט. זי פלעגט זיך אליין אוועקזעצן און פאררעכטן אונ־זערע קליידער און דערקלערן דערביי די סודות פון ריינקייט און ריין זיך האלטן. מיט דער לערערין בערטא פלעגן מיר מאכן לאנגע, לאנגע אויספלוגן אין פרעמדע לענדער (זי איז געווען לערערין פון געאגראפיע) — מיטגיין מיט איר אויף די ווייטע פיארדן, אין סיבירער טייגעס. זי האט אין אונז אנטוויקלט ליבע צו נאטור, מיט אלע אירע שיינ־קייטן און גרויזאמקייטן.

„זי פלעגט זארגן וועגן יעדן קינד באַ־רעם הארץ, מיט דער זארג פון א מאמען.

„בערטא איז אומגעקומען אין ווארשע־ווער געטא, צוזאמען מיט טויזנטער, און טויזנטער. אומבאקאנט איז איר קבר, נאר מיר וועלן שטענדיק דערמאנען אונזער דערציערין, אונזער לערערין בערטא ווינאגראד".

**וויסאָצקי, אסתר** — געשטאמט פון וואלין און געווען א פרעבעליסטין אין די קינדער־גערטנער פון ציִשא. צווישן אנד. געארבעט אין לאדזש אינעם קינדערגארטן אויף באלוט. זי האט געהערט צו דער ערשטער גענעראציע פון פארשול־ארבע־טערינס. זי איז געווען די פרוי פון לערער יויסאצקי וועלכער האט אויך געארבעט עטלעכע יאר אין די ציִשא־שולן. שפעטער האט ער געענדיקט מעדיצין און זיך באַ־זעצט אין שטעטל ראזשישטש. זייער גורל — נישט באקאנט.

**וויעליקאָווסקי, יוליאַן** — געבוירן אין ווארשע אין די שפעטע ניינציקער יארן פון פאריקן י. ה. ער האט געשטאמט זונדער, — כאטש אויבערפלעכלעך שטרענג, אבער מיט א ברייט, גוט, וואַ־



פון אן ארעמער פאַ־מיליע. מיט גרויס אנשטרענגונג האט ער זיך דאך דער־שלאגן צו העכערער בילדונג. ער האט אבער דעם אוניווער־סיטעט נישט באוויזן צו ענדיקן. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אריינגעטראטן אין דער סאציאל־דעמאקראטישער יוגנט־ארגאני־זאציע „צוקונפט" (וואס האט שפעטער געענדערט דעם נאמען אויף „יוגנט־בונד צוקונפט") און ער איז געווארן איינער פון אירע ערשטע טוער און רע־פערענטן. אנהייב 1918 איז ער ארעס־טירט געווארן דורך דער דייטשער פאָ־ליציי ביי א דורכגעפאלענער קאנפערענץ פון דער „צוקונפט". ווען עס האט זיך אנגעהויבן די פויליש־סאוועטישע מלחמה (1920) און דער רוב „צוקונפט"־טוער זיינען גענומען געווארן אין מיליטער, האט די „צוקונפט" ארגאניזירט אוונט־קורסן פאר די מיטגלידער, כדי אזוי ארום אויפצוהאלטן די ארגאניזאציע. יוליאן איז געווארן באשטימט פאר דעם פאר־וואלטער פון די אוונט־קורסן. עס האט זיך באלד ארויסגעוויזן, אז דא האט ער געפונען זיין בארוף: ער איז שוין זיין גאנץ לעבן פארבליבן א לערער. איינגיכן איז ער געווארן א לערער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן אין ווארשע, מערסטנס אין דער ב. מיכאלעוויטש־שול אויף מילע 51. גלייכצייטיק איז ער געווען א לערער און אויך א געוויסע צייט פארוואלטער פון די אוונט־קורסן פאר יוגנטלעכע אר־בעטער ביים צענטראל־ראט פון די פראַ־פעסיאנעלע פאריינען אין ווארשע.

אין די דרייסיקער יארן האט יוליאן חתונה געהאט מיט בערטא וויערו־

זשעוווסקא, א בונדישע טוערין פון וואלאצלאוועק. זיי האבן געהאט איין קינד.

יוליאן איז געווען א בעל־מום, א שטארק הינקענדיקער, אבער ס'איז נישט געווען קיין סימן פון קיין שום ביטערקייט אין זיין באנעמונג מיט מענטשן און דער עיקר מיט קינדער. ער האט שטענדיק צו זיי געשמייכלט, גערעדט שטיל, אין א לייכטן טאן. ליב געהאט א וויץ און איז געווען א קינסטלער אויף אנצופירן מיט קינדערשע שפילן. ער איז געווען א ווערטפולער מיטארבעטער אין די זומערקאלאניעס, וואס זיין שול האט יאריערלעך ארגאניזירט פאר אירע קינדער. פאליטיש איז יוליאן געווען א בונדיסט. אבער ביסלעכווייז האט ער זיך ארויסגעצויגן פון אלע אנדערע געזעלשאפטלעכע טעטיקייטן. די שול און די קינדער זיינען געווארן דער צענטער פון זיין לעבן. דא האט ער פארבראכט פון אין דער פרי ביז שפעט אין אוונט.

ח'טע וואלאדקע דערציילט, אז בעת דער גרויסער דעפארטאציע אין ווארשעווער געטא אויף מילע גאס אין 1942 (דער קעסל), האט זי פון דער ווייטנס געזען, ווי יוליאן מיט זיין פרוי און קינד דערנעענטערן זיך צו א דייטש. יוליאן האט געהאלטן עפעס א פאפירל אין דער האנט און געוויזן דעם דייטש. דער דייטש האט אים מיטן שטעקעלע געוויזן דעם וועג אויף לינקס. יוליאן האט אונטערגעהויבן דאס פאפירל און עפעס געוואלט זאגן, אבער דער דייטש האט מיט רוגזה נאך אמאל א מאך געטאן מיטן שטעקעלע אויף לינקס — און יוליאן מיט זיין פרוי און קינד זיינען אוועק אויף זייער לעצטן וועג.

מ. קליגסבערג

***

יוליאן וויעליקאווסקי איז געווען איינער פון די פאפולערסטע פאלקסלערער אין יידישן ראיאן פון ווארשע. אין מילער ראיאן, וואו חבר יוליאן האט די גאנצע צייט געארבעט, האבן ארבעטער־עלטערן מיט ליבשאפט און סימפאטיע גערופן אים דער „לאמער לערער”, ער האט אונטערגעהינקט אויף איין פוס. נישט געקוקט אבער אויף זיין לאמקייט און נישט איבעריקנס שטארקן געזונט־צושטאנד, איז ער שטענדיק געווען פול מיט ענערגיע און לעבנס־פרייד. מיר, די נאענטע חברים זיינע, האבן אים גערופן דער בונדישער חסיד, ווייל יעדער געזעלשאפטלעכע אדער פארטיי־ארבעט פלעגט ער אויספירן מיט ברען און איבערגעגעבנקייט.

זעלטן איז יוליאן געווען אליין. אומעטום — אין גאס, אין שול אדער אין פאריין — תמיד האבן אים ארומגערינגלט און באגלייט קינדער, יוגנטלעכע אדער ארבעטער־עלטערן. מיט יוליאנען איז געווען גוט צו שמועסן און ארויפרעדן זיך פון הארץ. צווישן יוגנטלעכע פלעגט ער פריילעך־לעבעדיק אונטערשפרונגען אויפן לאמען פוס און דערביי צוברומען מיט זיין ווארעמער באריטאן־שטימע. קינדער האבן געקלעפט צו אים, ליב געהאט צו הערן זיינע לידלעך און נאך מער — זיינע מעשות, וואס ער האט פארמאגט א שלל.

יוליאן האט געארבעט אלע יארן אויף מילע גאס, פריער אויף מילע 61, שפעטער אויף מילע 49 און אין די לעצטע צען יאר, ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — אין דער מיכאלעוויטש־שול אויף מילע 51, וואו דער שרייבער פון די שורות האט געארבעט ווי א פארוואלטער. איך האב אפט מאל געהאט דעם איינדרוק, אז לערער יוליאן האט קיין היים נישט, אז זיין אייגנטלעכע היים איז אויף מילע 51. ווען, אין וועלכער שעה נאר, מען איז אריינגעקומען, האט מען געטראפן יוליאנען. נאך

דער לערער־ארבעט ביז 2 אזייגער נ. מ. האט זיך אנגעהויבן זיין ארבעט אין קינדער־קלוב, אין א סקיף־קרייז אדער א צוקונפט־קרייז.

אן עלנטער מענטש, אן איינזאמער, האט יוליאן זיין גאנץ פערזענלעך לעבן אויסגעפילט מיט פארטיי־לעבן. זיין פריוואט צימער איז זעלטן געווען צוגערוימט, איבעריקנס איז גאר אוממעגלעך געווען דארט צו רוימען, ווייל אומעטום — אויף די ווענט און נעבן די ווענט און אין אלע ווינקעלעך האבן זיך געוואלגערט ביכער. ער איז געווען א לײדנשאפטלעכער לייענער און פלעגט אויסגעבן די לעצטע גראשנס אויף ביכער.

יוליאן איז געווען „דער ספעציאליסט" פארן דריטן קלאס פאלקשול, ער פלעגט דארט פירן אלע לימודים, די אלגעמיינע און יידישע. ער האט קיינמאל נישט געריסן זיך צו די עלטערע קלאסן, ווי אנדערע לערער. „דא פיל איך זיך ווי א פיש אין וואסער" — פלעגט ער זאגן, גוטמוטיק שמייכלענדיק. אין „זיין דריטן קלאס" איז שטענדיק געווען אביסל טומלדיק, ווייל ער אליין האט אנגעמאכט דעם טומל מיט זיין באריטאן־שטימע, וואס האט כסדר אפגעקלונגען אין קלאס, מיט זיין אומדערמידלעכער רירעוודיקייט, וואס איז אונטערגעהאלטן געווארן דורכן לאמען פוס, וואס האט נישט געקענט איינשטיין אויף קיין ארט. געארבעט האט דער קלאס לעבעדיק, מיט א טעמפא, צוברומענדיק דערביי (אויף די לעקציעס פון ארבעט און צייכענען) יוליאנס לידעלעך.

עטלעכע יאר פארן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האט יוליאן חתונה געהאט. צוליב יוליאנען, וואס האט שטענדיק, ווי געזאגט, געהאט ארבעט אין שול, פלעגט זי, די פרוי זיינע אויך די פרייע שעה, נאך דער ארבעט, פארברענגען אין שול. עס איז ממש געווען רירנ׳ די צארטקייט און די אויפריכטיקע ג נטריישאפט פון די צוויי יונגע מענטשן. ווען די פרוי האט א יאר פארן אויסברוך פון קריג, געבוירן א קינד, האט ער מיר ווי שולדיק־שעמעוודיק, אבער א גליקלעכער געזאגט, אז ער וועט מוזן אביסל צייט „אויך אפגעבן פארן קינד" ביז עס וועט אריין אין „דריטן קלאס"...

ניין, נישט באשערט געווען דעם ליבן, הארציקן יוליאן, דעם לאמען פאלקס־לערער פון מילע 51, ווייטער צו פירן זיינע דריטע קלאסן...

י. ראטענבערג

## ווירַאָווסקי, בנימין — שטאמט פון דער געגנט ארום ווראצלאוו, פוילן. איך האב באגעגנט בנימין ווירַאָווסקין צום ערשטן מאל אין יאר 1921 אלס לערער פון דער פוילישער שפראך אין דער קרינקער יידיש־וועלטלעכער שול. שוין דעמאלט (ער איז צו יענער צייט געווען אין אנהויב פון זיינע צוואנציקער יארן) האט מען געזען, אז ער איז א מענטש מיט מער ווי דורכשניטלעכע פעאיקייטן. זיינע טיפע, קלוגע אויגן און דער זייער ענערגישער פנים האבן עדות געזאגט, אז ער פארמאגט אין זיך א סך אינטעליגענץ.

א זייער דערפאלגרייכער לערער, רופט ער גיך ארויס ליבע און אכטונג צו זיך מצד אלע שול־טוער און פריינט, וואס גרופירן זיך ארום דער שול. ער איז גוט באקאנט מיט דער יידישער ליטעראטור, טרעט אפט ארויס מיט רעפעראטן, ברענגט אריין לעבן און רופט ארויס אינטערעס צו פארשידענע פראגן ביי די באזוכער.

ער שרייבט לידער און לענגערע פּאָעמעס, וואָס ווערן זייער וואַרעם קריטיקירט פון דעם אָנערקענטן ליטעראַטור־קריטיקער מאַקס עריק.

אין 1922 ווערט ב. ווירשאַווסקי לערער אין דער ביאַליסטאָקער יידיש־וועלטלעכער „יוגנט־פּאַריין" ־ שול. שפּעטער פאָרט ער אַריבער קיין לאָדזש, וואו ער אַרבעט ווייטער אַלס לערער.

ב. ווירשאַווסקי האָט צו יענער צייט געהערט צו דער פּאַרטיי לינקע פּועלי־ציון; זייענדיק אין לאָדזש גייט ער אַריבער צום „בונד" און בלייבט שוין אַ געטרייער בונדיסט ביז צום לעצטן טאָג פון זיין יונג פאַרשניטן לעבן.

ער רייסט איבער מיט דער שול־אַרבעט און ער ווערט אַלץ מער אַריינגעצויגן אין דער פּאַרטיי־ און קולטור־אַרבעט. ער ווערט דערוויילט אַלס ראַטמאַן אויף דער בונדישער ליסטע אין לאָדזשער שטאָט־ראַט, געהערט צום שטאַטישן קאָמיטעט פון „בונד" און פירט אָן מיט דער אַרבעט פון דער לאָדזשער „קולטור־ליגע".

אין דער צייט פון דער מלחמה אַנטלויפט ב. ווירשאַווסקי צוזאַמען מיט זיין פרוי און 6־7־יאָריק טעכטערל קיין וואַרשע. דאָ אַרבעט ער אַקטיוו אין דער בונדישער אונטערערדישער באַוועגונג און נעמט אַ זייער אַקטיוון אַנטייל אין די קולטור־טעטיקייטן אין געטאָ. ער געהערט צו דער פאַרוואַלטונג פון דער אונטערערדישער קולטור ־ אָרגאַניזאַציע. אויף די פייערונגען אין געטאָ, געווידמעט די יאָרצייטן פון די קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור און אויף די אַוונטן געווידמעט ה. לייוויק און א. רייזען, טרעט בנימין ווירשאַווסקי אַרויס מיט רעפּעראַטן.

ב. ווירשאַווסקי מיט זיין פרוי און קינד זיינען אומגעקומען אין דער צייט פון אויפשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ.

ב. ווירשאַווסקי האָט איבערגעלאָזט אַ זאַמלונג פּרעכטיקע לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין דער צייט פון דער מלחמה אונטערן נאָמען: „לידער פון פּיין".

זייענדיק נאָך פאַרהעלטניסמעסיק יונג, ווייסט ער שוין, אַז דאָס גליק איז נישט לייכט צו דערגרייכן, און צווישן זיינע ווידמונגען שרייבט ער:

„דאָס גליק איז ערגעץ־וואו פאַרבאָרגן
אויף דער צווייטער גהינום־זייט..."

מוט און שטאָלץ, דאָס זיינען צוויי איינגעבוירענע שטריכן פון מיין יונגן ליבן חבר בנימין ווירשאַווסקי.

פייגל באַראַקין־
מעלאַמדאַוויטש

***

חי ב. ווירשאַווסקיס נאָמען ווערט אַ פּאָר מאָל דערמאָנט אינעם באַריכט פון אונטערערדישן „בונד" אין פּוילן. אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע אין וואַרשעווער געטאָ אין 1942 האָט זיך ב. ווירשאַווסקי געפונען צוזאַמען מיטן ח' קויפמאַן און אַנדערע אין די בונקערס. שפּעטער האָט ער געאַרבעט אין שאָפּ אויף פּראָסטע גאַס און דאָרט אויסגעפירט פּאַרטייאישע אַרבעט. ער און לאַזער קלאָג א"א — האָבן זיך געווענדעט צו דער אָנפירונג פון „בונד", מע זאָל זיי באַזאָרגן הילף. „קיין געווער האָבן זיי ניט געהאַט. וואוהין מען האָט זיי פאַרשלעפּט און ביי וואָסערע באַדינגונגען קלאָג (און ווירשאַווסקי — ח. ש. ק.) איז אומגעקומען, ווייסן מיר נישט. מיר האָבן נישט געקענט אָנבינדן קיין קאָנטאַקט" — לייענען מיר אינעם בונדישן באַריכט פאַר דער צייט פון 15 נאָוועמבער 1943 ביז מאַי 1944.

בערנאַרד גאָלדשטיין דערמאָנט אויך עטלעכע מאָל דעם ח' ווירשאַווסקי. לויט

אים איז ב. וויראָווסקי געווען אין געטאָ צוגעקאָאָפּטירט צום פּאַרטיי־ראַט פון „בונד". אין דעם פּעריאָד ווען אין וואַר־שעווער געטאָ איז געווען טעטיק דער קולטור־סעקטאָר ביים „זשיטאָס", איז ב. וויראָווסקי געווען צווישן די אַקטיווס־טע קולטור־אַרבעטער און לעקטאָרן.

**וועלעס, דוד** — געבוירן אין 1904, אַ קינד פון סניפּישעק (אַ פאָרשטאָט ביי ווילנע). ער קומט פון אַ לומדישער פאַ־



מיליע און ער איז אַ זייער פעאיקער און באַגאַבטער. ער ענדיקט אַלס איינער פון די ערשטע שי־לער די פ אַ ל ק ש ו ל „מפיצי השכלה" און קומט אַן אין יידישן לערער - סעמינאַר, וועלכן ער גראַדו־אירט אין 1926.

אין סעמינאַר איז דוד וועלעס געווען זייער אַ גוטער שילער. ער האָט אַרויס־געוויזן אַ סך אינטעליגענץ, פעאיקייטן און אינטערעס צו די לימודים. אַלע האָבן פאָראויסגעזאָגט, אַז דוד וועלעס וועט זיין אַן ערנסטער און איבערגעגעבענער לערער.

עס הויבט זיך אָן זיין לערערישע קאַר־יערע אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. ער אַרבעט אין ראַזשאַנאַי, ביעלסק פּאָדל. און אַנדערע. ער צייכנט זיך אויס מיט זיין גוטן כאַראַקטער — אַ געלאַסענער, אַרבעטזאַמער שול־פּראַקטיקער און גוטער דערציער.

ער איז זייער אַ פעאיקער לערער און פאַרוואַלטער — ער באַזיצט אַ גרויסן פּעדאַגאָגישן און אָרגאַניזאַטאָרישן טאַ־לאַנט. געלערנט האָט ער יידיש, יידישע געשיכטע און געזאַנג. ד. וועלעס איז אויך געווען געזעלשאַפטלעך אַקטיוו: ער האָט געהאַלטן רעפעראַטן און אָרגאַניזירט מוזיקאַלישע אָוונטן פאַר די עלטערן. קיין וואונדער ניט, וואָס ער איז געווען אַזוי באַליבט ביי די עלטערן און לערער.

אין 1940 ווען די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען ווילנע, איז וועלעס מיט זיין פרוי זינע פּאַפּאָווער געקומען קיין ווילנע. ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס לערער אין די אַרטיקע ייד. שולן. אין 1941 בעת די נאַצים, איז וועלעס מיט זיין פרוי און זייער איינציקן זונעלע (שוין 7 יאָר אַלט) אומגעקומען אויף פּאָנאַר.

**ווענגראָוו, ח.** — באַקומען אַ יידישע דערציאונג, געהאַט מיטלשול־בילדונג. גע־ווען לערער אין דער ציש״אָ־שול אין איג־נאַלינאָ, ווילנער געגנט. ער אַליין האָט טאַקע געשטאַמט פון ווילנע. אין דער אַנגערופענער שול האָט ער געלערנט עטלעכע יאָר. ער איז געווען געוויסנהאַפט אין זיין אַרבעט און זיך באַצויגן מיט ליבע צו די קינדער.

**ווערבלון, משה** — געבוירן אין ווילנע אין 1912. נאָכן פאַרענדיקן „מפיצי השכלה"־שול קומט ער אָן אין לערער־סעמינאַר אין 1926-27. זייער אַ פעאיקער און אינטעליגענטער בחור. זייער אַ חברישער און פריינדלעכער, האָבן אים טאַקע אַלע ליב און זיינען צופרידן פון זיין געזעלשאַפט. ער שטאַמט פון אַן אָרעמער היים, — גיט ער לעקציעס און האַלט זיך אַליין אויס. נאָכן שליסן דעם סעמינאַר (1931), קומט ער אָן אין „אָקס גימנאַזיע" וואו ער מאַכט זיין מאַטורע.

אין 1933 מאַכט ער אַ רייזע קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד מיט אַ גרופּע ווילנער לינקע. ער קומט פון דאָרט אַ צעבראָ־

בענער און עס געדויערט א לענגערע צייט ביז ער קומט צו זיך. שפעטער קומט ער אן אין אוניווערסיטעט וואו ער שטודירט אלס אינזשעניער־אגראנאם. אומגעקומען איז מ. ווערבלין אין ווילעיטשאן, אקטא־בער 1941.

**ווערניק, איטקע** — געבוירן אין ביאליסטאק ביי פראלעטארישע עלטערן אין 1904 אדער 1905. איר פאטער האט געמאכט טאוולנע שעכטלעך (ביי זיך אין דער היים געהאט דעם ווארש־טאט). איטקע האט זיך געלערנט אין דער ביאליסטאקער יידישער יוגנט־פאריין־שול און פארענדיקט די שול אין 1922. אין 1923 טרעט זי אריין אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאר פון דער ציש"א, און זי קריגט איר לערער־דיפלאם אין 1927 (דריטער ארויסלאז פון סעמינאר).

איטקע ווערניק האט געארבעט אלס לערערין אין וויסאקע, דערנאך אין ביאלי־סטאק אין „מענדעלע"־שול און אין „יוגנט־פאריין". זי האט געפירט א פינפטן קלאס און אויך געשיכטע אין אנדערע קלאסן. איטקע ווערניק איז אן אינטעלי־גענטע און ערנסטע. זי איז א דרייסטע און זאגט ארויס איר מיינונג סיי אויף לערער־פארזאמלונגען סיי אויף לערער־צוזאמענפארן.

זי איז געווען אן אקטיווער מיטגליד פון „בונד" אין ביאליסטאק און האט אויך געהערט צום קאמיטעט פון דעם יוגנט־בונד „צוקונפט". זי האט געהערט צו דער פארוואלטונג פון „קולטור־ליגע" אין ביאליסטאק. אין די יארן 1933־34 טרעט זי ארויס אויף אונטערנעמונגען פון דער קולטור־ליגע.

זי האט חתונה געהאט אין ביאליסטאק א 4־5 יאר פאר דער מלחמה, געהאט א יינגעלע פון א יאר דריי. — ווען און וואו זי איז אומגעקומען — נישט באקאנט.

פ. באראקין־
מעלאמדאוויטש

**זאבלודאווסקי, מרדכי** — מאטיע זאבלודאווסקי האט געהערט צו דעם דור יידישע לערער, וואס אין זייער צייט האט דאס יידיש־וועלטלעכע שולוועזן זיך ערשט אנגעהויבן צו אנט־וויקלען.



מאטיע זאבלו־דאווסקי איז געבוירן אין ביאליסטאק. זיין פאטער נח זאבלו־דאווסקי איז געווען א משכיל, א קולטור־טוער, א געזעל־שאפטלעכער עסקן. ער האט געגעבן זיינע ביידע זין מאטיע און מיכל א טראדי־ציאנעל־יידישע דערציאונג און האט אין זיי איינגעפלאנצט דעם ווילן צו בילדונג און וויסן. ביידע האבן דערווארבן זייער מיטל־בילדונג אין דער ביאליסטאקער קאמערץ־שולע, וועלכע מאטיע האט גע־ענדיקט אין 1907. ביידע האבן שפעטער געלערנט אין קיעווער טעכנאלאגישן אינסטיטוט, וועלכן מיכל האט אבסאל־ווירט (באקומען דעם אינזשיניער־טיטל) און מאטיע האט נישט באוויזן צו ענדיקן צוליב דעם וואס די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראכן.

אין 1915, ווען די דייטשן האבן אקו־פירט ביאליסטאק, איז מאטיע זאבלו־דאווסקי אפגעשיקט געווארן אין געפאנ־גען־לאגער, וואו ער האט זיך אפגעוואל־גערט איבער צוויי יאר. אין 1917, ווען ער איז געקומען צוריק פון לאגער, האט

ער זיך אריינגעווארפן אין דער ארבעט פאר יידיש: ער האט געהאלפן בויען די קולטור־ליגע, ער איז געווארן איינער פון די אקטיווע טוער אין פרץ־קינדער־היים, וואו ער איז אויך געווען לערער, ער איז געווארן א לערער אין דער „מ. באזין"־ארבעט־שול.

זיין הויפט־ענערגיע האט מאטיע געווידמעט דעם פראבלעם פראדוקטיוויזאציע פון דער יידישער יוגנט: געבן יידישע יוגנטלעכע א פראפעסיאנעלע אויסבילדונג אין פראקטישע ארבעט־בארופן; איבערדערציען זיי צו פראדוקטיווע ארבעט־מענטשן, אויסבילדן זיי פאר גוטע ארבעטער. די אויפגאבע האט ער בשלימות אויסגעפירט אלס לערער אין דער יידישער האנטווערקער־שול פאר יינגלעך און אין דער „ארט"־שול פאר מיידלעך, אין משך פון 20 יאר. ער האט גלייכצייטיק געשאפן א נייע יידישע טערמינאלאגיע אין פארשידענע ספעציעלע פאכן. ער האט פארפאסט און ארויסגעגעבן אין 1919 א געאמעטריע אין יידיש און פארעפנטלעכט ארטיקלען פון פאפולער־וויסנשאפטלעכן כאראקטער. אין „ביאליסטאקער אלמאנאך" פון 1931, אין ביאליסטאקער יארבוך פון 1932-1933 און אין ביאליסטאקער יובל־בוך 1919—1939 האט ער זיך באטייליקט מיט ארטיקלען וועגן דער ביאליסטאקער האנטווערקער־שול, וועגן יידישן שולוועזן בכלל און וועגן דער פסיכאלאגיע פון פראדוקטיוויזאציע ביי יידן.

מאטיע זאבלודאווסקי איז געווען א מיטגליד פון ארט־קאמיטעט און א פארוואלטונגס־מיטגליד אין ייווא־קאמיטעט. ער איז אויך געווען א פארוואלטונגס־מיטגליד אין ביאליסטאקער יידישן ליטעראטן־קרייז און א לאנגיאריקער מיטארבעטער פון די ביאליסטאקער צייטונגען „דאס נייע לעבן" און „אונזער לעבן".

ווען די היטלער־חילות האבן פארנומען ביאליסטאק און געמאכט א סוף צום יידישן שולוועזן, און מען האט אין ביאליסטאקער געטא אין 1941 געעפנט לערן־ווארשטאטן אונטערן שילד און שוץ פון יודנראט, האט מאטיע זאבלודאווסקי דארט ממשיך געווען זיין דערציערישע ארבעט, ביז... ער איז צוזאמען מיט די אנדערע 60.000 ביאליסטאקער יידן דורך די היטלער־בעסטיעס אומגעבראכט געווארן.

ד. קלעמענטינאווסקי

## זאבלודאווסקי, געניע

— געבוירן אין ביאליסטאק אין א בירגערלעכער משפחה. געענדיקט א רוסישע גימנאזיע פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען פוילן ווערט א זעלבשטענדיקע מלוכה, ווערט געניע זאבלודאווסקי אריינגעצויגן אלס לערערין אין די יידיש־וועלטלעכע שולן אין ביאליסטאק. עטלעכע יאר ארבעט זי אלס לערערין אין דער גן־ילדים־שול. זי פירט דארט אן ערשטן קלאס. אין יאר 1931-32 גייט זי אריבער ארבעטן אין דער „גראסער־שול". דא פירט זי דריי לימודים: פוילישע שפראך, פוילישע געאגראפיע און פוילישע געשיכטע, אנהייבנדיק פון פערטן קלאס ביזן זיביי־ איינשליסלעך. זי צייכנט זיך אויס מיט אן אויסערגעוויינלעכער איבערגעגעבנקייט צו דער ארבעט און א גוואלטיקער סיסטעמאטישקייט. אירע באריכטן פון דער ארבעט אויף די זיצונגען פון די פעדאגאגישע ראטן זיינען שטענדיק גלענצנדיק צוזאמענגעשטעלט און באארבעט. תמיד באשיידן, שטיל, באהערשט זי פיין אירע קלאסן, און די קינדער האבן צו איר זייער א גוטע באציאונג. מע פילט די גוטע רעזולטאטן פון איר ארבעט.

דער אָנהייב פון דער היטלער־מלחמה פאַרכאַפּט איר אין וואַרשע, וואו זי האָט פאַרבראַכט אירע וואַקאַציעס. פינף וואָכן געפינט זי זיך דאָרט אונטער היטלערס רעזשים און קען זיך ניט אַרויסרייסן צו זיך אַהיים קיין ביאַליסטאָק. ענדלעך שטעלט זי איין איר לעבן און באַשליסט צו „שוואַרצן" די גרענעץ. ביאַליסטאָק האָט זיך צו יענער צייט געפונען אונטער דער הערשאַפט פון דער רויטער אַרמיי. עס געלינגט איר, און זי קומט אָן קיין ביאַליסטאָק. ווי אַ געטרייער זעלנער, מעלדעט זי זיך גלייך אויף איר פּאָסטן אין דער „גראָסער־שול".

אַ טייערע גוטע חברטע, אַ ליבער מענטש און אַ געוויסנהאַפטע לערערין, איז זי אין דעם אָנהייב פון אירע פערציקער יאָרן אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

**זאַבלודאָווסקי, מאַניע** — געבוירן אין ביאַליסטאָק ביי רייכע עלטערן. געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע און באַזוכט דעם פּעדאַגאָגישן קורס אונטער דער פאַרוואַלטונג פון פראַנקפורט. געווען לערערין אין דער ביאַליסטאָקער גן־ילדים־שול — געפירט דעם קינדער־גאָרטן און אַן ערשטן קלאַס.

**זאַלקינד, בער** — קינסטלער און לערער אין די ווילנער שולן. פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען איבער קונסט אין דער ווילנער פּרעסע. פון סעפּטעמבער 1939 האָט ער זיך געפונען אין גראָדנע. פון דאָרטן איז ער עוואַקואירט געוואָרן קיין סאָוועט־רוסלאַנד און איז דאָרט געשטאָרבן.

**זאָנשיין, בעלאַ** — איך האָב זי באַגעגנט אין די וואַרשעווער שולן אַלס לערערין פון ערשטן קלאַס. זי האָט זיך ספּעציאַליזירט פאַר דער אַרבעט אין די ייִנגערע קלאַסן. במשך פון אַ ריי יאָרן האָט זי געפירט דעם ערשטן און צווייטן קלאַס אין דער שול אויף קאַרמעליצקע גאַס. פיזיש נישט גאָר קיין געזונטע (האָט געליטן אויף די פיס), אַביסל אַ דערשלאָגענע אין געמיט, — האָט זי זיך אינגאַנצן געענדערט אין מאָמענט ווען זי האָט זיך געפונען אין קלאַס מיט די קינדער. דאָ, ביי דער אַרבעט, איז זי געווען אויפגעמונטערט, לעבעדיק, פרייליך און זייער באַוועגלעך. האָט זי טאַקע מיטגעריסן דאָס קליינוואַרג און האָט זיך גערעכנט פאַר איינער פון די בעסטע לערערינס פאַר ייִנגערע קינדער.

קיין אַנדער לעבן, ווי די שול, האָט זי כמעט ווי ניט געהאַט, די פרייע צייט האָט זי פאַרבראַכט ביים צוגרייטן מאַטעריאַלן פאַר דער שול־אַרבעט. זי האָט אויסגעפילט אַלע אירע פרייע שעהן — מיט כל־המינים טעאָרעטישע און טעכנישע פאַרפּולקאָמונג. בעלאַ זאָנשיין האָט געאָטעמט מיט דער שול, האָט געלעבט מיט דער שול.

אין יאָר 1939 — גלייך נאָך די באָמבאַרדירונגען פון וואַרשע און נאָך דעם אַריינמאַרש פון די היטלערישע חילות, נאָך דעם שרעקלעכן חורבן און דלות צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג, שטעלט זי זיך צו גלייך מיט די אַלע איבעריקע לערער, צו שאַפן קינדער־קיכן אין די בנינים פון די געוועזענע שולן — וועלכע זיינען גאַנץ געבליבן נאָך די באָמבאַרדירונגען. די דאָזיקע אַרבעט איז אין יענע שרעקלעכע טעג געווען אַ שוידערלעך־שווערע. די אָרעמקייט צווישן די לעבן־געבליבענע ייִדן איז געווען זייער גרויס, די שרעק און פּחד פאַר דייטשישן טעראָר — האָבן געטריבן מחנות ייִדישע מענטשן אויף מזרח. האָט מען זיך גענומען מיט ברען און איבערגעגעבנקייט

ארגאניזירן דאָס יידישע לעבן אין דער פעריפעריע פון היטלעריסטישן טעראָר. איינע פון די הויפּט־אַרבעטן איז געווען — באַשפּייזונג, סאַניטאַרע אויפזיכט, און מאָראַליש צו העלפן דער יידישער באַפעלקערונג.

בעלאַ זאַנשטיין לויפט אַרום איבער די גאַסן און שטיבער, צו אָרגאַניזירן די עלטערן מיט זייערע קינדער — פון דער קראַכמאַלנע פעריפעריע. און ווען די קיך ווערט געעפנט, — אַרבעט זי מיט אַלס דערציערין פון אַ גרופּע. די דאָזיקע קינ־דער־קיכן זיינען געווען אין יענע טעג די איינציקע נעסטן, וואו מען האָט קאָנ־צענטרירט די יידישע קינדער און די יידי־שע יוגנט.

די דייטשישע מאַכט האָט פאַרבאָטן דאָס גרופּירן זיך פון אַ גרעסערער מאַסע יוגנט און קינדער — אויף איין פּלאַץ. די קיכן האָבן געהאַט אַ דערלויבעניש בלויז אויפצונעמען קאָנסומענטן — וואָס טוישן זיך כסדר. איז אָבער געפירט גע־וואָרן אַן אומלעגאַלע דערציערישע טע־טיקייט. יעדער דערציער פון אַ גרופּע (דער פאַקטישער געוועזענער לערער פון זיין קלאַס) האָט זיך פאַרנומען מיט זיין קלאַס — און דאָס איז געווען דער אָנ־הייב — פון די אומלעגאַלע שול־קאָמ־פּלעטן, פון אומלעגאַלן יידישן שולוועזן. בעלאַ זאַנשיין, הגם מיט אַ געבראָכענעם פיזישן געזונט, איז דאָ געווען איינע פון די אַקטיווסטע.

נאָכן כסדרדיקן פאַרקלענערן און פאַר־שמעלערן דעם געטאָ־שטח פאַלט קראָכ־מאַלנע גאַס אַרויס פון דער געטאָ־פּערי־פעריע, און די געציילטע יידישע משפחות, וועלכע זיינען דורך פאַרשיידענע נסים לעבן־געבליבן נאָך די שרעקלעכע מאַנאַטן פון „אויסזידלונגען” „לאַפּאַנקעס”, גייען אַריבער אין דער נייער געטאָ (דזיקע, גענשע, פראַנצישקאַנער, אַ טייל מוראַ־נאָוו, מילע, ניסקע — ביז שטשענשליווע גאַס). בעלאַ זאַנשיין וואוינט דעמאָלט אין דעם לערער בלאָק אויף פראַנציש־קאַנער 28. איך באַגעגן זי דאָ טאָג־טעג־לעך ווי מיין שכנה. זי אַרבעט דאַן אַלס שיילערין פון קאַרטאָפל אין דער קיך פאַר אָנגעשטעלטע פון דער יידישער גמינע, מיט וועלכער ס'האָט אָנגעפירט די פּאָפּולערע געשטאַלט אין וואַרשעווער געטאָ — די לייטערין פון שול אויף נאָ־וואָליפּקי 68 — פּעלאַ הערצליך־בליט.

ווען עס זיינען געשלאָסן געוואָרן די קינדער־קיכן נאָכן אַרויספירן און אומ־ברענגען די גרעסטע טייל יידישע קינדער, איז נאָך געבליבן איין אָרט פאַר די, וועל־כע האָבן בשום אופן ניט געלאָזט זיך אַריינכאַפּן אין דער אַרבעט פון די דייַ־טשישע שאָפּן — דאָס זיינען די קיכן פאַר דערוואַקסענע, דאָ האָט פּעלאַ הערצליך געהאַט אַ מעגלעכקייט נאָך עפּעס צו קענען טאָן. זי האָט גרופּירט אין דער דאָזיקער קיך אַ היפּשע צאָל יידישע לערער — וועלכע זיינען געווען באַדראָט פון הונגער־טויט. בעלאַ זאַנ־שיין האָט געהערט צו דעם דאָזיקן פּער־סאָנאַל. אין די אָוונטן פלעגט זי זיך קומען צו מיר אויסרעדן דאָס האַרץ, מיט געשוואָלענע הענט און פיס, אַ דער־שלאָגענע און געבראָכענע.

אין דעם לעצטן קינדער־הויז, וואָס איך בין דאַן באַאויפטראָגט געוואָרן פון „צענ־טאָס” — צו אָרגאַניזירן (אויף דזשיקע 58) — פאַר קינדער־געפונענע אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ” און געכאַפּטע אויף דער „אַרישער” זייט דורך פּוילישע פּאָ־ליציאַנטן, — האָב איך געהאַט בדעה פאַרצולייגן בעלאַן — אַרבעטן מיט די קינדער. איך האָב געוואוסט, ווי זי בענקט נאָך קינדער, ווי זי ווערט דערשטיקט אין דער קיך ביים שיילן די קאַרטאָפל. איך האָב אָבער מורא געהאַט פאַר איר

פיזישן צושטאנד, אז די אומגעהייער שווערע ארבעט אינעם דאזיקן אנשטאלט קען זי פולשטענדיק רואינירן. האב איך שוין בעסער געוואלט, זי זאל זיצן אין דער קיך וואו ס'איז געווען ווארעם, און וואו זי האט געקענט כאטש אפעסן א זופ. דער דאזיקער לעצטער ווינקל פאר יידישע קינדער אין געטא — דזשיקע 58 — האט געמוזט האבן יינגערע מענטשן מיט אביסל פיזישע כוחות, ווייל די גרעסטע טייל קינדער זיינען געווען קאליקעס, פארקריפלט פון די באדינגונגען. אבער בעלא איז געווען אן אפטער גאסט צווישן די קינדער. איך פלעג זי נעמען אהער, ווען זי האט נאר געהאט א פרייע מינוט. און דאן פלעגט אויף איר פנים זיך באווייזן א שיין, דער זעלבער שיין און גלאנץ פון די אויגן, וואס כ'פלעג זען ביי איר אין די גוטע טעג, אין צייטן ווען זי האט געפירט אירע ערשטע קלאסן: אין אזעלכע מאמענטן פלעגן טרערן אנפילן אירע אויגן און זי פלעגט נישט איינמאל צופאלן צו מיר מיט א ספאזמאטיש געוויין...

נישט לאנג האט געדויערט די ארבעט אין קיך. די אויפשטאנד־טעג פון אפריל 1943 האבן אויך א סוף געמאכט צום ארעמען איינזאמען לעבן פון בעלא זאנשיין. זי איז געכאפט געווארן פון דעם הויז וואו זי איז געווען באהאלטן — דורך די דייטשישע מערדער און אומגעבראכט געווארן צוזאמען מיט די מחנות יידישע מארטירער.

ג ע נ י א  ס י ל ק ע ס

***

ב. זאנשיין איז געווען פון די אביטוריענטן פון ווארשעווער לערער־סעמינאר. זי איז אנגעקומען אין סעמינאר נאכן פארענדיקן א פוילישע מיטלשול. זי האט דאכט זיך, געשטאמט פון ווארשע, פון א באלעבאטישער שטוב. נאכן פארענדיקן דעם סעמינאר האט זי באקומען ארבעט אין דער גראסער־שול אויף קארמעליצקע 29, וואו זי האט געארבעט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה.

ב. זאנשיין האט די גאנצע צייט געארבעט אין די יינגערע קלאסן (ערשטן און צווייטן), ווייל „דא האב איך צו טאן מיט אמתע קינדער" — אזוי פלעגט זי שמייכלענדיק, אפענטפערן, ווען מען האט איר פארגעלייגט, אז זי זאל גיין מיט איר קלאס העכער. ווען מען איז אריינגעקומען צו איר אין קלאס, האט מען זי קיינמאל ניט געטראפן ביים לערער טישל, מען האט זי געדארפט זוכן צווישן די בענק ביי די קינדער. זי איז געווען א נידעריקע און צוזעצנדיק זיך צו א קינד אויף דער באנק, האט מען זי אין ערשטן אויגנבליק ניט ארויסגעזען.

די קינדער פלעגן זי רופן „די לאכנדיקע לערערין", ווייל זי האט שטענדיק געהאט א שמייכל אויפן פנים און הארציק געלאכט פון די קינדערס רעדערייען און פלאפלערייען. זי האט שטענדיק ארויסגעכאפט עפעס אייגנארטיקס פון די דאזיקע „קינדערישע פלאפלעריין". זי האט געהאט צו דערציילן א שלל עפיזאדן וועגן די קינדער, ארויסווייזנדיק דערביי א סך אבסערוואציע־פעאיקייט און פארשטענדעניש.

אויף קארמעליצקע אין דער „גראסער־שול" איז זי געווען פון די שטאב־לערערינס, וואס די שול האט איינגעהאלטן און נישט געלאזט זיי „אויסכאפן". די עלטערן האבן זי רעספעקטירט און זייער ליב געהאט, ווייל זיי האבן ארויסגעפילט ביי יעדער געלעגנהייט איר אויפריכטיק ווארעם געפיל און הארציקע באציאונג צו די קינדער. זי האט זעלטן ארויסגערופן עלטערן צו באקלאגן זיך אויף א קינד.

„דאָס איז מיין קינד, פּונקט ווי זייערס און אפשר נאָך מער, ווייל איך האָב מער צייט און געדולד צו פאַרנעמען זיך מיט זיי, ווי די אָרעמע, פאַרהאָרעוועטע עלטערן" — אַזוי פלעגט זי טענהן צו אַנדערע לערער. באמת, געווען אַן אייגנאַרטיק־סימפּאַטישער טיפּ פון אַ פאָלקס־לערערין...

י. ראָטנבערג

**זאַק, בנימין** — געבוירן אין ביאַליסטאָק אין אַן אָרעמער אָבער זייער פיינער פאַמיליע — דער פאָטער און ברודער זיינען געווען גאַרבערס. שוין פון גאָר יונג האָט בנימין אַרויסגעוויזן ספּעציעלע פעאיקייטן צו צייכענען און פאַרשיידענע האַנט־אַרבעטן. הגם ער האָט נישט געהאַט קיין סיסטעמאַטישע בילדונג, איז ער אין 1922־1923 געוואָרן לערער פון אַרבעט אין די וואַרשטאַטן פון דער פּרץ־שול אין ביאַליסטאָק.

די געוועזענע ביאַליסטאָקער לערערין מערקע בעלאַסטאָצקי־זילבערשטיין (היינט אין בוענאָס איירעס) שילדערט אַזוי בנימין זאַקן: „אַ נידעריקער, אַ בלאָנדער, מיט אַ פעסטן אויסדרוק אין די אויגן, מיט אַ גרויסער געקרויזטער טשופּרינע וואָס האָט ניט געוואָלט פאָלגן דעם קאַם... גערופן האָבן מיר אים „זעקעלע", ווייל ער איז נאָך געווען יונג, און מיר די עלטערע לערער האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַ קינד. דאָך האָט ער אַרויסגערופן צו זיך דרך ארץ פאַר זיין פעסטן כאַראַקטער. די קינדער אין קלאַס האָבן אים געפאָלגט און ביי אים איז געווען אַ גוטע דיסציפּלין".

אַ גרויסן אימפּולס און פאַרפּולקאָמונג האָט ב. זאַק באַקומען אויף די לערער־קורסן פון האַנט־אַרבעט, וואָס די ציש"אָ האָט אָרגאַניזירט אין וואַרשע אין 1921 און 1922 (פאַרוואַלטער — מאיר מענדעלסאָן). פון דעמאָלט אָן אַרבעט ב. זאַק אַלס לערער פון צייכענען, האַנט־אַרבעט און גימנאַסטיק אין די ביאַליסטאָקער פאָלקשולן. ער האָט אויך געאַרבעט אַלס דערציער אין דער קינדער־קאָלאָניע פון „טאָז" אין איגנאַטקע, לעבן ביאַליסטאָק. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ שילערין פון דער מענדעלע־שול, שעוויץ, וועלכע האָט פאַרמאָגט גרויסע פעאיקייטן צו ריטמישע טענץ און האָט אַ סך מאָל געהאָלפן צוגרייטן די שול־יום־טובים און איינגעלערנט מיט די קינדער די טענץ־נומערן.

**זאַק, לאה** — געבוירן אין סוועניציאַן. דאָרט האָט זי געענדיקט די יידישע פאָלקשול. דערמאָנענדיק אירע קינדער־יאָרן, האָט זי שטאַרק געלויבט די לערערין פישער, וועלכע האָט געהאַט אויף די קינדער אַ גאָר גרויסן איינפלוס. נאָכן ענדיקן די פאָלקשול קומט לאה אָן אין דער יידישער גימנאַזיע אין סוועניציאַן. אין 1927־8 טרעט זי אַריין אין ווילנער לערער־סעמינאַר אויפן דריטן קורס (אַלס „גימנאַזיסטקע"). זי פאַרבלייבט דריי יאָר אין די ווענט פון סעמינאַר. זי איז געווען זייער אַ פעאיקע, באַזונדערס אין מאַטעמאַטישע לימודים. געווען זייער אַ שטילע, באַשיידענע, אַ פּינקטלעכע. אַ גוטע חברטע, דערהויפּט פאַר די „סוועניציאַנער", וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר איין משפּחה.

געענדיקט דעם סעמינאַר אין 1930, ווערט זי אַ לערערין אין די ציש"אָ־שולן. זי איז אַ גוטע לערערין פון מאַטעמאַטיק, פיזיק און מיט אַ חוש פאַר געזאַנג און צייכענען. זי פירט אָן מיטן באַר פון שול. זי איז געווען לערערין פריער אין גלובאָקע, סוועניציאַן, און לעצטנס אין

נאָווידוואָר. לויט געוויסע קלאַנגען זאָל זי האָבן אין סעפּטעמבער 1939 פאַרלאָזט נאָווידוואָר צוזאַמען מיט איר פריינד, אָבער אויפן וועג זאָל זי האָבן אומגעקומען.

**זאַקהיים, בעלאַ** — געאַרבעט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה אין דער קינדער־ביבליאָטעק פון צ. ב. ק. אין ווילנע. נאָכדעם ווי פרוי אַקון האָט פאַרלאָזן די ביבליאָטעק, איז בעלאַ ז. געוואָרן די פאַרוואַלטערין. זי איז געווען זייער טיכטיק און ענערגיש, געקענט גוט די קינדער־ליטעראַטור און די קינדערשע נשמות. קינדער האָבן זי ליב געהאַט, זי האָט גערעדט צו זיי מיט הומאָר און פריינדשאַפט. אין פערזענלעכן לעבן געווען זייער אומגליקלעך, געבליבן איינזאַם. איר שוועסטער, וואָס האָט געלעבט אין שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, האָט געהאַט 2 טויב־שטומע קינדער. בעלאַ ז. האָט אַ סך ליבשאַפט און אויפמערקזאַמקייט געווידמעט אירע טויב־שטומע פּלימעניקעס, געקענט זיך מיט זיי צונויפרײדן.

די גאַנצע משפּחה איז אַריין אין געטאָ און געלעבט אין שוידערלעכע באַדינגונגען און נויט. קיינער פון דער משפּחה איז נישט געווען אַרבעטספעאיק. בעלאַ האָט געזוכט אַרבעט, אָבער נישט געקענט געפינען. מען האָט זיי אַלעמען צוגענומען בעת דער ערשטער אַקציע פון געלע שיינען.

ד י נ ה   א ב ר א מ א וו י ט ש

**זאַקהיים, חנה** — געבוירן אין ביאַליסטאָק אין 1901. געשטאַמט פון אַ פאַרמעגלעכער שטוב. איר זיידע, אַ רייכער וואַלד־סוחר, האָט איבערגעלאָזן אַ גרויסן פאַרמעגן פון וועלכן חנהס עלטערן זיינען געווען די איינציקע יורשים. חנהס עלטערן האָבן זייערע צוויי קינדער, חנה און איר ברודער דוד, געגעבן אַ זאָרגפעליקע דערציאונג. אויסער אַלגעמיינער בילדונג האָבן די קינדער געלערנט אין שטוב מוזיק און שפּראַכן. חנה איז געווען דער ליבלינג פון דער משפּחה. צאַרט און שוואַך אין געזונט, האָט זי פון קינדווייז אָן אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן און אינטערעס צו לערנען און צו מוזיק. חנה איז אָנגעקומען אין אַ רוסישער מלוכהשער גימנאַזיע, וועלכע זי האָט פאַרענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג.

אין גימנאַזיע פאַראינטערעסירט זיך חנה מיט דער יידישער שפּראַך. זי געהערט צו אַ ליטעראַטור־קרייז, וואָס שטעלט זיך דעם ציל שטודירן יידיש און די יידישע ליטעראַטור. באַאיינפלוסט פון אַ גרופּע יונגע, ענטוזיאַסטישע לערערקעס (מאַלע מיאַדאַווניק, די שוועסטער פּאַט, מנוחה ראַבינאַוויטש) — ווערט חנה זאַקהיים באַלד נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט אַרום דעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן, וועלכן זי דינט געטריי ביזן סוף פון איר לעבן.

אָנגעהויבן האָט זי אַלס אַ פּראַקטיקאַנטקע אין אַ קינדער־גאָרטן, שפּעטער אין אַ שול. נאָך אַ יאָר צייט האָט זי איבערגענומען די אַרבעט פון אַ טעטיקער לערערין אין די ייִנגערע קלאַסן. זי אַרבעט זייער אַ סך איבער זיך, באַזוכט דערגאַנצונגס־קורסן פון דער צישאָ; זי נעמט אַ טיכטיקן אָנטייל אין אַלע לערער־קאָנפערענצן. זי צייכנט זיך אויס מיט ידיעות, באַשיידנקייט און אינטעליגענץ. אין 1928 באַקומט חנה אַרבעט אין וואַרשע אין דער גראָסער־שול, קאַרמעליצקע 29. זי לערנט אַלגעמיינע לימודים: חשבון, געאָגראַפיע, נאַטורוויסנשאַפט. אחוץ קלאַסן־דערציאונג, נעמט זי איבער

א טייל אדמיניסטראטיווע פונקציעס פונעם פארוואלטער פון שול. זי באטייליקט זיך אקטיוו אין דער קינדער־זעלבסטפארוואלטונג, אין עלטערן־קאמיטעט. באזונדערס וויכטיק איז איר ארבעט במשך פון גאנצן שול־יאר אין דער קאמיסיע פון צוגרייטן זומער־קאלאניעס פאר קינדער.

חנה זאקהיים האט גוט געקענט די לימודים, וועלכע זי האט געלערנט. זי האט אומאויפהערלעך פארטיפט און פארפולקאמט אירע ידיעות. זי האט געהאט א לעבעדיקן אינטערעס פאר די נייעסטע שטרעמונגען אין דעם יידישן און אלגעמיין־אייראפעאישן שולוועזן. ניט געקוקט אויף די שווערע מאטעריעלע באדינגונגען געלינגט חנה זאקהיים צו פארן זומער־צייט 1930 קיין ווין, דעם דעמאלטדיקן צענטער פון מאדערנער דערציאונג; זי באזוכט דא א סך קינדער־אנשטאלטן, זומער־קאלאניעס. אין 1936 באזוכט חנה ראטן־פארבאנד.

אין איר ארבעט האט שטענדיק דאמינירט די ווארעמסטע ליבע פארן יידישן קינד, טיפע צוגעבונדנקייט צו דער יידישער שול און אכטונג פארן לערערישן באַרוף. באשאנקען מיט א פיינעם הומאר, טאקט און אינטעליגענץ, האט חנה ארויסגערופן אין די קינדער ליבשאפט און אינטערעס פארן לימוד. אין א פרייער הארמאנישער אטמאספער האבן קינדער אויף אירע לעקציעס פלייסיק געארבעט, גענאסן פון איר וויסן און קולטור און אויך גוט, געמיטלעך פארברענגט.

1932—1936 ארבעט חנה אין דער מעדעם־סאנאטאריע (מיעדזעשין, ביי ווארשע). אויפן באדן פון דעם אנשטאלט געפינען אירע מעלות פון א לערערין און דערציערין דעם פולסטן אויסדרוק. אליין שוואך אין געזונט, האט חנה געהאט א סך פארשטענדעניש און הארץ פארן שטאטישן בלוט־ארעמען קינד; זי פילט ארוים זיינע נויטן און אויף א צארטן און זארגפעליקן אופן באמיט זי זיך זיי צו אנטקעגנקומען. זי ווערט באשאנקען מיט א סך ליבשאפט מצד די קינדער און מיט גרויס אנערקענונג מצד די חברים לערער. אויף יעדן געביט פון דער דערציערישער ארבעט טראגט חנה אריין זאכלעכקייט און איניציאטיוו. אירע ידיעות פון נאטורוויסנשאפט און אינטערעס פאר דער לעבעדיקער נאטור דערלויבן איר מיט גרויס דערפאלג צו ארבעטן אינעם „ביאלאגישן צימער" אונטער דער אנפירונג פון ד"ר ביבער. מוזיקאליש (געשפילט פיאנא), באשאנקען מיט א גוטן געהער און שיינער שטימע, צייכנט זיך חנה אויס ביים צוגרייטן קינדער־פארוויילונגען, וואס האבן געהאט אזא גרויסע באדייטונג אין לעבן פון דעם אנשטאלט. — מיט גרויס אינטערעס ארבעט חנה מיט מיטן פסיכאלאג ד"ר בערנשטיין און שפעטער מיטן פראפעסאר שניאורסאן אויפן געביט פון קינדער־פארשונג.

נאך 4 יאר ארבעט אין דער מעדעם־סאנאטאריע קערט זיך חנה זאקהיים צוריק צו דער שול־ארבעט אין ווארשע. עס בלייבט איר קאנטאקט מיטן סאנאטאריע־אנשטאלט ווייטער זייער נאענט. זי ארבעט־מיט אין ווארשע אין דער ניי־געשאפענער אינסטיטוציע פאר יענע קינדער, וואס קערן זיך אום אין שטאט נאכן פארברענגען א געוויסע צייט אין סאנאטאריע און נויטיקן זיך ווייטער אין מעדיצינישער און דערציערישער אויפזיכט.

דעם אויסברוך פון היטלער־קריג לעבט חנה איבער צוזאמען מיט דער גרויסער מחנה קינדער און לערער־פערסאנאל אין דער מעדעם־סאנאטאריע. נאכן טראגישן באמבע־אויפרייס אין קינדער־אנשטאלט

פון „טאז" אין אטוואצק (16 קילאמעטער פון מיעדזעשין) האט די אנפירונג פון דער מעדעם־סאנאטאריע באשלאסן אפצושיקן די קינדער צו זייערע עלטערן קיין ווארשע. אין דער אקציע באטייליקט זיך חנה אויפן זארגפעליקסטן און ווארעמסטן אופן.

שפעטער מיט א פאר חדשים איז חנהן אויך באשערט צוצוליינן א האנט צום קורץ־דויערנדיקן ווידעראויפלעבן פון דער מעדעם־סאנאטאריע באלד נאך דעם, ווי די נאצים האבן פארנומען ווארשע. זי אליין אבער איז שטארק צעבראכן פון די איבערלעבונגען בעת דער באמבארדירונג, און זי פארלאזט ווארשע, גייט אריבער אומלעגאל די דייטש־סאוועטישע גרענעץ קיין ביאליסטאק, אהיים צו אירע עלטערן.

נאכן באליינן אן עקזאמען באקומט חנה ארבעט אין א סאוועטישער ידישער שול. אין איר דערשלאגנקייט, ווייט פון אירע פריינד און חברים נעמט זי אויף זייער הארציק יעדן ווארשעווער פליט, וואס ציט דורך ביאליסטאק קיין ווילנע. זי אליין קען זיך ניט שיידן מיט אירע עלטערן, וואס זיינען באזייטיקט געווארן דורך דער סאוועטישער מאכט פון זייער דירה און זיינען אויסגעשטעלט אויף חנהס גראשנדיקע פארדינסטן.

אומגעקומען איז חנה אין ביאליסטאקער געטא.

ליובע גילינסקי

**זאקין, בעטיע** — געבוירן אין ביאליסטאק, באקומען העכערע בילדונג און געהאט דעם טיטל פון ד"ר בעמיע, זי האט געארבעט אלס לערערין פון פויליש אין דער מענדעלע־שול, ביאליסטאק. זי איז געווען טעטיק אין לערער־פאריין און בעת דער מלחמה איז זי געווען סאניטאר־אינספעקטאר פון דער שטאט ביאליסטאק, אונטער דער ליטונג פון ד"ר לעווים. זי האט געהאט איין זון, 4 יאר אלט, און אין געטא האט זי געבוירן א טעכטערל. דעם 16־טן אויגוסט 1943, ווען די ביאליסטאקער געטא איז ליקווידירט געווארן, איז זי אפגעשיקט געווארן קיין טרעבלינקע.

**זאקין, לייבל** — געבוירן אין 1896 אין ביאליסטאק. געענדיקט א רוסישע גימנאזיע, און אין דער צייט פון דער ערשטער דייטשער אקופאציע — געווארן לערער אין די ידישע שולן. ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האט זיך פארענדיקט, איז ל. זאקין געווען לערער אין דער באראכאוו־שול.

אין 1920 איז ל. זאקין צוזאמען מיטן לערער איליוויצקי אוועק אין ליטע און פארגעזעצט זיין לערער־ארבעט אין פלונגיאן.

אין 1943 איז ער אומגעקומען אינאיינעם מיט זיין פרוי ביילע ברוידע און זייערע צוויי קינדער.

**זאקס, גיטל** — געווען א לערערין אין גלובאקע און אין סווענציאן, — געארבעט די גאנצע צייט אין די שולן פון ווילנער פראווינץ, וואס זיינען געווען אנגעשלאסן אין דער ציש"א. ג. זאקס איז געווען איינע פון די לערערינס, וועלכע האבן אפגעגעבן זייער גאנצע צייט דער דערציאונג פון די ידישע קינדער. איר גורל איז נישט באוואוסט.

**זוסמאן, יוכבד** — געבוירן אין 1887 און געשטאמט פון א חסידיש־לומדישער משפחה אין ביאלא פאדלאסקא. פונקט ווי



איר ברודער שלמה זוסמאַן (באַקאַנטער סאָציאַליסטישער און שול־טוער), האָט זי נאָך גאָר יונגערהייט איבערגעריסן מיטן טראַדיציאָנעלן לעבן פון איר שטרענג־אָרטאָדאָקסישער פאַמיליע און איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין די רייען פון דער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער יוגנט, אין דער פּאַרטיי ס. ס. (ציוניסטן־סאָציאַליסטן) ; אין אָנהויב פון די 20־קער יאָרן איז זי אַריבער צום „בונד". אין דער פּאַרטיי ס. ס. האָט יוכבד זוסמאַן געהערט צו די געציילטע פרויען וואָס האָבן פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער באַוועגונג. אין 1907 איז זי צוזאַמען מיט אַנדערע אַנטיילנעמער אַרעסטירט געוואָרן אין זשיטאָמיר אויף אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ פון דער פּאַרטיי, און איז פאַרמשפּט געוואָרן צו אַ יאָר פעסטונג.

די טורמע־יאָרן האָבן געהאַט אַ שווערע ווירקונג אויף איר פיזישן צושטאַנד. עטלעכע יאָרן איז זי קראַנק געווען. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זי זיך געפונען אונטער דער עסטרייכישער אָקופּאַציע אין לובלינער גובערניע. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט איז זי געקומען קיין וואַרשע, דורכגעמאַכט לערער־קורסן און געוואָרן אַ לערערין אין די יידישע פאָלקשולן. צוערשט האָט איר די שול־אָרגאַניזאַציע געשיקט קיין האָראָדענקאַ, וואו זי האָט געלערנט אין אַן אָוונט־שול. שפּעטער איז זי געווען אַ פּאָר יאָר לערערין אין טשענסטאָכאָוו. פון דאָרט איז זי געקומען קיין וואַרשע און אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער גראָסער־שול אויף קאַרמעליצקע 29.

דורכגעדרונגען פון איר היים און איר סביבה מיט יידישער טראַדיציע און מאָראַל, האָט י. זוסמאַן אַריבערגעטראָגן אָט דעם גייסטיקן פאַרמעגן אויף איר אַרבעט צווישן די קינדער אין דער יידיש־וועלטלעכער שול. איר געזעלשאַפטלעכער סטאַזש איז איר שטאַרק צונוץ געקומען ביי דער אַרבעט אין שול און ביים אָרגאַניזירן די עלטערן און די פריינד אַרום דער שול. צו דער לערערישער אַרבעט איז זי צוגעגאַנגען מיט גרויסע פאָדערונגען צו זיך און צו אַנדערע. די קינדער אין איר קלאַס האָבן זיך טאַקע אויסגעצייכנט מיט גרויסע דערגרייכונגען. צו אַלע שול־פּראָבלעמען איז זי צוגעגאַנגען פון אַ סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט און שטאַרק געווירקט אויף די יונגע לערער און זיי אָפּגעהאַלטן פון איבערגעאיילטע און היפּער־רעוואָלוציאָנערע שריט. אויף זיצונגען פון פּעדאַגאָגישן ראַט אָדער אויף שול־קאָנפערענצן האָט מען זיך צוגעהערט צו אירע מיינונגען און אַרויסטרעטונגען.

אין וואַרשעווער געטאָ האָט זי פאָרגעזעצט איר לערערשע אַרבעט. זי איז אומגעקומען אין טרעבלינקע.

יוכבד זוסמאַן האָט געהערט צו די אינטעליגענטסטע לערערינס. שטיל, באַשיידן, געטריי, איבערגעגעבן האָט זי געפירט איר אַרבעט. דער סאָציאַליסטישער אידעאַל האָט באַלויכטן איר פּעדאַגאָגישע טעטיקייט. דורכגעדרונגען מיט ליבע צו יידישער שפּראַך און קולטור, האָט זי די זעלבע געפילן איינגעפלאַנצט אין די יידישע קינדער. אַלס לערערין פון די ייִנגערע קלאַסן האָט זי געהערט צו דער גרופּע לערער וואָס האָבן געפורעמט און געשטאַלטעט די נייע יידישע שול.

ש. גילינסקי

## זיידעל, גיזעלא (גיטל) — גע־

שטאמט פון גאליציע אבער געענדיקט פאלאניסטיק אין ווילנער אוניווערסיטעט, און דא אין ווילנע זיך דערנענטערט צום יידישן לעבן. אין די לעצטע עטלעכע יאר פארן היטלער־קריג איז זי געווען לערערין פון פויליש אין די יינגערע קלאסן פון דער ווילנער רעאל־גימנאזיע. זי איז געווען פאררעכנט פאר א גוטער לערערין מיט א פיינער פריינדלעכער באציאונג צו די קינדער. זי האט חתונה געהאט מיט אן אביטוריענט פון דער יידישער רעאל־גימנאזיע, דייכעס.

בעת די נאצים איז זי פארבליבן אין ווילנער געטא מיט איר קינד און דא אומגעקומען. פרטים — אומבאקאנט.

איר מאן דייכעס, איז אומגעקומען אין דער אקציע פון די „געלע שיינען".

## זיידעל (ערשטער נאמען ?) — א יונגער

מענטש, נישט פארהייראט. געווען א לערער אין פאסטאווו. געהאלפן צו שאפן א סביבה ארום דער שול. געווידמעט א סך צייט דער דערציאונג און גייסטיקער אנטוויקלונג פון די קינדער.

## זילבערפארב (ערשטער נאמען ?),

— האט געהערט צו די זעלטענע טיפן פון יידישע לערערינס, וועלכע האבן געלערנט פויליש אין אונזערע שולן און וועלכע האבן אויף זייערע פלייצעס אויסגעטראגן אלערליי צרות פון די שול־אינספעקטארן.

זי איז געווען אין משך פון דער גאנצער צייט, צוליב אירע קוואליפיקאציעס, זינט די בארא‌כאוו־שול אין בריסק האט עקזיסטירט, דער אפיציעלער פארשטייער פאר דער מאכט.

אליין א טאכטער פון אן אריסטאקראטישער האלב־אסימילירטער יידישער רייכער משפחה אין בריסק, האט זי זיך אפגעגעבן דעם יידישן שול־וועזן.

א הויכע, א שיינע, מיט א סך קענטענישן און אלגעמיינער בילדונג, האט זי אויף די שול־אינספעקטארן שטענדיק געמאכט א גוטן איינדרוק. זי האט שטענדיק גרייטקייט ארויסגעוויזן צו העלפן דער ציש״א אפצושרייען ביים אנטיסעמיטישן בריסקער שול־קוראטאריום אלערליי גזירות.

## זילבערשטראל (ערשטער נאמען ?)

— א. לעווין, געוועזענער שילער פון די ביאליסטאקער ציש״א־שולן, דערציילט וועגן דער לערערין זילבערשטראל:

„איינע פון מיינע ערשטע דערציערינס איז געווען די לערערין זילבערשטראל. זי האט געלערנט מיט די קינדער פון ערשטן און צווייטן קלאס פאלק־שול. שוין אן עלטערע פרוי, ניט קיין הויכע, פון מיטעלן וואוקס. איר פלעגט אויף א געלונגענעם אופן זיך איינגעבן צוציען די אויפמערקזאמקייט פון די נאך קליינע שילער, וועלכע זיינען צום ערשטן מאל געקומען אין שול. זי פלעגט שטענדיק האבן צו דערציילן וואונדערלעכע מעשהלעך און איינארדענען פארשיידענע שפילן מיט די קינדער. זי איז אינגאנצן געווען אריינגעטאן אין דער זאך פון דערציען און לערנען די קינדער. די קינדער פלעגן זיך שנעל צו איר צובינדן און האבן איר שטארק ליב געהאט.

„זי איז אומגעקומען בעת דער ערשטער אקציע אין ביאליסטאקער געטא, אנהויב 1943".

## זילבערשטיין־פייפער, חיהקע

— געבוירן אין 1912, א טאכטער פון א רב אין א וואלינער שטעטל. ח. זילבערשטיין האט געענדיקט דעם ווילנער

לערער־סעמינאר פון דער ציישא און איז געווען לערערין אין די יידיש־וועלטלעכע שולן אין סוויסלאטש, הרוביעשאוו א״א. זי איז געווען אן איבערגעגעבענע און אידעאליסטישע לערערין. זי האט אויך גענומען אן אקטיוון אנטייל אין דער ארבעט פון „סקיף״ (סאציאליסטישער קינדער פארבאנד). איר גורל — אומבאוואוסט.

## זילבערשטיין, פעליא

— זייער זעלטן האט עמעצער געוואוסט, אז די „לערערין פעליא״ האט אויך א צווייטן נאמען.

די קינדער, עלטערן און אין איר געזעלשאפטלעכער סביבה אין לאדזש האט מען זי גערופן ביים ערשטן נאמען. אפילו דער בריוו־טרעגער האט געוואוסט, אז אויב ס'איז דא א בריוו פאר איינער „פעליא״, מיינט עס טאקע די לערערין פון קינדערגארטן.

זי איז געווען א נידעריקע אין וואוקס — מיט א געהויקערטער פלייצע, בלויע אומשולדיקע אויגן וואס האבן געקוקט מיט גוטסקייט צו דעם ארום.

זי האט זעלטן ווען דערציילט עפעס וועגן זיך. מען האט אבער געוואוסט, אז זי איז דערצויגן געווארן אין א יתומים־אנשטאלט און נאר אדאנק איר פלייסיקייט און איינגעבוירענער אינטעליגענץ איז זי געווארן א קינדערגארטן־לערערין.

אין 1920 האט זי דורך שווערער מי באזוכט די פרעבליסטן־קורסן אין ווילנע און אין דעם זעלבן יאר האט זי אנגעהויבן ארבעטן אינעם קינדערגארטן אויפן נאמען פון גראסער אין לאדזש (שענקעוויטש גאס 22).

שפעטער האט זי געלערנט אין דעם קינדערגארטן אויף לאגעווניצקא 25, אין סאמע הארץ פון ארעמען און הונגעריקן באלוט.

ווען מען פלעגט אבער עפענען די טיר פונעם קינדערגארטן, איז מען אריינגעקומען אין א ליכטיקן קינדער־פאלאץ, וואו עס האט שימערירט מיט ריינקייט. דאס האט די לערערין פעליא דורך איר ארבעט און מי, דורך איר ליבע צו די קינדער, געשאפן.

אפטמאל האט זי געהאט אויסצושטיין ביטערע פארווארפן פון די מלוכהשע אינספעקטארן: „איר טארט נישט האלטן אזויפיל קינדער אין די 4 צימערן פון קינדערגארטן״.

— איך מוז. די מערסטע פון זיי האבן נישט קיין עלטערן. וואו וועלן זיי זיך אהינטאן א גאנצן טאג אן דעם קינדערגארטן?

און אפילו דער בייזער פוילישער אינספעקטאר, ווען ער האט א קוק געטאן אין פנים פון פעליאן, האט געמוזט רעזיגנירן.

זי האט קיין פריוואטן לעבן נישט געקענט. דער קינדערגארטן, אירע אקטיוויטעטן אין דער בונדישער גרופע ביים לערער־פאריין, — האבן אויסגעפילט איר לעבן.

„א שטילע און א ליבלעכע ווי א טויב״, דריקט זיך אויס וועגן איר יעדערער וואס האט מיט איר מיטגעארבעט.

מיר דערמאנט זיך, אז ווען אין 1938, האט די לאדזשער ארגאניזאציע פון „בונד״ גערופן אירע אנהענגער צו א פראטעסט־שטרייק און דעמאנסטראציע, — האט זיך פעליא געוואנדן א פארצווייפלטע: זאל איך לאזן די קינדער און קומען צו דער דעמאנסטראציע?

ווען די היטלער־באנדעס זיינען אריין אין לאדזש, איז פעליא פארבליבן אויף איר פאסטן ווי לאנג עס איז נאר מעגלעך געווען. וואו און ווי אזוי פעליא איז

אומגעקומען, ווייסט מען נישט. אזא שטילינקע, און אויך איר אומקום איז פארבליבן אין שטילקייט.

ס. נוסקעוויטש

## זימאַן־נוסבוים

— אין 1942 איז אין ווארשעווער געטא געשטאָרבן די שול־לערערין זימאַן־נוסבוים. אין די יינגערע יאָרן איז זי געווען אַקטיוו אין יוגנט־בונד „צוקונפט". אין משך פון געציילטע טעג זיינען געשטאָרבן איר מוטער, פאָטער און דאן — זי.

## זשעלעזניקאָוו (טויבמאַן), בתיה

— געבוירן דעם 22־טן אָקטאָבער 1911 אין דער קאָברינער פעסטונג, (בריסקער געגנט) וואו איר מוטער עטע זשעלעזניקאָוו־שטאַק, א בונדישע טוערין, איז געזעסן אַרעסטירט. בתיהס פאָטער, יאַנקל זשעלעזניקאָוו, א בונדישער טוער, איז שוין דאן געווען פארשיקט אויף קאָטאָרגע.

נאָך דעם ווי דער פאָטער זיצט אָפּ זיין אורטייל פון קאָטאָרגע און ווערט ארויסגעלאָזן אויף פרייער פארשיקונג, באזעצט זיך די פאַמיליע זשעלעזניקאָוו אין אירקוטסק, און נאָך דער רעוואָלוציע פון מערץ 1917 — לעבן זיי אין קיעוו.

אין 1922 קומען זיי קיין ווילנע. בתיה לערנט זיך אין דער יידיש־וועלטלעכער הומאַניסטישער גימנאַזיע און אין פאָרטעפּיאַן־קלאַס פון דער ווילנער יידישער קאָנסערוואַטאָריע וואו זי צייכנט זיך אויס מיט אירע פעאיקייטן.

זי ענדיקט די רעאַל־גימנאַזיע וועלכע האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער הומאַניסטישער גימנאַזיע, ווי אויך די קאָנסערוואַטאָריע. מיט א פּאָר יאָר שפּעטער ארבעט זי שוין אַליין ווי א מוזיק־ און ריטמיק־לערערין אין קינדערגאָרטן פון דער באַקאַנטער פּעדאַגאָגין אַנאַ ווי־גאָדסקי. אין צייט פון דער נאַצי־מלחמה איז זי פאַרוואַלטערין פון א קינדערגאָרטן, וועלכער געפינט זיך אין קלעצקינס הויז קליין־סטעפּאַן־גאַס 23.

אין ווילנער געטאָ איז זי די פאַרוואַלטערין פון קינדערגאָרטן אויף סטראַשונאַ 12. זי קומט אום צוזאַמען מיט איר מוטער און אירע צוויי קינדער (5־יאָריקן שמואליק און 6־חדשימדיקע נחמה) בעת דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ דעם 23טן אַפּריל 1943 יאָר. זי איז געווען אין דער באַקאַנטער אומקום־גרופּע בונדישע פרויען: פּאַטי קרעמער, מאַניע גראָסמאַן, א"א.

אזוי איז אַוועק פון דער וועלט אין איר בליענדן עלטער די יונגע, לעבעדיקע, טאַלאַנטירטע בתיה, די טאָכטער פון יאַנקל זשעלעזניקאָוו וועלכער איז געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע און פאַרדינסטפולע טיפּן אין דער בונדישער באַוועגונג. געבוירן אין א צארישער פעסטונג און געזויגן דאָס מילך פון דער ברוסט פון א מאַמען א רעוואָלוציאָנערקע, דעם צאַרס א געפאַנגענער; פאַרבראַכט די קינדהייט אין סיביר, אין דער סביבה פון „פּאָליטישע פאַרברעכער", סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן, — האָט בתיה איינגעזאַפּט אין זיך די שטילקייט און פרומקייט פון דער מוטער, און די אידעאַליסטישקייט און בונדישע געטריישאַפט פון פּאָטער. די סאָוועטן האָבן אין סעפּטעמבער פאַרנומען דעם פאָטער און אים אומגעבראַכט. די נאַציס האָבן פאַרענדיקט די משפחה זשעלעזניקאָוו — אין 1943...

## חיימסאָן־באָסטאָמסקי, מלכה

— געבוירן אין 1888 אין נאַצע, א קליין שטעטל לעבן אייישעשאַק, וואו איר פאָטער איז געווען רב. געווען א געבילדעטע

און אויסגעצייכנטע לערערין — געשטודירט אין שווייץ פעדאגאגישע וויסנשאפטן. אין 1915—1922 האט מ. חיימסאן געארבעט אין דער ווילנער ש. פרוגשול, שפעטער — אין דער גימנאזיע פון ס. מ. גורעוויטש. מ. חיימסאן איז געווען איינע פון די בעסטע לערערינס פון נאטור־וויסנשאפט, געאגראפיע, און אין די לעצטע יארן — אויך פון יידישער שפראך און ליטעראטור. אויף די אנגערופענע געביטן איז זי געווען זייער שעפעריש און פאר א סך יידישע לערער — א וועג־ווייזערין. אין די רייען פון די צישא־לערער האט זי פארנומען א זייער אנגעזעען ארט.

מ. חיימסאן האט פארמאגט גרויס טעארעטיש און פראקטיש וויסן, ניט ווייניקער —פעדאגאגישע אינטואיציע. זי האט פארעפנטלעכט א גרויסע צאל מעטאדישע ארטיקלען אין די פעדאגאגישע אויסגאבן פון צישא און באזונדערס — אין „שולפריינד". צוזאמען מיט איר מאן, שלמה באסטאמסקי, האט זי רעדאגירט לערנביכער פאר דער שול און אויסגאבן פאר לערער און פאר תלמידים: צווישן אנדערע — „לעבעדיקע קלאנגען" און „דאס נייע ווארט"; די „גרינינקע ביימעלעך" און דער „חבר".

זי האט געפאדערט א סך פון אירע תלמידים און איז געווען אויסערלעד שטרענג. זי האט אבער פארמאגט אינערלעכע ווארעמקייט, געווען א גוטער חבר, מיט שטענדיקער גרייטשאפט געהאלפן חברים־לערער מאטעריעל און גייסטיק.

אין דער צייט פון נאצישן רעזשים איז מ. חיימסאן געווען אין ווילנער געטא. שוין די ערשטע טעג אין געטא האבן אויף איר געמאכט א דערשיטערנדיקן איינדרוק. זי האט זיך קיין עצה ניט געקענט געבן צו באקומען א שטיקל ארט פאר זיך, צו פארדינען א שטיקל ברויט. זי איז קראנק געווארן. דאס ליגן קראנק — צווישן איין הר׳גה און א צווייטער — איז פאר דער אלטער לערערין געווען נישט אריבערצוטראגן. דאס ווייניקע, וואס הונגעריקע פריינד האבן פאר איר פון זיך אפגעשפארט, האט זי אויפגעהערט צו נעמען. ביז צען טעג האט זיך מ. חיימסאן־באסטאמסקי אפגעמאטערט, נישט נעמענדיק קיין זאך אין מויל, און האט אויסגעהויכט איר נשמה אויפן 63־טן לעבנס־יאר (אין 1941).

## חיות, חיים

**חיות, חיים** — אסיסטענט אין ווילנער אוניווערסיטעט און וויסנשאפטלעכער מיטארבעטער פון ייווא. ער האט פארעפנטלעכט וויכטיקע ארבעטן אויפן געביט פון פילאלאגיע.

אין 1939 איז ער אוועק מיט דער רויטער ארמיי פון ווילנע. געווען א לערער אין אשמענע, און אין 1940 זיך צוריקגעקערט אין ווילנע און אנגעהויבן ארבעטן אין ייווא.

די דייטשן האבן חיותעס נאמען געהאט ביי זיך שוין פון פריער אנגעמערקט. שוין אין סוף יולי 1941 זיינען געקומען צו אים געסטאפא־באנדיטן און אים צוגענומען פון שטוב.

די פרוי, דער זונעלע און דער פרויס פאטער (קעמאד) זיינען אנטלאפן קיין לידע, וואו זיי זיינען דערמארדעט געווארן אין דער דארטיקער שחיטה דעם 8־טן מאי 1942.

## טאבאטשינסקי, קריינדל

**טאבאטשינסקי, קריינדל** — געבוירן אין ביאליסטאק, פורים 1897, איר פאטער איז געווען א שותף פון א באקאנטער טאבאק־פאבריק. קריינדל האט געענדיקט א רוסישע גימנאזיע, און גאר



יונג איז זי צוגע־שטאנען צו דער נייער שול־באוועגונג און אליין געארבעט אין דעם מענדעלע־קינדער־גארטן ביים יוגנט־פאריין. זי איז אויך געווען אקטיוו אין דער גרויסער ארבעט ארום די שולן, — געווען א געטרייער מיטגליד פון „בונד".

קריינדל טאבאטשינסקי (געב. ניעוויא־דאווסקי) האט געהאט אין זיך א סך אידעאליזם, זי האט געבראכן טראדיציעס און קאנווענציאנאליטעטן כדי זיך אפצו־געבן מיט לייב און לעבן איר אידייע. זי האט פינקטליך און געטריי אויסגעפירט אירע געזעלשאפטלעכע פונקציעס און איז געווען א שעפערישער אפטימיסטישער מענטש. זי האט זיך שטענדיק איינגע־שטעלט פאר זאכן וואס זי האט גע־האלטן פאר וויכטיק, און האט אין דער הינזיכט ארויסגעוויזן א גראדליניקייט. א געוויסע צייט איז זי געווען אסיס־טענטקע אינעם פעדאגאגיש־פסיכאלאגישן קאבינעט פון ליובע קאנעל.

אין דער צייט פון דער נאצישער אקו־פאציע איז קריינדל פארבליבן אין ביאלי־סטאקער געטא און געארבעט אין יודן־ראט. אין די דאזיקע גרויליקע טעג אין געטא,פארלירנדיק איר בן־יחיד שמואל, וועלכער איז דערמארדעט געווארן דורך די דייטשן; זייענדיק אפגעריסן פון איר מאן בנימין, וועלכער איז געווען אין די פאראייניקטע שטאטן אין שליחות פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג און פון דער ציש"א; דורכמאכנדיק צוזאמען מיט אירע עלטערן דעם גאנצן פיין פון די דייטשע רדיפות, — האט קריינדל פונדעסטוועגן ארויסגעוויזן אומגעהויערן מוט, שטאלץ, שטארקייט און ממש העל־דישקייט. זי האט געמוטיקט אלע ארו־מיקע, ווען זיי זיינען געגאנגען צוזאמען זייער לעצטן וועג.

דעם 16־טן אויגוסט 1943 איז זי ארויסגעפירט געווארן פון ביאליסטאקער געטא קיין טרעבלינקע.

ס י מ ע  ק א פ ל א ן

**טאלפין, משה** — געבוירן אין אסט־ראה, וואלין, אין יאר 1869. זיין גאנץ לעבן אוועקגעגעבן פאר דער ארבעט פון וועלטלעכער בילדונג פאר דער יידישער באפעלקערונג. נאך זיין קוואליפיצירן זיך אלס לערער, האט ער געעפנט א פריוואטע שול פאר יידישע קינדער מיט דער הילף פון דער חברה מפיצי השכלה. די שול איז געווען א זייער ווירקזאמער כוח אין דער יידישער אסטראוו ביזן יאר 1903, ווען מ. טאלפין איז אריבער אין א ייד. רעגירונגס־שול אלס לערער. אין זיין פרי־וואטער שול האט מ. טאלפין דערצויגן עטלעכע דורות יידישע יונגעלייט מיטן אינטערעס צו וועלטלעכער יידישקייט און צו אלגעמיינער קולטור. סיי אין דער פריוואטער שול סיי אין דער רעגירונגס־שול האט מ. טאלפין איינגעפירט יידיש אלס א רעגלמעסיקן לימוד.

נאך דער רעוואלוציע פון 1917 האט ער אויך געלערנט אין דער ניי־געגרינ־דעטער פרץ־שול און אויף די אוונט־קורסן פאר ארבעטער אויפן נאמען פון בער בארכאוו.

זיין דערפאלגרייכע לערער־טעטיקייט האט משה טאלפין נישט איבערגעריסן ווען אסטראה איז אריבער צו פוילן. זיין טעטיקייט איז קיינמאל נישט געווען בא־גרענעצט מיט לערעריי. ער האט זיך בא־טייליקט אין דער ארבעט פון דער חברה

מפיצי השכלה, אזע, ציוניסטישער ארגאניזאציע, און נאך דער רעוואלוציע געווען אין סימפאטיע מיט פועלי־ציון. געווען טעטיק אין דער „קולטור־ליגע”, געווען דער סעקרעטאר פון דער יידישער קהילה; מיטגעארבעט אין ייווא אלס טעטיקער זאמלער פון פאלקלאר; מיטגעארבעט מיט ש. אנ—סקין אין זאמלען וויכטיקע היסטארישע חפצים אין אסטראה; געווען טעטיק אין „טאז” און אין דער פארוואלטונג פון אסטרער יתומים־הויז.

משה טאלפין מיט זיין פרוי חיה־לאה, טאכטער סאניע, מיטן איידעם און צוויי זין, זיינען אומגעקומען בשעת די דייטשן האבן פארניכטעט די געטא אין אסטראה אין די יארן 1941־1942.

**טאָלפין־גייערמאַן, סאָניע** — געבוירן אין 1901 אין אסטראה, וואלין. א טאכטער פון משה טאלפין. סאניע האט אין איר פריער יוגנט געארבעט אלס פרעבליסטין אין דעם ניי־געשאפענעם ארטיקן קינדער־היים אין די יארן 1918־1920. געהאט מיטעלע בילדונג און דורכגעמאכט א צוגרייטונג־קורס פאר לערער אין ווארשע, איינגעארדנט דורך דער צישא. אין די יארן 1923־1924 האט זי געארבעט אלס לערערין פון ערשטן קלאס אין דער יידישער פאלקשול אין דער שטאט סטרי — גאליציע. צוליב שווערע משפחה־אנגעלעגנהייטן האט זי געמוזט פארלאזן די ארבעט. אין די ווייטערדיקע יארן איז זי שטענדיק געווען טעטיק ביי אונטערנעמונגען לטובת די יידיש־וועלט־לעבע שולן.

אומגעבראכט אין אסטראהער געטא אין 1942.

**טאָפּטשע, יהודית** — א מענטש מיט א פעסטן כאראקטער און שטארקן ווילן איז געווען יהודית טאפטשע. קלייןגעוויקסיק און ברייטביניק איז זי געווען.



פון איר מויל האבן זיך שטענדיק געשאטן קלארע און אויסגעהאקטע געדאנקען. די ארויסגעזאגטע מיינונגען פלעגן אפט באגלייט ווערן מיט א זשעםטיקולאציע פון דער האנט און א שאקל מיטן קאפ, אויף וועלכן ס׳פלעגן זיך א טרייסל טאן די בלאנדע קורץ־געשארענע האר. פון דער טריבונע פלעגט זי שיטן מיט בליציקע געדאנקען און געווען איז זי שטענדיק זיכער אז דאס וואס זי זאגט ארויס איז הונדערט פראצענט ריכטיק.

אן אידעאליסטין אין פולסטן זין פון ווארט, האט איר קיין זאך ניט אפגעשטעלט, קיין שום סכנה האט איר ניט אפגעשראקן ארויסצוזאגן אדער טאן זאכן וואס זי איז געווען זיכער, אז עס וועט ברענגען נאענטער צום ציל, אין וועלכן זי האט געגלויבט.

באקאנט האב איך זיך מיט איר צום סוף פון די 20־קער יארן אין בריסק, ווען זי איז געקומען פון דער קאלישער באראכאוו־שול צו ארבעטן אין דער בריסקער באראכאוו־שול.

אין קלאס איז זי געווען שטייף און דאך איז געווען אין איר א מילדקייט. קינדער האבן איר ליב געהאט און זי האט ליב געהאט קינדער מיט איר גאנצער נשמה. זי האט געגלויבט, אז זי טוט א הייליקע ארבעט — דערציט יידישע קינדער אלס צוקונפטיקע מאדערנע פאלקסמענטשן און ארבעטער־טוער.

די לאַגע אין דער פּינסקער באָראָכאָוו־שול האָט איר געצוואונגען, נאָך צוויי יאָר אָפּלערנען אין בריסק, אַהין אַריבערצופאָרן. דאָרטן איז זי פּאַקטיש געוואָרן די מאַמע פון דער שול. צוזאַמען מיט קאַפּל בוסל, פּאַרזיצער פון דער שול, האָט זי געטראָגן דעם גאַנצן יאָך פון דער שול־אַרבעט, און געווען זײַנען דאַן צייטן זייער שווערע פאַר יידישן שולוועזן! שווער מאַטעריעל און נאָך שווערער צוליב די פאַרפאָלגונגען מצד דער שול־מאַכט. שול־אינספּעקטאָרן אויף די קרעסן האָבן אָנגעטאָן צרות די שולן. זיי פּלעגן אומדערוואַרטערהייט זיך אַרײַנכאַפּן אין די ציש״אָ־שולן, און זוכן עבירות. טאָפּטשע מיט איר גוטן פּויליש רעדן, מיט איר גיכער פּוילישן אויסזען ווי יידישן, איז געשטאַנען ווי אַ דעמב קעגן די רדיפות. זי פּלעגט אָפּשלאָגן אַלע טענות און פאַלשע באַשולדיקונגען, אַז אין די ציש״אָ־שולן באַקומען ניט די קינדער קיין געהעריקע דערציאונג אַלס פּוילישע בירגער.

אויסגעצייכנט האָט זיך טאָפּטשע אין פּינסק אַלס ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט פון דער לינקער פּועלי־ציון פראַקציע. אירע דרייסטע אַרויסטרעטונגען, איר פאַדערן רעכט פאַר די יידישע מאַסן, האָבן אַרויסגערופן דעם צאָרן פון דער פּוילישער רעאַקציע. טאָפּטשען האָט אָבער קיין שום זאַך ניט אָפּגעשראָקן.

די מלחמה האָט טאָפּטשען געטראָפן אין פּאַריז. ווען די נאַציס זײַנען אַהין אַרײַן, האָט זי פאַרנומען דעם פּאָסטן פון פאַרוואַלטערין פון דער אַרבעטער־קיך ביי דער אַרבעטער־היים.

אין איין פינצטערן טאָג זײַנען אין קיך געקומען נאַצי־אַגענטן, האָבן איר אַרויסגעפירט אינדרויסן און דערשאָסן.

מ. מענאַכאָווסקי

## טורבאָוויטש, לייב

— האָט געענדיקט אין 1907 דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט און נאָך דעם איז ער געווען לערער אין מלוכהשע פאָלקשולן אין בריסק און אין אַנדערע שטעט. זײַן גאַנצן לעבן האָט ער ניט אויפגעהערט צו לערנען און באַרייכערן זיך מיט וויסן.



אונטער דער פּוילישער הערשאַפט גיט ל. טורבאָוויטש אָפּ דעם מאַטורעלן פּוילישן עקזאַמען און טרעט אַרײַן אין ווילנער אוניווערסיטעט אויפן היסטאָרישן פאַקולטעט, וועלכן ער ענדיקט מיטן טיטל מאַגיסטער (פילאָזאָפיע).

אין דער צייט פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע האָט ל. טורבאָוויטש געאַרבעט אין פאָלקשולן, — אויב איך מאַך ניט קיין טעות איבערהויפּט אין העברעאישע. אָבער עס ציט אים צום יידישן נאַטירלעכן שולוועזן אויף מאַמע־לשון. אין 1922 אַרבעט ער שוין אין דער 8־קלאַסיקער פּראָג־שול, — שפּעטער איז ער דאָ אויך צייטווייליקער פאַרוואַלטער.

אין דער צייט פון אויפבלי פון ווילנער קהילה אָנהויב 1920־קער יאָרן ווערט ל. טורבאָוויטש אַראָפּגענומען פון זײַן לערערשער אַרבעט אין די פאָלקשולן און ווערט באַשטימט אַלס געהילף־פאַרוואַלטער פון בילדונגס־דעפּאַרטמענט פון דער ווילנער קהילה. אויף אים איז געפאַלן די אחריות פאַר דער פּעדאַגאָגיש־דידאַקטישער זייט פון יידישן שולוועזן מיט וועלכן די קהילה האָט דעמאָלט אָנגעפירט. ל. טורבאָוויטש איז דעמאָלט

געוועזן אן אנהענגער פון א סינטעטישער שול.

אין 1926 איז ל. טורבאָוויטש געוואָרן דירעקטאָר פון דער הומאַניסטישער גימנאַזיע פון ווילנער צ. ב. ק., און מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער — דירעקטאָר פון דער רעאַל־גימנאַזיע פון צ. ב. ק.

די ערשטע און די גרעסטע יידישע רעאַל־גימנאַזיע האָט ניט געהאַט קיין צופיל מזל צו אירע דירעקטאָרן. פון אָנהויב איז זי פאַרוואַלטעט געוואָרן דורך אַ קאָלעגיע פון דריי, און ווי אַלעמאָל אין אַזעלכע פאַלן — האָט די סיסטעם ניט געאַרבעט ווי געהעריק. איז איינגעלאַדן געוואָרן אַלס דירעקטאָר דער שוואָגער פון שלמה און מאיר מענדעלסאָן, דער געלערנטער מאַטעמאַטיקער און פּראָפעסאָר פון בערנער אוניווערסיטעט, שאול־העניאָך בערלינער. ער האָט געהאַט גרויס אָנזען אין די אָפיציעלע בילדונגס־קרייזן פון דער פּוילישער מאַכט, און די ציִשאָ האָט געלייגט שטאַרקע האָפענונגען, אַז אַדאַנק פּראָפעסאָר בערלינער וועט די רעאַל־גימנאַזיע באַקומען מלוכהשע רעכט; אין אַ געוויסער מאָס איז טאַקע די דאָזיקע האָפענונג שפּעטער מקוים געוואָרן. אָבער פּראָפעסאָר בערלינער האָט ניט לאַנג געאַרבעט אין דער רעאַל־גימנאַזיע. ער איז געווען דורך און דורך אַ פּוילישער ייד און קוים געקענט זיך אַריינפּאַסן אין אַ ראַם, וואָס האָט געהאַט ניט נאָר איר אויסערלעכן נוסח ווילנע נאָר דעם טיפן אינהאַלט פון ירושלים ד'ליטע. ער האָט דעם פּאָסטן פון דירעקטאָר פאַרלאָזן און זיך אומגעקערט צו זיין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אין בערנער אוניווערסיטעט.

האָט זיך איינגעגעבן צו אַנגאַזשירן פאַרן דירעקטאָר־אַמט פון דער ווילנער רעאַל־גימנאַזיע — יוסף יאַשונסקי. אָבער זייענדיק אין דירעקטאָר־אַמט, האָט ער אַריבערגעטראָגן אַ שווערע אויגן־אָפּעראַציע, וואָס האָט אים אויף חדשים צוגעשמידט צום בעט און געצוואונגען אים סוף כל סוף צו רעזיגנירן אויך פאָרמעל פון דער אַרבעט אין דער רעאַל־גימנאַזיע.

דעמאָלט איז אויפגעשוואומען די קאַנדידאַטור פון ל. טורבאָוויטש: ער האָט געהאַט אַ דיפּלאָם פון פּוילישן אוניווערסיטעט, דערצו נאָך אַ ספּעציעלע פּעדאַגאָגישע אויסבילדונג מיט אַ לאַנגיאָריקער פּראַקטיק פון לערערשער אַרבעט. ער איז איצט געשטאַנען נענטער צום יידישוועלטלעכן שולוועזן ווי צו אַנדערע ריכטונגען. מיט זיין אַריינטרעטן אין רעאַל־גימנאַזיע אַלס דירעקטאָר האָט ל. טורבאָוויטש געפונען זיין ריכטיקן פּלאַץ סיי אין זיין פּערזענלעכן סיי אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. און ווייל ער איז געווען באַוואָפנט מיט כלערליי וויסנשאַפטן פון וועלטלעכן כאַראַקטער און מיט טיפע ידיעות אין יודאַאיקאַ, האָט ער געקענט קאָנטראָלירן דעם גאַנצן היקף פון אַלע לימודים און געבן סיי די לערער, סיי די תלמידים די נויטיקע אָנווייזונגען. און די רעאַל־גימנאַזיע האָט דאָך געדאַרפט צוגרייטן אינטעגראַלע יידישע אינטעליגענץ פאַרן אָנפירן מיט פאָלקס־אַרבעט אויף פאַרשיידענע געביטן פון געזעלשאַפטלעכקייט.

האָט טאַקע די רעאַל־גימנאַזיע בימי ל. טורבאָוויטש דערגרייכט די העכסטע שטופע פון דעם וואָס אַזאַ בילדונגס־אַנשטאַלט דאַרף אויף איר שטיין. ער האָט זיך באַמיט צו לענקען די גרינגע יוגנט אויף די וועגן פון באַקומען גרינטלעכע ידיעות אין פאַרשיידענע קעגנשטאַנדן.

ל. טוהבאָוויטש איז געווען דירעקטאָר ביזן סאַמע אויסברוך פון דער מלחמה

1939. אין דער צייט פון די סאוועטן איז דער דירעקטאריאט איבער דער גימנאזיע איבערגעגעבן געווארן צו מירע בערנשטיין.

ל. טורבאוויטש איז געווען אויך דירעקטאר פון דער גימנאזיע אין געטא. ער האט דא געארבעט יומם ולילה איבער א היסטארישער מאנאגראפיע וועגן ווילנע, און ער האט דערפאר באקומען פון דער „פאריייניקונג פון ליטעראטן און קינסטלער" — פינף טויזנט רובל האנאר. ער פלעגט אין געטא אויך האלטן רעפעראטן אין לערער־פארבאנד וועגן קולטור־ און שול־פראבלעמען. ל. טורבאוויטש איז פון געטא אוועקגעשיקט געווארן אין עסטאניע, און דארט איז ער אומגעקומען.

לייב טורבאוויטש איז געווען איינער פון די אממערסטן געבילדעטע יידישע פעדאגאגן. ער איז געווען מלא וגדוש מיט יידישן און אלגעמיינעם וויסן. ער האט ארויסגערופן צו זיך אכטונג אין פארשיידענע שיכטן פון דער ווילנער באפעלקערונג — מיט זיינע גרויסע פערזענלעכע מעלות פון אן אומבאפלעקטן עסקן און פעדאגאג. ער האט אויך געהאט גרויס אנזען אין דער צענטראלער יידישער שול־ארגאניזאציע און צווישן דער לערערשאפט. ער איז געווען א בנעימותדיקער רואיקער מענטש און אויפמערקזאמער חבר. זיין גוטמוטיקער שמייכל איז געווען א ווארעמער, א טיף־מענטשלעכער.

ה. אבראמאוויטש

***

אין זיין בוך „דאס גייסטיקע פנים פון געטא" דערציילט א. אייזען וועגן דער פינצטערער צייט אונטער די נאצים:

„עס טויכט פאר מיר אויף די געשטאלט פונעם שטילן מענטשן און איבערגעגעבענעם פעדאגאג, דעם היסטאריקער ל. טורבאוויטש. די גרויסע גע־דולד אינעם דערציען זיינע תלמידים, די הייסע ליבשאפט צו דער יידישער פאלקסשאפונג, שפראך און קולטור, די הארטע עקשנות און שטארקער ווילן אויסצופארמירן אן אריגינעלן, קערנדיקן, אינעם פאלקיש־גייסטיקן באדן פארווארצלטן, יידיש־מענטשלעכן טיפ, האט ער איבערגעטראגן פון דער בארימטער ווילנער רעאל־גימנאזיע, וואו ער איז געווען דירעקטאר, אין דער 12־טער מיטלשול אין די יארן 1941-1940 (בעת די סאוועטן), און פון דארט אין געטא. דא — אין געטא — האט ער באוויזן אויסצושטראלן פון זיך אט די אינטימע ווארעמקייט, וואס איז נייטיק געווען, כדי באטש טיילווייז צו היילן די טיפע וואונדן פון די נידערגעשלאגענע, זעליש אויפגעטרייסלטע קינדער. מיט דער זעלבער ווארעמקייט און זארג האט ער ארומגעהילט די געציילטע, צייטווייליק לעבנגעבליבענע לערער און דערציער, וואס זיינען ארוים פון די לעבער, באהעלטענישן און ארבעטס־לאגערן. ער האט זיי אויפגעמונטערט מיט זיין טרייסטווארט און געשטארקט מיט זיין ביישפיל, הגם טיף אין זיך האט ער געשפירט דעם גיך אנקומענדיקן סוף... נישט וואגן פאר די קינדער ארויסצואווייזן די מינדסטע געבראכנקייט אדער פארצווייפלונג! — אט דאס איז געווען זיין דערציאונגסלאזונג אין געטא. וואס מער אומגליק אין דרויסן, אלץ מער גייסטיקע שטארקייט אין אנבליק פון די קינדער. זיין פאר זיי נישט בלויז לערער און מחנך, נאר ווי וויט מעגלעך פארטרעטן פאר זיי די פעלנדיקע, אקארשט פארשניטענע עלטערן, ברידער און שוועסטער.

און דאס לערנען גייט אן וויטער!

...אט אזוי האט זיך דער שטילער, שווייגנדיקער ל. טורבאוויטש איבערגע־

פורעמט אין געטאָ — אינעם ציטערדיקן זאָרגער און פאַרזאָרגער פון הונדערטער דערשיטערטע, צעקאַליעטשעטע קינדער־נשמות. אויסערלעך שטרענג, קיל און מאָנומענטאַליש רואיק, אינערלעך פול מיט איידעלן טרויער און מיט פאַטערלעך אויפגערודערטער, האַרציקער וואַרעמקייט, האָט ער זיין פיינלעכע גליקזעליקייט געפונען אין דער דערהויבענער, טרייסטנדיקער אַרבעט און אינעם ווילן צו דערגיין מיט די קינדער ביז דער ענדע. אויב זיי מוזן אומקומען, טאָ זאָל עס געשען מיטן יידישן וואָרט אין זייער מויל און מיט דער גרויסער פאָלקסבענקשאַפט צו מענטשלעכער גערעכטיקייט אין זייער האַרצן! אויב זיי דאַרפן נישט זיין, טאָ זאָל אינעם דאָזיקן נישט־זיין זיך אַריינרייסן דער נישט־אויסגעלעבטער פלאַטער פון זייערע נשמהלעך און אויפקלינגען דאָרט ליכטיק, לויטער, ריין ווי דער צאַרטער פליגל־שאָרך פון הימלישע מלאכימלעך...״

וועגן דער זעלבער געטאָ־תקופה דערציילט ד״ר מ. דוואָרזשעצקי:

„רירנדיק פלעגן פאַרקומען די „סיומס״ אין די שולן צום סוף פון געטאָ־לערן־יאָר, ווען די קינדער האָבן באַקומען זייערע צייגענישן און אַריבערגיין אין אַ העכערן קלאַס. די אַביטוריענטן פון שול זיינען אַריבערגעגאַנגען אין דער טעכנישער שול אָדער אין די טעכנישע וואַרשטאַטן צו באַקומען אַ זעלבשטענדיק אַרבעטס־ביכל. בלייבן אויף נאָך אַ יאָר האָט זיך גערעכנט ביי די קינדער פאַר אַ גרויסער טראַגעדיע...

די קינדער־אַביטוריענטן פלעגן פאַרלעזן זכרונות וועגן איבערלעבונגען אין שול, געזעגנען זיך מיט זייערע יינגערע חברים און מיט די קלאַסן־דערציערס און שול־פאַרוואַלטערס, און דערביי לזכרון געבן זייערע שול־פאַרוואַלטערס מתנות. יעדע מתנה, באַגלייט מיט אַ געזעגענונגס־רעדע, מיט אַ פאַרפאַסט ליד און אָפטמאָל מיט אַ לעבעדיקע בלום (ווי איז עס די קינדער געלונגען צו קריגן די בלומען ?). אַזעלכע מתנות דערמאָן איך זיך, האָבן באַקומען די לערערס משה אַליצקי, ברוך לובאַצקי, יוסף לייקין, טורבאָוויטש, גדליהו בושעל.

טורבאָוויטש, דער געוועזענער פאַרוואַלטער פון דער אַמאָליקער באַרימטער ווילנער רעאַל־גימנאַזיע, וועלכער האָט געוואָלט אין געטאָ פירן זיין שול אַזוי פעדאַגאָגיש און מיט שטרענגע פאָדערונגען צו די קינדער ווי אַמאָל — ווען ער האָט באַקומען זיין מתנה, בייגעלייגט מיט אַ בלום, האָט ער געוויינט אין זאָל ווי אַ קליין קינד, און אויסגעזען האָט ער, ווי אַ שאָטן פון אַמאָליקן טורבאָוויטש״...

**טייכמאַן, מ.** — און זיין פרוי זיינען געקומען קיין וואַרשע אַן ערד אין 1928. ביז דאַן האָבן זיי געאַרבעט אין וואָלקאָוויסק און ביעלסק, — מ. טייכמאַן איז געווען אַ לאַנגיאָריקער פאַרוואַלטער פון דער דאָרטיקער יידישער פאָלקשול. נאָך פאַר זיין באַזעצן זיך אין וואַרשע האָט מ. טייכמאַן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט מיט זיינע אַרויסטרעטונגען אויף די לערער־קאָנפערענצן וועגן יידיש־ און געשיכטע־לימוד, ווי אויך מיט זיינע אַרטיקלען וועגן די דאָזיקע לימודים. אין וואַרשע האָט מ. טייכמאַן אָנגעהויבן אַ ברייטע און אינטענסיווע פעדאַגאָגישע טעטיקייט. ער איז געווען לערער אין די וואַרשעווער צישאָ־שולן און אַ געוויסע צייט אויך דער פאַרוואַלטער פון דער גרויסער י. כמורנער־שול. ער איז אויך געווען איינער פון די איניציאַטאָרן פון דער פעדאַגאָגישער אויסגאַבע „ש ו ל־

וועגן״, וועלכע האט טאקע אנגעהויבן דערשיינען אין מערץ 1934 און איז מיט דער צייט געווארן דער פּעדאגאגישער ארגאן פון ציש״א, נאך דעם ווי די „נייע שול" האט אויפגעהערט צו דערשיינען.

אין 1938 איז אינעם פארלאג „קינדער־פריינד" ארויס מ. טייכמאנס א גרעסערע דערציילונג „מיין יאר", אין וועלכער א שילערין פון דער יידיש־וועלטלעכער שול דערציילט וועגן איר לעבן אין דער ארעמער היים, וואו זי מאכט דורך אלע שווערע איבערלעבונגען און צרות צוגלייך מיט די עלטערן; זי האט אבער אויך א צווייט שענער און בעסער לעבן אין דער שול צווישן חברים, חברטעס און לערערס, אויף די לעקציעס, אויף פארשיידענע שול־יום־טובים. מיר זעען דא ווי אינטים מ. טייכמאן איז פארבונדן מיט דער יידישער שול, ווי נאענט און ליב עס איז אים איר גייסט, אירע האנגלענישן און קאמפן, דערגרייכונגען און נצחונות. דער דערמאנטער פארלאג „קינדער־פריינד" איז געווען דאס ליבלינגס־ווערק פון מ. טייכמאן. דאס איז געווען זיין אידייע און איניציאטיוו. ער האט עס אויסגעארבעט דעם דעטאליזירטן פראיעקט, ווי אזוי דעם פארלאג צו ארגאניזירן און אוועקשטעלן אויף פעסטע פינאנציעלע יסודות, כדי ער זאל באמת קענען באדינען די שול מיט צוגעפאסטע אויסגאבעס. מ. טייכמאן האט לאנג און א סך געארבעט איבער דעם פראיעקט, און דער פארלאג איז פאר אים געווארן א לעבנס־ענין.

במשך פון 5־6 יאר האט דער פארלאג „קינדער־פריינד" ארויסגעגעבן סיסטעמאטיש ביכער פאר עלטערע און יינגערע קינדער — אין צוויי סעריעס: ביבליאטעק א און ביבליאטעק ב, אריגינעלע און איבערגעזעצטע ווערק פון דער וועלט־ליטעראטור. דאס אלץ האט דער פארלאג געהאט צו פארדאנקען אין דער גרעסטער מאס מ. טייכמאנען, וועלכער האט געווידמעט זיין גאנצע ענערגיע דער נייער אונטערנעמונג. ער האט כסדר געטראכט, ווי אזוי דעם פארלאג אויסצוברייטערן, פארגרעסערן זיינע פינאנציעלע רעסורסן און קענען ארויסגעבן גרעסערע ווערק און וואס אפטער. די יידישע שולן האבן א סך גענאסן פון די פאזיטיווע דערגרייכונגען פונעם פארלאג. די קינדער־ביבליאטעקן ביי די שולן האבן צובאקומען א גוטן צוגעפאסטן לייען־מאטעריאל, און אייניקע ביכער פון „קינדער־פריינד" זיינען אויך געלערנט און באארבעט געווארן אין דער שול.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראכן, האבן די טייכמאנס פארלאזט ווארשע און געקומען קיין ביאליסטאק. דא האבן זיי ביידע באקומען ארבעט אין די סאוועטיזירטע יידישע שולן. ווי א בונדיסט, האט מ. טייכמאן זיך געפילט גארנישט זיכער מיט זיין ארבעט, ווייל די סאוועטישע מאכט האט מיט דער הילף פון אירע יידישע משרתים זיך גלייך גענומען רייניקן די יידישע גאס פון בונדיסטן. די טייכמאנס האבן געטראכט וועגן אנטלויפן קיין ווילנע, אבער צוליב זייער קינד, א יינגעלע פון 9 יאר, און צוליב דעם וואס זיי האבן שוין געהאט אן אייגן ווינקל ביי משפחה — א זאך וואס אנדערע היימלאזע פליטים האבן עס באטראכט ווי א גליק, — האבן זיי בסדר אפגעלייגט דאס „גנבענען די גרענעץ" פון סאוועטיש־אקופירטן ביאליסטאק קיין ווילנע, וואס איז דעמאלט געווען אונטער דער ליטווישער הערשאפט.

מיר פלעגן זיך אפט טרעפן אין ביאליסטאק אין יענע טעג און, ווי געוויינטלעך, א סך שמועסן און מיט ווארעמקייט און בענקשאפט דערמאנען די אמאליקע טעג אין ווארשע. „נישט געזארגט — פלעגט מ. טייכמאן זיך צוגעבן מוט אין אזעלכע

מאַמענטן, — מיר וועלן צוריק קומען קיין וואַרשע, וועלן מיר אָנהויבן אַרויסגעבן אַ וואָכן־צייטונג פאַר קינדער, איך האָב שוין צוגעגרייט אַ גענויעם פּלאַן".

די פאַמיליע טייכמאַן, ווי געבוירענע אין ביאַליסטאָקער געגנט, זיינען הפּנים נישט עוואַקואירט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט קיין רוסלאַנד. זיי זיינען מסתמה אומגעקומען בעת דער היטלער־אָקופּאַציע אין ביאַליסטאָק.

י. ר אַ ט ע נ ב ע ר ג

## טייכמאַן ־ לעווינטאַן, חנה —

שטאַמט פון ביעלסק, אַ טאָכטער פון אָרטיקן מורה הוראה. געענדיקט גימנאַזיע און בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין ערשטן וועלט־קריג באַזוכט דייטשע לערער־קורסן און שפּעטער געווען אַ לערערין אין דער שול אויף דער דייטשער שפּראַך. חנה לעווינטאַן איז געווען אַ טיפּישע פאַרשטייערין פון אַ גאַנצער גענעראַציע ביעלסקער פאָלקסטימלעכער אינטעליגענץ, וועלכע האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער בויאונג און פאַרפולקאָמונג פון דער נייער יידיש־וועלטלעכער שול. אָנהייב די 20־קער יאָרן האָט זי באַזוכט פאַרשיידענע לערער־קורסן וואָס די ציש״אָ האָט אָרגאַניזירט אין וואַרשע. אַ סך יאָרן האָט זי געאַרבעט אין די ציש״אָ־שולן אויף דער פּראָווינץ און שפּעטער אין וואַרשע גופא. זי איז געווען אַ סימפּאַטישע און פעאיקע לערערין, געהאַט גרויס דערפאָלג אין איר שול־אַרבעט. אַ האַרציקער מענטש, האָט זי אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט מיט אירע שילער שוין נאָך דעם ווי זיי האָבן געענדיקט די שול. זי איז געווען די פרוי פון מ. טייכמאַן, און צוזאַמען מיט אים און זייער קינד אַלעק אומגעקומען אונטער די נאַציס.

## טעוועל ־ בלומענטאַל, מ ר י ם

(מאַניע) — געבוירן אין דעמביץ (מערב־גאַליציע) דעם 1־טן אויגוסט 1904. געענדיקט אוניווערסיטעט אין קראָקע און צו 23 יאָר באַקומען דאָקטאָראַט פון פּוילישער ליטעראַטור פאַר אַן אַרבעט „די ביבל ביי די פּוילישע ראָמאַנטיקער". געווען דערנאָך לערערין אין די פּויליש־יידישע גימנאַזיעס פון דער „געזעלשאַפט צו גרינדן יידישע שולן אין לובלין". דאָרט חתונה געהאַט מיט ד"ר נחמן (נאַכיק) בלומענטאַל. פאַרמאָגט אַ סך טיפן וויסן און געווען אַן אויסגעצייכנטע לערערין, געהאַט אַן ערנסטן צוגאַנג צו יידישע פּראָבלעמען.

אין די יאָרן 1939—1941 געווען לערערין אין אַ פּוילישער מיטלשול אין באַרשטשאָוו. דעם 7־טן יוני 1943 דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט איר זון אוריאל (געבוירן דעם 16־טן פעברואַר 1940) דורך די נאַצישע מערדער אויפן בית־עולם אין וויעלעפּאָלע, וואַרשעווער קרייז. עקסהומירט און איבערגעפירט אויפן יידישן בית־עולם אין וואַרשע.

## טעמפּעל, לאה — באַגאַבטע לערערין פון ריטמיק און טענץ, אַליין אַן אַביטוריענטין פון דער יידישער פאָלקשול. איך געדענק זי נאָך אַלס שילערין פון דער 7־טער אָפּטיילונג אין דער שול אויף נאָוואָליפּקי 68 אין יאָר 1922. זי איז געווען איינע פון די אָממערסטן צורזאַנדיקע קינדער. די שול האָט זיך מיט



איר געגרויסט און שטאָלצירט. אַלזייטיק פעאיק, האָט זי זיך פון אירע ערשטע

טעג אין שול אויסגעצייכנט מיט א זעלטענעם מוזיקאלישן געהער, מיט א דראנג און ליבשאפט צו טענץ און ריטמיק.

א קינד פון דער ווארשעווער ארעמקייט, האט זי פון איר פריסטער קינדהייט (געבוירן אין 1908) געליטן נויט. זי האט זיך שטארק צוגעבונדן צו דער שול, צו אירע לערער, חברים און געפונען דא פאר זיך א ווארעמע היים. זי האט זיך אין שול פילזייטיק אויסגעלעבט: זי האט זיך זייער פלייסיק און גוט געלערנט; ארויסגעוויזן אינטערעס און ליבשאפט צו די פארצווייגטע טעטיקייטן פון דער קינדער - זעלבסט - פארוואלטונג; באטייליקט זיך מיט ערנסטקייט אין די וועכנטלעכע „אלגעמיינע שמועסן” און אויף אלע קינדער־פארוויילונגען געטאנצט, דעקלאמירט און געזונגען לידער. אין דער אטמאספער האט זיך אויסגעפורעמט איר שטאלצער און פעסטער כאראקטער.

זי האט געהערט צו דעם וואונדערבארן דור פון די אומפארגעסלעכע אירע שולחברים, די פרידריכס און בלאנעסעס, די יונגע שטאלצע קאמפס־העלדן פון ווארשעווער געטא, וואס זיינען אויסגעוואקסן צוזאמען מיט איר אויף די זעלבע שולבענק.

אויסערלעך חנוודיק, שיין, בלאנד, מיט בלויע אויגן, שטענדיק ריין און ציכטיק. אויפגעפאסט און אויסגעצערטלט דורך אירע ארעמע אבער זייער איבערגעגעבענע טאטע־מאמע, האט לאהלע (אזוי האט מען זי גערופן אין שטוב) קיינמאל ניט געמאכט דעם איינדרוק פון א קינד פון א קעלער־שטוב.

גלייך נאכן פארענדיקן די פאלקשול האט לאה געוואלט אנקומען אין א גימנאזיע כדי שפעטער אריינצוטרעטן אין דער מלוכהשער דראמאטישער שול. געטרוימט האט זי וועגן א טעאטערקאריערע. זי האט זיך זייער פלייסיק געגרייט צום עקזאמען, אבער די שווערע מאטעריעלע באדינגונגען אין שטוב האבן זי געצוואונגען איבערצורייסן דאס פריוואטע לערנען. זי באזוכט די אוונט־קורסן ביים פארבאנד פון פארענדיקטע שילער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן, געשאפן פאר די וואס ווילן ווייטער פארזעצן זייער אלגעמיינע בילדונג. אין פארבאנד האבן פונקציאנירט פארשיידענע קרייזן ווי: ספארט און טוריסטיק, טענץ און ריטמיק. די סביבה איז געווען פון יוגנטלעכע חברים ארבעטער, וואס קומען זיך צונויף נאך א טאג ארבעט. די קורסן פאר דער יוגנטלעכער טעמפעל זיינען א פארזעצונג פון דער פאלקשול. דא לעבט זי זיך אויס אין דער פולסטער מאס. דער דראמאטישער קרייז פירט דורך עטלעכע זייער געלונגענע עפנטלעכע ארויסטריטן. די יונגע ענטוזיאסטישע לאה טעמפעל שפילט מיט אוימגעהויערן ברען און פאטאס. זי ווערט זייער שנעל פאפולער אין די קרייזן פון יוגנטלעכע טעאטער־ליבהאבער. אבער דאס אמאטארן־טעאטער באפרידיקט זי ניט. זי וויל פארטיפן און אנטוויקלען אירע פעאיקייטן צו טענץ און ריטמיק. דאס פירט זי צו דער בעסטער שול פאר טענץ און ריטמיק, געשאפן דורך דער בארימטער טענצערין מאטיאנא וויסאצקא. דער שכר־לימוד איז דא געווען א טייערער, דער סטאנדארד פון דער שול — זייער א הויכער, דער קורס — 3 יאר. לאה טעמפעל האלט אויס דעם איינטריט־עקזאמען און ווערט א שילערין פון וויסאצקאס שול.

דאס איז געווען אן אומגעהויער שווערער אבער דערהויבענער פעריאד אין איר לעבן. מיט גרויסע מאטעריעלע שוועריקייטן אבער מיט א טיפער אינערלעכער באפרידיקונג פארענדיקט לאה טעמפעל די שול, וואו זי האט זיך א סך אויס־

געלערנט, אנטוויקלט און אויסגעפורעמט קינסטלעריש. זי באקומט א דיפּלאם, וואס בארעכטיקט איר צו לערנען ריטמיק און טענץ אין עלעמענטארע שולן.

פאר לאה טעמפּעל איז געווען אזוי נאטירלעך און זעלבסטפארשטענדלעך, אז זי דארף זיך איצט שטעלן צו דינסט פון דער יידישער פאלקשול, אז אלץ וואס זי האט דערגרייכט און דערווארבן — געהערט צו דער שול, וואס האט זי דערצויגן און געגעבן אן אינהאלט אין לעבן, איינגעפלאנצט אין איר בענקשאפט צו שיינקייט און דערהויבנקייט. זי ווערט א לערערין פון ריטמיק און טענץ אין דער יידישער פאלקשול. מיט א סך ליבשאפט פאר קינדער, צווישן וועלכע זי זעט אויס אליין ווי א קינד, מיט דרך ארץ פאר די חברים לערער און מיט א טיפן פּיעטעט פאר דער שול — גיט זי זיך אפּ איר נייעם באַרוף. די ארבעט אין שול איז פאר איר א קוואל פון פרייד און מוט. זי געפינט א גרויסע באפרידיקונג אין דער צוזאמענארבעט מיט אירע געוועזענע לערער, באזונדערס מיט דער חברטע ליזע ארושקעס־זוסמאן, וואס איז געווען איר טרייע דערציערין, פריינד און עצה־געבער. אין דער ארבעט אין שול און אין דער סביבה ארום איר געפינט זי א טרייסט און מאראלישע אונטערשטיצונג, ווען מיט א שטאלצער אנטשלאסנקייט גייט זי זיך פונאנדער מיט איר מאן און פאטער פון איר איינציקן קינד נאך א קורצן ניט־גליקלעכן צוזאמענלעבן.

מאטעריעלע שוועריקייט, די שטענדיקע זארגן פאר איר קינד, דאס אויסהאלטן זיך און העלפן נאך אירע עלטערן — האט קיינמאל ניט באווירקט איר געמיט. איר שול־ארבעט באגרענעצט זיך ניט נאר צו לעקציעס. זי נעמט אן אקטיוון אנטייל אין די פעדאגאגישע ראטן, באטייליקט זיך אין די זיצונגען פון די עלטערן־קאמיטעטן און העלפט זיי ארגאניזירן קינדער־זומער־קאלאניעס.

ניט אפּצושאצן איז טעמפּעלס בייטראג ביים גרייטן קינדער־פאראוויילונגען. אויף דעם געביט האט זי ארויסגעוויזן א סך טאלאנט און שעפערישקייט. ביי די קינדער שאפט זי אן אטמאספער פון הארמאנישער קאאפעראציע, די קינדער ווערן דורכגעדרונגען מיט א געפיל פון אינערלעכער שאפונגס־פרייד.

ל. טעמפּעל האט זיך באזונדערס אויסגעצייכנט אין צוגרייטן די טענץ און ריטמיק אין דער עפנטלעכער קינדער־פארשטעלונג פון דער מעדעם־סאנאטאריע אין 1938, אין טעאטער „נאוואשטי” („פינאקיא” און „מיסטער טוויסטער”). צוויי מאל האט מען איבערגעחזרט די פארשטעלונג ביי געפאקטע זאלן. די ווארשעווער פרעסע, סיי די יידישע און סיי די פּוילישע, האט זייער א סך אויפמערקזאמקייט געווידמעט דעם דאזיקן קינסטלערישן אויפטו. די עפנטלעכע קינדער־ארויסטריטן זיינען געווען א וואונדערבארער קאפּיטל אין ל. טעמפּעלס ארבעט. עס איז געווען א טיפע פרייד און שטאלצע דערהויבונג פאר די קינדער, עלטערן און לערער, — און טעמפּעלס חלק איז דערין געווען גרויס און ווירדיק. טאלאנטפול און שעפעריש אין איר ארבעט ווי א ריטמיק־ און טאנץ־לערערין, האט זי אריינגעבראכט נייע פארמען און אינהאלט אין די קינדער־פארשטעלונגען. אירע כארעאגראפישע אינטערפּרעטאציעס פון יידישע ליטערארישע שאפונגען (ס. מאלאדאווסקי א״א) זיינען שטענדיק געווען ביז גאר אריגינעל און איינדרוקספול, האבן געהאט א סך חן און פאלקסטימלעכקייט.

דאס לעצטע.מאל האב איך געזען לאה טעמפּעל א טאג פאר מיין פארלאזן ווארשע, דעם 24־טן אקטאבער 1939, פיר

וואכן נאָך דעם ווי די נאַציס האָבן פאַרנומען די רואינירטע שטאָט. לאה איז געווען טיף דערשלאָגן, אויף איר געמיט האָט געדריקט ווי אַ שווערע לאַסט איר זאָרג פאַר איר איינציקן קינד און פאַר אירע הילפלאָזע עלטערן. זי איז געקומען זיך געזעגענען מיט מיר און איבערגעבן אַ גרוס פאַר איר מאַן יוסף ראָטענבערג, וואָס איז דעמאָלט געווען אין ביאַליסטאָק אויף דער סאָוועטישער זייט. איך געדענק אירע לעצטע ווערטער: „גיט איבער ראָטענבערגן אַז איך קען ניט פאַרלאָזן וואַרשע, איך קען אויך ניט פאַרלאָזן מיינע עלטערן".

ליובע גילינסקי

## טעפּער, יוסף

— לערער פון דייטש אין דער גימנאַזיע פון ס. מ. גורעוויטש, געלערנט אויך אין די פּויליש־יידישע גימנאַזיעס פון דער שטאָט ווילנע. גלייכצייטיק געווען אַ יידישער ליטעראַט, פאַרעפנטלעכט עסייען, אָפּהאַנדלונגען איבער ליטעראַטור און טעאַטער אין דער אָרטיקער יידישער פּרעסע.

ווען עס איז אויסגעבראָכן דער דייטש־סאָוועטישער קריג, האָט זיך י. טעפּער מיט זיין פרוי און קינד געלאָזן פון ווילנע אויף מזרח. אָבער ווייטער פון שטעטל אַלט־סווענציאַן איז ער נישט דערגאַנגען, ווייל די דייטשן האָבן שוין געהאַט דורכגעשניטן פאַרוים דעם וועג. ער האָט זיך אומגעקערט אין ווילנע, איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אין אַ מאַיאַנטעק ביי דעם שטעטעלע שומסק, 30 קילאָמעטער פון ווילנע. ביי דער אַלגעמיינער הריגה פון די יידן פון יענער געגנט, זיינען אויך צוגענומען געוואָרן די 30 ווילנער יידן פון מאַיאַנטעק. מע האָט זיי געבראַכט אין וועלוטשאַן, 12 קילאָמעטער פון ווילנע, און דאָרטן זיינען זיי דעם צווייטן טאָג ראש־השנה דערשאָסן געוואָרן דורך די ליטווינער.

אויך טעפּערס פרוי, גניע קולביס, איז געווען אַ לערערין און האָט אַ געוויסע צייט געלערנט ענגליש אין ס. מ. גורעוויטשעס גימנאַזיע. די פרוי טעפּער מיט דער טעכטערל נעמי זיינען פון די ווילנער הריגות אַנטלאָפן קיין לידע און דאָרטן האָבן זיי אַ קורצע צייט געלעבט אויף אַרישע פּאַפּירן. מען האָט זיי דערקענט, געמסרט און אין לידער תפיסה דערשאָסן.

## טרופּיאַנסקי, יאַנקל (יעקב)

— אַ הויכער, ברייטפּלייציקער, געזונטער יונגערמאַן. אַ געדיכטער קאָפּ פון שוואַרצע האָר. לעבעדיקע, שמייכלענדיקע אויגן. פול מיט יוגנטלעכן טעמפּעראַמענט. ענערגיש, פול מיט איניציאַטיוו און איינפאַלן.



געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר פון ציש"אָ — ער האָט געהערט צו דער ערשטער גרופּע, וועלכע האָט געענדיקט דעם סעמינאַר און באַלד זיך געוואָרפן אין דער אַרבעט.

ער איז געווען טעטיק אַלס לערער אין די ציש"אָ־שולן אין וואַרשע, און אין מעדעם־סאַנאַטאָריע.

וואָס לערנט ער די קינדער? — נאַטור־וויסנשאַפט, גימנאַסטיק, געזאַנג, מוזיק, דער עיקר אָבער — ער איז אַ קוואַל פון פרייד פאַר די קינדער. ער שפּילט זיך מיט זיי ווי אַ קינד. ער פרייט זיך מיט זיי און — גלייכצייטיק — לערנט ער מיט זיי. אַ געבוירענער, גאָט־גע־

בענטשטער לערער פון דער מאדערנער יידישער שול. דורך זיין פשטות, חברישקייט און אוממיטלבארקייט דערגרייכט ער דאס, וואס א סך לערער זיינען ניט אימשטאנד צו דערגרייכן מיט זייער ערנסט און דיסטאנץ לגבי די תלמידים.

ווי געזאגט, ער איז פול מיט איינפאלן. ער האט געפריידיקט, אז מוזיקאלישקייט מוז מען און מען קען ביי יעדן קינד אנטוויקלען. מען דארף בלויז געפינען דעם וועג — ריטעם קען ארויסגעבראכט ווערן ניט בלויז מיט געזאנג אדער דורך אן אינסטרומענט. יעדע זאך וואס גיט ארויס א קלאנג קען ארויסברענגען א ריטמישקייט. ער שאפט אן ארקעסטער פון יונגע, קליינע קינדער. די אינסטרומענטן: פייקלעך, פייפעלעך, טראמפייטלעך און אפילו א בייטש מיט וועלכן א קינד קלאפט צום טאקט. א זעלטענער ארקעסטער. ער טרעט אפילו אויף מיט אים אויף גרויסע פארזאמלונגען און רופט ביי אלעמען ארויס באגייסטערונג.

ער שאפט מוזיק צו א ריי לידער — טייל פון זיי ווערן געזונגען אין מעדעם־סאנאטאריע, ער קאמפאנירט שפילן ספעציעלע.

ער איז געווען אויסערגעוויינלעך שעפעריש אלס לערער פון נאטור־וויסנשאפט. ער געפינט אויס מעטאדן ווי לייכטער צו מאכן קינדער דאס פארשטיין די ארומיקע וועלט.

ווען ער דערנענטערט זיך צום „בונד", ווערט ער אקטיוו אין דער סאציאליסטישער קינדער ארגאניזאציע (סקיף).

לעבנסלוסטיק, מוטיק, האפערדיק, אפטימיסטיש, שטורמיש איז ער געווען.

ש. מענדעלסאן

*
* *

געבוירן דעם 15־טן מאי 1909 אין ווילנע, איז י. טרופיאנסקי אומגעבראכט געווארן פון די דייטשע מערדער — אין א לאגער אין שעמבערג, דייטשלאנד — דעם 17־טן נאוועמבער 1944, ד"ה צו 35 יאר. אין דער רשימה פון די טויטע אינעם דאזיקן לאגער האט מאטוויי בערנשטיין אויסגעפונען דעם נאמען פון יאנקל טרופיאנסקי אונטערן נומער 313. מעגלעך, אז ער איז דא געשטארבן מיט א „נאטירלעכן" טויט.

י. טרופיאנסקי האט געענדיקט א יידיש־וועלטלעכע פאלקשול אין ווילנע, און נאך דעם האט ער גראדואירט דעם ווילנער לערער־סעמינאר. כמעט די גאנצע צייט זינט ער האט געענדיקט דעם סעמינאר, האט ער געארבעט אין די ווארשעווער ציש"א־שולן און אויך אין דער מעדעם־סאנאטאריע. ער איז געווען געבענטשט מיט א סך טאלאנטן. צו וואס ער האט זיך גענומען אין שול אדער אין סאנאטאריע, איז זיין ארבעט אנגעגאנגען מיט דערפאלג און מיט פרייד. ער האט געפירט אין שול — גימנאסטיק, איז עס געווען א סימפאניע פון קינדערשער עלאסטישקייט און ריטמישקייט. ער האט געפירט געזאנג, א כאר פון איין שול צי פון עטלעכע שולן צוזאמען, — איז עס ווידער געווען א וואונדערבארער צוזאמענשפיל פון א קינדער־קאלעקטיוו. אמאל האט דער זעלבער קאלעקטיוו געגעבן מוסטערן פון כאר־דעקלאמאציע, — איז עס געווען דערהויבענע, באגייסטערטע ווארט־קונסט. אונטער זיין דיריזשירונג האבן די קינדער געלויכטן, ארויסגעגעבן דעם מאקסימום פון זייערע טאלאנטן.

י. טרופיאנסקי האט אין שול און אין סאנאטאריע אנגעפירט מיט דער זעלבסטפארוואלטונג פון די קינדער. עס איז געווען זיין איניציאטיוו צו שאפן א לעבעדיקן ראדיא: די „רעדאקטארן" האבן צוזאמענגעשטעלט אלע נייס און יעדן

טאג אין דער פרי פארגעלייענט עס פאר אלע קינדער. עס איז געווען י. טראפיאנסקיס צווייטער איינפאל — צו געבן מוזיקאלישע אוידיציעס פאר די קינדער. מאצארט, בעטהאווען — האבן אויפגעלעבט פאר די קינדער פון סמאטשע, קראכמאלנע, געווארן זייערע בעסטע אינטימע פריינד. די קלאנגען פון פארטעפיאן און די דערציילונגען פון „לערער טראפיאנסקי” וועגן די גרויסע מוזיק־שעפער — האבן געכישופט די קינדער.

י. טראפיאנסקי איז געווען אויך לערער פון נאטורוויסנשאפט. ניין, עס איז ביי אים ניט געווען קיין טויטע „וויסנשאפט”, עס איז געווען לעבעדיקע נאטור, פאעזיע פון נאטור. די קלאס־צימערן זיינען געווען פול מיט געוויקסן, קינדער האבן אליין געפירט אן אקוואריום, געצייכנט בילדער, געשאפן טאבעלעס, דיאגראמעס. קינדער זיינען געווארן באאבאכטערס, ליבהאבערס פון אלץ וואס לעבט און גדייט.

י. טראפיאנסקי האט אליין פארפאסט מוזיק צו לידער, צו גאנצע קינדער־פארשטעלונגען און אפערעס, — סיי אין דער מעדעם־סאנאטאריע, סיי אין דער שול. ער האט ארויסגעכאפט די מער טאלענטירטע קינדער, געמאכט פון זיי סאליסטן. ער האט ארגאניזירט קינדער־קאנטעסטן פון געזאנג און דעקלאמאציע. זיינע (צוזאמען מיט „באטקאן”) פארשטעלונגען אין מעדעם־סאנאטאריע זיינען שטענדיק געווען מיט געשמאק, מיט אידייאישן פארנעם און אינהאלט, קינסטלעריש דורכגעפירט.

י. טראפיאנסקי איז געווען אן אומאויסשעפלעכער קוואל פון פעדאגאגישער און דערציערישער שעפערישקייט.

פון הארבסט 1939 האט ער זיך געפונען אין קאוונע, דערנאך אין ווילנע. אין 1940 האט ער געארבעט אינעם קלוב־קיך פאר די שולקינדער, וואס די ציש"א האט — צווישן אנדערע אירע ארבעטן „אונטערוועגנס” — ארגאניזירט אין ווילנע. די קינדער פלעגן דא באקומען מיטאג און אוונטברויט, גרייטן דא זייערע לעקציעס. עס זיינען דעמאלט שוין געווען ביטערע צייטן, מלחמה און אומקום האבן געשוועבט איבער דער יידישער ווילנע. טראפיאנסקי האט אין קלוב געפירט געזאנג, ער האט דא ארגאניזירט שפילן און פארוויילונגען. ער האט אליין געשטיפט, מיטגעריסן די קינדער, זיי באפרייט פונעם אומעט און צער. אין די שווערע אומשטענדן — איז ער געבליבן דער זעלבער לעבנסלוסטיקער, שפרודלדיקער „יאנקל טראפיאנסקי”.

ווען די סאוועטן האבן זיך איינגעפונדעוועט אין ווילנע און קאוונע, האט י. טראפיאנסקי באשלאסן צו פארבלייבן דא, ער האט געהאפט אז ער וועט קענען פארזעצן זיין ארבעט. ער האט געארבעט אנהייב 1941 אין א רעגירונגס־גימנאזיע. ער האט זיך געזעגנט מיט זיינע ווארשעווער פריינד און חברים, וועלכע האבן געהאלטן כסדר אין איין פארלאזן ליטע אויפן וועג קיין אמעריקע. די לעצטע צייט (1941) האט ער אויסגעזען זייער טרויעריק און מיט א געבראכענער שטים האט ער גערעדט צו די פריינט: „כ'בין שוין געווארן אויס אפטימיסט”... דאס הארץ האט אים געזאגט — עס דערנענטערט זיך דער טראגישער סוף...

י. טראפיאנסקי איז פארבליבן אין ווילנע אונטער דער נאצישער אקופאציע. ער ארבעט אין דער סיסטעם פון דער געטא־אדמיניסטראציע, ער איז דער פארוואלטער פון די קיכן אין געטא. אבער דאס אומפארמיידלעכע געשעט. ער ווערט ארויסגעפירט קיין עסטאניע אויף ארבעט, ער קומט שפעטער אום אין דייטשלאנד.

זיין פרוי און טעכטעל טאמארע, וועלכע ער האט אזוי ליב געהאט און געהיט במשך די פאר נאצי־יאר, זיינען אוועקגעשיקט געווארן פון ווילנער געטא קיין טרעבלינקע.

ה. קופערשטיין, א געוועזענער שילער פון די צישא־שולן און פון י. טרופיאנסקין, דערציילט וועגן לעצטן :

„ער איז אזוי ווי באשאפן געווארן צו זיין א לערער און געבענטשט איז ער געווען מיט אן א שיעור מעלות. א הויכער שלאנקער ברונעט, א פנים ווי פון בראנז אויסגעהאמערט, מיט א סימעטרישער אדלער־נאז און א שווארצער געקרייזלטער משופרינע איבערן שטערן. די אויגן ברוינע מיט אן אייביקן שמייכל אין זיי. ער האט פארמאגט טאלאנט פאר געזאנג און מוזיק, פלינקייט און באגאבטקייט אין ספארט און אן אויסערגעוויינלעכע איבערצייגונגס־קראפט אין אויסטייטשן לימודים. אן אומרואיקער גייסט, מיט אן אומאויפהערלעכן דראנג נאך נייע און נייע מעטאדן אין לערנען. צו יעדער לעקציע איז ער געקומען מיט עפעס נייעס און אריגינעלעס, וואס האט דעם שילער פאראינטערעסירט און פארכאפט זיין געדאנק.

ער איז געווען דורכגענומען מיט אידעאליזם און ענטוזיאזם פאר דער אזוי דערהויבענער אויפגאבע פון ברענגען וויסן און פרייד צו די קינדער פון די פארחושכטע יידישע פאלקס־מאסן. אומפארגעסלעך האט ער זיך איינגעקריצט אין הארצן און אין זכרון פון זיינע פילצאליקע שילער, פאר וועלכע ער איז געווען די פארקערפערונג סיי פון אויסערלעכער שיינקייט, הארמאניע און סיי פון מאראלישער און גייסטיקער דערהויבנקייט. זיין זינגען און שפילן אויף זיין וואונדערלעכער הארמאניע (קאנצערטינע) האט פארכישופט די קינדער. זיינע קלארע און פשוטע רייד וועגן חברשאפט, פריינדשאפט און גרייטקייט ארויסצואווייזן הילף פאר א שוואכערן האבן אפעלירט צום געוויסן, הארץ און נשמה פון קינד. ער האט זיך אינטערעסירט מיט יעדן איינעם פון די שילער נישט נאר אין פרט פון לערנען, נאר אויך אין זיינע שטוביקע, מאטעריעלע באדינגונגען. זיין פעאיקייט צו ווערן נאענט, אינטים מיט מענטשן, בפרט מיט קינדער האט אים ממש פארוואנדלט אינעם פאטער פון אונזער קלאס. יעדן אינדערפרי האט ער ארא‍פגעלייענט פון די קינדערס פנימער וועגן זייער נויט און שטוב. ער האט דערקענט צי דאס קינד האט געגעסן פרישטיק אין דער היים אדער ניט. מיט אלע זיינע כוחות האט ער זיך באמיט צו מאכן פון דער שול א צווייטע היים פארן קינד — א ווארעמערע, א ליכטיקערע היים, ווי דאס קינד האט געהאט ביי זיינע עלטערן. דורך סיסטעמאטישע קלאסן־שמועסן נאך דער נארמאלער לערן־צייט האט ער געשאפן א באדן פאר אפנהארציקע באציאונגען צווישן שילער און שילער און צווישן שילער און לערער. נאך א געוויסער צייט האבן די דאזיקע קלאסן־שמועסן אזוי צוזאמענגעבונדן די קינדער אז זיי האבן זיך דערפילט ווי א קאלעקטיוו, ווי שוועסטער און ברידער פון איין משפחה.

טרופיאנסקי האט מיט אונזער קלאס קאלעקטיוו געלייענט אינטערעסאנטע און פארכאפנדיקע רייזע־ביכער און שילדערונגען פון אמונדסענען, מאין רידן, און אנדערע. ער פלעגט לייענען זייער שטימונגספול, און די קינדער פלעגן אזוי מיט פארכאפטן אטעם מיטמאכן די וואונדערגעשיכטעס, באריכערנדיק דורך דעם זייער וויסן. לסוף פלעגט ער מיט אונז איינזינגען א פריש ליד, צובאגלייט אויף

דער קאָנצערטינע. אין די שבתים און יום־טובים האָט ער געפירט אונזער קלאַס אויף פאַרשיידענע אויסשטעלונגען, אויף שפּאַצירן אין פּאַרקן, הינטער דער שטאָט, צו אָזיערעס, טייכן, אויף שיפלעך אד"גל. ער איז געווען אַ געניטער בערג־קלעטערער, און מיט פרייד האָט ער אונז אויך אין די שפּעטערע יאָרן געפירט איבער די שטאָלצע טאַטרען־בערג — די העכסטע בערג אין פּוילן.

די קינדער האָבן צו אים אַרויסגעוויזן אומבאַגרענעצטע ליבע, צוטרוי און איבערגעגעבנקייט. זיי האָבן געשטרעבט, אַז טרופּיאַנסקי זאָל וואָס מער זיך געפינען מיט זיי צוזאַמען. מיטן פאַרענדיקן די שול פלעגט אונזער קלאַס זיך ווייטער צוזאַמענטרעפן יעדע וואָך מיט אונזער באַליבטן לערער. די מערסטע פון אונז זיינען אַוועק אַרבעטן צו פאַרשיידענע פאַכן, נאָר געציילטע האָבן זוכה געווען ווייטער צו שטודירן. מיט פאָטערלעכער איבערגעגעבנקייט האָט טרופּיאַנסקי זיך ממש געראַנגלט צו דערגרייכן סטיפּענדיעס פאַר פייאיקע שילער פאַרצוזעצן זייער לערע. און כדי צו פאַרזאָרגן די אַנדערע קינדער איז ער געלאָפן איבער פאַרשיידענע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אינטערווענירט ביי די פאַרזיצערס און סעקרעטאַרן און געפאָדערט פאַר זיינע שילער בעסערע אַרבעטס־פּלעצער, וואו זיי זאָלן באַקומען אַ גוטע באַהאַנדלונג און נישט צו שטאַרק עקספּלואַטירט ווערן.

זיין דערפאָלג אַלס דיריגענט און מוזיקער איז אויך געווען אונזער שמחה. מיר האָבן זיך אויך געפרייט מיט זיין פּערזענלעכן גליק, ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ האַרציקער און קולטורעלער פרוי, אַ קראַנקן־שוועסטער. צוזאַמען מיט זיין פרוי און פּיצעלע טאָכטערל איז ער דעם 6־טן סעפּטעמבער 1939 אַנטלאָפן צופוס קיין ווילנע, און דאָרטן האָט ער געטיילט דעם שרעקלעכן גורל פון אַלע ווילנער יידן".

**טשאַסנעק, משה** — געקומען קיין וואַרשע שטודירן אין אוניווערסיטעט, האָט ער, פאַרשטענדלעך, נישט אָפּהענגיק געמאַכט זיין שטודירן אין וואַרשע דערפון, צי ער וועט באַקומען אַרבעט אין אַ יידישער שול, ווייל די יידישע שולן אין וואַרשע האָבן געהאַט זייערע לערער־פּערסאָנאַלן, און אויב עס האָט זיך געמאַכט וואַקאַנט אַן אָרט, האָט מען געוויינלעך אַנגאַזשירט אַ לערער אַ קוואַליפיצירטן מיט פּעדאַגאָגישער דערפאַרונג אָדער אַ צוזאַגנדיקן גראַדואירטן סעמינאַריסט. וועגן דעם אַלעם האָט מ. טשאַסנעק געוואוסט. ער האָט אָבער געהאַט אַ מזל, די ציש"אַ האָט אים געשיקט אויף מילע 51 אין דער מיכאַלעוויטש־שול.

דעם אמת געזאָגט, איז דער ערשטער איינדרוק פון אים געווען אַזאַ, אַז איך האָב קיין חשק ניט געהאַט אים צו אַנגאַזשירן אַפילו אויף צייטווייליק: אַ יונגער מענטש נאָך, דער אויסדרוק פון זיין פּנים, דער אומעטיקער בליק פון זיינע אויגן און די צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּן האָבן אין ערשטן מאָמענט דערוועקט אַן אומהיימלעך געפיל, און איך האָב פשוט מורא געהאַט, אַז די קינדער וועלן אים נישט ווי געהעריק מקבל פּנים זיין. נאָך דעם אָבער ווי מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגעשמועסט, האָב איך איינגעזען אַז איך האָב פאַר זיך אַ יונגן ערנסטן מענטשן מיט אַ סך וויסן, אַ דענקענדיקן מענטשן מיט אַ באַשטימטער וועלט־אַנשויאונג און מיט אַן אומרואיקן גייסט. „איך בין דאָ נישט געקומען פאַרדינען אויף ברויט — האָט ער שמייכלענדיק באַמערקט — איך בין פון דער נאַטור

אַז איינזאַמער, ווייל איך זיך אויסלעבן אין שול און אין דער אַטמאָספער אַרום דער שול, איך האָב דאָס געפיל אַז דאָ לעבט זיך אַביסל אַנדערש".

און מ. טשאַסנעק האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אויף מילע 51. צום ערשט האָט ער געפירט פּויליש, שפּעטער האָט ער אויך איבערגענומען מאַטעמאַטיק (אויף יידיש) אין די עלטערע קלאַסן. די אַרבעט איז אים לכתחילה געגאַנגען שווער, אָבער דווקא די שוועריקייטן האָבן אים סטימולירט צו שטודירן מעטאָדיק און פּעדאַגאָגיק בכלל. ער האָט אָנגעהויבן זייער אָפט צו באַזוכן די לעקציעס אין „פּעדאַגאָגיקום" ביים אוניווערסיטעט, ער האָט צענדליקער שעהן אַ טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט סיסטעמאַטיש שטודירט אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו פּעדאַגאָגיק און קינדער־פּסיכאָלאָגיע.

„איך וועל מסתמה קיין גוטער לערער שוין ניט זיין, פּלעגט ער זאָגן אומעטיק, אָבער לאָמיך לכל הפּחות וויסן, אַז איך האָבן אַלץ געטאָן וואָס מען דאַרף". און ער איז דווקא יאָ געוואָרן אַ גוטער לערער, איינער פון די גאָר ערנסטע לערער, — ער האָט אַפילו געטראַכט צוצוגרייטן אַ יידישע מעטאָדיק פאַרן לימוד פון רעכענען אין פאָלקשול. יעדע לעקציע זיינע איז געווען אַזוי פיין און קלאָר געבויט, אַז אַפילו קינדער „אַנטי־מאַטעמאַטיקער" האָבן געענדערט זייער באַציאונג צום לימוד. „ערשט איצט, אַז איך האָב זיך שוין אַביסל סטאַביליזירט ווי אַ לערער — האָט ער מיר מיט אַ באַשיידענעם שמייכל איין מאָל געזאָגט, — קען איך זיך שוין צוריק נעמען צו מיין אַלגעמיינעם שטודיום". מ. טשאַסנעקס לערער־עקספּערימענט האָט אים געקאָסט עטלעכע יאָר צייט: ער האָט געמוזט כמעט איבעררייסן זיין נאָרמאַלן אַלגעמיינעם שטודיום אין אוניווערסיטעט. שפּעטער פּלעגן מיר אָפט שמועסן וועגן אָט די ערשטע יאָרן פון זיין לערעריי, און ער פּלעגט זאָגן: דאָס איז געווען מיין פאַרדינטע שטראָף, וואָס איך בין אַזוי זיך, ווי צופעליק, געקומען ווערן אַ לערער; עס איז אַ צו דערהויבענע פונקציע, צו וועלכער מען דאַרף זיך אַ סך גרייטן און איבערטראַכטן.

איידער איך בין אַוועק פון וואַרשע, האָב איך געהערט אַז ער איז דאָ אין שטאָט. איך האָב אָבער בשום אופן ניט געקענט זיך מיט אים קאָמוניקירן. אויך שפּעטער אין ווילנע, אין די בריוו וואָס זיינען אָנגעקומען פון וואַרשעווער געטאָ, איז זיין נאָמען נישט דערמאָנט געוואָרן. מעגלעך אַז ער איז אַוועק צוריק אין זיין געבוירן־שטאָט מלאַווע. אַנדערע ווידער גיבן איבער, אַז אין 1940 האָט מען אים געזען אויף סאָוועטישע לערער־קורסן אין באַראַנאָוויטש...

י. ראָטענבערג

***

חיים יאַניש, אַ יוגנט־חבר פון משה טשאַסנעק, דערציילט וועגן אים:

„איך בין מיט טשאַסנעקן געווען צוזאַמען אין איין קלאַס אין גימנאַזיע גאַנצע 8 יאָר. דער גורל האָט אונז שפּעטער צעשיידט. משה טשאַסנעק איז געבוירן געוואָרן אין 1903 אין מלאַווע. זיין פאָטער יחזקאל דער שלאָסער האָט ניט געשפּאָרט קיין געלט און מי כדי צו געבן זיינע קינדער אַ געהעריקע דערציאונג. משה איז געווען דער בכור פון דער פאַמיליע, אין זיינע פריסטע קינדער־יאָרן האָט ער באַזוכט דעם חדר און געקראָגן אַ רעליגיעזע דערציאונג. אין 1917 האָט זיך אין מלאַווע געגרינדעט אַ יידיש־פּוילישע גימנאַזיע. צווישן די ערשטע

תלמידים פון דער גימנאַזיע איז אויך געווען משה טשאַסנעק. יחזקאל שלאָסער האָט געטרוימט צו מאַכן זיין משה פאַר אַ דאָקטאָר. ער איז אין זיין שלאָסעריי געשטאַנען פון סאַמע באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט און געשמידט פּרנסה פאַר זיין הויזגעזינד. אין די מאַרק־טעג פלעגט זיין זון משה, שוין אין גימנאַזיסטישן היטל, העלפן זיין טאַטן אין דער אַרבעט. אַדאַנק משהן האָט ער מיט דער צייט אָנגעהויבן אָנצואָווענדן מער וויסנשאַפט־לעכע מעטאָדן אין דער אַרבעט. פון צופיל אָנשטרענגונג פלעגט טאַקע משה זייער אָפט אונטערקרענקען: פיזיש איז ער געווען שוואַכער אַנטוויקלט ווי אַנדערע קינדער פון זיין קלאַס. אָבער אַ תלמיד איז ער געווען איינער פון די בעסטע.

משה האָט זיך קיינמאָל ניט געיאָגט נאָך קיין פּערזענלעכע פאַרגעניגנס. איין פאַרגעניגן האָט ער געהאַט — דאָס איז באַשטאַנען אין לייענען און שלינגען ביי־כער. יעדע פרייע מינוט האָט ער אויסגע־נוצט אויף צו באַקענען זיך מיט עפּעס אַ ניי בוך. ער האָט אָבער געהאַט די מעלה, זיך צו טיילן מיט אַנדערע מיט די איינדרוקן און דעם גענוס, וואָס ער פלעגט אַרויסנעמען פון זיין לייענען און שטודירן.

משה איז געווען פון דער נאַטור אַ גוטהאַרציקער מענטש. נאָך אַלס יונגנט־לעכער פלעגט ער אַרויסווייזן אַ נייגונג צו טראָגן הילף צו די וואָס האָבן זיך געגויטיקט אין דעם. ער האָט ניט גע־קענט פאַרטראָגן דעם געדאַנק אַז ער איז איינער פון די אויסדערוויילטע, פּריווי־לעגירטע קינדער אין שטאָט, וואָס האָבן אַ צוטריט צו בילדונג. שוין אַלס שילער פון זעקסטן קלאַס גימנאַזיע, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין אַ קרייז גימנאַזיסטן וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיטן „בונד". דער קרייז האָט שטודירט יידישע ליטעראַטור און סאָציאַלאָגיע. מיר פלעגן אין בונדישן קלוב האַלטן לעקציעס פאַר יונגטלעכע אַרבעטער. און ווען דער „בונד" איז מלאָווע האָט געעפנט אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע יידישע אַרבעטער, איז טשאַסנעק געווען איינער פון די ערשטע לערער אַז שום געהאַלט. די קורסן האָבן אין אַ קורצער צייט זיך פאַנאַנדערגעבליט און אַנטוויקלט, און מיט דער צייט זיינען זיי אָנערקענט געוואָרן און אַפילו סובסי־דירט געוואָרן פון דער ציש"א.

„גוטע" — „פרומע" לייט אין שטעטל האָבן אָנגעהויבן צו ברומען אויף די אַרבעטער־קורסן און געבראַכט דעם „סקאַנדאַל" צום דירעקטאָר פון גימנאַזיע. דער לעצטער האָט גערופן זיינע תלמידים — די לערער אויף די קורסן, זיי געמוסרט און באַפוילן אויפצוהערן „בונטעווען" די אַרבעטנדיקע יוגנט פון שטאָט. ווען דאָס האָט ניט געווירקט, האָט ער שפּעטער באַ־זייטיקט דריי פון די קורסן־לערער אויף צוויי וואָכן פון גימנאַזיע, און געדראָט: אויב זיי וועלן זיך ניט אונטערוואַרפן זיין באַפעל, וועלן זיי איינגאַנצן דער־ווייטערט ווערן. משה טשאַסנעק איז גע־ווען איינער פון די דריי.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך זיך באַ־געגנט מיט טשאַסנעקן אין וואַרשע אין 1931".

**טשאַרנאָצקי, יצחק** — אָנהייב די 20־קער יאָרן געאַרבעט אַ געוויסע צייט אין אַ שול פון ווילנער צ. ב. ק. שפּעטער איז ער אַריבער אַלס לערער אין דער שטאָטישער תלמוד־תורה און אין "שול־קולט". י. טשאַרנאָצקי האָט געענדיקט דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט אין 1910. זיין גורל אומבאַקאַנט.

**טשאַרנאָצקי, ש.** — א לערער פון ליטע. אין ווילנער געטא, אונטער די דייטשן, איז ער געווען מיט א פרוי און קינד. ער איז דא געווען באַשעפטיקט אין ארבעטס־אַמט, נאכדעם אין די שולן. ער איז פאַרשיקט געוואָרן קיין עסטאַניע.

**טשוזשאָי, משה** — ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה געאַרבעט אין די ווילנער אונט־שולן. ער האט געהאט א דיפלאם פון א „פריוואטן לערער" און איז שפעטער אנגעקומען אלס פרייער צוהערער אין אוניווערסיטעט אויפן נאטורוויסנשאפטלעכן פאקולטעט. ער האט א סך געלערנט און דערגאנצט זיין אלגעמיינע און פעדאגאגישע בילדונג, און איז טאקע געוואָרן זייער א גוטער לערער פון נאטורוויסנשאפט און מאטעמאטיק.

אין דער צייט פון דער ערשטער דייטשער אקופאציע איז ער געווען א לערער אין די אזוי גערופענע „גרופעס" (דאס זיינען געווען כמו גימנאזיעס). אינגיכן איז ער געוואָרן לערער אין דער ייִנגל־שול „מפיצי השכלה" — די ערשטע שול מיט דער יידישער אונטעריכט־שפראך, וואס איז געגרינדעט געוואָרן אונטער דער דייטשער אקופאציע. במשך די יארן 1919—1934 האט ער געארבעט פריער אין דער יידישער הומאניסטישער און שפעטער אין דער רעאלער גימנאזיע פון צ. ב. ק. אין ווילנע. מ. טשוזשאי איז אויך געווען לאנגיאריקער מיטגליד אין דער פארוואלטונג פון יידישן לערער־פאריין אין ווילנע.

מ. טשוזשאי האט זיך בשעתו אויסגעצייכנט אלס אנפירער פון גארטן־ארבעט ביי די יידישע פאלקשולן, וואס דאס איז געווען א גרויסע נייס און נאך א גרעסערער דערפאלג. די שטאטישע יידישע קינדער פון די ענגע ווילנער געסלעך האבן צום ערשטן מאל דערזען ווי מען האדעוועט גרינצייג און מיט אייגענער ארבעט מאכט מען זיי וואקסן און געדייען. מ. טשוזשאי האט אריינגעלייגט אין דער זומער־ארבעט אויף די גערטנער זיין גאנצע קענטעניש און ליבע. גרויס איז געווען די פרייד פון די קינדער, ווען זיי האבן צום „חג האסיף" געקענט ברענגען אהיים א טייל פון דער פרוכט פון זייער ארבעט. די ארבעט אויף די זומער־גערטנער האט אנגעהאלטן 5-6 יאר. מ. טשוזשאי האט זיך דערשלאגן צו גלענצנדע רעזולטאטן. פאר די קינדער זיינען די גערטנער געווען א שול פון פרוכטבארער ארבעט און צוגלייך א „דאטשע".

די פוילישע מאכט האט ביי מ. טשוזשאי צוגענומען דאס רעכט צו זיין א לערער, כלומרשט צוליב ניט גענוגנדע קוואליפיקאציעס. פון דעמאלט אן האט ער געארבעט אויף ד"ר שאבאדס פארם אין נעמיעזש. מ. טשוזשאס גורל אין דער צייט פון די נאצים איז ניט באקאנט.

ה. אבראמאוויטש

**יאָכעלעס, זעלדע** — געשטאמט פון פון ווילנע־אנטאקאל. אנגעקומען אין ווילנער לערער־סעמינאר נאכן פארענדיקן א יידישע פאלקשול. א מיידל מיט דורכשניטלעכע פעאיקייטן, האט זי דעם סעמינאר פארענדיקט אן אן אטעסטאט (זי איז דורכגעפאלן ביי די שריפטלעכע עקזאמענס). דאס ערשטע יאר ארבעט זי אלס לערערין אין א שטעטל, שפעטער ארבעט זי אין מעדעם־סאנאטאריע, די גאנצע צייט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה. שפעטער קומט זי קיין ווילנע, פון ווילנע פארט זי אוועק קיין גראדנע צו איר שוועסטער. וואס ווייטער מיט איר איז געשען — אומבאקאנט.

**יאַלאָם** (ערשטער נאָמען ?) — געווען א תלמיד פון ווילנער לערער־סעמינאַר. פאַרכאַפּט געוואָרן דורך דער ראָמאַנטיק פון קאָמוניסטישן קאַמף, אַנטייל גענומען אין דעמאָנסטראַציעס און אַז ערד אין 1928 ארעסטירט געוואָרן. פאַרטיידיקט האָט אים אדוו. י. טשערניכאָוו, און עס האָט זיך איינגעגעבן יאַלאָמען ארויסצוראַטעווען פון תפיסה. ער איז אויך נאָך דעם געבליבן לערנען אין סעמינאַר.

זיין ווייטערדיקער גורל אומבאַקאַנט.

**יאָסקאָוויטש, ליאָניע** — לערערין פון פויליש אין דער מיכאַלעוויטש־שול אין לאָדזש. אַן אויסגעצייכנטע קענערין פון דער פוילישער שפּראַך און ליטעראַטור, און אַ גוטער פּעדאַגאָג דערצו, האָט זי אויסערגעוויינלעך פאַראינטערעסירט די קינדער מיט דעם לימוד. לעבנגעבליבענע שילער פון דער מיכאַלעוויטש־שול שרייבן וועגן דער לערערין יאָסקאָוויטש מיט גרויס וואַרעמקייט און ליבע. זי פלעגט אָפּגעבן דער שול זייער אַ סך צייט, באַזונדערס האָט זי אַ סך געהאָלפן צום דערפאָלג פון אַלע עפנטלעכע שול־יום־טובים.

**יאָפע, מרדכי** — געבוירן אין ווילנע דעם 1־טן פעברואַר 1893. זיין טאַטע, וועלכער האָט אַליין פון דורות געשטאַמט פון רבנים, איז אָבער געווען אַ זייער אויפגעקלערטער מענטש, און דאָס האָט פאַרשטייט זיך געווירקט אויף די קינדער. צו 17 יאָר קלייבט מ. יאָפע אויס דעם וועג פון אַ לערער, און אין



יאָר 1910 קומט ער אַן אין דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט, וועלכן ער פאַרענדיקט אין 1914. נאָך זייענדיק אַ שילער פון אינסטיטוט, האָט שוין מ. יאָפע געהערט צו אַן „אונטערערדישער" גרופּע און געלערנט יידיש מיט קינדער. צוזאַמען מיט אים האָט אויך געענדיקט דעם אינסטיטוט זיין בעסטער חבר און פריינד לייוויק האַלפּערן.

עס ברעכט אויס די מלחמה פון 1914, און מ. יאָפע פאָרט אַוועק קיין פּערעיאַסלאַוו, וואו ער אַרבעט אין אַ רוסיש־יידישער שול. אין די יאָרן 1918־1919 איז ער געווען פּעדאַגאָגישער אינסטרוקטאָר און אָרגאַניזאַטאָר פון יידישע שולן אין האָמעל און האָמלער ראַיאָן. נאָך דעם קערט ער זיך אום קיין ווילנע און גיט זיך אָפּ מיט לייב און לעבן דעם קאַמף פאַר יידיש און דער יידיש־וועלטלעכער שול.

אין משך פון זיין 26־יאָריקער אַרבעט איז ער לערער אין אַ היפּשער צאָל ווילנער שולן: צוערשט אין דער רעאַל־גימנאַזיע; דאַן ווערט ער פאַרוואַלטער פון דער לייזער גורוויטש־שול, וואו ער אַרבעט 7 יאָר; די שילער פון דעם יידישן לערער־סעמינאַר פּראַקטיצירן דאָרט ביי אים אויף די לעקציעס. אין משך פון די יאָרן 1930—1934 אַרבעט ער אַלס סעקרעטאַר און פאַרוואַלטער פון צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט (צ. ב. ק.). ער פירט אַ האַרטנעקיקן קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ פון יעדער שול באַזונדער, ער באַקעמפט די אָנגריפן פון דער פוילישער מאַכט, וואָס זוכט כסדר חטאים און וויל די שולן דערשטיקן. מ. יאָפע שטייט כסדר אויף דער וואַך. דערצו ראַנגלט זיך דאָך דער צ. ב. ק. אויך מיט מאַטעריעלע שוועריקייטן, וועלכע זיינען זייער גרויס.

אין יאָר 1935 ווערט דורך דער מאַכט געשלאָסן די פּרוג־שול און מע פֿאַראייניקט זי מיט דער קופּערשטיין־שול. מ. יאָפּע ווערט דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער דאָזיקער גרויסער פֿאַראייניקטער שול, וואו ער אַרבעט ביז די סאָוועטן פֿאַרנעמען ווילנע.

מ. יאָפּע האָט ליב זיין אַרבעט, ער לייגט אַריין אין איר זיין גאַנצע נשמה און האַרץ. קינדער שאַצן דאָס אָפּ, ענטפֿערן אים מיט דרך־ארץ און ליבשאַפֿט. מ. יאָפּע פֿרייט זיך מיט יעדער דערגרייבונג אין שול, מיט יעדן אויפֿטו פֿון די קינדער. אויך מיט די עלטערן פֿון די קינדער האָט ער אַ געמיינזאַמע שפּראַך. ער איז ביי זיי אַן אויטאָריטעט און זיי קומען צו אים זיך פֿאַרטרויען ניט נאָר מיט זאָרגן וועגן די קינדער, נאָר אויך מיט אַנדערע פֿאַמיליע־דאגות.

די גאַנצע היים פֿון מ. יאָפּע האָט מיטגעלעבט מיט זיין שול־אַרבעט. זיין פֿרוי פּרומל (געב. קאַגאַנאָוויטש), וועלכע האָט אַליין פֿאַר דער חתונה געאַרבעט אַלס לערערין אין אַ יידישן קינדערהיים, האָט גענומען אַ וואַרעמען אַנטייל אין אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט דער שול און מיט די שילער.

ח' יאָפּע שאַנעוועט ניט זיינע כוחות, זיין געזונט, ער ווידמעט זיך אינגאַנצן זיין פּעדאַגאָגישער טעטיקייט. אומעטום וואו ער אַרבעט ווערט די שול אַוועקגעשטעלט אויף אַ הויכן ניוואָ. מען האָלט אים מיט רעכט פֿאַר איינעם פֿון די בעסטע לערער פֿון די יידיש־וועלטלעכע שולן. אפֿילו אינספּעקטאָרן פֿון דער מאַכט, וועלכע זיינען ניט זעלטן אַנטיסעמיטן, אַנערקענען זיינע דערגרייכונגען, ווען זיי קומען אינספּעקטירן די שולן, וואו ער אַרבעט.

מ. יאָפּע איז אויך געווען אַ גוטער רעדנער. גערעדט האָט ער מיט פּאַטאָס, מיט האַרץ. ער איז געווען אַן אָפּטימיסט פֿון דער נאַטור. ער האָט געגלויבט אין מענטש, אין דעם גוטן וואָס שטעקט אין יעדן איינעם. ער האָט ליב געהאַט יום־טובדיקייט, יעדער אָוונט אין זיין שול האָט זיך אויסגעצייכנט מיט יום־טובדיקער שטימונג.

אין 1930 האָט דער ייוואָ געשאַפֿן אַ פּסיכאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישע סעקציע, און מ. יאָפּע איז געוואָרן איר לייטער. ער האָט אויך געשריבן אַרטיקלען אין פּעדאַגאָגישע אויסגאַבעס פֿון דער ציש״אָ און אַנדערע.

מ. יאָפּע אַנטוויקלט אַן אומגעהויערע ענערגיע אויף פֿאַרשיידענע געביטן. ער אַרבעט מיט אין די קינדער־קלובן, פֿירט אָן מיט אויספֿלוגן, שול־אויסשטעלונגען. ער באַטייליקט זיך אין לערער־קאָנפֿערענצן, שול־צוזאַמענפֿאָרן. ער גיט די איניציאַטיוו און פֿירט דורך פֿאַרשיידענע וויסנשאַפֿטלעך־פּעדאַגאָגישע אויספֿאָרשונגען אין שול און באַאַרבעט זייערע רעזולטאַטן, ער אַרבעט מיט אין די „גריינינקע ביימעלעך". ער איז אַליין אויסערגעוויינלעך אַרבעטזאַם און באַוועגט אַנדערע צו דער זעלבער אַרבעט. אַלע באַוואונדערן זיינע פֿעאיקייטן און ענערגיע, סיי אַלס לערער סיי אַלס געזעלשאַפֿטלעכער טוער.

די לעצטע יאָרן פֿאַרן היטלער־קריג באַזוכט מ. יאָפּע אין שליחות פֿון ציש״אָ אַ צאָל שטעט, ער אינספּעקטירט די שולן, טראָגט אַריין אויפֿלעבונג אין דער אָרטיקער שול־אַרבעט.

אין 1939, בעת די וואַלן צום ווילנער שטאָטראָט, ווערט ער אויסגעקליבן אַלס ראַטמאַן אויף דער בונדישער ליסטע.

אין 1941, ווען ווילנע ווערט סאוועטיש, דעגראדירט מען אלע פארוואלטערס פון די יידישע שולן. מ. יאפע ווערט צוגעטיילט אלס לערער אין א געוועזענער העברעאישער שול.

סעפטעמבער 1941 פירן די דייטשן אוועק 10 טויזנט יידן אין לוקישקער תפיסה. מ. יאפע, זיין פרוי, זיין טאכטער רחלע און דער זון משהלע — זיינען צווישן זיי, און עס טרעפט זיי דער זעלבער גורל. זייער אומבאקאנטער קבר געפינט זיך אויף פאנאר, וואו זיי זיינען אויף אן אכזריותדיקן אופן דערשאסן געווארן דורך די דייטשן.

**יאַרעצקי, רעניע** — די פרוי פון אומגעקומענעם בונדיסט חיים פיזשיץ, האט געשטאמט פון א רייכער און חסידישער פאמיליע. זי האט באקומען א וועלטלעכע דערציאונג אין א פוילישער גימנאזיע. הגם א טאכטער פון יידיש־רעדנדיקע עלטערן, האט רעניע נישט געקאנט שרייבן און רעדן יידיש, און ווען זי האט אין די שפעטערדיקע יארן שוין אלס באוואוסטזיניקע יידישע סאציאליסטין געלערנט זיך פלייסיק יידיש, האט זי דאך די שפראך נישט באהערשט אין פולער מאס. רעניע וואלט אפשר אין גאנצן אפגעפרעמדט געווארן פון יידישן לעבן און איר לעבנס־וועג וואלט געווען דער זעלבער ווי פון אנדערע ענלעכע יידישע טעכטער פון רייכע חסידישע הייזער. ווען זי וואלט זיך נישט באגעגנט אין דער פוילישער גימנאזיע מיט דער סאציאליסטישער שילער־יוגנט, וועלכע איז געווען ארגאניזירט פון דער בונדישער יוגנט־ארגאניזאציע „צוקונפט". רעניע איז אריינגעטראטן אין דער יוגנט־ארגאניזאציע ווען זי איז אלט געווען 15 יאר. נאכן ענדיקן גימנאזיע האט זי קאנטינואירט איר שטודיום אויפן אוניווערסיטעט. זי איז געווען אן ארבעטזאמע סטודענטין, אבער דער שטודיום האט איר נישט געשטערט צו זיין אקטיוו אין דער בונדישער סטודענטן־באוועגונג. אין די ענגע קרייזן פון דער סאציאליסטישער סטודענטנשאפט האט זי אימפאנירט מיט איר אינטעליגענץ, אויפריכטיקער איבערגעגעבנקייט צום סאציאליסטישן אידעאל. זי האט צוליב איר שוואכער קענטשאפט פון יידיש א סך זאכן געמוזט אויפגעבן, זי האט אבער אויסגענוצט אלץ וואס איז געווען מעגלעך, אנצוהאלטן א קאנטאקט מיט דער יידישער ארבעטער־יוגנט. אן אמתע גייסטיקע באפרידיקונג האט רעניע געפונען לערנענדיק אין די אוונט־שולן פאר דער יידישער ארבעטער־יוגנט, וועלכע די ווארשעווער בונדישע יוגנט־ארגאניזאציע האט געגרינדעט. זי האט די יוגנט — א פארמאטערטע נאך א טאג שווערער ארבעט — געלערנט אירע באליבטע קענטשאנדן: פויליש און געשיכטע. זי האט אין די ארעמע קליינע שול־צימערן פאר זיי געעפנט א פענסטער צו דער גרויסער וועלט. ווי אין דער פאליטישער באוועגונג, האט זי אויך אין דער פעדאגאגישער ארבעט ארויסגעוויזן אן ערנסטקייט און געפיל פון פאראנטווארטלעכקייט. די יונגע שילער האבן אין דער אסימילירטער רעניא געזען אן אייגענעם, זיי האבן איר ליב באקומען און הויך אפגעשאצט איר אידעאליזם.

רעניע מיט איר קינד איז אומגעקומען אין ווארשעווער געטא. אין די גורלדיקע טעג האט זיך רעניע נישט געענדערט. אויך אין די קאשמאר־טעג האט רעניע ארויסגעוויזן די זעלבע כאראקטערשטריכן: ערנסטקייט און פאראנטווארטלעכקייט אין אויספירן יעדע אנגעטרויטע ארבעט. זי איז געווען אקטיוו אין דער הילפס־ארבעט פאר די קינדער אין גע־

טאַ: נישט פאַרגעסן אין זיי אויך דאָן, ווען זי איז אַליין געשוואַלן געוואָרן פון הונגער, — ביז דעם לעצטן אָטעם־צוג געבליבן די אידעאַליסטישע און סובטעלע ריניע.

אהרן גוטגאָלד

**יאַשונסקי, יוסף** — אַן אמתער יידישער עילוי, כאָטש אין ישיבות האָט ער קיינמאָל נישט געלערנט. אַ מושלם אין אַלע צווייגן פון יידישן און אַלגעמיינעם וויסן, אָבער נישט קיין קאַבינעט־מענטש. אַ מעורב עם הבריות, אויסגעמישט מיטן גאַנצן קאָכיקן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, — שטענדיק האָט יאַשונסקי געהאַט צו זאָגן אַן אָריגינעל וואָרט און פאָרשלאָגן אַ פּראַקטישע לייזונג. אַלע זיינע סימפּאַטיעס זיינען געווען אויפן זייט פון „בונד", און נישט אומזיסט האָט ער יאָרן־לאַנג, וואָך איין, וואָך אויס פאַרעפנטלעכט זיינע אַרטיקלען אין דער בונדישער „נייער פאָלקסצייטונג". אָבער דער פאַרנעם פון זיין אַרבעט איז געלעגן מער אין די ראַמען פון כלל־ישראלדיקייט ווי אין פּאַרטייאישקייט. וואָס עס איז געווען פּראַקטיש, פּאָזיטיוו און גלייכצייטיק באַהויכט מיט אידעאַליזם, האָט ער גענומען פון פּאַרטייאישקייט.



צווישן יונגע האָט ער געשטרעבט צו פאַרשפּרייטן דעם גייסט פון חלוציזם אין ברייטסטן זין פון וואָרט, וועלנדיק צופּאַסן די יידישע יוגנט צו פּראָדוקטיוון, פּאָכמענישן לעבן, אויפן געביט פון מלאכה, טעכניק און ערד־אַרבעט. אַלס הויפּט־דירעקטאָר און פּלאַנירער פון „אָרט"־טעטיקייט אין פּוילן, האָט ער נעשטרעבט צוצוציען וואָס אַ גרעסערן טייל פון אונטערוואַקסנדיקן דור אין די פאַרשיידענע דורך זיין איניציאַטיוו נעגרינדעטע פאַך־שולן, פאַך־קורסן און אַפילו פּאַטראָנאַטן (לערנען ביי פּריוואַטע בעלי־מלאכות).

יוסף יאַשונסקי האָט כמעט אינגאַנצן געווידמעט די לעצטע צוויי צענדליק יאָר פון זיין שעפערישן לעבן דעם „אָרט". אין צווישן איז ער געווען מיט־רעדאַקטאָר פונעם אין זיינער צייט (1920־קער) — באַרימטן זשורנאַל „די ביכער וועלט", וואו ער האָט געשריבן אַליין אַ גרויסע טייל פון רעצענזיעס, לייטנדיקע אַרטיקלען איבער קולטור־פראַגן. ער שרייבט אין די „ליטעראַרישע בלעטער". ער רעדאַגירט די נאַטור־וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק פון „קולטור־ליגע" „נאַטור און קולטור" (דערשינען 18 ביכער). זיינע וועכנטלעכע „שמועסן וועגן נאַטור־וויסנשאַפט און טעכניק" אין דער בונדישער „פאָלקסצייטונג" ווערן אַ שם דבר מיט זייער עקזאַקטקייט און גלייכצייטיקער פּאָפּולערקייט, — זיי ווערן געשאַצט אויף 700 אין צאָל. ער האָט אויך איבערגעזעצט ה. שמיטס „דאָס וועלט־בילד לויט דער טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט", און יאַשונסקי איז טאַקע געווען איינער פון די נישט־פיל קענער און אויסטייטשער פון איינשטיינס טעאָריע.

י. יאַשונסקי האָט אויך פאַרנומען עטלעכע יאָר דעם פּאָסטן פון דירעקטאָר פון דער ערשטער יידישער רעאַל־גימנאַזיע אין ווילנע, מען האָט אים פּשוט פאַר דעם אמת „מאָביליזירט", ווייל עס איז נישט געווען קיין מער פּאַסיקע פּערזאָן פאַר דער אָנפירונג פון דעם באַרימטן לערן־אַנשטאַלט.

י. יאשונסקי איז געבוירן געוואָרן אין אַ גראָדנער באַלעבאַטישער משפּחה אין 1881. זיין פאָטער האָט אים געגעבן די בעסטע לערער. צווישן זיי איז געווען דער באַוואוסטער העברעאישער שרייבער יוסף אליהו טריוואוש (געשטאָרבן אין ווילנע 1940). דער שרייבער האָט איינגעפלאַנצט אין זיין עילוישן תלמיד — ליבע צו העברעאיש און אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט יידישקייט אין ברייטן זין פון וואָרט. יאשונסקי האָט געענדיקט די גראָדנער גימנאַזיע מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל. ער קומט אָן אויף דעם פיזיק־מאַטעמאַטישן פאַקולטעט אין פּעטער־בורגער אוניווערסיטעט, וועלכן ער ענדיקט מיטן באַרוף „קאַנדידאַט פון פּעטערבורגער אוניווערסיטעט" (די העכערע מדרגה פון שטודיום).

יאשונסקי האָט זיך אָבער מיט דעם נישט באַנוגנט. ער פאָרט קיין אויסלאַנד און שטודירט אין דעם באַוואוסטן שאַרלאָטנבורגער פּאָליטעכניקום עטלעכע יאָר. אָבער מער פון אַלעם גיט אים וויסן זיין אייגענער פלייס צו לערנען און צו לייענען אָן אַ שיעור און אויף אַלערליי געביטן פון וויסנשאַפט, אָנהויבנדיק פון זיין ספּעציאַליטעט (נאַטור־וויסנשאַפט, פיזיקאָ־מאַטעמאַטישע דיסציפּלינען) און ענדיקנדיק מיט פילאָזאָפיע און יוריספּרודענץ.

מיט דער גרינדונג פון דער ערשטער יידישער טעגלעכער צייטונג „דער פריינד" אין פּעטערבורג, ווערט יאשונסקי איינער פון זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער, און־טער פּען־נאָמען בן־חיים שרייבט ער אויף פאַרשיידענע פּאָליטיש־ווירטשאַפט־לעכע אָפּהאַנדלונגען. ער איז אויך אַ מיטאַרבעטער אין דער רוסישער ענציקלאָפּעדיע „בראָקגאַוז־יעפּראָן".

יאשונסקי איז געווען מלוא וגדוש מיט וויסן און באַקאַנטשאַפט מיטן יידישן לעבן. עס איז געווען ממש אַ נחת רוח צו אַרבעטן מיט אים צוזאַמען. זיין כוח התפיסה (שנעלער אויפפאַסונג) איז געווען אַזוי גרויס, אַז אין ענינים, אין וועלכע ער איז נישט געווען אַזוי באַהאַוונט איז גענוג געווען אים אָנצוואַווייזן אַ שטריך, אַ פאַקט, אַז ער זאָל שוין זיין מיט דעם ענין באַקאַנט, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר לאַנג געווען דערביי.

מיר איז אויסגעקומען צו נאָכצופאָלגן יאשונסקיס אַרבעט אַלס דירעקטאָר פון ווילנער רעאַל־גימנאַזיע, וואו מיינע קינדער האָבן געלערנט. ער האָט רעאָרגאַניזירט די גימנאַזיע אַזוי, אַז דאָרטן זאָל זיין וואָס וויניקער פּאָליטיק און וואָס מער פּעדאַגאָגישע אַרבעט און דערוועַרבונג פון אמתן וויסן, וואָס אַ מיטל־שול אין אייראָפּעאישן זין דאַרף געבן. ער אַליין האָט געגעבן אין גימנאַזיע פיזיק, מאַטעמאַטיק און אַנדערע „פּינקטלעכע" קענגשטאַנדן. ער האָט קאָנטראָלירט און געגעבן ריכטונגען די לערער אין זייערע פּראָגראַמען. אַליין נישט קיין ספּעציאַליסט אין פּעדאַגאָגישע ענינים, האָט ער אָבער תופס געווען מיט זיין חוש אַלע אַנדערע לימודים, — זיין אַלזייטיקע ערודיציע איז אים דערביי געקומען צו הילף.

יאשונסקי האָט אָפט געפירט שמועסן מיט די עלטערן, אָנווייזנדיק דעם וועג פון קאָאָפּעראַציע צווישן שול און היים. אין די עלטערע קלאַסן האָט ער געקענט יעדן תלמיד מיט זיין אינדיווידועלן כאַראַקטער און נייגונגען. דער עלטערן־קאָמיטעט און דער פּעדאַגאָגישער ראַט, ווי אויך דער צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט, זיינען פשוט געווען גליקלעך צו

האבן בראש פון דער גימנאזיע אזא אל־זייטיקן ערודים און דערצו אזא פקח.

לײדער איז אים אויסגעקומען צו שטיין בראש פון דער גימנאזיע נישט מער ווי א פאר יאר. ער ווערט ערנסט קראנק אויף די אויגן. עס דראט אים אינגאנצן צו ווערן בלינד. ער מוז זיך אונטערוואַרפן א שווערער אפעראציע, כדי אויסצומיידן בלינדקייט. נאך דער קראנקהייט, וואס איז ווי עס ווייזט אוים געווען א רע־זולטאט פון זיין פיל און שנעל לייענען, פארלאזט ער דעם דירעקטאר־פאסטן אין רעאל־גימנאזיע און פארט אריבער קיין ווארשע, וואו ער ווערט דירעקטאר פון פוילישן „ארט", נישט פארלאזנדיק זיין שריפטשטעלערישע טעטיקייט. ער ווערט אויך א מיטגליד פון קהילה־ראט. ער ארבעט מיט אין די ייווא־בלעטער און איז א מיטגליד אין דער צענטראלער פאר־וואלטונג פון ייווא.

עס איז אבער אנגעקומען דער פינצ־טערער סעפטעמבער 1939. די פוילישע יידן פאלן אריין אין דער דייטשער מער־דערישער פאסטקע. פון אלע קאנסטרוק־טיווע פלענער ווערט א פינצטערע געטא. יאשונסקי אלס פראקטישער טוער אויף פאך־בילדונג ווערט ווידער מאביליזירט פון יודן־ראט. ער זעצט פאר אויף ווי ווייט דאס איז מעגלעך, די „ארט"־אר־בעט אין געטא, וואס איז איצט ממש א רעטונגס־אקציע, ווארעם מענטשן וואס קענען עפעס ארבעטן ווערן ביז א צייט געשוינט פון די דייטשע קאניבאלן: זיי נויטיקן זיך דאך אין פאך־ארבעט פאר זייערע מיליטערישע צוועקן.

סוף כל סוף ווערט דער אומדערמידלע־כער טוער אויפן געביט פון געזעלשאפט־לעכקייט — אומגעבראכט.

ה. אבראמאוויטש

***

יוסף יאשונסקי איז אומגעקומען דעם 18־טן יאנואר 1943, אין טאג פון א בלוטיקער אקציע אין ווארשעווער געטא, וואס די נאציס האבן דורכגעפירט. דאס איז אויך געווען דער טאג פון דעם ערשטן פרואוו פון א באוואפנטן ווידערשטאנד אין געטא. בערנארד גאלדשטיין אין זיין בוך „פינף יאר אין ווארשעווער געטא" דערציילט: „צווישן די אוועקגעשלעפטע צום אומשלאג־פלאץ יענעם טאג זיינען געווען דער וויצע־פרעזעס פון יידן־ראט יוסף יאשונסקי מיט זיין פרוי, זייער זון חבר מישא, א דאקטאר מעדיצין, אקטי־ווער טוער פון אונזער אונטערערד, און זיין פרוי. אויפן אומשלאג־פלאץ האט דער אלטער יאשונסקי דערזען א געס־טאפא־אפיציר, וואס האט אים גוט גע־קענט פון זיין אמט אין יידן־ראט; די בעסטיע האט דעם מארטירער דערלאנגט א פאטש, ווי א צולאג ספעציעל פון זיין זייט"...

**ידידאָוויטש, שאול** — געבוירן אין 1890. א זון פון סניפישקער רב. גע־ענדיקט דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט אין 1915. שוין אין דער צייט פון דער ערשטער דייטשישער אקופאציע געווען לערער אין די יידישע וועלטלעכע שולן. געשריבן אין קינדער־זשורנאלן, געווען רעדאקציע־מיטגליד פון די „גרינינקע ביי־מעלעך" און „חבר", פארעפנטלעכט א צאל קינדער־ביכלעך. געווען א מיטגליד אין ווילנער ליטעראטו־פאריין. ארום 1931 געווען א לערער אין לידע. שפעטער איז ער אריבערגעפארן אין גלובאקי, וואו ער האט חתונה געהאט מיט א טאכטער פון אן ארטיקן בעקער. שאול איז מיט דער צייט אוועק פון לערעריי און צו־זאמען מיט זיין פרוי, וועלכע איז געווען

די אייגנטימערין פון דער בעקעריי און טיי־הויז, געאַרבעט אין געשעפט.

ווארשיינלעך איז ער בעת די נאַצים אומגעקומען אין דער גלובאָקער שחיטה.

## יונגערמאַן־גאָלאָמב, טייבע —

געבוירן אין ווילנע אין 1909 יאָר. נאָכן ענדיקן די יידישע פאָלקשול אויפן נאָמען פון שמעון פרוג און דעם לערער־סעמינאַר אין 1929, אַרבעט טייבע די ערשטע יאָרן אַלס לערערין אין די יידישע פאָלקשולן אין ווילנער פּראָווינץ.

אין יאָר 1934 אָרגאַניזירט טייבע אין ווילנע די ערשטע יידישע טאָג־היים פאַר קינדער, וואָס זייערע עלטערן זיינען פאַרנומען דעם גאַנצן טאָג ביי דער אַרבעט. זי עפנט אויך אַ קינדער־גאָרטן, אין וועלכן זי אַרבעט ביז די שרעקלעכע טעג פון געטאָ. אין געטאָ פאַרלירט נישט טייבע איר מוט און זעצט פאָר די אַרבעט מיט די קינדער אַלס דערציערין אין אַ קינדער־גאָרטן. זי לעבט אין געטאָ צוזאַמען מיט איר 7־יאָריקן טעכטערל וואַלינקע.

איר מאַן — משה גאָלאָמב, סעקרעטאַר פון יידישן טעכניקום אין ווילנע, זון פון פאַרוואַלטער פון אַ יידישער פאָלקס־שול, איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצי־דייטשן נאָך איידער טייבע איז אַריין אין געטאָ. טייבע טראָגט מוטיק אַריבער אַלע אכזריותן פון געטאָ־לעבן.

בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, ביים טויער, וואו עס איז פאָרגעקומען די סעלעקציע, פאַלט טייבע אַריין צווישן די, וועלכע ווערן געשיקט אויף אַרבעט. זי ווערט נישט פאַרמשפט צום טויט. אָבער זעענדיק, אַז איר טעכטערל, איר פאָטער און מוטער זיינען אויף דער זייט פון די צום טויט־פאַרמשפטע, וואָס ווערן געשיקט אויפן פּאָנאַר, לויפט טייבע אַריבער צו זייערע און ווערט מיט זיי צוזאַמען דעפּאָרטירט קיין מײדאַנעק, וואו זי איז אומגעקומען דורך די נאַצים, צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע יידן.

## יעלין, שיינקע — געבוירן אין גראָדנע און פאַרענדיקט די ווילנער גימנאַזיע.

געווען לערערין אין ביאַליסטאָק, אין „יוגנט־פאַריין־שול", געלערנט אין אַ צווייטן קלאַס. זי איז אויך געווען לערערין־דערציערין אין דער קאָלאָניע פון „אָזע", אין איגנאַטקע. זי האָט געפירט אַ סך אויספלוגן און אָנגעפירט מיט אַ לינקן קרייז אין ביאַליסטאָק. זי האָט געהערט צום אַרטיקן פּראָפעסיאָנעלן לערער־פאַריין און זיך באַטייליקט אין לערער־קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן.

## ירוחמזאָן, מאַניע — געהערט צו

דעם מין לערער וואָס האָט כסדר געשטעלט זיך די פראַגע: צי טו איך מיין פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט בשלימות? דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו באָאַבאַכטן זי ביי דער אַרבעט במשך פון עטלעכע יאָר. זעלטן האָט מען געקענט טרעפן אַזאַ ערנסטקייט, כמעט אַ פּעדאַנטישע ערנסטקייט. לערער פלעגן צווישן זיך רעדן: מאַניע, אַנשטאָט אָפּצורוען זיך אויף די הפסקות, באַטראַכט זי אָדער די פאָרגעקומענע לעקציע אָדער די נעכסטע לעקציע.

אפילו אין די איבערגעפילטע קלאַסן האָט ביי איר געהערשט דיסציפּלין און רואיקייט. איר ערנסטקייט און שטילקייט האָט זיך איבערגעגעבן די קינדער. זי האָט גוט געקענט יעדער קינד פון קלאַס, זיינע עלטערן, זיינע לעבנס־באַדינגונגען. זי האָט זייער אַ סך צייט געווידמעט דער אינדיווידועלער דערציאונג פון שווערע קינדער. זי אָרגאַניזירט אַ קלאַסן־קלוב וואו זי באַגעגנט זיך אין די אָוונטן מיט

די קינדער פון איר קלאס און זי פירט דארט דערציערישע ארבעט.

אירע ארבעטס־באריכטן אויף די זיצונגען פון פעדאגאגישן ראט זיינען שטענדיק געווען באלערנדיק און אינטערעסאנט, באזונדערס די באריכטן וועגן דער דערציאונגס־ארבעט אין קלאסן־קלוב. מיט דער זעלביקער איבערגעגעבנקייט און ערנסטקייט פלעגט זי אויך פירן איר געזעלשאפטלעד־פאליטישע ארבעט — געווען אן איבערגעגעבענע און געטרייע בונדיסטין און מיט גרויס פאראנטווארטלעכקייט אויסגעפירט פארשיידענע פארטיי־ארבעטן, הגם עס איז איר זייער ווייניק צייט און כוחות פארבליבן נאך דער שול־ארבעט.

זי האט זיך קיינמאל ניט באקלאגט אויף די שווערע באדינגונגען, אין וועלכע עס איז דעם יידישן לערער אויסגעקומען צו ארבעטן. זעלטן איז זי געווען פארביטערט צוליב דעם. פארקערט, אויף פארזאמלונגען וואו מען האט ארומגערעדט די שווערע לאגע, האט זי באראויקט אלעמען מיט איר אייגנארטיקן ערנסטן הומאר און געטענהט: קעמפער אויף פאזיציעס טארן זיך נישט באקלאגן, אז עס איז זיי קאלט אדער הייס אדער אז מען הונגערט...

פאר מאניע ירוחמזאן איז די יידישע שול אין פוילן געווען א קאמפס־פאזיציע, פאר וועלכער עס קעמפן יידישע ארבעטער־עלטערן, לערער און קינדער, און אויף דער דאזיקער קאמפס־פאזיציע וועלכער זי האט געווידמעט איר גאנץ שעפעריש לעבן, איז זי אומגעקומען.

י. ר א ט נ ב ע ר ג

***

די לאנגיאריקע פרעבליסטין פון די ווארשעווער ציישא־קינדערגערטנער צלובה קרישטאל (היינט אין אויסטראליע), דערציילט:

„אין נאוועמבער 1939 האבן מיר, — איך און מאניע ירוחמזאן און א ווילנער קראנקן־שוועסטער ראזע קאץ, צוזאמען געשווארצט די גרענעץ. אריבערקומענדיק איבערן בוג האבן מיר דאס ערשטע מאל אנגעטראפן אויף סאוועטישער „גאסטפריינדלעכקייט" פון רויטע ארמייער מיט א „דאוואי נאזאד". נאך שווערע איבערלעבונגען און צוויי וואכן וואגלען, זיינען מיר צוריק געקומען קיין ווארשע. און אזוי האט דער גורל געוואלט, איך האב זיך נאך אמאל געלאזט אין וועג אריין און מאניע האט מער נישט געקענט זיך דעצידירן דערויף. זי איז געווען שטארק אויפגעטרייסלט פון דעם אלעם וואס זי האט געזען און דורכגעמאכט, און זי האט באשלאסן בלייבן אין ווארשע און טיילן דעם גורל מיט אירע נאענטסטע.

אזעלכע ערלעכע און קרישטאל־ריינע מענטשן ווי מאניע ירוחמזאן האב איך אין מיין לעבן ווייניק געטראפן. זי איז געווען א טרייע איבערגעגעבענע פארטיי־חברטע, א גלענצנדע לערערין און דערציערין. מאניע האט ביי די קינדער דערוועקט צו זיך אכטונג, צוטרוי און ליבע. זי האט מיטגעארבעט אין די קינדער־קלובן ביי אונזערע שולן, איז אויף יעדן רוף פון „בונד" געווען גרייט, צי ביי וואלן צי ביי פרעסע־אקציעס, און יעדע זאך האט זי געטאן מיט אזוי פיל פשטות, אזוי נאטירלעד און אויפריכטיק ווי זעלטן ווער".

אין „פאראווערטס" פון 1־טן אפריל 1950 דערציילט י. פאט וועגן די ערשטע אויסגראבונגען פון ע. רינגעלבלום־ארכיוו אינעם הויז נאוואליפקי 68 אין ווארשע. ער גיט איבער פון דארט אייניקע נאטיצן וועגן אומגעקומענע באקאנטע פערזענלעכקייטן אין ווארשעווער געטא. צווישן

אנדערע ציטירט י. פאט פון ארכיוו אויך וועגן דעם, ווי אזוי מ'האט אוועקגענומען צום טויט מ. ירוחמזאן. ער שרייבט: „עס בלייבט באזונדער שטיין פאר מיר די געשטאלט פון מאניע ירוחמזאן. זי איז פריער געווען מיינע א שילערין אין לערער־סעמינאר און שפעטער — א לערערין אין אונזערע שולן, אין קוטנע, נאך דעם אין ווארשע, און טאקע אין דער שול אויף נאוואליפקי 68, וואו מע האט שפעטער באגראבן דעם ארכיוו. א צארטע, איידעלע נשמה, א גלענצנדע יידישע פאלקס־לערערין".

***

אינעם באריכט פונעם אונטערערדישן „בונד" אין פוילן ווערט דערציילט וועגן דעם בוי פון דער ווארשעווער ארגאניזאציע אין געטא אונטער די נאצים. עס ווערן דא אויסגערעכנט די נעמען פון די חברים וועלכע האבן אויסגעבילדעט דעם „אנפירנדיקן ארגאן" פון אונטערערדישן „בונד" אין ווארשע, און די פאכן וועלכע יעדע פון די אויסגערעכנטע פערזאנען האט פארטראטן אין „קאלעקטיוו". אין דער דאזיקער רשימה פיגורירט: „מאניע יערוכימזאן (לערערין)". וואס האט געפירט דאס שטילע און באשיידענע מיידל פון קראכמאלנע גאס צו דער ראל פון א פארטרעטערין אין אנפירנדיקן קאלעקטיוו פון אונטערערדישן „בונד", — אויף די וועגן פון קרבן און פיין, צום פיבער און מסירת נפש פון אומלעגאלער ארבעט קעגן די נאצים?

פון אייניקע קוואלן איז געקומען דער וועג, וועלכן מאניע יערוכימזאן (ירוחמזאן) האט זיך אויסגעוויילט: קודם כל צארטע און ווארעמסטע ליבע צום יידישן קינד, פלאמיקער דארשט נאך אמת און גערעכטיקייט, שטאלצע טראציקייט און רירנדיקע אויפריכטיקייט. אט די אלע עלעמענטן — דאס זיינען די ציגל פון וועלכע עס האט זיך צוזאמענגעלייגט די וואונדערלעכע געשטאלט מאניע יערוכימזאן, אדער ווי הונדערטער קינדער האבן זי געקאנט, אונטערן מיט ליבשאפט פארצערטלטן נאמען „לערערין מאניעלע". מאניע האט געשטאמט פון אן אנגעזעענער אריסטאקראטיש־יידישלעכער סביבה אנגעזאפט מיט יחוס און פרומקייט. זי איז געווען א ליבלעכע קוזינע פון שלמה און מאיר מענדעלסאן, און צוזאמען מיט זיי קומט זי ארויס פון העכסטן גלאנץ פון רבנישער אריסטאקראטיע. אונטער דער ווירקונג פון איר איידעלער מאמען (שרה), האט מאניע גענומען באזוכן א יידיש־פוילישע מיטלשול. דא איז זי אריינגעפאלן אין א סביבה פון פויליש־אסימילירטע יידישע מיידלעך, און מאניע האט געדארפט זעלבשטענדיק אויסגעפינען איר וועג אינעם לאבירינט פון אידעען וואס האבן געיוירט אין דער יידישער סביבה אין יענעם פעריאד, אויפן שיידוועג פון ציטן און באוועגונגען. צווישן דער פרומער היים, פאנאטישן חסידישן פאטער און די יידישע מיידלעך אין דער גימנאזיע, אסימילירטע און אנגעשטעקט מיט באפרייאונגס־אידעאלן פון דער פוילישער קולטור, — האט מאניע געזוכט איר אייגענעם וועג. און ווען זי האט אפגעווארפן דעם טאטנס גאטספארכטיקייט, די פע.פע.עס'ישע אומאפהענגיקייט פון אירע נאענטע שולחברטעס, און די קאמוניסטישע אויסלייזהאפענונגען פון אירע אנדערע חברטעס, האט זי זיך אנגעשלאסן אין א סאציאליסטישן יוגנט־קרייז. מאניעלע האט געפונען דעם וועג צום סאציאליזם, און פאר איר — א קינד פון יידישער נויטליידנדיקער הארעפאשנער מאסע, — האט סאציאליזם געמיינט נאטירלעך א בונד מיט דער דאזיקער מאסע, דאס מיינט

שוין במילא יידישער סאָציאַליזם, — „בונד״.

מאַניע ענדיקט די מיטלשול, מאַכט דורך דעם פּעדאַגאָגישן פּראָגראַם פון דער פרייער פּוילישער הויכשול „ווּשעכניצע״, און זי וויילט אויס איר לעבנס־באַרוף — אַרבעט אין דינסט פון יידישן קינד. אַלס אַ פּיאַיקע אַבסאָלווענטן אין פּעדאַגאָגיק פון אַן אָנערקענטער פּוילישער הויכשול, זיינען פאַר איר אָפן די ברייטסטע מעגלעכקייטן איינצואָרדענען זיך אין אַ יידישער „פּאָווּשעכנע״ רעגירונג־שול, אין אַ גמינע־שול און אַנדערע טיפּן שולן וועלכע קאָנען געבן זייערע לערער מאַטעריעלע זיכערקייט. זי קלייבט אָבער אויס דאָס שווערע לעבן פון אַ לערערין אין אַ צישאָ־שול. דאָס איז אַ דערנער־וועג אין וועלכן עס קומט אויס צו שפּייזן דורך צרות, נויט און רדיפות. אָבער די יונגע אידעאַליסטישע לערערין איז די אַלע שוועריקייטן מקבל באהבה, צוליבן גייסטיקן גענוס פון קאָנען לעבן אין איינקלאַנג מיט די אייגענע שטרעבונגען און אידעען.

מ. יערוכימזאָן טרעט אַריין אין יידיש־וועלטלעכן שולוועזן און ווערט איינע פון די אָנגעזעענסטע מיטגלידער אין דער לערער־משפּחה. זעלטן באַהערשט און סובטעל, האָט איר גאַנצער וועזן געשטראַלט מיט ליבע און וואַרעמקייט אין דער אומגעבונג פון אירע קינדער, פון איר קלאַס, איר שול. ווער עס האָט געזען די „לערערין מאַניעלע״ אין דער סביבה פון אירע קינדער, האָט געמוזט בלייבן פאַרצויבערט פון דער מאַגישער ווירקונג וואָס זי האָט געהאַט אויף אירע קינדער. עס איז נישט געווען קיין שום זאַך וואָס זי זאָל נישט קענען פּועלן ביי אירע שילער און שילערינס.

מאַניע האָט כסדר שטודירט, געזוכט און געפּאָרשט די מעגלעכקייטן צו פאַרפולקאָמען זיך אין איר לערערישער טעטיקייט און צו באַרייכערן די מעטאָדן פון איר לערנען. מער פאַר אַלץ האָט זי מורא געהאַט צו פאַרבלייבן פאַרגליווערט אין איר אַרבעט־סיסטעם. אָנערקענט אַלס באַגאַבטע לערערין פון יינגסטע קלאַסן, האָט זי דאָך פאַרלאָזט דעם געביט און אָנגעהויבן אַרבעטן אין די העכערע אָפּטיילונגען. נאָר אַ גאָט־געבענטשטע לערערין ווי מאַניע האָט געקענט מיט דערפאָלג צובינדן צו זיך און האַלטן שטענדיק געשפּאַנט קינדער פון אַזעלכע פאַרשידנאַרטיקע עלטער־שטופעס. איר וואונדער־קראַפט צו באַאיינפלוסן קינדער האָט געשטאַמט פונעם אויסערגעוויינלעכן קוואַל — דאָס איז איר הייסע ליבע צום קינד. נישט איין מאָל איז אויף פּעדאַגאָגישע באַראַטונגען, ביי דיסקוסיעס צווישן לערער, אויסגעקומען צו הערן מאַניעס וואָרט: „עס זיינען פאַראַן פאַרשידענע גוטע און טייערע מעטאָדן און סיסטעמען. אָבער עס איז נישטאָ גאָרנישט אויף דער וועלט וואָס איז אַזוי הייליק ווי אַ קינדערשע טרער.״ קינדער האָבן געפילט די וואַרעמקייט מיט וועלכער די „לערערין מאַניעלע״ האָט הייליק יעדע קינדערישע טרער, און זיי פלעגן איר ענטפערן מיט געהאָרכזאַמקייט, האַרציקסטער ליבע און צוגעבונדנקייט. דאָס איז געווען מאַניעלע: פון איר הייליקן גלויבן אין סאָציאַליזם האָט געפלאָסן די ליבע און זאָרג פאַרן פאַרוואָרלאָזטן יידישען קינד, און פון דער נשמהדיקער ליבע צום קינד האָט געשטאַמט די גרייטקייט אָפּצוגעבן אַלע כוחות פאַרן „בונד״ און סאָציאַליזם.

מ. יערוכימזאָן איז געווען אַ שטענדיקע מיטגלידערין אינעם ראַט פון דער בונדישער לערער־גרופּע, זי איז געווען אין דער פאַרוואַלטונג פונעם פּראָפעסיאָנעלן לערער־פאַריין. זי פלעגט זיך אויפן

אקטיווסטן אופן באטייליקן אין אלע וואל־קאמפאניעס פון „בונד". די אלע טעטיקייטן זיינען געווען א גרינטלעכער באשטאנדטייל פון איר לעבן. ווען דער יוגנט־בונד „צוקונפט" האט געבילדעט א נעץ אוונט־קורסן צו ליקווידירן דעם אנאלפאבעטיזם צווישן יוגנטלעכע ארבעטער, איז מאניע געווען פון די ערשטע צו נעמען אויף זיך א טייל פון דער ארבעט. מע האט געדארפט זען דעם גליקלעכן גלאנץ אין אירע אויגן, ווען זי האט געקאנט דערציילן אז א פארוואלאזטער יידישער בעקער־יינגל קאן שוין אנשרייבן א זאץ. מיט ענלעכער התמדה האט זי זיך גענומען צו דער „סקיף"־ארבעט. אלס סקיף־רעפערענטין („העלפערין") האט זי אויסגעוויילט פאר זיך דווקא די שווערסטע קרייזן פון געוועזענע גאסן־קינדער וכד'.

עס איז אויסגעבראכן די וועלט־מלחמה. מאניע ווערט באלד א נויטיק און וויכטיק שרייפעלע אינעם אונטערערדישן אפאראט און, שפעטער, א מיטגליד פון אנפירנדיקן ווארשעווער קאלעקטיוו. דער קריג האט מאניעלען געטראפן אין דער פאלקשול אויף קארמעליצקע 29. די לערער אין שול זיינען פארבליבן מיט די קינדער, ביז מען האט אין 1942 אפגעשאפט די קליינע געטא און קארמעליצקע גאס איז ארויסגעפאלן פון דער יידישער געגנט. מאניעס לערערישע טעטיקייט ווי איר טעטיקייט אין געטא בכלל אין יענע צייטן איז בוכשטעבלעך אן עמבלעם פון פאלקס־דערהויבונג. ראזע ה. וועלכע האט דורכגעמאכט דעם געטא־פעריאד און פלעגט פון צייט צו צייט ארייננקומען צו מאניען אין איר שול, דערציילט וועגן דעם: „אין שול פלעגט קיין סך לערנען נישט זיין. דער יודנראט פלעגט פאר די קינדער צושטעלן אביסל וואסערדיקע זופקע, אבער דעם הונגער האט עס נישט געשטילט. די קינדער האבן זיך געזאמלט אין שול — פארשמאכטע, פארצאגטע, ממש געשוואלענע פון הונגער. אבער אט נעמט מאניעלע ארום זיך גרופעס אזעלכע קינדער און זי דערציילט, און וואס פאר אן ענדערונג! די אויסגעלאשענע קינדערשע אייגעלעך גלאנצן מיט פרייד, מיט גלויבן. וועגן וואס דערציילט נישט מאניעלע? זי דערציילט מעשיות וועגן וואונדער אין הימל און אויף דער ערד, וואונדער פון מסירת נפש און וואונדער פון בטחון. די קינדער דערהויבן זיך מיט פרץ'ן און לאכן שוין אפילו הארציק מיט שלום עליכמען. זיי הערן פון גייסטיקע גבורים פון פארצייטן. און די פארחלשטע, פארצאפלטע הערצעלעך ווערן אפגעפרישט, און עס ווערט פארגעסן דער הונגער, עס ווערן פארגעסן די צרות און פיין".

די שולן ווערן ליקווידירט. עס ווערן איינציקווייז ליקווידירט די לערער. לכתחילה האט די בלוטיקע בייטש פון דעפארטאציע געשמיסן די כלומרשטע „אומפראדוקטיווע". מאניע איז צוזאמען מיט אנדערע לערער געווען באזארגט מיט א צייגעניש אלס אנגעשטעלטע פון יידנראט. דעם 19־טן אויגוסט האט מען צוגענומען אירע א שוועסטער מיט דער משפחה. מאניע איז געלאפן ברענגען פאר איר דאקומענטן דורך וועלכע מען וועט זי אפשר קאנען אויסלייזן. אויפן וועג האט מאניע פארלוירן איר אייגענע צייגעניש. מען האט זי געכאפט און גלייך פארפאקט אין די וואגאנעס אויפן אומשלאג־פלאץ. עס קומט דער לעצטער וועג — קיין טרעבלינקע.

קיינער פון אונז לעבנפארבליבענע קאן קיינמאל נישט משער זיין און באגרייפן דעם שוידער און גרויל פון אט

דעם לעצטן וועג. אבער יעדערער וואס האט געקאנט מאניעלען, האט א פולן גרונט פארצושטעלן זיך און גלויבן אז אפילו אין די וואגאנעס צו טרעבלינקע האט זי אויסגעזוכט א צעשראקן קינד צווישן די מיטפארער, גענומען עס אין אירע שוואכע צארטע הענט, און גע־זוכט אפצואווישן א הייליקע קינדערשע טרער... ווייל מאניעלעס לעבן איז גע־ווען ליבע צום יידישן קינד, ליבע ביזן טויט.

ל. האדעס

## ירוכאמאוויטש, ליבע — שטאמט פון ווילנע, געווען א יתומה. גע־ענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאר און נאך דעם געארבעט אין די ציש"א־שולן. פארן קריג איז זי געווען לערערין אין זשעטל און דארטן איז זי אומגעקומען.

## באיעט, שרה — געבוירן אין ווילנע און געענדיקט דעם יידישן לערער־סעמי־נאר. אין 1938 געווען לערערין אין דוני־לאוויטש. אומגעקומען אין ווילנער געטא.

## באַרדאַק, אסתר — געבוירן אין רו־זשאַני (רוזשאנאי) ביי א טאטן א מלמד, געקענט חומש, תנ"ך. אין געהיים האט זי זיך געלערנט אין א גימנאזיע. נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז זי אנגעקומען אלס לערערין אין ציש"א־שולן. אנהויב דרייסיקער יארן האט זי אנגעהויבן לער־נען אין דער לאדזשער מעדעם־שול. זי האט זיך ספעציאליזירט אויף די יינגערע קלאסן. און קינדער האבן איר ליב גע־האט ווי אן אייגענע מאמע.

א שטילע ביי דער נאטור, האט זי אפילו ווען זי האט געהונגערט אין בוכ־שטעבלעכן זיין פון ווארט, זיך נישט אנ־גערופן און נישט געפאדערט איר געהאלט וואס די שול האט איר נישט געקענט צאלן צו דער צייט.

אומגעקומען אין לאדזש.

## כהן, יעקב — געבוירן אין ווילנע. אין 1924־1925 געווען לערער אין דוני־לאוויטש, געפירט דעם לימוד פון יידי־שער שפראך און געשיכטע. שפעטער גע־ווען לערער אין ווילנע. ער האט געשריבן קינדער־לידער און האט מיט גרויס דער־פאלג איינגעשטעלט קינדער־יום־טובים.

## כייקין, אריה — געבוירן אין 1911 אין דונילאוויטש, ווילנער געגנט. זיין פאטער איז געווען א רייכער גוטבאזיצער און גלייכצייטיק א חזן און בעל־תפילה. ער איז אבער שטארק פארארעמט געווארן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אריהס באבע איז געווען באַ־רימט אין איר צייט מיט איר אויסקויפן קאנטאניסטן.

זיין ערשטע דערציאונג האט אריה באקומען אין א חדר. מיט דער גרינדונג פון דער יידישער וועלטלעכער שול אין דונילאוויטש אין 1921, טרעט ער אריין אין 3־טן קלאס און פארענדיקט די שול אין 1927. דעמאלט קומט ער אן אין יידישן לערער־סעמינאר אין ווילנע. ער לעבט זייער ארעם, חברים מוזן קלייבן פאר אים געלט, כדי ער זאל קענען אנגיין מיטן לערנען. אבער אריה גראדואירט נאך דעם ווילנער לערער־סעמינאר, ווייל אין 1931 ווערט דער סעמינאר דורך דער רעגירונג ליקווידירט. אריה קומט אן אין דעם יודאאיסטישן אינסטיטוט אין ווארשע, וואו ער באקומט זיין לערער־דיפלאם.

אריה לערנט אין די ציש"א־שולן אין אפילו ווען זי האט געהונגערט אין בוכ־טער אין דונילאוויטש. אין 1941 ווערט

ער פארשפארט אין געטא אין דונילאוויטש, צוזאמען מיט זיין פרוי, סטירע לעווין, און קינד. זיי אלע זיינען אומגעקומען על קידוש השם דעם 21־טן נאוועמבער 1942 (12 טעג אין כסלו) אין דער דונילאוויטשער געטא. פארן שיסן אים האט אריה אויסגעשריען: בלוט פאר בלוט! זאל לעבן דאס יידישע פאלק!

**כייקין, שלמה** — געבוירן אין ווילנע אן ערך אין 1910 — ביי ארעמע עלטערן, האנטווערקער. ער האט פארענדיקט די מפיצי־השכלה־שול פאר יינגלעך און איז אין 1927 אנגעקומען אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאר. שוין אלס יונגער יינגל איז שלמה געווען אקטיוו אין „סקיף"; ווען ער איז געווארן אביסל עלטער, פארנעמט ער מיט דער צייט א פירנדע פאזיציע אין יוגנט־בונד „צוקונפט".

שלמה האט פארענדיקט דעם סעמינאר אין 1931 — און געארבעט אלס לערער אין ווילנע און אין פארשיידענע שטעט פון ווילנער געגנט. פון 1939 ביז 1941 איז ער פארוואלטער פון דער געוו. שטאטישער (ווילנער) תלמוד תורה. שלמה האט געהאט גרויסע ארטיסטישע פעאיקייטן און ער האט מיטגעארבעט אין פארשידענע ווילנער ד ר א מ א ט י ש ע סטודיעס.

אויך זיין פרוי שולמית איז געווען אן אביטוריענטין פון ווילנער לערער־סעמינאר.

שלמה און שולמית מיט זייער קינד זיינען אומגעקומען אויף פאנאר, 1941.

**כמיעל, רחל** — געבוירן אין לובלין אין 1903. געענדיקט א מיטלשול און פעדאגאגיק ביי דער „וושעכניצע" אין ווארשע. געארבעט אין די פאלקשולן פון ציש"א פון 1926 יאר — אין לובלין און קארטוז־בערעזע. זי האט געפירט פויליש אין די עלטערע קלאסן. רחל כמיעל האט חתונה געהאט מיט ניאמע שאפירא און געהאט א יינגעלע. זי איז באגאנגען זעלבסטמארד צוזאמען מיט איר מאן אין דארף סמאלנע לעבן בערעזע.

**לאבענדזש, רחל** — געבוירן אין ווארשע אויף די רוישיקע נאלעווקעס אין א סוחרישער שטוב, וואו די הויפטסוחרטע איז געווען די מאמע, — א שווערע דיקע יידענע מער ענלעך צו א מאן, מער געשעפטס־מענטש ווי פרוי אין שטוב. דער פאטער איז געשטארבן און לאזט איבער די אלמנה מיט א היפשער צאל קינדער. אויף נאלעווקי 29 איז געווען זייער פאבריק פון שירעמס.

רחל האט באקומען בילדונג אין דער פוילישער שפראך, זי האט טאקע זייער גוט געקענט פויליש. איך האב זי באגעגנט אין יאר 1933 אין דער שול אויף נאוואליפקי 68, — א שטיקל צייט איז זי געווען פארוואלטערין פון דער זעלבער שול — זי האט פארטראטן דעם פריערדיקן פארוואלטער פריינד.

רחל איז געווען א מענטש מיט א סך פערזענלעכע מעלות. שיין, קלוג, שארפזיניק. מיט א חוש פאר הומאר. חבריש, ערלעך, פינקטלעך און איבערגעגעבן ביי דער ארבעט. אויסער דעם האט זי פארמאגט א סך עלעגאנץ סיי אין דער באציאונג צו מענטשן, סיי אין דער אויסערלעכער האלטונג. עס האט געאטעמט פון איר מיט גרויסשטעטישקייט און אייראפעאישקייט. איך האב זי זייער ליב באקומען ביי דער צוזאמענארבעט און זי איז געווארן מיין אינטימער פריינד ניט געקוקט אויף דעם אונטערשייד אין עלטער צווישן אונז.

עס איז מיר ניט באַקאַנט די סיבות, צוליב וועלכע זי האָט זיך איבערגעוואָרפן פון לערעריי צו פּאַד־אַרבעט. איך מיין, אַז דאָס זיינען געווען מאַטעריעלע סיבות, ווייל די פאַרדינסטן פון אַ יידישן לערער זיינען געווען הונגער־לוינען. זי האָט זיך אויסגעלערנט מאַכן גאַרסעטן און האָט געאַרבעט ביי דעם פאַך.

די אַטמאָספער ביי זיי אין שטוב איז געווען אַ שווערע. אַזוי ווי די שוועסטער, אַ לערערין פון פּוילישע גימנאַזיעס, האָט זיך פולשטענדיק דערווייטערט פון די שטוביקע זאָרגן, האָט רחל געטראָגן דעם גאַנצן שטוביקן באַלאַסט אויף איר רוקן. סיי די ברידער, סיי די דעספּאָטישע מו־טער טוען ניט קיין שום זאַך אַן איר באַשטעטיקונג. עס איז געווען רירנד צו זען ווי רחל, די פריידענקערין און וועלט־לעבער מענטש, רעספּעקטירט און היט אָפּ די שבתים און יום־טובים אין שטוב. רחל איז זייער באַליבט ביי אַלע אָרומיקע אָבער זי ליידט אין דער שטיל און טראָגט אויס זייער אַ סך צרות פון די נאָענטע, פון דער שטוב און פון דער פרעמדער פאַר איר סביבה.

זי וואַרפט זיך צוריק איבער צו לע־רעריי. זי נעמט איבער דעם לימוד פון פרויען־האַנטאַרבעט אין אַטוואַצק, אין דעם באַקאַנטן אַנשטאַלט פאַר דעפעק־טיווע קינדער מיט וועלכן עס האָט פאַר־וואַלטעט דער יידישער פּאָעט קלמן ליס. זי אָרגאַניזירט זעלטן גוטע וואַרשטאַטן פאַר פרויען־האַנט־אַרבעט. זי ווערט די דערציערין פון דער מיידל־גרופּע וועלכע איז געווען איינע פון די שווערסטע. ביי אָט דער אַרבעט האָט ערשט רחל אַרויס־געוויזן אירע פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן, רייכע אינטואיציע, איר פילבאַר האַרץ און אויסערגעוויינלעכן טאַקט אין באַצוג צו יעדן איינציק קינד מיט זיינע שוואַכ־קייטן און דעפעקטן. זי ווערט שנעל באַ־ליבט ביי דעם גאַנצן אַרום און איז אַ גרויסער אויטאָריטעט ביי די קינדער. מיט אַ סך געדולד און פאַרשטענדעניש פלעגט זי גאַנצע שעהן מיר דערציילן וועגן די איבערלעבונגען און רעאַקציעס פון יעדן קינד. זי האָט אַ סך האַרץ און אַרבעט אַריינגעלייגט אינעם דאָזיקן אַנ־שטאַלט. אַ סך איינפאַל און פּעדאַגאָגישע רוטין האָט זי אַרויסגעוויזן ביי דער אַרבעט.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז דאָס גאַנצע הויז נאַלעווקי 29 אַוועק מיט די פלאַמען. די מוטער איז אומגעקומען. דער יינגסטער ברודער איז פאַרפאַלן גע־וואָרן. די שוועסטער די לערערין האָט זיך געפונען אין גאַליציע. רחל מיט איינעם פון די ברידער האָט געוואוינט אין אַ צימער ביי עמעצן אויף זאַמענהאָף גאַס. רחל איז זייער ערנסט קראַנק געוואָרן. דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט אַז זי האָט אַ ראַק (קענסער)... די קראַנקהייט האָט זי זייער אויסגעמאַטערט, בפרט אין די באַדינגונגען פון יענע שוידערלעכע טעג. די איינציקע משפּחה־מיטגלידער האָבן זי אַרומגערינגלט מיט אַ סך וואַ־רעמקייט און אויפמערקזאַמקייט. אויך די פריינד אירע די לערער פלעגן קומען צו איר אָפט און זיצן ביי איר בעט. פעלאַ הערצליך האָט געוואָלט שאַפן פאַר איר הילף, אָבער רחל איז בייז געוואָרן ווען זי האָט זיך נאָר דערוואוסט וועגן דעם. אין אַ רעגנדיקן האַרבסט־טאָג פון יאָר 1940 האָט דער ראַק ענדגילטיק צעפרעסן איר אָרגאַניזם. זי האָט זיך מער פון איר בעט שוין ניט אויפגעהויבן. זי האָט נאָך זוכה געווען צו באַקומען אַ קבר אויפן וואַרשעווער בית־עולם.

ג ע נ י אַ  ס י ל ק ע ס

## לאַזאָווסקי, נח — געענדיקט דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט אין 1909. געווען ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה א לערער אין א יידישער פאָלקשול אין פּינסק. אין יאָר 1915, ווען די רוסן האָבן פאַרלאָזן ווילנע, איז ער צוזאַמען מיט א באַדייטנדער גרופּע יידישע לערער, געוועזענע אַביטוריענטן פון ווילנער לערער־אינסטיטוט, פאַרבליבן אין ווילנע און זיך באַטייליקט אין דער בויאונג פון די ערשטע יידיש־וועלטלעכע שולן. געווען יאָרן לאַנג א לערער אין רעאַל־גימנאַזיע און אין אַנדערע שולן אין ווילנע פון צ. ב. ק.

נ. לאַזאָווסקי איז געווען א גרויסער קענער פון אַלגעמיינער און רוסישער געשיכטע, און אויף דעם קענגשטאַנד אין וועלכן ער האָט זיך שטאַרק ספּעציאַליזירט, האָט ער געגעבן לעקציעס אין דער רעאַל־גימנאַזיע.

נ. לאַזאָווסקי איז געווען זייער א שטילער און באַשיידענער מענטש. ער איז זעלטן ווען אַרויסגעטראָטן אויף אַלגעמיינע לערער־פאַרזאַמלונגען. איינזאַם און איינגעשלאָסן אין זיך, האָט ער זיך אויסגעלעבט אין דער שול־אַרבעט, וועלכע ער האָט געפירט מיט גרויס ערנסט און אחריות.

וועגן זיין אומקום פעלן, צום באַדויערן, ידיעות.

## לאַזאַר־מעלמאַן, איטקע — געבוירן אין א פרומער יידישער משפחה אין לובלינער געגנט. זייער יונג האָט זי געענדיקט דעם לערער־סעמינאַר פון ציישאָ אין וואַרשע. זי איז געווען א זייער פלייסיקע לערערין, פול מיט גלויבן אין איר לערער־אַרבעט אַלס מיסיע צו יידישע קינדער. די לעצטע יאָרן האָט זי געלערנט אין לאָדזש אין דער מעדעם־און מיכאַלעוויטש־שול, אָבער נאָך ביז לאָדזש האָט זי געאַרבעט אין עטלעכע ציישאָ־שולן אויף דער פּראָווינץ (טשענסטאָכאָוו א״אַ).

איטקע לאַזאַר האָט באַלאַנגט צום „בונד" און געטאָן יעדע אַרבעט וואָס מען האָט איר נאָר אָנפאַרטרויט. זי האָט אָנגעפירט מיט „סקיף"־אַרבעט צווישן די קינדער. חסידישע גלויביקייט האָט געשטראַלט פון איר ביי יעדער טואונג. יעדע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז פאַר איר געווען ווי א מין הייליקער אויפטו. אין דער געטאָ פון לאָדזש און וואַרשע איז זי געוועזן ביז נאָר אַקטיוו אין דער אונטערערדישער טעטיקייט. זי האָט פאַרנומען דעם אַמט פון א „קוריער" וואָס איז אַרומגעפאָרן איבער דער פּראָווינץ.

איטקע לאַזאַר־מעלמאַן ווערט א סך מאָל דערמאָנט אינעם בוך פון בערנאַרד גאָלדשטיין. ער דערציילט וועגן איר:

„ח'טע מעלמאַן, א לערערין פון דער מעדעם־שול אין לאָדזש במשך א סך יאָרן, איז די ערשטע געפאָרן פון וואַרשע קיין לאָדזש זיך צו באַקענען מיט דער לאַגע און איינשטעלן פאַרבינדונגען; איר איז אויסגעקומען צו האָבן שאַרפע געשפּרעכן מיטן פאַרזיצער פון לאָדזשער „יודן־ראַט" רומקאָווסקין וועגן אַרויסגעבן שפּייז־פּראָדוקטן פאַר די קינדער פון די שולן; זי האָט געעפנט די שול־לאָקאַלן, צונויפגענומען דעם פריערדיקן לערער־פּערסאָנאַל און אָרגאַניזירט די באַשפּייז־אַקציע אַרום די שול־לאָקאַלן. זי איז אויך געפאָרן קיין מעזריטש, באַזאָרגט אַהין א גרעסערע סומע געלט־שטיצע און איינגעשטעלט דירעקטע פאַרבינדונגען. אין וואַרשע איז זי געווען טעטיק אין אומלעגאַלן לערער־סעמינאַר, אין רויטן קרייז; זי האָט אויך פאַרנומען דעם אַמט פון א ראַיאָן־אינספּעקטאָר ביים

„דזשאינט". ח'טע מעלמאן איז אומגעקומען מיט איר 12־יאריק קינד אין בונקער אויף גרויעצע גאס צוזאמען מיט עמנואל רינגעלבלום און נאך 30 פערזאן".

א. לאזאר־מעלמאן איז געווען אן אנגעזעענע לערערין אין דער שול־נעץ פון דער ציִשא, זי האט געלערנט אין די יינגערע קלאסן, געהאט א וואונדערבארן צוגאנג צו די קינדער און געוואונען לייכט זייער סימפאטיע. זי האט באמת איר שול־ארבעט באטראכט ווי א הייליקייט.

## לאם־ שווארצבערג, יענטע —

שטאמט פון א חסידישער פארמעגלעכער משפחה. געבוירן אין פולאוו אין 1907, איז זי נאכן ענדיקן א פוילישע מיטלשול אנגעקומען אין א פרעבליסטן־סעמינאר אין ווארשע.

זי האט א קורצע צייט פראקטיקירט אין א באראכאוו־קינדערהיים אין ווארשע. שפעטער איז זי געקומען קיין ווילנע און געארבעט אין א פריוואטן אנשטאלט. זי דערנענטערט זיך צו די קרייזן פון צ. ב. ק. און ווערט נאענט צו אונזערע שולן. יארן שפעטער ארבעט זי אין די ציִשא־אנשטאלטן אין סטרי, גאמבין און די לעצטע יארן אין פולאוו, וואו זי האט חתונה געהאט און אליין געשאפן א קינדערהיים. זי איז אומגעקומען אין לובלין אין 1941.

חוץ איר אנגענעם אויסזען האט יענטע לאם געהאט א וואונדערבארע נאטור. איידל, רואיק און צארט, און זי איז געווען א גלענצנדע דערציערין. געהאט אן אינערלעכן בארוף פאר דערציערישע ארבעט, און געווען אמביציעז, געשטרעבט זיך צו פארפולקאמען דורך באזוכן פארשיידענע פרעבל־אנשטאלטן, לייענען אטשפרעכנדע ליטעראטור און באזוכן פארשיידענע דערגאנצונגס־קורסן פאר לערער.

זי איז געקומען צו דער יידישער שול געטריבן פון דעם באגער צו ווערן סאציאל נוצלעך דורך העלפן דעם יידישן ארבעטער־קינד. זי האט פארלאזן א גוט־באצאלטע שטעלע אין א שטאטישן קינדערהיים, ווייל זי האט זיך אין אונזערע קרייזן געפילט א סך בעסער.

## לאקס־שימעל, איטע — איך האב

זי געטראפן אין ווארשע ביי דער שול־ארבעט אלס לערערין פון פויליש אין עטלעכע ווארשעווער שולן. זי האט גערעדט א מוסטערהאפטן פויליש. אין איר גאנצער האלטונג האט זי זיך אונטערשיידט פון דער ארומיקער לערער־גרופע, לערער פון די ציִשא־שולן. אין די ערשטע יארן פון איר ארבעט פלעגט זי כסדר ריידן פויליש.

די יינגסטע אנפאנג־לערער פון די ציִשא־שולן — דאס זיינען געווען מענטשן וואס נישט איינער פון זיי האט רואינירט אלע מעגלעכקייטן פון שאפן זיך א מאטעריעלע און פערזענלעכע קאריערע, און האבן זיך מיט טיפער ליבשאפט, מיט לייב און לעבן ארייננגעווארפן אין ברען פון דער ארבעט אין דער נייער יידישער שול. זיי האבן געלעבט ביי הונגער־לוין, איבערגעריסן זייערע שטודיומס, און געהאט פאר זיך איין גרויסן אידעאל: אנטוויקלונג און וואוקס פון יידיש־וועלטלעכן שולוועזן.

במשך פון א קורצער צייט, געפינענדיק זיך אין אזא אטמאספער פון ערנסטקייט און מסירת נפש, האט לאקס זיך אנגעשטעקט מיט די אלע אייגנשאפטן פון אט דער לערערשאפט און איז אויך געווארן א פאנאטישע קעמפערין פאר דער זאך פון דער יידישער שול. איך האב זי שוין כסדר געהערט רעדן א גוטן יידיש; פויליש איז געווארן די שפראך בלויז פון

אירע לעקציעס. א סך פון דער אסימילירטער יידישער אינטעליגענץ, ווען זיי האבן זיך נאר צוגערירט צום יידישן שולוועזן, זיינען זיי אזוי טיף באאיינפלוסט געווארן פון דער אטמאספער וואס האט דא געהערשט, אז זיי זיינען שנעל געווארן גרויסע פריינד און אנהענגער פון דער יידישער שול. צוגלייך מיט דער גאנצער לערערשאפט טראגט איטע אויס אלע זוניקע און אומעטיקע טעג פון דער יידישער שול. זי לעבט א שווער לעבן, פול מיט מאטעריעלע זארגן, און זי איז אויך נישט ביים איבעריקן געזונט. אבער איר ארבעט אין שול פירט זי מיט גרויס דערפאלג.

אין 1936 האט זי חתונה מיטן טאלאנטפולן דיכטער מאוריצי שימעל, וועלכער איז צו יענער צייט געווען באקאנט מיט זיינע קינסטלערישע לידער אין פויליש, און אייניקע אין יידיש. א סברא אז לאקס האט אים באאיינפלוסט צו שרייבן יידיש. זיינע לידער האבן צו יענער צייט געהאט גרויס דערפאלג. מיט איר וואונדערבאר שיין טעכטערל חנהלע פלעגט זי כסדר רעדן יידיש.

בעת דעם אויסברוך פון דער היטלער־מלחמה, וואנדערט שימעל צוגלייך מיט א גרויסן טייל יידישע מענער אויף מזרח (אין לעמבערג, פון וואנען ער האט געשטאמט). זיין פרוי מיטן קינד בלייבן אין ווארשע און פאלן אריין אין די לאפעס פון די מערדערישע אקופאנטן.

לאקס ארבעט אין דער קינדער־קיך אויף קראכמאלנע. איר גרעסטע זארג איז חנהלע, זי מוז חנהלען באזארגן מיט עסן און ווארעמקייט. עס איז נישט געווען פון די גרינגע זאכן פאר א מאמען אין יענע צייטן. לאקס ראנגלט זיך און באזארגט איר קינד מיט דאס נויטיקסטע. און ווי אויף צו להכעיס דער דעמאלטדיקער וועלט פון שנאה צו יעדער לעבעדיק יידיש וועזן, צו יעדער יידיש קינד, — וואקסט חנהלע און אנטוויקלט זיך שנעל. דאס קינד פלעגט ממש באצויבערן ווען זי האט ברייט צעעפנט אירע גרויסע בלויע אויגן און דעקלאמירט די לידער פון טאטן. איין ליד האט דער פאטער צוגעשיקט פון לעמבערג ספעציעל געווידמעט חנהלען, און זי איז כסדר ארומגעגאנגען און דעקלאמירט דאס ליד. חנהלע איז געווען דאס ליבלינג פון קינדער־היים. באזונדערס רירנד איז געווען ווען זי פלעגט אנהייבן שטעלן פראגן סיי דער מאמען, סיי די ארומיקע באקאנטע. פראגן וואס האבן ווי שפיזן דורכגעלעכערט דאס הארץ און אויף וועלכע מען האט ניט געקענט געבן קיין ענטפער: פארוואס זיינען די דייטשן שלעכטע? פארוואס איז מיין טאטע אזוי וויט און קומט ניט? פארוואס וויינט די מאמע א גאנצן טאג? פארוואס לויפט מען אלעמאל אין אן אנדער דירה? פארוואס קען מען ניט ארויסגיין אין דרויסן זיך שפילן?

לאקס האט דורכגעמאכט אלע גיהנומס פון געטא. נאך דער צווייטער אויסזידלונג וואוינט זי אויף מוראנאוו אין א קליינעם ענגן צימער. זי ארבעט אין א „צענטאס”־אנשטאלט, אין א קינדער־קיך. זי אליין איז קראנק, מיט געשוואלענע פיס, שטענדיק פארוויינט. עס איז שווער צו באקומען פארן קינד די נויטיקסטע שפייזן. חנהלע הונגערט. די מאמע איז גרייט צו זעלבסטמארד. אלע פריינד און באקאנטע העלפן איר מיט וואס ס'איז מעגלעך אין יענע שווידערלעכע טעג. פון שימעלן קומען ניט אן קיין שום ידיעות. לאקס איז פארצווייפלט, זי איז שטורמיש צעשריגן. זי לויפט ווי א פארסמטע פון איין באהעלטעניש אין דער צווייטער. זי איז ממש משוגע, ווי אזוי אויסצוהיטן חנהלען פון די אבלאוועס אויף קינדער.

זי טראַכט וועגן אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט. עס איז ניט פון די לייכטע זאַכן. דאָס קינד אַליין וויל זי ניט אַריבערשיקן, — איך ווייס אַז מען האָט איר דאָס פאַרגעלייגט. צוזאַמען מיטן קינד, איז דעמאָלט ניט מעגלעך געווען איר אַריבערצופירן. ס'פעלט איר מוט צו ריזיקירן, און ריזיקירן דאַרף מען מיטן אייגענעם לעבן און מיטן לעבן פון קינד. מע דאַרף פאַרמאָגן אין זיך איבערמענטשלעכן מוט צו קענען אונטערנעמען אַזאַ שריט. לאָקס איז איינגעבראָכן, דערשלאָגן, זי וויינט און שרייט. זי האָט שרעקלעך געוואָלט לעבן. ווער עס געדענקט איר אין יענע משוגענע טעג ווי זי פלעגט אַרומלויפן איבער די גאַסן מיט געוויין און געשריי, — וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן איר פנים.

זי איז אויסגעזידלט געוואָרן צוזאַמען מיט איר קינד בעת דער גרויסער בלאָקאַדע פון מוראַנאָווער גאַס. צווישן די אומגעקומענע לערער־קדושים שטייט זי ווי אַ טאָפּלטע מאַרטירערין — ווי אַ לערערין און אַ מאַמע־מאַרטירערין, וועלכע האָט אויסגעטראָגן אויף אירע פּלייצעס די גרעסטע עינויים.

ג ע נ י ע   ס י ל ק ע ס

***

איטע לאָקס האָט געשטאַמט פון לובלין (פּיאַסקעס) פון אַן אָרעמער משפּחה. איר טאַטע איז געווען אַ מלמד. זי האָט אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן שוין פון אירע קינדער־יאָרן. איטע האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער פרומער היים און אָנגעהויבן זיך לערנען וועלטלעכע לימודים. נאָכן פאַרענדיקן גימנאַזיע אין בריסק, איז זי אָנגעקומען אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט אויף פּאַלאָניסטיק. אין איר משפּחה זיינען געווען אַ סך קינסטלער. ראָזע פּרץ־לאָקס איז געווען אירע אַ קוזינע. איטע איז געווען זייער אַ שיינע, מיט קלאַסיש־געשניצטע שטריכן פון פּנים, מיט אַ ספּעציעלן יידישן חן וועלכן זי האָט געבראַכט פון אירע עלטערן.

## לובאַצקי, ברוך

לובאַצקי, ברוך — געבוירן אין ווילנע ביי ניט רייכע עלטערן (דער פאָטער געווען אַ העברעאיש־לערער), האָט ער זיין עלעמענטאַרע בילדונג באַקומען אין דער רעגירונגס־פאָלקשול ביים ווילנער לערער־אינסטיטוט. זייענדיק אין פּאַרבאַרייטונגס־קלאַס (6־1/2 יאָר אַלט), האָט לובאַצקי דעקלאַמירט בעת אַן אָוונט אין אינסטיטוט נעקראַסאָווס פּאָעמע „דיאַדיושקאַ יאַקאָוו" אַזוי מייסטערהאַפט, אַז די אַפּיציעלע געסט, דער גובערנאַטאָר פירשט גרוזינסקי און דער קוראַטאָר פון אָרטיקן שול־וועזן, האָבן אים געקושט און געגעבן מתנות. ברוך איז שפּעטער אָנגענומען געוואָרן אין ווילנער לערער־אינסטיטוט און האָט אים געענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג.



ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ברוך געווען לערער פון רעגירונגס־שולן אין ביאַליסטאָק. ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען ווילנע, איז ער געקומען אין זיין געבורטס־שטאָט. נאָכן אָפּטרעטן פון די רוסן איז ברוך לובאַצקי אַריינגעטראָטן אין אַ קאָאָפּעראַטיוו פון לערער־אַביטוריענטן פון לערער־אינסטיטוט, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט מיטעלער בילדונג. אין די יאָרן 1917־18 ווען עס האָט זיך אויסקריסטאַליזירט די יידישע רעאַל־

גימנאזיע ביים צ. ב. ק., איז ברוך לובאצקי (צוזאמען מיט דוד לובאצקי און לייזער לאזאווסקי) געווארן פארוואלטער פון דער גימנאזיע. מיטע זאבלודאווסקי איז געווען די געשעפט־פירערין פון דער גימנאזיע. (אין 1920 האט זי געהייראט מיט ברוכן).

ברוך לובאצקי האט זיך פארנומען אינטענסיוו מיט געזעלשאפטלעכער ארבעט. ער איז געווען א מיטגליד פון צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט און גלייכצייטיק אויך פארזיצער פון דער „שול־ארגאניזאציע פאר ווילנער פראווינץ”, וועלכע האט אין די 20־קער יארן פארמאגט שולן אין א פאר צענדליק שטעטלעך. ב. לובאצקי פלעגט אפט באזוכן די שטעטלעך, ארגאניזירן דארטן עלטערן־קאמיטעטן, ארויסטרעטן מיט רעפעראטן און פארטיידיקן די שולן לגבי דער מאכט, וועלכע איז אלע מאל געווען פיינטלעך געשטימט צו די יידיש־וועלטלעכע שולן. אין דער שול־ארגאניזאציע פאר ווילנער פראווינץ האט ב. לובאצקין געהערט די פירנדיקע ראלע. זיינע מיטארבעטער אין דער פארוואלטונג זיינען געווען א. קליאנסקי, ד. קאפלאנסקי, י. זאוועלס, ה. אבראמאוויטש א״א. סעקרעטאר פון דער ארגאניזאציע איז געווען א. גאלדמאן (זיך געראטעוועט פון היטלער־גיהנום, געקומען קיין אמעריקע און נאך א פאר יאר פראקטיקירן אלס דאקטאר איז ער אין ניו־יארק געשטארבן).

ב. לובאצקי איז געווען א זייער טעטיקער מיטגליד אין דער דעמאקראטישער פאלקס־פארטיי (ד״ר צ. שאבאד — פארזיצער). אין נאמען פון דער פארטיי איז ב. לובאצקי אויסגעקליבן געווארן אלס ראטמאן אין דער ווילנער שטאט־פארוואלטונג און אויך אין דער קהילה. אין שטאטראט האט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קעמפערישן כאראקטער, באזונדערס — פאר די רעכט פון דער יידישער שפראך. ער האט עטלעכע מאל געהאלטן רעדעס אין ווילנער שטאטראט אויף יידיש, ביי אומאויפהערלעכע סקאנדאלן מצד די רעאקציאנערע אנטיסעמיטישע פוילישע ראטמענער, — זיי האבן זיך אויף אים געווארפן מיט פויסטן. גאנץ ווילנע האט ניט אויפגעהערט צו רעדן וועגן ב. לובאצקיס מוטיקע ארויסטריטן.

אין די לעצטע יארן פארן היטלער־קריג האט די ווילנער קהילה באשטימט ב. לובאצקין אלס פארוואלטער פון די „ביליקע הייזער”, וועלכע זיינען געווען באוואוינט פון הונדערטער יידישע ארעמע פאמיליעס וואס האבן ניט געקאנט אדער ניט געוואלט צאלן דאס איינגעשטעלטע דירה־געלט. נאר א דאנק ב. לובאצקיס קלוגער פירונג זיינען אויסגעמיטן געווארן עקסמיסיעס און געוואלד־אקטן מצד אייניקע אונטערוועלט־מענטשן וועלכע זיינען געווען, אמת אין א קליינער צאל, צווישן די איינוואוינער פון די ביליקע הייזער.

ב. לובאצקי האט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע שארפע ווערטלעך און בייסיקער פאלעמיק מיט קעגנער. ער האט פארעפנטלעכט פון צייט צו צייט ארטיקלען אין די אויסגאבעס פון דער פאלקס־פארטיי און אין „ווילנער טאג” — אויף פעדאגאגישע און אקטועלע קולטור־פראבלעמען.

אין ווילנער געטא איז ב. לובאצקי געווען טעטיק ביי דער שול־ארבעט. געהאלטן פארטראגן אין געטא ביים לערער־פארבאנד און אין דער ארבעטער־אודיטאריע (וועגן מענדעלע מו״ס, וועגן שול־ענינים, א סעמינאר פון מאדערנער פסיכאלאגיע). ביי דער ליקווידאציע פון ווילנער געטא איז ברוך אוועקגעשיקט גע־

וואַרן אין עסטאָניע אין לאַגער קיוויאַלי וואו ער האָט געאַרבעט ביים אַרויסקריגן פון געוויסע סאָרטן שטיינער — בענזין. געשטאָרבן איז ער פון דעזינטעריע אין לאַגער דאַוטמערגען (שטוטהאָף) אין יאַנואַר 1945. זיין פרוי מיטע איז אומגעבראַכט געוואָרן אין טרעבלינקע. לובאַצקיס צוויי זין דאַניע און אימע (עמנואל) זיינען אומגעקומען אַלס פּאַרטיזאַנער אין די רודניצקער וועלדער (ביי ווילנע), וואו זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַ געוואַלטיקע העלדישקייט קעגן די אָקופּאַנטן, אַנטיילנעמענדיק אין די שווערסטע אויפגאַבעס, און זיך אויסצייכנענדיק מיט זייער דרייסטקייט.

ה. אַבראַמאָוויטש

*

ברוך לובאַצקי איז געווען איינער פון די ערשטע און בעסטע אין דער גרופּע תּלמידים פון ווילנער „יידישן" רוסיפיצירט־אַסימילאַטאָרישן לערער־אינסטיטוט, וואָס האָבן זיך מיט באַגייסטערונג געלאָזן אויפן וועג פון נאַציאָנאַלן יידיש־וועלטלעכן שול־בוי. אידעאיש־נאָענט צו דער פאָלקס־פּאַרטיי, האָט ער כּל ימיו געזען אין דער יידישער שול און אין דער יידישער נייער קולטור בכלל, דעם צוועק און זינען פון יידישן פאָלקיזם. יאָרן לאַנג איז ער געווען טעטיק ווי אַ פּאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין יידישן ווילנער לערער־פאַריין, געווען אויך אַ מיטגליד אין דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון פּעדאַגאָגישן פאַרלאַג ביים צ. ב. ק.

אַ האַרציקער חבר, אַן ערלעכער אידעאַליסט, האָט ער זיך תּמיד איבערגעגעבן בלב ונפש דעם שול־וועזן און די אַלע וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים אַט דעם שול־וועזן געבויט און געכאַוועט.

ב. לובאַצקי איז געווען אַ מענטש מיט אַ באַלאַנסירטן כאַראַקטער, אַן אמת־ליטווישער טיפּ: קאַלט, לאָגיש, אויסגעהאַלטן און גראַדליניק. און טאַקע פאַר די אַלע מעלות האָט ער געוואונען אין דער גאַנצער ווילנער יידיש־קולטור־סביבה דרך ארץ און אָנערקענונג.

## לובאַצקי, מיטע

— געבוירן אין 1900 אין ווילנע. איר פאָטער יצחק זאב לודאָווסקי — מיטגרינדער פון דער תּרבות־גימנאַזיע אין ווילנע, לאַנגיאָריקער לערער אין העברעאישן שולוועזן. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן צוזאַמען מיט דער פרוי מלכּה אין 1941 אין ווילנער פּאַנאַר.

מיטע איז געווען די פרוי פון באַקאַנטן לערער און געזעלשאַפטלעכן טוער ברוך לובאַצקי. זי איז געוואָרן לערערין גלייך אין אָנפאַנג פונעם יידישן שולוועזן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. זי איז געווען לערערין אין די ערשטע קלאַסן פון דער רעאַל־גימנאַזיע, זי איז אויך געווען קאַנצעלאַריע־סעקרעטאַרין. זי האָט געענדיקט גימנאַזיע און שטודירט נאַטורוויסנשאַפט אין ווילנער אוניווערסיטעט. שפּעטער האָט זי געענדיקט אַ דריי־יאָריקן קורס פאַר קראַנקן־שוועסטער. אַזוי האָט זי געאַרבעט אַלע יאָרן אין ווילנע אַלס דערציערין און אַלס קראַנקן־שוועסטער.

בעת דער היטלער־מלחמה האָט מיטע לובאַצקי אויסגעפירט זייער שווערע אַרבעט אויסערן געטאָ. ריזיקירנדיק מיטן לעבן פלעגט זי אַריינטראָגן דורך דעם געטאָ־טויער — האַנט ביי האַנט מיטן עלטערן זון דאַניע — ברויט און געווער פאַר די פּאַרטיזאַנער. אין 1943, ביים ליקווידירן די ווילנער געטאָ, האָט זי ניט געלאָזט זיך צעשיידן מיטן טעכטערל שולמית און איז געוואָרן פאַרטריבן „אויף לינקס".

## לובאַצקי, דוד

— געבוירן אין 1887. געענדיקט ווילנער האַנטווערקער־שול אַלס שלאָסער. אַ דאַנק זײַנע אויסערגעוויינלעכע מאַטעמאַטישע פֿעיִקייטן אַריינגעטראַטן אין ווילנער לערער־אינסטיטוט און געענדיקט אין 1907 אַלס „לערער פֿון יידישער פֿאָלקס־שול". נאָכן ענדיקן דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט איז דוד לובאַצקי געווען לערער אין די קאַזיאָנע פֿאָלקס־שולן פֿאַר יידישע קינדער אין טעלז און אין קאָוונע. שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין ווילנע און געאַרבעט אַלס לערער אין די אָרטיקע יידיש־וועלטלעכע שולן. געווען זייער אַ גוטער מאַטעמאַטיקער און געלערנט דעם קענגשטאַנד אין רעאַל־גימנאַזיע, אין יידישן לערער־סעמינאַר און אין יידישן טעכניקום פֿון געזעלשאַפֿט „אָרט".

דוד לובאַצקי האָט אויך געענדיקט דעם פּוילישן ווילנער אוניווערסיטעט (מאַטעמאַטישע אָפּטיילונג). ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פּאָפּולאַריזאַטאָר פֿון מאַטעמאַטישער וויסנשאַפֿט. געווען שטאַרק באַליבט ביי די שילער. געאַרבעט אין די טערמינאָלאָגישע קאָמיסיעס פֿאַר מאַטעמאַטישע און טעכנישע וויסנשאַפֿטן אויף יידיש. צוזאַמען מיט ברוך לובאַצקי האָט ער אַ געוויסע צייט אָנגעפֿירט מיט דער רעאַל־גימנאַזיע ביים צ. ב. ק.

דוד לובאַצקי איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך ענערגישער און גוטער לערער. ער האָט אויסגעבויט אַ וואונדערבאַרע לאַבאָראַטאָריע פֿאַר פֿיזיק. אַ סך מכשירים אַליין געמאַכט מיט די שילער. ער האָט געהאַט שוועריקייטן מיטן באַשטעטיקן אַלס לערער פֿון מיטלשולן, — האָט ער גענומען זיך צו דער אַרבעט און אויסגעהאַלטן אַ ספּעציעלן עקזאַמען ווי אַ לערער פֿון מאַטעמאַטיק און פֿיזיק אין אַ מיטלשול. ער האָט זייער ליב געהאַט זיין קענגשטאַנד און גאַנצע אָוונטן פֿאַרבראַכט אין זיין לאַבאָראַטאָריע פֿאַרריכטנדיק אַלטע און מאַכנדיק נייע מכשירים. ער האָט געהאַט גאָלדענע הענט, און די לאַבאָראַטאָריע האָט אים צו פֿאַרדאַנקען, וואָס זי האָט דערגרייכט צו אַזאַ הויכער מדרגה.

דוד לובאַצקי איז געווען אויך אַ מיטגליד אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿונעם לערער־פֿאַריין.

בעת די נאַציס האָט ער זיך אַ געוויסע צייט אויפֿגעהאַלטן אין ווילנער געטאָ, נאָך דעם געאַרבעט אין מאַיאַנטעק זאַטשיראַטשע. שפּעטער אַנטלאָפֿן מיט דער משפּחה קיין לידע, און בעת דער דאָרטיקער שחיטה, 8־טער מאַי 1942, אומגעקומען.

## ליבערמאַן, (ערשטער נאָמען ?)

— דער ערשטער לערער פֿון דער יידיש־וועלטלעכער שול אין זשעטל. אַליין איז ער געווען אַ ווילנער און ער איז פֿאַרבליבן אין זשעטל עטלעכע יאָר. ער איז געווען שטאַרק באַליבט ביי די עלטערן מיט זיין מאָדערנעם און פֿיינעם אָרט לערנען.

## ליבערמאַן, אסתרקע

— געבוירן אין ניי ווילייקע. אין ווילנער לערער־סעמינאַר איז זי אָנגעקומען אין 1924, אָבער צוליב קראַנקהייט בלייבט זי איבער אין זעלבן קורס. אסתרקע איז געווען אַ פֿריילעכע, פּאָעטישע נשמה, מיט אַ נייגונג צו שרייבן גראַמען און מיט זייער גרויסע פֿעאיקייטן צו רעציטירן און דעקלאַמירן. זי פֿלעגט זייער ליב האָבן פּאָעזיע און דער עיקר מ. קולבאַקן, זי איז אָפּט אויף די סעמינאַר־פֿאַרוויילונגען אַרויסגעטראָטן. מען האָט איר ליב געהאַט. אַ לייכטזיניקע, אַ לאַכערקע, האָט זי דאָך אַלעמען צונג־

צוינגן מיט איר ליכט געמיט. זי איז געווען מוזיקאַליש. אויף אַלעמען געשריבן פּאַראַדיעס.

אין 1933 האָט זי געאַרבעט אין לוצק, זי האָט געפירט אַ צווייטן קלאַס, געווען אַ גלענצנדע לערערין פאַר די ייִנגערע קלאַסן, געהאַט אַ סך איינפאַלן; אירע קינדער־פאַרשטעלונגען האָבן געהאַט אַ שם. זי האָט חתונה געהאַט מיט יוסף גאָלדפאַרב, אויך אַ סעמינאַריסט פון דעם זעלבן קורס. שפּעטער האָבן זיי געאַרבעט אין בעלסק.

ווי אַזוי און ווען זיי זיינען אומגעקומען, ווייסט מען ניט.

**ליבערמאַן, פייגעלע** — געבוירן אין 1904 אין ווילנע — דער פאָטער איז געווען אַ שוחט. פייגל האָט געענדיקט די ווילנער רעאַל־גימנאַזיע און געשטודירט אין ווילנער אוניווערסיטעט. זי האָט געאַרבעט אין די צישאַ־שולן אין דרויע און ווילנע. לעצטנס האָט זי אין ווילנע געהאַט אַן אייגענע 5־קלאַסיקע שול מיט אַ קינדערגאָרטן. פ. ליבערמאַן איז אומגעקומען אין ווילנער געטאָ אין 1941 — דערשאָסן אויף פּאָנאַר.

**ליבערמאַן, ציליע** — געקומען קיין ביאַליסטאָק פון רוסלאַנד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. געבוירן אין אַ קליינבירגערלעכער פאַמיליע. ציליע האָט געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע, האָט באַזוכט דעם איינציאָריקן פּעדאַגאָגישן קורס אין ביאַליסטאָק אין 1920. זי האָט באַזוכט די אַרבעטס־קורסן פאַר לערער פון צישאַ אין וואַרשע (1921). זי איז געווען פאַרהייראַט מיט אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון אַ פּראָווינצער שול און געהאַט אַ מיידעלע. צ. ליבערמאַן האָט געאַרבעט מערסטנטייל אין פּראָווינץ־שולן פון דער צישאַ אַלס לערערין פון די ייִנגערע קלאַסן (וואָלקאָוויסק א"אַ). זי האָט אויך אַ געוויסע צייט געאַרבעטן אין ביאַליסטאָקער שולן. איר גורל בעת די נאַציס איז אומבאַקאַנט.

**ליובראַניעצקי, עטקע** — איך האָב אַ שטיקל צייט געאַרבעט ביינאַנד מיט איר אין דער טריסקער ייִדיש־וועלטלעכער פאָלקס־שול א. נ. פון י. ל. פּרץ. איך האָב אָבער נישט קיין ווייטערע ידיעות וועגן איר שפּעטערדיקער לערערשער טעטיקייט. נאָר זאָלן מיינע עטלעכע שורות דאָ זיין ווי אַ פּראָסט הילצערן מצבה־ברעטל, וואָס אָרעמע מענטשן שטעלן אויפן קבר פון זייער נאָענטסטן.

עטקע לובראַניעצקי איז געווען אַ געבוירענע פון וולאָצלאַוועק ביי דער ווייסל, אַ טאָכטער פון אַ טאַטן אַ שוסטער, אַפּנים אַ פאַרמעגלעכער מענטש. זי האָט געענדיקט אַ פּוילישע גימנאַזיע. ווייטער שטודירן האָט זי נישט געקענט, איר פאָטערס מצב האָט זיך פאַרערגערט, און זי האָט געמוזט אַ טראַכט טאָן וועגן זאָרגן פאַר זיך אַליין. האָט זי דורכגעמאַכט אַ פּעדאַגאָגישן קורס און זיך געווענדט צו דער צישאַ נאָך אַרבעט. אויב כ'האָב קיין טעות ניט, איז ליובראַניעצקיס אַרבעט אין דער טריסקער שול געווען טאַקע איר ערשטע לערערישע פּראַקטיק.

זי האָט אויסגעזען פון אַ יאָר ניינצן, אַמאָל אָבער אויך פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק — אָפּהענגיק פון איר שטימונג אין געגעבענעם מאָמענט. זי איז געווען אַ מיטלוואוקסיקע, אַ שטאַלטנע און מאָגערע, מיט אַ שוועבנדיקן רייסיקן גאַנג. אירע העלע שימערירנדיקע האָר האָבן ווי אויסגעטיילט פון זיך אַ שיין,

וואס איז געפאלן אויף איר מאגער, קנאכיק, אביסל „שיקסעוואטע" פנים מיטן פארריסענעם קינדעריש־פרויאיש טראציקן נעזל. נאר מיט נאך א לעבעדיקער שיין זיינען אנגעפילט געווען אירע העלע, אביסל ווי פארוואונדערטע אויגן, ווען א שמייכל פון פארגעניגן האט זיך גאלדיק צעשמאלצן אויף איר פנים, און ס'האבן זיך אנטפלעקט אירע שיטער צעשטעלטע ציין. איר וועזן איז געווען א געמיש פון קינדערישער תמימות און א ווייבלעכער טראציקייט. „דאס ציגעלע" — פלעגן איר אמאל רופן די חברים לערער אין גוטן מוט.

עטקע ליובראניעצקי האט געלערנט פויליש און פוילישע געשיכטע. דאס צווייטע יאר — געפירט דעם ערשטן קלאס. זי איז אבער נישט געווען קיין פרעמדע „פויליש־לערערין", נאר אן אייגענער גליד פונעם לערער־קאלעקטיוו. די קינדער האבן געקלעפט צו איר, און צייטנווייז, א פארשפילטע מיט זיי, האט זי אליין אויסגעזען ווי אן איבערגעוואקסן קינד. זי איז געווען באשיידן אין איר האלטן זיך, אין איר קליידן זיך — אין אלץ.

פון די רעזולטאטן פון איר ארבעט איז מען געווען צופרידן. די קינדער האבן געהאט אנזעעוודיקע דערגרייכונגען. אויף וויפל די שול האט זיך אין איר ארבעט גענויטיקט אחוץ די לעקציעס, איז זי גרייט געווען אוועקצוגעבן איר די גאנצע צייט. ווען דאס אויסצאלן די לערער דעם לוין איז געווען קריטיש — און דאס האט דארט גאנץ אפט געטראפן — האט עטקע ליובראניעצקי קיין טענות נישט געהאט. און ווען איינמאל האט איר די נויט שוין גאר שטארק צוגעדריקט, האט זי זיך וועגן דעם פארטרויט דעם פארוואלטער און... ווי א קינד זיך פאנאנדערגעוויינט.

דאס איז געווען בערך אין די לערניארן: 1925 — 26, 1926 — 27.

אויך אין די ווייטערדיקע יארן האט ליובראניעצקי געפירט איר לערערשע טעטיקייט, זי האט געארבעט אין הרוביעשאוו און אנדערע שטעט. דער פאשיזם האט עטקען פארברענט. זי איז מער ניטא, די שיינענדיקע, הארציקע און איידעלע עטקע ליובראניעצקי.

א געוועזענער לערער

**לייבאָווסקי, משה** — ווער האט אין ווילנע ניט געקענט די גרופע קינסטלער־לערער (לייבאווסקי, שער, צוקערמאן, בעלאגורסקי) — מיט זייערע אויסשטעלונגען און שול־ארבעט. וויפל דורות קינדער האבן זיי דערצויגן אין ליבע צו קונסט. און וויפיל שילער האבן געהאט צו פארדאנקען זיי פאר זייערע שפעטערדיקע קונסט־דערגרייכונגען.

משה לייבאווסקי איז געווען א גלענצענדער לערער פון צייכענען און מאלן. ער האט אויף זייער א שיינעם און צוגעגלעכן אופן אריינגעפירט דעם שילער אין די סודות פון קונסט. ער האט געהאט די פעאיקייט איבערצוגעבן אין פשוטע פארמעס די קאמפליצירטסטע צייכנונגען.

מ. לייבאווסקי איז געווען לערער פון צייכענען אין עטלעכע ווילנער שולן, אויך אין „הילף דורך ארבעט". ער האט געדרוקט אפהאנדלונגען וועגן קונסט אין דער ווילנער פרעסע. פון 1939 האט ער געלעבט אין גראדנע, און דא אין גראדנער געטא איז ער, ווייזט אויס, אומגעקומען.

**לייבישסקי־האַלפערין, רבקה** — געשטאמט פון א קולטורעלער, אסימילירטער סביבה. א פרוי מיט אוניווערסיטעט־בילדונג, איז זי אין די יונגע יארן

געווען א גובערנאנטקע אין א רייכער הויז פון דער משפחה קליאטשקא. מיט אירע שילער האט זי גערייזט אין א היפש ביסל לענדער (אין שווייץ, דייטשלאנד). אין אונזער סביבה האט זי זיך אויסגעצייכנט מיט א פיינער, קולטורעלער באנעמונג און קענטעניש פון פרעמדע שפראכן.

צו דער שול איז זי געקומען פון אידעאליסטישע טעמים. זי האט חתונה געהאט אין די שפעטערדיקע יארן מיט באריס האלפערין, א פארמעגלעכן מיטארבעטער אין דער יידישער באנק, וועלכער איז געווען אן איבערגעגעבענער פריינד פון אונזער שול.

רבקה ליבישסקי־האלפערין האט געלערנט אלע אירע יארן אין דער דבורה קופערשטיין־שול און צוזאמען מיט דעם פארוואלטער ג. פלודערמאכער געווען דארט פון די עלטסטע לערער. זי האט געלערנט חשבון אין די מיטעלע קלאסן. אירע שכירות פלעגט זי שיקן אן ארעמער קרובה.

הגם די שול־ארבעט איז געווען ניט קיין עיקר אין איר לעבן, האט זי דאך אין דער שול אריינגעגעבן דאס בעסטע וואס זי האט פארמאגט. זי איז געווען אן איבערגעגעבענע פינקטלעכע לערערין, געווען צו די קינדער זייער גוט. אין שול האבן איר אלע געליבט, מען האט פון איר קיינמאל ניט געהערט קיין בייז קריגערישווארט. זי האט ליב געהאט יענעם ארויסצוהעלפן אין נויט. און ניט איין מענטש איז פון איר שטילערהייט געשטיצט געווארן.

אין ווילנער געטא האט פרוי האלפערין ווייטער פארגעזעצט איר לערערשע ארבעט. צום סוף איז זי אוועקגעשיקט געווארן „אויף לינקס" (אן ערך 50 יאר אלט).

**ליטמאנס, לוטקע** — תלמידה פון ווילנער לערער־סעמינאר. געארבעט אלס קראנקן־שוועסטער אין דער מעדעם־סאנאטאריע. פון 1940 — אין ווילנע. מיט א ניי־געבוירן קינד אומגעקומען אויף פאנאר, 1941.

**לייקין, יוסף** — געבוירן דעם 19־טן מערץ 1903 אין ווילנע פון פרומע, רעליגיעזע עלטערן (דער פאטער א מוהל, שוחט, חזן). זיי זיינען יונג געשטארבן איבערלאזנדיק אויף יוספס אויסהאלט דריי שוועסטער. ניט קוקנדיק אויף אלע שוועריקייטן, ענדיקט ער די 8־קלאסיקע יידישע גימנאזיע פון „סאפיע גורעוויטש", טרעט אריין אין ווילנער אוניווערסיטעט אויף צוויי פאקולטעטן (הומאניסטיק און נאטורוויסנשאפט). כדי צו באקומען דעם מאגיסטעריום גיט ער אפ אלס עקסטערן מאטורע־עקזאמענס ביי א פוילישער מלוכה־שול. ענדיקנדיק דעם אוניווערסיטעט באלייגט ער אלע עקזאמענס פון מלוכהשן לערער־סעמינאר. גלייכצייטיק איז ער א לערער אין די ציש"א־שולן אויף פראווינץ (אשמענע, בראסלאוו און שטשוטשין) און שפעטער אין די צ. ב. ק.־שולן אין ווילנע (דינעזאן־שול און „מפיצי־השכלה"־שול). יוסף לייקין האט חתונה מיט דער לערערין סימע זאבלודאווסקי מיט וועלכער עס האט אים צעשיידט דער טאג פון ליקווידירן די ווילנער געטא אין סעפטעמבער 1943.

נאך אין דער צייט פון די גימנאזיע־יארן געהערט יוסף צו א יוגנט־בונד־קרייז, אויף וועלכן די פארטיי האט געלייגט א סך האפענונגען. ער ווערט א טעטיקער מיטגליד פון „בונד".

ער באטייליקט זיך מיט ארטיקלען אין פעדאגאגישע זשורנאלן, ער שרייבט ברא־

שורן ווי אויך איבערזעצט פון פרעמדע שפראכן ביכער אויף גערטנערײַ און סעדערײַ־טעמעס. יוסף לייקין צייכנט זיך אויס מיט זײַן ערלעכקייט, געוויסנהאפטיקייט און אומדערמידלעכער התמדה.

גלייך פון די ערשטע טעג פון ווילנער געטא־לעבן אין אקטאבער 1941 איז ער אויך איינער פון די, וועלכע ראנגלען זיך אויפן ראנד פון אומקום, פארן קיום פון פארווארלאזטן יידישן קינד. ער ווערט פארוואלטער פון דער געטא־שול אויף סטראשונא 12. ער „בויט" די שול צונויפשלעפנדיק ברעטלעך אויף בענק און טישן. ריזיקירנדיק זאמלט ער אויף פון אויסערן געטא שרייב־געצייג, לערנמאטעריאל און מוזיק־אינסטרומענטן. ער שטעלט זיך אומאויפהערלעך איין פאר „זײַנע" שול־קינדער, באמיענדיק זיך אויסצוקעמפן סײַ א גרעסערע ראציע שפייז, בגדים, מעדיצינישע הילף, סײַ צו שאפן ארום די קינדער אן אטמאספערע פון קאמפס־גרייטקייט און א גלויבן, אז דאס שיינע און גערעכטע מוז קומען, — צוליב וואס זיי טארן ניט אויפהערן צו לערנען זיך... אייניק פירט ער די ארבעט מיטן פעדאגאגישן ראט פון 36 לערער.

ער ווערט פארשיקט אין די דײַטשע קאנצענטראציע־לאגערן אין טאג פון ליקווידירן די ווילנער געטא.

יוסף לייקין איז אומגעקומען אין 1944 יאר אין לאגער דאוטמערגען (איצט פראנצויזישע זאנע). לויט די פעסטשטעלונגען פון מאטווײ בערנשטיין, איז יוסף לייקין געשטארבן דעם 29־טן נאוועמבער 1944 אין לאגער שעמבערג אין דײַטשלאנד, — וואו ער איז פארשריבן אונטערן נומער 343, אין דער ליסטע פון די געשטארבענע.



סימע לייקין, די פרוי פון ח' יוסף איז אויך געווען א לערערין אין די יידיש־וועלטלעכע שולן אין ווילנע. זי איז דורכגעגאנגען דורך דעם ווילנער געטא און קאנצענטראציע־לאגערן און זיך לסוף געראטעוועט פון גיהנום. אין „ייווא־בלעטער", באנד 30, 1947, באשרייבט זי די סטראשון־גאס 12, וואס איז אויבן דערמאנט. מיר נעמען ארויס פון דער באשרייבונג דאס וואס האט א שייכות צו דער ארבעט פון יוסף לייקין אין געטא:

„אנטקעגן טויער, טיף אין הויף, איז געווען א צווייגארנדיקער מויער וואס האט אויף דער אנדערער זײַט געגרענעצט מיטן „ארישן" לידער געסל. דער רעכטער פליגל האט געהאט געדרייטע דרויסנדיקע אײַזערנע טרעפ, און שפעטער זײַנען אין אים געווען אן א שיעור מאלינעס (דורך די ביידעמער אויף אויסן געטא).

האט דער יודן־ראט אפגעגעבן דעם קולטור־אפטייל דעם פראנט פון הויז. דער לערער יוסף לייקין, א שול־פארוואלטער ביז דער מלחמה, האט צוזאמען מיט די לערערינס מירע בערנשטיין, מאניע גראסמאן און סימע לייקין אפגערייניקט די דירות, צוזאמענגעשלעפט בענק און טישן (פון בית־המדרש), „באגלאזט" מיט טעקטור און מיט שטיקער גלאז די פענצטער. ער אליין האט פארבויט די באלקנס און אפגעטיילט די צימערן מיט ברעטער און לאדנס צוזאמענגעקלעפטע פון די חורבות. די ערשטע אינעווייניקסטע טרעפ זײַנען געווען אן א פארענטש און די קינדער פלעגן זיך שרעקן ארויפצוגיין. דאס האט אבער מען גלעד געמאכט אויסצונוצן נאך קלאסן, אין וועלכע עס האט זיך דערשפירט א דוחק מיטן לויף פון דער צײַט.

דער געטא־קאמענדאנט, זעענדיק דעם רעזולטאט פון דער ארבעט, האט אפ־

געגעבן דער שול ערשט א טייל פון רעכטן פליגל; דערנאך, ווען מען האט באשלאסן גרינדן א קינדער־גארטן, אויך דעם צווייטן גארן פון לינקן פליגל, ד"ה דעם בית־המדרש וואס איז געשטאנען פוסט און צעראבירט. האט מען אויסגעמאלט ערטערווייז דעם זאל, איבערלאזנדיק די שיינע מאלערייען פון פריער. דעם בעלעמער האט מען געלאזט פאר א ווינקל פון שפילכעלעד, די ווייבערישע קלויז פארן עס־זאל פון די קליינטשינקע. דא האבן זיי זיך נים געשראקן, הילכיק געזונגען און הארציק געלאכט מיט זייער לערערין בתיה זשעלעזניקאוו.

דעם צווייטן יאר פון געטא, ווען דער טעגלעכער באזוך אין דער שול נומער 1 האט געשטיגן ביז איבער טויזנט קינדער, האט מען געבראכן וועגט פון פראנט פון צווייטן גארן צו א שכנותדיקער דירה און געמאכט א גרויסן רעקרעאציע־זאל, איינעם פון די גרעסטע אין געטא. אין דער וואכן איז דער זאל געווען איבערגעטיילט מיט שאפעס, מיט בופעטן פון אלטן שניט, מיט אויפגעשטעלטע פירקאנטן פון גרויסע דיכט. דאס אלץ פלעגט זיך צענעמען אין דער צייט פון גרויסע פייערונגען און עס פלעגט ווערן א זאל.

דער פארוואלטער פון שול האט ארויסבאקומען א דערלויבעניש צונעמען א ווינקל פון הויף כדי צו מאכן א שול־גארטן. אין געטא איז געווען נאר איין בוים, אויפן הויף פון יודן־ראט, און ס'זיינען נים געווען קיין באגרינטע שטחים. האבן זיך קינדער געפרייט מיט יעדער אויסגעוואקסן גרעזל, און די גאר קליינטשיקע האבן געשטוינט: אט אזוי וואקסט עס"...

**ליכטנשטיין, ישראל** — געטראפן האב איך זיך מיט אים אין יידישן לערער־סעמינאר אין 1930. ער איז שוין דעמאלט געווען אויפן פינפטן קורס און האט געטרוימט, אז אין א יאר ארום וועט ער שוין זיין איינגעגלידערט אין דער מחנה אידעאליסטישע לערער וואס וועלן זייערע אלע פעאיקייטן אפגעבן דעם יידישן קינד.

געוואוינט האבן מיר צוזאמען אין א צימער אין דעם אינטערנאט פון יידישן לערער־סעמינאר צוזאמען מיט ישעיה פרידמאן — אויך א שילער פון דעם פינפטן קורס. איך בין דעמאלט נאך געווען אין דריטן קורס.

געוויינלעך פלעגט הערשן א געוויסע דיסטאנץ צווישן די חברים פון העכערע און נידעריקערע קורסן. מיר, אבער, האבן געלעבט צווישן זיך זייער אינטים. מיינע עלטערע חברים פלעגן מיר פראטעזשירן און האבן מיך ארייגעפירט אין זייערע קרייזן, וואו זיי האבן זיך אויסגעלעבט מחוץ די ווענט פון סעמינאר. די חברישקייט אונזערע האט אנגעהאלטן די גאנצע צייט וואס מיר זיינען געווען אין ווילנע, אויסער ווילנע און אפילו מעבר לים.

ישראל ליכטנשטיין איז געבוירן געווארן אין הארזין אין 1905. ווען ער איז נאך געווען זייער יונג, איז אים זיין פאטער געשטארבן און אים איז אויסגעקומען אין זיין פריער יוגנט ארויסהעלפן זיין מוטער אין פרנסה.

פון נאטור אן אפן־הארציקער און א שטארק געזעלשאפטלעכער, איז ער געווען טעטיק אין די ספארט־ארגאניזאציעס און יוגנט־גרופעס פון זיין שטאט און האט דארטן שטענדיק פארנומען אן אנפירנדיקן ארט. איבערהויפט, אבער, איז ער שטארק געווען טעטיק אין דער לינקער פועלי־ציוניסטישער באוועגונג.

די פּראָווינץ־שטאָט באַפרידיקט אָבער ניט דעם אימפּולסיוון גייסט פון דעם יונגן ליכטנשטיין, און ווען ער דערהערט וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ יידישן לערער־סעמינאַר, רייסט ער איבער מיט אַלע זיינע אַקטיוויטעטן אין שטעטל און פאָרט אַוועק אין ווילנע צו לערנען אין יידישן לערער־סעמינאַר.

בטבע זייער אַ גוטער, איז ער שטענדיק גרייט געווען אַרויסצוהעלפן אַ חבר אין אַ שווערער צייט מיטן לעצטן וואָס ער האָט געהאַט און מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט. ער איז געווען איינער פון די אַקטיוויסטע חברים אין סעמינאַר ביים אָרגאַניזירן אויספלוגן און אונטערנעמונגען.

אַ גאַנצע וואָך איז י. ליכטנשטיין געווען שטאַרק פאַרנומען. גלייך נאָך די לימודים איז ער אַרומגעלאָפן אין פאַרשיידענע געגנטן פון ווילנע אויף זיינע פּריוואַטע לעקציעס, וואָס זיינען געווען דער איינציקער מקור פאַר זיין אויסהאַלטונג.

ערשט אין אָוונט פלעגט ער קומען צו זיך אין צימער פון אינטערנאַט און זיך זעצן צוגרייטן די לעקציעס אויף מאָרגן.

אין די פרייע טעג האָט ער זייער ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין דער מסיבה פון דער דעמאָלט אויפגעקומענער גרופּע „יונג־ווילנע”; ער איז דאָרט געווען געאַכט און געליבט. אין 1931 ווערט געשלאָסן דער יידישער לערער־סעמינאַר, און י. ליכטנשטיין בלייבט ווי אויפן וואַסער. ער פאַרלירט אָבער נישט דעם קאָפּ און עס געלינגט אים און זיין חבר ישעיה פרידמאַן אַנצוקומען נאָך דעם באַזייטיקן אַ סך שוועריקייטן און מניעות פון עקאָנאָמישן און יורידישן כאַראַקטער — אין פּריוואַטן לערער־סעמינאַר פון ד״ר ש. י. טשאַרנאָ אויפן לעצטן קורס. אין 1932 פאַרענדיקט ער דעם לערער־סעמינאַר, באַקומט זיין דיפּלאָם און גייט אַוועק אַרבעטן אין יידיש־וועלטלעכן שולוועזן.

פון סעפּטעמבער 1932 ביז 1939 אַרבעט ער אין די ציש״אָ־שולן אין וואַרשע — אין די שולן וואָס שטייען אונטער דער אַפּיטראָפּסות פון די לינקע פּועלי־ציון. ער איז אויך אַ שטענדיקער סטעף־מיטאַרבעטער אין די „ליטעראַרישע בלעטער”, וואו ער דרוקט אַרטיקלען אויף ליטעראַרישע און פּעדאַגאָגישע טעמעס. ער איז אַקטיוו אין די „יונגבאַר”־גרופּעס, וואו ער פירט פאַרשיידענע קרייזן.

ליכטנשטיין איז אין וואַרשעווער געטאָ געווען איינער פון די אַקטיווע מיטאַרבעטער פון ד״ר ע. רינגעלבלום. ער האָט געהערט צו דער היסטאָרישער גרופּע, וואָס האָט גענומען אויף זיך די מיסיע צו פאַרצייכענען אַלע גרויליקע פּאַסירונגען פון די וואַרשעווער יידן בפרט און פון די פּוילישע יידן בכלל. אין איינעם פון די באַהאַלטענע קאַסטנס פון דאָזיקן אַרכיוו האָט מען געפונען צווישן אַלעמען ישראל ליכטנשטיינס צוואה, וואו ער בעט, אַז ווען מען וועט דערלעבן די שעה פון דערלייזונג, זאָל מען אים ניט פאַרגעסן און אויך דערמאָנען זיין נאָמען לטובה.

ל. באַיאָן

***

אין 1946 איז יעקב פּאַט געווען אויף אַ באַזוך אין וואַרשע, ער האָט אין נאָמען פון ניו יאָרקער יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט איבערגעגעבן אַ געהעריקע סומע, כדי מע זאָל זיך נעמען זוכן און אויסגראָבן דעם געטאָ־אַרכיוו פון ע. רינגעלבלום, וועלכער איז געווען באַגראָבן אינעם הויז נאָוואָליפּקי 68, וואו ס'האָט זיך פאַרן חורבן געפונען איינע פון די

באראכאוו־שולן. אין א צייט ארום האט מען טאקע אויסגעפונען דעם ארכיוו, און טיילן פון אים זיינען שוין פארעפנטלעכט געווארן.

אין „פארווערטס" פון 1־טן אפריל 1950 גיט איבער י. פאט ווענן איניקע פאקטן און דאקומענטן פונעם דאזיקן אויסגעגראבענעם ארכיוו:

„איינער פון די מיטארבעטער פון עמנואל רינגעלבלום אין דעם געהיימען ארכיוו איז געווען א לערער פון די שולן פון דער צענטראלער יידישער שול־ארגאניזאציע, ישראל ליכטנשטיין. אין די טעג, ווען די נאצים האבן דורכגעפירט די „גרויסע איבערזידלונג", און צענדליקער טויזנטער יידן זיינען אוועקגעשיקט געווארן אויף פארניכטונג אין זומער 1942, האט י. ליכטנשטיין פארשריבן דורך אפגעהאקטע און .הייסע ווערטער שטיקער פון דער טראגעדיע. ער באשרייבט ווי אזוי „די פאליציי שליסט אפ גאנצע גאסן, נעמט אלעמען, אן אויסנאם; טויזנטער, צענדליקער טויזנטער מענטשן ווערן טראנספארטירט צו די וואגאנען. מען דערשיסט אויפן ארט אלטע און קראנקע קינדער, מען פאגראמירט גאסן און — די יידישע פאליציי העלפט מיט".

„איך לייען אין די נאטיצן פון דעם לערער ליכטנשטיין ווי אזוי מען האט אוועקגענומען צום טויט דעם פועלי־ציוניסטישן פירער, וויצע־פארזיצער פון דער צענטראלער יידישער שול־ארגאניזאציע, שכנא זאגאן, דעם יידישן זשורנאליסט און פאלקיסט ה. כילינאוויטש, דעם בארימטן יידישן היסטאריקער, פראפעסאר מאיר באלאבאן, די יידישע פאלקס־לערערין, די בונדיסטין מאניע יערוכימזאן . . . די נעמען בריען מיך ווען איך ווער געוואר די אייזנצלהייטן וועגן זייער אומקום. איך האב זיי אלעמען געקענט אין פארלויף פון יארן.

י. ליכטנשטיין, דערציילנדיק די אייינצלהייטן, פארצייכנט: „אזוי ווערט פארניכטעט דאס יידישע פאלק. מען ליפערט אוים אזעלכע מענטשן!" — — —

„הויפטזעכלעך באשרייבט דער לערער ליכטנשטיין די צייט פון ארום תשעה באב, 1942, אין ווארשע. אין יענע טעג איז פארגעקומען די גרויסע פארניכטונג. ער פארצייכנט די גאסן, די הייזער, די שעפער, די מענטשן, די רציחה, די פאניק. דעם הונגער, די מעשים פון דער יידישער פאליציי, פון די משומדים שערינסקי, לייקין, פון דעם אויסוואורף און באנדיט „יאסל קאפאטע" מיט זיין חברה. ווען מען לייענט עס ארוים פון די באהאלטענע פאפירן, וואס זיינען געשריבן געווארן אין יענע שעהן פילט מען דעם שוידער און דעם אימפעט פון יענע איבערלעבונגען.

„די נאטיצן ברענען מיטן פארלאנג פון נקמה, פון ווילן צו שטארבן מיט כבוד. דער שרייבער שעמט זיך וואס מען איז ניט אויפגעשטאנען קעגן די מערדער. ער דריקט זיך אוים, אז די יידישע מאסע איז „פארהאטן געווארן פון פארקויפטע נשמות", און ער רופט אוים די ווערטער: „וואלטן מיר כאטש געשטארבן מיט כבוד!"

„דורך קורצע און אפגעריסענע ווערטער דערציילט ער וועגן א פלאן, וואס איז פארגעלייגט געווארן אויף א קליינער צוזאמענקונפט אין דער געטא. דער פלאן איז געווען אזא: „אין איינעם אן אוונט אונטערצינדן די גאנצע יידישע געטא. יעדער הויז־קאמיטעט זאל אונטערצינדן זיין הויז, דעם בוידעם און דעם קעלער, און דערנאך ארויסגיין אין גאס מיט מעסערס, מיט העק, מיט שטעקנס און שטיי־

נער און שטעלן א העפטיקן ווידערשטאנד די דייטשן. זאלן זיי אונז אויסשיסן צוזאמען מיט אונזערע פרויען און קינדער, אבער מיר וואלטן באוויזן אייניקע פון זיי אוועקצולייגן, זאל ברענען די געטא אין איין גרויסער שרפה, זאל קנאלן מאשינגעווער, זאלן פאלן באמבעס. ווען מען ארט עס? מיט פרייד און טריאומף זאלן מיר גיין אנטקעגן. שטארבן? — איז ווי העלדן און ניט ווי פחדנים. אריבער די געטא־מויערן. זאלן אונז שפעטער דארפן באגראבן אונזערע שכנים, די פאליאקן".

„דער פלאן איז אבער ניט אנגענומען געווארן. דער לערער ישראל ליכטנשטיין פארשרייבט, אז אזא יידישער אונטערגאנג — פארברענט צו ווערן צוזאמען מיט די הייזער — אפשר וואלט ער געדינט אלס ביישפיל און מוסטער אנצוהויבן א קאמף פאר אלע אונטערדריקטע פעלקער? ...

„די מסירת־נפש, די גרייטקייט צו קידוש־השם פון דעם יידישן פאלקסלערער, זיין כראניק פאר דור־דורות וועגט אריבער די מיאוסע מעשים פון די וועמען ער רופט אן מיט צארן: „די רעדל־פירער, די קהל־לייט, די יידישע פאסקודסטווע".

## ליכטציער־ברעזינסקי, סימע —

געוועזן א לערערין אין דער יידישער שול פון ביעלסק פאדלאסקי און אין אנדערע שטעט. געלערנט אין די יינגערע קלאסן, ווי אויך יידיש און געאגראפיע.

א מיטגליד פון קאמיטעט פון „בונד", איז זי געוועזן געזעלשאפטלעך אקטיוו.

א פריילעכע און מיט א גוטער נאטור, איז זי געוועזן דורך אלעמען באליבט.

סימע ליכטציער איז געבוירן געווארן אין שטעטעלע ארלע, — געוועזן איינע פון זעקס שוועסטער. זי איז אנגעקומען אין ווילנער לערער־סעמינאר און אים פארענדיקט (צווייטער ארויסלאז). זי איז געווען זייער א פעאיקע לערערין און פלעגט טאן איר ארבעט מיט גרויס געוויסנהאפטיקייט.

## ליכטשטיין, ראובן — עס איז געווען עפעס קרעפטיקס, קערנדיקס אין דעם

א פעסטן גוף פון מיטעלן וואוקס. אינגאנצן 35 יאר איז ר. ליכטשטיין אלט געווען ווען די דייטש־סאוועטישע מלחמה איז אויסגעבראכן, אבער שוין אין דעם פארהעלטנישמעסיק יונגן עלטער האט ער באוויזן צו דערגרייכן א זעלטענע שלמות פון גייסטיקע און פיזישע כוחות, וואס האבן א טיפע השפעה אויסגעאיבט אויף זיין ארומיקער סביבה. ...די שאפונגסלוסט און שאפונגס־לײדנשאפט, וואס האט ארויסגעלויכטן פון זיינע שיינע, שטראלנדיקע אויגן, איז געקומען צו אים אדאנק דעם גרויסן איבערפלוס פון כוחות וואס האבן געריזלט אין אים. „איך פיל אין זיך א סך געזונט, א סך געזונט..." — האט ער מיר איין מאל א זאג געטאן בעת אונזער בשותפותדיקער ארבעט אין דער ייווא־אספיראנטור. און ווירקלעך האט דאס געזונט — קערפערלעכע און זעלישע — געשטראמט אין אים מיט האסט און אימפעט.

פון זיין געוואלטיקער התמדה און ארבעט איבער זיך אליין האט זיך אויסגעשמידט א הארמאנישע און שלימותדיקע פערזענלעכקייט, וואו טיפע קענטעניש פון אלט־יידישקייט האט זיך באהעפט מיט א סאלידן באגאזש פון מאדערנעם סאציאלן, פסיכאלאגישן און פעדאגאגישן וויסן. דער דאזיקער קאמפלעקס פון דורותדיקער יידישער און אלמענטשלעכער חכמה האט נישט געלעבט אין אים ווי א פארגליווערטער, מעכאניש אנגעזאמלטער בא־

לאסט, נאר האט געפלאקערט אין אים מיט דעם העכערן, איידעלן פייער פון אן אידעאליסטישן געפיל, וואס באלעבט מיט א נשמה אלץ מיט וואס עס קומט נאר אין באַרירונג.

געקומען פון א רבניש־למדנישער משפחה אין א קליין שטעטל אין וואליז, האט ער קיין ווילנע מיטגעבראכט מיט זיך דאס אצילות פון א פוילישן תורה־יחוס. ער איז דורך און דורך געווען אנגעזאפט מיט חסידישער פאלקסטימלעכקייט און הייסע, לעבעדיקע משיח־אידעאלן. דער מאטיוו פון גאולה — פון טאג־טעגלעכער, זיך־פארקערפערנדיקער גאולה — דאס איז געווען דאס נייע, וואס דער יונגער אידעאליסטישער סעמינאריסט פון הינטער קאוועל האט אריינגעברענגט אין דער שטאלצער, ניכטערער, האלב אפיקורסישער, האלב פרומער ירושלים דליטא. און אנגעהויבן האט ער קודם־כל מיט זיך אליין. א מוסטער פון פלייסיקייט און גרינטלעכקייט, איבערווענגדיק און איבערטראכטנדיק יעדן געדאנק, זשעסט און ווארט, וואס קומט ארויס פון זיין מויל, האט ער גענומען זאמלען ארום זיך יונגע מענטשן, וואס זאלן בכל יום ויום מיט זייער ארט לעבן און דענקען לערנען און מדריך זיין אנדערע. דער קומענדיקער דערציער מוז ראשית זיך אליין איבערדערציען — האט ער געזאגט. נאך מער: דער קומענדיקער דערציער מוז זיינע ערשטע פעדאגאגישע עקזאמען־שריט מאכן צווישן דערוואקסענע! ווייל אינעם דערוואקסענעם לעבט ס'רוב דאס נישט־קארעקט־דערצויגענע קינד, און אינעם קינד — די מעגלעכקייט פון א קומענדיקן שלעכט־דערצויגענעם דערוואקסענעם. ארבעטן צווישן דערוואקסענע הייסט בכן: אויסווארצלען די פעלערן פון אן אלטער פארווארלאזטער דערציאונג.

פון דאנען שטאמט עס טאקע די וואונדערלעכע טעטיקייט ליכטנשטיינס אין ווילנער לערער־סעמינאר, און שפעטער ווי א לערער. אחוץ פעדאגאג אין ענגן זין פון ווארט, איז ער געווען שטענדיק און אומעטום פעדאגאג אין טיפערן, הומאניסטישן זין. די משיח־שטרעבונג נאך אויסלייזונג, וואס דורות הארעפאשנע יידן פאלקס־לומדים האבן אין זיין בלוט פארפלאנצט, האבן געוואלטיק אויסגעברייטערט זיינע האריזאנטן, און זיינע איידעלע הענט האבן מיט ליבשאפט געוואלט אומארמען די גאנצע וועלט.

* * *

אנגעהויבן זיין לערער־ארבעט באלד נאכן ענדיקן סעמינאר, האט זי זיך געצויגן ביזן סוף 1941 ווען די היטלעריסטן האבן פארענדיקט מיט אים און זיין משפחה. אבער דאס זיינען נישט געווען פאר אים סתם קיין ארבעטן, וואס יעדעס יאר איז ענלעך צום צווייטן ווי צוויי טראפנס וואסער. דאס זיינען געווען פאר אים יארן פון שטייגן, פון גייסטיקער און פעדאגאגישער זעלבסטבארייכערונג. אין טילטשע טיקטינס קינדערהיים אויף ווילקאמירסקע האב איך אין יאר 1936 קענען געלערנט ראובן ליכטשטיין און זיין פרוי ביילע דאדיוק אלס לערער. דא, ביים סאמע ווארשטאט פון פורעמען און איבערשמידן די נשמות פון פארווארלאזטע און פארוואגלטע קינדער, האבן זיך ביידע געלאזט דערקענען מיט זייער אמתער אידעאליסטישער און דערציערישער נאטור. ביי די לאנגע עס־טישן, אין די ארעמע אבער ריין־אויסגעשטאטע צימערן און ווארשטאטן, זיינען געזעסן נישט לערער און שילער, נאר עלטערע און ייִנגערע מיטגלידער פון איין גרויס־פארצווייגטער פאמיליע. בעת די געמיטלעכע שמועסן און לעקציעס אין פול־

שטענדיק אָפּגעווישט געוואָרן יעדע גרע־נעץ צווישן דערציער און דערצויגלינג, און אויף אַ פּאַטערלעכן, דיסקרעטן אופן זיינען אריינגעבראַכט געוואָרן קאָרעקטן, אויסבעסערונגען און ידיעות אין די נשמות פון די צעקאַליעטשעטע היימ־לאָזע ווילנער קינדער.

אין 1940, אין דער 12־טער מיטלשול, וואו כ'האָב געאַרבעט אַלס לערער, האָב איך ווידער קענען געלערנט ליכטשטיינען אין זיין עקשנותדיקער אויסגעהאַלטנקייט פון דערציען דורך מעשים און זעלבסט־ביישפּיל, און נישט דורך ווערטער. נישט געקוקט אויפן אָפיציעלן סאָוועטישן רע־גירונגס־פּראָגראַם פאַר די שולן, איז ער אויף קיין האָר נישט אָפּגעטראָטן פון זיין דערציאונגס־דרך: דער דרך פון טי־פער פאָלקסטימלעכקייט, פון גאָרונג צו נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אויסלייזונג און פון זעלבסט־הגשמה.

גרויס און פאַרצווייגט איז אויך געווען ר. ליכטשטיינס געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע טעטיקייט: זי האָט אַרומ־גענומען סיי זיין רעדאַקטאָרישע אַרבעט אינעם פריהייטלעך ־ סאָציאַליסטישן זשורנאַל „באַגינען", סיי זיין מיטאַרבע־טערשאַפט אין די „פרייע שריפטן"; סיי זיינע איבערזעצונגען פון אַלפרעד אַד־לערס פּסיכאָלאָגישע ווערק אויף יידיש (צוזאַמען מיט ביילע דאַדיוק) און סיי זיין וואַגיקע מאָנאָגראַפיע וועגן ש. אַנסקיס שאַפונג, וואָס ער האָט פאַרטיק געמאַכט פאַרן ייוואָ.

צום בולטסטן אָבער זיינען זיינע אויבנ־דערמאָנטע איינגשאַפטן געקומען צום אויסדרוק אין דער אונטערנעמונג וואָס ער און אַ גרופּע פריינד האָבן געגרינ־דעט אין 1936 אין לינטופּ הינטער ווילנע. דאָס איז געווען אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלעקטיוו פאַר סאָציאַליסטישער קאָלאָ־ניזאַציע, אין וועלכן ער און זיין פרוי האָבן אין די פרייע מינוטן פון זייער לערערישער פּראָפעסיע פיזיש־אינטענסיוו מיטגעאַרבעט. דאָ האָט ער געפונען דעם בעסטן פּלאַץ צו פאַרווירקלעכן זיין אי־דעאַליסטישן געדאַנק, אַז אויסבעסערן דעם לעבנשטייגער פון די מענטשן קען מען נאָר, ווען מען הויבט אָן פון זיך זעלבסט. און ער האָט אָנגעהויבן פון זיך זעלבסט. פאַר זיין בליק האָט שוין גענומען כישופדיק אויפשיינען די אויס־לייזונגס־וויזיע דורך קאָנסטרוקטיווער און קאָלעקטיווער אַרבעט, ווען איבער דער ווילנער ערד האָט מיטאַמאָל אַ הילך גע־טאָן דער בלוטיקער געלעכטער פונעם הענקער...

א. אייזען

**

געבוירן געוואָרן אין 1905 אין מאַלאַ־דיטע, פערציק קילאָמעטער פון בריסק דליטא (פּאָלעסיע). זיין פאָטער דער רב פון שטעטל, אַ מושלם במעלות און זייער אַ טאָלעראַנטער צו אַ צווייטנס מיינונגען, איז אויך געווען דער מחבר פון אַ גאַנצער ריי רעליגיעזע ספרים.

ראובן איז דער דריטער און יינגסטער זון אין דער משפּחה. ער איז געווען איינער פון די ערשטע פון שטעטל, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן אין דער וועלט אַריין און איז אַוועקגעפאָרן לערנען אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאַר.

ראובן איז אָנגעקומען אין לערער־סעמ־ינאַר אין 1925. ער האָט אים געענדיקט אין יוני 1930 און די גאַנצע צייט גע־אַרבעט אין די ווילנער שולן.

נעענטער איז מיר אויסגעקומען צו חברן זיך מיט ראובן ליכטשטיינען פון די יאָרן 1929, ווען ער האָט מיך דער־מוטיקט צו פאָרן זיך לערנען אין דעם

ייִדישן לערער־סעמינאַר. פון דעמאָלט אַז ביזן יאָר 1936, ווען איך האָב פאַרלאָזן פּוילן, זײַנען מיר געווען חבריש פאַרבונדן מיט אים און מיט זײַן פרוי ביילע דאַדיוק — וואָס זײַנען ממש געווען אַ מוסטער־פאַרפאָלק סיי מיט זייער אייגנאַרטיקן שלום־בית און סיי מיט זייערע באַציאונגען צו חברים.

ראובן ליכטשטיין איז געווען דער גרינדער פון דעם קרײַז „פרייע שריפטן", וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דער אידייע פון עטישן סאָציאַליזם. דער דאָזיקער קרײַז פלעגט זיך צונויפקומען צוויי מאָל אַ וואָך אין הויז פון וויטע לעווין — און פלעגט באַהאַנדלען אויף זײַנע זיצונגען סאָציאַלע, פּאָליטישע און ליטעראַרישע פּראָבלעמען.

צו דעם דאָזיקן קרײַז האָבן געהערט אַ גרופּע יונגע לערער, סעמינאַריסטן, סטודענטן, שרײַבער און קינסטלער, צווישן זיי אויך דער דיכטער חיים גראַדע (זע זײַן פּאָעמע „ווילנע").

ראובן האָט רעדאַקטירט צוזאַמען מיט ח' גרשון (מאַלאַקיעוויטש) דעם זשורנאַל „באַגינען", וואו עס זײַנען געקומען צום אויסדרוק די אידייען און זוכענישן פון עטישן סאָציאַליזם. אַרום דעם דאָזיקן זשורנאַל האָט זיך אויך גרופּירט אַ גרופּע יינגע ייִדישע שרײַבער־אָנהייבער פון ווילנע.

אין דעם צווייטן טורנוס (סעפּטעמבער 1936 — יוני 1937) איז ער געווען איינער פון די אַספּיראַנטן פון ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. די טעמע וואָס ער האָט געאַרבעט אויף איר איז געווען: „ש. אַנסקי, זײַן לעבן און שאַפן", — פאַרעפנטלעכט טיילן אין די „ייוואָ־בלעטער". ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין „ווילנער טאָג" און אין „פרייע שריפטן".

צוזאַמען מיט ביילע דאַדיוק האָט ער איבערגעזעצט דאָס בוך פון אַלפרעד אַדלער: „דער זין פון לעבן", אַרויסגעגעבן אין פאַרלאַג „טאָמאָר" — ווילנע.

די לעצטע יאָרן איז ער געווען אַ שטענדיקער טוער אין ייִדישן לערער־פאַריין.

אויף אונזער לעצטער באַגעגעניש — יוני 1936 — האָט ער מיר געלייענט אַ סעריע דערציילונגען, וואו די הויפּט־אידייע איז געווען דאָס עטישע און דער־הויבענע אין די קעגנזײַטיקע מענטשלעכע באַציאונגען. ער האָט דעמאָלט שוין געהאַלטן אין אַרויסענדיקן אַ גרעסערן היסטאָרישן ראָמאַן א"נ „נינוה".

אומגעקומען איז ער אין ווילנע אין די ערשטע חדשים פון דעם נאַציזם. מען האָט אים געכאַפּט גייענדיק אויפן טראָטואַר און נים אין מיטן גאַס, ווי עס איז געווען די פאַראָרדענונג פון די נאַצישע מושלים. ער איז געוואָרן אַרעסטירט און שפּעטער אומגעקומען אין פּאָנאַר.

דער עטישער ייִד ראובן ליכטשטיין האָט נים געקענט מסכים זײַן אויף דעם שענדלעכן געזעץ וואָס פאָדערט מענטשלעכע דערנידעריקונג און האָט דערפאַר באַצאָלט מיט זײַן לעבן.

לויט ידיעות וואָס שטאַמען פון אַנגעשימאַיטע, איז ר. ליכטשטיין געכאַפּט געוואָרן אויף צוואַנג־אַרבעט גלייך אין די ערשטע טעג — און דאָרטן געוואָרן פאַרפּייניקט.

ל. באַיאַן

**לילִיענשטיין, אברהם** — ער איז געווען פון דעם יינגערן דור לערער, וואָס זײַנען צוגעקומען צו דער ייִדישער שול אין די דרײַסיקער יאָרן.

נישט לײַכט איז אים געווען דער וועג צו דער ייִדישער שול, ער איז אַדורכ־

געגאנגען א שפאר פעקל מיט צרות ביז אים איז געלונגען זיך איינצואָרדנען אלס לערער און פילן דעם ליבן עול און אחריות צו דערציען דאָס יידישע קינד.

אויב איך האָב נישט קיין טעות איז ער גאָר געקומען פון א העברעאישן לערער־סעמינאר — ער איז אָבער מיט זיין גאנצן תוך פון פילן און באוואוסטזיין, געווען איבערגענומען מיט יידיש און יידישער קולטור, במילא, מיט דער יידישער שול צו וועלכער ער האָט זיך געריסן.

געקומען איז ער פון ביאליסטאק. אריינקומען אין א שול איז אין ווארשע געווען דעמאלט שווער. אלץ איז געווען באזעצט דורך אלטע לערער, וואָס האָבן דאָך אויך נישט געהאַט קיין לייכט לעבן, האָט זיך א. ליליענשטיין געמאַטערט מיט „געבן לעקציעס".

א שווערע פרנסה געווען פאַר אים. ער דער יידישיסט האָט געדאַרפט געבן העברעאישע לעקציעס, וואָס איז נישט געווען אין זיינע איבערציייגונגען. און דאָס אויך נאָך דערצו אין רייכערע הייזער וואו ער האָט זיך געפילט פרעמד. האָט ער געליטן דערפון און זיך מער ווי איין מאָל, בעסער אפגעזאָגט פון די לעקציעס און ממש געהונגערט.

איך ווייס וועגן א צייט, ווען דער יונגער אברהם ליליענשטיין איז געשלאָפן אונטער איינע פון די ווארשעווער בריקן, אָבער קיינער האָט וועגן דעם דעמאָלט נישט געוואוסט. ער איז געווען גענוג א שטאָלצער צו נעמען אויף זיך צרות, אז קיינער זאָל וועגן דעם נישט וויסן, נישט באמערקן.

עס האָט גענומען א שפאר ביסל צייט, ליליענשטיין האָט אלץ נישט געהאַט קיין מזל אנצוקומען אויף ארבעט אין א שול. דערווייל האָט ער געאַרבעט אויף זומער־קאָלאָניעס פון „טאָז" און אויך א געוויסע צייט אין אָטוואָצק, אין דעם אנשטאַלט „צענטאָס", מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט דער באַקאַנטער דיכטער קלמן ליס.

ליליענשטיין איז אָנגעקומען אויף ארבעט אין דער פראָווינץ (1936־1937). ער איז אוועקגעפאָרן ארבעטן אין פרוזשענע, א קליין שטעטל מיט א שיינער יידישער שול וואָס האָט געשמט מיט איר ערנסטער און איינגעגעבענער ארבעט.

איינע פון די שילערינס פון יענער שול האָב איך געטראָפן אָן אפגעראַטעוועטע אין פאַריז, נאָך אלע מיינע און אירע נע־ונדן. זי האָט וועגן איר יידיש שטעטל, וועגן איר פרוזשענער שול, וועגן איר לערער ליליענשטיין, גערעדט מיט אזויפיל ליבשאַפט און צער. זי האָט מיר אויך געוויזן א בילדל פון שול־דראמ.־קרייז, צוזאַמען מיטן לערער ליליענשטיין, וואָס האָט מיט זיי אויפגעפירט א פורים־שפיל. די קינדער גרימירט און דער לערער אין מיטן — אביסל אַן אומעטיקער. טיפן צער האָט ארויסגערופן די דערמאָנונג.

אברהם ליליענשטיין איז געווען א פראָזאַאיקער. געשריבן נאָוועלן וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטשריפטן. געהאַט אויך דאָס מזל צו באַקומען א פרעמיע פון „קינדער זשורנאַל" בעת א קאָנקורס פון דערציילונגען. עס איז אויך דערשינען זיינס א בוך נאָוועלן א"נ „דורות". איך געדענק, אז אין זיין טעקע האָט זיך געפונען אַן אינטערעסאַנטע, גרעסערע ארבעט פון לעבן פון יידישע קינדער, וואָס ער האָט זיך געגרייט ארויסצוגעבן. די דערציילונג האָט אויך געהאַט א קאַפּיטל וואָס האָט געגעבן א בילד פון דער שול. דאָס דערמאָנטע, אנדערע זאַכן, צוזאַמען מיטן לערער־מחבר — זיינען אומגעקומען...

די מלחמה האָט אונז אין וואַרשע צע־טיילט. אים האָט זי געפירט אין אַ פרעמ־דער שטאָט — קאָוועל. און מיך אין זיין שטאָט — ביאַליסטאָק.

איך האָב דאָרט אָדאַנק זיין ייִנגערן ברודער, ישראלקע (?), אויך אַ ייִדישער לערער (וואָס איז אין די זומער־חדשים 1939 געווען אין וואַרשע), זיך באַקענט מיט זייער שטוב. דער טאַטע, אַ פאָלקס־טימלעכער ייִד, מיט אַ ציינג כאַלאַטל און אַ רונדיק ייִדיש היטעלע, האָט זיך פאַר־נומען מיט קליין־מסחר. אין שטוב, האָט זיך אָנגעזען, לעבט מען אַ באַשיידן אָבער שיין ייִדיש לעבן. דער ייִנגערער ברודער ליליענשטיין, האָט בעתן אַריינקומען פון די סאָוועטן אין ביאַליסטאָק, געאַרבעט אין זיין היימשטאָט. ווי אַ יונגער און פעאיקער לערער איז ער באַשטימט גע־וואָרן אַלס פאַרוואַלטער פון אַ ווייסרוסי־שער שולע. נאָך עטלעכע חדשים אַרבעטן דאָרט, האָט ער מיר אַמאָל בסוד געזאָגט: „איי, ווי עס בענקט זיך נאָך אונזער ייִדישער שול. ווי אַנדערש עס זיינען דאָרט געווען די קינדער"...

אברהם ליליענשטיין איז געבליבן אין קאָוועל און געאַרבעט אַלס אינספּעקטאָר ביים שול־קוראַטאָריום. אין זיינס אַ לעצט קאַרטל וואָס איך האָב באַקומען פון אים ווינטער, אָנהויב 1941, האָט ער פאַר־שטעלטערהיים מיט צווישן־שורות געגעבן, אַז ער ליידט שטאַרק, וואָס ער קען נישט אַרבעטן אויף ייִדיש, נאָר מוז אַרבעטן אַלס לערער אין אַ שול ביי די באַז־אַרבעטער אויף אוקראַיניש.

פון קאָוולער וואָס וואוינען אין פּאַריז און האָבן אין יענער צייט געאַרבעט אין שול־וועזן אין זייער שטאָט, ווערן מיר געוואָר, אַז ליליענשטיין האָט געוואָגט זיך אַנטקעגנצושטעלן דאָס פאַראוקראַיניזירן די שול. דאָס האָט אַרויסגערופן מיט אים פאַרשיידענע קאָנפליקטן, אומצו־פרידנקייטן.

ער איז אומגעקומען ערגעץ־וואו אויף די וועגן בעת עוואַקואַציע, צוזאַמען מיט זיין יונגער סימפּאַטישער פרוי און אַ קליין קינדעלע וואָס איז ביי זיי געבוירן געוואָרן אין קאָוועל.

ער איז געווען איינער פון די פיל יונגע אידעאַליסטן פון דער ייִדישער שול.

מ. וואַלדמאַן

## לינדעמאַן, פעלאַ — 1905-1906

איז אין וואַרשע געגרינדעט געוואָרן דורך דער באַקאַנטער וואַרשעווער פּעדאַגאָגין פרוי ראַוויטש אַ פּויליש־ייִדישע מיידל־גימנאַזיע, וועלכע איז שפּעטער אַריבער צו דער פרוי ז. קאַלעצקאַ. די דאָזיקע גימנאַזיע איז געווען די איינציקע ייִדישע מיטלשול אין וואַרשע, וועלכע האָט איינ־געפירט ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור אַלס אַ לימוד — אַ סך פריער איידער עס איז געשאַפן געוואָרן וועלכע ס'איז עלעמענטאַרע שול אין ייִדיש. אַלס לערער פון ייִדיש האָבן אין קאַלעצקאַס גימנאַזיע פאַרן ערשטן וועלט־קריג געאַרבעט עט־לעכע יאָר דוד הערמאַן און אַ קורצע צייט יעקב לעווין. נאָכן ערשטן וועלט־קריג האָט אין דער גימנאַזיע אַ פּאָר יאָר געאַרבעט אַלס לערער פון ייִדישע לימודים — דער פאַרשטאָרבענער ש. מענדעלסאָן.

דוד הערמאַן האָט מיט זיינע לעקציעס פון ייִדיש און נאָך מער מיט זיינע דראַ־מאַטיזאַציעס פון י. ל. פּרץ און פון אַנ־דערע ייִדישע קלאַסיקער — געהאַט אַן אומגעהויערן איינפלוס אויף די תלמידות פון דער גימנאַזיע. ער האָט געוועקט אין זיי ליבע צום ייִדישן וואָרט און צום ייִדישן לעבן. אַ סך פון אַט די תלמידות האָבן שפּעטער די דאָזיקע באַגייסטערונג

איבערגעשמידט אין פראקטישער געזעלשאפטלעכער און קולטור־ארבעט. דאס זיינען אלץ געווען קינדער פון באלעבאטישע און חסידישע עלטערן, די יידישע שפראך איז זיי געווען נאענט. זיי זיינען געווארן געטרייע באזוכערס פון די באקאנטע „הזמיר“־לעקציעס און פארערער פון י. ל. פרץ.

אין די אקופאציע־יארן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די שול־יוגנט פון קאלעצקאס גימנאזיע געווען צווישן די איבערגעגעבענע בויערינס און ארויסהעלפערינס ביים פירן די קיכן און שפעטער די קינדערהיימען און שולן פאר די קינדער פון די פליטים. פון זייערע רייען זיינען געקומען שפעטער א סך לערערינס פון די יידישע וועלטלעכע שולן. פון זייערע רייען איז אויך געקומען פעלא לינדעמאן.

געבוירן איז זי 1901 אין ווארשע — אין א קליינבירגערלעכער יידישער משפחה: דער פאטער האט געהאט א קליין מאנופאקטור־געשעפט אויף פראנציסקאנער גאס. שוין אין דער גימנאזיע פון פרוי קאלעצקא, האט פעלא זיך באטייליקט אין יוגנט־קרייזן פון „צוקונפט“. אין גימנאזיע איז זי זייער פאפולער אלס די טרעגערין פון סאציאליסטישן געדאנק, זי שאפט אויך עטלעכע קרייזלעך פון שילערינס פון אנדערע מיטל־שולן. אין 1921 פארענדיקט זי די גימנאזיע און טרעט אריין אין ווארשעווער אוניווערסיטעט. אין 1924 הייבט זי אן ארבעטן אין דער יידיש־וועלטלעכער שול: זי פירט א דריטן קלאס קאנצענטראציע און דעם לימוד פון פויליש אין העכערע קלאסן (מילע 61). זי ארבעט א סך אין דער קינדער־זעלבסט־פארוואלטונג און אין עלטערן־קאמיטעט. 1932—1935 ארבעט

פ. לינדעמאן אין דער מעדעם־סאנאטאריע. צוזאמען מיט חנה זאקהיים פירט זי דא דעם ביאלאגישן צימער. זי טראגט אריין א סך איניציאטיוו אין פארשיידענע געביטן. די לעצטע פאר יאר פארן אויסברוך פון דער מלחמה ארבעט זי אין א פריוואטער שול, — אבער איר אינטערעס און פארבינדונג מיט דער יידיש־וועלטלעכער שול ווערט ניט געמינערט. אונטערן רעזשים פון די נאצים איז זי אקטיוו אין דער אונטערערדישער באוועגונג, און אין ווארשעווער געטא קומט זי אום.

אן אינטעליגענטע און שעפערישע לערערין האט זי זיך אין די ציִשא־שולן אויסגעצייכנט מיט איר געזעלשאפטלעכער אקטיווקייט און פעדאגאגישע פעאיקייטן. געווען זייער באליבט סיי ביי די קינדער, סיי ביי די לערער.

אומגעקומען צוזאמען מיט איר מאן אין ווארשעווער געטא.

**לינדענהיים, אסתר** — געבוירן אין ווארשע אין 1899 און באקומען מיטלע בילדונג. זי איז געווען א סך יארן א לערערין אין זאמבראוו און שפעטער אין די ווארשעווער באראכאוו־שולן: מוראנאוו 16, דזשיקע 6, טארגאווע 32. זי האט געפירט דעם לימוד פון פויליש און אויך קאנצענטראציע־קלאסן. א. לינדענהיים איז געווען א שטילע, רואיקע, דערפארענע, אינטעליגענטע לערערין און א גוטע דערציערין. זי איז געווען די פרוי פונעם באקאנטן ווארשעווער לערער נתן סמאלאר. אין 1934־1935 האט זי צוליב געזונט־צושטאנד איבערגעריסן איר ארבעט אין די שולן. אומגעקומען איז זי אין ווארשעווער געטא צוזאמען מיט איר מאן און קינד.

## ליפשיץ, אסתר (עסטושיע) —

א פארדינסטפולע פרעבליסטין אין וואַרשעווער שולוועזן פון ציִשאַ. שוין אין יאָר 18־1917 איז



איר צוזאַמען מיט לאַניע מילעבאַנד און רענע שוואַרצענקאָפּ אנפאַרטרויט געוואָרן צו אָרגאַניזירן און אָנפירן מיט דער בונדישער קינדערהיים אויף דזיעלנע 43, נאָכדעם ווי די בר. גראָסער־קינדערהיים אויף קאַרמעליצקע 29 (געגרינדעט אין אָקטאָבער 1915) איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א פולע יידישע פאָלקסשול.

די אָנגערופענע דריי פרעבליסטינס האָבן פאַרמאָגט ווייניק דערפאַרונג און פּראַקטיק פאַר אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט. זיי האָבן אָבער מיט אַלע זייערע כוחות און מיט א שטאַרקן ענטוזיאַזם זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, אויסנוצנדיק די פּראַקטיק פון די שוין פון פריער עקזיסטירנדיקע קינדער־גערטנער. צוזאַמען מיט דער פּעדאַגאָגישער טעטיקייט האָבן זיי אויך געטאָן די אַזוי גערופענע „שוואַרצע אַרבעט" אין דעם אַנשטאַלט.

די דריי אידעאַליסטישע פרעבליסטינס זיינען ביי דער אַרבעט, וועלכע זיי האָבן זייער ליב געהאַט, געוואָרן נאָענט און באַפריינדעט. זיי זיינען געוואָרן, ווי שוועסטערס, און אַלע יאָרן האָבן זיי זיך געהאַלטן צוזאַמען ביז זייער טראַגישן אומקום. גלייך ווי זיי האָבן אָנגעהויבן זייער אַרבעט האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז עס איז אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע נישט נאָר צו שאַפן א גוטן קינדער־אַנשטאַלט, נאָר טאַקע א קינדער־היים וואו די קינדער זאָלן ווערן דערצויגן אין סאָציאַליסטישן גייסט: די קינדער זיינען דאָך געווען הויפטזעכלעך פון פּראָלעטאַרישע משפחות. אויך די שפּראַךפראַגע איז ביי די דריי יונגע פרעבליסטינס געווען אַן ערנסטע פּראָבלעם. אַלע דריי זיינען זיי געווען פון חסידישע הייזער, וואו מען האָט די טעכטער דערצויגן אין אַסימילאַטאָרישן גייסט און אָפּגעפרעמדט פון דער יידישער שפּראַך. מיט אַן אויסערגעוויינלעכער התמדה האָבן זיי אַליין גענומען שלייפן זייער יידיש. זייער שטאַרקער פאַראַנטוואָרטלעכקייטס־געפיל און זייער הויכער אידעאַליזם האָט זיי געהאָלפן אין א קורצער צייט אַוועקצושטעלן דעם אַנשטאַלט אויף א זייער הויכער מדרגה.

די קינדער זיינען געווען אויסערגעוויינלעך צוגעבונדן צו די לערערינס. אויך די עלטערן האָבן אַרויסגעוויזן טיפע דאַנקבאַרקייט צו די לערערינס און צום אַנשטאַלט. אפילו אין פערזענלעכע און פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן פלעגן די עלטערן קומען זיך עצהן מיט די לערערינס.

אסתר ליפשיץ האָט געהאַט געענדיקט א זעקס־קלאַסיקע פּראָ־גימנאַזיע, און פאַרמאָגט באַדייטנדע ידיעות אין דער פּוילישער געשיכטע און ליטעראַטור. זי האָט באַזוכט די פּעדאַגאָגישע אָפּטיילונג פון דער הויך־שול „ווּשעכניצאַ", וועלכע איז צוליב איר ליבעראַלער איינשטעלונג איגנאָרירט געוואָרן פון דער פּוילישער רעגירונג.

זי האָט איר ערשטע פּראַקטיק אַלס קינדער־גאָרטן־לערערין אָדורכגעמאַכט ביי דער באַקאַנטער פרעבליסטין תירצה קאַפּעליאַוויטש, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט דער ערשטער יידישער קינדער־היים אין וואַרשע (געגרינדעט מיטן אָנטייל פון י. ל. פּרץ). אסתר האָט סיסטעמאַטיש באַ־

זוכט די פּרעבעל־קורסן פון דער צישאַ. אין משך פון אַ קורצער צייט האָט זי שוין באַהערשט יידיש אין וואָרט און אין שריפט און איז אפילו געווען אימשטאַנד צו ווערן אַ רעפערענטין אין די שילער־קרייזן.

אסתר ליפשיץ פלעגט פלייסיק זאַמלען מאַטעריאַל וועגן די דערגרייכונגען אין דער קינדער־גאָרטן־אַרבעט, זי פלעגט זיך באַראַטן מיט אויטאָריטעטן אין דערציאונג, און האָט פאַרפולקאָמט איר וויסן אויפן געביט פון קינדער־גאָרטן־פּעדאַגאָגיק, הגם די מאַטעריעלע לאַגע פון די יידיש־וועלטלעכע אַנשטאַלטן איז געווען אַ אויסערגעוויינלעך־שווערע, און עס איז נישט לייכט אָנגעקומען דאָס פאַרשאַפן די נויטיקע שול־מכשירים.

אסתר ליפשיץ איז שוין געווען פאַרהייראַט און אַ מוטער פון אַ קינד, זי האָט אָבער די גרעסטע טייל פון איר צייט אָפּגעגעבן דער אַרבעט אין קינדער־גאָרטן. וועגן דער דאָזיקער עפּאָכע אין איר לעבן פלעגט זי אין די שפּעטערדיקע צייטן זיך אויסדריקן: „איך האָב דאַן געפילט, אַז איך האָב אַ ציל אין לעבן, און אַז איך בין צו עפּעס נויטיק".

אונטער די נאַציס איז עסטושע געווען די גאַנצע צייט אין וואַרשעווער געטאָ. זי האָט אַקטיוו געאַרבעט אינעם בונדישן „רויטן קרייץ" און אינעם פּאַטראָנאַט פון יתומים־אינטערנאַט וואָס דער בונדישער אונטערערד האָט אָרגאַניזירט. אין 1943, ווען די געטאָ איז געלעגן אין חורבות, האָט זיך אָנגעהויבן די באַקאַנטע אַפּערע „האָטעל פּאָלסקי". אַלס כלומרשטע „אויסלענדישע בירגער" האָט מען געזאָלט ראַטעווען אַ היפּשע צאָל יידן. עסטושע ליפשיץ איז אויך געווען צווישן די וואָס האָבן באַקומען די „גליקלעכע" וויזעס, און זי איז אָפּגעפירט געוואָרן אין אַ לאַגער לעבן האַנאָווער. דאָרט האָט זי איר לעבן פאַרענדיקט — אומגעבראַכט דורך די נאַציס.

**ליפשיץ, דבורה** — אַן ערנסטע איבערגעגעבענע לערערין פון די צישאַ־שולן אין ביאַליסטאָק. הייבט אָן אַרבעטן אין סאַמע אָנהייב פון דער אַנטשטייאונג פון די שולן, עטלעכע יאָרן אַרבעט זי אין דער „יוגנט־פאַריין" שול, שפּעטער גייט זי אַריבער אין דער מענדעלע־שול. געפירט אַלע יאָרן אַ דריטן קלאַס. בלייבט ביי דער אַרבעט ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן.

דבורה ליפשיץ האָט געשטאַמט פון אָרעמע עלטערן. מיט איר מאָגערן געהאַלט, וואָס זי האָט פון איר אַרבעט, דאַרף זי אַלע יאָרן שטיצן אירע עלטערן. עס קומט איר אָבער קיין מאָל ניט אויפן זינען צו זוכן אַ בעסער באַצאָלטע אַרבעט. דבורה ליפשיץ און די אַרבעט אין מענדעלע־שול שטעלן פאַר מיט זיך איין גאַנצקייט. זי ווידמעט איר גאַנצע פרייע צייט דער שול, טראָגט צו אַ סך אַרבעט אויסער די רעגולערע שעהן. פאַר יעדן שול־יום־טוב, פאַר יעדער אויסשטעלונג אַרבעט זי ממש אומדערמידלעך. די שול־אַרבעט פילט אויס איר גאַנצן פּערזענלעכן לעבן.

זי איז געוואָרן אומגעבראַכט דורך די נאַציס.

**לעוו, חיים** — געווען לערער אין מעזריטשער פאָלקשול אונטער דער דירעקציע פון פרוי אַדלער. ער איז געווען לערער פון מוזיק און אָנגעפירט מיטן מאַנדאָלינ־אָרקעסטער פון דער שול.

**לעוו, רבקה** — איינע פון די עלטסטע לערערינס אין דער יידיש־וועלטלעכער שול אין מעזריטש. זי האט געארבעט נאך אין דער צייט ווען די פרוי אדלער איז געווען די אנפירערין פון דער שול. זייער א גוטער מענטש פון דער נאטור, האט זי ארויסגעוויזן גאר א סך ליבשאפט צו די קינדער און צו דער שול.

**לעוואַרטאָווסקי, חיהטשע** — געבוירן אין ביעלסק־פאדלאסקי אין 1905 אדער 1906. פארענדיקט די יידישע צישא־שול אין ביעלסק, טרעט זי אריין אין 1923 אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאר. זי קריגט איר לערער־דיפלאם אין 1927 (געהערט צום דריטן ארויסלאז).

אין 1929 הייבט זי אן צו ארבעטן אין דער ביאליסטאקער גראסער־שול. זי האט געפירט עטלעכע יאר אן ערשטן קלאס, שפעטער אויך א צווייטן און דריטן. אויסער די לימודים אין די קלאסן האט זי נאך געפירט גימנאסטיק אין אנדערע קלאסן.

ח. לעווארטאווסקי איז געווען א מיטגליד פון „בונד" אין ביאליסטאק. זי האט אנגעפירט מיט „סקיף"־קרייזן אין ביאליסטאק און האט אויך געהערט צו דער פארוואלטונג פון דער ספארט־ארגאניזאציע — „מארגנשטערן".

חיהטשע לעווארטאווסקי פלעגט ניט איבעררייסן איר לערער־ארבעט אויך אין די זומער־חדשים, ווען יעדער לערער איז בארעכטיקט צו אפרו. זי האט יעדן זומער געארבעט אין דער קינדער־קאלאניע פון „צענטאס". א יונגע, א הויכע, א בלאנדע מיט בלויע אויגן, א גוטע, א ליבע, איז חיהטשע לעווארטאווסקי געווען פול מיט לעבן.

עטלעכע יאר פארן אויסברוך פון דער מלחמה האט זי חתונה געהאט אין ביאליסטאק מיט א בונדיסט שלמה שליאפסקי. זי האט געהאט א טעכטערל רבקהלע.

חיהטשע לעווארטאווסקי איז אומגעקומען ענלעך צו יאנוש קארטשאק — צוזאמען מיט א גרופע קינדער, מיט וועלכע זי האט געלערנט אין ביעלסק אין דער צייט פון דער היטלער־אקופאציע. אויך איר מאן און קינד זיינען דא אומגעקומען.

פ י י ג ל  מ ע ל א מ ד א ו ו י ט ש

**לעווי, מאַניע** — געבוירן אין ווילנע. לאנג־יאריקע לערערין פון פרוג־שול, וועלכער זי איז געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן. געווען באליבט ביי די קינדער און חברים, צווישן וועלכע זי האט געהאט א סך פריינד.



אירע עלטערן, עלטערע און קראנקע מענטשן, האבן געהאלטן א שפייז־קראם אויף נאווגאראד 6. קומענדיק אהיים א מידע, האט מאניע געמוזט קאכן עסן אי פאר זיך אי פאר די עלטערן. זי פלעגט גאנץ אפט שטיין אין קראם, קארעגירן די קינדישע שול־העפטן אדער גרייטן אן ארבעט פאר דער שול, און דערביי דערלייידיקן פארשיידענע קונדן. מאניע האט געהאט א שווער לעבן...

וועגן דער ראל פון מאניע לעווי אין ווילנער געטא אונטער די נאצים, דערציילט דינה אבראמאוויטש:

„לעווי מאניע האט געארבעט ווי א פארוואלטערין פון יתומים־הויז אין ווילנער געטא. זי איז געווען פול מיט מוט און איבערגעגעבנקייט צו דער ארבעט, באמיט זיך צו שאפן פאר די יתומים שפייז און קליידונג, וואס איז ניט געווען קיין

ליכטע אויפגאבע אין ווילנער געטא. מאניע האט געלעבט מיט די קינדער צוזאמען, אפגעגעבן זיי איר גאנצע צייט, געווען ניט נאר אן אדמיניסטראטאר, נאר אויך א דערציִערין און לערערין פון די קינדער. די לאגע פון די פאריתומטע קינדער, די אומגליקלעכסטע פון די אומגליקלעכע אין געטא, הונגעריקע, האלבנאקעטע און פארוואָרלאזטע, — האט מאניען ניט אפגעשראקן. זי האט ניט אפגעלאזן די הענט, קיין מאל ניט געטראכט וועגן דער האפענונגסלאזיקייט פון דער לאגע און וועגן איר פערזענלעכן גורל.

„א מענטשן אין נארמאלע באדינגונגען איז זיך שווער פארצושטעלן, וואס עס האט באטייט צו ארבעטן אין א יתומים־הויז אין געטא. וויפל מוט, וויפל אויסדויער און וויפל ליבע מען האט געדארפט האבן, כדי אנצוגיין מיט דער ארבעט. עד היום געדענק איך מיין איבערראשונג, ווען איך האב באזוכט דעם יתומים־הויז און דערזען די קינדערלעך ארומגיין בייטאג אין העמדלעך. ווען איך האב געפרעגט מאניען, פארוואס טראגן די קינדער העמדלעך בייטאג, האט זי א שמייכל געטאן און געזאגט: זייער פשוט, ווייל זיי האבן ניט קיין קליידעלעך".

אויך בעת דער ליקווידאציע פון ווילנער געטא האט מאניע לעווי ניט געוואלט פארלאזן די קינדער. זי האט אלע קינדערלעך ארויפגעזעצט אויף אן אויטא און מיט זיי געפארן צום סארטיר־פונקט אויף דער סובאטש גאס. קלאנגען זיינען געווען: ווען מאניע האט אויף דעם סארטיר־פונקט דערזען, אז מע פירט די קינדער צום טויט, האט זי זיך אנטקעגנגעשטעלט, און זי איז דורך די דייטשן דערשאסן געווארן.

לויט אנדערע ידיעות איז זי ארויסגעפירט געווארן קיין עסטאניע און דארט אומגעקומען.

## לעווין, וויטע

— ראזע סימכאוויטשעס א קרובה, — פונקט ווי יענע אזוי אויך זי, זיינען אין אונזערע צייטן די פאראנשווילעכונג פון דער אלט־לעגענדארישער שרה־בת־טובים־געשטאלט.



וויטע לעווין האט געהאט גרויס פעדאגאגיש - פסיכאלאגישן וויסן. זי האט געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין יענא, דייטשלאנד, און איז דארטן געווען צווישן די אויסגעצייכנטע סטודענטן, אויף וועלכע פראפעסארן פלעגן טייטלען מיט די פינגער, שטעלנדיק זי ווי א מוסטער. מע האט איר געראטן זיך צו ווידמען פראפעסור — אויפן געביט פון קינדער־פסיכאלאגיע.

קומענדיק אהיים קיין ווילנע, האט וויטע לעווין אויסגעקליבן פאר זיך אן אומבאארבעט פעלד — ארבעט צווישן פארוואָרלאזטע יידישע קינדער. און וויפל מוטערלעכע רחמים און אומדערמידלעכע אנשטרענגונגען, וויפל ממש פרום־רעליגיעזן פאטאס זי האט אין אט דער ארבעט ארויסגעוויזן: אליין, אן מיטהעלפער און אן מאטעריעלע מיטלען, האט זי געזוכט און געפונען די געניסער פון איר דערציאונג, זיי אויפגעזאמלט, אויפגעשטעלט פאר זיי א היים, פארזארגט זיי מיט קלייד און שפייז, און ערשט נאך דעם גענומען זיך מטפל זיין מיט זייער גייסטיקער געזונט־מאכונג. צווישן די פארוואָרלאזטע קינדער איז, ווי באקאנט, שטענדיק און

אומעטום גרויס דער פראצענט פון אינ־טעלעקטועל־אפגעשטאנענע, פון דעבילע און אימבעצילע אפווייכונגען פון דער פסיכישער נארמע. וויטע לעווין האט אויסגענוצט איר גרויסן וויסן, איר גע־וואלטיקע אינטואיציע, בכדי צו העלפן אט די קינדער און אומצוקערן זיי זייער פארלוירענע פסיכישע גאנצקייט.

אין ווילנע האט מען געוואוסט: וויטע לעווין איז א הייליקע, ווידמעט איר גאנץ פריוואט לעבן פאר איר אויסדערוויילטער מיסיע־ארבעט. מע האט זיך צו איר בא־צויגן ווי צו אן אויסערגעוויינלעכן היי־ליקן מענטשן, — מיט אפשיי, מיט התפעלות.

זי איז געווען א מיטגליד פון דער ווילנער גרופע פריינהייטלעכע סאציא־ליסטן. אויך איר טעטיקייט דא איז געווען א דערגאנצונג צו איר הויפט־טעטיקייט, אנגעפילט מיט רחמים און קרבנות־גרייטקייט.

די היטלעריסטישע מערדער האבן אויסגעלאשן דאס זעלטענע ווארעמע ליכט וואס האט געשטראמט פון ד״ר וויטע לעווינס פערזענלעכקייט און געבענטש־טער טעטיקייט.

ד״ר ישראל רובין

***

א געוועזענע ווילנער פרעבליסטין, ש. סא־פיר־קריץ, שרייבט וועגן וו. לעווין:
„א צארטע שטילע נשמה, אן איידעלער, באשיידענער, הארציקער מענטש. איר באזונדער ליבע צו קינדער און זייער נשמה, איר באנעמען זיך מיט זיי — האט כמעט ניט געהאט קיין גלייכן צו זיך.

„איר איבערגעגעבנקייט צו די אלע וועלכע פלעגן קומען אין בארירונג מיט איר, איר אינטערעס פאר יעדערן און דערהויפט פאר קינדער־פראגן, פלעגן לאזן א טיפן איינדרוק אויף יעדערן וואס האט איר געקאנט. אליין א טאכטער פון א רייכער אינטעליגענטער משפחה, האט זי זיך געקאנט אראפלאזן צום נידעריקסטן פון זיך און יענעם דערהויבן״.

דער יידישער שולוועזן אין ווילנע און זיין ארגאניזאציע, דער צ. ב. ק., זיינען געווען צו ארעם צו קענען אויסהאלטן א שול־היים פאר די דעפעקטיווע קינדער. האט וויטע לעווין אליין אויסגענוצט אלע געזעלשאפטלעכע פארבינדונגען און בא־וואויגן פארשיידענע אינסטיטוציעס איר צו העלפן אין איר ארבעט. אין 1932 איז אדאנק איר איניציאטיוו געשאפן געווארן אין ווילנע די ספעציעלע שול פאר גייסטיק־אפגעשטאנענע קינדער. עס האט אויך עקזיסטירט א ספעציעלע „גע־זעלשאפט פאר הייל־דערציאונג", געשאפן לויט דער איניציאטיוו פון צ. ב. ק. דער לעצטער און אויך די צישא אין ווארשע האבן סובסידירט די ספעציעלע שול.

אונטער דער אנפירונג פון וויטע לעווין האט די שול פאר ספעציעלער דערציאונג פונקציאנירט נארמאל, ביים אנטייל פון נאך עטלעכע דערציער.

דאס איז געווען א ווארעמע היים פאר אומגליקלעכע קינדער. דא האבן זיי גע־האט מוטערלעכע אויפזיכט, א שמייכל האט געשיינט אויף זייערע פנימער, גליקלעך זיינען זיי געווען אונטער די פליגלען פון וויטע לעווין. עס איז געווען א מוסטערהאפטער הייל־פעדאגאגישער אנשטאלט. פארשטענדעניש פאר קינדער־פסיכאלאגיע בכלל און פאר דער פסיכיק פון גייסטיק־אפגעשטאנענעם קינד — זיינען אין דעם אנשטאלט געווען געפארט מיט אויפריכטיקער און אוממיטלבארער קינדער־ליבע און מענטשן־ליבע. דאס איז געווען דאס שענסטע ווערק פון וויטע

לעווין — אט דער אײדלסטער און הורמאנישסטער פרוי וואס ווילנע האט פארמאגט.

אין די ערשטע טעג פון יולי 1941 ווערט וויטע ארעסטירט אויף לוקישקעס. דער נאצישער אויספארשונגס־ריכטער לייגט איר פאר אונטערצושרייבן א דעקלאראציע, אז זי איז ניט קיין קאמוניסטקע. כאטש וויטע איז געווען ווייט פון קאמוניזם, האט זי די דעקלאראציע ניט אונטערגעשריבן און דערמיט זיך פארמשפט צום טויט.

***

אז עטישער מענטש מיט א פײנפילנד הארץ איז זי אויך אין איר טאג־טעגלעכן לעבן א לערערין פאר אירע עלטערע און יינגערע חברים וואס גרופירן זיך אין דעם קרייז „פרייע שריפטן". צוויי מאל אין וואך, שבת און זונטיק, האט דער קרייז זיינע זיצונגען און שמועסן טאקע אין דער רחבותדיקער וואוינונג פון די לעווינס. וויטע איז די גייסטיקע פירערין פון דעם קרייז — אזוי מיט איר ווארט ווי מיט אירע מעשים בכל יום. איר ווארט איז קורץ, לאגיש, דורכגעטראכט און ווירקנדיק.

און אירע מעשים?

באמערקט זי ביי איינעם א טאלאנט צו מאלעריי, דערמוטיקט זי אים, גיט אים אריין אין דער קונסטשול, צאלט פאר אים דעם שכר־לימוד און האלט אים ממש אויס. און דאס זעלביקע אויך צו אנדערע טאלאנטירטע חברים. זי האט א מאמעשן געדולד און גיט מיט טיפן אינטערעס אירע באלערנדיקע אנווייזונגען צו די חברים וואס קומען צו איר מיט זייערם א ליד, א דערציילונג און אן עסיי. איבערהויפט טוט איר ווי, ווען עמעצער פון איר קרייז איז מאראליש ניט ארומגעהובלט, זי לײדט ממש און אויפן אידלסטען אופן ווייזט זי אן דעם חבר אויף די דאזיקע דעפעקטן.

— „צוליב וויטען אליין האט זיך חבר נ. אויסגעמענטשלט" — האבן חברים זיך געוויצלט אויף דעם אדרעס פון א חבר. און עס איז טאקע אמת. אין איר סביבה האט מען געמוזט פארלירן דאס ברוטאלע, דאס ניט פיינע...

וויטע רייסט איבער מיט דער גבירישער טראדיציע אין איר הויז און גייט אוועק מיט לייב און לעבן אין פאלק. און 'פאלק' איז ביי איר ניט עפעס אן אומבאשטימטע זאך, פאלק באשטייט פאר איר פון יחידים; קען דאס זיין א קראנקער וואס וואלגערט זיך אין שולהויף, עס קען זיין אן ארעמע אלמנה, וואס לײדט ווייל איר זון גייט אין געפערלעכע וועגן און עס קענען זיין די הפקר־יחידים פון דער אונטערוועלט. איבערהויפט אבער אינטערעסירט איר שטארק דאס פארוואָרלאזטע, דעפעקטיווע קינד. פאר אלעמען זארגט זי און ברענגט זיי מיט א ברייטער האנט מאראלישע און עקאנאמישע הילף.

אין 1932 ווערט געשאפן איר קרוינווערק — די יידישע שול פאר דעפעקטיווע קינדער אין דעם בנין פון דעם געשלאסענעם יידישן לערער־סעמינאר. כאטש אפיציעל איז דא א ספעציעלער שולפאטראנאט, טראגט אבער וויטע אויף אירע פלייצעס סיי דעם עקאנאמישן און סיי דעם פעדאגאגישן עול פון דעם וויכטיקן אנשטאלט. א האלבן טאג פארברענגט זי אין שול און דעם צווייטן האלבן טאג טליקעט זי זיך ארום איבער די ארעמע פארחושכטע געגנטן פון ווילנער הינטערגעסלעך. זי באזוכט אירע תלמידים אין זייערע היימען אין זייערע אומהיגיענישע סביבות, שטודירט די סיבות פון זייער אפגעשטאנענקייט און

איז פֿאַרנומען מיט איין זאַך: ווי אַזוי גייסטיק און מאָראַליש צו דערהייבן די דאָזיקע פֿאַראומגליקלעכטע קינדער.

ווערט חס ושלום אַ קינד פֿון איר שול קראַנק, קומט זי אים גלייך באַזוכן, ברענגט פֿאַר אים און — אין דער זעלביקער צייט — פֿאַר דער משפּחה פֿאַרשיידענע נייטיקע זאַכן.

סיי די גרויסע אידייען, סיי די קלייניקייטן זיינען פֿאַר וויטע לעווין גלייך וויכטיק. אין 1934 ווערט אויף וויטעס איניציאַטיוו איינגעאָרדנט אַ קליינע „קאָמונע" פֿון צוואַנציק חברים פֿון דעם קרייז, וואָס צאָלן איין אַ געוויסע סומע, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן, און דערפֿאַר באַקומען זיי יעדן טאָג אַ פֿרישן נאַרהאַפֿטיקן מיטאָג. יעדן טאָג אַרבעטן צוויי אַנדערע חברים אין קיך און גרייטן צו דעם מיטאָג. קרוב אַ יאָר צייט האָט די קאָמונע עקזיסטירט און האָט געליפֿערט די נויטן פֿון טייל שטודירנדיקע חברים וואָס האָבן ניט געהאַט גענוג פֿאַר זייער אויסהאַלטונג.

אין דער „ספּעציעלער שול" וואָס וויטע לעווין האָט געשאַפֿן האָבן געאַרבעט אַ געוויסע צייט די לערער חיים דאַמב און יצחק ברעגמאַן טאַקע אונטער איר אָנפֿירונג. אונטער איר השפּעה האָט ח. דאַמב צוגעגרייט זיין אַספּיראַנטור־אַרבעט אד"ט: „ירושהדיקייט און סביבה ווי סיבות פֿון הינטערשטעליקייט". מיר איז אויסגעקומען אַ פּאָר מאָל צו באַזוכן די דאָזיקע שול און כ'האָב נאָר געהאַט באַוואונדערונג פֿאַר דער גרויסער אַחבעט וואָס וויטע לעווין האָט דאָרטן געפֿירט.

ל. באַיאַן

***

אינעם צווייטן טייל פֿון זיין גרויסער פּאָעמע „ווילנע" — שילדערט חיים גראַדע ירושלים דליטע אין די יאָרן פֿאַרן היטלער־קריג. ער פֿירט דאָ אַרויס אונטער פֿאַרשטעלטע נעמען לערער, טעאַטער־מענטשן און קינסטלער — און צווישן זיי אויך וויטע לעווין (אונטער נאָמען ריטע). מיר באַקומען פֿאַר זיך אַ בולטע כאַראַקטעריסטיק פֿון אַט דער „פֿריילין", וואָס

„זי האָט פֿאַר קראַנקע קינדערלעך אַ
קלאַס,
און פֿירט זיי דורכן שול־הויף פֿאַר
די הענטלעך".

עס וואָלט פֿאַרנומען צופֿיל פּלאַץ אַרויסצונעמען אַ גאַנצן פֿראַגמענט פֿון דער פּאָעמע, וואָס ברענגט אַרויס פֿאַר אונז די געשטאַלט פֿון וויטע לעווין. מיר וועלן זיך באַנוגענען דאָ נאָר מיט איינצלנע שורות.

„די לערערקע איז פֿון דער מאַמע שרהן
אַ ניצוץ"...

ווען עס קומט צו אַ דיסקוסיע צווישן איר און „דעם חבר שטיין (גערשטיין), דער אַלטער לערער פֿון די קינדער־כאָרן", און יענער טענהט:

„פֿאַרנומען זיך מיט קינדער־דעפֿעקטיווע!
מיר דאַרפֿן פֿאַר געזונטע קינדער זאָרגן,
זיי אויסבילדן און צוגרייטן צום מאָרגן",

ענטפֿערט אים וויטע מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט, אויף וועלכער זי איז פֿעאיק:

„שטייט ריטע אויף און אירע אויגן
בליצן:
מיר זיינען אַלע דעפֿעקטיוו — דאָס קודם.
אַביסל אָפּגעשטאַנען איז איעדער".

און ריטע זינגט סוף כל סוף. די אַלגעמיינע מיינונג איז: „מען מוז איר העלפֿן קריגן מיטלען (אויף דער שול פֿאַר דעפֿעקטיווע קינדער). אין ווילנע איז נישטאָ קיין צווייטע ריטע". „מען קען געפֿינען דען אין אַלע לענדער אַזאַ צדיקת?".

**לעווין, משה** — אַן אַביטוריענט פון ווילנער ייִדישן לערער־סעמינאַר, האָט ער געאַרבעט אַלס לערער אין ווילנע. ער איז אויך געווען אַ פּעאיקער שרייבער און קינסטלער. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ סעריע מעשהלעך פאַר קינדער אין ייִדיש און העברעאיש — אונטערן פּסעוודאָנים בער סאָרין. דער טעקסט און די אילוסטראַציעס — ביידע געשאַפן פון אים. די מעשהלעך האָבן געהאַט זייער גרויס דערפאָלג צווישן קינדער און לערער. אָנהייב דער מלחמה מיט די דייטשן, יוני 1941, האָט ער זיך עוואַקואירט קיין מינסק, און איז געווען אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אין דער אונטערערדישער באַוועגונג אין מינסקער געטאָ. ער איז אָבער דעקאָנספּירירט געוואָרן און דורך די דייטשן דערשאָסן געוואָרן.

זיין פרוי שרה יאַמבראָ איז אויך געווען אַ לערערין אין ווילנע. צוזאַמען מיטן מאַן האָט זי זיך אויך עוואַקואירט קיין מינסק, איז דאָ געווען אַ פּאַרטיזאַנקע און וואַרשיינלעך אויך אומגעקומען.

**לערמאַן, רייזל** — געשטאַמט פון ראַדאָם. געבוירן אין יאָר 1905 אָדער 1906, אין אַ משפּחה פון נישט־פאַרמעגלעכע קליין־הענדלער, האָט זי מיט גרויסע שוועריקייטן (צוליב מאַנגל אין מיטלען) דורכגעמאַכט אַ פּוילישע מיטלשול און אָנגעקומען אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, אויפן פילאָלאָגישן פאַקולטעט. אירע סטודענטישע יאָרן זיינען צונויפגעפאַלן מיט דער תּקופה פון גרויסן שוואונג אין ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן בכלל, און צווישן די ייִדישע סטודענטן בפרט. זי איז געקומען אין באַרירונג מיט די אידעאַליסטישע עלעמענטן פון דער סטודענטנשאַפט, וועלכע האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און האָבן דער עיקר געאַרבעט אין דער דעמאָלט פאַרצווייגטער נעץ פון די אָוונטשולן.

רייזל לערמאַן איז געוואָרן באַאיינפלוסט פון אָט דער אַטמאָספער פון ראַדיקאַלן אידעאַליזם און האָט באַשלאָסן צו ווערן אַ לערערין אין אַ ייִדיש־וועלטלעכער שול. צו דעם צוועק האָט זי געטראַכט וועגן אַריינטרעטן אין ייִדישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע. זי האָט אָבער דעם דאָזיקן פּלאַן אויפגעגעבן צוליבן דוחק אין מיטלען און האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין די ייִדיש־וועלטלעכע שולן אַלס לערערין פון די פּוילישע לימודים (פּוילישע שפּראַך, געאָגראַפיע און געשיכטע) נאָך דעם, ווי זי האָט אָפּגעגעבן דעם נויטיקן עקזאַמען פון די פּעדאַגאָגישע קענטשטאַנדן.

נאָך אַ קורצער צייט פון אַרבעט אויף דער ווילנער פּראָווינץ, איז רייזל לערמאַן געוואָרן אַ לערערין פון פּאָלאָניסטיק אין איינער פון די גרעסטע שולן אין ווילנע, אין דער באָוואָוסטער פרוג־שול.

נישט געקוקט אויף איר שוואַכן געזונט, האָט זי זיך אָפּגעגעבן מיט לייב און לעבן דער אַרבעט און האָט געקראָגן אַ שם פון אַ דערפאָלגרייכער לערערין. אין ווילנע, וואו די לערערשאַפט איז ס׳רוב באַשטאַנען פון דערפאַרענע הויךקוואַליפיצירטע לערער מיט אַ סך יאָרן פון פּעדאַגאָגישער פּראַקטיק, איז פאַר אַ יונגער מיידל אַזאַ שם געווען נישט לייכט זיך צו דערוווערבן.

רייזל לערמאַן איז לויטן כאַראַקטער געווען ערנסט, צוריקגעהאַלטן און איינגעשלאָסן. ראַדיקאַל לויט אירע פּאָליטישע איבערצייגונגען, האָט זי אויך אין איר שול־אַרבעט געלייגט דעם טראָפּ, דער עיקר, אויף סאָציאַלע עלעמענטן. דער

לימוד איז ביי איר געווען קודם כל א מיטל אויפצואוועקן ביי די קינדער דעם סאציאלן באוואוסטזיין און די קאמפסגרייטקייט פאר א בעסערן לעבן אין פוילן.

קורץ נאכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די באלשעוויקעס האבן נאך 6 וואכן זיין אין ווילנע איבערגעגעבן די שטאט צו די ליטווינער, האט רייזל לערמאן צוזאמען מיט א גרופע יידישע לערער פארלאזן די שטאט, און זי איז געפארן אין די סאוועטישע געביטן. עס איז באוואוסט, אז זי האט געארבעט אין א שול אין וואלין, אבער וואו און ווי אזוי זי איז אומגעקומען, איז נישט באוואוסט. לויט אנדערע ידיעות, איז זי אומגעקומען אין ביאליסטאקער געטא.

צ ע ש א   ב ו ר ש ט י י ן

## לערער, אַדעלע

**לערער, אַדעלע** — שטאמט פון זאמאשטש, געענדיקט א פוילישן לערערסעמינאר, און געקומען צום יידישן שולוועזן צוליב אידעאישע טעמים. געווען אן אינטעליגענטע און פיאיקע פעדאגאגין, מיט זייער א סימפאטישער באציאונג צו דער שול און צו די קינדער. נעווען לערערין פון פויליש און פוילישער געשיכטע אין סוויסלאטש, דונילאוויטש און אנדערע.

## לעשטשינסקי, מלכה־הענדל

**לעשטשינסקי, מלכה־הענדל** — געבוירן אין ווארשע אין 1901. זי האט דא געענדיקט א מיטלשול און פרעבל־קורסן. זי האט געארבעט אין די יידיש־וועלטלעכע קינדער־היימען אין ווארשע און אין קאליש (קינדער־היים אויפן נאמען פון שורעק). זי איז אומגעקומען אין ווארשעווער געטא צוזאמען מיט איר מאן.

## מאגון, לאה

**מאגון, לאה** — א געבוירענע אין א משפחה פון דורות ווילנער, האט לאה מאגון איינגעזאפט אין זיך אלע שטריכן פון די ווילנער יידישע מאסן. איר מוטער איז געווען א וועשנייטארין, איינע פון די בעסטע אין שטאט. זי פלעגט נייען „אויסשטייערס" פאר כלה־מיידלעך און בכלל אלערליי מינים וועש פאר באלעבאטישע הייזער. לאה האט פון קינדווייז אן געהערט ארום זיך דעם עכטן קערנדיקן יידיש, און פאקטיש געקענט יידיש מיט אלע עכט ווילנער ניואנסן.



לאה מאגון האט געענדיקט די פריוואטע גימנאזיע פון ס. גורעוויטש און ס. אנטאקאלסקא, וועלכע האבן געשמט אין ווילנע מיט זייערע פעדאגאגישע טאלאנטן, — זיי האבן דערצויגן אויף א געהעריקן אופן הונדערטער און הונדערטער יידישע מיידלעך. אויב איך מאך ניט קיין טעות, האבן זיי אויך געהאט ביי דער גימנאזיע א פעדאגאגישן צוגאב־קלאס, וועלכן לאה מאגון האט דורכגעמאכט נאכן ענדיקן די 8־קלאסן גימנאזיע.

לאה איז געווארן פראקטיקאנטין אין דער פאפולערער פרויען־שול פון דער געזעלשאפט „קינדער־פארזארגונג", וואס האט צווישן איר פערסאנאל געהאט לערערינס און לערער נאר מיט העכערע בילדונג. צווישן די לערערינס זיינען געווען אזעלכע ווי העלענא כאצקעלעס, העלענא קאמענעצקי, אלישעבע פינעס (נח פינעסעס פרוי און שפר"ס טאכטער), אננא אבראמאוויטש־שרייבער א"א.

די שול פון „קינדער־פארזארגונג", וועמעס פארוואלטער ביז 1915 איז געווען

דער באגאבטער פעדאגאג אקים סעמיאנאוויטש ריוועסמאן — האט זיך געגרייט צו ווערן א סעמינאר פאר פאלקס־לערערינס. די יונגע לאה מאגון האט געהאט די מעגלעכקייט צו באאבאכטן און נאכפאלגן די גוטע מוסטערן פון די קוואליפיצירטע פעדאגאגינס.

די שול האט זיך שפעטער פארוואנדלט אין דער ש. פרוג־שול, און איר פארוואלטערין איז געווארן אננא אבראמאוויטש. זי האט אפגעשאצט לאהס פעאיקייטן, איר לעבעדיקן כאראקטער און איר גלענצנדיקע קענטשאפט פון יידישן קינד, פון זיין שפראך און מענטאליטעט, — האט זי דעריבער אנגעטרויט לאהן דעם סאמע פאראנטווארטלעכסטן ע ר ש ט ן קלאס (6־7־יאריקע קינדער). לאהס מעטאד אין לערנען און דערציען איז געווען דער איינפאכסטער און דערפאלגרייכסטער. זי איז געווען ווי אן עלטערע חברטע פון די קינדער, געווען איינע פון זיי, אבער פאר זיי און מיט זיי. די קינדער האבן איר ליב געהאט. אגב, איז זי אויסערלעך געווען צוציענד — א שיינער יידישער פנים, מיט ברוינע לעבעדיקע אויגן, אנגעטאן מיט געשמאק. לאה איז אויך צוגעצויגן געווארן צו דער אדמיניסטראטיווער ארבעט אין שול, און זי האט ארויסגעוויזן א חוש פאר די פראקטישע פראבלעמען. דיביידע פעדאגאגינס זיינען געווארן די בעסטע און אינטימסטע פריינד, ביזן סוף פון זייער טראגישן אומקום.

לאה איז געווען זייער א פריינדלעכע, גרייט אלעמאל צו העלפן א קאלעגע און גוטן פריינד. דערפאר איז זי געווען ביי אלעמען שטארק באליבט. לאה האט געארבעט די גאנצע צייט אין דער פרוג־שול, ביז די לעצטע האט זיך אין די שפעטערע 1930־קער יארן צוזאמענגעגאסן מיט דער קופערשטיין־שול; אויך דא איז לאה געווען א קלאסן־לערערין. זי האט זיך אינגאנצן אויסגעלעבט אין שול, אין דער שטענדיקער אטמאספער פון קינדערשער פרייד און פלאפלעריי.

לאה מאגון איז אומגעקומען צוזאמען מיט איר שוועסטער עמא בענגים און איר משפחה — אין לידע, מאי 1942.

ה. אבראמאוויטש

## מאדייסקי, י. (מאדייסקער) — געווען

א לערער אין דוקשט, קאלטוניאן, שפעטער פארוואלטער פון דער שול אין ברעסלאוו. פארמאגט מיטעלע בילדונג. איינער פון די לערער, וועלכע האבן געטראגן קולטור און בילדונג אין דער יידישער באפעלקערונג פון קליינעם שטעטל.

## מאוושאוויטש, מיכלע — געבארן

אין ווילנע אין 1911.

איר פאטער האט געהאט אן אלטמאדישן חדר. פיר קינדער זיינען זיי געווען אין הויז. מיכלע איז די עלטסטע. פון קינדוויז אויף פילט זי אויף זיך דעם יאך פון מפרנס זיין דאס הויזגעזינט. זי לערנט זיך אין דער יידישער פאלקשול אין ווילנע אויפן נאמען פון ש. פרוג. גלייכצייטיק גיט זי פריוואטע לעקציעס קינדער פון די יינגערע קלאסן. דאס פארדינטע געלט גיט זי אפ אירע עלטערן.

זי איז א פעאיקע שילערין, איז ספעציעל פעאיק צו מאטעמאטיק. נאכן ענדיקן פאלקסשול גייט זי אריבער אין דער ווילנער רעאל־גימנאזיע. אויך דא איז זי איז איינע פון די בעסערע שילערינס. זי פארנעמט זיך אויך מיט געזעלשאפטלעכער ארבעט אין די ראמען פון שול. זי געהערט צום שילער־ראט. לערנט מיט

שוואכערע שילער הן פון איר קלאס הן מיט שילער פון אנדערע קלאסן.

מיכלע באשליסט צו ווערן א לערערין. נאכן ענדיקן רעאל־גימנאזיע טרעט זי צו צו די עקזאמענס אין יידישן לערער־סעמינאר, זי ווערט אנגענומען אן שוועריקייטן. אויך דא איז זי א גוטע שילערין, פארמאגט א טיפע אינטעליגענץ. די לערער זאגן איר פאראויס א גוטע קאריערע אויפן געביט פון פעדאגאגישער ארבעט. צוויי יאר לערנט זי אין יידישן לערער־סעמינאר. זי געניסט זייער א סך. זי איז שוין כמעט א רייפער פעדאגאג. דאס שליסן זיך פון סעמינאר צעשטערט אירע האפענונגען, אבער נאר אויף א וויל. זי טרעט אריין אין האלב־פריוואטן העברעאיש־פוילישן סעמינאר אויפן נאמען פון ד"ר טשארנא. דארטן זעצט זי פאר איר פעדאגאגישע אויסבילדונג אין פויליש און העברעאיש. צוויי יאר אומדערמידלעכע ארבעט גיבן איר דאס מלוכה־רעכט צו זיין לערער. זי שטעלט זיך ניט אפ פאר קיינע שוועריקייטן. זי לערנט שפילן פידל. לערנט סאלפעדזיא. געטאן האט זי דאס אלץ מיט דערפאלג.

ווען זי באקומט דעם לערער־דיפלאם ליינט מען איר פאר ארבעט אין פארשיידענע שולן. אבער מיכלע נעמט איבער דעם טאטנס חדר. אונטער איר נאמען קריגט דער חדר רעכט. מיכלע פארוואנדלט עס אין א מאדערנער שול. די שול ציט זיך איבער אין א מער פאסיקן לאקאל. זי פוצט אויס די צימערן אויף א שולארטיקן אופן. בילדער אויף די ווענט, פארהענגלעך אויף די פענסטער. זי שטעלט אוועק גאנץ אנדערש דעם סיסטעם פון לערנען און דערציאונג. די לימודים פירט זי איין אין יידיש. זי ריכט זיך לויטן פראגראם פון די יידישע שולן אין ווילנע. דער טאטע פירט דעם העברעאיש־לימוד ווי פריער. אויף די לעקציעס טראגן די קינדער יארמלקעס, אבער נאר אויף דעם טאטנס לימודים. אין די איבעריקע הינזיכטן, באמיט זיך מיכלע, אז די שול זאל טראגן א וועלטלעכן כאראקטער. זי שאפט אויך פאר די קינדער א קליין ביבליאטעקל, וואו זיי קענען קריגן ביכער פון דער יידישער און אלגעמיינער ליטעראטור.

די דייטשן האבן מיכלען מיט דער פאמיליע אריינגעווארפן אין געטא צוגלייך מיט אלע יידן. זיי האבן געוואוינט אויף סטראשונער 7, ניין מענטשן אין א קליינעם צימער.

עס הויבט זיך אן דער פינסטערער קאשמאר. שווערע פיזישע ארבעט. גראבן און שיטן זימד אויפן אעראדראם אין פארובאנעק. לויפן צו קריסטלעכע פאמיליעס נאך א שטיקל ברויט צי אין דער פארם פון נדבות, צי אין דער פארם פון אויסבייטן בגדים. דערנידעריקונגען, פייניקונגען . . .

אויפן צווייטן יאר פון זיין אין געטא איז פארגעקומען די אזוי־גערופענע צווייטע „טשיסטקע" (שחיטה) פון די געלע שיינען. מיכלע האט קיין געלן שיין ניט באקומען. די ליטווישע פאליציי האט איר געכאפט און אריינגעווארפן אין הויף אויף רודניצקער, וואו מען האט געזאמלט קרבנות צו פירן אויף פאנאר. איך האב זיך געפונען מיט איר צוזאמען. דאס איזדעקעווען זיך פון די ליטווינער איבער די קרבנות האט אין מיר פארטושט אלע געפילן. ספעציעל גרויזאם זיינען זיי געווען צו עלטערע פרויען. אן עלטערע פרוי פלעגן זיי ארײנשטויסן מיט די פיס, אדער ארײנשלעפן פאר די האר. די פרוי פלעגט הילפלאז פאלן; דאן פלעגן זיי אנהויבן קאפען מיט די פיס און שלאגן מיט די קאלבעס פון די ביקסן.

אַז עס פֿלעגט אָנהויבן רינען בלוט פֿון אַ צעשפּאָלטענעם שאַרבן אָדער פֿון אַן אַנדער טייל פֿון קערפּער, פֿלעגן זיי זיך נעמען צו אַן אַנדער קרבן.

איך האָב געהאַט איין באַגער, זאָל זיך שוין אַלצדינג גיכער ענדיקן, זאָל מען אונז שוין גיכער פֿירן אויף פּאָנאַר...

מיכלע האָט שטאַרק געוואָלט לעבן. זי האָט אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן ווי אַזוי זיך אַרויסראַטעווען פֿון דאַנען; עס איז אָבער געווען אַן אוממעגלעכקייט. דער הויף איז געווען אַרומגעשטעלט מיט ליטווינער. צווישן זיי גייען אַרום געשטאַפּאַ־לייט און היטן צי די שמירה איז פּולקאָם. מיכלע גיט ניט אויף די האָפֿענונג. זי בעט זיך ביי איינעם פֿון די ליטווינער. ער שטויסט איר אָפּ מיט אַ קלאַפּ פֿון קאָלבע פֿון ביקס. זי דערנענטערט זיך צו אַ צווייטן פֿון די רוצחים, זי בעט זיך פֿירן פֿאַר אַ באַדערפֿעניש אין אָפּטריט. ער פֿירט איר צו, וואַרט אויף איר אַ ווייל. ער פֿאַרלירט די געדולד, לאָזט פֿאַלן אַ קללה און גייט צו זיין פּלאַץ. איר מאַמע און שוועסטער, וועלכע האָבן זיך געפֿונען מיט איר צוזאַמען, טוען דאָס זעלבע. אויפֿן הויף פֿון זאַמלפּונקט אין אַ ווינקל שטייט דער אָפּטריט. די פּאַדלאָגע איז אַ צעמענטענע. אין מיטן געפֿינט זיך אַן עפֿענונג מיט אַ דעק צו־געדעקט. אַהין קערט מען אַריין דאָס מענטשלעכע אָפּפֿאַל, וואָס קלייבט זיך אָן אויפֿן דיל. מיכלע מיט דער מוטער און שוועסטער האָבן אָפּגעעפֿנט דעם דעק און אַהין זיך אַריינבאַקומען. דריי מעת־לעת זיינען זיי דאָרטן אָפּגעלעגן. מענטשן האָבן געטאָן זייערע באַדער־פֿענישן איבער זיי... דאָרט האָבן זיי איבערגעוואַרט די צייט פֿון דער שחיטה.

מיכלע האָט איבערגעלעבט די שחיטה, האָט ניט איבערגעלעבט אָבער דעם חורבן. זי דערציט ביז דער ליקווידאַציע פֿון געטאָ. דעם 12־טן סעפּטעמבער ווערט זי מיט נאָך טויזנטער יידן פֿון ווילנע אַרויסגעפֿירט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, פֿונוואַנען קיין צוריקקער איז שוין ניטאָ.

ב ר ײ נ ע   אָ ס ־ ג אָ ל ד מ אַ ן

**מאַטעצקי, אַלעקסאַנדער** — ער האָט זיך באַוויזן אין וואַרשע אין אָנהויב פֿון די צוואַנציקער יאָרן. גימנאַזיע האָט ער פֿאַרענדיקט אין לובלין. דאָרט, אין לובלין, איז ער געוואָרן אַ בונדיסט. ווען ער איז געקומען קיין וואַרשע, האָט ער זיך פֿאַרבונדן מיט דער בונדיסטישער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע. בערך פֿיר יאָר צייט איז ער געווען לערער אין די וואַר־שעווער אָוונט־שולן פֿאַר יוגנטלעכע אַר־בעטער, וואָס די „צוקונפֿט” האָט אָרגאַ־ניזירט און אָנגעפֿירט.

מאַטעצקי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ערנסטקייט און גרינטלעכקייט. אין די אָוונט־שולן האָט ער געלערנט גע־שיכטע און נאַטור־וויסנשאַפֿט. אין אַ פּשוטן, פֿאָלקסטימלעכן לובלינער יידיש האָט ער אַנטפּלעקט פֿאַר די יונגע אַרבע־טער און אַרבעטערינס נייע וועלטן: די סודות פֿון דער נאַטור, בילדער פֿון פֿאַר־גאַנגענע צייטן. דער דענקענדיקער טייל פֿון זיינע תּלמידים האָט ליב געהאַט זיינע לעקציעס.

מאַטעצקי האָט געשטאַמט פֿון אַ פֿאַר־אָרעמטער באַלעבאַטישער פֿאַמיליע פֿון לובלין, (געב. אַרום 1900).

קיין וואַרשע איז ער געקומען אַן אָרע־מער, אַ פֿאַרהונגערטער, אָבער געהאַלטן האָט ער זיך מיט ווירדע. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט דערשלאָגן צו אַן איינענעם ווינטער־מאַנטל. צו די לעקציעס אין דער הויכשול („ווּשעכניצע”), וואו ער האָט שטודירט, און צו דער אַרבעט

אין דער אוונט־שול אויף מילע 51, איז ער געקומען אין א לאנגער אויסגעקראבענער „שובע", וואס האט געשטאמט — ווי קיבעצערס צווישן די סטודענטן האבן זיך געוויצלט — פון מלך סאביעסקיס צייטן. די דאזיקע „שובע" האט זיך אים נאכגעשלעפט אזש אויף דער סאמע ערד — מען האט געזען, אז זי איז נישט געמאכט אויף זיין מאס. אבער עס האט מאטעצקין נישט געארט, וואס דער אדער יענער ליץ צווישן זיינע תלמידים האט פון אים אפגעחוזקט. ער האט עס גענומען גוטמוטיק. ער האט זיינע תלמידים ליב געהאט. אן ערנסטער, אביסל א סומנער, האט ער אין די ווענט פון דער אוונט־שול געשפרודלט מיט הומאר. זיין ליבלינג אין קלאס איז געווען אן ארעם, פארשלאפן בעקער־יינגל, וואס האט געהאט דאס פנים פון א מידן פרינץ. ער האט געהאט א נטיה צו אידעאליזירן די ארעמקייט. אויף זיין לערעריי צווישן די יונגטלעכע ארבעטער און ארבעטערינס האט ער געקוקט ווי אויף א מיסיע.

אין ווארשע האט געלעבט זיינער א ברודער, וועלכער איז כמעט אינגאנצן אוועק פון יידנטום. דאכט זיך, אז דער דאזיקער ברודער איז געווען א פראקוראר. מיט ביטערקייט פלעגט ער רעדן וועגן דעם דאזיקן ברודער, וועלכער פלעגט אים אניטירן איבערצורייסן מיט דער סאציאליסטישער און „זשארגאנאווער" סביבה. דער ברודער האט געלעבט אין גוטע באדינגונגען און ער האט כסדר געלאקט אלעקסאנדערן נאכצוטאן זיין ביישפיל. אלעקסאנדער מאטעצקי האט דעם דאזיקן ברודער אי ליב געהאט, אי פאראכטעט. געפאלגט האט ער אים נישט. ער איז געבליבן א געטרייער סאציאליסט, א דיסציפלינירטער חבר.

אין די היטלער־יארן איז ער אומגעקומען.

**פ. שווארץ**

## מאָלטשאַדסקי, ז. — געווען א צען יאר לערער פון מאטעמאטיק אין דער מפיצי־השכלה־שול.

צוזאמען מיט ד. ליפקינד איבערגעזעצט פון פויליש אויף יידיש דעם רעכנבוך פאר פאלקשולן פון טאדעאוש סיעזשפוטאווסקי — אריפמעטיק, 1־2 טיילן, פארלאג „שול ביכער" פון בר. ג. סירקין און הירש מאץ, ווילנע 1925.

געווען איז ז. מאלטשאדסקי א שטילער מענטש, ניט גענומען קיין אקטיוון אנטייל אין דער געזעלשאפטלעכער באוועגונג ארום דער יידישער שול. אין די ווייטערדיקע יארן געארבעט אין יידיש־פוילישע גימנאזיעס.

אומגעקומען אויף פאנאר, אין 1941.

## מאַן, יצחק — איז געבוירן געווארן אין יאר 1906 אין ווארשע. שוין זיין פאטער הערש־פסח איז געשטאנען נאענט צום „בונד", געווען טעטיק אין דער יידישער פראפעסיאנעלער באוועגונג אין ווארשע אין 1905.



יצחק האט געענדיקט אין ווארשע די יידישע פאלקס־שול „חינוך ילדים", וועלכע האט זיך דערנאך פארוואנדלט אין א יידיש־וועלטלעכער שול, אונטער דער אנפירונג פון ש. גילינסקי. נאך דעם ווי זיינע עלטערן זיינען אריבערגעפארן אין סאכאטשין, א קליין שטעטעלע לעבן פלאנסק, האט ער דארט אנגעהויבן צו ארגאניזירן א זעלבסט־בילדונגס־קרייז און א יידישע ביבליאטעק. זיין טעטיקייט האט זיך אויך אויסגעברייטערט אויף די ארומיקע יידישע שטעטלעך. און ווען

אין ווילנע איז געשאפן געווארן דער יידישער לערער־סעמינאר, האט דאס קליינע שטעטעלע סאכאטשין, וואס האט געציילט בסך־הכל א 50 יידישע משפחות, צוגעשטעלט דריי שילער פארן לערער־סעמינאר און פארן ייד. טעכניקום אין ווילנע. אין יאר 1928 האט יצחק מאן געענדיקט דעם יידישן לערער־סעמינאר און אנגעהויבן צו ארבעטן אלס לערער אין די יידישע וועלטלעכע שולן אין פרוזשאנע, וויסאקע, בריסק, קוטנע. אין וויסאקע איז ער אויסגעשטאנען אומגעהויערע רדיפות מצד דער פוילישער מאכט, און צום סוף איז ביי אים אינגאנצן אפגענומען געווארן דאס רעכט צו זיין לערער. ער איז דעמאלט, אין 1938, געווארן לערער־דערציער אין דער מעדעם־סאנאטאריע אין מיעדזעשין.

אין דער מעדעם־סאנאטאריע האט זיך פארן חבר מאן געעפנט א ברייט פעלד פון דערציערישער ארבעט. ער האט זיך אין איר אריינגעצויגן מיט ליב און לעבן. באזונדערן אינטערעס און איניציאטיוו האט ער אנטוויקלט אויפן געביט פון נאטורוויסנשאפטלעכער דערציאונג פון די סאנאטאריע־קינדער. ער איז גאר גיך געווארן איינער פון די הויפט־קרעפטן אין דער סאנאטאריע. ביי די קינדער און לערער האט ער זיך דערווארבן אסך ליבע.

זומער 1939 איז ער אריבער קיין ווילנע און איבערגענומען די ארבעט אין פעדאגאגישן מוזיי פון ייווא. ער איז געווען שטארק באגייסטערט פאר דער דאזיקער ארבעט און געבויט פארשיידענע פלענער. אבער באלד איז אויסגעבראכן די מלחמה און אלץ איז חרוב געווארן.

יצחק מאן איז געווען א געוויסנהאפטער יידישער לערער. ער האט זיך אריינגעווארפן מיט זיין גאנצן ברען אין די פשוטסטע טעגלעכע ענינים פון דער יידישער שול. אים האט אינטערעסירט דאס פראבלעם פון די פארענדיקטע שילער, געזוכט א וועג, אז זיי זאלן ניט אפגעפרעמדט ווערן פון דער יידישער וועלטלעכער קולטור. יצחק מאן האט וועגן דער פראגע פארעפנטלעכט א ריי ארבעטן אין דער שול־פרעסע פון פוילן און אויך אין דער „פאלקסצייטונג". מיט גרויס ליבע האט ער געלערנט דעם לימוד־נאטורוויסנשאפט, געפלעגט אין אונזערע קינדער די ליבע צום פעלד און וואלד, צום גרעזל און אינסעקט. ער האט פיל ביי־געשטייערט צו פארייִדישן די שפראכלעכע באצייכענונגען פון דעם לימוד.

א לערער מיט א גרויסן פעדאגאגישן חוש און א סך איניציאטיוו, א רירעוודיקער און ענערגישער, א גוטמוטיקער און לעבנסלוסטיקער — איז ער געווען פשוט אן אוצר אין דער שול־ארבעט און אין דער קולטור־באוועגונג. יצחק מאן איז אומגעקומען אין די ערשטע חדשים נאכן אריינמארש פון די דייטשן קיין ווילנע בשעת די כאפונעס. אין די שפעטערדיקע אקציעס איז אויך אומגעקומען זיין פרוי חנה פישטשאצער און זייער 9־יאריק טעכטערל אסתרקע.

**מאנדעלברויט, זונדל** — א קינד פון ווארשע און ביאליסטאק, האט ער איינגעזאפט אין זיך אלע איינגשאפטן פון דער יידישער פאלקסמאסע אין די דאזיקע וואונדערבארע יידישע שטעט. זונדל איז געווען רירעוודיק, דערפינדעריש, ענטוזיאסטיש, פול מיט אפטימיזם און באגייסטערקייט. ער איז געווען א פעאיקער מאטעמאטיקער און פיזיקער, א סטאטיסטיקער און סטענאגראף. ער האט געהאט גאלדענע הענט, א סך איניציאטיוו און גוטע פראיעקטן. און דאס אלץ האט ער אריינגעבראכט אין דער יידיש־וועלט־

לעבער שול, וועלכע איז געווען זיין גאַט און אָפּגאָט, זיין ציל אין לעבן, זיין גלויבן און האָפענונג.

זונדל איז געווען פון די באַליבטסטע לערער. צום באַדויערן, ניט געקוקט אויף אַלע באַמיונגען, האָט זיך ניט איינגעגעבן צו געפינען זיין בילד.

אַרום 1931 האָט ער פאַרענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר, און נאָך אַ פּאָר יאָר לערעריי אין דער פּראָווינץ, באַקומט ער אַרבעט אין די וואַרשעווער ציישאַ־שולן. ער האָט דאָ געלערנט נאַטורוויסנשאַפט, יידישע געשיכטע. ער האָט אָנגעפירט מיט קינדער־קלובן געפירט אויספלוגן, געאַרבעט אויף זומער־קאָלאָניעס און אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. אָבער ער איז געווען אַ לערער מיט גרויס אַמביציעס. אַ ברייט פעלד צו פאַרווירקלעכן זיינע שטרעבונגען און אָנצואווענדן זיינע פעאיקייטן האָט ער געפונען אין די גרויסע אויסשטעלונגען פון דער ציישאָ. און גאָר־אַ סך האָט ער אויפגעטאָן און דערגרייכט אויף דער אויסשטעלונג „יידן אין פוילן" וועלכע די פוילישע רעגירונג האָט פאַרבאָטן. וואָכן לאַנג האָט זונדל געאַרבעט אין די גרויסע לאָקאַלן פון דער אויסשטעלונג. אומגעהויערע ענערגיע, אָריגינעלע איינפאַלן, האַנטפערטיקייט האָט ער אַנטוויקלט אין די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון דער קאָלאָסאַלער אויסשטעלונג. פריער די פוילישע רעגירונג, שפּעטער די היטלער־מלחמה — האָבן פאַרניכטעט דעם דאָזיקן אוצר פון קינדערישער שעפערישקייט און פון זונדלס אויפטוען.

זונדלס טרוים איז געווען — אַ שטענדיקער פּעדאַגאָגישער מוזעאום פון דער ציישאָ, אַ שטענדיקע לאַבאָראַטאָריע און אַ שול־וואַרשטאַט פאַר די קינדער — מיט די קינדער — מיט די לערער. די אַרעמקייט פון דער ציישאָ האָבן ניט געגעבן קיין מעגלעכקייט דערצו. אָבער זונדל, דער טרוימער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול, האָט זיינע פּלענער קיינמאָל ניט אויפגעגעבן...

אויך אין דער דירעקטער שול־פּראַקטיק איז זונדל געווען אַ פעאיקער לערער. קינדער האָבן געקלעפּט צו אים. ער האָט אַליין אויסגעזען ווי אַ קינד. אַ גוטער, ליבער פון דער נאַטור, אַ שטילער, באַשיידענער. דערצו אַ געטרייער בונדיסט. געלערנט אין די בונדישע שולן — קאַרמעליצקע 29 און קראָכמאַלנע 36; דאָ געפירט האַנט־אַרבעט און אָוועקגעשטעלט אַ מוסטערהאַפטן אַרבעטס־וואַרשטאַט פאַר די קינדער. געלעבט אין אָרעמקייט, אָבער קיינמאָל זיך ניט געקלאָגט.

ווען די היטלער־מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז ז. מאַנדעלברויט מיט זיין פאַמיליע אַריבער קיין ביאַליסטאָק, צו זיינע עלטערן. בעת דער הערשאַפט פון דער סאָוועטישער מאַכט האָט ער זיך באַמיט צו אַהבעטן אין אַ שול. אָבער נאָך אַ קורצער צייט פאָרט ער אַריבער קיין לידע און ער מאַכט פון דאָנען עטלעכע פּרואוון אַריבערצוגיין די גרענעץ און קומען קיין ווילנע, כדי צו זיין צוזאַמען מיט די חברים פון „בונד" און ציישאָ. אָבער דאָס גיט זיך אים ניט איין. די רוסן פאַרשלעפּן אים אין יולי 1940.

*
**

זונדלס עלטערער ברודער, ל. מאַנדעלברויט, אַ וואַרשעווער זשורנאַליסט, איצט אין ישראל, דערציילט אויף אַ רירנדן אופן וועגן דעם לעבן און דעם לעצטן וועג פון זיין יינגערן ברודער:

„מיין ברודער איז געבוירן געוואָרן „מיט גאָלדענע הענט", אָדער ווי מיר

פלעגן עס זאגן „מיט שרויפנציערס אין די פינגער". צו זיינע זיבן־אכט יאר פלעגט ער פארריכטן די עלעקטרע אין שטוב, און אלס צען־יאריק קינד איז ער געווען „דער עלעקטראמאנטער" פארן הויף שכנים. שוין דעמאלט פלעגט די מאמע זיך „נישט קענען ארומטאן" פון די שופלאדן, קעסטלעך און זעקלעך מיט שרייפלעך, דראט, שטיקלעך אייזן, פרא־ביר־גלעזלעך, בלעכלעך און כלערליי שמעלץ און סתם אפפאל, וואס זונדל פלעגט פון אומעטום צוזאמענברענגען אהיים: אלץ וועט אים צונוץ־קומען, און פאר יעדן ברעקל וועט ער געפינען א פארווענדונג. און תמיד האט ער פולע הענט מיט ארבעט.

אין זיינע שול־יארן האט זונדל נישט ארויסגעוויזן קיין פעאיקייטן פאר פרעמ־דע שפראכן. דאקעגן האט זונדל נישט געקענט קיין גרעסערע ליידנשאפט ווי מאַ־טעמאטיק און טעכניק (אין א קלענערער מאס נאטורוויסנשאפט בכלל).

שוין א בחורל פון א יאר פערצן האט ער א האלבן שול־אורלויב פארטאכלע־וועט אויף קאנסטרואירן א גענוג קאמפלי־צירטע „אלארם־נעץ" ביי א האלבן הויף שכנים. געווען אין הויף א מעשה מיט א גנבה, ווען קיינער איז נישט געווען אין שטוב; האט זונדל זיך פארזעצט, אז קודם־כל זאל אזוינס נישט געשען ביי אונז אין דירה; נאכדעם ווי ער האט פארייניקט די אויסגאנגס־טיר און פענס־טער מיט א באהאלטענער אינסטאלאציע און אלארם־גלעקלעך צו דער דירה פון נאענטסטן שכן, און פארקערט, פון יענעם שכן צו אונז, — האבן זיך אנדערע מתקנא געווען אין דער זאך — און אזוי ארום איז אוועק א גאנג אין פינף־זעקס דירות.

אין שפעטערע יארן איז דער עניין, נאטירלעך, געווארן פיל ערנסטער. נאכ־דעם ווי ער האט געמאכט א קורס פון ראדיא־קאמוניקאציע אין דער וואוועל־בערג־ראטוואנד־טעכנישער הויכשול (1931 אדער 1932), האט אים זיין פרא־פעסאר, א פולקאוויק, געוואלט לאזן אלס אסיסטענט, און צוערשט אפילו געלאזן פירן א סעמינאר עטלעכע וואכן. פון פאר־שלאג איז גארנישט געווארן. נישט בלויז צוליב זיין „שלעכטן" פאר־ און פאמיליע־נאמען; טיילווייז לפחות אויך צוליב זיין שטארק־יידישן פויליש־אקצענט. דאס זעלבע כמעט האט זיך * איבערגעחזרט, ווען ער האט, קורץ נאך יענעם קורס, אנ־געהויבן ארבעטן ביי פיליפסן אין ווא־רשע. ממש אין פיר־פינף וואכן צייט האט ער דורכגעמאכט דעם וועג פון א טשוועק־לעך־קלאפער אין ראדיא־קעסטלעך ביז דער לייטונג פון א פאבריקס־אפטיילונג; פאר די עטלעכע וואכן האט ער געמאכט א פאר אויפטועז, וואס האבן אים באלד פארשאפט א נאמען. אויפן פאסטן פון געהילף־לייטער פון דער אפטיילונג האט מען אים אבער געלאזן סך־הכל עטלעכע טעג; די ווארשעווער גענעראל־דירעקציע האט נישט באשטעטיקט די נאמינאציע.

פון יענע טעג טאקע, ווען ס'האט זיך געוואקלט זיין עניין ביי פיליפסן, דערמאן איך זיך א קליינעם עפיזאד, וואס האט זיך מיר שטארק איינגעקריצט אין זכרון. א פראבע־פארפינסטערונג אין ווארשע אין משך פון עטלעכע אוונט־שעהן — אויסגעלאשן אין דער גאנצער שטאט די עלעקטרישע באלייכטונג, פארשטומט די טעלעפאן־פארבינדונג, אפגעשטעלט די טראמוויי־באוועגונג. גראד יענעם טאג האט זונדל זיך אריבערגעצויגן אין זיין ערשטער אייגענער דירה (אויף פראציש־קאנער גאס — פריער האט אין דער דירה געוואוינט זונדלס שילער, מארעק עדעל־מאן מיט זיין מוטער). אין אוונט בעת דער פארטונקלונג בין איך גראד געווען

ביי אים. זאגט ער: „איצט זיינען מיר אפגעשניטן פון דער גאנצער וועלט — און איך וועל דיר באלד געבן א פארבינדונג". ממש אין געציילטע מינוטן האט ער צוזאמענגעבראכט די פאר דרעטלעך, א פיצל קריסטאל און נאך עטלעכע ברעקלעך, פארבונדן א דרעטל צו עפעס א רער, מיר האבן אנגעטאן די ראדיא־אויערן און — געהערט דעם ווארשעווער שטאט - פרעזידענט רעדן צו דער באפעלקערונג.

איך ווייס וועגן צוויי דערפינדונגען, וועלכע ער האט פארקויפט צום פאטענטירן דורך אנדערע; די געלט־זייט פון אזא זאך האט אים תמיד נישט אינטערעסירט — ער פלעגט אפילו זיך שעמען דערמיט. מיין ברודער איז געווען שטאלץ און באשיידן, רואיק און אומרואיק, קאלט און געזאטן — גלייכצייטיק.

וועגן זיין ארבעט אין די צישא־שולן ווייסן אנדערע זיכער פיל מער פון מיר. אבער וועגן זיין ברען פאר דער שול־ארבעט — וועגן דעם ווייס איך זייער פיל. וואס עס האט נאר געהאט א שייכות מיט דער שול־ארבעט, איז פאר אים געווען א קוואל פון באגייסטערונג און מסירת־נפש. פארן קיין מיעדזעשין אין דער מעדעם־סאנאטאריע עפעס מאכן אין נאטור־וויסנשאפטלעכן קאבינעט, אדער איינארדענען א נייעם עלעקטרישן איינפאל (למשל: אז אינעווייניקסטן ווינטווייזער — „מ'זאל זיצן אין שטוב, נישט ארויסקומען אויפן דאך, און פונדעסטוועגן וויסן, וואו דער ווינט בלאזט"), אדער דאסגלייכן — קיין גרעסערער פארגענינגן איז פאר אים נישט געווען. ווען די צישא האט אים געשיקט קיין פאריז איינארדענען דעם צישא־פאוויליאן אויף דער וועלט־אויסשטעלונג (1937), איז עס פאר אים געווען א הייליקע שליחות. יעדער גאנג מיט זיין קלאס פון דער שול אויף קראכמאלנע אין פיזישן קאבינעט אדער אין פלאנעטאריום פון שטאטישן פעדאגאגיקום — איז פאר אים געווען — ווי ער האט עס מיר אמאל געזאגט — דער גאנג פון א „צישא־אמבאסאדאר".

זונדל איז געבוירן געווארן אין ווארשע „די אכטע חנוכה־ליכטל" (סוף דעצעמבער) 1909. מער־ווייניקער צו דער צייט פון זונדלס געבורט איז דער טאטע געווארן א „מענטש פאר זיך" — א קליין סוחרל. די שטוב איז געווען ליטוויש־יידיש, און די אטמאספער א „ווילנער". אונזער משפחה, פון טאטנס זייט, האט געשטאמט פון ווילנע; דער זיידע איז געקומען קיין ווארשע מיט 72 יאר צוריק, און פופציק יאר כמעט איז דער זיידע, א למדן א ייד, געווען גבאי־ראשון פון דער קליינער ליטווישער שול אין ווארשע (נאלעווקי 28). אין 1916, אין קריג, זיינען אונזערע עלטערן מיט די קינדער געקומען קיין ביאליסטאק, אונזער מאמעס ע"ה געבוירן־שטאט. דער זיידע פון דער מאמעס צד איז געווען א סטאליער — א הדרת־פנימדיקער ייד פון אלטן בעל־מלאכה־טיפ, א ייד א בר־אוריין, ערנסט, געזעצט, זייער קלוג און גערעכט; א סימן, ווייט ארום איז ער געווען א בורר צווישן מענטשן.

פון חדר האט זונדל נישט זייער פיל געשמעקט — סדר־הכל, דוכט זיך, א יאר אדער צוויי ביי באיארסקין (א פאפולערער „חדר מתוקן" אין ביאליסטאק פון נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה). איך בין עס געווען דער „הויפט־שולדיקער", וואס זונדל איז באלד אוועק אין א יידיש־וועלטלעכער שול. אויב דער זכרון נארט מיך נישט, איז שואל גאלדמאן געווען זיין באליבסטער לערער און פריינד. ביז אומגעפער 1929 איז ער געבליבן אין ביאלי־

סטאק, זייט דעמאלט — אין ווארשע, מיט אן איבעררייס פון צוויי יאר ווילנער לערער־סעמינאר פון ציששא. דארט, דוכט זיך, איז ער געווען באזונדערס צוגעבונדן צו משה קולבאק.

דאס לעצטע מאל האב איך מיין ברודער געזען דעם 3־טן סעפטעמבער 1939. אויף ביעלאנסקע גאס, נעבן דער באנק. געשמועסט סך־הכל א צען מינוטן; גראד איז פאחביי עפעס א דעמאנסטראציע אויף דראשקעס — א שעה־אנדערהאלבן נאך דער ענגלישער־קריגסדערקלערונג. מיר האבן זיך אפגערעדט צו טרעפן צוזאמענס, אבער מער האבן מיר זיך שוין נישט געזען. דעם 5־טן בין איך אוועק פון ווארשע, און פון זונדלען האב איך געהערט ערשט ארום נאוועמבער, זייענדיק אין ווילנע. ער איז אוועק פון ווארשע און געבליבן אין ביאליסטאק. געארבעט ווי א לערער אויף אוונט־קורסן פאר ארבעטער. די קאמוניסטן זיינען אים געגאנגען אויף די טריט. ארום דעצעמבער איז ער אנטלאפן קיין לידע; פריער געבראכט די פרוי און קינד פון ווארשע. אים איז ענג געווארן אין ביאליסטאק נאכדעם ווי אויף די אוונט־קורסן האבן אים קאמוניסטן, עטלעכע אוונטן נאכאנאנד, געשטעלט פראוואקאטארישע פראגן. צענדליקער פון זיינע חברים־בונדיסטן זיינען שוין דעמאלט געווען ארעסטירט און פארשיקט; אים האט זיכער דערווארט דאס זעלבע. אין ווילנע האב איך געמאכט באמיאונגען אריבערצובריינגען אים מיט דער פרוי און קינד קיין ווילנע; לײדער צו שפעט — אין יאנואר 1940 איז עס שוין פראקטיש געווען אוממעגלעך. גאנץ קורץ פאר מיין ארעסט אין קאוונע (14־טער יוני 1941) האב איך פון אים געהאט, פון א צווייטער האנט, א לעצטן גרוס; דעמאלט דארף ער נאך האבן געוואוינט, קאנספירירט, אין לידע.

צוריק אין פוילן, אין יוני 1946 — נאך פינף יאר רוסלאנד, דערפון קנאפע דריי יאר טורמעס און לאגערן, זיינען צו מיר וועגן זונדלען דערגאנגען צוויי ווערסיעס. איינע (געהערט אין יידישן צענטראל־קאמיטעט אין ווארשע, אבער נישט געהאט קיין מעגלעכקייט צו קאנטראלירן) דערציילט, אז צוזאמען מיט זיין פרוי און קינד איז ער אומגעקומען אין פאגראם אין סלאנים, צוויי־דריי טעג נאכן באזעצן די שטאט דורך די נאציס, ד. ה. סוף יוני. דאס וואלט באטייט, אז נאכן 22־טן יוני זאל ער האבן געפרואווט לויפן צו מזרח. אן אנדער קלאנג גיט איבער, אז „א מאנדעלברויט פון ווארשע" איז געשטארבן אויף טיפוס אין רוסלאנד; דאס וואלט געקענט זיין בלויז מיין ברודער, אבער די איינצלהייטן וואס מ'האט מיר איבערגעגעבן (אמת, פון א דריטער אדער פערטער האנט), שליסן פולשטענדיק אויס די דאזיקע מעגלעכקייט. פון ביידע ווערסיעס האב איך בלית־ברירה אנגענומען די ערשטע, און ווען איך קלער וועגן מיין ברודערס טויט, זע איך סלאנים אויף דער קארטע.

יוני 1941 האב איך אויף אומוועגן — דורך ביאליסטאק, וואו ס'האבן דעמאלט געלעבט אונזערע עלטערן און שוועסטערס — געהערט, אז זונדל לעבט אין בארנאוויטש, וואו ער און זיין פרוי זיינען לערערס אין א ווייסרוסישער שול (בפירוש).

איך וויים נאטירלעך נישט, ווי צוזאמענצושטעלן דעם דאזיקן זיכערן פאקט מיט דעם קלאנג, אז מיין ברודער מיט די פרוי און קינד זאלן האבן אומגעקומען אין סלאנים, די ערשטע טעג נאכן פאלן פון דער שטאט. צי האט ער נאך פארן

22־טן יוני געמוזט פארלאזן באראנאוויטש? האט מען אים דעקאנספירירט? אדער האט ער מיטן אויסברוך פון דער מלחמה געוואלט לויפן צו מזרח, אבער דער איינציקער פרייער וועג איז געווען צו דרום? אויב דער קלאנג וועגן ארט און צייט פון זיין אומקומען איז ריכטיק, וועל איך אויף די פראגן קיינמאל נישט קענען ענטפערן".

## מאסטאוולאנסקא, דבורה — געשטאמט פון בריסק־ליטעווסק. לעצטנס געוואוינט אין באראנאוויטש. א געבילדעטע פרוי מיט אן אוניווערסיטעט־דיפלאם (כעמיע, מאטעמאטיק). געווען א לערערין אין דער ציש"א־שול אויף מילע 61, ווארשע, — געלערנט דא נאטורוויסנשאפט און מאטעמאטיק. אין דער זעלבער צייט איז זי אויך געווען לערערין אין דעם לערער־סעמינאר פון ציש"א אין ווארשע.

ד. מאסטאוולאנסקא איז געווען א גוטמוטיקער פיינער מענטש, טאקטיש און אינעליגענט. זי האט ליב געהאט די שול־ארבעט און איז געווען שטארק באליבט ביי די קינדער און יוגנטלעכע, מיט וועמען ס'איז איר אויסגעקומען צו ארבעטן. די תלמידים פון סעמינאר האבן איר זייער געאכטעט און ביי איר פיל געלערנט.

די לעצטע יארן האט זי געהאט א לאבאראטאריע אין באראנאוויטש, און דא, ווייזט אויס, איז זי אומגעקומען.

## מאקאווער, ראיע — פרוי פון דאקטאר אדאלף מאקאווער און שוועגערין פון פרוי ד"ר שאדאווסקי. געבוירן ארום 1900, דוכט זיך אין ביאליסטאק. אבסאלווענטין פון גערמאניסטיק אין ווילנער אוניווערסיטעט. איז א צייט געווען לערערין פון דייטש אין דער סאפיע גורעוויטש־גימנאזיע אין ווילנע. בעת דער היטלער מלחמה אנטלאפן פון ווילנע קיין ביאליסטאק. דעם 16־טן אויגוסט 1943 איז זי ארויסגעפירט געווארן פון ביאליסטאקער געטא קיין טרעבלינקע.

## מארדכעלעס, אידא און רעיה — 
ביידע שוועסטער געבארן אין סעמיאטיטש, א קליין שטעטל אין גראדנער גובערניע. דער פאטער, אין זיין צייט א באקאנטער פעדאגאג, האט די קינדער דערצויגן אין ליבע צו דער רוסישער קולטור, שפראך און ליטעראטור (שיטה עברית או רוסית). טראצדעם האבן ביידע שוועסטער שוין אין דער פריער יוגנט זייערער, אונטער דער ווירקונג פון די יידישע רעוואלוציאנערע ארגאניזאציעס, (אנגעהערט צו פועלי־ציון) ליב געקראגן יידיש, זיך פאראינטערעסירט מיט דער יידישער ליטעראטור און געשאפן א יוגנטקרייז אינעם שטעטל. מען פלעגט זיך צוזאמענקומען און דיסקוטירן איבער יידישע ליטערארישע טעמעס. שפעטער האט זיך דער קרייז פארוואנדלט אין אן אפטיילונג פון דער פעטערבורגער יידישער ליטעראטור־געזעלשאפט.

נאכן טויט פון פאטער (1911) האט זיך די גאנצע פאמיליע איבערגעטראגן קיין ווארשע און דארט האבן די שוועסטער ווייטער געפירט זייער פעדאגאגישע טעטיקייט, צוערשט אלס פריוואט־לערערינס פון יידיש און העברעאיש. שפעטער מיט א קורצער צייט איז די יינגערע שוועסטער רעיה אנגאזשירט געווארן אלס לערערין פון העברעאיש אין דעם פריוואט־גימנאזיום פאר יידישע מיידלעך פון פרוי זאקס.

נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאך פוילנס באפרייאונג איז זי געווארן מיטגרינדערין (אויף קאאפעראטיווע

יסודות) פון א פריוואטער פאלקס־שול, וואו זי איז געווען לערערין פון העברעאיש ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־שחיטה.

אידא איז אין אנפאנג פון ערשטן וועלט־קריג ארויסגעפארן קיין קיעוו.

אין 1920 קערט זי זיך אום קיין ווארשע און ווערט לערערין פון יידיש און העברעאיש אין די ציש״א־פאלקשולן אויף טווארדע 7 און דזיקע 6. מיט א צייט שפעטער איז זי אנגאזשירט געווארן אלס לערערין פון העברעאיש אין דעם פריוואט־גימנאזיום פאר יינגלעך „לאור". שפעטער איז זי אריבער אלס לערערין פון דעם זעלבן קעגנשטאנד אין גימנאזיום „השכלה", ווי זי איז טעטיק געווען ביזן אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939.

אין יאר 1926, ווען שלום אש מיט זיין פאמיליע האט געוואוינט אין ווארשע, איז אידא איינגעלאדן געווארן אלס לערערין פון יידיש פאר זיין טאכטער רות. אויך טרונקס טאכטער האט זיך ביי אידאן געלערנט יידיש.

אין געטא, אין ווארשע, האבן ביידע שוועסטער, אידא און רעיה מארדכעלעס ארגאניזירט געמישטע קינדער־קאמפלעטן. אויסער אלגעמיינע לימודים, האט מען מיט די קינדער געלערנט אויך יידיש, העברעאיש און יידישע געשיכטע.

אין יאר 1943, אין דער גרויזאמער צייט פון דער שטופנווייזער ליקווידאציע פונעם געטא, האט א ליקווידאציע־בריגאדע אנטדעקט א בונקער אויף וואלינסקע גאס, וואו ביידע שוועסטער זיינען געווען אויסבאהאלטן, און צוזאמען מיט אלע אינעם בונקער אנטדעקטע, אייניקע צענדליק נפשות, מענער, פרויען און קינדער זיינען זיי אוועקגעשלעפט געווארן אויפן אומשלאג־פלאץ און פון דארט אפ־געפירט אין איינעם פון די פארניכטונגס־פונקטן, וואו זיי האבן געטיילט דעם גורל פון די מיליאנען קדושים. אידא איז אלט געווען 52 יאר, רעיה — 49 יאר.

**מאַרקוס, בלומע** — שטאמט פון לאמזשע. געווען יארן לאנג א לערערין אין די ציש״א־שולן פון זשעטל, ביאליסטאק א״א.

**מאַרקעלעס, דוד** — געענדיקט דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט אין 1910. ער איז געווען לערער אין ווילנער אוונט־שול „הילף דורך ארבעט", אויך אין אנדערע שולן. ער איז אויך געווען מיט־אייגנטימער פון א פריוואטער פויליש־יידישער גימנאזיע.

**מאַשעוויצקי, ראָזע (רייזל)** — געבארן טיף אין רוסלאנד — אין ארכאנגעלסק. איר פריסטע דערציאונג אין דער רוסישער שפראך און אויף דער רוסישער קולטור. שפעטער ווערט זי מגולגל קיין ווילנע. דא פארענדיקט זי א יידיש־וועלטלעכע שול, באזוכט א פאר יאר די ייד. רעאל־גימנאזיע פונוואנען זי גייט אריבער אין יידישן לערער־סעמינאר. נאכן ענדיקן דעם סעמינאר ווידמעט זי זיך דער פעדאגאגישער ארבעט אין ציש״א־שולן אין פוילן. זי האט געארבעט אין וויסאקע־ליטעווסק, אין פאסטאוו, איגנאלינע און די לעצטע יארן — אין דונילאוויטש. איך האב זיך באגעגנט מיט איר אין דער יידישער שול אין דונילאוויטש. ראזע איז געווען פארוואלטערין פון שול.

לעבנדיק א לאנגע צייט אין פארשיידענע יידישע פראווינץ־שטעטלעך האט זי גוט געקענט די פסיכאלאגיע פון שטעטלשן יידן; זי האט זיך באמיט מיט

אלע כוחות צו הויבן דעם קולטורעלן ניוואָ פון די היגע איינוואוינער; און אין א סך פרטים האט זי זיך צוגעפאסט צום שטעטל. שווער געווען זיך פארשטעלן דאס שטעטלשע לעבן אן ראזען. די שול איז דער צענטער פון גייסטיקן לעבן. די טעטיקייט האט זיך ניט אפגעשטעלט בלויז אויף די שילער און עלטערן, ארום דער שול קאנצענטרירן זיך פארשיידענע ארגאניזאציעס: יוגנט־פארבאנד, דראמאטישער קרייז און כאר. די לערער און א טייל פון די פעאיקערע שול־טוער האבן געדארפט זיין די איניציאטארן, די אנפירער און די גייסטיקע טרעגער פון די ארגאניזאציעס. דערפאר האט די שול געדעקט א טייל פון איר בודזשעט מיט דער הכנסה וואס די אונטערנעמונגען פון די ארגאניזאציעס האבן אריינגעבראכט. און נאך אלעמען איז דער בודזשעט פון שול ניט געווען קיין סטאבילער. אבער א לערער, אז ער איז צוגעטראטן צו דער ארבעט, האט ווייניק געטראכט וועגן דער מאטעריעלער זייט. כמעט יעדער לערער איז געווען אן אידעאליסט; האט געפילט אז ער פירט דורך א וויכטיקע מיסיע אין דער געזעלשאפט; און דאס האט אים געגעבן כוחות און אויסדויער אין דער ארבעט.

ווען דער פארוואלטער פון דער פוילישער שול האט אונז אין א שמועס אמאל פארגעלייגט צו ווערן א שול מיט מלוכה־רעכט און מלוכה־געהאלט אונטער איין באדינג, אז די לימודים דארפן פארקומען אין דער פוילישער שפראך; האט ראזע ניט קיין סך טראכטנדיק אפגעווארפן דעם פארשלאג.

פארן טאג־טעגלעכן קיום פון דער שול איז אפט אויסגעקומען צו פירן א שווערן קאמף; ראזען איז אבער די שול געווען טייער און במילא האט זי אנגענומען פאר ליב דעם קאמף, וואס עס איז אויסגעקומען צו פירן ארום דער שול. עס זיינען שטענדיק געווען פארשיידענע שווערע פראבלעמען און ראזע מיט איר עניוותדיקייט און טאקט פלעגט דאס לינדערן. אט דארף מען ברענגען געוויסע וויכטיקע שול־טוער צו א זיצונג. פארנומען מיט זייערע טאג־טעגלעכע זארגן, פלעגן זיי אפטמאל לאזן זיצן דעם פעד.־ראט ווארטן אויף זיך שעהן און שעהן. ראזע פלעגט צענויפנעמען די לערער און זיך אריינכאפן צו אזא פארעקשנטן טוער א היים, און דארטן האט ער שוין געמוזט בייזיין די זיצונג; אט פאדערט זיך פיזישע הילף ביי אן אונטערנעמונג, למשל אויפבויען א סצענע צו א קינדער־אוונט, מאלן דעקאראציעס, קאסטיומען נייען אא"וו. ווידער פלעגט ראזע אנווענדן איר פערזענלעכן טאקט: בעטן פריוואט איינעם אדער צוויי פון די שטעטלשע יונגעלייט, אריינשלעפן זיי פשוט אין שול און מיטארבעטנדיק מיט זיי, זיי אנשטעקן מיט איר ענטוזיאזם.

דאס שווערסטע פראבלעם איז געווען דאס דעקן דעם שול־בודזשעט. 50 פראצענט פון בודזשעט האט געדעקט דער שכר־לימוד. גרעסטנטייל פון די קינדער האט געצאלט א חודשלעכן שכר־לימוד צווישן 5 און 12 זלאטעס. א קליינער טייל האט געצאלט אונטער דער נארמע. און א טייל קינדער, פון ארעמע עלטערן, האבן קיין שכר־לימוד אינגאנצן ניט געצאלט. ראזע האט זיך באמיט מיט אלע כוחות די גראדואציע אין דער שכר־לימוד־ליסטע צו האלטן אין געהיים, עס זאלן זיך ניט שאפן קיין דיפערענצן צווישן די קינדער. די איבעריקע 50 פראצענט פון בודזשעט האט זיך געדעקט פון דער הכנסה פון אונטערנעמונגען. דריי גרויסע קינדער־אוונטן יערלעך פלעגן אריינברענגען א

געוויסן איינקונפט. א קינדער־אוונט איז געווען אן אלגעמיינער פעסטיוואל אין שטעטל. קינד און קייט פלעגט קומען באזוכן די אוונטן. מען האט טאקע גייסטיק היפש גענאסן פון די אוונטן. די לערער האבן ניט געזשאלעוועט קיין מי, אז די אונטערנעמונג זאל שטיין אויף א הויכן ניווא. דער טשוואק פון די קינדער־אוונטן זיינען געווען די נומערן וואס ראזע פלעגט צוגרייטן. זי האט געפירט יידישע ליטעראטור אין די עלטערע קלאסן, און האט אלץ געטאן, אז דער מאטעריאל, וואס די קינדער פלעגן אויף די לימודים פאראייגענען, זאל פון דער בינע אויסקוקן אויך טעאטראליש, קינסטלעריש.

ראזע האט קיין פריוואטן לעבן ניט געהאט, זי האט זיך איננאנצן אויסגעלעבט אין שול און מיט דער שול.

חוץ קינדער־אוונטן פלעגט די שול שעפן איר הכנסה פון קאנצערטן פון כאר, פארשטעלונגען פון דראמאטישן קרייז, פון לעקציעס און רעפעראטן איינגעארדנט דורך לערער און שול־טוער. עס פלעגט אבער טרעפן, אז די הכנסה איז נאך אלעם געווען ניט צו גרויס אויף צו דעקן די הוצאות. ענדע יאר, א לערער דארף אוועקפארן. עס פעלט אויס צו דעקן זיין געהאלט. ראזע דערליידיקט דאס זייער איינפאך. גייט אריין צו א פארמעגלעכן שול־טוער: „יחיאל, עס פעלט 150 זלאטעס, קענסט אפשר אויסלייען?" און ער פלעגט טאקע אויסלייען די אנגערופענע סומע. זומער־צייט פעלגט מען דאס אויף א וואסער ניט איז אופן דעקן. ראזע פלעגט בלייבן א טייל פון איר וואקאציע אויך אין שטעטל, כדי צו ארויסהעלפן דעקן די חובות.

דאס יאר ווען ראזע איז געווען פארוואלטער האט דונילאוויטש געבויט א נייעם בנין פאר דער שול, א שטיינערנעם. דאס גאנצע שטעטל האט געאטעמט מיט דער אונטערנעמונג. ראזע האט געארבעט מיט איר גאנצער נשמה פאר דער זאך. זי האט ארגאניזירט עלטערן און סתם יידן צו גראבן און שלעפן שטיינער צום פונדאמענט. נאך דער ארבעט, אין די פריע שעהן, אין די זונטיקן פלעגט מען זען ווי ראזע גייט בראש פון א הייפל יידן מיט לאפעטעס און טאטשקעס. ראזע צינדט אן די געמיטער. ראזע האט אויך אנטייל גענומען אין שאפן די פאנדן פארן בנין. זי איז ארומגעפארן אין שכנותדיקע שטעטלעך און געמאכט געלטזאמלונגען. און עס איז אויפגעבויט געווארן א פרעכטיקער בנין. דאס גאנצע שטעטל האט געפייערט א יום־טוב — חנוכת־הבית פון דער שול. דעם גרעסטן טריאומף האט טאקע געהאט ראזע אליין.

א צווייטן טריאומף האט זי געהאט ווען עס האט זיך דעם זעלבן יאר געעפנט דער 7־טער קלאס. אין שטעטל איז געווען א טראדיציע אז נאכן זעקסטן לערניאר צעגייען זיך די קינדער, ווער צו דער ארבעט, ווער אין דער ווילנער רעאל־גימנאזיע און ווער אין דער פוילישער שול. ראזע שפארט זיך איין; זי גלויבט אז דעם דערציאונגס־סיסטעם דארף מען דערגאנצן, ספעציעל קינדער וואס גייען אוועק צו דער ארבעט זאלן האבן א מער פולקאמע דערציאונג. זי גייט פון שטוב צו שטוב, רעדט מיט יעדן טאטן באזונדער, יעדער מאמע באזונדער, אגיטירט שילער. און ענדלעך עפנט זיך צום נייעם לערניאר א 7־טער קלאס. ראזע איז ממש גליקלעך. און די קינדער פון 7־טן קלאס זיינען איר אויך זייער דאנקבאר.

צווישן די עלטערע קינדער פלעגט מען אפט דיסקוטירן פאליטישע פראבלעמען. זי האט זיך באמת ניט אנצואווארפן איר מיינונג, ניט באווירקן זיי, האט זיי געלאזן

אליין זעלבשטענדיק אויסוואקסן אויף פאליטיש. אליין אן אקטיווע בונדיסטין, — האט אבער קיינער פון די שילער דאס ניט געפילט.

ווען די סאוועטן האבן פארנומען דאס שטעטל, ווערט זי געצוואונגען צו פאר־לאזן דונילאוויטש. זי גייט אריבער אר־בעטן אין דאקשיץ. זי ארבעט דארטן ביזן אויסברוך פון קריג. ביים אנפאנג פון די טרויעריקע געשעענישן לאזט זי זיך גיין, ווי א סך אנדערע האבן געטאן, קיין רוסלאנד. זי קערט זיך אבער אום צוריק קיין דאקשיץ, וואו זי איז טראגיש אומגעקומען אין איינער פון די שחיטות.

ב ר יי נ ע   אַ ס ־ ג אַ ל ד מ אַ ן

## מאַשעוויצקי, לאהקע — געבוירן

אין ביאליסטאק אין 1903. אירע עלטערן האבן געהאט א קליינעם געשעפט פון טשעמאדאנעס, טעשלעך אד״גל. לאהקע מאשעוויצקי איז א שוועסטער פון דעם לעבן־געבליבענעם פארוואלטער און לע־רער פון דער ערשטער יידישער יוגנט־פאריין־שול אין ביאליסטאק, יונה מאשע־וויצקי.

פון 1917 ביז 1919 לערנט זיך לאהקע מאשעוויצקי אין דער יוגנט־פאריין שול. פארענדיקט די שול אין 1919 (געהערט צום ערשטן ארויסלאז), באזוכט זי אין 1920 דעם ערשטן קלאס פון א יידיש־רו־סישער גימנאזיע אין ביאליסטאק. אין 1921 טרעט זי אריין אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאר, און קריגט איר לערער־דיפלאם אין יאנואר 1926 (געהערט צו דער ערשטער גרופע יונגע לערער, וואס פארענדיקן דעם סעמינאר). זי האט גע־ארבעט אלס לערערין פון ערשטן קלאס אין קריניק, קארטוז־בערעזע און שפעטער אין ביאליסטאק. אין ביאליסטאק ארבעט זי צוערשט אין דער „גן־ילדים" שול, און שפעטער אין „גראסער־שול", זי פירט אן ערשטן קלאס. אין גן־ילדים שול האט זי אויך געפירט געזאנג און גימנאסטיק. איין יאר האט זי אנגעפירט מיטן פאלקס־כאר ביי דער ייד. שול־ארגאניזאציע אין ביאליסטאק. עטלעכע יאר פארן אויסברוך פון דער מלחמה האט זי חתונה געהאט מיט א פועלי־ציוניסט, אנפירער פון דעם קיבוץ אין גראכאוו הינטער ווארשע. ווען די מלחמה איז אויסגעבראכן האט לאהקע געהאט א יינגעלע פון א יאר צוויי. זי אנטלויפט פון גראכאוו אין די סאוועטישע געביטן פון געוועזענעם פוילן.

ווען און וואו זי איז אומגעקומען — ניט באקאנט.

## מאַשקאָוויטש, בעלאַ — געבוירן

אין טשענסטאכאוו, אין אן ארעמער פא־מיליע, האט זי געענדיקט מיטלשול און שטודירט אין ווארשעווער „וושעכניצע" אויף הומאניסטיק. זי האט באזוכט די אלג. לערער־קורסן פון צישא, אויך די קורסן פון ארבעט אין 1922 (אינסטרוק־טאר — מאיראוויטש, היינט אין דרום־אפריקע). מאשקאוויטש האט געהערט צו א חלוצישער ארגאניזאציע אין ווארשע און טשענסטאכאוו. אין די שולן פון צישא איז זי געווען לערערין פון פויליש. זי האט געארבעט אין טשענסטאכאוו, מעזריטש א״א.

## מאַשקאָווסקי, י. — איינער פון

די ערשטע לערער אין ביאליסטאקער פראווינץ. געווען פארוואלטער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול אין וואשליקאווע. א טיפ פון א פאלקסטימלעכן אידעאליס־טישן לערער, וואס איז גרייט געווען אויף די גרעסטע קרבנות פאר דער שול.

**מהרשק, ישראל** — זיין טאכטער ליבע אויגנפעלד, וועלכע איז אין דער צייט פון די נאציס געווען א פארטיזאנקע און איז געבליבן לעבן (איצט אין מאנטרעאל), דערציילט וועגן פאטער:



„ישראל מהרשק איז געבוירן געווארן אין ווילנע דעם 2־טן פעברואר 1895. זיין פאטער — זייער א פרומער ייד, פון די וויניקע חסידים אין ווילנע — האט געארבעט ווי א זעצער אין סירקינס דרוקעריי. די פרומקייט האט אים נישט געשטערט צו געבן די קינדער אחוץ א רעליגיעזע אויך א וועלטלעכע דערציאונג. — קורץ פארן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה טרעט ישראל מהרשק אריין אין ווילנער לערער־אינסטיטוט. אין 1915, בעתן גירוש ליטע, ארבעט ער אין די פליטים־זאמלפונקטן און ביי דער ארגאניזירונג פון עפנטלעכע קיכן פאר די היימלאזע. אין 1916 ארבעט ער אין דער שול וואס איז שפעטער באקאנט געווארן א״נ „מפיצי השכלה״. אין 1917 ארבעט ער אין דעם קינדערהיים א״נ „אחיעזר״ און בלייבט דארט די גאנצע צייט פון זיין עקזיסטענץ. אין דעם זעלבן אינטערנאט ארבעט אויך ווי א לערערין זיין פרוי שרה סופר ביזן יאר 1920.

שווער איז געווען די ארבעט אין דעם קינדערהיים, שווערע צייטן איז דעם לערער אויסגעקומען דורכצומאכן צוזאמען מיט די שילער. אבער שוין דאן ווערט דער יונגער לערער באליבט ביי די קינדער. פון 1920 ביז 1931 ארבעט מהרשק אין דער ד. קופערשטיין מיידל־שול; דא ווערט ער א רייפער לערער, ער גיט אפ א סך נאכמיטאג־שעהן פארן שילער־קלוב און איז באליבט פון די לערער און שילערינס. — אין די יארן 1927—1938 ארבעט ער ווי דער פארוואלטער פון דער זומער־קאלאניע פון „צענטראלן עלטערן־קאמיטעט (צ. ע. ק.). יאר יערלעך פארט ער ארויס מיט איבער 100 קינדער פון אלע יידישע שולן אויף דער קאלאניע. עס איז א מאנאט פון שווערער אחריות־פולער ארבעט, אבער די קינדער פון ווילנער ארעמקייט באקומען דא א סך פרייד און גייסטיקן געניס. — אין דער זעלבער צייט ארבעט מהרשק אקטיוו אין לערער־פאריין, וואו ער איז א סך יארן מיטגליד פון דער פארוואלטונג. ער איז שטענדיק אויף דער וואך ווען א חבר איז קראנק אדער נויטיקט זיך אין הילף.

אין 1931 ווערט מהרשק באשטימט דורך דעם צענטראלן בילדונגס קאמיטעט (צ. ב. ק.) ווי דער פארוואלטער פון דער לייזער־גורוויטש־שול. די שול האט אויסצושטיין פארשיידענע נגישות מצד דער פוילישער מאכט. נישט איין מאל דראט מען, צונעמען ביי דער שול איר קאנצעסיע, מען אָרדנט איין עקזאמענס פאר די תלמידים. דער לערער מהרשק ליידט שטארק איבער יעדער גזירה, לויפט ארום פארזארגט, ביז עס גיט זיך איין עס אפצושאפן. אין 1938 נעמט דער מאגיסטראט צו די מעבל פון דער שול. די לערער אהבעטן שטייענדיק און די קינדער לערנען זיך זיצנדיק אויף דער ערד. מיט וועלכן ווייטיק מהרשק פלעגט יענע טעג קומען פון דער ארבעט און מיט וואס פאר א פרייד ער פלעגט רעדן וועגן יעדער נייער באנק, וואס די אביטוריענטן און פריינד האבן געשאפן פאר דער שול. מהרשק ארבעט אומדערמידלעך אין דער ל. גורוויטש־שול מיט דער גאנצער ליבע און איבערגעגעבנקייט ביזן סוף שוליאר 1939־1940.

זומער 1940. די רוסן נעמען איבער
די מאַכט איבער ווילנע, און מיטן אָנ־
קומען פון נייעם שול־יאָר ווערט אויך
אַ גרויסע איבערקערעניש אינעם שול־
וועזן. אין אַלע שולן און ספּעציעל אין
די יידישע קומט פאָר אַן איבערשיכטונג
פון גאַנצן לערער־פּערסאָנאַל. אויך
מהרשק ווערט אַראָפּגענומען פון זיין
פּאָסטן און באַשטימט אַלס לערער אין
דער סאָפּיע גורעוויטש־שול. דער שול־יאָר
גייט דורך אין פיבערדיקער אַרבעט. דעם
22־טן יוני 1941 ווערט ווילנע אומגע־
ריכט געוואויר וועגן אויסברוך פון
מלחמה צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד.
אין צוויי טעג אַרום איז ווילנע שוין באַ־
זעצט פון די דייטשן. די יידישע באַ־
פעלקערונג איז פאַרשטעקט אין די באַ־
העלטענישן. אויך מהרשק באַהאַלט זיך
אויס אַ לאַנגע צייט, ביז עטלעכע גוטע
חברים באַזאָרגן אים אַן אַרבעטס־שיין.
דעם 6־טן סעפּטעמבער 1941 טרייבט מען
די ווילנער יידן אין געטאָ. דעם ערשטן
פּלאַץ וואו אַוועקצולייגן די פּעקלעך אין
געטאָ, באַקומט מהרשק צווישן זיינע
פריערדיקע שילער און זייערע עלטערן,
וועלכע באַמיען זיך צו העלפן זייער לע־
רער און זיין פאַמיליע.

עס ווערן געשאַפן די ערשטע צוויי
געטאָ־שולן. די ווילנער לערער שטעלן זיך
צו זייער הייליקער אַרבעט. אַליין הונגע־
ריקע, אָפטמאָל פאַרפרוירענע און קראַנ־
קע, אַרבעטן די לערער אָן איבעררייס כדי
אויפצוהאַלטן דאָס טייערסטע אין יענער
צייט — די קינדער. עס קומט די גרויסע
אַקציע פון די „געלע שיינען", און פון
דער גרויסער ווילנער לערער־משפחה באַ־
קומען שיינען בלויז 10 לערער. די אַנגע־
זעענסטע לערער אין שטאָט בלייבן אויף
הפקר. מהרשקן גיט זיך איין צו באַקומען
אַ געלן שיין, און ער אַרבעט אין דער
שול. אָפטמאָל באַקלאָגט ער זיך, אַז ער
האָט נישט קיין כוח צו אַרבעטן, ס'איז
אים שווער צו שטיין אין קלאַס. טראָץ
דעם אַרבעט ער און גיט נאָך אין דער
היים פּריוואַטע לעקציעס כדי צו פאַר־
דינען אַ האַלבן קילאָ ברויט. ער אַרבעט
און שטאַרקט מיט זיין ביישפּיל אַנדערע
חברים. זיין האַלבער צימער איז שטענדיק
באַזעצט מיט חברים וועלכע קומען צו
אים מיט אַ טרייסט־וואָרט; מען זיצט
אַריבערגעבויגן ביים צעבראָכענעם טיש
איבער אַ גרויסער מאַפּע און מע שטודירט
די נייעס פון די פראָנטן. די לערער אין
געטאָ שאַפן דעם לערער־פאַרבאַנד, און
מהרשק ווערט אויסגעקליבן אין דער פאַר־
וואַלטונג, ער איז דער קאַסירער. כדי צו
באַזאָרגן די לערער מיט קליינע געלט־
מיטלען און שפּייז, פירט דער לערער־
פאַרבאַנד געלט־זאַמלונגען צווישן די על־
טערן וועלכע זיינען אין אַ בעסערער
מאַטעריעלער לאַגע. ווי גליקלעך איז
מהרשק ווען ער קען באַזאָרגן ברויט
אָדער קאַרטאָפל פאַר די חברים צו בי־
ליקערע פּרייזן. אַזוי איז ער באַזאָרגט
וועגן זיינע חברים ביז דער לעצטער מי־
נוט, אפילו נאָך דעם ווי מען פאַרשלעפּט
אים קיין עסטלאַנד דעם 3־טן סעפּטעמ־
בער 1943. אין זיין לעצטן בריוו פון
לאַגער דערמאָנט ער אַלע חברים וואָס
זיינען נאָך געבליבן אין געטאָ, און ער
זאָגט אָן וועמען און ווי אַזוי מע זאָל
פאַנאַנדערטיילן דאָס געלט וואָס עס איז
נאָך געבליבן אין קאַסע פון פאַרבאַנד.

דעם לעצטן גרוס פון ישראל מהרשק
האָט געבראַכט דער ווילנער לערער ל.
שעפּטעל, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט
פון די נאַצישע לאַגערן: מהרשק האָט
זיך געהאַלטן מוטיק, האָט ניט פאַרלוירן
זיין אייביקן אָפּטימיזם און איז געבליבן
דער זעלבער טרייער האַרציקער חבר.
אויך אין לאַגער האָט ער שטענדיק גע־
האָט אַרום זיך אַ קרייז גוטע פריינד, ווע־

מען ער האט געטרייסט און גערופן אויסצודויערן. אליין איז ער געשטארבן פון הונגער און אויסשעפונג אין די ווינטער־חדשים פון 1943-1944 (די גענויע דאטע געדענקט ניט ל. שעפטעל). די נאענטסטע חברים האבן זיך צוזאמענגעקליבן אין אוונט נאך דער ארבעט בעת מען האט פארברענט דעם קערפער פון י. מהרשק, כדי אפצוגעבן דעם לעצטן כבוד דעם, וועלכער האט געהאט פאר זיינע חברים און נאענטע א הארץ אנגעפילט מיט גוטסקייט און ליבע".

## מולער, לייזער און שפרה

— ביידע האבן אין די 20־קער יארן געארבעט אלס לערער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן אין בריסק און אין ווארשע. ביידע זיינען געווען אויסגעצייכנטע, געטרייע לערער און שטילע, סימפאטישע מענטשן. שפעטער האבן זיי פארלאזט די שול־ארבעט, און לייזער מולער האט געארבעט אין בריסקער קראנקן־קאסע. זייער גורל — אומבאקאנט.

## מוניץ, חיים

— דאכט זיך געענדיקט ווילנער לערער־סעמינאר. געווען קינסטלעריש־וויסנשאפטלעכער מיטארבעטער און אספיראנט פון ייוואָ. פון 1939 לערער אין זיין געבוירן־שטעטל בראסלאוו (ווילנער געגנט). געווען סעקרעטאר פון יידן־ראט אין שטעטל. אומגעקומען מיט דער פרוי און משפחה אין 1942 אין דער שחיטה אויף די דארטיקע יידן.

## מוסטער־שוסטער, געניע

— געווען איז געניע צוערשט א לערערין אין דער מעדעם־שול אין לאדזש, אין די יינגערע קלאסן. א נידעריקע, בלאנדע, זייער רירעוודיקע און לעבעדיקע, פלעגט זי אין די קלאסן אריינברענגען מיט זיך רירעוודיקייט און לעבעדיקייט. געבוירן אין לאדזש און געלעבט דארט די גאנצע יארן, האט זי ביז צום לעצטן טאג פון דער עקזיסטענץ פון אונזער שול געארבעט דארט. אפגעגעבן אירע קרעפטן און איר ליבשאפט אונז קינדער. אויף אונזערע קלוב־אוונטן און אודיטאריעס האט זי געפירט מיט אונז שמועסן, אינטערעסירט זיך מיט יעדנס קלייניקייט, פארבונדן די היים מיט דער שול און געגעבן אונז א מוטערלעכע ווארעמקייט. אויסער דער שול איז זי געווען טעטיק אין דער סאצ. קינדער ארגאניזאציע, וואו זי האט מיטגעארבעט אקטיוו — אלס לאנג־יאריקע פארזיצערין פון „סקיף" און הארציקער פריינד פון די קינדער.



אין די שווערע היטלער־יארן איז זי אוועק נאך קראקע, און יעדער שפור איז פון איר פארשוואונדן — מסתמא אומגעקומען אין איינעם פון די קראקעווער קאנצ. לאגערן. פארשניטן אויף אייביק געווארן דאס לעבן פון א מוטיקער יידישער לערערין, פון אונזערס א גוטן חבר.

***

עס איז פיינלעך, נאך די שווער־געפרוואוטע יארן, נאכן אדורכמאכן דעם גרויסן יידישן חורבן, אוועקזעצן זיך און דערמאנען אונזער פארלוירענעם נאלדענעם נעכטן, צוריקוויקלען די טאשמע פון דער געשיכטע, און ווערן צוריק א

קינד, דערמאָנען די יונגע יאָרן און צו־זאַמען מיט זיי די גאָלדענע עפּאָכע, וועלכע הייסט — יידישע שולן, אונזערע לערער. ווייל וויפל מאָל מיר רעדן וועגן די שולן, דערמאָנען מיר מיט אַזויפיל ליבע, מיט אַזאַ האַרציקייט די וועלכע האָבן אונז דערצויגן, וועלכע זיינען געווען אונזערע צווייטע עלטערן, אונזער צווייטע היים.

כמעט אַלע זיי, די לערער פון „מעדעם" און „מיכאַלעוויטש"־שולן אין לאָדזש, זיינען אומגעקומען פון דער מערדערישער דייטשער האַנט. זיי זיינען פאַרברענט געוואָרן אין די קאַלך־אויוונס פון טרעבלינקע און מיטגעגאַנגען מיט דעם לאַנגן צוג פון 6 מיליאָן קדושים...

כ'זע זיי. זיי שטייען מיר אַלע פאַר די אויגן, אַזוי ווי כ'וואָלט ערשט נעכטן מיט זיי זיך געזעגנט.

ווי טויזנטער פאַקלען וועלן זיי פאַר אונז לויכטן, זייער לעבן וועט פאַר אונז זיין אַ ביישפּיל פון אומבאַגרענעצטער טרייהייט און איבערגעגעבנקייט צום יידישן קינד, צום אוצר פון יידישן פאָלק.

ל י ל ק ע  ג ו ט ק ע װ י ט ש

**מורזשאַן** (ערשטער נאָמען?) — אַ לערערין אין אַ ציש"אָ־שול אין פּלאָנסק. אַן איבערגעגעבענע חברטע פון די לינקע פּועלי־ציון. בשעת דער היטלער־מלחמה איז זי געווען אין וואַרשע און האָט אָנגעפירט אין געטאָ מיט איינעם פון די קינדער־אַנשטאַלטן פון „צענטאָס" (ווי עס ווערט דערמאָנט אינעם בריוו פון די לינקע פּועלי־ציון אין פּוילן פונעם 24־טן מאַי 1944 צו זייערע חברים אין ארץ־ישראל). זי איז געווען אָנגענומען אַלס אַ גוטע לערערין. זי איז אומגעקומען בשעת דעם גרויסן גירוש אין יולי־סעפּטעמבער 1942, ווייזט אויס אָנהויב אויגוסט, צוזאַמען מיט די קינדער פון איר אַנשטאַלט, אַלס זייענדיק דעמאָלט ביי דרייסיק יאָר.

**מוסין, חנה** — געלערנט אין סוועגציאַנער פאָלקשול פון אָנהייב 20־קער יאָרן ביז 1941, ווען דער סוועגציאַנער יידישער ישוב איז אומגעקומען. געווען לכתחילה אַ לערערין פון העברעאיש, שפּעטער פון יידיש אין די ערשטע קלאַסן. דאָס איז געווען אַ באַזונדערע געשטאַלט אויפן פאָן פון סוועגציאַנער לערער־פּערסאָנאַל. אחוץ דער לערערין ד. פישער און דער לערערין מוסין פלעגן זיך די לערער אָפט בייטן. עס פלעגן אָנקומען פון דער פרעמד יונגע בחורים און מיידלעך, יעדער מיט זיינע פּעדאַגאָגישע איבערצייגונגען הגם מיט ווייניק דערפאַרונג, יעדער מיט זיין בענקשאַפט נאָך דער שטאָט. די לערערינס פישער און מוסין, יעדערע אויף איר שטייגער, זיינען געווען די היטערינס פון דער המשכדיקייט פון סוועגציאַנער פאָלקשול. ח'טע פישער האָט די שול־טראַדיציעס פאַרטיידיקט אַקטיוו, מיט אינטעליגענץ, מיט מסירות נפש און מיט אָן אַ שיעור נערוון. חנה מוסין — פּאַסיוו, שטיל, מיט ווייכקייט, על פּי רוב שווייגנדיק. זי איז געווען אַביסל ציוניסטיש, אַביסל רעליגיעז געשטימט און אין דער בונדיש־אָריענטירטער, בולט־וועלטלעכער ציש"אָ־שול האָט זי זיך געפילט ניט איבעריק שטאַרק אין איר פּאָזיציע. איר הויפּט־קענגשטאַנד — העברעאיש — האָט אין דער שול צוליב די געזעלשאַפטלעכע קאַמפן אין דער יידישער סביבה אויך ניט אַלעמאָל געגאָסן חשיבות. דאָך פלעגן די ניי־געקומענע לערערינס זיך שטאַרק באַפריינדן מיט חנה מוסין. אין איר פערזענלעכן לעבן האָט זי ניט געהאַט צופיל גליק... זי

האט געמוזט זיין אין די יונגע יארן ניט קיין מיאוסע: א שמאלער פנים, מיט דינע שטריכן, שטארק טונקעלע גלאטע האר — א געשטאלט פון א צניעותדיקער, כשרער יידישער טאכטער. לאנגע יארן האט זי אויסגעהאלטן אן אלטן עובר־בטל טאטן, געלעבט אין גרויס ארעמקייט.

וואס איז מיט איר געשען ווען די דייטשן זיינען אריין? מסתמא צוזאמען מיטן גרעסטן טייל פון סווענציאנער ישוב אומגעקומען אויף פאנאר.

א. ר יי נ ה א ר ץ

## מושקעס־סאמסאנאוויטש, חיה

(העלע) — געבוירן אין פיעטריקאוו אין 1907. שטודירט אין אסטראוועצע אין מיטלשול. שוין אלס קינד ארויסגעוויזן פעדאגאגישע פעאיקייטן און הומאניטארע געפילן. אין עלטער פון 15 יאר האט זי געשאפן א גרופע קינדער פון ארעמע עלטערן און אנגעהויבן לערנען



מיט זיי. שפעטער, נאכן באזוך פונעם ציושא־אינסטרוקטאר ד. פאליאק האט זיך צו דער אסטראווער פאלקשול אנגעשלאסן די גרופע קינדער פון פרעבל־אנשטאלט, און העלע מושקעס איז דא געווארן פרעבליסטין. דא האט זי געארבעט מיט דערפאלג צוויי יאר.

זייענדיק א טאכטער פון רעליגיעזע עלטערן, האט זי ניט געהאט די מעגלעכקייט צו אנטוויקלען ווייטער אירע פעדאגאגישע פעאיקייטן. דאך, אדאנק איר ברודער אין ווארשע, האט זיך איר איינגעגעבן צו רעאליזירן איר פארלאנג און זי האט דורכגעמאכט א פרעבל־קורס. דאן האט זי באקומען א פאסטן אלס פרעבליסטין אין קינדערהיים פון דער ציושא אין פיעטריקאוו. דא האט זיך איר איינגעגעבן ווייטער אויסצוברייטערן אירע פעאיקייטן.

מיט די קליינע „מענטשעלעך" איז זי געווען ווי א יונגע, פילבארע מוטער, מייסטנס דאך ווי אן עלטערע שוועסטער, א מוסטערהאפטע, אידעאלע שוועסטער. איר צארטע פיגור און גרויסע, הימלישע טיף־בלויע אויגן זיינען געווען די אפשפיגלונג פון איר איידעלער נשמה און טיפן אינטעלעקט. גאר דערפאלגרייך איז געווען איר ארבעט אין פיעטריקאוו, וועלכע זי האט אויסגעפירט מיט פולן ענטוזיאזם.

אין יאר 1928 האט זי חתונה געהאט מיט א. סאמסאנאוויטש, א לערער אין פיעטריקאווער ציושא־שול און אן אקטיווער מיטגליד אין „בונד". בעת די טרויעריקע בעסטיאלע געשעענישן, בעתן אויסברוך פון נאצי־וואנדאליזם אין 1942־טן יאר — האט העלע מושקעס־סאמסאנאוויטש ניט איינגעשטימט אפצוגעבן איר 10־יאריקן שיינעם, גוט־דערצויגענעם, אינטעליגענטן פיל־צוזאגנדיקן זון צו ווארפן אין פייער, כדי צו געווינען איר לעבן. צוזאמען מיט אים האט זי זיך פארוואנדלט אין אש. ווי א יונגער בוים איז זי מיט די ווארצלען ארויסגעריסן און פארברענט געווארן...

## מילער, שבע

— דעם ערשטן מאל האב איך שבע מיללער געטראפן אין יאר 1930 אין ווארשע.

זי האט גלייך געצויגן מיין אויפמערקזאמקייט מיט איר אינטערעסאנטן אויסזען: טיפע יידישע אויגן און לאנגע, שווארצע צעפ ארום איר קאפ. ס'איז געווען עפעס אלטמאדישעס אין איר אופן

פון אנטאן זיך און טראגן די לאנגע רייען פון פערל ארום איר האלדז. זי האט אויסגעזען ווי זי וואלט פון א בילד אראפ. איר אופן פון ריידן איז אויך אינטערעסאנט געווען: שטיל, רואיק און פריינטלעך — זי איז געווען אן אמתע יידישע טאכטער פון אונזער דור.

זי האט געשטאמט פון לובלין פון רעליגיעזע עלטערן, פון א גרויסער משפחה קינדער. זי איז געבוירן אין 1903. גע־ענדיקט אין לובלין א פוילישע שול, דערנאך זיך קוואליפיצירט אלס לערערין.

זי האט זייער פרי אנגעהויבן ארבעטן אין די צישא־שולן אין איר היים־שטאט לובלין און דערנאך אין פראווינץ. פון 1928 האט זי געארבעט אין ווארשע אלס לערערין פון ערשטע קלאסן. זי איז געווען א גאט־געבענטשטע לערערין; זי האט פארמאגט א געוואלטיקע ליבע צו קינדער, א רואיקייט און זייער א סך שעפערישן טאלאנט. זי האט ליב געהאט דעם ריטמישן טאנץ און פארבונדן דאס לערנען מיט שפיל און געזאנג, געמאכט דעם לימוד לעבעדיק און פריידיק. איך האב מיט איר מיטגעארבעט אלס לערערין פון האנט־ארבעט און צייכענען, און יעדע לעקציע אירע האט אויף מיר א טיפן איינדרוק געמאכט. די קינדער האבן איר ליב געהאט — און געקלעפט זיך, געצויגן זיך צו איר.

זי האט זייער א סך פריינד געהאט און חבריש געווען. געוואוינט האט זי אין א קליין צימערל אליין, באזונדער פון איר משפחה.

פיזיש איז זי שוואך געווען און שטענדיק מיד. די ארבעט האט איר זייער באפרידיקט, אבער די טרויעריקע באדינגונגען אין וועלכע די צישא־לערער האבן געלעבט האבן איר געזונט אונטערגעגראבן.

כ'האב שבען פון 1939 מער ניט געזען. שוואכע ידיעות און קורצע בריוולעך האב איך באקומען די ערשטע פאר יאר פון דער מלחמה, דערנאך האט עס זיך אפגעריסן. — א פעקל וואס כ'האב איר געשיקט איז צוריקגעקומען. דאס איז א שלעכטער סימן.

יא, שבע איז שוין מער ניט צווישן די לעבעדיקע געווען. זי איז געשטארבן אויף דער וואך. געארבעט ביזן לעצטן מאמענט אין קינדער־קיך אויף קראכמאלנע. שבע איז געשטארבן מיט א נאטירלעכן טויט, אויב מען קען עס אזוי אנרופן, אויסגעגאנגען פון הונגער און עפידעמישער־קראנקהייט.

ב. גוטקעוויטש

**מילנער, יצחק** — געשטאמט פון סווענציאן. ער איז אריינגעטראטן אין ווילנער לערער־סעמינאר באלד ווי דער סעמינאר האט זיך געגרינדעט אין 1921, און ער האט אים פארענדיקט אין יאנואר 1926. י. מילנער געהערט צו דער גרופע פון ערשטן ארויסלאז פון ווילנער יידישן לערער־סעמינאר. נאכן פארענדיקן דעם סעמינאר, האט ער געארבעט אלס לערער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. וועגן זיין גאנצער ארבעט, וואו און אין וועלכע שולן; אזוי אויך וועגן ווי אזוי י. מילנער איז דורך די נאציס אומגעבראכט געווארן, פעלן אונז ידיעות.

**מילעבאנד, ליאניע** — געווען פון די ערשטע פרעבעליסטינס אין די יידישע קינדער־היימען פון ווארשע. צוזאמען מיט עסטושע ליפשיץ און ר. שפאצענקאפ האט זי שוין אין 1917 געארבעט אין בונדישן קינדערהיים אויף דזיעלנע 43.

ליאניע מילעבאנד האט געשטאמט פון אן ארעמער, פאלקסטימלעכער משפחה,

איז אליין אויך געווען זייער פאלקסטימלעך און גערעדט אן אויסגעצייכנטן פוילישן יידיש. זי האט געשטאמט פון דער יידישער גזשיבאוו-געגנט, איז דערצויגן געווארן צווישן די קינדער פון דער יידישער ארעמקייט, האט איינגעזאפט אין זיך דאס יידישע פאלקס-ווערטל און פאלקס-ליד. זי האט פארמאגט א גרויסע מאס יידישע מוטערלעכקייט-געפיל, און די קינדער האבן עס אינטואיטיוו ארויסגעפילט. ליאניע האט געהאט די נאטירלעכע איינגעשאפטן פון א יידישער פאלקס-דערציערין. צוליב דער שווערער מאטעריעלער לאגע פון איר פאמיליע האט זי נישט באקומען קיין ברייטערע בילדונג, זי האט אבער שפעטער אליין געלערנט און שטודירט און זיך פארפולקאמט אלס פעדאגאגין.

ליאניע האט א סך יארן געארבעט אין יידישן שולוועזן, אבער אפילו ווען זי האט צוליב פאמיליען-סיבות איבערגעריסן די ארבעט, איז זי אלץ געווען נאענט און אינטים פארבונדן מיט דער גאנצער שול-באוועגונג.

צוזאמען מיט איר מאן און קינד איז ליאניע מילעבאנד דערמארדעט געווארן אין דער צייט פון די בלוטיקע דעפארטאציעס פון ווארשע.

י. ליפשיץ

**מירער, נחום** און **לאה** — „די מירערס" — אזוי האט מען זיי גערופן אין די לערער-קרייזן. ביידע, נחום און לאה כאראז-מירער, האבן געשטאמט פון לוצק און דארט טאקע האבן זיי נאך אלס יונגטלעכע אנגעהויבן זייער פעדאגאגישע ארבעט.

נחום מירער איז געווען אן אבסאלווענט פון ווילנער לערער-אינסטיטוט. אין אנהייב פון די צוואנציקער יארן, קומט ער צופארן אין ווארשע. ער פארנעמט גלייך אן אנגעזעענעם ארט אין יידישן שולוועזן אין ווארשע, וואס האט דאן געהאלטן אין סאמע מיט פון זיין האסטיקן אויפבוי און אנטוויקלונג. ער נעמט איבער די פארוואלטערשאפט אין דער פאלקשול אויף מילע 49, שפעטער אויף מילע 51.

פון דעמאלט אן ביז צום אנהייב פון דער צווייטער וועלט-מלחמה איז דאס לעבן און שאפן פון די מירערס כסדר ענג און אינטים פארבונדן מיטן לעבן און דער אנטוויקלונג פון די יידישע פאלקשולן אין ווארשע. עס איז, דאכט זיך, נישט געווען קיין שול-טוער, קיין קולטור-טוער, עלטערן, וואס זאלן נישט קענען די מירערס. אבער אמשטארקסטן איז געווען זייער פאפולאריטעט טאקע אויף מילע גאס און מילער ראיאן. אלע יידישע קינדער, פון די יינגסטע ביז די יוגנטלעכע, האבן געקענט די מירערס און מען פלעגט זיי באגעגענען אויף יענע גאסן מיט דער גרעסטער ווארעמקייט און דרך-ארץ. „א קלייניקייט — פלעגט מיר אפטמאל איבערחזרן דער עלטסטער פלייצע-טרעגער פון מילע, יאסעלע גיבור — די מירערס האבן דאך אלע אונזערע קינדער געמאכט פאר לייט". יאסעלע טרעגער פלעגט זיי טאקע אפווארטן יעדן טאג, די מירערס, און אנטקעגנטראגן זיי מיט א שמייכל א ברייטן גוט-מארגן.

דער שרייבער פון די שורות האט זיין ערשטע לערער-פראקטיק, שטודירנדיק נאך אין ווארשעווער יידישן לערער-סעמינאר (אין די יארן 1924-1925), דורכגעמאכט אין דער שול אויף מילע 51, און געהאט זייער אפט די מעגלעכקייט צו באאבאכטן פון דער נאענט די מירערס ביי דער ארבעט. עס האבן דעמאלט דארט פראקטיצירט נאך סעמינאריסטן און אלע זיינען געווען פארליבט אין די מירערס.

נחום מירער האט געלערנט יידיש, יידישע ליטעראטור און יידישע געשיכטע אין די עלטערע קלאסן, און זיין פרוי לאה כאראן־מירער האט געלערנט אין די יינגערע קלאסן, זי האט געפירט אן ערשטן און א צווייטן קלאס. מיר, סעמינאריסטן, צוקונפטיקע לערער, זיינען זיך געקומען לערנען „פראקטישע מעטאדיק". נאך די אלע מעטאדישע אנווייזונגען און חקירות וועגן דעם ווי אזוי מען דארף לערנען, ווי אזוי מען דארף פירן א לעקציע אין קלאס, — האבן מיר געוואלט אין שול זען מיט די אייגענע אויגן ממש, ווי אזוי מען מאכט דאס. און דאס וואס מיר האבן דערזען ביי די מירערס, האט אונז גלייך איבערצייגט, אז נישט דער סעמינאר מיט די אלע פעדאגאגישע חכמות וועט עס אונז קענען אויסלערנען. אזאווארעמע אטמאספערע פון ליבשאפט און צארטקייט אין די באציאונגען צווישן לערער און קינדער איז מיר זעלטן נאך אויסגעקומען אנצוטרעפן במשך פון מיין לאנג־יאריקער פראקטיק.

ביידע, אי נחום אי לאה, זיינען געווען גוטמוטיקע און הארציקע פאלקס־מענטשן. זייער ליבשאפט צו די קינדער איז געווען אן אומגעהויערע און זיי האבן טאקע אריינגעלייגט אין דער דערציערישער ארבעט דאס הארץ און די נשמה. אלע פראקטיצירנדיקע סעמינאריסטן האבן זיך געריסן צו די מירערס אויף די לעקציעס, און נאכן פארלאזן דעם קלאס, האט זיך יעדער איינער פון אונז געפרעגט, ווי אזוי קען מען אנבינדן אזא הארציקן קאנטאקט מיט א קלאס קינדער. און מען איז שטענדיק געקומען צום אויספיר, אז דאס איז א מתנה פון גאט.

נחום מירער איז געווען א ספעציאליסט אויף געשיכטע. דאס איז געווען זיין באליבסטער לימוד און ער האט אויף דעם געביט ארויסגעוויזן א סך שעפערישקייט. ער האט אויפן סמך פון זיין לאנגיאריקער פראקטיק מיטן געשיכטע־לימוד צוגעגרייט, און מיט דער הילף פון ציש״א ארויסגעגעבן, א האנטבוך פאר געשיכטע, וואס האט געהאט גרויס דערפאלג און איז אויסגענוצט געווארן כמעט דורך אלע שולן. דער געשיכטע־מאטעריאל (קאמבינירט אין 3 טיילן, אלגעמיינע און יידישע געשיכטע) איז דא געווען צוזאמענגעשטעלט מיט א סך פארשטענדעניש און מעטאדישער באהאווונטקייט.

נחום מירערס געשיכטע־פראגראם פאר די יידישע פאלקשולן אין פוילן איז דיסקוטירט געווארן אין דער פעדאגאגישער פרעסע פון דער ציש״א. אויף דער געשיכטע־קאנפערענץ פון די יידישע לערער, וואס איז פארגעקומען אין יאנואר 1939 אין ווילנע, איז די פראגראם פון נחום מירער פון צווישן די 4 צוגעשטעלטע געשיכטע־פראגראמען אקצעפטירט געווארן ווי א באזע פאר דער אויסגעטיילטער קאמיסיע פון 24 מענטשן אויף צו פארעפענטלעכן אן ענדגילטיקע געשיכטע־פראגראם פון די יידישע שולן.

נחום מירער איז אויך געווען א שטענדיקער מיטארבעטער אין דער „נייער שול" און „שולוועגן", וואו עס זיינען געדרוקט געווארן א גרויסע צאל ארטיקלען זיינע וועגן לימוד פון געשיכטע און יידיש. אלע זיינע ארטיקלען האבן זיך אויסגעצייכנט מיט א טיפער ערנסטקייט און באהאווונטקייט, און נישט איין לערער האט זיי אויסגענוצט ווי א ווערטפולן מעטאדישן מאטעריאל צו די לימודים פון געשיכטע און יידיש. נ. מירער איז אויך געווען מיט־רעדאקטאר פון דער יידישער כרעסטאמאטיע „מענטש און ארבעט", וואס איז געווען איינגעפירט אין די ציש״א־שולן. ער האט אויך אנגעשריבן פאר

דער יוגנט א בוך וועגן דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע.

אויך די פרוי מירער, הגם זי האט נישט געשריבן וועגן אירע זייער אינטערעסאנטע פעדאגאגישע דערפארונגען אין די יינגערע קלאסן, האט אבער דערהציגן א היפשע צאל לערערינס פאר די יינגערע קלאסן. נישט געווען דער טאג, וואס אויף אירע לעקציעס זאלן נישט אנוועזנד זיין עטלעכע לערערינס־אנפאנגערינס און אפילו לערערינס מיט פראקטיק.

לעצטנס, אין די יארן פארן אויסברוך פון דער מלחמה, האט נ. מירער געגרייט א געשיכטע־בוך, וואס זאל ארייננעמען היסטארישע מקורות און מאטעריאלן וועגן די וויכטיקסטע פעריאדן אין דער יידישער און אלגעמיינער געשיכטע. פרוי מירער האט געארבעט איבער א לערנבוך פארן 1־טן און 2־טן קלאס.

די שוידערלעכע מלחמה־קאטאסטראפע האט אומברחמנותדיק איבערגעריסן דאס לעבן פון די צוויי פאלקסלערער, צוויי ליכטיקע געשטאלטן, וואס זייער גאנץ לעבן איז געווען אויסגעפילט מיט דערהויבנקייט, ליבשאפט און שעפערישקייט.

י. ראטנבערג

***

נ. מירער, א לאנגיאריקער לערער און דערציער. פריער אין די צארישע צייטן א לערער פון א רעגירונג־שול, די לעצטע 23 יאר ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — איינער פון די וויכטיקסטע לערער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן.

נ. מירער האט געענדיקט דעם בארימטן ווילנער לערער־אינסטיטוט. אין די לעצטע צענדליק יארן פון 19־טן יארהונדערט און אנהויב פון היינטיקן, האט זיך אין דעם דאזיקן אינסטיטוט געהאדעוועט אן אידעאליסטישע לערער־אינטעליגענץ. א סך פון די תלמידים זיינען פרי צוגעשטאנען צו דער סאציאליסטישער באוועגונג (בעיקר צום „בונד”) און, ניט געקוקט אויף דער שטארקער רוסיפיקאטארישער טענדענץ פון דעם אינסטיטוט, זיינען א סך יונגע לערער, גראדואירטע פון דעם אנשטאלט, געווארן הייסע חסידים פון יידיש און מאדערנער יידישער קולטור.

נ. מירער איז געווען איינער פון זיי. ער קומט — נאכן ענדיקן דעם אינסטיטוט. — צוריק אין זיין געבורטס־ארט וואלין. דארט ווערט ער א לערער אין א רוסישער רעגירונג־שול. א סך תלמידים האט ער דערהצויגן. ניט געקוקט אויף דער פאליציייאישער אויפזיכט, וואס האט עקזיסטירט אין די צארישע שולן, האט דער יונגער לערער פאר זיינע תלמידים אין געהיים פארגעלייענט יידישע ליטעראטור, ער האט אויך געוואגט צו פירן אין א שול א געהיימע פראפאגאנדע פארן סאציאליזם. אבער אין זיין טאג־טעגלעכער ארבעט איז נ. מירער געווען געצוימט, געבונדן מיט רוסישן פאליציי־פראגראם, מיט דער אומאויפהערלעכער אויפזיכט פון שול־אינספעקטאר, וועלכער האט ניט דערלאזט אז „טריפהנע” געדאנקען זאלן געפרעדיקט ווערן און אז א יידישווארט זאל געהערט ווערן אין די ווענט פון שול.

עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. עס ברעכט זיך די צארישע מאכט. נ. מירער, צוזאמען מיט אייניקע חברים, שטעלן זיך אין שפיץ פון דער גרויסער ארבעט צו שאפן יידיש־וועלטלעכע שולן. אין וואלין בויט זיך אויס א נעץ פון 21 יידיש־וועלטלעכע שולן. זיי זיינען געפאקט מיט קינדער. עס הערשט אומעטום פרייד פון שאפן. עס זיינען פול מיט ברען די לערער, פול מיט שמחה די

קינדער. די לערער — על פּי רוב יונגע
— קוקן מיט דרך ארץ אויף דעם דער־
פאַרענעם, עלטערן פון זיי, נ. מירער.
ווען די פּוילישע מאַכט שליסט די וואַלי־
נער שולן, קומט נ. מירער קיין וואַרשע,
וואו ער בלייבט ביז דער היטלער־מלחמה.
די איינגשאַפטן פון נ. מירער זיינען אין
פולן גלאַנץ.

אין וואָס באַשטייען זיי?

באַשיידנקייט. שווער צו געפינען נאָך
אַ מענטשן, וועלכער האָט אַזוי שטיל גע־
לעבט. איך האָב געאַרבעט צוזאַמען מיט
מירערן 20 יאָר, איך דערמאָן זיך ניט,
אַז ער זאָל אַמאָל האָבן אויפגעהויבן די
שטים, ער זאָל ווען עס איז זיך וועלן
אַרויסרוקן. אויף קאָנפערענצן נעמט ער
זעלטן אַ וואָרט, הגם ער האָט וואָס צו
זאָגן און מען וויל הערן זיין מיינונג.
ווען ער נעמט אַ וואָרט, איז עס דורכ־
געטראַכט, קאָנטראָלירט, וואָגיק. ער רעדט
מיט אַ שטילער שטים, אָן אַ שפּור פון
זעלבסטזיכערקייט.

געטריישאַפט. נ. מירער איז מיט זיין
גאַנצער נשמה געווען צוגעבונדן צו דער
שול. די אַרבעט איז געווען דער אינהאַלט
פון זיין לעבן, מיט איר האָט ער געאָ־
טעמט. געוואוינט אין אַ קליין באַשיידן
צימערל מיט זיין פרוי, אַן איבערגעגע־
בענע שול־לערערין פון די ציש״אָ־שולן.
די היים איז אָבער געווען אַ צוגאָב צו
זיין שול־אַרבעט. שטענדיק זיך פאַרפול־
קאָמט, בסדר געלערנט, פאַרטיפט די
אייגענע ידיעות.

געוויסנהאַפטיק. דער געניטער, דער־
פאַרענער לערער און דערציער פלעגט
זיך ממש גרייטן צו יעדער לעקציע. איז
ניט אַריינגעגאַנגען אין קלאַס, איידער ער
האָט געניי געוואוסט, וואָס ער וועט אין
משך פון דער לעקציע טאָן און אויפטאָן.
ניט געקוקט דערויף וואָס ער איז געווען
פיזיש אַ שוואַכער מענטש, וואָס זיינע
אויגן זיינען געווען אין אַזאַ מאָס קורצ־
זיכטיק, אַז עס האָט געגרענעצט מיט
בלינדקייט, האָבן די קינדער אין קלאַס
זיך צו אים באַצויגן מיט דעם גרעסטן
דרך־ארץ. זיי האָבן געפילט דעם גרויסן
ווערט פון דעם לערער, זיי האָבן גע־
וואוקסט, אַז ניט נאָר לערנט ער זיי, נאָר
ער דערציט זיי.

נ. מירער האָט איניקע יאָר פאַר דער
מלחמה אָנגעשריבן אַ לערנבוך פון יידי־
שער געשיכטע. עס איז אין דער דאָזיקער
אַרבעט געלעגן אַ שלל מיט וויסן, גע־
פרעסטקייט, קלאָרקייט און טיפע סאָציאַ־
ליסטישע אמונה. דאָס בוך זיינס איז גע־
לערנט געוואָרן אין אַלע יידיש־וועלטלעכע
שולן פון פוילן.

נ. מירער איז געווען אַ געטרייער, אַק־
טיווער בונדיסט. ער האָט אויף אַ נאַ־
טירלעכן אופן צונויפגעבונדן זיין גע־
וואַלטיקן אינטערעס צו יידישער קולטור,
זיין איבערגעגעבנקייט צו דער שול מיט
זיין פּאַרטייאישער אַרבעט.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז
נ. מירער געבליבן אין פוילן. ער האָט זיך
באַטייליקט אין דער אַרבעט פון די גע־
היימע יידישע שולן בעת דער נאַצי־
אָקופּאַציע.

ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די
מיליאָנען.

ש. מענדעלסאָן

## מעלמאַן, שלמה (פאַלק) —
פאַרענדיקט דעם לערער־סעמינאַר אין
וואַרשע און געאַרבעט צוערשט אויף דער
פּראָווינץ און דערנאָך אין דער מעדעם־
און מיכאַלעוויטש־שולן אין לאָדזש. די
גוטהאַרציקייט זיינע איז געווען אויסגע־
גאָסן אויף זיין קינדיש־צעשמייכלטן פּנים.

שלמה מעלמאַן איז אַלס לערער געווען זייער באַגאַבט, און קינדער האָבן אים ביז גאָר ליב געהאַט. אַ געבוירענער דערציער געווען, און זיין איינפלוס אויף קינדער איז געווען זייער שטאַרק. ש. מעלמאַן האָט באַלאַנגט צום „בונד". ער האָט אָנגעפירט מיט „סקיף"-טעטיקייטן און איז געווען זייער געשעצט אין דער לערער-משפחה.

ש. מעלמאַן איז אומגעקומען בעת די געטאָ-קאַמפן.

פונקט ווי זיין פרוי איטקע לאַזאַר, איז ש. מעלמאַן געווען אַן אָנגעזעענער לערער אין דער שולנעץ פון ציש״אָ. ביידע האָבן געאַרבעט פון 1925 ביז 1928 אין טשענסטאָכאָווער י. ל. פרץ-שול. ביידע האָבן אָנטיילגענומען אין פאַרשיידענע לערער-קאָנפערענצן און קורסן. ביידע זיינען געווען איבערגעגעבנסטע מיטאַרבעטער פון ציש״אָ. און ביידן האָט מען דאָ ליב געהאַט און טייער געהאַלטן.

אַ געוועזענער שילער פון דער ב. מיכאַלעוויטש-שול אין לאָדזש, פישל ראָזענבלום, היינט אין מעלבורן, שרייבט וועגן פ. מעלמאַן:

„דער לערער מעלמאַן האָט געלערנט אין די עלטערע קלאַסן. ער איז געווען שטענדיקער לערער פון יידיש, יידישע געשיכטע און ליטעראַטור. אַ זעלטענער קענער פון יידישער געשיכטע און ליטעראַטור, האָט ער מיט זיין אופן פון לערנען באַוויזן אונז לעבעדיק פאַראינטערעסירן מיט די קעגנשטאַנדן. זיין פאַרדינסט איז געווען אַז דער ניווא פון וויסן איז געווען זייער אַ הויכער אין קלאַס. ער האָט באַווירקט אונזער דראַנג צום לייענען און אינגיכן איז די שול-ביבליאָטעק געוואָרן פאַר אונז צו ענג, און מיר אַלע זיינען כמעט געוואָרן לייענער פון דער גראָסער-ביבליאָטעק".

## מערנשטיין, לאה — לערערין אין

דער י. ל. פרץ-שול, לובלין. געווען אַן אויסגעצייכנטע לערערין און זייער באַליבט ביי די קינדער און עלטערן. אומגעקומען אין לובלינער געטאָ.

געווען לערערין אין די יינגערע קלאַסן — בעיקר אין 1-טן קלאַס, אָבער אין דער אמתן איז זי געווען זייער אַ געבילדעטע, געקענט גוט קינדער-פּסיכאָלאָגיע, האָט אַ סך געלייענט און געאַרבעט איבער זיך. געווען זייער אַ באַשיידענע — אויף די זיצונגען פון פּעדאַגאָגישן ראַט קיינמאָל קיין וואָרט ניט גענומען.

## מערעלינסקאַ - שאַפּיראָ — גע-

בוירן אין ריזשעגאַי, ביי סלאָנים. געענדיקט דעם ווילנער לערער-סעמינאַר און געווען לערערין אין דאָמבראָוויץ (פּאָלעסיע) א"אַ.

## נאָוואָגרודסקי, סאָניע — איז גע-

ווען אַ לערערין פון דער יידיש-וועלטלעכער שול. געקומען איז זי פון די אַרבעטער-רייען. איר בילדונג אַליין דערגרייכט. בסדר געאַרבעט איבער זיך. אַן אויפהער געוואָלט זיך פאַרפולקאָמען. קיינמאָל ניט מיד געוואָרן זוכנדיק נייע וועגן, נייע מעטאָדן אין איר אַרבעט.



נאָך בעת דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע (אין 1916) געווען אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן דורך די דייטשן אין אַ געפאַנגען-לאַגער פאַר סאָציאַליסטישער טעטיקייט.

אין דער צייט צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט-מלחמה האָט זי איר

גאנצע ענערגיע אפגעגעבן דער דערציאונג פון יונגן דור, זי האט אים געלערנט לעבן און קעמפן.

און די לערערין סאניע (אזוי האבן די קינדער זי גערופן) האט געוויזן א מוסטער ווי אזוי ווירדיק צו קעמפן און ווירדיק אומצוקומען.

זי זאגט זיך אפ בעת דער נאצישער מלחמה צו פארלאזן ווארשע. אויף אלע באמיאונגען איר ארויסצוראטעווען — ענטפערט זי: „איך האב דא וויכטיקע ארבעט". און זי האט טאקע וויכטיקע ארבעט געטאן. זי איז געווען אין דער אנפירונג פון דער בונדישער אונטערערדישער באוועגונג, זי האט געטאן א סך אין דער הילפס־ארבעט, זי האט ארגאניזירט די ניט־לעגאלע יידיש־וועלטלעכע שולן.

און אין 1942 איז זי אומגעקומען...

***

עס שווימט אויף אין זכרון א בילד:

...עס איז שוין געווען 2 ביינאכט. אין סאנעים וואוינונג זיינען פארזאמלט נח, הענריק, שרה, לייוויק, וולאדימיר, איך א"א, צוזאמען מיט א פאר חברים, וואס זיינען באשטימט געווארן צו ארגאניזירן דעם אומלעגאלן אפאראט. מיר גרייטן זיך צו פארלאזן ווארשע. אומהיימלעכע שטילקייט הערשט אין צימער. אלע — דערשטיקן אין זיך די באגרייפלעכע נערוועזיטעט. דער טעלעפאן הערט ניט אויף צו קלינגען. די, וואס לאזן זיך אין וועג זיינען באלאדנט מיט רוקזעק אויף די פלייצעס. סאניע נעמט אלע אויף ווי מען וואלט געקומען צו געסט. עס דערנענטערט זיך דער לעצטער שרעקלעכסטער מאמענט — מען הייבט זיך אן צו זעגענען. „סאניע, קומט מיט אונז!" „ניין, מיר דראט גארנישט. איך וועל דא בלייבן. וואס וועל איך זיך לאזן אויף וועגן און שטעגן. זייט הארציק געזעגנט". פריער שמייכלט זי. אבער — נאך א מינוט — באווייזן זיך טרערן אין אירע אויגן: „ווער ווייסט, צי מיר וועלן זיך נאך זען. זייט געזונט!"

וואכן פון וואנדערן. מיר זיינען אין ווילנע. מ'ווארט אומגעדולדיק אויף ידיעות פון דער היים. די ערשטע באריכטן, בריוו קומען אן פון סאניען. מען ארגאניזירט די אונטערערדישע באוועגונג. ביסלעכווייז — קלייבט מען זיך צונויף. מען טרעפט זיך, פארבינדט זיך. אלע צווייגן פון דער באוועגונג הייבן אן אויפצולעבן. שול, קיכן, סאנאטאריע, הילפס־ארבעט — אומעטום סאניע. זי לעבט און אטעמט מיט דער באוועגונג, מטי דער ארבעט.

זי האט דעם גרויסן, דעם גרעסטן עקזאמען אויסגעהאלטן — אין דער נסיונותפולסטער צייט.

***

סאניע איז געוואקסן און דערצויגן געווארן אין „בונד". אירע וואכן, איר יום־טוב — זיינען געווען דער „בונד". זי איז אריין אין דער באוועגונג נאך אלס א יונג מיידל. זי הייבט אן איר טעטיקייט אין דער פראפ. באוועגונג. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האבן די דייטשע אקופאנטן זי פארשיקט אין א געפאנגענלאגער. זי זיצט דארט צוזאמען מיט א ריי אנפירנדיקע מענטשן פון אונזער באוועגונג.

אין אומאפהענגיקן פוילן האט זי אלע אירע כוחות געווידמעט דער שול־באוועגונג. זי ווערט א לערערין אין די יידיש־וועלטלעכע שולן, פארפולקאמט איר וויסן און פעדאגאגישע צוגרייטונג, און אין משך פון א קורצער צייט ווערט זי איינע פון די בעסטע דערציערינס און לערע־

רינס. זי האט די קינדער געשאנקען א סך פרייד. זיי געלערנט לעבן, האפן און קעמפן. בעת דער היטלער־מלחמה איז איר, ליידער, אויסגעקומען די קינדער אויסלערנען אויך העלדיש שטארבן.

זי באגרענעצט ניט איר ארבעט בלויז מיטן קלאס־צימער. זי איז אויסערגע־וויינלעך אקטיוו ביים ארגאניזירן און אנפירן מיט די עלטערן־קאמיטעטן, זי גיט אוועק כוחות אויף דער געזעלשאפט־לעכער ארבעט ארום דער יידיש־וועלט־לעכער שול.

אבער גלייכצייטיק טוט זי אלץ מעג־לעכעס אלס געטרייער פארטיי־מיטגליד.

עס ברעכט אוים די צווייטע מלחמה. סאניע, ווי געזאגט, בלייבט אויף איר פאסטן. זי פירט א גרויסע טעטיקייט אין דער אונטערערדישער באוועגונג. מיט די 3 יאר ארבעט האט סאניע אריינגעשריבן א שיין, ווערטפול בלעטל אין דער גע־שיכטע פון דער יידישער ארבעטער־באַ־וועגונג. דער קומענדיקער היסטאריקער פון דעם העראאישן פעריאד פון „בונד" וועט ניט קאנען פארבייגיין דעם נאמען סאניע. זי האט מיט איר ענערגיע און געטריישאפט אזויפיל מיטגעווירקט צום אויפבלי פון דער אונטערערדישער באווע־גונג און אזויפיל בייגעטראגן צו איר העלדישקייט.

ש. מענדעלסאן

***

די שוועסטער פון סאניע נאוואגרודסקי, ציליע יעזשאר (מעקסיקע), גיט איבער זייער אינטערעסאנטע פרטים צו דער ביאגראפיע פון חברטע סאניע:

„סאניע (שיינע גיטל) משעמעלינסקי־נאוואגרודסקי איז געבוירן געווארן אין יאר 1893 אדער 1894, אין א קליין שטעטל ביטען נעבן סלאנים.

ווען סאניע איז געווארן איין יאר, זיינען די עלטערן אריבערגעפארן קיין ווארשע. סאניעס מאמע, שרה באשע, איז געווען א טיף רעליגיעזע פרוי. זי פלעגט יעדן טאג באהאלטן דעם סידור אונטערן מאנטל און לויפן דאווענען אין דער שול פון חברה ש"ס, נאלעווקי 39. אין איר שטילקייט און באשיידנקייט פלעגט זי זיין זייער אקטיוו אין פארשיידענע חברות צו העלפן ארעמע און שוואכע מענטשן. פאר אירע ביטענער, די ארעמקייט פון איר שטעטל, איז זי געווען דער אדרעס צו וועמען זיי פלעגן זיך ווענדן אין אן עת־צרה. מען האט זי דעריבער גערופן „די מאמע פון ביטען". זי פלעגט מיט די ביטענער קראנקע גיין צו דאקטוירים, שאפן זיי אומזיסטע רעצעפטן און אפט־מאל פלעגן זיי בלייבן שלאפן ביי איר אין שטוב.

נישט געקוקט אויף איר פרומקייט, האט זי דאך פארשטאנען און טאלערירט ווען די קינדער האבן אנגעהויבן אנדערש זיך אויפפירן, ווי די עלטערן האבן געוואלט.

דער פאטער, משה איז געווען א בן־תורה, א פאנאטישער חסיד פון סלאני־מער רבי. ער איז געווען פון רבינס טיש־זיצער. אין סלאנימער שטיבל אין ווארשע האט מען אים גערופן „משה, גיב א ניגון". דאס איז געווען דערפאר, ווייל דער רבי פלעגט זיך שטענדיק ווענדן צו אים מיט די ווערטער: „גיב א ניגון". דער סלאנימער רבי האט ליב געהאט געזאנג. ער האט אליין פארפאסט פאר־שיידענע ניגונים מיט ווערטער, וועלכע זיינען געווארן זייער באליבט ביי זיינע חסידים.

נישט געקוקט אויף זיינע כסדרדיקע דורכפאלן אין מסחר, איז דער פאטער שטענדיק געווען אן אפטימיסט. ווען דער

טאַטע פֿלעגט אַהיים קומען פֿון אַ רייזע און נעמען די פֿידל אין האַנט אַריין, האָבן שוין אַלע אין שטוב פֿאַרשטאַנען, אַז קיין גוטע געשעפֿטן האָט ער נישט געמאַכט. אָבער אַ נייעם ניגון פֿאַרן רבין האָט ער יאָ געבראַכט. דעם ניגון האָט ער געקויפֿט אין בית־מדרש פֿון דער שטאָט וואו ער איז געפֿאָרן וועגן מסחר. דער פֿאָטער איז געווען אַ שטענדיקער אַבאָנענט פֿון דער טעגלעכער העברעאישער צייטונג „הצפֿירה".

סאָניע איז געווען אין שטוב די עלטסטע, און דער פֿאָטער האָט געוואָלט אַז זי זאָל קענען יידישע לימודים. ער האָט זי געשיקט אין דער העברעאישער גימנאַזיע „יהודיה".

צו 13 יאָר האָט סאָניע געשריבן העברעאישע שירים און איז געווען אַן ענטוזיאַסטישע ציוניסטקע. דעם טאַטן איז עס געווען נישט צום האַרצן — סיי וואָס זי רעדט „לשון קודש" אין דער וואָכן און סיי וואָס זי גייט אויף אַפּיקורסישע וועגן; האָט ער חרטה געקריגן און זי אַפּגענומען פֿון גימנאַזיע ווען זי האָט שוין געלערנט אין די העכערע קלאַסן.

דעם פֿאָטערס געשעפֿטן זיינען אַוועק שלעכט, און אין שטוב זיינען שוין געווען אַכט קינדער. סאָניע איז געווען זייער אַ גייציקע קינד אין דער משפּחה. זי האָט זיך אַלעמאָל אינטערעסירט מיט דער לאַגע אין שטוב און האָט געהאָלפֿן מיט וואָס זי האָט נאָר געקאָנט. זי האָט געגעבן לעקציעס; וואָס זי האָט פֿאַרדינט, האָט זי אָפּגעגעבן אין שטוב, פֿאַר זיך האָט זי קיינמאָל גאָרנישט פֿאַרלאַנגט.

אַלס יונג מיידל איז סאָניע געוואָרן אַריינגעצויגן אין דער בונדישער באַוועגונג. דעמאָלט האָט זי אָנגעטראָפֿן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד מצד דעם טאַטן. ער האָט איר פּשוט דערקלערט מלחמה. ער פֿלעגט פֿאַרברענען אַלע זשורנאַלן, ביכער, וואָס ער האָט ביי איר געפֿונען. ער האָט איר אַפֿילו אויף אַ געוויסער צייט פֿאַרטריבן פֿון שטוב.

סאָניע האָט זיך אויסגעלערנט נייען היט. זי האָט געאַרבעט און ווייטער שטודירט.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע איבער פּוילן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען פֿון די יידישע אַרבעטער, איז סאָניע געווען די גרינדעריין פֿון דעם קאַפּעלושמאַכער־פֿאַריין אין וואַרשע. זי איז אויך געווען די ערשטע סעקרעטאַרין אין פֿאַריין.

סאָניע האָט אויך געשאַפֿן דעם ערשטן „גראָסער־כאָר" אין שטוב פֿון די חברטעס סאָלאָמאָן, אויף באָניפֿראַטערסקאַ גאַס. אין דער דירה פֿון די דאָזיקע חברטעס איז געווען אַ פּיאַנאָ, און דער באַקאַנטער מוזיקער מ. שניאור האָט אָנגעפֿירט מיט דעם כאָר (ביז כמעט 100 כאָריסטן). עס איז געוואָרן איינע פֿון די באַליבטסטע אינסטיטוציעס פֿון דער בונדישער באַוועגונג אין וואַרשע.

סאָניע איז אין די יאָרן פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע אין פּוילן געווען די איינציקע פֿרוי אינעם וואַרשעווער קאָלעקטיוו פֿון „בונד", די העכסטע אָנפֿירונג פֿון דער דעמאָלטדיקער בונדישער באַוועגונג אין פּוילן. זי האָט געאַרבעט אין אַ סך אינסטיטוציעס, וואָס דער „בונד" האָט געהאַלטן אין איין שאַפֿן. זי האָט אויך געפֿירט די פּראָטאָקאָלן ביי כמעט אַלע בונדישע קאָנפֿערענצן און צוזאַמענקומען.

אין 1916 האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט דורכגעפֿירט מאַסן־אַרעסטן פֿון דער אָנפֿירונג פֿון אַלע האַלב־לעגאַלע פּאָליטישע פּאַרטייען אין פּוילן. ס'איז

אויך ארעסטירט געווארן כמעט דער גאנצער „קאלעקטיוו” פון „בונד”. סאניע איז דעמאלט פארשיקט געווארן קיין דייטשלאנד, אין האפעלבערגער פעסטונג. שפעטער האט מען זי צוריקגעשיקט קיין פוילן, אין מאדלינער פעסטונג. אין דייטשן געפאנגען־לאגער האט זי זיך טאקע באקענט מיט איר קינפטיקן מאן עמנואל נאוואגרודסקי.

ווען סאניע איז באפרייט געווארן פון מאדלינער פעסטונג, איז שוין פוילן געווען א זעלבשטענדיקע מלוכה אונטער דער פרעמיערשאפט פון פוילישן סאציאליסט מאראטשעווסקי. זי קומט אהיים און טרעפט אין שטוב גרויס טרויער, מ'זיצט שבעה נאכן טויט פון דער מוטער, וועלכע איז געווען א קרבן פון דער שרעקלעכער טיפוס־עפידעמיע, וואס האט דעמאלט געבושעוועט אין פוילן.

די לאגע אין דער היים איז געווען זייער א שלעכטע, די שטוב איז געווען איינגאנצן רואינירט.

סאניע האט זיך ווייטער אריינגעווארפן אין דער געזעלשאפטלעכער ארבעט. איצט האט זי זיך הויפטזעכלעך אפגעגעבן מיט פעדאגאגישער טעטיקייט. דאס יונגע יידיש־וועלטלעכע שול־וועזן איז זיך צעוואקסן. סאניע האט אדורכגעמאכט א לערער־סעמינאר און גיט זיך איבער מיט ברען דער שול־ארבעט. די „גראסער־שול” אויף קארמעליצקע נומער 29 איז איר שול. זי לערנט מיט די קינדער און לערנט זיך אליין. איך געדענק גארנישט אזא צייט, ווען סאניע זאל זיך נישט לערנען.

דער באוואוסטער געלערנטער פישל שניאורסאן גרינדעט אין די לעצטע יארן ביי דער געזעלשאפט „טאז” (אזע) א באראטונגס־שטעלע פאר דעפעקטיווע קינדער. עס האבן דארט געארבעט דריי מעדיצין־דאקטוירים, און סאניע איז געווען די „פעדאגאגישע פארשערין”. זי האט געהאט די אויפגאבע צו באזוכן די היימען פון די נישט־נארמאלע קינדער, זען אין וואס פאר א סביבה די קינדער לעבן, זיך באקענען מיט די מאראלישע און גייסטיקע באדינגונגען, אין וועלכע די קינדער קומט אויס צו אנטוויקלען זיך. זי פלעגט אנשרייבן די באריכטן און צושטעלן זיי צום פראפ. פישל שניאורסאן. דער לעצטער איז געווען אויסערגעוויינלעך צופרידן פון סאניעס ארבעט.

דאס איז געווען פאר סאניען זייער אן אינטערעסאנטע ארבעט, אבער אויך זייער אן אנגעשטרענגטע. זי איז געווען אומדערמידלעך אין דער טעטיקייט. אינדערפרי אין דער „גראסער־שול”, נאכמיטאג אין „טאז”, ארומלויפן איבער די הייזער צו אבסערווירן די קינדער, און די אוונטן צוגרייטן די באריכטן וועגן די קינדער, אליין זיך לערנען”.

***

א מוטיקע פרוי מיט א שטארקן כאראקטער. א ליידנשאפטלעכע און דרייסטע בארג־גייערין אין די טאטרען־בערג, קלוג און פעאיק פון דער נאטור, מיט א געזאלטיקער איניציאטיוו, מיט א שטארק־אנטוויקלטן עסטעטישן חוש, אליין א מוטער און מיט א טיפער פארשטענדעניש פאר יענעמס קינדער, אן אקטיווע און געזעלשאפטלעכע נאטור — אט דאס איז געווען די ח־טע סאניע. דערצו א גוטער חבר, אויפמערקזאם צו יענעמס ליידן און שווערע איבערלעבונגען.

מיט די אלע מעלות איז זי געווען — אן אוצר פאר דער יידיש־וועלטלעכער שול. זי האט געפירט איר יינגערן קלאס מיט זיכערקייט, סיסטעמאטישקייט, דורכגעטראכטקייט. זי האט באטראכט די קליינע קינדער ווי קינפטיקע בירגער אין

יידישן און פוילישן לעבן, ווי קומענדיקע מיטגלידער פון דער קעמפנדיקער סאציאליסטישער ארמיי. אין דער שול־ארבעט האט זי זיך אידעאיש און פסיכיש אויסגעלעבט. זי האט פריידיק איבערגעלעבט דעם וואוקס פון דער יידיש־וועלטלעכער שול און זי האט טיף געליטן ביי יעדן אומגליק און צרה פון דער שול און פון דער צישא. זי איז ניט געווען איינגעשלאסן אין די ד' אמות פון איר קלאס, איר קוק איז געווען א ווייטערער, ברייטערער. אירע וויסנשאפטלעך־פעדאגאגישע אינטערעסן זיינען געווען שטארק פארוויס לגבי א סך אנדערע לערער אין שול. איר קלאס איז אין אירע אויגן געווען א רינג אין דער גאלדענער קייט פון דער צישא, פון דער פארטיי, פון דער גאנצער יידיש־וועלטלעכער קולטור. זי איז קיינמאל ניט געווען זעלבסטצופרידן מיט די רעזולטאטן פון איר ארבעט, האט שטענדיק געלערנט, געזוכט, עקספערימענטירט.

און אזוי איז סאניע געווען אויך אין ווארשעווער געטא, אין די שוידערלעכע באדינגונגען פון איר פערזענלעכער איינזאמקייט און אפגעריסנקייט פון איר מאן און זון, אין די שרעקלעכע באדינגונגען פון אלגעמיינעם יידישן לעבן אין גיהנום פון געטא.

אין זיין בוך „פינף יאר אין ווארשעווער געטא" ווידמעט בערנארד גאלדשטיין א סך זייטן — דער ראל און דער האלטונג פון סאניע נאוואגרודסקי אין ווארשעווער געטא (ז"ז 201, 223, 262 א"וו, 273, 274, 419 א"א). ער שילדערט אויך דעם לעצטן טראגישן וועג, וועלכן ח־טע סאניע האט דורכגעמאכט צוזאמען מיט אים. עס איז געווען א מאמענט פון שוידערלעכן געיעג נאכן רעשטל יידן, כדי זיי צו דעפארטירן — צו די קאלד־אויוונס. מע שלעפט קראנקע, אלטע, קינדער... מיט פארשיידענע פראוואקאציעס און אפנארערישע שטיק שלעפט מען די יידן קיין טרעבלינקע. ח' בערנארד מאכט דורך צוזאמען מיט סאניען שרעקלעכע טעג פון וואנדערונגען און אויסבאהאלטענישן. חברים טוען אלץ כדי זיי צו ראטעווען און צו פארלייכטערן זייער לאגע.ביידע האבן אן אויסלענדישן פאס, אויף וועלכן זיי פיגורירן ווי מאן און ווייב. עס שיינט פאר זיי א שטראל האפענונג... אבער די בלוטיקע יאגד־הינט, שיכורע, מיט בלוט־פארלאפענע אויגן, אוקראינער און אויך יידישע פאליציאנטן — פארפאלגן זיי. אבלאוועס, סעלעקציעס. עטלעכע מאל שיר ניט אריינגעפאלן. מע לויפט פון הויף צו הויף, פון בוידעם — צו בוידעם, פון דער „קליינער געטא" — אין דער גרויסער... „סאניע איז אין יענע טעג געווען שרעקלעך צערודערט, פלעגט אפט באקומען נערוון־אויפטרייסלונגען. א צעווייטיקטע, א צעפייניקטע שרייט זי בעת די נערוון־אנפאלן, אז מיר מוזן זיך איבערגעבן, מיר טארן פון זיך נישט מאכן קיין אויסנאם"...

...„דער חלף האט זיך צוגערוקט הארט צו אונזער האלדז. איינמאל אז אוונט נאך דער פאליציי־שעה, קומען צו לויפן צו אונז אויפגערעגטע, פארצווייפלטע די ח"ח געפנער און ניימארק (זון פון חבר אריה ניימארק, בונדישער טוער, מיטארבעטער פון דער „פאלקסצייטונג", היינט אין אמעריקע) און גיבן איבער: זיי האבן געהערט פון די דייטשן, אז עס גרייט זיך אויף מארגן פרי א סעלעקציע (אפקלייב) אויפן שטח פון פאבריק גופא, אז מען מאכט צוגרייטונגען אפצושליסן די פאבריק און דורכפירן אן אקציע. מיר מוזן שוין פארלאזן דאס הויז! חבר ניימארק, וואס האט געהאט דעם אמט פון טויער־וועכטער (זיין מוטער איז אויך געווען מיט אים אויפן

שטח פון פאבריק), האט שוין אלץ צו־געגרייט, כדי אונז דורכצופירן אין פאב־ריק אריין און דארטן באהאלטן.

„א גאנצע נאכט האבן מיר געפיבערט, געגרייט זיך, מיר האבן באשלאסן נישט צו לאזן זיך נעמען. אויב א דורכפאל, וועלן מיר זיך מיט אלע מיטלען ווערן, פארטיידיקן, זאל מען אונז דערשיסן אויפן ארט... סאניע איז א גאנצע נאכט נאך נישט געווען דעצידירט — זאל זי מיטגיין מיט אונז צי נישט: חבר געפ־נער האט איר געשאפן א דאקומענט אז זי ארבעט אין פאבריק און איז א פרוי פון איינעם פון די דירעקטארן. חוץ דעם האט זי דאך פארמאגט אן אויס־לענדישן פאס, — האט זי אין טויט־פארצווייפלונג זיך אנגעהאלטן אן דעם — פיליכט וועט זי זיך קענען ראטעווען. גאנץ באגינען זיינען געקומען אונז מיט־נעמען מיט זיך דער יונגער חבר געפנער און ניימארק. סאניע האט אין דער לעצ־טער מינוט ענדגילטיק זיך דעצידירט — זי בלייבט! מיט שטומע אויגן האבן מיר זיך אפגעזעגנט און אוועק..."

דעם 13־טן אויגוסט 1942 ווערט פון דער פאבריק פון וו. צ. טאבענס צוגע־נומען סאניע נאוואגרודסקי, צום אומקום.

**נאָטיק, אסתר** — געבוירן אין ווילנע אין 1893. איר פאטער, דויד נאטיק, איז געווען א באוואוסטער העברעאיש־לערער, א משכיל און מחבר פון „מקרא מפורש". ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון די ווילנער העבר. קורסן „יהודיה". אסתר איז טאקע דארטן געווארן א לע־רערין אונטערן פאטערס השגחה. אין 1915 ווערט זי איינגעלאדן אלס העב־רעאיש־לערערין אין דער שול פון דער געז. „קינדער־פארזארגונג". מיט דער צייט פירט זי אן מיט א גאנצן קלאס און לערנט דא אלע לימודים. אין די יארן פון דער דייטשער אקופאציע (1916־20) איז זי אויך לערערין פון אלגעמיינע לימודים און פון יידישער שפראך אין דער אוונט־שול פון „הילף דורך ארבעט".

ווען עס האט זיך געגרינדעט דער „צענטראלער בילדונגס־קאמיטעט" אין ווילנע, איז די מיידל־שול פון דער געז. „קינדער־פארזארגונג" אריבער אויף יידיש אונטערן נאמען ש. פרוג־שול. אין דער דאזיקער שול איז אסתר נאטיק פאר־בליבן אלס לערערין ביז די לעצטע טעג פון איר לעבן. אין יאר, 1933־34, איז זי אפילו געווען פארוואלטערין פון דער פרוג־שול.

אסתר נאטיק האט זיך אויסגעצייכנט אלס זייער א צוגעפאסטע לערערין פאר די יינגערע קלאסן. זי איז געווען שטארק באליבט ביי אירע תלמידים פאר איר לעבעדיק־מונטערן כאראקטער און פאר איר פארשטענדעניש פון קינדס פסיכא־לאגיע. זי איז געווען זייער אן ארבעט־זאמע, פעאיקע און אינטערעסאנטע לע־רערין. די שילערינס האבן זיך צו איר באצויגן ווי צו אן עלטערער שוועסטער.

אומגעבראכט געווארן איז זי, ווי ס'ווייזט אויס, נאך פארן איינפירן פון געטא, אויף פאנאר, זומער 1941.

די ווילנער לאנגיאריקע לערערין בתיה פופקא, ניו יארק, דערציילט וועגן אסתר נאטיק:

„אסתר נאטיק האט געקראגן איר אל־געמיינע בילדונג אין א רוסישער גימ־נאזיע אין ווילנע און האט אויך פאר־ענדיקט א ספעציעלן פעדאגאגישן 8־טן קלאס ביי דער גימנאזיע, באקומענדיק א לערערשן דיפלאם.

פון דער היים האט זי ארויסגעטראגן גרינטלעכע קענטענישן פון העברעאיש, העברעאישער ליטעראטור, תנ"ך און

יידישער געשיכטע. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און תיכף נאָך דער מלחמה, ווען עס איז אַנטשטאַנען און אָנגעהויבן צו וואַקסן דער יידיש־וועלטלעכער שולוועזן אין ווילנע, איז אסתר נאַטיק געווען פון די ערשטע וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַן די רייען פון דער ווילנער לערערשאַפט און מיט דער צייט איז זי געוואָרן אַ טייל פונעם פונדאַמענטאַלן פעדאַגאָגישן קערן, אויף וועלכן עס האָבן זיך געשטיצט די יידישע שולן אין ווילנע. זי איז געווען איינע פון די דערפאָלגרייכע לערערינס. האָבנדיק אַן אַלגעמיינע פעדאַגאָגישע בילדונג און קענענדיק אַזוי גוט העברעאיש, איז זי געווען די איינציקע לערערין אין די וועלטלעכע שולן, וואָס האָט אונטעריכט העברעאיש און יידישע געשיכטע אין די יידישע פאָלקשולן, ווייל בדרך כלל האָבן זיך די דאָזיקע לימודים שטענדיק געפונען אין די הענט פון אַ לערער.

אסתר נאַטיק איז געווען געבענטשט מיטן טאַלאַנט אַריינצוטראָגן אַן אַטמאָספער פון רואיקייט, געלאַסנקייט און לייכטקייט אין קלאַס, און ביי איר איז קיין מאָל נישט געווען קיין פּראָבלעם פון דיסציפּלין. זי האָט לאַנגע יאָרן געאַרבעט אין דער „פרוג־שול". און שפּעטער, ווען די דאָזיקע שול האָט זיך פאַראייניקט מיט דער „קופערשטיין־שול", האָט זי פאַרגעזעצט איר אַרבעט דאָרטן, וואו איר פלעגט אויסקומען צו לערנען אין אַ קלאַס פון 50־60 קינדער. ס'איז געווען ממש צו באַוואונדערן, ווי זי האָט באַהערשט די סאַמע שווערע און טומלדיקע קינדער, — זיי פלעגן גלייך דערשפּירן אינסטינקטיוו דעם אויטאָריטעט פון לערער.

אסתר נאַטיק האָט געהאַט אַ וואַרעמע נאַטור, זייער אַ פיינע באַנעמונג צו מענטשן, און אַ געזונטן פּראַקטישן חוש. זי האָט אויך פאַרמאָגט אַ סך גוטמוטיקייט און פריילעכקייט. איר לעבעדיקע און אָנגענעמע שטימע און איר קלינגענדיקער ווי אַ גלעקל געלעכטער פלעגן אָפּט פאַרהילכן דעם לערער־צימער בעת די הפסקות אָדער אויף אַ זיצונג פון פעדאַגאָגישן ראַט".

נאַטיק, רבקה — געבוירן אין 1897, אַ יינגערע שוועסטער פון אסתר נאַטיק, האָט געקראָגן פון דער היים דעם זעלבן גייסטיקן באַגאַזש — אַ גרינטלעכע אויסבילדונג אין העברעאיש און יידישער געשיכטע. זי האָט אויך פאַרענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע. באַזיצנדיק גוטע פעאיקייטן און אַ שטאַרקן דראַנג צום לערנען, האָט זי זיך נישט באַנוגנט מיט דער גימנאַזיע. זי איז אַוועקגעפאָרן קיין ווין, אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט און האָט דאָרט שטודירט פילאָזאָפיע און געשיכטע. דער דאָקטאָר־דיפּלאָם איז איר נישט לייכט אָנגעקומען, ווייל איר משפּחה איז געווען ווייט פון פאַרמעגלעך. רבקה האָט זיך געדאַרפט אויסהאַלטן אַליין, געבנדיק לעקציעס פון העברעאיש.

לויטן כאַראַקטער און נאַטור איז רבקה נאַטיק נישט געווען ענלעך צו איר שוועסטער. זי איז געווען איינגעשלאָסן, ערנסט, צוריקגעהאַלטן אין איר באַציאונג צו מענטשן. זי איז געווען שטרענג אין אירע פאָדערונגען צו זיך, און אַזוי איז זי אויך געווען צו די אַרומיקע. די דאָזיקע אייגנשאַפטן האָבן אַרויפגעלייגט אַ שטעמפּל אויף איר פעדאַגאָגישער טעטיקייט אין ווילנע, וואו זי האָט אונטעריכט אַלגעמיינע און יידישע געשיכטע אין דער „סאָפיע גורעוויטש־שול" און שפּעטער אין דער ווילנער רעאַל־גימנאַזיע פון צ. ב. ק. זי האָט אָבער אימפּאָנירט אַלע־

מען מיט איר וויסן און בילדונג און האָט אַרויסגערופן דרך ארץ, סיי ביי אירע קאָלעגן און סיי ביי אירע תלמידים. זי איז אויך געווען וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטערין פון ייוואָ.

רבקה נאַטיק האָט געטיילט דעם זעלבן גורל ווי איר שוועסטער אסתר — זי איז אומגעקומען אויף פּאָנאַר, זומער 1941.

בתיה פּופּקאָ

**נאָטיק, עמנואל** — ברודער פון אסתר און רבקה נאַטיק. געבוירן אין 1891 אין ווילנע. געווען פאַרוואַלטער פון די פּראָפעסיאָנעלע אָוונט־קורסן אין „הילף דורך אַרבעט". אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע אויף פּאָנאַר, זומער 1941.

**נאָטקאָווסקי, שלמה** — געבוירן אין וואַרשע אין 1904. זיין פאָטער איז געווען אַ העברעאישער לערער, אַן אויפגעקלערטער מענטש מיט אַ משכילישער איינשטעלונג. ער האָט געהאַט צוויי זין. דער עלטערער האָט שלמהן אַריינגעצויגן אין יוגנט־בונד „צוקונפט"; ער איז דעמאָלט געווען אַ שילער פון דער גימנאַזיע „השכלה", און די „צוקונפט" האָט אים דעריבער צוגעטיילט צו אַ שילער־־קרייז, וואָס האָט שטודירט די גרונט־פּרינציפּן פון מאַרקסיזם און סאָציאַליזם. די מיטגלידער פון קרייז זיינען געקומען פון פּוילישע אָדער אַסימילאַטאָרישע יידישע שולן, אָבער פון דעם קרייז זיינען שפּעטער אַרויסגעוואַקסן פירנדע טוערס פון דער „צוקונפט" און פון „בונד".

נאָך דעם ווי נאָטקאָווסקי האָט געענדיקט די גימנאַזיע, איז ער אַנגעקומען אין וואַרשעווער פּאָליטעכניקום. ער איז דעמאָלט, אין די צוואַנציקער יאָרן, גלייכצייטיק געוואָרן אַ לערער אין דער אָוונטשול אויף נאָוואָליפּקי 68, איינע פון די אָוונט־שולן וואָס די „צוקונפט" האָט אָנגעפירט אין וואַרשע. די אַרבעט אין די שולן האָט נאָטקאָווסקין שטאַרק דערנענטערט צו דער פּראָלעטאַרישער יידישער יוגנט, מיט וועלכער ער האָט זיך דאָ געטראָפן פּנים על פּנים.

סוף צוואַנציקער יאָרן איז ער געוואָרן סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע. נאָטקאָווסקי האָט באַלד אַרויסגעוויזן גרויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייטן און האָט גיך אַרויסגערופן טיפן דרך־ארץ און אָנערקענונג ביים עולם יוגנט. העכער פון מיטעלן וואוקס, שלאַנק, מיט אַ לענגלעכדיק אַליוור־קאָליר פּנים, גערעדט שטיל, געלאַסן, שמייכלדיק, מיט אַ גוטן חוש פאַר הומאָר — האָט ער לייכט געפונען דעם וועג צו ווערן אינטים פאַרבונדן און באַליבט ביי דער יוגנט. כאָטש דאָס שטודירן אין וואַרשעווער פּאָליטעכניקום האָט געפאָדערט זייער אַ סך אַרבעט, האָט ער פונדעסטוועגן אַ סך צייט אויך אָפּגעגעבן פאַר דער אַרבעט אין דער „צוקונפט".

ש. נאָטקאָווסקי האָט געהאַט אַ רעאַליסטישן צוגאַנג צו אַלע פראַגן פון דער פּראַקטישער אַרבעט, איז אָבער געווען אַדורכגענומען מיט אַ טיפן געפיל און גלויבן אין סאָציאַליזם. ער איז געווען אַ טיפּ פון אַ „רעאַליסטישן אידעאַליסט". זיין באַשיידנקייט איז געווען גוט באַקאַנט צווישן זיינע פילצאָליקע פריינד און מיטאַרבעטערס. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געשטופּט צו זיין אַ פראָנט־פירער; צום בעסטן האָט ער זיך געפילט ביי זיין אַרבעטס־טיש; אָבער דאָרט וואו מען האָט געדאַרפט אַרויסווייזן כאַראַקטער, ווילן, שטאַנדהאַפטיקייט — דאָרטן האָט מען געפילט זיין זיכערע האַנט.

ש. נאטקאווסקי האט געענדיקט דעם ווארשעווער פאליטעכניקום אנהייב דרייסיקער יארן מיטן טיטל אינזשיניער. דער שארפער אנטיסעמיטישער קורס פון דער פוילישער רעגירונג און פון דער פוילישער בורזשואזיע האט זיך אויך אויסגעדריקט אין דעם, וואס מען האט נישט צוגעלאזט קיין יידן צו די גרויסע פאבריקן. נאטקאווסקי האט געמוזט אוועקפארן אויף דער פראווינץ. נאך א געוויסער צייט איז ער צוריק געקומען קיין ווארשע און איז געווען געצוואונגען אנצונעמען א באשעפטיקונג ניט אין זיין ספעציאליטעט. ער איז דעמאלט געווארן זייער אקטיוו אין דער ווארשעווער אפטיילונג פון דער אחבעטער־ספארט־געזעלשאפט „מארגנשטערן", ער האט זיך דא ווידער מיט זיין גאנצער ענערגיע געווארפן אין דער ארבעט. ער האט זיך גרינטלעך באקענט מיט אלע פראבלעמען פון ארבעטער־ספארט, כאטש ער אליין איז נישט געווען קיין פראקטיצירנדיקער ספארטלער; ער איז באלד געווארן דער פאקטישער פירער, די נשמה פון דער דאזיקער ארגאניזאציע און איז גיך געווארן אויסגעקליבן פאר איר פארזיצער; ער איז פארבליבן אויף דעם אמט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה.

ווען ס'איז אויסגעבראכן די מלחמה און די נאצים האבן זיך דערנעענטערט צו ווארשע, איז נאטקאווסקי מיט זיין פרוי סטאשע (פון דער היים הערצמאן) און דריי־יאריקן זונעלע אוועק צוזאמען מיטן גרויסן שטראם יידישע געזעלשאפטלעכע טוערס. אין גרויסן געווירבל איז ער גיך אפגעריסן געווארן פון די רעשט חברים. ער איז צוזאמען מיט זיין פאמיליע אומגעקומען באלד אין אנהייב פון דער מלחמה. לויט איין ידיעה זיינען זיי אומגעקומען הינטער לעמבערג בעת א באמבארדירונג; לויט א צווייטער ידיעה זאל דאס האבן געשען הינטער פינסק.

יוסף ליפשיץ

## נאַכטנשטיין, ליזע (לאה) —

געבוירן אין וואלין אין 1890, האט ל. נאכטנשטיין, נאכן פארענדיקן מיטלשול זיך פארבונדן מיט דער פועלי ציוניסטישער באוועגונג און שפעטער מיט דער נייער יידישער שול.



ווען איך בין אין יאר 1933 אנגעקומען אין ווארשע, האב איך זי געטראפן אלס לערערין פון מאטעמאטיק אין דער שול אויף דזיקע 6. זי איז שוין ניט יונג געווען דאן. מיטלוואוקסיק, שווער געבויט, ווינציק עלאסטיש. א גרויסע קענערין פון אירע לימודים. א זעלטן פינקטלעכער מענטש און זייער חבריש צו יעדן איינעם. פאר די שילער איז זי געווען ניט נאר א לערערין און דערציערין נאר אן אמתע מאמע. האט פארמאגט א סך הומאר, ליב געהאט וויצן, גלייכווערטלעך און האט געהאט א הילכיקן געלעכטער, כאטש איר לעבן איז געווען שווער און איינזאם. די תלמידים האבן זי זייער ליב געהאט, געאכטעט זי און פלעגן זיך פאר איר אויסרעדן ווי פאר א נאענטן מענטשן. די משפחהדיקייט וואס עס האט איר געפעלט אין פריוואטן לעבן האט זי אריינגעבראכט אין דער שילער־פעריפעריע. זי איז געווען צו אירע תלמידים שטרענג אבער געטריי און גוט, הגם אפט שארף אין אויסדרוק. מענטשן וועלכע זי האט ניט ליב געהאט האט זי ארויסגעוויזן ביטול. מיט איר געפיל פאר אבסאלוטער

גערעכטיקייט און קאמפראמיסלאזיקייט האט זי זיך דערווארבן א סך פערזענלעכע פריינד צווישן שילער און לערער.

אין ווארשעווער געטא, בעת די נאציס, גיט זי אפּ אירע שוין דאן ניט גרויסע כוחות און העלפט ארגאניזירן די גרויסע קינדער־קיך אין בנין פון דער שול נאוואליפּקי 68. דא ארבעט זי מיט גרויס איבערגעגעבנקייט און פליס אלס דערציערין אין איינער פון די שילער־גרופּעס. אויסער דעם איז זי זייער אקטיוו אין די אומלעגאלע שול־קאמפּלעטן אלס לערערין. איר לעבן איז זייער שווער. זי וואוינט אין א פּיצל צימערל אן אן אויוון — ווינטער אין די גרויסע פרעסט אן באהייצונג. זי איז שטארק פארעלטערט געווארן אין דער דאזיקער צייט. מיט א זעלטענעם מסירת נפש פירט זי אויס איר ארבעט אלס דערציערין אין דער קינדער־קיך, מיט באזונדערע ליבע און הארציקייט נעמט זי אויף די פארבייגייענדיקע פּעטענטן־קינדער וואס באקומען אביסל זופּ און לויפן אין גאס האנדלען. זי ווייזט ארויס מאמעשע זארגעוודיקייט פאר יעדן פון די גאסן־קינדער, זיי צו געווינען און פארהאלטן אין לאקאל פון דער קיך. עס געלינגט איר צו באווירקן א סך פון די עלטערן מען זאל די קינדער ניט שיקן אין גאס בעטלען. די עלטערן זעען אין איר א גרויסן פריינד און רעכענען זיך מיט אירע עצות.

זי פלעגט אפּט איינרייסן מיט דער לייטונג און פארוואלטונג פון דער שול צוליב איר פארמאליסטישן צוגאנג. זי האט געקענט דעם איינציקן וועג אין לעבן — דעם וועג פון דירעקטקייט און פּשוטקייט. אלע אנדערע וועגן זיינען געווען דורך איר געהאסט. זי האט פיינט געהאט נאכגיביקייט און הכנעה.

אין דער קיך וואו זי איז שטענדיק געווען ארומגערינגלט מיט עלטערן און פּעטענטן פון גאס — נישט איינמאל פארלייזיקטע — האט זי זיך טאקע אנגעשטעקט מיט טיפוס. און אין א פראסטיקן ווינטער־טאג (דוכט מיר פעברואר 1942) האט ליזע נאכטנשטיין אויסגעהויכט איר נשמה. א גרויסער בלויז איז געבליבן אין די דעמאלטדיקע שווערע טעג נאך איר פארלוסט. קיינער האט איר ארט ניט געקענט פארטרעטן. און דער טרויער וואס איז געבליבן נאך איר, האט זיך צענויפגעגאסן מיט דעם אומענדלעכן טרויער פון אונזערע דעמאלטדיקע האפנונגסלאזע טעג.

ג ע נ י א  ס י ל ק ע ס

## נאַראָדאָווסקי, רבקה

— „איר זייט א לערערין פון גאטס גנאד", האט אמאל געזאגט א שול־אינספּעקטאר (א גרויסער שונא־ישראל) בעת ער האט וויזיטירט רבקה נאראדאווסקיס קלאס. ער האט געזען, אז זי האט דורכגעפירט די לעקציע לויט אלע כללים פון מעטאדיק און פראגראם. דאס איז אבער ניט געווען איר איינציקע מעלה. רבקה נאראדאווסקי איז געווען א פערזענלעכקייט פון הויכע מאראלישע פּרינציפּן. אן איבערגעגעבענער פריינד, איז זי שטענדיק געווען גרייט צו העלפן אנדערע, איבערהויפּט יונגע לערער, זיך איינצוארדענען, געוועזענע שילער — זיך דורכצושלאגן א וועג אין לעבן, און בכלל העלפן אלע וואס האבן זיך צו איר געווענדט. ווען זי אליין האט ניט געקענט העלפן, פלעגט זי דאס פּועלן ביי אירע פריינד. ס'רוב פלעגן עס זיין אזעלכע ענינים ווי זוכן א פּאסטן, א פּריוואטע לעקציע, אן אומזיסטן לערער צוצוגרייטן סעמינאריסטן צו די עקזאמענס אד"גל. מען האט איר ניט געקענט אפּזאגן. אירע נאענטע פלעגן איר רופן „דאס גייענדיקע געוויסן".

איר ראדיקאַליזם איז געווען אַ פּראַ־דוקט ניט אַזוי פון קריסטאַליזירטע פּאַ־ליטישע איבערצייגונגען, ווי פון אַ שנאה צו דער רעגירונג אין לאַנד וואָס האָט גורם געווען אַ געוואַלטיקע אָרעמקייט צווישן דעם רוב מנין און בנין פון פאָלק.

רבקה נאַראַדאָווסקי האָט געשטאַמט פון בריסק. זי האָט געהאַט ווייניק אַפּי־ציעלע בילדונג, זי האָט אָבער דורכגע־מאַכט דעם נויטיקן עקזאַמען כדי צו ווערן אַ לערערין. נאָך עטלעכע יאָר אַרבעט אין בריסק אין דער אָרטיקער שול, איז זי אָנגעקומען קיין ווילנע אין דער לייזער גורוויטש־שול. געפירט שטענ־דיק אַ צווייטן, אָדער דריטן קלאַס.

ווי אַ מענטש פון אַ גראַדליניקן כאַ־ראַקטער און אויסגעשפּראָכענע איבער־צייגונגען, פון פּערזענלעכן און געזעל־שאַפטלעכן מוט, האָט זי זיך דערוואָרבן ביי אַלע, וואָס האָבן איר געקענט, אויב נישט ליבע, איז אַ געוואַלטיקן דרך־ארץ.

די דערמאָנטע מעלות האָבן איר גע־האָלפן צו פאַרנעמען אַ באַדייטנדן אָרט אין דעם לערער־פאַריין. זי איז געווען אַ לענגערע צייט אַ מיטגליד פון דער פאַר־וואַלטונג.

עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה האָט זי געמוזט פאַרלאָזן ווילנע, ווייל די פּאָ־ליציי האָט איר אָפּגעזאָגט צו געבן אַ „מאָראַל־צייגניש", אָן וועלכער זי האָט ניט געקענט לעגאַליזירן איר שול־אַרבעט. רבקה האָט באַקומען אַ שטעלע אינעם יתומים־אַנשטאַלט פון „צענטאָס" אין אָטוואָצק. זי איז אומגעקומען אין אָנ־הויב פון דער מלחמה, ווען זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרלאָזן די קינדער בעת די דייטשן האָבן זיי אַרויסגעפירט פון אַנשטאַלט, כאָטש זי האָט געקענט אַוועק פון דאָרט.

צ. בורשטיין

**ניעמאַיאַ, סאָניע** — לאַנגיאָריקע פּרעבליסטין און לערערין פון „מענדעלע" קינדער־גאָרטן — ביי דער ביאַליסטאָקער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע. זי געהערט צו דער וואַלינער לערער־גרופּע, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין ביאַליסטאָק.

העכער צוויי צענדליק יאָר האָט סאָניע ניעמאַיאַ שטיל אָן איבעריקן טומל גע־פירט אַ טיפע האַרציקע פּעדאַגאָגיש־דער־ציערישע אַרבעט צווישן די קליינטשינקע 4־5 יאָריקע קינדערלעך פון ביאַלי־סטאָקער שולוועזן. אונטער איר אָנפירונג איז דער מענדעלע־קינדער־גאָרטן געוואָרן אַן אינסטיטוציע פאַר זיך מיט זיינע איי־גענע קינדער־יום־טובים, קאָנצערטן און אַרויסטרעטונגען.

ווי אַזוי איז אומגעקומען סאָניע ניע־מאַיאַ, איז נישט באַוואוסט.

**סאָור, ליובאַ** — געבוירן אין אַ פאַר־מעגלעכער סוחרישער שטוב אין לאָדזש און אַרויסגעוויזן מאַטעמאַטישע פעאי־קייטן. זי האָט געענדיקט דעם מאַטעמאַ־טישן פאַקולטעט אין קראָקע. פון די אַקאַ־דעמישע קרייזן איז זי געקומען צום יוגנט־בונד „צוקונפט" און האָט אַ ריי יאָרן געלערנט אין דער מעדעם־אָוונטשול פאַר אַרבעטער.

זי איז אומגעקומען אין גראָדנער געטאָ.

**סאָלאָוויי, משה** — געבוירן אין וויל־נע, האָט מ. סאָלאָוויי געענדיקט דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט אין 1914. ער איז געווען אַ לערער אין די ווילנער שולן שוין אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיט דער צייט אָבער האָט ער אינגאַנצן פאַרלאָזן די אַלגעמיינע לימודים אין שול און זיך אָפּגעגעבן אויסשליסלעך — גימנאַסטיק. זיין גאָרע פליייסיקייט,

ליבע און פעאיקייטן — האט ער געשאנקען דעם לימוד פון גימנאסטיק.

ווילנע האט פארמאגט א גאנצע גרופע אזעלכע . גימנאסטיק־לערער : סאלאווײ, גליאט, גלעזער, קאטשערגינסקי. זיי האבן געלעבט צווישן זיך זייער גוט און קאלעקטיוו אויסגעארבעט פראגראמען פאר די שולן און שול יום־טובים, געארבעט אין „מכבי". דער גאנצער ווילנער שול־יוגנט זיינען געווען באקאנט די לערער פון גימנאסטיק. אויף פארשיידענע קורסן האבן זיי פארפלאנצט אין די שול־קינדער און ביי די דערוואקסענע, ביי די לערער און לערערינס, ליבע און רעספעקט פאר דעם לימוד פון גימנאסטיק.

צוזאמען מיט ח. גליאט האט מ. סאלאווײ ארויסגעגעבן א זייער אינטערעסאנטן און ניצלעכן בוך פאר גימנאסטיק. חוץ דעם איז ער געווען אן אקטיווער טוער אינעם יידישן ספארט־פאריין „מכבי".

א מענטש א רואיקער, גוטמוטיקער, איידעלער און געלאסענער, האט ער זיך אומעטום דערוואָרבן גרויס ליבע און אכטונג.

אין דער אקופאציע־צייט אונטער די נאצים האט מ. סאלאווײ געארבעט אין ארבעטס־לאגער רעשע ביי ווילנע. נאכדעם איז ער אוועקגעשיקט געווארן קיין עסטאניע און איז דארטן אומגעקומען.

זיין פרוי ניוטע (כאווזער) — איז אומגעקומען אויף פאנאר אין 1941.

## סאָלאָמאָן, שמואל

— לערער און פארוואלטער פון דער שול אין נאוואגרודעק. דערשאסן דורך די דייטשן שבת דעם 28־טן יוני 1941 אין שטעטל קאבילניק.

ער איז געווען דער ערשטער פארוואלטער פון דונילאָוויטשער שול. אויך אנפירער פון שול־כאר. שפעטער טעטיק אלס שול־טוער און לאָוניק אין נאוואגרודקער מאגיסטראט.

לויט אנדערע ידיעות — אומגעקומען אין נאוואגרודעק.

## סאַפירשטיין, הירש

— שטאמט פון וויסאקע־מאזאוויעצק. א סך יארן געארבעט אין די צישא־שולן אין סוויסלאטש, זשעלודאק א"א. א פאלקסטימלעכער מענטש, מיט א סך יידיש וויסן, איז ער שטענדיק געווען לערער פון די יידישע לימודים. ער איז ניט נאר געווען פון די בעסטע און איבערגעגעבנסטע לערער אויף דער פראווינץ, נאר ער איז אויך געווען א טיכטיקער קולטור־געזעלשאפטלעכער טוער. ער איז אויך געווען א גוטער רעזשיסער און האט דורכגעפירט מיט די קינדער אינטערעסאנטע פארשטעלונגען און רעווי־אוונטן.

## סאראבסקי, רחל

— האט פארבראכט א פאר זומערן אין מעדעם־סאנאטאריע אין מיעדזעשין, וואוהין זי איז געשיקט געווארן דורך דער ווילנער יידישער רעאל־גימנאזיע צו פארבעסערן איר געזונט־צושטאנד. זי איז שוין דעמאלסט געווען א שילערין פון די העכערע קלאסן (אלט געווען 15 - 16 יאר). שוין אין די ערשטע טעג פון איר זיין אין סאנאטאריע האט זי זיך אויסגעטיילט נישט נאר צווישן די קינדער בכלל, נאר אפילו צווישן די סאנאטאריסטן פון ווילנע.

ווילנע האט אויך אין מעדעם־סאנאטאריע פארנומען א באזונדער ארט. די קינדער פון ווילנע האבן זיך אויסגעטיילט, ערשטנס מיט זייער ליטווישן דיאלעקט: זייער יידיש איז געווען א סך הארטער

ווי דער יידיש פון ווארשע און פון פוילן בכלל. צוווייטנס, האבן די ווילנער אריינגעבראכט דעם יידיש־ליטווישן גייסט, יידיש־ליטווישע כאראקטער־שטריכן און אויסדויער אין די באמיונגען דורכצוזעצן זייער ווילנער שטאנדפונקט, זייער ווילנער נוסח. הגם די פוילישע מיט די ליטוואקעס פלעגן זיך שנעל באפריינדן צווישן זיך, דאך האט זיך שטענדיק געמערקט צווישן זיי א שטארקער אונטערשייד, דער זעלבער אונטערשייד ווי צווישן דער יידישער ווארשע און דער יידישער ווילנע. חוץ דעם פלעגן פון ווילנע קומען תלמידים פון דער יידישער רעאל־גימנאזיע מיט וועלכע מען האט שטאלצירט און צו וועלכע די קינדער אין מעדעם־סאנאטאריע האבן זיך באצויגן מיט גרוים דרך ארץ (ווארשע האט קיין יידישע גימנאזיע נישט געהאט).

רחל סאראבסקי האט מיט איר יוגנט־לעכער און עכט־יידישער שיינקייט, מיט איר תמימותדיקן פנים און שטראלנדיקע אויגן שטארק אויסגענומען הן ביי די קינדער און הן ביי די לערער. דערצו נאך איז זי געווען מוזיקאליש און פלעגט זייער שיין זינגען. די קינדער, באזונדערס די יינגערע, פלעגן צו איר קלעפן און שטענדיק איר נאכגיין און בעטן זי זאל זינגען. סאראבסקי ווידער האט ליב געהאט קינדער און עפעס ווי פון זיך אליין איז זי געווארן א געהילפין דא ביי א סאניטארין און דא ביי א לערערין אין דער יינגסטער גרופע. זי האט זיך אויך שטארק אויסגעצייכנט אויף די פארשידענע אמטן פון זעלבסט־פארוואלטונג. א געוויסע צייט איז זי אפילו געווען א מיטגליד פון קינדער־ראט (העכסטע אנפירונג פון זעלבסט־פארוואלטונג).

נעענדיקט די ווילנער יידישע רעאל־גימנאזיע האט זי א פאר יאר פאר דער מלחמה. די גימנאזיע האט איר פארהאלטן ביי זיך און זי האט דארט געארבעט אלס סעקרעטארין. די באציונגען פון די תלמידים און פון די עלטערן צו רחלען זיינען געווען אמת הארציקע.

אין געטא האט זי זיך געהאלטן אין קרייז פון די גייסטיקע גיבורים און האט געארבעט אלס לערערין. זי האט אויך געארבעט אין א קאאפעראטיוו און געגעבן פריוואטע לעקציעס. וויפל גייסטיקע גבורה האט מען באדארפט פארמאגן כדי אין אנבליק פון אונטערגאנג און טויט צו קאנען זארגן פארן היינט און פארן מארגן פון קינד.

רחל סאראבסקי האט עס פארמאגט.

ביים אויסליידיקן די ווילנער געטא האבן די נאצישע מערדער איר ארויסגעשיקט קיין עסטאניע און פון דארט האט זי שפעטער געוואנדערט איבער פארשידענע לאגערן אין דייטשלאנד. א פאר טעג פאר דער באפרייאונג איז זי ביי א פרואוו צו אנטלויפן דערשאסן געווארן דורך א נאצישער חיה. אינגאנצן איז זי דאן אלט געווען א פאר און צוואנציק יאר. איר שוועסטער כיענע און איר מוטער זיינען אומגעקומען נאך אין 1941 אויף פאנאר.

ש. גילינסקי

## סוקעניק, גאלדע

**סוקעניק, גאלדע** — געבוירן אין בריסק אין 1906 אדער 1907, ביי ארעמע עלטערן. ווען איך האב זיך באקענט מיט איר אין שול אלס שילערין אין איינער פון די בעסטע יידישע פאלקשולן אין בריסק, — האט זי שוין דעם פאטער ניט געהאט, — בלויז א מוטער, אן אייגנטימערין פון א שפייז־געוועלבל. זיי האבן געוואוינט אין אן ארעם שטיבעלע ביים באן, און גאלדע האט געמוזט אויך העלפן דער מאמען סיי אין שטוב, סיי אין געוועלבל. די מוטער איז געווען זייער פרום, און ווי אזוי גאלדע איז גע־

קומען אין א יידיש־וועלטלעכער שול — איז פאר יעדן געווען א רעטעניש. ווייל זי איז געווען אן איין און איינציקע טאכטער ביי דער פרומער מוטער און נישט געקוקט אויף דעם, וואס די מוטער איז געווען א פארקויפטער מענטש אין געוועלבל, האט זי אבער געהיט שטארק גאלדעלען מיטן דאווענען, מיטן בענטשן און דערצויגן זי פאר א פרומער טאכטער.

צו יענער צייט האט דאס יידיש־וועלטלעכע שולוועזן (20־קער און 30־קער יארן) אין די פוילישע שטעט, ווי אויך אין בריסק — דורכגעמאכט דעם עקספאנסיע־פעריאד און באהערשט, קען מען זאגן, די גרעסטע טייל קינדער און יוגנט. אין אזא שטאט ווי בריסק זיינען געווען 3 יידיש־וועלטלעכע שולן, וועלכע האבן מיטן פעדאגאגישן, ארגאניזאציאנעלן און מיטן אלגעמיינעם פארנעם באאיינפלוסט די שטאט און ארויסגעגעבן פון זיך שילער־אביטוריענטן — פערזענלעכקייטן אין שפעטערדיקן יידישן לעבן.

דאס ארויסרייסן זיך פון דער ארעמער פאנאטישער שטוב אין דער פרייער שול האט אויסגעפורעמט גאלדע סוקעניקס ווייטערדיקן וועג אין לעבן. ווי איינע פון די אינטעליגענטסטע שילערינס — האלטן די לערער, אז זי דארף פארזעצן איר לערנען נאכן פארענדיקן די שול און מען שיקט זי אין דעם יידישן לערער־סעמינאר אין ווילנע זיך צו קוואליפיצירן אלס לערערין.

שווער איז געווען גאלדען זיך צעשיידן מיט דער איינזאמער מוטער. כאטש גאלדע איז געווען עמפינדלעך און אויפמערקזאם צו דער מוטערס שטייגער־לעבן און נישט איינמאל איר צוליב געטאן אין אפריכטן דאס בענטשן נאך יעדן מאלצייט, האט אבער די מוטער געזען אז גאלדע איז אריינגעטאן אין אן אנדער וועלט. זי האט געפילט, אז זי פארלירט איר איין און איינציקע טאכטער.

איז נישט לייכט געווען גאלדען זיך דעצידירן און דורכפירן דעם באשלוס פון אפפארן. חוץ אלעמען איז די מוטער געווען עלנט, שוואך און נישט יונג.

נאכן פארענדיקן דעם לערער־סעמינאר (1928) איז גאלדע געקומען אלס לערערין אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. זי האט געארבעט אין טשענסטאכאוו, פרושאנע (1936—1940), אין בריסק און נאך אין אנדערע שטעט. מיר האבן זיך שפעטער באגעגנט אין די פעריען־צייט ווען איך בין געקומען פון ווארשע אהיים. און ווי יונגע לערער־אנפאנגער, האבן אונז נישט געקלעקט די טעג צו באהאנדלען כל המינים פראבלעמען. גאלדע סוקעניק האט ארויסגעוויזן א סך רוטין, אינטעליגענץ און דער עיקר — עקשנות. מיר האבן זיך געטיילט מיטן דערציילן די שווערע באדינגונגען אין וועלכע עס קומט צו ארבעטן, די שטרויכלונגען וואס יעדער מאכט דורך ביים בויען און ארבעטן אין די שולן. פון וואוקס איז גאלדע געווען קליין, נידעריק. זי האט זיך געפילט אין א דעפרעסיע צוליב איר אויסערלעכקייט, עס האט איר אביסל געשטערט ביי דער דיסציפלין אין דער שול־ארבעט. אבער ווען זי האט גערעדט וועגן דער שול האט איר פנים געשטראלט, און מען האט געזען, אז דער וואויל פון דער יידישער שול — איז דער אינהאלט פון איר לעבן און מיטן טיפן גלויבן און מיט דער גרויסער ליבע און איבערגעגעבנקייט וועט זי גובר זיין די אלע שוועריקייטן אויף וועלכע זי שטויסט זיך אן ביי דער פראקטישער ארבעט.

זי איז אומגעקומען אין בראנא־גורא, בריסקער קרייז אין 1942 — צוזאמען מיט אלע בריסקער יידן.

גאלדע סוגעניק איז איינע פון די צענדליקער יונגע לעבנס, וועלכע האבן מיט זייער יוגנטלעכער התלהבות און טיפן גלויבן צוגעלייגט זייערביישטייער צו דעם ליכטיקן וועג, אויף וועלכן עס האט מארשירט די ייִדיש־וועלטלעכע שול.

ג ע נ י א  ס י ל ק ע ס

**סטאליצקי, חיים** — געשטאמט פון לידע און שטודירט מאטעמאטיק אין ווילנער אוניווערסיטעט. יארן־לאנג איז ח. סטאליצקי געווען לערער אין דער ווילנער רעאל־גימנאזיע.

ח. סטאליצקי איז געווען פון די ייִנגסטע לערער אין גימנאזיע. ער האט ספעציעל פאראינטערעסירט די שילער אין עקספערימענטאלער פיזיק. די קינדער האבן אים ליב געהאט פאר זיין פריילעכקייט.

ער איז אומגעקומען אין עסטאניע. זיין פרוי, א קראנקן־שוועסטער האט געבוירן א קינד אין א מאלינע, און זי האט עס א נאמען געגעבן „מאלינע". אבער זי צוזאמען מיטן קינד איז שפעטער אומגעקומען אין מיידאנעק.

ח. סטאליצקי איז אין ווילנער געטא געווען אקטיוו באטייליקט אין שולוועזן.

אין דער צייט ווען די באלשעוויקעס האבן „באפרייט" ווילנע און עס האט זיך אנגעהויבן די וואקכאנאליע פון „רעוואלוציאנערישקייט", איז חיים סטאליצקי געבליבן געטריי זיין פארטיי — דעם „בונד". ער האט דערביי זיך ניט אפגעשטעלט אפילו פאר קיין פערזענלעכער סכנה. אזוי, למשל, איז געווען זיין האלטונג בעת מענדל ליטוואק האט אין דעם פאראייניקטן לערער־פאריין (צוזאמען מיט פאליאקן, ליטווינער א"א) געהאלטן א העצערישע רעדע קעגן די אינערלעכע שונאים וואס שטיצן דעם פאשיזם, „אין דער ערשטער ריי זיינען דאס די ציישא־לערער".

**סטודענט, איטע** — געבוירן אין 1908, דערצויגן געווארן און שטודירט אין ווארשע. פון 1926 געווען לערערין אין פארשיידענע שולן. געווען אן אנהענגערין פון דער ייִדישער שפראך און ליטעראטור, און איינגעווארצלט אין אירע שילער ליבע צו ייִדיש. ווען ווארשע איז אריינגעפאלן אין די הענט פון די נאצים, האט איטע סטודענט געארבעט ביי די אינסטיטוציעס פון „דזשוינט" פאר קינדער־דערנערונג. אויף דעם אמט איז זי אומגעקומען.

**סימכאוויטש, ראזא** — איינע פון די פארביקסטע פיגורן פון דער מאדערנער ייִדישער קולטור־ און שול־באוועגונג.



א מענטש מיט גרויסער בילדונג און טיפן פעדאגאגישן וויסן; א מענטש, פאר וועמען די נייע ייִדישע שול, די מאדערנע ייִדישע קולטור האבן באטייט צוריקקער צום טיפסטן הומאניזם. זי האט געזוכט דעם וועג צו א נייער העכערער מאראל. און זי האט דעם וועג געפונען דורך דער נייער ייִדיש־וועלטלעכער שול.

ראזא סימכאוויטש איז במשך פון איר גאנצן באוואוסטזיניקן לעבן געווען א סאציאליסטקע. סיי אלס סטודענטין אין דער שווייץ, סיי שפעטער האט זי אלעמאל

מיט רעליגיעזן ערנסט געדינט און גע־
גלויבט אין סאציאליזם.

פון אירע מינסקער גימנאזיע־יארן ביז
טויט האט זי גייסטיק, מיט איר גאנצן
וועזן געהערט צו דער יידישער ארבע־
טער־באוועגונג, צום „בונד".

די דאזיקע אנגעהעריקייט האט זיך
נישט געניוטיקט אין ארגאניזאציאנעלע
פארמען, זי האט אנגעפילט איר שיינע,
איידעלע נשמה.

ווייל סאציאליזם האט צוגעצויגן ראזאן
צו זיך מיט זיין גרויסן עטישן אינהאלט,
מיט דעם פאטאס פון גערעכטיקייט.

ווייל ח'טע סימכאוויטש איז ביז איר
לעצטן אטעם (52 יאר אלט) געבליבן די
באגייסטערטע אידעאליסטקע פון די רא־
מאנטישע יארן פון דער סאציאליסטי־
שער באוועגונג.

אין אירע קלוגע, טיפע אויגן איז נישט
אויסגעלאשן געווארן דער יוגנטלעכער
גלאנץ פון אמונה.

ראזא סימכאוויטש איז געוועזן די
ערשטע פארוואלטערין און פאקטישע
גרינדערין פון יידישן לערער־סעמינאר
אין ווילנע. א ריי לערער האבן יארן
געלעבט מיט דעם ענטוזיאזם פאר דער
יידישער שול, וועלכן זי האט אין זייערע
הערצער איינגעפלאנצט.

ח'טע סימכאוויטש האט געשאפן די
פארשול־סעקציע אויפן ערשטן שול־צו־
זאמענפאר (1921) און זי האט איינגע־
לעך פארמולירט די גרונט־יסודות פון
דער פארשול־ארבעט. ווען ס'האט אנגע־
הויבן דערשיינען דער ערשטער יידישער
טעארעטיש־פעדאגאגישער זשורנאל אין
אומאפהענגיקן פוילן „די נייע שול", איז
פאר אלעמען געווען קלאר, אז ראזא דארף
זיין איינע פון די מיטרעדאקטארן.

אין משך פון יארן האט זי געארבעט
אלס פעדאגאגישער אינסטרוקטאר פון
צישא. זי פלעגט פארן פון שטאט צו
שטאט, באזוכן די לעקציעס, אינסטרו־
אירן די לערער, — נאכמער לערנען זיי,
העלפן חבריש געפינען דעם בעסטן אויס־
וועג פון אלע פארפלאנטערטע און שווע־
רע פראבלעמען.

די לעצטע יארן פאר דער מלחמה האט
זי, ארבעטנדיק אלס פריוואטע לערערין
פון דייטש, פראנצויזיש און ענגליש, ניט
אויפגעהערט צו זיין טעטיק אין אונזער
שולוועזן. זי האט געהאלפן טעארעטיש
פארטיפן אונזער ארבעט, דורכגעפירט א
ריי אנקעטעס און באארבעט; מדריך גע־
ווען א סך לערער.

אין 1937 האט זי אויפן אינטערנא־
ציאנאלן פעדאגאגישן קאנגרעס אין פא־
ריז געהאלטן א רעפעראט אין נאמען פון
צישא וועגן דער נייער יידישער שול.
דער דאזיקער רעפעראט האט ארויסגע־
רופן אמתע באגייסטערונג. פארשטייער
פון צענדליקער לענדער האבן איר גע־
מאכט א לאנגדויערנדיקע אוואציע. זי
האט ווירדיק, מיט שטאלץ גערעדט וועגן
דעם נייעם דור אין יידישן לעבן. זי האט
אויך אין דער זעלבער צייט זייער אקטיוו
זיך באטייליקט אין ארגאניזירן דעם
יידישן פאוויליאן אויף דער וועלט־אויס־
שטעלונג אין פאריז.

דאס אויסרעכענען טרוקן אירע אויפ־
טוען, שעפט לחלוטין נישט אויס די
פרעכטיקע דערשיינונג — ראזא סימ־
כאוויטש.

עס האט באצויבערט און גלייכצייטיק
דעם טיפסטן דרך־ארץ ארויסגערופן —
איר פערזענלעכקייט.

א צארט געשטאלט, אויסגעהאפטן
פון די דינסטע גייסטיקע געוועבן.

אין איר נשמה האָבן זיך פאַראייניקט אַ באַצווינגענדיקער כוח און אַ טיפע איינזאַמקייט.

אין וואַרשעווער געטאָ, „באַצירט" מיט דער געלער לאַטע האָט אויסגעהויכט די נשמה דער גייסטיקער אַריסטאָקראַט — ראָזאַ סימכאָוויטש. געציילטע מענטשן האָבן מסתמא געקענט נאָכגיין נאָך איר לוויה, אָבער — מיט טיפן טרויער האָבן אויפגענומען די ידיעה טויזנטער אַרבע־טער־טוער, קולטור־ און שול־טוער.

ש. מענדעלסאָן

***

ראָזאַ סימכאָוויטש איז געבוירן אין סלוצק, אין אַ מיוחסדיקער משפּחה פון רבנים און קהילה־פירער — פון די צייטן פונעם וועד ארבע ארצות. איר פאָטער האָט געשמט ווי ר' שמואליק סלוצקער, פון דער מוטערס צד — די לוריעס פון פּינסק. ראָזע האָט פון קינדווייז אָן זיך דערצויגן אין אַ פיינער גייסטיקער אַט־מאָספערע, סיי אַ רעליגיעזע און סיי אַ וועלטלעכע. זי האָט געקענט גוט העב־רעאיש און איז געווען אויסגעבונדן אין דער נייער און אַלטער יידישער קולטור.

ווען זי איז נאָך געווען גאָר יונג, איז איר משפּחה אַריבערגעפאָרן קיין מינסק. צו 16 יאָר איז ראָזאַ צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און איז באַלד אַרעסטירט געוואָרן. גאַנץ מינסק האָט געקאָכט: ר' שמואליקס טאָכטער פירט מען אין טורמע. נאָך גרויסע באַ־מיאונגען, איז געלונגען מע זאָל זי נישט האַלטן אין תפיסה נאָר אַרויסשיקן קיין אויסלאַנד. אַדאַנק אירע אומגעוויינלעכע פעאיקייטן ווערט זי אָנגענומען אין זשע־נעווער אוניווערסיטעט א"נ זשאַן זשאַק רוסאָ און גלייכצייטיק אויך אין דאָרטיקן אוניווערסיטעט. זי שטודירט פילאָזאָפיע און סאָציאָלאָגיע, און ענדיקט אירע לימודים מיט אַן אויסצייכענונג. אָבער אויך אין דער שווייץ האַלט זי ווייטער אָן די פאַרבינדונג מיט די רעוואָלוציאָ־נערע קרייזן, וולאַדימיר מעדעם לערנט זיך ביי איר רעדן יידיש.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זי געוואוינט אין ווין, און דאָרטן האָט זי זיך אָפּגעגעבן מיטן גאַנצן ברען דער ברייט־פאַרצווייגטער דערציאונגס־אַרבעט צווישן די קינדער פון די יידישע פּליטים. אַ קורצע צייט איז זי געווען איינע פון די לייטערינס פון דער נעץ פאַרבאַריי־טונגס־קלאַסן צו די פאָלקשולן אין סאָ־ציאַליסטישן ווין. אין 1919 איז זי גע־קומען קיין ווילנע, און פון דעמאָלט אָן הייבט זיך אָן איר שטייגן אַלס אָנער־קענטער אויטאָריטעט אויפן געביט פון יידיש־וועלטלעכער שול און דערציאונג. זי ווערט אוועקגעשטעלט בראש פון די ווילנער פּרעבל־קורסן פון צ. ב. ק., יעקאָפּאַ און אַזע. זי ווערט מיטרעדאַקטאָר פון דער „נייער שול". און ווען עס ווערט געגרינדעט דער יידישער לערער־סעמינאַר אין ווילנע, שטייט זי אין דער שפּיץ פונעם דאָזיקן אַנשטאַלט.

אירע שפּראַך־קענטענישן, איר טיפע ערודיציע אין יידישער געשיכטע און אין די פּעדאַגאָגישע לימודים — זיינען אַן אוצר פאַרן לערער־סעמינאַר. זי ווערט די אָנפירערין און די נשמה פונעם אָנ־שטאַלט. אָבער צוליב די פּוילישע ביר־גערשאַפט־געזעצן איז זי געצוואונגען צו פאַרלאָזן דעם סעמינאַר, און ערשט נאָך אַ פּאָר יאָר פאַרברענגען אין בערלין באַ־קומט זי די מעגלעכקייט זיך צוריקקערן קיין פּוילן. זי באַזעצט זיך אין וואַרשע און ווערט די נאָענטסטע מיטאַרבעטערין פון דער ציש"אָ. זי פירט אָן מיט דער פּעדאַגאָגיש־פּסיכאָלאָגישער אָפּטיילונג

ביי דער צישאַ. זי פירט אויך די אַרבעט פון אַ שול־אינספעקטאָר איבער די צישאַ־שולן סיי אין וואַרשע סיי אין פּראָווינץ. זי טרעט אויף אין נאָמען פון צישאַ אויף אַרטיקע און אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן, זי איז רעפערענטין איבער פּראַקטיש־פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען פון דער צישאַ־שול — אויף לערער־קאָנפערענצן און לערער־קורסן. זי איז אַ טיכטיקע מיטאַרבעטערין אין די פּעדאַגאָגישע אויסגאַבעס פון דער שול־אָרג.

בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע פאַרבליבט ראָזאַ סימכאָוויטש אין וואַרשע. זי איז באַטייליקט אין דער שול־אַרבעט אין געטאָ, און ווען עס ווערט דאָ געשאַפן אַ לערער־סעמינאַר (מיט 30 תלמידים), איז די אָנפירערין זײַנע — ראָזאַ סימכאָוויטש. זי באַנוגנט זיך אָבער נישט מיט דער אַרבעט, זי האַלט אַן אַ נאָענטן קאָנטאַקט אויך מיט די פאַרוואַרלאָזטע קינדער פון געטאָ. אין זײַן באַקאַנטן בריוו צום ייוואָ דערציילט ד״ר עמנואל רינגעלבלום: „אַ פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט צווישן די ברייטע מאַסן פון קינדער און יוגנט — האָט געפירט די צענטראַלע פאַר שוץ איבער קינדער „צענטאָס״, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר אַדאָלף (בערמאַן) און פון דער אומפאַרגעסלעכער ראָזע סימכאָוויטש, וועלכע האָט זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס צווישן די גאַסן־קינדער און איז פון דעם געשטאָרבן״.

ראָזע סימכאָוויטש האָט געלאָזן ליבטיקע זכרונות ביי אַלע וואָס האָבן איר געקענט און גאָר באַזונדערס ביי אירע געוועזענע תלמידים.

אָט שרייבט איינע פון זיי, ש. סאָפּיר־קרץ: „דער הייליקסטער אָנדענק פון מיין לערערין ראָזע סימכאָוויטש וועט שטענדיק בלייבן ביי מיר — פון די יאָרן 1919—1921, ווען זי איז געווען די פאַרוואַלטערין פון די פּרעבל־קורסן. מיט ליבע און דרך־ארץ האָבן מיר זיך אַלע באַצויגן צו איר ליכטיקן געשטאַלט. איך האָב איר באַזונדערס שטאַרק געליבט, אַזוי ווי אַ קליינע שילערין ליבט און פאַרגעטערט אַ לערער.

„דאָס איז געווען אַ שיינע, ריינע, רעליגיעזע נשמה, באַשיידן און דערהויבן אין איר באַשיידנקייט; מיט טיפער אינטעליגענץ, מיט אַ גוט הארץ און מיט דער פעאיקייט אַפּצושאַצן מענטשן. אירע לעקציעס זיינען געווען באַזונכט מיט גרויס אינטערעס, און די שמועסן וואָס מיר האָבן געהאַט מיט איר האָבן שטענדיק געלאָזט אויף אונז אַ טיפן איינדרוק.

„בלויז יחידים האָבן געוואוסט, אַז זי איז אויך טיף רעליגיעז. אין יום־טובים האָט מען איר געקאָנט זען אין דער ווייבערשער שול מיט אַ מחזור אין האַנט און דער פּנים באַשטראַלט פון אַ הייליקער תפילה. זי האָט זיך ניט געשעמט צו דאַווענען צוגלייך מיט אַלע יידישע ווייבער. ריינע נשמות האָבן זיך ניט וואָס צו שעמען״.

פייגל באַראַקין־מעלאַמדאָוויטש, אַן אַביטוריענטין פון סעמינאַר, שרייבט: „באַגעגנט האָב איך ח׳טע סימכאָוויטש צום ערשטן מאָל אין 1921, ווען איך בין אָנגעקומען אַלס שילערין אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאַר. איך האָב דערזען פאַר זיך אַ שלאַנקע, יונגע פרוי מיט אַ לענגלעכן פּנים, אַ שטאָלצן קאָפּ, מיט קורץ־געשוירענע האָר און אַ פּאָר פלאַמיקע, גרויסע, קלוגע אויגן. אַזוינע אויגן ווערן קיינמאָל אין לעבן ניט פאַרגעסן.

„עס דערמאָנט זיך מיר אַ לעקציע פון געשיכטע. ראָזע סימכאָוויטש לייענט פאַר די איליאַדע און אָדיסיי פון האָמער. דער קלאַס איז עלעקטריזירט. אַלעמענס

אויגן זיינען צוגעשמידט צום אָרט, פון וואַנען עס טראָגט זיך די וואונדערלעכע שטימע פון ראָזע סימכאָוויטש... זי לייענט, און אירע אויגן וואַנדערן און בלאָנדזשען און שטעלן זיך אָפּ אויף אונז, שילער. אַט פאַלט איר בליק אויף מיר. איך ווער אינגאַנצן פאַרלוירן. מיר דוכט, אַז אירע אויגן דרינגען אַריין גלייך צו מיר אין האַרץ. און איך פיל באַשיינפערלעך — זי זעט אַלץ, אַלץ וואָס ביי מיר טוט זיך. זי לייענט מיינע איצטיקע איבערלעבונגען, מיינע געדאַנקען. און כאָטש איך פיל בלויז אַנטציקונג און פאַרגעטערונג פאַר איר — קען איך ניט אויסהאַלטן איר בליק און לאָז מיינע אויגן אַראָפּ.

„אַט זע איך ראָזע סימכאָוויטש אין אינטערנאַט פון לערער־סעמינאַר. זי וואוינט צוזאַמען מיט אונז. און אויב עס איז קאַלט אין אינטערנאַט — ניטאָ מיט וואָס צו באַהייצן, — און אויב ס'איז ניטאָ קיין וואַסער צום וואַשן זיך — ס'איז פאַרפרוירן, — ראָזע סימכאָוויטש בלייבט מיט אונז. זי וועט ניט גיין זוכן פאַר זיך באַקוועמערע באַדינגונגען צום לעבן. יעדעס מאָל, ווען ס'קומט אויס פאַרבייצוגיין וואו זי וואוינט, נעמט עפּעס אַרום אַ הייליקער ציטער — אַט דאָ וואוינט ראָזע סימכאָוויטש. אין געדאַנק ווערט בולט דאָס בילד: זי זיצט איצט מיט אַ ליכטער טוך אויף די פּלייצעס און לייענט, שטודירט, זוכט און טראַכט וועגן אונז. עס ווערט וואַרעמער אויף דער נשמה פון דעם באַוואוסטזיין: ראָזע סימכאָוויטש געפינט זיך דאָ.

„און יעדעס מאָל, ווען עס קומט אויס אַריינצוגיין צו איר אין צימער, קלאַפּט דאָס האַרץ מיט אַ באַזונדער האַסטיקייט. נישט קיין שרעק איז עס. דאָס איז דער געפיל פון פיעטעט. דאָס איז דער געפיל פון פייערלעכקייט, וואָס דו לעבסט איבער יעדעס מאָל ווען דו באַגעגנסט זיך אויג אויף אויג מיט ראָזאָ סימכאָוויטש.

„יאָרן לויפן. ס'איז 1927. איך בין לערערין אין גראָדנער יידישער פאָלקשול. ראָזאָ סימכאָוויטש איז צו דער צייט אינסטרוקטאָרין פון די ציש"אָ־שולן. אין אַ געוויסן טאָג באַקומען מיר אַ בריוו: ראָזאָ סימכאָוויטש וועט קומען וויזיטירן אונזער שול. פרייד און שרעק ווערן אויסגעמישט צוזאַמען. אַט וועל איך באַלד ווידער האָבן אַ געלעגנהייט צו טרעפן זיך מיט מיין לערערין. איך דאַרף זיך אָבער איצט שטעלן פאַר אַ משפט. זי וועט וויזיטירן מיינע קלאַסן. און עס ווילט זיך דווקא אַזוי שטאַרק אויסהאַלטן ביי איר דעם עקזאַמען. מיר ווייסן נישט דעם טאָג, ווען זי דאַרף קומען, אָבער קומען וועט זי. עס גייען אַוועק עטלעכע וואָכן.

„איך פיר אַ שעה גימנאַסטיק אין צווייטן קלאַס. איך דערהער אינמיטן אַ ליכטן עפן פון דער טיר וואָס פירט אין גימנאַסטישן זאַל. מיינע אויגן ווערן געווענדעט צו דער טיר, און איך דערזע פאַר זיך די שיינע שלאַנקע פיגור מיט די קלוגע, אַלץ־דורכדרינגנדיקע אויגן פון ראָזאָ סימכאָוויטש. איך באַוויז נאָך ניט קלאָר צו באַנעמען, וואָס דאָ קומט פאָר, און שוין פיל איך אויף זיך די נאָענטע הענט פון ראָזאָ סימכאָוויטש, וואָס נעמען מיך אַרום מיט אַזוי פיל ליבע, און מיר קושן זיך אַזוי האַרציק. ווען האָט די פאַנטאַזיע זיך געקענט עפּעס אַזוינס אויסמאָלן!... אַזוינס קען מען צוויי מאָל אין לעבן נישט דורכלעבן. דער געפיל פון שרעק פאַרשווינדט, ס'בלייבט דער געפיל פון פאַרערונג, פון ליבע, פון אַן אַ שיעור ליבע צו דער טייערער ראָזאָ סימכאָוויטש.

„זומער 1938: אַ צוזאַמענפאָר פון די יידיש־לערער אין ווילנע. דער גרויסער זאַל פון ייווא איז געפּאַקט מיט לערער, שול־טוער און לעקטאָרן. און פּלוצים ווערט עפּעס פרייִדיקער, ליכטיקער. פּנימער ווערן זוניקער. די אַלטע חברטע פּאַטי קרעמער הייבט זיך אויף פון איר אָרט און גייט עמעצן אַנטקעגן. דאָס איז אַריין אין זאַל ראָזאַ סימכאָוויטש. באַלד קושן זיך די צוויי טייערע פרויען, ווי צוויי גלייכע גוטע חברטעס. איך דערזע ראָזאַ סימכאָוויטש. די זעלבע יונגע, שלאַנקע, ווי איך האָב זי געזען צום ערשטן מאָל אין יאָר 1922. עס ווערט מיר מאָדנע וואַרעם און יום־טובדיק. און באַלד ווער איך פאַרכאַפּט פון דעם רעפעראַט, וואָס ווערט פון איר געלייענט: רעזולטאַטן פון אַן אַנקעטע, דורכגעפירט צווישן די קינדער פון ציש״אָ־שולן אין פּוילן”.

צום שלום לאָמיר ברענגען נאָך אַ פּאָר קורצע ציטאַטעס פון דעם, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן ראָזאַ סימכאָוויטש.

„זי פלעגט זיך אָפּהאַלטן פון שרייבן, פון האַלטן רעדעס — דערציילט א. גאָלאָמב. — און דערפאַר, פאַרקערט, איטלעכע רעדע אירע, איטלעכער קורצער אַרטיקל איז געווען אַ מוסטער פון קלאָרן און פּינקטלעכן געדאַנק, טיף דורכגעטראַכט און פּרעציז און שאַרף אַרויסגעזאָגט. וואָלט אונזער לעבן געווען אָרגאַניזירטער, וואָלטן מיר פאַרמאָגט מער געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן פאַר אמתע אינטעליגענץ אחוץ לערעריי, — וואָלט סימכאָוויטש אונז געקאָנט לאָזן נישט אין פאַרגלייך אַ רייכערע ירושה”.

און אין אַן אַרטיקל פון דניאל טשאַרני, געווידמעט ראָזאַ סימכאָוויטש, לייענען מיר: „איר איידעלע שלאַנקע פיגור, אירע גרויסע קלוגע אויגן, איר מוטערלעכער שמייכל פלעגן שטענדיק באַרואיקן און דיסציפּלינירן. ראָזאַ סימכאָוויטש איז אין דער פּעדאַגאָגישער וועלט פון פּוילן געווען די באַליבסטע געשטאַלט. ווען ראָזאַ סימכאָוויטש פלעגט זיך מעלדן אויף אַ זיצונג, צי אויף אַ קאָנפערענץ פון יידישע לערערס — פלעגט ווערן ליכטיקער אין זאַל. זי האָט פאַרמאָגט נישט נאָר אַ קלוגן קאָפּ, נאָר אויך אַ קלוג האַרץ... איך ווייס אַז ראָזאַ סימכאָוויטש וואָלט, ווי אַ סך אַנדערע פּריווילעגירטע מענטשן, זיך געקאָנט באַצייטנס אַרויסראַטעווען פון דער היטלער־אָקופּאַציע... אָבער ראָזאַ סימכאָוויטש, ווי איר געטרייע חברטע וויטע לעווין אין ווילנע, זיינען געווען אויף אַזויפיל אָרגאַניש פאַרבונדן מיט די פאַרוואָרלאָזטע יידישע קינדער, אַז עס וואָלט געווען אַ מאָראַלישער פאַרברעכן פון זייער זייט ווען זיי לאָזן איבער „זייערע” קינדער אויף הפקר. און נישט נאָר די קינדער. אויך די דערוואַקסענע פון די געטאָס אין ווילנע און אין וואַרשע האָבן נייטיק געהאַט אַזעלכע ליכטיקע פּערזענלעכקייטן, ווי ראָזאַ סימכאָוויטש און וויטע לעווין. זייערע צעשטראַלטע אויגן, פול מיט חכמה און דערפאַרונג, זייער עקשנות און געדולד, זייער פּערזענלעכער אַסקעטיזם און מסירת נפש פאַרן כלל האָבן געמונטערט און געמינטערט נישט איין פאַרחלשטן נאָך אַ טראַפּעלע מענטשלעכקייט, נאָר אַ טראָפּעלע ליבשאַפט... ראָזאַ סימכאָוויטש איז געווען אַזאַ מין „בת־יחידה” אין דעם יידישן שול־וועזן פון פּוילן, וואָס איז דערהויבן געוואָרן צו אַ „מוטער” פון טויזנטער און טויזנטער”.

## סיראָטקאָ, קאָפּל (יקותיאל) — געבוירן אין 1906 אין סווענציאַן, ניט ווייט פון ווילנע. ער האָט געלערנט די ערשטע

יאָרן אין חדר, שפּעטער אין אַ ייִדיש־וועלטלעכער פאָלקשול און נאָכדעם אַריינגעטראָטן און געענדיקט די 8־קלאַסיקע ייִדיש־וועלטלעכע גימנאַזיע פון סווענציאַן אין יאָר 1927.

סווענציאַן מיט אירע אַן ערך 7 טויזנט נפשות, פון וועלכע אַ קנאַפּע העלפט איז באַשטאַנען פון ייִדן, האָט פאַרנומען אין דער שול־ און קולטור־באַוועגונג איינעם פון די פאָדערשטע ערטער. אין יענע צייטן האָט סווענציאַן פאַרמאָגט אַ גרויסע ייִדיש־וועלטלעכע פאָלקשול, אַן אַכט־קלאַסיקע ייִדישע גימנאַזיע, אַן אָוונט־שול, אַ גרויסע אָפּטיילונג פון קולטור־ליגע מיט אַ ביבליאָטעק, דראַמאַטישן קרייז, לעקציעס און א״אַ. סווענציאַן האָט פאַרמאָגט אַפילו אַן אייגן גרויס פאָלקס־הויז מיט אַ גוט־איינגעאָרדנטן טעאַטער־זאַל, אין וועלכן עס האָבן אָפּט געשפּילט נישט נאָר דער דראַמ.־קרייז פון קולטור־ליגע, נאָר אויך אַקטיאָרן־טרופּעס פון ווילנע.

קאַפּל סיראַטקאַ, נאָך זייענדיק אַ שילער פון דער גימנאַזיע, איז געווען איינער פון די אַקטיוווסטע, טרייסטע און איבערגעגעבנסטע טוער אין די אַלע אויסגערעכנטע אינסטיטוציעס. און שוין אין זיינע ייִנגערע יאָרן האָט ער באַשלאָסן צו ווערן אַ לערער און אַ בויער פון דער מאָדערנער ייִדיש־וועלטלעכער שול און קולטור.

קאַפּל איז געווען אַ רואיקער און אַ שטילער מענטש, אָבער אין זאַכן פון פּרינציפּיעלן כאַראַקטער איז ער געווען אַ גרויסער עקשן. די ייִדישע שולן האָבן זיך געפונען אין סווענציאַן אין אַ גרויסן הויז וואָס האָט געהערט צו דער שטאָט (פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אין דעם הויז געפונען די רוסישע רעגירונגס־גימנאַזיע). דער פּוילישער — אין זיין מערהייט — שטאָט־ראָט האָט באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז צו באַזייטיקן פון דאָרטן די ייִדישע שולן, — געהאַפּט אַזוי אַרום איין מאָל פאַר אַלע מאָל פּטור צו ווערן פון דער ייִדישער שול און גימנאַזיע. דעמאָלט האָט אַ גרופּע איבערגעגעבענע טוער באַשלאָסן אויפבויען אין סווענציאַן אַן אייגענע צוגעפּאַסטע הויז, וואָס זאָל זיין אַ היים הן פאַר דער פאָלקשול הן פאַר דער גימנאַזיע. ק. סיראַטקאַ איז געוואָרן די נשמה פון דעם בוי־קאָמיטעט. סווענציאַן איז שטענדיק געווען אַ פאַראָרעמטע ייִדישע שטעטל. די פּוילישע מאַכט האָט זיך צוגעקוקט צו די באַמיאונגען פון דעם בוי־קאָמיטעט מיט אַן איראָנישן שמייכל, אַפילו מיט חוזק: ווי וועלן זיי דאָס מאַכן? אַ חלום, אַ נאַרישער חלום... אָבער פון דעם חלום האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו ווערן אַ פאַקט.

קאַפּל האָט ניט גערוט: ער האָט געזאַמלט געלט, רוי־שטאָף און מאַטעריאַלן, אַליין געפאָרן אין די וועלדער נאָך געהילץ, געווען צוויי מאָל אין וואַרשע ביי דער ציש״אָ און אַרויסבאַקומען אויך פון דער אָרעמער ציש״אָ־קאַסע אַ סובסידיע. דער פּלאַץ איז געוואָרן געקויפט, די פּלענער באַשטעטיקט און — מען איז צוגעטראָטן צום בויען. האָט די פּאָליציי אָנגעהויבן צו רופן ק. סיראַטקאַ און וואָרענען אים: הער אויף, ווען ניט, וועסטו אָנשטאָט אין אַן אייגענער שול־געביידע לאַנדן אין קאַרטוז־בערעזע. קאַפּל האָט ניט אויפגעהערט, ניט גערוט, און אין אָנפאַנג 1936 איז ער טאַקע פאַרשיקט געוואָרן אין דעם טרויעריק־באַרימטן פּוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין קאַרטוז בערעזע.

געקומען פון דאָרטן אַ קראַנקער, אַ צעמזיקטער און... צוריק צו דער אַרבעט! און אין 1937 האָט סווענציאַן גע־

פייערט א גרויסן יום־טוב, דעם חנוכת הבית פון א פּרעכטיקער, אייגענער שול־געביידע.

די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה איז ק. סיראָטקאָ געווען א לערער אין אונזערע יידישע שולן. געווען אויך א קורצע צייט אין פראַנקרייך, וואו ער האָט שטודירט געשיכטע. אויך דאָרטן געווען טעטיק אין די יידישע שולן.

עס איז געקומען די צווייטע וועלט־מלחמה. ק. סיראָטקאָ האָט אדורכגעמאַכט די גאַנצע טראַגעדיע פון אונזער פאָלק אין אייראָפּע. — נאָך דער מלחמה, אין דייטשלאַנד, איז ער ווידער געוואָרן טעטיק. אַרומגעפאָרן מיט רעפעראַטן, געוואָרן איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע. געזאַמלט מאַטעריאַלן און איבערגעשיקט גאַנצע אוצרות צו דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט („ייוואָ") אין ניו יאָרק. געחלומט א נייעם חלום: צו קומען קיין ניו יאָרק און צוריק ווערן א לערער אין די יידישע שולן. א טייל פון דעם חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן: אין 1949 איז ער געקומען קיין ניו יאָרק און זיך גלייך פאַרבונדן מיטן אַרבעטער־רינג. ער איז אַוועק אין יידישן לערער־סעמינאַר און פאַרענדיקט דעם קורס, באַזוכט כסדר די שולן פון ניו יאָרק, געוואָלט באַקומען די נויטיקע דערפאַרונג, געלערנט זיך ענגליש — געמאַטערט זיך מאַטעריעל אן א שיעור.

לײדער איז אים ניט באַשערט געווען צו ווערן א לערער אין די שולן פון ניו יאָרק. מען האָט אים פאַרגעלייגט צו פאָרן אויף פּראָווינץ. דאָס האָט ער ניט געקאָנט: ערנסטע סיבות האָבן אים געצוואונגען צו פאַרבלייבן אין ניו יאָרק. האָט ק. סיראָטקאָ זיך געמאַטערט, געאַרבעט ביי שווערער פיזישער אַרבעט, אין דער האָפענונג, אז אפשר וועט זיך פאַרט באַפרייען א פּאָסטן פון א לערער און זיין חלום וועט אויסגעחלומט ווערן. אין 1951 האָט ק. סיראָטקאָ געליטן פון ערשטן האַרץ־אַטאַק. געמוזט איבעררייסן זיין אַרבעט. א לאַנגע צייט געקרענקט און זיך געמאַטערט. באַקומען ענדלעך א לייכטערע אַרבעט, אָבער אַלץ צו שווער פאַר זיין געזונט.

אין דער נאַכט פון 9־טן אויף דעם 10־טן סעפּטעמבער 1952 האָט א צווייטער האַרץ־אַטאַק איבערגעריסן דאָס לעבן פון דעם שול־טוער, לערער און גרויסן טרוימער — קאַפּל סיראָטקאָ.

י. ברונבערג

*

ווען עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּלאַן פונעם דאָזיקן יזכור־בוך, איז ק. סיראָטקאָ צוגעצויגן געוואָרן צו דער אַרבעט פון זאַמלען מאַטעריאַלן, דורכפירן אינטערוויוען מיט מענטשן וכד. און ער האָט א סך בייגעטראָגן צום צוזאַמענשטעלן די קאַרטאָטעקע פונעם יזכור־בוך. בעת ער האָט געטאָן די דאָזיקע אַרבעט, האָט ניט ער און ניט קיינער פון דער רעדאַקציע געקענט פאָראויסזען, אז צווישן די אומגעקומענע לערער אין דעם בוך וועט אויך פיגורירן דער נאָמען פון קאַפּל סיראָטקאָ...

**סליעפּ, אברהם** — לאַנגע יאָרן געאַרבעט אַלס לערער פון געזאַנג אין דער קופּערשטיין־שול, ווילנע. פּונקט ווי יעקב גערשטיין איז אויך א. סליעפּ געווען שטאַרק באַליבט און פּאָפּולער אַלס דיריגענט פון די קינדער־כאָרן און באַנאַבטער לערער פון געזאַנג אין די ווילנער יידישע שולן. ביידע פלעגן באַשיינען אַלע קינ־

דער־יום־טובים מיט זייערע געלונגענע אַרויסטרעטונגען, מיט זייערע האַרציקע ניגונים און לידער. א. סליעפּ איז אויך געווען דער אָנפירער פונעם כאָר ביי דער ווילנער בילדונגס־געזעלשאַפט (ווילביג).

בעת די נאַציס איז א. סליעפּ געווען זייער אַקטיוו אין דער אַלגעמיינער טעטיקייט פון שול־וועזן אין ווילנער געטאָ און גאָר באַזונדערס אויפן געביט פון מוזיק. אויך אין געטאָ זיינען די אויפטריטן פון זיין כאָר געווען אַ יום־טוב. אין זיין רעפּערטואַר האָט אַ גרויסן אָרט פאַרנומען די קלאַסישע וועלט־מוזיק ווי אויך די יידישע פאָלקס־לידער וועלכע ער פלעגט אַליין אַראַנזשירן. דער כאָר איז אָפט אַרויסגעטראָטן צוזאַמען מיטן סימפאָנישן אָרקעסטער.

אונטער דער אָנפירונג פון א. סליעפּ און דער מוזיק־לערערין טאַמאַראַ גערשאָוויטש האָט אין געטאָ עקזיסטירט אַ מוזיק־שול מיט אַ הונדערט קינדער. צווישן די קינדער האָבן זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט די 11־יאָריקע פידלערין. דינה בעניאַקאָנסקאַ, דער 8־יאָריקער טויבנהויז און דער 12־יאָריקער אַלעק וואָלקאָוויסקי.

עטלעכע חדשים פאַר דער ליקווידאַציע איז א. סליעפּ קראַנק געוואָרן. נאָך ניט אינגאַנצן קיין געזונטער, איז ער אַוועקגעשיקט געוואָרן אין עסטלאַנד. אין דער אַקציע אויף די אַלטע לייט אין לאַגער קיוויאָלי 1 — איז אויך א. סליעפּ אומגעקומען. זיין פרוי, דאַניע, איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף מאַידאַנעק. אויך דער זון איז אומגעקומען.

## סמאָלאַר, נתן — געבוירן אין זאַמבראָוו, אין אַן אָנגעזעענער משפחה, ביי אַ פאָטער אַ סוחר און אַ משכיל. נתן האָט



געלערנט אינעם ווילנער יידיש־רוסישן לערער־אינסטיטוט. ער האָט זיין גאַנץ לעבן נישט אויפגעהערט צו לערנען. בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַריינגעטרעטן אין דער פועלי ציון־באַוועגונג. שוין דעמאָלט האָט ער געעפנט אין זיין שטעטל אַ יידישע שול. ער איז געווען איינער פון די אָנפירנדיקע טוער אין דער פאַרטיי, וואָס ער איז איר טריי געבליבן ביזן טויט. אַ געוויסע צייט איז ער געווען אין לאָמזשע און לויט דער פאָדערונג פון דער פאַרטיי־צענטראַלע איז ער אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע און געוואָרן איינער פון די הויפּט־טוער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. ער איז אַ לאַנגע צייט געווען קאָמיטעט־מיטגליד פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון די לינקע פועלי־ציון, און זינט 1920 געווען לייטער און לערער פון די וואַרשעווער באָראָכאָוו־שולן (דזיקע 6, טוואַרדע 22, מוראַנאָוו 16). נ. סמאָלאַר איז געווען שטענדיקער דעלעגאַט אויף אַלע ציש"אָ־צוזאַמענפאָרן און לערער־קאָנפערענצן. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלע פון דער געזעלשאַפט „אַרבעטער־אוונט־קורסן", וועלכע האָט געפירט אַ פאַרצווייגטע אַרבעט.

נ. סמאָלאַר איז געווען איינער פון די בעסטע לערער, ער האָט יאָרן לאַנג געלערנט און דערצויגן אַרבעטער־קינדער, זיי ליב געהאַט און געווען באַליבט ביי זיי. ער איז געווען תמיד פריינדלעך צו זיינע מיטמענטשן, גוטהאַרציק און איידל. אַ ליבער מענטש, שטענדיק געפונען אַ גוט וואָרט פאַר זיינע חברים און פאַר יעדן קינד באַזונדער.

בעת דער מלחמה איז ער אין דער ערשטער תקופה אוועק אינעם געביט, וואס די רויטע ארמיי האט אקופירט, אבער זומער 1941, באלד נאכן איבער־פאל פון דייטשלאנד אויף רוסלאנד, איז ער צוריק געקומען קיין ווארשע און טראץ אלע שוועריקייטן און סכנות פארגעזעצט אונטערערדיש זיין אקטיווע און געטרייע טעטיקייט. דער עיקר איז ער געווען טע־טיק אין דער קולטור־ארבעט אין געטא. ער האט אנגעפירט מיט א געהיימער שול אויפן נאמען פון באראכאוו, וועלכע איז טראץ אירע שרעקלעכע עקזיסטענץ־באדינגונגען און איר אונטערערדישקייט גע־שטאנען אויף א הויכן ניוואו. ער האט אויך אנטיילגענומען אין אנדערע געזעל־שאפטלעכע ארבעטן אין געטא, סיי פון זיין פארטיי און סיי פון אלגעמיינעם כאראקטער. עס פעלן, צום באדויערן, ידיעות, ביי וועלכע אומשטענדן און ווען ער איז אומגעקומען.

**סעגאל, נחום** — מיר האבן זיך צו־זאמען געלערנט אין דער טריסקער יידי־שער שול. ער איז געווען איינער פון די בעסטע שילער. א פליסיקער, א גוטער קאפ. די העפטן און ביכער האט ער גע־האלטן אין א זעלטענער ארדנונג. די לעק־ציעס האט ער געמאכט מיט אן אפגע־היטענער פינקטלעכקייט. ער האט ליב געהאט יידיש און געשיכטע. געשריבן לידער און געחלומט צו ווערן א פאעט. ער האט זייער ליב געהאט די שול, די לע־רער, און געחלומט אליין צו זיין א יידי־שער לערער. ער איז געווען פון די ערשטע סקיפיסטן, שפעטער א „צוקונפטיסט" און לסוף דער פירער פון „בונד" אין טריסק.

נאכן פארענדיקן די פרץ־שול האט ער געלערנט עטלעכע יאר אין ווילנער רעאל־גימנאזיע. זיין פארמעגלעכע פאמיליע האט אבער דורכאויס געוואלט אים מאכן פאר א דאקטאר. זי האט אים אריבערגע־נומען אין דער פוילישער גימנאזיע פון ק. ערלער אין קאוועל. ער האט באקומען איינע פון די בעסטע מאטורעס. צו מעדי־צין האט ער זיך דאך ניט דערשלאגן. גע־לונגען איז אים אנצוקומען אויפן פוילישן לערער־סעמינאר אין קרעמעניץ. דוכט זיך, צוויי יידן זיינען זיי דארטן געווען. ער איז דערנאך געווארן א לערער טאקע אין טריסקער שול, וואו זיין ברודער אברהם איז געווען פארוואלטער. ער איז געווען דער ערשטער „אייגענער" לערער אין דער שול.

אין שול האט ער געארבעט מיט התלהבות. ער האט ליב געהאט די קינ־דער און די קינדער אים. ווי ביי זיין ברודער אברהם, איז די שול געווארן זיין אינהאלט אין לעבן. ער האט איר אוועקגעגעבן זיינע טעג און נעכט. ארום איר האט ער קאנצענטרירט די ארבעט פון „בונד". זיין חלום איז געווען: אן אייגענעם בנין פאר דער שול.

ווען די דייטשישע ארמיי האט זיך דערנענטערט צו טריסק, איז נחום א גאנצן טאג געווען אין שול. ער איז ארומגעגאנגען אין די ליידיקע צימערן, אויסגעגלייכט די בענקלעך, געמאכט אר־דענונג אין פיזיקאלישן קאבינעט, אריינ־געשטעלט די ביכער. דערנאך האט ער ארויסגענומען די זשורנאלן, געלייענט די נעמען פון די קינדער. דורכן אפענעם פענסטער האט זיך געזען אן אפגלאנץ פון א ווייטער שריפה. נחומס בלויע אויגן האבן זיך אנגעצונדן מיט א רויטקייט. זיין פנים איז מיטאמאל ווייס געווארן. די הענט האבן געציטערט. א וואקלענ־דיקער איז ער צוגעגאנגען צו דער שאפע, וואו עס זיינען געווען די כעמיקאלישע מכשירים. ער האט ארומגעטאפט יעדעם

פלעשעלע, אַנגענומען יעדן מכשיר און לסוף אַ כאַפּ געטאָן אַ גרויסע באַנקע מיט בענזין:

— לאָמיר דאָס אַליין טאָן!

עס איז נאָר געווען אַ געדאַנק ביי אים — ער האָט די שול ניט אונטערגעצונדן. געטאָן האָבן עס שפּעטער די דייטשן. ער אַליין איז דערשאָסן געוואָרן הינטערן שטעטל, צוזאַמען מיט זיינע שילער, מיט אַלע יידן.

מ. אַליצקי

**סעגאַלאָוויטש, אָליע** — אין דער וואַרשעווער גרופּע אָוונט־שול־לערער אין די צוואַנציקער יאָרן האָט זיך אויסגעצייכנט די סטודענטקע אָליע סעגאַלאָוויטש פון לאָדזש, אַ שוועסטער פון באַקאַנטן יידישן דיכטער ז. סעגאַלאָוויטש.

אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן האָט אָליע סעגאַלאָוויטש באַקומען אַ שטעלע פון אַ לערערין אין די אָוונטשולן פאַר יוגנטלעכע אַרבעטער, וואָס דער יוגנט־בונד „צוקונפט” האָט אָנגעפירט. אָליע סעגאַלאָוויטש איז געווען אַ בונדיסטקע. זי איז געקומען קיין וואַרשע מיטן נאָמען פון אַ באַגייסטערטער רעדנערין אויף גרויסע לאָדזשער מאַסן־מיטינגען. אין וואַרשע איז זי גלייך צוגעצויגן געוואָרן צו די אָנפירנדיקע קערפּערשאַפטן פון „צוקונפט”.

אָליע סעגאַלאָוויטש איז געווען קלוג, אינטעליגענט, באַלעזן, אויסערגעוויינלעך באַגאַבט. דערצו איז זי געווען זייער סענסיטיוו. זי איז געווען אַן אמתע אידעאַליסטקע. סאָציאַליזם איז פאַר איר געווען כמעט אַ רעליגיע.

געבוירן אין 1898 אין ערד, האָט זי פריער שטודירט אין אַ רוסישער גימנאַזיע אין לאָדזש, דערנאָך — אין אַ פּוילישער גימנאַזיע. זי איז געווען פון די בעסטע שילערינס. אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט האָט זי שטודירט אויפן פיזיק־מאַטעמאַטישן פאַקולטעט. אויף די אָוונט־קורסן פאַר יוגנטלעכע אַרבעטער, וואו זי האָט געאַרבעט אַ 4־3 יאָר, האָט זי טאַקע געלערנט מאַטעמאַטיק. אַ קורצע צייט האָט זי אויך געלערנט פּויליש אין איינער פון די וואַרשעווער ציש״אָ־שולן.

אירע גרויסע, טיפע שוואַרצע אויגן זיינען תמיד געווען פאַרטרויערט, ווען זי פלעגט רעדן וועגן די באַציאונגען אין אוניווערסיטעט. איר נשמה איז פול געווען מיט מענטשנליבע, מיט אידעאַליזם. איר טרוים איז געווען צו זען די סטודענטנשאַפט אַ פאַרברידערטע אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַלער אָדער רעליגיעזער אָפּשטאַמונג. אַנשטאָט דעם האָט זי דאָרטן געטראָפן האַס צום יידישן סטודענט — גרענעצלאָזן האַס. איר נשמה איז ממש קראַנק געווען פון דעם. דאָס פיר־עקיקע, וויים־אַמאַראַנטענע סטודענטן־היטל איז איר שנעל פאַרמיאוסט געוואָרן. עס איז איר ענג געווען אין דער דאָזיקער אַטמאָספערע פון נאַציאָנאַלן האַס. ווי פיל אַנדערע אידעאַליסטישע יונגע מענטשן אין יענעם פּעריאָד, האָט עס איר גענומען ציען קיין סאָוועט־רוסלאַנד. זי האָט געגלויבט, אַז דאָרטן בויט זיך טאַקע אַ נייע וועלט. — דאָס האָט געפירט צו נאָך גרעסערע טראַגעדיעס אין איר לעבן...

אין סאָוועט־רוסלאַנד האָט דאַן געלעבט איר עלטערער ברודער וואָלף, אַ געוועזענער לאָדזשער לערער. צווישן די פיל ברידער און שוועסטער אין דער סעגאַלאָוויטש־משפחה, איז ער געווען דער פּאָליטישער אויטאָריטעט. ער האָט געהערט צום „בונד”. אין לאָדזש איז ער געווען באַקאַנט אַלס רעדנער און אַלס

איבערגעגעבענער סאָציאַליסט. ער האָט טאַקע געמאַכט אַליען פאַר אַ בונדיסטקע. אין די ערשטע יאָרן פון סאָוועטישן רעזשים איז ער אַוועק קיין רוסלאַנד. פון דאָרטן האָט ער גערופן זיינע יינגערע שוועסטער אַליע און געניע צו זיך. די ערשטע איז אַוועקגעפאָרן די יינגערע געניע. אַליע איז אַוועקגעפאָרן אַרום 1925־1926.

דאַן האָט די פאַמיליע אָנגעהויבן באַקומען פון רוסלאַנד איוב־בשורות. וואָלף סעגאַלאָוויטש איז געווען אין טראָצקיס לאַגער. אַרום 1927 איז ער אַרעסטירט געוואָרן. ווי זיין ברודער ז. סעגאַלאָוויטש פלעגט פאַרזיכערן, איז ער אַמוואַרשיינלעכסטן דערשאָסן געוואָרן. מאַניע ריינהאַרץ — אַ באַקאַנטע בונדישע טוערין און אַליע סעגאַלאָוויטשעס יוגנטחברטע — פאַרזיכערט, אַז זי אַליין האָט געהערט דורכן סאָוועטישן ראַדיאָ, אַז „דער טראָצקיסט, סאַבאָטאַזשניק און פאַררעטער" וואָלף סעגאַלאָוויטש איז פאַרמשפט געוואָרן צום טויט.

אַליע סעגאַלאָוויטש אַליין האָט לכתחילה געשריבן בריוו קיין פוילן. נאָך איר ברודערס אַרעסט זיינען די גרוסן פון איר געוואָרן אַלץ שוואַכער. מען האָט געוואוסט, אַז זי איז באַשעפטיקט אין עפעס אַ כעמישער לאַבאָראַטאָריע אין וויטן סיביר, דאַכט זיך — אין כאַבאַראָווסק. איינמאָל איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז אַליע סעגאַלאָוויטש האָט בעת אַ נישט־געלונגענעם כעמישן עקספּערימענט זיך אָפּגעבריקט דאָס געזיכט.

מען קיין ידיעות האָט קיינער פון איר קיינמאָל נישט געהאַט. ז. סעגאַלאָוויטש האָט ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן געהאַט די איבערצייגונג, אַז אין די שפּעטערדיקע „ריניקונגען" אין די דרייסיקער יאָרן איז זי אומגעבראַכט געוואָרן.

פ. שוואַרץ

## סעגאַלאָוויטש ־ פיינזילבער, איידל

איידל — איר פאָטער — אַן אָרעמער האַנטווערקער (שוסטער), אַ בעל מטופל מיט אַ גרויס געזינדל. איידל איז געווען די עלטסטע. נאָך זייענדיק אַליין כמעט אַ קינד, האָט זי געהאָלפן דער מוטער ניאַנטשען די קליינוואַרג און טאָן שטובאַרבעט. זי האָט זיך געלערנט אין דער שול פון „קינדער־פאַרזאָרגונג". צו 14־15 יאָר איז איידל אָנגעקומען אין דער האַפטעריי־אָפּטיילונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער שול „הילף דורך אַרבעט", און זיך דאָ אויסגעצייכנט אויפן געביט פון „נאָדל־מאַלעריי", אויסהאַפטנדיק פאַרשיידענע בילדער מיט קאָלירטע פעדעם (זייד). אירע אַרבעטן אויף דעם געביט ווי אויך אירע אייגענע צייכענונגעןקאָמפּאָנירונגען האָבן פיגורירט אייניקע מאָל אויף אויסשטעלונגען פון „הילף דורך אַרבעט" און אויף די אויסשטעלונגען וואָס די דייטשן האָבן אין 1916 עטאַבלירט (עקספּאָנאַטן פון די אַרטיקע נאַציאָנאַליטעטן: ליטווינער, ווייסרוסן, פּאָליאַקן און יידן). איידל סעגאַלאָוויטש האָט אין געוויסע שעהן געאַרבעט אויף דער אויסשטעלונג גופא און איז געווען אַ שם חבר מיט אירע קינסטלערישע אַרבעטן. ביז דער היטלער־מלחמה זיינען אירע אַרבעטן נאָך געווען אין מוזיי פון „הילף דורך אַרבעט" (אַ מצה־סערוועט, אַ רבי און אַ תלמיד א"אַ).

איידל איז געווען אויך אויסערלעך זייער שיין. בלויע עטוואָס פאַרטראַכטע אויגן, אַ געטאַקטער פּנים, אַ ווייכע סאַמעט־שטימע. זי האָט אויף אַלעמען געמאַכט זייער אַן אָנגענעמען איינדרוק.

דערצו האָט זי אויך פאַרמאָגט אַ פיינעם דראַמאַטישן טאַלאַנט. זייענדיק אַ שילערין אין „הילף דורך אַרבעט", האָט זי אויפגעפירט די פּיעסע פון מאַרק אַרנשטיין „דאָס אייביקע ליד". זי האָט באַצויבערט מיט איר וואונדערבאַר־דורכגעטראַכטן אויספירן די ראָל פון דער ווייב פון דעם הויפּט־העלד און אויך מיט איר טאַנצן און זינגען.

נאָכן ענדיקן די פּראָפעסיאָנעלע שול איז איידל געווען אַ געוויסע צייט לערערין פון האַנט־אַרבעט אין די יידישע שולן. איר האָט אָבער געצויגן צו העבערער פּעדאַגאָגישער אַרבעט. זי איז אָנגעקומען אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאַר, וועלכן זי האָט געענדיקט אין 1926. נאָך דעם איז זי געווען אַ דערפאָלגרייכע לערערין אין די צישאָ־שולן אין לובלין און שפּעטער אין ווילנע (שלום־עליכם שול, מפיצי השכלה).

ווי ש. קאַטשערגינסקי גיט אָן, איז זי אין ווילנער געטאָ געווען צוערשט פאַרוואַלטערין פון מושב זקנים, נאָך דעם — בוכהאַלטערין אין דער וואַרשטאַטן־אָפּטיילונג, אָנגעפירט דורך ה. גוטגעשטאַלט.

ה. אַבראַמאָוויטש

***

איידל האָט געהערט צום „בונד", און אין ווילנער געטאָ האָט זי אַנטייל גענומען אין אַלע פּאַרטיי־צוזאַמענקומען. בכלל האָט זי זיך אין געטאָ געהאַלטן מוטיק. בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ איז זי צוזאַמען מיטן זון הענאָך אַוועקגעפירט געוואָרן אויף פּאָנאַר (אָדער קיין מיידאַנעק).

## סעגאַלאָוויטש־קאַץ, גיטל —



געבוירן אין ווילנע אין 1908, אַ שוועסטער פון איידל. אירע עלטערן זיינען געווען פאָלקסמענטשן, וועלכע האָבן זיך אויסגעטיילט מיט זייער האַרציקייט און גוטמוטיקייט. גיטקע ענדיקט אין ווילנע די פּרוג־שול און אין יאָר 1923 קומט זי אָן אין יידישן לערער־סעמינאַר אויפן נאָמען פון וול. מעדעם. זי איז אַ גוטע שילערין. זי איז פון כאַראַקטער זייער אַ באַשיידענע, צוריקגעהאַלטענע און שעמעוודיקע. זי ענדיקט דעם סעמינאַר אין יאָר 1928 און הויבט אָן איר לערער־קאַריערע. זי ווייזט זיך אַרויס פאַר זייער אַ פעאיקער לערערין פאַר די ייִנגערע קינדער. די מערסטע צייט פון איר לערער־סטאַזש אַרבעט זי אין מעדעם־סאַנאַטאָריע אין מיעדזעשין. זי האָט חתונה מיטן לערער יאָסל קאַץ. אין 1936 האָט זי געבוירן אַ זונעלע אַברהמלע.

די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה אַרבעט זי צוזאַמען מיט י. קאַצן אין ביאַליסטאָק. זי אַרבעט אין דער פאָלקשול ביי דער יידישער גימנאַזיע.

אין יאָר 1941, ווען די דייטשן באַפאַלן ביאַליסטאָק פאָרט זי מיט איר מאַן און זונעלע קיין ביעלסק, כדי דאָרט צו זיין צוזאַמען מיט י. קאַצס עלטערן.

נאָך דעם ווי איר מאַן יאָסל קאַץ ווערט אין 1941 אומגעבראַכט פון די דייטשע מערדער, בלייבט זי ווייטער ביי זיינע עלטערן. זי מאַכט דורך צוזאַמען מיט זיי די שרעקלעכע געטאָ־יאָרן אין ביעלסק, און נאָכדעם ווערן זיי איבערגעשיקט אין ביאַליסטאָקער געטאָ. אין 1943, חודש סעפּטעמבער, ווען עס ווערט ליקווידירט די באַיליסטאָקער געטאָ,

ווערט גיטל צוזאמען מיט איר קינד און גאנצער משפחה אוועקגעפירט אין די גאז־קאמערן פון טרעבלינקע.

גיטל סעגאלאוויטש האט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע פעדאגאגישע פעאיקייטן. מיט איר פעסטן כאראקטער און רואיקן צוגאנג צו די קינדער — האט זי גיך געוואונען זייער צוטרוי, און די קינדער האבן זיך צו איר שטארק צוגעבונדן. זי האט אירע דערציערישע אויפגאבן גענומען זייער ערנסט. זי איז ניט געווען אקטיוו פארטייאיש־געזעלשאפטלעך און איז בכלל געווען א שטארק צוריקגעהאלטענער און איינגעשלאסענער טיפ. אין די שולקרייזן האט זי געהאט דעם נאמען פון איינער פון די בעסטע לערערינס, וואס איז אויסערגעוויינלעך געטריי דער נייער יידישער שול.

אומפארגעסלעך זיינען די עטלעכע יאר, וואס גיטע סעגאלאוויטש האט געארבעט אין דער מעדעם־סאנאטאריע. זי איז דא געווען לערערין־דערציערין אין די יינגערע קינדער־גרופעס. זי האט זיך דא ארויסגעוויזן אין פולן פראכט פון איר דערציערישן טאלאנט. איר ציציאונגס־קראפט און ווירקונג אויף די קינדער איז פשוט געווען מאגיש. די קינדער האבן זיך צו איר געטוליעט ווי צו אן אייגענער מוטער. אן ווערטער, בלויז מיט איר בליק פלעגט זי פועלן ביי די קינדער אלץ וואס איז געווען נויטיק. עס איז געווען דער גרעסטער פארגעניגן זיך צוצוקוקן צו איר גרופע קינדער, ווען זי האט זיי אנגעווארעמט דורך א מעשהלע אדער שפיל. די קינדער האבן געשטראלט פאר פרייד. פול מיט ליבע צו דער לערערין און צום אנשטאלט, האבן זיי זיך אויסגעצייכנט צווישן דער גרויסער מאסע סאנאטאריע־קינדער אפילו אין דער אפוועזנהייט פון ג. סעגאלאוויטש. איר ארבעט אין סאנאטאריע איז געווען פון אזא מדרגה, צו וועלכער עס דערגרייכן נאר געציילטע פעדאגאגן־קינסטלער.

## סעניצקי, יצחק — איז משך פון לאנגע יארן געווען לערער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן פון ווילנע. געווען פארוואלטער פון דער דינעזאן־שול אין ווילנע. זייער א סך אויפגעטאן פאר דער אנטוויקלונג פון ספארט צווישן דער יוגנט, אנטייל גענומען און אנגעפירט מיט א סך עקסקורסיעס פון יוגנטלעכע. געווען אקטיוו אין „ווילביג" (ווילנער בילדונגס־געזעלשאפט) און געווען א מיטגליד פון יידישן לערער־פאריין אין ווילנע (פון דער גרופע לינקע פועלי־ציון).



אויך אין ווילנער געטא, אונטער די נאצים, האט ער גענומען אן אקטיוון אנטייל אין דער גאנצער שול־ארבעט. און אויך אין געטא איז ער געווען דער ארגאניזאטאר פון לערער־פארבאנד און זיין פארזיצער. יצחק סעניצקי איז געווען זייער א גוטמוטיקער אבער אויך א מוטיקער מענטש. פון ווילנער געטא איז ער ארויסגעפירט געווארן און איז אומגעקומען אין אן עסטאנישן לאגער.

יצחק סעניצקים שוועסטערקינד און חבר סענדער סעניצקי דערציילט וועגן יצחקן :

„געבוירן געווארן איז יצחק דעם 25־טן מאי 1895 אין ווילנע. אין א קורצער צייט ארום האט זיין טאטע אבא סעניצקי געעפנט א בשמים־קראם אויף זאוואלנע 66 אין עלקינס הויף. ביי דער

קראם איז אויך געווען א דירה פון דריי צימערן (איינער א פינצטערער) מיט א קיך. אז יצחק איז אונטערגעוואקסן, האט מען אים אפגעגעבן אין חדר צו ר׳ שאול פלודערמאכער, דעם פאטער פון גרשון פלודערמאכער. שפעטער איז יצחק אנגעקומען צו צונזערן אין „נאטשאלנאיע אוטשילישטשע". צו 14־15 יאר האט ער געענדיקט די שול, און מיר האבן זיך ביידע גענומען גרייטן צום לערער־אינסטיטוט. דאס ערשטע מאל זיינען מיר ביידע דורכגעפאלן, ווייל פון 115 אפליקאנטן האט מען געקענט אננעמען נאר אן ערך 20 תלמידים. דעם צווייטן יאר זיינען מיר ביידע געווען מזלדיקער און זיינען אנגענומען געווארן אין אינסטיטוט. יצחק האט געקראגן עטוואס נידעריקערע מיינונגען און איז אנגענומען געווארן אלס „סוואיעקאשטנער" תלמיד, ד. ה. דאס ערשטע יאר האט ער ניט געקראגן די סטיפענדיע פון 20 רובל א חודש.

אין 1915 ווען דער רוסיש־דייטשער פראנט האט זיך דערנענטערט צו ווילנע, האט זיך דער אינסטיטוט עוואקוירט קיין נאווא־מאסקאווסק לעבן יעקאטערינאסלאוו. צייטווייליק האט יצחק זיך געפונען אין דעמיעווקע לעבן קיעוו. פארענדיקט דעם אינסטיטוט האבן מיר אין יוני 1917, און מיר האבן אנגעגעבן אונזערע פאפירן אין קיעווער קאמערץ־אינסטיטוט, וואו מיר זיינען ביידע אנגענומען געווארן. אין קיעוו האבן מיר דורכגעמאכט דעם פעריאד פון דער רעוואלוציע, יצחק איז געווארן א מיטגליד פון די פועלי־ציון און איך — פון דער „פאראייניקער ייד. סאצ. פארטיי". א קורצע צייט נאך דעם זיינען מיר ביידע אוועק קיין מאקאראוו, 50 ווערסט פון קיעוו, און מיר האבן דא געגרינדעט א יידיש־וועלטלעכע פאלקשול, וואו אלע לימודים זיינען געפירט געווארן אויף יידיש. צוזאמען פלעגן מיר שאפן די טערמינאלאגיע פון אריטמעטיק, עלעמענטארער געאמעטריע, נאטורוויסענשאפט און געאגראפיע. פארענדיקט דאס לערניאר אין מאקאראוו, האבן מיר באשלאסן צו פארן אהיים, און אנהייב אויגוסט 1918 זיינען מיר שוין געווען אין ווילנע. איך האב אנגעהויבן ארבעטן אין דעם קינדער־היים פאר יינגלעך אויף „נייע, דריי", וועלכער איז דערנאך געווארן די לייזער־גורוויטש־שול ווען איר פארוואלטער לייזער גורוויטש איז דערשאסן געווארן פון די פאליאקן אין 1920. יצחק האט זיך געשטעלט ארבעטן אין דבורה קופערשטיין־שול, בראש פון וועלכער עס איז געשטאנען גרשון פלודערמאכער. גלייכצייטיק האט ער אויך גענומען ארבעטן אין דער פרץ־שול פאר דערוואקסענע, וואס איז געווען אין דעם זעלבן לאקאל".

**סעקשטיין, געלע** — אן אביטוריענטין פון דער גראסער־שול קארמעליצקע 29. האט געשטאמט פון זייער אן ארעמער שטוב. אלס קינד פארלירט זי די עלטערן, בלייבט א יתומה און מוז אליין טראכטן וועגן איר גורל. שוין אין שול האט זי ארויסגעוויזן טאלאנט צו צייכענען און מאלעריי. די לערער אין שול פאראינטערעסירן זיך מיט איר. זי ארבעט א סך איבער זיך און אנטוויקלט אלץ ווייטער אירע פעאיקייטן אין דער ריכטונג. ווען זי פארענדיקט די שול, מאלט זי א סך און נעמט איבער דעם לימוד פון צייכענען אין דער שול נאוואליפקי 68. זי פארבינדט זיך מיטן לערער ישראל ליכטנשטיין, און איר לעבן ווערט לייכטער, זי ווערט באפרייט פון מאטעריעלע זארגן און זי קען זיך מער ווידמען דער ארבעט ביי מאלעריי.

אין יאָר 1937 האָבן מיר צוזאַמען געאַרבעט אין דער קינדער־קאָלאָניע אין קוזמיר (קאַזשימיעזש ביי דער ווייסל). סעקשטיין האָט דאָן זייער אַ סך געמאָלן — סיי פּייזאַזשן פון דער געגנט, סיי פּאָרטרעטן פון די קינדער. טייל פּאַר־טרעטן זיינען אָפּגעפונען געוואָרן נאָך די אויסגראָבונגען פון רינגעלבלום־אַרכיוו און געפינען זיך אין מוזיי פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

נאָך דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע איז זי צוזאַמען מיט איר מאַן און קינד געבליבן וואוינען אויף דזשעלנע. זי האָט זייער זאָרגפעליק און מוטיק זיך אַן עצה געגעבן אין די שווערע טעג מיטן באַזאָרגן באַשפּייזונג פאַר איר קינד. סיי זי, סיי איר מאַן האָבן געהאָלפן אָרגאַניזירן די קינדער־קיך אויף נאָוואָליפּקי 68, וואו זיי אַרבעטן זייער אַקטיוו. שפּעטער בעתן אַנטשטיין פון די שול־קאָמפּלעטן אַרבעטן זיי אויך דאָ. געלע סעקשטיין האָט אַריינ־געבראַכט אַ סך יום־טובדיקייט מיט איר אַרבעט אין דער קינדער־קיך: אירע דע־קאָראַציעס סיי אין די שול־צימערן, סיי אין די טונקעלע קאָרידאָרן, אירע קאָס־טיומען צו אַלע קינדער־פאָרשטעלונגען און יום־טובים האָבן געהאַט אַ שם אין וואַרשע.

נאָך דער צווייטער אויסזידלונג קלייבן זיי זיך איבער אין דעם בונקער (אונטער אַ קעלער אין הויז פון נאָוואָליפּקי 68) צוזאַמען מיט דער שול־דאָקטאָרין פּאָל־מאַן. געלעס מאַן ישראל ליכטנשטיין איז געווען טעטיק אינעם קאָנספּיראַטיוון רינגעלבלום־אַרכיוו צוזאַמען מיט די אַבי־טוריענטן פון דער שול נחום גזישוואַטש און דוד גראַבער. זיי האָבן באַגראָבן די קעסטלעך פון אַרכיוו אין דעם זעלבן בונקער, און בעתן אויפשטאַנד זיינען זיי אַלע לעבעדיקערהייט פאַרשאָטן געוואָרן אין דעם בונקער.

אין יאָר 1947 (אָדער 1948) איז פאָר־געקומען אַן אויסשטעלונג פון אָפּגע־פונענע בילדער פון יידישע מאָלער — אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַר־שע. דאָ זיינען געווען אויסגעשטעלט אויך די בילדער פון געלע סעקשטיין און גע־וויסע מאַנוסקריפּטן פון ישראל ליכטנ־שטיין וועלכע זיינען אָפּגעפונען געוואָרן בעת די אויסגראָבונגען פון רינגלעבלום־אַרכיוו.

ג ע נ י אַ   ס י ל ק ע ס

***

אין „פאָרווערטס" פון 31־טן דעצ. 1948 דערציילט ב. צ. העריטאַן וועגן זיינע באַ־געגענישן מיט געלע סעקשטיין:

„איך האָב באַזוכט פּוילן אין יאָר 1938. ווען איך בין געווען אין וואַרשע, בין איך געווען איינגעלאַדן אין הויז פון דער דיכטערין רחל אויערבאַך. האָב איך דאָרט געטראָפן אַ יונגע שיינע מיידל, וועלכע רחל האָט מיר פאָרגעשטעלט אַלס געלע סעקשטיין. ווען זי האָט געהערט אַז איך קום פון אַמעריקע, האָט זי מיר אויף אַ זייער באַשיידענעם אופן דער־ציילט וועגן זיך. זי איז אַ קינד פון דער אָמתער אָרעמקייט. געקראָגן איר דערצי־אונג אין די ציש״אַ־שולן, באַזוכט און אויך געאַרבעט אין דעם באַרימטן מע־דעם־סאַניטאַריום, און פון זיך אַליין אָנ־געהויבן אַרויסצואווייזן אַ נייגונג צו מאָלן. די מערסטע טיפּן אירע האָט זי טאַקע גענומען פון דעם מעדעם־סאַני־טאַריום. זי האָט מיר אויך געזאָגט, אַז אינגיכן קלייבט זי זיך נאָך אַמאָל צו באַ־זוכן די מעדעם־סאַנאַטאָריע, כדי זיך מער צו באַקענען מיט די קינדער־טיפּן פון דער אמתער וואַרשעווער אָרעמקייט, וועלכע זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר גאַנץ פּוילן. אין אָוונט האָבן מיר צו־זאַמען מיט רחל אויערבאַך און נאָך אַ

פאר פריינד, באזוכט איר הויז, גענעסן צוזאמען א זייער באשיידענע וועטשערע, און נאכדעם האט זי אונז געוויזן אייניקע פון אירע ארבעטן. זי האט געהאלטן אין איין רעדן וועגן ווייטערדיקע פלענער, און איבערהויפט וועגן אן אויסשטעלונג פון אירע בילדער.

ווען איך בין שוין געווען צוריק אין ניו־יארק, האט זי מיר צוגעשיקט עטלעכע רעפראדוקציעס פון אירע קינדער־פארטרעטן, מערסטע טיפן גענומען פון דעם מעדעם־סאניטאריום. דעמאלט האט זי נאך ניט געפילט, אז איר יונגער שיינער לעבן וועט אפגעהאקט ווערן אויף אזא ברוטאלן אופן פון די נאצי־רוצחים. ביי איר מאן אין הויז האב איך זיך אויך באקאנט מיט איר מאן, דעם יידישן לערער און טעטיקן פועלי־ציון ישראל ליכטנשטיין.

אין גרעלע סעקשטיין איז געוואקסן א וויכטיקער טאלאנט. אין מיטן פון אירע בלי־יארן האט דער נאצי־רוצח זי אומגעבראכט. לאמיר לייענען אירע לעצטע ווערטער — זיי באלאנגען צו דעם לאנגן צעטל קידוש־השם־דאקומענטן. די צוואה איז אינאיינעם מיט דער מאלערינס עטלעכע ארבעטן געפונען געווארן צווישן די אויסגעגראבענע מעטאלענע קעסטלעך פון דעם רינגלבלום־ארכיוו אונטער די חורבות פון דער ווארשעווער געטא.

אט איז דער בריוו:

„ווען איך שטיי אויפן גרענעץ פון לעבן; ווען איך בין מער ווי זיכער, אז איך וועל ניט לעבן, וויל איך זיך געזעגענען מיט מיינע פריינד און מיינע ארבעטן.

„צען יאר ארבעט, געקליבן, געריסן און ווידער געארבעט. געגרייט זיך אויסצושטעלן מיינע בילדער, און ספעציעל די אויסשטעלונג „פארטרעטן פון יידישע קינדער". איצט ראטעווע איך לויט די מעגלעכקייטן, וויפל איך קאן און וויפל עס איז צוגעפאסט דאס ארט. פאר דעם לאז איך איבער אויף הפקר, אויף גאטס באראט, צענדליקער אויל־ארבעטן, פארטרעטן פון אידישע שרייבער, סקיצן א"א.

„איך בעט ניט קיין שבחים, איך וויל נאר א זכר פאר מיין נאמען און פאר מיין טעכטערל, דאס פעאיקע מיידעלע מרגלית ליכטנשטיין (אויפן נאמען פון מיין מאן ליכטנשטיין), וואס ווייזט ארויס צו 20 חדשים מאלערישע פעאיקייטן. א יידיש מיידעלע, רעדט א שיינעם יידיש און איז גייסטיק און פיזיש אנטוויקלט. מיינע ארבעטן שענק איך אוועק דעם יידישן מוזיי, וועלכער וועט געשאפן ווערן אין דער צוקונפט, כדי צו רעסטאווירן דאס יידישע קונסטלעבן פון פאר דער מלחמה ביזן יאר 1939, ביז דער גרויליקער טראגעדיע פון אידישן קיבוץ אין פוילן.

„איך בין ניט פעאיק איבערצוגעבן פרטים וועגן אונזער שוידערלעכן גורל, וועגן דער גרויסער טראגעדיע פון אונזער פאלק. דאס לאז איך איבער פאר מיינע קאלעגן, יידישע שרייבער. איך בעט דעם מענטשן, די געזעלשאפט, וועלכע וועט געפינען מיינע ארבעטן, זאל וויסן, אז איך האב דעם פארמאט געמוזט ארומשניידן און צופאסן צו די באדינגונגען.

„איך בעט צו־וויסן־געבן וועגן מיין גורל, גורל פון מיין מאן און טעכטערל מיין ליבער שוועגערין יענטע ליכטנשטיין מיט איר מאן אברהם פוטערמאן, אין בוענאס איירעס (איך קאן זיי ניט פערזענלעך); מיין פריינט ב. צ. הערימאן אין ניו יארק, דעם ליבן חבר, געזעלשאפטלעכן טוער און שרייבער; מיינע חברים מאלער פון ווארשע, ווילנע, וועלכע זיינען אוועק קיין ראטן־פארבאנד; דעם גרויסן שרייבער י. י. זינגער, וועל-

כער האט דער ערשטער מיין טאלאנט אנטדעקט; חוץ דעם אלע פריינד, חברים שרייבער וועלכע האבן מיך געקענט.

„איצט בין איך רואיק, איך מוז אומקומען, אבער מיינס האב איך געטאן. איך פרואוו באהאלטן א זכר פון מיינע ארבעטן. זייט געזונט, מיינע חברים און פריינד; זיי געזונט, יידיש פאלק; דערלאזט ניט מער צו אזעלכע חורבונות.

1־טער אויגוסט, 1942.

געלא סעקשטיין"

צווישן די בילדער פון דער אומגעקומענער געלען, האט מען געפונען פאר־טרעטן־ארבעטן פון א ריי יידישע שרייבער: שמעון האראנטשיק (אומגעקומען), בונם העלער, אפרים קאגאנאווסקי, משה קנאפהייס, און אנדערע. אויך זיינען אין דעם בלעכענעם קעסטל געפונען געווארן דער קינסטלערינס א סך קינדער־צייכענונגען און שטודיעס.

ב. צ. העריטאן

**סקיבין, דוד** — געשטאמט פון ווילנער פראווינץ און פארענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאר. געווען נאענט צו דער גרופע „פרייע שריפטן". געווען לערער אין דער יידיש־וועלטלעכער שול אין האראדישטש. אומגעקומען איז ער אין שטעטל פאסטאוו ביי ווילנע אין 1942.

**עליאשבערג, ניוטע (חנה)** — א יונגע טיכטיקע לערערין. אין ווילנער געטא געארבעט אלס סעקרעטארין פון הילפס־קאמיטעט (פארזיצערין — מירע בערנשטיין). בעת דער ליקווידאציע פון געטא איז חנה פארשיקט געווארן אין די לאגערן, לעטלאנד; שפעטער — אין שטוטהאף לעבן דאנציג. דארט איז זי אומגעקומען.

**עליאקימאוויטש, רבקה** — לאנגיאריקע סעקרעטארין פון דער דבורה קופערשטיין שול. געבוירן אין ווילנע. די מוטער אן אלמנה, פארנעמט זיך מיט מעקלעריי. רבקה, זייער א געראטענע, ענדיקט די אקושארן־שול מיט א גאלדענעם מעדאל פאר דער ערשטער מלחמה.

רבקה לעבט איבער א שווערע פערזענלעכע טראגעדיע, זי ווערט קראנק. שפעטער גייט זי אריין אין דער דבורה קופערשטיין־שול אלס סעקרעטארין.

דאס איז געווען אן אומדערמידלעכער מענטש, א פינקטלעכער און זעלטן ערנטלעכער. זי האט זיך מיט ליב און לעבן איבערגעגעבן דער ארבעט. געלעבט צוזאמען מיט דער מאמען אין 2 קליינע צימערלעך.

זי האט נאר געוואוסט די שול און די שטוב. אפט איז איר געווארן שלעכט ביי דער ארבעט, האלט זי זיך אן ביי א טיש — און ווען עס ווערט איר לייכטער, ארבעט זי ווייטער. זי ארבעט טריי און איבערגעגעבן אין שול. פון א 4־קלאסיקער וואקסט די שול אויס צו אן 8־קלאסיקער, און רבקה פירט אליין דורך אלע ארבעטן. מיט איר איבערגעגעבענער ארבעט האט זי זייער א סך מיטגעטראגן צו דעם דערפאלג פון דבורה קופערשטיין־שול.

**עלענטוך, משה** — לערער אין דער לאדזשער מעדעם־שול אויף צעגליאנע, געלערנט צייכענען, מאטעמאטיק און פי־



זיק אין די עלטערע קלאַסן. געפירט מיט די תלמידים פּראַקטישע לאַבאָראַטאָרישע אַרבעטן. מ. עלענטוך איז געווען זייער אַן ענערגישער און אינטעליגענטער לערער. ער האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן גרויס דרך־ארץ און איז געווען עטלעכע מאָל געווילט אַלס דעלעגאַט צו לערער־צוזאַמענפאָרן. גלייכצייטיק איז מ. עלענטוך געווען באַשעפטיקט אַלס דערציער אין דעם יידישן יתומים־הויז. אין דער מיכאַלעוויטש־שול אויף באַלוט האָט ער מיט גרויס דערפאָלג איינגעפירט פּראַקטישע אַרבעטן פון די קינדער אין שול־גאָרטן. אומגעקומען איז ער אין לאָדזשער געטאָ.

יצחק ליפּסקי, אַ געוועזענער שילער פון די בונדישע שולן אין לאָדזש, שרייבט וועגן מ. עלענטוך:

„אַ טייערער און האַרציקער לערער. אַ פּעסטער, אַ ברייטפּליציקער, געלערנט געאָגראַפיע, פיזיק. אַ שטרענגער אויף די לעקציעס, אָבער אַ צוגעלאָזענער בעת די פּויזעס, אַ פרייליכער ביי שול יום־טובים. אַ מייסטער אין שפּילערייען און וויציקע לידלעך פון פייפן און קלאַפּן מיט די הענט, אין פאַרשיידענע קונצן, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ סך געלעכטער און פרייד ביי דעם קליינוואַרג. בעת דער עוואַקואַציע פון לאָדזש אינעם טראַגישן 6־טן סעפּטעמבער 1939 האָב איך אים געטראָפן מיט טויזנטער פּליטים אין זשיראַרדאָוו. זיין ווייטערדיקן גורל ווייס איך נישט — איך ווייס נאָר אַז ער האָט זיך אומגעקערט גלייך צוריק קיין לאָדזש, וואו ער איז געווען דער פאַרוואַלטער פון אַ יתומים־הויז".

**ענצעל, מלכה** — געשטאַמט פון וואַרשע, פון אַ קליינבירגערלעכער משפּחה, וואָס האָט געוואוינט אויף נאַוואָליפּיע 36. נאָך דעם ווי זי האָט געענדיקט גימנאַזיע האָט זי געלערנט אין יידישן לערער־סעמינאַר און איז געוואָרן אַ פּרעבעליסטין. אַ געוויסע צייט האָט זי געאַרבעט אין אַ ציש"אַ־קינדער־היים אין וואַרשע, שפּעטער — אַלס פּרעבעליסטין אין גאָמבין אין דער קינדער־היים פון ציש"אַ (2 יאָר). אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט זי געאַרבעט אין קאַליש, וואו זי האָט חתונה געהאַט מיטן אָנגעזעענעם סאָציאַליסטישן טוער לעשצינסקי. אין די יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער היטלער־מלחמה האָט זי געאַרבעט אַלס לערערין אין טשענסטאָכאָוו, און דאָ איז זי אומגעקומען.

**עפּשטיין — בוקסבוים, באַשע** — די פרוי פון נתן בוקסבוים, בתיה עפּשטיין איז געבוירן געוואָרן אין בריסק אַן ערך אין 1910, געענדיקט דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט. זי איז געווען אַקטיוו אין דער פּוע"צ באַוועגונג און האָט געאַרבעט אין די פּוע"צ שולן אין וואַרשע (טאַרגאָווע 32, דזיקע 6, נאַוואָליפּקי 68). אַן אינטעליגענטע פרוי און אַ לערערין מיט אַ גוטן פּעדאַגאָגישן חוש, האָט זי פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין וואַרשעווער שולוועזן. אין דער צייט פון דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע האָט זי, ליגנדיק אין שפּיטאָל דורכגעמאַכט שווערלעכע איבערלעבונגען. שפּעטער איז זי אומגעקומען צוזאַמען



מיטן מאַן נתן בוקסבוים און זײַן טאָכטער, (מיטגליד פון דער פּועלי־ציוניסטישער קינדער־ און יוגנט־אָרגאַניזאַציע „יונגבאָר") מירא, פון זײַן ערשטער פאַרשטאָרבענער פרוי, וועלכע איז בשעתו געווען אַ דאָקטאָרין אין די ייִדיש־וועלטלעכע שולן פון וואַרשע.

**עפּשטיין, נחמה** — געבוירן אין 1898 אין לאָדזש, אין אַן אינטעליגענטער משפּחה, פון מוטערס צד האָט זי געשטאַמט פון דער פאַמיליע שטראַשונס. זינט 1922 איז זי לערערין פון פּויליש אין דער ד. קופּערשטיין־שול א"אַ. אַ פרוי מיט גרויסע פעאיקייטן, מיט העכערער בילדונג און ליטעראַרישע נטיות, האָט זי איבערגעזעצט אויף ייִדיש אַ ריי ווערק: „פלאַמען" פון סט. בזשאָזאָווסקי (1925), „שאַנטיניקעטאַן" — ראַבינדראַנאַט טאַגאָראַס שול, „עין הרע" פון רעגינע ליליענטאַל א"אַ. אין ווילנע האָט זי געלעבט איינזאַם, עלנט, — איר גאַנצע טרייסט איז געווען די שול־אַרבעט און די ליטעראַרישע טעטיקייט.

לויט ש. קאַטשערגינסקין, איז זי בעת די נאַציס אַרײַנגעטריבן געוואָרן אין צווייטן געטאָ, געזוכט מיטלען זיך צו ראַטעווען, זיך געפּרוּווט באַהאַלטן, אָבער דורך ליטווישע שאַוליסטן איז זי געכאַפּט און אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף פּאָנאַר.

אינעם פיל מאָל — דערמאָנטן „יזכור" פון ייִוואָ לייענען מיר וועגן איר:

„נחמה עפּשטיין איז געקומען קיין ווילנע אין מיטן די צוואַנציקער יאָרן ווי אַ לערערין פון פּויליש אין די ייִדישע שולן, נאָך עטלעכע יאָר לערערישע פּראַקטיק אין לאָדזש און וואַרשע. אָבער כאָטש זי האָט די פּוילישע שפּראַך און ליטעראַטור געקאָנט זייער גוט, איז איר האַרצשפּראַך געווען ייִדיש, און דאָס האַרץ האָט געצויגן צו גרעסערס. זי האָט אָנגעהויבן מיט לידער; זי האָט אָפּגעגעבן יאָרן אויף איבערצוזעצן אויף ייִדיש בזשאָזאָווסקיס „פלאַמען"; זי איז געווען אַ גוטע רעדנערין, נאָר געבליבן איז זי בײַ ייִדישער פאָלקלאָריסטיק. דעם לעצטן אימפּולס דערצו האָט איר מסתּמא געגעבן איר באַגעגעניש מיט י. ל. כהנען ע"ה, 1930 אין ווילנע. ער האָט זי מעורר געווען, זי זאָל זיך ספּעציאַליזירן אויפן ייִדישן וויץ, און זי האָט אין משך פון יאָרן זיך פאַרטיפט אין דער טעאָריע פון וויץ און דורכגעאַרבעט די גאַנצע גרויסע וויצן־זאַמלונג וואָס דער ייִוואָ האָט פאַרמאָגט. די צוויי אַספּיראַנטור־באַריכטן אירע, וואָס מען קען געפינען אין די „ייִוואָ־בלעטער", זײַנען געווען נאָר אַן אויפגאַבע אויף די פיל פײַנע אויספירן, צו וועלכע זי האָט זיך געהאַלטן אין דעראַרבעטן. מיט אַן אומגעווייִנלעכער אחריות האָט זי אויך מיטגעאַרבעט בײַם פאָלקלאָר־באַנד און געהאָלפן רעדאַקטירן דעם באַנד 5 פון י. ל. כהנס כתבים, דעם איינציקן באַנד וואָס דער ייִוואָ האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן איידער אונזער ווילנע איז פאַרשניטן געוואָרן".

**פּאַווין, פייגל** — אַ לערערין פון גאַטס גענאָד. אַ שיינע, אַ הויכע, שלאַנקע מיט ליכטיקע אויגן און פײַנעם אויסדרוקספולן פּנים איז זי געווען. האָבן איר קינדער זייער ליב געהאַט און ליב געהאַט האָבן זיי איר ניט נאָר פאַר איר אויסערלעכן אויסזען, נאָר אויך פאַר איר ליבשאַפט מיט וועלכער זי האָט זיך



צו זיי באַנומען. שטענדיק איז זי געווען אַרומגערינגלט מיט קינדער. פון אַלע זייטן האָבן זיי זיך געקלעפּט צו איר ווי בינען צו אַ בלום.

אָנגעקומען איז זי אין דער בריסקער באַראַכאָוו־שול ווען די שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן אָפּבויען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. קיין נויט און אָרעמקייט האָט ניט געפעלט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. די שטאָט איז אויך פול געווען מיט יתומימלעך — משהלעך און שלמהלעך, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט ניט נאָר אין אַ שיסעלע זופּ און אַ שטיקל ברויט, מיט וועלכע די באַראַכאָוו־שול האָט זיי באַזאָרגט, נאָר אויך, און אפשר דער עיקר, אין אַ מאַמעס שמייכל, אין אַ לאַשטשענדיקער האַנט. דאָס איז פאַר זיי געווען פייגל פאַווין.

געבוירן אין בריסק האָט זי זיך דערצויגן אין אַ יידישער היים, וועלכע איז געווען יידיש־וועלטלעך אָבער פול מיט יידישער טראַדיציע. דאָס האָט פייגל איז זיך איינגעזאַפּט פון אירע יונגע יאָרן אָן.

נאָך דעם ווי זי האָט באַקומען איר גימנאַזיעלע בילדונג, האָט זי אָנגעהויבן לערנען אין דער בריסקער באַראַכאָוו־שול. זי האָט אָבער אַליין געפילט, אַז איר יידיש און פּעדאַגאָגישער וויסן איז צו ווייניק. זי האָט דעריבער באַשלאָסן אַוועקצופאָרן אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאַר, איר וויסן צו פאַרפולקאָמען.

איר מאַטעריעלער לעבן אין לערער־סעמינאַר איז געווען זייער אַ שווערער. די עלטערן זיינען געווען ווייניק פאַרמעגלעכע מענטשן, און האָבן איר ניט געקענט שטיצן. ניט איין פרישטיק אָדער מיטאָג האָט זי איבערגעהיפּט, לערנענדיק אין לערער־סעמינאַר, ווייל ס'האָבן איר געפעלט די פאָר זלאָטעס אויף דעם. געווען איז זי אָבער אַ שטענדיק פרייִלעכע, מיט אַ מונטער־שמייכלענדיקן פּנים. זי איז געווען זאַט פונעם וויסן, וואָס זי האָט דערוואָרבן אין סעמינאַר. זי האָט געשטילט איר הונגער אין די לעקציעס, וואָס זי האָט געהערט און אין די ביכער, וואָס זי האָט געשטודירט.

קומענדיק פון ווילנער לערער־סעמינאַר האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן אין דער לערערישער אַרבעט מיטן פולן ברען פון איר יונגער נשמה. אין דער זעלבער צייט האָט זי געאַרבעט אַ סך איבער איר אייגענער פאַרפולקאָמונג. אין שול איז קיין אַרבעט פאַר איר ניט געווען שווער: אויספלוגן מיט קינדער אין שטאָט און אויסערן שטאָט, קינדער־קלובן אד"גל.

אין 1936 האָט דער שרייבער פון די שורות איר געטראָפן אין וואַרשע. זי איז געווען אַ מוטער פון צוויי קליינע קינדער און האָט געמוזט אויף אַ קורצער צייט איבעררייסן די לימודים אין דער שול. פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָט זי ווידער געאַרבעט אין וואַרשע.

וואו זי איז געווען אין די לעצטע טעג פון איר לעבן איז דעם שרייבער פון די שורות ניט באַקאַנט.

איר אָנדענק ליגט אין די הערצער פון אירע מיט־חברים לערער און נאָכמער אין די הונדערטער קינדער, וועלכע זי האָט דערצויגן אין משך פון איר לערערישער אַרבעט.

מ. מענאַכאָווסקי



## פּאַט, רבקה

פּאַט, רבקה — פון די 52 יאָר (געבוירן 1888), וועלכע עס איז איר געגעבן געוואָרן צו לעבן, האָט מיין מאַמע —



„די לערערין פאַט" — 37 יאָר געדינט דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַלס אַ יונג מיידל האָט זי פאַרלאָזן איר פרומע, הסידיש־סוחרישע שטוב און איז געוואָרן אַ טעקסטיל־אַרבעטערין. צו פופצן יאָר איז זי שוין געווען טעטיק אין דער אומלעגאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. אין 1904 איז זי צווישן די זעקס, וואָס גרינדן די אָרגאַניזאַציע פון „ס. ס." אין ביאַליסטאָק. אומלעגאַלע אַרבעט, תפיסה, באַטייליקונג אין דעם רעוואָלוציאָנערן קולטור־אויפשטייג פון יענע יאָרן — דאָס איז געווען מיין מאַמעס וועג ביז די יידיש־וועלטלעכע שול איז אויפגעקומען. פון די ערשטע טעג, ווען מען האָט גענומען לייגן די ווינקל־שטיינער פון די יידישע שולן אין ביאַליסטאָק — איז רבקה פאַט געווען צווישן די בויער.

אין 1920, אין ווילנע, ווען די פאַרטיי „פאַראייניקטע" האָט זיך פאַראייניקט מיטן „בונד", איז זי געוואָרן אַ בונדיסטקע. אירע ווייטערדיקע צוואַנציק יאָר זיינען געווען יאָרן פון טרייהייט און איבערגעבנקייט צום „בונד". איר לעצטער גאַנג — דעם 6־טן סעפּטעמבער 1940 — איז געווען אין אַ שליחות פאַרן „בונד" און פאַר דער שול־באַוועגונג.

ווען אירע קינדער זיינען אַביסל אונטערגעוואַקסן און זי האָט זיך געקענט באַפרייען פון איר שטוב־עול, איז זי געוואָרן אַ לערערין פון האַנט־אַרבעט, דורכמאַכנדיק אַנטשפּרעכנדיקע לערער־קורסן און פאַכמענישע אויסבילדונג. האַנט־אַרבעט איז פאַר איר געווען מער ווי איינער פון די פיל לימודים אין דער שול. זי האָט אונזער יידיש־וועלטלעכע שול אַלעמאָל געזען ווי אַן אַרבעט־שול, ווי אַ מוסטער פון יענער צוקונפטיקער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס איז געווען איר טרוים דאָס גאַנצע לעבן — וואו פרייע, פריידיקע און שעפערישע אַרבעט וועט זיין דער צענטער פון אַלע מענטשלעכע טעטיקייטן. זי האָט געפילט, אַז דווקא דורכן אַרבעט־לימוד באַווייזט אונזער שול איר פאַרוואָרצלטקייט אין דעם מאָרגן פון דער וועלט.

זי האָט אויך געזען, ווי די ביטערע ווירקלעכקייט רייסט אַוועק די יידישע קינדער פון דער שול־באַנק און פאַרשפּאַרט זיי אין ענגע, פינסטערן וואַרשטאַט. זי האָט געוואוסט, אַז די שווידערלעכע קינדער־עקספּלואַטאַציע, די דערנידעריקונגען, די זידלערייען און קלעפּ פון מייסטער, די איינטאָניקייט פון דער מלאכה — דאָס אַלץ מוז ביי די קינדער אַרויסרופן נאָר איין באַציאונג צו אַרבעט: ווידערווילן און האַס. האָט זי זיך באַמיט, אַז אין די פּאָר יאָר, ווען די קינדער זיינען נאָך אין שול, זאָלן זיי אַריינזאַפּן אין זיך כאָטש אַביסל ליבע צו אַרבעט, זאָלן זיי זען, אַז אַרבעט קען זיין אויך שעפעריש און פריידיק.

איר איבערגעגעבנקייט צו דער שול, איר פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אירע שול־פליכטן — קען מען גאָר ניט באַשרייבן. איר געפיל, אַז דורכן אַרבעט־לימוד קען זי דערפילן אַ גרויסע סאָציאַליסטישע אויפגאַבע, האָט דערגרייכט דעם הויך־פונקט ערב און בעת די גרויסע לאַנד־אויסשטעלונגען פון דער יידישער שול אין 1937 און 1939. זי האָט דאַן געפילט, אַז דווקא אויפן לערער פון אַרבעט־לימוד ליגט איצט די פליכט אַרויסצוברענגען פאַר דער וועלט — און פאַר דער צוקונפט — די גרויסקייט און דערהויבנקייט פון אונזער שול.

געלט־מיטלען? גראשנס. ארבעט־מכשירים? כמעט קיינע. און דאך האט זי, ווי אלע אנדערע לערער פון דער שול, ממש מיט די הוילע הענט באשאפן וואונדער — וואונדער פון איינפאל, שיינקייט, שעפערישקייט, קולטור און קונסט.

ביז שפעט־שפעט אין דער נאכט פלעגן אירע תלמידים און תלמידות אפזיצן ביי אונז אין שטוב און פארטיק מאכן די עקספאנאטן. און אז זיי פלעגן שוין אוועקגיין — ערשט דאן האט מיין מאמע אנגעהויבן ארבעטן, אנגרייטן מאטעריאלן פאר די קינדער אויף מארגן.

איז טאקע דער טריאומף פון דער לאנד־שול־אויסשטעלונג אין 1937 געווען א גרויסער יום טוב אין איר לעבן. און די אוממענטשלעכע גזירה פון דער פוילישער רעגירונג ניט צו דערלויבן עפענען די שוין פארטיקע שול־אויסשטעלונג „יידן אין פוילן" אין אפריל 1939 האט זי בפועל ממש צעבראכן.

א לאגישע דערגאנצונג צו איר לעבנסלאנגער סאציאליסטישער דינסט און צו איר שול־טעטיקייט איז געווען איר ארבעט אין סאציאליסטישן קינדער־פארבאנד „סקיף". זי איז געווען צווישן די ערשטע לערער, וואס האבן ריכטיק אפגעשאצט די געוואלדיקע דערציערישע באדייטונג פון דער סאציאליסטישער קינדער־באוועגונג. זי איז יארן־לאנג געווען א מיטגליד פון ווארשעווער קאמיטעט פון „סקיף". אלס איר ארבעט־געביט האט זי אויסגעקליבן די סאמע יינגסטע קינדער, די צען־יאריקע, וואס האבן זיך נאך ערשט געקליבן אריינצוטרעטן אין דער קינדער־ארגאניזאציע.

וויפל פעדאגאגישע פארזיכטיקייט, וויפל דערציערישע פילבארקייט האט מען געדארפט האבן, כדי צו קענען ברענגען פאר אט די יונגע קינדער די בשורה פון סאציאליסטישן קאמף! ווי אפגעהיט האט מען געדארפט זיין, כדי די קינדער זאלן אין דער סאציאליסטישער באוועגונג דערזען ניט בלויז א פארטיי, א צד אין א ביזן, האס־פולן געראנגל — נאר די טרעגערין פון א זוניקן חלום, די אויסלייזערין פון פאלק און וועלט! נאר א מענטש, וואס האט אליין אזוי געזען דעם סאציאליזם, וואס האט אליין אזוי געלעבט פאר דער ארבעטער־באוועגונג, האט געקענט אנצינדן די הערצלעך פון די יונגע קינדער מיטן חשק צו ווערן טיילן פון אט דער אויסדערוויילטער מחנה.

צווישן די שפעטערדיקע יונגע געטא־קעמפער, צווישן די אומשטערבלעכע העלדן פון ווארשעווער געטא־אויפשטאנד זיינען געווען צענדליקער, וואס האבן די ערשטע ווערטער וועגן סאציאליזם און קאמף געהערט פון דער „לערערין פאט"...

וואו א פייערונג, א דעמאנסטראציע, א מאי־צוג — רבקה פאטס פלאץ איז אלעמאל געווען צווישן די קינדער. אין בלויען מונדיר פון א סקיף־מיטגליד, מיטן רויטן האלז־טוך פלעגט זי זיך באזונדערס אויסטיילן פון צווישן דער מחנה — די עלטסטע. איר פרייד פלעגט נאך באזונדערס געשטארקט ווערן פון נעפיל, אז אויף אט די מארשן, פייערונגען און דעמאנסטראציעס האט זי אלעמאל געהאט מיט זיך איר גאנצע משפחה, אז אין צוג פון דער פארטיי מארשירט איר מאן, אז הינטער די שטורעם־פענער פון דער יוגנט שפאנט איר טאכטער, אז איר זון גייט מיט איר צוזאמען אין די ערשטע רייען פון קינדער־צוג — אלע פאראייניקט, געבונדן און פארקניפט אין זעלבן גלויבן — דעם גלויבן, וואס איז געווען דער וועזן פון איר גאנץ לעבן.

די מלחמה טרעפט זי אין ווארשע. אונ־זער הויז ווערט געטראָפן פון א דייטשער באָמבע. די מאַמע ווערט פאַרוואונדעט, צעבראָכט א האַנט. א פאַרוואונדעטע פאַרלאָזט זי שפּעטער ווארשע און דער־שלאָגט זיך קיין ווילנע.

קראַנק און צעבראָכן, פירט זי דאָ ווײַ־טער סקיף־קרײַזן, העלפט מיט ווײַטער־פאַרצווזעצן די אַרבעט פון דער ציש״א.

די באָלשעוויקעס פאַרנעמען ווילנע. מײַן מאַמע, ווי א סך אַנדערע, האָפט, אַז זי וועט אפשר מיט אירע קינדער אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. איין טאָג שײַנט אויף א שטראַל פון האָפענונג — און אָט איז דער הימל ווידער פאַרכמאַ־רעט. און דערווײַל פאַרציט זיך די קאָמו־ניסטישע נעץ אַלץ ענגער אַרום דעם קרײַז חברים, אַרום די מיטגלידער פון איר משפּחה...

דעם 5־טן סעפּטעמבער איז זי א קראַנ־קע צוריקגעקומען פון קאָוונע קיין ווילנע. זי האָט זיך אָבער ניט געקענט אָפּרוען: זי האָט אויף מאָרגנס אין דער פרי גע־דאַרפט דערלײַדיקן א גאָר וויכטיקע שליחות פאַר די חברים פון דער שול־באַוועגונג.

טאָקע גייענדיק אויף אָט דער שליחות האָט זי זיך דערפילט זייער שלעכט. זי האָט נאָך באַוויזן זיך צו דערשלעפּן צו איר פּליט־צימער, וואו א האַרץ־אַטאַק האָט שנעל פאַרענדיקט איר לעבן.

דאָס איז געווען דעם 6טן סעפּט. 1940.

עמנואל פּאַט

## פּאַט־רובינשטיין, אסתר־צביה

— מײַנע 3 שוועסטער: צביה, שיינע און ביילע פאַט, זײַנען געווען גוט באַקאַנט אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. יעדע איינע — אַן אַנדער טיפּ, אַן אַנדער לערער־באַ־רוף. אַלע דרײַ זײַנען זיי הייליק אומגע־קומען אין ביאַלי־סטאָקער געטאָ.



זייער טאַטע, נאָסקע דער בלעכער, איז געווען אַן איש תמים, פרום, א בעל־מלאכה א קינסטלער, אָבער קיינמאָל ניט געהאַט געניגנ אויף חיונה, און דאָך — א בעל־צדקה. אַליין אַן אָרעמאַן, האָט ער מנדב געווען, מתן בסתר, דעם בלע־כענעם דאַך איבערן ניי־אויסגעבויטן בעל־מלאכהשן בית־מדרש תורת חיים, אויף סוראַזשער גאַס אין ביאַליסטאָק.

די מאַמע פון די דרײַ שוועסטערס און פון פינף אַנדערע קינדער איז געווען מאַשע־רייזל, פון קינדווייז א יתומה. ביז איר סאַמע עלטער געווען א פאַבריק־אַר־בעטאָרין, א קעטע־שנעלערין, אַן אשת־חיל, א מעשה־דערציילערין, מיט גרויסע אויגן, פול מיט פאַנטאַזיע און אומעט, א נידעריקע, מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ.

צביה האָט אין 1914 געענדיקט די פרויען־גימנאַזיע פון בישקאָוויטש־כוואַ־לעס אין ביאַליסטאָק מיט א גאָלדענעם מעדאַל. ווי קומט צביה, נאָסקע דעם בלעכערס טאָכטער, אַזש אין דער גבירי־שער גימנאַזיע? — שולדיק איז דעם זײַנען געווען דרײַ — איר לערערין פון דער פאָלקשול, וואָס זי האָט געענדיקט, איר עלטערע שוועסטער סלאַווע, די פאַבריק־אַרבעטאָרין און בונדיסטקע, און זי אַליין, צביה. זי האָט זייער געוואָלט לערנען.

אין 1915 האָבן די דייטשן, וועלכע האָבן אָקופּירט ביאַליסטאָק, געעפנט קורץ־

טערמיניקע קורסן פאר לערערס. צביה האט דורכגעמאכט די דייטשע קורסן און איז אנגעשטעלט געוואלט אלס לערערין פון רעכענען, נאטור־קענטעניש און דייטש. זי האט דאס ביסל דייטשע מארקן, וואס מען האט געצאלט די לערערס, נויטיק געדארפט האבן פאר דער משפחה, וואס האט ממש געהונגערט ביי די דייטשן.

א קנאפן יאר שפעטער האט זי פארלאזן די דייטשע שול, און איז אריבער אין דער י. ל. פרץ־שול. עס האט איר אהין געצויגן. זי האט די שול געקענט פון אפטע באזוכן. „מיין ארט איז דא" — האט זי געזאגט אין 1916. „איך קאן זיין א לערערין נאר אין ערשטן קלאס, ווייל מער קאן איך ניט". — עס איז געווען ניט קיין געמאכטע באשיידנקייט.

איר שטים איז געווען א שטילע, א ווייכע. וואס שטילער זי האט גערעדט צו די קינדער אין איר קלאס, אלץ ליבער און אנגענעמער איז דארטן געווען. זי האט געירשנט פון איר מאמען, דעם כוח פון דערציילן א מעשהלע. איר קלאס האט געזונגען, אז עס איז געווען א מחיה. זי האט געהאט א קלארן, לאגישן קאפ. אירע לעקציעס פון רעכענען מיט די קינדער פון ערשטן קלאס האט זי פארוואנדלט אין פעדאגאגישער מייסטערשאפט. צוויי מיט צוויי איז פיר, אבער עס איז ניט קיין כלל, נאר אן אנטדעקונג, וואס עס מאכט א מתנה פון 40 זעקס־יאריקע קינדער. עס איז ניט א זאך, וואס די לערערין זאגט זיי אן, נאר זיי אנטדעקן עס אליין.

זי איז אויך געווען א נשמהדיקע דערציילערין. עס פלעגט זיין אזוי שטיל אין איר קלאס, ווען זי פלעגט דערציילן א מעשהלע, אז די לערערס פון די שכנותדיקע קלאסן פלעגן עפענען די טיר פון איר קלאס־צימער, געוואר צו ווערן וואו עס זיינען די קינדער. מעשהלעך פון גוישע קינדער־ביכער האבן זיך ניט געקלעפט אין איר מויל, האט זי אויסגעזוכט עכטע פאלקס־מעשיות און געשיכטעס פון תנ"ך.

זי פלעגט נאך א לעקציע ארויסקומען פון איר קלאס א באגייסטערטע. איר לאנגער שווארצער צאפ אראפגעלאזן, אירע גרויסע, בולטע אויגן ווי פארשולדיקט, וואס זי האט אביסל צו לאנג דעם קלאס געהאלטן. אבער קינדער רינגלען זי ארום, ווילן זיך ניט אפטשעפען פון איר. פרעגן, ווילן וויסן — לערערין צביה, וואס איז ווייטער?

— מארגן, קינדער, מארגן וועל איך אייך ווייטער דערציילן.

פון 1921 ביז 1924 — איז צביה פאט געווען א לערערין אין דבורה קופערשטיין־שול אין ווילנע, און האט אליין געלערנט אין דער זעלבער צייט אין ווילנער אוניווערסיטעט אויפן מאטעמאטישן און נאטור־וויסנשאפטלעכן פאקולטעט. זי האט דארטן געלערנט, ווי זי פלעגט זאגן, מיט איין־ און איינציקן ציל — „צו זיין א בעסערע לערערין".

זי איז אין ווילנע געווען נאר דריי יאר. עס האט איר געצויגן אין איר היימשטאט, ביאליסטאק; „איך בין א ביימל — פלעגט זי זאגן — וואס קאן וואקסן אויפן אייגענעם שטיקל ערד. ביאליסטאק איז מיין שטאט..."

זי האט חתונה געהאט מיטן לערער מרדכי רובינשטיין. א שטילער, גוט געלערנטער און זייער פאראנטווארטלעכער לערער, דער פירער פון דער ביאליסטאקער מענדעלע־שול. אביסל שפעטער איז צביה געווארן איינע פון די גרינדערינס און וויכטיקע לערערס אין דער ביאליסטאקער יידישער גימנאזיע. נאך ווילנע

איז דאָס געווען די צווייטע יידיש־וועלטלעכע גימנאַזיע אין פּוילן.

אירע קעגנשטאַנדן אין דער גימנאַזיע זיינען געווען מאַטעמאַטיק, נאַטור־וויסנשאַפט און יידיש. איר קלאַס איז געוואָרן אַ מוסטער־קלאַס פאַר יונגע לערערס. מען איז געגאַנגען אַהין לערנען פון איר די חכמה פון זיין אַ לערער.

קאַמף פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול, די אויפגאַבע צו דערציען אַ נייעם דור, קאַמף פאַר די רעכט פון דער שול — דאָס האָט געבראַכט צביהן אין דער באַוועגונג פון „בונד". זי איז ניט געווען, לויט איר כאַראַקטער, אַ פּאַרטיי־מענטש. זי האָט ניט געהאַט קיין פעאיקייט צו טאָן עטלעכע זאַכן מיטאַמאָל, זי האָט געקאָנט טאָן נאָר איין זאַך, טאָן פול. איר זאַך, איר טאַט איז געווען די שול. און דעריבער איז דער „בונד" ביי איך געווען נאָר אַן אמונה־זאַך.

זי האָט געהאַט צוויי קינדער: יוסף און רפאל — שפּעטער צוויי שילער אין אירע קלאַסן. איר שטוב — יידיש, אירע קינדער — יידיש, איר אַרבעט — יידיש און איר חלום — יידיש.

עס זיינען געווען שווערע יאָרן פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול — מאַטעריעלע נויט, פּאָליטישע רדיפות, רעגירונג־גזירות, רעכטלאָזיקייט. עס האָט אָבער אויסגעזען, אַז דאָס קאָן ניט ווירקן אויף צביהן. יעדן פרימאָרגן גייט זי אין שול, יעדן פאַרנאַכט גייט זי אין שול, און אין שול גופא איז — גליקלעכע אַרבעט.

עס איז געווען די צייט, ווען די ביאַליסטאָקער יידיש־וועלטלעכע גימנאַזיע איז געשלאָסן געוואָרן דורך דער רעגירונג. עס זיינען געשטאַנען פּאָליציאַנטן ביים אַריינגאַנג אין גימנאַזיע אויף פאַבריטשנע גאַס, און געהיט, די קינדער זאָלן אַהין ניט קומען. ס'איז געווען אַ רעגי־רונגס־פאַראָרדענונג, אַז די תלמידים פון דער גימנאַזיע מוזן אַריבער אין אַלגעמיין־פּוילישע שולן. די קינדער זיינען אָבער אין די אַלגעמיינע שולן ניט געגאַנגען. די לערערס פון דער גימנאַזיע האָבן אָרגאַניזירט געהיימע לערן־גרופּן, האָפנדיק, אַז די ציישאָ וועט סוף־כל־סוף אויסקעמפן רעכט פאַר דער גימנאַזיע און זי וועט צוריק געעפנט ווערן. דערווייל דאַרף מען איינהאַלטן די קינדער.

די שול־מאַכט האָט געהאַט די רשימות פון די קינדער פון דער פאַרבאָטענער גימנאַזיע. זי האָט זיי געזוכט אין אַלע שולן פון שטאָט און ניט געפונען. האָט מען גערופן די לערערס אויף חקירה און דרישה. מען האָט אויך גערופן צביהן.

— וואו לערנען די קינדער, וואו זיינען די קינדער? — האָט מען איר געפרעגט.

— זיי וואַרטן, אַז זייער גימנאַזיע זאָל זיך עפענען. — טרעפט איר זיך מיט זיי? — האָט מען איר געפרעגט. — יאָ, האָט זי געענטפערט, זיי קומען אין מיין הויז, זיי זיינען חברים פון מיינע צוויי זין. — מען וועט דיך אַריינזעצן אין טורמע — האָט מען איר געדראָט. — איך האָב געהערט — האָט זי געזאָגט צו דעם אינספּעקטאָר, — אַז מען האָט אייך אויך אַמאָל געזעצט אין טורמע פאַר לערנען פּויליש מיט פּוילישע קינדער אין דער צאַרישער צייט. און דאָך זייט איר היינט דער אינספּעקטאָר. אפשר וועט זיך דאָס איבערחזרן מיט מיר.

די רעכט פאַר דער גימנאַזיע זיינען אויסגעקעמפט געוואָרן. צביה איז דאָרטן געווען אַ לערערין ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דעמאָלט איז געקומען די געטאָ, און אין געטאָ — געהיימע שולן. צביה איז ווייטער אַ געהיימע לערערין. איר עלטערער יינגל, יוסף, ממש אַ גאונישער קאָפּ,

א מאַטעמאַטיקער־ווירטואַז, איז אין געטאָ געוואָרן אַ קאָמענטאַטאָר פון דער אונטערערדישער ראַדיאָ. צביה, מרדכי רובינשטיין, זייערע קינדער, האָבן אַלע געהערט צו דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פון די געטאָ־קעמפער. זיי האָבן דערלעבט ביז צום אונטערגאַנג פון געטאָ. אין באַזונדערע וואַגאָנעם האָט מען זיי געפירט אויף קידוש השם פון ביאַליסטאָק קיין מאַידאַנעק. אויף וויפל עס זיינען דערגאַנגען צו מיר ידיעות, — האָט מען מרדכי רובינשטיינען און זייער זון יוסף דערשאָסן אין וואַגאָן. און צביה? — איר גורל איז געווען דערזעלבער ווי פון אַנדערע קדושים — אין קאַלך־אויוון...

יעקב פאַט

***

דער געוועזענער שילער פון דער ביאַליסטאָקער צישאָ־גימנאַזיע, א. לעווין שרייבט וועגן צביה פאַט: „...זי האָט מיט אונז געלערנט יידיש און אַריטמעטיק. זי איז געווען איינע פון די באַליבטסטע לערער פון אונזער שול — ניט קיין לערערין צו די שילערס, נאָר פשוט געזאָגט, אַ מאַמע. זי האָט אונז דערצויגן ניט נאָר מיר זאָלן זיין גוטע יידן, נאָר אויך גוטע סאָציאַליסטן, קעמפער פאַר אַ בעסערן מאָרגן. אַליין אַ בונדיסטקע, האָט זי אונז דערצויגן אין גייסט פון „בונד". איז טאַקע ניט קיין וואונדער, וואָס דער גרעסטער טייל פון אונזערע שילער זיינען געווען מיטגלידער פון „סקיף" און „צוקונפט". בעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן זיי גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער אונטערערדישער אַרבעט און ביים צוגרייטן דעם געטאָ־אויפשטאַנד. די לערערין פאַט האָט זיך געפונען די גאַנצע צייט ביז דער ליקווידאַציע, אין געטאָ — צוזאַמען מיט איר מאַן און קינדער. עטלעכע טעג פאַרן אויסברוך פון דייטשרוסישן קריג האָבן די סאָוועטן איר אַרעסטירט אַלס בונדיסטקע, און דעם מאַן מיט די קינדער האָט מען געזאָלט אַרויסשיקן קיין רוסלאַנד. עס איז אָבער אויסגעבראָכן די מלחמה, און זיי זיינען פאַרבליבן אין ביאַליסטאָק.

„ווען די נאַציס האָבן געשאַפן די געטאָ אין ביאַליסטאָק, האָט מען אויך געגרינדעט אַ שול, און די לערערין פאַט איז דאָ געווען איינע פון די לערערינס. לאַנג אָבער האָט די שול ניט עקזיסטירט: די דייטשן האָבן איר גלייך פאַרמאַכט. אין געטאָ האָט די לערערין פאַט געוואוינט צוזאַמען מיטן לערער ראַזענבליטס פאַמיליע אויף ביאַליסטאָקער גאַס. אין געטאָ האָט די לערערין פאַט געפירט אַן אַקטיווע קולטור־אַרבעט. זי האָט אויך אַנטיילגענומען אין דער אונטערערדישער אַרבעט. בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, דעם 18־טן אויגוסט 1943, איז זי צוזאַמען מיט איר מאַן און קינדער אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס".

**פאַט־הערמאַן,ביילע** — געווען קנאַפּע 16 יאָר אַ לערערין, פריער אין ביאַליסטאָק און שפּעטער אין וואַרשע.



איר בילדונג — 8 קלאַסן. איר באַרוף יידישע לערער־קורסן. איר ספּעציאַליטעט — אַלע קענגשטאַנדן אין די נידעריקערע קלאַסן. אין באַרוף — געזאַנג, איר פעאיקייט — פּלאַסטיק, טאַנץ, מוזיק. זי האָט גלענצנד דורכגעמאַכט די וואַרשעווער העכערע טאַנץ־קורסן פון טאַטיאַנע וויסאָצקאַ. זי אַליין האָט געטאַנצט מייסטערהאַפט. זי האָט געשוועבט און גע־

לעבט אין טאַנץ. אַ דאַרע, אַ שלאַנקע, אַ רויטער קאָפּ, שטענדיק געקליידט מיט אויסערגעוויינלעכן געשמאַק, האָט זי גע־שוועבט אין טאַנץ ווי אַ רוח איבער דער ערד. עס האָבן געטאַנצט און געזונגען אַלע אירע אברים.

זי איז געווען אויך אַ טאַנץ־לערערין אין וואַרשעווער ציש״אָ־שולן. אונטער אירע הענט האָבן קינדער פֿון סמאַטשע גאַס געטאַנצט ווי בני מלכים. אויף צענד־ליקער קינדער־פֿאָרשטעלונגען און קינדער יום־טובים האָבן קינדער אַרויסגעבראַכט ביילעס טאַנץ־פֿאַנטאַזיעס און טאַנץ־מעשהלעך. זי האָט אָפֿט געטאַנצט צו־זאַמען מיט די קינדער. זי האָט דעמאָלט אויסגעזען אויף דער סצענע ווי אַן עלטער קינד, איינע פֿון זיי. דער רויטער קאָפּ צעשויבערט, דער פּנים צעגליט, די הענט און פּיס און דער גאַנצער קערפּער דורכ־גענומען התלהבותדיק מיט אַ מין עלעק־טריציטעט.

איר מאַן עמנואל הערמאַן, וואָס האָט געאַרבעט אַלס הויפּט־בוכהאַלטער פֿון ציש״אָ, האָט אַליין געגרינדעט אַ יידישן שול־פֿאַרלאַג „קינדער־פֿריינד". איך דער־מאָן זיך, אַז איין מאָל האָט ער געזאָגט, זעענדיק ביילען טאַנצנדיק מיט די קינ־דער אויף דער סצענע פֿון גרויסן טעאַ־טער „נאָוואָשטשי" אין וואַרשע: „איך וויים גאָרניט ווי אַזוי זי וועט אַראָפּ־טאַנצן צוריק אויף דער ערד".

נאָכדעם ווי היטלער האָט פֿאַרנומען וואַרשע, האָט זי זיך געלאָזט מיט אירע צוויי מיידלעך — רות און זמרה — און מיט איר מאַן אַהיים, קיין ביאַליסטאָק, זי האָט געהאַט אַ בעסערן סוף ווי אירע צוויי עלטערע שוועסטערס — שיינע און צביה. אין די לעצטע חדשים, צוליב די שווידערלעכע געטאָ־פּיינען, איז זי אַראָפּ פֿון זינען, זי האָט ניט געוואוסט אויף וועלכער וועלט זי איז. געווען זייער קראַנק. ווען זי פֿלעגט פֿון מאָל צו מאָל קומען צום זינען, פֿלעגט זי פּלוידערן: — „קויפֿט שיכעלעך פֿאַר די קינדער..."

מען האָט מיר דערציילט ווי אומרואיק זי איז געלעגן אין איר קראַנקהייט אין ביאַליסטאָקער שפּיטאָלעכל, רעדנדיק אין גרויסער היץ, געוואָרפֿן מיט די הענט און פּיס. אפֿשר האָט זי געחלומט אַ טאַנץ־פֿאַנטאַזיע פֿון די קינדער פֿון די פּיאַסקעס און כאַנאַיקעס...

י ע ק ב  פ אַ ט

**פֿאַט־לעווין, שיינע** — איז אין אירע קינדער־יאָרן, נאָכן ענדיקן די עלע־מענטאַרע שול, געוואָרן אַ פֿאַבריק־אַר־בעטאָרין, אַזוי ווי איר עלטערע שוועס־טער סלאָווע און איר מאַמע מאַשע־רייזל. זי האָט געהאַט אַ טבע אַ סך צו לייענען און אַליין צו לערנען פֿון ביכער.



די ערשטע וועלט־מלחמה האָט איר פֿאַרטראָגן קיין רוסלאַנד. און דאָרטן — די כוואַליע היימלאָזע קינדער, ניי־גע־גרינדעטע קינדער־היימען, די קורסן פֿאַר קינדער־גערטנערינס האָבן געמאַכט פֿון שיינען אַ קינדער־גערטנערין אין היימען פֿאַר עלנטע מלחמה־יתומים אין סמאָ־לענסק, אריאָל און אַנדערע שטעט. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז זי צוריק־געקומען פֿון רוסלאַנד קיין פּוילן. זי איז מער ניט געגאַנגען אַרבעטן אין אַ פֿאַב־ריק און אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ קינדער־היים. אָנגעהויבן אין ביאַליסטאָק, אַרי־

בער אין ווילנע, און פון ווילנע — אין ווארשע.

זי איז געווען געבענטשט מיט א וואונדערלעכער פּעדאגאגישער אינטואיציע, זייער דערפינדעריש, איינפאלעריש. איר קינדער־גארטן איז געווארן א מוסטער־אנשטאלט. שטענדיק זיינען דארטן געווען אזוי - גרופּענע פּראקטיקאנטינס פון פרעבל־שולן, וואס האבן געלערנט פון שיינען די פּראקטיק פון א קינדער־גערטנעריין.

זינגען, שפּילן, טאנצן, מאלן, ארבעטן מיט ליים, מיט גיפּס, מיט פארבן, געלעכטערס, פרייד, פאנטאזיעס, ציכטיקער יידיש־לשון, עסן און טרינקען צוזאמען — מיט די קינדער — דאס איז געווען דער מוסטער־גארטן פון שיינע פּאט־לעווין. ער איז געווען שטענדיק פול מיט 4־5־יאריקע קינדער פון דער ארעמער יידישער גאס.

ניטא קיין געלט, ניטא קיין קוילן, ניטא קיין מאטעריאל, ניטא קיין שפּייז, און אט דער „ניטא" איז ניט נאר אין קינדער־היים, נאר אויך ביי שיינען אין שטוב, אויך פאר אירע אייגענע צוויי טעכטערלעד, אבער שיינע איז מונטער און פריילעך, געפינט שטענדיק אן עצה. שיינע זינגט, לאכט מיט די קינדער.

פּאליטיש האט זי געהערט צו די לינקע פּועלי־ציון.

אין די ערשטע חדשים, ווען היטלער האט פארנומען ווארשע, לויפט שיינע מיט אירע צוויי טעכטערלעך קיין ביאליסטאק, צו איר שוועסטער צביה. זאלן זיי זיין אין איין אומגליק צוזאמען. ערשט אין ביאליסטאקער געטא איז זי דערגאנגען צו איר סאמע הויך; „אויב ניט נאך העכער"... שיינע ברענט מיט ענערגיע, מיט קאמף. אליין אויסגעדארט, אויסגעהונגערט, ווערט זי די פארבינדלעריין פון די פּארטיזאנער אין וואלד. מיט איר צוזאמען ארבעט איר טעכטערל חנה. מאמע און קינד. די דייטשן שפּירן נאך איר טעכטערל. זי ווערט ארעסטירט און פארשפּארט אין אן ענויים־קאמער אין דער ביאליסטאקער טורמע.

„איך האב געזען שיינען" — האט מיר דערציילט די לעבנגעבליבענע געטא־קעמפערין, שיינעס חברטע, חייקע גראסמאן — „ווען מען האט איר געבראכט א ידיעה פון טורמע, אז, אמת, איר טעכטערל חנהלע ווערט געפייניקט, געשלאגן, אבער זי האלט זיך פעסט, מוטיק, גיט ניט ארויס קיין ווארט. שיינע האט עס אויפגענומען מיט א ניט־ערדישן שטאלץ".

איר מאן, בנימין לעווין, איז געווען א שטילער, פּארטיפּטער, איבערגעגעבענער יידישער קולטור־מענטש.

ווען איר מאן און די צוויי קינדער זיינען שוין אומגעבראכט געווארן, איז נאך אלץ שיינע געווען א קעמפערין. האט מען מיר דערציילט אזוי:

— די אונטערערדישע ארגאניזאציע האט געהאט א מעגלעכקייט שיינען ארויסצונעמען פון געטא אין לעצטן מאמענט. זי האט אבער ניט געוואלט. זי האט זיך אפּגעזאגט צו אנטלויפן און איז געפאלן טויט מיט געווער אין האנט, איינע פון די לעצטע אין ביאליסטאקער געטא.

אין איר בוך „אנשי המחתרת" דערציילט חייקע גראסמאן וועגן שיינען:

„שיינע פּאט־לעווין איז געווען א פרוי א סמוגלע, אויסערלעך זיך ניט אויסגעצייכנט מיט עפּעס. די האר — שווארצע, דורכגעשפּרענקלט מיט א גרויקייט. די אויגן — טונקל, טיף, באהאנגען מיט געדיכטע ברעמען. די באקן — איינגעפאלענע. ליפּן — דינע. צוגעמאכטע. א קערפּער — א גענוג יונגער. דער פּנים —

א מידער, אין וועלכן עס איז געווען איינגעטונקט א טיפע, פארווארצלטע אינטעליגענץ. זי איז געווען זייער אינטערעסאנט אין געשפרעך. אז זי איז געגאנגען איבער דער גאס, האט זי ניט צוגעצויגן צו זיך קיין באזונדערע אויפמערקזאמקייט — א געוויינלעכע ארבעטס־פרוי. איך האב איר געזאגט, אז איך זוך א יונגן מאן, א געוויסן מיטגליד פון דער קאמוניסטישער פארטיי, ליאלעק מינץ, א שטעפער, לויט זיין פאך. „איך קען ניט אזא — האט זי געזאגט. — אפשר ווילסטו זיך באקענען מיט עמעצן פון די קאמוניסטן?” „איך וויל זייער, איך בין פאראינטערעסירט. אפשר וועלן זיי געפינען מינצן”.

שיינע האט א שמייכל געטאן. איר שמייכל איז פארשוואונדן אין אירע וואכע אויגן, אין אירע געדיכטע ברעמען. זי האט מיך איינגעלאדן אין יתומים־הויז. „עס איז כדאי צו לערנען די קליינע טראגעדיעס, וואס פארלויפן אין גרויסע צייטן, די טראגעדיעס פון קליינע מענטשן, וועלכע זעען זיך גארניט אן אין דער אויסערלעכער וועלט” — האט זי געזאגט, — „ווען מיר וועלן זיך זען, וועל איך דיך באקענען מיט א מענטשן, וואס געפינט זיך, לויט מיין מיינונג, אין צענטער”.

„שפעטער בין איך געוואר געווארן, אז שיינע האט איינגעארדנט אלס דערציערינס אין יתומים־הויז א סך פרויען, וואס די געסטאפא האט זיי געזוכט. צווישן זיי איז געווען איינע, חיה.

„דאס יתומים־הויז האט זיך געפונען אויפן צווייטן שטאק פון א גרויסער געביידע קעגנאיבער דעם שפיטאל פון געטא, אויף פאבריטשנער גאס. דא האב איך געפונען שיינען, אין א ווייסן כאלאט, ארומגייענדיק צווישן די קליינע בעטלעך, צווישן די קינדער, וויינענדיקע, שרייענדיקע, לאכנדיקע. וויפל האט אויסגעדריקט איר דארער און מידער פנים — גוטהארציקייט און שטארקייט. שיינע איז געווען א מאמע און א דערציערין פאר איבער הונדערט קינדער פון דעם אנשטאלט. זי איז אויך געווען די פארוואלטערין. זי האט זיך ארומגעדרייט אין די שמאלע דורכגאנגען צווישן די בעטן. דא געזאגט א גוט ווארט, דא א שמייכל געטאן, דא א זונג געטאן א שטיקל פון א ליד, וואס די קינדער האבן ליב געהאט.

„ס'איז געווען פארטאג. די קינדער זיינען אויפגעשטאנען פון שלאף. לאנגזאם האב איך זיך צוגעוואוינט צו דעם בילד פון די טרויעריקע גרויסע אויגן, וואס האבן געקוקט אויף מיר מיט שרעק. אט דעם שרעק פון די קינדערשע אויגן האט אויך שיינע ניט געקאנט ארויסרייסן. ער איז געווען איינגעזונקען אין זייער בלוט. עס איז געווען א גרויסע נויט אין די קינדער־אנשטאלטן, א נויט אין וועש, קליידער, שפילצייג, און שפייז.

„שיינע האט געקאנט דערציילן צענדליקער מעשהלעך וועגן די קינדער, וועגן יעדן קינד באזונדער, וועגן די בענקענישן, שטיפענישן. שיינע האט מיך אריינגעפירט אין שפייז־צימער. א פאר מינוט שפעטער איז אריינגעקומען אויך חיה. „איך זוך ליאלעק מינצן. קאנסטו מיר העלפן?”

***

„אז ענגע זיצונג מיט דער באטייליקונג פון שיינע פאט־לעווין. עס איז איינגעשטעלט געווארן א פארבינדונג מיט דער אונטערערדישער פארטיזאנישער סאוועטישער גרופע. זי האט זיך געפונען אין רוקן פון פיינט. די פארבינדונג האט געשאפן שיינע מיט אירע אייגענע הענט,

אליין, מיט איר שכל, איר אויסדויער. שיינע פלעגט אריינקומען צו אונז אין הויז כמעט יעדן טאג, אמאל נאר אויף פינף מינוט.

„איך בין געקומען נאר א בליק צו טאן" — פלעגן שמייכלען אירע טונקעלע אויגן. זי איז געווען א סך רייפער פון אונז. איר טאכטער איז געווען א חברטע אין אונזער באוועגונג... זי איז געווען די יינגסטע צווישן אונז, יינגער מיט א יאר דריי אין סך־הכל. מיר האבן קיינמאל ניט געפילט קיין עלטער־אונטערשייד צווישן אונז און שיינען, איר מוטער, ניט ביים שמועסן, ניט בעת באראטונגען. זי איז געווען יונג און רייף, אין דערזעלבער צייט.

„שיינע האט זיך געקאנט פרייען מיט אונז, זיך פריילעך מאכן, באגייסטערט ווערן, זיין ערנסט מיט כובד ראש, ווען מיר פלעגן דארפן באהאנדלען א שווערן, פארפלאנטערטן ענין, פאר וועלכן עס איז געווען שווער צו געפינען א באשיידונג. שיינע איז געווען א פעדאגאגין ניט נאר אין יתומים־הויז, וואס זי האט אנגעפירט אין געטא. זי איז געווען א דערציערין אין אלע טעג פון איר לעבן. קיינמאל האבן איר ניט געשטערט ביי דער ארבעט די פאליטישע אונטעשיידן, איר פריערדיקע אנגעהעריקייט צו די לינקע פועלי־ציון.

עס איז געווען פאר אונז קלאר, זעלבסטפארשטענדלעך שיינעס פארבינדונג מיט דער אנפירונג פון דער אנטי־פאשיסטישער נאכשפירונג.

„אין דער צייט פון די סאוועטן האט שיינע געארבעט, ווי א פאד־מענטש, אין דער צענטראלער סטאנציע פאר פסיכאלאגיש־פעדאגאגישער הילף, וואס אין איר שפיץ איז געשטאנען א סאוועטישע פרוי, אויך א פעדאגאגין, לויט איר באַרוף.

ווי נאר זי האט זיך באקענט מיט שיינען, האט זי איר אריינגענומען אין דער ארבעט. אט די צוויי פרויען זיינען ניט געווען איינזאם אויף זייערע פאסטנס. זיי זיינען געווען פארבונדן מיט אונטערערדישע גרופן. זיי זיינען געשטאנען אין א שטענדיקער ראדיא־פארבינדונג. זיי האבן אויך געהאט א דירעקטע פארבינדונג מיט די פארטיזאנען־צענטערן אין ביעלאוועזשער וועלדער און, דורך דעם, מיט דער העכסטער אנפירונג פון די סאוועטישע פארטיזאנען. אין פארלויף פון דער צייט, ווען אט די צענטראלע אנפירונג איז כסדר געווען טעטיק, זיינען אויף שיינען און אויף די מענטשן פון איר גרופע געלעגן קאנקרעטע, באשטימטע, פינקטלעכע אויפגאבן נאכצושפירן און באקומען געהיימע אינפארמאציעס. דא, ביי איר, ביי שיינען, האבן מיר געפונען די געהעריקע פארבינדונג און שטיצע פאר אונזער אונטערערדישער ארבעט. עס האט לאנג געדויערט די אנטוויקלונג פון די ענינים. שיינע האט ארויסגעוויזן א סך זארג, געדולד, שכל, אריענטאציע, זיכערקייט. זי האט זיך ניט פארלארן, קיינמאל ניט געקוקט אויף שוועריקייטן.

„שיינע איז אנגעשלאסן געווארן צו דער דערמאנטער גרופע דורך דער סאוועטישער אנפירונג, ווי אן איינצלנער מענטש, ניט ווי א פארשטייערין פון א באשטימטער באוועגונג, פון א פארטיי, ניט ווי א פארשטייערין פון געטא. אויסשפירונגס־ארבעט איז געווען אן ארבעט פון יחידים. זי האט ניט געהאט קיין פארבינדונג מיט א מאסן־באוועגונג. שיינע איז דארטן געווען, ווייל זי האט אין דעם געזען א מין אויסגאנג, א ברייטערן וועג פאר דער אונטערערדישער באוועגונג צום גרויסן אנטי־פאשיסטישן פראנט. זי האט געטאן איר ארבעט און

דערפילט פארשיידענע מיסיעס, זיך באמיט לאנגזאם, לאנגזאם צו שאפן דארטן פארשטענדעניש פאר אונזערע ענינים.

„שיינעס באקאנטע, די פעדאגאגין, וואס איז געשטאנען אין שפיץ פון דער ארבעט, האט דערפילט אין א געוויסן מאמענט, אז מען שפיאנירט איר נאך. דאס איז געווען סוף זומער 1942. זי האט דעריבער איבערגעגעבן שיינען די ענינים, וואס האבן ביז דאן געהערט אויסשליסלעך צו איר. אין עטלעכע טעג ארום האט די פרוי געמערקט, אז געסטאפא־מענטשן דערנענטערן זיך צו איר הויז. זי האט דעמאלט אנגעהויבן שנעל פארברענען דאקומענטן, מאטעריאלן. ערשט די געסטאפא האט געקלאפט אין טיר. זי האט געזען דורך א פענצטער די באלאגערונג ארום איר הויז און די געסטאפא־לייט, וואס האבן געווארט אויף איר אין דרויסן. ניט האבנדיק קיין אנדער אויסוועג, האט זי זיך אליין דערשאסן.

„נאך איר טויט האט שיינע קאנצענטרירט אלע טעטיקייטן אין אירע הענט. צו דעם האט אויך געהערט די אויסשפיר־ארבעט אין דער גרויסער געביידע, דעם „פאלאץ”, דעם זיץ־פלאץ פון דער נאצישער רעגירונג פון באיליסטאקער קרייז. אויפן שילד ביים טיר פון „פאלאץ” איז געווען אנגעשריבן „ציוויל־פארוואלטונג”. דעם אמת פון דעם, וואס דארטן קומט פאר, האט געוואוסט נאר שיינע. די פרטים פון אירע געהיימע באזוכן אין „פאלאץ” האבן מיר קיינמאל ניט געוואוסט. נאר אדעק און איך האבן געוואוסט, אז פון מאל צו מאל קומט צו איר א דייטש מיט די צייכנס פון עס־עס, צו נעמען איר מיט זיך. אויף מארגן פלעגן מיר געפינען שיינען אין יתומים־הויז. איר פנים ליכט און אין אירע אויגן א שמייכל, א יוגנטלעכער בליץ. מיט א

ציים שפעטער האט זי אונז דערציילט, אז זי קומט אריין אין „פאלאץ” דורך אן אונטערערדישן וועג, וואס ציט זיך פון איינעם פון די קעלערן פון דער אלעיאווער גאס (די אלעיאווער גאס איז געווען די גאס, וואו עס האט זיך געפונען שיינעס היים פון איר קינדהייט אן. קעגנאיבער דעם הויז פון איר פאטער איז געווען א גרויסער בארג, און אין בארג — א קעלער. מען פלעגט דארטן האלטן אייז צום פארקויפן פאר דער גאנצער געגנט. מען האט דערציילט, אז דער קעלער ציט זיך ביז אין „פאלאץ” אריין. ער שטאמט פון די אלטע ציטן... שיינע האט געוואוסט פון דער לעגענדע און, זעט אויס, אז זי האט דורך דעמזעלבן קעלער געפונען דעם וועג אין פאלאץ אריין. — י. פ.).

אין „פאלאץ” האט זיך געפונען א מענטש, וואס האט מעגלעך געמאכט צו דערגיין צו די געהיימניספולסטע קוואלן. אזוי זיינען מיר באקאנט געווארן מיט וואס די דייטשן קלייבן זיך צו טאן אין געטא. אזוי זיינען אונז באקאנט געווארן פרטים וועגן פאררעטער און מוסרים. מיר זיינען געוואר געווארן דורך איר ווער פון די יידן פון געטא זיינען פארצייכנט אין די דייטשע רשימות אלס זייערע אגענטן און מוסרים.

„דער הויפט־צוועק פון אירע נאכט־באזוכן פון אונטער דער ערד אין „פאלאץ” איז געווען צו באקומען ידיעות, וואס די דייטשן האבן וועגן די פארטיזאנער, זייערע ערטער, זייער פארנעם, זייערע באוועגונגען און זייערע אויפגאבן. אז מען איז געוואר געווארן וואס די דייטשן ווייסן, איז גרינגער געווען זיי אראפצופירן פון וועג.

„שיינע האט געטאן איר ארבעט מיט א וואונדערלעכן, יונגן ברען. עס איז

שווער געווען צו פארשטיין דעם קוואל פון איר כוח. ידיעות, וואס האבן געהאט אוועלכע עס איז וויכטיקייט פאר אונז (פאר דער אונטערערדישער גרופע פון השומר הצעיר) האט זי זיך געאיילט אנ־צוזאגן אונזערע מענטשן. זי האט מער געזארגט פאר תכלית, איינצושטעלן א פארבינדונג צווישן אונז און דער סאווע־טישער בריגאדע. די פערזענלעכע פאר־בינדונג צווישן אונז און שיינען איז פאר אונז געווען ניט גענוג. מיר האבן געוואלט אנקניפן א דירעקטע פארבינ־דונג מיט די הויפט־פירער פון די סאווע־טישע פארטיזאנער. מיר האבן געדארפט אנערקענט ווערן דע־יורע. שיינע האט זיך באמיט איינצושטעלן אט די פארבינ־דונג סיסטעמאטיש, מיט א סך געדולד. פריער האט זי ניט געוואלט הערן קיין ווארט וועגן אזא פארבינדונג. „דאס גייט ניט אריין אין קרייז פון אונזער טעטיקייט און אויטאריטעט" — האט זי געטענהט.

„שיינע פלעגט אונז דערציילן וועגן איינעם, וואס האט געהייסן וואניא — א זעלטענער מענטש, א גוטהארציקער, א ווייסרוסישער טיפ, אבער ער איז זייער שטרענג צו דעם, וואס ער מעג און וואס ער טאר ניט. געווים איז שווער געווען זיך צו האלטן אין גרענעץ, שווער געווען צו באשטימען וואו עס ענדיקט זיך די אויסשפירונג און וואו עס הויבט זיך אן דער מאסן־קאמף. שיינע האט אבער ניט אפגעלאזן ביז זי האט אים גענייגט צו באקומען פון אונז א פאליטישן באריכט וועגן אונזער טעטיקייט. ער האט איר פארזיכערט אים איבערצוגעבן צו דער העכסטער אנפירונג".

אין אייניקע ערטער דערציילט חיהקע גראסמאן, אז שיינעס טאכטער, חנהקע, האט געדארפט זיין די פארבינדלערין צווישן דער יידישער אונטערערדישער גרופע — דורך שיינען — און דער סאווע־טישער גרופע נאכדעם ווי די געטא וועט געשלאסן ווערן. עס איז געווען א גע־פערלעכע ארבעט. קיין אנדערן ווי חנהקען האט שיינע ניט געוואלט אנטרויען. אזוי ארום, לויטן אויסדרוק פון חיהקע גראס־מאן, האט שיינע געבראכט דעם גרעסטן קרבן — איר אייגענע טאכטער.

יעקב פאט

## פאטשעבוצקי, ריווע — פרוי פון

אהרן גוטנבוים.

געארבעט עטלעכע יאר אין די בארא־כאוו־שולן אין ווארשע (טווארדע 22 א"א). געווען קלאסן־לערערין אין די יינגערע קלאסן. שפעטער איז זי געווארן לערערין פון האנט־ארבעט אין די גמינע־שולן.

## פאטאצקי, לאה (לאהטשע) —

געבוירן אין ביאליסטאק אין 1896 אין א סוחרישער פאמיליע. געענדיקט אין ביאליסטאק גימנאזיע. געארבעט ביי די ביאליסטאקער יידיש־וועלטלעכע שולן אלס אן איבערגעגעבענע שול־טוערין. איר שטוב איז שטענדיק געווען א צענטער פאר די לערער און שול־טוער.

אין די 20־קער יארן האט זי זיך באַ־זעצט אין ווארשע און דא געארבעט אין די ציש"א־שולן אלס לערערין פון האנט־ארבעט.

צוזאמען מיט איר איינציקער טאכטער מירקע, א שילערין פון דער י. כמורנער־שול אויף קראכמאלנע 36 — אומגע־קומען אין געטא פון ביאליסטאק אדער ווארשע.

**פּאָליאַק, דוד** — געבוירן אין וואָלקאָוויסק דעם 29־טן נאָוועמבער 1878, דער פֿאָטער געווען אַן אינטעליגענטער מענטש, זיך געגרייט צו אַדוואָקאַטור. דוד האָט געענדיקט די אָנפאַנג־שול אין ביאַליסטאָק און אָנגעקומען אין ווילנער לערער־אינסטיטוט — אין 98־1897. נאָכן פאַרענדיקן, געווען אַ „קאַזיאָנער" (מלוכה)־לערער אין עטלעכע שטעטלעך.



שוין יונגערהייט איז דוד אַריין אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג („בונד"). ער האָט אויך גענומען אָנטייל אינעם באַרימטן לערער־צוזאַמענפאָר אין ווילנע (1907), וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט מיטן אַרעסט פון אַלע אָנטיילנעמער און מיט זייער פאַרזעצן דעם צוזאַמענפאָר אין לוקישקער טורמע.

נאָך עטלעכע יאָר שול־אַרבעט איז דוד פּאָליאַק אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז און געלערנט אויפן מאַטעמאַטישן פאַקולטעט. ער האָט אויך געלעבט אַ געוויסע צייט אין דער שווייץ. אַן ערך אין 1910 איז ער צוריקגעקומען קיין רוסלאַנד, זיך באַזעצט אין לאָדזש און געאַרבעט דאָ אין פּריוואַטע יידיש־רוסישע גימנאַזיעס אַלס לערער פון רוסיש, געשיכטע און מאַטעמאַטיק. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין 1915 הייבט ער אָן אַרבעטן אַקטיוו אין די פּראָלעטאַרישע קרייזן, טרעט אויף אויף פאַרזאַמלונגען וכד'. ער אַרבעט אויף די אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער, און שפּעטער איז ער געוואָרן לערער אין דער ערשטער יידיש־וועלטלעכער שול אין לאָדזש, אונטער דער אָנפירונג פון פּעדאַגאָג ש. ראַווין. פון איצט אָן איז ער אינגאַנצן איבערגעגעבן דעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן. ער איז זייער באַליבט ביי די שילער און ביי דער אַרבעטערשאַפט. צוזאַמען מיט ישראל ליכטענשטיין, ל. פּאָזנאַנסקי א"אַ, ווערט ער אויסגעקליבן פאַר אַ ראַטמאַן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

אין 1922 באַזעצט ער זיך אין וואַרשע. ער ווערט איינגעלאַדן אַלס פּעדאַגאָגישער אינסטרוקטאָר אין דער צישאָ, און ער פירט די דאָזיקע אַרבעט מיט גרויס דערפּאָלג. ער באַזוכט צענדליקער שולן אין פּראָווינץ, דערנענטערט זיי מיטן גייסט און כאַראַקטער פון דער צישאָ־פּראָגראַם. הגם די רייזע־ און אויפהאַלט־באַדינגונגען אין די קליינע שטעטלעך פון דער פּוילישער פּראָווינץ זיינען געווען זייער שווערע, טוט אָבער ח' פּאָליאַק זיין אַרבעט מיט ברען, ער פירט אויס זיין ראָל בשלימות און מיט שטאַרקע פּעולות פאַר דער שול־באַוועגונג. נאָך עטלעכע יאָר אינסטרוקטאָרישער אַרבעט, ווערט ער לערער און שול־פאַרוואַלטער אין די וואַרשעווער צישאָ־שולן (לעשנאָ, נאָוואָליפּקי, קראָכמאַלנע).

די היטלער־מלחמה טרעפט אים אין ביאַליסטאָק, אונטער דער סאָוועטישער מאַכט אַרבעט ער דאָ אין דער מלוכהשער באָז־שול. שפּעטער פירט מען אים אַריבער קיין סווישלאָטש, ער אַרבעט דאָ אין שול און אויף יוגנט קורסן, ער אָרגאַניזירט שולן אין די אַרומיקע שטעטלעך. בעתן אָנגריף פון די נאַציס אויף סאָוועט־רוסלאַנד, איז ער אומגעקומען.

ד. פּאָליאַק האָט אין דער צישאָ פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ, מע האָט זיך דאָ מיט זיינע מיינונגען און פאַרשלאָגן שטענדיק גערעכנט. ער האָט אָפט געשריבן אין די פּעדאַגאָגישע אויסגאַבעס פון צישאָ, זיך געטיילט מיט זיינע איינדרוקן פון די ערטער, געגעבן איני־

צאיטיוו פאר פארשיידענע אויסבעסע־רונגען, באהאנדלט די מעטאדישע און אנדערע פראבלעמען פון דער שול־אר־בעט. ער איז געווען איינער פון די וואס האבן געהאלפן אויפשטעלן דעם בנין פון ציש״א. א מענטש מיט פעדאגאגישער בילדונג, גרעסערע וויסנשאפטלעכע ידיעות און קולטור, איז ער געווען זייער א נוצ־לעכער מיטאחבעטער פון דער שול־ארגא־ניזאציע און איז געווען געאכטעט אין די ברייטע קרייזן פון דער לערערשאפט און שול־טוער.

**פאַלישוק, רחל** — איינע פון די ערשטע סאניטארינס אין דער מעדעם־סא־נאטאריע, א דערפארענע קראנקן־שוועס־טער, וואס האט פריער געארבעט אין א שפיטאל. רחל פאלישוק האט זיך באקענט און באנומען די דערציערישע אויפגאבן און דעם צוגאנג צו די קינדער אין סא־נאטאריע. זי האט זיך דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון אנשטאלט, איז געווארן זיינע א שטארקע אנהענגערין און א גע־טרייע מיטארבעטערין. זי האט איר היגיע־ניש־דערציערישע ארבעט דערפירט צו דער העכסטער מדרגה. אויסערלעך שטרענג און קארג אויף ווערטער, איז זי אינערלעך געווען צארט און דעליקאט. די קינדער האבן זיך צו איר באצויגן ווי צו א גוטער מאמען און אונטער איר אנפירונג אויסגעפירט זייערע אמטן מיט גרויס חשק און איבערגעגעבנקייט. א גוט ווארט פון רחל פאלישוק איז פאר זיי געווען די העכסטע אנערקענונג. די ריינ־קייט און ארדענונג אין דער „אלטער געביידע", וואס איז געווען אונטער איר אויפזיכט, איז געווען אזוי מוסטערהאפט, אז די קינדער האבן שטאלצירט מיט דעם און זייער לאקאלער „פאטריאטיזם" פלעגט קומען צום אויסדרוק ביי פאר־שידענע געלעגנהייטן. פון צייט צו צייט האט דער ראט פון דער קינדער־זעלבסט־פארוואלטונג איינגעארדענט קאנקורסן מיט פריזן פאר די העכסטע דערגרייכונגען אויף פארשידענע געביטן פון ארבעט. די רעזולטאטן פון די קאנקורסן האט מען פובליקירט אין דער טעגלעכער צייטונג „אונזער ראדיא". האט א קינד פון דער „אלטער געביידע" געקראגן אן אויס־צייכענונג פאר האלטן אין ארדענונג זיין צימער אדער די שענקלעך מיט די צאן־בערשטלעך, — האט רחל פאלישוק דא־מאלט געשיינט פון שמחה. זי האט בעיקר געזארגט פאר דעם, אז די קינדער זאלן זייערע נייע געוואוינהייטן צו לעבן ריין, היגיעניש — מיטנעמען מיט זיך און האלטן זיך ביי זיי אין זייערע היימען נאכן פארלאזן די סאנאטאריע.

רחל פאלישוק איז געווען פול מיט אי־ניציאטיוו ניט נאר אויפן סאניטארן גע־ביט נאר אויך אויפן דערציערישן. אויף די וועכנטלעכע זיצונגען פון פעדאגא־גיש־מעדיצינישן ראט פלעגט מען זיך שטארק צוהערן צו אירע באריכטן און צו אירע פארשלאגן. דאס זיינען שטענדיק געווען ווערטפולע באאבאכטונגען און גע־לונגענע אויספירונגען.

די סאנאטאריע איז פאר רחל פאלישוק געווארן איר היים, איר משפחה און זי האט די קינדער אפגעגעבן איר גאנצע צייט און אלע אירע כחות. זי איז אומ־געקומען אין איינער פון היטלערס מארד־קאמערן.

ש. גילינסקי

**פאַלעווסקי, גאָלדע** — אין פינסק אויף דאמיניקאנער גאס איז געשטאנען א שטאקיק הויז — מיט א שול, קינדער־גארטן, א סך שלאף־צימערן, א גרויסן עסצימער א"א. דאס איז געווען דער מוסטער־אנשטאלט פאר 150 קינדער יתומים. פון 1928 האט גאלדע פא־

לעווסקי געארבעט אינעם דאזיקן אנשטאלט — אלס לערערין און אויך אלס פארוואלטערין מיט דערווירטשאפט. זי איז געווען א ברכה פארן אנשטאלט. די קינדער האבן פונעם ערשטן מאמענט אין איר דערפילט נישט נאר איינע פון די דערציערינס פון זייער היים, נאר אויך א מילדע, איבערגעגעבענע מאמע. זי האט זיך באמת מקריב געווען פאר די קינדער, פארמאגנדיק פאר יעדער קינד א הארץ. זי איז דארט אויך געווען די קרנאקןשוועסטער, און ווען די קינדער אין איזאלאציע האבן דערזען גאלדען אין ווייסן פארטוך, זיינען זיי לעבעדיק געווארן און פארגעסן אין זייער קראנקהייט. אויך די עלטערע קינדער וואס האבן שוין פארלאזט דעם אנשטאלט, האבן איינגעהאלטן די ווארעמסטע באציאונג צו דער געוועזענער דערציערין. ווען עס איז געקומען די מלחמה און די שטאט איז באמבארדירט געווארן אין די קאמפן צווישן די פאליאקן און רוסן, האט מען אלע קינדער מיט גרויס פארזיכטיקייט און זארגפעליקייט ארויסגעפירט פון שטאט. שפעטער ווען די רויטע ארמיי האט פארנומען פינסק, האט זיך אלץ געענדערט. אינעם יתומים־הויז האט מען ארייגעזעצט א „פאליטרוק”, דאס אמאליקע אידילישע לעבן צווישן פארוואלטער, לערערס און קינדער איז צעשטערט געווארן. קעגן דעם פארוואלטער און גאלדען האט מען פארפירט א פראצעס, פארוואס זיי האבן צוגענומען די קינדער פון שטאט. זיי זיינען קוים ארויס גאנצע. גאלדע איז געקומען אין איר געבורט־שטאט ווילנע.

גאלדע איז א שוועסטער פונעם ווילנער בונדישן פארטיזאן סימקע פאלעווסקי (איצט אין ניו־יארק). ווען ער האט פארלאזן די ווילנער געטא אלס פארטיזאן צו גיין אין וואלד, האט אים דער שטאב דערלויבט מיטצונעמען זיין שוועסטער. אבער זי האט זיך אפגעזאגט צו גיין און געמאלדן, אז זי וויל בלייבן מיט אלע יידן אין ווילנער געטא. אין געטא האט זי געארבעט אלס בוכהאלטער אין די ווארשטאטן. בעת דער ליקווידאציע פון ווילנער געטא איז זי אומגעקומען.

**פאָמעראַנץ** — א לערערין אין דער געז. „אונזערע קינדער”, א קראקאווער, א טאכטער פון א האנטווערקער־בונדיסט, אומגעקומען לויט אלע ווארשיינלעכקייטן אין קראקע.

**פאָמעראַנץ, ד״ר לייב** — געבוירן אין סווענציאן אין 1894. נאכן פארענדיקן די אנפאנג־שול איז ער אפגעפארן קיין ווילנע, אויסגעהאלטן גלענצנד די עקזאמענס אין גימנאזיע, וועלכע ער האט פארענדיקט מיט אן אויסצייכענונג.



שוין אין זיינע גימנאזיסטישע יארן האט ל. פאמעראנץ ארויסגעוויזן גרויסן אינטערעס צו יידישער קולטור־טעטיקייט און צו דער מאדערנער יידישער ליטעראטור. פארענדיקט די גימנאזיע, איז ל. פאמעראנץ אפגעפארן קיין שווייץ, וואו ער איז אנגעקומען אויפן מעדיצינישן פאקולטעט. נאכן ערשטן יאר פון זיין שטודיום איז אויסגעבראכן די ערשטע וועלט־מלחמה און זיין לערנען איז איבערגעריסן געווארן. די יארן פון דער מלחמה האט ער פארבראכט אין סווענציאן זיך אפגעבנדיק מיט געזעלשאפטלעכער ארבעט און, דער עיקר, מיט קולטור־ארבעט.

ל. פאמעראנץ צוזאמען מיט ד. פישער און מיט נאך א פאר לערער, האט גע־

גרינדעט אין סווענציאן די ערשטע יידיש־וועלטלעכע פאָלקשול. דאָס איז געווען אַן אָנהייב פון אַ גרויסער יידיש־וועלטלעכער שול־באַוועגונג אין סוועציאַן און אומגעגנט. נאָכן סוף פון דער מלחמה איז ל. פּאָמעראַנץ געוואָרן דער גרינדער פון דער יידישער פּראָגימנאַזיע אין סוועציאַן, וואו ער האָט שפּעטער געאַרבעט אַלס לערער. אין אַ יאָר אַרום איז די פּראָגימנאַזיע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פולער 8־קלאַסיקער גימנאַזיע אויף יידיש און געהאַט עטלעכע אַרויסלאָזן ביז די רעגירונג האָט זי געשלאָסן.

גלייכצייטיק האָט ל. פּאָמעראַנץ גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין גרינדן אין סוועציאַן אַן אָפּטיילונג פון קולטור־ליגע, מיט אַ רייכער יידישער ביבליאָטעק, אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע, דראַמאַטישן קרייז א.א.וו. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אינעם ערשטן שול־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע (1921).

ל. פּאָמעראַנץ פאַרלאָזט סוועציאַן און קומט אָן אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט אין ווילנע; נאָכן פאַרענדיקן פאַרבלייבט ער שוין אין ווילנע.

זייענדיק שטאַרק פאַרנומען מיט זיין פּראַקטיק און אַרבעט אין דער אוניווערסיטעט־קליניק, האָט ד״ר פּאָמעראַנץ ניט איבערגעריסן זיין אַרבעט אויפן שול־געביט. ער איז געווען אַקטיוו אין דעם צ.ב.ק. און אין דער שול־אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנער פּראָווינץ. ווי אַ דאָקטאָר און אַ שול־טוער איז ער אויף אַ נאַטירלעכן אופן געוואָרן דער דאָקטר פון די לערער פון די צ.ב.ק.־שולן און ער האָט עס געטאָן ניט צוליבן האָנאָראַר. ווען מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען קיין ווילנע אָנגעקומען די פּליטים פון וואַרשע, צווישן זיי אַ גרויסע גרופּע געזעלשאַפטלעכע טוער, פּאָליטישע טוער, קולטור־ און שול־טוער, לערער און יידישע ליטעראַטן, איז ד״ר פּאָמעראַנץ געוואָרן זייער דאָקטאָר און זייער פריינד: די טירן פון זיין קאַבינעט זיינען שטענדיק געווען פאַר זיי ברייט־אָפן.

די דייטשע נאַצי־מלחמה האָט געטראָפן ד״ר פּאָמעראַנץ מיט זיין משפּחה אין ווילנע. אויך צווישן די ווענט פון געטאָ האָט ד״ר פּאָמעראַנץ ניט איבערגעריסן זיין אַרבעט ווי אַ דאָקטאָר און ווי אַ געזעלשאַפטלעכער טוער. ער איז געווען טעטיק אין דעם יידישן דאָקטוירים־פאַריין אין געטאָ, געהאַלטן רעפעראַטן אויף וויסנשאַפטלעכע טעמעס (ספּעציפישע קראַנקהייטן — רעזולטאַט פון הונגער און נויט), געווען אַקטיוו אין דעם געזעלשאַפטלעכן שול־קאָמיטעט.

ווילנער געטאָ איז פולשטענדיק ליקווידירט געוואָרן דעם 23טן סעפּטעמבער 1943. בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ איז ד״ר ל. פּאָמעראַנץ אַריינגעפאַלן אין דעם טרויעריק באַרימטן לאַגער קלאָאָגאַ, עסטלאַנד. דעם 19 סעפּטעמבער 1944, ווען די רויטע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צו דער געגנט פון לאַגער, האָבן די נאַצי־מערדער ליקווידירט די אַלע, וואָס זיינען נאָך געבליבן צו יענעם טראַגישן טאָג ביים לעבן. צווישן די דערמאָרדעטע איז אויך געווען לייב פּאָמעראַנץ.

די געציילטע, וואָס זיינען ניצול געוואָרן פון דעם לאַגער, דערציילן: אין די טראַגישע יאָרן פון געטאָ און לאַגער האָט ד״ר פּאָמעראַנץ זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט זיין אינערלעכער רואיקייט, קיין מאָל ניט איבערגעריסן זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און זיך געהאַלטן מיט פיל ווירדע. דאָס איז געווען דער בעסטער סימן פון דעם גרויסן אינערלעכן ווערט, וואָס ער האָט שנעדיק פאַרמאָגט.

י. ברומבערג

**פאמעראניעץ, סאניע** — אין דער משפחה זיינען זיי געווען 4 שוועסטער און 4 ברידער. א מידל א ברען, א פייער אזוי ווי אירע רויט־קופערדיקע האר, וואס האבן געווארפן פונקען. איר קיילעכדיק ראז פנימל האט שטענדיק געשיינט. אירע זאפטיקע רויטע ליפן זיינען געווען עטוואס אפן, און עס האבן ארויסגעלויכטן אירע פערלדיקע ציין. ארומגערינגלט מיט חברים און חברטעס, האט זי קיין צייט ניט געהאט גרייטן די לעקציעס. נאר אדאנק אירע פעאיקייטן האט זי געענדיקט די יידישע שול און שפעטער באזוכט א מיטלשול. צוליב איר פאליטישער טעטיקייט האט זי אבער געמוזט פארלאזן די מיטלשול (געווען א קאמוניסטקע). פארט זי אוועק קיין ווארשע און ווערט א פרעבליסטין. ווען זי קומט צוריק קיין ביאליסטאק עפנט זי א קינדער־גארטן. דא צווישן די קליינינקע האט איר צאפלדיקע פריילעכע נשמה זיך געקענט אויסלעבן. צווישן דעם קליינווארג איז זי געווען דאס גרויסע קינד. דאס לאכן און שפילן האט באגלייט איר גאנצע ארבעט, זי האט קיינמאל ניט געמערקט ווי די צייט איז אדורך, כאטש יעדע סעקונדע איז געווען צוועקמעסיק אויסגענוצט. ניט נאר לאכן האט געקענט סאניע, זי האט אויך געקענט טראכטן און ארבעטן, זוכן נייע מעטאדן, נייע וועגן. די קינדער איז שווער געווען אפרייסן פון זייער באליבטער לערערקע.

ח. ביאליסטאצקי־זילבערשטיין

**פאמעראנץ, פסח** — געבוירן אין ביאליסטאק. זיך געהאדעוועט ביי מיטל־פארמעגלעכע עלטערן, וואס האבן געהאט א בעקעריי. געקראגן א טראדיציאנעלע יידישע דערציאונג. אלס יונגטלעכער האט זיך פ. פאמעראנץ גענומען פאראינטערעסירן מיט ספארט. ווען ער איז אלט געווען עטלעכע און צוואנציק יאר, איז ער שוין געווען אן אינסטרוקטאר פון א ספארט־ארגאניזאציע אין ביאליסטאק. אין די שפעטערדיקע יארן איז ער געווען איינער פון די גרינדער און וויכטיקסטער אנפירער אין דעם גוט־ארגאניזירטן ספארט־קלוב: ז. ק. ס. (זשידאווסקי קלוב ספארטאווי), וועלכער האט שפעטער אדאפטירט זיין יידישן נאמען „י. ס. ק.“ (יידישער ספארט קלוב).

ניט איין מאל האט פסח פאמעראנץ געוואונען אויסצייכענונגען אין פארשיידענע ספארט־פארמעסטונגען. דאס אלץ איז געווען זיין באשעפטיקונג אויסער זיין רעגולערער ארבעט אלס לערער פון גימנאסטיק אין די יידיש־וועלטלעכע שולן אין ביאליסטאק. ער האט זייער ליב געהאט זיין פאך און האט איבערגעגעבן די ליבע צו גימנאסטיק צו זיינע שילער. די קינדער פון די ספעציפיש־יידישע קווארטאלן כאנאיקעס און פיאסקעס, קינדער וואס האבן אין זייערע היימען ניט געהאט קיין לופט און ליכט, קיין גרינס און בלימל, — האבן זיך „קאמפענסירט“ אויף די לעקציעס פון גימנאסטיק ביים לערער פאמעראנץ, דא האבן זיי זייערע ביינדעלעך און רוקנס אויסגעגלייכט, דא האבן זיי זיך געלערנט צו אטעמען מיט פולער ברוסט, דא האבן זיי דערקענט די שיינקייט און עלאסטישקייט פון זייערע אייגענע קערפערלעך און מוסקולן. דא האבן זיי זיך דערוואוסט דעם סוד פון קאארדינירטע מאסן־ארויסטרעטונגען פונעם גרויסן שולקינדער־קאלעקטיוו.

פאר די קינדער איז געווען אן אמתער פארגעניגן צו האבן א לעקציע גימנאסטיק מיטן לערער פאמעראנץ. ער איז געווען פעאיק צוצוטראכטן כסדר נייע „איבונגען“, נייע פיראמידן, נייע „קונצן“ און דאס האט אויסגענומען סיי ביי די

קינדער סיי ביי די דערוואקסענע. די קינ־דער האבן מיט אומגעדולד געווארט אויף זייערע עפנטלעכע ארויסטרעטונגען אונ־טער דער אנפירונג פון לערער פאמעראנץ. ער האט זיך באמת בארימט געמאכט מיט די דאזיקע ארויסטרעטונגען זיינע אויף פארשיידענע קינדער־קאנצערטן. די אפטיילונג פון גימנאסטישע איבונגען אויף די קינדער־קאנצערטן אונטער דער אנפירונג פון פ. פאמעראנץ, פלעגט שטענדיק ארויסרופן גרויס באגייסטערונג ביי אלע אנוועזנדיקע.

מיט זיין שטענדיקן שמייכל, פעסט געבויט, האט ער יעדערן צו זיך צוגע־צויגן. אין לעבן — ערלעך, טאלעראנט, באשיידן, איז ער אין שול — געווען זייער א גוטער לערער און דערציער.

ער איז געשטאנען ביי דער שול־ארבעט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה. ער האט געהאט א פרוי (א לערערין אין א פויי־ליש־יידישער שול אין ביאליסטאק) און א יינגעלע. זיי זיינען אלע אומגעקומען אין דער צייט פון היטלערס גיהנום.

**פאמעראניעץ, רחל** — א הויכע שיינע בלאנדינקע מיט עטוואס דיקלעכע ליפן, האט זי צו 17 יאר געענדיקט מיטל־שול. א מיידל פון די הארעפאשנע מאסן, האט זי צווישן אירע חברטעס זיך אויס־געצייכנט מיט גוטן פארשטיין ליטערא־טור און אסימילירן די לימודים. זי איז געווען איינע פון די בעסטע שילערינס. ווען ס'איז אויסגעבראכן די ערשטע וועלט־מלחמה, האט זיך רחל אין א קור־צער צייט דערווארבן די יידישע קענ־טענישן און זי איז אנגאזשירט געווארן אלס לערערין פריער אין וואשילקאווע, שפעטער אין ביאליסטאק. זי האט געהאט זייער א גוטע באציאונג צו די קינדער, און זיי האבן איר שטארק ליב געהאט, נאר די ארבעט האט איר ניט באפרידיקט, זי איז געווען צו אימפולסיוו צו קענען רואיק זיצן אין קלאס און לערנען מיט די קינדער. איז זי לאנג ניט געבליבן ביים פאך. אבער זי האט קיינמאל ניט איבער־געריסן מיט דער לערערישער סביבה. זי האט געהאט א שטארקן אינטערעס פאר דער דערציערישער ארבעט. האט א חבר זיך גענויטיקט אין דערהאלונג און מען האט באדארפט שאפן געלט, איז זי געווען פון די ערשטע זיך צו באשטייערן און העלפן שאפן די נויטיקע סומע. איר פרייד, ווען אזא איניציאטיוו האט זיך איינגעגעבן, איז שווער צו באשרייבן. זי איז געווען גליקלעך ווען זי האט גע־קענט פארשאפן פרייד.

מ. ביאליסטאצקי־זילבערשטיין

**פאפאווער, זינע (זלאטע)** — די פרוי פון דוד וועלעם — האט אויך גע־שטאמט פון ווילנע און פונקט ווי איר מאן, געווען אן אביטוריענטקע פון וויל־נער לערער־סעמינאר (פון א יינגערן קורס), זיי האבן שטענדיק געארבעט אין די זעלבע שולן. זינע פאפאווער האט געפירט די ארבעט אין קינדערגארטן און אין די יינגערע קלאסן. זי האט געהאט גרויסע ארטיסטישע פעאיקייטן — גע־לערנט אין שול ארבעט, מאלן און צייכענען. זי האט זיך זייער אויסגעצייכנט ביים צוגרייטן שול־אויסשטעלונגען.

ביידע זיינען אומגעקומען אויף פאנאר.

**פאפארץ־ווירשוב, מינע** — אויב דער ציל פון דער נייער יידישער שול איז געווען אויפצואוועקן דאס סאציאלע געוויסן ביי דער יוגנט און א ווילן צו באטייליקן זיך אקטיוו אין דעם קאמף פאר א בעסערן מארגן פארן ארבעטנדיקן מענטש, איז מינע פאפארץ געווען א

פיינער פראדוקט פון דער מאדערנער יידישער דערציאונג.

א קינד פון א באלעבאטישער היים, איז זי דורכגעגאנגען אלע שטופן פון דעם שולוועזן, ביז זי איז געווארן א לערערין אין א יידישער פאלקשול. געבוירן אין 1903, אין אן אינטעליגענטער פאלקסטימלעכער ארבעטער־משפחה, איז זי נאכן דורכמאכן א פאלקשול אנגעקומען אין דער ווילנער גימנאזיע פון סאפיע גורעוויטש. דאס איז געווען א גלענצנדע מיטלשול, וואס האט אדאנק דעם הויכן ניווא פון די לימודים, ווי אויך די אינטערעסאנטע לערער, דערצויגן א וואונדערבארע יוגנט. צוזאמען מיטן גאנצן קלאס האט זיך מינע אנגעשלאסן אן דעם יוגנט־בונד „צוקונפט" און איז געווארן אן אקטיווער מיטגליד אין דער פארטיי.

באאיינפלוסט פון די לערער און פון דעם גייסט פון דער שול איז מינע נאכן ענדיקן די גימנאזיע אנגעקומען אין יידישן לערער־סעמינאר און געווען צוליב איר גוטער צוגרייטונג איינע פון די בעסטע תלמידות (2־טער ארויסלאז).

מינע פאפארץ איז געווען א לערערין פון 2־טן און דריטן קלאס פאלקשול אין ווילנער קופערשטיין־שול און שפעטער אין לייזער־גורוויטש־שול ביז דער לעצטער צייט. זי איז געווען ערנסט, געוויסנהאפט און איר שול־ארבעט האט זי באטראכט ווי איינע פון אירע געזעלשאפטלעכע פליכטן. זי איז געווען א טיפ פון א זעלנער אין דער פארטיי פונקט ווי אין דער שול.

מינע פאפארץ איז געווען אינטעליגענט, באשיידן און איבערגעגעבן סיי אין איר פאליטישער, סיי אין איר פעדאגאגישער ארבעט, זי האט א סך געלייענט, איבערהויפט ערנסטע ליטעראטור, ליב געהאט מוזיק א"א.

עטלעכע יאר פאר דער מלחמה האט זי חתונה געהאט מיט א פארטיי־חבר יאשקע ווירשוב. זי איז געווען א שוועסטער פון שלמה פאפארץ; ער און זיין פרוי, מינע און איר קינד — זיינען אלע אומגעקומען אין ביאליסטאקער געטא.

צ. בורשטיין.

**פאץ, גאלדע** — געענדיקט דעם היסטארישן פאקולטעט אין פעטערבורגער אוניווערסיטעט. אין די 20־קער יארן איז זי אוועקגעפארן קיין בערלין, וואו זי האט אין אוניווערסיטעט שטודירט געשיכטע און באקומען דעם דאקטאר־טיטל. זי איז געווען א לערערין פון געשיכטע אין דער ווילנער רעאל־גימנאזיע. גלייכצייטיק האט זי אויך געטאן א סך ליטעראַרישע ארבעט: זי האט אנגעשריבן איניקע אחבעטן איבער געשיכטע; געדרוקט ארטיקלען אין „ביכער וועלט" און אין די פעדאגאגישע אויסגאבן פון ציש"א; געדרוקט ארטיקלען אין „ווילנער טאג" איבער פראגן פון דערציאונג און געשיכטע; זי האט אויך ארויסגעגעבן א ביכל „גריכישע מיטן" צום באנוצן אין די יידישע מיטל־שולן און א ביכל „אויסדערוויילטע דערציילונגען פון איליאס און אדיסיי" (בערלין 1924). א געוויסע צייט איז זי אויך געווען פארוואלטערין פון יתומים־הויז אויף פאפלאוועס, ווילנע. אבער די דאזיקע ארבעט האט איר ווייניק באפרידיקט, ווייל לויט איר וויסנשאפטלעכער צוגרייטונג און אינטערעסן איז זי געווען קודם כל א לערערין פאר די העכערע קלאסן פון מיטל־שול. ווי א לערערין פון געשיכטע האט זי שיין און בילדעריש איבערגעגעבן פאקטן און כאראקטעריזירט פערזענלעכקייטן.

די לעצטע יאָרן איז גאָלדע פּאַץ גע־שטאַנען אויסער דער שול־אַרבעט, זי איז געווען די סעקרעטאַרין פון דער „גע־זעלשאַפט פאַר פאַרוואָרלאָזטע און אָפּ־געשטאַנענע קינדער". ווען די סאָוועטישע מאַכט האָט איבערגענומען ווילנע, האָט זי ווידער באַקומען אַרבעט אין דער ווילנער רעאַל־גימנאַזיע ווי אַ לערערין פון געשיכטע.

גאָלדע פּאַץ איז ניט געווען פאַר־הייראַט, זי האָט געלעבט מיט אירע עלטערן אויף סניפּישאַק. איר פאָטער האָט דאָרט געהאַט אַן אַפּטייק־געשעפט צענדליקער יאָרן, און איז געווען באַ־קאַנט ביי אַלע אַרומיקע איינוואוינער און פויערים פון דער אומגעגנט ווי אַ „דאָק־טאָר". ער איז געווען זייער אַן אינטע־רעסאַנטער מענטש, אַ גרויסער למדן, ער איז אויך געווען אַ גוטער קענער פון מעדיצינישע קרייטעכצער.

בעת די נאַציס איז גאָלדע פּאַץ מיט דער מוטער אַריין אין געטאָ, אָבער גע־בליבן דאָרט ניט לאַנג. מען האָט זיי צוגענומען בעת דער ערשטער אַקציע פון געלע שיינען. לויט ש. קאַטשערגינסקי, האָט מען גאָלדע פּאַץ פון דער ווילקאָ־מירער גאַס אַוועקגעפירט אַנשטאָט אין געטאָ — אין תפיסה. דערנאָך האָט מען זי אַוועקגענומען אויף פּאָנאַר (1941).

*

די געוועזענע ווילנער לערערין ש. סאַפּיר־קריץ דערציילט:

„מיט גאָלדע פּאַץ האָב איך זיך באַ־פריינדעט אין בערלין ערב דעם אויפקום פון היטלעריזם. זי האָט דאָרט געוואוינט צוזאַמען מיט איר שוועסטער, אַ פאַרהיי־ראַטע, מיט מאַן און קינד. די שוועסטער האָט געענדיקט פּיאַנאָ אין בערלינער קאָנסערוואַטאָריע, איר מאַן איז געווען אַ זון פון באַקאַנטן ווילנער ד"ר גערשוני, אַ זשורנאַליסט.

מיר האָבן זיך אָפט באַגעגנט מיט גאָלדען, און פלעגן פאַרברענגען ביי אינ־טערעסאַנטע שמועסן. זי האָט מיך באַ־קאַנט מיט אירע ליטעראַרישע אַרבעטן, זי האָט צו יענער צייט אָנגעשריבן אַ קינדער־פּיעסע און איניקע קינדער־דער־ציילונגען. זי האָט שטאַרק געוואָלט, מיר זאָלן די פּיעסע דורכפירן אין דער דבורה קופּערשטיין־שול; מוזיק צו דער פּיעסע האָט די שוועסטער אָנגעשריבן.

געלעבט האָט גאָלדע פּאַץ דעמאָלט זייער באַשיידן. ווען זי האָט זיך אומגע־קערט אַהיים אין ווילנע אויף ווילקאָ־מירער גאַס, האָט זי זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. עס האָט איר געצויגן צוריק קיין בערלין, זי האָט זיך געריסן צוריק צו פאָרן אַהין, אויך דאַן ווען איר שוועסטער מיט דער משפחה זיינען פון דאָרט אַנטלאָפן. שווער איז גע־ווען איר לעבן אין יענער צייט אין ווילנע. מיר פלעגן זיך אָפט טרעפן און זי האָט זיך באַקלאָגט אויף איר לעבן און זיין ביים טאַטן, אים אַרויסהעלפן אין זיין אַפּטייק־געשעפט".

**פּאַקולאַ,** (ערשטער נאָמען ?) — גע־ווען אַן איינציקע טאָכטער פון אַ זייער אידעלער און פאַרמעגלעכער משפחה אין לאָדזש. זי האָט באַקומען העכערע בילדונג און איז געווען לערערין אין די ציִשאָ־שולן אין לאָדזש. פון דער נאַטור אַ שטאָלצע, איז זי אָבער געווען זייער אַ סימפּאַטישע און טאַקטפולע. זי האָט אויסגעפירט איר לערערישע אַרבעט און פליכטן זייער געוויסנהאַפט און איז גע־ווען באַליבט ביי אַלעמען.

**פאַרטנאַי, דניאל** — געבוירן אין ביאַליסטאָק אַרום 1900. זיין פאָטער איז געווען אַ שמש אין דעם אורח חיים־בית־מדרש אין ביאַליסטאָק. דניאל האָט זיך געהאָדעוועט אין אַ משפחה פון די עלטערן מיט נאָך צוויי ברידער און שוועסטער. זיי האָבן געוואוינט אַ סך יאָרן אין אַ קליין, נידעריק הייזל פון צוויי צימערן מיט אַ קיך. ביים אָנהויב פון דער מלחמה איז דניאל פאַרטנאַי געווען אין די אָנהויב פערציקער יאָרן.



איך האָב געוואוינט אין באַליסטאָק אין איין געסל מיט דניאל פאַרטנאַי, און איך געדענק אים ווען ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר 13-14. אַלס ייִנגל פלעגט ער אַרויסהעלפן זיין טאַטן, ער פלעגט אָפט אָוועקטראָגן דעם קידוש־בעכער פון בית־מדרש צו זיך אַהיים, ער פלעגט דאָן מוזן פאַרבייגיין אונזער הויז, איך פלעג שטענדיק וויסן, ווען דניאל גייט אַהיים מיטן בעכער: ער האָט שטענדיק אַריינגעבלאָזן אַ „ניגון" אין בעכער אַריין. דער בעכער איז שטענדיק געווען ביי זיין מויל.

מ'האָט צווישן די שכנים דערציילט אַז דניאל פאַרטנאַי, כאָטש ער האָט זיך נאָך דעמאָלט קיין מוזיק ניט געהאָט געלערנט, שאַפט ער אַליין ניגונים און שרייבט אַליין נאָטן.

ס'איז פאַר מיר דעריבער גאָר קיין וואונדער ניט געווען, וואָס ווען איך בין אין יאָר 1918 געוואָרן אַ שילערין פון דער ערשטער יידיש־וועלטלעכער יוגנט־פאַריין־שול אין ביאַליסטאָק, האָב איך דאָרט געטראָפן דניאל פאַרטנאַי אַלס געזאַנג־לערער. יאָ, דניאל פאַרטנאַי איז געוואָרן אַ לערער פון געזאַנג. אַנדערש האָט עס גאָר ניט געקענט זיין. ער איז געווען ווי געבוירן דערצו.

אַ הויכגעוואוקסיקער, אַ ברייט־פּלייציקער פלעגט מען אים שטענדיק זען אויף די ביאַליסטאָקער גאַסן מיט דער קאַנצערטינע אין האַנט. דאָס איז ער געגאַנגען פון איין שול אין דער אַנדערער: דניאל פאַרטנאַי האָט געפירט געזאַנג אין די יידיש־וועלטלעכע שולן פון דער ציש"אָ: אין דער „יוגנט־פאַריין־שול", אין „מענדעלע"־שול, אין „גראָסער־שול", אין דער יידישער גימנאַזיע, ווי אויך אין „תחכמוני" און אין דער העברעאישער גימנאַזיע. ער האָט אויך אָנגעפירט מיט די אָוונטן פון קינדער־קלוב.

ער איז געווען זייער אַ פעאיקער געזאַנג־לערער און ער האָט געשאַפן אַ סך מוזיק צו לידער. צווישן אַנדערע — צו די לידער: „אויסגעפוצט זיך נאָכן רעגן", „דרימלענדיק וואַקסן די ביימער ביים וואַסער"; „אויף אַ שטיין אין מיטן גאַס" און נאָך אַ סך אַנדערע. ער איז געווען אויסערגעוויינלעך איבערגעגעבן זיין אַרבעט און האָט זי געוואַלטיק ליב געהאַט. זיין יעדער אַרויסטריט מיט די שול־כאָרן איז געווען אַ שטיק קונסט. ער פלעגט אַרויסבאַקומען פון די קליינוואַרג דעם אַבסאָלוטן מאַקסימום.

ער האָט קיינמאָל ניט געזשאַלעוועט ניט קיין מי און ניט קיין צייט. פאַר אַן אונטערנעמונג האָט ער דורכגעפירט אַן אַ שיעור פּראָבעס מיט די קינדער. ס'איז פאַר אים גאָר ניט שייך געווען צו זיין פאַרנומען אָדער פאַרמאַטערט.

מיר האָבן אין באַליסטאָק געהאַט אַ שול־אינספעקטאָר פון דער פּוילישער שול־מאַכט. געווען איז ער אַן אַנטיסעמיט. די לערער פלעגן זיך פאַר זיין וויזי־

טאַציע זייער שרעקן, ווייל ער האָט שטענדיק געזוכט און געפונען פּגימות אין דער אַרבעט דאָרט וואו זיי זיינען אפילו ניט געווען. גאָר אַנדערש איז געווען זיין באַציאונג צו דניאל פּאַרטנאָי. ער פלעגט ביי קיין וויזיטאַציע ניט פאַרפעלן אַריינצוגיין צו פּאַרטנאָים לעקציעס און אָפּט אָפּזיצן די גאַנצע שעה, אָבער ניט מיטן ציל צו „כאַפּן" אים, נאָר פאַרקערט, כדי הנאה צו האָבן. ער פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז ער האָט נאָך אַזאַ לערער פון געזאָנג ווי דניאל פּאַרטנאָי ניט געזען, און וואָלט ער געקענט, וואָלט ער זיין אייגענעם זון געשיקט זיך לערנען געזאַנג אין אַזאַ שול וואו פּאַרטנאָי איז לערער.

אויסער לערער אין די שולן איז ד. פּאַרטנאָי נאָך געווען דער דיריגענט פון כאָר אין דער ביאַליסטאָקער קאָר-שול. יעדן שבת און יום-טובים פלעגט ער אַרויסטרעטן מיטן כאָר בעתן דאַווענען.

ער האָט אויך איין יאָר, אין 32-1931, אָנגעפירט מיטן פאָלקס-כאָר פאַר דערוואַקסענע ביי דער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָק. ער האָט מיט ניט קיין געשולטע כאָריסטן אויסגעפירט זייער קאָמפּליצירטע לידער אין פיר שטימען און געהאַט זייער געלונגענע אַרויסטרעטונגען.

דניאל פּאַרטנאָי האָט געהאַט אַ פרוי מיט דריי קינדער, צוויי מיידלעך און אַ יינגל. קיינער פון זיי איז ניט געבליבן לעבן.

פּ. מעלאַמדאַוויטש

***

דניאל פּאַרטנאָי איז אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ. אין געטאָ איז ער געווען פאַרלאָזן פון אַלעמען, געווען קראַנק און אויסגעדאַרט — מע האָט אים גאָרניט געקענט דערקענען.

**פּינצאָוו, יעקב** — געבוירן אין דרויע, ווילנער געגנט. געווען אַ לאַנגיאָריקער לערער אין די ציש״אָ-שולן: פריער אין דער יידישער גימנאַזיע און אין דער פאָלקשול פון סווענציאַן; און פון 1937 איז ער געווען לערער אין דער י. ל. פּרץ-שול אין פּרוזשאַן. דאָ איז ער געווען אין געטאָ ביזן סוף 1942, ווען ער צוזאַמען מיט זיין טאָכטער רחל איז דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ און דאָרטן אומגעקומען אין יאַנואַר 1943.

יעקב פּינצאָוו איז געווען אַן אַלטער דערפאַרענער לערער. צו די יידיש-וועלטלעכע שולן איז ער געקומען פון דער רוסיש-יידישער שול. ער איז געווען בשעתו צווישן די ערשטע בויער פון יידישע שולן פאַר היימלאָזע אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, געאַרבעט אין די יידישע שולן פון דער „רוסישער געזעלשאַפט צו העלפן יידן, געליטענע פון דער מלחמה" (די געזעלשאַפט פון גאָרקי-סאָלאָגוב-אַנדרייעוו) אין מינסק.

יעקב פּינצאָוו האָט שטענדיק געאַרבעט אויף זיין אייגענער פאַרפולקאָמונג און זיך באַצויגן צו זיין פּעדאַגאָגישער טעטיקייט ווי צו אַן עבודת הקודש.

**פיעקאַרסקי, שלמה-זלמן** — איינער פון מיינע ערשטע לערערס אין דער יידישער שול אין טריסק, וואָלין. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס איז געבליבן אין שול נאָך דעם, ווי זי איז אַריבער צו דער ציש״אָ. די איבעריקע לערער זיינען אַוועק און געשאַפן אַ „תרבות"-שול. די ציוניסטן האָבן דערפאַר געקוקט אויף אים ווי אויף אַ פאַרביסענעם יידישיסט. פיעקאַרסקין איז ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען וואָס מענטשן רעדן וועגן אים. ער איז געווען געטריי

דער שול, ליב געהאט זיין ארבעט און געארבעט מיט איבערגעגעבנקייט.

עס איז ניט גרינג געווען דעמאלט צו זיין א יידישער לערער. דער געהאלט איז געווען קליין און איז ניט שטענדיק געווארן אויסגעצאלט. ווינטער האט מען געלערנט אין קאלטע צימערן. די קלאסן זיינען געווען איבערפולט מיט קינדער. דערצו האט מען באדארפט קעמפן פאר דער עקזיסטענץ פון דער שול מיט די העבראיסטישע עלעמענטן. האט פיעקארסקי געפירט אן ארעם לעבן. גאנץ אפט ניט געהאט קיין ברויט, קיין גאנצע שיך. צו דער ארבעט איז ער אבער שטענדיק געקומען א מונטערער און זיך זייער זעלטן געקלאגט פאר מענטשן. ער האט זיך אויסגעלעבט אין די קלאס־צימערן, וואו ער האט געלערנט העבראיש, תנ"ך, געשיכטע און מאטעמאטיק.

ער איז געווען א „סאמאוק". צו זיינע קענטעניש האט ער זיך דערשלאגן דורך הונגער און קעלט. זיין טאטע איז געווען אן ארעמער שוסטער. גאר־גאר פון די ארעמע. שלמה־זלמן האט געגעבן „אוראקן" די מיידלעך אין שטעטל, געשריבן מיט זיי די רוסישע „אזבוקע" און געלערנט דקדוק. ער האט אבער געלערנט מערער זיך, ווי זיינע שילער. אין די קעשענעס האט ער געטראגן רוסישע געשיכטעס, תנ"כלעך, ריבקינס אויפגאבן און ביי יעדער געלעגנהייט אין זיי אריינגעקוקט.

ווען פיעקארסקי איז געווארן מיין לערער איז ער געווען, גלויב איך, אין די דרייסיקער. א נידעריקער, מאסיווער מיט ברייטע פלייצעס. זיין פנים איז געווען קיילעכדיק מיט א היפשן גוידער. ער האט געהאט געדיכטע שווארצע ברעמען און שפיציקע בייזע וואנצעס. ער איז געווען זייער ענלעך צו פרצן. צוליב קורצזיכטיקייט האט ער געטראגן מיט זיך א גראבן שטעקן, וואס האט אים געהאלפן אין די גרויסע בלאטעס. ער איז געווען דער עלטסטער צווישן די לערער אין שול. די פליכט פון א לערער האט ער געזען אין אויסלערנען די קינדער וואס מערער, געבן זיי א סך תורה. מיט דערציאונג האט ער זיך ווייניק וואס פארנומען. מיט דעם האט ער זיך אונטערשיידט פון די איבעריקע לערער — יונגע בחורימלעך מיט אידייען פון מאדערנער דערציאונג. ער האט זעלטן געשמייכלט צו א קינד, אדער א גלעט געטאן. דערפאר האט ער געלויבט יעדערן, וואס האט זיך גוט געלערנט. געלויבט — און געפאדערט נאך מערער ארבעט. מיר האבן דערפאר געהאט פאר אים גרויס דרך־ארץ.

איך האב זיינע לעקציעס שטארק ליב געהאט. ספעציעל מאטעמאטיק. ער האט אונז געגעבן אויסטערלישע אויפגאבעס: וועגן פעסער וויין מיט לאנגע רערן, דורך וועלכע דער וויין רינט גלייכצייטיק אריין און ארויס, וועגן פייגעלעך וואס ווערן פארלוירן אויפן וועג צו די ווארעמע לענדער, וועגן קאלירטע סחורות. ער אליין האט אויך הנאה געהאט פונעם לערנען. זיינע שווארצע אויגן האבן געגלאנצט, די ליפן געשמייכלט און אפילו די שטייפע וואנצעס זיינען ווייכער געווארן. ער האט דערביי געווישט דעם שמאלן שטערן און גערעדט מער צו זיך, ווי צו אונז:

— א קלוגע זאך, מאטעמאטיק, א קלוגע זאך!

ער האט אויך געקענט פאראינטערעסירן די קינדער אין געשיכטע און אפילו אין העבראיש. ער האט דאס געמאכט אן גרויסער אנשטרענגונג. ער האט גערעדט הויך, געמאכט גיכע באוועגונגען און איז געווען אליין פארכאפט פון לימוד. דאס האט זיך איבערגעגעבן צו

די קינדער. מיר האָבן ליב באַקומען אַפילו דעם שווערן העברעאישן דקדוק. גאַנצע העפטן האָבן מיר פאַרשריבן מיט די העברעאישע ווערבן, בנינים און זיי אַרומגעטראָגן אין די בוזעם־קעשענעס.

פּיעקאַרסקי האָט אויך שטאַרק ליב געהאַט יידיש. ער איז געווען גליקלעך ווען ער האָט אַמאָל געקענט פאַרטרעטן אַ לערער אין דעם לימוד. דעמאָלט האָט ער דערציילט ווי שיין יידיש איז, ווי ליב ער האָט עס און פאַרוואָס מיר דאַרפן שולן נאָר אויף יידיש. דערביי פלעגט ער כסדר איבערחזרן דאָס מעשהלע מיט די „שיף", וואָס דאָס גאַנצע שטעטל האָט שוין געקענט.

איך געדענק אויך מיין לערער מיט טרערן אין די אויגן. דאָס איז געווען אין אַ ווינטער־טאָג ווען עס איז פּלוצעם געקומען די ידיעה, אַז יהואש איז געשטאָרבן. פּיעקאַרסקי האָט אונז דערציילט וועגן יהואשס אַרבעט איבערן תנ"ך, וועגן זיינע פאַרדינסטן פאַר יידיש, און זיינע אויגן זיינען פאַרלאָפן מיט טרערן. ער האָט זיך פאַרשעמט און געוואָלט אַרויס פון קלאַס. דאָ איז געשען גאָר אַן אַנדער זאַך. ביי אונז אין קלאַס איז געווען אַ מיידעלע גאָלדע. זי איז געווען אַ לאַכערקע און ווען אַלץ געררעדט מיט אַ פרייילעכער שטים. אַפילו וועגן אַ לוויה. ווען פּיעקאַרסקי האָט זיך אויסגעדרייט צו דער טיר, איז אַן אַנדער לערער אַנגעקומען און גאָלדע איז אים אַנטקעגנגעלאָפן אַנזאָגן די ידיעה וועגן יהואשן ווי איר שטייגער — מיט אַ גדולה:

— איר ווייסט, לערער, יהואש איז געשטאָרבן!

דאָ האָט שוין פּיעקאַרסקי ניט אויסגעהאַלטן. זיין פּנים איז פאַרלאָפן מיט אַ רויטן פלאַם, זיינע הענט האָבן געציטערט און ער האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין שטעקן — אַט־אַט און ער גיט איר מיט אים איבערן קאָפּ.

— אַוועק, דו נאַרישע קאַזע, אַוועק!

לאַנגע יאָרן איז פּיעקאַרסקי געשטאַנען ביי דער שול. פון איר אָנהויב ביז איר סוף. עס איז אַ געשיכטע פון קנאַפּע צוואַנציק יאָר. זיינע בעסטע כוחות האָט ער דער שול אָוועקגעגעבן. ווען די שול איז געווען גרויס און שטאַרק — איז ער אַרומגעגאַנגען אַ גליקלעכער, אַ שטאָלצער, כאָטש הונגעריק און אין צעריסענע שיך. ווען דער פּוילישער קוראַטאָר האָט געשלאָסן די עלטערע צוויי קלאַסן פון דער שול איז פּיעקאַרסקי געוואָרן איינגעבויגן, די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד און עפּעס ביין געוואָרטשעט אין די וואָנצעס אַריין. ער איז געוואָרן סוטולעוואַטע.

איך האָב מיט מיין טייערן לערער געאַרבעט איין יאָר צוזאַמען. ער איז שוין דעמאָלט געווען קראַנק און אַלט. דער שוידער פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אים צעבראָכן מער ווי די זיקנה. עפּעס איז אים ניט קלאָר געווען דער גאַנג פון די געשעעניש. עס איז צופיל, צופיל — האָט ער צו מיר גערעדט — איך פאַרשטיי ניט וואָס עס קומט פאַר. אפשר וועסטו לייזן די אויפגאַבע, מיין זון. איך בין שוין צו אַלט.

עס איז אים שוין צו שווער געווען, מיין גוטן לערער. שווער דער חורבן, וואָס האָט זיך אָנגערוקט מיט גיכע טריט. שווער דאָס דורכגעגאַנגענע אָרעמע לעבן; אויך די אַרבעט אין קלאַס איז שוין געווען איבער זיינע כוחות. די אויגן האָבן ניט געזען, דער מוח האָט שוין פאַרלוירן זיין שאַרפקייט און די וועלט אַרום איז געגאַנגען צו משוגעת.

מיין טייערער לערער! דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען אין בעט. אַ

פינסטער נידעריק שטיבל. זיין גרויער קאפּ איז געלעגן אויף אַ שמוציקן קישן. ער האָט שוין ניט גערעדט. זיינע אויגן האָבן געקוקט אויף מיר, רויטע און פאַרלאָפענע.

ער האָט נאָך גליק געהאַט, מיין לערער שלמה־זלמן. ער איז געשטאָרבן איידער די דייטשן האָבן אומגעבראַכט די יידן פון טריסק. ער האָט גליק געהאַט און ניט געזען ווי די דייטשן האָבן זיין ווייב און קינדער אַריינגעוואָרפן אין גרוב; ווי זיין שיינדעלע האָט אַ האַלב־נאַקעטע זיך געוואָרפן אויפן דייטש, אים געביסן מיט די ציין, געריסן מיט די נעגל.

זיין שיינדעלע איז אויך אַ יידישע לערערין געווען. אַ 19־יאָריקע מיידעלע איז זי געשטאַנען אין איר טאַטנס שול פאַר אַ קלאַס קינדער און געפירט די לעקציע מיט היץ, מיט אימפּעט. זי האָט געלערנט מיט די קינדער, געלערנט אַ סך, אַ סך. ווי איר טאַטע, שלמה־זלמן.

מ. אליצקי

## פישטשאַטשער ־ מאַן, חנה —

אינטעליגענטע און טאַלענטירטע לערערין אינעם ציש״אַ ־ שולוועזן. פּעדאַגאָגישע



פּראַקטיק און טעאָריע האָבן זיך אין איר אַרבעט צונויפגעגאָסן האַרמאָניש. ליבע צום קינד און פעאיקייט צו אָבסערווירן די אינטערעסנוועלט פון קינדער האָבן אָנגעפירט מיט חנהס שולאַרבעט און מיט אירע וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען. מאַמעשע רואיקייט און שטילער פּעדאַגאָגישער טאַקט האָבן באַגלייט איר גאַנצע אַרבעט. זי איז געווען דער שטאָלץ פונעם לערער־סעמינאַר און פונעם גאַנצן דור יונגע לערער־סעמינאַריסטן.

חנה פּישטשאַטשער האָט געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר אין 1928. אויף דעם זעלבן קורס איז געווען און פאַרענדיקט דעם סעמינאַר יצחק מאַן — שפּעטער האָבן זיי חתונה געהאַט. זיי האָבן צוזאַמען געאַרבעט ווי לערערס אין די ציש״אָ־שולן אין פאַרשיידענע שטעט. חנה האָט אויך אַ געוויסע צייט געאַרבעט אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, און פּונקט ווי אין איר שול־אַרבעט האָט זי אויך אין סאַנאַטאָריע געהאַט גרויס דערפאָלג. מיט איר רואיקייט, טאַקטישקייט און ליבע־באַציאונג האָט זי געוואונען די קינדער און זיך גוט אַריינגעפּאַסט אין דער סאַנאַטאָריע־סביבה.

ווען ס׳האָט זיך געשאַפן אין ווילנע די אַספּיראַנטור פון ייוואָ, איז חנה אָנגענומען געוואָרן אַלס אַספּיראַנטין. זי האָט געאַרבעט מיט גרויס דערפאָלג און האָט שפּעטער פאַרעפנטלעכט אין די „ייוואָ־בלעטער” עטלעכע ערנסטע אָפּהאַנדלונגען. „אין 1935 איז זי מיט איר אסתר געקומען קיין ווילנע און געוואָרן אַ טייל פון אינסטיטוט, אַריינגעטאָן אין אַלע זיינע דאגות, גרייט אַרויסצוהעלפן וואו נאָר מען האָט באַדאַרפט. עס איז איר ניט גרינג אָנגעקומען צו אַרבעטן וויסנשאַפטלעך ביי דער קנאַפּער סטיפּענדיע און דערצו נאָך אַכטונג צו געבן אויף איר פּיצעלע קינד. אָבער איר ענטוזיאַזם פאַר וויסנשאַפטלעכער אַרבעט האָט גובר געווען אַלצדינג. זי האָט געשטעלט שטרענגע פאָדערונגען צו יענעם און די שטרענגסטע צו זיך אַליין. זי האָט ניט געקענט פאַרטראָגן קיין פאַלשקייט, קיין אָנשטעל; און איר אויג פאַר מענטשן איז געווען אויסערגעוויינלעך שאַרף. דער־

פֿאַר האָט מען זיך אויף אירע אָבסערוואַציעס געקענט פֿאַרלאָזן; דערפֿאַר האָט איר אַרבעט אויפֿן פֿעלד פֿון קינדער־פּסיכאָלאָגיע צוגעזאָגט גאָר גוטע רעזולטאַטן. זי פֿלעגט קומען אויפֿן זינען צווישן די ערשטע, ווען מען פֿלעגט טראַכטן מיט פֿרייד, אַז נאָך אין צען יאָר אַרום וועט די יונגע גוואַרדיע אַוועקשטעלן די יידישע וויסנשאַפֿט גאָר אויף אַן אַנדער שטייגער" („ייוואָ־בלעטער, „יזכור").

חנה פּישטשאַטשער־מאַן האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין די „ייוואָ־בלעטער" „אַ טאָג־בוך פֿון אַ מוטער"; „130 אינטערוויוען מיט עלטערן וועגן אויסוואַל פֿון אַ שול"; „מאָטיוון ביים אויסקלייבן אַ שול"; „טאָגביכער וועגן קינדער".

די מלחמה האָט איר געטראָפֿן אין ווילנע, ביי דער אַרבעט אין דער אַספּיראַנטור. זי איז אומגעקומען בשעת אַ סעלעקציע, ווייל זי האָט ניט געוואָלט זיך שיידן מיט איר קינד: זי איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף מיידאַנעק. אין ווילנער געטאָ האָט זי געאַרבעט אין דער שול־אָפּטיילונג. זי האָט אָנטיילגענומען אינעם אויפֿשטאַנד־פּרוואוו פֿון דער פּאַרטיזאַנער מחנה אין ווילנער געטאָ.

אין זיין בוך „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן" באַשרייבט ש. קאַטשערגינסקי אַ טראַגישן מאָמענט, אין וועלכן עס פֿיגורירט אויך דער נאָמען פֿון חנה פּישטשאַטשער און איר מיידעלע אסתרל. דאָס איז געווען איינע פֿון די ערשטע אין ווילנער געטאָ שלאַכטן מיטן בלוטיקן שונא. די „פֿאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע" (פֿפּ"אָ) האָט זיך אַריבערגעקליבן אויף סטראַשון־גאַס 6. די נאַציס האָבן געמאַכט אַן אָנפֿאַל אויפֿן נומער 12. ש. קאַטשערגינסקי און זיין גרופּע קעמפֿער איז געווען אינעם הויז נומער 8. זיי האָבן דערוואַרט דעם שונאס אָנפֿאַל אויך אויף זייער הויז. „ס'דערגייען צו אונז טאָג און נאַכט שיסערייען פֿון געטאָ. געשרייען... עס האָבן זיך געמאָלדן צו אונז צענדליקער יידן — יוגנט און דערוואַקסענע, מענער און פֿרויען... זיי, די פּשוטע יידן, האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פֿאַרשיידענע מינים געווער, פֿון אַ רעוואָלווער ביז אַ האַק.

„עס שטייט לעבן מיר די לערערין חנה פּישטשאַטשער־מאַן מיט איר 8־יאָריקער אסתרל. — נו, מאַמע — זאָגט דאָס בלאַסע מיידעלע — נו, מאַמע, שוין?... — ניין, טאָכטערשע — חנה קוקט אויפֿן זייגער — אויב אין 30 מינוט אַרום וועלן זיי נישט קומען אַהער, וועלן מיר נאָך לעבן ביז מאָרגן אינדערפֿרי. — איך בין שוין פֿאַרמאַטערט, מאַמע. — באַלד, באַלד, קינד מיינס".

די קעמפֿער פֿאַרנעמען פּאַסיקע פּאָזיציעס, מע קוקט אויס אויפֿן מאָמענט פֿון נקמה ווען מע וועט פֿון אַלע ווינקלען רעגענען מיט קוילן און גראַנאַטן אויפֿן שונא. עס ציען זיך לאַנגע שרעקלעכע מינוטן.

„— נו, מאַמע, שוין? — הער איך אסתרלס קינדיש קול. — יאָ, קינד מיינס, שוין. האַלט זיך, קינד מיינס, האַלט זיך, אסתרל.

„כ'וויים נישט, צי עס קיילערן זיך טרערן פֿון דער מאַמען. איך שפּיר אָבער, אַז באַלד פּלאַצט פֿון מיר אַרויס אַ טרערן־וואולקאַן. כ'פֿאַרשטעל די אויערן מער נישט צו הערן דעם לעצטן שמועס פֿאַרן טויט פֿון מאַמע און קינד.

„דער שמועס דרינגט מיך אָבער דורך אין די טיפֿסטע אינגעווייטן: — נו, מאַמע, שוין? — בויערט עס ווייטער. — יאָ, קינד מיינס, שוין...

„— זאָל זי אויפֿהערן אַזוי צו רעדן! — פּלאַצט אַרויס מיט אַמאָל אין יאָמער

מיליקאווסקי — איך ווער משוגע!... נעמט צו דאס קינד פון דאנען, א, איך ווער...

„פלוצלינג טוט א ציטער דאס הויז, וואו מיר געפינען זיך. א באמבען־קנאל. אן אויפרייס. — שוין? — שוין, קינד מיינס... שוין".

אבער דאס מאל האבן די קעמפער אויסגעמיטן די סכנה, דערווייל זיינען זיי געבליבן לעבן. „חנה האט גענומען איר אסתסלען אויף דער האנט און זי באקייקלט מיט טרערן־פערל".

## פלודערמאכער, גרשון — געווען

צווישן דער לערערשאפט א גרופע עלטערע חברים, אזעלכע, וועלכע האבן אנגעהויבן דעם גאנג צו דער יידיש־וועלטלעכער שול מיט יארן פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה. די רעזידענץ פון דעם אלטן, געניטן, פארהארטעוועטן דור איז געווען — ווילנע.



דארט איז צווישן דער לערערשאפט געווען א סך מיושבדיקע מענטשן, מיט גרויע קעפ און גרויסער דערפארונג. ליטווישע געזעצטקייט געבונדן מיט א פארבארגענעם פייער.

אין 1918, ווען עס איז פארגעקומען אין ווארשע די ערשטע שול־קאנפערענץ אין זאל פון יידישן ליטעראטן־פאראיין — האט א געוואלטיקן אויפזען ארויסגערופן א גרופע ווילנער דעלעגאטן. חשובע יידן מיט בערד, עלטערע מענטשן. מיר אלע זיינען נאך געווען אזוי יונג, אזוי היציק, אזוי לייכטלויפיק.

צווישן דער ווילנער גרופע האט זיך אויסגעטיילט א הויכער, פעסט־געבויטער מיט א בארד ארומגעזוימטער פנים. געלאסענע באוועגונגען. פאמעלעכע טריט. א סך האבן גוט געוואוסט דעם נאמען. ווייניק האבן אים געקענט פערזענלעך.

גרשון פלודערמאכער...

נאך אין פרימארגן פון אונזער היינטיקן יארהונדערט איז ער — אין די ווענט פון ווילנער לערער־אינסטיטוט — באהאפטן געווארן מיט דער יידישער ארבעטער־באוועגונג, מיטן „בונד" און דורכגעדרונגען געווארן מיטן געזאנג פון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור און בעיקר — יידיש־וועלטלעכער שול.

ער איז ארויס פון אינסטיטוט, אריין אין לעבן, און זיך געלאזן גיין פאמעלעך, מיט מאסיווע טריט צו דער רעאליזירונג פון זיין חלום.

אים איז פרעמד געווען באפליגלטע איילעקייט, ער האט נישט געברענט מיט אן אידייע — ער האט מיט איר געלעבט. אויסגערעכנט, מיט שטייפער עקשנות, גרויסער איבערגעלעגטקייט — געגאנגען צו דער פארווירקלעכונג פון דער אידייע.

די שפיץ־דערגרייכונג איז געווען פאר אים א פול וועלטלעך יידיש קולטור־לעבן. דער וועג האט געפירט דורך דעם סאציאליזם. ער האט אין „בונד" געזען דעם איינציקן דרך צו נאציאנאלער באנייאונג.

ער האט געאטעמט מיט יידיש און יידישער קולטור. דאס איז נישט געווען קיין הייסער אטעם פון א גלויביקן היץ־צושטאנד, אן ליידנשאפטלעכער פארליבטקייט, נאר א נארמאלער געזונטער אטעם פון א מענטשן, וועלכער האט געקענט לעבן נאר אין קלימאט פון יידישער קולטור.

אויך זיין אידעאליזם איז געווען מאדנע זעלבסטפארשטענדלעך. א י ך

וואָלט געזאָגט מאָדנע קאַלט, אַז עקזאַל־
טאַציע, אפילו אַן אומגעדולדיקייט.

ער האָט זיך נישט באַנייסטערט פון
צייטווייליקע נצחונות און איז נישט גע־
ווען דערשלאָגן פון מפּלות.

גרשון פּלודערמאַכער איז געווען אַ
מיטגליד פון דער פאַנטאַסטישער קאָנפע־
רענץ פון יידישע סאָציאַליסטישע לערערס
אין 1907. די קאָנפערענץ האָט זיך, ווי
באַקאַנט, געענדיקט אין דער לוקישקער
תּפיסה. די פּלודערמאַכערס האָבן געקענט
פירן אַ קאָנפערענץ און אָננעמען רעזאָ־
לוציעס אין תּפיסה־קאַמערן.

אָבער — פּלודערמאַכער האָט געהאַט
ממש אַ געצנדינערישע באַציאונג צו
טאַט, צו פאַקטן, נישט צו רעזאָלוציעס.
און זיין לעבן איז געווען פול מיט טאַט...

נישט קיין סך פון זיין דור האָבן גע־
האַט די פעאיקייט אַריינצושפּרינגען אין
דער נייער נאָך־מלחמה־צייט (נאָך דער
מלחמה פון 1914). נייע מענטשן אויפגע־
קומען, נייע מענטאַליטעט, נייע לעבנס־
פאָרמען, אַנדערע צייטן — אַנדערע טעמ־
פעראַמענטן. פּלודערמאַכער איז געבליבן
זיך טריי און דאָך אַזויפיל אַריינגעטראָגן
אין דער נייער ווירקלעכקייט צווישן די
צוויי וועלט־מלחמות. נישט געקוקט אויף
זיין עלטער (ער איז ביים אויסברוך פון
דער היטלער־מלחמה אַלט געווען 63
יאָר), נישט געקוקט אויף זיין שלעכטן
געזונט־צושטאַנד האָט ער פאָטערלעך
געהיט זיין שול — די דבורה קופּערשטיין־
שול אין ווילנע.

עס איז אויסגעבראָכן די גרויסע וועלט־
מלחמה, סעפּטעמבער 1939. מיר ווערן
פאַרוואָרפן קיין ווילנע. אַלץ אַרום איז
צעטרייסלט. די וועלט פיבערט. דער היינט
וואַקלט זיך אונטער די פיס, דער מאָרגן
— פינצטער. מיר פּרוּוון אויפבויען
צוריק די צישאָ. צענדליקער באַראַטונגען.

ווידער אַמאָל טרעפן מיר פּלודערמאַכערן
— ער רופט נישט־פאַרלירן די קעפּ, אין
זינען האָבן איין זאַך — אָפּהיטן די פּאָ־
זיציעס, רופן די קינדער. עס טוישן זיך
די מאַכטן — סאָוועט־רוסלאַנד פאַרנעמט
ווילנע, נאָך אַ קורצער צייט גייט זי
אַרויס, עס קומט ליטע, דאַן ווידער אַמאָל
סאָוועט־רוסלאַנד. אַלע זיינען צעמישט —
פּלודערמאַכער ענדערט זיך נישט. אַביסל
שוין אויפגערודערט, אומעטיק — אָבער
נישט פאַרלאָרן. ער פּאַסט צו די אַרבעט
צו די נייע באַדינגונגען, אָבער ער פּאַסט
זיך, זיינע אידייען, זיין גלויבן נישט צו.
דעם האַרטן יידן וועט קיינער נישט
ברעכן. דווקא אין די געפערלעכסטע צייטן
ווייזן פּלודערמאַכער און זיין פרוי —
זינע — אַרויס די האַרציקסטע באַציאונג
צום „בונד" און צו בונדיסטן. יעמאָלט
אַנטפּלעקט זיך פאַר אַלע וויפל וואַרעמ־
קייט, מענטשלעכקייט, חבֿרישקייט דער
קאַלטער פּלודערמאַכער פאַרמאָגט. אַ
פאַרשטייער פון אַ וואונדערלעכן דור.
וואו קענען דען נאָך קומען אַזעלכע גרשון
פּלודערמאַכערס?

בלייבט צו ביינן דעם קאָפּ און פאַר־
האַלטן דעם שטראָם טרערן, וועלכע רייסן
זיך אַרויס.

ש. מענדעלסאָן

* * *

גרשון פּלודערמאַכער איז געבוירן גע־
וואָרן אין 1876 ביי אַ ווילנער מלמד,
וואָס איז געווען אַ ייד אַ למדן און אַ
ליבהאָבער פון העברעאיש. אַדאַנק טאַקע
זיין פאָטער האָט גרשון פּ. באַקומען אַ
גוטע יידישע דערציאונג, האָט געקענט
גוט תּנ"ך און געווען סאָליד באַהאַוונט
אין העברעאישער ליטעראַטור. ער איז
אַנגעקומען אין יידישן לערער־אינסטי־
טוט, וועלכן ער האָט געדאַרפט ענדיקן

אין 1897 יאר. אבער פסח צייט, מיט א פאר חדשים פארן ענדיקן — ווערט פלודערמאכער צוזאמען מיט א גרויסער צאל יוגנטלעכע ארבעטער ארעסטירט אין ליוואנישקער פארם ביי ווילנע, וואו ס׳איז פארגעשטעלט צום ערשטן מאל אויף יידיש האופטמאנס „וועבער". דאס איז געווען אפשר דער ערשטער, אומלעגאלער גרויסער פראפאגאנדע־אוונט פון דער זיך־ארגאניזירנדיקער יידישער אחבעטער־באוועגונג (בונד).

זייענדיק אין אינסטיטוט — ווערט פ. פארכאפט מיט דער רוסישער אידעאליסטישער ליטעראטור און ווערט א הייסער אנהענגער פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג, וועלכע האט זיך אויף דער יידישער גאס פארקערפערט אין ערב־בונדישע פראפאגאנדע־קרייזלעך און דערנאך אין „בונד" גופא. נאכן ארעסט אין ליוואנישאק פארלירט פ. דאס רעכט צו ווערן א לערער און פארענדיקן דעם אינסטיטוט נאך זיין באפרייאונג פון תפיסה. ער הערט אבער ניט אויף צו זיין טעטיק אין געהיים אין די יידישע ארבעטער־קרייזן אין ווילנע. אין א יאר ארום נאך זיין ארעסט — באקומט ער דאך אן ערלויבעניש צו האלטן עקזאמען ביים לערער־אינסטיטוט אלס עקסטערן און באקומט דעם דיפלאם „לערער פון א יידישער אנפאנג־שול". מען גיט אים א לערערשטעלע אין א קרוין־שול אין ריגע. דארטן ווערט ער א מיטגליד פון ארטיקן בונדישן קאמיטעט. ער ווערט ווידער ארעסטירט אין 1902 און נאך אפזיצן היפשע מאנאטן אין תפיסה ווערט ער פארשיקט אין וויטן מזרח־סיביר (ווילויסק). די פארשיקונג ווערט פאר אים א שול צו פארפולקומען זיך אין טעאריע פון סאציאליזם, ליטעראטור און געשיכטע. ער ווערט אויך באקאנט מיט באדייטנדע רוסישע רעוואלוציאנערן.

אין 1905 ווערט ער אמנעסטירט און קערט זיך אום אין זיין היים־שטאט ווילנע. דא ווארפט ער זיך אריין אין קולטור־ארבעט פאר די יידישע מאסן. ער ארבעט אין דער בארימטער יידישער אוונט־שול פאר דערוואקסענע. אין געהיים ווערט דארטן געלערנט יידיש. פ. צוזאמען מיט אלגינען שטעלן צוזאמען די ערשטע יידישע כרעסטאמאטיע פאר דערוואקסענע („דאס ווארט"), וועלכע האט גרויס דערפאלג און ווערט א האנטבוך פאר ארבעטער.

וואס ווייטער ווערט אלץ פלודערמאכער מער אנגעזען אין די יידישע געזעלשאפטלעכע קרייזן. ער איז איינער פון די ערשטע אדעפטן פאר א גאנצער יידישער שול.

...די בארימטע „בלינדע ליכט־פארשפרייטערין" דבורה קופערשטיין, וועלכע פלעגט אין אויפטראג פון .חברה מפיצי השכלה ארומפארן אינספעקטירן און אינסטרואירן די שולן פון דער געזעלשאפט, האט באשלאסן זיך צו באזעצן אין ווילנע און עפענען דא א גרויסע געזעלשאפטלעכע מיידל־שול פאר דער יידישער ארעמשאפט. זי האט זיך דערשלאגן ביים ווילנער קוראטאר אן ערלויבעניש צו עפענען די געפלאנטע שול מיט א ברייטער פראגראם. אויסארבעטן די פראגראם און ארגאניזירן די שול האט איר געהאלפן גרשון פלודערמאכער. ער האט אבער ניט געקענט זיין קיין אפיציעלער פארוואלטער צוליב זיין „שלעכטער" פאליטישער פארגאנגענהייט. קוים מיט צרות האט מען אים דערלויבט אדאנק טאקע דער ענערגיע פון ד. קופערשטיין צו זיין א לערער אין דער שול אויף „זאקאן באזשי". און ער האט דער ערשטער טאקע איינגעפירט דעם לימוד פון דער יידישער שפראך אויף די שעהן פון רעליגיע. די שול איז געווארן אזוי גיך פאפולער, אז זי איז

געוואָרן די גרעסטע שול אין ווילנע מיט איבערגעפּאַקטע קלאַסן.

אין 1907 האָבן יידישע לערער פון קרוין־שולן און פּריוואַטע שולן אָפּגע־האַלטן אַ געהיימען צוזאַמענפאָר אין וויל־נע. דער צוזאַמענפאָר איז איניציאירט געוואָרן פון די לינקערע עלעמענטן פון דער יידישער לערערשאַפט, וואו פלור־דערמאַכער איז געווען איינער פון די וואָרטזאָגער. דער הויפּטציל פון דער קאָנ־פערענץ איז געווען צו פּראָקלאַמירן אַ יידישע שול מיט יידישער אונטעריכט־שפּראַך. פּאָליציי האָט זיך וועגן דעם צו־זאַמענפאָר דערוואוסט, אים איבערגע־פאַלן, און אַלע אָנטיילנעמער זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן אין דער לוקישקער תפיסה. דאָרטן, אין דער תפיסה־קאַמער האָבן די פירער פון דער יידישער לערער־שאַפט פּראָקלאַמירט „דער צוזאַמענפאָר גייט אָן ווייטער" — און טאַקע אין דער תפיסה איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ דעקלאַראַציע וואָס פאָדערט אַ שולוועזן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, מיט יידיש אַלס אונטעריכט־שפּראַך, אויפן חשבון פון דער מלוכה. פלורערמאַכער איז געווען איינער פון די גייסטיקע פירער פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ.

פלודערמאַכער האָט גענומען אַ טיכ־טיקן אָנטייל אין דער גרינדונג פון דער מפיצי־השכלה־ביבליאָטעק אין ווילנע (1912), ווי אויך אין דער גרינדונג פון דער ווילנער אָפּטיילונג פון דער זעלבער חברה מפ"ה, וואו עס האָבן זיך פאַר דער מלחמה גרופּירט פאָלקס־אינטעלי־גענטן און אַ באַדייטנדער טייל פון רע־וואָלוציאָנערע קולטור־טוער. אין די רייען פון מפ"ה איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַ שטאַרקער קאַמף צווישן יידישיסטן און העברעאיסטן. אויף אַ צוזאַמענפאָר אין פּעטערבורג אַרום 1913 האָט די יידישיס־טישע גרופּע וואָס איינער פון אירע פירער איז געווען גרשון פלודערמאַכער, באַ־קומען אַפילו אַ מערהייט, און יידישע אונטעריכט־שפּראַך איז פון דעמאָלט אָן געוואָרן דער לאָזונג פון דער גרופּע.

פ. איז געווען פערזענלעך פאַרבונדן מיט די פירער פון די נאַציאָנאַלע מינ־דערהייטן אין ווילנע, וועלכע האָבן אויך געקעמפט פאַר נאַציאָנאַלע שולן (פּויל־שע, ליטווישע, ווייס־רוסישע), און דאָס האָט זייער געהאָלפן אַנטוויקלען דעם נאַ־ציאָנאַלן שולוועזן בעת דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע (1915—1918). די יידישע לערער האָבן זיך דעמאָלט בלב ונפש אַ נעם געטאָן צו בויען אַ יידישן שולוועזן. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידישער לערער־פאַריין, וועלכער האָט אויסגעקליבן פ. אַלס פאָרזיצער און פי־רער. אונטער דער לייטונג פון פ., וועל־כער איז איצט געוואָרן דער אָפיציעלער פאַרוואַלטער פון דער דבורה קופּער־שטיין־שול, האָבן געאַרבעט פאַרשיידענע קאָמיסיעס: טערמינאָלאָגישע, פּראָגראַ־מאַטישע, פּעדאַגאָגישע א"אַ. פ. האָט גענומען אָנטייל אין דער פאַרצווייגטער אַרבעט פון דער מפ"ה, אין עפענען שולן, דעם פאָלקס־אוניווערסיטעט, איינאָרדנען פּאַרטראָגן אד"גל. פ. איז אויך אַריין אין קאָאָרדינירקאָמיטעט פון די נאַציאָ־נאַלע מינדערהייטן.

אין 1921 ווערט פ. אַרעסטירט פון דער פּוילישער מאַכט פאַר מיטאַרבעט מיט די „רויטע" וועלכע זיינען געווען אין ווילנע אַ קורצע צייט אין 1919 און אין 1920. פ. זיצט אַ לענגערע צייט. די השתדלות פון ד"ר וויגאָדסקי, הרב רובינשטיין און ד"ר שאַבאַד העלפן אים אַרויסגיין פון תפיסה.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז פ. אָנערקענט אַלס אויטאָריטעט אין אַלע

פראגן פון יידישן שולוועזן. ער האט פיל געשריבן וועגן פארשיידענע פעדאגאגישע שול־פראבלעמען סיי אין דער טעגלעכער פרעסע („ווילנער טאג") סיי אין די פע־דאגאגישע זשורנאלן. ער האט איינצקע פון זיי, וואס זיינען דערשינען אין ווילנע, צוזאמען מיט ז. רייזען רעדאגירט („די נייע שול"). ער איז געווען זייער גוט באהאוונט אין דער וויסנשאפטלעך־פע־דאגאגישער ליטעראטור אין פארשיידענע שפראכן. ער איז געווען לערער אין וויל־נער לערער־סעמינאר פון דער צישא. ער האט אנגעפירט מיט די דערגאנצונגס־קורסן פאר יידישע לערער. ער איז ארויס־געטראטן מיט רעפעראטן אויף אלע לע־רער־צוזאמענפארן. ער איז געווען דער מחבר פון א כרעסטאמאטיע „יידישע גע־שיכטע אין דער יידישער ליטעראטור". ער האט געפירט א קורס פון יידישער ליטעראטור אין ווילנער ארט־טעכניקום. ער האט צוזאמענגעשטעלט עטלעכע פרא־גראמען פארן לימוד פון יידישער שפראך, ייד. ליטעראטור און ייד. געשיכטע. אין יידישן שולוועזן איז געלעגן דער גאנצער אינטערעס פון ג. פלודערמאכער. דאס איז געווען זיין סטיכיע, זיין ליב און לעבן. פ. איז געווען דער דעקאן פון דער יידישער לערערשאפט אין פוילן. ער איז געווען א שטענדיקער מיטגליד פון צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט אין ווילנע און אויך פון דער הויפט־פארוואלטונג פון דער צישא. ער איז געווען איינער פון די איניציאטארן פון ערשטן שול־צוזאמענפאר אין פוילן (1921) — און איינער פון די גרינדער פון דער צענטר. ייד. שול־ארגאניזאציע (צישא). אויפן שול־צוזאמענפאר איז ער געווען איינער פון די פירער פון דער „אומאפהענגיקער פראקציע".

בעת די נאציס האבן געהערשט אין ווילנער געטא, האט ג. פלודערמאכער שוין אין די ערשטע טעג זיך געפילט צעבראכן און מע האט אים אריינגעגעבן אין שפיטאל. די כסדרדיקע הריגות און די געפאר אליין צו ווערן א קרבן האבן פלודערמאכער כסדר פארערגערט זיין געזונט. ער איז נאך לאנגע מאטערנישן געשטארבן פון זיין מאגן־קראנקהייט.

ה. אבראמאוויטש

* * *

די יידישע ווילנע האט ג. פלודער־מאכערן געליבט און געשעצט. זי האט עס ארויסגעוויזן ביי זיין 60־יאריקן יובל אין 1936. עס איז דאן ארגאניזירט גע־ווארן א באנקעט דורכן לערער־פאריין און א צווייטער באנקעט דורכן צ. ב. ק., צ. ע. ק., אביטוריענטן־פארבאנד. דער „ווילנער טאג" האט ארויסגעגעבן א ספעציעלן נומער, ארטיקלען זיינען אויך געווען אין דער ציוניסטישער „צייט" און אין „ליטעראַרישע בלעטער". אויך די צישא האט אים ווארעם באגריסט אין איר ארגאן „שולוועגן". — אין 1937 איז ג. פלודערמאכער געווען איינער פון דער דעלעגאציע, וואס די צישא האט גע־שיקט אויף דער אינטערנאציאנאלער קאנפערענץ פאר פאלקשול און בילדונג אין פאריז (ראזע סימכאוויטש האט דא געלייענט דעם רעפעראט וועגן דער יידיש־וועלטלעכער פאלקשול). אין 1935 האט ג. פלודערמאכער גענומען אנטייל אינעם אלוועלטלעכן צוזאמענפאר פון „ייווא", ער האט געהאלטן א גרויסן רעפעראט וועגן שולוועזן.

ג. פלודערמאכער איז געווען א הייסער ווילנער פאטריאט אינעם בעסטן זינען פון ווארט. ווילנע איז געווען פאר אים דער פרוכטבארער באדן, אויף וועלכן די נייע יידיש־וועלטלעכע קולטור האט זיך געקענט צעבליען. ער איז איינער פון

די שעפער און אידעאָלאָג־פּאַרטיידיקער פון „נוסח ווילנע".

די טאָכטער פון ג. פלודערמאַכער, ס. ווייסבראָט, פּאַריז, האָט אונז צונעשיקט אַ פּעקל בריוו געשריבן דורכן פאָטער אין די ערשטע פּאָר יאָר פונעם היטלער־קריג. מיר גיבן דאָ אויסצוגן פון אַ פּאָר בריוו:

...„עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן ביי אונז די פּרי־פּייערונגען. די התחלה האָט געמאַכט די רעאַל־גימנאַזיע. די שטימונג איז געווען אַ יום־טובדיקע. ווען עס וועלן זיך ענדיקן די באַזונדערע פּייע־רונגען וועט מען צונויפשטעלן איין צענט־ראַלע אימפּרעזע פּאַרן עולם אויך. עס וועט אויך זיין אַ נייס: אין ראַדיאָ וועט זיין אַ ספּעציעלע פּרי־אוידיציע מיט אַן אריינפיר־וואָרט פון פּראָפעסאָר ביר־זשישקאָ, רעקטאָר פון ווילנער אוניווער־סיטעט: דערנאָך וועט רעדן ח' ש. מענ־דעלסאָן. די געוויינלעכע יידישע אוידיציעס קומען פאָר יעדן דאָנערשטיק אָבער זיי זיינען ניט נאָר אינטערעסאַנט — על פּי רוב אַפּיציעלע קאָמוניקאַטן. מיט דער צייט וועט זיך עס איינשטעלן. ביסלעכווייז שטעלט זיך איין דאָס קול־טור־לעבן און זאָל נאָר זיין רואיק אויף דער וועלט, וועט דער קליינער יידישער קיבוץ אין ליטע שפּילן אַ גאָר גרויסע ראָל. די טעג דאַרף אָהער קומען שמעון דובנאָוו, מעגלעך אַז ער וועט דאָ בלייבן אויף שטענדיק".

(בריוו פון 22־טן מערץ 1940)

***

...„פון ערשטן יאַנואַר האָב איך אָנ־געהויבן אַרבעטן אין אַ צווייטער מיטל־שול (געוו. עפּשטיינס גימנאַזיע), האָב איך איצט צוזאַמען 24 שעה אַ וואָך, דאָס איז שוין דער מאַקסימום פון דער אַרבעטס־נאָרמע פאַר מיר. איך בין צו־פרידן און האָף אַז עס וועט זיין גוט. אין דער זעלבער גימנאַזיע וואו איך אַרבעט, איז אַסנע (רויטנשטיין ס. וו.) אויך באַ־שעפטיקט. זי פרעגט זיך אָפט וועגן דיר. אָבער מיר ווערט דאָן אומעטיקלעך, איך וואָלט אַזוי וועלן אַז דו זאָלסט זיין מיט אונז, איך האָף און גלויב שטאַרק אַז מיר וועלן נאָך זיין אַלע צוזאַמען".

(בריוו פון 24־טן יאַנואַר 1941)

***

אין די ייוואָ־בלעטער פון 1947 (באַנד 30, נומ' 1) איז אָפּגעדרוקט אַ פאָטאָ־סטאַט פון דער טרויער־מעלדונג וואָס איז געווען אויסגעקלעפּט אויף די ווענט פון ווילנער געטאָ — וועגן דעם טויט פון גרשון פלודערמאַכער. די מעלדונג לייענט זיך אַזוי:

„מיר מעלדן דער באַפעלקערונג פון ווילנער געטאָ, אַז נעכטן דעם 13־טן נאָוועמבער (1942) איז אין עלטער פון 65 יאָר נאָך אַ קורצער קראַנקהייט גע־שטאָרבן גרשון פלודערמאַכער, איינער פון די ערשטע שעפער פון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור, מיטגרינדער פון יידישן שולוועזן, שריפטשטעלער און פּע־דאַגאָג. אַלס צייכן פון טרויער ווערט היינט פון 12 ביז 3 איבערגעריסן די טע־טיקייט פון אַלע אונזערע אַמטן".

## פלודערמאַכער, זינע (זלאַטע גינזבורג)

— געבוירן אין דווינסק אין יאָר 1882. איר פאָטער איז געווען אַ



סטאָליער. זי לערנט זיך אַביסל פּריוואַט נאָך דער עיקר אַליין. דעם אויטאָדידאַקטישן וויסן דערגאַנצט זי אין די ערשטע „בונדישע" קרייזלעך, וואוהין זי איז גאַנץ יונג אַריינגעטראָטן, אין 1902, אַלס ענטוזיאַסטישע און מוטיקע סאָציאַליסטקע. זי ווערט אַרעסטירט און זיצט אָפּ אַ פּאָר מאָנאַטן אין דער מאָסקווער תפיסה „בוטירקי". נאָך איר באַפרייאונג, פאַרנדיק צו אַ שוועסטער קיין אַמעריקע, פאַרהאַלט זי זיך אין לאָנדאָן, וואו זי ענדיקט (מיט אַ דיפּלאָם) אַ פאַך־שול פאַר שניידעריי און צושניידער. זי בלייבט דריי יאָר אין ניו־יאָרק וואו זי פאַרקערט אין בונדישע קרייזן און אַרבעט אין אַ שאָפּ פון מענערהעמדער (הגם זי האָט אין דער צייט דאָרטן געהאַט 2 פאַרמעגלעכע ברידער — וויל זי זיין זעלבשטענדיק). ווען גרשון פלודערמאַכער ווערט לויט דער אַמנעסטיע פון 1905 באַפרייט פון סיבירער פאַרשיקונג, קערט זיך זינע אום קיין ווילנע כדי צו הייראַטן.

אין 1912 האָט זי ווידער באַזוכט ניו־יאָרק. זי קען זיך אָבער דאָרט ניט באַזעצן, ווייל סיי איר מאַן און סיי איר אַליין איז ווילנע מער צום האַרצן. זי קומט צוריק קיין ווילנע האַרט פאַרן ערשטן וועלט־קריג און ווערט זייער אַקטיוו געזעלשאַפטלעך. זי טרעט אַריין אין דער געזעלשאַפט „קינדער־פאַרזאָרגונג", העלפט פיל אין דער הילפס־אַרבעט פאַר די היימלאָזע און יתומים, זי פאַרנעמט זיך מיטן אָרגאַניזירן די קינדער־קיכן, מיט „באַשפּייזונג", מיט „באַקליידונג". ווען עס גרינדן זיך די ערשטע יידישוועלטלעכע פאָלקשולן „דבורה קופּערשטיין" און שפּעטער „פרוג־שול", ווערט זינע דאָרט לערערין פון האַנט־אַרבעט און נייטעריי.

פאַרמאָגנדיק פיל לעבנס־ענערגיע און אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן, נעמט זי אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער בויאונג פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פאַר די לערער, אין דער אַנטשטייאונג פון די עלטערן־קאָמיטעטן, קינדער־היימען, אָוונט־שולן. זי טרעט אַריין אין דער פאַרוואַלטונג פון לערער־פאַריין. אויף דעם פּאָסטן בלייבט זי ביז אירע לעצטע יאָרן.

לאַנגע יאָרן איז זינע אַ מיטגליד אין דער בונדישער פרויען־אָרגאַניזאַציע „יאַף", וואָס האָט געפירט אַ טעטיקייט צווישן די אַרבעטער־פרויען און געעפנט טאָג־היימען. זי אַרבעט מיט אַקטיוו אין דעם עלטערן־קאָמיטעט פון ס. מ. גורעוויטש־גימנאַזיע, זי העלפט פיל פּראַקטיש אין אַלע „שוואַרצע" אַרבעטן אַרום דער שול א. נ. פון „דבורה קופּערשטיין". חוץ איר שול־אַרבעט און פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט, געפינט זי צייט זיך צו פאַרנעמען מיט אַרויסהעלפן חברים־לערער ווען זיי געפינען זיך אין אַן עת־צרה.

ווען עס איז געשאַפן געוואָרן אין ווילנע, אונטער דער ליטונג פון איטע לעווין די „שול פאַר ספּעציעלער דערציאונג" — פאַרנעמט זינע דאָרט דעם פּלאַץ פון לערערין־אינסטרוקטאָרין פון נייטעריי און צושניידעריי. כדי די קינדער וועלכע זיינען געווען באַעוולט פון גורל, זאָלן האָבן די מעגלעכקייט זיך אויסצולערנען אַ פאַך, האָט מען אָנגעהויבן דעם לימוד פון ערשטן קלאַס אָן. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע. דער עלעמענט קינדער — אַ קאָמפּליצירטער און אָפּגעשטאַנענער. זינע קאַרגט ניט קיין מי, פאַרבעט די קינדער צו זיך

אהיים, וואו זי פלעגט שעהנלאנג מיט זיי אפזיצן כדי זיי אויסצולערנען שטעפן אויף דער מאשין. אבער איר סאטיספאקציע איז געווען גרויס, ווען מען האט דערלעבט צום ערשטן ארויסלאז פון דער שול: די קינדער האבן ניט נאר געהאט א ביסל וויסן, נאר א פאך אין האנט!

אין דעם צייט־פעריאד 1939 - 1941 האט זינע פארגעזעצט די ארבעט אין די שולן.

אלע געדענקען איר מוטיקן ארויסטריט אויף א פארזאמלונג פון די פראפעסיאנעלע פאריינען גערופן פון דער ראטנמאכט (1940). מען האט אנגעהויבן זאגן דעם עולם, אז „די צייטן בייטן זיך" א. א. וו. אלע זיינען געזעסן און געשוויגן, מורא געהאט די פארע צו לאזן. נעמט זינע א ווארט און זאגט: „פאר די אלע שיינע רעדעס און טעאריעס ווילן מיר וויסן וואו איז זשעלעזניקאוו און אננע ראזענטאל? און די אנדערע פארשוואונדענע קולטור־טוער? — מיינט איר, אז מיר ווייסן ניט!" א.א.וו. די נאענטע שכנים האבן זי געבעטן אויפהערן רעדן, אבער זי האט איר רעדע פארענדיקט ביזן סוף. אלע זיינען געווען זיכער, אז מען וועט זי גלייך צונעמען, — אבער מען האט זי דאן געלאזט צורו.

רירנד איז געווען, ווי אזוי זינע פלודערמאכער האט געזארגט וועגן שלמה מענדעלסאן, ווען ער איז צוליב דער סכנה פון ארעסט — אונטערן סאוועטישן רעזשים — געזעסן פארשטעקט אין וואוינונג פון א ווילנער ציוניסטישער פאמיליע, קראנק און אויסגעמאטערט. יעדן טאג האט זינע אים באזארגט ווייסע ברויט און אנדערע לעבנסמיטלען, ווייל „ח' מענדעלסאן ליידט אויפן לעבער און מוז צו זיך קומען פון זיין „שפאציר" ווארשע־ווילנע".

לאנגע יארן האט זינע געליטן אויף גאל־שטיינער. אין 1941 ליגט זי א לאנגע צייט צוגעשמידט צום בעט. קראנקערהייט ווערט זינע אריינגעטריבן אין געטא־גיהנום. זי האלט אויס אין דעם גיהנום ביזן טראגישן סוף — אין דער גרעסטער נויט, ביי די גרעסטע מאראלישע יסורים. זינע האלט אויס אפילו נאכן טויט פון גרשון פלודערמאכער, וועמען זי האט א לעבן־לאנג געטריי באגלייט און געהאלפן מיט אלע אירע קרעפטן, כדי צו פארווירקלעכן דעם אידעאל וואס האט פאר זיי ביידן געלויכטן: די מאדערנע יידיש־וועלטלעכע שול.

צוזאמען מיט דער לעצטער עדה פון די ווילנער יידן ווערט זינע דעפארטירט דעם 23־טן סעפטעמבער 1943.

הירש אבראמאוויטש, אין אן אפהאנדלונג וועגן זינע פלודערמאכער, שרייבט:

„זינע איז געווען א בונדיסטין. איר לעבנס־אינטערעס איז געווען די יידישע שול געבויט אויף יסודות פון דעמאקראטישקייט. זי איז געווען א שארפע קעגנערין פון קאמוניסטן־לערער אין פארוואלטונג, וואס האבן נאר געוואלט שפאלטן די איינהייטלעכקייט פון ציש"א און לערער־פאריין. זי איז געווען א שארפזיניקע פאלעמיסטין. זי האט נישט דורכגעלאזן קיין געלעגנהייט ארויסצוטרעטן אויף פארזאמלונגען פון גרויסע ארגאניזאציעס ווען עס האט זיך געהאנדלט וועגן לעבעדיקע אינטערעסן פון דער יידישער שול. אירע ארויסטרעטונגען האבן געצויגן אויף זיך אלעמענס אויפמערזאמקייט מיט זייער עקספרעסיע און שניידיקייט.

זינע פלודערמאכער איז געווען א גוטע חברטע און בכלל א גוטער מענטש.

וואו א חבר אדער א חברטע איז אריינגעפאלן אין א שארפער נויט, קראנקהייט, אדער פאמיליען־צרות — איז זינע געווען די ערשטע מיט הילף, אפט טראגנדיק געקאכטע טעפלעך מיט נארהאפטע שפייז פאר קראנקע. זי איז שטענדיק געגאנגען אויף די סאמע אומאנגענעמסטע שליחותן, ווען עס האט זיך געהאנדלט וועגן באשיצן די אינטערעסן אדער דעם כבוד פון חברים אין פארשידענע געזעלשאפטלעכע ארגאניזאציעס. זי איז געווען דער ראש־המדברים אין די אלע דעלעגאציעס.

זינעס דרייסטקייט און זעלבטאפפערונג פאר א געזעלשאפטלעכן ענין האבן אלע באוואונדערט. זי האט געשניטן דעם אמת, וואס פארא אומאנגענעמע פאלגן עס זאלן פאר איר פון דעם נישט ארויסקומען.

איך דערמאן זיך אזא עפיזאד פון 1920: די רויטע ארמיי האט דעמאלט באהערשט ווילנע. משה ראפעס, דער באלשעוויסטישער קאמיסאר פון ווילנע, האט געוואלט אפרייסן ווילנע פון ליטע און אונטערטראגן דעם קרעמל א סאוויעטישע ליטע. צווישן אלע זיינע מאסמיטלען אין דעם פרט איז געווען אפשטעלן דעם „ווילנער טאג" (רעדאקטאר ז. רייזען). „ווילנער טאג" איז געווען איינער פון די ראדיקאלסטע יידישע פרעסע־ארגאנען, געווען אפילו אפט פראסאוויעטיש. אבער ער איז געווען אויסגעהאלטן פאר דעם יידישן שולוועזן, „נוסח ווילנע". דער „ווילנער טאג" האט אפגעדרוקט ארטיקלען פון אנגעזעענע פעדאגאגן און שול־טוער איבער שול־ און קולטור־פראגן. דאס שליסן פון דעם פאפולערן צווישן די יידישע מאסן „טאג" האט שטארק אויפגערעגט די יידישע לערערשאפט און בכלל די יידישע באפעלקערונג. די קולטור־טוער און לערער האבן צונויפגערופן אין צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט א פראטעסט־פארזאמלונג. דעם שרייבער פון די שורות האט מען אויסגעקליבן פאר דעם פארזיצער. דער לעצטער האט געעפנט די פארזאמלונג און געמאלדן דעם סדר־היום: פראטעסט א"א. ער האט גערופן ארויסצוזאגן זיך וועגן עצם ענין. קיינער נעמט נישט קיין ווארט. מען האט מורא פאר קאנסעקווענצן. מען ווייסט דאך וואס ס'מיינט „רעוואלוציאנעל" „אפאזיציע", אין בעסטן פאל תפיסה, פארשיקונג, קיין שפייז־קארטן אד"גל. דאן גייט זינע צו צו דער טריבונע די ערשטע. זי האט אנגעהויבן: „אט אזוי באפרייט אונז די סאוועטישע מאכט, פארמאכנדיק אונז דאס מויל, נישט לאזנדיק אונז ארומריידן אין אונזער באליבטער פרעסע, שול און קולטור־פראגן. זי שניידט אויס ביי אונז די צונג אא"וו. מיר פאדערן צו עפענען דעם „ווילנער טאג"! א שאנדע אונטערצודריקן דעם פרייען ווארט!"

דערנאך האבן זיך שוין געמאלדן אויך א פאר אנדערע רעדנער. אבער אין א וויים־רואיקערן טאן. מען האט אנגענומען די פראטעסט־רעזאלוציע. דעם „טאג" האט די מאכט אבער נישט געעפנט. מען האט מורא געהאט פאר רעפרעסיעס קעגן די רעדנער. איבערהויפט האט זינען געדראט א געפאר. אבער די רויטע האבן גאר אינגיכן געמוזט בחפזון פארלאזן ווילנע.

זינע איז אומגעקומען צוזאמען מיט א גרויסן טייל פון ווילנער יידישע פרויען, קינדער און זקנים בעת דער ליקווידאציע פון געטא. מען ווייס אפילו נישט, צי אין אוישוויץ, צי אין טרעבלינקע. די פארמשפטע צום אומקום האבן נאך געמוזט א פאר טעג זיצן אונטער א נישט אויפהערנדיקן קאלטן רעגן אין די בלא־

טיקע לאַנקעס פון סובאַטש קלויסטערס, דאָרט האָט מען זינען געזען אין ווילנע צום לעצטן מאָל. זי האָט געפּרואווט העלפן שוואַכערע פון איר.״

**פּעט, בערל** — ניט מיט קיין גרינג האַרץ שרייב איך די פּאָר ביאָגראַפישע נאָטיצן וועגן מיין ברודער — וואָס די דייטשע מערדער האָבן אומגעבראַכט — אויך זיין פרוי און טעכטערל. ער איז געבוירן אין 1908 אינעם שטעטעלע וואָלפּ, גראָדנער געגנט. זיין דערציאונג באַקומען אין דער היים ביי מיין פאָטער ר׳ יעקב דוד, אַ גרויסער למדן, ער האָט מיט אים געלערנט חומש, תנ״ך, גמרא מיט אַלע מפרשים. אויך געלערנט באַ נאָך מלמדים און לערער אין שטעטל. בערל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס פלייסיקייט, זעלטענעם זכרון און שאַרפן קאָפּ. ספּעציעל זיך אויסגעצייכנט אין מאַטעמאַטיק. ער איז געווען אַ שטילער באַשיידענער און זעלטן־ערלעכער ייִנגל. האָט זיך געהאַדעוועט אין דער וואָרע־מער היים פון מיין ליבער, זייער שיינער און קלוגער מאַמע חווה, — די גינציקע און איבערגעגעבענע וואָס האָט באַ־שיצט אירע קינדער ווי אַן אָדלער.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1920, האָב איך אַוועקגעפירט מיין ברו־דער בערל קיין ווילנע. מיר זיינען ביידע אַרומגעגאַנגען זיך האַלטנדיק פאַר די הענט אין דער פרעמדער שטאָט. מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט איז דאָרט געווען מיט דער זעלטענער פרוי די שרייבערין, דערציערין און פּעדאַגאָג חיימסאָן, באַ־סטאַמסקים פרוי, — און אויף אירע הענט האָב איך איבערגעלאָזן מיין ברו־דער. אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. דאָרט זיך אַרומגעוואַלגערט אַ האַלב יאָר, ביז דער לאַנגער וועג האָט מיך דערפירט צו די אַמעריקאַנער ברעגן. פון דעמאָלט זיינען שוין מיינע פאַרבינדונגען מיט מיין ברו־דער בערל געוואָרן פּאַפּירענע... בערל האָט געענדיקט ווילנער לערער־סעמינאַר מיט גרויסע אויסצייכענונגען. ער האָט פּראַקטיצירט לערעריי אין לונע, וואָלפּ. געווען אַ גוטער רעדנער, אויך אַרטיס־טישע פייאיקייטן אַרויסגעוויזן. געשריבן און פאַרעפנטלעכט פילאָלאָגישע אַרבעטן אין וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן.

די דייטשע מערדער האָבן אים אומ־געמראַכט אין אָנפאַנג קאַד פון זיין לעבן.

ח י י ם   פּ ע ט

**פּעליער, בער** — האָט געענדיקט ווילנער לערער־אינסטיטוט אין 1909 און אָנגעהויבן זיין לערערישע קאַריערע אין דער מלוכהשער „קרוין־שול״ אין סמאַר־גאָן.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין ערשטן וועלט־קריג איז ער צוגעשטאַנען צו דער גרופּע ייִדישע לערער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן בויען די נייע וועלט־לעכע שול אין דער ייִדישער שפּראַך. אַ געוויסע צייט איז ער אפילו געווען פאַרוואַלטער פון דער לייזער גורוויטש־שול אין ווילנע. שפּעטער אָבער האָט ער, צוזאַמען מיט אַנדערע לערער, גע־שאַפן אַ פּריוואַטע שול, וועלכע איז לכתחילה געפירט געוואָרן אין ייִדיש, אָבער במשך פון אַ פּאָר יאָר איז זי פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַ פּויליש־ייִדישער גימנאַזיע.

אומגעקומען איז בער פּעליער — אויף פּאָנאַר אין 1941.

**פּערטשיקאָוו־דובניקאָוו, גניע** — געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1903. איר פאָטער איז געווען אַ זייגער־



מאכער און האט זיך באמיט צו געבן זיינע קינדער א סיסטעמאטישע בילדונג. די נויט־יארן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האבן אין א געוויסער מאס געשטערט געניען צו דערגרייכן איר בילדונגס־ציל, און נאר א דאנק איר שטארקער ענערגיע האט זיך איר איינגעגעבן צו מאכן מאטורע.

אין דער צייט ווען זי האט געלערנט ביז שפעט ביינאכט, פארגעסט זי נישט וועגן אירע יינגערע שוועסטער וועלכע דארפן שוין אויך גיין אין גימנאזיע. זי לערנט זיי און יאגט נאך דעם פראגראם פון גימנאזיע. זי טוט דאס מיט ליבשאפט און גוטמוטיקייט. די יינגערע שוועסטערן און ברודער האבן איר שטארק ליב און זיינען מיט איר זייער שטאלץ.

אין דער זעלבער צייט פארנעמט זי זיך מיט געבן לעקציעס פאר יינגערע קינדער, און זי ווייסט שוין דעמאלט אז דאס וועט זיין איר בארוף. אין יאר 1921 האט זי אנגעהויבן ארבעטן אויף אוונט־קורסן פאר יידישע יוגנטלעכע ארבעטער אין ווארשע, און נאך דעם ווי זי האט פארענדיקט דעם ווארשעווער לערער־סעמינאר פון „צישא", איז זי געווארן א לערערין אין די שולן.

אנגעהויבן צו ארבעטן אין קרינקי, איז זי שפעטער אריבער קיין פיעטריקאוו, זדונסקע־וואלע און לסוף קיין ווארשע, וואו זי איז פארבליבן ארבעטן אין די „צישא"־שולן דזיקע 6, קארמעליצקע 29 און נאוואליפקי 68 ביז צום שרעקלעכן 1־טן סעפטעמבער 1939.

פון ערשטן טאג פון דער מלחמה הערט זי נישט אויף צו ליידן קעלט און הונגער. די זאווערוכע האט איר צוזאמען מיט איר מאן הערצל דובניקאוו און 9־יאריקן זון מאיום דורך פארשידענע שטעט און שטעטלעך פארטריבן קיין דובנא (וואלין). דארט האט זי ווידער אנגעהויבן צו ארבעטן אין א שול, אבער נאר א קורצע צייט. זי איז ווארשיינלעך אומגעקומען אין 1943 צוזאמען מיט אלע יידן פון דובנא בעת דער אויסראטונג, דורכגעפירט דורך די דייטשן.

געניע פערטשיקאוו מיט איר סובטעלקייט האט אלעמאל צוגעגעבן מוט צום לערנען די פריצייטיק פארהארעוועטע יוגנטלעכע און אריינגעפירט זיי אין א נייע וועלט פון וויסן, שיינקייט און גערעכטיקייט. געניע פערטשיקאוו איז געווען א פרעכטיקער אידעאליסטישער טיפ — וואס האט טראץ איר שווער לעבן, און ביז דער לעצטער מינוט געגלויבט אין א בעסערן און שענערן מארגן.

געניע פערטשיקאוו איז געווען אלע יארן א מיטגליד פון „בונד" און פון פראפעסיאנעלן פאריין פון לערער אין די יידישע פאלקשולן. זי האט זיך באטייליקט אין די לערער־קאנפערענצן, ארגאניזירטע דורך דער „צישא" און האט געארבעט ביים צוגרייטן די שלום־עליכם־אויסשטעלונג.

ר. קלעפפיש

## פערלמאַן, ירוחם (לייבל) —

געבוירן אין 1897, געלערנט אין טעלזער ישיבה, געענדיקט אין מינסק בייקינס רעאל־שול און שטודירט אין ווארשעווער אוניווערסיטעט. געווען אין ווילנע א לערער אין א יידישער און העברעאישער גימנאזיע, אויך מיטגעארבעט אין לערער־סעמינאר. זיך פארנומען אויך מיט לי־

טעראַרישער אַרבעט. דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן אין די ערשטע טעג פון פאַרכאַפּן ווילנע, — איינער פון די הונדערטער יידישע אינטעליגענטן וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין פּאָנאַר לעבן ווילנע.

## פערסקי, אלטער

— שטאַמט פון ליובטש. יאָרן לאַנג געווען לערער פון יידישער שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע אין די ציש״א־שולן פון זשעטל, פּאַסטאַוו א״א. געווען א גוטער רעדנער און פלעגט אַרומפאָרן מיט רעפעראַטן איבער דער ווילנער פּראָווינץ. אומגעקומען איז ער אין ביאַליסטאָק.

## פּראָפּיטקער, רבקה

— געבוירן אין ביאַליסטאָק אין 1905 ביי פּראָלעטאַרישע עלטערן. אין 1917 טרעט זי אַריין אין דער ערשטער ביאַליסטאָקער יידיש־וועלטלעכער שול („יוגנט־פאַריין״) און ענדיקט זי אין 1920 (דער צווייטער אַרויסלאָז פון דער שול). אין 1921 קומט זי אָן אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאַר. זי געהערט צו דער גרופּע יינגערע סעמינאַריסטן פון ערשטן קורס, זי גיט זיך גוט אַן עצה מיט אַלע לימודים, זי צייכנט זיך אויס מיט איר גראָדן שכל און מיט אַן עקשנותדיקער אַנטשלאָסנקייט דורכצוברעכן אַלע שוועריקייטן. זי קריגט איר לערער־דיפּלאָם אין יאַנואַר 1926 צוזאַמען מיט די איבעריקע סעמינאַריסטן פון ערשטן קורס.

זי הייבט אָן אַרבעטן אַלס לערערין אין דער יידיש־וועלטלעכער שול, אָבער נאָך עטלעכע יאָר אַרבעט אין שול באַשליסט זי זיך ווייטער צו לערנען. זי האָט אינטערעס צו מאַטעמאַטיק און כעמיע. זי באַשליסט פאַרצוזעצן איר בילדונג אין ווילנער אוניווערסיטעט.

אָבער כדי אַריינצוטרעטן אין אוניווערסיטעט מוז מען האָבן אַ „מאַטורע״ פון פּוילישער גימנאַזיע. דאָס איז ניט קיין גרויסע מניעה פאַר רבקה פּראָפּיטקער. זי רייסט איבער די אַרבעט אין שול און טרעט אַריין אין אַכטן קלאַס פון אַ פּוילישער גימנאַזיע אין ווילנע. איר אינטערעסירט ניט, וואָס אַלע אַנדערע שילער פון קלאַס זיינען יינגער פון איר און מיט גאָר־אַן אַנדער מענטאַליטעט. זי האָט פאַר זיך איין ציל — זי דאַרף באַקומען אַ „מאַטורע״, מוז זי צייטווייליק אויסשטיין געוויסע „אומבאַקוועמלעכקייטן״. צום סוף לערניאָר באַקומט זי די „מאַטורע״.

דער וועג צום אוניווערסיטעט איז איצט פאַר איר אָפן. אמת זי האָט איצט פינאַנסיעלע שוועריקייטן, אָבער דער ווילן צום לערנען זיך ווייטער איז שטאַרקער, און זי גיט זיך אַן עצה אויך מיט דעם פּראָבלעם. אויף לעבנס־מיטלען דאַרף רבקה פּראָפּיטקער קיין סך ניט האָבן, זי קען אויסקומען מיט אַ מינימום, דער עיקר איז דער אַפּצאָל פאַרן אוניווערסיטעט. אַ ביסל הילף וועט זי באַקומען פון דער היים, און דאָס איבעריקע וועט זי פאַרדינען פון טיילווייזער אַרבעט אין שול. אַט אַזוי ווערט איר פּלאַן צום שטודירן ווייטער רעאַליזירט. אין 1934 טרעט רבקה פּראָפּיטקער אַריין אויפן כעמיע־פאַקולטעט פון ווילנער אוניווערסיטעט, און איינצייטיק נעמט זי איבער די פולע אַרבעט אין אַ צווייטן קלאַס אין דער ד. קופּערשטיין־שול.

דער פּוילישער שול־אינספּעקטאָר וויזיטירט ר. פּראָפּיטקערס קלאַס אויף דער לעקציע פון פּויליש. זיי גייט אַרויס פון דער וויזיטאַציע געמוטיקט און געשטאַרקט: דער אינספּעקטאָר האָט שטאַרק געלויבט איר אַרבעט.

ווען די וועלט־מלחמה בהעכט אוים, איז רבקה פּראַפּיטקער אויפן דריטן קורס אין אוניווערסיטעט. ענדיקן איז איר שוין ניט באַשערט געווען...

רבקה פּראַפּיטקער האָט געהערט צום „בונד". אין איינקלאַנג מיט דער געזונטער גראַדליניקייט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאר ר. פּראַפּיטקער, איז זי זייער אַ דיסציפּלינירטע און איבערגעגעבענע בונדיסטקע. זי גלויבט אין דער אידעע פון „בונד" מיט ברען און פייער, זי פירט אַן מיט „סקיף־גרופּן".

ווען די רויטע אַרמיי פאַרנעמט ווילנע אין 1939, געפינט רבקה מער ניט קיין לופט צום אָטעמען, זי פילט, אַז זי קען מער אין ווילנע ניט פאַרבלייבן, און זי קומט צוריק אין איר היים־שטאָט ביאַליסטאָק. דאָ איז זי אומגעקומען אין דער צייט פון געטאָ.

פּ. מעלאַמדאַוויטש

## פּרעס, ציפּע

**פּרעס, ציפּע** — געווען אַ ספּעציאַליסטין פון די ערשטע קלאַסן. זי האָט לאַנג געאַרבעט אין דער סאַמע אָרעמסטער שול פון ווילנע, אין דער לייזער - גורוויטש - שול. אליין זייער אַן עלנטער מענטש, האָט זי פאַרמאָגט אַ סך ליבע און איבערגעגעבנקייט פאַר די יונגענקע קינדערלעך.



אָבער אירע געפילן זיינען ניט געווען צו סענטימענטאַל. איר באַציונג צום קינד איז געווען אַן ערנסטע און „זאַכלעכע". זי האָט געלייגט זייער פיל אַכט אויף דער היגיענע פון די אָרעמע פּיצעלעך, וואָס פלעגן אָפט קומען אין שול ניט פאַרקעמט אָדער ניט אָפּגעוואַשן. ביי איר אין קלאַס איז געווען זייער ריין, די העפטן פון די קינדער מוסטערהאַפט אין אָרדענונג. זי האָט געגעבן אירע קינדער דעם מאַקסימום פון דעם וואָס אַ לערער קען און דאַרף געבן: ליבע, אויפמערקזאַמקייט צום קינדס פאַרלאַנגען, געוואוינהייט צו אָרדענונג, פרייד און שפּיל. אָבער אַלץ איז געווען אַזוי געמאָסטן און געוואויגן. זי האָט זעלטן געשריגן. איר טאָן צו די קינדער איז געווען אַ שטילער און ערנסטער. די דיסציפּלין אַ וואונדערבאַרע. איר שמייכל אָדער סאַטיספאַקציע זיינען געווען האַלב פאַרבאָרגן. זי האָט געזאָרגט און פאַרזאָרגט דעם קלאַס אַלס אַ גאַנצן און יעדער קינד באַזונדער — מיט דאָס בעסטע און דאָס נויטיקסטע סיי אין מאַטעריעלן און סיי אין גייסטיקן זין.

עס איז אַרומגעגאַנגען אַ וויץ אין ווילנע: ווען מען האָט געפרעגט אַ קליין קינד — „דו קענסט שוין לייענען?" — יאָ, פלעגט דאָס קינד ענטפערן, ציפּע פּרעס! — נו, אין אַן אַנדער ביכל? — ניין, נאָר ציפּע פּרעס!

דאָס ביכל פאַר אָנפאַנגער פון ציפּע פּרעס האָט געהאַט זייער פיל דערפאָלג אין אונזערע פאָלקשולן. עס האָט אויסגעהאַלטן 13 אויפלאַגעס און געווען אילוסטרירט פונעם קינסטלער חיים האַנפּט („מיין ביכל").

אין ווילנע האָט צ. פּרעס זיך געחברט מיט די שוועסטער סאַלאַמאָנאָווא, בונדיסטינס. זי איז געווען אַ מיטגליד פון דער פרויען־אָרגאַניזאַציע „יאָף". אָבער דער גאַנצער אינטערעס פון איר לעבן איז געווען די שול און די קינדער.

סאָניע ווייסבראָט

***

ציפּע פּרעס האָט געהערט צום טיפּ לערערינס, פאַר וועמען די שול איז געווען

זייער היים, זייער פאמיליע און זייער ארבעטספעלד. אין די פרייע שעהן פון לערנען איז זי שטענדיק געווען ארומגע־רינגלט מיט די קינדער פון איר קלאס, וועלכע פלעגן זיך מיט אלץ ווענדן צו איר ווי צו א מאמען. אין קלאס האבן זיך די קינדער ביי איר געהאלטן מער היים־ארטיק ווי שול־מעסיק. זי האט גע־לייגט אכט נישט אויף דער פארמעלער דיסציפלין, נאר הויפטזעכלעך אויף דעם צו וועקן און ארויסרופן ביי די קינדער אינטערעס צו אלץ וואס ווערט געטאן אין קלאס. זי האט געזוכט אלע וועגן און אופנים, ווי לעבעדיק צו מאכן יעדן שריט אין דער ארבעט אין קלאס.

צ. פרעס האט זיך שטענדיק געהאלטן ביים ערשטן קלאס און נישט געוואלט גיין פארויס מיט אירע קינדער. זי האט געזוכט צו ספעציאליזירן זיך און אויס־געפינען דעם לייכטסטן אופן און דעם צוגענגלעכסטן מעטאד פון אויסלערנען די קינדהער לייענען און שרייבן. זי האט שטענדיק געפארשט און עקספערימענ־טירט, זיך קאנטראלירט צי זי גייט אויפן ריכטיקן וועג. זי האט געלערנט די קינ־דער לייענען און שרייבן און אויך דעם אנפאנג פון רעכענען — דורך שפיל, דורך מעשהלעך און דורך אקטיווקייט פון די קינדער. אויף קאנפערענצן פון לערער פון די ערשטע קלאסן פלעגט צ. פרעס רעפערירן און דערציילן וועגן אירע דער־פארונגען; זי האט באוואויזן אויך אנ־דערע לערער צו טיילן זיך מיט זייער פראקטיק. אלס רעזולטאט פון אירע עק־ספערימענטן און זוכענישן האט זי בא־ארבעט און ארויסגעגעבן איר לערנביכל פארן ערשטן לערניאר.

זי האט געשטאמט פון פרוזשאני, און במשך פון לאנגע יארן האט זי געארבעט אין די צישא־שולן פון ביאליסטאק, ווילנע און ווארשע. לערעריי איז געווען איר לעבנס־באשטימונג, דער פעדאגאגישער ארבעט האט זי אפגעגעבן אלע אירע כוחות. איר גורל בעת דער היטלער־מל־חמה איז אומבאקאנט.

ש. גילינסקי

## פאלמאן־עדעלסבורג, פאליע

— געבוירן אין ווארשע ארום 1895, אין אן אנגעזעענער פארמעגלעכער פא־מיליע. געענדיקט דעם ווילנער אוניווער־סיטעט — און אין ווארשע געווארן א באקאנטע קינדער־דאקטארין. געארבעט דא אין די אנשטאלטן פון „טאז" און אין די צישא־שולן. אין איר ארבעט האט זי ארויסגעוויזן אויסערגעוויינטלעכן אינטע־רעס צו יעדן קינד און צו זיינע עלטערן. געווען איבערגעגעבן דעם שולוועזן פון צישא, געווען אין שטענדיקער פארבינ־דונג מיט דער לערערשאפט. אין איר גאנ־צן פארהאלטן זיך און בפרט אין איר מעדיצינישער ארבעט איז געווען א סך צארטקייט און גוטהארציקייט, ווי אויך ערנסטע באציונג צו אירע פליכטן. אליין א סימפאטיקערין פון די לינקע פוע"צ, האט זי געהאט א אידעאליסטישע באציונג צו די שולן און האט איר איינציק קינד אפגעגעבן אין דער י. כמורנער־שול אויף קראכמאלנע. זי איז געווען אויפריכטיק און קאנסעקווענט אין איר באציונג צו דער יידיש־וועלטלעכער שול, פונקט ווי זי איז געווען חבריש און אמתער פריינד צו אלע לערער.

ד"ר פאלמאן־עדעלסבורג איז אומגע־קומען אין ווארשע דורך די דייטשע מערדער — צוזאמען מיט איר קינד.

## פייגענבוים־קאפינסקי, טערע־ניע

— א פיאניסטין אין טשענסטאכאוו. אין די צייטן פון דער „לירא" און „יידי־שע ליטעראַרישע געזעלשאפט" (1910־

1914) איז זי דא געווארן נאענט מיט דער יידיש־קולטורעלער סביבה. זי איז געווען ווי פון גאט אליין געשיקט אין ערשטן י. ל. פרץ קינדער־היים אויף קרוטקי 17 אין טשענסטאכאוו, וואס איז געגרינדעט געווארן אין 1915. די קינדער האבן זי גערופן „טערעניעלע". די טענץ און געזאנג זיינען געווען די נשמה פון קינדערהיים, און טעראניע די פיאניסטין איז געווען די שענסטע טייל פון דער קינדער־וועלט. איר שפילן האט באגלייט די קינדער פון קינדערהיים ביז די העכערע קלאסן פון י. ל. פרץ פאלקשול.

זי האט חתונה געהאט מיט משה קאפינסקי און אין די יארן פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז זי געווען טעטיק אין פרויען־קאמיטעט צו שטיצן דעם קינדערהיים.

וועגן דער טראגעדיע פון טערעניע קאפינסקי בשעתן נאצישן אנפאל אויף פוילן דערציילט ד"ר יוסף קרוק אין זיין ארטיקל „דער סוף" אין בוך „טשענסטאכאווער יידן": „ווען די דייטשישע עראפלאנען האבן באמבארדירט אטוואצק, איז צו דער קליינער ווילע, וואו מיר האבן געוואוינט, צוגעלאפן פרוי טערעניע קאפינסקי און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן מיין פרוי אלס דאקטארין צו ראטעווען איר שווער־קראנק קינד. זי איז צוזאמען מיט אנדערע אנטלאפן פון טשענסטאכאוו קיין ווארשע. פון ווארשע קיין אטוואצק". אבער דער דייטשישער מלאך המות האט איר מיט איר קינד נאכגעיאגט אין אטוואצק.

זי, איר מאן און קינד זיינען אומגעקומען דורך די נאצישע מערדער.

**פיין, אפרים** — האט געהערט צום העכערן טיפ פון לערער־ספעציאליסטן פאר מיטל־שולן. ער איז געווען אין די 1920



יארן לערער פון מאטעמאטיק אין דער רעאל־גימנאזיע פון צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט אין ווילנע. לויטן בארוף איז ער געווען א קוואליפיצירטער אינזשעניער (געענדיקט דעם יעקאטערינאסלאווער בארג־אינסטיטוט). אין יעקאטערינאסלאוו איז ער געווען לערער אין דער גימנאזיע פון פ. קאגאן, וואס האט זיך אין 1915 עוואקואירט אהין פון ווילנע.

אויסגעוואקסן און דערצויגן אין אוקראינע איז אבער פיין געווען, ווי אפט דער דאמאלסדיקער שטייגער ביי יידן, א נכתב ערגעץ אין א שטעטל פון ווילנער פראווינץ, און דאס האט גורם געווען, אז ער זאל זיך „רעעוואקואירן" אין זיין „היימלאנד" פוילן. אבער די דאזיקע היימלאנד האט נישט צו אפן אויסגעשטרעקט אירע ארעמס צום רעעמיגראנט.

קיין לעגאלע באשטעטיקונג מצד דעם פוילישן בילדונגס־קוראטאריום פון פיינען אלס לערער איז נישט אנגעקומען. יעדן יאר איז ער געווארן „צייטווייליק ביז צום ווייטערן" באשטעטיקט. ס'האט שוין עטלעכע מאל געהאלטן ביים פארבאטן אים דעם אונטעריכט, אבער דאס איז מיט צרות אפגעשריגן געווארן. ענדלעך אונטער דער דראאונג אים ארויסצושיקן קיין ראטן־רוסלאנד — איז אנגעקומען א פארבאט פאר א. פיינען צו פארנעמען זיך מיט פעדאגאגישער ארבעט סיי אין רעאל־גימנאזיע סיי אין אנדערע לערער־אנשטאלטן. די בילדונגס־מאכט האט געפונען פארשידענע פנימות: נישט גענוגנדיקע קוואליפיקאציעס פאר א לערער, און דאס נישט פולקאם באהערשן די פוילישע שפראך.

אין דער אמתן האבן דא געשטעקט אויך אנדערע פאליטישע סיבות. א. פיין איז געווען א טרייער מיטגליד פון דער ווילנער בונדישער ארגאניזאציע. ער איז געווען אויך סעקרעטאר פון ווילנער שול־ארגאניזאציע פאר פראווינץ, און אין דער דאזיגער פראווינץ האבן די פוילישע אינספעקטארן זיך אויפגעפירט נישט בעסער פון זייערע צארישע פארגייער, אויב נישט ערגער. זיי האבן געזוכט יעדע געלעגנהייט צו דערשטיקן דעם יידיש־יידישן שול־וועזן. אין דער חרובער ווילנער פראווינץ זיינען געווען ווייניק צוגעפאסטע בנינים פאר עפנטלעכע שולן. די בעסערע האט מען צוגענומען פאר די פוילישע שולן און פאר פארשידענע רעגירונגסאמטן. במילא האבן די אינספעקטארן געקענט געפינען חסרונות אויף די געביידעס פון די יידישע שולן.

א. פיין, צוזאמען מיט די פארשטייער פון דער שול־ארגאניזאציע פאר דער ווילנער פראווינץ (ד"ר צ. שאבאד, קליאנסקי, קאפלאן־קאפלאנסקי, ב. לובאצקי א"א) פלעגט זיך איינשטעלן פאר די רעכט פון די שולן. אבער דיקטאטארישע אדער האלב־דיקטאטארישע מאכטן האבן נישט ליב, ווען מען „שטערט זיי אין אויספירן זייערע אמטלעכע (זיי ווערן אנגערופן שוין „מלוכהשע") פליכטן".

וואו מען האט געקענט און נישט געקענט — האט מען ווידערשפעניקע לערער באזייטיקט אונטערן אויסרייד „נישט קוואליפיצירט", אדער די שולן אינגאנצן געשלאסן.

דער ווילנער יידישער לערער־פאריין האט אבער נישט געלאזן פאלן זיינעם א חבר עקאנאמיש. פיינען אלס גוטן ארגאניזאטאר און פינקטלעכן וביורא־מענטשן האט מען איבערגעגעבן דעם סעקרעטאריאט פון לערער־פאריין, וואס האט אין יענער צייט געציילט ביז איבער 200 מיטגלידער. דער פאריין האט פארמאגט אן אייגענע באדייטנדיקע ביבליאטעק מיט וויסנשאפטלעכע, הויפטזעכלעך פעדאגאגיש־ד י ד א ק ט י ש ע ווערק אין פארשידענע שפראכן מיט א היפשער צאל ביכער אין יידיש פון פארשידענעם אינהאלט. פיין האט זיך ארויסגעוויזן פאר אן אויסגעצייכנטן ביבליאטעקאר און געפירט זיין ארבעט אין לערער פאריין זייער געוויסנהאפט, ווענדיק אנהאלטן דעם פאריין נישט נאר אלס ריין־פראפעסיאנעלע ארגאניזאציע, נאר אויך אלס קולטור־אינסטיטוציע.

ער פלעגט איינארדנען פארלעזונגען, רעפעראטן, דיסקוסיעס, פארלייגנדיק פארטיקע פראיעקטן פאר דער פארוואלטונג פון פאריין. ער האט זייער שטארק פארטיידיקט די אינטערעסן פון די מיטגלידער...

בכלל געווען זייער א געטרייער און פריינטלעכער מענטש אין זיינע באציאונגען צו חברים, פריינט און סתם מענטשן, מיט וועלכע ער איז געקומען אין בארירונג.

געווען א שטענדיקער מיטגליד פון בונדישן קאמיטעט.

זיין גורל איז געווען ווי דער גורל פון דער גרעסטער צאל ווילנער לערער: אומקום אין געטא. פרטים זיינען נישט באקאנט.

לויט קאטשערגינסקי („חורבן ווילנע", זייט 243) איז פיין אין ווילנער געטא געווען קראנק, פאראליזירט. ביי דער ליקווידאציע האט אים זיין פרוי געפירט אונטערן האנט און געטענהט: „אויב שטארבן, וועלן מיר צוזאמען". ביידע זיינען דערשאסן געווארן אויף פאנאר 1941".

די מערדער האבן דערפילט דעם לעצטן וואונטש פון דער אומגליקלעכער פרוי...

ה. א ב ר א מ א ו ו י ט ש

**פיינליכט, פייגע** — געבוירן אין יאר 1900 אין ווארשע. טאכטער פון פרומע חסידישע עלטערן. געווען פארהייראט. געהאט איין טאכטער. געענדיקט א מיטלשול און באזוכט די ווארשעווער הויך־שול — הומאניסטיק. זי האט אויך געענדיקט א יערלעכן קורס פאר לערער.

פייגע פיינליכט האט געארבעט אלס לערערין פון יאר 1920 — צוערשט אין קאלושין, שפעטער פון יאר 1922 אין דער באראכאוו־שול אין ווארשע אויף דזיקע־זאמענהאף 6. זי איז געווען א לערערין פון ערשטן, צווייטן און דריטן קלאס, קאנצענטראציע־סיסטעם. באטייליקט זיך אין קינדער־קלובן, אויסשטעלונגען, אויספלוגן. געווען א פועלי־ציוניסטן.

א גוטער, הארציקער מענטש, מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער שול און די קינדער, אן אויסערגעוויינטלעכער גוטער פעדאגאג. געקענט די קינדערשע נשמה. שטארק באליבט פון קליין און גרויס. ווען עס איז שווער געווען אויפן הארצן, איז געקומען זיך אויסרעדן, אפרעדן פון הארצן פאר פייגען. זי האט אלעמען געטרייסט, בארואיקט און אויפגענומען אין זיך אלעמענס צרות. אוועקגעגעבן פון זיך דאס לעצטע העמד, געטיילט זיך מיטן לעצטן גראשן.

אין יאר 1932 איז פייגע קראנק געווארן און געביטן די שול־ארבעט אויף ביורא־ארבעט. זי האט געארבעט אלס ביוראליסטין אין יתומים־הויז אויף וואלסקע גאס אין ווארשע, — פארבלייבנדיק אזוי ארום אין קאנטאקט מיט קינדער. קראנקערהייט האט זי געארבעט, געמוזט פארדינען, זי האט פיל געדארפט פאר אנדערע מענטשן.

אומגעקומען אין יאר 1942, צוזאמען מיט איר יינגערע שוועסטער יאדזשע פיינליכט, אויך א לערערין אין די ווארשעווער יידישע פאוושעכנע שולן.

**פיליפאָווסקי,ביילע** — געשטאמט פון בריסק, פון אן ארעמער ארבעטער־משפחה — דער פאטער א בעקער. ווען זי האט געענדיקט די יידיש־וועלטלעכע פאלקשול איז זי אנגעקומען אין ווילנער לערער־סעמינאר, וועלכן זי האט פארענדיקט מיט דערפאלג אין 1929. פון דעמאלט אן הייבט זיך אן איר לערער־ארבעט אין די צישא־שולן: אין ווילנע, בריסק, קארטוז־בערעזע און אין פרוזשאני. ב. פיליפאווסקי האט געהערט צום „בונד", איז בכלל געווען געזעלשאפטלעך אקטיוו, געווען טעטיק אין „סקיף", אין „צוקונפט".

זי האט געפירט די לימודים אין די יינגערע קלאסן, געווען א גוטע לערערין, זייער באליבט ביי די עלטערן. געווען א גוטע נשמה, ממש אן א גאל, און די קינדער האבן איר שטארק ליב געהאט.

ביילע האט חתונה געהאט אין פרוזשאני מיט מיכל ניימאן, וועלכער איז געווען א שול־טוער, א פיינער מענטש, א שטילער ארבעטער. ער איז געווען סעקרעטאר פון דער ארטיקער בונדישער ארגאניזאציע און א מיטגליד פון דער פארוואלטונג פון דער י. ל. פרץ־שול.

ווען די סאוועטישע מאכט איז אריין אין פרוזשאני, האט ב. פיליפאווסקי דא געארבעט אין דער פאראייניקטער יידיש־העברעאישער שול (אויף יידיש). שפעטער איז מיכל ניימאן אוועק אין א שטעטל אין וואליז, און אויך ביילע איז געקומען אהין און געארבעט אלס לערערין. אויף די פעריען 1941 איז זי געקומען קיין בריסק צו די עלטערן — און דא איז זי אומגעקומען פון די דייטשן אין בראנאגורא ביי בריסק, אין 1942. מיכל ניי־

מאן איז דערשאסן געווארן דורך די דייטשן נאך פריער, אין 1941, אויפן וועג פון ווילנער געגנט קיין פרוזשאני.

**פירער, חיים** — א תלמיד פון ווילנער לערער־סעמינאר. אריבער אהער פון א העברעאישן סעמינאר אין וואליז. אן אטלעטישע, אביסל אומגעשיקטע געשטאלט. געווען טיף אריינגעווארצלט אין אלטער יידישקייט, נישט געקאנט באהערשן די וועלטלעכע פארמען — אלץ איינס צי ס'איז געווען גראמאטיק, קאליגראפיע, גלאטיק רעדן, צי פערזענלעכע אויסערלעכקייט. אבער ער האט פארמאגט א טיפע נשמה, אינערלעכן ברען — מסתמא אביסל מיסטיציזם סיי אין אלגעמיינעם דענקען, סיי אין באציונג צו לערער. געווען זייער באליבט און פאפולער צווישן די תלמידים פון סעמינאר. געווען עטלעכע יאר א לערער אין די ציש״א־שולן אין אשמענע. חתונה געהאט מיט דער סעמינאריסטקע זשעניע גינדזבורג.

אומגעקומען אין אשמענע. די דייטשן האבן אים נאך גאר פון אנהייב פארנארט און דערשאסן. פארן טויט האט ער אויסגעשריגן א קללה צו די דייטשן.

א. ריינהארץ

**פיש־מאנדלברויט, לאה** — אלס סעקרעטארין געפירט דעם אפיס פון מעדעם־סאנאטאריע אין ווארשע (די סאנאטאריע גופא האט זיך געפונען אין מידזעשין). זי האט אויף דעם פאסטן געארבעט זינט דער דערעפענונג פון אנשטאלט אין 1926, ביז איר פארלאזן ווארשע אין נאוועמבער 1933.

דער אפיס פון דער סאנאטאריע אין ווארשע (צוערשט אין לאקאל פון „ציש״א״ אויף נאוואליפקי 41 און דערנאך — אויף לעשנא 24) איז שטענדיק געווען פול מיט אינטערעסאנטן, מיט טרויעריקע מאמעס און נאך מער טרויעריקע קינדער. דאס זיינען געווען די אומגליקלעכע יידישע מאמעס, וואס פלעגן מיט זייערע קינדער, באדראטע פון טובערקולאז, קומען אהער בעטן מען זאל זייערע טייערסטע ארייננעמען אין סאנאטאריע און אפראטעווען זיי פון אונטערגאנג. ווענדן זיך וועגן ארייננעמען זייערע קינדער אין סאנאטאריע פלעגן נישט נאר ארבעטער־פאלקס־מענטשן און סתם ארעמעלייט, נאר אויך אינטעליגענטן און אפילו פארמעגלעכע עלטערן (און אויך פיל קריסטן), מחמת די מעדעם־סאנאטאריע איז געווען דער איינציקער הייל־אנשטאלט פאר יידישע קינדער אין גאנץ פוילן. די צאל קאנדידאטן איז שטענדיק געווען פילפאך גרעסער פון דער צאל ערטער אין סאנאטאריע. קינדער האבן געדארפטווארטן אויף זייער ריי אריינצוקריגן זיך אין אנשטאלט — לאנגע חדשים און אמאל אפילו א יאר און מער.

לאה (לאטקע) פיש האט געמוזט אויסהערן און קאנען בארואיקן אט די פארצווייפלטע יידישע מאמעס. און זי האט עס געקאנט, מחמת זי איז אליין געווען א קינד פון גרויס דחקות און נויט. דערצו נאך איז זי געווען שטארק דורכגעדרונגען מיטן גייסט און מיט דער באציונג צום קינד אין די „ציש״א״־שולן און אין מעדעם־סאנאטאריע. אליין א קינד פון דער יידישער שול, איז זי שטענדיק געווען אין קאנטאקט מיט די קינדער פון די „ציש״א״־שולן, און די לעצטע פלעגן זיך צו איר באציען ווי צו אן אייגענעם, ווי צו א נאענטן.

ל. פיש האט געענדיקט די יידיש־וועלטלעכע שול אויף טווארדע 22, אנגעפירט פון ש. אבראמסאן. זי איז דא געווען פון די בעסטע שילערינס, און געהערט צום ערשטן ארויסלאז פון דער דאזיקער שול

אין וואַרשע. זי האָט זיך אויסגעצייכנט באַזונדערס אין נאַטורוויסנשאַפטן און מאַטעמאַטיק. נאָך דער פ״ש האָט זי באַקומען אַ סטיפּענדיע און געענדיקט קאַלעצקים פּרויען־גימנאַזיע אין וואַרשע. אין 1925 אָנגעקומען אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, צוערשט אויף דעם נאַטורוויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט (כעמיע), נאָכער אויף דעם פילאָזאָפישן (מאַטעמאַטיק). איבערגעריסן דאָס שטודיום צוליב דער שווערער לאַגע אין שטוב. זייט 1926 ביזן סוף געאַרבעט אין ביוראָ פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. שטיל, באַשיידן, צוריקגעצויגן, תמיד אַביסל שעמעוודיק.

זי האָט חתונה געהאַט מיטן יונגן און באַגאַבטן לערער פון די „צישאָ"־שולן און מעדעם־סאַנאַטאָריע, זונדל מאַנדלברויט. אַ פּאָר חדשים נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה האָט זי מיט איר מאַן און מיט איר פינף־יאָריקן יינגעלע זיך דערשלאָגן צו ביאַליסטאָק, וואו עס האָבן געוואוינט איר מאַנס עלטערן. איר איז אָבער נישט געלונגען אויסצומיידן די האַק פונם מערדער. צוזאַמען מיט איר מאַן און קינד איז זי אומגעקומען אין איינעם פון היטלערס גאַז־אויוונס.

ש. גילינסקי

## פישער, דבורה (דעבאָראַ) —

געבוירן אין גראָדנע אַן ערד אין יאָר 1869. געענדיקט גימנאַזיע און פּעדאַגאָגישע קורסן אין גראָדנע. שוין פון די יונגע יאָרן געווען זייער אַקטיוו אין דער בונדישער באַוועגונג. אויסגעלערנט זיך שניידער־פאַך און געאַרבעט אַ געוויסע צייט ווי אַ שניידערין און אָרגאַניזאַטאָרין־פּראָפּאַגאַנדיסטקע צווישן די פּרויען שניידער־אַרבעטאָרינס אין גראָדנע און געווען דאָ אַ געוויסע צייט אַן אינסטרוקטאָרין אין אַ שניידער־פאַך־שול. געווען אַ לערערין אין ווילנע. אַנטייל גענומען אין דעם באַרימטן ערשטן יידישן לערער־צוזאַמענפאָר אין ווילנע, וועלכער איז פאַרענדיקט געוואָרן אין לוקישקער תפיסה. צופעליק איז זי דעמאָלט ניט אַרעסטירט געוואָרן: פאַרשפּעטיקט צו דער זיצונג ווען דער אַרעסט איז פאָרגעקומען.

אין 1914 — עחב דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דבורה פישער געקומען קיין סווענציאַן און געאַרבעט דאָ ווי אַ לערערין. זי איז שוין געבליבן אין סווענציאַן אויף שטענדיק. געווען גרינדערין פון דער סווענציאַנער יידישער פאָלקשול (צישאָ) ווי אויך פון דער סווענציאַנער גימנאַזיע. געלערנט אין ביידע אַנשטאַלטן דורך דער גאַנצער צייט פון זייער עקזיסטענץ. געווען די גאַנצע צייט די פאַרוואַלטערין פון דער פאָלקשול. איר ספּעציאַליטעט — געאָגראַפיע און נאַטורוויסנשאַפט.

באַטייליקט זיך אין דעם ערשטן שול־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע (יוני 1921), אויף וועלכן עס איז געגרינדעט געוואָרן די צענטראַלע יידישע שול אָרגאַניזאַציע פון פוילן (צישאָ).

דבורה פישער איז געווען אויסערגעוויינלעך באַליבט און געאַכטעט. די קינדער האָבן איר פאַרגעטערט. די לערער — ליב געהאַט און געאַכטעט. זי איז געווען פון אַ קרישטאָל־ריינעם כאַראַקטער. מיט גראָדליניקער ערלעכקייט אין באַציונג צו אַלעמען. יעדע וויזיטאַציע פון דער פוילישער שול־מאַכט איז כסדר געווען אַ גרויסער מאָראַלישער דערפאָלג פאַר דעבאָראַ איסאַקאָוונאַ פישער, הגם זי האָט זיך קיינמאָל פויליש גוט ניט אויסגעלערנט.

דבורה פישער איז געווען אַ דערפאָלגרייכער פּעדאַגאָג. אַ גוטער דערציער, אַ טייערער מענטש. זי האָט פאַרקערפּערט דעם אידעאַליזם פון אַ דור וואָס איז קולטורעל און סאָציאַל געווען פּיאָנעריש אין יידישן לעבן. זי איז געווען די פּאַרקער־

פערונג פונעם אידעאלן טיפ פון א פאלקס־לערער. זי האט איר גאנץ לעבן צונויפ־געגאסן מיטן ווארט און גליק פון יידישן פאלקס־מענטש און זיינע קינדער.

ש. קאטשערגינסקי אין זיין בוך „חורבן ווילנע" דערציילט וועגן דעם אומקום פון די סווענציאנער יידן. דעם 27 סעפטעמבער 1941, שבת זעקס אין דער פרי, האט די ליטווישע פאליציי אנגעהויבן זאמלען אלע יידן אויף א פלאץ הינטערן שטעטל. מען האט צונויפגעטריבן 6־8 טויזנט יידן, אריינגעשפארט זיי אין באראקן... אין 10 טעג ארום האט מען זיי גענומען ארויספירן גרופעס־ווייז צו 20 מאן — און עס האבן זיך דערהערט פולעמיאטן־שאסן...

„די אלטע לערערין פישער, וועלכע מען האט געוואלט באפרייען (פאר געלט) פון דעם גיהנום, האט געזאגט: „איך וויל שטארבן צוזאמען מיט מיינע ברידער", און איז געשטארבן ווי א העלדין".

**פישער, ד.** — לויטן מיידלשן נאמען: פאפירמייסטער, איז געווען א לערערין אין סווענציאן. עטלעכע יאר געארבעט אין דער שול אין סוויר. זי האט אויך געארבעט אין היידוטשישעק און פאס־טעוו. די לעצטע יארן פארן קריג איז זי געווען אין ווילנע. לויט אייניקע ידיעות, האט זי געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאר.

**פישער, מרים** — געבוירן אין ראוו־נע, וואלין, האט געהערט צו דער אזוי־גערופענער „וואלינער גרופע" פון ביא־ליסטאקער לערערשאפט — א גרופע לע־רער וואס האבן אין די 20־ער יארן זיך באזעצט אין ביאליסטאק נאך דעם ווי די פוילישע מאכט האט ליקווידירט די וואלינער יידיש־וועלטלעכע שולן.

פון ערשטן טאג פון איר קומען קיין ביאליסטאק ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז מ. פישער געווען לערערין אין דער ערשטער יידיש־וועלט־לעכער שול אויפן נאמען „יוגנט־פאריין". דא געפירט אן ערשטן אדער צווייטן קלאס.

מיט איר וואלינער זאפטיקן יידיש, מיט איר לעבעדיקן הומאר און טרעפלעכן וויץ איז מ. פישער געווען איינע פון די בא־ליבטסטע טיפן צווישן די ביאליסטאקער לערער און שול־טוער, און גלייכצייטיק איינע פון די אממערסטן באליבטע לע־רערינס צווישן די יינגסטע תלמידים פון שול.

קיין ידיעות וועגן איר אומקום איז נישט באוואוסט.

די געוו. ביאליסטאקער לערערין מ. ביאליסטאצקי־זילבערשטיין כאראקטערי־זירט מרים פישער אויף אזא אופן: „דאס איז געווען א געבענטשטע לערערין, א מענטש מיט פאנטאזיע און וויסן, זי האט געקענט באגייסטערן קינדער און זיין זייער וועגווייזערין. אויף די פעדאגאגישע קאנפערענצן האט איר וואגיק ווארט זיך שטענדיק געהערט, און מען האט זיך מיט איר שטארק גערעכנט. איר קראפט און טאלאנט האבן זיך איבערהויפט אנגעזען בעת די עפנטלעכע קינדער־יום־טובים. אירס א פארשטעלונג, אירס אן אינסצעני־זאציע איז אויף לאנג געבליבן אין זכרון ניט נאר פון די קינדער נאר אויך פון די דערוואקסענע. לערער האבן ביי איר גע־לערנט, ווי אזוי מע קען דאס אנגענעמע פאראייניקן מיט דאס פראקטישע, ווי אזוי מע קען לערנען שפילנדיק. — אבער ווי גרויס זי איז ניט געווען אלס לערערין, איז זי נאך גרעסער געווען אלס מענטש. איר אומאפהענגיקער פעסטער כאראקטער, איר קלוגער וויץ, איר לייכטע איראניע האט איר שנעל אויסגעטיילט צווישן די חברים לערער און האט איר געמאכט בא־

ליבט ביי אַלעמען. אַ גרויסער פּסיכאָלאָג, האָט זי זייער שנעל באַמערקט יעדערנס שוואַכקייט און אויף אַ ריין־חברישן אופן יענעם אַריינגעזאָגט. זי האָט געהאַט זייער אַ גרויסע ווירקונג אויף אַלעמען. איר פריילעכקייט איז געווען פון אַזאַ מין, וואָס האָט אייך באַפרייט פון דער טאָג־טעגלעכקייט און אַריבערגעטראָגן אין אַ שענערער וועלט. — מ. פישער האָט געהערט צו דער פועלי־ציוניסטישער פּאַרטיי, אָבער איר ברייטע נשמה האָט זיך נישט געקענט אַריינפּאַסן אין די ענגע פּאַרטיי־ראַמען און דערפאַר איז זי ניט געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג".

## פישער, שולמית

— לערערין אין ווילנער „שול פאַר ספּעציעלער דערציונג". זי איז אויך געווען אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין און אַ לערערין אין סווירער שול. ש. פישער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט ליטעראַרישער אַרבעט: זי האָט איבערזעצט רוסישע פּאָעזיע אויף יידיש. איר אַ איבערזעצונג פון אַ סאָוועטישן ראָמאַן האָט זיך געדרוקט אין „ווילנער טאָג".

שולמית פישער איז אַנטלאָפן פון די ווילנער הריגות אין אַ שטעטל פון ווילנער פּראָווינץ, און דאָרט האָט זי געפונען דעם טויט, אין 1942.

## פלאַם, גיטל

— זייער אַ גוטע לערערין פון פּויליש. געאַרבעט אין סווים־לאָטש, וביאַליסטאָק א"א. שטאַמט פון כעלם. געווען פון גוטמוטיקן כאַראַקטער און גוטע חברטע.

## פלאַם, חיה

— אַ שוועסטער פון גיטל פלאַם, אויך געווען אַ לערערין אין די ציישאָ־שולן. געאַרבעט אין וויסאָקע־ליטעווסק א"א.

זייער גורל אומבאַקאַנט.

## פלאַמענבוים (פלוימענבוים), בנימין

— געבוירן אין לוצק, וואָלין, אַרום יאָר 1896, אין אַ רבנישער משפחה, באַזעצט ער זיך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אין ביאַליסטאָק און ווערט אַ לערער אין דער יידיש־וועלטלעכער שול אויפן נאָמען פון בראָניסלאַוו גראָסער. דאָ אין ביאַליסטאָק הויבט ער אויך אָן זיין ראַשיקע קאַריערע אַלס בונדיסט.



אין יאָר 1925 ווערט ער דער פאַרוואַלטער פון דער גראָסער־שול. אונטער זיין אָנפירונג וואַקסט די גראָסער־שול אויס און ווערט די גרעסטע יידיש־וועלטלעכע שול ביי דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָק, מיט אַריבער 400 קינדער און 10 אָדער 11 קלאַסן.

אַלס לערער און פּעדאַגאָג איז בנימין פלאַמענבוים באַזונדערס באַליבט און פּאָפּולער צווישן די קינדער און עלטערן. ער לערנט אַלע לימודים, חוץ פּויליש, אין אַ צווייטן קלאַס און יידישע ליטעראַטור אין לעצטן, — זיבעטן גראַדויִר־קלאַס. אין קלאַס איז פלאַמענבוים געווען אַ מוסטער פון אַ יידישן פאָלקס־לערער. מיט זיינע איינגעבוירענע פּעדאַגאָגישע פעיקייטן און פערזענלעכן רייץ געווינט ער פון דער ערשטער שעה די אַכטונג און ליבע פון די קינדער. פלאַמענבוים ווייסט ניט, וואָס דאָס מיינט שלעכטע דיסציפּלין אין קלאַס. צענדליקער אַלטע לערער פלעגן ניט איין מאָל מקנא זיין דעם יונגן פלאַמענבוים

זיין טאלאנט צו באהערשן א קינדער־מחנה.

אלס פארוואלטער און פארזיצער פון פעדאגאגישן ראט פון דער גראסער־שול באוויזט פלאמענבוים מיט זיין חברישער און פריינדלעכער באנעמונג און טאקט, מיט זיין קלוגן שמייכל און לעבעדיקן הומאר, צו געווינען די הארציקסטע און פיינסטע קאאפעראציע מצד אלע זיינע חברים לערער, מיטארבעטער אין דער שול, זעלטן ווען ס'איז געווען ווען ס'איז גרילץ אין די הארמאנישע באציונגען צווישן אים אלס פארוואלטער און דעם גרויסן לערער־פערסאנאל פון 14־15 לערער.

פלאמענבוים האט אויך באוויזן זיינע פעאיקייטן אלס רעזשיסער פון קינדער־פארשטעלונגען. אונטער זיין אנפירונג האט די גראסער־שול אויפגעפירט צענדליקער פראכטפולע קינדער־פארשטעלונגען.

א באזונדער קאפיטל איז פלאמענבוים דער פאליטישער טוער פון „בונד" אין ביאליסטאק. סוף די צוואנציקער יארן, ווען דער ביאליסטאקער קאמיטעט פון בונד באשליסט אנטיילצונעמען אין די צוגאב־וואלן צום ארטיקן שטאטראט, מיט שאנסן אויסצוקלייבן בלויז איין ראטמאן, ווערט ב. פלאמענבוים באשטימט אלס דער קאנדידאט פון „בונד". ער ווערט טאקע דערוויילט אלס ראטמאן. פון דאן אן ווערט פלאמענבוים איינער פון די פאפולערסטע פיגורן אין ביאליסטאקער געזעלשאפטלעכן לעבן.

אין א פאר יאר ארום, ווען דער שטאטראט ווערט פאנאנדערגעלאזן און ס'קומען פאר נייע וואלן, פיגורירט ער ווידער אלס ערשטער קאנדידאט אויף דער ליסטע פון „בונד". דער „בונד" פירט אריין אין שטאטראט 6 ראטמענער און באקומט דאס רעכט צו האבן איין „לאווניק". פאר דעם אמט באשטימט דער קאמיטעט פון „בונד" — ב. פלאמענבוימען. ער ווערט דער „לאווניק" איבער די פינאנסן פון דער שטאט ביאליסטאק.

פלאמענבוימס פאפולעריטעט וואקסט. ער ווערט באקאנט און באליבט צווישן די ברייטסטע שיכטן פון ביאליסטאקער ארעמקייט און מיטלשטאנד. זיין ביוראצימער אין ביאליסטאקער מאגיסטראט שטייט שטענדיק אפן פאר אלע די, וואס ווערן געקריוודעט דורך די שטאט־באלעבאטים. ער אינטערווענירט אין פראגן פון ניט־יושרדיקע שטייערן, אין פראגן פון דירות, דירה־געלט, האנדלס־ און ארבעטס־דערלויבענישן. ער נעמט טעגלעך אויף צענדליקער פאראינטערעסירטע אין די פארשיידנסטע ענינים.

אין דער זעלבער צייט נעמט פלאמענבוים דעם אקטיווסטן אנטייל אין דער פארטייאישער ארבעט פון „בונד". ער איז א מיטגליד פון קאמיטעט, א פארשטייער פון „בונד" אין דער קרייז־קאמיסיע פון די פראפעסיאנעלע פאריינען, פארזיצער פון דער פארוואלטונג פון דער בונדישער ספארט־ארגאניזאציע „מארגנשטערן" און שטענדיקער קאמענדאנט אויף די אינטערנאציאנאלע מאי־דעמאנסטראציעס פון ביאליסטאקער ארבעטערשאפט.

צום אנהויב פון לערניאר 34־1935 רעזיגנירט ב. פלאמענבוים אלס פארוואלטער פון דער גראסער־שול. די פארטייאישע און פאליטישע ארבעט פארשלינגט זיין גאנצע צייט און ענערגיע. ער ווערט דאן דער פארזיצער פון פארטיי־קאמיטעט פון „בונד".

ווען די ביאליסטאקער טעגלעכע צייטונג „דאס נייע לעבן" פירט דורך אן אנקעטע וועגן די צען פאפולערסטע מענטשן אין ביאליסטאק, געפינט זיך ב. פלאמענבוים צווישן די ערשטע אויפן צעטל.

אין 1939 קומען פאַר וואַלן אין ביאַליסטאָק סיי צו דער קהילה, סיי צו דעם שטאָט־ראַט. פּלאַמענבוים ווערט דערוויילט אין ביידע אינסטאַנצן. די גרעסטע צאָל שטימען קריגט דער „בונד" אין דער געגנט פון פּיאַסקעס, וואו פּלאַמענבוים האָט קאַנדידירט ביי די וואַלן.

אין סעפּטעמבער 1939, אין די ערשטע טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַנטלויפט פּלאַמענבוים צוזאַמען מיט א גרופּע בונדישע טוער קיין ווילנע. ווען די רויטע אַרמיי פאַרנעמט ביאַליסטאָק, קערט ער זיך אום צוריק צו זיין פרוי און איינציקן זון, וואָס זיינען פאַרבליבן אין ביאַליסטאָק. די קאָמוניסטישע באַלעבאַטים פון שטאָט באַשטימען כלומרשט ב. פּלאַמענבוימען אלס אַנפירער פון יידישן שולוועזן. זיין אויפגאַבע דאַרף זיין צו פאַרוואַנדלען די פריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע שולן אין מלוכהשע אינסטיטוציעס. ער ווערט אַבער באַלד אַרעסטירט און יעדער שפּור ווערט פון אים פאַרשוואונדן. ביז היינט איז ניט געלונגען צו דערגיין וואו און אויף וועלכן אופן האָבן די באָלשעוויקעס אומגעבראַכט דעם ברוויזנדיקן, לעבנסלוסטיקן און האַרציקן לערער, שולבויער און פּאָליטישן טוער פון דער ביאַליסטאָקער אַרבעטערשאַפט, ב. פּלאַמענבוימען.

י. מ ע ל אַ מ ד אַ ו ו י ט ש

* * *

דער לערער פלוימענבוים! וואָס פאַר א כישוף און צויבער עס איז געלעגן אין דעם נאָמען! דער לערער פלוימענבוים! דער צענטער פון אַלע מיינע קינדערישע טרוימען און פאַנטאַזיעס!

עטלעכע יאָר נאָך דער עפענונג פון גראָסער־שול באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ער געקומען צו אונז. מיר קינדער האָבן געהערט, אז ער קומט פון לוצק, אז ער שטאַמט פון א רבנישער פאַמיליע. ער האָט בעסער אויסגעקליבן צו קומען לערנען יידישע אַרבעטער־קינדער. ער האָט געפילט אז זיין פּלאַץ איז צווישן די וואָס נויטיקן זיך אין אים אַם־שטאַרקסטן. ער האָט געוואוסט: ווען האָבן דאָס יידישע טאַטע־מאַמע צייט און געדולד זיך צו שפּילן מיט זייערע קינדער? איז ער געקומען און אַנגעפילט אונזער קינדערשע וועלט מיט פרייד און שפּיל. מיר קינדער האָבן אים מיט ליבע און דאַנקבאַרקייט באַצאָלט דערפאַר. נישט אומזיסט האָבן מיר אים ממש פאַרגעטערט.

איך געדענק אז יעדן טאָג נאָך דער שול פלעגן מיר נאָך לאַנג שטיין ביים טיר פון לערער־צימער און וואַרטן ביז דער לערער פלעגט אַרויסקומען, כדי צו גיין מיט אים א שטיקל וועג צוזאַמען. אַלע ווילע פלעגט אַן אַנדער קינד אונטערשפּרינגען צום פענסטער זען צי דער לערער איז שוין גרייט. און גליקלעך זיינען געווען די קינדער וואָס פלעגן פאַרכאַפּן אַן אָרט ביים לערערס זייט. מיט וואָס פאַר א שטאָלץ און פרייד פלעגן מיר עס גיין זייט ביי זייט מיטן לערער. פריער רבי'ס גאַס, דערנאָך פּיאַסקעס, סוראַזער גאַס, אַזש ביז נאָכן שטאָט־זייגער פלעגן מיר אים אונטערפירן. די מענטשן פון יענע גאַסן פלעגן שמייכלען אונז זעענדיק. זיי פלעגן שוין וויסן, אז דאָס גייט פלוימענבוים מיט זיינע קינדער פון שולע. און מיר קינדער פלעגן האָבן אים אַזוי פיל צו פרעגן, אַזוי פיל צו דערציילן, און ער פלעגט זיין אַזוי געדולדיק, אַזוי האַרציק, און מיט אַזוי פיל ליבשאַפט אונז אויסהערן.

אַט שווימען אַרויף בילדער פון יענע יאָרן. איך דערמאַן זיך א מאַי־דעמאָנסטראַציע אין ביאַליסטאָק.

„קינדער, מאָרגן לערנען מיר נישט אין שול, עס איז דער ערשטער מאַי". אַזוי האָט זיך געווענדט צו אונז לערער פלוימענבוים א טאָג פאַר דער מאַי־פייערונג: „אין שול אָבער דאַרפט איר קומען, נאָר אַז די ביכער. אַפּיציעל וועט עס הייסן, אַז מיר לערנען דעם טאָג, אַז ניט, וועט די פּוילישע מאַכט נאָך פאַרמאַכן די שול. און איצט, קינדער, ווער פון אייך ווייסט די באַדייטונג פון דעם ערשטן מאַי?" און עטלעכע און צוואַנציק קינדערשע הענטלעך האָבן זיך געגעבן אַ רים אין דער הויך. און עטלעכע און צוואַנציק הילכיקע שטימען האָבן זיך צעשריגן: — איך ווייס, לערער! רופט מיר, איך וועל דערקלערן! — דער לערער האָט זיך אַזש צעשמייכלט פון דעם ענטוזיאַזם וואָס ער האָט אַרויסגערופן.

דעם צווייטן טאָג זיינען מיר אין שול געווען בלויז עטלעכע שעה. מיר האָבן געוואוסט, אַז דער לערער איז קאָמענדאַנט פון דעם פּאַראַד, און אַ גרופּע קינדער האָבן באַשלאָסן, אַז מיר גייען צו דער דעמאָנסטראַציע. מיר האָבן ערגעץ געקראָגן רויטע פּאַפּיר, געמאַכט שלייפלעך און אָנגעשפּילט אויף די לאַצן. נישט דרייסטע, מיט צעשראָקענע אויגן האָבן מיר זיך דערנענטערט צו וואַשליקאָווער גאַס. דאָרטן אויפן ראָג יוראָווצער און וואַשליקאָווער האָט זיך דער צוג פאַרמירט. פּונקט נעבן הויף פון שלום־עליכם־ביבליאָטעק, וואו עס איז אויך געווען דער לאָקאַל פון די פּוילישע סאָציאַליסטן, איז געשטאַנען אַ טריבונע. אויף דער טריבונע איז געשטאַנען דער פירער פון די פּוילישע סאָציאַליסטן קאַפּיטולקע און אויך פלוימענבוים. דער טאָג איז געווען אַ מילדער און וואַרעמער. די זון האָט ממש געגאָסן איר ליכט אויף אונז. דער פרילינגדיקער ווינטל האָט צעשויבערט פלוימענבוימס האָר. אויפן אָרבל האָט ער געטראָגן אַ רויטע לענטע מיטן אויפשריפט „בונד", און אַ רויטן שלייף אין לאַץ. ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט יונגע חברה, אונזערע מיליציאַנטן — האָבן זיי געהייסן. זיי האָבן געדאַרפט האַלטן אָרדענונג אויפן פּאַראַד. ער האָט זיי געגעבן די לעצטע אינסטרוקציעס. איך האָב געקוקט אויף פלוימענבוימען פון ווייטן, און מיין האַרץ איז מיר אָנגעגאָסן געוואָרן מיט גליק, וואָס ער איז אונזער לערער, און מיר האָבן די זכיה צו זיין זיינע שילער. קוקנדיק אויף אים האָב איך זיך מער נישט געפילט פרעמד און פאַרלאָרן אויף די ווייטע רייכע גאַסן. דער צוג האָט זיך אָנגעהויבן רירן. די רויטע פענער האָבן זיך צעעפנט און געפלאַטערט אין דער זון. אַ מעכטיקער געזאַנג האָט זיך אַרויסגעריסן פון הונדערטער הערצער. דאָס האָט געזונגען די אַרבעטער־מאַסע פון ביאַליסטאָק. הויך און מעכטיק האָט זיך זייער געזאַנג צעשאַלט איבער די ביאַליסטאָקער הויפּט־גאַסן. דער געזאַנג האָט אונז, קינדער, מיטגעריסן, — און מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען. דער צוג האָט מאַרשירט דורך וואַרשעווער גאַס.

ענדלעך האָט זיך די דעמאָנסטראַציע דערנענטערט צום „פּאַלאַס" ־ טעאַטער. דאָרט איז פאַרגעקומען אַ מאַסן־מיטינג. איך בין אַריין אין זאַל און זיך געזעצט אין דער ערשטער ריי ביי דער בינע. מענטשן האָבן געשטראָמט דורך אַלע טירן. מענטשן צעשטראַלטע און יום־טוב'דיקע, אַלע מיט רויטע שלייפלעך און שבת'דיקע קליידער. איך בין געזעסן פאַרגאַפט און באַוואונדערט דעם מענטשן־שטראָם.

דער זאַל האָט זיך איינגעשטילט. אויף דער בינע האָט זיך באַוויזן פלוימענבוים. דער עולם האָט זיך ווי אַ שטורעמדיקער ים ווידער צעוויגט. הוראַ! פאַרן חבר

בנימין פלוימענבוים! זאָל לעבן דער חבר בנימין פלוימענבוים!

אויף מאָרגן אין דער פרי בין איך מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ געזעסן אויף מיין בענקעל אין קלאַס און געוואַרט, דער לערער זאָל אַריין. ענדלעך איז ער אַריין מיט דעם קלאַסן־זשורנאַל אונטער דעם אָרעם. זיין פּנים איז געווען ערנסט, אָבער דוכט זיך אַז נישט בייז. „קינדער, האָט ער זיך געווענדט צו אונז, איר האָט געכטן געטאָן זייער אַ גוואַגטע זאַך. איך ווייס, אַז אייערע כוונות זיינען געווען גוטע, אָבער איר האָט געשטעלט אונזער שול אין געפאַר. ווען די פּאָליציי וואָלט געוואוסט, אַז שול־קינדער האָבן דעמאָנסטרירט אויף דעם מאַי־פּאַראַד, וואָלט עס נישט געווען גוט. דערפאַר מוזט איר אַלס שילער פון דער שול זיך אונטערוואַרפן אונטער דער דיסציפּלין פון דער שול".

מיר האָבן אַראָפּגעלאָזן די קעפּ. זיין שטימע איז אָבער געווען אַזוי ווייך, דער אויסדרוק פון פּנים אַזוי צאַרט, אַז מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער וויל זיך גאָר ניט בייזערן אויף אונז, אַז טיף אין האַרצן קוועלט ער און שעפּט נחת פון אונז, זיינע תלמידים.

דערנאָך דערמאָן איך זיך מיין געזעגענען זיך מיט אים פאַר מיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע. מיט אַ קלאַפּענדיק האַרץ, פול מיט געמישטע געפילן, האָב איך זיך דערנענטערט צו דעם שטאַטראַט אויף וואַרשעווער גאַס, וואו פלוימענבוים האָט געהאַט זיין ביוראָ. ביי זיין טיר האָב איך ווי געוויינלעך געטראָפן יידן און יידענעס, וועלכע זיינען געקומען צו אים נאָך הילף. דערזעענדיק מיך, האָט ער מיך באַלד אַריינגערופן. „נו, טייבל, — האָט ער געזאָגט — און גענומען מיין האַנט. — „פאַרסטו, הייסט עס, טאַקע קיין אַמעריקע? פאַרסט אַרויס אין דער וועלט, און שוין מער נישט ווי אַ קינד. וועסט כאָטש נישט פאַרגעסן אונזער שול? וועסט כאָטש געדענקען, אַז די שול האָט דיך מער נישט געגעבן ווי דאָס שליסעלע צו דער גרויסער וועלט? אַז כדי צו וויסן, וועסטו דאַרפן אַ סך, אַ סך לערנען"? „יע, איך ווייס, לערער, — האָב איך געענטפערט — איך וועל נישט קענען פאַרגעסן, פּונקט ווי מען קען ניט פאַרגעסן טאַטע־מאַמע". איך האָב געוואָלט זאָגן, אַז די שול איז געווען אונזער היים, די פרייד פון אונזערע קינדער־יאָרן. איך האָב אָבער נישט געקענט. ער האָט לאַנג געהאַלטן מיין האַנט און מיר האָבן געשוויגן. „אָבער לאָמיר זיך נישט געזעגענען אויף שטענדיק — האָט ער געזאָגט — אפשר וועלן מיר זיך נאָך באַגעגענען, איך האָב קרובים אין אַמעריקע".

לאַנג האָב איך געשפּירט זיין בליק נאָך דעם ווי איך האָב פאַרמאַכט די טיר...

ט י י ב ל   ב ע ר מ א ן

## פלאָמענבוים (הערמאַן), רחל

— געבוירן געוואָרן אין הרובישעוו לעבן לובלין. איר פאָטער איז געווען אַ רייכער סוחר אין דעם שטעטל. איר וועלטלעכע בילדונג האָט זי געקראָגן אין אַ רוסיש־פּוילישער גימנאַזיע. זי האָט זיך באַזעצט אין ביאַליסטאָק צוזאַמען מיט איר מאַן בנימין פלאָמענבוים אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. עטלעכע און צוואַנציק יאָר איז רחל פלאָמענבוים געווען לערערין פון פּויליש־לימוד אין דער גראָסער־שול אין ביאַליסטאָק.

סיי אַלס לערערין, סיי אַלס מיטגליד אין לערער־קאָלעקטיוו האָט ר. פלאָמענבוים אַנטייל גענומען אין דער אַרבעט און אויפבוי פון דער שול. אַז אַקטיווע פון דער נאַטור, איז זי שטענדיק צווישן די אַקטיווסטע אין פּעדאַגאָגישן פּערסאָ־

נאָל פון דער שול. זי איז אַנוועזנדיק אויף אַלע זיצונגען פון פּעדאַגאָגישן ראַט, צווישן די ערשטע צו נעמען אַ וואָרט, אַרויסזאָגן אַ מיינונג, שטעלן אַ פראַגע אָדער געבן אַן עצה.

פּאָליטיש איז ר. פלאַמענבוים געווען נאָענט צום „בונד", הגם זי האָט זיך קיין מאָל ניט אָנגעשלאָסן אַלס פּאַרטיי־מיטגליד.

אין 1939 אונטער דער ממשלה פון די סאָוועטן, ווען איר מאַן ב. פלאַמענבוים ווערט אַרעסטירט, ווערט רחל פלאַמענבוים אַרויסגעשיקט פון ביאַליסטאָק. זי באַזעצט זיך אין קליינעם שטעטעלע האָראָדאָק לעבן ביאַליסטאָק. איר גורל אין צייט פון די געטאָ־יאָרן אונטער די דייטשן איז ניט באַקאַנט, קיינער ווייסט אויך ניט וואו און ווען זי איז אומגעקומען.

די פלאַמענבוימס האָבן געהאַט איין איינציקן זון, הערשל. פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָט הערשל גראַדואירט די „יונגנט־פאַראיין"־שול און איז אַריין אין דער יידישער גימנאַזיע. ב. מאַרק דערמאָנט דעם יונגן הערשל פלאַמענבוים אין זיין געשיכטע פון אויפשטאַנד פון ביאַליסטאָקער געטאָ. זיין נאָמען ווערט דערמאָנט צווישן די געפאַלענע, וואָס האָבן געקעמפט קעגן די נאַציס אין די גאַסן פון ביאַליסטאָק.

לויט אַנדערע ידיעות איז רחל פלאַמענבוים פון האָראָדאָק, וואו זי איז געווען באַשעפטיקט אַלס לערערין, צוריק געקומען קיין ביאַליסטאָק, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט. זי איז אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע אָדער מיידאַנעק.

י. מעלאַמדאָוויטש

**פלוג, רחל** — געענדיקט אַ מיטלשול אין וואַרשע און אין 1925 געענדיקט דעם ציש"אָ־לערער־סעמינאַר אין וואַרשע. האָט אַ סך יאָרן געאַרבעט אין די פאָלקשולן און אויף קינדער־קאָלאָניעס. זי האָט ניט־גליקלעך חתונה געהאַט און געבליבן אַליין מיט אַ קינד. דאָס האָט איר אין אַ געוויסער מאָס געשטערט אין איר שול־אַרבעט, אָבער ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, האָט זי נישט געוואָלט אַריבערגיין צו אַן אַנדער אַרבעט, בײַ וועלכער זי האָט געקענט זיך בעסער איינאָרדענען (געווען אַ גוטע העפטערין). „איך האָב שטענדיק, נאָך אין מיינע קינדער־יאָרן, געטרוימט צו ווערן אַ לערערין". די יאָרן אין לערער־סעמינאַר זיינען פאַר איר געווען יאָרן פון פרייד, אָבער אויך יאָרן פון נויט און הונגער. עס איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס זי האָט נישט געוואָלט איבעררייסן מיט דער שול. און ווייל זי האָט אַליין געמוזט האָבן השגחה איבער איר קינד און נישט געקענט זיך צופּאַסן צום נאָרמאַלן שעהן־פּלאַן פון די שולן, האָט די ציש"אָ איר באַשטימט אַלס אַ פאַרטרעטערין, ד. ה., צו פאַרטרעטן בײַ דער אַרבעט קראַנקע לערער. הגם די דאָזיקע אַרבעט פון קומען פאַרטרעטן אַ לערער אין צופעליקע קלאַסן איז נישט געווען קיין דאַנקבאַרע, האָט ר. פלוג די דאָזיקע אַרבעט ניט נאָר אויסגעפירט געוויסנהאַפט, נאָר זי האָט אפילו אויסגעאַרבעט פאַר זיך אַ מין אייגנאַרטיקן מעטאָד אין דער דאָזיקער „אומנאָרמאַלער" שול־אַרבעט. און עס איז באמת געווען צו באַוואונדערן די געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט פון דער דאָזיקער פאָלקסלערערין, וועלכע האָט געלעבט אין די שווערסטע באַדינגונגען און דאָך געטראָגן אין איר האַרצן אַזוי פיל ליבע צו דער שול.

י. ראָטנבערג

**פלעקסער, חייקע** — געווען אַ סאַניטאַרין, וואָס האָט זיך גענומען צו איר פאַך אויס אידעאַליזם, אויס דראַנג צו העלפן דעם שוואַכן, דעם הילפלאָזן. הונדערטער יידישע מיידלעך פון שטעט און שטעטלעך אין פוילן, הויפּטזעכלעך גראַדואירטע פון די יידיש־נאַציאָנאַלע שולן האָבן געשטרעבט צו ווערן קראַנקן־שוועסטער אָדער סאַניטאַרינס, ווי מען פלעגט זיי רופן אין די „ציש"אָ"־שולן און אין מעדעם־סאַנאַטאָריע. חייקע פלעקסער האָט נאָכן גראַדואירן די שוועסטער־שול ביים יידישן שפּיטאָל אויף טשיסטע אין וואַרשע געקראָגן איר אויסגעחלומטן פּאָסטן, דעם פּאָסטן פון אַ סאַניטאַרין אין מעדעם־סאַנאַטאָריע אין מיעדזעשין ביי וואַרשע.

די אָנפירונג פון סאַנאַטאָריע האָט פון ערשטן טאָג אָן געשטרעבט צו דעם, אַז אין אנשטאַלט זאָל נישט הערשן קיין שפּיטאָל־אַטמאָספערע און די קינדער זאָלן זיך נישט פילן ווי חולאים. מען האָט דעריבער כסדר געזוכט אויסצופילן דאָס לעבן פון די קינדער מיט אַ לעבעדיקן אינהאַלט און מיט אַקטיוויטעטן וואָס זאָלן וועקן אין די קינדער אינטערעס און אַ ווילן צו פאַרבעסערן און פאַרשענערן דאָס לעבן אין אנשטאַלט. די אַקטיוויטעטן האָבן באַדאַרפט געבן יעדן קינד אַ מעגלעכקייט אויסצולעבן זיך לויט זיינע אינדיווידועלע נייגונגען און פעיאיקייטן. כדי דאָס אַלץ דורכצופירן אין לעבן, האָבן זיך געפאָדערט גאָר פעיאיקע און טאַלאַנטירטע דערציער, און טאַקע פלעקסער איז געווען איינע פון זיי. זי איז געווען אַן אידעאַל פון אַ סאַניטאַרין־דערציערין.

חייקע פלעקסער, אָדער ווי די קינדער פלעגן איר רופן חאַיושקעלע, איז געווען זייער באַליבט; די קינדער פלעגן מיט גרויס חשק אויספירן אַלץ, וואָס זי האָט פון זיי פאַרלאַנגט. זי האָט קיינמאָל נישט אויפגעהויבן איר שטימע, קיינמאָל זיך נישט אויפגערעגט אויף אַ קינד. מיטן שמייכל אויף איר שטראַלנדיקן פּנים פלעגט זי שפּילן אויף די שענסטע סטרונעס פון קינד'ס נשמה. באַשאַנקען פון דער נאַטור מיט אויסערלעכער און אינערלעכער שיינקייט און מיט אַ זעלטענער גוטסקייט, איז זי געווען דער אידעאַל פאַר אַלע דערוואַקסענע מיידלעך אין סאַנאַטאָריע.

חייקע האָט אָפט דערציילט די קינדער וועגן איר גוטער מאַמען און טאַטן און וועגן זייער אַלעמענס אַרבעט אין גאָרטן. אויך דאָ אין סאַנאַטאָריע האָט חייקע אין אירע פרייע שעהן געהאָלפן די קינדער ביים פלאַנצן און האָדעווען בלומען און אין דער אַרבעט אין די אַהאַנזשערייען און אין גאָרטן. חייקע פלעגט קיינמאָל נישט דורכלאָזן די פרימאָרגן־צערעמאָניע פון פאַרצייכענען די טאָג־דאַטעס פון בלומען פון פאַרשידענע קאָלירן (אין טעפּלעך).

אַליין אַ קינד פון דער נייער יידישער שול, איז זי געווען פאַרליבט אין יידישן וואָרט, אין דער יידישער ליטעראַטור און פלעגט מיט גרויס באַגייסטערונג פאָרלייענען פאַר די קינדער פּאָעטישע און אַנדערע ווערק. פאָלקסטימלעך דורך און דורך, איז זי געווען אַריסטאָקראַטיש אין איר האַלטן זיך און אין איר באַציונג צום אָרום.

ש. גילינסקי

***

חיה פלעקסער איז געבוירן אין 1912 אין סווענציאַן, ווילנער קרייז, אין אַן אָרעמער משפּחה פון יידישע בעל־מלאכות. עס איז געווען אַ משפּחה פון גוטע יידישע טראַדיציעס, מיט אַ חנוודיקער מאַמע וועלכע האָט פאַרמאָגט ניט נאָר ליבע, נאָר אויך פיל פאַרשטענדעניש

פאר אירע קינדער און פאר זייער גרויסן פארלאנג צו באקומען בילדונג און אוועקגיין פון דעם קליינעם שטעטל אין דער „ווייטער וועלט".

חייקע פלעקסער איז געווען מיין שילערן אין דער 8־קלאסיקער יידישער גימנאזיע אין סווענציאן. א קינד וואס האט זיך אויסגעטיילט מיט איר חן און אמתער יידישער שיינקייט, מיט א פאר טונקל שווארצע שמייכלענדיקע אויגן, שווארצע לאנגע צעפ ארומגעפלאכטן ארום איר שמאלן קאפ, — איר חן לאזט זיך פשוט ניט פארגעסן. שוין קינדווייז האט זי ארויסגעוויזן אירע אייגנשאפטן פון א פריילעכן, שטענדיק גוטמוטיקן כאראקטער, פון פינקטלעכקייט, ארבעטזאמקייט און פאראנטווארטלעכקייט. נאכן גראדואירן די סווענציאנער גימנאזיע איז זי אנגעקומען אין דער שוועסטער־שול אין דעם יידישן שפיטאל אויף טשיסטע אין ווארשע.

זי האט געארבעט אין דער מעדעם־סאנאטאריע כמעט ביזן אויסברוך פון דער לעצטער מלחמה. הגם זי האט קיין ספעציעלע פעדאגאגישע בילדונג ניט באקומען, האט זי זיך ביי דער ארבעט ארויסגעוויזן ניט נאר ווי א גלענצנדיקע שוועסטער, נאר ווי א טאלאנטירטע און אינטעליגענטע דערציערן: איר אינטואיציע, ליבע צו קינדער, איר פארשטיין דאס קינד מיט אלע זיינע בארעכטיקטע און אפט אומבארעכטיקטע קאפריזן, איר אויסערגעוויינלעך געדולד און שטענדיקער שמייכל, — האט כפל־כפלים געדעקט דעם מאנגל פון פראפעסיאנעל־דערציערישער בילדונג. זי האט געארבעט צווישן די קלענערע קינדער, וועלכע פלעגן אפט אויפכאפן זיך אינדערפרי אין א „שלעכטער שטימונג". חייקע פלעקסערס אריינגיין אין צימער, איר קלינגענדיקער „גוט־מארגן, קינדער", איר שמייכל און געלעכטער פלעגט ענדערן די שטימונג פון די קינדער, אזוי ווי מיט דער האנט אראפגענומען. די קינדער האבן איר באמת פארגעטערט, זי האט שטענדיק פארמאגט א רייכן מאטעריאל פון מעשהלעך און יידישע לידער, און די קינדער זיינען קיינמאל ניט מיד געווארן צו הערן דאס; זי האט אגב געזונגען שיין און מעלאדיש.

אין סאנאטאריע האט זי חתונה געהאט מיט דעם אדמיניסטראטאר מרדכי ראזענשטיין (היינט אין מעלבורן) און פאר דער מלחמה געבוירן א קינד. באלד ביים אנפאנג פון דער היטלער־מלחמה האט זי פארלאזן ווארשע און אוועק אליין מיטן קינד אין איר היימשטאט סווענציאן. דא איז זי אומגעקומען אין 1943 פון די הענט פון די דייטשע רוצחים.

י ו ס ף   ב ר ו מ ב ע ר ג

## פרידמאַן (האָכבערג), דינה —

געבוירן אין שעדלעץ ביי זייער פרומע עלטערן.

דינה האט אנגעהויבן איר פעדאגאגישע טעטיקייט אין שעדלעצער זומער־קאלאניע. און שוין דא האט זי זיך אויסגעצייכנט מיט אירע פייאיקייטן און ליבשאפט צום קינד. פון דעמאלט אן ארבעט זי א צען יאר אין דער פאלקשול, וואס איז געשאפן געווארן פון די פאלקיסטן אין שעדלעץ.

דינה איז געווען אן אמתער פאלקסקינד. פשטות און טיפער גלויבן אין מענטש זיינען געווען אירע איינגעבוירענע אייגנשאפטן. און כאטש אין איר פערזענלעכן לעבן האט זי געהאט גענוג אנטוישונגען, איז זי דאך פארבליבן די זעלבע דינה.

סוף די צוואנציקער יארן איז זי מיט איר קינד דוידל געקומען קיין ווארשע און

געוואָרן אַ לערערין אין דער ציש״אָ־שול פון מילע 51 אויפן נאָמען פון ב. מיכאַלעוויטש. אויך דינה'ס זון דויד ווערט אַ שילער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן.

אין דער ציש״אָ־שול־אַרבעט איז דינה פרידמאַן געווען די לערערין־צדיקת. מיט פרומסטער דביקות האָט זי געפירט איר אַרבעט אין קלאַס, אין וועלכער ס'איז געלעגן אַ סך פּעדאַגאָגישער טאַלאַנט און מאַמעשע האַרציקייט. זי איז געווען אַרבעטזאַם און איבערגעגעבן. זי האָט כסדר זיך געלערנט און פאַרפולקאָמט. זי האָט בעיקר געאַרבעט אין די אָנפאַנג־קלאַסן. קינדער האָבן איר ממש פאַרגעטערט. זי האָט ליב געהאַט די שול און אַרויסגעוויזן אין אַלץ אַ סך פאַראַנטוואָרטלעכקייט. זי איז געווען אויסגעבונדן מיט אַלע שול־אַקטיוויטעטן און קינסטלערישע אַרויסטרעטונגען פון די קינדער. זי איז אויך געווען אַ גלענצענדע לערערין פון האַנטאַרבעט אין אַלע קלאַסן.

די לעצטע יאָרן אַרבעט זי גלייכצייטיק אין דער ציש״אָ־שול און אין דעם קינדערהיים פון דער געזעלשאַפט „טאָז". — זי אַליין האָט טאַקע אָרגאַניזירט דאָרט דעם קינדערהיים און אים געפירט אויף אַ גלענצענדן אופן.

ביי וועלכע אומשטענדן דינה פרידמאַן איז אומגעקומען, איז אונז נישט באַקאַנט. דערפאַר ווייסן מיר פון דער מאַרטירער־כראָניק אַז דינה פרידמאַנס זון דויד איז אומגעקומען ווי אַ העלד אין די געטאָ־קאַמפן אין וואַרשע. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 18־19 יאָר.

מאַרעק עדעלמאַן, איינער פון די קאָמענדאַנטן פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשעווער געטאָ, דערציילט אין זיין בוך „די געטאָ קעמפט":

„דויד האָכבערג, דער קאָמאַנדיר פון דער קאַמפס־גרופּע אין דער צענטראַלער געטאָ, נאָך כמעט אַ קינד. זיין מוטער, וואָס האָט אים אַזוי ליב געהאַט, האָט אים נישט דערלויבט אַריינצוטרעטן אין דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. זי האָט אים אַזוי געוואָלט פאַרהיטן. בעת די דייטשן דערנענטערן זיך צום שוץ־פונקט, וואו עס געפינען זיך פינף קאַמפס־גרופּן און עטלעכע הונדערט ציווילע מענטשן, און זייער טויט איז דוכט זיך אומפאַרמיידלעך — גיט דויד אַוועק דאָס געווער און מיט זיין קערפּער פאַרשטעלט ער דעם שמאָלן דורכגאַנג. און אין אָט דער פּאָזיציע דערמאָרדן אים די דייטשן. און עס איז נישט לייכט פון דעם שמאָלן שפּאַלט אַרויסצושלעפּן זיין קערפּער. ביז דאָס איז געשען, האָבן אַלע ציווילע מענטשן מיט די קעמפער באַוויזן צו פאַרלאָזן דעם שוץ־פונקט".

**פרידמאַן, ישעיה** — געווען איז ער פון די געציילטע חברים וואָס זיינען געקומען אַזש פון גאַליציע אין דעם ווילנער לערער־סעמינאַר. אַ פאַרליבטער אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט ער זייער שיין רעציטירט די מאָדערנע שאַפונגען פון דער יידישער פּאָעזיע, איבערהויפּט פון זיין לערער משה קולבאַק וועמען ער האָט ממש פאַרגעטערט.

מיין ערשטע קאָנטשאַפט מיט אים דאַטירט זיך פון יאָר 1930, ווען איך בין געווען אַ דריטער חבר צו אַ צימער אין אינטערנאַט פון יידישן לערער־סעמינאַר.

ישעיה פרידמאַן איז געבוירן געוואָרן אין גאַליציע (די שטאָט איז מיר אומבאַקאַנט) אין 1906. זיינע עלטערן, איבערגעגעבענע ציוניסטן, האָבן אין די צוואַנציקער יאָרן פאַרלאָזן פּוילן און זיך באַזעצט אין ארץ ישראל. דער יונגער ישעיה וואָס האָט שוין דאַמאָלס געלערנט אין יידישן לערער־סעמינאַר האָט זיך אָפּ־

געזאָגט צו פֿאָרן מיט זיינע עלטערן און ער איז געבליבן אין פּוילן.

„מיין לאַנד איז פּוילן און דער קאַמף דאָ אויפֿן אָרט — דאָס איז מיין לעבן!" — האָט ער מיר איין מאָל אַ זאָג געטאָן, ווען איך האָב אים אויפֿמערקזאַם געמאַכט פֿאַר וואָס ער פֿאָרט ניט זיך פֿאַראייניקן מיט זיין משפּחה.

הגם קיין פּאַרטיי־חבר איז ער נישט געווען, דאָך האָט ער סימפּאַטיזירט מיט דער פּראָגרעסיווער יידישער יוגנט וואָס איז געשטאַנען נאָענט צום קאָמוניזם.

ווען דער יידישער לערער־סעמינאַר אין ווילנע ווערט געשלאָסן דורך דער שול־מאַכט, איז דאַמאָלס ישעיה פרידמאַן צווישן די יעניקע אַביטוריענטן וואָס זייערע לערער־דיפּלאָמען ווילן ניט אַנערקענט ווערן און ער קען לעגאַל ניט אַריינקומען לערנען. י. פרידמאַן איז אָבער אַן ענערגישער מענטש און עס געלינגט אים צו באַזייטיקן די פֿאַרשיידענע מניעות און ער, צוזאַמען מיט זיין חבר ישראל ליכטנשטיין, קומען אַן אין דעם פּריוואַטן לערער־סעמינאַר פֿון ד"ר ש. י. טשאַרנאָ. ווען ער ענדיקט דאָרטן דעם לערער־סעמינאַר, קומט ער אַן אַרבעטן אין די יידישע שולן. די גאַנצע צייט אַרבעט ער אין דער יידישער שול אין ווילייקע לעבן ווילנע, וואו ער פֿאַרנעמט דעם אַמט פֿון פֿאַרוואַלטער.

אויסער לערעריי פֿאַרנעמט זיך י. פרידמאַן אויך מיט זשורנאַליסטיק. ער דרוקט פֿון צייט צו צייט אַרטיקלען אין „ווילנער טאָג" און אין אַנדערע ווילנער אויסגאַבעס אויף געזעלשאַפֿטלעכע און פּעדאַגאָגישע טעמעס.

דאָס לעצטע קאַרטל האָב איך באַקומען פֿון אים אין מאַי 1939. צווישן אַלעמען שרייבט ער מיר:

„...איך אַרבעט נאָך אין דער זעלביקער שול. איך בין דער פֿאַרוואַלטער. און אַזוי זיצט מען און מען קנעלט. מיר האָבן זיך געגרייט דאָ ניט לאַנג צו דער אויסשטעלונג „יידן אין פּוילן". ווייסטו דאָך פֿון דער פּרעסע וואָס עס איז געוואָרן. אויב דו ווילסט, קענען דיינע קינדער אָנשרייבן צו מיינע אַ בריוו, אָבער דאָס איז שוין אַ מעשה אויפֿן קומענדיקן יאָר. דאָס וואָלט געווען דערווייל גענוג, בפֿרט, אַז איך בין מסופּק, צי דאָס קאַרטל וועט צו דיר דערגרייכן... דאָ זאָגט מען, אַז עס וועט זיין אַ הייסער זומער! מען וועט מסתּמא קענען זיך ברענען און פֿאַרברענט ווערן!"

צום באַדויערן זיינען זיינע אָנונגען געוואָרן טרויעריקע וואָר און אין דער גרויסער שׂרפֿה איז אויך פֿאַרברענט געוואָרן דער גראַדליניקער מענטש און לערער מיט שאַרפֿע פּרינציפּן ישעיה פרידמאַן, וואָס האָט געמוזט צוליב פּאָליטישגעזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט משנה זיין זיין נאָמען אויף ישעיה פרידבערג. ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פֿרוי חנה אַן אינסטרוקטאָרין אין ווילנער „הילף דורך אַרבעט" און זייער איין און איינציקן זון פּנחס.

ל. באַיאַן

## פרידמאַן, לייבל

— פֿון די טיפֿענישן פֿון דער יידישער נויט איז ער צו אונדז געקומען, פֿון „סקיף", „צוקונפֿט", „מאַרגנשטערן" — ביז אַ לערער פֿון גימנאַסטיק אין די ציש"אָ־שולן, לאָדזש. פֿון ענגע בוידעם־צימערל, וואו ער האָט געלעבט, האָט זיך זיין קערפּער און גייסט געריסן צו דער פֿרייער, זוניקער וועלט. און געוואָלט האָט ער, אַז דער יונגער נייער דור זאָל אויסוואַקסן אַ געזונטער, נישט איינגעבויגענער, פֿעסטער און שטאָלצער. איז ווער האָט לייבלען געקענט פֿאַרגעסן? אויסגעגלייכט האָט ער אונדזערע רוקנס, פֿעסטער געמאַכט אונדזער מידן

גאנג, און מיטגעריסן אונז צו זון, ליכט און לופט, אין פרייע שעהן פלעגט ער אונז לערנען לידלעך וועגן בערג, בלויען הימל און קלארע וואסערלעך. מיר האבן מיטגעזונגען מיט אים און פארגעסן דעם פינצטערן ארום, און אריבערגעטראגן זיך אין אן אנדער וועלט, אין א קינדעריש פריידיקער און לוסטיקער.

אין 1939 איז לייבל געלאפן נאך ווארשע, געארבעט ביז 1940 אין דער מעדעם־סאנאטאריע, און צוזאמען מיט אונזערע טייערע קינדערלעך אוועק נאך טרעבלינקע. אונזער טייערער לייבל.

ל י ל ק ע   נ ו ט ק ע ו ו י ט ש

***

די געוועזענע שילערין פון לאדזשער מעדעם־שול, ר. מינסקא־סענדער, שרייבט:

„לייבל פרידמאן האט זיין גאנצע מי און ענערגיע אריינגעלייגט צו דערציען א פיזיש־געזונטן יונגן יידישן דור. מיט אזוי פיל ליבע צו די יונגע ספארטלער האט ער אונז געלערנט ווי צו זיין א פריילעכע און מוטיקע יוגנט. אלע זיינע יארן איז ער געשטאנען ביי דער אנפירערשאפט פון „מארגענשטערן" און אויך געלערנט גימנאסטיק אין דער לאדזשער מעדעם־שול. ווען די מלחמה איז אויסגעבראכן, איז ער צוזאמען מיט זיין פרוי מאניע (געבוירן בארוכאוויטש) אוועק קיין ווארשע. דארט זיינען זיי ביידע אנגעקומען צו ארבעטן אין דער מעדעם־סאנאטאריע אין מיעדזעשין. זיי זיינען געווען איבערגליקלעך וואס זיי קענען ארבעטן אין דער מעדעם־סאנאטאריע. אין א יעדן בריף צו זייערע עלטערן איז געווען פול מיט לויב געמישט מיט טרויער און שרעק. שרעק פאר דער צוקונפט פון די קינדער אין דער סאנאטאריע. זייער שרעק איז נישט געווען אומזיסט... און ווען די נאצים האבן גענומען אויסקוילען די קינדער וועלכע האבן אזוי גליקלעך געלעבט אין דער פרעכטיקער סאנאטאריע, האט ל. פרידמאן די משהלעך און שרהלעך מיט זיינע הענט פארטיידיקט... נאך דער ליקווידאציע פון דער מעדעם־סאנאטאריע האבן ל. פרידמאן און זיין פרוי זיך א צייט ארומגעשלעפט אין דער געגנט פון דער סאנאטאריע. דערשעפט און צעבראכן, נישט פעאיק מער צו שטעלן קיין ווידערשטאנד, האבן זי זיך אליין געהייסן דערשיסן. דאס איז געווען זייער לעצטער וועג."

**פרידמאן, פאליע** — געבוירן אין פראגע ביי ווארשע ביי פרומע עלטערן. זי האט געענדיקט די באקאנטע פויליש־יידישע גימנאזיע פון ז. קאלעצקא, שפעטער אנגעקומען אין דער פרייער הויכשול „וושעכניצע", זי האט אבער איר בילדונג ניט פארענדיקט צוליב איר פארערגערטער מאטעריעלער לאגע. זי האט אנגעהויבן ארבעטן אלס לערערין אין די צישא־אנשטאלטן: עטלעכע יאר אין קאלושין, אין טשענסטאכאוו און שפעטער אין שעדלעץ. זי האט געלערנט פויליש אין אלע קלאסן, אויך געפירט „קאנצענטראציע" אין יינגערע קלאסן. איר ארבעט האט זיך אויסגעצייכנט מיט ערנסטקייט, איבערגעגעבנקייט, אינטעליגענץ. אויף פעדאגאגישע בארוטונגען האט מען זיך מיט איר מיינונג שטארק גערעכנט. זי האט חתונה געהאט מיטן באקאנטן שעדלעצער שול־ און קולטור־טוער איטשע אלטשולער, וועלכער איז געווען יארנלאנג מיטגליד פון דער דארטיקער שולפארוואלטונג און האט ממש געטראגן די שול אויף זיינע פלייצעס, — אין די 30־קער יארן באזעצן זיי זיך אין ווארשע, און פאליע ארבעט אין די בונדישע שולן אויף מילע און נאוואליפקי. שוין אין דער יוגנט איז זי געווען א מיטגליד פון יוגנט־

בונד „צוקונפט", און שפעטער האט זי געטאן א סך ארבעט אין דער פארטיי. זי איז געווען אן איבערגעגעבענע טרייע פארטיי־חברטע, א מענטש מיט א געזעלשאפטלעכן חוש, זיך באטייליקט אין פארשידענע פארטייאישע אקציעס.

וועגן פאליען בעת דער היטלער־מלחמה דערציילט צלובה קרישטאל:

„אין 1940 האב איך זיך מיט איר צום לעצטן מאל באגעגענט אין ביאליסטאק. זי האט געוואוינט ביי חנה זאקהיים אין הויז. פאליעס שטוב איז געווען דאן אן אמתע אכסניה — זייער א סך ווארשעווער חברים וואס זיינען אנטלאפן פון היטלער־גיהנום און אנגעקומען קיין ביאליסטאק, זיינען גלייך פון באן מיט די קלומיקלעך אריין צו פאליען. זי האט זיך נישט נאר געטיילט מיטן ביסן, נאר אויך מיט איר איינציקן צימער, וועלכן זי מיט איר גאנצער משפחה האבן פארנומען. זייער גאנצע שטוב האט זיך אויסגעצייכנט מיט אויסערגעוויינלעכער חברישקייט און אפפערוויליקייט. הארט פאר מיין אפפארן פון ווילנע קיין יאפאן, האט מיך פאליע ארויסגערופן צו א טעלעפאנישן געשפרעך. זי איז דאן שוין געווען אין קרעמעניעץ (מיר זיינען די גאנצע צייט געווען אין שריפטלעכער פארבינדונג). לײדער, איז זי צום טעלעפאן נישט געקומען, און אזוי האבן מיר זיך אויף שטענדיק פארלוירן..."

## פרידקין, אייזיק און זיין פרוי —

פרידקינס פרוי איז געווען א לענגערע צייט לערערין אין קינדער־גערטנער פון צ.ב.ק., ווילנע. זי איז אומגעקומען אין דער אקציע פון „געלע שיינען". איר מאן — אייזיק פרידקין, שריפטשטעלער און זשורנאליסט — איז צוגענומען געווארן צוזאמען מיט צוויי זין — פון די כאפערס אין 1941, אויף פאנאר.

**פריימאַן, פייגע** — געשטאמט פון אן „אומער" גאס אין ווארשע, דאס איז די באקאנטע מילע־גאס, וואו יידן האבן געלעבט אין א גאנץ אייגנארטיק יידישפאלקסטימלעך לעבן. דארט איז געווען א געמיש פון קלאסן — ארעמעלייט, בעלמלאכות, קליינע סוחרים און אויך א גביר האט דארט געקענט וואוינען.

פייגע פריימאן, נישט געקוקט אויף דער נויט אין איר היים, האט באזוכט א גימנאזיע און זיך אליין אויסגעהאלטן דורך פריוואטע לעקציעס. נאכן פארענדיקן גימנאזיע האט זי פארגעזעצט איר בילדונג אויף פ ע ד א ג א ג י ש ע קורסן. אין די יונגע יארן אירע, ווען זי איז נאך געגאנגען אין שולע, איז זי פארכאפט געווארן פון א שטראם, וואס האט זיך אריינגעריסן אין דער יידישער גאס און געהאט א גרויסע השפעה אויף יידישע טעכטער, — מען האט זיך אנגעהויבן צירן אין „פוילישקייט".

אן אינטערעסאנטע דערשיינונג געווען:

א געוויסער טייל פון דער יידישער יוגנט פון נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלכע איז געווארן געפייניקט פון די שכנים, אט די געליטענע האבן דווקא געוואלט ווערן פויליש און אנגעהויבן „קאקעטירן" מיט יענער שפראך; און אויפגענומען דאס פרעמדע לשון, באנוצט זיך דערמיט און געווען די פאקטישע פראפאגאנדיסטן פאר אסימילאציע. דאס זיינען גראד געווען — יונגע פרויען, מערער ווי יונגע מענער.

אויך פייגע פריימאן איז געווען פארכאפט א געוויסע צייט פון יענע אסימילאציע־טענדענצן; א לענגערע צייט נאך ווי איך האב איר געקענט, האט זי נאך אלץ ליב געהאט זיך צו באנוצן מיט פויליש, ווי דאס וואלט טאקע צוגעגעבן מער חן צו איר יידישן פנים.

אָבער אויב אַ געוויסער טייל פון דער דערמאָנטער יוגנט האָט זיך געפּרואווט דערוווייטערן פון יידישע פּראָבלעמען, איז אָבער ביי אַ גרויסן טייל פון זיי, וועלכע האָבן זיך אָנגעטראָפן מיט אַ סך שוועריקייטן אין לעבן און דיסקרימינאַציעס, רייפער געוואָרן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל און זיי האָבן זיך דערנענטערט צוריק צו דער יידישער געזעלשאַפט פון וועלכער זיי האָבן זיך פריער געוואָלט דערווייטערן.

פּייגע פריימאַן האָט אַדורכגעמאַכט אָט די עוואָלוציע.

זי איז געווען נאָך גאָר אַ יונגער מענטש, ווען די נאַצי־מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז זי נאָך קיין דרייסיק יאָר נישט אַלט געווען. זי איז שוין דעמאָלט לאַנג אַ פּאָר יאָר געווען אַ לערערין אין דער יידישער פאָלקשול אין וואַרשע, נאָוואָליפּקי 68 — אָנגעפירט דורכן „באָראָכאָוו־קוראַטאָריום".

זי איז געווען אַ לערערין פון פּוילישער שפּראַך און ליטעראַטור. זי איז גערעכנט געוואָרן פאַר אַ גוטע לערערין און פאַר אַ גוטע חברטע.

כאָטש זי האָט געפירט דעם לימוד פון פּויליש און ווי פריער דערמאָנט אויך „אונטערגעזינדיקט" אַ געוויסע צייט מיט אַסימילאַציע, האָט פּייגע אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן אינטערעס פאַר יידיש־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען און פאַר יידישער גייסטיקייט, פאַר ליטעראַטור און קונסט ספּעציעל. זי האָט ליב געהאַט אַ יידיש ליד און האָט פאַרשטאַנען און אַרויסגעזאָגט ריכטיקע מיינונגען וועגן ליטעראַרישע ווערק און זייערע מחברים. זי איז געווען פון די שטענדיקע באַזוכער אויף די ליטעראַרישע אָוונטן אָדער דיסקוסיעס פון „טלאָמאַצקע 13".

אַ גרויסע השפּעה האָט אויף דער יונגער פּייגע פריימאַן געהאַט דאָס פאַרפאָלק טייכמאַן — ער, משה טייכמאַן, אַ באַקאַנטער יידישער לערער אין וואַרשע, אַ שרייבער און רעדאַקטאָר פון דעם פּאָפּולערן פאַרלאַג „קינדער פריינד", און זי, די פרוי טייכמאַן, אַ וואונדערבאַרער מענטש, אויך אַ לערערין פון דער יידישער פאָלקס־שול. זיי ביידע, מיט וועמען פּייגע איז געווען ספּעציעל נאָענט, האָבן איר אַריינגעפירט טאַקע אין דעם קרייז פון יונגע שרייבער, און דאָס האָט אויף איר אַ סך געווירקט צום גוטן.

אין נאָוועמבער־דעצעמבער 1939, ווען פון וואַרשע זיינען געלאָפן צענער טויזנטער יידן זיך ראַטעווען פון דער ברוינער בעסטיע, האָט זי זיך פּלוצים אויך באַוויזן אין ביאַליסטאָק. געווען דאָרט עטלעכע טעג, נישט געפונען קיין רו דאָרט, ווייל אין דער היים זיינען געבליבן אירע נאָענטע, איז זי צוריק אַוועק קיין וואַרשע. אין געטאָ האָט זי אָנגעפירט מיט אַ קינדערהיים פון „צענטאָס" (צענטראַלע פאַר יתומים און קינדער הילף). דאָ אין געטאָ האָט זי געטיילט דעם גורל פון אַלע יידן.

מ. וואַלדמאַן

## פריינט (פריינד), אברהם (אַדאָלף)

— געבוירן אין לעמבערג אין 1890 אין אַ הויז פון אַסימילירטע



עלטערן, האָט ער געענדיקט אַ מיטלשול און לערער־סעמינאַר. זייט 1909 האָט ער געהערט צו דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, געווען פאַרזיצער פון דער לעמבערגער יוגנט־אָרגאַניזאַציע און מיטגליד פונעם צ.ק. „יוגנט". אין 1919 פאָרט ער אַריבער קיין וואַרשע, און ער איז דאָ יאָרנלאַנג טעטיק אין דער קינדער־אָרגאַניזאַציע

„יונגבאר" און אנדערע פארטיי־אינסטיטוציעס. ער שליסט זיך אן אין דער יידישער שול־באוועגונג, און פון 1924 איז ער פארוואלטער פון דער באראכאוו־שול אויף דזיקע 6. ער לערנט דא פוילישע שפראך און געשיכטע אין די עלטערע קלאסן. ער לערנט אויך אין דער שול מוראנאוו 16. ער פירט אן מיט קינדער־קאלאניעס. ער איז באטייליקט אין יוגנט־צוזאמענפארן, ער איז סעקרעטאר פון דער געזעלשאפט „שול און דערציונג" און איז בכלל טעטיק אין דער שול־ארגאניזאציע. א מענטש מיט העכערער בילדונג און קולטור, א פריינטלעכער און סיסטעמאטישער, איז ער ניט נאר א גוטער לערער נאר אויך א גוטער ארגאניזאטאר אין אלע אנגערופענע געביטן.

אומגעקומען איז ער אין ווארשעווער געטא צוזאמען מיט זיין פרוי, זון און טאכטער.

**פרישדארף, אנקע** — געענדיקט א מיטלשול און פרעבעל־קורסן. די ערשטע יארן האט זי געארבעט אין פארשול־אנשטאלטן וואס האבן זיך געפירט אויף פויליש. שפעטער האט זי זיך פארבונדן מיט די אנשטאלטן פון ציש"א. זי האט באזוכט קורסן און קאנפערענצן וואס די ציש"א האט ארגאניזירט פאר די פארשול־ארבעטערינס. זי האט געארבעט אלס פרעבעליסטין אין עטלעכע פראווינץ־שטעט, און אין די לעצטע יארן — אינעם לאדזשער קינדערגארטן וועלכער איז געווען סובסידירט פון לאדזשער מאגיסטראט, כאטש ער איז געווען געפירט אויף יידיש. אנקע פרישדארף איז געווען א שטילע באשיידענע און צארטע נשמה, זי האט ארויסגעוויזן א סך אויפמערקזאמקייט און מוטערלעכע ליבע צו די קינדער.

**פרענקעל, הערמאן** — אליין א לאדזשער, איז ער א צייט געווען לערער אין דער דארטיקער באראכאוו־שול. שפעטער שיקט אים די ציש"א קיין זשעטל, און ער פארבלייבט דארט עטלעכע יאר. ה. פרענקעל ברענגט אריין זייער א סך לעבן ניט נאר אין דער שול נאר אויך אין גאנצן שטעטל. ער ווערט איינער פון די אקטיווע טוער אין אלע ווירטשאפטלעכע און געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס אין שטאט. ער פירט אן מיטן דראמאטישן קרייז. די שול אנטוויקלט זיך און דערגרייכט 6 קלאסן.

ה. פרענקעל איז געשטארבן דעם 19־טן פעברואר 1940 אין זשעטל פון א פאראליטש.

**פרענקעל, לייבל** — געקומען איז ער אין זשעטל ווען עס זיינען שוין געווען אין שטעטל צוויי שולן: די יידישע ציש"א־שול און א תרבות־שול. אונזער שול איז דאן געווען אויף גאר גרויסע צרות, ווייל חוץ דעם וואס די ארעמקייט איז געווען גרויס, זיינען נאך די רייכערע קינדער געגאנגען אין תרבות.

א הויכער, א ברייט־ביייניקער, א צארט בלאס פנים, די האר גלאט פארקעמט, זיי פלעגן ווידערשפעניק אים אראפפאלן אויפן שטערן. א פאר אומעטיקע, פארטראכטע אויגן. אנגעטאן אין א ווייסע בלוזע מיט א שווארצן ברייטן שלייף אונטערן קראגן, האט אים דאס שטעטל אנגעקוקט און אפגעשטימט: „א טאלסטאַוועץ". און אזוי איז עס שוין געבליבן. קיינער האט ניט געזוכט צו דערגיין גענוי. וואס אפגעשטימט, איז אפגעשטימט.

געשטאמט האט ער פון ווילנע. געענדיקט דעם יידישן לערער־סעמינאר, ביי איינעם פון די ערשטע ארויסלאזן. זיינע לעקציעס פון ליטעראטור און יידיש פלעגן

זיין זייער אינטערעסאַנט. ער האָט זיך אָבער אונטערשיידט פון די איבעריקע לערער, ווייל אחוץ די לעקציעס איז ער געבליבן אַ סעמינאַריסט, אַ שילער, און מיט דער אנדערשקייט האָט ער געוואונען זיין עולם. די שול־קינדער זיינען געווען זיינע תלמידים, זיינע חברים און דער עיקר זיינע פריינט.

ער איז ניט געווען געזעלשאַפטלעך אַק־טיוו. איין אינטערעס האָט ער געהאַט — די שול.

צווישן אַלע דערוואַקסענע אויסגעזען ווי אַ פּרוש. געדרויטלט זיך, געשעמט זיך. זיינע אויגן האָבן שטענדיק געזוכט אַ פרייען אָרט וואו קיינער שטייט ניט. שטענדיק האָט ער געטרוימט. געקוקט צו אַ וועלט אַ שענערע, אַ בעסערע, אַ ליכ־טיקערע. ווי אַזוי מען קומט צו איר? — ניט געוואָלט טראַכטן. ער פלעגט זיך געבן אַ טראַג איבער ערגעץ ווייט. און אים איז שוין געווען גוט. זעלטן מען האָט געזען אַ לערער אַזוי יונג, אַזוי גוטמוטיק ווי ער איז געווען.

לייבל פרענקעל, וואָס האָט ליב געהאַט די קינדער האָט אויך ליב געהאַט די פעל־דער, די וועלדער די בלומען. יעדעס גרע־זעלע און פליגעלע וואָס ער האָט געזען.

ער האָט זיך אַזוי אַנטציקט מיט יעדער זון־אויפגאַנג און זון־פאַרגאַנג. ער האָט געטרוימט פון אַ וועלט, וואו עס וועלן קיין הונגעריקע ניט זיין. ווייל ער אַליין איז געווען הונגעריק.

שטיל, פּינקטלעך, אַז קיינער זאָל ניט דערקענען אויף אים, פלעגט ער קומען אַ הונגעריקער אין שול.

געווען איז עס דאַן ווען דער דלות האָט זיך פשוט אריינגעקליבן אין שול. די דראַם־קריזן ביי דער שול האָבן גע־ארבעט, אַלע ווילע זיצונגען, פאַרזאַמ־לונגען, שול־טוער לויפן אין וואַרשע. דאָס אַלץ אָבער האָט ניט דערמעגלעכט צו באהייצן די לאָקאַלן, צאָלן די לערער און דעקן אַלע הוצאות וואָס די שול האָט גע־דאַרפט. און ווען עס זיינען פלוצים גע־פאַלן פאַרשלאָגן וועגן שיקן די קינדער אַ היים בעטן ביי עלטערן שכר־לימוד, — דאַ איז לייבל פרענקעל געוואָרן אקטיוו: „נאָר ניט דאָס. נאָר ניט די קינדער. די קינדער טאָר מען אהיים נאָך געלט ניט שיקן. ס'איז ניט ריכטיק און ניט שיין".

איך ווייס ניט ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו. שטיל האָט איינער דעם צווייטן דערציילט, אַז אין קאַנצעלאַריע ביי לייבל פרענקעל קען מען קריגן העפטן און בלייערס, פאַרן זעלבן פרייז וואָס אין גע־שעפט. און — האָבן קינדער געקויפט צען העפטן, האָט דער לערער געקענט קויפן אַ בולקעלע איבערכאַפּן דאָס האַרץ און פירן די ווייטערדיקע לעקציעס.

וויפל דערהויבנקייט, וויפל מסירת נפש!

און ווען ער האָט סוף אַ שול־יאָר באַ־שטימט פאַרלאָזן דאָס שטעטל, און אוועק ארבעטן אין לידע, האָבן שילער און אביטוריענטן שטיל געוויינט. יעדער פאַר זיך האָט געהאָפט און געוואונטשן אים „ער זאָל געפינען אַ בעסערע שול. מיר זיינען אים ניט ווערט."

אין לידע האָט די טיפוס־קרענק אים געכאַפּט. קאַנטיק אַז די קרענק דערקענט גיכער אַ הונגעריקן און אָפּגעשוואַכטן ווי דער גאַנצער אָרום.

אין אונזער שול האָט מען אויפגעהאַנ־גען זיין בילד, געמאַכט אַ טרויער־אקאַ־דעמיע. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געוויינט נאָכן פאַרשטאָרבענעם לערער.

ר ב ק ה מ י ר ס ק א

## צאַמבער, ליפּמאַן — געבוירן 1895

אין קוטנע, פּוילן. זיין פאָטער האָט זיך פאַרנומען מיט שרייבן ביטעס צו דער

שטאַט־רעגירונג פאַר מענטשן וואָס האָבן ניט געקאָנט דינגען קיין אַדוואָקאַט. ליפּמאַן צאַמבער האָט געענדיקט אין קוטנע אַ האַנדלס־שול, געווען טעטיק אין דער פאָלקס־פּאַרטיי, שפּעטער אין „בונד".

ווען עס האָט זיך געעפנט די ערשטע יידישע שול אין קוטנע אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ, איז ל. צאַמבער געוואָרן איר פאַרוואַלטער און לערער. ער האָט חתונה געהאַט און מיט זיין פרוי און קינדער זיך איבערגעקליבן קיין וואַרשע. דאָרט האָט ער געאַרבעט אין אַ „ציש"אַ"־שול און גלייכצייטיק באַזוכט דעם אוניווערזיטעט, וואו ער האָט באַקומען זיין דאָקטאָראַט אויף געשיכטע. ער האָט, אחוץ אין די „ציש"אַ"־שולן, אויך געאַרבעט אין אַ נאָכמיטאָג־גימנאַזיע. ער האָט אָנטייל גענומען אין אַ סך יידישע געזעלשאַפטלעכע קולטור־אינסטיטוציעס. געווען איינער פון די איבערגעגעבנסטע לערער און געזעלשאַפטלעכע טוער, מיט אַ סך ענערגיע און ליבשאַפט צו יידיש וויסן.

ווי עס גיט איבער מירל ערדבערג־שאַטאַן, האָבן מענטשן וועלכע האָבן באַגעגנט ל. צאַמבערן נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, דערציילט, אַז ער איז אין מלחמה־צייט געווען אַ פאַרוואַלטער פון אַ קינדער־סאַנאַטאָריום. די דייטשע רוצחים האָבן אים פאָרגעלייגט ער זאָל זיי איבערגעבן די קינדער און ער וועט בלייבן לעבן. ווען ער האָט זיך דאָס אָפּגעזאָגט אויסצופאָלגן, האָבן זיי אים אומגעבראַכט מיט די קינדער צוזאַמען.

ל. צאַמבער איז געווען זייער אַקטיוו אינעם קרייז „יונגע היסטאָריקער" אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן. ער איז געווען מיטאַרבעטער אין די „בלעטער פאַר געשיכטע" און „יונגן היסטאָריקער" וועלכע זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין וואַרשע. אין 1934 איז געווען אָפּגעדרוקט זיינער אַן אַרטיקל „די באַציאונג פון דער פּרייסישער מאַכט צו די יידן אין פּוילן פון דער צווייטער ביז דער דריטער חלוקה (1793—1795)" (בלעטער פאַר געשיכטע). אויסער דעם האָט ער נאָך אָנגעשריבן די ווייטערדיקע אַרבעטן:

„אַ בילד פון יידישן קולטור־לעבן אין אַ פּוילישער שטאָט אין אָנהייב פון 19 יאָרהונדערט (די קוטנער חברא קדישא אין אָנהייב פון 19 י"ה). „יונגער היסטאָריקער" נומער 1, וואַרשע 1926;

„אַ מכלומרשטער פּרואוו צו קאָלאָניזירן יידן אויף דער ערד אין איבערגאַנג פון 18 - 19 י"ה", „יונגער היסטאָריקער" נומער 2, וואַרשע, 1929.

ער איז פון צייט צו צייט געווען לייטער פון קאָלאָניעס ביי דער „קולטור־ליגע".

## ציגאַן, לייבל

— געבוירן אין ביאַליסטאָק. זיין פאָטער איז געווען איינער פון די גרעסטע קאָנצערטיסטן. לייבל ציגאַן איז געווען לערער אין „יוגנט־פאַריין־שול" — געלערנט דאָ מוזיק, פידל און מאַנדאָלינע. ער האָט שטענדיק אָנגעפירט פאַרשיידענע אונטערנעמונגען פון די שולן. ער איז אויך געווען לערער פון מוזיק אין די אָרטיקע גימנאַזיעס. ל. ציגאַן (געווען פאַרהייראַט) איז אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

## ציילאָן, יהושע

— איך האָב זיך מיט ציילאָנען באַגעגנט און באַקענט אין יאָר 1928, ווען איך בין געפאָרן אַהיים פון לונע קיין מלאווע אויף די פּסח־וואַקאַציעס. אָפּשטעלנדיק זיך אין וואַרשע אויף עטלעכע טעג האָב איך ציילאָנען, דעם געוועזענעם לערער פון לונער שול, איבערגעגעבן אַ לעבעדיקן גרוס פון זיין לונער חבר יאַנקל קליאַטשקאָווסקי. ער

האָט מיר שוין אַזוי לייכט ניט אָפּגעלאָזט, זיין פרייד איז ממש דערגאַנגען ביז קינדערישן עקסטאַז. זיך נאָכגעפרעגט אויף יעדן איינעם און אויף יעדער קלייניקייט.

פון דער צייט אָן בין איך באַרייכערט געוואָרן מיט אַ טייערן גוטן חבר. אונזער פריינדשאַפט איז מיט דער צייט אַלץ ענגער און אינטימער געוואָרן. ווען איך פלעג קומען קיין וואַרשע, האָב איך שוין צום ערשטן אָנגעקלאַפּט אין ציילאַנס טיר. ער פלעגט אַרויסווייזן אומבאַגרענעצטע פריינדשאַפט צו יעדן חבר וואָס איז געקומען אים באַזוכן. און יעדער איינער וואָס האָט אים געקענט, האָט גערעדט וועגן אים מיט אויסדרוקן פון בענקשאַפט. אַזוי האָט מען וועגן אים גערעדט אין לונע, וואו ער איז געווען לערער אין דער שול איידער איך בין דאָרט אַהין געקומען. ער האָט זיך דערוואָרבן מיט זיין איבערגעגעבענער אַרבעט אין און אַרום דער שול — גרויס אָנערקענונג צווישן אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג און באַזונדערס אַ הייסע ליבשאַפט צווישן זיינע תלמידים. ציילאַן איז געווען איינער פון די ערשטע אידעאַליסטן־לערער פון לונער שול. זיין פּראָפעסיע ווי אַ לערער איז געווען, קען מען זאָגן, תורה לשמה.

צוליב פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן האָט ער נאָך דריי יאָר געמוזט אויפגעבן זיין שטעלע אין לונע און זיך אומקערן אַהיים קיין וואַרשע. געטאָן האָט ער דאָס מיט אַ ביטער האַרץ. ער האָט אָבער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. ער איז אַוועק פון לונע מיט דער האָפענונג זיך אין קורצן צוריק אומקערן אַהין און זיך שוין דאָרט באַזעצן ווי אַ תושב. איך האָב זיך טאַקע מיט ציילאַנען באַגעגנט בעת דעם צייטווייליקן איבעררייס פון זיין לערער־קאַריערע. דער תמיד קינדעריש־שמייכלענדער ציילאַן פלעגט ווערן ערנסט פאַרטראַכט ווען מע פלעגט אים ברענגען אַ גרוס פון זיין שול. זיין האַרץ האָט געצויגן אַהין, וואו ער האָט שוין געהאַט ביי זיך אָפּגעמאַכט צו בויען זיין שטענדיקע היים, וואו ער האָט זיך שוין געהאַט איינגעבירגערט און ליב באַקומען די מענטשן וואָס האָבן געהאָלפן אויסצוהאַלטן די שול. זינט ער איז אַוועק פון לונע האָט ער אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקע קאָרעספּאָנדענץ מיט קליאַטשקאָווסקין, זיך אינפאָרמירט וועגן יעדער קלייניקייט. פון צייט צו צייט האָט מען אין זיינעם אַ בריף געפונען אַ געלט־אָנווייזונג, אַ מתנה פאַר זיין שול.

י. ציילאַן האָט געשטאַמט פון אַ רייכער פאַמיליע, און געוואָרן איז ער אַ לערער ניט צוליב פּרנסה נאָר טאַקע אויס אַ ריין אידעאַליסטישן דראַנג. זיינע אַספּיראַציעס זיינען געווען ריין קולטורעלע. פּאָליטיש איז ער, דאַכט זיך, ניט געווען פאַרבונדן מיט קיין שום פּאַרטיי. געהאַלטן האָט ער זיך פאַר אַ פאָלקיסט און גערעדט ביי יעדער געלעגנהייט מיט באַגייסטערונג וועגן די דערגרייכונגען פון „בונד". ער האָט ליב געהאַט די יידישע שפּראַך און גערעדט האָט ער אַ יידיש דורכגעפלאָכטן מיט אָן אַ שיעור אידיאָמען. עס איז געווען אָנגענעם אים צו הערן רעדן. באַזונדערס האָט ציילאַן ליב געהאַט צו פאַרבלאָנדזשען אין לאָקאַל פון ציִשאַ בעת וואַקאַציעס, ווען ער האָט געוואוסט אַז ער וועט דאָרט טרעפן אַ חבר וואָס קומט פון דער פּראָווינץ. ער האָט ליב געהאַט מענטשן בכלל, אמנאָענטסטן איז אים אָבער געווען דער יידישער לערער.

די לעצטע ידיעה וואָס איך האָב באַקומען וועגן ציילאַנען, איז אַזאַ: אין דער צייט פון דער גרויסער מהומה, ווען יעדער איז געלאָפן פון וואַרשע וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן, כדי זיך צו ראַטעווען פון די נאַצישע מערדער, איז ציילאַן אַוועק

קיין לונע. יא, ציילאן האט געהאלטן ווארט. ער איז צוריקגעקומען צו זיין באליבט שטעטל, לײדער ניט אין די אומשטענדן אין וועלכע ער האט געהאפט צו קומען קיין לונע. און ער האט געטיילט דעם זעלביקן ביטערן גורל פון זיינע לונער מיטברידער...

ח. יאניש

**ציפקין, ראובן** — אין לערן־יאר 1940־41 ווען די סאוועטישע מאכט אין ווילנע האט געמאכט אן איבערשיכטונג פון די שולן, האט מען מיך איבערגעשיקט אין דער שול „מפיצי השכלה" וואו ראובן ציפקין איז געווארן פארוואלטער. דאס איז געווען א מענטש — באמת זעלטן ווען מען קען טרעפן מיט אזוי פיל מעלות: א גלענצנדער פעדאגאג, און א וואונדערבארער חבר ביי דער ארבעט. ער האט פארמאגט פיל וויסן און א סך קולטור. דעם יאר האבן אלע זיך געריסן צו געפעלן ווערן דער נייער מאכט, אבער ער האט צום ווייניקסטן געשלאגן אויף עפעקט, געטאן זיין באשיידענע ערנסטע אויפריכטיקע ארבעט, וועלכע האט געגעבן וואונדערבארע רעזולטאטן. ער איז נאך דאן געווען יונג, געהאט האט ער אין פערסאנאל פיל עלטערע לערער פון זיך און גאר פון אן אנדער שניט; דאך האט ער זיך ארויסגעוויזן ניט נאר א גלענצנדער הערציער פון די קינדער, נאר אויך פון די לערער — עס האט געהערשט הארמאניע ביי דער ארבעט — און נאר א דאנק דעם לערער ציפקינס טאקט.

דעם 6־טן סעפטעמבער 1941 האט מען אונז אריינגעטריבן אין געטא — אין די עטלעכע שמאלע געסלעך האט מען דאן צוזאמענגעשפארט טויזנטער מענטשן. מען איז געלעגן אויף די הויפן איינע אויף די אנדערע, ווייל די דירות זיינען נאך דאן געווען פארשלאסן און פארשטעמפלט נאכן ארויסיאגן פון די דירות די אומגליקלעכע אין טאג פון דער באוואוסטער „פראוואקאציע". אין א טאג ארום האט מען אויפגעריסן די וואוינונגען און מען האט דארט אויף אן אמתן געוואוינט. אין ערשטן טאג פון געטא איז מיר געלונגען זיך אריינשפארן אונטער א דאך. די גרעסטע טייל איז געשטאנען א גאנצע נאכט אונטערן רעגן אויפן הויף (דאס איז געווען אויף סטראשון גאס 7). — אין מיטן נאכט האב איך דערהערט ווי דער לערער ציפקין בארואיקט זיין קליין טעכטערל (פייגעלען), וועלכע האט געוויינט. איך האב זיי אריינגענומען צו זיך אונטערן דאך — הייסט דאס ווידער זיך געטראפן.

אין געטא האט ער אין די שולן ניט געארבעט. ער פלעגט גיין ארבעטן אויפן ווילנער וואקזאל — ביים באן. ער האט געקראגן דעם „לעבנס־שיין" און א דאנק דעם זיך געראטעוועט פון אלע גזרות מיט זיין פרוי און קינד. איך פלעג אים אפט זען אין געטא (איך האב די גאנצע צייט געארבעט אין געטא). איך בין געווען אין דער גרופע, וועלכע האט אנגעהויבן רעגיסטרירן די ערשטע קינדער אין די געטא־שולן — פאר דער מאכט האבן זיי געהייסן „קינדער־פפלעגע" נ. 1.

ביז דער ליקווידאציע פון ווילנער געטא איז דער לערער ציפקין געווען אין געטא — געגנוי ביי וועלכע אומשטענדן איז ער אוועק פון געטא ווייס איך ניט. געהערט האב איך, אז ער איז געווען אין קלאגע. צי ער איז אומגעקומען אין דעם לאגער צי אין וואנדערן — ווייס איך ניט. ער איז געבליבן אין עסטלאנד, וואו עס געפינען זיך די שענסטע און בעסטע זין פון ווילנע.

סימע ליגומסקי

**קאהאן, אברהם** — געארבעט א פאר יאר אין דונילאָוויטשער שול, געלערנט יידיש און געזאנג. געווען זייער א גוטער לערער און באליבט ביי די עלטערן.

פאר דער מלחמה האט א. קאהאן געוואוינט אין ווילנע, געווען אינקאסענט פון דער ווילנער קהילה.

**קאהאן, חייקע** — שטאמט פון זאמאשטש. געענדיקט א פוילישע גימנאזיע און דורכגעמאכט לערער־קורסן פון דער ציש״א אין ווארשע. געווען לערערין אין ווידז, גלובאקע א״א.

אומגעקומען אין קרעמעניעץ צוזאמען מיט אירע עלטערן, שוועסטער און ברידער.

**קאהאנאָוויטש, מרדכי** — געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאר פון ציש״א אויפן נאמען פון וול. מעדעם. געהערט צום ערשטן ארויסלאז פון סעמינאר. אומגעקומען איז מ. קאהאנאוויטש אויף פאנאר אין 1941.

„ייווא - בלעטער״ אינעם באקאנטן „יזכור״ פון אלע ייווא - מיטארבעטער שרייבט:

„מרדכי קאהאנאוויטש האט געענדיקט די באוואוסטע יינגלשול „מפיצי־השכלה״ אין דער צייט פון יענער מלחמה, איז אדורכגעגאנגען דעם לערער־סעמינאר, און נאך עטלעכע יאר פראקטיק אין אנדערע שטעט געווארן א לערער אין דער שול וואס ער האט געענדיקט. צום ייווא האט אים געבראכט זיין ספעציעלער אינטערעס פאר טערמינאלאגיע; נאך אין סעמינאר זייענדיק האט ער זיך ארומגעטראגן מיט לאנגע רשימות יידישע נעמען פאר געוויקסן און בעלי־חיים. א גרויסער טייל מאטעריאל וואס די טערמינאלאגישע קאמיסיע פון ייווא האט אויפגעקליבן איז געווען צו פארדאנקען זיין איניציאטיוו און ארבעט. ווען ער האט זיך פארבונדן מיטן ייווא נעענטער, האט זיך ארויסגעוויזן, אז ער האט גוטע אדמיניסטראטיווע פעיקייטן. איז ער ביסלעכווייז געווארן דער אנפירער פון ביורא פון אינסטיטוט, דער קארעספאנדענט מיט די שטיצגרופעס אין פוילן און טיילווייז אויך מיט די אפטיילן אין אנדערע לענדער. די באציונגען מיט דער פאסט, מיט די רעגירונגס־אמטן זיינען געווען ביי אים אין די הענט, און זיין נעט אויסזען מיט די רויטע בעקעלעך און זיין חיתוך־הדיבור האבן ארויסגערופן צו אים סימפאטיע. ביי דער גאנצער גרויסער ארגאניזאציאנעלער ארבעט האט ער געפונען צייט נאכצוגיין נאך זיינע וויסנשאפטלעכע אינטערעסן. די לעצטע יארן האט ער דער עיקר געארבעט אויפן יידישן געאגראפישן אינדעקס, ד״ה, אויף א זאמלונג פון די פיל הונדערטער ספעציפיש־יידישע געאגראפישע נעמען פון מזרח־און צענטראל איראפע״.

מ. קאהאנאוויטש איז — אחוץ ווילנע — געווען לערער אין וויסאקע־ליטעווסק. ער האט אויך געארבעט א קורצע צייט אין דער מעדעם־סאנאטאריע.

**קאָוואַרסקי, ד״ר בנימין** — געבוירן אין סוועַנציאן אין 1896. געענדיקט גימנאזיע אין ווילנע, מעדיצינישן פאקולטעט — אין רוסלאנד. געקומען קיין סוועַנציאן נאך דער ערשטער מלחמה אין 1918. געווען דא א מיטגרינדער פון דער יידישער גימנאזיע און איר דירעקטאר פאר דער גאנצער צייט פון איר עקזיסטענץ. געלערנט היגיענע און פסיכאלאגיע אין די עלטערע קלאסן פון גימנאזיע. א קורצע צייט איז ער געווען דאקטאר אין מעדעם־סאנאטאריע.

ווען די דייטשן האבן זיך דערנענטערט צו סוועַנציאן, פרובירט ער אנטלויפן מיט

דער משפּחה, אָבער די דייטשן האָבן אים אָנגעיאָגט... ער איז פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן צום טויט אין קורצן נאָך זיין אַרעסט.

אַ מערקווירדיק אינטערעסאַנטער טיפּ פון אַ שול־און קולטור־טוער אין דער פאַרוואָרפענער פּראָווינץ, אַ פּראָדוקט פון דער נייער יידיש־וועלטלעכער קולטור־באַוועגונג אין יידישן לעבן, — איז ער געווען איינער פון די בויער פון דער נייער יידישער שול און קולטור.

## קאָוואַרסקי, באַסיע

— געבוירן אין אַלט סווינעציאַן, ביי ווילנע. געווען אַ דערציערין. פון ווילנער געטאָ, בעת די נאַציס, איז זי אַוועק אין די נאַראָטשער וועלדער, און דאָרט איז זי געפאַלן בעת אַ דייטשער בלאָקאַדע אויף די פּאַרטיזאַנער.

## קאָזלאָווסקאַ, עווא

— געשטאַמט פון אַ חסידישער שטוב. געהאַט העכערע בילדונג. געלערנט פּויליש אין די עלטערע קלאַסן פון די צישאָ־שולן אין לאָדזש. אין איר אַרבעט געווען זייער געוויסנהאַפט און איבערגעגעבן. אַ דאַנק איר לעבעדיקער נאַטור און שטענדיקער אָפּטימיסטישקייט — האָט זי שנעל געוואונען דעם צוטרוי פון די שילער, וועלכע האָבן געלערנט ביי איר מיט דערפאָלג און פּראָגרעסירט אינעם לימוד פון פּויליש.

איר געטריישאַפט צו דער יידיש־וועלטלעכער שול און צום יידישן קינד האָט זי באַזונדערס אַרויסגעוויזן ווען זי האָט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע געאַרבעט אין וואַרשעווער געטאָ. זי האָט פאַרביטן שיינע פּאַט אינעם קינדערהיים. עווא האָט די קינדער געוויילט, אינסצעניזירט מיט זיי אַ סך פאָרשטעלונגען, אַזוי אַז די קינדער האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן אַז עס איז מלחמה. עס איז גאָרניט אָפּצושאַצן, וואָס זי האָט אין יענע פינצטערע טעג געגעבן די קינדער!

דאָ אין געטאָ האָט זי פאַרענדיקט איר יונג לעבן.

## קאָזשען, נתן

— געבוירן אין פּלאָצק 1895. דער פאָטער האָט געהאַט אַ מעשׂגיסעריי וואַרשטאַט. אין פּלאָצק ענדיקט קאָזשען אַ פאָלקשול, און דערנאָך שיקן אים די עלטערן צו אַ מייסטער וואו ער לערנט זיך צו מאָלן שילדן. ער פאָרט אַוועק אין וואַרשע און שטודירט אין דער קונסט־אַקאַדעמיע, אונטער דער ליטונג פון פּראָפ. טאַדעוש פּרושקאָווסקי. ער ווערט באַקאַנט אין די פּוילישע און יידישע קינסטלערישע קרייזן. מאָלט פּאָרטרעטן און לאַנדשאַפטן. ער איז איינער פון די באַדייטנסטע פּויליש־יידישע מאָלער פון דער אימפּרעסיאָניסטישער שול. במשך פון עטלעכע יאָרן איז ער קונסט־לערער אין די וואַרשעווער צישאָ־שולן. בעת דער מלחמה גייט ער אַוועק מיט דעם שטראָם פּליטים קיין ווילנע. לויט ש. קאַטשערגינסקין איז נ. קאָזשען געווען קינסטלערישער ליטער פון יידישן מלוכה־טעאַטער אין ווילנע.

אין 1941 איז נ. קאָזשען אומגעקומען פון די כאַפּערס, אויף פּאָנאַר.

## קאַטשערגינסקי, מיכאל

— געשטאַמט פון ווילנע און געווען אַ לערער אין סווענציאַן, סלאָנים און אויך אין ווילנע. פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָט ער געאַרבעט אין אַ גימנאַזיע מיט יידישער אונטעריכט־שפּראַך. נאָך איידער עס איז אין ווילנע איינגעפירט געוואָרן די געטאָ, האָט מען אים דעם 13־טן יולי 1941 אַוועקגענומען פון שטוב אויף אַזוי גערופענער „אַרבעט". טויזנטער מענער

האָט מען דעמאָלט צונויפגעטריבן אין לוקישעקס. ביים אריינגאַנג האָט מען זיי געשלאָגן און די וויי־געשרייען האָבן זיך געטראָגן ווייט. לויט די קלאַנגען האָט מען די ערשטע קרבנות געפירט אויף פּאָנאַר און אין מאַסן־קברים, שטייענדיק (עס זאָל מער אין קבר אריין) אויסגעשאָסן. מ. קאַטשערגינסקי איז אין ווילנע געווען זייער פּאָפּולער אַלס לערער פון גימנאַסטיק און לימודים. לויט זיין ליבע צום קינד איז ער געווען אַ לערער פון קאַרטשאַק־טיפּ. ער האָט זיך געקליבן אַרויסגעבן אַ בוך פון קינדער־שפּילן. ער איז געווען אַ גוטמוטיקער, וויציקער — אַן אמתער פאָלקסמענטש.

זיין פרוי האָט זיך געראַטעוועט פונעם נאַצי־גיהנום. זי דערציילט וועגן איר מאַן: „האַלב ווילנער קעשענע־גנבים און פּורמאַנס זיינען געווען זיינע תלמידים אין תלמוד־תורה און אין פאָלקשול. זיי פלעגן אים אָפּשטעלן אויפן גאַס און זאָגן: לערער, איר האָט ניט קיין מורא, ווען מע וועט אייך באַגנבענען — קומט צו אונז, איר וועט דאָס גלייך אָפּקריגן. — איך פלעג זיך שעמען אויפן גאַס. ער פלעגט לאַכן: דאָס זיינען מיינע שילער”.

## קאַן, יוסף (יוזשעק) — איז אויסגעוואַקסן אין אַ באַלעבאַטישער אַסימילירטער שטוב אין זגערזש. געענדיקט גימנאַזיע, קומט יוזשעק קיין וואַרשע שטודירן אין אוניווערסיטעט. ער הויבט אָן צו אַרבעטן אין דער שול אויף מי"א 61 אַלס לערער פון פּויליש און בלייבט שוין אַ לערער אין אונזערע שולן. ער לערנט



אויף מילע 61, דערנאָך אויף נאַוואַליפּקי 68. די קינדער האָבן אים זייער רעספּעקטירט און נאָך מער ליב געהאַט. זיין רואיקער אופן פון רעדן, זיין טאַקט, זיין לייכטער פיינער הומאָר, דאָס אַלץ האָט די קינדער שטאַרק אימפּאָנירט.

נישט איין בחור אָדער מיידל פון אַסימילירטע שטיבער זיינען אריין אין אונזערע שולן און שוין דאָרט פאַרבליבן צווישן די געטרייסטע ווייל די אַרבעט האָט זיי געגעבן אַ באַפרידיקונג, אַן אינהאַלט און אָפטמאָל אַן אידעאַל אין לעבן. אויך יוזשעק איז געווען אַזאַ.

יוסף קאַן איז אין אויגוסט 1939 געווען מאָביליזירט און געדינט אַלס אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי... צוריק איז ער ניט געקומען...

## קאַן, יעקב — געבוירן אין לאָדזש אין 1889. געווען לערער פון מוזיק און אָנגעפירט מיטן פאָלקסכאָר אין וולאָצלאַוועק.

## קאַן ־ ראַבינאָוויטש, רייזל — „מיר זיינען אַרויס פון חורבן וואַרשע סוף אָקטאָבער 1939 און זיך געלאָזט אויף מזרח. נאָך מעת לעתן שרעק און צרות האָט אונז די דייטשע וואַך געשיקט צוריק. רייזל איז אַראָפּ פון פורל, אַרויסגעכאַפּט אירע פּאַפּירן און אָנגעהויבן מיט אַ הויכן, אויפגערעגטן קול צו דערקלערן דעם



דייטש: „איך בין אַ ביאַליסטאָקער. ביי מיר איז אַלץ פאַרברענט. כ'פאָר צו מיינע עלטערן. לאָזט אונז דורך”. דער דייטש האָט ניט געוואָלט הערן. זי איז אָבער נישט אָפּגעשטאַנען, איבערגעחזרט כסדר

דאָס זעלבע, ביז דעם דייטש איז נמאוס געוואָרן. ער האָט אַ מאָל געטאָן מיט דער האַנט און מיט אַ קללה געהייסן פאָרן: די פּורלעך (20 נפשות) האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פאַרויס."

דאָס איז דער לעצטער גרוס וואָס כ'האָב דורך אַ געראַטעוועטן פריינד באַקומען וועגן מיין שוועסטער רייזל און איר זון מאַנולעק (עמנואל). מ'האָט דעמאָלט געמיינט אַז מען וועט אין דער היים ביי די עלטערן געפינען די רעטונג.

טרעבלינקע איז געווען נישט איבערקלייבעריש — אין פייער איז אַלץ געגאַנגען, דער גאַז האָט דערשטיקט אַלעמען גלייך. האָט דען אַ לערערין געפונען אַן אַנדער טויט, נאָך איר פולן אינהאַלטסרייכן לעבן?

רייזל איז געבוירן געוואָרן אין ביאַליסטאָק אין 1897. זי האָט געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע, דורכגעמאַכט פרעבעל־און לערער־קורסן. אַלע אירע דערוואַקסענע יאָרן האָט רייזל אָפּגעגעבן דער יידישער שול. יאָרן געאַרבעט אין קינדערגערטנער, זומער־קאָלאָניעס, שולן. געאַרבעט אין ביאַליסטאָק, אויף דער פּראָווינץ, דערנאָך אין וואַרשע. פלייסיק באַזוכט קורסן, כסדר זיך געלערנט, פאַרפולט דאָס וואָס עס האָט פאַרפעלט צו געבן די רוסישע גימנאַזיע. אויסגעוואַקסן אין אַ פרומער חסידישער משפּחה. דער טאַטע — די „רעכטע האַנט"ביים רבין; די מאַמע — פון חסידיש־נגידישן יחוס. אַלס גימנאַזיסטקעס פלעגן מיר זיך פאַרמעסטן מיט די חסידים וואָס פלעגן שבת צו מלוה מלכה אָנפילן דאָס הויז: זיי פלעגן זינגען און טאַנצן און מיר פלעגן אין צווייטן צימער זינגען רוסישע לידער און וועלן איבערשרייען „דאָס פאָלק" — מיר האָבן זיך געהאַלטן פאַר אַ העכערן מין מענטש.

דער טאַטע האָט פאַרביסן געקעמפט קעגן דער אַרבעט אונזערער אין די „זשאַרגאָנישע שולן". דערצו פלעגן אים זיינע חסידים דערגיין די יאָרן וואָס זיינע טעכטער לערנען זיך אין רוסישע גימנאַזיעס און שפּעטער זיך פאַרנומען צו אַרבעטן אין די "אַפּיקורסישע שולן". מיר האָבן פונקט אַזוי פאַרביסן געקעמפט פאַר אונזערע רעכט.

פון דעם „זיידנס הויף" מיט די פירונגען פון רב שלמה נגיד איז אַ גאַנץ גרויסער מהלך צו דער יידיש־וועלטלעכער שול. אָבער דאָך איז עס געווען המשך: אונזער מוטערשפּראַך יידיש; די שטוב — אַ טראַדיציאָנעל־יידישע און איר מאָראַלישער פונדאַמענט: ערלעכקייט, עכטקייט, אויפריכטיקער גלויבן, רעספּעקט צום מענטשן, — דאָס האָבן מיר געירשנט פון אונזערע עלטערן און מיט דעם גייסטיקן באַגאַזש זיינען מיר געגאַנגען אין לעבן. דעם טאַטנס גלויבן אין גאָט האָט ביי אונז אָנגענומען אַן אַנדער פאָרם, אַ גלויבן אין סאָציאַליזם; די חברישקייט אין חסידיש־שטיבל — האַרציקייט און פריינדשאַפט צום קינד און זיינע עלטערן. דער טאַטע איז געווען טעטיק אין קהלה אַלס אויסדערוויילטער פון דער אגודה, די טעכטער — טעטיקע בונדיסטקעס און יידישע לערערינס.

כ'בין אַמאָל געקומען באַזוכן רייזלען און איר מאַן יוסף קאָן ווען זיי האָבן געאַרבעט אין דער מעזריטשער „ציש"א"־שול. ס'איז געווען פרייטיק אָוונט. מען האָט זיך געגרייט צו אַ קינדער־יום־טוב. אַ גאַנצן אָוונט האָט זיך אין זייער צימער די טיר נישט פאַרמאַכט — קינדער, עלטערן, שולטוער. מען איז געקומען, געפרעגט עצות, רעפּעטירט, געמאַכט פלעגער פאַר קאָסטיומען, גלאַט אַזוי געקיבעצט — דאָס צימער פון די לערער איז געווען דער קלוב, דער זאַמלפּונקט,

דער צענטער. אזוי האָבן געאַרבעט אונזערע לערער אויף דער פּראָווינץ: גאָר זייער צייט געווידמעט די קינדער, עלטערן, טוערס; דאָס גאַנצע לעבן זייערס — צו דינסט דער שול.

רייזל האָט יאָרן לאַנג געהאַט צו טאָן מיטן האַלז, וואָלט געדאַרפט אויפגעבן לערעריי. אָבער זי איז, ווי אַ געטרייער זעלנער, געבליבן אויפן פּאָסטן ביז דער לעצטער שעה. זי איז קיינמאָל נישט געווען קיין אַנפירערין אָבער שטענדיק אַ דיסציפּלינירטער מיטגליד פון קאָלעקטיוו. שטרענג צו אַנדערע און נאָך שטרענגער צו זיך. אויסגעהאָדעוועט אַ פּרעכטיקן זון. נישט דערלעבט אים צו זען אַ דערוואַקסענעם מענטש.

מנוחה ראַבינאָוויטש

## קאַנטאָראָוויטש, לאַלאַ — געבוירן אין וואַרשע, סעפּטעמבער 1899.



זי איז געווען די עלטסטע טאָכטער פון יעקב און שרה טויבע קאַנטאָראָוויטש. אונזער פאָטער, אַן איינגעשלאָסענער און ווייניק באַרעדעוודיקער, איז געווען זייער אַ פרומער ערלעכער ייד, מיט אַן אויסגעהאַלטענער עקשנות האָט ער אָפּגעהיט זיין יידישקייט. מיט אַן אומגעהויערער וואַרעמקייט און ברייטהאַרציקייט האָט אונזער מאַמע זיך באַצויגן צו מענטשן. קרובים און פריינט האָבן געזוכט און גענויטיקט זיך אין איר געזעלשאַפט. זי האָט ליב געהאַט מענטשן, פאַר יעדן איינעם פאַרמאָגט אַ וואַרעם האַרץ און אַ שפע מיט געמיט. און עס איז פאַר מיר אַזוי אומפאַרשטענדלעך ביזן היינטיקן טאָג, פון וואַנען האָט זיך גענומען איר האַרציקייט און גוטסקייט פאַר מענטשן. זי אַליין האָט אַזוי ווייניק גליק און פרייד געהאַט אין איר פערזענלעכער לעבן, אַזוי ווייניק געווען פאַרשטאַנען פון איר מאַן, וועמען זי האָט געאַכטעט און געהאַלטן פאַר אַ בכבודיקן יידן, אָבער פון וועמען זי האָט געמוזט אַזוי פיל אויסשטיין פאַר דער אַפּיקורסישקייט פון אירע טעכטער. פיזיש זייער שוואַך און אָפט געקרענקט, האָט זי אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אומגעהויער געליטן. ווי פיינלעך איז פאַר איר געווען דאָס צוזען ווי אירע קינדער זייענען אין דער פרי געלאָפן הונגעריקע אין שול און אָפט געלעגט זיך שלאָפן אומגעגעסן. האָט זי טאַקע נישט אויסגעהאַלטן, געשטאָרבן נאָך אַ לאַנגיאָריקער האַרץ־און לונגען־קראַנקהייט אין איר 47־טן לעבנס יאָר.

לאַלאַ האָט געירשנט פון אונזערע ביידע עלטערן זייערע הויפּט־כאַראַקטערשטריכן. דער מאַמעס שיינקייט און צאַרטקייט, די שטענדיקע בענקשאַפט און באַגייסטערונג פאַר שענערע און העכערע ווערטן אין לעבן, געפּאָרט מיט איר טאַטנס ערלעכקייט און עקשנות אויסצופֿראָגן און דערגרייכן דאָס אויסגעטרוימטע — האָבן זי באַגלייט דורך איר גאַנץ לעבן. די עלטערן האָבן אין איר געזען אַ שיין פון זייער אייגן איך. זיי האָבן זיך מיט איר געגרויסט און שטאָלצירט, זיי האָבן זיך אין איר מיידלשער צניעותדיקער שיינקייט געשפּיגלט, זיי האָבן אַ סך נחת פון איר געהאַט. אין דער גימנאַזיע פון סאָפּיע קאַלעצקאַ האָט זיך לאַלאַ שטאַרק אויסגעצייכנט מיט אירע אַלזייטיקע פעיִקייטן, אַרבעטזאַמקייט און אויפפירונג. זי איז געווען באַליבט דורך די לערער און דערציער.

אין 1917 פאַרענדיקט לאַלע די גימנאַזיע מיט אויסצייכענונגען. פון קאַלעצ־

קאם גימנאזיע האט לאלע ארויסגעטראגן זייער א סך. א חוץ א גוטער צוגרייטונג צו העכערער בילדונג, האט די גימנאזיע יעדער אביטוריענטקע מיטגעגעבן א גרויסן גייסטיקן באגאזש. דאס איז געווען די איינציקע גימנאזיע פאר יידישע טעכטער פון מיטלשטאנד וואס האט אין איר פראגראם צוגלייך מיט רוסיש (שפעטער פויליש), פראנצויזיש, דייטש, מאטעמאטיק און אנדערע לימודים געלערנט יידיש, יידישע ליטעראטור, יידישע געשיכטע. די לערער פון געזאנג ל. ליאוו, שניאור האבן געלערנט זינגען יידישע לידער. עס זיינען פארגעקומען יידישע ארטיסטישע אוונטן, מען האט אינסצענירט יידישע שאפונגען. דוד הערמאן איז געווען דא לערער און רעזשיסער א לאנגע צייט. פרוי קאלעצקא און כמעט דער גאנצער פערסאנאל לערער און דערציער זיינען געווען מענטשן מיט אן אויסגעשפראכענער אידעאלאגיע, זיי זיינען געשטאנען מיטן פנים צו דער ארבעטער־באוועגונג, דאס זיינען געווען פאלקס־אינטעליגענטן, אידעאליסטן. פרוי קאלעצקא איז געווען א סימפאטיקער פון „בונד", וולאדימיר מעדעם איז געווען א נאענטער פריינד פון דער גאנצער משפחה קאלעצקא. זי האט אליין גערעדט יידיש און מיט דעם אונטערגעשטראכן איר נאענטקייט צום יידישן פאלק. צוזאמען מיטן דיפלאם ביים פארענדיקן די גימנאזיע האט מען מיטגעגעבן יעדער אביטוריענטקע א גרויסע צוגעבונדנקייט און ליבשאפט צו יידיש און אנגעזאגט: „היט עס טייער, דאס איז א פאלקס־אוצר".

נאכן פארענדיקן די גימנאזיע פארט לאלע מיטן אנהויב פון שול־יאר קיין שעדלעץ כדי דארט צו באקומען מאטורע און שפעטער אריינטרעטן אין ווארשעווער אוניווערסיטעט. אין שעדלעץ האט מען דאן אנגעהויבן צו בויען די ארטיקע יידיש־וועלטלעכע פאלקשול. מיט א סך ברען און ענטוזיאזם באטייליקט זיך לאלע אין דער ארבעט. ארום דער שול גרופירן זיך ארבעטער און פאלקס־עלעמענטן ; זי איז כמעט די איינציקע מיט א סיסטעמאטישער אקאדעמישער צוגרייטונג. הגם אן דערפארונג אבער מיט א סך גלויבן און באגייסטערונג, ווארפט זי זיך אריין אין דער סביבה ארום דער שול און געפינט דא א סך באפרידיקונג. זי האט אויסגעפרואווט אירע כוחות. זי פילט אז מען דארף זי אויף דעם געביט האבן, זי קען א סך שעפן פאר זיך און א סך געבן. זי דארף זיך אבער צו דעם לערערישן בארוף צוגרייטן, פארטיפן איר וויסן, לערנען און שטודירן.

נאך א יאר ארבעט אין שעדלעץ קערט זיך לאלע אום קיין ווארשע. זי באקומט ארבעט אין דער שול אויף דזשיקע 6, שפעטער נאוואליפקי 68 אונטער דער אנפירונג פון ליזא ארושקעס־זוסמאן, און אויף קארמעליצקע 29 מיטן איבערגעגעבענעם לערער און פארוואלטער ג. זאלצמאן. גלייכצייטיק ענדיקט זי דעם פריוואטן פוילישן לערער־סעמינאר אונטער דער אנפירונג פון באוואוסטן פעדאגאג ספאסאווסקי. זי טרעט שפעטער אריין אין דער ווארשעווער „וושעכניצע" אויף דעם פעדאגאגישן פאקולטעט און פארענדיקט אים אין יאר 1928.

צו דער טאג־טעגלעכער לערערישער ארבעט באציט זיך לאלע מיט א סך אכטונג און ערנסטקייט. זי גרייט זיך זייער זארגפעליק צו די לעקציעס, לייענט א סך פון דער נייעסטער פעדאגאגישער ליטעראטור, באזוכט קורסן און רעפעראטן וועגן מעטאדיק פון איינצעלנע לימודים און פראבלעמען פון דערציונג. זי רעדט מיט אזוי פיל באגייסטערונג אין שטוב וועגן די רעפעראטן און דיסקוסיעס וואס מען האט געפירט בעת די לערער־קאנ־

פערענצן. זי האט שטארק ליב געהאט איר לערערישן באַרוף, ליב געהאט די קינדער, די עלטערן, אירע חברים, פלעגט מיט זיי פאַרברענגען נאָך דער שול־אַרבעט און האט זיך אַלזייטיק אויסגעלעבט אין דער סביבה.

אין 1925 נעמט זי אָן אַרבעט אין אַ מלוכהשער פּאַווּשעכנער שול. אין 1930 זומער־צייט פאַרלאָזט לאַלאַ פוילן און פאָרט קיין סאָוועט־רוסלאַנד צו איר מאַן. נישט שווער איז זיך אָנצושטויסן ווי זי האט זיך דאָרט געפילט, וואָס זי האט דערוואַרט און וואָס זי האט געפונען. אירע איבערלעבונגען זיינען געווען פּיינלעכע, אומענדלעכע בענקשאַפט נאָך איר היים און סביבה, נאָך איר אַרבעט און דער פרייער אַטמאָספער. אַרבעט אויף איר געביט האט מען איר נישט אָנגעטרויט; זי האט געדאַרפט פאַרשווייגן און פאַרדאַמען איר „שעדלעכע" פאַרגאַנגענהייט. נאָך אַ צייט באַקומט זי אָפּיס־אַרבעט, מען באַציט זיך אָבער צו איר מיט פאַרדאַכט און אומצוטרוי.

אין 1936 ווערט איר מאַן אַרעסטירט און פאַרשיקט פאַר זיינע „פאַרברעכנס" פון אַמאָל. און דאָ הייבט זיך אָן אַ לאַנגע קייט פון פּיינונגען און דערנידערונגען. אויף איר פּאַס שיינען אַרוים די בולטע אותיות „די פרוי פון אַ פּאָליטישן שפּיאָן". איר אַרבעט האט זי פאַרלאָרן. קיין אַנדערע אַרבעט קען זי מיט אַזאַ רעקאָמענדאַציע נישט באַקומען. דער פּיינלעכער גורל האט געוואָלט אַז זי זאָל באַצאָלן מיט איר לעבן פאַר אַ פּאָר מינוט פרייד פון זען זיך מיט איר שוועסטער, שוואָגער און זייער קינד ווען זיי זיינען דורכגעפאָרן מאָסקווע אויף זייער וועג קיין אַמעריקע אין יאַנואַר 1941. זי קומט צום באַן כדי אויף זיי נאָר אַ קוק טאָן פון דער ווייטנס, אַ קוק טאָן און אָנשעפּן זיך מיט וואַרעמקייט און פרייד. די באַן רירט זיך לאַנגזאַם פון דעם מאָסקעווער וואָקזאַל. זי גייט זי נאָך ווי אין אַ חלום. ביים אַרויסגיין פון וואָקזאַל ווערט זי אַרעסטירט פאַר דעם „פאַרברעכן".

אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז זי איז אָפּגעזעסן אין טורמע נאָר אַ האַלב יאָר און אויסגעגאַנגען אין יסורים. לענגער ניט געקענט אויסהאַלטן.

ל י ו ב א  ג י ל י נ ס ק י

**קאַנישטשיקער, לייב** — האָט געשטאַמט פון מאָהלעווער געגנט אין ווייס־רוסלאַנד. ער האט פאַרענדיקט די גראַדנער לערער־קורסן פון ח' מפ"ה פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. געווען אָנגעשטעלט אַלס לערער אין די געזעלשאַפטלעכע שולן פון דער חברה מפיצי־השכלה אין רוסלאַנד.

פון 1916 ביז 1922־טן יאָר האט לייב קאַנישטשיקער געלערנט אין די שולן פאַר היימלאָזע קינדער אין פּענזע אַרום וואָלגער געגנט. אין 1922־טן יאָר איז לייב קאַנישטשיקער מיט זיין פרוי פריידע, אויך אַ לערערין, אָנגעקומען קיין ווילנע און איז אָנגעשטעלט געוואָרן אַלס לערער פון העברעאיש אין דער ייִנגל־שול פון דער חברה מפיצי־השכלה.

אין 1923־טן יאָר איז אין ווילנע דערשינען אַ העברעאישער טעקסט־בוך צונויפגעשטעלט פאַרן לימוד פון העברעאיש אין די וועלטלעכע שולן, — צוזאַמענגעשטעלט פון לייב קאַנישטשיקער און אַ צווייטן העברעאישן לערער פון ווילנע.

אין ווילנע האט ל. קאַנישטשיקער געאַרבעט אין דער דינעזאָן־שול און אין דער לייזער גורוויטש־שול. געווען אַ שטילער, באַשיידענער, געטרייער שול־אַרבעטער.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע איז ער געווען אין ווילנער געטאָ, און אין 1941 איז ער אומגעקומען.

ד״ר י. רובין

## קאָנסטאַבלער, בינע (בלומע)

— געבוירן אין וואַרשע אין 1903, אין אַ משפּחה פון קליינהענדלער. נאָך דעם ווי זי האָט געענדיקט גימנאַזיע, האָט זי געאַרבעט אין ציש״אָ־שולן אין וואַרשע (1924-1925). שפּעטער איז זי אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט אויפן מאַטעמאַטישן פאַקולטעט און געאַרבעט שוין אין די מלוכהשע שולן פאַר יידישע קינדער. געווען אַן אינטעליגענטע, פיאיקע און אַרבעטזאַמע לערערין. געווען אויך טעטיק אינעם אַלגעמיינעם פאַראיין פון יידישע לערער אין וואַרשע. נאָך דעם ווי די נאַציס האָבן פאַרנומען וואַרשע, איז בינע קאָנסטאַבלער אַוועק קיין ווייסרוסלאַנד און דאָרט איז זי אומגעקומען.

## קאָנסקי, רבקה

— געבוירן אין ווילנע אין 1908. דער פאָטער פון פאַך אַ פוטער־קירזשנער, איז געשטאָרבן אין יאָר 1921 און איבערגעלאָזן 6 יתומים.

די מוטער האָט געצויגן חיונה פון אַ גאַלאַנטעריי־געוועלב און איר וויכטיקסטער ציל איז געווען: די קינדער זאָלן באַקומען זייער בילדונג פּונקט, ווי ווען דער טאַטע וואָלט געלעבט.

רבקה, זייענדיק דאָס פערטע קינד אין דער פאַמיליע, איז צווישן אַלע געווען די ערשטע צו קריגן איר אויסבילדונג אין אַ שול מיט יידיש אַלס אונטעריכטס־שפּראַך — אין דער יידישער פאָלקשול א. נ. פון א. ריוועסמאַן (שפּעטער ש. פרוגשול), וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין ווילנע בשעת דער ערשטער וועלט מלחמה.

נאָך אין פאָלקשול ווייזט די קליינע רבקה אַרויס אירע באַזונדערע פיאיקייטן צו טעאַטער און באַלעט און די מאַמע שטרענגט זיך אָן נאָך אַ ביסל, די פיאיקע טאָכטער זאָל קאָנען דורכמאַכן די באַלעט־שול פון פרוי לאַשקעוויטש.

מיטן פונאַנדערוואוקס פון די יידישע פאָלקשולן אין פוילן און דער עיקרשט מיט דער גרינדונג פון יידישן לערער־סעמינאַר, באַשליסט זי זיך צו ווידמען דעם יידישן שולוועזן.

אין דער אָרעמער, אָבער זייער האַרציקער חברישער סביבה פון סעמינאַר, פאַרברענגט רבקה פינף יאָר.

די פינף יאָר זיינען געווען רבקהס שענסטע, זוניקסטע יאָרן. אַ חוץ פּעדאַגאָגישן וויסן דערווערבט רבקה די ליבע פון אירע לערער און מיטשילער אויסצייכענענדיק זיך באַזונדערס אין די פּאָפּולער געוואָרענע אין ווילנע פּורים־שפּילן, וועלכע דער סעמינאַר פירט אויף יאָר יערלעך אונטער דר. מ. ווינרייכס אָנפירונג. גרויס דערפאָלג האָט רבקה אין די אַנדערע טעאַטראַלע אויפפירונגען פון סעמינאַר, ווי: שלום עליכמס „צעזייט און צעשפּרייט" און א. אווילדס „סאַלאָמייע".

נאָכן פאַרענדיקן דעם לערער־סעמינאַר ווערט רבקה דורך דער צ.י.ש.אָ. איבערגעשיקט אַלס לערערין און פאַרוואַלטערין פון דער יידישער שול אין וויסאָקע ליטעווסק.

צום ערשטן מאָל ווייט פון דער היים, הויבט רבקה אָן איר לערער־קאַריערע.

די באַדינגונגען זיינען שווער, דער ציל איז אָבער קלאָר און „איינגעבאַקן אין האַרצן". די יונגיטשקע 19־יאָריקע לערערקע ווייס וואָס זי וויל און וואָס מען מוז דערגרייכן. אַ דאַנק איר פעסטן ווילן, שפּרודלענדיקער ענערגיע און אומגעהויערער ליבע צו די אָרעמע יידישע

קינדערלעד, ווערט זי שנעל באליבט צווישן די חברים לערער, שילער, עלטערן און שולפריינד.

אויסער דער שול־ארבעט, ארגאניזירט רבקה דראמקרייזן, וואו זי ווייזט נישט נאר ארויס אירע דראמאטישע פייאיקייטן, נאר מיט דער הילף פון וועלכע זי דעקט אלע דעפיציטן ; אירע פארשטעלונגען ווערן די הויפט־הכנסה פון דער שול.

פון וויסאקע ליטעווסק ווערט רבקה אריבערגעפירט אנצופירן מיט דער יידישער שול אין בעלכאטאוו. אויסער דער שול־ארבעט און ארגאניזירטן דראמקרייז ביי דער שול, נעמט דא רבקה אן אקטיוון אנטייל אין דער בונדישער פארטיי־גרופע.

אין 1936 פארבינדט זיך רבקה מיטן טעקסטיל־אינזשיניר פרץ פרייטאג, אן אקטיווער בונדישער טוער, מיטגליד פון שטאטישן קאמיטעט פון בונד און גלייכצייטיק פון דער פ.פ.ס., ראטמאן פון בעלכאטאווער שטאטראט.

אין די יארן 1938/1939 ארבעט רבקה אלס לערערין אין דער מעדעם־סאנאטאריע הינטער ווארשע.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה, איילט רבקה קיין ווילנע וואו זי באגעגנט זיך ביי די שוועסטער מיטן מאן.

מיט דער סאוועטיזירונג פון ווילנע, הויבט זיך אן רבקהס דערנערוועג. אלס געוועזענע בונדישע טוער קאנען זיי נישט באקומען קיין ארבעט און זיי קאנען אויסקומען בלויז א דאנק דער פריינדלעכער הילף פון רבקהס שוועסטער ליזע און די גענו. שילערין פון יידישן לערערסעמינאר צביה, מיט וועמען זיי וואוינען צוזאמען ביז דער נאצישער אקופאציע.

בשעת דער ערשטער אקציע פון די כאפער אין ווילנע, קומט אום רבקהס מאן פרץ פרייטאג. אין געטא גייט רבקה צוזאמען מיט איר קליין טעכטערל און דער שוועסטער, וועמעס מאן איז אומגעקומען צוזאמען מיט פרייטאגן.

אין ווילנער געטא ווארפט זיך רבקה אריין מיט לייב און לעבן אין דער ארגאניזירטער שול־ארבעט. ביז אירע לעצטע טעג ארבעט זי אלס לערערין אין דער געטא־פאלקשול אין בנין פון דער גענו. רעאל גימנאזיע אונטער דער לייטונג פון דירעקטאר טורבאוויטש.

מורא האבנדיק איבערצולאזן דאס קינד אינדערהיים, האלט עס רבקה מיט זיך אין דער שול, וואס באשווערט איר ארבעט און איר געמיט.

בשעת דער קינדער־אקציע אין געטא, גייט רבקה אוועק פרייוויליק מיט דער פארכאפטער טעכטערל מרימל און דער שוועסטערס צוויי קינדערלעד אויף פאנאר...

מיט איר טעכטערל צוגעטוליעט צום הארצן און די צוויי קינדערלעד פאר די הענטלעד, גייט די לערערקע דעם לעצטן וועג.

ב ת ש ב ע ק א נ ס ק י

***

רבקה איז געווען אן אויסגעצייכנטע שילערין סיי אין דער פאלקשול און סיי אין דעם סעמינאר. זי האט געזונגען הארציק שיין און האט אויסגעפירט ווּאונדערבארע טענץ. יעדעס מאל ווען די שול אדער דער סעמינאר האבן ארגאניזירט טעאטערּאונטערנעמונגען, איז רבקה געווען א „סטאר".

אין 1929 איז זי אנגעקומען קיין בעלכאטאוו אלס לערערין אין דער „מיכאלעוויטש"־שול. די יונגע חנעוודיקע רבקה האט געהאט איבערצוקומען גענוג שוועריקייטן. דאס קליינטשינקע ארעמע ווּעבערשטעטל איז נישט אימשטאנד געווען אויסצוהאלטן פינאנסיעל א שול. רבקה ווערט איינגעשפאנט אויף צו פירן א

דראמאטישן קרייז, און נאָד דער שול־
אַרבעט פאַרנעמט זי זיך מיט רעזשיסאָרי־
שער אַרבעט און שפּילט דערביי אַליין די
שווערסטע ראָלן. רבקה קאָנסקים אַרויס־
טרעטן אויף דער סצענע האָבן געהאַט
אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג. יעדעס
מאָל איז דער טעאַטער־זאַל געווען גע־
פּאַקט, און דער עולם האָט כסדר גערעדט
וועגן רבקהס שפּילן.

נישט קיין קלענערן דערפאָלג האָט זי
געהאַט אין שול. סיי די קינדער און סיי
די עלטערן זיינען געווען צו איר צוגע־
בונדן. די שול איז געווען זייער פּאָפּו־
לער, די עלטערן־פאַרזאַמלונגען זיינען גע־
ווען דערפאָלגרייך.

רבקה האָט געאַרבעט אין בעלכאַטאָוו
אַלס לערערין בלויז 2 יאָר, און שפּעטער
איז זי געווען לערערין אין אנדערע ער־
טער. געבליבן איז זי פונדעסטוועגן אַ
שטענדיקע איינוואוינערין פון בעלכאַ־
טאָוו: זי האָט דאָרט חתונה געהאַט מיטן
געזעלשאַפטלעכן און שול־טוער פּרץ פריי־
טאַג.

רבקה קאָנסקי איז אין בעלכאַטאָוו גע־
ווען אַקטיוו אין דער בונדישער אָרגאַני־
זאַציע. זי איז געווען אין דער בעלכאַ־
טאָווער דעלעגאַציע צום בונדישן יובל־
צוזאַמענפאָר אין וואַרשע אין 1937. זי
האָט אָנגעפירט מיטן בעלכאַטאָווער
„יאף". זי האָט דאָ אויך געאַרבעט ביים
„סקיף". אין 1939 האָט זי קאַנדידירט
אויף דער בונדישער ליסטע ביי די וואַלן
צום שטאָט־ראַט.

אין אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־
מלחמה אַנטלויפט זי פאַר די נאַציס, און
סוף כל סוף דערשלאָגט זי זיך קיין ווויל־
נע, וואוהין ס'איז נאָד פריער אַנטלאָפן
איר מאַן פּרץ פרייטאַג. די גאַנצע פאַ־
מיליע איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די
נאַציס דעם 23־טן סעפּטעמבער 1943. זי
איז געווען מיט איר פיר־יאָריקן מיידעלע
אין דער גרופּע בונדיסטינס, אין וועלכער
ס'האָט זיך געפונען פּאַטי קרעמער און
אַנדערע.

זלמן פּודלאָווסקי



**קאַנעל, ליובע** — אַ וויסנשאַפטלעכע
מיטאַרבעטערין פון דער ציש"אָ־שול, זיך
אויסגעצייכנט מיט גרויס געטריישאַפט
און איבערגעגעבנ־
קייט צום שולוועזן.
פאַרמאָגנדיק גרויסע
פּעדאַגאָגישע ידיעות
און וויסנשאַפטלעכע
אינטערעסן, האָט זי
געשטרעבט אויסצו־
ברייטערן די ראַמען
פון דער שול־אַרבעט
לטובת דעם יידישן
קינד, און זי האָט אַליין געטראָגן ציגל
צום בנין פון דער יידישער פּעדאַגאָגיק
און קינדער־פּסיכאָלאָגיע. אין די „ייוואָ־
בלעטער" איז אין 1931 אָפּגעדרוקט איר
אַרבעט „צו דער כאַראַקטעריסטיק פון
פאַרשיידענע שילער־טיפּן", אין 1939 —
„דריי יאָר האַנטווערקער שול אין שיין
פון אַ פּסיכאָטעכנישער אויספאָרשונג",
אין ציש"אָ האָט זי אין די 20־ער יאָרן
געהאָלפן אויסבויען אַן עקספּערימענטאַל־
פּעדאַגאָגישן קאַבינעט. זי האָט געפירט
אַ קורס אויף די וואַרשעווער ווינטער־
קורסן פאַר לערער. זי האָט געשאַפן אַ
שטענדיקן קרייז פון 15־20 לערער, וועל־
כער האָט געפירט אַ סיסטעמאַטישע סע־
מינאַר־אַרבעט, — זי האָט אַליין דורכ־
געפירט אַ ריי אַנקעטע־פאָרשונגען אין די
ציש"אָ־שולן; אויפן גרונט פון די מאַטע־
ריאַלן פונם אָנגערופענעם לערער־קרייז
האָט זי אין 1923 אין „נייע שול" פאַר־
עפנטלעכט אַ גרעסערע אַרבעט „צו דער
כאַראַקטעריסטיק פון אונזערע שולקינ־
דער". זי האָט אויך דורכגעפירט אַ צאָל

טעסטן איבער אויפמערקזאמקייט־, זכרון־ און דענק־פעאיקייטן פון די קינדער (1,500 קינדער טעסטירט), אויך וועגן די אינטערעסן פון די קינדער (782 קינדער). צום באדויערן, זיינען די מאטעריעלע באדינגונגען אין דער „צישא" געווען צו באגרענעצט, און ל. קאנעל איז ניט געווען ביכולת פארצוזעצן איר ווייטערדיקע ארבעט. אין די 30־ער יארן האט זי פארנומען א שטעלע אין ביאליסטאקער שטאטישער פארוואלטונג פון די שולן. אין 1942 געפינען מיר איר נאמען צווישן די, וואס זיינען טעטיק אין די „לערן־ווארשטאטן".

ל. קאנעל איז געווען א טיפ פון א שטילן קולטור־ און וויסנשאפט־ארבעטער. דורכגעזאפט מיט אייראפעאישער קולטור, האט זי געטאן אלץ אין אירע כוחות צו באווייכערן די ארבעטס־מעטאדן פון אונזערע שול־און דערציונג־אנשטאלטן. חוץ די שולן, האט זי אויך צוגעטראגן צום אוועקשטעלן געהעריק דאס זאמלען מאטעריאלן און זיי וויסנשאפטלעך באארבעטן — אין דער מעדעם־סאנאטאריע. ל. קאנעל האט געהערט צום נייעם טיפ יידישע אינטעליגענץ, וועלכע האט אויף א נאטירלעכן אופן פאראייניקט דאס יידישע און דאס אוניווערסאלע.

געבוירן דעם 17־טן אפריל 1889 ביי רייכע עלטערן (איר מוטער איז געווען דעם ווילנער גאונס אן אורא־יניקל), האט זי פלייסיק געלערנט אין ביאליסטאקער גימנאזיע. שפעטער אריינגעצויגן געווארן אין די אומלעגאלע סאציאליסטישע קרייזן. פון 1907 שטודירט זי אין פראנקרייך, וואו זי האט געקראגן א דיפלאם פון דער סארבאן. אין שווייץ האט זי שטודירט פעדאגאגיק און סאציאלע וויסנשאפטן און אויך דא געקראגן אן אנטשפרעכנדיקן דיפלאם. אין 1919 האט זי זיך אומגעקערט קיין ביאליסטאק און דא זיך פאראינטערעסירט מיט די ניי־געשאפענע יידיש־וועלטלעכע שולן.

ערנסט און ערלעך אין אירע האנדלונגען, א ליבער מענטש, רייך מיט פריינדשאפט, א שטילע אריסטאקראטישע נאטור — האט זי ארויסגערופן גרויס סימפאטיע ביי יעדערן וואס האט איר דערקאנט. די לערערשאפט פון די צישא־שולן האט איר זייער געליבט און געאכטעט.

**קאפלאן, יאנקל** — געבוירן אין ווילנע אין 1907. אביטוריענט פון ווילנער יידישן לערער־סעמינאר.

אין ווילנער געטא געווען פארוואלטער פון דער יידישער שול און ארבעטס־לאגער „קיילים". קאמיטעט־מיטגליד פון קאמפארטיי און שפעטער איר סעקרעטאר. פון 1943 מיטגליד אין שטאב פון דער פאראייניקטער פארטיזאנען־ארגאניזאציע.

געווען לערער אין לידע און אין אנדערע שולן פון צישא. אלע האבן יאנקלען ליב געהאט. אומעטום האט ער אריינגעטראגןווארעמקייט און הארציקע אטמאספער, סיי צווישן זיינע שילער און סיי צווישן זיינע חברים און קעמפער.

י. קאפלאן איז געווען דער מארך פון דער קאמוניסטישער פארטיי אין געטא. מען פלעגט זיך רעכענען מיט אים און זוכן זיינע עצות. ווי א מיטגליד פון שטאב איז ער געווען פון די לעצטע ביים עוואקואירן זיך דורך די רערן פון געטא אין שטאט. צוזאמען מיט כוואויניקן און אסיע ביק, פאפולערע בונדישע קעמפער אין ווילנער געטא, ווערט יאנקל געכאפט און אויפגעהאנגען פאר די אויגן פון אלע יידן וועלכע זיינען געווען אפגעקליבן צו ווערן אפטראנספארטירט קיין עסטאניע.

אין זיין ליד „סובאטש־גאס צוואנציק", וואס אברהם סוצקעווער האט „געהייליקט

די דריי מארטירער פון ווילנער געטא — יאנקל קאפלאן, אסיע ביק און אברהם כוואוויניק", שילדערט דער דיכטער אין עטלעכע סטראפן די פערזאן פון יאנקל קאפלאן:

פארויס — איז ער!
אן אויסשטראל פון די וואלקנדיקע געס־
לעך — יאנקל קאפלאן,
פון לינקס — אברהם, אין האנט אין
דער צעבראכענער — געווער...
און רעכטס — דאס מיידל אסיע, —
פול מיט פולווער די שווארצאפלען.

און זאלבעדריט —
זיי שארן זיך פארטייעט דורך דעם אויס־
גערויבטן געטא
צום שטורמפירער און זיין וואך. איך
הער און זע די טריט,
און יעדער קויל צעבלענדט זיך אין דער
נאכט ווי א ראקעטע. — — —

דער מזרח ברענט.
און לעצטע יידן טרייבט מען אויף, צו
קוקן ווי עס הענגען
די דריי, די דריי. איך וויל זיי העלפן.
שטרעק אין פלאם די הענט.
כאטש קיין ישועה וועל איך זיי שוין
מער נישט קענען ברענגען.

און ווי א תהום
צעעפנט זיך די לופט. זיי נעמען שטייגן,
שטייגן, שטייגן.
און יאנקל זינגט, עס זינגט דאס בלאנדע
מיידל, אויך אברהם,
און איך דערזינג דאס ליד וואס בלייבט
געהאנגען אויף די צווייגן.

**קאפלאן, לייבל** — געבוירן אין 1900 אין קארטוז־בערעזע. ער האט גע־ענדיקט א פאלקשול, און דאן געלערנט אין ווילנע אין א מוזיק־שול. נאכן פאר־ענדיקן די מוזיק־שול, האט ער געארבעט אין דער יידיש־וועלטלעכער שול אין בע־רעזע ווי דער לערער פון געזאנג. ער האט אויך געפירט כארן אין דער אוונט־שול.

אומגעקומען אין קארטוז־בערעזע.

**קאפלאן, לוניע** — שטאמט פון וויל־נע. געווען לערערין אין זשעטל א"א.

אומגעקומען אין לידע.

**קאפלאן, פייגע** — שטאמט פון קא־ברין, געענדיקט דעם ווילנער לערער־סע־מינאר און געארבעט אין פארשיידענע יידישע שולן. געווען די פרוי פון איזע הארנשטיין.

אומגעקומען אין זשעטל.

**קאפלאן, פעשע** — א שוועסטער פון פיינל קאפלאן, אויך געענדיקט דעם וויל־נער לערער־סעמינאר. געווען לערערין אין זשעטל.

אומגעקומען אין פארטיזאנען־וועלדער.

**קאפלאנאוויטש, אידע** — געווען די לעצטע יארן די פארוואלטערין פון דער פאלקשול ביי דער רעאל־גימנאזיע אין ווילנע, צוזאמען מיט מירע בערנשטיין, די נשמה פון דער שול.

געבוירן אין ווילנע אין א פארמעג־לעכער אסימילירטער משפחה, האט זי גע־ענדיקט א רוסישע גימנאזיע, און זייער ווייט געווען פון יידיש ביז זי האט חתונה געהאט מיט דן קאפלאנאוויטשן, א זשור־נאליסט און בעלעטריסט, מיטארבעטער אין ווילנער „צייט", באדייטנד עלטער פון איר. פון יעמאלט אן איז יידיש גע־ווארן איר שפראך, יידישע קולטור — איר קולטור. נאך עטלעכע יאר מיטארבעט

אין פארשיידענע שולן איז זי געווארן א לערערין אין רעאל־גימנאזיע און זיך אפּגעגעבן דער ארבעט מיט ליב און לעבן.

א. קאפּלאנאוויטש איז געווען גוט באהאוונט אין דעם יידישן לערן־מאטעריאל, אין דער יידישער קינדער־ליטעראטור. זי האט געקענט עטלעכע שפּראכן. און ווען פּויליש האט געמוזט פארנעמען א גרעסער ארט אין שול, האט זי געקענט זיך צופּאסן צו לערנען די פּוילישע לימודים אויך. דאס איז אין ווילנע געווען ספּעציעל ווערטפול, ווייל די ווילנער לערערשאפט איז געווען ווייט פון פּויליש, און עס איז אפט אויסגעקומען איינצולאדן פאר די פּוילישע לימודים לערערס וואס זיי איז פרעמד געווען דער גייסט פון דער יידישער שול.

קאפּלאנאוויטש איז געווען א פּעדאגאג פון נאטור, מיט איר אויסערגעוויינלעכער ארבעטזאמקייט האט זי באהערשט כמעט אלע לימודים וואס זיינען אריין אין פּראגראם פון פאלקשול. ניט געווען קיין קורס פאר לערער וואו זי זאל זיך ניט באטייליקן — סיי יידישע, סיי פּוילישע, נאטורוויסנשאפטלעכע לאבאראטאריעס, האנטארבעט, געזאנג און גימנאסטיק, שפּראך־לימוד — שטענדיק האט זי געזוכט וואו צו לערנען נייע בעסערע מעטאדן. דאס האט איר געגעבן א מעגלעכקייט שטארק צו הייבן דעם ניווא פון לערנען אין יעדן לימוד און שאפן א פיינע קאארדינאציע צווישן אלע לימודים וואס גייען אריין אין פּראגראם פון פאלקשול.

אידע קאפּלאנאוויטש איז געווען ניט נאר א גוטע לערערין נאר אויך אן אויסערגעוויינלעכע דערציערין. יעדער שילער איז פאר איר געווען א פּערזענלעכקייט, א וועלט פאר זיך, זי פלעגט אריינגיין אין אלע פּרטים פון זיין לעבן אין שול און אין שטוב. אין די קלאסן האט זי געלייגט גרויס אכט אויף זויבערקייט, אויף גוטע מאנירן, אויף הארציקע באציונגען פון קינדער צווישן זיך און פון לערער מיט קינדער. עס האט געהערשט אין איר קלאס א גאנץ ספּעציפישע אטמאספער פון איידלקייט; אירע שילער האט מען דערקענט נאך יארן שפּעטער לויט זייער פיינער האלטונג.

די זעלביקע ווייכקייט האט געלייגט א שטעמפּל אויף אידאס באציונגען צו אלע ארומיקע. ווי נאר עמעצער אין נויט — איז זי געווען די ערשטע דא מיט הילף, עפּעס האט איר געצויגן צו רירנדע גוטע טאטן, זיך מקריב זיין פאר יענעם. אפשר — ווייל איר פּערזענלעך לעבן האט זיך צונויפגעלייגט טרויעריק: דן קאפּלאנאוויטש איז געווען א קראנקער מענטש, געשטארבן עטלעכע יאר נאך דער חתונה, זי איז געבליבן מיט א יינגעלע, ניט זייער שטארק אין געזונט, — זי האט אים פארגעטערט, זי האט פאר אים שטענדיק געהאט צייט און הארץ, ווי שטארק זי זאל ניט זיין פארנומען, און וויפיל ליבשאפט זי זאל ניט אפּגעבן די שילער.

בעת דער דייטשער אקופּאציע איז ליאווע קאפּלאנאוויטש אומזיניק אומגעקומען ביי דער ארבעט, איבערגעפארן פון א דייטשן לאסטאויטא. די מאמע האט אבער געמוזט לעבן ווייטער. זי איז אריין אין געטא. אין 1941 האט זי דא געארבעט אין א שול אונטער דער אנפירונג פון מירע בערנשטיין.

אומגעקומען איז זי אויף דער באן־ארבעט אין ווילנע, ביי איינער פון די סעלעקציעס.

ר. ווײנרײך

## קאפּעלאָוויטש־באכראך, תרצה

— געבוירן אין 1891 אין ווילייקע (ווילנער געגנט). איר פאטער איז געווען א



סוחר און א שטרענג־רעליגיעזער מענטש. שוין אין די יונגע יאָרן איז ביי איר דער דראַנג צו בילדונג שטאַרק געוואַקסן, און זי איז אין יאָר 1912 אַריבערגעקומען קיין וואַרשע, וואו זי האָט געענדיקט רוסישע פּרעבעל־קורסן.

זייענדיק אַן איבערצייגטע יידישיסטקע, האָט זי זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון דער ערשטער יידישער קינדער־היים, וועלכע האָט זיך געעפנט ביים נאָענטן אַנטייל פון י. ל. פּרץ און י. דינעזאָן — דעם 23־טן מערץ 1915 אויף גענשע 7. תרצה קאַפּעלאָוויטש איז געוואָרן די ערשטע לערערין פון דער קינדער־היים.

אין 1917 איז זי אַריבער אַרבעטן אין דער קינדער־היים פון שול־קוראַטאָריום ביי די ס. ס. אויף נאַוואָליפּקי 17. וועמעס פאַרוואַלטערס איז געווען חיים ראָזענבעס. אין 1917 האָט זי חתונה געהאַט מיט דוד באַכראַך, דעם דעמאָלטדיקן סעקרעטאַר פון שול־און פאָלקס־בילדונגס פאַריין אויף דלוגע 26.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז תרצה קאַפּעלאָוויטש אוועק אַרבעטן אינעם טאָג־היים פאַר קינדער אונטער דער לייטונג פון ד״ר אנע ברוידע־העלער; זי האָט אויך מיטגעאַרבעט אין אַנדערע קינדער־אַנשטאַלטן.

תרצה איז אַלע יאָרן געווען אַ מיטגליד פון „בונד״, געווען פון די ערשטע מיטגלידער אין לערער־פאַריין אויף סאָלנע 1, וואו זי האָט אַקטיוו ,מיטגעאַרבעט. אין יוני 1939 האָט זי אָפּגעדרוקט אין „שול־וועגן״ נומ׳ 3־4 (39־40) אַן אַרטיקל א. נ. „די ערשטע יידישע קינדער־היים אין וואַרשע״, וואו זי האָט באַשריבן די אַנטשטייונג פון דעם דאָזיקן אַנשטאַלט.

נאָכן אויסברוך פון דער היטלער־מלחמה געפינען מיר תרצה אין ביאַליסטאָק, וואו זי קומט אָפּ אַריין אין דער לערער־קיך.

אומגעקומען איז תרצה קאַפּעלאָוויטש־באַכראַך צוזאַמען מיט איר מאַן דוד און קינדער: סאַליע־ישׂראל (17 יאָר) און מירקע (14 יאָר) אין ראָוונע, וואָלין — באַלד ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט (יוני 1941) און האָבן אָנגעהויבן די ערשטע שחיטות אויף יידן אין יענעם געגנט.

## קאַפּעליאָוויטש ־ לובאַצקי, אננא

— די פרוי פון לערער דוד לובאַצקי, האָט געאַרבעט אין דער קופּערשטיין־שול פון דעם טאָג פון איר אַנטשטייאונג. זי איז געבוירן אין ווילנע אין 1890 אין אַ פרומער היים. ווען דבורה קופּערשטיין קומט קיין ווילנע פאַר דער ערשטער וועלט ־ מלחמה, וואוינט זי ביי די קאַפּעליאָוויטשעס און באַפריינדעט זיך שטאַרק מיט דער משפּחה.

די בלינדע דבורה קופּערשטיין האָט בדעה צו גרינדן אַ מיידל־שול, זי הויבט אָן גיין איבער די שטיבער צו שאַפן מיטגלידער מיטן אָפּצאָל פון 25 קאָפּ. א חודש (און ווער עס פלעגט ניט וועלן ווערן קיין מיטגליד, פלעגט זי פרעגן: איר קאָכט קאָמפּאָט? וועט איר איין טאָג ניט קאָכן קיין קאָמפּאָט און אָפּגעבן די 25 קאָפּיקעס). די יונגע געענדיקטע גימנאַזיסטקע אננא איז אויך געגאַנגען מיט דבורה קופּערשטיין איבער די שטיבער, אַזוי ווי אַ סך אַנדערע. שפּעטער ווערט אננא אַ לערערין אין דער

ניי־געגרינדעטער שול און ארבעט שוין דארט איר גאנצן לעבן.

זי איז געווען אן אויסגעצייכנטע לערערין וועלכע האט אריינגעבראכט א סך לעבן אין קלאס, און די קינדער האבן איר שטארק געליבט. א מענטש אן אינטערעסאנטער, קלוגער, לעבעדיקער און זייער א באוועגלעכער, א גוטער חבר און פריינד אין פעד. ראט.

אננא קאפעליאוויטש־לובאצקי האט געהערט צו דעם טיפ ווילנער עלטערע לערער וואס זיינען געקומען פון רוסישע שולן, זיינען געווען אבער א זעלטענער סינטעז פון רוסישער קולטור מיט אן עכטער טיפיש־ווילנער צוגעבונדנקייט צו יידישער וועלטלעכקייט. זיי זיינען געווען קודם־כל און דורכאוים לערער אין טראדיציאנעלן זין פון ווארט.

אננא קאפעליאוויטש־לובאצקי האט אפילו אויסערלעך אויסגעזען ווי א טיפיש־רוסישע לערערין: קליין־געוויקסיק, פעטלעך, מיט ברילן. זי האט שטענדיק געפירט א צווייטן קלאס. א דאנק איר לאנגיאריקער פעדאגאגישער דערפארונג און רואיקן טעמפעראמענט, האט זי גלענצנד באהערשט דעם קלאס. נאר אין א שול־וועזן ווי אין ווילנע, מיט א פעסטער געזעלשאפטלעכער באזע און א לענגערער טראדיציע האבן געקענט זיין אזעלכע לערער ווי אננא קאפעליאוויטש־לובאצקי.

אומגעקומען איז זי צוזאמען מיטן מאן — אין דער לידער שחיטה (מאי 1942).

**קאַץ, טעמע** — געווען יארן לאנג א לערערין אין די ווילנער שולן פון צ.ב.ק. אין די לעצטע יארן פארן היטלער־קריג איז זי געווען לערערין אין דער ספעציעלער שול פאר דעפעקטיווע קינדער, וואס איז געווען אונטער דער אנפירונג פון וויטע לעווין.

טעמע קאַץ איז געווען — לויט דער כאראקטעריסטיק פון אירער א מיטארבעטערין ש. סאפיר־קריץ — „אן איבערגעגעבענע ארבעטזאמע און פיאיקע לערערין. אויף אלע שול־יום־טובים האט זי געהאט זייער געלונגענע ארויסטרעטן מיט אירע שילער אין פארשיידענע נומערן. זי האט זיך אויך מיט דערפאלג באטייליקט אין אלע שול־אויסשטעלונגען.

„שטענדיק פריילעך, מונטער, איז זי געווען באליבט ביי די שילער און זייערע עלטערן. א גוטע חברטע צו די חברים לערער, האט זי זיך דערווארבן צווישן זיי א סך פריינד. שטענדיק דארשטיק נאך וויסן, האט זי זיך מיט גרויס אינטערעס געווארפן אויף יעדער נייעם און באזוכט יעדע קורסן — פון צייכענען, האנט־ארבעט, גימנאסטיק, טענץ א"א, און שפעטער האט זי דאס אלץ אויסגענוצט מיט גרויס דערפאלג ביי איר אין די קלאסן. מיט איר ארבעט האט זי ארויסגערופן אלגעמיינע אנערקענונג."

אין 1941 איז טעמע קאַץ דורך די נאציס אוועקגעפירט געווארן אויף פאנאר. זי פאלט אין טויטן־גרוב איידער זי ווערט דערשאסן, און ביינאכט קריכט זי ארויס פון גרוב און קומט צוריק אין ווילנער געטא. וועגן אירע ווייטערדיקע איבערלעבונגען דערציילט די באקאנטע ביבליאטעקארין דינה אבראמאוויטש:

„טעמע קאַץ איז געווען איינע פון די געציילטע, וועלכע האבן זיך ארויסגעריסן פון א דערשיסונג־אקציע אויף פאנאר, און זי האט די ערשטע געבראכט א גבית־עדות־באריכט וועגן דעם וואס קומט פאר אויף פאנאר. אין געטא איז זי געווען פארוואלטערין פון דער געטא־וועשעריי. געהארעוועט שווער, געשטאנען ביי די פארלייזיקטע וועש לעבן די הייסע

קעסלען — צוזאמען מיט אלע ארבעטערינס פרויען. געווען פריינדלעך צו אלעמען, אריינגעלאזן „פריוואטע" פערזאנען וועלכע האבן זיך נישט געקענט דערווארטן אויף א נומער אין וועשעריי, כדי זיי זאלן אליין קאנען אויסוואשן זייער וועש. טעמע קאץ האט געקוקט אויף דער צוקונפט זייער פעסימיסטיש... דורך אירע הענט איז דורכגעגאנגען די גאנצע שמוץ און פיין פון געטא. איך געדענק דעם אויסדרוק פון איר פנים, ווען זי האט באקומען א גאנצן טראנספארט פון פארבלוטיקטע וועש — נאך דער אקציע אויף די שטעטלשע יידן, וועלכע מען האט אויסגעשאסן אין א באן־טראנספארט. נאך דעם פאל, וועלכער האט אויפגעטרייסלט די שווער־געפרואווטע ווילנער געטא, האט שוין טעמע קאץ ניט געהאט קיין שום אילוזיעס בנוגע אונזער צוקונפט. ווען זי איז געשטאנען אין דעם טאל אויף ראסע, צוזאמען מיט אלע „ליקווידירטע" פרויען, ווארטנדיק אויפן ווייטערדיקן גורל, האט זי באמערקט, אז דאס בילד דערמאנט איר זייער אין פאנאר... זי האט ניט געהאט קיין טעות. מען האט זי דעפארטירט קיין עסטאניע, און דארט איז זי אומגעקומען."



**קאץ, יוסף (יאסל)** — געבוירן אין נאוועמבער 1903 אין ביעלסק־פאדלאסקי, אין א שטארק רעליגיעזער היים (דער טאטע — ר' ישראל, דער שוחט פון שטעטל). יאסל האט געלערנט ביי די מלמדים פון שטעטל, אבער זייער שנעל האט ער שוין ניט קיין פאסיקן מלמד צום לערנען פאר זיך. דאן הויבט אז דער טאטע אליין צו לערנען עטלעכע שעה א טאג מיט יאסלען גמרא. אין לערנען איז ער א גרויסער מתמיד. פאר וועלטלעכע לימודים קומט צו אים א לערער אין שטוב, ווייל שיקן יאסלען אין דער „גאראדסקאיע אוטשילישטשע" לערנען, וועגן דעם קען קיין רייד נישט זיין. ביים לערער ווייזט ער אויך ארויס זעלטענע פעאיקייטן. ביז צו 14 יאר לערנט יאסל מיטן טאטן. ער איז צו יענער צייט אומגעהויער פרום. דער טאטע האפט, אז ווי נאר עס וועט זיך ענדיקן די ערשטע וועלט־מלחמה, וועט ער יאסלען שיקן אין א ישיבה.

שוין אלס קליינער יינגל לייענט יאסל זייער א סך, וואס עס קומט אים אונטער דער האנט — מוז ער עס איבערלייענען. ווען די מלחמה ענדיקט זיך און עס צעפלאקערן זיך אין די יידישע שטעטלעך די פארשיידענע פארטיי־שטרעמונגען, מיידט עס אויך נישט אויס דאס שטעטעלע ביעלסק. די שטעטלשע יוגנטלעכע זעען אין יאסלען א גרויסן אפנעמער פון זייערע פארשיידענע בראשורן. זיי פארפלייצן אים מיט פאליטישער ליטעראטור. אין יאסלען קומט פאר א גוואלדיקער איבערברוך, ער הויבט אז צו גיין אינגאנצן אויף אנדערע וועגן. ער ווערט א מיטגליד אין דער פארוואלטונג פון דער גרויסער שטאט־ביבליאטעק. פאר יאסלען עפנט זיך א נייע וועלט. גאנצע טעג און נעכט קען מען אים נישט ארויסרייסן פון די ביבליאטעק־צימערן. ער שלינגט איין בוך נאך דעם צווייטן. דאס וואס ער לייענט איבער, ווערט פון אים נישט פארגעסן. ער האט פארמאגט א פענאמענאלן זכרון. יאסל ווערט איבערגענומען מיט די פרייהייטס־אידעען. ווערט א שטארקער אנהענגער פון יידיש.

אין 1920־טן יאר ווען יאסל הערט, אז מע גרייט זיך אין ווילנע אויפצו־

עפענען אַ יידישן לערער־סעמינאַר, הייבט ער זיך אָן צוצוגרייטן צו פאָרן אין סעמינאַר לערנען. און אין 1921 פאָרט יאָסל אַוועק קיין ווילנע און טרעט אַריין אין יידישן לערער־סעמינאַר אויפן נאָמען פון וול. מעדעם. אין סעמינאַר עפענען זיך אים גאָר נייע האָריזאָנטן. ער הויבט אָן סיסטעמאַטיש לערנען און אַרבעטן איבער זיך. נאָך די לאַנגע שעהן לעקציעס פון סעמינאַר, זיצט יאָסל גאַנצע טעג אין דער אוניווערסיטעט־און סטראַשון־ביבליאָטעק, שטודירט און אַרבעט זייער אַ סך. ער איז געווען געבענטשט מיט דער גוואַלדיקער קראַפט פון קענען אומדערמידלעד אַרבעטן איבער זיך. ער איז כסדר איינער פון די בעסטע שילער אויף אַלע לימודים אין סעמינאַר. זייער אָפט גרייט ער רעפעראַטן און לייענט זיי פאַר די שילער פון סעמינאַר. דער סעמינאַר איז געווען פאַר אים אַ סיסטעמאַטישע שול און אַ וועגווייזער אויף ווייטערע פאָרשונגען און זעלבסטבילדונג. אין סעמינאַר ווערט יאָסל אַ מיטגליד פון „בונד". יאָסל ענדיקט דעם סעמינאַר אין יאָר 1925 (דער סעמינאַר איז נאָך צו יענער צייט אַ פיר־יאָריקער). ער איז איינער פון די בעסטע סעמינאַר־אַבסאָלווענטן.

ער וואַרפט זיך אַריין מיט זיין גאַנצער ענערגיע אין דער לערער־אַרבעט. ביי אים ווערט נישט אָפּגעטיילט די בילדונג פון דער סאָציאַליסטישער דערציונג, וועלכע ער גיט זיינע שילער. ביי דער לערער־אַרבעט אין שול פירט ער גלייכצייטיק סאָציאַליסטישע אויפקלערונג־אַרבעט אין די „סקיף"־קרייזן. ער איז אַ גלענצנדער פּעדאַגאָג, ער ווערט שטאַרק געליבט און געאַכטעט פון זיינע תלמידים. זיין ערשטע לערער־אַרבעט איז אין ביאַליסטאָק אין דער „גראָסער־שול". זיינע הויפּט־לימודים זיינען: יידיש און יידישע געשיכטע אין די עלטערע קלאַסן.

ביי יאָסלען איז אָבער דער דורשט צו וויסן נאָך ווייט נישט געשטילט. ער באַמיט זיך צו באַקומען אַרבעט אין ווילנע כדי דאָרט קענען ווייטער לערנען. אַלס עקסטערן גיט ער אָפּ עקזאַמען פאַר אַכט קלאַסן גימנאַזיע און קומט אָן אויפן אוניווערסיטעט. ער שטודירט גערמאַניסטיק. צו יענער צייט אַרבעט ער אַ סך אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. ער פירט פאַרשידענע פאָרשונגען איבער דער יידישער שפּראַך און אַרבעט איבער יידישער פילאָלאָגיע. ער שרייבט אָן עטלעכע אַרבעטן אין די „ייוואָ בלעטער". אויך אויפן אוניווערסיטעט איז ער איינער פון די בעסטע. אין יאָר 1933 האָט יאָסל חתונה מיט דער לערערין ג. סעגאַלאָוויטש. ער אַרבעט שפּעטער אַ צייט אין מעדעם־סאַנאַטאָריע אין מיעדזעשין. ער קומט פון צייט צו צייט קיין וואַרשע און פירט אויס פּאַרטייאישע אַרבעטן. ער גיט אויך צו יענער צייט לעקציעס אין פאָלקס־אוניווערסיטעט. די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה אַרבעט ער אין ביאַליסטאָק אין דער יידישער גימנאַזיע. ער פאָרט זייער אָפט אַרום אויף דער פּראָווינץ מיט ליטעראַרישע רעפעראַטן. ער ווערט באַרימט און באַליבט ביי די ברייטע פאָלקס־מאַסן אין און אַרום ביאַליסטאָק. ער באַמיט זיך אַלץ מער אַריינזאַפּן אין זיך בילדונג און וויסן כדי אין אַ גאָר ברייטער מאָס צו קענען דינען זיינע אָנגעצייכנטע לעבנס־אידעאַלן.

זייער אַ אינטערעסאַנט קאַפּיטל איז געווען י. קאַצס אַרבעט אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. די שול־אַרבעט איז געווען צו ענג פאַר זיין כאַראַקטער און ענערגיע. אַ גאָט־געבענטשטער דערציער, האָט ער געזוכט אַ ברייטערע מעגלעכקייט פון צוזאַמענלעבן מיט די קינדער. אַזאַ פּלאַץ

האָט ער פאַר זיך געפונען אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, אין וועלכער ער האָט געאַרבעט אין איר בעסטן און בליאונגס־פעריאָד. זיין דראַנג צו באַהעפטן זיך נאָענטער און אינטימער מיטן יידישן פאָלקס־קינד — האָט דאָ אין סאַנאַטאָריע געפונען א תיקון. דאָ האָט ער פונאַנדערגעוויקלט אַלע זיינע טאַלאַנטן און כוחות אַלס דערציער און פירער פון דער יוגנט. דאָ איז די אַרבעט ניט געווען באַגרענעצט ניט מיט אַ שול־פּראָגראַם, ניט אין שטח און צייט. דאָ זיינען געווען גרויסע מעגלעכקייטן פאַר דערציערישער אַרבעט, און י. קאַץ האָט זיך אין איר אַריינגעוואָרפן בלב ונפש.

אין יאָר 1939 ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז יאָסל מיט זיין משפחה אין ביאַליסטאָק, וואו ער אַרבעט אַלץ בסדר אין דער יידישער גימנאַזיע. אין יאָר 1941 אין חודש יוני, ווען די דייטשן באַפאַלן פּלוצלונג די ווייסרוסישע און אוקראַאינישע מערב־קרעסן, קלייבט זיך יאָסל אַריבער מיט זיין משפחה קיין ביעלסק כדי אין די שרעקלעכע טעג זיין צוזאַמען מיט די עלטערן. אויפן צווייטן טאָג נאָכן פאַרנעמען דורך די דייטשן ביעלסק, קלייבן זיי אויס די אינטעליגענץ פון שטעטל אין דער צאָל פון 30 מאַן. אין דער דאָזיקער אומגליקלעכער גרופּע פאַלט אויך יאָסל אַריין. די גרופּע ווערט אַרויסגעפירט אין איינעם פון די נאָענטע וועלדער אַרום דעם שטעטל, זיי ווערן דאָרט אַלע אויף אַן אומברחמנותדיקן אופן דערשאָסן נאָך דריי טעג פייניקונג.

יוסף קאַץ האָט געהערט צו דער יינגסטער גענעראַציע לערער אין יידישוועלטלעכן שולוועזן, מיט וועלכע די פירער פון ציש"אָ האָבן זיך „געשיינדלט". זיי האָבן געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף י. קאַצן. ער איז שטענדיק איינגעלאַדן געוואָרן אויף די לערער־באַראַטונגען מכח דער פּראָגראַם און רעפאָרם פונעם יידיש־לימוד. ער האָט געשריבן אויף די דאָזיקע טעמעס אין די פּעדאַגאָגישע אויסגאַבעס פון ציש"אָ. ביי אים איז באַשטעלט געוואָרן אַ פּאָפּולער ביכל פאַר די שול־קינדער — די כללים פון דעם יידישן אויסלייג. אויף די לערער־קורסן פון 1938/39 אין ווילנע האָט י. קאַץ געפירט אַ קורס „יידישע גראַמאַטיק". די ציש"אָ האָט געהאָפט, אַז פון י. קאַצן וועט אויסוואַקסן ניט נאָר אַ געלערנטער יידישער פילאָלאָג, נאָר אויך אַ פּראַקטישער שול־פּעדאַגאָג, אַן אויטאָריטעט פאַר דער לערערשאַפט אין אַלע ענינים פונעם יידיש־לימוד.

זיין באַשיידענע נאַטור, זיין אַחריות פאַר יעדער אַרבעט וואָס ער האָט גענומען אויף זיך, זיין גוטמוטיקער און אָנגענעמער כאַראַקטער, זיין גאַנצער שכל־הישרדיקער פאַרהאַלטן זיך צווישן די אַרומיקע, זיין געוואַלדיקע אַרבעטזאַמקייט און שטענדיקער שטרעבן צו פאַרפולקאָמען, זיין אָנגעזאַפּטקייט מיט העברעאיש־תּלמודישן וויסן, זיין געטריישאַפט צו דער אידעע פון אַ יידיש־וועלטלעכער שול וואָס איז באַהויכט מיטן סאָציאַליסטישן אידעאַל, — דאָס אַלץ איז געווען אַ גאַראַנטיע אַז יוסף קאַצן שטייט פאַר אַ גלענצנדע צוקונפט. אָבער דאָס יונגע שיינע לעבן פון יוסף קאַץ — איז טראַגיש איבערגעריסן געוואָרן דורך די נאַציס.

קאָרמאַן, בתיה — שטאַמט פון בריסק, האָט געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר. געאַרבעט אין זשעטל, סוויסלאָטש א"א. איר גורל אומבאַקאַנט. געווען אַן אויסגעצייכנטע לערערין, געאַרבעט אין יינגערע קלאַסן, אויך אין קינדער־גאָרטן.

**קאָרנבוים, חנה** — געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר אין 1929. זי שטאַמט פון מאַלאַריטע, לעבן בריסק. זי האָט געאַרבעט ווי אַ לערערין אין פאַרשיידענע שולן פון דער ציש״אָ. אומגעקומען דורך די נאַציס.

**קאַרעליץ, חנה** — געבוירן אין 1900 אין שאַוול, אין אַ טיף רעליגיעזער שטוב, וואָס האָט געצויגן דעם פאַדעם פון דורות רבנישן יחוס, אַ שטוב פון שענסטער יידישער טראַדיציע. דער טאַטע מרדכי קאַרעליץ האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות. ער איז אָבער ניט געוואָרן קיין רב בלויז דערפאַר, ווייל ער האָט ניט געוואָלט לעבן פון קצבה. ער פלעגט זיצן טאָג און נאַכט איבער אַ ספר. ער האָט זיינע צוויי טעכטער חנה און שפרה נישט איבערגעלאָזט קיין הייזער בירושה, אָבער ער האָט זיי געשאָנקען זיין חכמה, איידלקייט, ערלעכקייט און טריישאַפט צום צווייטן.



בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה קומט די משפחה קאַרעליץ קיין ווילנע. חנה ווערט אַ שילערין אין דער גימנאַזיע פון ס. מ. גורעוויטש. אין 1921 ענדיקט זי די שול מיט אויסצייכנונגען אויף מאַטעמאַטיק. זי קומט אָן אין ווילנער אוניווערסיטעט אויפן מאַטעמאַטישן פאַקולטעט. אין דער זעלבער צייט גרינדעט זי צוזאַמען מיט נאָך אייניקע יוגנטלעכע די אָרגאַניזאַציע פון „יוגנט־בונד־צוקונפט" אין ווילנע. אַלס אַ מיטגליד פון רעפערענטן־קרייז האַלט זי אויף די צוקונפט־קרייזן רעפעראַטן וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע. איר באַליבסטע טעמע איז:

„די ראָל פון דער פרוי אין דעם באַגינען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד". אין איר צימער האָט מען שטענדיק געטראָפן יוגנטלעכע, וואָס האָבן היים דיסקוסירט וועגן אַלע נייע דערשינענע ביכער.

די מאַטעריעלע לאַגע אין שטוב צווינגט איר איבעררייסן דאָס לערנען און זי גרייט זיך ווערן אַ לערערין — דאָס איז אַלע מאָל געווען איר טרוים. נאָכן דורכמאַכן אַ לערער־קורס ביי דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע, באַקומט זי אַ לערער־פּאָסטן אויף דער פּראָווינץ. זי אַרבעט אין מעזריטש, ביעלסק און פּינסק. אין פּינסק איז זי אַ לערערין אויך אין דער האַנטווערקער־שול. חנה איז אומעטום ניט נאָר אַ לערערין. זי באַטייליקט זיך אַקטיוו אין דער בונדישער אַרבעט, איז אַ מיטגליד אין די אָרטיקע בונדישע קאָמיטעטן.

חנה'ן ציט אָבער שטענדיק צו דער גרויסער שטאָט, וואו זי וועט האָבן מער מעגלעכקייטן זיך אַליין צו לערנען. זי קומט קיין וואַרשע און ווערט אַ לערערין אויף מילע 51, וואו זי פירט מאַטעמאַטיק און נאַטור־וויסנשאַפט אין די עלטערע קלאַסן.

אין אָנהויב פון צווייטן וועלט־קריג, לויפט חנה צוזאַמען מיט איר שוועסטער קיין ביאַליסטאָק, וואו זי טיילט דעם גורל פון אַלע אונזערע קדושים — זי קומט אום אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

חנה קאַרעליץ איז געווען אַ לערערין, אַ טרוימערין, אַ אידעאַליסטקע, ביי וועמען די אַרבעט אין דער שול איז געווען פאַרבונדן מיט שטענדיקן זוכן דעם „אמת" און מיט חלומות וועגן אַ בעסערער און שענערער וועלט. זייער אַן איינגעשלאָסענע אין זיך, מיט אומצוטרוי צו אירע אייגענע פּעדאַגאָגישע קרעפטן, אומדרייסט און באַשיידן, האָט זי זייער

א סך געאַרבעט איבער זיך, שטענדיק גע־זוכט די בעסטע וועגן און מעטאָדן פאַר אירע לימודים.

ל י ב ע  ס ט א ל י א ר

## קוניצע, משה בערל — גרינדער

פון דער יידיש־וועלטלעכער שול אין סלאָנים און איינער פון די עלטסטע לע־רער אירע. געווען א מיטגליד פונעם קאָ־מיטעט פון „בונד".

אומגעקומען אין סלאָנימער געטאָ.

## קופּערבערג, האניע — א גוטמו־

טיקע, האָט זי זיך איינגעלעבט מיט מענטשן ווי א גוטע שוועסטער. געווען פון אַן אסימילירטער אָבער זייער א האַר־ציקער היים. קיין עלטערן האָט זי נישט געהאַט, זי האָט זיך געמוזט אַליין אויס־האַלטן. געקומען אין לובלינער פאָלקס־שול נאָכדעם ווי זי האָט געאַרבעט א גאַנצן זומער מיט קינדער אויף דער האַלב־קאָלאָניע פון „טאָז". געווען א לע־רערין פון פּויליש אין דער שול, אָבער זי האָט נישט געקענט באַהערשן דעם קלאַס קינדער, האָט זי גענומען באַהערשן די קינדער איינציקווייז אויף די פּויזעס.

מיט א צייט שפּעטער איז זי געוואָרן די דערציערין פון די קינדער אין דער „אָכראָנע" (יתומים־הויז), — צו דעם איז זי געווען זייער צוגעפּאַסט. געאַרבעט געטריי און איבערגעגעבן. האניע איז גע־ווען ממש ווי א מאַמע צו די קינדער.

ווען די נאַציס האָבן „ליקווידירט" די יידן אין לובלין איז געקומען אויך די ריי אויף דעם יתומים־הויז. מען האָט די וויינענדיקע, שוצלאָזע קינדער אַרויפגע־וואָרפן אין א גרויסן פאַרטאָג, אויף א לאַסט־אויטאָ, — און האניע קופּערבערג, ווי יאַנוש קאָרטשאַק, האָט פרייוויליק זיך געמאָלדן מיטצוגיין מיט די קינדער אויף זייער לעצטן וועג...

ה.  מ א ר ד ע ר

## קורלאַנדסקי, טשיזשע — גע־

בוירן אין ביאַליסטאָק אין 1903 אָדער 1904 ביי בירגערלעכע עלטערן. אין 1917, ווען אין ביאַליסטאָק עפנט זיך די ערשטע יידישע יוגנט־פאַריין־שול, טרעט זי אַריין אין דער שול און פאַרענדיקט זי אין 1919 (דער ערשטער אַרויסלאָז).

אין 1920 עפנט זיך אין ביאַליסטאָק אַן אייניאָריקער לערער־קורס, און טשיזשע קורלאַנדסקי באַזוכט די קורסן. מיט א יאָר שפּעטער ווערט זי לערערין פון צווייטן קלאַס אין דער קרינקער יידישער פאָלקשול פון דער ציש״אָ.

אָבער קורלאַנדסקי שטרעבט צו ווייי־טערדיקער בילדונג און פאַרפולקאָמונג. אין 1922 טרעט זי אַריין אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאַר, באַזוכט דעם סעמינאַר פינף יאָר און קריגט איר לע־רער־דיפּלאָם אין 1927. פון דעמאָלט אַן אַרבעט זי אַלס לערערין אין די צישאָ־שולן אין אָרלע, לוצק, לובלין. די לעצ־טע 4־5 יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה קומט זי צוריק אין איר היימ־שטאָט ביאַליסטאָק און הייבט אָן אַר־בעטן אין דער ביאַליסטאָקער גראָסער־שול, זי פירט דאָ אַן ערשטן קלאַס און שפּעטער א דריטן קלאַס (אַלע לימודים).

אין דער צייט פון דער מלחמה, ווען ביאַליסטאָק איז געווען אונטער דער סאָ־וועטישער מאַכט, בלייבט טשיזשע ווייי־טער ביי איר לערער־אַרבעט.

קורלאַנדסקי איז פון דער נאַטור גע־ווען א שטילע, זי האָט ניט ליב געהאַט צו פיל צו ריידן; האָט א סך געלייענט און זיך געוויסנהאַפט געגרייט צו איר אַרבעט. זי האָט געהערט צום „בונד".

נאָך זייענדיק אַ שילערין פון לערער־סעמינאַר אין ווילנע, איז זי שוין געווען אַ מיטגליד פון יוגנט־בונד „צוקונפט”. אין ביאַליסטאָק האָט זי אָנגעפירט מיט סקיף־גרופּן.

אין 1940 האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ ביאַליסטאָקער וועבער.

וואו און ווען זי איז אומגעקומען — איז ניט באַקאַנט.

פ. מעלאַמדאַוויטש

**קירפּיטש־קאַהאַנאָוויטש, מאַשקע** — געבוירן אין 1905 אין קרינקי — אַ שטעטל מיט אַ רעוואָלוציאָנערער בונדישער טראַדיציע. ביזן עלטער פון 15 ־ 14 יאָר לערנט זי זיך אין דער קרינקער העברעאישער שול, זי באַהערשט גוט די העברעאישע שפּראַך. אין 1920־21 ווערט זי אַ פּראַקטיקאַנטין אין ערשטן קלאַס פון דער יידיש־וועלטלעכער צישאָ־שול אין קרינקי. אין 1922 קומט זי אָן אין ווילנער יידישן לערער־סעמינאַר פון דער צישאָ. זי באַזוכט דעם סעמינאַר פינף יאָר און באַקומט איר לערער־דיפּלאָם אין 1926. (צווייטער ארויסלאָז פון סעמינאַר).

זי הייבט אָן גלייך די אַרבעט אַלס לערערין אין די צישאָ־שולן: אין ביעלסק־פּאַדלאַסקי, אין קרינקי. עטלעכע יאָר האָט זי געאַרבעט אין דער ביאַליסטאָקער „גראָסער־שול”, האָט דאָ געפירט אַלע לימודים אין אַ דריטן קלאַס און אויך העברעאיש אין אַנדערע קלאַסן.

פון ביאַליסטאָק פאָרט זי אַריבער קיין ווילנע, האָט דאָרט חתונה מיט מאָטקע קאַהאַנאָוויטש. אין ווילנע אַרבעט זי ווייטער אַלס לערערין פון אַ דריטן קלאַס אין דער שלום־עליכם־שול. אין 1940, ווען ווילנע איז געווען אונטער דער ליטווישער מאַכט, גרייט זי זיך אינטענסיוו צום אָפּגעבן אַן עקזאַמען פון דער ליטווישער שפּראַך ביי דער ליטווישער שול־מאַכט.

מאַשקע קירפּיטש האָט געהערט צום „בונד”. זייענדיק אין ביאַליסטאָק האָט זי אָנגעפירט מיט „סקיף”־גרופּן.

שטענדיק אַ זויבערע, שטענדיק לויכט פון איר — אַזוי בלייבט זי ביזן לעצטן טאָג אויף איר לערער־פּאָסטן. אַ טייערע, האַרציקע, ליבע חברטע. אַליין ווייט פון האָבן גוטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, נעמט זי אויף אין אָקטאָבער 1939 אין איר ווילנער קליינער דירה אָן קיין שום וואַקלונגען עטלעכע חברים לערער פּליטים.

אין סאַמע בליענדן עלטער, אין אירע מיטעלע דרייסיקער יאָרן קומט זי אום אין דער צייט פון דער מלחמה: זי ווערט אַוועקגעשיקט אויף מיידאַנעק.

איר שוועסטער חיהלע, אויך אַ דערציערין, איז אומגעקומען מיט איר מאַן אויף פּאָנאַר אין 1941.

אַ קינד פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, אויפגעהאָדעוועט אין דער אַטמאָספערע פון אַרבעט און נויט, דורכגעזאַפּט מיט שטימונגען און טראַדיציעס פון דער בונדישער באַוועגונג אין איר געבורט־שטעטל קרינקי, — איז מאַשע קירפּיטש געבליבן געטריי דער יידישער פאָלקסמאַסע און איר געדינט מיט לייב און לעבן. שול און אַרבעטער־באַוועגונג, יידיש און סאָציאַליזם — דאָס איז פאַר איר געווען איין גאָלדענע קייט.

**קירשענבוים, חנה** — געוועזן אַ לערערין פון דער מעדעם־שול אין לאָדזש זינט 1919. זי האָט געשטאַמט פון אַ שטרענג־חסידישער פאַמיליע וואו מען האָט אויף איר שטאַרק פאַראיבל געהאַט וואָס זי לערנט אין אַ „גויאישער” שול. איר פאָטער, אַ פאַנאַטישער חסיד פון

גערער רבין, האָט זיך מיט טרערן גע־
בעטן ביי די שול־טוער, מען זאָל זיין
טאָכטער באַפרייען פון דער אַרבעט, ווייל
זי „באַפלעקט" די משפחה.

חנה קירשענבוים איז געווען אַ שטילע,
און די פרומקייט פון שטוב האָט זי מיט־
גענומען אין דער מעדעם־שול. זי האָט
געלערנט מאַטעמאַטיק און פיזיק, און
האָט ביי די קינדער אַנטוויקלט אַ שטאַר־
קע ליבע צו אַט די לימודים.

זי איז געווען פון די ווינציקע לערער־
פרויען, וואָס האָבן געהאַט אַ גרינטלעכן
יידישן און רעליגיעזן וויסן. אין לערער־
צימער פלעגט מען זיך ווייזלען, אַז זי
איז די איינציקע פון צווישן די לערער
וואָס קען אויך פּסקנען אַ שאלה...

איר בילדונג האָט זי באַקומען געהיים,
באַהאַלטן פון טאַטן. האָט אויך אַ צייט
שטודירט אין וואַרשע און אין דער
לאָדזשער „ווישעכניצע".

חנה קירשענבוים איז אומגעקומען אין
געטאָ.

ס. גוטקעוויטש

**קלאַטניצקי, לייבוש** — געווען אין
משך פון לאַנגע יאָרן אַ לערער אין
צישאַ־שולן. אַליין אַן אויטאָדידאַקט,
דורכגעדרונגען מיט יידישער פאָלקסטימ־
לעכקייט, האָט ער געמאַכט די שולאַרבעט
פאַר זיין לעבנסציל.

אין 1928 איז ער לערער אין דער
יידישער פאָלקשול אין יאַשינאָווקע (ביאַ־
ליסטאָקער קרייז). הגם די באַדינגונגען
פון דער אַרבעט זיינען דאָ זייער שווערע,
סיי מאַטעריעל סיי רעכטלעך, אַנטוויקלט
דאָ ל. קלאַטניצקי אַ גרויסע אַרבעט ניט
נאָר אין שול, נאָר אויך אויסער איר. ער
פירט אָן מיט אַ יוגנט־קרייז אויפן נאָמען
פון י. ל. פּרץ. צו דעם קרייז געהערן די
תלמידים פון עלטערן קלאַס, און אויך די
יוגנטלעכע פון די פריערדיקע אַרויסלאָז־
קלאַסן. דער קרייז שטודירט זייער גרינט־
לעך די יידישע ליטעראַטור, לאָזט אַרויס
אַ חודש־זשורנאַל, אין וועלכן עס דרוקן
זיך אַ סך אויסגעצייכנטע אַרבעטן פון די
קינדער.

ווען די יאַשינאָווקער שול שליסט זיך,
גייט ל. קלאַטניצקי אַריבער (אין 1930)
אין דער צישאַ־שול אין גאָניאָנדז, אין
דער זעלבער ביאַליסטאָקער געגנט. שפּע־
טער אַרבעט ער אין דער קאַרטוז־בערע־
זער צישאַ־שול, און ביים אויסברוך פון
דעם היטלער־קריג געפינט ער זיך ביי דער
אַרבעט אין די ביאַליסטאָקער שולן. ווען
די נאַציס אָקופּירן ביאַליסטאָק, פאַר־
בלייבט ל. קלאַטניצקי אין ביאַליסטאָקער
געטאָ. ער געהערט צו דער ביאַליסטאָקער
אונטערערדישער פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג.
ליידער, באַווייזט ער ניט אַרויסצוגיין פון
די געטאָ־מויערן צוזאַמען מיט דער גרוי־
סער מחנה פון דער אונטערערדישער באַ־
וועגונג. ער איז אומגעקומען דעם 16־טן
אויגוסט 1943, אין עלטער פון 43 יאָר.
(געבוירן אין קרינקי אין 1900).

**קלויזנער־לובאַצקי, חנה (אַלטע)** — פּרעבעליסטין, לערערין
פון די יינגערע קלאַסן אין ווילנער רעאַל־
גימנאַזיע. שטאַמט פון טראָק (אַ קליין
שטעטל לעבן ווילנע). זי איז אומגעקומען
אין מיידאַנעק.

איר מאַן ישראל לובאַצקי, איז געווען
לערער אין דער העברעאישער גימנאַזיע
אין ווילנע.

**קליאַטשקאָווסקי, יאַנקל** — מיט
גרויס צער און ווייטיק קומט מיר אָן
צו שרייבן דעם דאָזיקן אַרטיקל וועגן מיין
ערשטן באַליבסטן לערער, וועלכער האָט
געטיילט דעם גורל פון די 6 מיליאָן קדו־

שים אונזערע. עס שטיקן מיר טרערן און עס גייט מיר דורך א שוידער ביים געדאנק, וואס דער דאזיקער הארציקער מענטש האט געמוזט דורכמאכן אלס צוגאב צו זיין לאנגער קייט ליידן.

יאנקל קליאטשקאווסקי איז געבוירן געווארן אין לונע, גראדנער קרייז, ביי באלעבאטישע אבער ניט קיין פארמעגלעכע עלטערן. ער האט געקראגן זיין ערשטע טראדיציאנעלע יידישע דערציונג אין א חדר. אין די רעוואלוציאנערע יארן פון 1905 האט ער מיט א פאר פון זיינע חברים זיך ארויסגעריסן פון שטעטל און אוועק אן די עלטערנס וויסן קיין ווילנע. דארט האט ער איינגעזאפט אין זיך וועלטלעכע בילדונג צוזאמען מיט סאציאליסטישן באוואוסטזיין. ער איז געווארן א פייערדיקער רעוואלוציאנער, א גרויסער רעדנער. מיטן גאנצן ברען פון זיין נשמה, מיט זיין פלאמיקן טעמפעראמענט האט ער זיך אריינגעווארפן אין דער בונדישער ארבעט. ער איז צוריק געקומען אין זיין שטעטל אנפירן און ארגאניזירן די הייליקע ארבעט פון די „ברידער און שוועסטער". אויף איינער פון די פארזאמלונגען אין סאמע מיטן פון זיין פלאם־פייערדיקער רעדע איז אונטערגעקומען דער פריסטאוו מיט זיינע ארויסהעלפערס. אלע זיינען זיך צעלאפן, נאר איין יאנקל איז געבליבן. מען האט אים ניט געשאנעוועט און אזוי אים צעממיתט, אז ער האט געשוועבט צווישן לעבן און טויט. א צייט לאנג האט ער געשפיגן מיט בלוט.

נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען ס'האבן זיך אנגעהויבן גרינדן יידיש־וועלטלעכע פאלקשולן, איז יאנקל ניט נאר געווען דער גרינדער, נאר אויך דער ערשטער לערער אין דער לונער שול. שפעטער צו, ווען די שול האט זיך אנטוויקלט און צעבליט, האט מען אנגעהויבן אנגאזשירן לערער פון אנדערע שטעט, אבער קליאטשקאווסקי איז אלעמאל געווען דער יעניקער וואס האט געטראגן דעם גאנצן יאך און פאראנטווארטלעכקייט אויף זיינע פלייצעס. ער האט באדארפט זען באצאלן די לערער, זען די לערער זאלן האבן מיט וואס א היים צו פארן. האט א לערער געדארפט שטיצן מיט זיין געהאלט אן אלטן טאטן, האט קליאטשקאווסקי דאס געדארפט באזארגן.

ער איז אויך געווען איינער פון די גרינדער פון דער פאלקס־באנק. פון דאנען האט ער געצויגן זיין שטיקל חיונה. פון דאנען פלעגט ער זיך אפרייסן אויף עטלעכע שעה א טאג און געבן זיינע לעקציעס פון מאטעמאטיק, א לימוד וואס איז ביי אונז קינדער גארנישט געווען אנגעלייגט. אבער מיט זיין גוטמוטיקייט האט ער געוואונען אונזער הארץ און אויך דעם צוטרוי פון א סך עלטערן. ווען מיר זיינען עלטער געווארן און מיר האבן באדארפט באשליסן וואס פאר א וועגן אויסצוקלייבן אין לעבן, איז מען געגאנגען צו קליאטשקאווסקין זיך מיישב זיין. זיין ווארט איז געווען הייליק.

⁂

קליאטשקאווסקי האט חתונה געהאט מיט איינער פון די לערערינס שבע גרענאדיר. זי איז געווען א בלאנדע, מיט בלויע אומשולדיקע קינדערשע אויגן, מיט חן־גריבלעך אין די באקן, שטענדיק א שמייכלענדיקע. אין קלאס האט זי אויסגעזען ווי א גרויס קינד צווישן די קליינע קינדער, זינגענדיק און טאנצנדיק מיט זיי.

טאקע נאך ווי א מלאך איז שבע גרענאדיר געשיקט געווארן, כדי צו פארזיסן קליאטשקאווסקין זיין ביז־איצטיק גרוי לעבן. זיי האבן געהאט צוויי ליבע קינדערלעך, ארעלע און דבורהלע. און פונקט אין מיטן פון זייער אידילישן צוזאמענלעבן האט דאס היטלער־פייער אויסגע־

בראַכן און פאַרברענט זייערע לעבנס צו־זאַמען מיט אַלע אונזערע נאָענטסטע און ליבסטע.

ריווע יאַניש

**קליינערמאַן, אננע** — צוויי יאָר געווען לערערין אין קינדער־גאָרטן אין סוויסלאָטש. געווען א באַגאַבטע, טאַלאַנ־טירטע דערציערין.

איר גורל אומבאַקאַנט.

**קלעפּאַטש, סאָניע** — געבוירן אין לוצק אין 1902, געאַרבעט אין די יאָרן 1923/25 אין קינדערהיים אין סטרי, שפּעטער ביז דער מלחמה אין בונדישן קינדער־היים אין לאָדזש.

אומגעקומען מיט איר מאַן און קינד אין לאָדזשער געטאָ אין 1942־1943.

**קלעפּפיש, יעקב** — שטאַמט פון אַ יחוסדיקער רבנישער משפחה, דעם וואַרשעווער רבס אַן אייניקל. יאָרן לאַנג זיינען מיר געווען פאַרבונדן אין פריינט־לעך־חברישן צוזאַמענלעבן.

איך געדענק אים נאָך, אַ יונג בחורל, אַ מתמיד, וואָס האָט געלערנט פאַר זיך אין אַ חסידישן שטיבל, אין דער געגנט פון גזשיבאָוו, אין וואַרשע.

יעקב פלעגט זיך אָפט טרעפן מיט זיין קרוב, דעם פאַרשטאָרבענעם דוד הער־מאַן, וואָס איז שוין דעמאָלט געבאַפּט געווען אויף דער מעשה, אַ שטיקל אפּי־קורס. מער ווי אַ יאָר צייט האָט קלעפּ־פיש זיך נאָך געהאַלטן, געלערנט גמרא אין דעם חסידישן שטיבל מחמת זיין צוגעבונדקייט און יראת־הכבוד צו דער מוטער זיינער, דער אַלמנה. וואָס וויטער אָבער האָבן די נייע נאַציאָנאַלע און סאָ־ציאַלע שטרעמונגען גענומען משפּיע זיין דאָס לעבן פון פּוילישן יידנטום, גענומען אריינצודרינגען אפילו אין די חסידישע שטיבלעך.

י. קלעפּפיש האָט זיך בשתיקה גענו־מען לערנען רוסיש, פּויליש, גענומען אַריינקוקן אין די טריף־פּסולע ביכלעך, וואָס הערמאַן פלעגט אים ברענגען. ענד־לעך האָט ער אין גאַנצן פּורץ־גדר געווען. ביי דוד הערמאַנען אין שטוב פלעגט ער פון זיך אַראָפּוואַרפן די לאַנגע מלבושים, איבערטאָן זיך און לויפן צום ליטוואַק, וואָס האָט אים גענומען צוגרייטן צום עקזאַמען ביים קוראַטאָר פון וואַרשעווער געגנט. ערשט נאָך דעם דריטן פּרואוו איז י. קלעפּפישן געלונגען צו באַקומען דעם לערערישן דיפּלאָם.

אין דער שטורמדיקער צייט, ערב דעם אָקטאָבער מאַניפעסט אין 1905־טן יאָר, אין מיטן זומער, האָט דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד" פאַררופן אַ פּראָ־טעסט־מיטינג קעגן דער בוליגין־קאָנסטי־טוציע, וואָס דער צאַרישער מיניסטער האָט געוואָלט איינשטעלן. ס'איז געווען אַ הייסער זומערדיקער טאָג, תשעה־באָב. שפּאַנען מיר: יעקב קלעפּפיש, י. ליכטנ־שטיין און מיין ווייניקייט איבער דער פראַנציסקאַנער גאַס צום נומער 27, וואו דער־מיטינג האָט געזאָלט פאַרקומען אין דער גרויסער חסידישער שול. יעקב קלעפּ־פישן האָבן מיר פלוצלונג פאַרלאָרן. ווי אַ שרעטעלע פאַרשווינדט ער אין דעם געדראַנג וואָס שטופּט זיך צום מיטינג...

— ווי דער זיידע זיינער, דער וואַר־שעווער רב, — זאָגט צו מיר י. ליכטנ־שטיין, — איילט ער זיך כסדר. דער זיידע האָט זיך געאיילט פראַווען חצות. יעקב איילט זיך מקיים צו זיין די רעוואָלוציאָ־נערע מצווה.

און שפּעטער, ווען אַרבעטער האָבן גענומען אויפשטעלן באַריקאַדן אויף דער מילע גאַס, איז יעקב קלעפּפיש געווען

איינער פון די ערשטע, וואס האבן זיך גענומען פאר דער ארבעט, און דער לעצטער צו פארלאזן די באריקאדן.

יעקב קלעפפיש איז שוין דעמאלט געווען פארהייראט. די פרוי זיינע, מרים, א געבוירענע סאלאמאן, איז באמת געווען א מערקווירדיקע פרוי. איך געדענק איר נאך גאר א יונג מיידל; זי האט מיט אזוי פיל ליבע, איבערגעגעבנקייט און אויסדויער געארבעט לאנגע יארן אין דער איינציקער לעגאלער געזעלשאפט, דער לערער־געזעלשאפט. די געזעלשאפט האט פארמאגט די איינציקע סאלידע ביבליאטעק, וואס פלעגט פריי ארויסגעבן ביכער אהיים. געארבעט האט דא מרים קלעפפיש צוזאמען מיט א גרופע יידישע לערערינס, וואס האבן באלאנגט צו די סאציאליסטישע פארטייען, דעם „בונד" און דער פוילישער סאציאליסטישער פארטיי, (פ.פ.ס.). מרים האט שטארק באאיינפלוסט די קולטור־טעטיקייט פון דער געזעלשאפט, האט אריינגעצויגן אין דער ארבעט יחידים פון דער אסימילירטער יידישער אינטעליגענץ.

צוזאמען מיט יעקב קלעפפיש האט זי יארן לאנג געארבעט אין דער ווארשטאטן־שול אויף סטאווקי גאס. כמעט אלע לערער פון דער שול האבן באלאנגט צום „בונד", זיינען ענג געווען פארבונדן צווישן זיך — א חברישע משפחה. ווען איך האב זיך אין רוסלאנד געטראפן מיט תלמידים פון דער שול, וואס האבן באלד נאך דער רעוואלוציע זיך אריבערגעכאפט קיין רוסלאנד, פלעגן זיי מיט יראת־הכבוד דערמאנען די נעמען פון די לערער פון דער שול, באזונדערס דעם נאמען פון דער פרוי קלעפפיש.

די זעלבע גרופע לערער פון דער ווארשטאטן־שול האט א לענגערע צייט געארבעט איבער א פוילישן טעקסט־בוך, אן אנפאנגער. ווען דאס בוך איז דערשינען, איז עס אנגענומען געווארן אין אלע פראגרעסיווע פוילישע שולן, שטארק געלויבט געווארן אין דער פוילישער פעדאגאגישער פרעסע ניט נאר אין קרוין־פוילן, נאר אויך אין גאליציע.

יעקב קלעפפיש האט א לענגערע צייט געארבעט איבער א יידישן אנפאנגער. אין 1907־טן יאר איז דער אנהייבער דערשינען אין לידסקיס פארלאג, אין ווארשע, — איז פארשפרייט געווארן אין פוילן און האט אנגעשפארט אזש קיין קאנאדע און אין די פאראייניקטע שטאטן. אין 1911־טן יאר האט ער צוזאמען מיט שפיגעלבורד, ש. הורוויץ צוזאמענגעשטעלט א זאמלונג אריפמעטישע אויפגאבן פאר דער היים, חדר און שול. ארויסגעגעבן די זאמלונג האט דער ווארשעווער בוכהענדלער גיטלין.

יעקב קלעפפיש איז יארן לאנג נאענט געווען צו י. ל. פרץ. דעם ערשטן באזוך מיינעם ביי י. ל. פרץ האב איך געמאכט צוזאמען מיט יעקב קלעפפישן. אויך אין דער ערשטער בארעטונג מיט פרצן פון דער גרופע לערער, וואס האבן זיך באמיט צו דערעפענען אן אנפאנגער־שול מיט יידיש אלס די אונטעריכט־שפראך, האט יעקב קלעפפיש אנטייל גענומען.

ווען עס ווערט, אין באפרייטן פוילן, אין אפריל 1920, געשאפן די ציטווילישע ארגאניזאציע, ביזן שול צוזמענפאר, אונטערן נאמען „יידישע צענטראלע שול ארגאניזאציע פון פוילן, ליטע און ווייסרוסלאנד", — ווערט אין איר ווארשעווער קאמיטעט אויך אויסגעקליבן יעקב קלעפפיש. ווען עס איז געשאפן געווארן דער „צענטראלער דינעזאן־שול־קאמיטעט", איז יעקב קלעפפיש געווען זיין סעקרעטאר. ער איז אויך געווען א מיטגליד פון דער פארוואלטונג פון די ערשטע לערער־קורסן, וואס זיינען געעפנט

געוואָרן אין וואַרשע אין 1920/21 — טאַקע דורך דעם דינעזאָן־קאָמיטעט.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז י. קלעפּפּיש ניט געווען אַקטיוו אין דער שול־באַוועגונג, אָבער סיי ער סיי זיין פרוי מרים זיינען שטענדיק געווען צווישן די נאָענטסטע פריינד און מיטהעלפער פון דער ציש״אָ.

איך געדענק דעם באַזוך מיינעם ביי די קלעפּפּישעס באַלד נאָך דעם, ווי ס׳איז געבוירן געוואָרן דער זון זייערער מיכאַל, וואָס איז אומגעקומען אין דעם אויפשטאַנד פון דער וואַרשעווער געטאָ, איינער פון די אַקטיווסטע קעמפער און אָרגאַניזאַטאָרן פון דעם אויפשטאַנד.

איך געדענק, ווי דער קליינער מיכאַל פלעגט מיט דעם טאַטן זיינעם שפּילן „בעיזבאָל" אויף דער זומער־וואוינונג, ניט ווייט פון פאַלעניצע. איך געדענק אים שוין, ווי אַ דערוואַקסענעם בחור.

דער אומרואיק באַוועגלעכער מיכאַל האָט אין די ערשטע חדשים פון היטלער־קריג געלעבט אין לעמבערג. פון דאָרט איז ער אַוועק אַרבעטן אַלס אינזשענער אין די קוילן־גרובנס פון דאָנעצקער געגנט; אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער זיך צוריקגעקערט אין דער וואַרשעווער געטאָ צו טאַטע מאַמע.

דער שרעקלעכער גורל פון אַ גאַנצער משפחה יידן סאָציאַליסטן־בונדיסטן — פריינד און חברים במשך פון לאַנגע־לאַנגע יאָרן, האָט מיך שטאַרק באַדריקט. דער פרוי קלעפּפּישעס שוועסטער זיינען אויך געווען אַקטיווע בונדיסטקעס. קלעפּפּישעס איינציקע טאָכטער, גינע, איז אויך אומגעקומען ביים חורבן וואַרשע און איז באַערדיקט געוואָרן אויף דער אַרישער זייט ווי אַ קריסטין, אונטער אַ פאַלשן נאָמען.

ש. הורוויץ־זאַלקעס

## קרוסמאַן, הירש

קרוסמאַן, הירש — געשטאַמט פון וואָלין. ער איז אַ סך יאָרן געווען לערער אין די ציש״אָ־שולן אין פאַרשיידענע שטעט. אַן אויטאָדידאַקט, דורכגעדרונגען מיט יידיש וויסן און לעבנשטייגער, פאָלקסטימלעך אין זיין לשון און מאַניערן. אַן אידעאַליסט און אויפריכטיקער סאָציאַליסט. די לעצטע 10 יאָר אַן ערך איז ער געווען לערער אין דער ציש״אָ־שול אין לובלין. ער האָט דאָ אָנגעפירט מיט דער שול מיט גרויס דערפאָלג, איז געווען פאַררעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע יידישע לערער. זיין שול־אַרבעט איז געווען דורכגעדרונגען מיט אוממיטלבאַרער ליבע צום קינד. ער האָט געקענט די נייגונג פון יעדן תלמיד און אַרויסגעבראַכט פון אים דעם מאַקסימום פון זיינע פעאיקייטן, וועלכע ער האָט זיך באַמיט ווייטער צו אַנטוויקלען. בטבע אַ גוטער און גוטמוטיקער מענטש, מיט אַ ליבן שמייכל, שטענדיק רואיק און איינגעהאַלטן — האָט ער די שול־אַרבעט באַנומען ווי אַ הייליקע עבודה. זיינע גוטצוגעגרייטע און דורכגעטראַכטע שול־אויסשטעלונגען און יום־טובדיקע קינדער־אונטערנעמונגען — זיינען שטענדיק געווען אַ שם־דבר אין שטאָט און דער שטאָלץ פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אין דער צייט פונעם היטלער־קריג זיינען ה. קרוסמאַן און זיין פרוי ליאָדזשע אַוועק קיין לוצק און געאַרבעט דאָ אין אַ סאָוועטישער יידישער שול. אָבער נאָך דער אינוואַזיע פון די דייטשן, זיינען ביידע קרוסמאַנס אומגעקומען אין לוצקער געטאָ.

דער געוועזענער ציש״אָ־לערער א. אייזנגאַרט (איצט אין ריאָ דע זשאַניירא) דערציילט וועגן דער אַרבעט פון די ח״ח קרוסמאַן און מיאַדאָווניק — אין אזדיטיטש, וואָלין:

„דער לערער א. קרוסמאן און די לערערקע לאדזשע מיאדאווניק זיינען געווען די ערשטע צישא־לערער וועלכע זיינען אראפגעקומען אין דעם שטילן, פארווארפענעם שטעטעלע אזדיטיטש, וואלין, אין די צוואנציקער יארן, און האבן מיט דער מאדערנער דערציערישער ארבעט געמאכט א קולטור־רעוואלוציע אין דאזיקן שטעטעלע מיט זיינע אלטע קאנסערוואטיווע מנהגים און טראדיציעס. זיי האבן די ערשטע צעאקערט דעם באדן פאר א יידיש־וועלטלעכער שול, און אלס רעזולטאט פון זייער פיאנערישער דערציונגס־ארבעט האט זיך א לאז געטאן פון אזדיטיטש א מחנה פון יונגע בחורים און מיידלעך קיין ווילנע אויף שטודיום. אלע וויכטיקע יידיש־וועלטלעכע לערן־אנשטאלטן אין ווילנע האבן געהאט ביי זיך אלס תלמידים די אביטוריענטן פון די לערער קרוסמאן און מיאדאווניק. אין יידישן לערער־סעמינאר, אין רעאל־גימנאזיע, אין טעכניקום, אין דער סאפיע גורעוויטש־גימנאזיע, אין דער שול „מפיצי־השכלה" און אין „הילף דורך ארבעט" האבן די אזדיטיטשער תלמידים געשמט אלס די בעסטע, פלייסיקסטע און געטרייסטע. און דאס איז געווען אדאנק קרוסמאנס און מיאדאווניקס געטרייער און פרוכטבארער ארבעט. איינער פון קרוסמאנס תלמידים, דער קדוש דאניע לערנער האט זיך ארויסגערוקט אזוי אין לערנען אין דער רעאל־גימנאזיע, אז ער איז געווארן א סטיפענדיסט פון דער ייווא אין ווילנע און זיך אויסגעצייכנט אין וויסנשאפטלעכע ארבעטן פון יידישער דעמאגראפיע."

דער געוועזענער צישא־לערער מ. אלמאן (איצט אין מאנטשעסטער) דערציילט ווי ער האט געארבעט צוזאמען מיט קרוסמאן און מיאדאווניק אין לוצק אונטער די סאוועטן אין 1940:

„ווען דער מלחמה־שטורעם האט מיך פאריאגט פון מיין היים אין אקטאבער 1939, בין איך אנגעקומען נאך פיל וואנדערונגען, דעם 22־טן דעצעמבער ביי נאכט קיין לוצק, וועלכע האט זיך שוין עטלעכע וואכן געפונען אונטער דער סאוועטישער מאכט. צופעליק האב איך פארבלאנדזשעט אין א שטוב, וואס איז פארנומען געווען דורך די לובלינער צישא־לערער קרוסמאן און מיאדאווניק, מיט וועלכע איך בין באקאנט געווען פון פריער. זיי האבן מיך גלייך אינדערפרי געפירט אין שול־אינספעקטאראט און איך האב באקומען א נאמינאציע אויף לערער אין דער זעלבער שול אין וועלכער זיי האבן שוין געארבעט א פאר וואכן.

די געוועזענע תלמוד־תורה איז פארוואנדלט געווארן אין א יידישער שול, און דער פריערדיקער מנהל לאנדע האט פארנומען דעם דירעקטאר־אמט און געווארן דער פארטרויונגס־מאן פון שול־אינספעקטאר... (דא האב איך טאקע געזען, ווי דער פריערדיקער מנהל לאנדע האט באזייטיקט דעם ארון־קודש פון שולכל אין תלמוד־תורה, אויף צו פארגרעסערן דעם זאל...). מיט די לערער קרוסמאן און לאניע מיאדאווניק איז מיר באשערט געווען צוזאמען צו ארבעטן דאס שול־יאר 1939/40.

אין שול האבן מיר זיך געהאלטן אפיציעל, דערפאר אין שטוב פארגליכן דאס נייע מיטן אלטן. פון זיי האב איך באקומען חברישע אנווייזונגען וואסערע טעמעס איך מעג באהאנדלען אין שול. למשל: מאני לייבס „דער פרעמדער" איז אין שול פסול, ווייל פאראן אין ליד א זאץ: „און אין שטוב קיין ברויט נישטא"... הגם אין די שטובן פון די געוועזענע תלמוד־תורה־תלמידים און איצטיקע שילער פון דער סאוועטישער יידי־

שער שול האט זיך נישט געפילט קיין איבערפלוס פון ברויט אין יענער צייט...

דער חבר קרוסמאן האט אין לוצק אפילו א פריז גענומען פאר א קינדער־פארשטעלונג אויף דער ראיאן־אלימפיאדע: ער האט צוזאמענגעשטעלט א סצענקע וואס איך וואלט אנגערופן: „מעבדות־לחירות". צוערשט אילוסטרירט דאס אלטע לעבן מיט די לידער „העמערל, העמערל קלאפ", „און דו אקערסט און דו זייסט" און נאך א פאר ענלעכע. דאן — מלחמה־אויסברוך און די באקאנטע רעדע פון מאלאטאוון און דאס פריידיקע, נייע לעבן מיט טענץ... אזוי האט דאס לעבן געפאדערט צו ארבעטן, ווי א שוסטער, אויף א באשטעלטער קאפיטע...

איך האב זיך רעגיסטרירט צו פארן צוריק אהיים און בין פארפירט געווארן קיין סיביר אין די טיגעם אריין. זיי זענען געבליבן אויפן ארט אין דעם ברוכטייל פון די יידישע שולן, וואס מ'האט נאך איבערגעלאזט. אין 1940־טן יאר האב איך נאך פון זיי באקומען א גרוס אין טייגע אריין. זיי האבן געטיילט דעם גורל פון די לוצקער יידן".

## קרוסמאַן־מיאָדאָווניק ליאָדזשע (לאה)

— די פרוי פון הירש קרוסמאן, איז געווען א סך יינגער פון אים. זי איז געבוירן געווארן אין ווארשע אין 1902. דא האט זי גענדיקט גימנאזיע און פעדאגאגישע קורסן. א צייט האט זי געארבעט אלס צישא־לערערין אין ווארשע (מילא 61), און שפעטער אין לובלין. דא איז זי געווארן דער ליבלינג פון דער שול. איר באנעמונג



צו די קינדער איז געווען צארט און סובטעל. אין דער שולארבעט האט זי ארויסגעוויזן א סך פעדאגאגישע איניציאטיוו און טאלאנט. זי איז אויך געווען באטייליקט אין געזעלשאפטלעכן לעבן אלס געטרייע בונדיסטין.

בעתן היטלער־קריג איז זי אוועק קיין לוצק, און דא געארבעט אין א סאוועטישער שול. דא איז זי אויך, צוזאמען מיטן מאן, אומגעקומען פון די דייטשע רוצחים.

## קרוק

(ערשטער נאמען ?) — שטאמט פון ביאלאוויעזש. געווען לערערין אין סוויסלאטש, וואו עס איז געווען א שול פון זעקס קלאסן מיט הונדערט קינדער. געווען זייער א גוטע לערערין און הארציקע חברטע.

## קרוש, זינא

— געארבעט אין די מעדעם־שולן אין לאדזש. צו אלע גרויסע שול־יום־טובים געהאלפן צוגרייטן דאס קליינווארג מיט פלאסטיש־ריטמישע נומערן; אנגעפירט מיטן גרויסן באלעט ביי די קינדער־פארשטעלונגען.

## קרושאנסקי, שרה

— שטאמט פון ווילנע און די לעצטע יארן פארן קריג געלעבט אין פאריז. פון דאנען דעפארטירט געווארן צו די טויט־לאגערן.

שרה קרושאנסקי האט געארבעט אין דער צוגאב־שול און זומער קאלאניע פון דער געזעלשאפט „קאלאני סקאלער". אין דער צייט פון דער דייטשער אקופאציע האט זי געארבעט אינעם קינדער־הויז, הינטער פאריז, פון דער זעלבער געזעלשאפט. פון דארט איז זי טאקע דעפארטירט געווארן — נישט צוריק צו קומען.

געווען זייער אן ארבעטזאמע, ליבע און איבערגעגעבענע לערערין.

**קריזאָווסקי, אליהו** — געבוירן אין ניעמעטשין — אַ קליין שטעטעלע לעבן ווילנע. זיינע עלטערן זיינען געווען פאַרמעגלעכע מענטשן: זיי האָבן פאַרמאָגט אַ פאַבריקל פון צוקערקעס, אַ פענסיאָן פאַר דאַטשע־געסט, אפילו וואלד. עלטשיק (אַזוי האָט מען אים אין די יונגע יאָרן גערופן) איז געווען דער ייִנגסטער



פון צווישן די 4 קינדער. ווען ער איז אַלט געוואָרן 6 יאָר, שטאַרבט זיין מוטער. ער האָדעוועט זיך ביי באָבע־זיידע. שפעטער קומט ער אין ווילנע, וואו ער באַזוכט די שול „מפיצי־השכלה". ביי זייער שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען קומט אים אויס צו לעבן און זיך לערנען. פון די ייִנגסטע יאָרן אָן ווערט ער באַצויבערט פון דער יידישער ליטעראַטור, אינטערעסירט זיך מיט יידישער געשיכטע. ער פּרואוווט אַליין שרייבן פּאָעזיע. ער שטרעבט צו ווערן אַ לערער. ער פלעגט אָפט אַריינקומען צו ג. פלודערמאַכערן, דערציילן זיינע שוועריקייטן און זיך האַלטן אַן עצה וועגן דער צוקונפט. עס ציט אים אין לערער־סעמינאַר, זיינע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן זיינען זייער באַשרענקטע (די פאַמיליע שטיצט אים ווייניק), זיין מזל — אַ שלעכטער. ער פאָרט אַרויס אין די שטעטלעך וואו ער אַרבעט אַלס לערער־אַמאַטאָר. ער זאַמלט אָן אַביסל „קאַפּיטאַל" און פאָרט קיין וואַרשע, וואו ער ענדיקט דעם דאָרטיקן לערער־סעמינאַר פון ציש״אָ.

ער אַרבעט אין עטלעכע ציש״אָ־שולן אויף דער פּראָווינץ.

אין 1930 קומט קריזאָווסקי קיין פּאַריז. צוזאַמען מיט איקאַ ריכטער און אַ פּאָר אַקטיוויסטן פון „מעדעם־קלוב" גרינדעט ער דעם שול־קאָמיטעט און די ערשטע צוגאָב־שול אין פּאַריז. דאָס איז געווען אַ נייעם אויפן פּאַריזער באָדן. מען האָט געמוזט פירן אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די עמיגראַנטן. די קינדער — דאָס רוב אַסימילירטע, שעמען זיך אָפט מיט דער יידישער שפּראַך.

א. קריזאָווסקי שפּאַנט זיך איין אין דער אַרבעט פון שול און אַרום דער שול. דער עלעמענט קינדער איז געווען אַ פּייאיקער אָבער זייער אימפּולסיווער. ער באַמיט זיך זיי צו פאַראינטערעסירן מיט דער שול. ער איז אַ גוטער געדולדיקער לערער. ער פאַרשטייט צו זיין עלאַסטיש מיט די קינדער, זיך צופּאַסן צו זייערע שטימונגען און אויסנוצן פאַר יידיש זייערע אינטערעסן. דעם לימוד פון ליטעראַטור האָט ער געגעבן זייער לעבעדיק און פּאָפּולער. ער האָט שטענדיק אויסגעקליבן קינדערישע און פרייִלעכע טעקסטן, וועלכע מען האָט שפּעטער אינסצעניזירט. די עפנטלעכע פאַרשטעלונגען פון דער בונדישער צוגאָב־שול זיינען געווען אַ רעוועלאַציע אין פּאַריז („ליאַלקעס", „אַ מעשה מיט קעץ", „מאָטל פּייסים" א״א). די אַרבעט פון שול איז געווען געבונדן מיט דער אַרבעט אַרום דער שול און מיט דער זומער־קאָלאָניע. סיי די שול, סיי די קאָלאָניע האָט געדאַרפט אַליין שאַפן איר בודזשעט. א. קריזאָווסקי איז אויסגעבונדן מיט דער גאַנצער אַרבעט, מיט די קינדער, מיט די עלטערן און חברים. ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך פון דער פראַנצויזישער וועלט־שטאָט דעם אייראָפּעאישן אופן פון באַנעמען זיך מיט מענטשן. מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן — געטאָן די שווערע און נייע אַרבעט, וואָס האָט פאַרלאַנגט ניט ווייניק אָנשטרענגונג און אויסדויער.

די פראנצויזישע קולטור לאקט אים. א. קריזאווסקי לייענט פיל, לערנט גרינטלעך די פראנצויזישע שפראך. ער ענדיקט מיט א דיפלאם דעם 2־יאריקן אינסטיטוט פאר פראנצויזישע לערער אין אויסלאנד (ביי דער סארבאנע). דאס האט אים געגעבן רעכט צו זיין לערער פון פראנצויזיש אומעטום חוץ אין פראנקרייך.

אין 1932 האט א. קריזאווסקי זייער פלייסיק צוגעהאלפן דעם ח׳ ש. מענדעלסאן ארגאניזירן אין פאריז די אויסשטעלונג פון די ציש״א־שולן. ער פארברענגט דארט גאנצע טעג, געבנדיק דערקלערונגען די באזוכער פון דער אויסשטעלונג, וואס זיינען דאס רוב געווען לערער און פעדאגאגן.

אין 1934 קערט זיך קריזאווסקי אום קיין ווארשע, וואו ער ווערט אינגיכן דער סעקרעטאר פון צענטראלן פאריין פון ביורא־ און האנדלס־אנגעשטעלטע. ער ווערט באשטימט פארן סעקרעטאר פון דעם ארגאן פון דעם פאריין „דער האנדלס אנגעשטעלטער". ער גיט אויך לעקציעס פון פראנצויזיש.

אין דער צייט פון היטלער־קריג געפינט זיך ח׳ קריזאווסקי אין ווילנע. זיין ווייטערדיקער גורל אומבאקאנט.

ס. ווייסבראד

## ראבינאָוויטש, י. — איז לאנגע יארן

געווען פארוואלטער פון דער יידישוועלטלעכער שול אין ניי־ווילייקע. ער האט געפירט אן עקשנותדיקן קאמף פארן קיום פון דער שול און געטאן אלץ כדי צו הויבן דעם ניוואָ פון דער שול. ער האט געגרינדעט און אנגעפירט מיטן ארטיקן שול־קאמיטעט, און אדאנק זיינע באמיונגען האט זיך געשאפן א געזעלשאפטלעכע סביבה ארום דער שול. עס פלעגן אראנזשירט ווערן פארטראגן, קינדער־אוונטן, פארוויילונגען, און זייער אפט פלעגן דא אויפטרעטן פארשטייער פון דער „שול ארגאניזאציע פאר ווילנער פראווינץ" צו וועלכער די ניי־ווילייקער שול האט געהערט. די שול האט געהאט א סך ארויסלאזן, און א ריי שילער האבן שפעטער פראגרעסירט און פארנומען אן אנגעזעענעם פלאץ אין לעבן.

## ראבינאָוויטש, יוסף — געבוירן

אין א שטעטל הינטער ווארשע, בערך אין 1897, אין א רבנישער שטוב. א מענטש מיט גוטער אלגעמיינער בילדונג, האט ער אנגעהויבן ארבעטן אין די יידישע פאלקשולן אין ווארשע אין יאר 1920. ער האט געלערנט יידישע שפראך און ליטעראטור און יידישע געשיכטע. א לענגערע צייט האט י. ראבינאָוויטש געארבעט אין דער באראכאוו־שול אויף דזיקע 6. ער איז געווען א לינקער און געהערט צו דער קאמוניסטישער ארגאניזאציע. י. ראבינאָוויטש איז געווען אן אינטעליגענטער און קלוגער מענטש און א גוטער לערער.

אומגעקומען איז ער אין 1942 בעת דער אויסזידלונג פון ווארשע.

## ראבינאָוויטש, מיכל — איז געווען

דער לערער פון יידיש, יידישער געשיכטע און העברעאיש אין סאפיע גורעוויטש־שול אין ווילנע. מ. ראבינאָוויטש איז געווען אן אויטאדידאקט. אין זיין שטעטל זשעטל האט ער געלערנט אין חדר, דערנאך אין ישיבה, אבער זיין גאנצן אנטוויקלונגס־וועג צו ווערן איינער פון די בעסטע יידיש־לערער אין אונזערע שולן האט ער דורכגעמאכט אליין, אן שום פארמעלער בילדונג. דער פאקט האט זיך בפירוש אפגעשפיגלט אויף זיין גאנצער באציונג צו דער ארבעט און צו די שילער.

שוין פאר די 13-10 יאריקע פאלקשול־קינדער פלעגט ער שטעלן ערנסטע ליטעראַרישע און געזעלשאפטלעכע פּראבלעמען און שיקן זיי זוכן ענטפערס אין די ביכער, גריבלען זיך אין ביבליאטעקן. ניט איין מאל איז די אויפגאבע געווען איבער זייערע כוחות, פלעגט ער זיי אבער ווייטער אנרעגן, און די רעזולטאטן, ספּעציעל ביי די פייאיקערע קינדער, פלעגן אפט זיין חידושדיקע. אומצאליקע שריפטלעכע ארבעטן, באריכטן וועגן ביכער, רעפעראטן וועגן שרייבער, אינסצעניזאציעס, געשריבן מיט א רייכער אויסגעארבעטער שפּראך — זיינען געווען די דערגרייכונגען פון זיין יידיש־לימוד.

מיכל ראבינאוויטש האט פארמאגט גרויס דרך־ארץ פאר א בוך, ווער רעדט נאר פאר א יידיש בוך. פאר אים איז די יידישע ליטעראטור געווען די ליטעראטור, די יידישע שול — די שול, די יידישע קולטור — די קולטור. יידיש איז געווען די איינציקע שפּראך וואס ראבינאוויטש האט גוט געקענט און דאס האט געגעבן זיינע יידיש־לעקציעס א רייכערן אינהאלט און באזונדערע גאנצקייט. ער פלעגט שטעלן פאר זיין ציל צו באקענען די שילער אויך מיט דער וועלט־ליטעראטור, אויסנוצן אלץ וואס מען האט געקענט קריגן אין יידישער איבערזעצונג, געלאזט די קינדער לייענען אז א שיעור, געוויזן זיי ווייטע האריזאנטן. אבער דערביי האט ער אויך קיין מאל ניט אפּגעלאזן די קליינע ארבעט איבער זייער אייגענער שפּראך.

די לעקציעס אין די קלאסן זיינען געווען נאר איין טייל פון ראבינאוויטשעס לערנען. א סך צייט האט ער אפּגעגעבן די קאלעקטיווע ארויסטרעטונגען. יעדער אפּשניט פון לערנען פלעגט זיך ענדיקן מיט א שול־אוונט, א מין סך־הכל. מ.

ראבינאוויטש האט געוויס געהאט רעזשיסערישע פעיקייטן, ביי פארשיידענע געלעגנהייטן פלעגט ער מיטארבעטן מיט דראמאטישע גרופּעס: באזונדערס האט אים אינטערעסירט קינדער־טעאטער. פאר די שול־פארשטעלונגען פלעגט ער אויסנוצן פּאַרטיקע פּיעסעס, איבערזעצן פון אנדערע שפּראכן, שאפן אליין אדער מיט די אקטיווערע שילער אינסצעניזאציעס און מאנטאזשן. דאס האט מעגלעך געמאכט אן ארגאנישע פארבינדונג צווישן די לימודים און די פארשטעלונגען. אזוי ווי ראבינאוויטש האט אויך אנגעפירט מיט געזאנג און גימנאסטיק אין שול, האט ער גרינג געקענט אריינגעמען כאר־דעקלאמאציעס און געזאנג אין די אויפפירונגען, ספּעציעל פלעגן זיך אים איינגעבן כאר־דעקלאמאציעס. די שטענדיק פיין און אינטערעסאנט רעזשיסירטע מאסן־סצענעס זיינען געווען א גוטער מיטל אריינצוציען אלע קינדער און די צוגרייטונגען צום אוונט און שאפן אמתע קאלעקטיווע דערגרייכונגען. אוונט נאך אוונט פלעגן די קינדער פארברענגען שפּעט אין שול פאר יעדן יום־טוב. דאס לעבן אין שול איז אדאנק דעם געווען אינטערעסאנט און פילפארביק. א טייל עלטערן האבן זיך אפילו באקלאגט, אז די שול אבסארבירט שוין די קינדער צו פיל, אבער אלע האבן באטראכט די שול־יום־טובים ווי זייערע אייגענע שמחות און פריידיק זיך אין זיי באטייליקט.

אין 1940-41 איז מיכל ראבינאוויטש אוועק פון ווילנע קיין ראטן־פארבאנד צוזאמען מיט זיין פרוי ביבע — א לערערין אין שלום־עליכם־שול און זייער טעכטערל סימעלע. זיי האבן אבער ניט געקענט דורכהאלטן דאס שווערע לעבן בעת דער מלחמה. צוערשט איז געשטארבן דאס קינד, דערנאך די פרוי און צום סוף מיכל ראבינאוויטש, עלנט און איינזאם.

מ. ראבינאוויטש איז געווען א מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דער שול־ארגאניזאציע פאר ווילנער פראווינץ (זיין ערשטע לערער־פראקטיק איז געווען אין דער נאוואווילייסקער שול). ער איז אויך געווען זייער אקטיוו אינעם לערער־פאריין און גענומען אנטייל אין דער ארבעט פון „ווילביג" (ווילנער בילדונגס־געזעלשאפט).

ר. וויינרייך

**ראבינאוויטש, שרה** — שטודירט אין ווילנער אוניווערסיטעט, געענדיקט צוויי פאקולטעטן: געשיכטע און יוריספרודענץ. זי האט אנגעהויבן צו ארבעטן אין סאפיע גורעוויט־שול נאך זייענדיק א סטודענטקע. אנגעהויבן ווי א לערערין פון פוילישער געשיכטע און פויליש, האט זי זיך אין די ערשטע יארן טאקע באגרענעצט צו די לימודים וואס מען האט געמוזט פירן אין פויליש. מיט דער צייט אבער האט זי זיך שטארק אריינגעצויגן אין דער שול־ארבעט, עס האבן זי אינטערעסירט ניט נאר דער לערן־מאטעריאל, נאר אויך ברייטערע פעדאגאגישע פראבלעמען. לערעריי, וועלכע זי האט אנגעהויבן נאר ווי א צוגאב־ארבעט צוליב פרנסה, איז געווארן איר אמתער באַרוף.

געבוירן אין ווילנע, האט שרה ראבינאוויטש גוט געקענט יידיש, כאטש קיין פארמעלע יידישע בילדונג האט זי ניט געהאט. זי איז געווען זייער אן אינטעליגענטער און אן ארבעטזאמער מענטש, און עס האט איר ניט גענומען לאנג צו באהערשן גענוג דעם מאטעריאל אויף אריינצונעמען אין איר פראגראם אויך יידישע און אלגעמיינע געשיכטע — אין יידיש. זי האט געזוכט און געפונען וועגן ווי אזוי איבערצוגעבן איר וויסן די יונגע קינדער. זעלבשטענדיקע ארבעטן, דיסקוסיעס אין קלאס און צווישן קלאסן, פארשטעלונגען אין היסטארישע קאסטיומען — דאס אלץ האט געוועקט די קינדער צו שעפערישער ארבעט. פאר פעאיקערע קינדער פלעגט זי שאפן מעגלעכקייטן צו פארטיפן זיך מער אין דעם מאטעריאל, אבער גלייכצייטיק געפירט סיסטעמאטיש ווייטער די ארבעט אין די גרענעצן פון פראגראם מיטן גאנצן קלאס.

אין אירע באריכטן פאר די עלטערן־פארזאמלונגען פלעגט שרה ראבינאוויטש דערציילן די עלטערן וועגן די פראבלעמען און שוועריקייטן פון אירע לימודים, און געהאלפן צו שאפן א נאענטן קאנטאקט צווישן עלטערן און שול.

אז ווילנע איז אין 1940 אריבער צו ליטע, און מען האט אפגעשטעלט די פוילישע לימודים, איז איר שוין ניט שווער געווען איבערצונעמען צו פירן א ייִנגערן קלאס אין גאנצן אין יידיש.

אין ווילנער געטא האט שרה ראבינאוויטש געארבעט אין יודנראט און געגעבן פריוואטע לעקציעס צו איינצלנע שילער און גרופעס.

זי איז אומגעקומען ביי דער ליקווידאציע פון ווילנער געטא דעם 23־טן סעפטעמבער 1943.

ר. וויינרייך

**ראגאזשיק, פייגע** — געווען לערערין אין דער מעזריטשער פאלקשול, אונטער דער אנפירונג פון דער באקאנטער פעדאגאגין פרוי אדלער. אין די שפעטערדיקע יארן האט ראגאזשיק געארבעט אין פארשיידענע יידישע ציש"א־שולן.

**ראדינסקי, עליע־מיכל** — א געוועזענער שילער פון ווילנער העברעאישן לערער־סעמינאר, האט ראדינסקי אנגע־

הויבן זיין פראקטיק (1927) אלס העברעאישער לערער אין דער צישא־שול אין נעסוויזש. שפעטער איז ער אויך געווארן דא א טיכטיקער שול־טוער און איז יארן לאנג געווען דער סעקרעטאר פון דער ארטיקער צישא־אפטיילונג. פארבראכט גאנצע אוונטן אויף פארוואלטונג־זיצונגען, טעאטער־פראבעס און פארשטעלונגען.

עליע איז אלע יארן געזעסן אין סופליאר־בודקע, אין שטאטישן זאל. ניט איינמאל האט ער דעם ארטיסט ארויסגעפירט פון א שווערער סיטואציע, ווי א געניטער רעזשיסער. א לעבן לאנג צווישן שול־בענק, זיצונגען און סופליאר־בודקע — איז ניט געבליבן קיין פלאץ פאר פערזענלעך גליק.

אומגעקומען בשעת די צעשיסונגען פון ניעסוויזשער יידן, אין אקטאבער 1941.

## ראזנבוים ־ גלאגאווסקי, פערל

— אין א הארבסטיקן אוונט אין 1925 האט זיך צו מיר געווענדט א גרופע יונגע פופצניעריקע מיידלעך, שילערינס פון א ווארשעווער פויליש־יידישער גימנאזיע, אז איך זאל זיי העלפן פירן א זעלבסט־בילדונגס־קרייז, וועלכער האט זיך געשטעלט די אויפגאבע צו שטודירן סאציאלע וויסנשאפט אויסער דער שול.



צווישן אט דער גרופע האט זיך אויסגעטיילט איינע מיט צוויי לאנגע שווארצע צעפ און ערנסט, אפשר צו ערנסט פנים. דאס איז געווען פערל ראזנבוים. גאר נישט לאנג צוריק איז זי מיט נאך עטלעכע חברטעס אירע געקומען פון קאסאוו־טעליאקי, איר געבורט־שטעטל, קיין ווארשע — זיך לערנען. זי האט געשטאמט פון אן ארעמער, קליינשטעטלדיקער הענדלער־משפחה, און וועלכער זי האט פארברענגט א גרוי, מיט ווייניק פרייד אנגעפילטע קינדהייט. דאס דאזיקע ערנסטע פנים פלעגט זיך זעלטן צעשמייכלען. און דאך איז אין איר געווען אזוי פיל בענקשאפט נאך פרייד און ווארעמקייט.

ס'האט נישט לאנג געדויערט, ווי דער קרייז, צו וועלכן זי האט געהערט און איז גאר גיך געווארן פון זיינע אקטיווסטע מיטגלידער, איז געווארן אן אויסגעשפראכן סאציאליסטישער. דער קרייז האט זיך א נאמען געגעבן „פראמעטיי"... אין יענע יארן האבן די 15-16 יעריקע מיידלעך און בחורים גענומען דעם סימבאלישן נאמען ערנסט, אזוי ערנסט, אז טייל פון זיי זיינען געבליבן „פראמעטייער" ביזן סוף פון זייער יונג־פארשניטענעם לעבן. און טייל פון זיי געבליבענע, טראגן נאך ביז היינט א פונק פונעם „פראמעטעאיזם" טיף אין הארצן...

סוף 1926 אדער 1927 איז פארגעקומען א וואל־קאמפאניע און דער קרייז האט באשלאסן צו גיין איבער די בוידעם־ און קעלער־שטובן — אגיטירן פאר דער בונדישער ליסטע נומער 4. פערל איז געווען פון די אומדערמידלעכע און איך גלויב, אז דאס איז געווען פאר איר די ערשטע לעקציע פון סאציאליסטישער פראפאגאנדע, וואס האט איר מער איבערצייגט, ווי די ביכער, וואס זי האט געלייענט... ווען זי איז אינעם וואל־טאג ארומגעגאנגען איבער דעם געגנשער און סמאטשער ראיאן מיט א גרויסן נומער 4 איבער דער גאנצער ברוסט, זיינען איר באפאלן קאמוניסטישע וואל־אגיטאטארן און געריסן פון איר דעם נומער פון

„בונד". — דאָס איז געווען דער טאָג, ווען זי איז געוואָרן אַ בונדיסטקע אויף שטענדיק.

אירע פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן זיינען פרי געקומען צום אויסדרוק שוין אין דעם קרייז „פּראַמעטיי". איר אַמביציע איז געווען צו ווערן אַ „רעפערענטן" — אַ קרייז פירערין. און ווען די אונטערוואַקסנדיקע מיטגלידער פון „פּראַמעטיי", דאַן שוין אין די לעצטע יאָרן פון גימנאַזיע, האָבן זיך גענומען גרייטן צו זייער אַרבעט אין דער „צוקונפט" אָדער „סקיף" — האָבן זיי באַשלאָסן זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ סעמינאַר — באַזוכן קרייזן וואָס אַנדערע האָבן אָנגעפירט, אַליין איבערנעמען קרייזן, געניט אַלץ פּראַקטאַקאַלירן, באַאַרבעטן זייערע באַאָבאַכטונגען און צוזאַמען דיסקוטירן שפּעטער די מעטאָדן פון פירן קרייזן. פון די בעסטע צווישן זיי איז געווען פּערל. איר שטעלונג איז געווען: דער קרייז־פירער איז נישט אַ חבר, וואָס קען האַלטן אַ רעפעראַט וועגן אַ טעמע, נאָר דער דערציער און פירער פונעם קרייז. אַ חבר, אַ מוסטער. און זי איז טאַקע שנעל געוואָרן פון די בעסטע קרייז־פירער. זי האָט ליב באַקומען די „צוקונפט" און „סקיף".

דער קרייז האָט זיין אַרבעט אָנגעהויבן אין פּויליש. שפּעטער איז דאָס געוואָרן אַ גרופּע וואָס איר מערהייט האָט אַליין געשטודירט און אַנדערע געלערנט אין יידיש.

פּערל האָט איר הויך־בילדונג באַקומען אינעם פרייען פּוילישן אוניווערסיטעט אין וואַרשע, „ווּשעכניצע" — זי האָט דערנאָך זיך ספּעציאַליזירט אַלס אַ מיטאַרבעטערין אין דער וואַרשעווער קאָמונאַלער סאָציאַלער שוץ־פאַרזאָרגונג פון היימלאָזע און עלטערנלאָזע קינדער, שוצלאָזע מוטערס. גלייכצייטיק האָט זי געאַרבעט אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע און אין די „ציש"א"־שולן אין וואַרשע אויף קאַרמעליצקע און קראַכמאַלנע, וואו זי האָט געלערנט פּויליש און מאַטעמאַטיק. — איר אַרבעט אין די „ציש"א"־שולן איז געווען אַ טייל פון איר אַרבעט אין דער יוגנט־באַוועגונג — אין דער „צוקונפט" און „סקיף", וואו זי האָט געהערט צו די קאָמיטעטן וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט אין וואַרשע.

זי איז שטענדיק געווען אַ זאַכלעכע אַ רואיקע, זייער זעלטן האָב איך איר געזען אַרויסגעבראַכט פון גלייכגעוויכט. איר ריידן און נאָך מער איר שרייבן איז געווען קלאָר אָן אָרנאַמענטאַציע. ווען כ'האָב איר געזען דאָס ערשטע מאָל אין אַ בלויער בלוזע און אַ רויטן קראַוואַט, האָב איך דערשפּירט די דערהויבנקייט וואָס זי האָט אין זיך געפילט. די דאָזיקע געהויבנקייט, די שטילע באַהאַלטענע פרייד, וואָס דאָס געפיל פון צוזאַמענגעהאַפטנקייט מיט דער באַוועגונג האָט איר געגעבן, איז געבליבן ביי איר ביזן סוף פון איר לעבן.

ס'איז איר געגעבן געוואָרן דאָס גליק צו האָבן אַלס אַ לעבנס־חבר, זוסקען גלאָגאָווסקי, וואָס איז געווען אַ תלמיד פון די „ציש"א"־שולן און אַן אַקטיווער יוגנט־טוער און בונדיסט. מיט זוסקען האָט זי זיך דערנענטערט אין וואַרשע. קיין וואַרשע איז זוסקע געקומען פון ביאַליסטאָק. אויך ער האָט געהאַט באַזונדערע נייגונג צו „יוגנט־אַרבעט" און דאָס האָט מיטגעווירקט צו זייער דערנענטערונג. — ביידע זיינען אין דער אַרבעט געוואַקסן און זייער טעטיקייט האָט זיך פאַרפילפאַכיקט ביז ס'איז געקומען היטלער.

דעם לעצטן גרוס פון זיי ביידן האָט מיר געבראַכט לאָניע, מיין פרוי. צוויי מאָל האָט זי זיך מיט פּערלען געטראָפן

בשעת דער מלחמה — דאָס ערשטע מאָל, ווען פּערל האָט איר געהאָלפֿן לויפֿן פֿון דורך היטלערן אָקופּירטן וואַרשע קיין באַראַנאָוויטש, און נאָר אַ דאַנק פּערלען איז איר דער שווערער וועג געלונגען. דאָס צווייטע מאָל, ווען לאַניע איז אַרויס פֿון אַ סאָוועטישער תפיסה און געקומען קיין סאַרני און דאָרט אונטער פּערלס שוועסטערלעכער זאָרג געדאַרפֿט קומען צו זיך נאָך די שווערע איבערלעבונגען.

זוסקע און פּערל האָבן געאַרבעט ביי שווערע אַרבעט: לאָדעווען קוילן, רייניקן דעם שאָסיי — קאָמוניסטן פֿון ביאַליסטאָק האָבן נישט געקענט פֿאַרטראָגן, אַז די צוויי סאָציאַליסטן, פּליטים פֿון היטלערן, זאָלן בלייבן אין ביאַליסטאָק און קענען אַרבעטן אין אַ געביט וואָס וואָלט זיי אַנטשפּרעכט און נוצלעך זיין — פּערל און זוסקע האָבן געמוזט אַנטלויפֿן פֿון ביאַליסטאָק און זוכן אַ באַהעלטעניש אינעם קליינעם סאַרני...

און ווען היטלער האָט אָנגעהויבן זיין מאַרש קעגן רוסלאַנד, איז אין סאַרני פֿאַרניכטעט געוואָרן די גאַנצע יידישע באַפֿעלקערונג. פּערלען און זוסקען האָבן דערמאָרדעט אוקראַינער — אוקראַינער, וואָס האָבן צום ווײפֿילסטן מאָל אין דער געשיכטע פּאָגראָמירט, געמאָרדעט יידן...

ל. אַלער

## ראָזנבלאַט, חיים — געבוירן אין ביאַליסטאָק (אַז ערך אין 1900) ביי עלטערן פֿון מיטל־סאָציאַלן שטאַנד. געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע פֿאַרן אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ווען אין פּוילן עפֿענען זיך די יידיש־וועלטלעכע שולן, ווערט חיים (וויטיע) ראָזנבלאַט מיטגעריסן מיטן שטראָם יונגע יידישע אינטעליגענטן, וואָס וואַרפֿן זיך אַריין אין דער לערער־אַרבעט. אין יאָר 1919־20 אַרבעט ער אין דער קרינקער יידיש־וועלטלעכער שול. שפּעטער ווערט ער לערער אין דער ביאַליסטאָקער יידישער גימנאַזיע. פֿון דער נאַטור אַ שטילער, אַ געלאַסענער, איז ער זייער איבערגעגעבן זיין פֿאַך. ער צייכנט זיך אויס מיט אַן אויסערגעוויינלעך ערנסטער באַציאונג צו זיין אַרבעט. די שילער האָבן אים ליב און האָבן פֿאַר אים דרך־ארץ.

ער האָט חתונה געהאַט אין ביאַליסטאָק, געהאַט צוויי פּראַכטפֿול־שיינע מיידעלעך. די גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען אין דער ביאַליסטאָקער געטאָ.

אַ. לעווין, אַ געוועזענער שילער פֿון דער ביאַליסטאָקער ציש"אָ־גימנאַזיע, דערציילט:

„... דער לערער ראָזנבלאַט איז געווען איינער פֿון די באַליבטסטע לערער פֿון אונדזער שול. פֿאַקטיש איז ער געווען דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער גימנאַזיע, ער האָט געזאָרגט וועגן אַלץ. אויף אים איז געלעגן דער גאַנצער יאָך פֿון דער שול. צוליב דעם, וואָס ער האָט ניט געהאַט דעם טיטל דאָקטאָר, האָט ער ניט געקענט זיין דער אָפֿיציעלער דירעקטאָר פֿון אונדזער גימנאַזיע. דירעקטאָר פֿון אונדזער גימנאַזיע איז געווען ד"ר גראָספֿעלד, לערער פֿון געשיכטע. פֿאַקטיש איז אָבער דער לערער ראָזנבלאַט געווען דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער גימנאַזיע. ער איז געווען דער פֿאָטער פֿון דער שולע. ער האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע השפּעה אויף די שילער. אָפֿטמאָל פֿלעגן די שילער קומען זיך באַראַטן מיט אים ווי מיט אַ חבר, מ'האָט געהאַט דעם פֿולסטן צוטרוי צו אים. ער איז ניט נאָר געווען אַ גוטער דערציער, נאָר אויך אַ גוטער לערער. ער האָט געלערנט מיט אונדז מאַטעמאַטיק, געאָגראַפֿיע, פֿיזיק און אַנאַטאָמיע. זיינע לעקציעס זיינען שטענדיק

געוועזן זייער אינטערעסאַנט. ער פלעגט ליב האָבן בעת די לעקציעס צו דערציילן וויצן, מעשהלעך און מיט דעם געמאַכט נאָך אינטערעסאַנטער די לעקציעס. די שילער פלעגן וועלן, אַז זיינע לעקציעס זאָלן זיך ציען אייביק, אַזוי אינטערעסאַנט זיינען זיי געווען.

דער לערער ראָזנבלאַט איז געווען איינער פון די ערשטע נאַצי־קרבנות צווישן די ביאַליסטאָקער לערער. אין אַ וואָך אַרום ווי די דייטשן זיינען אַריין קיין ביאַליסטאָק, האָבן זיי אַרומגערינגלט די געגנט וואו ס'האָט געוואוינט מערסטנטייל די יידישע אינטעליגענץ. זיי האָבן אַרויסגענומען אַלע מענער פון די הייזער און זיי סעלעקטירט: אַרבעטער באַזונדער און אינטעליגענץ באַזונדער. די אַרבעטער האָבן זיי באַפרייט און די איבעריקע האָבן זיי אַוועקגעפירט הינטערן שטאָט און דאָרט זיי צעשאָסן. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען אונזער אַזוי טייערער און באַליבטער לערער ראָזנבלאַט. די נאַצים האָבן דאַן אומגעבראַכט עטלעכע טויזנט אינטעליגענטן — דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און לערער.

דאָס איז געשען אין אַ דאָנערשטיק, און אין געטאָ האָט מען די קרבנות גערופן די „דאָנערשטיקע".

צווישן זיי איז אויך אומגעקומען שמואל טאַבאַטשינסקי, דער זון פון ב. טאַבאַטשינסקי, וועלכער געפינט זיך איצט אין אַמעריקע. ער איז געווען איינער פון די בעסטע שילער פון אונזער גימנאַזיע."

**ראָזנבערג, רובין** — געבוירן אין יאָר 1895 אין דאָבריוואָדי ביי זבאַראַזש (מזרח גאַליציע), געענדיקט די מיטלשול אין טאַרנאָפּאָל.

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פאָרט ער קיין קראָקע און ווילט דריי יאָר אויפן יאַגעלאָנסקי אוניווערסיטעט אויפן פילאָזאָפישן פאַקולטעט. נאָכן אָפּגעבן די עקזאַמענס האָט ער דערהאַלטן אַ פּאָסטן אין גימנאַזיע אין סטאַוויסקי ביי קאָלנע וואו ער האָט געלערנט איינ־יקע יאָר. שפּעטער לערנט ער איניקע יאָר אין אַ יידישער פאָלקשול „יבנה" אין סטאָלין א"א.

אין 1939 ווען די סאָוועטן פאַרנעמען מזרח־גאַליציע, ווערט רובין ראָזנבערג קרייז־אָנפירער פון פּעדאַגאָגישן אָפּטייל אין זיין געבורטס־אָרט דאָבריוואָדי.

איניקע וואָכן נאָכן אַריינדרינגען פון די היטלער חיילות קיין מזרח גאַליציע, ווערט ער אַוועקגעפירט קיין בעלזעץ אין פאַרניכטונגס־לאַגער.

**ראָזענבאַנד, פּאָליע** — געבוירן אין וואַרשע, אַז ערך אין 1902, אין אַ סוחרישער פאַמיליע. פאַרענדיקט אַ מיטלשול און שפּעטער באַזוכט פאַרשיידענע פּעדאַגאָגישע קורסן — אַלגעמיינע און פון דער ציש"אָ. זי האָט לכתחילה געאַרבעט אין אַ מלוכישער פּאָווששעכנער שול פאַר יידישע קינדער (שאַבאַסאָווקע). שפּעטער איז זי אַריבער אין די ציש"אָ־שולן און איז געווען אַ לערערין פון יינגערע קלאַסן. זי האָט געאַרבעט אין די מיכאַלעוויטש־שולן אין בעלכאַטאָוו און אין וואַרשע (אַ סך יאָרן אין דער פאָלקשול אויף מילע 51). זי האָט אויך אַ סך יאָרן געאַרבעט אויף די זומער־קאָלאָניעס און האַלב־קאָלאָניעס פון דער ציש"אָ. פּאָליע ראָזענבאַנד האָט געהערט צום „בונד" און זיך שטענדיק אַקטיוו באַטייליקט אין בונדישע וואַל־אַקציעס, פּרעסע ־ קאַמפּאַניעס, הויף ־ קאָמיטעטן וכד'. זי איז געווען אַן אַרבעטזאַמע,

פאַראַנטוואָרטלעכע און איבערגעגעבענע לערערין און טוערין. שטענדיק איינגע־שלאָסן אין זיך, ערנסט, פול מיט טרויער און בענקשאַפט, האָט זי גענאָסן פון ליבע און אכטונג מצד די קינדער, קאָלעגן און עלטערן. — אין דער צייט פון די נאַציס איז זי געווען אין וואַרשעווער געטאָ. לויט די ידיעות פון בערנאַרד גאָלדשטיין, איז סאַליע ראָזענבאַנד באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד — פאַר דער לעצטער אויסראָ־טונגס־אַקציע אין טעבענס פאַבריק.

**ראָזענבוים, ישראל** — געווען דער פאַרוואַלטער פון דער שול אין זשעלו־דאָק. זייער אַן אינטעליגענטער לערער. אין שול פלעגט ער צווישן אַנדערע אונ־טעריכטן — געשיכטע און העברעאיש. די פייאיקייטן פון י. ראָזענבוים האָבן זיך אויך אַרויסגעוויזן אויף לעקציעס און רעפעראַטן, וועלכע ער פלעגט האַלטן פאַר אַ גרעסערן עולם. ביי די ראָזענבוימס (זיין פרוי — סאָניע) פלעגט זיין אַן אָפענע שטוב פאַר גוטע פריינד און גע־קומענע געסט.

**ראָזענבלום־געלער, סאַליע** — געבוירן אין וואַרשע און באַקומען מיטע־לע בילדונג. סאַליע איז געווען אַ קוואַ־ליפיצירטע פרעבעליסטין און האָט צום אָנהויב געאַרבעט אין פוילישע קינדער־היימען (קינדער־גערטנער). שפּעטער אָבער איז זי פון דער פוילישער סביבה אַריבערגעקומען צו דער ייִדיש־וועלטלע־כער שול. זי האָט געאַרבעט אין די פאַרשול־אַנשטאַלטן פון דער ציש״אָ אויף דער פּראָווינץ, און אין די לעצטע יאָרן — אין גראָדנער קינדער־גאָרטן. אין 1928 האָט זי זיך באַטייליקט אין דער 12־טאָגיקער פּעדאַגאָגישער קאָנפערענץ פאַר פאַרשול־פּראָבלעמען, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער ציש״אָ אין ווילנע, אונטער דער אָנפירונג פון ראָזע סימכאָוויטש. סאַליע ראָזענבלום האָט גע־האַט אַ סך איניציאַטיוו און פאַרשטענדע־ניש פאַר פאַרשול־דערציאונג. זי האָט זיך באַצויגן צו איר אַרבעט מיט גרויס ליבע און אינטערעס.

**ראָזענבערג, יוסף** — שטאַמט פון וואַרשע. האָט געענדיקט דעם ווילנער יידישן לערער־סעמינאַר אין 1927 (3טער אַרויסלאָז). גלייך נאָכן פאַרענדיקן דעם סעמינאַר האָט יוסף ראָזענבערג זיך אַריינגעוואָרפן אין דער לערער־אַרבעט. ער האָט עטלעכע יאָר געאַרבעט אין לוצק. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן צו אַר־בעטן אין ביאַליסטאָק, און איז דאָ גע־וואָרן דער פאַרוואַלטער פון דער ביאַ־ליסטאָקער „מיכאַלעוויטש־שול" („גן־ילדים"). ער האָט זיך זייער פיין אַן עצה געגעבן מיט זיין פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן.



יוסף ראָזענבערג האָט געהאַט אַ באַ־זונדערע פעאיקייט אויפצופירן קינדער־שפּילן און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אויפפירן פאַרשיידענע פּורים־שפּילן ווי „מכירת יוסף".

ער האָט חתונה געהאַט. די ראָזענ־בערגס האָבן געהאַט אַן איינציק קינד אַ מיידעלע, וואָס איז ביים אויסברוך פון דער מלחמה אַלט געווען אַ יאָר 4. יוסף ראָזענבערג און זיין פרוי זיינען געווען בונדיסטן.

די גאַנצע משפחה איז אומגעקומען אין ביאַליסטאָק אין דער צייט פון דער היטלער־אָקופּאַציע.

## ראָזענגאַרטן, דר. צעלינא —

האָט געהערט צו די סאמע ערשטע מיטאַרבעטער פון דעם מעדיצינישן פּערסאָנאַל אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע.



באַלד נאָך דער דערעפענונג פון דער סאַנאַטאָריע (1926), איז זי איינגעלאַדן געוואָרן ארויסצוהעלפן אין דער סאַנאַטאָריע־ארבעט. זי איז נאָך דאַן געווען א סטודענטין פון לעצטן קורס מעדיצין. דעם זעלבן יאָר, זומערצייט, איז זי צוגעצויגן געוואָרן אלס שטענדיקער מיטאַרבעטער. דער פּיאָנערן־גייסט פון דעם יידיש־וועלטלעכן קינדער־אַנשטאַלט האָט אויף דער יונגער צ. ראָזענגאַרטן געמאַכט א טיפן רושם און געלייגט אַ שטעמפּל אויף איר ווייטערדיקן לעבנסוועג, אַלס מענטש און קינדער־דאָקטאָר.

געשטאַמט האָט זי פון א וואַרשעווער, חסידישער משפחה. דער טאַטע, א פּאַרמעגלעכער האָלץ־סוחר, האָט פאַר זיין שטוב פּאַטערלעך געזאָרגט, דערצויגן זיינע 8 קינדער אין יידיש־טראַדיציאָנעלן גייסט. אין שטוב האָט מען מיט די קינדער גערעדט יידיש און גערופן זיי מיט יידישע נעמען. די עלטערן האָבן געהאַט א סך נחת פון זייערע גוט איינגעאָרדענטע קינדער און באַזונדערס האָבן זיי שטאָלצירט מיט די דריי יינגערע, וואָס האָבן באַקומען אוניווערסיטעט־בילדונג. צינטשע — אַזוי האָט מען די דאָקטאָרין ראָזענגאַרטן גערופן אין דער היים, איז געווען דער ליבלינג פון דער משפּחה.

נאָכן פאַרענדיקן די 8־קלאַסיקע פּריוואַטע גימנאַזיע איז זי אַנגעקומען אויף מעדיצין אין פּראַג, און פאַרעדיקט האָט זי אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט אין יאָר 1926.

דעם דאָקטאָר־דיפּלאָם האָט זי באַקומען אַרבעטנדיק אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע אלס היגיעניסטין. איך געדענק דעם שיינעם ערב־זומער־טאָג, ווען זי איז צוגעפאָרן פון מעדזעשין קיין וואַרשע צו דער גראַדואיר־פייערונג. דער אַנשטאַלט, די קינדער און מיטאַרבעטער זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט אַ געפיל פון פרייד און שטאָלץ. מיט בלומען זיינען געווען באַפּוצט די טישן. 2 מיידעלעך האָבן איר צוגעטראָגן א גרויסן בוקעט בלומען פון אונזער גאָרטן און אָנגערופן זי צום ערשטן מאָל מיט דעם טיטל — ח'טע דאָקטאָרין ראָזענגאַרטן.

דאָ אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע איז צ. ראָזענגאַרטן געוואָרן דער פּאַקטישער דאָקטאָר און קינדער־דאָקטאָר. דאָ אין דער סביבה פון קינדער פון דער יידישער שטאָטישער אָרעמקייט האָט זי קלאָר דערזען פאַר זיך די גרויסע געזעלשאַפטלעכע און מעדיצינישע אויפגאַבעס, וואָס שטייען פאַר א יידישן דאָקטאָר! צ. ראָזענגארטנס קאַריערע אַלס דאָקטאָר איז געווען ענג און אינטים פאַרבונדן מיטן וואוקס און פּאָפּולאַריטעט פון דעם אַנשטאַלט. אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע האָט זי דורכגעמאַכט אַלע פאַזן פון דער מעדיצינישער אָפּטיילונג, און אויף יעדן שטאַפּל פון איר אַרבעט האָט זי מיט גרויס ערנסטקייט, ציל־באַוואוסטזיניקייט און איניציאַטיוו אויסגעפירט אירע פליכטן, צי דאָס איז געווען דאָס באָדן די קינדער אָדער באַטראַכטן זיי אין מעדיצינישן קאַבינעט. זי האָט אָנגעהויבן אַלס היגיעניסטין. אַ צייט שפּעטער, נאָך אַ לענגערער פּראַקטיק אין פאַרשיידענע מוסטערהאַפטע מעדיצינישע קינדער־שפּיטעלער ווי די וואַרשעווער אוניווערסיטעט־קינדער־קליניק פון פּראָפ. מיכאַ־

לאַוויטש און פון פּראָפ. מאָהל איז ווין איז זי געוואָרן געהילפין ביי דער הויפּט־דאָקטאָרן פון סאַנאַטאָריע, נאַטאַליאַ ליכטענבוים, און פאַרענדיקט האָט זי אַלס אַ זעלבשטענדיקער דאָקטאָר פון אַנשטאַלט.

נישט איין מאָדערנע סאַניטאַרע אָדער מעדיצינישע איינריכטונג אָדער ענדערונג איז איינגעפירט געוואָרן אין סאַנאַטאָריע אויף איר פאָרשלאָג און איניציאַטיוו.

דר. ראָזענגאַרטן, הגם אַן פאָרמעלער פּעדאַגאָגישער צוגרייטונג, האָט גוט פאַרשטאַנען די פּעדאַגאָגישע גרונט־אידעע פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. זי האָט אויפגעפּאַסט די וויכטיקייט פון קאָאָפּעראַציע מיט די לערער־דערציער, כדי איינצוהאַלטן די גלייכגעוויכט צווישן די מעדיצינישע און דערציערישע פאָדערונגען. האָבן זיך טאַקע די דערציערס מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו אירע באַמערקונגען כאָטש זיי זיינען געקומען פון אַזאַ יונגער, וויניק־דערפאַרענער, 27־יעריקער דאָקטאָרין.

זי האָט פאַרמאָגט אויפריכטיקע ליבשאַפט פאַר קינדער און אוממיטלבאַרקייט אין האַנדלען מיט זיי. איר וואַרשעווער יידיש־רעדן מיטן ברייטן „יאַד" האָט אַזוי גערירט די קינדער, אַז עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס אַ סך אָפּטער האָט מען זי אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע גערופן מיט איר היימישן נאָמען: דאָקטאָרין צינטשע איידער דר. ראָזענגאַרטן.

אַליין לײַדנשאַפטלעך פאַרליבט אין ספּאָרט, פאַרנומען זיך מיט בערג־טוריסטיק, געשווומען, געשפּילט טעניס, האָט זי מיט קינדערשער הנאה, קלוב־צייט, צווישן 4:30 - 6:30 נאָכמיטאָג, אָראָפּוואַרפנדיק פון זיך דעם דאָקטאָרישן ווייסן כאַלאַט, געשפּילט מיט די קינדער אין באַל, קראָקעט, אָדער גאָר אונטערגע־

האַלטן אַ קראַנק קינד אין איזאָלאַציע מיט אַ רואיקער שפּיל.

די פּערזענלעכע מעלות פון דער ח'טע ראָזענגאַרטן, איר פּאָלקסטימלעכער הומאָר, איר אויפגעלייגטקייט, זיינען געווען אויפן באָדן פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע — אַזוי וויכטיק ווי אירע פאַכמענערישע קוואַליפיקאַציעס.

ח'טע ראָזענגאַרטן איז געבליבן אין ענגן קאָנטאַקט מיט דער מעדעם־סאַנאַטאָריע און איר געטרייער פריינט אויך נאָכדעם, ווי זי האָט איבערגענומען אַ פּאָסטן אין דעם ניי־געגרינדעטן יידישן קינדער שפּיטאָל אין וואַרשע אויף דער שליסקער גאַס, אָנגעפירט פון דר. אננא בראָודע־העלער. זי האָט זיך ענערגיש באַטייליקט אין יעדער אַקציע לטובת דער סאַנאַטאָריע און אויף אַלע קינדער־פאַרוויילונגען האָט מען זי געזען מיט איר גאַנצער משפחה.

די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה האָט זי אַנטוויקלט אַ היפּשע פּריוואַטע פּראַקטיק, געווען פּאָפּולער און אָנערקענט צווישן די ברייטע יידישע מאַסן אַלס אַ גוטער, געוויסנהאַפטער און ערלעכער קינדער־דאָקטאָר.

איך האָב דר. ראָזענגאַרטן דאָס לעצטע מאָל געזען בעת דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע, מיט אַן אַנטי־גאַז־מאַסקע איז זי אַרומגעלאָפן איבער דער האַלב רואינירטער, פאַרברענטער שטאָט. אַלס אַ שטאָטישער דאָקטאָר איז זי געווען מאָביליזירט אין דער פאַרטיידיקונגס־אַקציע קעגן די נאַצישע לופט־אַטאַקעס.

ווי נאָר די נאַציס האָבן פאַרנומען וואַרשע, איז זי צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יידישע שטאָטישע אָנגעשטעלטע באַזייטיקט געוואָרן פון פּאָסטן און פּאַקטיש פאַרלוירן די מאַטעריעלע עקזיסטענץ־מיטלען.

זי איז אומגעקומען בעת איינער פון די אויסראטונגס־אקציעס קעגן דער יידישער ארבעטענדיקער אינטעליגענץ. און דער טראגישער גורל האט געוואלט, זי זאל פאלן א קרבן פון איר אייגן קינדס אומשולדיקייט, וואס האט אליין אנגעוויזן, וואו זיין מאמע האט זיך באהאלטן, בעת 2 ציוויל־אנגעטאנענע נאצי־אגענטן זיינען געקומען זי אויף אייביק צונעמען.

ליובא גילינסקי

**ראָזענפעלד, ה.** — א הויכער עלעגאנטער בחור, מיט מיטעלער בילדונג. געווען עטלעכע יאר לערער אין דער יידיש־וועלטלעכער שול אין היידוצישעק, ווילנער פראווינץ. ער האט ארויסגעוויזן א סך אינטערעס און איבערגעבנהייט צו דער שול און צו דער דערציונגס־ארבעט, ער האט אויך אנטוויקלט א געזעלשאפטלעכע טעטיקייט ארום דער שול.

**ראָזענשטראוך, סטעפא** — געארבעט אין פארשיידענע יידישע שולן מיט איבערגעבנקייט און ליבע, באציענדיק זיך צו איר ארבעט מיט גרויסן ערנסט. זי האט געהאט ספּעציעלע צוגרייטונג און געלערנט אין שולן פאר צורוקגעשטאנענע קינדער.

**ראָזענשטיין, לייב** — געבוירן אין 1893 אין ווילנע און באקומען א טראדיציאנעלע דערציונג, האט ער שפּעטער געענדיקט א רוסישע גימנאזיע און אנגעקומען אין פּעטערבורגער טעכנאלאגישן אינסטיטוט וועלכן ער האט פארענדיקט אין 1918. שפּעטער לערנט ער נאך אין דייטשלאנד, און אנהויב 1921 קערט ער זיך אום קיין ווילנע. ער ווערט א לעקטאר פון כעמיע אין יידישן לערער־סעמינאר, אין דער רעאל־גימנאזיע און אין טעכניקום פון „ארט". אין 1928 איבערזעצט ער אויף יידיש „די מיקראבן יעגער" פון פאל דע קרויף, — דאס בוך דערשיינט אין יאטשקאווסקיס פארלאג, רעדאגירט פון מאקס עריק.

אין דער רעאל־גימנאזיע ארבעט ל. ראזענשיין ביזן יאר 1934. ווייטער ווידמעט ער זיין גאנצע צייט זיין ארבעט אין דער ארטיקער ראדיא־פאבריק. ער פארבליבט אבער אין דער פארוואלטונג פון דער געזעלשאפט „פריינד פון דער רעאל־גימנאזיע" און ער איז אויך א פרעזידיום־מיטגליד אינעם יידישן אינזשינערן־פאריין. אין 1939 ווען די רוסן פארנעמען ווילנע, ווערט די ראדיא־פאבריק צוזאמען מיטן פערסאנאל ארויסגעפירט קיין מינסק. ראזענשיין איז דא דער הויפּט־אינזשעניער פון דער פאבריק. ער טרעפט זיך דא פנים אל פנים מיט דער סאוועטישער ווירקלעכקייט, ער דערוויסט זיך פרטים וועגן דעם גורל פון זיין שוואגער מאקס עריק און פון זיין פריינד מ. קולבאק. נאכן אויסברוך פון דער דייטש־סאוועטישער מלחמה ווערט ער עוואקואירט אין א „קאלכאז" אין דער געגנט פון סאראטאוו. ער לײדט נויט און הונגער, זיין פרוי שטארבט אין פעברואר 1942. ניט געקוקט אויף זיין הויכן עלטער ווערט ער טראנספערירט אין דער אקטיווער ארמיי, און אין מערץ 1943 קומט ער אום אויפן כארקאווער פראנט.

ל. ראזענשיין איז געווען א מענטש פון זייער ברייטע פאראינטערעסירונגען און גרויסן וויסן. ער האט געקענט עטלעכע שפּראכן און זייער ליב געהאט ליטעראטור און מוזיק. זייענדיק בטבע א צוריקגעצויגענער און פארשלאסענער אין זיך, איז ער אבער געווען אן אינטערעסאנטער מיטשמועסער און סענסיטיווער מענטש. ער האט זיך דערווארבן א פריינדשאפט

מצר חברים לערער און ליבע און דרך ארץ מצד זיינע תלמידים. ער איז געווען אַ מענטש אַ פאַרביקער, אַ שיינער פאַרשטייער פון אונזער אינטעליגענץ וואָס האָט אָנגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט דער פאָלקסמאַסע און דער יידישער וועלטלעכער קולטור.

א. כהן

**ראָזקעס** (ערשטער נאָמען ?) — געבוירן אין ביאַליסטאָק אין אַ קליינבירגערלעכער פאַמיליע. געווען לערערין אין ביאַליסטאָקער שול „גן ילדים" — פריער אַלס פאַרטרעטעריין, דערנאָך אַלס נאָרמאַלע לערערין. געוואוינט צוזאַמען מיט אַן אַלטן פאָטער און אים אויסגעהאַלטן. זי האָט אויך געאַרבעט אַלס דערציערין אין דער „טאָז"־קאָלאָניע אין איגנאַטקע, ביי ביאַליסטאָק.

**ראָטנבערג, רחל** — דער פויליש־לימוד אין די יידיש־וועלטלעכע שולן אין פוילן האָט, כידוע, פאַרשאַפן נישט ווייניק קאָפּווייטיק די יידישע שולטוער, שול־פאַרוואַלטערס און דער עיקר — די יידישע פויליש־לערער. פויליש, פוילישע געשיכטע און געאָגראַפיע פון פוילן האָבן, לויטן מלוכה־פּראָגראַם, געדאַרפט פאַרנעמען דעם אויבנאָן אפילו אין די שולן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. און דווקא לגבי די לעצטע האָט די פוילישע שולמאַכט אַרויסגעשטעלט איבערגעטריבענע פאָדערונגען, וואָס שייך די פוילישע לימודים.

די פוילישע שולמאַכט איז דאָ אויסן־געווען צוויי זאַכן: אַ) פּאָלאָניזירן אויף וויפל עס לאָזט אויך די קינדער, וואָס די שולן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, אין אונזער פאַל די יידיש־וועלטלעכע שול, האָבן געוואָלט אָפּראַטעווען פון אַסימילאַציע־פּראָצעס; ב) דאָס פאָדערן אָפּצוגעבן דעם אויבנאָן די פוילישע לימודים אין דער נאַציאָנאַלער שול האָט געקענט דורך יעדן שול־אינספּעקטאָר אויסגענוצט ־ ווערן ווי אַ שפּרונגברעט פאַר פאַרשידענע גזירות און דיסקרימינאַציעס לגבי דער יידישער שול. עס איז גענוג געווען אַ שלעכטע מיינונג פון אינספּעקטאָר וועגן דעם צושטאַנד פון די פוילישע לימודים אין שול, וועגן די קענטענישן פון די קינדער אָדער וועגן... דער „נישט לאָיאַלער" באַציונג פון יידישן פויליש־לערער, אַז די שול זאָל אָנערקענט ווערן פאַר אומלעגאַל און זאָל געשלאָסן ווערן.

עס איז לייכט, דעריבער, זיך פאָרצושטעלן די ראָלע און סיטואַציע פונעם פויליש־לערער אין דער יידישער שול. ס'רוב זיינען יידישע פויליש ־ לערער לכתחילה געקומען אַרבעטן אין די יידישע געזעלשאַפטלעכע שולן ווי פּראָפעסיאָנאַלן לשם פרנסה, מיט דער צייט אָבער האָט זיך דער יידיש־וועלטלעכער שול איינגעגעבן אויסצובילדן און צו שאַפן אַרום זיך אַ קאַדער יידישע פויליש־לערער, וואָס האָבן זיך אידעאיש פאַרבונדן מיט דער שול, וואָס האָבן געפילט אויף זיך אַ גרויסע אחריות לגבי דער שול און זיינען איר געווען איבערגעגעבן בלב ונפש. די דאָזיקע אידעאַליסטישע און איבערגעגעבענע לערער האָבן כמעט תמיד און דירעקט געפילט איבער זייערע קעפּ דעם חרב תלפיות פון די שול־אינספּעקטאָרן. זיי האָבן עס געדאַרפט אויסהאַלטן און אויסטראָגן אויף זיך די ביזוויליקע אינספּעקציעס און וויזיטאַציעס, זיי האָבן עס מיט זייער פליס און אינטעליגענץ, געדולד און אויסדויער געדאַרפט אָפּשלאָגן די גיפטיקע פיילן פון די אַנטיסעמיטישע אינספּעקטאָרן.

צו דעם דאזיקן קאדער יידישע פויליש־לערער האט אויך געהערט רחל ראטנבערג.

געבוירן אין לעווערטאוו, לובלינער וואיעוו., אין 1908 ביי חסידיש־באלעבאטישע עלטערן, האט זי דאך נישט געדארפט דורכמאכן די שוועריקייטן, וואס א טייל חסידיש־באלעבאטישע טעכטער האבן געמוזט בייקומען, כדי צו קענען שטודירן. א דאנק דער מאמען אירער, שרה שערצל, א פרוי מיט טיפער פארשטענדעניש פארן לעבן און באשאנקען מיט אן אינערלעכער, נאטירלעכער אינטעליגענץ, האבן אלע קינדער געהאט די מעגלעכקייט זיך צו לערנען און זיי האבן לחלוטין נישט געליטן פון „חסידישן רעזשים".

רחל איז אנגעקומען אין דער ארטיקער פוילישער מיטלשול. דאס לערנען איז איר אנגעקומען זייער לייכט און אירע פוילישע לערער אין די העכערע קלאסן האבן בשום־אופן נישט געקענט פארשטיין, פון וואנעט נעמט די „יידישקע" אזא טיפע פארשטענדעניש פאר דער פוילישער ליטעראטור.

נאכן ענדיקן די פוילישע מיטלשול איז זי אנגעקומען אויפן הומאניסטישן פאקולטעט ביי דעם ווארשעווער אוניווערסיטעט, באזוכט דעם פעדאגאגיקום ביי דער העכערער פרייער שול („ווּשעכניצע") און גלייכצייטיק אנגעהויבן פראקטיצירן אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. זי האט אויך א גרויסע טייל פון אירע חברטעס, וואס האבן צוזאמען מיט איר שטודירט, צוגעצויגן צו דער ארבעט אין די יידיש־וועלטלעכע שולן.

„קיין בעסערס האבן מיר גארנישט געדארפט זיך ווינטשן — פלעגט רחל טענהן צו אירע חברטעס, וואס האבן געטראכט וועגן א לערער־קאריערע אין די אלגעמיינע מלוכה־שולן, וואו די מאטעריעלע באדינגונגען זיינען געווען פיל בעסער — ווי צו ארבעטן אין אן אייגענער יידישער שול, אין א היימישער יידישער אטמאספער, וואו דו קענסט זיין פריי און אויפריכטיק מיט זיך אליין און מיט די קינדער".

אט דאס עיקרדיקע און וויכטיקסטע אין יעדער שפערישער ארבעט, בפרט נאך אין דערציערישער ארבעט, האט שוין פארשטאנען דאן די 18־יאריקע רחל, שוין ביים אנהייב פון איר לערער־ארבעט. און אט די דאזיקע באדערפעניש אין פרייהייט און אויפריכטיקייט האבן זי געמאכט פאר איינע פון אונזערע מוטיקסטע פויליש־לערערינס. די אינספעקטארן האבן זי געמוזט רעספעקטירן פאר איר מוט און איבערגעגעבנהייט צו דער שול.

רחל ראטנבערג האט אמאל געזאגט צו א פוילישן אינספעקטאר, זאוואדסקי, א נאמען וואס האט ארויסגערופן פחד און שרעק ביי א סך פויליש־לערער: „מיר, יידישע לערער, ארבעטן היינט דא אין פוילן אין אזא אטמאספער און ביי אזעלכע באדינגונגען, ווי די אמאליקע פוילישע לערער איז אויסגעקומען צו ארבעטן אין דער גארנישט ווייטער פארגאנגנהייט..." און אויף א פארווורף פון א צווייטן אינספעקטאר, אז די יידישע קינדער באציען זיך נישט מיט גענוג אינטערעס און ווארעמקייט צו די פוילישע לימודים, האט זי שמייכלענדיק אפגעענטפערט: „דער לערער, ביי זיין בעסטן ווילן, קען נישט דערוועקן ביים קינד אזעלכע געפילן, וואס דאס לעבן ארום אים און די מענטשן ארום אים דערוועקן נישט".

נישט איין אינספעקטאר האט איר געגעבן אנצוהערעניש, אז „אזא באגאבטע לערערין" וואלט זיך געקענט גאר

הויך ארויפארבעטן אין דער אלגעמ. פוילישער מלוכה־שול.

צוליב דער געשטיקטער, אנטיסעמיטישער אטמאספערע וואס האט זיך געשאפן ארום דער יידישער באפעלקערונג אין פוילן, האבן די יידישע קינדער זיך באצויגן ניט מיט קיין באזונדערער ווארעמקייט צו די פוילישע לימודים, בפרט נאך, אז די דאזיקע לימודים האבן, לויטן מלוכה־פראגראם, געדארפט פרעפארירט ווערן היפער־פאטריאטיש און נאציאנאליסטיש... די יידישע פויליש - לערער האבן געדארפט פארמאגן א סך פעדאגאגישן טאקט, כדי צו געפינען די פשרה־ליניע צווישן די קינדערס געפילן און דעם לערן־מאטעריאל. נישט זעלטן האט זיך די שלעכטע באציונג פון די קינדער צו די פוילישע לימודים אריבערגעטראגן אויפן לערער גופא. רחל איז געווען צווישן די וואס האט די דאזיקע פשרה־ליניע געפונען. איר אויסערגעוויינלעכערנסטע באציונג, איר טאקטפולער צוגאנג צו די קינדערס געפילן, איר זעלבסטווירדיקע האלטונג אין די באציונגען מיט דער שולמאכט, מיט איין ווארט — איר אייגנארטיקע שטארקע פערזענלעכקייט ווי א מענטש און א פעדאגאג, האט זי אויסגעטיילט און ארויסגערופן רעספעקט. און הגם זי האט געהערט צו דער יינגערער גענעראציע לערער האט זי פארנומען אן אנגעזעען ארט.

ווען עס איז אויסגעבראכן די לעצטע וועלט־מלחמה, איז רחל געווען אין ווארשע: זי האט נישט געוואלט לאזן איר עלטערן ברודער אליין, נאך דעם ווי זיין פרוי איז פלוצלונג געשטארבן. אויף אלע רייד פון די נאענטע און פריינד, אז זי זאל אוועק, האט זי כסדר געטענהט, „איך קען אים נישט לאזן אליין אין אזא צושטאנד".

און שפעטער, ווען די לאגע אין ווארשע איז געווארן אלץ ערגער; ווען פון אירע בריוו, וואס זיינען אנגעקומען פריער קיין ווילנע און שפעטער קיין יאפאן, האט זיך ארויסגעפילט, אז מען דערוואַרט שוין דעם אנהייב פון סוף — אויך דאן האט זי באטאנט, אז זי איז צופרידן, וואס זי איז געבליבן מיטן ברודער, ווייל אן איר וואלט ער גלייך אומגעקומען.

זי האט די גאנצע צייט, וואס מען האט דערלויבט די יידישע שולן ארויסצוגעבן עסן פאר די קינדער, געארבעט אין דער שול אויף קארמעליצקע 29. מען האט אויך געלערנט...

„עס איז מיר באשערט — שרייבט רחל אין איינעם פון אירע בריוו קיין ווילנע — צו זיין צוזאמען מיט אונזערע קינדער אין די שווערע טעג פון זייער נויט און צער. דאס הארץ וויל זיך צעררייסן פון ווייטיק, ווען איך קוק זיך צו, ווי אזוי די קינדער פאסן זיך צו צו די נייע באציונגען, ווי אזוי זיי נעמען אויף דאס גרויסע אומגליק, וואס עס איז אונז אלע געשען. די לידער וואס זיי האבן אמאל אזוי מוטיק־פרייליך געזונגען, ווי „דעם מארגן־רויט אנטקעגן", „מיר קומען אן", ברומען זיי שטיל, אין זיך... און זייער ברומען, דער טיפער אומעט פון זייערע אויגן, דערמאנט מיך אין ברומען און אין וואַרקען פון אומשולדיקע טייבעלעך..."

„וואו נעמט מען כוח אויסצוהאלטן? אמאל פלעגט מען זאגן, אז אין שווערע צייטן איז א טאג א יאר. מיר דאכט זיך, אז א טאג איז יארן גאנצע. עס איז שווער צוצוקוקן זיך צו אזוי פיל מענטשלעכן צער... נאך שווערער איז דאס געפיל און באוואוסטזיין, אז דו קענסט נישט העלפן"...

צוזאמען מיט נאָך טויזנטער קדושים איז זי אומגעקומען אין די לעצטע טעג פאַרן געטאָ־אויפשטאַנד.

יוסף ראָטנבערג

**רובין, מירע** — געבוירן אין גלובאָק, איר מוטער געווען אן אקושערקע. מירע רובין האָט באַקומען מיטעלע בילדונג און געענדיקט אַ פוילישן סעמינאַר. זי איז געווען לערערין אין די צישאָ־שולן אין ווידז און גלובאָק, — זי האָט געפירט דעם לימוד פון פוילישער שפּראַך און געשיכטע. אין גלובאָק האָט זי חתונה געהאַט מיט אברהם חיים זייטשיק, וועלכער איז געווען אַן אַרטיקער טוער אין דער יידיש־וועלטלעכער שול. ביידע זיינען אומגעקומען אין גלובאָק.

**רובינליכט, פישל (פעליקס)** — געבוירן אין וואַרשע אין 1896 ביי חסידיש־רעליגיעזע עלטערן — איינע פון די עלטסטע משפּחות אין וואַרשע. פישלס שוועסטער, די יידישע אַרטיסטין בעלאַ בעלאַרינאַ דערציילט: „אונזער עלטער־עלטער זיידע ר׳ אברהמלע ווינאַווער איז געווען דער ערשטער דאָזאָר אין דער וואַרשעווער גמינע. אונזער עלטער־פעטער מאַקס ווינאַווער איז געווען אַ וועלט־באַרימטער אַדוואָקאַט און געזעלשאַפטלעכער טוער אין פּעטערבורג. אונזער פעטער שימאָן ווינאַווער איז געווען אַ שאַך־טשעמפּיאָן. אָבער קיין קינסטלער, מאָלער איז ביז פישלען אין דער משפּחה נישט געווען. שוין אין חדר האָט ער פון קרייד אויסגעשניצט מיט אַ קליין מעסערל דעם רבין מיטן קאַנטשיק, מיין טאַטן אין טלית און תפילין, דעם טאַטן מאַכן קידוש. ער פלעגט דערפאַר כאַפּן געשמאַקע פעטש, אָבער דאָס האָט אים נית אָפּגעשטעלט צו מאָלן, שניצן און קלעפּן פון ברויט פאַרשידענע פּראַכטפולע קעפּלעך. די שטוב איז געוואָרן שענער, ליכטיקער און פריידיקער פון די אַלע קאָמפּאָזיציעס און פּאָרטרעטן.

אין 1910 קומט קיין וואַרשע דער באַרימטער סקולפּטאָר, פּראָפעסאָר דוניקאָווסקי. האָט אים מיין פאָטער צופעליק געטראָפן און אים דערציילט וועגן זיין „אומגליק" — אַ זון וואָס וויל ווערן אַ סקולפּטאָר. דער פּראָפעסאָר איז געוואָרן פאַראינטערעסירט, געקומען צו אונז אין הויז און איבערראַשט געוואָרן פון דעם יינגל מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע, ער איז אַנטציקט געוואָרן פון דעם אידעלען שיינעם „קאָפּ" פון מיין מוטער, וועלכן פישל האָט נאָר וואָס געענדיקט. דער פּראָפעסאָר נעמט אים גלייך צו זיך אין דער סטודיע, פעלעק וואַרפט אַראָפּ פון זיך די לאַנגע קאַפּאָטע, און שוין צו דער „פרילינג־אויסשטעלונג" באַווייזן זיך אַ פּאָר זאַכן זיינע וועלכע ווערן שטאַרק געלויבט פון דער קריטיק. פישל אַרבעט 3־2 יאָר ביי דוניקאָווסקין, איבערהויפּט אויף קירכלעכע מאָטיוון. אויפן גורל פונעם חסידישן יינגל פאַלט אויך אויס צו אַרבעטן אין קראָקע אין וואַוועל.

ער באַקענט זיך אָבער מיטן סקולפּטאָר שימאָן קראַטקאָ און ער גייט אַריבער אין זיין באַרימטער אַטעליע אויף טוואַרדע נ׳ 1, וואו עס פאַרזאַמעלט זיך די גאַנצע קינסטלערישע וועלט מיט י. ל. פּרץ׳ן בראָש. עס גרופּירן זיך דאָ די יונגע קינסטלער און שרייבער. פישל מאַכט פון אַלעמען סקולפּטורן. זיינע זאַכן ווערן שטאַרק געלויבט פון דער פּרעסע. צו די שלושים פון י. ל. פּרץ האָט פעלעק צוזאַמען מיט אַסטשעגאַ במשך פון איין נאַכט אויסגעפּאַרטיקט אַ מאָנומענט פון פּרץ׳ן אין דער „דאָלינאַ שווייצאַרסקאַ" אויף דער בינע. ווער עס

איז אריין אין זאַל, איז געבליבן שטיין פאַרכישופט: א לעבעדיקער פּרץ. דאָס איז אפשר געווען דאָס שטאַרקסטע, דאָס איינדרוקסטפולסטע וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון פּרץ׳ן. אויפן גענשער בית עולם אין ווארשע געפינען זיך 5־6 מצבות פעלעקס — צווישן זיי די מצבה פון אסתר רחל קאמינסקא״.

***

פישל רובינליכט איז איינער פון דער גרופּע יידישע קינסטלער וועלכע האָבן פאַרנומען אן אָנגעזעען אָרט אינעם רענעסאנס פון יידישן לעבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. צו דער גרופּע האָבן געהערט: פעליקס פרידמאַן, אָסטשעגא, וויינטרויב, טיקאַטשינסקי א״א. די גרופּע איז געווען ענג פאַרבונדן מיטן יידישן טעאַטער, מיטן יידישן בוך און אויך מיט דער יידישער שול. איניקע פון זיי האָבן אפילו געאַרבעט אלס לערער פון צייכענען אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. אין די לעצטע יאָרן פאַר דער קאטאסטראָפע האָבן שוין אָנגעהויבן זיך אַרויסרוקן יונגע קינסטלער — געוועזענע תלמידים פון אונזערע שולן (ג. סעקשטיין, ציגאַי א״א). די אַלע אַרטיסטן זיינען געווען אויסגעבונדן מיטן ליטעראַטן־פאַריין אויף טלאָמאצקע 13. זיי זיינען געווען אַריינגעטאָן און דורכגענומען מיט אַלע יידישע ענינים: נישט געווען קיין יידישע אונטערנעמונג אָדער א גרעסער פּראָיעקט וועגן וועלכע דער קינסטלער זאָל נישט האָבן געזאָגט זיין וואָרט.

פישל רובינליכט האָט צוערשט געאַרבעט אלס לערער פון צייכענען אין דער ערשטער יידישער פאָלקשול אויף דלוגא 26 (פאַרוואַלטער — ש. גילינסקי). פישעלע, ווי די לערער פלעגן אים רופן, איז געווען אן איידעלער סובטעלער מענטש, ער האָט געשטרעבט אַריינצו־ברענגען אין יידישן לעבן וואָס מער קונסט, וואָס מער שיינקייט. האָט א קינד אַרויסגעוויזן פעאיקייטן צו צייכענען, האָט פישל געזאָרגט פאַר דעם קינד ווי פאַר אן אייגנס. פלעגט אין שול נישט זיין קיין געלט צו צאָלן שכירות די לערער, פלעגט פישל זיך בעטן מע זאָל כאָטש איינקויפן פּאַפּיר און קאָלירטע בלייפעדערס פאַר די לעקציעס פון צייכענען. די קינדער האָבן זיך צו אים באַצויגן נישט ווי צו א לערער, נאָר ווי צו איינעם פון זיי וועלכער איז אַזוי גוט און פיין און ביי וועמען מע קען זיך א סך אויסלערנען. פישל האָט נישט געוואוסט וואָס הייסט רעדן צו הויך צו א קינד. ער פלעגט די קינדער פירן צו זיך אין אַטעליע און אויך אין קונסט־מוזעאומס, האָט געהאַלטן דאָרט פאַר זיי לעקציעס וועגן דעם אָדער יענעם קינסטלער, וועגן דער אָדער יענער שול אין קונסט.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט פישל געאַרבעט אין אנדערע ציש״אָ־שולן אין וואַרשע: אויף טוואַרדע 22, נאָוואָליפּקי 68. ער האָט אויך שטאַרק מיטגעהאָלפן ביי די צוגרייטונגען צו די שול־אויסשטעלונגען. — מיט זיין באַשיידנקייט און איידעלקייט פלעגט ער ביי די לערער אַרויסרופן צו זיך א צאַרטע און אמת־חברישע באַציונג.

אומגעקומען איז פישל סעפּט.־אָקט. 1939, בעת די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט וואַרשע. דאָס הויז וואו ער האָט געוואוינט איז צעשמעטערט געוואָרן, און ווען ער איז געלאָפן אַרויסראַטעווען מענטשן פון אונטער די חורבות איז ער אַליין פאַרשאָטן געוואָרן און שרעקלעך פאַרוואונדעט געוואָרן. מע האָט אים גענומען אין א קאַטוילישן שפּיטאָל וואו ער איז א פּאָר טעג געלעגן אָן געהעריקער הילף. דער ברודער הענעק האָט אים

ארויסגענומען פון שפיטאל, אבער ס'איז שוין געווען צו שפעט, ראטעווען אים האט זיך ניט איינגעגעבן.

ש. גילינסקי

## רובינליכט, פראנקע (פריידע)

— א שוועסטער פון פישל רובינליכט (געבוירן אין 1907). אויך זי איז געווען א מאלערין, און שוין צו 8 יאר האט זי געהאט איר ערשטע „אויסשטעלונג" אין דער גמינע. שימאן קראטקע פארנעמט זיך מיט איר טאלאנט, זי ענדיקט די קונסט־שול און זי באקומט א פרייז פאר די בעסטע סלאוויאנישע קאלאריטן.

פראנקע האט פארנומען א גאנץ אנגעזעען ארט אין פוילישן טעאטער, צייכענענדיק דעקאראציעס און קאסטיומען פאר די פארשטעלונגען. זי איז אבער געווען שטארק צוגעבונדן צום יידישן לעבן. זי העלפט פישלען ביי די אויפפירונגען פון די קינדער אין די יידישע שולן. זי מאלט דעקאראציעס פאר חנוכה, פורים, און אנדערע יום טובים. לויט איר אייגענער איניציאטיוו קומט זי אין מעדעם־סאנאטאריע און העלפט צוגרייטן קאסטיומען פאר די קינדער־פארשטעלונגען. זי פלעגט דא פארברענגען צו עטלעכע טעג מיט א מאל און אפט אפילו גאנצע וואכן. זי האט קיינמאל פאר איר ארבעט נישט גענומען קיין פרוטה: „איך דארף אייך צוצאלן פאר דעם וואס איר לאזט מיר דא ארבעטן." א דאנק פראנקען האט טאקע די סאנאטאריע פארמאגט א גרויסן רעקוויזיט פון פרעכטיקע קאסטיומען.

א לאנגע צייט איז פראנקע געווען אין געטא, שפעטער איז זי אריבער אויף דער ארישער זייט: א גרופע פוילישע קינסטלער האבן איר פארשאפן ארישע פאפירן מיטן נאמען פראנציסקא ראמאנאווסקא. ליידער, איז זי א פאר וואכן פאר דער באפרייאונג פון ווארשע אומגעבראכט געווארן דורך „שמאלצאווניקעס". מען האט זי באערדיקט אויפן קאטוילישן פאוואנזקער צמענטאזש.

## רובינראט־שווייגער, לאה

— געבוירן אין ווארשע, בערך אין 1892. עטלעכע יאר נאכן טויט פון איר מאן יואל שווייגער, האט זי געלעבט אין אטוואצק און געפירט דארט א פריוואטן קינדערגארטן. סוף די 1920־קער יארן האט זי חתונה געהאט מיטן באקאנטן דזשאינט־מיטארבעטער ה. בידער.



ווען די נאצי־מלחמה האט אויסגעבראכן, איז זי מיט איר זון געווען אין קוזמיר. ה. בידער האט פארלאזן ווארשע און זיך דערקליבן קיין ווילנע און שפעטער דורך יאפאן געקומען אין די פאראייניקטע שטאטן. אלע זיינע באמיונגען ארויסצוראטעווען די משפחה האבן זיך ניט איינגעגעבן. לאה (לאניע) האט זיך פון קוזמיר דערשלאגן צוריק קיין ווארשע און זי האט דא געוואוינט מיט דער משפחה פונעם באקאנטן בונדישן טוער ד"ר ליפאווסקי. שפעטער איז לאה אריבערגעפארן קיין לעמבערג וואו זי האט געהאט א שוועסטער. דארט איז זי באגאנגען זעלבסטמארד. דעם זון האט זי איינגעארדנט אויסערן געטא אין א פוילישער משפחה, און ער איז געבליבן לעבן. לאניע האט געשטאמט פון אן אינטעליגענטער און אסימילירטער משפחה. איר ברודער איז געווען דער באקאנטער ווארשעווער לעקטאר רודניאנסקי.

⁂

לאה רובינראט געהערט צו די פיאנערן פון דער נייער שול אין דער יידישער

שפראַד. מע קאָן אָט די פּיאָנערן איינ־
טיילן אין דריי גרופּעס: 1) די וואָס
האָבן נאָך פ אַ ר דער ערשטער וועלט־
מלחמה געגרינדעט אין רוסלאַנד און
פּוילן די ערשטע שולן אויף יידיש; 2)
די וואָס האָבן אָנהייב ערשטער וועלט־
מלחמה מיט גרויס ליבע און איבערגעבנ־
קייט צום פּאַריתומטן קינד געגומען בויען
קינדער־קיכן, קינדער־היימען און קינדער־
שולן אויף יידיש; 3) די מחנה לערער
און שולטוער וואָס האָבן נאָכן ערשטן
וועלט־קריג געשאַפן שולן אין שטעט און
שטעטלעך און האָבן אויסגעשפּרייט די
יידיש־וועלטלעכע שולנעץ איבער גאַנץ
פּוילן און ליטע.

לאה רובינראַט געהערט צו דער צוויי־
טער גרופּע. צוזאַמען מיט אַנדערע לערער
איז זי געשטאַנען אין א פּאַרביסענעם
קאַמף קעגן די וואַרשעווער אַסימילאַטאָרן
און פאַנאַטישע העברעאיסטן. זי האָט גע־
האָלפן בויען די נייע שול, ניי לויט דער
שפּראַך און לויטן אינהאַלט. זי איז געווען
איינע פון די שטילע מיטבויערס און
גרונטלייגער פון די דערציערישע יסודות
פון אָט דער נייער שול. דריי אַזעלכע
שולן האָבן זיך אויסגעבילדעט אין וואַר־
שע. איינע פון זיי איז אָנגעפירט געוואָרן
דורך יואל שווייגער, און לאה איז דאָ
געווען זיין מיטאַרבעטערין און לערערין
(שפּעטער האָבן זיי חתונה געהאַט, אָבער
ער איז גאָר יונג געשטאָרבן). מיט אירע
אויפטוען און דערגרייכונגען אויפן גע־
ביט פון לערנען און דערציען — איז לאה
געווען אַ ביישפּיל פאַר די לערער אויך
פון אַנדערע שולן. אויסערלעך יונג און
שיין, מיט הויכער קולטור און אַ חוש
פאַר עסטעטיק — האָט זי באַווירקט ניט
נאָר איר שול נאָר אויך די לערער און
קינדער פון אַנדערע שולן. לאה האָט זיך
מיט דער גאַנצער נשמה געווידמעט דעם
היימלאָזן יונגן קינד און געזוכט אים צו
דערהייבן. די דערמאָנטע דריי שולן האָבן
שטאַרק געהאָלפן אין דעם געראַנגל פאַר
דער יידישער לערן־שפּראַך, וואָס איז
דעמאָלט אָנגעגאַנגען אין וואַרשע. דער
גאָר הויכער פּעדאַגאָגישער ניוואָ פון אָט
די דריי שולן אינעם פּעריאָד ערב דער
ציש״אָ — דאָס איז געווען דער שטאַרקס־
טער אַרגומענט פונעם יידישיסטישן צד
אויף די געמיינזאַמע שול־קאָנפערענצן
צוזאַמען מיט די אַסימילאַטאָרן און הע־
ברעאיסטן. ל. רובינראַטס איינשטעלן זיך
פאַר די נאַטירלעכע רעכט פון יידישן
קינד פלעג האָבן אַ ווירקונג אפילו אויף
די אַסימילאַטאָרן. זי האָט זיי שטאַרק
אימפּאָנירט מיט איר פּויליש און אינ־
טעליגענץ. זי איז דאָ געווען די הייסע
פּאַרטיידיקערין פון אַ שול אויף יידיש,
אַ נאַציאָנאַלע און פּראָגרעסיווע שול.
עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד האָט לאָניע גע־
אַרבעט אין די יידיש־וועלטלעכע לערן־
אַנשטאַלטן. קינדער און עלטערן האָבן
איר שטאַרק ליב געהאַט. — ווען די שול
פון יואל שווייגער האָט זיך צונויפגעגאָסן
מיט אַן אַנדער שול און פאַרלוירן איר
כאַראַקטער און אינהאַלט, האָט לאה פאַר־
לאָזט די אַרבעט און זיך מער ניט אומ־
געקערט צו איר.

ש. גילינסקי

## רובינשטיין, מאָטל

— ביז דעם
אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן האָט
מאָטל רובינשטיין געאַרבעט אלס לערער



אין דער „לייזער־
גורוויטש”־שול אין
ווילנע. שפּעטער זיך
באַזעצט אין ביאַלי־
סטאָק און איבערגע־
נומען דעם פאַרוואַל־
טער־פּאָסטן פון דער
„מענדעלע” - שול.
אויף דעם פּאָסטן
האָט ער אַרויסגע־

וויזן אן אויסערגעוויינטלעכע ארבעטזאמקייט, ליבע, איבערגעבנקייט און אן א שיעור ארגאניזאטארישע איינפאלן.

צוליב דעם, וואס די „מענדעלע"־שול האט זיך געפונען אין די גבירישע גאסן פון שטאט, האט די שול געליטן פון א קלענערער צאל קינדער. מאטל רובינשטיין האט אבער נישט אויפגעהערט צו טראכטן און זוכן פלענער ווי צו געווינען נייע תלמידים פאר זיין שול. ער פירט יאר־יערלעך א פארטיפטע פראפאגאנדעארבעט צווישן די עלטערן. ער שטעלט איין א פערמאנענטע עלטערן־אודיטאריע מיט לעקציעס, דיסקוסיעס, פארווייצונגען און קינא־בילדער.

די ארעמע געלט־מיטלען וואס די יידישע שול־ארגאניזאציע האט געקאנט שטעלן צו דער דיספאזיציע פון דעם שול־פארוואלטער, האבן נישט אפגעשטעלט דעם ענערגישן מאטל רובינשטיין יאר־יערלעך צו פארשענערן און פארבעסערן דעם אויסזען פון דער „מענדעלע"־שול.

מ. רובינשטיין האט אריינגעבראכט אין די ראמען פון דער פעדאגאגישער ארבעט גופא א סך נייע אקטיוויטעטן, איינגעפירט עקספערימענטאלע מעטאדן אין די לימודים און א סך אויפגעטאן אויפן געביט פון זעלבסטפארוואלטונג פון די שול־תלמידים. באזונדערס האט מען צווישן די ביאליסטאקער לערער באוואונדערט זיינע דערגרייכונגען אויפן געביט פון אויסער־שול־ארבעט, ספעציעל דעם קינדער קלוב פון דער „מענדעלע"־שול.

אין דער ארבעט פון דער פארוואלטערקאלעגיע פון די ביאליסטאקער שולן נעמט מ. רובינשטיין דעם אקטיווסטן אנטייל. אויף די באראטונגען און זיצונגען פון די פארוואלטער איז ער תמיד גרייט מיט נייע פלענער און נייע פארשלאגן סיי וועגן זיין שול סיי וועגן אלע שולן בכלל.

אויסערלעך שטיל, באשיידן און צוריקגעהאלטן, טראגט אבער מאטל רובינשטיין אין זיין הארצן א פלאם פון אמתער איבערגעבנקייט און אויפריכטיקער ליבע צו זיין לערערישער און פארוואלטערישער ארבעט. טאג ווי נאכט איז ער פארנומען מיט זיין שול. אפט בלייבט ער אין שול שעהן לאנג נאך די לימודים און קומט צוריק אין שול אין די אוונטשעהן.

מ. רובינשטיין איז אויך אקטיוו אין „בונד". ער שענקט א סך אויפמערקזאמקייט דער ארבעט פון „סקיף" און ביי אלע וואל־קאמפאניעס איז ער איינער פון די „ראיאן קאמיסארן", וואס פירט צוזאמען מיט א גרופע „צוקונפטיסטן" די הויז־אגיטאציע צו די וואלן. אין יאר 1938 ווערט רובינשטיין דערוויילט אלס ראטמאן אין דער יידישער קהילה אויף דער ליסטע פון „בונד".

ביים אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939 באשליסט ער ניט צו פארלאזן ביאליסטאק. ער האט אין געטא געארבעט אויפן געביט פון יידישן שול־וועזן ביים יידן־ראט, און דא אין געטא איז ער אומגעקומען.

י. מעלאמדאוויטש

**רובינשטיין, מאשע** — לאנגיאריקע לערערין אין ווילנע. זי האט אנגעהויבן איר ארבעט נאך אין 1915 — אלס לערערין פון דייטש אין דער שול „מפיצי השכלה", שפעטער איז זי געווען לאנגע יארן לערערין פון ערשטן קלאס.

**רודניצקי, יוסף** — געבוירן אין ווילנע אין 1891 ביי עלטערן ארעמע קרעמער, האט ער פארענדיקט דעם ווילנער

לערער־אינסטיטוט, און אין 1912 אנגעהויבן זיין פעדאגאגישע טעטיקייט (אין אסטראה, וואלין). שפעטער קומט ער קיין ווילנע און זעצט פאר זיין ארבעט אין די דארטיקע שולן. ער ווערט מיט דער צייט פארוואלטער פון דער אנגזעענער לייזער גורוויטש־שול. ער צייכנט זיך אויס אין דער שול־ארבעט מיט זיין געוויסנהאפטער באציונג, און אויך מיט זיין שטילן באשיידענעם כאראקטער. ער איז א גוטער חבר צו די לערער און קינדער. ער איז די פארקערפערונג פונעם טיפ פאלקסלערער, וועלכער טוט זיין ארבעט בשלימות און מיט ליבע און הארציקייט.

בעת דער נאצישער אקופאציע האט י. רודניצקי געארבעט אין א מאיאנטעק און איז דערשאסן געווארן דורך די ליטווינער אין וויעליטשאן (א דארף ביי ווילנע) — ראש השנה 1941.

**רוטנבערג, לאה (ליאנקע)** — געבוירן אין ווארשע אומגעפער אין יאר 1896. א טאכטער פון ארעמע עלטערן וועלכע זיינען פרי געשטארבן, איז זי געווארן צוגענומען צו א רייכער פאמיליע און אדאפטירט געווארן אלס זייער קינד. געענדיקט א רוסישע גימנאזיע אין ווארשע. פון יאר 1920 האט זי געארבעט אין די באראכאוו־שולן, צוערשט אויף דזיקע, שפעטער אויף מוראנאוו — אלס לערערין פון די יינגערע אפטיילונגען. זי האט שטענדיק אנטייל גענומען אין די שול־אויספלוגן, אויסשטעלונגען. געווען א לינקע, סימפאטיזירט מיט די קאמוניסטן. געארבעט אלע יארן — ביז איר אומקומען. געווען א גוטע לערערין, איבערגעגעבן צו די קינדער. אין איר לעבן איבערגעלעבט א טראגעדיע, אבער אין זיך אלץ אויסבאהאלטן. געווען א זייער גוטע טאכטער צו אירע פרעמדע עלטערן. אומגעקומען אין יאר 1942.

**רוטשטיין, סאלאמאן** — א ד"ר כעמיע לויט זיין בילדונג, איז ס. רוטשטיין געווען לאנגיאריקער אינסטרוקטאר פון די כעמישע קורסן אין „הילף דורך ארבעט", ווילנע. ער האט אנגעשריבן עטלעכע בראשורן אין יידיש און פויליש — ווי אזוי צו מאכן קינסטלעכע מארמעלאדן, סיראפן, לעמאנאדן, שוואוואקס א.ד.גל.

ס. רוטשטיין איז פון ווילנער געטא צוגענומען געווארן דורך די כאפערס אויף פאנאר, 1941.

**רויטנשטיין, אסנע** — געבוירן אין ווילנע אין 1909. זי איז געווען די יינגסטע פון 3 שוועסטער. אירע עלטערן זיינען געווען פרומע און זייער וואוילע פאלקסמענטשן. די מוטער האט געהאלטן א קליין פוטער־געוועלבל אין א קעלערל פון די האלעס. דער פאטער איז געווען א הארץ־לײדנדער. הגם די עלטערן זיינען געווען פרום, אפגעהיט שבתים און יום־טובים, דאך האבן יונגע אפיקורסישע שילערינס, חברטעס פון די דריי טעכטער, זיך ביי זיי געפילט זייער היימיש און פריי.

אסנע רויטנשטיין מאכט דורך א נארמאלע דערציונג. צו 6 יאר הייבט זי אן צו באזוכן די 8־קלאסיקע פאלקשול א. נ. „ש. פרוג". נאכן ענדיקן די פאלקשול קומט זי אן אין 7־טן קלאס אין דער ס. גורעוויטש־גימנאזיע. אין דער צייט שטארבט אסנעס פאטער. אסנע ענדיקט די גימנאזיע. זי קלערט וועגן א פאך, און דער אויסוואל פאלט אויפן לערער־סעמינאר, וואוהין מען נעמט איר אן אויפן 4־טן קורס (ווי אנדערע גימנאזיסטן).

אסנע איז א פעאיקע און אינטעליגענטע שילערין. זי באזיצט גוטע אויפנאם־פעאיקייטן. זי לערנט מיט לייכטקייט סיי

שפּראַכן, סיי מאַטעמאַטיק. פון דער נאַטור זייער אַ טעטיקע, אַ לעבעדיקע, זוכט זי זיך ניט צו פיל צו פּאַרטיפן. אַלץ ווערט ביי איר געמאַכט לייכט, מיט פרייד. זי טיילט זיך אויס מיט אַ גוטן געהער. אין כאָר פון לערער־סעמינאַר, וואָס האָט אונטער דער ליטונג פון יעקב גערשטיין געזונגען פּילשטימיקע קאָמפּליצירטע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס — איז „אַסניצקע" (אַזוי פלעגט ח' גערשטיין זי רופן) פון די ערשטע פידלען. זי האָט ליב טענץ, ריטמיק, גימנאַסטיק.

נאָכן ענדיקן דעם סעמינאַר קריגט אַסנע רויטנשטיין אַרבעט אין ווילנע. זי איז אַ לערערין פון פּויליש, געזאַנג, ריטמיק און אַלגעמיינע לימודים. אַסנע האָט געאַרבעט אין די שולן א. נ. פון ל. גורוויטש, אין שלום־עליכם־שול א"א. אַ געוויסע צייט אַרבעט זי אויך אין דער שול פאַר „ספּעציעלער דערציונג", אָבער זי בלייבט דאָרט ניט לאַנג. די אַרבעט דאָרט פאַרלאַנגט צופיל „ספּעציעלע" איינשטעלונג. איר לייכטער שפּילעוודיקער געמיט קען דאָס ניט נאָכקומען.

זי האָט חתונה מיט אַן אַרבעטער, אַ שטעפּער פון פאַך, לייבע (כ'געדענק ניט זיין פאַמיליע נאָמען). מען רופט זי אָבער אויך נאָך דער חתונה מיט איר מיידלשן נאָמען. דער מזל גיט צו איר אַ שיין: אין אַ שיינעם פרימאָרגן געווינט זי אויף דער לאָטעריע אַ גרויסן געווינס. זי נעמט זיך ניט איבער מיט דעם און אַרבעט ווייטער אין די יידישע שולן אין ווילנע. אין 1940־41 אַרבעט זי אויך אין עפּשטיינס גימנאַזיע (אַ פּויליש־יידישע גימנאַזיע — פּוילישע אונטעריכט־שפּראַך מיט יידישע לימודים). זי האָט געהערט צום „לינקן פליגל" פון די יידישע לערער.

אַסנע און איר שוועסטער רבקה רויטנשטיין (אויך אַ לערערין, געענדיקט הומאַניסטיק אויפן ווילנער אוניווערסיטעט, געלערנט פּויליש אין די פּויליש־יידישע גימנאַזיעס) — זיינען אומגעקומען אין ווילנער געטאָ. אַסנעס מאַן איז אַוועק אויף פּאָנאַר אין 1941. אַסנע צוזאַמען מיט איר קינד איז אָפּגעפירט געוואָרן אין מאַידאַנעק.

ס א נ י ע   ו ו י י ס ב ר א ט

## רייכמאַן, אהרן

**רייכמאַן, אהרן** — געאַרבעט אין זשעלודאָק אין 1929/30. אַ געקומענער לערער. געווען נאָך זייער יונג — אַ בחור. זיין היימשטאָט איז געווען ביעלסק־פּאָדלאַסקי.

ער האָט געענדיקט די העברעאישע גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק. געווען אַ רעכטער פּועלי־ציוניסט. אין דער יידישער שול האָט ער געלערנט העברעאיש און נאַטור־וויסנשאַפט.

אהרן רייכמאַן איז געווען פול מיט ענערגיע און זייער אַרבעטזאַם. געהאַלטן רעפעראַטן אויף פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס — אינטערעסאַנט און מיט ברען.

זיין גורל — אומבאַקאַנט.

## רייכענטאַל, שלמה

**רייכענטאַל, שלמה** — דערצויגן אין שטעטל לעזענסק, גאַליציע, אין אַ בונדישער הויז. שוין גאָר יונג האָט ער זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט פּאָליטישע ענינים, און דער דירעקטאָר פון גימנאַזיע וואו שלמה האָט געלערנט האָט עטלעכע מאָל געוואָרנט דעם פאָטער וועגן דעם. שלמה גיט פּריוואַטע לעקציעס, ער פאַרנעמט זיך מיט ספּאָרט, ער לייענט די „פאָלקסצייטונג" און פירט דיסקוסיעס מיט חברים און באַקאַנטע. שלמה ווערט אַרעסטירט און שרעקלעך געמאַטערט. אָבער ער גיט זיך ניט אונטער און צוליב מאַנגל אין באַווייזן ווערט ער באַפרייט. מען האָט אים אָבער אויס־

געשלאָסן פון דער גימנאַזיע. אין אַ צייט אַרום ווערט שלמה און זיינע ברידער ווידער אַרעסטירט. דאָס מאָל ווערט שלמה פאַרמשפּט צו 7 יאָר תפיסה. ווען ער גייט אַרויס פון טורמע קומט ער קיין וואַרשע, און פון דאַנען ווערט ער רעקאָמענדירט קיין ביאַליסטאָק צו אַר־בעטן אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. ער ציט זיך צוריק פון פּאָליטיק און וואַרפט זיך אַריין מיטן גאַנצן האַרצן אין דער שול־אַרבעט. אין ביאַליסטאָק האָט אים געטראָפן די מלחמה און די סאָוועטישע אָקופּאַציע, פון וועלכער ער איז שטאַרק אַנטוישט.

דאָ אין ביאַליסטאָק איז ער אומגעקו־מען צוזאַמען מיט אַלע יידן.

**ריינאָוויטש, זאַוול** — געבוירן אין טשעכאַנאָוויעץ, ביאַליסטאָקער געגנט, אומגעפער אין 1908-10. אויפגעהאָדע־וועט זיך ביי אַ מאַמען אַן אָרעמע אַלמנה. פון זיינע פריסטע קינדער־יאָרן געליטן הונגער און נויט. געלערנט אין חדר, נאָכהער אין ישיבה, געגעסן „טעג". ער קומט אָן אין ראַדונער ישיבה פון „חפץ־חיים", ווערט גיך באַקאַנט אַלס עילוי. ער דערזעט אָבער באַלד אַז „אין קעסל פון הייליקייט" (לויט זיין ראָמאַן) פעלט די הייליקייט, און ער פאַרלאָזט די ישיבה, קומט קיין ווילנע, אַרבעט אַלס שווערער אַרבעטער און לערנט זיך. גיט קאָרעפּע־טיציעס בכדי צו פאַרדינען אויף ברויט. ער ענדיקט „אָקס" גימנאַזיע, קוואַליפי־צירט זיך אַלס לערער. ער פאָרט אַריבער קיין וואַרשע, אַרבעט מיט אין „שריפטן" (אַרויסגעגעבן דורך ש. זאַראַמב) א"א אויסגאַבעס. ער פאָרט אויף אַרבעט אַלס לערער אין דער יידיש־וועלטלעכער שול אין דרויע (ווילנער געגנט), פון דאָרט קיין זשעטל וואו ער אַרבעט צוזאַמען מיטן אומגעקומענעם דיכטער ברוך אַליצקי. זי־מער 1938 נעמט ער אָנטייל אין די קורסן פאַר די לערער פון די צישאָ־שולן אין ווילנע.

מיט זאַוולען האָב איך זיך באַקענט אין די פיינלעכע טעג פון סוף 1939, אין ריי ביים אַרבעטס־אַמט אין נאָוואָגרודעק. צווישן די טויזנטער אַרבעטס־זוכנדע פּליטים האָט זיך אויסגעטיילט זיין בלאַ־סער אײדעלער פּנים, זיין שוואַרצע אויף אַרויף פאַרקעמטע שעוועליורע און די זעלטן ריינע פעדאַנטיש־אָפּגעהיטע קליי־דער, אַ זעלטענע דערשיינונג אין יענע טעג פון וואַלגערן זיך אָן אַ היים, אָן אַרבעט, אָן אַ ציל.

דערהערנדיק זיין פאַמיליע־נאָמען — וואָס איז מיר באַקאַנט געווען פון די „שריפטן" — האָב איך מיר פאַר אים פאָרגעשטעלט און אַט אַזוי איז געבוירן געוואָרן אונזער פריינטשאַפט.

מיטן אָנקום פון דער רויטער אַרמיי האָט ריינאָוויטש, צוליב פאַרשיידענע סיבות, פאַרלאָזט זשעטל און געקומען קיין נאָוואָגרודעק וועגן אַן אַרבעטס־צו־טיילונג. דערוויסנדיק זיך אַז איך — דאַן אַ פּליט פון וואַרשע — האָב מיך באַ־זעצט אין ליובטש (אַ קליין שטעטל ביי נאָוואָגרודעק) און האָב באַקומען אַהין אַן אַרבעטס־צוטיילונג, האָט ער אויך גע־בעטן אים באַשטימען אַלס לערער אין ליובטש. ביז דעמאָלט איז דאָרט געווען בלויז אַ תרבות־שול, ריינאָוויטשן האָט מען דעלעגירט אין דער ניי־אויפגעשטעל־טער סאָוויעטישער שול אין דער יידישער שפּראַך. מען האָט אים באַשטימט אַלס לייטער פון לערן־אָפּטייל (זאַוויעדואיוש־טשי אוטשעבנאַי טשאַסטי—זאַוואוטש). באַקומען די נאָמינאַציע, האָט ער זיך מיט מיר מיישב געווען: „כ'האָב מורא — האָט ער געזאָגט, — אַז אַנשטאָט לערנען די קינדער וועל איך גאָר דאַרפן ווערן אַ משגיח אויף וואָס ניט צו לערנען און

דאָס וועט זיין מיין סוף אַלס יידישער לערער.״ ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר זאָוולען שווערע טעג פון אַרבעט און זאָרג. אין שול האָבן די קינדער ווי הונגעריקע זיך אַ וואָרף געטאָן צום יידיש און געווען דאַנקבאַר פאַר לערנען זיי אין דער אַזוי נאָענטער און היימישער שפּראַך. צו ערשט האָט ריינאָוויטש געמוזט אַרבעטן מיט די לערער גופא, אַריינפירן זיי אין דער יידישער שפּראַך, באַקענען זיי מיט די מעטאָדן פון דער יידיש־וועלטלעכער שול. און אַזוי האָט ריינאָוויטש געפירט די ליובטשער שול. עס זיינען אין דער שול אויפגעזונגען געוואָרן יידישע פאָלקס־לידער, וועלכע ריינאָוויטש האָט קונציק אַריינגעפלאָכטן אין דער שול־פּראָגראַם. אַ טייל לימודים זיינען צוליב מאַנגל אין יידישע לערנביכער געלערנט געוואָרן דורך אים אַן טעקסטן, און דאָ איז געווען אַ פריי פעלד פאַר זיין טעטיקייט. די שול־קינדער האָבן אויסגעפילט ריינאָוויטשעס גאַנצע ליבע וואָס ער האָט זיי געשענקט. ער האָט זיך געזאָרגט וועגן זייער דערציונג אין שול און אין דער היים, באַזוכט זייערע שטיבער, געגעבן אָנווייזונגען, געהאָלפן מיט אַן עצה. די קינדער האָבן אים ליב געהאַט. יעדע לעקציע איז געווען אַ האַרציקער אינטימער שמועס צווישן אים און די קינדער. ער האָט געלערנט ליטעראַטור, און ווי געקלעמט ער איז ניט געווען, דאָך האָט ער מיט זיי צוזאַמען שפּאַצירט איבער די ברייטע שליאַכן פון דער יידישער ליטעראַטור. געלאַכט מיט זיי צוזאַמען דעם שלום עליכמשן געלעכטער. געשלעפּט זיך מיט דעם זיידנס קליאַטשע איבער די יידישע שטעטלעך און זיי געלערנט ביי פּרץ׳ן ווי אַזוי צו זיין שטאָלצע יידן.

„לערעריי איז ניט נאָר אַ פאַך, דאָס איז אַ הייליקע עבודה, די געשטאַלטונג פון יונגן דור — די מאָרגנדיקע בויער פון דער געזעלשאַפט — ליגט אין דיינע הענט, און דערפאַר מוז אַ לערער זיין ריין און ערלעך מיט זיין געוויסן און זיינע מעשים. ער מוז — ווי אַמאָל דער כהן גדול — זיך טובלען און ריין מאַכן, צוגרייטן זיך גייסטיק און פיזיש איידער ער טרעט צו צו זיין הייליקער אַרבעט...״ אַזוי פלעגט ריינאָוויטש דעפינירן די אויפגאַבע פון אַ לערער און אַזוי אויך איז ער אַליין געווען.

אָבער ניט נאָר אַ לערער איז זאָוול געווען, נאָר אויך אַ טאַלאַנטפולער יידישער שרייבער, אַן עסעיסט און דערציילער. אין ליובטש האָט ער צוגעגרייט אַ גרעסערע אַרבעט „די פּסיכאָלאָגיע פון נעלעכטער און געוויין״. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַן אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן „אין קעסל פון הייליקייט״, וועגן דער ראַדונער ישיבה פון חפץ חיים. אין שטאַרקע מאַסן־סצענעס האָט ער געשילדערט דאָס פאַרניכטן די יידישע ביבליאָטעק דורך די ישיבה־בחורים, ער האָט באַשריבן די ישיבה־טיפּן — די ערלעכע און גלויביקע ווי אויך די דעגענעראַטן פון צווישן זיי. אים, דעם געוועזענעם עילוי פון ראַדונער ישיבה, זיינען נאָענט געווען די אַלע טיפּן. ער קען זיי גוט, דרינגט אַריין אין זייערע מוחות און נשמות.

ליידער האָט ריינאָוויטש ניט געהאַט דאָס גליק צו זען זיין בוך אָפּגעדרוקט. סוף 1940 האָט ער אָפּגעשיקט זיין ווערק צום מינסקער מלוכהשן יידישן פאַרלאַג. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז אים אָנגעקומען אַן ענטפער פון ח. ראַזין, אַז זיין בוך ווערט אָנגענומען צום דרוק, ער זאָל קומען קיין מינסק צוליב געוויסע אויסבעסערונגען און זיך פאַרבינדן מיט אורי פינקעל, וועמען ס׳איז אָנפאַרטרויט דאָס צוגרייטן דעם בוך צום דרוק. ליידער,

זיינען אים די היטלעריסטן פארלאפן דעם וועג קיין מינסק...

מיטן סוף פון שוליאר 1939-40 איז אויך געקומען דער סוף פון דער יידישער שול אין ליובטש — זי איז פארוואנדלט געווארן אין א רוסישער מיטלשול. ריינאַוויטש האט זיך אפגעזאגט צו ארבעטן דארט. „דער סוף פון די יידישע שולן איז אויך דער סוף פון יידיש לעבן", האט ער מיט צער גערעדט. באלד נאך דעם איז ער אריבערגעפארן קיין ביאַליסטאק וואו עס האבן נאך עקסיסטירט יידישע שולן, און ער האט אנגעהויבן ארבעטן אין דער שול אויף געלער געסל.

... ביז עס זיינען געקומען די ברוינע נאצי-שטיוול וואס האבן צעטראטן און צעריבן אלץ וואס עס איז געווען יידיש, שעפעריש, מענטשלעך און ערלעך, און עס איז צעטראטן געווארן דאס יונגע שעפערישע לעבן פון מיין אומפארגעסלעכן חבר, דעם ערלעכן און באשיידענעם יידישן לערער און שרייבער, זאוול ריינאַוויטש.

מ ר ד כ י   ק ר א ש נ י ץ

**רייס, מאיר** — געבוירן אין קאוועל אין 1892. געהאט א פרוי מיט 2 קינדער. געהאט העכערע בילדונג — מיטן טיטל אינזשעניער.

די ערשטע יארן פון זיין לערער-טעטיקייט האט מ. רייס געארבעט אין קאוועל אין א העבראישער גימנאזיע. פון 1926 ארבעט ער אין יידיש-וועלטלעכע שולן אין ווארשע. ער איז געווען פארוואלטער פון דער בראכאוו-שול אויף נאלעווקי 11; ער האט געארבעט אלס לערער פון נאטורוויסנשאפט און מאטעמאטיק אין דער באקאנטער שול אויף טווארדע 22. געהערט צו דער ריכטונג פון לינקע פועלי ציון, איז ער געווען שטארק טעטיק אויפן געזעלשאפטלעכן און קולטור-געביט.

אומגעקומען אין ווארשעווער געטא.

**ריכטער (טאץ), איקע (אסתר רבקה)** — איינע פון די ערשטע בויער פון דער בונדישער שול-באוועגונג אין פוילן. פון דעם ערשטן מאמענט זינט ס'האט זיך ענדע 1915 געגרינדעט אין ווארשע די ערשטע „גראסער קינדערהיים", ביז ארום 1922, ווען זי איז אוועק פון פוילן, איז איקע די גאנצע צייט געווען אקטיוו אין די שולן. אין די ערשטע יארן, איידער די קינדער-היימען און שולן זיינען זיך פונאנדערגעוואקסן אין א ברייט פארצווייגטע אינסטיטוציע אין ווארשע און איבערן גאנצן לאנד, איז זי פאקטיש געווען די צענטראלע פיגור פון אט דער ארגאניזאציע, איר נשמה און איר טרייבקראפט. אלס פארוואלטערין פון די ערשטע „גראסער קינדער - היימען" קומט איר א גאר גרויסער קרעדיט פאר דער מוסטערהאפטיקייט פון אט דער יידישער פעדאגאגישער ארבעטער-אינסטיטוציע. א דאנק אירע באמיונגען און פלייסיקער ארבעט האבן זיך די קינדער-היימען שפעטער אויף א שנעלן און נאטירלעכן אופן פארוואנדלט אין קינדער-שולן, וועלכע האבן ווידער געדינט אלס מוסטער פאר אנדערע יידישע ארבעטער-שולן, סיי אין פעדאגאגישן און סיי אין טעכנישן זינען.



איך בין געווען זייער ענג פארבונדן מיט די בונדישע שולן אין פוילן און געהאט די פולע מעגלעכקייט צו באַאבאכטן איקעס טעטיקייט, איך געטריי-

שאפט צו דער ארבעט. ס'איז שווער צו געפינען נאך אזא איבערגעגעבנהיים. זי האט זיך אינגאנצן צונויפגעוואקסן מיט דער שול־באוועגונג. דאס איז געווארן דער גאנצער זין פון איר לעבן און עקזיסטענץ.

ס'זיינען פאראן זייער ווייניק מענטשן, וואס גיבן אוועק דער באוועגונג אלץ און נעמען פון איר גאר־ווייניק חוץ דעם גענוס פון אקטיוויטעט און אנגענעמען געפיל פון דערפילן א הייליקן חוב. איקע איז געווען אזא מענטש, און אזוי האט זי געהאנדלט ניט נאר אין געזעלשאפטלעכער טעטיקייט, נאר אויך אין פריוואטן לעבן.

די וועלט האט ווייניק מענטשן פון דעם טיפ.

ד ו ד  מ י י ע ר

***

די לעצטע 20 יאר האט איקע געלעבט אין פאריז און האט אלע די יארן אפגעגעבן אירע כחות דער בונדישער באוועגונג. א דאנק איר אומדערמידלעכער ארבעט איז דער פאריזער מעדעם־קלוב אויסגעוואקסן אין אן איינפלוסרייכע ארגאניזאציע („יידישער סאציאליסטישער מעדעם־פארבאנד אין פראנקרייך”), איז באשאפן געווארן דער „ארבעטער־רינג” מיט א גרויסער צאל מיטגלידער, ארויסגעגעבן געווארן א וואכנשריפט („אונזער שטימע”), אנגעזאמלט געווארן א רייכע ביבליאטעק, געגרינדעט געווארן פאר די קינדער פון די ארבעטער־רינג מיטגלידער א יידישע צוגאב־שול, א מעדיצינישע באראטונג־שטעלע, א ספארט־פאריין, א יוגנט־סעקציע „צוקונפט”, א קינדער־קלוב „סקיף”, א מוזיקאלישע סעקציע. — איקע האט דערביי שטענדיק געפונען צייט זיך צו באטייליקן אקטיוו אויך אין דער ארבעט פון דער פראנצויזישער סאציאליסטישער פארטיי.

אין איר גאנצער מאראלישער גרויס האט זיך איקע ארויסגעוויזן ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין סעפטעמבער 1939 ווארפט זי זיך מיט לייב און לעבן אריין אין דער ארבעט און פארגינט זיך ניט מער א מינוט אפרו, ניט א רגע פרייע צייט פאר זיך.

דורכן ארבעטער־רינג און סאצ. פארבאנד ווערט דאן געגרינדעט א קיך, כדי צו ראטעווען פון הונגער די פרויען און קינדער פון די יידישע מאביליזירטע סאלדאטן. איקע לייגט אריין אין דער ארבעט, ווי געוויינלעך, איר גאנצע נשמה.

ווען די דייטשן פארנעמען פאריז, יוני 1940, זאגט זיך איקע אפ צו פארלאזן די שטאט צוזאמען מיט די אפפארנדיקע חברים און בלייבט אויף איר פאסטן. אין דער פאניק, וואס הערשט נאכן אנקומען פון די דייטשן, בלייבט איקע רואיק און געלאסן און ארגאנזירט מיט דער גרעסטער ענערגיע די הילפסארבעט פאר די ברויטלאז געווארענע יידישע פאלקס־מאסן.

באלד נאכדעם באזארגט דער יידישער ארבעטער־קאמיטעט פאר איר אן אמעריקאנער וויזע. זי זאגט זיך אפ פון דער וויזע און טוט ווייטער איר ארבעט, הגם זי ווייסט גאנץ גוט, אז זי קאן יעדע מינוט ארעסטירט ווערן.

אין דער קיך, מיט וועלכער זי פארוואלטעט, באווייזן זיך אגענטן פון דער געסטאפא און פרעגן זיך נאך אויף די מיטגלידער פון דער פארוואלטונג. איקע דערקלערט זיי, אז זי א ל י י ן פאר־

וואלטעט מיט דער קיד, זי אליין באשאפט דאס נויטיקע געלט און טראגט אליין פאר דער קיד די פולע פאראנטווארטונג. א פאר מאנאט שפעטער ווערט זי ארעסטירט. מען האלט זי אין דער תפיסה ביי ניט שלעכטע באדינגונגען. זי איז פארבונדן מיט דער אויסנוועלט, מען נעמט פאר איר אן שפייזפעקלעך און ביכער. געזעסן איז זי ארום 18 חדשים. אין איר לעצטן בריוו פון דער תפיסה שרייבט זי צו די חברים אין פאריז, וואס האבן די גאנצע צייט געציטערט פאר איר גורל: „טוט אייער ארבעט און באוויינט מיך נישט, וואס עס זאל ניט געשען מיט מיר; איך בין רואיק".

דער קאמענדאנט פון דער פעסטונג ראמענוויל, וואו מען האט איקע ריכטער צולעצט געהאלטן, א פראנצויזישער קאפיטאן, האט זיך באצויגן צו איר מיט גרויס אכטונג. ער האט געגעבן צו וויסן, אז זי איז „פלוצלינג געשטארבן". ביי וועלכע אומשטענדן זי האט אין אמתן אויסגעהויכט איר ריינע נשמה, וועלן מיר זיך מסתמא קיינמאל ניט דערוויסן.

דער קאמענדאנט האט דערלויבט איקעס פריינט זי מקבר צו זיין אויפן בית־עולם פון „ארבעטער־רינג" און האט געלאזט ברענגען איר ארון אין באגלייטונג פון א מיליטערישער ערן־וואך. א גרויסער עולם בונדיסטן און פראנצויזישע סאציאליסטן, פריינט און חברים, האט באגלייט די געטרייע קעמפערין צו איר אייביקער רו.

## רינגעלבלום (הערמאן), יהודית

— געבוירן אין ווארשע, אין א חסידישער משפחה מיט א סך טעכטער, וועלכע זיינען אלע ארויס פון די טראדיציאנעלע ראמען און זיינען געווארן אקטיוו אין פארשידענע באוועגונגען. יהודית איז פון יאר 1920 געווען א חברטע פון די לינקע פועלי־ציון. זי איז געווען טעטיק



אין אקאדעמישן קרייז פון דער פארטיי, דארטן האט זי אויך דערקענט עמנואל רינגעלבלומען און האט זיך מיט אים פארבונדן. זי איז געווען א לערערין פון פויליש אין מלוכה־שולן פאר יידישע קינדער און אין א באראכאוו־שול פון דער „ציש"א", און אויך אויף די „ארבעטער־אוונט־קורסן". זי האט זיך אבער נישט באגרענעצט נאר אין ראמען פון לערעריי און פלעגט זיך אפרופן אויף יעדער פאדערונג צו דערפילן געזעלשאפטלעכע אויפגאבן. איר גוטהארציקייט און מיטגעפיל צו פערזענלעכע און אלגעמיינע נויטן און צרות האבן זי דערפירט צו א סאציאלער טעטיקייט צווישן קינדער, און זי פלעגט אפט זיי באזוכן אין זייערע היימען. א פיינער און אידעאלער טיפ פון א טרייער יידישער טאכטער.

אין דער געטא־צייט האט זי געארבעט אין די „צענטאס"־מאגאזינען. טראץ אירע שטארקע פארבינדונגען אין די קרייזן פון דער פוילישער אינטעליגענץ איז נישט לייכט געווען צו פועלן ביי איר זי זאל פארבלייבן מחוץ די געטא־מויערן, צוגלייך מיט אנדערע חברטעס, וועלכע זיינען געווען פארבינדלערינס מיטן פוילישן אונטערערד. זי איז דערמארדעט געווארן דעם 7־טן מערץ 1944 צוזאמען מיט איר מאן עמנואל און מיט

זייער איינציקן 14 יאָריקן זון אריה, — זי איז דאַן אַלט געווען א יאָר 40.

## ריִנגעלבלום, עמנוּאל — 

דער העלדישער היסטאָריקער־כראָנאָגראַפער פון וואַרשעווער געטאָ אונטער די נאַציס.



מיט זיין מסירת־נפשדיקן אויפטו און מיט זיין מאַרטירער־טויט האָט ער זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ שטיק לעגענדע און זיך באַרימט געמאַכט אין דער גאַנצער יידישער וועלט. ער איז א גאַנץ לעבן געווען אַן אַקטיווער קעמפער און שאַפער; אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן האָט ער מיט אחריות און ווירדע אויסגעפילט אַ הייליקע מיסיע אין געטאָ — און דערמיט אַריינגעשריבן אַ קידוש־השם־בלאַט אין דער געשיכטע פון אונזער דור.

אַ יונגער געלערנטער, איז ער אויך יאָרן לאַנג געווען לערער אין די ציִשאָ־שולן און האָט מיטגעאַרבעט מיטן פּעדאַגאָגישן אַמט פון דער ציִשאָ אויפן געביט פון שול־פּראָגראַמען פאַר געשיכטע. ער טרעט אויך מיט ציקלען לעקציעס אויף עטלעכע לערער־קורסן פון ציִשאָ אין ווילנע און וואַרשע. ער האָט געהאָלפן מיט געשיכטלעכע פּראָיעקטן ביים אָרגאַניזירן די שול־אויסשטעלונג פון ציִשאָ „טויזנט יאָר יידיש לעבן אין פּוילן". זיין נאָמען איז ענג פאַרבונדן מיט דער נייער קולטור־און שול־באַוועגונג פון יידן אין פּוילן.

די הויפּט־עטאַפּן פון זיין לעבן שטעלן זיך פאָר — לויט דער ביאָגראַפיע פון יעקב קענער — אַזוי:

ע. רינגעלבלום איז געבוירן געוואָרן אין 1900 אין בוטשאַטש (יידיש — ביטשוטש), מזרח גאַליציע, אַ שטאָט מיט אַ געדיכטער יידישער באַפעלקערונג. ער האָט געלערנט אין גימנאַזיע און אין חדר. אין 1914 ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, האָבן רינגעלבלומס עלטערן „געפליכטעט" קיין נייסאַנץ וואָס ליגט צופוסנס פון די מערב־גאַליצישע בעסקידן־בערג. אין נייסאַנץ וואָס איז זינט יאָרן געווען אַ חסידישער צענטער, האָט דער 14־יאָריקער עמנואל אָנגעטראָפן אויף אַ גאָר נייער אַטמאָספערע. די גרויסע מערהייט פון דער יידישער יוגנט — אַ חסידישע; קלויז־בחורים מיט אַן אייגענער חסידישער הלבשה. פון דער אַנדערער זייט, אַ קליינע צאָל יוגנטלעכע שוין שפּראַכלעך אַסימילירטע, וואָס רעדט בלויז פּויליש. רינגעלבלום האָט אָבער מיטגעבראַכט מיט זיך פון בוטשאַטש די געוואוינהייט און די ליבע צו רעדן אומעטום יידיש. צו 16־17 יאָר ווערט ער דער קעמפער פאַר יידיש אין די רייען פון דער גימנאַזיסטישער יוגנט. אין 1918 איז ער איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער אינעם ניי־געשאַפענעם קרייז פון גימנאַזיע־שילער אויפן נאָמען פון ב. באָראָכאָוו. אין 1919 ווערט ער אַ סטודענט פונעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט. ער איז גובר אַלע מאַטעריעלע שוועריקייטן און שלאָגט זיך דורך אַ וועג ביז ער דערגרייכט זיין ציל. ער שטודירט עקאָנאָמיע, סאָציאָלאָגיע און געשיכטע. אין די אָוונט־שעהן איז ער אַ לערער אין די אָוונט־שולן פון דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער". זיינע פאַרדינסטן זיינען זייער קליין, דאָך שטייט ער ביי אָט דער אַרבעט מיט אויסדויער און מיט ליבע. ער ווערט אײַנגיכן דער פאַרוואַלטער פון אַ

גרויסער אוונט־שול און דער פארזיצנדער פונעם פעדאגאגישן ראט פון אלע 5 אוונט־שולן וואס די אויבן־דערמאנטע געזעלשאפט האלט אויס אין ווארשע. ער ארגאניזירט א צענטראלן קלוב פאר אלע אוונט־שילער. אין דער זעלבער צייט איז ער טעטיק אינעם פועלי־ציוניסטישן אקאדעמישן קרייז „יוגנט" און אויך אינעם אלגעמיינעם אקאדעמישן פארבאנד פון דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט און אין איר „זעלבסט־הילף־ארגאניזאציע". אין די יארן 1920 - 1927 געהערט ער צום צענטראל־קאמיטעט פונעם פועלי־ציוניסטישן יוגנט־פארבאנד און ער ארבעט מיט אין זיינע זשורנאלן. אין דער זעלבער צייט האט ער עטלעכע לערער־שעהן אין די שולן פון דער ציש"א. ער ווידמעט זיך דער יידיש־פוילישער געשיכט־פארשונג. ער פארטיפט זיך אין די אקטן פון די ווארשעווער געריכטס־ארכיוון, און אין 1927 שטעלט ער צו אין אוניווערסיטעט זיין דיסערטאציע „די געשיכטע פון די יידן אין ווארשע ביז צום גירוש פון יאר 1527". פאר אט דער ארבעט האט ע. רינגעלבלום באקומען דעם דאקטאר־טיטול.

אין משך פון די ווייטערדיקע עטלעכע יאר האט ער צוגעגרייט נייע צוויי ביכער און פארעפנטלעכט אין פארשידענע וויסנשאפטלעכע אויסגאבעס אין יידיש און אין פויליש צענדליקער געשיכטלעכע אפהאנדלונגען. אין 1933 גיט דער „ייווא" ארויס זיין ארבעט „צו דער געשיכטע פונעם יידישן דרוק־ און בוך־וועזן אין פוילן, אינעם 18־טן יארהונדערט". אין 1937 גיט דער „ייווא" ארויס זיין ווערק „יידן אין פוילן אינעם ק א ש צ י ו ש ק א ־ אויפשטאנד פון יאר 1794". צו דער זעלבער צייט איז ער א שטענדיקער מיטארבעטער פון די „עקאנאמישע שריפטן", „פון נאענטן עבר", „היסטארישע שריפטן" א"א. צוזאמען מיט ד"ר מאלער גיט ער ארויס צוויי העפטן „מקורים צו דער געשיכטע פון יידן אין פוילן און אין מזרח אייראפע" (קולטור ־ליגע, 1930). אין די זעלבע יארן ארבעט ער אויך אלס לערער פון די יידיש־פוילישע מיטלשולן. ער פאראינטערעסירט זיינע שילער מיט יידישע קולטור־פראבלעמען און העלפט זיי גרינדן זעלבסט־בילדונג־קרייזן פאר יידישער שפראך און ליטעראטור. עס ציט אים אבער קיין ווילנע, דעם זיץ־ארט פונעם יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט. ער ווערט אין ווילנע א לערער אין דער יידיש־וועלטלעכער גימנאזיע, ער דערנענטערט זיך צו דער ארבעט פון ייווא. און ווען ער קומט שפעטער צוריק קיין ווארשע, ווערט ער דער ענטוזיאסטישער בויער פון דער ווארשעווער ייווא־אפטיילונג און אקטיווער מיטארבעטער אין דער היסטארישער סעקציע פון ייווא. ער גרינדעט דעם „קרייז פון יונגע יידישע היסטאריקער" און פארעפנטלעכט אין זיינע „שריפטן" וויסנשאפטלעכע ארבעטן.

עס ברעכט אויס די היטלער־מלחמה. אין ווארשע האבן זיך אנגעזאמעלט צענדליקער טויזנטער פליטים. ע. רינגעלבלום ווארפט זיך אריין אין דער הילפס־ארבעט פאר די פליטים. ער ארבעט 20 שעה אין מעת־לעת, ער ווייזט ארויס אין דער ארבעט א סך הארציקייט, איניציאטיוו און ענערגיע, ער באטייליקט זיך אין באראטונגען פון געזעלשאפטלעכע ארגאניזאציעס און פארטייען, ער איז באטייליקט שפעטער אין דער ארגאניזאציע פון געטא־אויפשטאנד, און ער איז איינער פון די דריי אונטערגעשריבענע אונטער דער ראדיא־טעלעגראמע וואס איז אין מאי 1943

אנגעקומען קיין לאנדאן און אין וועלכער די יידישע קעמפער האבן געבעטן הילף. נאכן געטא־אויפשטאנד ווערט ער איינגעארדענט אינעם ארישן טייל פון ווארשע.

נאך פריער אין געטא און איצטער אינעם ארישן טייל זאמלט ער אלערליי מאטעריאלן, דאקומענטן וואס האבן א שייכות צום יידישן לעבן אין געטא און צו דער היטלעריסטישער פארניכטונג פונעם פוילישן יידנטום. ער איז די גאנצע צייט דער אנפירער פון דער אונטערערדישער ארכיוו־קאמיסיע, וועלכע האט צונויפגעזאמלט און באגראבן צענדליקער קאסטנס מיט אפיציעלע דייטשע דאקומענטן, הונדערטער רעפארטאזשן און זכרונות פון פארשידענע יידישע מענטשן. נאכן קריג זיינען א סך פון די באגראבענע קאסטנס געפונען געווארן און פובליקירט געווארן אין בודפארם.

„רינגעלבלום — שרייבט י. קענער — האט פשוט מפקיר געווען זיין לעבן, כדי צו דערפירן זיין ארבעט ביזן סוף. עס איז אים אבער נישט געווען באשערט פולשטענדיק צו פארענדיקן זיין הייליקע ארבעט.

דעם 1־טן מערץ 1944 האט ער נאך אנגעשריבן דעם בארימטן רעפארט וועגן דער רייכער קולטור־טעטיקייט, וואס די געהיימע „יידישע קולטור־ארגאניזאציע" אין דער ווארשעווער געטא האט געפירט פאר דער גאנצער צייט פון איר העראישער עקזיסטענץ. ער האט דעם דאזיקן היסטארישן דאקומענט, וועלכער האט זיינער צייט שטארק עושה־רושם־געווען, אונטערגעשריבן צוזאמען מיט חבר ד״ר אדאלף בערמאן — אדרעסירנדיק דעם דאזיקן רעפארט קיין ניו יארק צום „ייווא", צום פען־קלוב און צו שלום אש, י. אפאטאשו, ה. לייוויק און ד״ר רפאל מאלער. אבער, נאך איידער די אונטערערדישע באוועגונג האט באוויזן דעם בריוו ארויסצופירן פון פוילן, האט די בלוטיקע „געשטאפא" — דעם 6־טן מערץ 1944 אנטדעקט דעם אונטערערדישן קעלער, אין וועלכן רינגעלבלום האט געלעבט צוזאמען מיט זיין פרוי און זייער 12־יאריקן זון, און מיט נאך אנדערע 35 „אריער", לרוב פון דער יידישער אינטעליגענץ.

די „געשטאפא", לויט ווי עס האט געמעלדעט דער אונטערערדישער רעפארט, האט געוואוסט ווער און וואס עס איז רינגעלבלום — הגם ער מיט זיין משפחה האבן געהאט ארישע דאקומענטן. מען האט זיי דערפאר שוידערלעך געמאטערט און געפייניקט מיט אלע סאדיסטישע געשטאפא־מעטאדן, אז זיי זאלן ארויסגעבן דעם ארכיוו, אדער לכל־הפחות אויסזאגן וואו ער געפינט זיך.

קיינער פון זיי האט זיך אבער נישט איינגעבראכן. ווי אמתע קדושים האבן זיי אריבערגעטראגן אלע אוממענטשלעכע פייניקונגען מצד די דייטשע סאדיסטן. זיי האבן עקשנותדיק געשוויגן און מיט גרויסער העלדישקייט געווארט אויף זייער מארטירער־טויט.

די „געשטאפא" האט צו־מארגנס, דעם 7־טן מערץ 1944, ארויסגעפירט אירע 38 קרבנות אויף די חורבות פון דער ווארשעווער געטא און דארט זיי אלעמען דערשאסן."

**רעזניק, יהודה** — איינער פון די בעסטע לערער פון יידישער שפראך און ליטעראטור — אין די צישא־שולן, אין וועלכע ער האט יארן לאנג געארבעט. צום באדויערן, פעלן וועגן אים גענויערע ביאגראפישע ידיעות .

א סך יארן האט ער געארבעט אין די צישא־שולן אין קאברין און פינסק.

די לעצטע עטלעכע יאר פארן קריג האט ער געארבעט אין לאדזש. דא האט ער געפונען א ברייטערן פעלד פאר זיין אקטיווער טעטיקייט אלס וואונדערבארער רעציטאטאר און אלס קענער פון יידישער ליטעראטור. ער האט אין שול שטענדיק געפירט די לימודים פון יידיש און ליטעראטור אין די עלטערע קלאסן. אין לאדזש האט ער אויך אנגעפירט מיט קורסן פון ייד. ליטעראטורביים „פאראנד פון געוועזענע שילער", וועלכער האט זיך דא זייער שטארק אנטוויקלט.

אויף די לערער־קאנפערענצן און באראטונגען פון ציש"א האט זיך י. רעזניק אקטיוו באטייליקט און געווען היפש אנגעזען. זיינע מיינונגען און מעטאדישע אנווייזונגען זיינען שטענדיק געווען סאליד, באגרינדעט, דורכגעטראכט. זיין חוש פאר יידיש לשון און פאר דער מעטאדיק פון יידיש אין שול — איז געווען שטארק אנטוויקלט. מיט זיין באשיידנקייט און שטילקייט — האט ער באצויבערט אלע לערער וואס האבן אים געקענט.

בעת דער היטלער־מלחמה איז יהודה רעזניק געווען אין פינסק, דערנאך אין ביאליסטאק; און דא — ווייזט אויס — איז ער אומגעקומען.

לילקע נוטקעוויטש, א געוועזענע שילערין פון די מעדעם־שולן אין לאדזש, דערציילט וועגן י. רעזניק:

„האט איר געוואלט וויסן, וואו דער לערער רעזניק געפינט זיך, געזוכט אים און נישט געפונען, — איז אויב איר האט געזען א גרוים געזאמל פון קינדער אדער א פריילעכע שפיל אין שולהויף בעת די איבערייסן, דארט האט איר אים שטענדיק געפונען. ווייל אלע, אלע קינדער האבן דעם לערער רעזניק ארומגערינגלט אין א קייט, א לאנגע קייט פון קינדערשע הענטלעך האט זיך שטענדיק צו אים געצויגן, און פאר יעדן האט ער געהאט א ליב טייער שמייכל, יעדן עפעס געזאגט, און שטענדיק זיך געוויצלט, און דערציילט וואונדערלעכע געשיכטעס. געלערנט האט אונז דער לערער רעזניק יידישע ליטעראטור און יידיש. היינט, נאך אזוי פיל יארן, דערמאנען זיינע לעבן־געבליבענע שילער די וואונדערלעכע לעקציעס. ער איז געווען אן אויסערגעוויינלעכער דערציילער, מאלער, געקענט אויסגעצייכנט די יידישע ליטעראטור: אירע קלאסיקער זיינען געווען פאר אים הייליקייטן. און די גרויסע ליבע און אכטונג האט ער אין אונז, קינדער, איינגעפלאנצט, און ביז היינט האלטן מיר זי טייער און געטריי.

דער לערער רעזניק האט אויספרובירט און אדורכגעפירט אין דער שול נייע סיסטעמען פון לערנען, פארבעסערט אלטע, געגעבן זיינע שילער די מעגלעכקייט צו אנטוויקלען נייע געדאנקען און איניציאטיוו. ווער געדענקט נישט זיינע וואונדערבארע רעפעראטען וועגן פרץ, וועגן שלום עליכם, דינעזאן, האלפערן, פרוג. דאס זיינען געווען דערהויבענע מאמענטן. מיר האבן אויף זיינע לעקציעס געווארט מיט אומגעדולד, געבענקט נאך זיי. איך האב אין מיינע ווייטערדיקע לערן־יארן נישט באגעגנט נאך אזא לעקטאר און וואונדערבארן פעדאגאג.

געקומען איז ער צו אונזערע שולן פון קאברין, וואו ער איז געווען לאנגע יארן לערער. ער האט אוועקגעגעבן זיין גאנצן וויסן און ליבע צו די יידישע קינדער. געליטן נויט אין בוכשטעבלעכן זין פון ווארט, און נישט אפגעטראטן פון זיין פאזיציע, געפירט זיין ארבעט ווייטער און אומדערמידלעך. פאר דער היטלער־מלחמה איז ער אוועק צוריק נאך קאברין; דארט צוזאמען מיט זיינע

צוויי שילער וועלכע זיינען צו אים געקומען, איז ער אומגעבראכט געוואָרן.

דער לערער רעזניק האָט דערצויגן אַ פּלעיאַדע שילער, וועלכע זיינען טריי געבליבן זיין אַרבעט, און פאַר וועלכע יידישע שפּראַד, ליטעראַטור און קולטור — זיינען אומבאַשרייבלעכע ווערטן און הייליקייטן."

## רעזניק, יונה

— די יידישע פאָלקשול אין קאַרטוז־בערעזע איז געווען איינע פון די עלטסטע און פון די בעסטע אין וויים־רוסלאַנד. זי האָט אפילו פּרעטענדירט צו זיין אויפן ערשטן אָרט, ביי דער פאָלקשול אין פּרוזשאַנע. געווען איז דאָס אַ שול אַן איינגעפונדעוועטע מיט לאַנג־יאָריקע שול־טראַדיציעס וואָס האָט אַרום זיך געשאַפן אַ ברייטן קרייז פון קולטור־ און שול־טוער. זי האָט אויך געשאַפן אַרום זיך אַ גאַנצע ריי קולטור־אינסטיטוציעס, ווי אַ יוגנטכאָר, וואָס די מערהייט מיטגלידער זיינען געווען שול־אַביטוריענטן, אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס האָט געאַרבעט סיסטעמאַטיש און זיך זייער אַנטוויקלט. בכלל איז די שול געווען דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער צענטער פון גאַנצן יידישן לעבן אין שטעטל.



און אַז מען רעדט וועגן דער יידישער שול אין קאַרטוז־בערעזע, מוז מען זיך גלייך דערמאַנען אין דעם לערער יונה רעזניק, וואָס האָט פאַרוואַלטעט מיט איר כמעט די גאַנצע צייט פון איר עקזיסטענץ. געווען איז דאָס אַ מערקווירדיקער און ביז גאָר אייגנאַרטיקער טיפּ פון אַ יידישן פאָלקס־לערער. די יידישע פאָלקשול האָט אַריינגעצויגן און קאָנצענטרירט אַרום זיך, ווי באַקאַנט, אַ סך געטרייע, בלב ונפש איבערגעגעבענע לערער; לערער־אידעאַליסטן, טיף־ערנסטע, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו זייער אַרבעט, ווי צו אַ מלאכת־הקודש. יונה רעזניק אָבער האָט זיך אויסגעטיילט צווישן אַ סך אַנדערע מיט זיין, כ'וואָלט זאָגן, פאַנאַטישער איבערגעגעבנקייט.

פאַרשידענע לעגענדעס זיינען אַרומגעגאַנגען אין שטעטל וועגן יונה רעזניקס צוגעבונדנקייט צו דער שול. אַז מען האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ער ווייזט זיך נישט צווישן מענטשן, קומט נישט צו גאַסט, פלעגט ער מיט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל גאַנץ ערנסט אָפּענטפערן: „אַן עבירה, כ'לעבן, אָוועקצונעמען אַ שעה פון דער שול."

„אַ קלייניקייט וואָס עס איז אַלץ דאָ צו טראַכטן וועגן דער שול" — פלעגט ער אָפט טענהן. מען דאַרף טראַכטן וועגן דער אַרבעט אין די קלאַסן, וועגן זייער אַנטוויקלונג, וועגן יעדן קינד באַזונדער; היינט די פאַרשידענע קעגנשטאַנדן און מעטאָדן; מען דאַרף אַרויסהעלפן די לערער, געבן זיי עצות און אָנווייזונגען. „אויב איך גיי אַרויס פון קלאַס אָן דעם געפיל און דער איבערציינונג אַז ביי די קינדער איז עפּעס פאַרבליבן: געדאַנקען, נאָכטראַכטונגען, סטימולן, פיל איך זיך שולדיק און איך קרענק עס איבער" — אַזעלכע באַמערקונגען האָט ער אָפט געמאַכט יונגע לערער נאָך אַ באַזוך אויף זייערס אַ לעקציע.

יונה רעזניק איז טאַקע געבוירן אין קאַרטוז־בערעזע, דאָ האָט ער געלערנט אין חדר, און פון דאַנען איז ער שפּעטער אָנגעקומען אויף די גראָדנער לערער־קורסן פון דער חברה „מפיצי השכלה".

יונה רעזניק האט גוט און אלזייטיק געקאנט די מעטאדיק פון אלע לימודים. ער האט כסדר געלערנט און געארבעט איבער זיך. א פארוואלטער מוז זיין באקאנט — אזוי האט רעזניק געהאלטן — נישט נאר מיט די אלגעמיינע שטריכן, נאר אויך מיט די פרטי־פרטים אין דער מעטאדיק פון יעדן קעגנשטאנד. א פארוואלטער דארף קענען פירן אלע לימודים אין אלע קלאסן און אפילו אין די יינגסטע קלאסן. ער פלעגט דעריבער אויסנוצן יעדע פרייע שעה און באזוכן די קלאסן. „איך וויל איך, חלילה, נישט קאנטראלירן אדער עקזאמינירן — אזוי פלעגט ער זיך פארענטפערן פאר יעדן לערער — נאר פשוט עפעס לערנען פון אייך, אפילו פון פעלערן קען מען לערנען".

די שולטוער, וואס האבן געארבעט ביי דער שול צוזאמען מיט י. רעזניקן א סך יארן, האבן ביי יעדער געלעגנהייט אויסגעדריקט זייער באוואונדערונג, רעספעקט און אנערקענונג צוליב זיין אויסערגעוויינלעכער איבערגעגעבנקייט און לייסטונגען פאר דער שול. אויך יעדער פרישער לערער, וואס איז אנגעקומען אין דער יידישער שול אין בערעזע האט שוין אין די ערשטע טעג דערפילט, אז ער איז אריינגעפאלן אין א שול מיט אן ארבעט־ און לערן־אטמאספער, וואס ווערט אנגעפירט פון א פארוואלטער מיט א שטארקער האנט און א פילזייטיקער פעדאגאגישער דערפארונג. און יעדער יונגער לערער, וואס האט באמת געוואלט עפעס אויפטון און דערגרייכן אויפן פעדאג. געביט, האט דא געהאט א סך מעגלעכקייטן. אבער ביי איין באדינג: מען האט געדארפט וויסן און קענען צונויפלעבן זיך מיט י. רעזניק. ווייל י. רעזניק ביי זיין אומגעהויערער איבערגעגעבנקייט צו דער שול־ארבעט, און אפשר צוליב דעם טאקע, האט זיך אביסל שווערלעך און אפילו קאנטיק דערנענטערט צו א לעבעדיקן מענטש. די אומגעהויערע ערנסטקייט האט ביי אים ביסלעכווייז צוגענומען דאס לעצטע ביסל הומאר און געמיטלעכקייט און אזוי ארום געשאפן א דינע, נישט אנזעעוויקע מחיצה צווישן אים און ארום.

נאענטע פריינד זיינע האבן געהאלטן, אז אט די, אביסל צו שווערע, ערנסטקייט איז אפילו געווען די סיבה פון זיין נית גליקלעך פאמיליע־לעבן. מענטשן וואס זיינען אמאל אריינגעקומען צו אים אין שטוב, האבן אים תמיד געטראפן אדער פארטיפט אין א בוך אדער מיטן קאפ אנגעשפארט אויף ביידע הענט א פארטראכטער. דער יונגער פרוי מיטן איינציקן קינד האט, נאטירלעך, אויך געשראקן אט די שטענדיקע אומהיימלעכע פארטראכטקייט זיינע.

די לעצטע יארן האט י. רעזניק אנגעהויבן ליידן פון געפערלעכע קאפשמערצן. די דאקטוירים האבן געהאלטן, אז דאס איז א רעזולטאט פון זיין צו פיל פיזיש־אנגעשטרענגטער ארבעט, און קאטעגאריש געעצהט, אז ער זאל נעמען א לענגערן אורלויב און איבערבייטן אויף אן אנדער ארבעט. ער האט אבער דערפון נישט געוואלט הערן און ביי די גרעסטע יסורים פלעגט ער זעלטן אדורכלאזן א טאג, נישט צו קומען אין שול אריין צו דער ארבעט. „דאס בלייבן אין אן ארבעטסטאג אין שטוב, אויסער דער שול, פארשארפט בלויז מיינע יסורים" — פלעגט ער זיך פארענטפערן פאר זיין קומען אין שול.

אין יענע צייטן טאקע איז ער געווארן א ביסל ווייכער און צוגעלאזענער צו מענטשן. מיר איז אויסגעקומען פון צייט צו צייט צו כאפן א שמועס מיט אים. פון די דאזיקע שמועסן האב איך

זיך דערוואוסט, אז ער זאמלט מאטעריאלן פון דריי געביטן: לערער־נאטיצן, מעטאדישע אנווייזונגען פארן לימוד פון מאטעמאטיק און פון — יידישער געשיכטע. אויף מיין פראגע, פארוואס ער באמיט זיך נישט, אז די צישא זאל זיי ארויסגעבן, האט ער א שמייכל־געטאן און געענטפערט: „ווער בין איך און וואס בין איך, איך פארצייכן עס נאר, פאר זיך אליין, זיך אליין צו קאנטראלירן".

ער האט אפילו ניט געוואלט אפדרוקן עס אין דער פארעם פון איינצלנע ארטיקלען אין די פעדאגאגישע אויסגאבן פון „צישא". עס איז פאר מיר ביז היינט נישט קלאר, צי דא האט געשטעקט א מין איבערגעטריבענע באשיידנקייט, צי עפעס אן אנדער סיבה. איך בין אבער טיף איבערצייגט, אז עס זיינען פאר דער יידישער מעטאדיק פארלוירן געגאנגען אינטערעסאנטע און נוצלעכע מאטעריאלן. מיר איז אפט אויסגעקומען בייצוזיין אויף זיינע לעקציעס פון מאטעמאטיק און געשיכטע. אזא אינטערעס און געשפאנטקייט, אזא מין קאנסטרוקטיווע גאנצקייט און ציל־באוואוסטקייט פון א לעקציע איז מיר שפעטער זעלטן אויסגעקומען צו באאבאכטן.

א שאד, א גרויסער שאד, וואס אט די אייגנארטיקע לערער־פערזענלעכקייט איז אומגעקומען, נישט איבערלאזנדיק נאך זיך קיין שום שפורן.

אומגעקומען איז י. רעזניק אין קארטוז־בערעזע צוזאמען מיט זיין פרוי און טאכטער.

ראטנבערג

**שאַבאַד, שפרה (סטעפאניע לוואָוונאַ)** — געבוירן אין ווילנע אין 1879, אין דער משפחה פון א סוחר.

אין 1897 האט זי חתונה געהאט מיט ד"ר צמח שאבאד. צוזאמען מיטן מאן איז זי בהדרגה אריינגעצויגן געווארן אין געזעלשאפטלעכע פראבלעמען, וואס ביי איר האבן זיי זיך קריסטאליזירט אין אן אינטענסיוון אינטערעס פאר דערציונג און פאר די מעגלעכקייטן דורך הערציונג אויסצובעסערן דעם מענטש. זי האט זייער ענערגיש מיטגעארבעט אין דער באוואוסטער ווילנער יידישער אונטשול וואס איז געשאפן געווארן דורך א קרייז יידישע פעדאגאגן און ארבעטער־טוערס (ארום 1905); ביי די תלמידים און תלמידות איז אויף אלע מאל פארבליבן אין זכרון איר ווארעמע פריינדלעכקייט צום יחיד.

אין די יארן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז זי געווען אין פעטערבורג. דארטן האט זי זיך געשאפן קאנטאקטן מיט אנגעזעענע רוסישע פעדאגאגן און געלערנט פון זייערע עקספערימענטן און דערגרייכונגען. נאכן אויסברוך פון דער רעוואלוציע האט זי עטלעכע יאר געארבעט אין דער אנפירונג פון די דארטיקע שולן און קינדערהייזער.

אין 1922 האט זי זיך אומגעקערט קיין ווילנע און געפונען דא גאר אן אנדער קולטורעלע אטמאספער. פון דעם קליינעם קרייז ארום דער אונטשול, וואס איז אויסן געווען, אין א גרויסער מאס דורך רוסיש, צוצופירן די ארבעטער־יוגנט צו דער גרויסער וועלט, איז אויסגעוואקסן א באוואוסטזיניקע יידיש־סביבה, גרופירט ארום א נעץ וועלטלעכע יידישע שולן.

ד"ר שאבאד איז פארבליבן אין ווילנע בעת דער דייטשער אקופאציע, און איז דורך די יארן געווארן א צענטראלע פיגור אין אט דער סביבה. זיין אייגענע שטוב איז אויך געווארן א יידישע, און סטעפאניע לוואוונא האט זיך אין גאנצן

אריינגעצויגן אין דעם נייעם קרייז אינטערעסן; ניט נאר צוליב אירע פערזענלעכע בינדונגען פון פאר דעם קריג, נאר אויך ווייל איר פערזענלעכער ענטוזיאזם האט זי אויף א נאטירלעכן שטייגער געפירט אהין, וואו עס איז געווען אימפעט און אויפשטייג. דאס אריבערגיין צו יידיש איז איר אנגעקומען גרינג, ווארעם כאטש זי איז געווען היפש רוסיפיצירט אין שפראך און אין שטייגער טראכטן, איז זי פארט געוואקסן פון דייטשע גאס, צען טריט פון שולהויף, און איר יידיש ריידן איז אלע מאל געווען פריי און פריש.

אין 1923 האט זי אנגעהויבן ארבעטן ווי א לערערין אין דער גימנאזיע סאפיע גורעוויטש; די שול האט עקסיסטירט ווי א רוסישע ביז דער מלחמה און האט זיך אונטער די פאליאקן צוריק געהאט געעפנט אויף רוסיש, נאר אין גיכן איז זי ביסלעכווייז אריבער אויף דער יידישער לערנשפראך. סטעפאניע לוואוונעס אינטערעס איז געלעגן דער עיקר אין די יינגערע קלאסן, דארטן וואו דער אויפפיר און דער כאראקטער פון קינד לאזט זיך נאך קנעטן; אבער הארציקע פערזענלעכע באציונגען מיט אירע תלמידים האט זי אנגעהאלטן לאנג נאך דעם ווי זיי זיינען אריבער צו אנדערע לערערס און אפילו ווען זיי זיינען שוין געווען הערוואקסענע מענטשן. אין די קלאסן איז זי געווען מער אריינגעטאן אין אנטוויקלען ביי די קינדער זייער אלגעמיינע אינטעליגענץ און זייער געפיל פון סאציאלער אחריות איידער אין איבערגעבן זיי פארמעלע קענטענישן. היפש האט זי אויך אויפגעטאן אין דערציען די עלטערן וואס פלעגן אפט קומען צו איר זיך אן עצה האלטן. אנדערע לערערס האבן זיך שטענדיק צוגעהערט מיט גרויס אינטערעס צו איר ווארט; דער צויבער פון איר פערזענלעכקייט האט פארכאפט יונגע און אלטע.

די פוילישע שולמאכט האט אבער פון דעם אלעם ניט געוואלט וויסן. זי האט אויף דער גאנצער סאפיע גורעוויטש־שול געהאט געווארפן אז אומחן און סוף־כל־סוף געצוואונגען צו פארמאכן די גימנאזיע און צו בלייבן ביי א פאלקשול. איינציקע לערערס האט מען אויך גענומען רודפן, און סטעפאניע לוואוונא איז געווען צווישן זיי: היות זי האט בלויז געהאט געענדיקט א רוסישע גימנאזיע און ווייטער ניט געהאט קיין שום דיפלאמען, האט מען ביי איר אין 1928 צוגענומען דאס רעכט צו זיין א לערערין. נאך א יאר האט זי געארבעט אין דער גורעוויטש־שול אומאפיציעל, ווי א פאראנטווארטלעכע פאר דער דערציונג פון די קינדער, דערנאך איז דאס אויך געווארן אוממעגלעך.

זי האט זיך אריינגעטאן אין פראקטישער ערד־ארבעט, און דערמיט האט זי זיך פארנומען ביז דאס אריינגיין פון די דייטשן אין 1941 האט זי פארטריבן פון איר הייפל אין ניעמיעזש. ביז דאן איז ניעמיעזש געווען א זאמלפלאץ פאר אירע געוועזענע קאלעגן און תלמידים, אזוי אז סטעפאניע לוואוונע איז געבליבן פארבונדן מיט די פראבלעמען פון דער יידישער שול. זי איז אויך געווען אקטיוו ביים ארגאניזירן און אויסבילדן יונגע יידישע אגראנאמען דורך לאנדווירטשאפטלעכע קורסן און דורך העלפן איבערזעצן אגראנאמישע ליטעראטור אויף יידיש.

אין ווילנער געטא האט מען איר איבערגעגעבן אנצופירן די קינדער־קיך אויף סטראשון־גאס 12. און אין די גרענעצן פון אירע מעגלעכקייטן האט זי פון דער קיך געמאכט א מוסטער־אינסטיטוציע.

סימע לייקין דערציילט אין איר באריכט אין „ייווא־בלעטער" וועגן פרוי שאבאדס ארבעט אין דער קינדער־קיך: „די פארוואלטערין פון קיך שפרה (סטעפאניע לוואוונע) שאבאד האט ניט גערוט ביז וואנען מען האט ניט צוזאמענגעבראכט די אלע איינריכטונגען וועלכע זיינען געווען נויטיק אויף א מוסטער־קיך אין די געטא־באדינגונגען. די קעסלען האבן געדארפט אויסקאכן זופ פאר איבער צוויי טויזנט קינדער, און אפעסן האט מען געמוזט אין משך פון איין־צוויי שעה. די מאלצייטן פלעגן אדורכגיין אין א מוסטערדיקע ארדענונג... דאס ריינע שיסעלע מיטן געדיכטן ביסל זופ און שטיקל ברויט איז געווען א גרויסע שטיצע אין יענער צייט".

אין גיכן איז סטעפאניע לוואוונע שאבאד קראנק געווארן. זי האט אפט געמוזט ליגן אין בעט, צייטנווייז אין שפיטאל. אין די ווילנער געטא־ידיעות נומ' 25, איז פאראן דער לעצטער געזעלשאפטלעכער גרוס פון איר: דעם 21־טן יאנואר 1943 האט זי געהאלטן א רעדע אויף א טרויער־פארזאמלונג צום אכטן יארצייט נאך ד"ר צמח שאבאד.

מיט אכט חדשים שפעטער איז געקומען די ליקווידאציע פון ווילנער געטא. סטעפאניע לוואוונא שאבאד האט מען געשיקט „אויף לינקס". זי איז אומגעקומען צוזאמען מיטן גרעסטן טייל ווילנער יידן וואס האבן דערצויגן ביזן 23־טן סעפטעמבער 1943. —ע.

## שאפירא, לייב (לייבל)

— געבוירן ארום 1906 אין וואלפע, גראדנער גוב. ביי א פאטער א כלי־קודש. געענדיקט פאלקשול, איז ער שפעטער אנגעקומען אין ווילנער לערער־סעמינאר און אים פארענדיקט אין 1929 (ערשטער ארויסלאז פון סעמינאר).

באלד נאכן ענדיקן דעם סעמינאר געווען א לערער אין ביעלסק־פאדלאסקי. געלערנט דא יידיש, נאטורוויסנשאפט און געאגראפיע. א שטילער, באשיידענער און זייער אינטעליגענטער מענטש. געווען באליבט ביי די שול־קינדער און זייער א גוטער חבר מיט די לערער. געווען א שיינער, איידעלער מענטש אין פולן זין פון ווארט. ער האט געהאט באזונדערע פעאיקייטן אויפן ארטיסטישן געביט. אליין רעזשיסירט און אויך אנטיילגענומען אין פארשטעלונגען. אויך געהאט אינטערעסאנטע רעפעראטן פאר דערוואקסענע.

לייבל שאפירא האט מען אין סעמינאר גערופן „סאסינקע" פון „ששון" פארצויגן. געווען א טיפישער הארציקער ליטוואק, פון דרויסן לוסטיק און פרייליך, אינעווייניק פארטראכט און ממש פארשלאסן, עפעס האט אים געצופט ביי דער נשמה. געווען אן אינטעליגענטער בחור, הגם אן טיפע יידישע ידיעות. דערצו זייער באשיידן, א געטרייער, איבערגעגעבענער חבר, באליבט ביי אלעמען. ער האט געשפילט אויף א הארמאניע, געלייענט נאטן, ליב געהאט מוזיק. אויף אלע סעמינאריסטישע פארוויילונגען זיך פארשטעלט פאר גאלאמבן און נאכגעמאכט אלע תנועותן און דריידלעך.

די לעצטע יארן געווען פארוואלטער פון דער יידישער שול אין דונילאוויטש. זייער אקטיוו געזעלשאפטלעך, אנגעפירט מיט דער גאנצער קולטור־ארבעט אין שטעטל. ער האט איינגעפירט אין דער דונילאוויטשער שול סידור און חומש מיט א היטל, — געפרובירט שלום מאכן צווישן וועלטלעכקייט מיט אלט־יידישקייט. ער האט פאראייניקט ארום דער

שול דאָס גאַנצע שטעטל, די פרומע אַריינגערעכנט. דאָס שטעטל האָט אים ליב געהאַט און געהאַט פאַר אים דרך ארץ.

ער איז געווען אַ שוואָגער פון דעם סאָוועטישן שרייבער יצחק קיפּנים.

**שולהייפער, בעלא** — לערערין אין ווילנע, פּיאַיק, אינטעליגענט. געאַרבעט אַלס לערערין אין ווילנער געטאָ אין אַ קינדערהיים.

אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע.

**שולץ, מאַשע** — געהערט צו דער יונגער גענעראַציע לערער. געבוירן אין 1907 אין ווילנע, האָט זי געענדיקט אַ פּוילישע מיטלשול און שפּעטער באַקומען אַ מאַגיסטער־דיפּלאָם פון פילאָזאָפיע (געשיכטע) אין ווילנער אוניווערסיטעט.

זי האָט געשטאַמט פון פאָלק און דעריבער איז נאַטירלעך וואָס זי איז געקומען צו דער יידישער שול. 2 יאָר האָט זי געאַרבעט אין דער ווילנער פּראָווינץ (שאַרקאָווששיזנע) און שפּעטער איז זי געקומען אין ווילנע אין ל. גורוויטש־שול. מאַשע שולץ האָט געלערנט די פּוילישע לימודים אין די יינגערע און מיטעלע קלאַסן; דעם לעצטן יאָר האָט זי געפירט אַ 3־טן קלאַס. זי האָט געהאַט אַן ערנסטע באַציונג צו איר אַרבעט און אויסגעלעבט זיך אין און אַרום דער שול.

קורץ פאַר דער מלחמה האָט זי חתונה געהאַט מיט מ. טשאַסנעק, אויך אַ לערער אין אונזערע שולן.

ווען ווילנע איז אין 1939 איבערגעגאַנגען צו די ליטווינער האָט מאַשע שולץ פאַרלאָזן די שטאָט. זי האָט זיך באַזעצט אין גראָדנע און געוואָרן דאָרט די פאַרוואַלטערין פון דער דאָרטיקער יידישער שול.

**שטורמאַקעוויטש, חנה** — געבוירן אין ביאַליסטאָק און געוואוינט אינעם זעלבן הויז, וואו ס'איז געבוירן געוואָרן דער שעפער פון עספּעראַנטאָ, ד"ר זאַמענהאָף. איר פאָטער איז געווען אַ מאָדערנער מלמד, און ביי אים האָט זי באַקומען יידיש וויסן און טראַדיציאָנעלע דערציונג. געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע פאַר דעם ערשטן וועלט־קריג, ווערט זי מיטגעריסן מיטן שטראָם פון אַ גרופּע יונגע אינטעליגענטן, וואָס וואַרפן זיך אריין אין דער אַרבעט אין דער יידישער שול. זי ווערט לערערין אין דער ערשטער יידישער פאָלקשול „יוגנט־פאַריין" אין ביאַליסטאָק, זי שטייט אויף איר פּאָסטן אין דערזעלבער שול ביזן אויסברוך פון דעם צווייטן וועלט־קריג. אַן איבערגעגעבענע לערערין, טוט זי איר אַרבעט מיט אַ סך פאַראַנטוואָרטלעכקייט. זי לייגט אַריין אין איר אַרבעט אַלע אירע פעיקייטן, און פירט דערפאָלגרייך אַ דריטן קלאַס. זי איז אין איר אַרבעט געוויסנהאַפט, באַשיידן און פּינקטלעך. אירע לעקציעס זיינען שטענדיק דורכגעטראַכט, צוגעגרייט פּינקטלעך. זי שאַפט די געבענטשטע האַרמאָניע צווישן לערער און שילער.

חנה שטורמאַקעוויטש רייסט ניט איבער איר אַרבעט נאָך איר חתונה און אפילו נאָכן געבורט פון איר קינד. דאָס דערציען איר אייגן קינד און די יידישע קינדער אין שול — שטעלט פאַר איר פאַר איין גאַנצקייט.

זי מיט איר משפּחה זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן.

**שטערלינג־קאַפּלאַן, מיכלע** — געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר (דריטן אַרויסלאָז), און געווען לערערין אין די ציש״אָ־שולן אין לידע א״א.

בעת די נאַציס געווען אין ווילנער געטאָ, געפירט געזאַנג אין דער גימנאַזיע. צוזאַמען מיט אירע עלטערן און קינד פאַרשיקט אין מײַדאַנעק.

איר מאַן, יאַנקל קאַפּלאַן, אויפגעהאַנגען געוואָרן דורך די דײַטשן.

**שטערנפינקל, חיים אליהו** — געקומען צו דער יידישער פאָלקשול נאָך דעם ווי ער האָט געאַרבעט אויף דער האַלב־קאָלאָניע אײַנגעאָרדנט פאַר די קינדער אין דער צייט פון וואַקאַציע דורך „טאָז". ער איז געווען דער לערער פאַר פיזישער דערציונג, אין די באַראַכאָוו־שולן פון לובלין. ער אַליין האָט געוויזן דעם מוסטער פון אַ גוט אַנטוויקלטן, קרעפטיקן מאַן. געווען אַ ברייטלעבער, אַ גוטמוטיקער און ליבער בחור. געאַרבעט מיט טעמפּעראַמענט און ליבע צו דער זאַך.

**שטרייט, אָשר** — געווען לערער אין האָראָדענקאַ, אין דער אייציקער יידישוועלטלעכער שול פון ציש״אָ אין מזרח־גאַליציע. אַ פּאָר יאָר פאַרן קריג האָט די שול אויסגעבויט אַן אייגענעם בנין.

אָשר שטרייט איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ.

**שײַנגראַס** (ערשטער נאָמען ?) — געווען אַ צייט לערער פון גימנאַסטיק אין דער גראַסער־שול אויף קאַרמעליצקע 29, וואַרשע. ער האָט אויך אָנגעפירט מיט מוסטער־גרופּן אין „מאָרגנשטערן".

צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד אומגעקומען אין געטאָ.

**שײַנמאַן, אלי־מאיר** — געשטויסן געוואָרן צו יידישער שול־אַרבעט דורך פּעדאַגאָגישער אינטואיציע בפרט און דורכן נייעם יידישן קולטור־אינטערעס בכלל. אַן אויטאָדידאַקט, האָט ער שטענדיק אומדערמידלעך געאַרבעט אויף זיין וויסן־פאַרפולקאָמונג. ער האָט דעביוטירט ווי אַ יידישער לערער אין דער יידיש־וועלטלעכער שול און שטעטל כאַראַשטש ביי ביאַליסטאָק. אַ דאַנק זיין פלייס און ניט־געזעטיקטער שטענדיקער זוכערישקייט, האָט ער באַוויזן שיינע דערפאָלגן אין דער שול. נאָך דעם גייט ער אַריבער אין די שולן פון ציש״אָ אין ביאַליסטאָק, שפּעטער אין לוצק, און ווידער אַמאָל אין ביאַליסטאָק. אין אַלע ערטער האָט ער אַרויסגעוויזן אויפריכטיקן ערנסטן ווילן און טיפן אינטערעס צו די פּראָבלעמען פון יידישן שולוועזן. די שולאַרבעט איז פאַר אים געווען אַ סך מער ווי אַ פאַך, זי איז פאַר אים געווען ממש אַ לעבנס־אינהאַלט, אַ הייליקע שליחות.

א. מ. שײַנמאַן האָט פון צייט צו צייט פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אין דער ביאַליסטאָקער יידישער פּרעסע וועגן שול־און קולטור־פּראָבלעמען, צוזאַמען מיט זיין פרוי ראָזע ווילענסקי האָט ער אַרויסגעגעבן אַן איבערזעצונג פון אַ פּאָפּולערן ביכל וועגן נאַטורוויסנשאַפט.

אַ קורצע צייט פאַרן אויסברוך פון דער היטלער־מלחמה האָט ער באַזוכט ארץ ישראל און געהאַט באַשלאָסן זיך באַזעצן דאָרט; ער איז צוריק געפאָרן קיין ביאַליסטאָק כדי אַריבערצונעמען זיין משפחה. איז אָבער אין צווישן אויסגעבראָכן די מלחמה, און ביאַליסטאָק איז אַריבער צו די סאָוועטן. ער האָט אויך דאָן געקענט אַרויספאָרן קיין ארץ ישראל, אָבער די נייע מעגלעכקייטן — ווי ס'האָט זיך אים געדאַכט

— אויפן געביט פון יידישן שולוועזן, אונטער דער סאוועטישער הערשאפט, האבן באלד געמאכט ענדערן זיין פריער־דיקן פלאן. ער איז פארבליבן אין ביא־ליסטאק און האט זיך מיט פארטאפלטן ברען אריינגעווארפן אין דער שולאר־בעט. ניט לאנג האט עס אבער געדויערט, די רוסן זיינען אוועק פון ביאליסטאק, ס'האבן אנגעהויבן בושעווען די ווילדע היטלער־באנדעס, און א. מ. שיינמאן מיט זיין פאמיליע זיינען אומגעקומען.

ישראל רובין

## שיפרעס, לייב

— איינער פון דער יונגער פלעיאדע לערער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול. אן אביטוריענט פונם ערשטן ארויסלאז פון דעם ווילנער לע־רער־סעמינאר, וועל־כער האט געגעבן דער ציִשא־שול אזא הערלעכע גרופע טא־לאנטירטע, איבערגע־געבענע, ענטוזיאס־טישע יונגע פעדא־גאגן.



לייבל שיפרעס איז געבוירן געווארן אין גראָדנע דעם 9־טן יאנואר 1904. ווען לייבל איז אלט געווארן 9 יאר, איז זיין טאטע געשטארבן און מיט דער דערציונג פון קליינעם לייבלען פארנעמט זיך איינע פון זיינע שוועסטער, וועל־כע איז שפעטער אליין געווארן א לע־רערין פון דער יידיש־וועלטלעכער שול אין שאוועל. איר נאמען איז געווען אידע קאַסין (אומגעקומען אין קאָוונער געטא).

אלס קינד האט לייבל א סך געלייענט און געווען זייער וויסנגיריק. נאך אלס שילער ווערט ער א שטארקער אנהענגער פון יידיש. ווען ער ווערט עלטער, ווערט ער א סימפאטיקער פון „בונד" און הייבט אן ווערן אקטיוו געזעלשאפטלעך.

אין יאר 1921 טרעט שיפרעס אריין אין יידישן לערער־סעמינאר אין ווילנע, וועלכן ער פארענדיקט אין עטלעכע יאר ארום. אין 1926 ווערט ער דורך דער צענטראלער יידישער שול ארגאניזאציע באשטימט אלס יידיש־לערער פון דער קאברינער שול. אין קאברין ארבעט ער 2 לערניאר און ער נעמט איבער פאר־וואלטעריי פון דער יידישער שול פון „ציִשא" אין לוצק.

צו יענער צייט האט די לוצקער שול פארמאגט בלויז 4 קלאסן. שיפרעס דער־פילט די גרויסע פאראנטווארטלעכקייט וואס אויף אים איז ארויפגעלייגט גע־ווארן, און ער האט זיך אריינגעווארפן אין דער ארבעט מיטן גאנצן ברען. אין משך פון א קורצער צייט צעוואקסט זיך די לוצקער שול. די צאל קינדער האט זיך א סך פארגרעסערט, מען האט אפילו געמוזט עפענען פאראלעלע קלאסן. שיפרעס האט דא ארגאניזירט א גוטן אקטיוון עלטערן־קאמיטעט, ער האט דא פארגרעסערט און באררייכערט די קינדער־ביבליאטעק און האט איינגעשטעלט א זייער געלונגענע און פארצווייגטע זעלבסט־פארוואלטונג פון די קינדער. אין משך פון יעדן שול־יאר פלעגן דורכ־געפירט ווערן אינערלעכע קינדער־יום־טובים און 2 מאל אין יאר פלעגן פאר־קומען עפנטלעכע ארויסטרעטונגען פון די שולקינדער אין שטאטישן טעאטער. צום סוף פון יעדן שול־יאר פלעגט שיפ־רעס ארגאניזירן אן אויספלוג מיטן עלטסטן קלאס (קרעמעניעץ, ווארשע).

אין לוצק האט שיפרעס געארבעט 3 יאר. אין 1931 ווערט ער אנגאזשירט פון דער גראָדנער שול־פארוואלטונג אלס פארוואלטער פון דער גראָדנער ציִשא־

שול. אין גראָדנע אַרבעט לייב שיפּרעס 8 יאָר ביזן טאָג פון זיין אַרעסט.

במשך פון די עטלעכע יאָר אַרבעט שטייגט ל. שיפרעס אַלץ העכער פּעדאַ־גאָגיש. מיט יעדן יאָר האָט ער זיך אַלץ מער פאַרטיפט, פאַרבעסערט און פאַרצווייגט זיין אַרבעט אין שול. די גראָדנער שול פאַרגרעסערט זיך. די שול איז געווען פאַררעכנט צווישן איינע פון די בעסטע ציש״אָ־שולן.

לייב שיפרעס האָט פאַרמאָגט גוטע אָרגאַניזאַטאָרישע פייאיקייטן, ער האָט געהאַט א סך אויסדויער, אַמביציע און דער עיקר געווען זייער געטריי דער יידישער שול און זייער ליב געהאַט זיין אַרבעט. די שול איז געווען זיין היים. ער האָט געאַרבעט א סך און קיינמאָל ניט געווען מיד, ווייל די שולאַרבעט האָט אים באַגייסטערט. לייב שיפּרעס האָט געהאַט די פעיקייט צו פאַראינטע־רעסירן און געווינען דעם צוטרוי פון די קינדער. אין די אַלע דערמאָנטע שולן וואו ער האָט געאַרבעט האָבן אים די קינדער זייער ליב געהאַט און געווען שטאַרק צוגעבונדן צו אים, — די ליבע איז געווען א קעגנזייטיקע.

אין גראָדנע ווערט שיפרעס זייער אַק־טיק אין דער בונדישער פּאַרטיי. א דאַנק זיין ענערגיע און אַרבעטזאַמקייט פאַר־נעמט ער שנעל דעם אויבנאָן אין דער אָרטיקער בונדישער אָרגאַניזאַציע. ער ווערט א מיטגליד פון פאַרטיי־קאָמיטעט, ער ווערט אויסגעקליבן אַלס פאַרשטייער אין דער גראָדנער קהילה און אַלס ראַט־מאַן פון גראָדנער שטאָטראַט. אומעטום פירט ער אויס די אָנגעטרויטע אַרבעט און שליחותן מיט גרויס דערפאָלג, און ער ווערט באַליבט און פּאָפּולער ביי דער גראָדנער אַרבעטערשאַפט.

ער פירט אָן מיט דער אַרבעט פון דעם יוגנט־בונד „צוקונפט". שיפּרעס אָרגאַניזירט א „סקיף" ביי דער שול. אָנהייבנדיק פון יאָר 1935, פירט שיפּ־רעס אָן מיט זומער־לאַגערן פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע פאַר יוגנט „צו־קונפט" אין ווילנע, גאָמבין און אַנדערע שטעט.

דעם 5־טן אָקטאָבער 1939 ווערט שיפּ־רעס אַרעסטירט דורך די קאָמוניסטן און פאַרשפּאַרט אין גראָדנער תפיסה...

שוין אין סעמינאַר באַפריינדעט זיך לייבל מיט דער סעמינאַריסטין ריווע יאַפּע, א שוועסטער פונעם באַקאַנטן ווילנער פּעדאַגאָג מ. יאַפּע. דאָס יונגע פּאָרל האָט חתונה, זיי אַרבעטן צוזאַמען אין די ציש״אָ־שולן. אין 1935 ווערט ביי זיי געבוירן א טעכטערל, נחמהלע.

6 חדשים נאָך ל. שיפּרעסעס אַרעסט, ווערט אויך די פרוי זיינע אַרעסטירט און שפּעטער פאַרשיקט צוזאַמען מיטן קליין טעכטערל קיין צפון־קאַזאַכסטאַן. ניט געקוקט אויף אַלע באַמיונגען וואָס ריווע שיפּרעס האָט געמאַכט אויסצוגע־פינען וועגן לייבלס גורל, האָט זיך איר דאָס ניט איינגעגעבן, און אַזוי איז גע־בליבן אומבאַוואוסט, וואו און ווען און ווי אַזוי איז לייבל שיפּרעס אומגעקומען.

ריווע שיפּרעס האָט זיך געראַטעוועט און לעבט היינט אין שיקאַגאָ.

***

ל. שיפּרעס איז ניט קיין קרבן פון די נאַציס, נאָר פון דער סאָוויעטישער נ.ק.וו.ד., א קרבן פון קאָמוניסטישן טע־ראָר און נקמה. לייבל איז אומגעקומען ווייל ער איז געווען א בונדיסט, ווייל ער איז געווען א לערער אין די שולן פון ציש״אָ, וועלכע איז אַזוי פאַרהאַסט געווען ביי די יידישע קאָמוניסטן. לייבל האָט נאָך דערצו געהאַט דעם טרויעריקן „מזל" אויסגעפאָרשט צו ווערן בעת זיינע אויסמאַטערנדיקע פאַרהערן, ווען

ער איז דורך דער נ.ק.וו.ד. ארעסטירט געוואָרן אין גראָדנע, דורך אַ צווייטער לערערין פון די ציש"אָ־שולן, א קאָמוניסטקע, לעוויטאַן. ביידע לערער פון דער צישאָ־שול: דער קרבן און דער העגקער...

לייבלס פאַרטיי־חבר, מיטליידנדער און מיטזיצער אין דער סאָוויעטישער טורמע, מ. ק., דערציילט וועגן ל. שיפרעסעס פייניקונגען:

„ווען די רויטע אַרמיי פאַרנעמט אונזערע געביטן, האָבן מיר זיך געמאָלדן, ד.ה., דער קאָמיטעט פון דער פאַרטיי אין זיין גאַנצן צוזאַמענשטעל, ווייל אַלע מיר האָבן געוואָלט צוזאַמען טראָגן די קאָלעקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דער מיליטערישער קאָמענדאַנט נעמט אונז זייער פריינדלעך אויף און איז אונז זייער דאַנקבאַר. ער ווענדט זיך צו אונז אַז מיר זאָלן מיטהעלפן צו באַרואיקן די באַפעלקערונג. די נייע מאַכט וועט אָפּשאַפן יעדן שפור פון אונטערדריקונג. אַלע בירגער וועלן זיין גלייך. מיר גייען באַפרייען די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט. אונז אינטערעסירט נישט אייער פאַרגאַנגענהייט, ווייל איר האָט געלעבט אין פוילן און ניט אין ראַטןפאַרבאַנד, האָט ער דערקלערט. מיר זיינען די וועלכע ברענגען דער וועלט גערעכטיקייט, פרייהייט, דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם. איר דאַרפט אָבער אַרויסווייזן צו אונז אַ גוטן ווילן, דאַנקבאַרקייט אאַ"וו.

„עס ווערן אונז אָנפאַרטרויט פאַרשידענע אַמטן. דער חבר לייבל צוזאַמען מיט דעם לערער פינק, דאַרפן רעאָרגאַניזירן דאָס שול־וועזן. אין די יידישע שולן דאַרף זיין די אונטעריכט־שפּראַך יידיש — העברעאיש איז פאַרבאָטן. אונזער חבר ד"ר ליפניק דאַרף איבערנעמען דעם שפּיטאָל־וועזן, חבר אַבראַמאָוויטש — די סאָציאַלע פאַרזיכערונג.

„דעם 5־טן אָקטאָבער 1939 הויבן זיך אָן די אַרעסטן אין גראָדנע. צוערשט ווערן אַרעסטירט די ח"ח לייבל, אַבראַמאָוויטש און אַנדערע און אויך דער שרייבער פון די שורות. מיר געפינען זיך אַ פּאָר טעג אין דער געבײַדע פון געריכט, דאָרט געפינט זיך דער שטאַב פון דער נ.ק.וו.ד. דער אויספאָרש־ריכטער מעלדעט אונז, אַז מיר זיינען צייטווייליק פאַרהאַלטן געוואָרן, כדי צו באַקומען פון אונז אייניקע אינפאָרמאַציעס. אין 5 טעג אַרום ווערן מיר, נאָכן צונויפשטעלן קורצע פּראָטאָקאָלן, איבערגעפירט אין גראָדנער תפיסה, אין דער תפיסה וואו פיל בונדיסטן און סאָציאַליסטן זיינען פאַרפייניקט געוואָרן אין די צאַרישע צייטן.

די ערשטע צייט האָט אין דער תפיסה געהערשט אַ מוסטערהאַפטע אָרדענונג. מיר האָבן אין דער צעלע געהאַט נאַרעס, שטרויענע זעק, קאָצן. אַלע 7 טעג געפירט אין באָד, געביטן די וועש. — אין אַ קורצער צייט אַרום איז אין דער קאַמער געוואָרן אַלץ ערגער, ווייל כסדר האָבן זיך באַוויזן נייע אַרעסטירטע; — צוערשט האָט מען צוגענומען די נאַרעס, די שטרויענע זעק, ווייל עס האָבן זיך באַוויזן פיל אינזעקטן, און מען האָט אָנגעפּאַקט אין דער קאַמער מענטשן אַזוי ווי הערינג אין אַ פעסל. עס איז געוואָרן אַ גיהנום.

נאָך אונזער אינטערווענץ האָט מען אונז געגעבן אַ שוואַרצע זאַלב קעגן די אינזעקטן. אָבער פון איר ריח איז מען שיר נישט דערשטיקט געוואָרן און די וועש איז געוואָרן שוואַרץ. מיר האָבן אָנגעהויבן פאָדערן, מען זאָל אונז אָפּטער פירן אין באָד, מע זאָל דערלויבן

די פאמיליעס אונזערע אריינשיקן וועש, און מען האט אונז דאס דערלויבט.

דער חבר שיפרעס, נישט קענענדיק פארטראגן דאס עסן, איז געווארן אלץ שוואכער. מיר האבן געפאדערט דעם דאקטאר. עס איז אריין אין באגלייטונג פון א נ. ק. וו. ד.'יסט, דער תפיסה־פעלדשער. דער דאזיקער פארשויין האט שוין געהאט א חזקה אויף דעם פאסטן בעת אלע רעזשימען, פון די צארישע צייטן אן. א מענטש אן אכזר, א סא־דיסט. ווען מיר האבן אים דערזען, זיינען מיר געווארן איבעראשט, ער איז פריי, און מיר פייניקן זיך.

דער ח' לייבל דערקלערט דעם „דאק־טאר", אז ער איז קראנק. ער מוז האבן א ספעציעלע דיעטע. ענטפערט אים דערויף דער „דאקטאר" איראניש אז עס איז גארנישט (טשעפוכא). א תפיסה איז נישט קיין סאנאטאריע, דער נ. ק. וו. ד.'יסט האט צוגעשמייכלט און א זאג געטאן: ריכטיק. — — —

ח' לייבל וועלכער האט נישט פאלקאם באהערשט די רוסישע שפראך, האט בעת דער ערשטער אויספארשונג געבעטן אז מ'זאל צולאזן פאר אים אן איבערזעצער. אויף דער צווייטער נאכט האט מען אים ווידער ארויסגערופן. ווי איבעראשט איז ער אבער געווען, ווען ער האט דער־זען א חברטע פון לערער־סעמינאר, א געוועזענע לערערין פון די יידיש־וועלט־לעכע שולן אין פוילן, לעוויטאן, א קאמוניסטקע — ביי דער אויספארשונג. זי איז פון פוילן אנטלאפן קיין רוסלאנד און איז ווייזט אויס מיט דער רויטער ארמיי אריין קיין גראדנע אלס אויס־פארש־ריכטערין. אין איר אנוועזנהייט איז דעם חבר לייבל געשטעלט געווארן פאלגנדיקע פראגן:

— וואס פארא טיפ שולן זיינען די, וואו דו האסט געארבעט אלס פאר־וואלטער?

און חבר לייבל האט געענטפערט: — וועלטלעכע, ד. ה. נישט רעליגיעזע.

— וואס פארא דערציונג האבן די קינדער באקומען?

— מען האט זיך באמיט, אז זיי זאלן זיין באוואוסטזיניקע, שטאלצע, מוטיקע און ערלעכע מענטשן.

— פון וועלכע מיטלען האבן זיך די שולן אויסגעהאלטן?

— פון שכר לימוד, זאמלונגען, סוב־סידיעס פון א טייל שטאטראטן און קהילות.

— צי האט איר געזאמלט געלט אויך אין אויסלאנד?

— וועלכע קינדער האבן באזוכט די שולן?

— קינדער פון די „פאלקס־מאסן"?

— ווי איז געווען די באציונג פון דער שול־מאכט צו די שולן?

— אין א סך שטעט האט מען גע־שלאסן די שולן, צוגענומען די קאנ־צעסיעס א"וו.

— וועלכע ריכטונגען זיינען געווען פארטראטן אין דער צענטראלע?

— בונדיסטן, לינקע פועלי ציון, דע־מאקראטן, פאלקיסטן. די ערשטע צייטן אויך די לינקע.

— צי זיינען צווישן די לערער געווען קאמוניסטן? — יא.

— צי האט מען זיי גערודפט?

— ניין, און חבר לייבל גיט צו:

— זייער פיל קינדער פון די לינקע האבן באזוכט אונזערע שולן. אין פיל שטעט זיינען לינקע טוער געווען אין די פארוואלטונגען פון די שולן, אויך אין די עלטערן־קאמיטעטן זיינען געווען

לינקע. אויך ביי אונז אין גראָדנע האָבן זיך געפונען לינקע אין דער פאַרוואַלטונג, און חבר לייבל רופט אָן אַ נאָמען פון אַ באַוואוסטן קאָמוניסטישן טוער פון אונזער שטאָט.

דער אויספאָרשונגס־ריכטער רייסט אים איבער אָן אויפגערעגטער און גיט מיט כעס אַ זאָג:

— עס איז אַ ליגן, די שולן אייערע זיינען רעאַקציאָנערע, שאָוויניסטישע, איר האָט פאַרדאָרבן די מוחות פון די קינדער מיט קליין־בירגערלעכע אידייען. וואָס מיינסטו, אַז מיר זיינען אַזוי נאַאיוו, אַז מיר וועלן זיך לאָזן אָפּנאַרן, אַז אויך די לינקע האָבן אונטערשטיצט אייערע שולן?

חבר לייבל פאָדערט אַז מען זאָל אים ארויסרופן אַ גאַנצע רייע עדות. —

נאָכדעם ווערט דער חבר לייבל ווידער געפאָרשט.

— דו האָסט אָנגעפירט מיטן סקיף?

— וואָס איז דאָס פאַראַ אָרגאַניזאַציע?

— אַ סאָציאַליסטישע, געגרינדעט דורכן „בונד" — ענטפערט חבר לייבל.

— צי האָט מען דערלויבט אין אייערע שולן אַרבעטן פּיאָנערן (קינדער פון קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס)?

— צי האָט איר געפירט צווישן די „סקיף"־קינדער אַ ווילדע העצע קעגן ראַטן־פאַרבאַנד?

אויף אַ ווייטערדיקער אויספאָרשונג פרעגט אים דער אויספאָרש־ריכטער:

— זאָגט וואו עס געפינט זיך דער סקלאַד מיט געווער, וואָס איר און פּ. פּ. ס. (די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) האָבן צוגעגרייט פאַר אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד קעגן דער רויטער אַרמיי?

דער חבר לייבל ווערט צעטומלט.

— פאַרוואָס פאָדערט איר פון מיר, אַז איך זאָל אויסטראַכטן זאַכן, וואָס עקזיסטירן נישט?

דער אויספאָרש־ריכטער רעגט זיך אויף:

— מיר האָבן אייערע לעצטע נומערן „פאָלקסצייטונג" (צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד"), איר האָט דאָרטן גערופן צו קעמפן מיט געווער אין האַנט קעגן אונז.

— נישט קעגן אייך, נאָר קעגן דייטשע פאַשיסטן.

— מיר ווייסן, איר ווילט אומלעגאַל פירן אייער טעטיקייט, איר האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן ראַטן־פאַרבאַנד. מיר פאַרמאָגן גענוג כוח אייך אויסצואוואָרצלען. זייט רואיק, מיר וועלן אייך אַלעמען פאַרניכטן. אויסראָטן. זאָג בעסער, אַז דו ביזט אָפּגענאַרט געוואָרן דורך דיינע פירער, דאַן וועלן מיר זען, אַז דו זאָלסט באַקומען אַ מילדערן אורטייל. פאַרטראַכט זיך ערנסט — געדענק, אויב דו ווילסט נאָך זען דיין פאַמיליע, פרוי און קינד, אויב דו ווילסט נאָך זען די פרייהייט — דאַרפסטו אנערקענען אַלע פעלערן וואָס דיין פּאַרטיי איז באַגאַנגען, וועלן מיר זיין צו דיר מילד....

דער חבר לייבל איז געקומען צוריק אין דער קאַמער אַ צעבראָכענער. ער האָט אונז אַלץ דערציילט און צוגעגעבן: ס'איז שווער, זייער שווער אויסצוהאַלטן אין דעם דאָזיקן גיהנום. דער ריכטער מיינט אַז ער וועט מיר צווינגען, אַז איך זאָל זיך מודה זיין אין אַלץ וואָס ער וויל. ניין, דאָס וועט נישט געשען, כ'וועל בעסער אומקומען. איר, חברים, קענט מיר גוט, איר ווייסט, אַז כ'בין אַן עקשן, כ'וויל האָפן, אַז כ'וועל אויסהאַלטן.

אין משך פון צוויי חדשים האָט מען מער דעם חבר לייבל נישט גערופן.

נישט באקומענדיק מער קיין פעקלעך צוליב דעם, ווייל דעם 12־טן אפריל 1940 האט מען אונזערע משפחות ארויסגעשיקט קיין צפון קאזאכסטאן, איז דער ח' לייבל קראנק געווארן. דריי טעג כסדר האט ער באקומען אטאקעס. ער האט גארנישט געקענט עסן, נאר געטרונקען וואסער. ענדלעך האט מען אים צוגענומען אין תפיסה־שפיטאל. מיר האבן געהאט גרוסן דורך דער קראנקן־שוועסטער פידעלמאן, אז ער פילט זיך בעסער. פון דעם חבר ראשקאווסקי, געוו. סעקרעטאר פון די פראפ. פאריינען אין גראדנע, וועלכן כ'האב געטראפן אין מינסקער תפיסה, האב איך זיך דערוואוסט, אז דער חבר לייבל איז צוזאמען מיט אים איבערגעשיקט געווארן פון גראדנער תפיסה אין דער בריסקער תפיסה. מער האבן מיר פון אים נישט געהערט..."

אט אזוי איז פארשוואונדן געווארן ל. שיפרעס אינעם תהום פון סאוועטישן גיהנום. פארשוואונדן געווארן אן א שפור. פארשוואונדן געווארן צוזאמען מיט דער גרויסער מחנה זיינע פארטיי־חברים, מיט צענדליקער טויזנטער אנדערע אומשולדיקע...

**שלאסבערג, בער** — געבוירן געווארן אין ווילנע אין 1910 אין א משפחה פון א ביורא־אנגעשטעלטן וואס איז אין זיינע יינגערע יארן געווען א בונדיסט. אין 1927 האט ער געענדיקט די הומאניסטישע גימנאזיע פון צ.ב.ק. אין ווילנע און איז דערנאך אנגעקומען אין ווילנער אוניווערסיטעט. עס האט אים געצויגן צו יידיש־פארשונג, און ווי א וועגדערצו האט ער אויסגעקליבן גערמאניסטיק; ער האט שטודירט דער עיקר ביי ד"ר פ. דאובעקן און געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין 1935 מיט א מאגיסטער־ארבעט וועגן נאמינאלן עלעמענט אין מרכבת המשנה, קראקע 1534. נאך א גימנאזיסט זייענדיק איז ער געווארן א זאמלער פארן „ייווא" און שפעטער א מיטארבעטער וואלאנטיר אין דער פילאלאגישער סעקציע. מיט דער גרינדונג פון דער אספיראנטור ביים „ייווא" אין 1935 איז ער געווארן אן אספיראנט און שפעטער א האלב־געצאלטער מיטארבעטער אין אינסטיטוט. דעם 26־טן דעצעמבער 1937 האט אים דער ייווא אויף אן עפנטלעכער וויסנשאפטלעכער זיצונג צום צוואנציקסטן יארצייט נאך בער באראכאוון געגעבן „סמיכה": ער איז אנערקענט געווארן פאר א קוואליפיצירטן וויסנשאפטלעכן ארבעטער און באשטימט געווארן פארן אסיסטענט אין דער פילאלאגישער סעקציע. אין 1938, ווען ביים ייווא איז געשאפן געווארן די פראאספיראנטור א"נ פון ברוך כהן־ווירגילי, איז ער צוזאמען מיט ד"ר משה העלערן געווארן איר אנפירער, דער ממונה איבער די ארבעטן אין יידישער שפראך און ליטעראטור. אויך איז ער אין די לעצטע עטלעכע יאר ביז דער מלחמה געווארן דער לערער פון דער יידישער ליטעראטור אין די עלטערע קלאסן רעאל־גימנאזיע אויפן ארט פון פאלק היילפערינען.

פון זיינע סטודענטישע יארן אן ביזן אויסברוך פון דער מלחמה איז ער געווען מ. ווינרייכס פריוואטער סעקרעטאר.

שלאסבערג איז געווען אין גאנצן אן אויסגעהאדעוועטער אין אונזערע יידישע שולן און אן אנזאג אויף וואס מיר האבן זיך געקענט ריכטן, ווען אונזער שול־און דערציונג־סיסטעם זאל געווען זוכה זיין צו ווירקן לענגער. אפצודרוקן האט ער באוויזן נאר געציילטע ארבעטן (אין די ייווא־בלעטער, אין ווילנער טאג); ווען ער זאל געווען האבן צייט זיך פונאנדערצואוויקלען, וואלט ער זיכער געגעבן אן

א שיעור מער. נאָר חוץ אַלע זאַכן איז ער נאָך געווען אַ גאָלדענער מענטש, אַן ענוו וואָס האָט זיך קיין מאָל ניט געיאָגט נאָך כיבודים און אַ געטרייער טוער וואָס די קלענסטע קלייניקייט איז געווען ביי אים וויכטיק אויב נאָר זי איז געווען געבונדן מיט אַ גרעסערער זאַך. יידישע וויסנשאַפט, און יידישע קולטור בכלל איז געווען זיין לעבן.

אומגעקומען איז ער (און משמעות אויך זיין פרוי) פון די הענט פון די מערדערס ביי דער ליקווידאַציע פון דער א״ג „צווייטער געטאָ" אין 1941 (זען ש. קאַטשערגינסקי, חורבן ווילנע, נ״י, 1947, ז. 214).

מ. וו.

**שמערקאָוויטש, רבקה** — האָט געשטאַמט פון אַ זייער אָרעמער פאַמיליע: איר מאַמע איז געווען אַ הענדלערקע אין גאַס. רבקה קומט טאַקע אָן אין דער שול, וואָס ווערט באַזוכט פון די אָרעמסטע קינדער פון ווילנע, אין דער „קופּערשטיין־שול". רבקה איז געווען אַ טיפּ פון אַן אמתער יידישער טאָכטער, מיט טיפע שוואַרצע אויגן און לאַנגע צעפּ; אַ געלאַסענע און מילדע נאַטור, אַ גוטע חברטע און דער ליבלינג פון די לערער, זי לערנט זיך גוט און נאָכן ענדיקן די 6 קלאַסן פון „קופּערשטיין־שול" גייט זי איבער אין 7טן קלאַס „פּרוג־שול".

רבקה קומט אָן אין דעם לערער־סעמינאַר. זי איז באַליבט ביי אַלע לערער און תלמידים. „שמערקע" — איז דאָ געווען איר צונאָמען.

איייניקע יאָרן אַרבעט רבקה אויף דער ווילנער פּראָווינץ, שפּעטער געלינגט איר צו קריגן אַרבעט אין ווילנע גופא (אין „שלום עליכם שול" א״א). איר קומט אויס צו שטיצן די אַלטע מוטער. אין פּערזענלעכן לעבן האָט זי געהאַט ווייניק גליק. מען האָט זי אָפּט געטראָפן אַ טרויעריקע. די יידישע אויגן פאַרצויגן מיט אַן אומעט. רבקהס אַרבעט אין ווילנע איז געווען — פאַרטרעטן לערער בעת אַ קראַנקהייט: דאָס איז אַ שווערע און אומדאַנקבאַרע אַרבעט, אָבער אַ נויטיקע פאַר די שולן. און די האַרציקע, שטילע רבקה האָט די דאָזיקע שווערע אַרבעט געטאָן מיט געדולד און איבערגעגעבנקייט.

רבקה איז צוגענומען געוואָרן פון לידער געסל דעם 6־טן סעפּטעמבער 1941 — אויף פּאָנאַר.

ס. ווייסבראָט

**שניידער, דויד** — ביים אָנהייב פונעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן אין פּוילן איז ד. שניידער געווען במשך פון עטלעכע יאָרן לערער און פאַרוואַלטער פון דער בונדישער שול אין בריסק. ווען די שול האָט זיך געשלאָסן, האָט ער צוליב זיין האַלדז־קראַנקהייט מער קיין לערערשע אַרבעט ניט אָנגעהאַלטן. צוזאַמען מיט זיין פרוי האָט ער געעפנט אַ וואַרשטאַט פון פאַרשידענע באַפּוצונגען צו דאַמען־קליידער. אָבער ד. שניידער — דער פירער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין בריסק — איז געבליבן דער איבערגעגעבנסטער פריינט און אַקטיווסטער טוער אין דער שול־באַוועגונג. ער איז געווען דער איניציאַטאָר און אָנפירער פון די צישאָ־אַנשטאַלטן אין פאַרשידענע פּעריאָדן אין בריסק צווישן



ביידע וועלט־מלחמות. אויף דעם באדן איז ער שטענדיק געווען אין קאנפליקט מיט די מאכט־ארגאנען אין דער מלוכה פון טרויעריק בארימטן פוילישן סאטראפ קאסטעק־ביערנאצקי.

די לעצטע 2־3 יאר פאר דער מלחמה (1937־36) האט ער ווידער געשאפן א פרעבל־שול אין בריסק, וועלכע איז געפירט געווארן מיט גרויס דערפאלג. אין צוגרייטונג איז שוין געווען אויך א נאכמיטאג־שול. אין אלע יערלעכע אקציעס פאר ציש״א איז ד. שניידער, פארשטייט זיך, געווען שטענדיק דער אקטיווסטער. א דאנק זיין הילף האט זיך די בריסקער אינטעליגענץ ממשותדיק באטייליקט מאטעריעל אין די ציש״א־אקציעס.

אין 1939, בשעת דער אקופאציע פון דער רויטער ארמיי, אויף א מסירה פון די בריסקער יידישע קאמוניסטן, איז ד. שניידער פארשיקט געווארן קיין רוסלאנד, און דארט איז ער שפעטער אומגעקומען. ווי געוויינלעך ביי די באלשעוויקעס, ווען ד. שניידער איז געווארן פארשיקט, איז אויך פארשיקט געווארן זיין פרוי מיט צוויי טעכטערלעך (קיין קאזאכסטאן). דארט איז די פרוי שניידער, א טרייע איבערגעגעבענע בונדיסטקע פארמשפט געווארן פאר בונדישער טעטיקייט, כלומרשט אין רוסלאנד גופא, אויף 10 יאר.

דער ח׳ שניידער און זיין פרוי זיינען באמת געווען הייליקע אידעאליסטישע פערזענלעכקייטן. זייער גוטסקייט און חברישקייט, וואס זיי האבן ארויסגעוויזן לגבי די חברים בונדיסטן, וואס האבן זיך געראטעוועט פון ווארשע, וועלן פון די לעבן־געבליבענע קיינמאל ניט פארגעסן ווערן. און ווער ווייסט, אפשר איז דאס טאקע געווען די דירעקטע סיבה פון זייער ארעסט און פארשיקונג...

**שעניצקי, אהרן** — געבוירן אין סאסנאוויץ ארום 1900, זיין פאטער געווען א מאדערנער העברעאישער לערער.



געענדיקט א מיטלשול און שפעטער שטודירט אין ווארשעווער אוניווערסיטעט געשיכטע, פארענדיקט העכערע פעדאגאגישע קורסן. געארבעט אלס לערער אין די בראכאור־שולן פון דער ציש״א — אין שעדלעץ, אין פראגע — פארשטאט פון ווארשע, און שפעטער אין ווארשע גופא (מוראנאוו 16, נאוואליפקי 68), — אין דער לעצטער געווען פארוואלטער.

ער האט געארבעט פארן בראכאוור־שולוועזן בכלל, און איז געווען א געוויסע צייט סעקרעטאר פון דער געזעלשאפט פון די לינקע פועלי־ציון „שול און דערציונג". ער האט אויך אנגעפירט מיט דער „געזעלשאפט אוונט־קורסן פאר ארבעטער", געווען פארוואלטונגס־מיטגליד אינעם פראפעסיאנעלן פאריין פון די יידישע לערער. ער איז אויך געווען טעטיק אין דער פארטיי (לינקע פו״עצ.) און אין דער ארגאניזאציע פאר קינדער און יוגנטלעכע „יוגנבאר". געווען א מיטגליד אין דער פועלי ציון־פראקציע פון דער הויפט פארוואלטונג פון דער ציש״א. א. שעניצקי איז געווען א לערער מיט ברייטערע געזעלשאפטלעכע אינטערעסן און דערפארונגען, א לערער מיט געזעלשאפטלעכער איניציאטיוו און שעפערישער ענערגיע.

זיין פעדאגאגישע ארבעט האט זיך שטענדיק אויסגעטיילט ווייט העכער פונעם דורכשניט — באזונדערס שפע־

ריש האט זיך זיין ארבעט אויסגעצייכנט בעת די גרויסע צישאַ־אויסשטעלונגען (מענדעלע, שלום עליכם, יידן אין פוילן). אין זיין שול־ארבעט איז געווען א סך ברען, איבערגעגעבנקייט און אידעאַליזם. זיין סיסטעמאטישע בילדונג און קולטור האבן זיך שטארק אנגעזען אין זיין טאָג־טעגלעכער שול־ארבעט. סיי קאָלעגן, סיי עלטערן, סיי שולטוער האבן אים זייער געשעצט, באַצויגן זיך צו אים מיט אכטונג און אנערקענונג. זיינע פארדינסטן פאר דער באראַכאָוו־שול־באַוועגונג זיינען אומגעהויער גרויס. ער האט זיך אקטיוו באַטייליקט אין די קאָנפערענצן און באַראַטונגען פון צישאַ, און פון צייט צו צייט געשריבן אין אירע אויסגאַבעס.

ווי א סך אנדערע פון זיינע חברים, האט א. שעניצקי פארלאזט ווארשע דעם 7־טן סעפּטעמבער 1939. א צייט איז ער געווען אין ראָוונע און דאַ, אונטער דעם סאָוועטישן רעזשים, פארנומען דעם אמט פון א שול־פארוואלטער. אין 1941 לאָזט ער זיך ווייטער אין וואנדערוועג, דערשלאָגט זיך קיין טאשקענט און שטרעבט צו דערגרייכן ארץ ישראל. אבער אַן אויסגעמאַטערטער פונעם גאַנצן דורכגעמאַכטן לעבנס־וועג, ווערט ער קראַנק אויף טיפוס און פון דער דאָזיקער קראַנקהייט איז ער שוין מער ניט אויפגעשטאַנען.

פון זיין נאטור א ווייכער הארציקער מענטש, שטענדיק רואיק און זעלבסטבאַהערשט — איז ער פערזענלעך באַליבט געווען ביי די קינדער און לערער. א באַשיידענער, קולטורעלער מענטש, א געטרייער בויער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול — אזוי איז ער פארבליבן אין זכרון פון די אלע, וואס האבן אים געקענט.

זיין פרוי און זון זיינען געבליבן לעבן, געפינען זיך איצט אין ישראל.

## שענער, מאַטל

**שענער, מאַטל** — געבוירן אין כעלם אין 1907, האט מ. שענער געענדיקט א מיטלשול און שפּעטער באַזוכט לערער־קורסן פון צישאַ אין ווארשע. מ. שענער האט געארבעט אין די פאָלקשולן פון צישאַ, פון באַראַכאָוו־ריכטונג, אין קאליש און לאָדזש. זי איז געווען לערערין פון יינגערע קלאַסן.

אומגעקומען איז זי צוזאַמען מיט איר מאַן אין לאָדזשער געטאָ.

## שער, יעקב

**שער, יעקב** — קינסטלער און לערער פון צייכענען אין דער רעאַל־גימנאַזיע און אין א ריי יידישע פאָלקשולן אין ווילנע. ער איז געשטאַנען ביים וויגעלע פון דער יידיש־וועלטלעכער שול־באַוועגונג אין ווילנע און ער איז געווען לערער אין די נאָר וואס געגרינדעטע יידישע שולן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1918־1915.

י. שער איז געווען א קינסטלער־פּלאַסטיקער און אויך א גוטער שאַרזשיסט־קאַריקאַטוריסט. זיינע קאַריקאַטורן זיינען ארויסגעגעבן אין א באַזונדער בראָשור — זיין גרויסע קאַריקאַטור־ארבעט אויף דער ווילנער קהילה („לויה פון ווילנער קהילה") איז געווען שטארק פּאָפּולער. ער האט אויך געמאָלן א סך בילדער און ארויסגעגעבן אַן אלבאָם פון דער שטאָט ווילנע, באַזונדערס — דער שול־הויף. א טיכטיקער מיטגליד אין דער פארוואַלטונג פון ווילנער יידישע קינסטלער, האט י. שער אָרגאַניזירט עטלעכע אויסשטעלונגען פון ווילנער פּלאַסטיקער (צוזאַמען מיט מ. לייבאָווסקי, בער זאַלקינד).

אויסגעבונדן מיטן ווילנער ייִדישן לעבן, האָט י. שער פאַרמאָגט אַ שלל ייִדישע ווערטלעך און אַנעקדאָטן. און אָט דעם גאַנצן אוצר פון זיין טאַלאַנט און פון זיין ייִדישקייט האָט ער אַריינגעבראַכט אין די ייִדיש־וועלטלעכע שולן. ער האָט אָנגעשטעקט די תּלמידים מיט ליבע און פאַרשטענדעניש פאַר ייִדישער פאָרם און סטיל. אויף אַלע אופנים האָט ער זיי אַריינגעצויגן אין קינסטלעריש־מאַלערישער שעפערישקייט. אַלע אויסשטעלונגען פון ווילנער שולן פון צ.ב.ק. — זיינען שטענדיק געווען באַפּוצט מיט צאָלרייכע און אינטערעסאַנטע צייכענונגען און אילוסטראַציעס פון די שילער, אויסגעפירט אונטער דער אָנפירונג פון י. שער. ווען די ציש"אָ האָט די לעצטע יאָרן פאַרן היטלער־קריג גענומען אָרגאַניזירן שול־אויסשטעלונגען אין גרויסן לאַנד־מאַסשטאַב, איז יעקב שער צוגעצויגן געוואָרן צו דער דאָזיקער אַרבעט. ער האָט קאָנצענטרירט אין זיינע הענט די השגחה איבער די ווילנער קונסט־מאַטעריאַלן פאַר די אויסשטעלונגען, ער האָט געהאָלפן אין דער קינסטלערישער איינאָרדענונג און אויסשטאַטונג פון די אויסשטעלונגען (אין וואַרשע). ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אין די „שול־וועגן" — „באַמערקונגען צום אינהאַלט און אויסזען פון דער אויסשטעלונג" („ייִדן אין פוילן", וועלכע איז פאַרבאָטן געוואָרן דורך דער פוילישער רעגירונג). ער איז געווען באמת דער אַמבאַסאַדאָר פון דער ייִדישער קונסט אין דער ייִדיש־וועלטלעכער שול.

חוץ דעם לימוד פון צייכענען האָט שער אויך אָנגעפירט מיט האַנטאַרבעט פאַר ייִנגלעך. עס איז געווען אַ נייער לימוד, וואָס מען האָט איינגעפירט אין די גימנאַזיעס אין פוילן. פאַר די ייִדישע קינדער און יוגנטלעכע איז ער געווען פון גאָר אַ ספּעציפישער וויכטיקייט. סטאָלעריי, מעטאַל־ און גלאָז־אַרבעט, מכשירים צו פיזיק — דאָס זיינען געווען נייע געביטן. י. שער האָט זיך געמוזט איבערקוואַליפיצירן און באַהערשן אָט די נייע טעכניקעס און מעטאָדן, אָרגאַניזירן און אויפהאַלטן די וואַרשטאַטן.

ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, איז י. שער געווען מיט זיין פרוי אין שווייץ, וואו מען האָט אים געמאַכט אַן אָפּעראַציע. זיינע צוויי קינדער זיינען אָבער געווען אין ווילנע. אַ דאַנק גוואַלדיקע אָנשטרענגונגען מצד זיינע פריינד אין ווילנע, איז שערן געלונגען זיך אומצוקערן אַהיים — אויף אומצוקומען צוזאַמען מיט זיינע קינדער און גאַנץ ווילנע.

אין ווילנער געטאָ האָט ער פאָרגעזעצט זיין קינסטלערישע טעטיקייט, און אַ געוויסע צייט אפילו באַקומען געצאָלט פון ייִדן־ראָט פאַר זיינע פאַרפיקסירונגען פון דער ווילנער געטאָ אונטער די דייטשן. ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער ליטעראַטן־פאַראייניקונג.

אַ מאָן שוין איבער זעכציק יאָר, איז יעקב שער צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע ייִדישע אינטעליגענטן פון ווילנע — אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך די דייטשן קיין עסטאָניע אין לאַגער וויוואַרי. דאָ האָט ער געמאָלן בילדער פאַר די דייטשן, און דאָרט איז ער אומגעקומען — אין 1944.

## שערער, יצחק

— לערער פון צייכענען אין ביאַליסטאָק. אַ צייט געאַרבעט אין דער יוגנט־פאַריין שול. געווען אַ פיינער מאָלער. אַ שטילער באַשיידענער מענטש. שוואַך אין געזונט, האָט ער שטענדיק געלעבט אין נויט.

**שפּאַצענקאָפּ, רענע** — צוזאַמען מיט עסטושע ליפּשיץ און לאַניע מילעבאַנד האָט רענע שפּאַצענקאָפּ איר ערשטע דערציִערישע אַרבעט אָנגעהויבן אין 1917/18 אין דער בונדישער קינדערהיים אויף דזיעלנע 43. מיט איבערגעבנקייט און אידעאַליזם האָט זי דאָ געטאָן איר אַרבעט פון אַ פרעבעליסטין. דערביי האָט אָבער רענע שפּאַצענקאָפּ געהאַט איר ספּעציעלע פונקציע אין דער אַרבעט פון דער קינדערהיים. אין וואַרשע האָט אין יענער צייט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע די שול פון מוזיק און ריטמיק פון פרוי וויסאָצקאַ. זי האָט געשאַפן אַ נייעם טיפּ ריטמיק פאַר קינדער. דער שווער־פּונקט ווערט דאָ אַריבערגעטראָגן אויף ריטמישע טענץ, פאַרבונדן מיט מוזיקאַלישער אויסבילדונג פון די קינדער. פרוי וויסאָצקאַ האָט אָנגעפירט מיט אַ ריטמיק־שול פאַר אינסטרוקטאָרן און אַ מוסטער־שול פאַר קינדער, וואו די אינסטרוקטאָרן האָבן אין דער פּראַקטיק אָנגעווענדט זייער טעאָרעטישע אויסבילדונג. רענע שפּאַצענקאָפּ האָט די וויסאָצקאַ־שול געענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג, און האָט די נייע מעטאָדן אַריבערגעטראָגן אין דער יידישער קינדערהיים און שפּעטער אויך אין די יידיש־וועלטלעכע שולן.

דער דערפאָלג איז געווען אַן איבעראַשנדער. די פריערדיקע מעכאַנישע טענץ זיינען אויף די שול־פייערונגען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קינסטלערישע נומערן וואָס האָבן אויסגעטייטשט די מוזיק דורך ריטמישער באַוועגונג. אַ דאַנק די דאָזיקע נייע מעטאָדן האָט זיך ביי די קינדער אַנטוויקלט אַ זעלטענער מוזיקאַלישער חוש, וואָס האָט שפּעטער זיך געלאָזט פילן אין אַ ל ע  עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען פון די קינדער.

רענע שפּאַצענקאָפּ איז אויך געוואָרן די לייטערין פון דער ריטמיש־מוזיקאַלישער אָפּטיילונג פון דער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מאָרגנשטערן". אויף די פייערלעכע אונטערנעמונגען פון „מאָרגנשטערן", וועלכע פלעגן פאָרקומען אין גרעסטן זאַל אין וואַרשע, פלעגן אַרויסטרעטן אירע קינדער־גרופּעס אין מוזיקאַליש־ריטמישע מאַסן־טענץ. די דאָזיקע אַרויסטרעטונגען האָבן געשאַפן אַ סך יום־טובדיקייט. פרוי וויסאָצקאַ איז געווען שטאָלץ מיט די אויפטואונגען פון איר שילערין, און פלעגט זיין אָנוועזנד אַפילו ביי די פּראָבן.

רענע איז געווען די טאָכטער פון אַ חסידישן ייד. ער איז טאַקע געווען אומצופרידן פון איר אַרבעט אין דער שול, דאָך פלעגט ער שטילערהייט איר געבן עצות, ווי אויסצופירן די חסידישע טענץ. רענע שפּאַצענקאָפּ האָט איר אַרבעט סיי אין דער שול און סיי אין „מאָרגנשטערן" אָנגעהאַלטן ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן.

עס זיינען נישטאָ קיין פּרטים וועגן דעם אומקום פון רענע שפּאַצענקאָפּ. דער נאָמען פון איר שוועסטער בעלאַ, אַ לערערין אין אַ שטאָטישער שול, איז געווען אויף דער טויטן־רשימה, וואָס די פּ.פּ.ס. האָט צוגעשיקט צו דער בונדישער רעפּרעזענטאַנץ אין לאָנדאָן. מען ווייסט, אַז רענע שפּאַצענקאָפּ צוזאַמען מיט איר מאַן און קינד זיינען געהאַט אוועק קיין ביאַליסטאָק, זיינען אָבער שפּעטער צוריקגעגאַנגען קיין וואַרשע, וואו זיי זיינען אומגעקומען.

י ו ס ף  ל י פּ ש י ץ

**שרייבער, מ. אינזשינער** — ווילנע איז אין פילע פּרטים געווען די וועגווייזערין פון יידישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. אויך אויפן געביט פון

פארשפרייטן צווישן דער יידישער יוגנט קוואליפיצירטע פאך־אויסבילדונג אין ווילנע געווען א מוסטער.

אין 1915, צוליב דער מלחמה, האט די ווילנער גוט איינגעפונדעוועטע יידישע האנטווערקער־שול עוואקואירט זיך קיין פאלטאווע. צוריק האט זי זיך שוין ניט אומגעקערט. אנהייב 1918 האבן זיך אנגעהויבן אומצוקערן קיין ווילנע איינצעלנע טוערס, צווישן זיי איז געווען אויך אינזשיניער ישראל אקון, וועלכער איז גלייך צוגעטראטן צו ארגאניזירן העכערע טעכנישע קורסן פאר יוגנט. ער האט צוגעצויגן די ביסל יידישע אינזשינערן און מאטעמאטיקער, וועלכע זיינען צו יענער צייט געווען אין ווילנע, אלס לערערס. יוגנט האט זיך א ווארף געטאן אויף די קורסן. נאר צוליב מאנגל אין מאשינעס און רוי־שטאפן האבן די קורסן געטראגן מער א טעארעטישן כאראקטער, ביז די קורסן זיינען אין 1919 איבערגענומען געווארן פון „ארט". אונטער דעם זעלבען דירעקטאראט פון י. אקון האבן די קורסן זיך פארוואנדלט אין א טעכניקום, וואו אלץ איז געלערנט געווארן אין יידיש. עס זיינען צוגעקומען נייע לערער־קרעפטן, צווישן זיי איז געווען דער בארימטער בונדישער טוער ארקאדי קרעמער און דער אינזשינער מתתיהו (מאטוועי סאמוילאוויטש) שרייבער. די אנפירונג פון טעכניקום איז געלעגן הויפטזעכלעך אין די הענט פון די דריי.

י. אקון איז אוועקגעפארן קיין ארגענטינע (שפעטער געשטארבן אין קאנאדע) און אינזשינער שרייבער איז געווארן דער דירעקטאר פון טעכניקום ביזן לעצטן טאג פון זיין עקסיסטענץ. ער איז געווען זייער א קענטיקע פיגור אין ווילנער געזעלשאפטלעכן לעבן בכלל. אויפן געביט פון טעכנישער בילדונג פאר יידישער יוגנט האט ער געוויזן נייע וועגן, אויף וועלכע מען דארף גיין.

מתתיהו שרייבער איז געבוירן געווארן אין אן אסימילירטער פאמיליע. זיין פאטער, שמואל שרייבער, איז געווען געהילף־ראבינער אין ווילנע און א געוויסע צייט אויך פארנומען דעם ראבינער־אמט. נאכן באקומען די מאטורע איז מ. שרייבער אנגענומען געווארן אין פעטערבורגער אוניווערסיטעט אויפן מאטעמאטישן פאקולטעט. ער שטודירט 2 יאר מאטעמאטיק, פיזיק, אבער אים ציט מער צו טעכניק, צו פראקטישער אנווענדונג פון מאטעמאטיק, צו מאשינעריע. ער האלט אויס דעם קאנקורס־עקזאמען אין פעטערבורגער טעכנאלאגישן אינסטיטוט, קומט אן אהין אויפן מעכאנישן פאקולטעט. צוליב פאמיליע־אנגעלעגנהייטן טראגט ער אריבער זיין שטודיום אין ווארשעווער פאליטעכניקום און ענדיקט מיט אן אויסצייכענונג אלס אינזשינער.

זומער 1914 קומט ער אן אלס „פריי־וויליקער" אין מיליטער־דינסט.

נאך דער מלחמה קומט ער קיין ווילנע און בלייבט שוין דא. ער ווערט דער דירעקטאר פון דער באוואוסטער יידישער גימנאזיע ס. מ. גורעוויטש און הייבט אן צו ארבעטן אלס לעקטאר און אינסטרוקטאר אויף די טעכנישע קורסן, וועלכע ווערן אין א פאר יאר ארום, ווי געזאגט, פארוואנדלט אין א יידישן טעכניקום פאר יוגנט. האבנדיק די אונטערשטיצונג פון „ארט", וועלכער האט איבערגענומען דעם ווילנער טעכניקום, ארבעט אויס א קאמיסיע פון אינזשינערן, אונטער דער אנפירונג פון דירעקטאר שרייבער, א פראגראם פאר א העכערן טיפ פון א טעכניקום, וואו טעאריע און פראקטיק זאלן גיין האנט אין האנט,

אויף צוצוגרייטן יידישע טעכנישע מייסטערס.

היות אבער די לערן־שפּראַך אין טעכניקום איז געווען יידיש — זיינען געווען גרויסע שוועריקייטן מיט דער טעכנישער טערמינאָלאָגיע, וועלכע האָט כמעט אבסאָלוט געפעלט אין דער יידישער שפּראַך. דער אַסימילירטער מ. שרייבער לערנט זיך אויס יידיש און שאַפט אויסגעצייכנטע טעכנישע האַנטביכער און ליטאָגראַפירטע לעקציעס אויף מעכאַניק, טעכנאָלאָגיע און פאַרשיידענע צווייגן פון פּראַקטישער פיזיק (דאַמף, הידראַוליק אד״גל). אויך אַנדערע אינזשינערן אויף עלעקטראָטעכנישער אָפּטיילונג און ראַדיאָ שאַפן טערמינאָלאָגיעס און הילפס־ביכער. אַזוי אַרום האָט דער „אָרט״־טעכניקום אונטער דער דירעקציע פון מ. שרייבער אַרויסגעגעבן ביז 15 טעכנישע טעקסט־ביכער אין אַ ריינעם און גלייכצייטיק שטרענג־וויסנשאַפטלעכן יידיש.

ניט געקוקט אויף מ. שרייבערס שטרענגקייט בנוגע דעם וויסן פון די שילערס, האָבן זיי אים ממש פאַרגעטערט. שרייבערס וואָרט איז געווען ביי זיי הייליק. מען האָט זיך באַצויגן אפילו צו זיין האַרבן וואָרט מיטן גרעסטן יראת הכבוד. מען האָט געוואוסט, אַז מ. שרייבער וועט קיינעם ניט נושא פנים זיין, און אויב ער „לאָזט ניט דורך״ אויף דעם העכערן קורס — איז עס פאַרדינט, און אַלץ צוזאַמען מיינט די טובה פון דער יוגנט און פון דער יידישער פּראָדוקציע. קענענדיק אים אַלס קרישטאָל־ריינעם מענטשן פלעגט מען מ. שרייבערן אָפט צוציען אַלס בורר אין סיכסוכים צווישן געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פּערזאָנען.

אינזשינער שרייבער פלעגט נעמען אַנטייל אין אַלע באַראַטונגען און צוזאַמענפאָרן פון „אָרט״ און אַנדערע געזעלשאַפטן פאַר פּראָפעסיאָנעלער בילדונג („איקאַ״, „וואוזעט״, אַ געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן ערד־אַרבעט און טעכנישע בילדונג אין מערב־פּוילן). ער פלעגט אַרויסטרעטן מיט רעפעראַטן וועגן פאַרשיידענע טעכנישע אַנגעלעגנהייטן פון פּראָפעסיאָנעלן שולוועזן אין פּוילן.

דער ווילנער טעכניקום האָט אָפט איינגעאָרדנט אויסשטעלונגען פון דער שילערשער אַרבעט. עס איז פשוט געווען צו באַוואונדערן די עקזאַקטע אינסטרומענטן וואָס די שילערס פון טעכניקום האָבן געמאַכט אין די וואַרשטאַטן פון טעכניקום, און באַזונדערס די קאָמפּליצירטע און אויסערגעוויינלעך ציכטיקע „בלוי־פּרינטס״, טעכנישע צייכענונגען פון מאַשינעס און פאַרשיידענע פּראָיעקטן צו קאַנאַליזירן, אָדער עלעקטראָפיצירן, אָדער באַזאָרגן מיט וואַסערלייטונג פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך אין ווילנער געגנט און אין מזרח־פּוילן בכלל. אין דעם פּרט זיינען די אַבסאָלווענטן פון טעכניקום געווען פולשטענדיק צוגעגרייט צו זייער ראָלע אַלס געהילף־אינזשינערן, וואָס קענען פאַרטרעטן דעם אָפּוועזנדן אינזשינער־פאַרוואַלטער פון אַ פאַבריק. דער טעכניקום האָט געהאַט ביז 300 שילערס. אין טעכניקום פלעגן שטראָמען יידישע יונגעלייט, געענדיקטע מיטלשולן, פון גאַנץ פּוילן. זיי אַלע האָבן אָבער געמוזט האַלטן אין טעכניקום אַן איינטריט־עקזאַמען. זיי האָבן געדאַרפט האָבן די מינימום־פעאיקייטן צו מאַטעמאַטיק א״א עקזאַקטע וויסנשאַפטן.

אָפט פלעגן קומען אין גאַנצן אַסימילירטע יוגנטלעכע פון פּוילן, וועלכע האָבן ניט געקענט קיין יידיש. זיי פלעגט דירעקטאָר מ. שרייבער געבן אַ געוויסע צייט אויף אויסצולערנען זיך יידיש. אין

דעם פרט איז דער ווילנער טעכניקום פון „ארט" געווען דער איינציקער יידישער טעכנישער לערן־אנשטאלט, וואו יידיש איז געווען דורכגעפירט אויף 100 פראצענט. אבליגאטאריש איז געווען אין טעכניקום א קורס פון יידישער ליטעראטור.

אונטער אלע רעזשימען האט דער „ארט"־טעכניקום אין ווילנע עקסיסטירט מיטן אינזשינער שרייבער אלס דירעקטאר. סיי די ליטווינער, סיי די סאוועטן־מאכט האבן זיך גיך דערקונדיקט, אז מ. שרייבער, דער גרויסער פאכמאן און מיט דער גרעסטער פעדאגאגישער דערפארונג, איז דער פאסיקסטער מענטש אויף צו פירן דעם „ארט"־טעכניקום. אפילו ביי די דייטשע תלינים האט מ. שרייבער אין געטא „פון גארנישט — ווי עס טיילט מיט די קריסטלעכע פרוי אננא שימייטע, ביבליאטעקארן פון ווילנער אוניווערסיטעט — געשאפן און געפירט אן אויסגעצייכנטע טעכנישע שול מיט א מעכאנישער, עלעקטרא־טעכנישער און שמידעריי־אפטיילונג. אפילו א קליינע ביבליאטעק פאר טעכנישער ליטעראטור האט שרייבער געגרינדעט".

אבער ביים ליקווידירן די ווילנער געטא האט מען מ. שרייבערן מיט זיין איינציקן זון יוסף (אויך א שילער פון רעאל־גימנאזיע און פון טעכניקום) ארויסגעשיקט אין דעם שרעקלעכן עסטאנישן לאגער קלאגא, וואו ביידע זיינען אומגעקומען פון הונגער און אויסשעפונג. לויט אייניקע ידיעות האט מען אינזשינער שרייבערן מיט אנדערע ווילנער פראפעסיאנאלן (דאקטוירים, אינזשינערן) דערשאסן מיט צוויי שעה פריער איידער די רויטע ארמיי איז אריין אין דעם לאגער. מ. שרייבערס פרוי, וואלענטינע, איז אומגעקומען אין מיידאנעק.

הירש אבראמאוויטש

**שרענסקי, אליעזר** — געבוירן אין פלאנסק אין יאר 1901. געהאט מיטלע בילדונג און שפעטער געלערנט אין ווארשעווער אוניווערסיטעט (עקאנאמישער פאקולטעט). א. שרענסקי האט א סך יארן געארבעט אין די ווארשעווער באראכאוו־שולן — מוראנאווו 16 און טארגאווע 32. ווען די שול מוראנאווו האט זיך צונויפגעגאסן מיט אנדערע, אין 1937, איז א. שרענסקי אריבער אין א יידישער רעגירונג־שול.

זיין גורל אין דער צייט פון דער נאצי־אקופאציע איז אומבאוואוסט. מעגלעך, ער איז אומגעקומען אין פלאנסק. לויט אנדערע ידיעות — אין ווארשע.



ערשטער צוזאַמענפאָר
פון די יידיש-וועלטלעכע שולן אין פוילן, יאָר 1921



אין פרעזידיום זעט מען:
ג. פלודערמאַכער, י. רייכמאַן, זרבבל, ב. מיכאַלעוויטש, ב. ווירגילי־כהן, יוסף לעשטשינסקי א״א

ווען דער גאַנצער ביאָגראַפישער מאַטעריאַל איז שוין געווען פאַרטיק צום דרוק, זיינען צוגעקומען נאָך איייניקע לעבנס־באַשרייבונגען פון לערער און אויך אַ גרעסערע צאָל פאָטאָ־גראַפיעס. מיר געבן עס דאָ ווי אַ הוספה צום פריערדיקן מאַטעריאַל.

ווייטער געבן מיר אויך אַ גרעסערע רשימה פון לערער וועגן וועלכע עס פעלן ידיעות.

**רעדאַקציע**

## סעניצקי, סענדער (אלכסנדר)

— געבוירן אין ווילנע אין 1893. דער טאטע א מלמד, וועלכער האט ז״ט געוואלט נעמען שכר למוד פאר לערנען מיט קינדער תורה; די מאמע האט געהאלפן אין דער פרנסה דורך פליקן פעדערן און קנעלן מיט מיידלעך. דער הונגער און נויט זיינען געווען גרוים.

פיר זין זיינען אויסגעוואקסן, דריי האבן געענדיקט דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט. דער עלטסטער, משה סעניצקי, איז געווען דער דירעקטאר פון דער ווילנער שטאטישער תלמוד־תורה ביז דעם נאצי־אומקום.

דער יינגסטער, סענדער סעניצקי, האט געענדיקט דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט אין 1917, אין נאוואמאסקאווסק, יעקאטערינ. גובערניע, וואו דער אינסטיטוט האט זיך עוואקואירט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. געארבעט אלס לערער אין די „אפע״־שולן אין מאקאראוו, קיעווער גובערניע און סימבירסק, וואו די למודים זיינען שוין געווען אין יידיש.

אין 1919 איז ער געקומען צוריק קיין ווילנע און געארבעט אין לייזער גורוויטש־שול און אין קופערשטיין־שול. אין 1930 האט ער מיט דער משפחה עמיגרירט קיין מאנטרעאל, קאנאדע, געארבעט אין די פרץ־שולן. אויף זיין איניציאטיוו איז געשאפן געווארן א הילפס־ארגאניזאציע פאר די צ.ב.ק. שולן אין ווילנע. די ארגאניזאציע האט עקזיסטירט בלויז איין יאר, האט אבער באוויזן אריבערצושיקן באדייטנדע סומען פאר די צ.ב.ק. שולן.

אין 1933 איז ס. סעניצקי אריבערגעפארן קיין ניו־יארק און געארבעט אין די ארב. רינג־שולן אין פראווינץ, און אויך אין הארלעם.

ווען ס׳איז אין 1941 אנגעקומען די ידיעה, אז זיין גאנצע פארצווייגטע משפחה איז אומגעקומען, האט זיין געזונטצושטאנד גענומען גיין בארג אראפ. ער האט געקראגן אן אפאפלעקסיע און איז שוין געבליבן קראנק פיזיש און גייסטיק. אין מאי 1953 איז ער געשטארבן, אן אומדירעקטער קרבן פון דער נאצי־בעסטיע.

ח׳ סעניצקי האט געהערט צו דעם טיפ אידעאליסטישע לערער.

ער פלעגט זיך זייער צובינדן צו די קינדער, מיט וועלכע ער האט געלערנט, נעמען נאענט צום הארצן זייערע נויטן און ליידן. ער האט אמאל געבראכט א היים א תלמיד זיינעם, פון א יאר 10, און געבעטן די פרוי זאל אים האלטן ביי זיך, ווייל דעם יינגלס מאמע איז געווען שווינדזיכטיק (דער טאטע געשטארבן), און דער מוטער אליין האט ער יעדן צווייטן טאג געטראגן אביסל ווארעמע געקעכטס.

און דאס איז נישט געווען דער איינציקער פאל. ער איז קיין מאל נישט געווען פארביטערט קעגן די שטיפערישע קינדער. שטענדיק געהאט א גוט ווארט פאר זיי, און די קינדער האבן אים ליב געהאט.

ער האט באלאנגט צום „בונד״ און עטלעכע יאר געווען אקטיוו אין דער פארוואלטונג פון לערער־פאריין.

ה. סעניקי

## אָקון, מאַריאַ

— געבוירן 1873, געשטארבן 22־טן מערץ 1954. א קליינינקע, א דארינקע, א קעווקזילבערדיקע, א באברילטע, זייער א קורצזיכטיקע, מיט אויגן וואס זיינען אי איראניש אפלאכעריש, אי נאאיוו צוטרוילעך, מיט א שטימע וואס נייט, דאכט זיך, קיין מאל ניט ארונטער פונעם פאלצעט און טראגט אבער גלייכצייטיק קינדישע לויטערקייט אינם קלאנג,

מיט אן אייזערנעם ווילן און אומדערבארעמדיקער קאמפראמיסלאזיקייט אין אלע פרינציפ־זאכן, קליינע ווי גרויסע, אבער אויך מיט שטענדיקער גרייטקייט אויפצולייזן פולשטענדיק דעם אייגענעם איך און מבטל זיין אין גאנצן דעם אייגענעם ווילן, ווען דאס איז נויטיק פאר דעם „העכסטן“ פאר דעם „וויכטיקסטן“, — אט אזא שווימט ארויף אין זכרון די אקערשט געשטארבענע, איין־און־אכציק־יאריקע, מאריא אבראמאוונא אקון. זי שווימט ארויס אזא פון יענע הערלעכע, מיט הייליקן פייער אנגעגליטע און מיט צענפאכיקן לעבן אנגעזעטיקטע, פריע צוואנציקער יארן אין דעם צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט און אין דעם סאציאל־דעמאקראטישן „בונד“ אין ווילנע.

פון דער קינדער־שטוב און פון די שול־ און אוניווערסיטעט־יארן איז מאריא אבראמאוונא ארויס אין גאנצן רוסיפיצירט. אבער דער סאציאליזם, מיט וועלכן זי האט זיך באהאפטן אין אירע ערשטע רייפקייט־יארן, האט זי געבראכט צום „בונד“ און דערנאך שוין אויך צו דער מאדערנער, וועלטלעכער, יידישער קולטור. ווען זי איז נאכן ערשטן וועלט־קריג, צוזאמען מיט איר מאן, אינזשיניער ישראל אקון אנגעקומען קיין ווילנע, האט זי שוין גערעדט יידיש און האט שוין געקאנט לייכט אנווענדן אין דער שול־סיסטעם פון דעם צ.ב.ק. איר רייכן באגאזש פון וויסן און דערפארונג אויפן געביט פון פארשול־דערציאונג.

מאריא אבראמאוונא האט אין יענע יארן פאנאנדערגעוויקלט איר פערזענלעכקייט אזוי ברייט און אזוי טיף, ווי עס איז נאר מעגלעך געווען פאר איר. פריער פון אלץ, נאטירלעך, אין איר אייגענער ספעציאליטעט — אין די טאג־היימען — שפעטער אין דעם גאנצן שול־וועזן פון צ.ב.ק., אין דער שול־ארגאניזאציע פאר ווילנער פראווינץ, אין דעם צענטראלן עלטערן־קאמיטעט, אויך אין די אנשטאלטן פון פארשול־בילדונג. אומעטום האט זי ארייגעטראגן איניציאטיוו און ענערגיע, אומעטום האט זי געלאזט הערן אירווארט. און מען האט זיך צוגעהערט צו איר ריידן! דורך אירע רייד פלעגט זיך דורכשלאגן קראפט פון איבערצייגונג, לויטערקייט פון גלויבן און אריגינעלקייט פון איינפאל. אלץ, וואס מאריא אבראמאוונא האט געהאט צו זאגן און פארצולייגן, איז ביי איר געווען דורכגעטראכט אינם ליכט פון איר גרונד־גלויבן, און דאס איז געווען — דער סאציאליזם.

מאריא אבראמאוונא האט געהערט צו א דור, וואס איז געווען דער דור פון דער אידעאליסטיש־גלויביקער און מוטיק־רעוואלוציאנערער רוסישער און רוסיש־יידישער, אינטעליגענץ.

מאריא אבראמאוונא האט דורכגעמאכט שווערע פינף און צוואנציק יאר אין די אמעריקעס. דאס זיינען געווען יארן אויסגעקרימטע, יארן פול מיט פערזענלעכע לײדן, גייסטיקע און פיזישע, יארן וואס האבן זיך ווי פארמאסטן צו צעברעכן אט די אויסטערלישע כלי, דעם גייסט מאריא אבראמאוונאס. זיי האבן עס ניט באוויזן צו דערגרייכן. זי איז געבליבן די אמאליקע מאריא אבראמאווגא, מיט דער זעלביקער פעסטקייט אין גלויבן און זיכערקייט אינם אידעאל. די פרינציפן פון סאציאליזם, פון „בונד“ און פון דער יידיש־וועלטלעכער שול האבן גענערט און קאנסאלידירט מאריא אבראמאווגאס גייסט אין אירע זיבעציקער יארן פונקט ווי אין די פערציקער.

אן איינזאמע, א פארלאזטע, א בלינדגעווארענע צו דער עלטער — דאך האט איר שטימע נאך אלץ געטראגן מיט זיך די קינדישע לויטערקייט. איר שטרענגע ערלעכקייט מיט זיך אליין איז געבליבן

אומבארירט ביזן סוף. זי האט דעם פאַרדעם פון איר שיינעם גייסט דערצויגן ביזן סוף — א גאנצן, א נישט־איבערגעריסענעם. א נשמה אן א פגם.

י. כ א ר ל א ש

**

אין 1914, אין ב. קלעצקינס פארלאג, האט מ. א. אקון ארויסגעגעבן א זאמלונג פון באוועגלעכע שפילן פאר קינדער (105 זייטן). אין 1919 איז די זעלבע זאמלונג ארויס אין פעטראגראד — אין א צווייטער אויפלאגע, אין צוויי טיילן (אויסגאבע פון „אזע") — אונטערן נאמען „באוועגונגס־שפילן". די דאזיקע זאמלונג איז בשעתה געווען אן אוצר פאר די יונגע פרעבעליסטן וועלכע האבן געארבעט אין די ניי־אויפגעקומענע קינדער־גערטנער. — מ. א. אקון האט אויך פארעפנטלעכט ארטיקלען אין די אויסגאבעס פון צ.ב.ק., ווילנע, און פון דער „צישא", ווארשע.

**רובין, ישראל ד״ר** — געבוירן אין 1889. דעם 24־טן פעברואר, 1954 איז ער פלוצלונג געשטארבן אין עלטער פון 65 יאר אלס דער באקאנטער פעדאגאג, שרייבער און קולטור־טוער דר. ישראל רובין (רבקאי).

דר. רובין איז געווען באקאנט ווייט איבער די גרענעצן פון ארץ ישראל, תל־אביב, וואו ער האט געוואוינט די לעצטע עטלעכע צענדליק יאר און וואו ער איז געווען דער אינספעקטאר פון שול־וועזן אין תל־אביב און געגנט.

ישראל רובין האט גענומען אנטייל אין א סך יידישע און העברעאישע צייטשריפטן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן. ער האט אבער פריער אויך געשריבן אין רוסיש און דייטש. בכלל איז ער געווען א מופלג אין פארשיידענע הומאניטארע וויסנשאפטן און אין אלע צווייגן פון חכמת היהדות, די אלטע רעליגיעזע ליטעראטור אריינגערעכנט.

ער איז געווען א טיפ פון עילוי, ער האט געשטאמט פון ערגעץ א ווייסרוסישער שטעטל (דאכט זיך פון ליאכאוויטש), האט זיך ארויסגעריסן פון די דלד אמות פון חדר, ישיבה און צוגעכאפט זיך צו דער דערקענונג פון דער גרויסער וועלט, שלינגענדיק איין וויסנשאפט נאך דער אנדערער אדער אלע צוזאמען. נאך א גרינטלעכן באקענען זיך מיט דער רוסישער שפראך און איר הומאניטארער ליטעראטור, פארט רובין אוועק קיין דייטשלאנד, די „מעקא"־לאנד פון דער רוסיש־יידישער שטודירנדיקער יוגנט.

רובין שטודירט פילאזאפיע, ספעציעל פעדאגאגישע דיסציפלינען - פסיכאלאגיע, מעטאדיק, דידאקטיק, אנטראפאלאגיע און אלע אנדערע באגלייט־וויסנשאפטן, וואס זיינען פארבונדן מיטן מענטש אלס דער צענטער פון דער לעבעדיקער וועלט־באשאפונג.

דער סטודענט, דער עילוי רובין איזאלירט זיך אבער נישט פון ארומיקן געזעלשאפטלעכן פאליטישן לעבן. אומגעקערט, ער פארט ארום איבער די גרעסטע שטעט (מיט אוניווערסיטעטן), וואו ס'איז דא א היפשע צאל יידישע סטודענטן פון רוסלאנד, האלט רעפעראטן און צעמענטירט די קרייזלעך פאר רעוואלוציאנערער און נאציאנאלער יידישער טעטיקייט אין רוסלאנד.

רובין געהערט צו דער יונגער גרופע סטודענטשאפט, וואס איז פאלקיסטיש און במילא יידישיסטיש. פון זיינע ייננגסטע יארן האט ער באלאנגט צו דער פארטיי ס. ס.

שוין אין דער ערשטער וועלט־מלחמה ארבעט רובין אין די קינדער־היימען פאר

די פליטים־קינדער, וואו ער קומט נאענט צו צו דער נשמה און מענטאליטעט פון יידישן קינד. איינע פון זיינע ערשטע ארבעטן איז טאקע זיינער א בוך „פארן קינדערהיים", וואס איז ארויס אין אדעס (1916). אין 1917, שרייבט ער א ווערטפולע אפהאנדלונג אין רוסיש וועגן „קינדער אין דער יידישער ליטעראטור" און מיט א פאר יאר שפעטער „דעפעקטיווע קינדער אין דער יידישער ליטעראטור". ער נעמט אנטייל אויך אין שאפן קינדער־ליטעראטור „פון כעזילעס טאג־בוך", „דער קאצן־מלך", „די דין־תורה מיטן ווינט", „צווישן שריפטשטעלער" (לאטאשפיל, מאזאאישער אלף־בית א. א.). ער לאזט ארויס בוך נאך בוך פאר דערוואקסענע אויף די געביטן פון פסיכאלאגיע און דערציאונג („קינד און דערוואקסענער", „פעסטאלאצי אלס סאציאל־פעדאגאג", „געשיכטע פון דערציאונג", „אידעאל און עלנט" און פיל אנדערע). נאכן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה קערט ער זיך אום קיין פוילן, און ווערט איינגעלאדן דורך דער פארוואלטונג פון יידישע שולן אין ווילנע אלס פארוואלטער (דירעקטאר) פון צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט (צ. ב. ק.), כדי אנצופירן מיטן פארצווייגטן וועלטלעכן שולוועזן פון דער שטאט ווילנע און געגנט. ער ווייזט דא ארויס זיין גרויסע בקיאות און פעאיקייטן אויף אלע געביטן פון יידישער דערציאונג און אונטערריכט. עס ווערן רעארגאניזירט איניקע שולן, עס ווערן געעפנט נייע לערן־אנשטאלטן פאר דערוואקסענע. ער רעדאגירט צוזאמען מיט ראזע סימכאוויטש, ג. פלודערמאכער, ז. רייזען און ח. ש. קאזשדאן דעם פעדאגאגישן חודש־זשורנאל „נייע שול"; צוזאמען מיט י. גורעוויטש און מ. בערנשטיין דעם זשורנאל פאר עלטערן „שול און היים"; צוזאמען מיט דר. מ. פעקער, דעם פאפולערן זשורנאל „דאס קינד". אויסער דעם נעמט ער אנטייל אין אלערליי צייטשריפטן, שרייבט ארטיקלען איבער געזעלשאפטלעך־פעדאגאגישע פראגן (ווילנער טאג", „קולטור־ליגע", „ליטעראַרישע בלעטער" א. א.)

י. רובין האט געהאט אן אייגנארטיקן בליציקן סטיל, זייער א רייכן אין בילדונג פון נייע ווערטער און אויסדרוקן. בכלל זיינען זיינע ביכער און ארטיקלען א קוואל פון נייע און אריגינעלע געדאנקען. ער איז געווען אן עטישער סאציאליסט, אן אנהענגער פון הערשאפטלאזן אנארכא ־ סאציאליזם, גענומען אנטייל כמעט אין אלע צייטשריפטן אויף יידיש, וואס די ריכטונג גיט ארויס.

צוליב סיבות פון פערזענלעכן כאראקטער איז דר. רובין אריבערגעפארן קיין ווארשע, און דא האט ער גענומען דעם אקטיווסטן אנטייל אין דער ארבעט פון דער צישא. שפעטער איז ער אריבערגעפארן קיין בערלין וואו ער האט זיך פארנומען מיט ליטעראטיש ־ זשורנאליסטישער טעטיקייט. צווישן אנדערע רעדאגירט און ארויסגעגעבן צוזאמען מיט דר. י. נ. שטיינבערג דעם גרויסן זאמלבוד „דר. ח. זשיטלאווסקי". פון סוף פון די 1920־קער גיט ער ארויס ביכער און אפהאנדלונגען אין גרעסטן טייל אויף העברעאיש. ער פארט אריבער אין תל־אביב, און ער פארנעמט דארטן די שטעלע פון א רעגירונגס־אינספעקטאר איבער די פאלקס־שולן. ער רופט ארויס צו זיך דעם גרעסטן יראת הכבוד. אבער ער רייסט נישט איבער מיט יידיש. זיין נאמען טרעפט מען אין אלע אויסלענדישע ערנסטע יידישע צייטשריפטן, גלייכצייטיק ארויסלאזנדיק א רייע וויסנשאפטלעכע ווערק אויף העברעאיש.

דר. ישראל רובין איז געווען א זייער ליבער פריינטלעכער מענטש, א נוח לבריות.

צו זיינע 60 יאר מיט א פאר יאר צו־ריק האבן זיינע פילצאליקע פריינט ארויס־געלאזן א זאמלונג פון רובינס עסייען „מקרוב ומרחוק" אויף פארשיידענע טע־מעס.

דר. רובין איז געווען טאלעראנט צו אנדערש־דענקענדע און וואו ער האט געפונען א גאט־געבענטשטן פעדאגאג(ין) האט ער אים אדער איר צוגעצויגן צו דער ארבעט, אומאפהענגיק פון זייערע איבערצייגונגען.

אין א בריוו צו מיר דערמאנט ער מיט פיל ליבשאפט די חברים און חברטעס פון ווילנער פעריאד פון זיין לעבן (בערך 4 יאר). ער לאדט מיך איין צו באזוכן לפחות די אלט־נייע לאנד.

צו מיין גרויס צער וועל איך שוין דעם דענקער ־ פעדאגאג, דעם עילוי ־ דערציער דארפן נישט טרעפן...

ה. אבראמאוויטש

**ראפאפארט, שבתי** — איז יאנואר 1951 אין עלטער פון 52 יאר געשטארבן אין טאראנטא. אליין געשטאמט פון לוב־לין, האט ער געענדיקט דארט א פויליש־יידישע מיטלשול און גלייכצייטיק באקו־מען ביי זיין פאטער, א גרויסן תלמיד חכם הרב גוטמאן ראפאפארט, א טיפע יידישע דערציאונג. שוין פון די יונגע יארן האט ער געטרוימט וועגן דער מיסיע פון א לערער און דערציער. ער קומט קיין ווארשע און טרעט אריין אין דעם לערער־סעמינאר פון דער „צישא" (1921־1922). „שוין אין סעמינאר — דערציילט זיין יוגנט חבר י. ראטענבערג — האט זיך ש. ראפאפארט גלייך אויסגעטיילט מיט זיין אינטעליגענץ און סטימולירנדיקער אומרואיקייט. מיטן גאנצן ברען האט ער זיך אריינגעווארפן אין דער ארבעט. אז א שיעור געלייענט, געפארשט און גע־זוכט... דא אין סעמינאר האט זיין נשמה געלויכטן מיט אלע אירע ליכטיקייטן. ער האט זיך אליין צוריק געפונען, ווידער האט אויפגעלויכטן זיין גלויבן און זיין ראמאנטישע נאטור האט זיך באַרואיקט. ער פלעגט אפט טרוימען וועגן זיין פאר־שטייענדיקער ארבעט אין שול, צווישן די קינדער. ער איז אין יענער צייט נישט מיד געווארן צו רעדן פון דעם... און מיטן דאזיקן טיפן גלויבן איז ער אוועק אין שול צו דער פראקטישער ארבעט. ער איז אנגעקומען אין דער ציש״א־פאלק־שול אין פרוזשאני און דא געארבעט עט־לעכע יאר... ש. ראפאפארט ווי א לערער איז כסדר געוואקסן, ער האט כסדר אי־בער זיך געארבעט, ער האט זיך אלץ מער און מער פארטיפט אין זיין דערציערי־שער ארבעט, א סך געלערנט פון דער איי־גענער דערפארונג און זיך כסדר פארפול־קאמט. זיין ראמאנטישע נאטור, זיין איי־דעלער הומאר, זיין ווארעמע אויפריכטי־קייט האבן באצויבערט די קינדער. זיין דערציערישער איינפלוס איז געווען אומ־געהויער און יעדע לעקציע זיינע אין קלאס איז געווען א דערגרייכונג. אבער ער איז קיינמאל נישט געבליבן צופרידן. 'עס קען און דארף זיין נאך בעסער' — איז געווען זיין באליבט ווערטל".

אין 1929 איז שבתי מיט זיין גאנצער פאמיליע אוועק קיין קאנאדע. מיט זייער א שווערן געמיט האט ער פארלאזט די ציש״א־שול, און א לענגערע צייט זיינען זיינע בריוו פון קאנאדע געווען פול מיט בענקשאפט און צער, רעדנדיק כסדר וועגן צוריק אומקערן זיך אויף די פריער־דיקע קאמפס־פאזיציעס אין פוילן. אבער צוביסלעך ציט ער זיך אריין אין דער שול־ארבעט אין קאנאדע, ער האט געארבעט

אין וויניפעג, קאלגארי און טאראנטע אין פארשיידענע טיפן שולן. גאר גרויס איז געווען זיין אנזען אין די לעצטע יארן אין דער שטאט טאראנטא. וואו ער איז געווען זייער באליבט און געאכטעט אלס לערער־דערציער, לעקטאר און שרייבער און אלס געזעלשאפטלעכער טוער אויף פארשיידענע געביטן. זיין גאנץ לעבן איז ער געווען א מיטגליד פון דער לינקער פועלי־ציון־באוועגונג, און אין טאראנטא האט ער פארנומען אן אנגעזעענע ארט אין דער פירערשאפט פון דער דאזיקער באַוועגונג. ער איז געווען א הארציקער חבר און ווארעמער מענטש. אלע האבן אים באוואונדערט און ליב געהאט פאר זיין ווירדיקער באנעמונג, פאר זיין קלוגשאפט און עניוותדיקייט.

„שבתי ראפאפארט — לייענען מיר אין א לייט־ארטיקל פון די „קאנאדער נייעס" — איז געווען איינער פון די שענסטע מענטשן טיפן, וואס מע קען נאר באַגעגענען. פון א יחוסדיקן אפשטאם, איז ער, קודם כל, געווען באשאנקען מיט דער נאטור פון א צדיק. זיין פריינדלעכקייט צו יעדן איינעם איז געווען אן א גרענעץ".

**קאָרנבליט, דוד** — געענדיקט די בעלמער פויליש־יידישע גימנאזיע, נאכהער דעם ווילנער אוניווערזיטעט, געווען א גלענצנדער מאטעמאטיקער. בעת די פעריען, פלעגט ער כסדר לערנען — (אין בעלם) אן געלט — פארשיידענע לימודים אויף די קורסן פאר ארבעטער. ער האט אויך געגעבן לעקציעס אינעם פאלקס אוניווערזיטעט אין בעלם. שפעטער האט ער זיך אריבערגעקליבן קיין ווילנע, וואו ער איז געווען — א קורצע צייט — לערער פון מאטעמאטיק אינם ווילנער ייד. לערער סעמינאר, אויך אין תרבות־סעמינאר. נאכהער — לערער אין א רעגירונגס־גימנאזיע אין ווילנע.

ער איז אומגעקומען אין ווילנער געגנט.

**אַלקעניצקי ־ לערער, אומע (פרומע)** — איז געבוירן געווארן דעם 12־טן יולי 1899 אין ווילנע, די טאכטער פון אברהם־מנשה און מרים אלקעניצקי. זייער משפחה האט געהערט צו די עלטסטע ווילנער פאמיליעס און האט געצויגן איר יחוס פון ווילנער גאון (אברהם־מנשה איז געווען דעם גאונס אן אור־אור־אייניקל). נאכן ענדיקן די גימנאזיע אין ווילנע אין יאר 1918, בשעת דער אקופאציע פון ווילנע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, פארט זי אוועק קיין מאסקווע. זי לערנט זיך דארטן אין דער מאסקווער קונסט־שול. אין 1921 קומט זי צוריק קיין ווילנע, אבער פארט באלד אוועק קיין בערלין און מינכען, וואו זי לערנט זיך גראפיק, צייכענען און קונסט־האנטווערק (קונסטגעווערבע) אין דער מינכענער קונסט ־ הויכשול. אין 1924 קומט זי צוריק קיין ווילנע און הויבט אן ארבעטן אין די שולן פון צ.ב.ק. און ס. מ. גורעוויטש ווי א לערערין פון צייכענען און האנט־ארבעט. אלס לערערין פארשאפט זי די קינדער פיל פרייד פון קראעטיווער טעטיקייט, העלפט אנטוויקלען דעם עסטעטישן געשמאק און אנטוויקלט פיל קינדערישע טאלאנטן און פייאיקייטן. זי האט געקענט אנשטעקן מיט איר ענטוזיאזם פאר שיינע פארמען, די קינדער פון אירע קלאסן און ארויסבאקומען דעם מאקסימום־אפרוף מצד אירע תלמידים און תלמידות.

אין 1928 הויבט זי אן צו ארבעטן אין ייווא און שאפט דארטן דעם טעאטער־מוזיי א"נ פון אסתר־רחל קאמינסקי, העלפט זאמלען פארשיידענע יידישע

קונסט־עקספּאָנאַטן און לייגט אַריין אַ ים מיט ליבשאַפט אין דער דאָזיקער אַרבעט. אומע אַלקעניצקי איז אויך די שעפערין פון דעם ייוואָ־עמבלעם וואָס איז אַזוי פּאָפּולער געוואָרן אין אַלע יידישע ישובים.

אין 1934 האָט זי חתונה מיט דעם מיטאַרבעטער פון ייוואָ משה לערער און דאָס האָט זי נאָך מער אַריינגעצויגן און דערנענטערט צו די פּראָבלעמען פון יידישן לעבן און אויך צוגעבונדן צו דער אַרבעט. זי ווערט אַקטיווער אין דער יידישער קונסט־געזעלשאַפט און אַנד. יידישע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן.

אין די צייטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, אין געטאָ האָט אומע נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן אויפן קולטור־געביט. זי האָט געצייכנט דעקאָראַציעס פאַרן ווילנער געטאָ־טעאַטער, מיטגעהאָלפן די טעאַטער־אויפפירונגען. אַרבעטנדיק אין ייוואָ האָט זי צוזאַמען מיט אַנדערע געהאָלפן אויסבאַהאַלטן אַ סך אוצרות פון די ייוואָ־זאַמלונגען. ווען מ'האָט אויפן באַפעל פון די דייטשן צונויפגעשטעלט די טאָפּאָגראַפישע קאַרטע פון ווילנע, האָט אומע, צוזאַמען מיט דער גרופּע געטאָ־קינסטלער, באַקומען די דערלויבעניש אַרויסצוגיין פון געטאָ כדי צו מאַכן די אַרבעט פון דער גאַנצער שטאָט. זי האָט די דערלויבעניש אויסגענוצט אַריבערצוברענגען און צו באַהאַלטן זעלטענע ביכער און קונסט־אוצרות, איינשטעלנדיק איר לעבן אין פאַל ווען מען וואָלט איר געכאַפּט. זייענדיק אין געטאָ האָט זי געטאָן אַ סך זאַכן וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות. אומע האָט געהאַט די ברירה ביי דער ליקווידאַציע פון געטאָ אין סעפּטעמבער 1943 אויסצוקלייבן אַרבעטס־לאַגער, וואוהין מען האָט איר געוואָלט שיקן. זי האָט זיך אָבער ניט געוואָלט שיידן מיט איר מוטער און האָט פּריוויליק אויסגעקליבן דעם געמיינזאַמען וועג צום טויט.

א. כהן

**צוקער, רבקה** — איז איינע פון די דרייצען קינדער פון ר' שמואל און מחלה צוקער, געבוירן אין 1900 אין שעדלעץ.

נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס רב שמואל צוקער האָט געהערט צום אַלטן טיפּ יידן, צו דעם פרום־חסידישן קלאַס און איז געווען אַ פאַרמעגלעכער ייד, און דאָזאָר אין דער יידישער קהילה און ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט, האָט זיין שטוב שוין געהערט צו דער נייער פאַרגעשריטענער וועלט. אַלע קינדער האָבן אַ חוץ יידישע, אויך געהאַט וועלטלעכע בילדונג.

רבקה צוקער האָט פון אירע פריע יוגנט יאָרן פאַרבונדן איר לעבן מיט דער סביבה פון יידיש־וועלטלעכן קולטור לעבן. נאָכן פאַרענדיקן אַ פיר־קלאַסיקע פּוילישע גימנאַזיע, איז זי געוואָרן אַ לערערין אין דער יידישער פאָלקשול, אַנגעפירט דורך די פאָלקיסטן אין שעדלעץ. זי איז אויך געווען טעטיק אין דער קולטור־געזעלשאַפט „הזמיר". שפּעטער האָט זי זיך פאַרבונדן מיט דער צענטראַלער יידישער שול אָרגאַניזאַציע אין פּוילן און באַשלאָסן צו פאַרלאָזן איר רייכע היים און אין יאָר 1921 ווערט זי געשיקט אַלס לערערין אין דער י. ל. פּרץ שול קיין טשענסטאָכאָוו. איר ווייטערדיק לעבן פאַרבינדט זי מיטן דאָרטיקן אַרבעטער און קולטור טוער רפאל פעדערמאַן, מיט וועמען זי האָט חתונה אין יאָר 1922. אין דער דערציאונג פון איר איינציק קינד האָט זי געפונען איר אינהאַלט אין לעבן, הגם דער מאַטעריעלער צושטאַנד איז געווען אַ שטענדיקע ראַנגלעניש פאַר אַ באַשיידענער עקזיסטענץ. רבקה'ס עלצטע שוועסטער האָט זיך פאַראינטערעסירט

מיט רבקה'ס מאַטעריעלער לאַגע און געטאָן אַלץ, אַז רבקה מיט דער משפּחה זאָל זיך איבערטראָגן קיין פּאַריז.

דאָס לעבן פון רבקהן איז אַ שווערס. זי לעבט צווישן פּאַריז און וואַרשע. דאָס איינציקע קינד אין פּאַריז און דער מאַן אין וואַרשע. אין 1936־טן יאָר, קומט רבקה מיטן צוועק זיך צו באַזעצן אויף שטענדיק אין וואַרשע, ווייל די גרעסטע טאָכטער, חיה־שרהלע איז 14 יאָר אַלט און קען שוין פאַרענדיקן איר לערע אין שול אָן דער אָנוועזנהייט פון דער מאַמען.

חיה־שרהלע קומט מיט רבקהן קיין פּוילן, אָבער נאָר אַלס גאַסט. זי פאָרט צוריק אין אָנהויב אָקטאָבער 1936, צוריק קיין פּאַריז כדי פאַרצוזעצן איר לערע אין שול. דער פאַטאַלער גורל פון אַ מענטשן מישט זיך אַריין און רופט אַרויס רבקהן קיין פּאַריז, צום טויטן בעט פון דער איינציקער טאָכטער, וועלכע האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע אָפּעראַציע און איז אויסגעגאַנגען אויף די הענט פון ביידע מאַמעס דעם 24־טן אָקטאָבער, 1936.

אַ טיפער טרויער האָט זיך פאַרצויגן אויף רבקהס לעבן. פון דאַן אָן באַזעצט זיך רבקה אין וואַרשע. פון צייט צו צייט פאָרט זי אויף אַ באַזוך צו דער משפּחה, אָבער הויפּטזעכלעך אויסצואַוויינען זיך אויף דעם קבר פון דער איינציקער טאָכטער.

די צווייטע וועלט מלחמה האָט ווידער איר פאַמיליע־לעבן צעריסן. זי איז געווען אין פּאַריז און איר מאַן אין וואַרשע. רבקהס מאַן איז מיט דעם פּליטים וועג פאַרטריבן געוואָרן קיין ליטע און פון דאָרט דורך סאָוועטן רוסלאַנד קיין אַמעריקע און רבקהן איז אויסגעקומען דורכצולעבן די צווייטע וועלט מלחמה אין פראַנקרייך.

ווען פּאַריז איז באַהערשט געוואָרן דורך די דייטשישע האָרדעס, און די יידן זיינען געלאָפן צו ראַטעווען זייערע לעבנס, איז אויך רבקה אַוועק אין אַ דאָרף וואָס איז געווען אונטער דער אַדמיניסטראַציע פון דער ווישי רעגירונג און מיט גרויס מאַטערניש איז איר קוים געלונגען צו באַקומען אַ שטיקל מקום, וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן ביי אַ פראַנצויזישער אלמנה און דאָרט באַהאַלט זי זיך אויס. אַלס פראַנצויזקע און פירט אַ שווער לעבן, דאָרט באַקומט זי די ידיעות וועגן דעם אומקום און פאַרשיקונג פון גרעסטן טייל פון איר משפּחה. נאָכן באַפרייען פּאַריז פון די היטלעריסטן, קערט זיך רבקה צוריק קיין פּאַריז אויסצוגעפינען ווער פון איר משפּחה איז געבליבן לעבן. דער באַלאַנס איז געווען אַ טראַגישער. עס זיינען געבליבן לעבן אַלס יתומים נאָר די קינדער פון איר יינגערער שוועסטער און דער פאָטער רב שמואל צוקער. אַ דאַנק די באַמיאונגען פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט האָט רבקה באַקומען די מעגלעכקייט צו קומען קיין אַמעריקע. פאַרן פאַרלאָזן פראַנקרייך מישט זיך ווידער אַריין דער פאַטאַלער גורל אין לעבן פון רבקהן: דער 80־יאָריקער פאָטער, רב שמואל, וועלכער איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן על פּי נס פון דייטשישע רוצחים, ווערט איבערגעפאָרן דורך אַן אַמעריקאַנער אויטאָמאָביל און פאַלט אַ טויטער.

רבקה קומט מיט מזל אָן קיין אַמעריקע דעם 9־טן סעפּטעמבער, 1946. נאָך איי־ניקע חדשים זיין אין ניו יאָרק, ווייזט זיך אַרויס אַז זי מוז דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע. זי מאַכט דורך די שווערע אָפּעראַציע און הויבט אָן געניסן פון אַ נאָרמאַל לעבן. די גאַנצע צייט וואָס זי איז געווען אין

אמעריקע האט רבקה געטראכט וועגן די פארבליבענע יתומים פון איר אומגעקומענער שוועסטער. אין יאר 1948 פארלאזט זי אמעריקע און פארט צוריק קיין פאריז. דארט פירט זי ווידער א שווער געמאטערט לעבן. איר שווערע לעבערקראנקהייט רופט זיך ביי איר ווידער אפ און אייניקע מאל מוז זי גיין אין שפיטאל אריין. דינסטיק דעם 16־טן מערץ, 1954, איז זי אוועק פון דער לעבעדיקער וועלט.

רבקה צוקער איז געווען אן ערלעך אויפריכטיקער מענטש מיט א פילבארקייט און פארשטענדעניש צו ליידנדע און שוואכע און גרייט אויף קרבנות פאר זיי. דער יידיש־וועלטלעכער שול האט זי אפגעגעבן אירע בעסטע יארן.

ר. פ.

## פיין־עדעלשטיין, מאַניע — א

קינד פון ארעמע עלטערן, לערערין פון ריטמישע באוועגונגען פאר יידישע ארבעטער־יוגנט און קינדער. זי איז אליין געווען די פארקערפערונג פון דעם לאזונג, וואס די בונדישע ספארט־ארגאניזאציע „מארגנשטערן" האט אויפגעשריבן אויף איר פאן: „א געזונטער גייסט — אין א געזונטן קערפער".

מאניע האט איר דערציאונג באקומען אין דער גראסער־שול אין ווארשע. ווען עס האט זיך געשאפן די סאציאליסטישע קינדער־ארגאניזאציע „סקיף" (1926), איז זי געווארן איינע פון די אקטיווע מיטגלידער פון דעם קינדער־פארבאנד. זי איז שפעטער אריבער אין דער „צוקונפט" און אויך דארט זיך באטייליקט אין אלע אקטיוויטעטן. איר הארץ און נשמה האט אבער מאניע אפגעגעבן דעם „מארגנשטערן". א דאנק אירע באזונדערע פעאיקייטן צו ספארט און טאנץ, ווערט זי גיך איינע פון די אינסטרוקטארן פון ריטמיק און גימנאסטיק. זי העלפט די יידישע שולן מיט צוגרייטן טענץ צו זייערע פארשטעלונגען. אויך אין דער מעדעם־סאניטאריע, וואו עס קומען פאר יעדע וואך גרויסע קינדער־פארשטעלונגען, העלפט זי שטארק ארויס מיט איר טאלאנט.

זי האט חתונה געהאט מיט איינעם פון די אינסטרוקטארן פון „מארגנשטערן", דוד עדעלשטיין. 6 וואכן פאר דער מלחמה ווערט זי א מאמע פון א מיידעלע. אין דער צייט פון דער היטלעריסטישער אקופאציע בלייבט זי אליין אין דער געטא מיט איר קינד. זי ליידט שרעקלעכע נויט און הונגער.

מיכאל קלעפפיש האט איינמאל געטראפן מאניען מיט איר קינד זיך ארומוואלגערן אויף די גאסן פון געטא, הונגעריקע, דערשלאגענע. ער האט זיי גענומען צו זיך אין דער וואוינונג און זיי האבן טאקע דארט געוואוינט א געוויסע צייט.

אין סעפטעמבער 1942 האבן די דייטשן, בעת אן אקציע, איר געכאפט צוזאמען מיט איר קינד, און זיי אומגעבראכט.



רחל פלאַמענבוים
ז׳ 2



פישל רובינליכט
ז׳ 41



דוד בארנבוים
ז׳ 41



פעליע לינדעמאַן
ז׳ 46



מ. טייכמאַן
ז׳ 51



ציליע דאמעראצקא
ז׳ 52



דויד לובאַצקי
ז׳ 54



אסתר כאַרדאַק
ז׳ 61



אברהם סליעפ
ז' 64



מרים פישער
ז' 64



הירש סאַפּירשטיין
ז' 67



זינע וועלעס
ז' 70



סימע ליכטציער
ז' 70



לוי וואַראָביאָווסקי
ז' 71



מאַניע ירוחימזאָן
ז' 75



אסתר גיטערמאַן
ז' 87

**אטלאס, מירקע**

לערערין אין מעזריטש, כעלם, ווארשע. באזוכט די צישא־לערער־קורסן, ווארשע.

**איווניצקי, אברהם**

געווען טעטיק אין דער פארוואלטונג און טיילווייז אויך לערער פון דער צישא־שול אין זשעטל. דארט אומגעקומען. געשריבן בעלעטריסטיק.

**אלפאבעט, פיוול**

געענדיקט ווילנער לערער־סעמינאר.

**באטשייקאָוו, פאניע**

שטאמט פון ווילנע. געווען לערערין אין זשעטל א״א. בונדיסטקע. איר גורל אומבאקאנט.

**באַציאן, (באַטשיאן)**

לאנגיאריקע לערערין. געארבעט אין 1938/9 אין נאַווידוואר, פריער — אין פרוזשאני.

**באַקשטיין, אסתר**

שטאמט פון קארטוז־בערעזע. א שוועסטער פון מערי באַקשטיין.

**באַרישאנסקי, ברכה**

געווען לערערין אין זשעטל א״א. אומגעקומען אין וואלד.

**בארנבוים דוד** (?)

לערער אין דער גראָסער־שול, ווארשע.

**באדעק און פרוי**

ווילנע.

**באטשקאָווסקי**

לערער אין לאָדזש.

**בונין**

פרעבעליסטין אין לאָדזש.

**בוסעל, אליה**

געווען לערער פון מוזיק אין זשעטל. דארט אומגעקומען.

**ביאלאָסטאָצקא, ב.**

לערערין אין ביאליסטאָק.

**ביל** (ערשטער נאמען ?)

לערער אין קאָברין.

**ביעגון, וו.**

פון די ערשטע לערער אין וויסאָקע־ליטעווסקער שול.

**ביעלסקי** (ערשטער נאָמען ?)
לערער פון געשיכטע און העברעאיש אין דוניל‎אָוויטש.

**בלאָך** (ערשטער נאָמען ?)
לערערין אין ביאַליסטאָק.

**בערדיטשעווסקאַ** (ערשטער נאָמען ?)
לערערין פון פויליש אין די העכערע קלאַסן אין מעדעם-שול, לאָדזש.

**בערנשטיין, ל.**
לערער פון פיזיק און מאַטעמאַטיק אין דער ווילנער גימנאַזיע אין געטאָ.

**בערקאַן־ראַבינאָוויטש, בתיה**
ווילנע. לאַנגיאָריקע לערערין פון האַנט-אַרבעט און צייכענען אין שולן און אויף לערער-קורסן.

**ברעגמאַן, יצחק**
ווילנע. געענדיקט ווילנער לערער-סעמינאַר.

**בראַנדווין, עדוואַרד**
לערער אין לאָדזש.

**בראָון, פּאָלאַ**
לערערין אין אָזאָרקאָוו און לאָדזש. טאָכטער פון שמואל מעכל בראָון.

**בראָון, שמואל מעכל**
לערער אין אָזאָרקאָוו און לאָדזש.

**גאָטליב**
לאָמזשע. געענדיקט פוילישן לערער-סעמינאַר. לערערין פון פויליש אין דוניל‎אָוויטש א״א.

**גאָלאָמב, ש.**
ווילנע. לערער.

**גאָלדבערג**
לערער אין זשעטל.

**גאָלדבערג, זעליק**
אינסטרוקטאָר אין ייד. טעכניקום, ווילנע. פאַרגעזעצט די זעלבע אַרבעט אין ווילנער געטאָ. אומגעקומען אין עסטאָניע.

**גאָלדפעדער, פּ.**
געלערנט אין וויסאָקע ליט.

**גאָלדפלאָם, אנקע**
וואַרשע. פרוי פון כאַצקעל וויגאָדסקי. (אויבן ז. 145)

**גאָלדשטיין**
געבוירן אין כעלם. געווען אין ווילנער געטאָ. אומגעקומען אין עסטאָניע.
זיין פרוי — לערערין. געבוירן אין גלובאָק. געווען אין ווילנער געטאָ. אומ־געקומען, מיט אַ קינד, אין מיידאַנעק.

**גארבולסקא**
לערערין אין ביאַליסטאָק.

**גאָרדאָן, ליובע**
לערערין אין ווילנע.

**גורוויטש, מירע**
לערערין אין וואַרשע און לאָדזש אין שולן פון פּ. צ. (אין אַן ערשטער אָפּטיילונג).

**גורוויטש, שולמית (שאַרלאָטע)**
לערערין אין ווילנע. אומגעקומען אין לידע, אין מאַי 1942.

**גורעוויטש, ל.**
געענדיקט ווילנער לערער־סעמינאַר.

**גיפּס, משה**
לערער אין לאָדזש.

**געלערשטיין, שפרה**
לערערין אין בריסק.

**געלערשטיין, לייזער**
לערער אין בריסק.

**גערטנער־שוואַרצבאַרד, מאַניע (מרים)**
באַראָכאָוו־שול, לאָדזש.

**גערשטיין** (שוועסטער פון יעקב גערשטיין)
לערערין אין ווילנער צ.ב.ק.־שולן.

**גראַנאָווסקי**
מוזיק־לערער אין וואַרשע. פון די ווינער פליטים, נאָכן דאָלפוס־פוטש.

**גראָסמאַן**
ווילנע. לערערין פון צייכענען און האַנט־אַרבעט אין לייז. גורוויטש־שול און אין דער שול פון וויטע לעווין.

**גראָסמאַן**
צאָפּנאַס, וואַרשע.

### גרינבערג, משה
געבוירן אין ביאַליסטאָק. לערער פון יידיש און העברעאיש אין וואשלי־קאָווער שול.

### גרינפּאַס, שלום
לערער פון גימנאַסטיק אין ווארשע. געאַרבעט אין „מאָרגנשטערן" אין וואַרשעווער געטאָ.

### גרינפעלד
לערערין אין ווארשע.

### דאַך, חנה
געווען לערערין אין מעזריטשער פאָלקשול, אויך אין דער אוונטשול־„וו. מעדעם".

### דונאַוויטש, נ.
געענדיקט לערער־סעמינאַר אין ווילנע.

### דוואָרצאַן, שרה
לערערין אין ווילנע. אומגעקומען יום־כפור 1941 אויף פּאָנאַר.

### דייטש, ביילע
געבוירן אין בראַסלאַוו (ביי ווילנע). דערציערין אין אַ ווילנער קינדערהיים. אומגעקומען אין בראַסלאַוו.

### דייטשער, ח.
ווילנע.

### דימאַנט, לאה
געווען לערערין אין מעזריטש א"א.

### דיקשטיין
לערערין.

### האַרנשטיין, איזע
שטאַמט פון לעמבערג. געווען לערערין אין זשעטל. אומגעקומען דאָרט.

### הערשקאָוויטש
יונגער לערער. באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין ערשטן טאָג פון זיין אין געטאָ („חורבן ווילנע").

### וואָטשיק, בעני
לערער אין דוקטש.

### וואָלאַנסקי, מ.
לערער אין פּרוזשאַנע.

**ווארגאפטיק**
לערערין אין ביאַליסטאָק — אנסקי-שול.

**ווארקאָוויצקי, חנה (אניע)**
לערערין אין לוצק. שטאַמט פון ראָזשישטש.

**ווארשאווסקא, נאטשא**
לערערין פון ערשטן קלאַס אין טשענסטאָכאָווער שול.

**וויינשטיין, אסתר**
שטאַמט פון בערעזע. געווען לערערין אין ביכעווע ביי לובלין. (זע ז. 148)

**וויניקאָוו, בעלאַ**
לערערין אין קארטוז-בערעזע.

**ווארשאווסקי, שלמה**
„ייווא״-אַספּיראַנט. לערער. עוואַקואירט פון ווילנע, געבליבן אין גלובאָקע. דערשאָסן אין דער גרויסער שחיטה אין באַראַק, ביי גלובאָקע, צוזאַמען מיט 2½ טויזנט יידן פון שטעטל.

**וועקסלער** (ערשטער נאָמען ?)
געווען לערער פון ייִנגערע קלאַסן אין ביעלסק.

**זונשיין**
געשטאַמט פון ווילנע (?). געענדיקט לערער-סעמינאַר (?). לערערין פון נאַטור און כעמיע אין ביאַליסטאָקער גימנאַזיע.

**זאַקס**
פון נאָוואָראַדאָמסק. אַ מוזיקער. אָנגעפירט מיטן מאַנדאָלין-אָרקעסטער און כאָר אין טשענסטאָכאָווער שולן און קינדערהיימען.

**חפץ**
געענדיקט ווילנער לערער-סעמינאַר, ערשטן אַרויסלז.

**טראַופּיאַנסקי, פּייוויש**
געבוירן אין ווילנע דעם 24-טן יאַנואַר 1904. ברודער פון יאַנקל ט. „געשטאָרבן״ אין אַ לאַגער אין שעמבערג, דייטשלאַנד (פראַנצ. זאָנע). אין לאַגער-רשימה פארשריבן אונטערן נומער 336. פּייוול איז געווען סעקרעטאַר פון ייד. לערער סעמינאַר און פאַרוואַלטער פון „טאַמאַר״-פאַרלאַג אין ווילנע.

**טאַטענגרעבער**
לערערין פון פּויליש אין דוניליאָוויטש א״א.

**טומיאַנסקי**
לערער אין וואַרשע.

**טיקאָטשינסקי**
געלערנט אין ביאַליסטאָקער יידישע שולן.

**טשערניאַק**
פון די ערשטע לערער אין מעזריטש.

**יאַוויץ, ד״ר חיים**
לערער אין וואַרשע, טוואַרדע 22.

**יאַמבראָ, שרה**
ווילנע.

**יופּיטער, א.**
געלערנט אין וויסאָקע ליטעווסק א״א.

**לוזשיק, עדושא**
לערערין אין לאָדזש און ווילנע (ס. מ. גורעוויטש־שול).

**ליבמאַן, מישא**
לערער אין לאָדזש, אָזאָרקאָוו.

**ליבפריינד** (ערשטער נאָמען ?)
שטאַמט פון וואַרשע. געווען לערער פון פּויליש אין טריסק א״א.

**לידסקי, חיים**
געווען לערער אין זשעטל. דאָרט אומגעקומען.

**לייביקער, ש.**
געענדיקט ווילנער לערער־סעמינאַר.

**ליכטנבאום, ד״ר**
געאַרבעט אין מעדעם־סאַנאַטאָריע.

**ליפשיץ**
לערערין.

**לעוו**
לערער אין בריסק.

**לעווין, אסתר**
לערערין אין לאָדזש.

## לערער, צפורה
געב. אין פּאַטשאיעוו, וואָלין, אין 1920. ביז 1942 געאַרבעט אין יאַנוש קאָרטשאַקס יתומים־הויז. געפאַלן אין שלאַכט דעם 3־טן מאַי 1943.

## מאַריין
שטאַמט פון קרינעק. א סך יאָרן געווען לערער אין זשעטל א״א.

## מושקאַט
לערערין אין די ייִנגערע קלאַסן אין לאָדזש.

## מיטלפּונקט, משה לייב
לערער אין פינסק. אומגעקומען אין יאַנאָוו ביי פינסק.

## מילך, יאנקל
פון אזדוטישט. לערער אין לובלין.

## מינץ, ד״ר טאַלע
געאַרבעט אין מעדעם־סאַנאַטאַריע.

## מעכאַניק
לערערין אין ווילנע.

## מאַסטינסקי (ערשטער נאָמען ?)
געווען לערערין אין זויסאַקע־ליטעווסקער שול.

## מאָרגנשטערן־ראָזנבערג
לערערין פון פּויליש אין ביעלסק.

## מאַרקעלס
אַלטע ווילנער לערערין. געוו. פאַרוואַלטערין פון דער ד. קופּערשטיין־שול. געשטאָרבן אין ווילנער געטאָ.

## מאַרקעלעס
געבוירן אין ווילנע. לערער אין ביאַליסטאָקער אנסקי־שול.

## נאַדעל
לערער אין ווילנע. דערשאָסן דורך די ליטווינער אין וויעליטשאַן (אַ דאָרף לעבן ווילנע).

## נאָוואָגרודסקי, בערנאַרד
וואַרשע. לערער אויף מילע 61 א״א.

## נידזעלסקי, ליובע
(„לערערין ליובע״). ווילנע. געאַרבעט אין פרוג־שול. אומגעקומען אויף פאַנאַר 1941.

**סאווינסקי, אידא**

געווען לערערין אין קארטוז־בערעזע.

**סאוויצקא**

היגיעניסטין אין לאָדזשער שולן.

**סינאי, מינע**

לערערין אין ווילנע. אומגעקומען אויף פּאָנאר.

**סעגאַל, באָריס**

ראַטמאַן פון ווילנער שטאָט־ראַט. לערער. פלעגט רעזשיסירן מיט די שילער אימפּרעזעס און אַליין שרייבן טעקסטן. צוגענומען ווי אַן ערובניק. אומגעקומען אויף פּאָנאר אין 1941.

**סעגאַל, טאַניע**

לערערין אין לאָדזש.

**פּאַלאַטשעק, ראָזא**

לערערין אין לאָדזש. שטאַמט פון לידע.

**פּוזעריסקי, ווערא**

לערערין אין סוועציאַן.

**פינטשעווסקא**

לערערין אין לאָדזש.

**פּיסעצקי, גאָדל**

געאַרבעט אין בערעזע. פון די ערשטע בויער פון דער קארטוז־בערעזער שול.

**פלאוונער־זאָרסקי**

לערערין פון פּויליש אין די העכערע קלאַסן פאָלקשול אין טשענסטאָכאָוו.

**פּערלזאָן, פּערל**

לערערין אין ביאַליסטאָק.

**פּערלמוטער**

לערער אין בריסק.

**פּומפּיאַן**

סעקרעטאַר פון רעאַל־גימנאַזיע אין ווילנע. שול־טוער. אנטלאָפן אין לידע. אומגעקומען אין 1942.

**פּאָמאָצניק**

ווילנע. יונגער לערער. אומגעקומען אויף פּאָנאר.

**פּעקלער, אברהם**

ווילנע. געענדיקט וואַרשעווער סעמינאַר פון ציש״א. ענערגישער מיטאַרבעטער פון „ייווא״.

**פּיעקאַרטשוק**
לערערין אין לאָדזש. געלערנט פּויליש אין די עלטערע קלאַסן.

**פֿאָגל** (ערשטער נאָמען ?)
לערערין אין אָזאָרקאָוו, לאָדזש.

**פֿאַרשירם**
געענדיקט פּוילישן לערער־סעמינאַר. לערערין פֿון פּויליש אין דונילאָוויטש אין די יינגערע קלאַסן.

**פֿיינשטיין, רחל**
לערערין פֿון דער ווילנער רעאַל־גימנאַזיע און לערער־סעמינאַר. אומגעקומען אויף פּאָנאַר, 1941.

**פֿישמאַן**
געווען פֿאַרוואַלטער פֿון שול אין וואַשליקאָווע, ביי ביאַליסטאָק.

**פֿישער, איטע**
סעמינאַריסטקע. געווען לערערין אין היידוצישעק.

**פֿלאַקס**
לערערין אין וואַרשע.

**פֿרוכטער, העניע**
געאַרבעט אין קינדערהיים אין סטרי. אומגעקומען אין געטאָ, לעמבערג (1942 - 3).

**פֿרידמאַן, מאַניע** (שוועסטער פֿון פֿאַליע פֿרידמאַן)
לערערין אין טשענסטאָכאָוו (קינדערהיים) א"א. אומגעקומען אין רוסלאַנד.

**פֿרענקעל, פֿעסיע**
געענדיקט ווילנער לערער־סעמינאַר. פֿון 1939 אין ביאַליסטאָק. אומגעקומען אויגוסט 16, 1943 — אין טרעבלינקע.

**צונזער, איליא**
יונגער לערער פֿון מאַטעמאַטיק און פֿיזיק. געשפּילט פֿידל אין סימפֿאָנ. אָרקעסטער אין ווילנער געטאָ. געשטאָרבן פֿון טיפֿוס אין נאַרווע.

**צוקערמאַן, ליזע**
לערערין פֿון געשיכטע אין רעאַל־גימנאַזיע ווילנע.

**צוקערמאַן, בן־ציון**
לערער פֿון צייכענען אין ווילנע. געשאַפֿן אַ קינסטלערישן אלף־בית.

**ציכאַק־מאַשקאָווסקי, פֿרומע**
לערערין אין ווילנע.

**צעדערבוים, פאַליע**
געשטאַמט פון אַ יחסנישער יידישער משפחה. פון די ערשטע לערערינס אין ווארשע (טוואַרדע 22, גענשע 7).

**צעסוואַן**
לערער פון גענזאַנג.

**צעפּעלאָוויטש**
ווילנע.

**צפנת, אהרן**
געווען לערער אין קאַרטוז-בערעזע.

**קאַזוואַן, ע.**
געענדיקט ווילנער לערער-סעמינאַר. געווען לערערין אין דרויע.

**קאַזשינסקאַ**
לערערין אין ביאַליסטאָק.

**קאַלאַבוס, מאַשע**
לערערין אין טשענסטאָכאָווער קינדערהיים. געקומען פון ווילנע.

**קאַמיאָנסקי, נ.**
געענדיקט דעם לערער-סעמינאַר.

**קאַמיעניעצקי, ברכה**
געווען לערערין אין קאַרטוז-בערעזע.

**קאַמענעצקי, רחל**
געענדיקט ווילנער לערער-סעמינאַר.

**קאַן**
שטאַמט פון ווילנע. געווען לערער אין זשעטל.

**קאָנישטשיקער, פריידע**
ווילנע. (זע ז. 362)

**קאַפּלון, חנה**
לערערין אין קופּערשטיין-שול, ווילנע. געענדיקט סעמינאַר.

**קאַסאָוו, יאַנקל**
ווילנער לערער אין רעאַל-גימנאַזיע.

**קאַפּלאַן, רבקה**
לערערין אין וואַשליקאָווע, ביי ביאַליסטאָק.

**קאַפּלאַן, ראַשל**
לערערין אין גראָדנער שול. שוועסטער פון מיכל קאַפּלאַן.

### קאַפּעל, משה
לערער אין לאָדזש.

### קאַפּעלמאַן
לערערין אין מעדעם־שול אין לאָדזש.

### קאַץ
סוועכציאַן. לערערין.

### קאַץ, פאַני
געשטאָרבן פון מאַלאַריע אין אוזבעקיסטאַן זומער 1942.

### קאַרנאָ, דוד בער
פון קאָוונע. לערער פון צייכענען. אַוועקגעשיקט קיין עסטאָניע. אומגעקר־מען אין אַ דייטשן לאַגער.

### קולעש, ברוך
געווען אַ לערער אין ווילנער פּראָווינץ (דונילאָוויטש). אומגעקומען ביי לידע אין 1941.

### קוואַלוואַסער, רייזל
לערערין אין טשענסטאָכאָוו.

### קולקעס, שיינע
ווילנע. ביבליאָטעקאַרין אין קינדער־ביבליאָטעק ביים צ.ב.ק.

### קליאַנסקי־אדלער
שוועסטער פון אורי קליאַנסקי.

### קליינער
לערערין אין ווילנע. געלערנט דייטש אין דער געטאָ־גימנאַזיע אין ווילנע.

### קלעפּפיש, גינא
לערערין פון גימנאַסטיק אין וואַרשעווער שולן.

### קראַוויעץ, בתיה
לאַנגיאָריקע לערערין אין לידע א״א.

### קראַקאָווסקי, שמעון
לערער אין לאָדזש.

### קרעמיען, נ.
פון די ערשטע לערער אין מעזריטשער פאָלקשול, אויך אין דער אָוונט־שול א״נ וול. מעדעם.

**ראבינאָוויטש, ברוך**
לערער אין בראַסלאַוו.

**ראָזנבערג** (ערשטער נאָמען ?)
געאַרבעט אין לונע. שפּעטער געווען דאָקטאָרין אין וואַרשע.

**ראָזנטאַל, מאַשע**
לערערין אין לאָדזש.

**ראָזנפעלד**
געווען פון די גרינדער פון דער שול אין דונילאָוויטש. לערער פון פּויליש אין דונילאָוויטש.

**ראַמער, פּ.**
לערערין אין ווילנע.

**רובינזאָן־קאַטשערגינסקי, פּ.**
לערערין פון צייכענען אין ווילנע.

**רודניצקי, שיינע**
סוועניציאַן.

**ריבאַק, ש.**
געענדיקט ווילנער לערער־סעמינאַר.

**רינגעלבלום, ג.**
געענדיקט ווילנער לערער־סעמינאַר. דוכט זיך אַ שוועסטער פון עמנואל רינגעלבלום.

**שאַטאַן**
לערערין אין לאָדזש.

**שאַפּטאַן, גיטע און אליהו**
געאַרבעט אין בערעזע יאַרנלאַנג.

**שאַרף, שלמה**
(ווילנע). געווען אַ לערער פון געזאַנג. אומגעקומען אין עסטלאַנד.

**שאַרף, אַליע**
טאָכטער פון שלמה שאַרף.
אַ יונגע לערערין. אומגעקומען ביי דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ.

**שומעלישסקי, דאָרע**
קינדער־גערטנערין אין ווילנע.

### שטאם, יושע
געקומען פון א העברעאישן קינדערהיים צו דער יידיש־וועלטלעכער שול. געארבעט אין טשענסטאכאוו.

### שינאק
ביאליסטאק. געלערנט פויליש אין שול פון יוגנט־פאריין.

### שיינאק, ל.
לערערין פון דייטש, ענגליש אין ווילנער רעאל־גימנאזיע. אומגעקומען אויף פאנאר אין 1941.

### שניידער, פ.
לערער אין ווילנע.

### שניצער
לערער אין אשמענע. אוועקגעשיקט געווארן אין א לאגער אין דייטשלאנד.

### שעמקין
לערער אין בריסק.

### שפיגעל, נאטאן
מאלער. געלערנט צייכענען אין מעדעם־שול אין לאדזש.

### שקורניק
לערער אין בריסק.

### שקלאווער, פאניע
לערערין אין גראדנער, ביאליסטאקער שולן.

### שקלאר
לערער אין ווילנע.

### שאבאד־גאווראנסקי, ראזע
אקטיווע טוערין פון „טאז־אזע״. אין ווילנער געטא געשאפן אן אינטערנאט פאר פארוואָרלאזטע יתומים. צוזאמען מיט די קינדער אוועקגעשיקט געווארן אויף מיידאנעק.

### אקסעלראד, בערל
געשטאמט פון גאליציע, געענדיקט א פוילישע גימנאזיע. ער איז געווען פארוואלטער אין דער כעלעמער פאלקשול, זיין פרוי נעכע — פרעבעליסטין אין דער כעלעמער קינדער היים.

### ראפעס, בערטא
פרעבעליסטין אינעם קינדערגארטן, אשמיענע. א קוזינע פון ג. פלודער־מאכער. געענדיקט די ווילנער יידישע רעאל־גימנאזיע.

**זילבערשטיין,** (ערשטער נאמען ? )
לערער אין בראסלאוו, ווילנער פראווינץ.

**סאָלאָווייטשיק, ליובע**
געאַרבעט אין דוקשט, איגנאלינא א"א. געשטאַמט פון ניי-סווענציאן, גע-ענדיקט אַ פוילישע רעאַל-גימנאַזיע אין ווילנע.

**באַקשט, עקיבא**
(זע אויבן, ז. 34). געשטאַמט פון זשעטל. געווען אַ פּאָר יאָר לערער און פאַרוואַלטער פון דער ציש"א-פאָלקשול אין כעלם, אומגעקומען.

**קראַטקאַ, אברהם**
געענדיקט די כעלעמער ייד. הומ. גימנאַזיע, באַזוכט דעם ייד. טעכניקום אין ווילנע, געאַרבעט אין דער כעלעמער פאָלקשול, שפּעטער אין דונילאָ-וויטש, דאָרטן אומגעקומען. ער האָט אויך באַזוכט די לערער-קורסן פון דער ציש"א, אין וואַרשע.

**גאָלדפעלד, פעסל**
געענדיקט די כעלעמער ייד. הומ. גימ., באַזוכט די ציש"א לערער-קורסן אין וואַרשע, געאַרבעט אין דער פאָלקסשול אין כעלם.

**ווינשטיין, אברהם**
שטודירט אין אָדעס, געאַרבעט אַלס לערער פון העברעאיש אין דער כעלעמער פאָלקס-שול, שפּעטער אין וואַרשע, און אין אַנדערע שטעט אין פאַרשיידענע מעדעס-שולן.

**קרוק, שבע**
באַזוכט די כעלעמער פויליש-ייד. הומ. גימנאַזיע, שפּעטער פאַרענדיקט די סאָפּיע — מ. גורעוויטש גימנאַזיע אין ווילנע, געאַרבעט אין דער ציש"א-שול אין כעלם. אַוועק קיין רוסלאַנד און דאָרטן אומגעקומען.

**שוואַרצמאַן, רויזע**
געענדיקט די פויליש-ייד. הומ. גימנאַזיע אין כעלם, באַזוכט די ציש"א-לערער-קורסן אין וואַרשע, געאַרבעט אין דער ייד. פאָלקשול אין כעלם, שפּעטער אין אייניקע שולן אין די קרעסן.

**מירלמאַן, פאַלעק**
געווען לערער אין פּיוסק.

# צישאָ

די ראשי תיבות — צ. י. ש. אָ. צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע — זיינען אַרויס צו דער וועלט אין יאָר 1921, ביים ערשטן שול־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע, אין גרויסן טעאַטער־זאַל אויף מאַרשאַל־קאָווסקע גאַס, "אַפּאָלאָ". "זאָל לעבן די ניי געשאַפענע צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע, די צישאָ" — האָט אויסגערופן דער פאָרזיצער פון ערשטן שול־צוזאַמענפאָר, בייניש מיכאַלעוויטש. דאָס איז אויפגענומען געוואָרן מיט התלהבות פון 1,500 דעלעגאַטן־לערער, שול־בויער, פּאָליטישע קעמפער, געסט, וואָס זיינען געקומען אין זאַל פון אַלע עקן פון דעמאָלסטיקן פּוילן, — געקומען פון די שטעט און שטעטלעך אין פּאָלעסיע און ווייס־רוסלאַנד, ביז טיף אין גאַליציע, ביז די גרעניצן פון רומעניע און אונגאַרן.

פון 1921 ביז 1940 — אין 19 יאָר — איז דאָס וואָרט "צישאָ" אויסגעוואַקסן צו אַ מין שם המפורש: "צישאָ"־שולן, "צישאָ"־לערער, "צישאָ"־קינדער, "צישאָ"־עלטערן, "צישאָ"־סיסטעם, "צישאָ"־יוגנט. "צישאָ האָט פאַרמאָגט אַגרעסיווקייט, מעכטיקן אימפּעט" — האָט געשריבן שלמה מענדעלסאָן. — "די יידיש־וועלטלעכע שול אין פּוילן האָט אַקומולירט סיי די סאָציאַלע, סיי די נאַציאָנאַלע שטרעמונגען, האָפענונגען און חלומות פון דער יידישער מאַסע. די צישאָ איז געווען דער באַסיין פאַר די שטרעמונגען. עס איז געווען אַ היסטאָרישער פאַרמעסט צו שאַפן אַ נייע, וועלטלעכע, פאָרם פון יידישן לעבן. עס איז געווען די שטרעבונג צונויפצובינדן נאַציאָנאַלע שעפערישקייט מיט דער גרויסער, אינטערנאַציאָנאַלער, אויסלייזנדער אידיי פון סאָציאַליזם".

די "צישאָ" איז געווען דער זאַמל־פּונקט פאַר די קעמפנדע און שאַפנדע קולטור־כחות אין דער יידישער אַרבעטערשאַפט און אין איר סביבה. די נייע יידישע שול, וואָס האָט געהאַט אַזוי פיל סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן געוואַגטן פאַרמעסט, וואָס איז געבאָרן געוואָרן און אויסגעוואַקסן ווי אַ היסטאָרישער נס, איז אַטאַקירט געוואָרן דורך אייפערזיכטיקע קעגנער, דורך רעאַקציאָנערע שונאים פון אינעווייניק און פון דרויסן. קעגן איר איז אויפגעשטאַנען אַ מאַכט זי צו פאַרטיליקן, די פּוילישע רעאַקציע, דער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם, די "ענ־דעציע", די "סאַנאַציע". מען האָט געדאַרפט זיך איינפעסטיקן טיף אין שוצגראָבנס, אָפט אפילו אַרונטערגיין אונטער דער ערד. מען האָט געדאַרפט פירן דעם קאַמף אויף פיל פּאָזיציעס. "צישאָ" איז געווען דער גענעראַלשטאַב פון די בעלי־מלחמה, פון די קעמפער און פאַרטיידיקער. — "צישאָ" איז געווען דער אַרסענאַל צו זאַמלען, שאַפן מיטלען פאַר קיום.

די שול איז ניי — ניי אין איר ציל, ניי אין איר דרך, — און עס דאַרפן געשאַפן ווערן די מכשירים, די תורה און דער שולחן־ערוך פון דער שול, איר פּראָגראַם, איר פּעדאַגאָגיק און מעטאָדיק, אירע לערן־ביכער. — די "ציש״אָ" איז די צענטראַלע ווערקשטוב פאַר דער תורה פון דער שול. די שול איז יונג. זי זעט אויס צומאָל אויסטערליש אומפאַרשטענדלעך אין די אויגן פון פאָלק. מען דאַרף פאַרשפּרייטן איר אידיי, אויפקלערן אירע צילן, אירע כוונות; אַרומרינגלען זי מיט מאַסן־טריישאַפט און איבערגעבנקייט. — די "ציש״אָ" איז די מאַשין פאַר פּראָפּאַגאַנדע, אַגיטאַציע, אויפקלערונג, פאַר דער מאָביליזאַציע פון די מאַסן־כחות.

אויפן קאַמף־פעלד פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען איז די שול געבאָרן געוואָרן. אירע שאַפער, בויער און שטיצער זיינען געקומען פון פאַרשיידענע אידייאישע ריכטונגען און באַוועגונגען — בונדיסטן, פּועלי־ציוניסטן, פאָלקיסטן, אומאָפּהענגיקע, פאַראייניקטע. קיינע פון זיי האָבן באַזונדער, זעלבשטענדיק ניט געהאַט קיין מערהייט — די שול האָט געקאָנט לעבן, זיך אַנטוויקלען, זיך אויסהאַלטן נאָר ביי אַ פאַראייניקטן פראָנט פון אַלע קאָנסטרוקטיווע כחות. נאָר ביי אַן אַלגעמיינער טריישאַפט און איבערגעבנקייט. עס איז געווען אַ צייט, ווען פאַרטיי־קאַמפן אין פוילן זיינען געוואָרן אַלץ מער און מער פאַרשאַרפט. עס האָבן זיך געמערט מחלוקתן, שפּאַלטונגען, זיי האָבן אָבער אָנגעשלאָגן נאָר ביז די ווענט פון דער ציש״אָ.

"ציש״אָ" איז פשוט אַ וואונדער פון יענער צייט. זי האַלט אויס איר קיום. זי בלייבט גאַנץ. זי איז די דעמאָנסטראַציע פאַר דעם, וואָס מען קאָן טאָן מיט פאַראייניקטע כחות. ביי די טישן פון "ציש״אָ" הערשט קאָאָפּעראַציע, קעגנזייטיקע פאַרשטענדעניש. עס שוועבט איבער אירע טויער און בויער די שכינה פון אחריות.

איך קלייב מיך ניט צו שרייבן אויספירלעך וועגן "ציש״אָ", וועגן איר געשיכטע, איר ראָל, אירע אויפטוען. וועגן דעם איז שוין דאָ אַ בוך פון ח. ש. קאַזדאַן, "די געשיכטע פון יידישן שול־וועזן אין אומאָפּהענגיקן פוילן". און וועגן דעם וועט מען נאָך מסתמא שרייבן אין דער צוקונפט. אין אָט דעם לערער־יזכור־בוך וויל איך נאָר אַרויסברענגען איניקע שטריכן צום בילד "ציש״אָ", שטריכן פאַרבונדענע מיט אייגענע זכרונות.

עס זיינען זייער ווייניק געבליבן פון די ערשטע, פון די גרונט־לייגער און, דעריבער, איז דער חוב פון די געציילטע געבליבענע צו פאַרשרייבן און פאַרשרייבן. איך בין דאָך אַ סך יאָרן געווען איינער פון די לערער פון די "ציש״אָ"־שולן, איינער פון די בויער פון דער "ציש״אָ", איינער פון די מיטגלידער פון אויספיר־ביוראָ פון "ציש״אָ", געווען אַ צאָל יאָרן איר גענעראַל־סעקרעטאַר, געווען איר שליח אין אַמעריקע און אַנדערע מדינות... — שווימלען פאַר די אויגן בילדער, רוישן אין קאָפּ זכרונות, שלאָגט פיבערדיק דאָס האַרץ. וועל איך אַרויסברענגען אין דעם יזכור־בוך, ווי געזאָגט, נאָר איניקע שטריכן.

⁂

אין יאָר 1919, ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען שוין געווען דריי ראַיאָן־אָרגאַניזאַציעס: אין וואַרשע דער דינעזאָן־מעדעם־רייכמאַן־שולקאָמיטעט, אין ביאַליסטאָק — די קולטור־ליגע, און ווילנע — דער צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט. זיי זיינען געשאַפן געוואָרן ספּאָנטאַניש, אָן אַ געמיינזאַמען פּלאַן, אָן אַ קאָאָרדינירטער איניציאַטיוו, אַזוי ווי פון זיך אַליין, אין יעדן צענטער באַזונדער.

די פּאַרצווימונגען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען געוואָרן צעבראָכן. מען קאָן זיך שוין באַוועגן. ווילנע קאָן אַ קוק טאָן אויף וואַרשע, וואַרשע אויף ווילנע. ביאַליס־טאָק קאָן קוקן אויף ביידע זייטן: רעכטס ־ אויף ווילנע, לינקס ־ אויף וואַרשע. און קוקט און זעט — פּינסק מיט שולן, בריסק מיט שולן, און גראָדנע, און סלאָנים, און פּרוזשענע, און סקידל — דאָס איז פון דער מזרח־זייט. און זעט נאָך, — שעדלעץ און מעזעריטש, לובלין און קאַליש, לוצק און קאָוונע, לאָדזש און פּיאָטרקאָוו. און אָט שיינט אַרויס טשענסטאָכאָוו, קומט אונטער קוטנע. און פון ביידע זייטן פון פּראָנט די צענטראַלע פּעסטונגען, — ווילנע און וואַרשע. קינדער־היימען, שולן, אָוונט־שולן. יונגע לערער, טוער — מאַך אַ ברכה שהחיינו. די פּיאָנערן, די סאַמע אָנהויבער, די לעבנגעבליבענע דעלעגאַטן פון ערשטן געהיימען שול־צוזאַמענפאָר אין 1907, אין לוקישקער טורמע, רייבן דעמאָלסט די אויגן:

— זה היום שקווינו לו.

מאַמע־לשון יידיש איז מלא שמחה. ערשט ניט לאַנג, פיר יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט געשריבן ש. ראָזענפעלד אין ״פריינד״: ״עס איז געוואָרן משונה און עס קומט אויס כמעט ווילד, וואָס מירריידן שוין אַזוי פיל יאָרן וועגן נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע און דערביי ווערט וועגן אַ פאָלקס־שול כמעט ווי ניט געטראַכט. אַרום וואָס, אויב ניט אַרום דער פאָלקס־שול, קאָכט און זידט דער קאַמף פון נאַציאָ־נאַליטעטן פאַר זייער עקזיסטענץ?״. עס איז דעמאָלסט געבליבן אַ קול קורא במדבר. עס איז געווען שטיל אַרום און אַרום.

אין ״פריינד״ נומער 167, אין יאָר 1910, שרייבט ה. ד. נאָמבערג: ״אויב מיר דאַרפן עפעס, איז עס אַ יידישע אינטעליגענץ, וואָס לעבט צוזאַמען מיטן פאָלק און אויף זיין שפּראַך. אויב מיר פאַרלאַנגען רעכט פאַר דער יידישער שפּראַך, מיינען מיר עס ניט קעגן דעם אויסן, ווי קעגן זיך אַליין, קעגן די טיילן פון פאָלק, וואָס טיילן זיך אָפּ פון אים; וואָס אַסימילירן זיך פאַקטיש. עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ יידישע געזעל־שאַפט, אַ יידישע אינטעליגענץ״.

אַ חלום וועגן יאָרן וואָס וועלן קומען, אָבער אָן אויסזיכטן, אַז ער וועט מקוים ווערן. און איצט, אין יאָר 1919 — די ערשטע יידישע שול ־ און קולטור־באַראַטונג אין וואַרשע!

# ערשטע קולטור־באַראַטונג פון די יידישע שולן

שרייבנדיק די ווערטער, זע איך איצט די צימערן פון שלמה גילינסקי׳ס יידישער שול אויף דלוגע 26 אין וואַרשע. דאָרטן קומט פאָר די ערשטע באַראַטונג. עס איז אָקטאָבער 1919. איך זע אין דמיון גרשון פלודערמאַכער פון ווילנע, מיט דער שוואַרצער באָרד, דעם דיען פון דער יידישער שול, וועלכער איז אין די חורבן־יאָרן אַוועק אין קדושה; שלמה באָסטאָמסקי, דעם טאַטע פון די ״גרינינקע בוימעלעך״, זלמן רייזען. איצט געהערן זיי בײדע צו די מאַרטירער און קדושים. איך זע דוד קאַפלאַן־קאַפלאַנסקי מיט דער שוואַרץ־זיידענער באָרד. איך זע מישע שורן, וואָס איז איצט פאַרוואָגלט אין אַפריקע. זיי אַלע זיינען געווען די שול־דעלעגאַטן פון ווילנע, די שליחים פון אַ נייער תקופה אין דער יידישער קולטור.

וואַרשעווער דעלעגאַטן: מ. בירנבוים, דער שול־פיאָנער, דער ערשטער שאַפער פון קינדער־מעשהלעך און קינדער־ביכער; שלמה גילינסקי, דער ערשטער יידישער לערער אין פוילן, דער שפּעטערדיקער בויער פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע; י. קלעפּ־פיש, שלמה מענדעלסאָן, ה. ד. נאָמבערג, שלמה זוסמאַן, ד. לייבל, ישראל רייכמאַן, מ. גוטמאַן, י. גאָרדין, נח פרילוצקי — די דעלעגאַטן פון וואַרשע צו דער ערשטער שול ־ און קולטור־באַראַטונג.

ש. גאָלדמאַן, ה. כוואַט, י. פראַנקפורט און מיין ווייניקייט — דאָס איז די ביאַליסטאָקער שול־דעלעגאַציע.

דריי טעג באַראַטונגען, דעבאַטן. די באַראַטונג האָט אַנערקענט, אַז ביים בויען די יידישע שול מוז זיך דער לערער שטיצן דער עיקר אויף דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט און דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ. מען באַשליסט אַרויסצוגעבן צום ערשטן מאָל אַ יידישן פעדאַגאָגישן זשורנאַל. אָט איז די רשימה פון דער ערשטער רעדאַקציע־קאָלעגיע: ש. ידידאָוויטש, ג. פלודערמאַכער, זלמן רייזען, שלמה מענדעלסאָן, שלמה גילינסקי, י. פראַנקפורט, י. פאַט. פון דער ערשטער רעדאַקציע פון זיבן זיינען שוין אויף דער וועלט ניטאָ פינף.

מען רעדט שוין דאָרטן וועגן אַ לערער־סעמינאַר, מען באַשליסט וועגן זומער־וואַקאַציע־קורסן, וועגן קינדער־ליטעראַטור. מען גייט באַנייען דעם זשורנאַל ״גרינינקע בוימעלעך״, און אָט איז זיין רעדאַקציע: ש. באָסטאָמסקי, ש. ידידאָוויטש, מ. כאַימסאָן, י. פאַט, י. נאָוואָגרודסקי, דוד איינהאָרן און מ. בירנבוים. — פון דער רעדאַקציע ״גריניניקע בוימעלעך״ זיינען געבליבן צווישן די לעבעדיקע נאָר צוויי.

מען באַשליסט אַרויסצוגעבן לערן־ביכער. מען פאַרנעמט זיך מיט אָרטאָגראַפיע־פראַגן, מיט טערמינאָלאָגיע, איך האָב פאַר מיר די רשימה פון דער ערשטער אָרטאָגראַפיע־קאָמיסיע. איך צייל אויף דרייצן מיטגלידער. צוועלף פון זיי זיינען שוין אַוועק פון דער וועלט. געבליבן צווישן די לעבעדיקע איז נאָר איינער — איך אַליין.

## די ערשטע קאָנפערענץ וועגן פאָרשול־דערציאונג אין ליטע און פוילן, מיי 1921, ווילנע



אין צענטער זיצן:

ר. סימחאָוויטש, מ. אָקון, ב. אייסוראָוויטש. אויפן בילד זעט מען אויך ר. שפּאַצנקאָפּ, בערענט, ל. מילעבאַנד, שיינע פּאַט, תירצה קאַפּעלאָוויטש, אינגבערמאַן א. א.

די ערשטע באַראַטונג זוכט פאַרבינדונג מיט אַמעריקע. עס ווערט אויסגעאַרבעט אַ ווענדונג צו דער אַמעריקאַנער יידישער עפנטלעכקייט, און זי ווערט אַדרעסירט צום אַרבעטער־רינג, צו ש. ניגער, חיים זשיטלאָווסקי, יואל ענטין און שלום אַש.

מען רעדט וועגן אַ גרויסער קאָנפערענץ אָדער צוזאַמענפאָר. מען קלייבט אויס אַן אָרגאַניזאַציאָנס־ביוראָ פאַר דעם צוזאַמענפאָר. פון זיינע 15 מיטגלידער זיינען דרייצן שוין אויף יענער וועלט. צוויי זיינען נאָך אויף דער וועלט — ש. גילינסקי און מיין ווייניקייט.

די ערשטע באַראַטונג איז געשלאָסן געוואָרן דורך דעם באמת וואונדערלעכן קעמפער פאַר יידישער קולטור, פאַר יידישער שול, פאַרן יידישן לשון — ב ר ו ך  ק אַ ג אַ ן־ווירגילי: „חברים, דריי טעג האָבן מיר אינטענסיוו געאַרבעט אויף דער באַראַטונג. זייער וויכטיקע באַשלוסן זיינען אָנגענומען געוואָרן. מיר מוזן אַלץ אָנווענדן, כדי זיי צו פאַרווירקלעכן. אַ סך שונאים האָט די יידיש־וועלטלעכע שול, אָבער דער נצחון איז אויף אונזער זייט. זאָל לעבן די יידיש־וועלטלעכע שול!"

**
*

פון אָקטאָבער 1919 ביז אַפּריל 1920 — דוכט זיך, בלויז געציילטע חדשים. פאַר דער קורצער צייט איז די רויטע אַרמיי געגאַנגען אויף פוילן. דערגאַנגען צו די גרעניצן פון דייטשלאַנד. צוריקגעטריבן געוואָרן. געיאָגט געוואָרן ביז מינסק. שטעט, מיט ווילנע צווישן זיי, זיינען איבערגעגאַנגען פון הענט צו הענט. ווי נאָר די אַטמאָספער אין ווילנע האָט זיך אַביסל איינגערואיקט פאָרט אַ דעלעגאַציע פון ווילנע קיין וואַרשע צו העלפן רעאַליזירן די אָנגענומענע באַשלוסן וועגן אַ שול־צוזאַמענפאָר. איך געדענק גוט יענע נסיעה. די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון זלמן רייזען און מיין ווייניקייט. אַ צעבראָכענער וואַגאָן. אויסגעהאַקטע שויבן. אָנגעשטאָפּט מיט בייזע, אומרואיקע, פאַרביטערטע מענשן. איראָפּע איז נאָך אין קדחת פון דער מלחמה. פאָרן צוויי דעלעגאַטן פון ווילנע מיט אַ שליחות: יידישער שול־צוזאַמענפאָר.

קומט פאַר דעם 11־טן און 12־טן אַפּריל 1920 אין וואַרשע, אין דער פאָלקסשול אויף מילע 49, אַ זיצונג וועגן דעם קומענדיקן שול־צוזאַמענפאָר. דער פּרעזידיום פון יענער באַראַטונג: ברוך קאַגאַן־ווירגילי, י. קלעפּפיש, מ. שור און י. פּאַט. דאָרטן ווערט באַשלאָסן צו רופן דעם ערשטן שול־צוזמענפאָר פון פוילן, ליטע און ווייס־רוסלאַנד. און דאָרטן קומט דער פאָרשלאָג: די אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט געשאַפן ווערן, זאָל גרופן ווערן "צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע".

אין וואַרשע ווערט אויסגעבילדעט אַ ספּעציעלער קאָמיטעט צו אָרגאַניזירן דעם צו־זאַמענפאָר: ד"ר ב. אייזנשטאַט, מ. בירנבוים, א. וויגאָדסקי, שלמה מענדעלסאָן, ל. ניישטאַט, י. קלעפּפיש, מ. רייס, א. פּערלמאַן, א. קאַגאַן. ניין חברים. אַלע, חוץ צוויי, זיינען שוין מער ניטאָ צווישן די לעבעדיקע.

איינער פון די וויכטיקסטע, וואָס האָט געלייגט דעם גרונדשטיין פאַר דער שפעטער־דיקער בילדונג פון "צישאָ" אַלס אַ פאַראייניקונג פון אַלע כחות, פון אַלע סאָציאַליס־טישע פאַרטייען, פון פאָלקס־דעמאָקראַטישע ריכטונגען, פון לערער און שול־טוער, איז געווען וולאַדימיר מעדעם. ער האָט אין יענער צייט אַזוי געשריבן: "איך בין אַליין אַ פאַרטיי־מענטש. איך בין אַן אַנטשיידענער מענש פון פאַרטייאישקייט און פאַרטיי־פאַטריאָטיזם. איך האַלט אָבער, אַז פאַרטייאישקייט מוז האָבן אירע גרעניצן... די זעלבע פאַרטייאישקייט, וואָס איז אַבסאָלוט נויטיק אויפן פאָליטישן געביט, פאַר־וואַנדלט זיך אָפטמאָל אין אַ דירעקטער מניעה, ווען זי ווערט אָנגעווענדעט דאָרטן, וואו זי איז בעצם ניט אויפן אָרט... פונקט אַזוי ווי עס איז אַן אַבסורד צו שאַפן אַן אומפאַרטייאישע וואַל־ליסטע צו פאַרלאַמענט־וואַלן, פונקט אַזאַ אומזין איז אַ פאַרטיי־אישע קינדער־היים."

איך האַלט ביים ערב דעם ערשטן שול־צוזאַמענפאָר. איך דערמאָן זיך אין די זיצונגען פונעם ערשטן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט. דעלעגאַטן זיינען אויסגעקליבן. שטעט און שטעט־לעך גרייטן זיך צו קומען קיין וואַרשע. און אין זיין בוך שרייבט וועגן יענער צייט ח. ש. קאַזדאַן אַזוי: "אונטער די סאַלוטן פון האַרמאַטן, אונטער אַן אַקאָמפּאַנימענט פון הונגער־ליידן, אין שאָטן פון חורבן אין צענדליקער יידישע שטעטלעך פון פוילן און ליטע, באַגלייט פון גרויסע מחנות קינדער־היימלאָזע און יתומים, איז געבאָרן געוואָרן די נייע יידישע שול אין דער מוטער־שפּראַך פון קינד. באַגלייט מיט אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן אויפלעב, באַזונדערס אין די רייען פון אַרבעטער־קלאַס, באַ־גלייט מיט אַן אויפגעוואַכטן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און הייסן ווילן צו שאַפן אַן אייגענע קולטור־פאָרם און קולטור־רייכטימער, איז געבאָרן געוואָרן די יידיש־וועלט־לעכע שול... דער בראשית־פעריאָד איז פאַרענדיקט. די תקופה פון קריסטאַליזאַציע איז דורכגעמאַכט. עס הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה פון גרויסע, פאַרוויקלטע קאַמפן כלפי חוץ און כלפי פנים, פון אינטעסיווער פעדאַגאָגישער טעטיקייט."

## דער ערשטער שול־צוזאַמענפאָר

איך זע יענעם טאָג. עס איז אַ זומערדיקער פרימאָרגן. אין חברותא, אין גאַנצע כאַ־ליאַסטרעס, פון דזשיקע, פון נאַלעווקעס, פון נאָוואָליפקי, גייען לערער, שול־טוער צום טעאַטער "אַפאָלאָ" אויף מאַרשאַלקאָווסקע גאַס. די טעאַטער־טירן זיינען ברייט אָפן פאַר די לערער, געקומענע פון גאַנץ פוילן. עס טומלט, עס רוישט אין פאָיע פון טעאַטער, אין די קאָרידאָרן, ביי די טירן.

דער זאַל איז פול. מען איז צעזעצט אין מחנות, צעטיילט לויט פאַרטיי־גרופן: בונדיסטן, פועלי־ציון, פאַראייניקטע, פאָלקיסטן, אומאָפּהענגיקע. אַלץ איז אין דערוואַרטונג. אַ דור האָט אויף דעם געוואַרט, אויף דער שעה. אויף דער טריבונע — רויטע פענער, אויפ־שריפטן מיט גרויסע יידישע אותיות, אויך אויף פויליש — "צוזאַמענפאָר פון לערער פון די יידישע שולן".

**ערשטע קינדער־היים, גענשע 7, וואַרשע, פרילינג 1915**
**באַלד נאָך י. ל. פרצעס טויט**



עס זיצן אין צענטער פון רעכטס:

דוד הערמאַן, פרוי שטראַשון, ד״ר מילייקאָווסקי, קאַצענבאָגען, מ. שטראַשון, יעקב דינעזאָן, ה. ד. נאָמבערג, מ. בירנבוים, ש. גילינסקי, ל. ליאָוו, ד. שפּראַך

אין דער צווייטער ריי פון אויבן רעכטס — תירצה קאַפּעליאָוויטש. אין צענטער — י. ל. פרצעס פּאָרטרעט

**פרעסע־קאָנפערענץ אויף דער שלום־עליכם־אויסשטעלונג**
**צו דער פייערונג פון „50 טויזנט באַזוכער", אַפּריל 1937, וואַרשע**




אין דער ערשטער ריי פון רעכטס:

ש. י. סטופּניצקי, ל. האַדעס, ש. גילינסקי, אומבאַקאַנט, חיים וואַסער, נ. פּרילוצקי, ח. ש. קאַזדאַן, ש. מענדעלסאָן, ד. גוזיק, נ. בוקסבוים, ב. שעפנער, ל. קאַהאַן.

אין דער צווייטער ריי זעט מען:

מ. בורשטין, נ. מייזעל, אומבאַקאַנט, ש. זוסמאַן, נ. מירער, י. פּערלע, ע. רינגעלבלום, ע. הערמאַן.

עס זיינען דאָ אויך אַ פּאָר גרויע קעפּ, אָבער די מערהייט באַשטייט פון יונגע מענשן, יונגע און באַגייסטערטע. עס קלינגען מיר אָפּ אין דער איצטיקער שעה די ווערטער, מיט וועלכע ח׳ גרשון פלודערמאַכער האָט געעפנט דעם צוזאַמענפאָר: ״עס איז געווען אַ בלוטיקע, שוידערלעכע וועלט־מלחמה״ — האָט ער געזאָגט. — ״מיר האָבן באַצאָלט מיט צענדליקער טויזנטער. חוץ מלחמה־קרבנות, אויך קרבנות פון פּאָגראָמען, פון אַנטיסעמיטיזם, פון שנאת עולם צום עם עולם. מיר האָבן ניט פאַרלאָרן דעם גלויבן אין דער אויפריכטונג פון דער וועלט, פון אונזער פאָלק. מיר האָבן אונטערן פייער פון דער מלחמה, אין ים פון נויט און עלנט, געבויט שולן פאַר אונזערע קינדער, היימען פאַר די היימלאָזע. עס האָט געקאָנט אויסזען ווי בילדלעך פון פאַנטאַזיעס, עס איז אָבער געווען אין דעם אַ זין. יעדער איינער פון אונז האָט געהערט דעם קול פון דער געשיכטע. מיר זיינען געווען אָפּגעריסן איינע פון די אַנדערע, צעוואָרפן צווישן פאַרשיידענע מלוכות. דאָך האָבן מיר געטאָן, יעדער איינער פון אונז, כמעט די זעלבע טאַט — מיר האָבן געבויט די נייע שול״.

רעדנער. דעבאַטן. פאַרשיידענע מיינונגען. שטרייטן. איך הער נאָך אַ מאָל, ווי אַ הויכער גלאָק שטילט איין דעם עולם. אויף דער טריבונע שטייט דער ערשטער פאָרזיצער. אַ נידעריקער מענש, אַ געהאָרבטער, מיט אַ גרויסן קאָפּ ווייסע, געדיכטע האָר, מיט אַ שמייכלענדיקן פנים, מיט גוטע בלויע אויגן. און אָט קלינגט דונערדיק זיין שטים: ״חברים און חברטעס...״

פון וואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ גבורהדיקע שטים צו אַזאַ נידעריקן, געקווענטן, גרוי־קעפּיקן מענשן? ווער איז ער? — דאָס איז ביניש מיכאַלעוויטש, אַ נאָמען אַ מעשהלע, אַ לעגענדע. ביניש איז אַ בונדיסט, דער זון פון אַ בריסקער אָרעמען שלאָסער, דער ל׳ו׳ניק ביי די יידישע סאָציאַליסטן. וועלט־ליטעראַטור איז דער ים, אין וועלכן ער שווימט. דער גרעסטער בעל־בטחון. סאָציאַליזם איז זיין גלויבן.

און אָט זיינען איניקע שורות פון זיינע ווערטער: ״איר, יידישע לערער, האָט אַרויס־געטראָגן די יידישע שול פון אירע היסטאָרישע באַהעלטענישן אויף אייערע פּלייצעס. די יידישע אַרבעטער האָבן אייך געהאָלפן זי צו טראָגן פלייצע אין פלייצע, נשמה צו נשמה, און וועלן ווייטער אויך גיין צוזאַמען. אָן דעם יידישן לערער און אָן דעם יידישן אַרבעטער איז ניטאָ קיין נייע שול...״

דעבאַטן, פייערדיקע דיסקוסיעס, חלוקי־דעות, פון וועלכע מען מוז סוף־כל־סוף אויס־שלאָגן אַ פאַראייניקטן כח. איך זע דעם שלוס פון צוזאַמענפאָר. איך הער די רייד פון ביניש מיכאַלעוויטש: ״חברים און חברטעס, עס טראָגן זיך גרויסע סאָציאַלע שטורעמס. זיי פאַרטראָגן אויף אונזער פעלד די קערנער פון אַ נייער שול, אַ שול אַ יידישע, אַ שול פון אַרבעטער, אַ שול אויף יידיש. די קערנער האָבן זיך שוין טיף איינגעאַקערט אין אונזער באַוואוסטזיין. די אידיי איז צייטיק, דער געדאַנק איז פולקאָם רייף. עס איז איצט אַ גרויסע שעה. איך דערקלער דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פאַר גע־ענדיקט.״

איך שרייב די ווערטער, און אין דעם מאָמענט דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז ערשט נעכטן געשען. אָבער ניין, ניט נעכטן. עס זעט שוין אויס ווי אַ גאַנצער יאָרהונדערט וואָלט אַוועק. איך זע די געשטאַלטן, די פּנימער, דעם גרויסן זאַל, די 1.500 דעלעגאַטן. איך זע די שטילע, ערנסטע, פאַראַנטוואָרטלעכע בויער... געציילטע זיינען געבליבן און טראָגן אין זיך די זכרונות. זיי האָבן געשאַפן די "צישאָ".

## פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען

וואָס זאָל זיין די פּראָגראַם פון דער שול? ווי זאָל מען לערנען לייענען און שרייבן? ווי זאָל מען לערנען מאַטעמאַטיק און פיזיק? ווי זאָל מען לערנען און וואָס זאָל מען לערנען פון געשיכטע און נאַטור־וויסנשאַפט? וואָס איז די פּראָגראַם פון יידיש־לימוד? וואָס איז דער אומפאַנג און ציל פון העברעאיש־לימוד? וואָס דאַרפן זיין די דערגרייכונגען?...

זאָל מען אָנהויבן דעם געשיכטע־לימוד פון ווייטן אַמאָל און דערגיין צום היינט, אָדער אָנהויבן פון היינט און פאַרבינדן אים מיטן אַמאָל? זאָל יידישע געשיכטע זיין אַ זעלבשטענדיקער לימוד אָדער אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם געשיכטע־לימוד?

ווי זאָל מן איינשטעלן די ריכטיקע טערמינאָלאָגיע פאַר פאַרשיידענע קעגנשטאַנדן? ווי זאָל אָנגעווענדט ווערן האַנט־אַרבעט אין שול, אַלס אַ קעגנשטאַנד און אַלס אַ מעטאָד?

עס קומען פאַר מיין זכרון דיסקוסיעס אויף לערער־באַראַטונגען, פּעדאַגאָגישע קאָנ־פערענצן, אויף זיצונגען פון פּעדאַגאָגישן אַמט פון "צישאָ". וואָס טיפער אין וואַלד, אַלץ געדיכטער די בוימער. וואָס מער די שול איז געוואַקסן, וואָס העכער אירע קלאַסן, וואָס מער אירע העכערע אינסטיטוציעס — לערער־סעמינאַרן, גימנאַזיעס, לערער־קורסן, אַלץ מער די זוכעניש, אַלץ שווערער זיינען געוואָרן די פּעדאַגאָגישע און מע־טאָדישע פּראָבלעמען.

איך הער ווידערקלאַנגען פון יענע דיסקוסיעס:

— וואָס איז דער ציל און די אויפגאַבע פון יידיש־לימוד? יידיש איז דאָך אַן אַקס אין אונזער שווערן פּעדאַגאָגישן וועזן. יידיש לעבן, יידישער שטייגער, יידישע פאָלקס־קענטשאַפט, יידיש וויסן איז דאָך אין יידישן לשון, אין דער יידישער ליטעראַטור — טאָ ווי גיט מען זיך אַן עצה אין אַ שעה אַ טאָג? ווי מאַכט מען אַן אויסוואַל אין דער ליטעראַטור? ווי פּאַקט מען אַריין אין אונזערע קינדער סיי מענדעלע'ן, סיי פּרץ'ן, סיי שלום עליכם'ען, סיי שלום אשן? און וואָס זאָל מען טאָן מיט דער נייער ליטעראַטור, מיט דער נייער פּאָעזיע?

די יידישע שול איז דאָך אין איר מערהייט אַן עלעמענטאַר־שול. זי ענדיקט זיך מיטן 7־טן קלאַס. דאָס ביטערע לעבן, די מאַטעריעלע נויט, רייסט אַרויס דאָס קינד פאַר דער

צייט — צו מלאכה, צו פראַצע, פאַרדינען אַ זלאָטע. וואָס־זשע טוט מען, אַז מען זאָל קאָנען אין קורצן שטח פון צייט דורך יידיש, דורך דער יידישער ליטעראַטור אַריינ־געבן כח, ווילן, אינטערעס אין קינד?

שרייבנדיק אָט די שורות, זע איך ממש די פנימער און איך הער די שטימען פון שלמה באַסטאָמסקי, כאַאימסאָן, פון מירער און סמאָליאַר, פון ראָזע סימכאָוויטש און יעקב גערשטיין... זיי זיינען שוין מען ניטאָ. זיי זיינען אַוועק מיט דעם דרך פון די קדושים.

— און ארץ־ישראל? — טענהט אַ לערער אויף אַ פעדאַגאָגישער קאָנפערענץ. — עס איז פיל מער ווי אַ פונקט אויף דער וועלט־מאַפּע. עס לעבט שוין טויזנטער יאָרן אין יידישן געמיט, אין פאָלקס נשמה. פאַרן חורבן בית המקדש האָבן יידן געוואָוינט אין ארץ־ישראל, און אין פאַרלויף פון צוויי טויזנט יאָר וואוינט ארץ־ישראל אין יידישן האַרצן.

— ארץ־ישראל מוז זיין אַ זעלבשטענדיקער לימוד. — יידן וואוינען אין דער וועלט און ניט אין ארץ־ישראל! — הער איך די שטים פון אַ צווייטן לערער. — ארץ־ישראל איז ראָמאַנטיק, אַ חלום. מען טאָר ניט אָפּרייסן די קינדער פון דער רעאַליטעט. ארץ־ישראל דאַרף מען לערנען ניט ווי אַ זעלבשטענדיקן לימוד, נאָר ווי אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם לימוד פון דער יידישער געשיכטע.

ציוניזם און "בונד" פירן אַ וויכוח אויפן יסוד פון שול־פראָגראַם אויף פעדאַגאָגישע צוזאַמענקומען.

הער איך אָפּקלאַנגען פון אַן אַנדער דיסקוסיע:

גייט דען אין אויסלערנען די קינדער אַזוי פיל און אַזוי פיל געשיכטלעכע נעמען און דאַטעס? זיי וועלן עס סיי ווי סיי פאַרגעסן. ניין, עס גייט אין איינפלוס, וואָס די קינדער טראָגן אַרויס פון דער שעה לימוד, אין די געפילן און געדאַנקען וואָס ווערן ביי זיי אויפגעוועקט. זאָלן זיי שפּעטער, אויב זיי וועלן האָבן אינטערעס, אַליין גיין לייענען, לערנען, שטודירן. מיר דאַרפן נאָר אויפוועקן דעם אינטערעס, דעם פאַרלאַנג. דעם קינדס מוח און האַרץ זיינען ניט קיין טשעמאָדאַנטשיקעס, וואו מען פּאַקט אַריין חפצים, שטיקלעך גייסטיקע ווערטן, און שפּעטער וועט דער תלמיד זיך אַרומטראָגן מיט דעם אויף די וועגן פון זיין לעבן. די שול דאַרף נאָר אויפוועקן דעם אינטערעס און דאָס איבעריקע — צא ולמד.

אָט איז אַ צימער פון אונזערע נאַטורוויסנשאַפטלער. אָט איז דער נאַטור־למדן פון לערער־סעמינאַר, ישראל ביבער. אָט איז די לערערין פון וואַרשע ליזא ארושקעס־זוסמאַן. עס דערטראָגן זיך אָפּקלאַנגען:

— ווי זאָל מען דערנענטערן די קינדער צו דער נאַטור?

— לערנען און דערקענען די נאַטור איז דאָך אַזוי וויכטיק.

— ווי אַזוי לערנען די תורה פון פויגל, בהמה און חיה?

— ווי אויפוועקן ביי די קינדער אַן אינטערעס צום בלייען, וואַקסן, וועלקן און ווידער בלייען פון געוויקסן, ווי זיי זאַפּן איין ליכט, זויגן וואַסער; ווי אַזוי אַ גאָרטן, אַ וואַלד, אַ לאָנקע ציען זיך צו דער הויך און בעטן: ליכט, ליכט...

— קאָן דען זיין אַ שענערע מעשה'לע אין קלאַס ווי אַ בוים, וואָס היילט אַליין זיינע וואונדן?

— און אונזערע שטאָט־קינדער זיינען וויט פון נאַטור. זיי זעען נאָר שטיינער און ציגל... פאָרן מיט זיי שפּאַצירן, עקסקורסיעס אין גערטנער; נעמען זיי זומער אויף קאָלאָניעס און קינדער־"רעפּובליקן", קלעטערן מיט זיי אויף בערג...

זיצן אונזערע מאַטעמאַטיקער, וואָס לערנען חשבון אין די קלאַסן, און פאַרטיפן זיך אין דער חכמה פון חשבון־לימוד:

— צוויי און צוויי איז פיר... — דאָס דאַרף ניט ווערן אָנגעזאָגט, איינגעחזרט, נאָר דערפונדן. קינדער דאַרפן אַליין דערפינדן, דערזען, זיך איבערצייגן, אַז צוויי און צוויי איז טאָקע פיר. דעמאָלט איז עס פאַר זיי אַ גרויסע חכמה, עס איז דאָ דערביי דער געגוס פון אַנטדעקונג.

— אָבער אונזערע יידישע קינדער — טענהט אַן אַנדער לערער — האָבן דאָך שאַרפע מוחות. זיי רעכענען דאָך "אויפן קאָפּ", און ניט נאָר צוויי און צוויי איז פאַר זיי ניט קיין חכמה, נאָר חסור, חבור, כפל, חלוק איז פאַר זיי ניט קיין שווערע תורה.

גייט אָן אַ סוף־לאָזע דיסקוסיע וועגן סאָציאַלער דערציאונג, וועגן זעלבשטענדיקייט פון די שילער, וועגן דער "קינדער־רעפּובליק", וועגן רעכט פון לערער און פליכט פון תלמיד.

— זאָל מען נאָר ביי דער פרייער דערציאונג ניט ווערן פריי פון דערציאונג — טענה'ט אַ לערער.

— זאָל אָבער די פרייער שול ניט ווערן קיין פאַרמאַכטע קאַזאַרמע — הער איך די שטים פון אַ לערערין.

מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, דיסקוסיעס, הייסע דעבאַטן...

דאָס אַלץ אין די פּעדאַגאָגישע וואַרשטאַטן, אין די לערער־צימערן, אויף פּעדאַגאָגישע קאָנפערענצן, אין די פּעדאַגאָגישע סעקציעס. שפּעטער קומט עס אַלץ צו די אַרבעטס־טישן פון "ציש"אָ", צום פּעדאַגאָגישן אַמט. נאָכדעם גייט עס אַריבער אין די זשורנאַלן, אין די צירקולאַרן, אין די לערן־ביכער. און אין סך־הכל:

— די "ציש"אָ" איז דער וואַרשטאַט פון דער פּעדאַגאָגיק און מעטאָדיק פון דער שול. "ציש"אָ" איז די קוזשניע, וואו עס ווערן אויסגעשמידט די פּעדאַגאָגישע מכשירים אינסטרומענטן און כלים.

נאָך יאָרן אַרבעט, זוכעניש, דערגרייכונגען, דערפאַרונגען, ברענגט אַרויס די "צישאָ" די רעזולטאַטן אויף די ממש וואונדערלעכע אויסשטעלונגען פון אירע שולן אין וואַרשע, אין ווילנע, אין ביאַליסטאָק, אין לאָדזש, לאָקאַרנאָ און פּאַריז.

וואו זיינען זיי, די מייסטערס פון דעם פּעדאַגאָגישן וואַרשטאַט? וואו זיינען זיי, די שרייבער פון די פּעדאַגאָגישע אַרבעטן, פּלענער, פּראָגראַמען, לערן־ביכער? וואו זיינען זיי, די מאָלער, די צייכנער, די סקולפּטאָרן, די לערער פון האַנט־אַרבעט, וואָס האָבן געהאָלפן שאַפן די אויסשטעלונגען? וואו זיינען זיי, די קינדער, די תּלמידים און תּלמידות, וואָס זיינען געווען די וועגווייזער אויף די אויסשטעלונגען, געוויזן די צענדליקער טויזנטער באַזוכער די חידושים און אויפטוען פון די אויסשטעלונגען, פּאַרטייטשט די בילדער, די קינדער־אַרבעטן, די שריפטן, און געוואָרן דורך דעם אַליין די וויכטיקסטע אויסשטעלונג פון דער שול־אויסשטעלונג?

געבליבן נאָר איינצלנע, געציילטע. די איבעריקע זיינען אַוועק אויף קידוש השם.

## צישאָ אין קאַמף פאַר רעכט פון דער שול ·

איך לאָז איצט אין אַ זייט די טויזנט און איין געשיכטעס פון צישאָ'ס זאָרג פאַר דער יידישער שול, פאַר איר מאַטעריעלן קיום. איך וויל נאָר אויסטיילן איין מאָמענט — און דאָס איז דער קאַמף פאַר אירע רעכט, קאַמף קעגן גזירות, רעפּרעסיעס, קעגן ברוטאַלן אַנטיסעמיטיזם. איך וועל אויך דערמאָנען דעם מענטשן, וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דעם דאָזיקן קאַמף — שלמה מענדעלסאָן. מיט אים צוזאַמען האָט גע־ווירקט אויף דעם געביט דער קדוש נתן בוקסבוים.

וועל איך ניט באַשרייבן איצט די טויזנטער איינצלהייטן, די כוואַליעס פון גזירות, דעם צער פון די לערער און שול־טוער, די עלנטקייט פון די קינדער פון די שולן. איך וועל נאָר אַלס ביישפּיל, ברענגען דעם קאַמף פאַר די רעכט פון דער ביאַליסטאָקער גימ־נאַזיע פון צישאָ.

די גימנאַזיע האָט דורכגעמאַכט אַ לאַנגע מאַרטירער־געשיכטע. זי האָט זיך געראַנגלט פאַר איר קיום. ביז דער בריסקער קוראַטאָריום האָט באַשלאָסן צו פאַרמאַכן די גימנאַזיע. די לערער און שול־טוער האָבן באַשלאָסן צו קעמפן, זיך ניט אונטערגעבן. גיין צום מיניסטער, גיין צו דער פּרעסע, גיין צו דער מאַסע. און, ביז ווען און וואָס, זאָל די גימנאַזיע עקזיסטירן געהיים, אונטער דער ערד. די טירן פון דער גימנאַזיע זיינען גע־שלאָסן. פּאָליציי־לייט שטייען ביי די טירן, היטן די קינדער זאָלן ניט קומען, די לערער זאָלן מיט זיי ניט לערנען. אָבער די לערער האָבן געלערנט מיט די קינדער געהיים, איינגעטיילט די תּלמידים אין געהיימע גרופּן און געלערנט אין פּריוואַטע הייזער. מען האָט צו לאַנג ניט געקאָנט ציען, און אַ דעלעגאַציע — געפירט פון שלמה מענ־דעלסאָן, גייט צום בילדונגס־מיניסטער אין וואַרשע, פאָדערן רעכט פאַר דער גימ־נאַזיע.

**לערער־קורסן פון צישאָ, ווילנע, ווינטער 1938**



אין די פאָדערשטע רייען זעט מען:

ג. פלודערמאַכער, אננע ראָזענטאַל, נ. בוקסבוים, ש. מענדעלסאָן, ח. ש. קאַזדאַן,
ל. מירער, רחל ראָטנבערג, ל. טורבאָוויטש, מ. יפה, איטקע לאַזאַר
זונדל מאַנדעלברויט

דער מיניסטער, אַן אַלטער, גרייזגרויער פּראָפעסאָר, מיט לאַנגע, אַראָפּהענגענדיקע וואָנצעס, איז געזעסן אויף זיין מיניסטער־שטול און געקוקט אין דער פּאַפּקע פּאַפּירן פאַר אים, וואָס שלמה מענדעלסאָן האָט אים איבערגעשיקט. אין דער פּאַפּקע — בריוו פון הויכע לייט, פון אַ פּאָר סענאַטאָרן, פון באַרימטע פּוילישע שרייבער, אויסשניטן פון אויסלענדישע און אינלענדישע צייטונגען וועגן דער יידישער שול.

— איר האָט דאָך אין ביאַליסטאָק געבראָכן דאָס געזעץ — האָט געזאָגט דער אַלטער פּראָפעסאָר פון רעכט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט און בילדונגס־מיניסטער, אַרייג־קוקנדיק אין פּאַפּירן. — דער שול־קוראַטאָר האָט די גימנאַזיע געשלאָסן און איר האָט איר ווידער געעפנט, אומלעגאַל, געהיימערהייט. דאָס איז אַ בפירושער אַנטי־מלוכה־אַקט, וואָס קאָן ניט געדולדעט ווערן. פּאָליציי זוכט אייערע געהיימע נעסטן. זי וועט אייך געפינען, און איר וועט באַקומען די העכסטע שטראָף. פּוילן איז אַ מלוכה, ניט קיין אַנאַרכיע.

און ער האָט זיך געווענדט צו די לערער פון ביאַליסטאָק, וואָס זיינען געווען צוזאַמען מיט שלמה מענדעלסאָן ביים מיניסטער:

— זאָגט מיר, וואו דען זיינען די 300 תּלמידים פון דער פאַרשלאָסענער גימנאַזיע, אויב ניט אין געהיימע, אומלעגאַלע נעסטן? איר ווייסט עס געוויס, איר האָט דאָך אַ האַנט אין דעם. דאָס איז קעגן דעם געזעץ. איר פירט געהיימע שולן. איר זייט פאַר־אַנטוואָרטלעך.

שלמה מענדעלסאָן האָט אַ רוק געטאָן זיינע ברילן איבער די אויגן. זיין הויכער שטערן האָט זיך צונויפגעקנייטשט. זיינע ליפּן האָבן שוין געציטערט, ווי שטענדיק, ווען ער גייט זאָגן עפּעס שטאַרקעס און געוואַגטעס. "אייער עקסעלענץ מיניסטער"... — האָט ער אָנגעהויבן.

— איך וואַרט ניט פון איך קיין תּשובה אויף מיין פראַגע — האָט געזאָגט בייז דער מיניסטער צו שלמה מענדעלסאָנען. — איך וואַרט פון די לערער.

די אויגן פון די לערער האָבן זיך באַגעגנט מיט די אויגן פון שלמה מענדעלסאָן, דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פירער. ער האָט אַזוי ווי צו זיי געזאָגט, זיי זאָלן אַרויס מיטן אמת.
— מיר וועלן אייך זאָגן, הער מיניסטער, דעם גאַנצן, פולן אמת. — האָבן געזאָגט די לערער — יאָ, מיר לערנען ווייטער מיט די קינדער. מיר לערנען געשיכטע, מיר לערנען פּויליש, לערנען געאָגראַפיע, מאַטעמאַטיק. מיר לערנען יידיש, העברעאיש.

— אין באַהאַלטענע דירות? — האָט געפרעגט דער מיניסטער.
די לופט ווערט אָנגעשטרענגט.

— יאָ, אין באַהאַלטענע דירות — איז געווען דער ענטפער. — מיר זיינען גרייט צו גיין מיט אייך און אייך ווייזן די געהיימע באַהעלטענישן. זאָל דער מיניסטער זען און הערן ווי אַזוי די לערער לערנען מיט די קינדער. מיר, די לערער, האָבן אַוועקגעגעבן פאַר דער גימנאַזיע אונזערע הערצער, אונזערע נשמות. אין איר ליגט אונזער האָפענונג, אונזער ליבע צו אונזערע קינדער, צו אונזער שול, און, אויב עס קומט אונז פאַר דעם אַ שטראָף, איז פאַרפאַלן!

עס האַלט ביי אַ שטורעם. נעמט איבער שלמה מענדעלסאָן דעם געשפּרעך, און ער זאָגט אַזוי:

— זאָל מיר דער הער מיניסטער מוחל זיין. איך וויל דעם פּראָפעסאָר עפּעס דער־מאָנען. איך בין געווען דעם פּראָפעסאָרס אַ תּלמיד. יאָ, אייערס אַ תּלמיד אין דער צאַרישער צייט, ווען מיר האָבן פאַרשטרייקט, ווייל אין דער גימנאַזיע, וואו איר זייט געווען פּראָפעסאָר, האָט מען פאַרבאָטן צו לערנען פּויליש. איר, די לערער, און מיר, די תּלמידים, האָבן דעמאָלט פאַרשטרייקט. עס האָט אין אונז אויפגעוואַכט דער גייסט פון פּוילנס "פּאָווסטאַניע" פאַר איר פרייהייט. איר, די לערער, האָט אים אין אונז אויפ־געוועקט. אַלע האָבן מיר געשטרייקט פאַר די רעכט פון פּוילנס מוטער־שפּראַך, הגם זי איז ניט געווען די מוטער־שפּראַך אין מיין מאַמע׳ס הויז. מיר האָבן געשטרייקט פאַר רעכט און גערעכטיקייט, פאַר די רעכט פון פּוילישן פאָלק, געשטרייקט קעגן קולטור־אונטערדריקונג, קעגן דער צאַרישער נאַציאָנאַליסטישער געוואַלט.

**לערער און שולטוער פון דער ציש״אָ־שול אין פּרוזשאַני,**
**בעתן באַזוך פון י. אָפּאטאָשו**



1־טע ריי פון אונטן (פון לינקס):

ג. אורינסקי, יערוכימאָוויטש, י. אָפּאטאָשו, שרה אייזענבערג, ח. יאַניש
2־טע ריי: ה. גרינבוים, י. ע. גלעזער, ש. קאַלאדני, א. פּערלשטיין

עס שטייען (פון לינקס):

מ. וואָלאָנסקי, מ. דובינסקי, פּ. ניעבאָשטשיק, נח צוקערמאַן, יענטע אורינסקי־
אוריעוויטש, מ. סטול, רחל סווענציאַנער, זלמן אוריעוויטש, וועווע ניצבערג

— געדענקט איר, הער פּראָפעסאָר — האָט שלמה מענדעלסאָן ווייטער געזאָגט — יענעם שטרייק? איך בין אַ ייִנגל געווען. אויך איר זייט געווען אַ סך ייִנגער. איר האָט מיט אונדז געלערנט אין געהיימע וואוינונגען. עס קלינגען נאָך היינט אין מיינע אויערן אייערע ווערטער: "דאָרטן, וואו עס איז ניטאָ קיין פרייהייט פאַר דער מוטער־שפּראַך, פאַר נאַציאָנאַלער קולטור, דאָרטן איז בכלל ניטאָ קיין מענשלעכע פרייהייט." מיר איז טייער פּוילן און איר פרייהייט. הונדערטער יאָרן זיצן שוין מיין משפּחה דאָ אין פּוילן, ביי דער ווייסל. מיר האָבן ליב דאָס לאַנד, זיינע פעלדער, זיינע טאָלן, זיינע בערג, זיינע וועלדער. הער פּראָפעסאָר, דורות קעמפער, דורות פּאָזיטיווסטן אַנצעס קוקן איצט אויף אייך!"

— איר זייט אַ גרויסער רעדנער — האָט געזאָגט דער מיניסטער צו שלמה מענדעלסאָן.
— זייט איר טאַקע געווען מיינער אַ תלמיד? איך האָב געהאָט ניט קיין שלעכטע תלמידים. ווי, זאָגט איר, איז אייער נאָמען? —

— שלמה מענדעלסאָן. איך בין געווען אייער תלמיד. — דאָס, וואָס איר האָט אונדז געלערנט, האָב איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. יענע קאַמפן האָבן מיר געוואונען. אַן אומאָפּהענגיק פּוילן איז שוין דאָ, אַ פּוילישע שול איז דאָ. איר האָט דערלעבט צום אַמט פון מיניסטער פאַר בילדונג. אָט זע איך אויף אייערע ווענט מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי'ן, זשעראָמסקי'ן, אָזשעשקאָ. איך האָב אַ געפיל, אַז זיי הערן אונדזער געשפּרעך. וועט איר מסכּים זיין, מען זאָל שליסן אַ גימנאַזיע, ווייל מען מען לערנט דאָרטן אין דער מוטער־שפּראַך? יאָ, ייִדן האָבן אויך אַ מוטער־שפּראַך. וועט איר אַנערקענען פאַר אַ פאַרברעכן דאָס, וואָס לערער האָבן געלערנט מיט תלמידים אין געהיים, ווייל זיי האָבן ניט געהאָט קיין אַנדער ברירה?

גענוג יענע זכרונות. דעמאָלט האָט זיך געענדיקט מיט דעם, אַז די גימנאַזיע איז ווידער געעפנט געוואָרן. ניט שטענדיק האָט זיך אַזוי געענדיקט. איך דערמאָן איצט די געשיכטע מיט דער ביאַליסטאָקער גימנאַזיע ווי אַ ביישפּיל פון קאַמף פון דער "צישאָ" פאַר די רעכט פון דער ייִדישער שול.

## די תלמידים



עס איז ביז היינט ווייניק געשריבן געוואָרן וועגן די לערער פון "צישאָ". דער יזכור־בוך איז אַ גוטער אָנהויב. עס איז ווייניק געשריבן געוואָרן וועגן די תלמידים פון די שולן, עס איז נאָך אפילו קיין אָנהויב ניט געמאַכט געוואָרן. עס איז ניט אָפּצורייסן איינס פון דעם אַנדערן — די "צישאָ", די שולן, די לערער, די קינדער, די עלטערן, די פּאָליטישע טוער — אַלע איין מחנה.

וועל איך וועגן די תלמידים פון די שולן שרייבן כאָטש אַ פּאָר שורות. זיי, די תלמידים, זיינען געשטאַנען פאַר אַ גרויסן עקזאַמען. עס איז געווען אַ פייערדיקער, אַ פלאַמיקער

עקזאַמען. איך מיין די פינצטערע טעג און פּלאָמיקע נעכט אין די נאַצי־געטאָס. קיינער ניט ווי זיי האָט דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן. זיי זיינען אַוועק אין דער אייביקייט, אין פייער און פלאַם, מיט דער קרוין פון גרויסקייט, מיטן כתר הכבוד. זיי, די תלמידים, די דערצויגענע אין די שולן פון "צישאָ" און שפּעטער די יוגנט, די סאָציאַליסטישע יונגע גוואַרדיע, זיינען געווען די היסטאָרישע עדות פון דעם, וואָס די שול האָט געמיינט פאַרן יידישן פאָלק.

**
*

די ראשי תיבות "צישאָ" — צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע, — זיינען אויס־געוואַקסן צו אַ מין שם המפורש. דער לערער־יזכור־בוך איז אַ יזכור ניט נאָר נאָך די לערער, נאָר אויך נאָך זייער אָרגאַניזאַציע, נאָך דער "צישאָ". די אָרגאַניזאַציע איז מער ניטאָ, די געביידע איז פאַרברענט, אָבער איר גייסט איז ניט אויסגעלאָשן. ער ווירקט ווייטער אין דער יידישער קולטור־מחנה, אין דער סביבה פון דער יידישער שול און פון יידישן לשון.

יעקב פּאַט



**רעאַלגימנאַזיע פון צ. ב. ק., ווילנע 1933**

אין צענטער לינקס — סאלאווײ

# צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע

מאַי 1919. די ווילנער יידישע באַפעלקערונג איז אויפגעטרייסלט און טעראָריזירט נאָך די שרעקלעכע געשעענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין שטאָט אין משך פון די לעצטע פאָר וואָכן.

דעם 19־טן אַפריל האָט דאָס פוילישע מיליטער נאָך אַ קאַמף מיט דער רויטער אַרמיי פאַרנומען ווילנע. די פוילישע סאָלדאַטן (אין ווילנע האָט מען זיי גערופן "די לעגיאָ־נערן") אין זייער ווילדן געיעג נאָך באָלשעוויקעס האָבן אין דעם טאָג דערשאָסן דעם יידישן שריפטשטעלער און דראַמאַטורג א. ווייטער, וועלכער איז אין שטאָט געווען פאָפולער און באַליבט נישט בלויז ווי אַ יידישער שרייבער, נאָר אויך ווי דער באַרימטער רעוואָלוציאָנערער פירער אין די שטורמישע טעג פון 1905; עס איז דעמאָלט אויך דערשאָסן געוואָרן דער לערער פון אַ יידיש־וועלטלעכער שול לייזער גורוויטש (שפּעטער איז די שול אָנגערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען). שמואל ניגער און לייב יאפע, וועלכע האָבן זיך צו יענער צייט געפונען אין ווילנע, זיינען אַרעס־טירט געוואָרן דורך דער פוילישער מיליטערישער מאַכט און זיינען באַפרייט געוואָרן נאָך אינטערווענצן און בקשות.

נישט געקוקט אויף דער געדריקטער שטימונג אין שטאָט, זיינען גלייך נאָך פּסח (אָנהייב מאַי) געעפנט געוואָרן די שולן. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אין דעם מאָמענט איז נישטאָ קיין שום אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכער כח, וואָס זאָל זאָרגן פאַר דער עקזיסטענץ און אויסהאַלטונג פון די שולן. די געזעלשאַפטן וואָס האָבן געהאָלפן אויסהאַלטן די אַנשטאַלטן איידער די סאָוועטן האָבן פאַרנומען ווילנע (מפיצי השכלה און "קינדער־פאַרזאָרגונג") זיינען בעת דער רוסישער הערשאַפט ליקווידירט געוואָרן. די יידישע קהילה האָט צו יענער צייט קוים אַרויסגעוויזן סמנים פון טע־טיקייט. די שולן זיינען געווען אָנגעוויזן בלויז אויף די לערער, וועלכע האָבן שוין ניט באַוויזן צו באַקומען זייערע שכירות פון דער אַוועקגייענדיקער מאַכט פאַר די לעצטע חדשים. עס האָט געמוזט אָרגאַניזירט ווערן אַ קערפּערשאַפט, וואָס זאָל זיין פאַראינטערעסירט אין דער אויפהאַלטונג פון יידישן שולוועזן.

דעם 17־טן מאַי, 1919, איז לויט דער איניציאַטיוו פון דער לערער־געזעלשאַפט און פון דער "קולטור־ליגע" צונויפגערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג כדי צו שאַפן אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פון די יידיש־וועלטלעכע דערציאונגס־אַנשטאַלטן. כדי צו באַקומען אַ באַגריף וועגן דעם אידעאיש־געזעלשאַפטלעכן יסוד פון דער ניי־געשאַפענער אָרגאַניזאַציע איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען די געזעלשאַפטן, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער פאַרזאַמלונג: יידישער לערער־פאַרבאַנד (געגרינדעט אין

סעפּטעמבער 1915); קולטור־ליגע (געשאַפֿן אין אָנהייב 1919 מיטן נאָענטסטן אָנטייל פֿון ש. אַנסקי און ש. ניגער); יידישע קולטור־קאָמיסיע פֿון ״בונד״; קולטור־קאָמיסיע פֿון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי; קולטור־קאָמיסיע פֿון די פּאַרטייען ״פּאַראייניקטע״ און לינקע פּועלי ציון; פֿאָרשטייער פֿון אַלע פּעדאַגאָגישע ראַטן פֿון די יידישע שולן. די פֿאַרזאַמלונג — דער פֿאָרזיצער איז געווען ש. ניגער — האָט באַשלאָסן צו שאַפֿן אַ נייע ־אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען ״צענטראַלער יידישער בילדונגס־קאָמיטעט״.

עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַן אויספֿיר־קאָמיטעט פֿון 19 פּערזאָן, וועלכער איז גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. אין ערשטן קאָמיטעט זיינען געווען: ש. אַנסקי, י. גורעוויטש, סאָפֿיע גורעוויטש, ב. האַלפּערן, מ. ווינרייך, ש. ידידאָוויטש, ד״ר אַ. מאַקאָווער, ש. ניגער, ס. סטופּעל־כהן (די פֿרוי פֿון ב. כהן־ווירגילי), ג. פּאַץ, ג. פֿלודערמאַכער, י. פֿראַנקפֿורט, ד״ר ה. קאָוואַרסקי, ד. קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי, ש. קלייט, ז. רייזען, ד״ר צ. שאבאד און מ. שור.

עס איז כדאַי איבערצוגעבן איניקע וויכטיקע פּונקטן פֿון סטאַטוט, וואָס דער קאָמיטעט האָט אויסגעאַרבעט, כדי צו באַקומען אַ פֿאָרשטעלונג וועגן די צילן און אויפֿגאַבעס פֿון דער ניי־געשאַפֿענער אָרגאַניזאַציע:

1. דער צ.ב.ק. שטעלט זיך פֿאַר אַ ציל צו פֿאַרפֿעסטיקן די יידיש־וועלטלעכע שול און אַוועקשטעלן זי אויף דער געהעריקער הויך.

2. כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל דאַרף דער צ.ב.ק.:

א) אַריינטראָגן אַן איינהייטלעכקייט אין דער פּעדאַגאָגישער אַרבעט פֿון דער יידישער שול;

ב) העלפֿן שאַפֿן די נויטיקע לערנביכער און לערן־מכשירים;

ג) אויסאַרבעטן פּראָגראַמען און לערנפּלענער;

ד) צוגרייטן אַ לערער־פּערסאָנאַל און זאָרגן, אַז די אויסבילדונג פֿון לערער זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן אויף דער נויטיקער הויך דורך דער גרינדונג פֿון פּע־דאַגאָגישע קורסן, אָרגאַניזירונג פֿון אויסשטעלונגען, עקסקורסיעס, ביבליאָטעקן א. א. וו.;

ה) האָבן אַ השגחה איבער דער טעטיקייט פֿון אַלע יידיש־וועלטלעכע שולן;

ו) עפֿענען נייע שולן, ביבליאָטעקן און מוסטער־אַנשטאַלטן.

ווי עס איז צו זען פֿון דעם סטאַטוט, איז דער צ.ב.ק. ביי זיין גרינדונג געוואָרן די צענטראַלע פּעדאַגאָגיש־אָרגאַניזאַציאָנעלע אינסטיטוציע. דער קאָמיטעט האָט ניט געהאַט בדעה און אוודאי ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו ווערן דער מאַטעריעלער באַלעבאָס פֿון די שולן.

די ווילנער יידישע קהילה האָט אין אַ קורצער צייט נאָך דעם איבערגענומען די מאַטעריעלע התחייבות פֿאַר אַלע יידישע און העברעאישע שולן. אָבער אין יאַנואַר

## מעלדונג וועגן טויט פון ג. פלודערמאַכער



מיר מעלדן דער באפעלקערונג פון ווילנער געטא,
אז נעכטן דעם 31-טן נאָוועמבער, איז אין עלטער פון 65 יאָר,
נאָך א קורצער קראנקהייט געשטאָרבן

גרשון פלודערמאכער

איינער פון די ערשטע לערער פון דער יידיש-וועלטלעכער קולטור,
מיטגרינדער פון יידישן שול-וועזן, שריפטשטעלער און פעדאגאג.

אלע צייכן פון טרויער ווערט ווירקט פון 12 ביז 3 איבערגעריסן
די עסקים פון אלע אונזערע אמטן.



**ווילנער יתומים־הויז נעמט אויף געסט, 1935**

פראָפ. ש. דובנאָוו, מאַרק שאַגאַל און פרוי, דניאל טשאַרני און פרוי

1921, איז פֿאָרגעקומען אַ שאַרפֿער קאָנפֿליקט צווישן די לערער־פֿאַראיינען און דער קהילה. די שולן האָבן דערקלערט אַ סטרייק און אין רעזולטאַט דערפֿון האָט די קהילה זיך אָפּגעזאָגט פֿון יעטוועדער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט לגבי די שולן, אַזוי אַז פֿון 15־טן יאַנואַר 1921 איז דער צ.ב.ק. געוואָרן ניט בלויז דער פּעדאַגאָגיש־אָרגאַניזאַציאָנעלער אָנפֿירער פֿון די שולן, נאָר אויך דער פֿינאַנציעלער באַלעבאָס, וואָס האָט געדאַרפֿט זאָרגן פֿאַר זייער פֿולשטענדיקער אויסהאַלטונג.

אין משך פֿון דער צייט האָט די שטאָט איבערגעלעבט דריי נייע מאַכט־בייטענישן: ווידער די באָלשעוויקעס — אין יולי 1920, —; די ליטווינער; און פֿון אויגוסט 1920 די פּוילישע מאַכט, צוערשט אין דער פֿאָרם פֿון "מיטל־ליטע", מיט דער צייט איז ווילנע אינקאָרפּאָרירט געוואָרן צו פּוילן.

די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון דער באַפֿעלקערונג איז געוואָרן זייער אַ געדריקטע. דער צ.ב.ק. איז אין אַ שטענדיקן דעפֿיציט און איז געצוואונגען צו רעדוצירן און פֿאַראייניקן אַנשטאַלטן מיט אַ קלענער צאָל קינדער. די שולן האַלטן זיך אויס פֿון שכר־לימוד, און דאָס דעקט אַן אומבאַדייטנדיקן פּראָצענט פֿון בודזשעט. פֿון צייט צו צייט באַקומט זיך אַמעריקאַנער הילף. פֿאַרשטייט זיך, אַז די שכירות פֿון די לערער איז אַ מינימאַלע און אַ נישט רעגולערע.

5 יאָר נאָך דער גרינדונג פֿון צ.ב.ק. — אין 1924 — פֿאַרמאָגט ער 17 אַנשטאַלטן: 2 קינדער־גערטנער, 8 פֿאָלקסשולן, 2 אָוונטשולן פֿאַר דערוואַקסענע און יוגנטלעכע, 2 גימנאַזיעס, 1 לערער־סעמינאַר, 1 אינטערנאַט פֿאַר אַרבעטער־קינדער און 1 קינדער־ביבליאָטעק. אין די שולן זיינען געווען 79 קלאַסן מיט 3039 תּלמידים־ות; דערפֿון אין די עלעמענטאַר־שולן 1769 און אין די מיטלשולן 642.

די פֿאַרצווייפֿלטע עקאָנאָמישע לאַגע פֿון דער ווילנער ייִדישער באַפֿעלקערונג, און באַזונדערס פֿון די שיכטן וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די צ.ב.ק.־שולן; די גזירות און רדיפֿות מצד דער פּוילישער בילדונגס־מאַכט; די גרינדונג פֿון פּוילישע רעגירונגס־שולן פֿאַר ייִדישע קינדער, וואו די עלטערן האָבן נישט באַדאַרפֿט צאָלן קיין שכר־לימוד — האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן גורם געווען, אַז די צאָל אַנשטאַלטן איז באַדייטנדיק פֿאַרקלענערט געוואָרן. די קינדער־גערטנער און די אָוונטשולן האָט מען געמוזט אויפֿגעבן, דער ייִדישער לערער־סעמינאַר איז אין יאָר 1931 געשלאָסן געוואָרן פֿון דער פּוילישער בילדונגס־מאַכט צוליב פּאָליטישע טעמים. אָבער די פֿאָלקס־שולן און איין גימנאַזיע (די ריאַל־גימנאַזיע) האָבן עקזיסטירט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה און האָבן אפֿילו געפֿירט זייער דערציערישע טעטיקייט אין די טראַגישע יאָרן פֿון ווילנער געטאָ־תּקופֿה.

◇ ◇ ◇

דעם 15־טן יוני, 1921, איז אין וואַרשע געעפֿנט געוואָרן דער ערשטער שול־צוזאַמענפֿאָר מיט 400 דעלעגאַטן פֿון גאַנץ פּוילן. דער ווילנער ייִדישער שולוועזן איז אויף דעם צוזאַמענפֿאָר געווען פֿאַרטראָטן מיט אַ באַדייטנדיקער צאָל דעלעגאַטן. אויף דעם

צוזאַמענפאָר איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אַנטשטייאונג פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע פון דער פּוילישער רעפּובליק (צ.י.ש.אָ.). דער צ.ב.ק. איז געווען אַן אָנגעזעענער באַשטאַנדטייל פון דער ציש״אָ, האָט אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיט דער ציש״אָ אין אַלע אירע אידעאיש־אָרגאַניזאַציאָנעלע אונטערנעמונגען. פאָרשטייער פון דער צישאָ פלעגן אָפט באַזוכן ווילנע, וויזיטירן די שולן, די מיטלשולן און דעם סעמינאַר, אינטערווענירן און זיך באַמיען אָפּצושרייען גזירות אויף די ווילנער שולן.

אין ווילנע איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער יידישער דערציאונג געשאַפן געוואָרן אַ פולע 8־קלאַסיקע מיטלשול, וואו אַלע למודים זיינען געלערנט געוואָרן אין יידיש. די מיטלשול (רעאַל־גימנאַזיע) איז באַזוכט געוואָרן פון 700 קינדער און איז געשטאַנען אויף אַ הויכן פּעדאַגאָגישן ניווא. דער גרעסטער טייל פון דעם לערער־פּערסאָנאַל האָט פאַרמאָגט העכערע בילדונג. דער דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע איז געווען דער באַקאַנטער פּעדאַגאָג לייב טורבאָוויטש (אומגעקומען אין ווילנער געטאָ).

דער צ.ב.ק. און די ציש״אָ האָבן צענדליקער מאָל אינטערווענירט ביי דער פּוילישער שולמאַכט וועגן מלוכה־רעכט פאַר דער גימנאַזיע. סוף כל סוף האָט זיך איינגעגעבן דאָס רעכט צו באַקומען. אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַ גראַדואירטער פון דער ווילנער יידישער גימנאַזיע געקענט אָנקומען אין אַ פּוילישן אוניווערסיטעט. די גראַדואיר־עקזאַמענס פלעגן אין דער רעאַל־גימנאַזיע פאָרקומען אויף יידיש — מיט דער באַטייליקונג פון אַ דעלעגאַט פון דעם בילדונגס־מיניסטעריום. דער פאַרשטאָרבענער שלמה מענדעלסאָן, ווי דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער ציש״אָ, פלעגט זיין דער שטענדיקער פאָרשטייער ביי די עקזאַמענס.

די גראַדואירטע פון דער יידישער מיטלשול זיינען געווען מאָדערנע יידישע אינטע־ליגענטע מענטשן מיט אַ באַדייטנדיקן יידישן און אַלגעמיינעם וויסן. זייער ראָל אין דער יידישער געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער און יוגנט־באַוועגונג איז געווען שטאַרק אָנגעזען.

דער יידישער לערער־סעמינאַר וואָס האָט עקזיסטירט אין ווילנע פון 1921 ביז 1931, איז געווען די איינציקע יידישע פולע 5־יאָריקע שול אויף צוגרייטן קוואַליפיצירטע לערער פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול. די יונגע לערער און לערערינס, וואָס האָבן געענדיקט דעם לערער־סעמינאַר זיינען בדרך כלל געווען די בעסטע און אי־דעאַליסטישסטע לערער פון די ציש״אָ־שולן איבערן גאַנצן לאַנד. מיט דעם סעמינאַר האָבן אָנגעפירט די באַקאַנטע פּעדאַגאָגן א. גאָלאָמב (איצט אין מעקסיקא), ראָזע סימכאָוויטש (אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ) און ד״ר י. ביבער (אומגעקומען אין ווילנער געטאָ). לערער זיינען געווען — צווישן אַנדערע: — אַרקאַדי קרעמער־מאַטעמאַטיק, ד״ר מ. ווינרייך־יידישע שפּראַך, מ. קולבאַק־ליטעראַטור, פ. האַלפּעריך־העברעאיש, י. גערשטיין־מוזיק.

די צוויי העכערע שולן — די רעאַל גימנאַזיע און דער סעמינאַר — זיינען פון דער ציש״אָ אַנערקענט געוואָרן ווי צענטראַלע אַנשטאַלטן און זיינען ספּעציעל סובסידירט געוואָרן.

אין די עלעמענטאַר־שולן פון צ.ב.ק. (פאָלקסשולן) איז די לערנשפּראַך געווען יידיש. די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור, יידישע געשיכטע און דעמאָגראַפיע זיינען געווען די צענטראַלע למודים. אין אַלע שולן איז העברעאיש און תנ״ך געווען פאַרפליכטנדיק פון דריטן קלאַס אָן. די אַלגעמיינע למודים ווי אַריטמעטיק, געאָגראַפיע, נאַטורוויסן א. אנד. זיינען געלערנט געוואָרן אין יידיש לויט דער מלוכה־פּראָגראַם פון די פּוילישע עלעמענטאַר־שולן.

די יידישע שולן זיינען פון דער בילדונגס־מאַכט אַנערקענט געוואָרן אַלס ״פּריוואַטע״ און האָבן קיין שום עפנטלעכע רעכט ניט געהאַט, קיין סובסידיע פון דער רעגירונג ניט באַקומען (אַחוץ אַ קורצע צייט אין דער תקופה פון ״מיטל־ליטע״, איידער ווילנע איז אינקאָרפּאָרירט געוואָרן צו פּוילן, ווען די לאָקאַלע פּוילישע מאַכט האָט ניט געוואָלט אַנטאַגאָניזירן די יידישע באַפעלקערונג).

אָבער די פּוילישע אינספּעקטאָרן פלעגן סיסטעמאַטיש און זייער שטרענג וויזיטירן די יידישע שולן. זיי זיינען בדרך כלל ניט געווען צופרידן מיט דער אידעאישער ריכטונג פון אונדזערע שולן, געפאָדערט מער פּוילישקייט, געווען ניט צופרידן מיטן צושטאַנד פון די שול־לאָקאַלן (אַלע צ.ב.ק.־שולן זיינען געווען אין געדונגענע בנינים). אויסער דער שטענדיקער זאָרג פאַר דער מאַטעריעלער אויסהאַלטונג האָט מען באַדאַרפט אומאויפהערלעך משתדל זיין זיך אָפּצואווענדן פאַרשיידענע גזירות, וואָס האָבן באַדראָט די עצם עקזיסטענץ פון די שולן.

ניט געקוקט אויף אַלע שטערונגען און מניעות מצד דער מאַכט, אויף דער פערמאַ־בענטער אָרעמקייט און דחקות, איז דער יידישער לערער געשטאַנען געטריי אויף זיין פּאָסטן און האָט באַטראַכט זיין אַרבעט און זיין באַרוף ווי אַן עבודת הקודש. די לערער פון די באַזונדערע שולן פלעגן האָבן סיסטעמאַטישע זיצונגען פון פּעדאַגאָגישן ראַט; זיי האָבן געשאַפן טערמינאָלאָגיעס אויף פאַרשיידענע למודים, געשאַפן לערנביכער, פּראָגראַמען פון יידיש, העברעאיש, געשיכטע. גאָר אָפט זיינען פאָרגעקומען שטאָטישע קאָנפערענצן, וואו מ'האָט גרינדלעך און אַלזייטיק באַטראַכט די דעפעקטן און די דערגרייכונגען אויף די באַזונדערע למודים. די יידישע לערערשאַפט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ באַדייטנדיקן קולטור־פאַקטאָר אין ווילנער יידישן לעבן. דער יידישער לערער איז געווען דער געטרייסטער קעמפער און בויער פון דער יידישער שול בפרט און פון דער יידיש־וועלטלעכע קולטור בכלל.

דער יידישער לערער־פאַראיין האָט נישט בלויז געזאָרגט פאַר די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון זיינע מיטגלידער (ביי דער רעכטלאָזיקייט פון דער יידישער שול און געדריקטן פינאַנציעלן מצב פון זיין ״באַלעבאָס״ — דעם צ.ב.ק. — האָט דער פאַראיין קיין גרויסע זיבן זאַכן נישט געקענט אויפטאָן), ער האָט אויך אַנטוויקלט אַ פאַר־

צווייגטע קולטור־ און בילדונגס־אַרבעט. ער האָט פאַרמאָגט אַ פיינע ביבליאָטעק, וואָס פלעגט סיסטעמאַטיש באַרייכערט ווערן דורך איינשאַפן די בעסטע ווערק פון דער יידישער און אייראָפעאישער ליטעראַטור, פון פעדאַגאָגיק און מעטאָדיק אויף פאַרשיידענע שפּראַכן.

אין ווילנע זיינען פאָרגעקומען צענטראַלע שול־אויסשטעלונגען איינגעאָרדנט פון צ.ב.ק.־אין 1919, 1923 און 1930, וואו עס זיינען געקומען צום אויסדרוק דער נאַציאָנאַלער, פאָלקסטימלעכער מהות פון דער שול און די שאַפונגס־פעאיקייט פון די קינדער אויף אַלע למודים. אויף די באַרימטע אינטערנאַציאָנאַלע שול־אויסשטעלונגען אין לאָקאַרנאָ (שווייץ), פּאַריז און ניצע (פראַנקרייך), אין וועלכע די ציש״אָ־שולן האָבן אַנטייל גענומען, האָבן די עקספּאָנאַטן פון די ווילנער יידישע שולן שטאַרק אויסגענומען. אויף די דריי גראַנדיעזע שול־אויסשטעלונגען פון די ציש״אָ־שולן געווידמעט שלום עליכם, מענדעלע און ״יידן אין פוילן״ (די לעצטע איז פון דער פוילישער מאַכט פאַרבאָטן געוואָרן), האָבן די אַרבעטן פון די ווילנער יידישע שולן און פון דער גימנאַזיע זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט.

די ווילנער יידישע באַפעלקערונג, באַזונדערס די עלטערן פון די קינדער, די יידישע אַרבעטערשאַפט און די דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ, האָט געשאַפן אַרום דעם צ.ב.ק. און זיינע שולן אַן אַטמאָספער פון ליבשאַפט און וואַרעמקייט. די צענטראַלע שול־ימים־טובים, אַלגעמיינע גראַדואיר־פייערונגען פלעגן דורכגעפירט ווערן אין די גרעסטע טעאַטער־זאַלן פון שטאָט און אויפגענומען ווערן מיט אויפריכטיקער באַגייסטערונג.

אין אויגוסט, 1935, איז אין ווילנע פאָרגעקומען דער ערשטער וועלט־צוזאַמענפאָר פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. דער צ.ב.ק. האָט איינגעאָרדנט לכבוד די דעלעגאַטן און געסט פון צוזאַמענפאָר אַ פייערלעכן שול־קאָנצערט. עס איז אויפגעטראָטן אַ כאָר און אַ שול־אָרקעסטער פון הונדערט קינדער פון די פאָלקשולן און פון גימנאַזיע, אָנגעפירט פון די געזאַנג־לערער אברהם סלעפּ און יעקב גערשטיין. די תלמידים האָבן אויפגעפירט פאַרשטעלונגען פון די ווערק פון יידישע קלאַסיקער. דער גרויסער טעאַטער־זאַל איז געווען אָנגעפילט מיט טויזנטער מענטשן. עס האָט געהערשט אַ שטימונג פון הייליקער באַגייסטערונג. די דעלעגאַטן, וואָס זיינען געקומען פון די באַדייטנדיקסטע ישובים פון דער גאָרער וועלט, האָבן אויסגעדריקט דעם צ.ב.ק. זייער דאַנקבאַרקייט פאַר פאַרשאַפן זיי שעהען פון דערהויבנקייט און טיפן נחת רוח. עס איז געווען אַ טריאומף־טאָג פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול.




צוגלייך מיט דער אַרבעט אין די שולן איז געפירט געוואָרן אַן אינטענסיווע, סיסטעמאַטישע אויפקלערונגס־טעטיקייט צווישן די עלטערן: פאַרזאַמלונגען, רעפעראַטן, פּאָפּולערע לעקציעס פלעגן פאָרקומען אין די באַזונדערע שולן און אין צענטראַלן מאַסשטאַב.

**עפענונג פון דער שול־אויסשטעלונג אין ווילנע,**
**15־טער אַפּריל 1930**



אין פּרעזידיום (פון לינקס):

יוסף טשערניכאָוו, א. גאָלאָמב, ל. האָדעס, מאריע אָקון, ח. פופקאָ, ח. ש. קאַזדאָן, ש. מענדעלסאָן, ד"ר צ. שאבאד, ב. ווירגילי־כהן, ד"ר ה. קאָוואַרסקי, אננע ראָזענטאַל, ח. ל. פּאָזנאַנסקי, ג. זאָלצמאָן

**לערער־קאָנפערענץ פון די ציש"אָ־שולן אין ווילנער געגנט, 1924**



אין צענטער: — א. קליאַנסקי, אומבאַקאַנט, ברוך לובאַצקי, א. גאָלדמאָן
ערשטע ריי אין צענטער — י. רובין

אין משך פון יאָרן איז אויפגעקומען אַ שיכט באַוואוסטזיניקע עלטערן און שולטוער, וועלכע זיינען געווען איבערגעגעבן און געטריי די שולן בלב ונפש.

די עלטערן־קאָמיטעטן און דער צענטראַלער עלטערן־קאָמיטעט (צ. ע. ק.) פלעגן העלפן די שולן אין אַלע אונטערנעמונגען, אַגיטירן פאַר די שולן, ווערבירן קינדער, שטיצן די שולן מאַטעריעל אין די ראַמען פון זייערע מעגלעכקייטן.

דער צ.ע.ק. פלעגט יאָר־יערלעך אָרגאַניזירן זומער־קאָלאָניעס פאַר די אומפאַר־מעגלעכע קינדער פון די שולן.

◇ ◇ ◇

דער שרייבער פון די שורות האָט געאַרבעט אין ווילנע פון אויגוסט 1920 ביז יוני 1940. געווען אַ לערער אין די שולן, אַן עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון צ.ב.ק. און די לעצטע 10 יאָר (פון 1930) — פאַרוואַלטער פון אַ צ.ב.ק.־שול אויפן נאָמען פון שלום עליכם. ער האָט גוט געקענט און איז געווען פאַרבונדן אין אינטימער פריינדשאַפט מיט די אַלע וואָס האָבן מיטגעווירקט דער אַנטוויקלונג און גלאָריע פון דער יידיש־וועלטלעכער שול אין ווילנע.

מיט אַ געפיל פון הייליקן ציטער אין האַרצן דערמאָנט ער זיך די הונדערטער חברים לערער און שולטוער, וואָס זיינען געשטאַנען ביי דער אַרבעט, אָפּגעגעבן זייערע פע־איקייטן, ענערגיע און טאַלאַנט במשך פון צענדליקער יאָרן פון דעם בראשית פון דער מאָדערנער יידישער שול ביז איר טראַגישן סוף.

קיין איינער פון די הונדערטער שולבויער און טוער איז ניט געבליבן לעבן. גע־ציילטע יחידים פון דער ווילנער לערערשאַפט האָבן איבערגעלעבט דעם גרויסן חורבן פון דער יידישער ווילנע.

דער גאַנצער כלל לערער פון ירושלים דליטא האָט געטיילט דעם גורל פון דעם יידישן פאָלק אין פוילן.

זאָל זיין געהייליקט זייער ליכטיקער אָנדענק.

מאַי, 1953, מאָנטרעאַל. — י ע ק ב  ג ר אַ ס מ אַ ן

**דער** צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט (צע־בע־קא) אין ווילנע איז געשאַפן געוואָרן מיט אַ צוויי יאָר פאַר דער ציש״אָ, און אין דער שאַפונג פון דער לעצטער האָט דער צ.ב.ק. געהאַט אַ גרויסן חלק. די פאַרשטייער פון צ.ב.ק. — סיי די לערער און סיי די שולטוער — האָבן אין די פאַר־קאָנפערענצן פון 1919—1921 וואָס האָבן געבראַכט צו דער גרינדונג פון דער ציש״אָ, אַריינגעטראָגן אַ סך קולטור־עקשנות, אויסדויער און זיכערקייט אין די פערספעקטיוון פונעם נייעם שולוועזן, נאַציאָנאַלן שטאָלץ און זעלבסטווירדע, דורכגעדרינגענקייט מיט יידישער קולטור און יחוס־ווילנע. און דער עיקר, זיי האָבן געבראַכט אַ רייכן צושטייער: אַ פאַרטיקע גרויסע נעץ פון




**פאָלקשול אויפן נאָמען פון לייזער גורוויטש ביים צ.ב.ק., ווילנע**

אין צענטער — מ. יפה

שול־און דערציונגס־אַנשטאַלטן אין דער ירושלים דליטע, אַן אוצר פון לערער מיט ייִדישער און אַלגעמיינער בילדונג, מיט פּעדאַגאָגישער צוגעגרייטקייט, און צו דעם אַלעמען — אַן אוצר פון באַגייסטערונג און פעסטן גלויבן פון יחידים און פון אַ גרויסער מאַסע ייִדישע פאָלקסמענטשן.

**שפּעטער,** ווען די ציש״אָ איז שוין געווען אַ פאַקט און עס זיינען פאַראייניקט געוואָרן אַלע שטראָמען פון ייִדיש־וועלטלעכער שול אין קרוין־פּוילן, וואָלין, אין ביאַליסטאָקער געגנט, לובלינער געגנט, און ווילנער פּראָווינץ, — איז אָבער דער שטאָלץ און אָנזען פון ווילנע ניט קלענער געוואָרן. מיט דער צייט האָט זיך אפילו געשאַפן אַ ״נוסח ווילנע״. אייניקע טוער און לערער פון צ.ב.ק. האָבן אַזוי געטראַכט: ״וואַרשע״ איז ניט גענוג נאַציאָנאַל, ווילנע דאַרף ווייזן דעם וועג פאַר אַ נייער נאַציאָנאַלער ייִדישער פאָלקשול; עס זיינען נויטיק הנחות לגבי פאָלקסטימלעכקייט און טראַדיציאָנעלקייט אין שול, לגבי העברעאיש; מען דאַרף ווייניקער טראָפּ לייגן אויף דער סאָציאַלער דערציונג פון די קינדער; דורך דעם וועט מען געווינען די ברייטע מאַסע עלטערן, די ייִדישע עפנטלעכקייט; מע דאַרף ניט פאַרשאַרפן די פּראָפּאַגאַנדע און די פּראָטעסטן לגבי דער רעגירונג, וועט מען אַרויסקריגן מער הנחות מצד דער שול־מאַכט; מע דאַרף באַזייטיקן פאַרטייאישקייט פון דער שולבאַוועגונג.

**די** צייט האָט אָבער אויסגעגליכן די מיינונגס־פאַרשידנהייטן. די ״ציש״אָ״ — איז אין איר פּאָליטישן קאַמף געשטאַנען איינהייטלעך און פעסט. פּראָגראַמאַטיש — פּעדאַגאָגיש האָט די לערערשאַפט פון ציש״אָ אויסגעטראָטן איר אייגענעם וועג, אַן איינהייטלעכן פאַרן גאַנצן שולוועזן, פריי פון נאַציאָנאַלע אילוזיעס און פּעדאַגאָגישע אוטאָפּיעס. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, די פאַרטיי־מיטגלידערשאַפט און די עלטערנשאַפט האָבן אַרויסגעוויזן אומגעהויערע געטריישאַפט צו דער שול. ״נוסח ווילנע״ איז ניט אַרויס פונעם גדר פון טעאָרעטישע דיסקוסיעס. אין דער שול־פּראַקטיק, אין די פּעדאַגאָגישע אויפטוען, אין קאַמף פאַר רעכט, אין איר פינאַנציעלער פּאָליטיק — איז די ציש״אָ געווען איינהייטלעך, מאָנאָליטיש, געווען באמת אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע, אויטאָריטעט פאַר אַלע אירע טיילן, און ווילנע בתוכם.

**און** ביי דעם אַלעמען איז צ.ב.ק. געווען און פאַרבליבן אַן אייגנאַרטיקע דערשיינונג אין דער שולבאַוועגונג פון פּוילן. דער צ.ב.ק. איז בשום אופן ניט געווען בלויז אַ אָרטיקע פאַרוואַלטונג אָדער בלויז אַן אָפּטיילונג פון דער ציש״אָ, ווי דאָס איז געווען אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך. דער צ.ב.ק. האָט אויף קיין איין מאָמענט ניט פאַרלוירן זיין באַזונדערע אידעאישע חשיבות, זיין נאַציאָנאַל־שעפערישן כאַראַקטער. פאַרבלייבנדיק אַ געטרייער מיטגליד פון ציש״אָ און אירע צענטראַלע קערפּערשאַפטן, האָט דער צ.ב.ק. זיך ניט פאַרלאָזט אין אַלץ אויפן צענטער, ער האָט געזוכט זיינע אייגענע וועגן, געפּרוווט אויסאַרבעטן זיינע אייגענע קאַמפס־מעטאָדן און לאָזונגען. אין דעם זינען איז זיין ראָל אין דער שולבאַוועגונג געווען וויכטיק, עס איז געווען




**ש. פרוג־שול, ווילנע 1933**

אַ מין דערגאַנצונג צו די שטימונגען און געזעלשאַפטלעכע געוואוינהייטן פון וואַרשע, ביאַליסטאָק און לאָדזש. דער צ.ב.ק. האָט ניט אויפגעהערט צו זיין שעפעריש און פראָדוקטיוו — סיי פעדאַגאָגיש, סיי געזעלשאַפטלעך און אידעאָלאָגיש. הגם טיף אַריינגעטאָן אין זיינע אָרטיקע שול־פּראָבלעמען, וועלכע האָבן צייטנווייז באמת אויסגעזען טראַגיש, האָט דער צ.ב.ק. קיינמאָל ניט פאַרלוירן די אַלגעמיינע פּערס־פּעקטיוו. ער האָט געקעמפט העלדיש קעגן די אַנטיסעמיטישע פאַראָרדענונגען פון דער אָרטיקער שולמאַכט, ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אינעם ווילנער שטאָט־ראַט ווי אַ גלייכער צווישן גלייכע און געפאָדערט דעם אַנטשפּרעכנדיקן חלק פון שול־בודזשעט. דער ווילנער לערער־סעמינאַר איז אין אַ גרויסער מאָס געווען דאָס קינד פון צ.ב.ק., און אין די שווערסטע צייטן האָט ער דעם סעמינאַר אַרומגערינגעלט מיט ליבע, אויפמערקזאַמקייט, זאָרג. די 8־קלאַסיקע רעאַל־גימנאַזיע פון צ.ב.ק. איז געוואָרן אַ מוסטער פאַר אַנדערע שטעט, געוואָרן דער שטאָלץ און דאָס שיינדל פונעם גאַנצן שולוועזן, געוואָרן דער אידעאַל און צוצי־קראַפט פאַר עלטערן און יוגנט פון די ווייטסטע שטעט. דאָס שטרעבן אַרויסצורייסן די יידישוועלטלעכע שול פון די ענגע גרענעצן פון אַן עלעמענטאַר־שול און שטויסן איר צו העכערע פאָרמען פון

בילדונג — האָט אַרויסגערופן דרך ארץ און אָפּשאַצונג צווישן די ברייטע קרייזן צישאָ־שולטוער.

מיט דער צייט האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע אין ווילנע סטאַביליזירט, די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג און די ווירקונג פון "בונד" איז שטאַרק געוואַקסן. אין דער שול־אַרבעט האָט דער צ.ב.ק. אַ סך געלערנט פון "וואַרשע", פון דער צישאָ־צענטראַלע, פון זייערע מעטאָדן פון פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן קאַמף כלפּי חוץ און אינעווייניק אין יידישן לעבן. די יונגע סאָציאַליסטיש־פּאַרטייאישע לערערשאַפט פון די גרויסע פּוילישע שטעט, מיט איר טעמפּעראַמענט און התלהבות, מיט איר רירעוודיקייט און אומרו, מיט איר קרבנות־גרייטקייט און קעמפערישקייט — האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף ווילנע. די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן איז די פאַר־זיצערין פון צ.ב.ק. געווען די אַלטע אויסגעפּרואווטע בונדישע טוערין אננע ראָזענטאַל, די ליניע פון צישאָ און צ.ב.ק. האָט זיך אויסגעגלייכט.

צ.ב.ק. איז געווען אַ גרויסע קולטור־און שול־דערשייִנונג אין יידישן לעבן פון פּוילן. צ.ב.ק. איז געווען אַ וויכטיקער נערוו פון אונדזער שול־באַוועגונג אין פּוילן, אַ קוואַל פון נאַציאָנאַלער שעפערישקייט און טיפן גלויבן אין יידיש־וועלט־לעכער שול און קולטור. דער צ.ב.ק. איז געווען אַ קוואַל פון אינספּיראַציע און אַ מוסטער פון שול־בויאונג פאַרן גאַנצן לאַנד.

ח. ש. קאַזדאַן

# ביאַליסטאָקער שול־וועזן

צו שרייבן וועגן ביאַליסטאָקער שול־וועזן מיינט זיך טובלען אין שטרעבונגען, האָפענונגען און קאַמפן פון אַ דור, וואָס האָט פאַרמאָגט רעוואָלוציאָנערן מוט, שוואונג, גרויסע אידעען און גאולה־אידעאַלן, — אַ דור וואָס האָט אַרום דעם אידעאַל פון סאָציאַליזם מאָביליזירט מאַסן.

דאָס ביאַליסטאָקער שול־וועזן איז געווען אַן אויסדרוק ניט נאָר פון דער דינאַמישקייט פון דער שטאָט ביאַליסטאָק, נאָר אויך פון דער ברויזנדיקער שעפערישקייט אין לעבן פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום.

ביאַליסטאָק, די שטאָט פון "בונד", די שטאָט פון וועבער און גאַרבער, די שטאָט פון דעם היסטאָרישן באַגינען, אין וועלכן עס זיינען איינגעוועבט געוואָרן די וואונדערלעכע טרוימען נאָך אַ גערעכטער וועלט פאַר אַלעמען, די האָפענונגען פון מענשלעכער אויסלייזונג.

ביאַליסטאָק האָט די ערשטע דורכגעפירט דעם גרויסן קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט, די רעכט פון העלפט אויף העלפט מיט די פוילישע אַרבעטער אין די טעקסטילפאַבריקן, זי איז די שטאָט, וואָס האָט געבויגענע אין דרייען, מענשן פון מורא און הכנעה, פאַרוואַנדעלט אין קעמפער, די שטאָט פון דעם לעגענדאַרן זעלבסטשוץ אין די צייטן פון די פּאָגראָמען, וואָס האָט פאַרטיידיקט די גאַסן פון אָרעמקייט, די הייזער פון נויט, — די דאָזיקע שטאָט האָט אויך געשריבן איינעם פון די שענסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון דער יידישער קולטור, פון דעם יידישן שול־וועזן.

שוין ביים אָנפאַנג האָבן די לערער און שולטוער פון ביאַליסטאָק, מיט זייער ענערגיע און אונטערנעמונגס־גייסט, אָנגעשטעקט די שטעט און שטעטלעך וואָס זיינען געלעגן ביי די טייכן ביאַלע, בוג, ניעמאַן. צוזאַמען האָט מען געפירט דעם גרויסן קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג, ביי וועלכן די יידישע שול איז געווען אַרויסגערוקט אויף דער פאָדערשטער פּאָזיציע: גראָדנע, וואָלקאָוויסק, פּרוזשענע, ביעלסק, וויסאָקע־ליטעווסק, סוויסלאָטש, וואשליקאָווע, סאָקאָלקי, קרינקע, זאַבלודאָווע, יאַשינאָווקע און נאָך שטעט און שטעטלעך אַרום, מיט עקשנות און גרעניצלאָזן אידעאַליזם איז דאָרט געבויט געוואָרן די שענסטע פּאָזיציע פון יידישן אַרבעטסמענטש.

יעדער שטיין ביים בויען די שול איז געוואַשן געוואָרן אין קדושה. יעדער טריט איז געווען אַ מאַרש פון דערוואַכטע מחנות, פון יחידים, פול מיט אידעאַליזם, וואָס האָבן אין האַרצן געטראָגן ליבשאַפט, איבערגעבנקייט צו דעם יידישן קינד, צום נייעם דור וואָס האָט געדאַרפט איבערנעמען די ירושה פון נעכטן און געשטרעבט אריינצוטראָגן אַ נייעם נוסח אין דער דאָזיקער גרויסער ירושה.

**ביים לייגן דעם גרונטשטיין**
**פאַר דער ב. מיכאַלעוויטש־שול אין ביאַליסטאָק, 1936**



ב. טאַבאַטשינסקי רעדט פאַרן גרויסן עולם

אויף דער טריבונע:

ה. הימעלפאַרב, ח. ש. קאַזדאַן, ז. קאַצענעלנבויגן, ל. דאָמעראַצקי

ביאַליסטאָק האָט אין די שווערסטע יסורים־טעג פון די נאַצי־געטאָס אַנטפּלעקט די מסירת נפש פון ווידערשטאַנד, די העראָאישקייט פון אַ קאָלעקטיוו, אין וועמעס הערצער עס איז געווען אַזוי פיל קדושה געבונדן מיט גבורה. ביאַליסטאָק האָט אויף איר אייגענעם אופן זיך געראַנגלט מיט די דייטשע בעסטיעס, לענגער ווי אַנדערע שטעט. זעקס וואָכן האָט די דאָזיקע נישט־גלייכע שלאַכט געדויערט, אַ שלאַכט אין וועלכער עס האָבן צווישן קדושים און טהורים אויך אָנטייל גענומען די קינדער פון אונזער שול.

אין דער אומענדלעכער מגילה פון צער און צאָרן פון די לעצטע פאַר־מלחמה יאָרן, האָט ביאַליסטאָק געשריבן אירע אייגענע זייטלעך פון העראָיזם, זי האָט עס געקענט אַרויסכישופן אין אַ גרויסער מאָס אויך דערפאַר, ווייל עס האָבן אין דער ביאַליסטאָקער

געטאָ אַרויסגעשטראַלט די יידישע לערער, די תּלמידים פון די שולן, דער יידישער קולטור־טוער. אין די נסיון־טעג זיינען זיי אַלע פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין העלדן.

די געשיכטע פון ביאַליסטאָקער שול־וועזן איז אין אַ גרויסער מאָס די געשיכטע פון די ביאַליסטאָקער אַרבעטער און פאָלקס־מענשן. ביאַליסטאָקער שול־וועזן איז אין דעם זין געווען אַן אויסנאַם, זיינע טרעגער זיינען געווען יידישע אַרבעטער הויפּט־זאכלעך, בונדיסטן און מיט זיי אַ דינער שיכט פון דער יידישער פאָלקס־אינטעליגענץ.

אָנגעהויבן האָט זיך די שול־באַוועגונג אין די גאַסן פון נויט, אין די הייזער פון פּיין. אויף כאַנייקעס, דאָרט וואו עס האָט געלעבט די יידישע אָרעמקייט, וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען אלימלך׳ס ישיבה, אַ פּוסטע, אַ ליידיקע, איז אין 1912 געגרינדעט געוואָרן די ערשטע קינדער־היים, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען ״גן ילדים״. עס איז געווען אַ קאָמפּראָמיס מיט די דאַמאָלסדיקע מפיצי־השכלה־טוער, וועלכע האָבן געוואָלט גראָד דאָרטן פאַראַנקערן אַ העברעאישן נאָמען. יידיש איז געווען נישט נאָר דאָס לשון פון די מענטשן פון די דאָזיקע גאַסן, נאָר זייער אינטימסטע פאַרבינדונג מיט דער וועלט, מיטן יידישן פאָלקס־לעבן.

אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס זיינען אַ ביסל פרייער געוואָרן די פּאָליטישע פּענטעס, וואָס האָבן געבונדן דעם יידישן אַרבעטס־מענש, ווען מען האָט געקענט פאַנאַנדערוויקלען די זעלבסטטעטיקייט געבונדן מיט שעפערישקייט, איז די דאַמאָלסדיקע הונגעריקע מאַסע אויף דעם רוף פון ״בונד״, ס. ס. און פּועלי ציון, צוזאַמען מיט דער ראַדיקאַל־נאַציאָנאַלער יוגנט, אַרויסגעקומען מיט לעבעדיקע אינסטיטוציעס, מיט דער ״יוגנט־פאַראיין״ שול, מיט דער ״פּרץ־שול״, מיט דער ״גראָסער־שול״, און פון זיי איז אויסגעוואַקסן אַ גאַנצע קייט פון שולן און קולטור־בנינים, וועלכע האָבן מיט זייער גייסט אַרומגענומען אַלע טיילן פון שטאָט.

אין די דאָזיקע שולן איז דאָס יידישע ליד אַרויסגעזונגען געוואָרן פון אַן ערך צוויי טויזנט יידישע קינדער מיט צעשטראַלטע פּנימער, גלאַנצנדיקע אויגן. קינדער, וועלכע האָבן געשלונגען יעדער ניי וואָרט אויף יידיש.

צענדליקער לערער האָבן ביי דעם וואַרשטאַט פון דער שול זיך געלערנט לערעריי. ביי די שולן איז גלייך געגרינדעט געוואָרן אַ קורץ־טערמיניקער סעמינאַר פאַר לערער, וואו מען האָט זיך אין דער אַרבעט פאַרטיפט, זוכנדיק צו געפינען נייע טערמינען, נייע וועגן, ווי אַזוי צוצוקומען צו דער נשמה, האַרץ און מוח פון יידישן פאָלקס־קינד. פון דער ערשטער מינוט אָן איז דער ביאַליסטאָקער שולוועזן געטראָגן געוואָרן דורך אַ כוואַליע פון נאַציאָנאַלער דערוואַכונג און פּאָליטישער אַקטיווקייט פון פּיאָנערן לערער און שולטוער, וועלכע זיינען צוזאַמען מיט די עלטערן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בויער פונעם שול־וועזן.

וועגן יעדן איינעם פון זיי וואָלט מען געקענט שרייבן בלעטער פון מסירת נפש, דערציילן ווי אַזוי מען האָט דעם לעצטן גראָשן אַוועקגעגעבן פאַר דער שול, ווי אַזוי וועבער האָבן אין מיטן טאָג אָפּגעשטעלט די אַרבעט אין די פאַבריקן און עס איז

געמאַכט געוואָרן אַ געלט־זאַמלונג כדי צו געבן אַ מעגלעכקייט צו באַהייצן די שולן, נישט צו דערלאָזן, אַז מען זאָל אַ שול צוליב דירה־געלט אַרויסוואַרפן אויף דער גאַס.

אין צענטער פון די גרעסטע יידישע פאָלקסמאַסן האָט געלעבט און געווירקט די גראָסער־שול. אין סאַמע מיטן פון שטאָט, אויף קאַסטשעלני גאַס, דאָרט וואו עס איז אַמאָל געווען די געביידע פון רוסישן העכערן געריכט, איז געשטאַנען די מענדעלע־שול. אויף וואַרשעווער גאַס — די פּרץ־שול. אין דער סאַמע יחסנותדיקער גאַס, אויף בראַניצקע, וואו עס איז אַמאָל געווען די מלוכה׳שע קאַזיאָנע שול, איז געווען די יוגנט־פאַראיין־שול. די גן־ילדים שול איז פאַרוואַנדלט געוואָרן לעצטנס אין דער מיכאַלעוויטש־שול, די יוגנט־פאַראיין־שול האָט באַקומען דעם נאָמען פון דעם פאָרזיצער פון דער צענטראַלער שול אָרגאַניזאַציע, י. כמורנער.

אַרום די שולן האָט זיך געפירט אַ גרויסער קאַמף פאַר זייערע רעכט, פאַר זייער עקזיסטענץ. פּעטיציעס פון צענדליקער טויזנטער יידישע פאָלקס־מענטשן, אין וועלכע עס איז געפאָדערט געוואָרן רעכט פאַר יידיש און פאַר דער יידישער שול, מאַסן־מיטינגען, קינדער־צוגן איבער די גאַסן פון אונזער שטאָט, באַגלייט מיט מוזיק פון אָרקעסטער. 12 הונדערט קינדער, צוזאַמען מיט עלטערן, לערערס און שול־טוערס האָבן מאַרשירט מיט אויפשריפטן "מיר פאָדערן רעכט פאַר אונזער שול! מיר פאָדערן סובסידיעס פאַר אונזערע שולן!". דער ביאַליסטאָקער שול־וועזן האָט געזוכט אַריינצוציען אין דאָזיקן קאַמף אויך די פּוילישע אַרבעטער און די יידישע אינטעליגענץ.

עס זיינען פאָרגעקומען גרויסע און שווערע קאַמפן אין דער קהילה, אין די שטאָט־ראַטן, וואו די בונדישע פאָרשטייער האָבן געקעמפט פאַר די רעכט פון יידיש און פאַר אַנטשפּרעכענדיקע סובסידיעס פון דער שטאָט־קאַסע אויף אויסצוהאַלטן די שולן.

אַרויסגעוואַקסן פון אַ קינדער־היים איז דער שול־וועזן געוואַקסן אין דער הויך ביז דער גימנאַזיע, וועלכע האָט זיך געפונען אויף פאַברימשנע גאַס, אַ גימנאַזיע, געבויט אויף די זעלבע אופנים ווי די יידישע שולן.

אין דעם בראשית פון דער שול, ווען די קהילה האָט אין אַ גרויסער מאָס סובסידירט די שולן, איז דער שול־וועזן פון ביאַליסטאָק געווען פּראָפּאָרציאָנעל דער גרעסטער אין לאַנד. דאַמאָלס זיינען געווען צוויי שלום־עליכם־שולן, אַ דינעזאָן־שול, אַן אַנסקי־שול און אַ נעץ פון אָוונט־קורסן. אַ טייל פון די דאָזיקע שולן האָבן געמוזט שפּעטער צונויפגעגאָסן ווערן כדי צו פאַרזיכערן זייער עקזיסטענץ. כאַראַקטעריסטיש, יעדן מאָל ווען עס איז אין אונזער ליטעראַטור אויסגעלאָשן געוואָרן די נשמה פון אַ שרייבער, איז גלייך אויף זיין נאָמען אויפגעגאַנגען אַ בנין פון אַ יידישער שול. ווי אַ ליכטיקער טורם אין די פינסטערע טעג פון גערANגל פאַר ברויט און אַרבעט, פאַר רעכט און פרייהייט, איז די יידישע שול דאַמאָלס אַרויסגעוואַקסן ווי אַן אָנזאָג אויף אַ נייער בעסערער צוקונפט.

אין אירע קולטור־דערציערישע אַמביציעס האָט די שטאָט ביאַליסטאָק געוואָלט קאָנקורירן מיט וואַרשע און אַניאַגן ווילנע. די ימים־טובים פון דער שול זיינען דאַ

## ערשטער אַרויסלאָז פון דער 7־קלאַסיקער שול
## א"נ מ. גלויבערמאַן, פינסק 1928




לערער:

אורבייטל, קניאזעוו, גאָלדבערג, וואַסערמאַן, סאָניע באַסעוויטש, מערל גערמאַן,
רבקה פערלמאַן, אננע קאָרעליץ

פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער:

תנחום פריינד, לייזער לעווין, א. י. שלאַקמאַן, דוד גלויבערמאַן

געווען אַ קוואַל פון פרייד פאַר טויזנטער יידישע פאָקלס־מענשן. אַ פאָרשטעלונג פון יידישע קינדער איז איבערגעחזרט געוואָרן אין גרעסטן טעאַטער פון שטאָט צו דריי און פיר מאָל. די כאָר־געזאַנגען, די ליטעראַרישע פאָרשטעלונגען, די פלאַסטישע טענץ, די דעקלאַמאַציעס האָבן אַרויסגערופן יראת־הכבוד און ליבשאַפט פון דער מאַסע, און אירע אָנשטרענגונגען זיינען נאָך דעם געווען נאָך שטאַרקער. עס האָט אַמאָל אַ שול־טוער, אַן אַלטער יידישער וועבער, בעת איינעם פון אונזערע ימים טובים, מיט געוויין אַרויסגעשריען: "איך האָב אויף דעם געוואַרט מיין גאַנץ לעבן".

און דערפאַר האָט דער ביאַליסטאָקער שול־וועזן געקענט אויסהאַלטן די שווערסטע שטורעמס. עס איז נישט שווער געווען פאַר אַ יידישן וועבער, פאַר אַ יידישן גאַרבער און שניידער, אפילו אין די צייטן פון אַרבעטסלאָזיקייט, צו ברענגען דעם שכר־לימוד פאַר דער שול כדי איר אונטערצוהאַלטן, כדי צו פאַרזיכערן איר עקזיסטענץ. אַ דאַנק דעם דאָזיקן עקשנות׳דיקן ווילן איז טאַקע די מיכאַלעוויטש־שול אויף כאַנייקעס גאַס געבויט געוואָרן דורך אַן אָפּצאָל פון יעדן יידישן אַרבעטער אין שטאָט, כדי דער בנין זאָל אין די גאַסן פון אָרעמקייט אַרויסלייכטן צו די יידישע מענשן און אויך אָנזאָגן די קריסטלעכע שכנים וועגן דער גרייטקייט ווייטער פאָרצוזעצן אונזער קאַמף פאַר רעכט און פאַר אונזער לעבן.

קרוב צו פופציק לערער האָבן פאַרמאָגט די יידישע שולן אין ביאַליסטאָק. פופציק לערער פון פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד, געקומענע פון רוסלאַנד, ליטע און פוילן, אַ טייל ביאַליסטאָקער תושבים, מענשן מיט פאַרשיידענע דיאַלעקטן, האָבן זיי פאַרוואַנדעלט דאָס יידישע לשון, דורך זייער אַרבעט, אין איין האַרמאָנישער גאַנצ־קייט, פון פאַרשיידענע קלאַנגען געשאַפן איין סימפאָניע, זיי האָבן אויסגעגראָבן אַ לויטערן קוואַל, פון וועלכן עס האָבן געשעפּט אונזערע קינדער, די עלטערן און דער גאַנצער אַרום.

די וואָלינער לערער אַלפּערסאָן, בראָדסקי, אבעלמאַן, פישער, נעמאַיאַ, די פלוימענבוימס, די לערער פון פויליש אין דער יידישער שול, די ביאַליסטאָקער לערער מרדכי רובינשטיין, אַ. פאַט־רובינשטיין, מ. זאַבלודאָווסקי, ש. בראָטמאַכער, דאַמאַראַצקי, די פוילישע לערער מיט דער ווייכקייט פון פוילישן דיאַלעקט, די וואָלינער מיט זייער מעלאָדישקייט, די ביאַליסטאָקער מיט זייער רוסיש־פוילישן נוסח און דינאַמישקייט — אַלע צוזאַמען, באַפליגעלט מיט אַ גרויסן וועלט־אויסלייזערישן אידעאַל פון סאָציאַליזם, האָבן געבילדעט איין גרויסע משפחה, געטרייע דינער אין דעם היכל פון דער יידישער שול.

צו זיי, ביי דער זייט און אַרום דער שול, זיינען געשטאַנען די שול־טוער, וואָס פון די טיפענישן פון אונזער לעבן זיינען זיי געקומען אויסגעבענקטע נאָך אַ שול, וואָס זאָל האָבן אַן אידעע, אַן אידעאַל, געבונדן מיט טיפער הומאַניטעט, פרייהייט, מענשלעכקייט און יידישקייט אין איינעם.

אין דער פאַרוואַלטונג פון דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין דער פאָרזיצער די גאַנצע צייט פון איר עקזיסטענץ,

זיינען געזעסן צוזאַמען דער פוצער אין אַ טעקסטיל־פאַבריק ראובן חאיאָט, דער וועבער פיניע פייגין און זיידל נאָווינסקי, דער וועטעראַן פון אונזער שול־וועזן, דער גאַרבער פּתחיה, דער אינזשיניער מרדכי זאַבלודאָווסקי, די באַרימטע פּעדאַגאָגין ליובע קאַנעל, דער טרעגער זלמן, דער בוכהאַלטער פון דער קראַנקען־קאַסע, ראַווין, אַ. דאַמאַראַצקי, די נשמה פון דער שול־אָרגאַניזאַציע, איר סעקרעטאַר פישל קאַצענעלבויגן. זיי האָבן דאָס געבילדעט די אָנפירונג פון דער שול אַרום וועלכער עס איז געווען אַ מיטגליי־דערשאַפט פון הונדערטער און הונדערטער יידישע פאָלקס־מענשן — דעם קעמפענדיקן אַקטיוו פון דער דאָזיקער באַוועגונג. אַרום דער שול איז אויך געווען אַקטיוו אַן עלטערן־מאַסע וואָס האָט מיט דער שול געלעבט. עס זיינען געווען עלטערן־ראַטן, עלטערן־אוידיטאָריעס. די שולן האָבן אויך פאַרמאָגט אַ ספּעציעלע צענטראַלע קינדער־ביבליאָטעק, וועלכע איז געווען אַ טייל פון דער גרעסטער יידישער ביבליאָטעק, דער שלום עליכם־ביבליאָטעק, מיט 60,000 ביכער אין יידיש און אַנדערע שפּראַכן.

מיט וואָס פאַר אַן ערנסטקייט און געטריישאַפט די פאַרהאָרעוועטע טוערס האָבן באַטראַכט צוזאַמען מיט די לערער אַלע שול־ענינים. אַ גלענצענדער קאַפּיטל אין דער גרויסער געשיכטע איז געווען דאָס אָרגאַניזירן די אָפּרו־קאָלאָניעס פאַר די שוואַכע קינדער, וואו די קינדער פון נויט האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט אַ פּאָר זומער־

ביעלסקער צישאָ־שול אויף אַן אויספלוג אין וואַרשע



מאָנאָטן צו פאַרברענגען, אונטער היגיענישער אויסשטאַטונג און דערציערישער אויפֿזיכט.

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון ביאַליסטאָקער שול־וועזן איז געווען דער פּאַרמעסט, דער ווילן צו זיכערן די שולן מיט אייגענע בנינים. די גראָסער־שול אין אַן אייגענער געביידע, די מיכאַלעוויטש־שול אין אַן אייגענעם בנין, און אַלע איבעריקע אינסטיטוציעס אין פּרעכטיקע געביידעס וואָס האָבן אַנגעזאָגט דער יידישער ביאַליסטאָק, אַז דאָס איז ניט סתם אַ שול פאַר אָרעמע קינדער נאָר אַ פּאַלאַץ פאַר יידישער דערציאונג.

שווער צו שרייבן וועגן יעדן איינעם פון די לערער און טוער באַזונדער. דאָס איז אַ שורה פון קדושים, הייליקע און ריינע, וועלכע האָבן אין די שווערסטע טעג פון געראנגעל מיט דעם אכזריות׳דיקן שונא אַרויסגעוויזן פּערזענלעכע העלדישקייט און צוזאַמען־העלדישקייט פון אַ קאָלעקטיוו. עס האָבן אין די אויפשטאַנדן, וועלכע האָבן זיך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט אין ביאַליסטאָקער געטאָ, אָנטייל גענומען די לערער מיט די תלמידים צוזאַמען, מיט זיי — דער שול־טוער און די מענטשן פון דער הערא־אישער מאַסע.

יעדער שטיין אַרום דער שול איז געוואַשן געוואָרן מיטן בלוט פון די שילער און לערער. זיי אַלע זיינען צוזאַמען מיט דער יידישער ביאַליסטאָק אַוועק אין דער אייביקייט אין אַן עדה קדושים.

פינף לערער זיינען געבליבן פון דער גאַנצער פּלעיאַדע, מיט וועלכער דער ביאַליסטאָקער שול־וועזן האָט אַזוי שטאָלצירט. אַלע איבעריקע זיינען אומגעקומען אין די שחיטה־טעג. די לערער שואל גאָלדמאַן און בנימין פּלוימענבוים זיינען געפאַלן דורך די הענט פון די קאָמוניסטישע ״באַפרייער״.

איצט זיינען זיי נישטאָ. ווערטער פאַר אונזער צער זיינען אויך נישטאָ. אַ וועלט איז פאַרשניטן געוואָרן, שווער זיך צורירן צו דעם שאַרפן וויטאָג. מיר וויסן נישט וועגן די קברים פון די אַוועקגעגאַנגענע, אָבער זיי לעבן אין אונזער זכרון איינגעוויקעלט אין געפיל פון קדושה אַזוי לאַנג ווי אונזער דור וועט לעבן. מיר וועלן זיי איבערגעבן צום זכרון פון די קומענדיקע דורות.

ב. טאַבאַטשינסקי

# די לערער־סעמינאַרן פון דער ציש״א

## א. ווילנער סעמינאַר

איינע פון די העכסטע דערגרייכונגען פון יידישן שולוועזן אין פוילן איז געווען דער יידישער לערער־סעמינאַר אין ווילנע. זיין אָפיציעלער נאָמען פאַר דער רעגירונג איז געווען ״דער פריוואַטער יידישער קאָעדוקאַטיווער לערער־סעמינאַר ביי דעם צענט־ראַלן בילדונגס־קאָמיטעט (צ.ב.ק.) אין ווילנע״. די ציש״אָ האָט אים גערופן אויפן נאָמען פון וולאַדימיר מעדעם. אָבער געוויינטלעך פלעגט מען אים רופן פאַרקירצט יידישער לערער־סעמינאַר און מער ניט. ער האָט געשפּילט גאָר אַ גרויסע ראָל אין לעבן פון יידישן שולוועזן. ער האָט אין משך פון די צען יאָר פון זיין עקזיסטענץ אַרויסגעלאָזט 124 דיפּלאָמירטע יידישע לערער, און זיי זיינען ביסלעכווייז געוואָרן דער קערן פון דער יידישער לערערשאַפט. אַחוץ דעם זיינען געווען אַזוינע וואָס האָבן צוליב עפּעס סיבות ניט געקאָנט פאַרענדיקן דעם גאַנצן פינף־יאָריקן קורס, — און אַ גרויסער טייל פון זיי זיינען אויך געוואָרן לערער, אויב ניט אין פוילן, איז אין אַנדערע לענדער אויף דער צווייטער זייט ים.

אין סעמינאַר האָבן די תלמידים געקראָגן עפּעס געמיינזאַמעס אין זייער כאַראַק־טער און אין זייער באַציאונג צו דער אַרבעט. אַזוי, אַז אין יאָרן אַרום פלעגט מען דער־קענען אַ ״ווילנער״, אַ ״סעמינאַריסט״.

אין סעמינאַר האָט זיך געשמידט דער יידישער פּעדאַגאָגישער געדאַנק, אַ געניטע מעטאָדיק פון דער יידישער שול, — און אַ סך פון די געוועזענע תלמידים זיינען געווען זייער שעפעריש אויף דעם געביט, שעפעריש און אַקטיוו. עס איז פאַר מיר ניט קיין קליינער זכות וואָס אַ גרויסער טייל פון מיין לעבן און אַרבעט איז פאַרבונדן מיט דער צוגרייטונג פון יידישע לערער בכלל און מיט דעם לערער־סעמינאר אין ווילנע בפרט.

ווען איך בין געקומען קיין פוילן פון קיעוו, ווען דאָרטן האָט זיך אָנגעהויבן דער חורבן פון יידישן שולוועזן, איז עס געווען ערב דעם ערשטן שול־צוזאַמענפאָר. מען האָט זיך געגרייט צו אים. מען האָט מיר פאָרגעלייגט אויסצואַרבעטן דעם פּלאַן פון לערער־צוגרייטונג. היות, הייסט. עס, איך בין אויף דעם געביט געווען שוין טעטיק אין אוקראַינע, בין איך, האָט מען געמיינט, דער פאַכמאַן. ווען איך לייען איצט דעם פּראָיעקט מיינעם (אין נום. 5 פון ״נייע שול״ ווילנע) זע איך ווי נאַאיוו מיר זיינען געווען אַלע, וויפל טרוימען מיר האָבן געהאַט.

## ווילנער לערער־סעמינאַר, יוני 1925



אין צענטער:

מ. שור, פרוי ביבער, ב. ווירגילי־כהן, ש. ברוידאָ, מ. וויינרייך, י. ביבער, אַרקאַדי קרעמער, ס. מ. גורעוויטש, פאַלק היילפּערן, אומבאַקאַנט, א. גאָלאָמב, י. גערשטיין,

תּלמידים: נאָך גערשטיינען — פייגל באַראַקין, פּרענקעל; צווישן ביבער און אַרקאַדי — באַשע קאַרמאַן; אונטער שורן — פּראָפּיטקער; אונטערשטע ריי פון רעכטס — אַקאַשקאַ, טשיזשע קורלאַנדסקאַ, איבער איר — איידל סעגאַלאָוויטש; צווייטע ריי אונטן, רעכטס: פּיליפּאָווסקאַ, אומבאַקאַנט, קאָנסקאַ; אויבערשטע ריי — אין סאַמע צענטער — מ. קאַהאַנאָוויטש, אונטער אים — מינע פּאַפּאַרץ; דריטע ריי, פון לינקס: שמערקאָוויטש; אויבערשטע ריי פון לינקס: ח. ברוידע, יוסף קאַץ, וועלעס, פּאַפּאַווער

אין ווילנע האָבן נאָך פאַרן צוזאַמענפאַר עקזיסטירט לערער־קורסן ביי דער ווילנער דעמאָקראַטיש־געוויילטער קהילה אונטער דער אָנפירונג פון דעם טיפן און באַשיידענעם פּעדאַגאָג לייב טורבאָוויטש ז״ל. דער ״צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט״ האָט געפירט קורסן פאַר פרעבעליסטינס, וואָס בראש פון זיי זיינען געשטאַנען מאריע אקון — אַ געוועזענע תלמידה פון די באַרימטע אין רוסלאַנד ״לעסגאַפטס קורסן״ און די אָקאַרשט געקומענע פון דער שווייץ וואונדערבאַרע ראַזע סימכאָוויטש. אין וואַרשע האָט מיט לערער־קורסן אָנגעפירט שלמה מענדעלסאָן. מיט איין וואָרט, מען האָט פלאַנמעסיק געבויט פון אונטן, פון אַ קינדערגאַרטן, און אויך פון אויבן — צוצוגרייטן לערער.

גלייך נאָך דעם שול־צוזאַמענפאַר האָט די ניי געגרינדעטע צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע געשאַפן אַ זומער־קורס פאַר פּראַקטיצירנדיקע לערער אין וואַרשע מיט אַן אינטערנאַט — אויף לעשנא 78. 80 לערער האָבן זיך באַטייליקט אין די קורסן. פון די לערער געדענק איך: שלמה מענדעלסאָן (אָנפירער), ח. ש. קאַזדאַן (מעטאָדיק פון יידיש), ז. שניאור (געזאַנג), איך (נאַטור און מעטאָדיק פון נאַטור לימוד), וויקטאָר אַלטער האָט געגעבן עטלעכע לעקציעס פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

דער צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע, האָט פאַר זיך ענערגיש זיך געגרייט צו עפענען אַ שטענדיקן לערער סעמינאַר. די אַרבעט איז איבערגעגעבן געוואָרן די צוויי פּעדאַגאָגינס סאָפיע גורעוויטש און ראָזע סימכאָוויטש. די ערשטע איז געווען די גרינדערין און אָנפירערין פון דער ערשטער פרויען־גימנאַזיע פאַר יידן אין צאַרישן רוסלאַנד — אַ מענטש מיט אַ סך ענערגיע און איבערגעגעבנקייט צו איר פאַך. ראָזא סימכאָוויטש איז געווען אָקאַרשט נישט לאַנג פון דער שווייץ, אַ טיפע קענערין פון יידישע און אַלגעמיינע וויסנשאַפטן און דערצו אַן אויסגעצייכנטער פּעדאַגאָג.

דער סעמינאַר האָט געזאָלט זיין ניט בלויז אַן אינסטיטוציע צוצוגרייטן לערער נאָר אויך אַ וואַרשטאַט פון דער נייער פּעדאַגאָגיק. נייע אידעען אויף דעם געביט האָבן דעמאָלט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, געבראַזט אין די מוחות. ווילנע איז דעמאָלט נאָך נישט געווען אינקאָרפּאָרירט אין פּוילן, עס איז געווען די תקופה פון דער כלומרש־טער זעלבשטענדיקייט פון ״מיטל־ליטע״, וואָס דער גענעראַל זשעליגאָווסקי האָט פאַר־כאַפּט. די יידישע ווילנע האָט זיך נישט גערעכנט מיט קיינע מלוכישע נאָרמען, מען האָט געשאַפן לויט די אייגענע פאַרלאַנגען און באַגריפן. דער סעמינאַר האָט געזאָלט זיין באַזירט מער אויף פאַר־זיך־אַרבעט איידער אויף געוויינטלעכע לעקציעס. עס זיינען אָנגעקומען ביי אַ 60 בחורים און מיידלעך, איבערהויפּט טאַקע אַביטוריענטן פון ווילנער יידישע שולן. דער קאַפּיטאַל וואָס מיט אים האָט מען געגרינדעט דעם סעמינאַר איז באַשטאַנען פון... פיר הונדערט פּוילישע זלאָטעס. און לערער האָט ער געהאַט, דער סעמינאַר — פון די בעסטע: די צוויי גרינדערינס, גרשון פּלודערמאַכער, אינזש. אַרקאַדי קרעמער — דער גרינדער פון ״בונד״, זלמן רייזען, א. ליטוואַק, און אַנדערע. שפּעטער זיינען צוגעקומען מאַקס עריק און ד״ר מאַקס ווינרייך. דער באַרימטער גע־אָלאָג, רעוואָלוציאָנער און ״שליסעלבורגער אַרעסטאַנט״ יוזעף לוקאַשעוויטש פלעגט גאָר אָפט זיין דער גאַסט־לעקטאָר איבער דער געאָלאָגיע פון זיין באַליבטער ווילנע.

אַ דירה — מען האָט כּמעט בגוואַלד פֿאַרנומען עטלעכע צימערן ביי דער קהילה, אינעם הויז פֿון דעם אַמאָליקן יידישן מלוכישן לערער־אינסטיטוט וואָס האָט געגרייט רוסישע לערער פֿון יידישע קינדער. נאָך פֿריער איז אין דער זעלביקער געביידע געווען די ראַבינער־שול. אַן עלעקטרי, אַן סאַניטאַרע איינריכטונגען, אָבער דערפֿאַר האָט מען געירשנט אַ גרויסן טייל פֿון דער ביבליאָטעק, און עס איז דאָ פֿון וואָס צו לערנען! דירה און עסן פֿאַר די תּלמידים? — נו, האָט מען געקראָגן עטלעכע צימערן פֿון די "ביליקע הייזער" ערגעץ עק שטאָט וואָס אַמאָל האָט די ייק"א געבויט פֿאַר אָרעמע יידן, און דאָרטן האָט מען זיך באַזעצט און געשאַפֿן דעם טשעקאַוון "אינטער־נאַט־קאָלעקטיוו", וואו מען האָט בשותּפֿות געאַרבעט, געגעבן לעקציעס, געקלעפּט פּאַפּירענע זעקלעך, צוביסלעך פֿאַרדינט, הייסט עס, און קאָלעקטיוו געהונגערט גאָר געשמאַק, געווען מונטער, געהאָפֿט אויף בעסערס און גאָר ניט מיט געוויינלעכער התמדה געלערנט.

גלייך נאָך פּסח איז דער סעמינאַר אַרויסגעפֿאָרן אין אַ קאָלאָניע (קעמפּ) פֿינף קילאָמעטער פֿון ווילנע, אין אַ פֿאַרלאָזטן דאָרף. דער נאָמען "פּושקאַרניע" וואו די קאָלאָניע האָט זיך געפֿונען איז שפּעטער געוואָרן אַ שם דבר אין יידישן שולוועזן אין פּוילן. דאָרטן האָט מען געדאַרפֿט לעבן לויטן פֿולן פּרינציפּ פֿון זעלבסטבאַדינונג, טאָן פֿעלד־אַרבעט און אויך לערנען. אָנצופֿירן מיט דער קאָלאָניע האָט מען דאָס איבערגעגעבן מיר און צוליב דעם האָב איך פֿאַרלאָזט טאַקע וואַרשע, וואו איך האָב געאַרבעט דעמאָלט.

פֿאַר מיר איז די קאָלאָניע פֿון סעמינאַר געווען אַ פֿאַרווירקלעכונג פֿון אַן אַלטן פּעדאַגאָגישן חלום, וואָס האָט מיך ניט געלאָזט רוען שוין יאָרן. ס'איז כּדאי וועגן דעם צו דערציילן. אין דער צייט פֿון דער רעוואָלוציע האָבן אין רוסלאַנד אַלע זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם לאָזונג פֿון "אַרבעטשול". דאָס רוב לערער האָבן דאָס וואָרט דאָס ערשטע מאָל געהערט, ניט מען האָט געקאָנט אין הונגער און אין מאַנגל טראַכטן וועגן דעם, ניט מען האָט עס געדאַרפֿט, דער עיקר — מען האָט געדאַרפֿט אָננעמען רעזאָלוציעס און ברענען די לערנביכער. ווען איך האָב אַמאָל אין קיעוו אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון יידישע לערער געזאָגט, אַז מיט די ריידערייען ביי דער אוממעגלעכקייט עפּעס דורכצופֿירן פּאַקטיש פּראָפּאַגירט מען בלויז אַ שיינע אידעע, האָט אַ געוועזענער תּלמוד־תּורה־מלמד וואָס האָט זיך גוט צוגעפּאַסט, באַלד געזאָגט, אַז "גאָלאָמב קען ניט פֿאַרשטיין, ווייל ער איז אַ קאָנטררעוואָלוציאָנער און אַ משרת פֿון דער אַלוועלטלעכער בורזשואַזיע"... אין דער זעלביקער צייט האָב איך געחלומט וועגן אַן אַרבעט וואו די קינדער, דער קלאַס זאָל ניט לערנען קיין פּאַרטיקע ביכלעך, נאָר פֿאָרשן דירעקט די אָביעקטן אין דער נאַטור, אַליין שאַפֿן דאָס וואָס מען דאַרף לערנען. די קאָלאָניע פֿון סעמינאַר איז געווען די גליקלעכסטע געלעגנהייט אָט דעם טרוים צו פֿאַרווירקלעכן: אַ פּראַכטיק נאַטור־ווינקעלע פֿון וואַסער, באַרג און טאָלן אויסגעפֿורעמט אין דעם אייז־פּעריאָד, אַ טייל פֿון דער "ווילנער שווייץ", האָט געגעבן גענוג מאַטעריאַל פֿאַר דירעקטן לערנען געאָלאָגיע, געאָגראַפֿיע און ביאָלאָגיע. דער עולם תּלמידים — אַן

ענטוזיאסטישע, מונטערע חברה מיט א סך גוטן ווילן און אידעאישער וויסנגיריקייט לשמה... וואו קען מען אויף דער וועלט ערגעץ געפינען אזא אודיטאריע? וואו קען מען גאר זוכן אזא דאנקבארן תלמידים־קאלעקטיוו מיט אזוי פיל ענערגיע, שאפונגס־ווילן און דראנג צו פארזיכיקן לערנען?...

פארשטייט זיך, אז מיט דעם עולם איז דער עקספערימענט פון אנהייב אן געווען דערפאלגרייך. איך דערמאן זיך די ערשטע נאכט־עקסקורסיע אין וואלד, בא גאסן מיט לבנה־שיין, ווען יעדערער האט געדארפט שווייגנדיק פינף מינוט שפעטער אליין אויס־פורעמען זיינע געדאנקען... די נאכט איז מען שוין ניט געשלאפן, און בפרט אז אויפ־שטיין האט מען סיי ווי געדארפט פיר אזייגער פארטאג, ווי מיר האבן איינגעשטעלט אונזער רעגולאמין. דער גאנצער עולם איז געווען איינגעטיילט אין עטלעכע פארש־גרופעס: באטאנישע, זאאלאגישע, געאלאגישע און געאגראפישע. איטלעכע האט געהאט איר אויפגאבע, וואס זיי האבן אין א באשטימטער צייט געדארפט פארטיק מאכן. די משגיחים גרייטן דאס ארעמע עסן ("וואסער מיט קאקא"). שפעטער פארנעמט מען זיך מיט דער ווירטשאפט און מען איז... פריילעך, חי געלעבט, מען פארפאסט לידלעך, מען זינגט ביי ליכטיקע שייטערן אין טונקעלע אוונטן, און עס איז גוט.

אייב קאהאן האט פארבראכט מיט אונז אן אוונט און ער האט זיך אזוי צעווײנט, אפגעווײנט שעהן. ווען ער איז געקומען צוריק אין אמעריקע האט ער צוגעשיקט 900 דאלאר, פון וואס חברה האט געהאט צו עסן כמעט א גאנצן ווינטער. שלום אש האט נאך א נאכט, פארבראכט אין וואלד ביי א שייטער מיט שטילע מעשיות, אזוי זיך פאר־ליבט, אז ער האט זיך אויף גאנצע צוויי חדשים אריבערגעקליבן אין שכנות מיט אונז. גאר וויכטיק זיינען געווען פאר אונז די אפטע באזוכן פון דעם אלטן גרויסן געלערנטן רעוואלוציאנער, פראפ. יוזעף לוקאשעוויטש. ער פלעגט בלייבן מיט אונז האלבע טעג, עסן מיט אונז, העלפן די תלמידים אין זייער פארשן. ער פלעגט טענהן, אז מיט אונזער חברה ווערט ער ייִנגער, די סטודענטן זיינע (די בארימטע פוילישע סטודענטן!) האבן אים פיינט, זיי דארפן גאר ניט קיין וויסנשאפט, זיי גיב נאר נאפט (ער האט געלערנט אין ווילנער אוניווערזיטעט געאלאגיע). די שפעטערדיקע יארן איז די צייט פון דער קאלאניע פארקירצט געווארן. זי פלעג פארקומען אין פושקארניע, אין ווערִיק, ביי דער נאראטשער אזערע וכדומה.

אט די פארשונגען ווי א מעטאד פון ארבעט און לערנען האבן די סעמינאריסטן פארשפרייט אין א סך שולן. באזונדערס האט זיך אויסגעצייכנט דער געוואגטער פרואוו צו לערנען געשיכטע, און עס איז ארויס פון דעם דער "פנקס פון דער שטאט פרוזשאני", וואס האט דעמאלט ארויסגערופן גרויס אנזען.

ביסלעכווייז האט דער סעמינאר זיך געמוזט צופאסן צו די מלוכישע פראגראמען: ווילנע איז אינקארפארירט געווארן צו פוילן, די פאדערונגען פון דער רעגירונג זיינען אלץ געווארן שטרענגער און שווערער, פאר די תלמידים האט מען געמוזט זארגן זיי זאלן שפעטער האבן רעכט צו לערנען אין יידישע שולן. האט מען געמוזט זיך צופאסן.

די פירערשאַפט האָט זיך געביטן: סאָפיע גורעוויטש האָט צוריק באַנייט איר גימנאַזיע ווי אַ יידישע, ראָזע סימכאָוויטש האָט געהאַט שוועריקייטן מיט איר בירגערשאַפט, און זי האָט זיך אויף אַ צייט באַזעצט אין בערלין. אין סעמינאַר האָבן מיר איינגעלאַדן ווי אַן אָפיציעלן דירעקטאָר דעם ד״ר ישראל ביבער פון קאָלאָמיי. ווי אַ סך גאַליציאַנער יידישע אינטעליגענטן איז ער געווען אַ טיפער קענער פון זיין פאַך (ביאָלאָגיע), ניט ענלעך צו אונזערע ליטווישע יידישע אויטאָדידאקטן. ער האָט געקאָנט אויסקומען מיט די פוילישע מאַכטהאָבער און אין דער זעלביקער צייט האָט ער זיך גיך און פולקאָם אַריינגעפּאַסט אין דער יידישער ווילנע. עס זיינען צוגעקומען נייע לערער אין סעמינאַר. צווישן זיי — ד״ר וויינרייך פאַר דער יידישער שפּראַך און משה קולבאַק פאַר ליטעראַטור, און דער סעמינאַר איז בדרך כלל געוואָרן מער שול־מעסיק. שלמה מענדעלסאָן פון דער צענטראלער שול־אָרגאַניזאַציע פלעגט זיין אין סעמינאַר אַ פאַר מאָל אַ יאָר, ער איז געווען דער פאַרבינדער צווישן דער ציש״אָ און דעם סעמינאַר. ער האָט אויך געהאַט זייער פיל אַרבעט אין וואַרשע ביים אָפּשרייען די גזרות וואָס האָבן זיך געגאָסן אויפן סעמינאַר ווי אויף די יידישע שולן בכלל.

דער ערשטער אַרויסלאָז פון סעמינאַר איז געווען אין יאַנואַר 1926. עס האָבן דעם אָפיציעלן עקזאַמען אויסגעהאַלטן 31 תלמידים. קיין פּראָבלעם פון מאַנגל אין תלמידים האָט דער סעמינאַר קיין מאָל ניט געהאָט. פאַרקערט, איז יעדער יאָר געווען אַן איבערפלוס פון ווענדונגען: אויף אַ דרייסיק ערטער פלעגן אָנקומען פון גאַנץ פוילן אָפּט אַריבער הונדערט בקשות מיט אויטאָביאָגראַפיעס. מיר פלעגן דאַרפן מאַכן אַ קאָנקורס־עקזאַמען. די יידישע יוגנט האָט געהאַט זייער ווייניק קאַריערעס פאַר זיך, זי איז געווען מער צוגעבונדן צום יידישן לעבן, און לערעריי איז זייער אָפט געווען פאַרבונדן מיט אידעאַליסטישע שטרעבונגען צו דינען דעם פאָלק.

פון וואַנען האָט זיך געשעפּט אָט דער עלעמענט תלמידים? דער טיפ ישיבה־בחור וואָס האָט מיט אַ דור פריער געשפילט די ערשטע פידל, איז שוין ביי אונז געווען זייער שיטער — בלויז געציילטע יחידים זיינען זיי געווען אין סעמינאַר (און טאַקע ווייט ניט פון די קנאַפּווערטיקסטע), דערהויפּט זיינען זיי געקומען פון די יידישע פאָלקשולן. דער רוב מנין פון די תלמידים זיינען געווען פון ווילנע און פון דער ווילנער פּראָווינץ (ביז 40%), נאָך ווילנע איז געגאַנגען ביאַליסטאָק מיט איר סביבה. וואַרשע און קרוין־פּוילן בכלל זיינען געווען אויפן דריטן אָרט. גאַליציע איז געווען פאַרטראָטן מיט איינציקע יחידים, געווען אפילו איין תלמיד פון רומעניע. (צוליב וואוין־רעכט האָט ער ניט געקאָנט ענדיקן און איז אַריבער אין ירושלים, וואו ער איז אומגעקומען אין זעלבסטשוץ אין 1929). דער שטראָם יוגנטלעכע וואָס האָט זיך געצויגן צום סעמינאַר האָט פון צייט צו צייט מיטגעריסן מיט זיך יחידים פון אַ גייסטיק־ווייטערער פעריפעריע. מיר האָבן אין סעמינאַר פאַרשפּאָרט צוצוגרייטן די יוגנט צו איר געזעלשאַפטלעכער קולטור־אויפגאַבע אין יידישן לעבן — דאָס האָט מען שוין געבראַכט מיט זיך און די אַטמאָספער אין דער יידישער ווילנע בכלל האָט שוין ממלא געווען דאָס וואָס עס האָט געפעלט.

פינף אַרויסלאָזן האָט דער סעמינאַר געהאַט. דער ערשטער אין 1926 און דער לעצטער — אין 1930. דער אָפיציעלער עקזאַמען פלעגט אויסמאַטערן די תּלמידים ביז גאָר, און ניט ווייניקער אויך די לערער, וואָס האָבן געדאַרפט אונטערן פאָרזיץ פון אַ רעגירונגס־פאָרשטייער עקזאַמינירן די אייגענע תּלמידים. הגם דער פאָרשטייער פון פוילישן מיניסטעריום איז בדרך כּלל געווען אַן ערלעכער און אַ פאַרשטאַנדיקער פעדאַגאָג, דאָך זיינען געווען יעדעס מאָל ניט ווייניק אויפרעגונגען און פּחד פאַרן גורל פון די תּלמידים. מיר פלעגן די עקזאַמענס יעדעס מאָל קאָסטן עטלעכע קילאָ וואָג, הגם געדויערן פלעגן זיי בסך הכּל איין וואָך. נאָך די עקזאַמענס פלעג איך איבערשיקן אין צישאָ אין וואַרשע דעם צעטל נייע לערער און די פּערזענלעכע כאַראַקטעריסטיק פון איטלעכן. די צישאָ פלעגט אין צענטער זיי פאַרטיילן צווישן די יידישע שולן. אָבער די פאַרבינדונג צווישן די תּלמידים מיט זייער סעמינאַר פלעגט זיך קיין מאָל ניט איבעררייסן. די תּלמידים גופא האָבן זיך געפילט נענטער און צוגעבונדענער צו זייער סעמינאַר, עס פלעגט געדויערן אַ צייט ביז זיי פלעגן זיך אַריינפּאַסן אין דער אַלגעמיינער לערער־משפּחה. און דערפאַר פלעגן זיי זיך כּסדר ווענדן מיט זייערע פּראָבלעמען און ספקות צום סעמינאַר און ניט צו דעם פּעדאַגאָגישן אַמט ביי דער צישאָ. באַזונדערש האָבן זיך אויסגעצייכנט די עטלעכע פּעדאַגאָגישע קאָנפערענצן פון די געוועזענע סעמינאַריסטן. צוויי זיינען געווען אין די ווינטער־וואַקאַציעס אין ווילנע, איינע אין ביאַליסטאָק און איינע — אין בריסק.

דער סעמינאַר איז געשלאָסן געוואָרן דורך דער ווילנער בילדונגס־מאַכט צוליב אַ אינצידענט: אין סעמינאַר זיינען געווען פאַרשיידענע פאַרטייען. אין לעבן פון סעמינאַר גופא האָבן די פאַרטייען זיך ניט אָנגעזען, הגם עס זיינען אָפט געווען דיסקוסיעס, איבערהויפּט צווישן בונדיסטן און קאָמוניסטן. איין מאָל האָט די פאָליציי אויף אַ לעגאַלן רעפעראַט פון גינע מעדעם צווישן אַנדערע פאַרהאַלטן איינע אַ סעמינאַריסטין און עס איז קעגן איר פאַרפירט געוואָרן אַ פּראָצעס וואָס האָט זיך, אגב, שפּעטער אויסגעלאָזט מיט גאָרניט. אָבער גלייך האָט דער קוראַטאָר פון בילדונג און דערציאונג גערופן דעם דר. י. ביבער און יעזואיטיש געפרעגט: וואָס וועט דער סעמינאַר טאָן צו באַשטראָפן די פאַרזינדיקטע תּלמידה? מיר האָבן אָפיציעל געענטפערט, אַז היות ווי דער ענין געפינט זיך אין די הענט פון דעם פּוילישן מלוכישן געריכט, טאָרן מיר ניט פאַרלויפן דעם וועג און משפּטן די תּלמידה פריער נאָך. תּיכּף ווי אונזער ענטפער איז דערגאַנגען האָט מען אַריינגעשיקט אַ בריוו, אַז דער סעמינאַר איז געשלאָסן און אַז מען וועט די געענדיקטע תּלמידים ניט געבן קיין עקזאַמען. דערמיט איז פאַרשניטן געוואָרן דאָס לעבן פון סעמינאַר און פינף יאָר אָנגעשטרענגטע אַרבעט פון 30 יידישע יוגנטלעכע איז געמאַכט געוואָרן צו נישט. עס האָבן ניט געהאָלפן קיינע ווענדונגען, קיינע פּעטיציעס ניט אין ווילנע, ניט אין וואַרשע און אפילו פון ניו יאָרק. עס איז געווען 1931 אין אַפּריל. מיר האָבן אין אַ פינצטערן שבת־נאַכט מיט טרערן זיך צעזעגנט און אַוועק אויף אַ לעצטן נאַכטיקן שפּאַציר אויף דעם וועג קיין פּושקאַרניע.

די הונדערט פיר און צוואנציק געענדיקטע סעמינאַריסטן האָבן זיך אַלע אַריינ־געגאָסן אין דעם שולוועזן און ביסלעכוויז זיינען זיי געוואָרן דער וואָגיקסטער טייל פון דער יידישער לערערשאַפט. אַ סך פון זיי האָבן מיט דערפאָלג אָנגעפירט מיט שולן, אָנגעפילט די פעדאַגאָגישע אויסגאַבעס מיט וואָגיקן מאַטעריאַל.

די אַלץ וואַקסנדיקע רדיפות פון דעם ערב־היטלער האָבן געצוואונגען אַ סך לערער צו פאַרלאָזן פוילן — מען האָט ביי זיי אָן אַ פאַרוואָס צוגענומען דאָס רעכט צו אַרבעטן אין שולן. דאָס האָט זיי געטריבן צו עמיגראַציע. און אין לעצטן סך הכל האָט דאָס געראַטעוועט אַ טייל לערער פון אומקום און זיי זיינען איצט אַקטיוו אין אַלע לענדער פון קאַנאַדע ביז אַרגענטינע, וואו עס זיינען נאָר פאַראַן יידישע שולן. ווען איך האָב אין סוף 1938 געצויגן געזעגנט סעמינאַריסטן קיין קאַנאַדע, האָט מיר איינער פון זיי, ראובן ליכטשטיין ז״ל געענטפערט, אַז כל זמן עס איז נאָך דאָ די קלענסטע מעגלעכקייט צו אַרבעטן אין פוילן, וועט ער זיין אַרבעט ניט פאַרלאָזן. שפּעטער איז ער אומגעקומען ווי אַ קדוש נאָך פאַר דער געטאָ. לויט מיין חשבון זיינען אין דעם גרויסן חורבן אומגעקומען ביי אַכציק יונגע לערער, געוועזענע סע־מינאַריסטן צוזאַמען מיט זייערע לערער — דר. י. ביבער, דר. י. העלער, נ. ווייניג, ל. לובאצקי, י. שער, ג. פלודערמאַכער, י. גערשטיין און אַנדערע. בכלל זיינען פון די לערער אין סעמינאַר געבליבן לעבן נאָר צוויי — דר. מ. ווייגרייך און א. גאָלאָמב. איינעם פון די סעמינאַריסטן האָט אומגעבראַכט נאָך פריער די סאָוועטישע מאַכט ווען זי איז אַריין אין גראָדנע (לייבל שיפּרעס). זייער אָנדענק ווי דער אָנדענק פון סעמינאַר וועט בלייבן אָבער אין דער געשיכטע פון דער יידישער קולטור אין צוואַנ־ציקסטן י. ה. ווי אַ גרויסער צושטייער צו דעם שטורמישן רענעסאַנס צווישן די צוויי וועלט־מלחמות.

ווער האָט גאָר געקאָנט טראַכטן, אַז עס וועט אויסקומען מיר אין צוואַנציק יאָר אַרום, ערגעץ אין ווייטן מעקסיקע, ערגעץ ניט ווייט פון דעם באַרג פּאָפּאָקאַטעפּעטל, וואָס פלעגט אונז דינען ווי אַ מוסטער פון שלעכטן לערנען געאָגראַפיע, ערגעץ אין אַ שטילן פאַרטאָג צו שרייבן אָט דעם יזכור און אין האַרצן זאָגן אַ באַטרערטן קדיש נאָך די בעסטע פון מיינע תלמידים און נאָך דעם סעמינאַר בכלל וואו עס איז געווען איינגעמויערט דער גרעסטער טייל פון מיין איך...

א. גאָלאָמב

## ב. וואַרשעווער סעמינאַר

דער וואַרשעווער יידישער לערער־סעמינאַר איז געשאַפן געוואָרן דורך דער "צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע" סוף האַרבסט 1922. דער לערנקורס פון סעמינאַר איז אויסגערעכנט געוואָרן אויף צוויי יאָר, און אָנגענומען האָט מען בלויז יוגנטלעכע מיט מיטל־בילדונג אָדער פּראַקטיצירנדיקע לערער.

דער דאָזיקער סעמינאַר איז געווען אַ יחיד במינו לויט זיין תּלמידים־צוזאַמענשטעל. עס זיינען אָנגעקומען תּלמידים מיט מיטלשול־בילדונג פון רוסישע גימנאַזיעס, יידיש־רוסישע גימנאַזיעס, פון פּוילישע שולן און אויך סטודענטן פון פּוילישן אוניווערסיטעט. עס איז אויך געווען אַ גרופּע שוין פּראַקטיצירנדיקע יונגע יידישע לערער פון פּראָווינץ, צום מערסטן פון וואָלין.

געווען איז דאָס בעתן סאַמע פאַנאַנדערבלי פונעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן. די שול האָט געזוכט נייע פּעדאַגאָגישע וועגן. אין גאַנץ אייראָפּע, איבערהויפּט אין דייטשלאַנד און עסטרייך, זיינען אָנגעגאַנגען אַ סך אינטערעסאַנטע פּעדאַגאָגישע עקספּערימענטן, און די נייע יידישע שול האָט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט נאָכגעפאָלגט דאָס אַלץ. אָט די אומרואיקייט און זוכעניש האָט זיך גלייך אַריבערגעטראָגן אין סעמינאַר. אַ מערקווירדיקע אַטמאָספער האָט גלייך פון אָנהייב אָן דאָרט געהערשט. יעדער איינער פון די תּלמידים האָט געפילט, אַז ער איז אַהער געקומען ניט בלויז לערנען אַ פאַך, נאָר דער עיקר געפינען אַן ענטפער אויף אָן אַ שיעור פראַגן און פּראָבלעמען. יעדער לעקציע איז געווען אַ געשעעניש, פון יעדער לעקציע האָט מען דערוואַרט עפּעס נייעס און זי האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ טיפער און אינטערעסאַנטער דיסקוסיע. צו די לעקציעס האָבן זיך אַלע געגרייט: ניט נאָר די לעקטאָרן, נאָר אויך די תּלמידים.

ביי דעם סעמינאַר איז געווען איינגעאָרדענט אַן אינטערנאַט פאַר די תּלמידים וואָס זיינען געקומען פון דער פרעמד. עס איז גענוג געווען אַריינצוקומען אין אינטערנאַט אין אַ באַליביקער צייט, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, כדי צו דערפילן די אינטענסיווע גייסטיקע אַרבעטס־אַטמאָספער. אָדער מען איז געזעסן ביי די ביכער, געלייענט און שטודירט, אָדער מען האָט דיסקוטירט. און דיסקוטירט האָט מען וועגן אַלץ, צום מערסטן אויף וויסנשאַפטלעכע און פּעדאַגאָגישע טעמעס.

דער רוב פון די תּלמידים זיינען געווען מענטשן מיט אַ באַדייטנדיקער אינטעליגענץ, מיט אַ סך קענטשאַפט אין דער יידישער ליטעראַטור ווי אויך אין פרעמדע ליטעראַטורן. מענטשן ביי וועלכע עס האָט זיך געהאַלטן אין אויספאָרמירן אַ באַשטימטע וועלט־אָנשויאונג. דער גרעסטער טייל איז דאָ געקומען מיט אַ פאַרטיפטן

אינטערעס פֿאַר דערציאונגס־פּראָבלעמען, באַזונדערס פֿאַר ייִדישע. אינטערעסאַנט איז דערביי געווען דער צוזאַמענטרעף פֿון ייִדישער אינטעליגענץ מיט איינפֿלוסן פֿון פֿאַרשיידענע קולטורן — פֿון רוסישע און פּוילישע שולן.

די ייִדיש־פּוילישע גרופּע איז לרוב באַשטאַנען פֿון סטודענטן פֿון פּוילישן אוניווערסיטעט און פֿון דער "ווּשעכניצע" אין וואַרשע. כּמעט אַלע האָבן זיי געשטאַמט פֿון וואַרשע, קינדער פֿון באַלעבאַטישע עלטערן. ס'רוב פֿון זיי זיינען געווען נאָענט צו פּאָליטיש־ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס (סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע), און געבראַכט האָט זיי צום וואַרשעווער סעמינאַר דער אינטערעס און די פּאָזיטיווע באַציאונג צום ייִדיש־וועלטלעכן שולוועזן. אין דער ערשטער צייט האָט זיך די דאָזיקע ייִדיש־פּוילישע גרופּע אין סעמינאַר געפֿילט ווי אַ סטאַדע פֿאַרבלאָנדזשעטע שעפֿעלעך. אַלץ איז פֿאַר זיי געווען איבערראַשנדיק־פֿרעמד — די ייִדיש־אומרואיקע אַטמאָספֿער פֿון זוכן און גריבלען זיך, די ליידנשאַפֿטלעכע דיסקוסיעס אַרום ייִדישער ליטעראַטור און געשיכטע. אָבער ניט לאַנג האָט דאָס געדויערט. באַלד איז די איבערראַשונג איבערגעגאַנגען אין באַוואונדערונג. די ערנסטקייט און דער פֿאַרטיפֿטער אינטערעס צו וויסן, צו באַנעמען וועלט־ און לעבנס־פּראָבלעמען — ביי די ליטווישע בחורים, זייער שאַרפֿזין און קלאָרקייט ביים פֿאָרמולירן געדאַנקען; דאָס שטילע עקזאַלטירן זיך פֿון די ווילנער בחורים און מיידלעך מיט ייִדישער ליטעראַטור און פּאָעזיע, זייער געמיטלעכקייט און הומאָר, — דאָס אַלץ איז פֿאַר דער אָפּגעפֿרעמדטער ייִדיש־פּוילישער אינטעליגענץ געווען אַ גרויסע רעוואָלוציע. זיי האָבן דערזען קולטור, אַלגעמיינע וועלטלעכע קולטור אין אַן אייגנאַרטיקן ייִדישן לבוש. און מען האָט זיך אַלץ מער דערנעענטערט, דערנעענטערט אַדאַנק דעם ייִדישן לעבן וואָס אַלע האָבן אַלץ מער אָנגעהויבן דערפֿילן אין זיך.

דער וואַרשעווער סעמינאַר האָט געהאַט אַ גרויסע צאָל פֿון שטענדיקע לערער און אַן אומבאַגרענעצטע צאָל פֿון גאַסט־לעקטאָרן. צו די שטענדיקע לערער האָבן געהערט די בעסטע ספּעציאַליסטן פֿון די ייִדישע לימודים: י. שיפּער — ייִדישע געשיכטע, געשיכטע פֿון ייִדישער שפּראַך און פֿון ייִדישן טעאַטער; ד. לייבל — ייִדישע פֿילאָלאָגיע; א. ליטוואַק און ש. מענדעלסאָן — ייִדישע ליטעראַטור; ח. ש. קאַזדאַן און י. פּאַט — דער לימוד און מעטאָדיק פֿון ייִדישער שפּראַך; י. רובין — תנ״ך־פֿאָרשונג. אַ חוץ דעם פֿלעגן די אָנגעזעענסטע ייִדישע שרייבער און געלערנטע פֿון וואַרשע, אויך אויסלענדישע געסט וואָס זיינען אָפּט געקומען קיין וואַרשע, איינגעלאַדן ווערן צו האַלטן פֿאָרלעזונגען. אַרום אַלע לימודים זיינען געשאַפֿן געוואָרן סעמינאַרן פֿון די תּלמידים וואָס האָבן געהאַט אַ ספּעציעלן אינטערעס צו דעם אָדער אַנדערן לימוד. יעדער נייער בוך, אַ ייִדישער אָדער אַלגעמיינער, וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַן אינטערעס, איז דיסקוטירט געוואָרן גרינטלעך אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַ לעקטאָר. ד״ר שיפּער פֿלעגט מיט אַ צופֿרידענעם שמייכל באַמערקן: איך פֿיל זיך דאָ ביי מיינע לעקציעס ווי אין אַן ערנסטער, טיף־דענקענדיקער אוניווערסיטעט־אוידיטאָריע. — און איך, פֿלעגט דערביי צוגעבן דניאל לייבל, ווי אין אַ ישיבה.

**וואַרשעווער לערער־סעמינאַר פון ציש״אָ, 1923**



אין צענטער:

ד״ר אייזנשטאַט, מאַסטאַוולאַוסקאַ, ליפּמאַן, צענטנערשווער (?), דניאל לייבל, ש. גאָלדבערג. אין דער אונטערשטער ריי — י. פּאַט. אין דער ערשטער ריי אויבן — ש. מענדעלסאָן און ה. ש. קאַזדאַן; לינקס פון זיי — שבתי ראַפּאַפּאָרט, טאַבאַטשניק (מירסקי), י. קריזאַווסקי. אין דער צווייטער ריי אין צענטער: ב. אייסוראַוויטש, לינקס פון אים די לעצטע צוויי: י. ראַטענבערג, ב. גערשוני

**קונסט־און אַרבעט־קורסן פאַר לערער, איינגעאָרדנט דורך ציש״אָ**
**1922 אין וואַרשע**



אין צענטער:

מייעראָוויטש (אינסטרוקטאָר), א. פיין, משה אפּעלבוים (מאָלער)

צווישן די קורסיסטן:

ליזע האָלצמאַן, מ. בערמאַן, קארלין, מאַשע קאַפּלאַנסקי, חיה ראַבינאָוויטש, שעפּסל אייזנבערג
צווייטע ריי פון לינקס: גאָטליב, נאַטע קאָזלאָווסקי, דוניע אבערמאַן

צוליב דעם מאַנגל אין אייגענע לאַבאָראַטאָריעס און אין אַנדערע עקספּערימענ־טירונגס־מעגלעכקייטן, ווי אויך צוליב דעם מאַנגל, אין יענער צייט אין וואַרשע, אין לעקטאָרן־ספּעציאַליסטן פון נאַטורוויסנשאַפטלעכע לימודים, וואָס זאָלן קענען לערנען אויף יידיש, זיינען די דאָזיקע לימודים ניט געשטאַנען אויף אַזאַ הויכן ניוואָ ווי די הומאַניסטישע. איבריקנס, ס׳רוב פון די תלמידים האָבן אַרויסגעוויזן מער אינטערעס צו די הומאַניסטישע לימודים. דער גרעסטער טייל פון די תלמידים האָט זיך ספּע־ציאַליזירט אויף יידישער שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע. אַ גרויסער טייל פון די תלמידים האָבן זיך אפילו באַזונדערס אויסגעצייכנט אויף די דערמאָנטע געביטן.

די סעמינאַריסטן האָבן זייער אָפט באַזוכט די יידיש־וועלטלעכע שולן און אויך אַנדערע טיפּן שולן. אַ חוץ די פרייוויליקע באַזוכן פון די תלמידים, פלעגן אויך פאָרקומען באַזוכן אָרגאַניזירטע, צוזאַמען מיט די לערער פון סעמינאַר — אונטער דער אָנפירונג פון י. רובין. אָט די באַזוכן פלעגן אָרגאַניזירט ווערן אין פאַרשטענ־דיקונג מיט די לערער פון די שולן, ספּעציאַליסטן פאַר באַזונדערע לימודים אָדער פון ייִנגערע קאָנצענטראַציע־קלאַסן. נאָך אַזעלכע באַזוכן פלעגן פאָרקומען שמועסן, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט די לערער פון סעמינאַר, די שול־לערער און די סעמינאַריסטן. די דאָזיקע שמועסן זיינען תמיד געווען זייער אינטערעסאַנט און באַלערנדיק פאַר אַלע.

ביים סעמינאַר איז געווען טעטיק אַ שילער־ראַט, וואָס האָט געפירט זייער אַ פאַרצווייגטע אַרבעט. דער שילער־ראַט וואָס איז געשטאַנען אין אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט ציִשאָ, האָט באַזאָרגט דעם אינטערנאַט מיט אַלע נויטיקע זאַכן, אָנהייבנדיק פון מעבל ביז לערן־מכשירים און ביכער. עס איז באַזונדערס געזאָרגט געוואָרן וועגן די שילער פון דער וויטער פּראָווינץ, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין אַלץ. דער שילער־ראַט האָט אויך אָרגאַניזירט די פילצאָליקע קולטור־אונטערנעמונגען ביים סעמינאַר, ווי דאָס איינלאַדן שרייבער, לעקטאָרן, ליטעראַרישע דיסקוסיעס, קאָנצערטן און אויס־פלוגן. ער איז אויך געווען פאַרטראָטן אין פּעדאַגאָגישן ראַט פון סעמינאַר און זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע פּעדאַגאָגישע פּראָיעקטן און פּלענער.

גלייך פון אָנהייב אָן איז דער סעמינאַר געוואָרן אַן אָנגעזעענע קולטור־אינסטי־טוציע, וואָס האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין יידישן קולטור־לעבן אין וואַרשע. דער פאַקט פון קאָנצענטרירן זיך פון עטלעכע צענדליק יונגע מענטשן מיט מיטל־בילדונג און יידיש־קענטעניש, מיט אומגעהויערן אינטערעס פאַר יידישער קולטור און יידישע פּראָבלעמען; דאָס אָפּגעבן זיך יומם ולילה מיטן יידישן שטודיום, מיט יידישער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג; דאָס שטיין אין אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט יידישע שרייבער, וויסנשאַפטלער, קולטור־טוערס; דאָס באַזוכן יידישע געזעלשאַפט־לעכע און קולטור־אונטערנעמונגען, — דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַרום דעם סעמינאַר אַן עכט־יידישע קולטור־אַטמאָספער.

דער לערן־קורס פון סעמינאַר איז געווען אויסגערעכנט אויף 2 יאָר. אָבער די באַציאונג פון דער פּוילישער מאַכט און פון בילדונגס־מיניסטעריום איז געווען

אזא, אז יעדן טאג האט מען זיך גענריכט אויף א גזירה, אויף א באפעל צו ליקווידירן דעם סעמינאר. אז מען האט דערלעבט צום סוף פון אט די 2 יאר, איז עס געווען אן אומגעהויער גרויסע שמחה פאר אלע — קודם כל פאר דער צישא וואס האט אריינגעלייגט אזוי פיל מי און ארבעט און געהאפט צו באקומען א פרישן קאדער יונגע לערער, אין וועלכע דאס פאנאנדערגעבליטע שולוועזן האט זיך שטארק גע־נויטיקט. עס איז, נאטירלעך, אויך געווען א גרויסע פרייד פאר די אביטוריענטן, וואס האבן אזוי פיל האפענונגען פארבונדן מיט זייער צוקונפטיקער לערער־ארבעט. אין די לעצטע טעג, ווען עס זיינען פארגעקומען די ארויסלאז־עקזאמענס און מוסטער־לעקציעס, פלעגן זיך לערער און תלמידים באגריסן מיט "גוט יום טוב". און עס איז באמת געווען יומטובדיק אויף דער נשמה. "פון סעמינאר גלייך אין שול אריין צו דער ארבעט, אין אן אייגענער, היימישער און נאענטער שול, אין א יידישער פאלק־שול! ווי לייכט איז טרוים געווארן ווירקלעכקייט" — דאס איז געווען די שטימונג פון די סעמינאריסטן וואס זיינען געווארן לערער.

פון די 42 לכתחילה־אנגעקומענע תלמידים, האבן גראדואירט דעם סעמינאר 28. כמעט אלע זיינען אוועק אין די יידיש־וועלטלעכע שולן פון ליטע, וויס־רוסלאנד און וואלין. זיי האבן מיט זיך געבראכט א סך ווארעמקייט, ענטוזיאזם און אידעאליזם. זיי זיינען אויך אויפגענומען געווארן מיט א סך ווארעמקייט און דאנקבארקייט דורך די יידישע פאלקסמענטשן, וואס האבן די שולן געבויט און פאר זיי קרבנות געבראכט.

געווען זיינען גליקלעכע טעג, געווען און פארשוואונדן...

י. ראטענבערג

## ערשטע פאָלקס־שול אויף יידיש אין פוילן (וואַרשע, דלוגע 26) געגרינדעט אין 1913



ש. גילינסקי, גרינדער און פאַרוואַלטער פון דער שול, פירט מיט די קינדער אַן "אַלגעמיינעם שמועס". לערער הערשל פאַנאַבעריע־פּיין (געשטאָרבן אין אַמעריקע) שרייבט דעם פּראָטאָקאָל. רעכטס — די לערערין פראַניע זיגלער, שפּעטערדיקע ווייכערט (לעבט אין פוילן)
פאָטאָ גענומען אין 1919

# מעדעם־סאַנאַטאָריע

## פון אויפבלי — ביזן הייליקן אומקום

דער לעבנס־דויער פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע איז געווען אַ גאַנץ קורצער. אינגאַנצן האָט די קינדער־אינסטיטוציע עקזיסטירט 16 יאָר, 7 חדשים און 4 טעג. פון די איבער 16½ יאָר זיינען קנאַפּע 14 — געווען יאָרן פול מיט זון, מיט ליכט און מיט פרייד; יאָרן פון כסדרדיקן וואוקס, פון כסדרדיקן באַרג־אַרויף; יאָרן פון אויפטועו און דערגרייכונגען און פון זעלטענער שעפערישקייט. דער ליכטיקער פעריאָד פון דער אינסטיטוציע האָט געדויערט פון 18־טן יאַנואַר 1926 ביזן 5־טן סעפטעמבער 1939. אין יאַנואַר 1926 איז די סאַנאַטאָריע געעפנט געוואָרן און אויפן 5־טן טאָג נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז זי געשלאָסן געוואָרן.

דעם 5־טן סעפטעמבער 1939, ווען אַ באָמבע פון אַ דייטשן עראָפּלאַן האָט אַריינ־געקראַכט אין אַ יידישן יתומים־אַנשטאַלט (פון "צעגנטאַס") אין שכנותדיקן אָטוואָצק, האָט די אָנפירונג פון מעדעם־סאַנאַטאָריע באַשלאָסן פאַנאַנדערצושיקן די קינדער צו זייערע משפחות און שליסן דעם אַנשטאַלט. פאַרנאַכט דעם טאָג האָבן רייען קינדער אין באַגלייטונג פון זייערע געטרייע לערער און פריינד, מיט טרערן אין די אויגן, מאַרשירט צו דער נאָענטער באַן־סטאַציע אין פאַלעניץ. מיט אומעט און טרויער האָט מען זיך געזעגנט מיט די אַזוי פריידיקע און גליקלעכע חדשים און יאָרן פאַר־בראַכטע אין אָט דער ליכטיקער אינסטיטוציע, און געזעגנט האָבן מיר זיך מיט דער סאַנאַטאָריע שוין דאַמאָלסט אויף אייביק.

דער לעצטער טרויעריקער קאַפּיטל פון דער סאַנאַטאָריע־עקזיסטענץ האָט זיך אָנגעהויבן שוין אונטער די נאַציס די ערשטע טעג פון נאָוועמבער 1939 און האָט זיך פאַרענדיקט אין פרימאָרגן דעם 22־טן אויגוסט 1942. אין דעם חושכדיקן פרימאָרגן האָבן די דייטשע רוצחים מיט דער הילף פון פוילישע און אוקראַאינישע אויסוואורפן אַרויסגעריסן די קינדער פון זייער טייערער היים און אַוועקגעפירט זיי צו דער מורא־דיקסטער שחיטה, וואָס די וועלט האָט ווען געזען. צוזאַמען מיט די איבער 200 קינדער זיינען אויך אַוועק צום טויט זייערע געטרייע חברים און פריינד פון פערסאָנאַל, וואָס האָבן מיט זיי דורכגעמאַכט די אַזוי ביטערע צייט אונטער די נאַציס און האָבן די קינדער נישט פאַרלאָזט ביזן לעצטן מאָמענט. עס זיינען אַוועק מיט די קינדער צום טויט די הייליקע: דאָקטאָרין טאַלע מינץ, לערערין ראָזע אייכנער (פון לאָדזש), לאָניע טאָטענגרעבער, שרה ראָזענבערג, נחמה מוסטער און רעגינע גאָלדשטיין. די לעצטע פיר, פון ווירטשאַפטלעכן פערסאָנאַל, צוזאַמען מיט דאָקטאָרין טאַלע מינץ, האָבן געהערט צו די געטרייסטע און איבערגעבנסטע מיטאַרבעטער נאָך פון פאַרן מלחמה־פעריאָד.



די לעבנס־געשיכטע פֿון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע הויבט זיך אָן דעם 18־טן יאַנואַר 1926 ווען טיר און טויער האָבן זיך געעפֿנט פֿאַר דער ערשטער גרופּע פֿון 14 קינדער פֿון די ייִדיש־וועלטלעכע שולן אין וואַרשע. צו דעם טאָג האָט מען זיך לאַנג געגרייט אין די "צישאָ"־ און אַרבעטער־קרייזן. און דער טאָג איז געווען אַ שטילער אָבער אמתער יום־טוב פֿאַר אַלע פֿרײַנד און באַזונדערס פֿאַר די עלטערן און לערער פֿון ייִדיש־וועלטלעכן שול־וועזן.

די מעדעם־סאַנאַטאָריע איז לכתחילה פֿאַרטראַכט געוואָרן אַלס הייל־אַנשטאַלט פֿאַר קינדער באַדראָטע פֿון טובערקולאָז. די צאָל אַזעלכע קינדער איז בעת און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אומגעהויער גרויס, און נישט געווען דאַמאָלסט אין פּוילן קיין איין־איינציקער הייל־אַנשטאַלט פֿאַר ייִדישע קינדער. אָט די קראַנקע קינדער זײַנען געווען די גרעסטע זאָרג פֿאַר זייערע עלטערן און נישט קיין קלענערע זאָרג פֿאַר די פֿרײַנד פֿון ייִדישן קינד, באַזונדערס פֿאַר די לערער, דאָקטוירים און טוער פֿון ייִדיש־וועלטלעכע שולן, וואו עס האָבן זיך געלערנט די קינדער פֿון דער גרעסטער ייִדישער אָרעמקייט און נויט: ביים מינדסטן חשד פֿון טובערקולאָז האָט אַזאַ קינד געמוזט פֿאַרלאָזן די שול, און דאָס האָט גאַנץ אָפֿט באַטײַט פֿאַרן קינד שיר נישט אַן אורטייל אויף אַ פֿאַמעלעכדיקן אונטערגאַנג. די שול איז דאָך אין יענעם פּעריאָד געווען נישט בלויז אַ לערן־אַנשטאַלט נאָר אויך אַ היים פֿאַרן קינד; אַ היים, וואָס האָט אים באַשפּײַזט, באַקליידט און געזאָרגט פֿאַר זײַן גוף און נשמה. נאָך ערגער איז געווען די לאַגע ביים אַרויסנעמען די קינדער אויף אַ זומער־קאָלאָניע. דאָ האָבן די דאָקטוירים געמוזט זײַן נאָך שטרענגער. און דווקא די קינדער, וואָס האָבן זיך אַממערסטן גענויטיקט אין דער קאָלאָניע, האָבן פֿון איר נישט געקאָנט געניסן.

מען האָט געהאַלטן אין איין זוכן וועגן און מיטלען ווי צו העלפֿן אָט די קינדער — ביז אין 1921 האָט דער מעדעם־דינענזאָן־רייכמאַן שול־קאָמיטעט (די דאַמאָלסטיקע אָנפֿירונג פֿון די ייִדיש־וועלטלעכע שולן) מיט דער הילף פֿון "פּיפּלס רעליף" און פֿון "דזשוינט" געגרינדעט אין אָטוואָצק הינטער וואַרשע אַ ספּעציעלע קאָלאָניע פֿאַר קינדער באַדראָטע פֿון טובערקולאָז. די ספּעציעל אויסגעטיילטע פֿאַרוואַלטונג פֿאַר דער קאָלאָניע (דאָקטאָרין אַנאַ ברוידע־העלער, דאָקטאָרין א. קרוק, דוד מייער, ש. אַבראַמסאָן, דאָקטאָר ב. אייזענשטאַט און ש. גילינסקי) האָט געהאַט בדעה צו פֿאַרוואַנדלען די קאָלאָניע אין אַ פּערמאַנענטן אַנשטאַלט, אָבער צוליב מאַנגל אין מיטלען האָט זיך דאָס נישט געלאָזט רעאַליזירן. צוליב דער זעלבער סיבה האָט מען אויך אַ שפּעטערדיקן פּרואוו פֿון אַזאַ קאָלאָניע אין מיכאַלין געמוזט אויפֿגעבן. ערשט סוף 1922, ווען דער גרויסער פֿרײַנד פֿון ייִדישן קינד וולאַדימיר מעדעם (שוין דאַמאָלסט אין אַמעריקע) האָט געהאַט געשאַפֿן אויף דעם צוועק עטלעכע טויזנט דאָלאַר, איז די "צישאָ" צוגעטראָטן בויען אין אַ וואַלדיקער געגנט, אין מעדזעשין לעבן וואַרשע, אַ סאַנאַטאָריע פֿאַר קינדער באַדראָטע פֿון טובערקולאָז. דאָס בויען האָט

צוליב די קליינע און מאָגערע מיטלען ווידער געגומען איבער דריי יאָר און ערשט דעם 18־טן יאַנואַר 1926 איז דער חלום וועגן אַ הייל־אַנשטאַלט פאַר די אומגליק־לעכע קינדער געוואָרן אַ פאַקט, אַ פאַקט פון גאָר גרויס באַדייטונג אין יידישן לעבן אין פוילן.



די מעדעם־סאַנאַטאָריע איז באַקאַנט געוואָרן אין פוילן ווי אויך אין איראָפּע נישט בלויז אַלס הייל־אַנשטאַלט נאָר — און הויפטזעכלעך — אַלס הייל־דערציערישע קינדער־אינסטיטוציע. דער דערציערישער כאַראַקטער איז נאַטירלעכערוויז אַהער איבערגעטראָגן געוואָרן פון דער "צישאָ"־שול און פון דער זומער־קאָלאָניע. דאָ איז ער אָבער פאַרטיפט און אויסגעברייטערט געוואָרן. די מעדעם־סאַנאַטאָריע איז אָרגאַ־ניזירט און אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ לערער (דעם שרייבער פון די שורות), וועלכער האָט אין דער ענגסטער צוזאַמענאַרבעט מיט דער דאָקטוירים־קאָמיסיע (אַנאַ ברוידע־העלער, נ. שפּילפאָגעל־ליכטענבוים, ט. סימכאָוויטש, א. קרוק) איינגעשטעלט דעם נויטיקן מעדיצינישן רעזשים אַזוי, אַז אין אַנשטאַלט זאָל נישט הערשן קיין שפּיטאָל־גייסט.

דער גאַנצער צוגאַנג צום קינד איז דאָ געווען אַ דערציערישער. מען קאָן נישט אָפּטיילן ביים קינד דעם גוף פון דער נשמה. ווייל מען היילן דעם גוף, דאַרף מען איינצייטיק היילן די נשמה. און אויף צו היילן דעם גוף און די נשמה דאַרף מען חוץ אַנדערע קוואַליפיקאַציעס פאַרמאָגן גאָר אַ סך ליבע און פאַרשטענדעניש פאַרן קינד. אָט דער הייל־דערציערישער צוגאַנג צום קינד האָט מיט דער צייט געגעבן אַזעלכע צופרידנשטעלנדע רעזולטאַטן, אַז די פּאָפּולאַריטעט פון אַנשטאַלט איז גע־וואַקסן פון טאָג צו טאָג. די קינדער פלעגן אַהער קומען מיט אומעטיקע, אויסגע־לאָשענע אויגן און מיט בלוטלאָזע פּנימער, און גאָר אין אַ קורצער צייט פלעגן זיי זיך דאָ פאַראַנדערבליען פיזיש און גייסטיק. דער רום פון דער סאַנאַטאָריע איז גע־גאַנגען פון קינד צו קינד, פון מאַמען צו מאַמען און פון לערער צו לערער. טויזנטער יידישע קינדער פון שטעט און שטעטלעך אין פוילן האָבן געחלומט וועגן אַריינ־קריגן זיך אין מעדעם־סאַנאַטאָריע, אין דעם "גן־עדן פאַרן קינד". אויך געזונטע קינדער האָבן געטרוימט וועגן דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. קינדער פלעגן פרעגן ביים שרייבער פון די שורות: "ווען וועט מען שוין אויפבויען אַ סאַנאַטאָריע פאַר געזונטע קינדער?"

אין פאַרהעלטעניש צו דער גרויסער צאָל יידישע קינדער אין פוילן, וואָס האָבן זיך געגויטיקט אין הייל־אַנשטאַלטן, איז די צאָל ערטער אין סאַנאַטאָריע געווען זייער קליין. פון 70 אין אָנהויב איז די צאָל אין לעצטע יאָרן דערגאַנגען ביז 140 אין די ווינטער־חדשים און צו 350 — אין די זומער־חדשים. קינדער, וואָס האָבן שוין געהאַט דאָס גליק אָנגענומען צו ווערן אין סאַנאַטאָריע, האָבן געוואַרט חדשים און אַמאָל אפילו אַ יאָר אויף אַ פרייען פלאַץ. די סאַנאַטאָריע האָט געהאַלטן אין איין

וואַקסן און אין איין פאַנאַנדערבויען זיך, אָבער צוליבן שטענדיקן מאַנגל אין מיטלען איז דאָס צוגעגאַנגען גאַר פאַמעלעך. קינדער פלעגן דאָ פאַרברענגען פון צוויי ביז זעקס חדשים און אין איינצעלנע פאַלן — אַ יאָר און מער. אַ גרויסע צאָל קינדער פלעגן אַהער קומען צום צווייטן, דריטן און אפילו צום פינפטן מאָל: דאָס פאַרברענגען אין סאַנאַטאָריע האָט זיי אויפגעהאַלטן און איינגאַנצן געזונט געמאַכט. אָט די "אַלטע סאַנאַטאָריסטן", ווי מען האָט זיי געוויינלעך גערופן, זיינען שטענדיק געווען דער רוקן־ביין פון דער זעלבסט־פאַרוואַלטונג און פון גאַנצן לעבן אין אַנשטאַלט. און אָט די קינדער, אָדער בעסער־ יוגנטלעכע, זיינען שפעטער, אונטער די נאַציס, אַליין געווען די לערער און פירער פון דער סאַנאַטאָריע.



די מעדעם־סאַנאַטאָריע איז געווען דער פאָפולערסטער אַנשטאַלט אין פוילן און איז געוואָרן דער סימבאָל פון יידישער שעפערישקייט. די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטערשאַפט און די "צישאָ"־משפחה האָבן באַטראַכט די סאַנאַטאָריע אַלס דעם ליבלינג־אַנשטאַלט פון יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן. דערציער און לערער האָבן זייער אָפט באַזוכט די סאַנאַטאָריע און דאָ פאַרברענגט טעג, כדי צו באַקענען זיך מיטן לעבן און צוזאַמענלעבן פון די קינדער.

די יידישע פרעסע אין פוילן פון אַלע ריכטונגען האָט געווידמעט דעם אַנשטאַלט אַ גרויסע צאָל אָפהאַנדלונגען. אַממערסטן האָט נאַטירלעך געשריבן און פאַרעפנט־לעכט מאַטעריאַלן וועגן דעם אַנשטאַלט די בונדישע "פאָלקסצייטונג". אָבער אויך די אַנדערע יידישע צייטונגען האָבן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן אויסגעדריקט זייער באַוואונדערונג און אָנערקענונג פאַר די גרויסע אויפטוען און דערגרייכונגען פון אָט דער אַרבעטער־איסטיטוציע. נאָר איין ביישפיל: דער "מאָמענט" (דעצעמבער, 1937) שרייבט: "עס איז אַ גרויסע טרייסט, פרייד און דערקוויקונג צו זען די פריידיקע יידישע פאָזיטיווע אַרבעט, וואָס ווערט געטאָן אין פרעכטיקן אַנשטאַלט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן אמתן גן־עדן פאַר די קינדער. דאָס קינד באַקומט דאָ חוץ היילונג פאַרן גוף אויך פרייד פאַר דער נשמה". אַזעלכע ציטאַטן וואָלטן מיר געקענט ברענגען אין די צענדליקער.

עס וואָלט כדאי געווען צו ברענגען אָפרופן אויך פון דער יידישער וועלט־פרעסע און פון אַ צאָל יידישע פערזענלעכקייטן ווי פראָפ. ל. הערש, ש. אַש, פראָפ. א. ל. סאַכאַר, חיים זשיטלאָווסקי און אַנדערע. מיר קאָנען ליידער דאָס נישט טאָן אין אָט דער באַגרענעצטער אָפהאַנדלונג. יעדער שאַצט און באַלויכט אַן אַנדער געביט פון לעבן אין אַנשטאַלט. אָבער אַלע אָן אויסנאַם זעען אינם קליינעם ווינקל פון יידישן לעבן פאַרווירקלעכט אַ טייל פון די אידעאַלן פון דער פראָגרעסיווער מענטשהייט.

דער יידישער דאָקטאָר האָט לכתחילה זיך באַצויגן אַביסל מיט אומצוטרוי און אפילו מיט אַ געוויסער קעגנערשאַפט צו דער דערציערישער אַרבעט אין אַנשטאַלט. ביסלעכוויז אָבער האָט ער אָנגעהויבן צו פאַראינטערעסירן זיך מיט דער פירונג



מעדעם־סאַנאַטאָריע, מעדזעשין לעבן וואַרשע
„די אַלטע געביידע"

פון דער סאַנאַטאָריע און איז שפּעטער געווען פול מיט אָנערקענונג פאַר דעם פּיאָנערישן ביישפּיל, וואָס די סאַנאַטאָריע האָט געגעבן אויפן הייל־געביט. פון צייט צו צייט פלעגן פאָרקומען קאָלעקטיווע באַזוכן פון דאָקטוירים, און זיי האָבן אויסגעדריקט זייער אָנערקענונג פאַר די דערגרייכונגען אין מעדעם־סאַנאַטאָריע.

אויך די פּוילישע מעדיצינישע אויטאָריטעטן האָבן הויך געשאַצט דעם ביטראָג פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע צו דער היילונג פון טובערקולאָז־באַדראָטן קינד. פּראָפעסאָר דאָקטאָר מיכאַלאָוויטש (רעקטאָר פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט און דירעקטאָר פון קינדער־קליניקביים אוניווערסיטעט) האָט נאָך זיין באַזוך אין סאַנאַטאָריע געשריבן: "איך האָב געזען און באַוואונדערט אויף יעדן שריט, מיט וואָס פאַראַבאַשיידענע מיטלען אָבער מיט ליבשאַפט קאָן מען שאַפן אַ מוסטערהאַפטע אינסטיטוציע". די פּוילישע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכקייט, די פּוילישע פּעדאַגאָגישע פּרעסע האָבן אַרויסגעהויבן די סאַנאַטאָריע אַלס אַ גאָר גרויסע דערגרייכונג אין פּוילן אויפן דערציערישן געביט. גאָר שטאַרק איז געווען דער אינטערעס צום יידישן סאָציאַליסטישן קינדער־אַנשטאַלט אין די פּוילישע סאָציאַליסטישע קרייזן.

דער באַרימטער פּוילישער פּראָפעסאָר פון פּעדאַגאָגיק אין "וושעכניצא פּאָלסקאַ" (פרייע פּוילישע הויך־שול) א. מ. דאָבראָוואָלסקי שרייבט אין אַ בריוו צו די קאָלעגן דערציער פון מעדעם־סאַנאַטאָריע: ..."טראָץ דעם קאַרדינאַלן פּעדאַגאָגישן פּרינציפּ "אייל זיך נישט", ווערן אין סאַנאַטאָריע צוליב דער קורצער אויפנטהאַלט פון די קינדער אָנגעווענדט "בליץ־אַרטיקע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן". דאָס אָנווענדן די מעטאָדן זעט לכתחילה אויס ווי אַן אוטאָפּיע. פונדעסטוועגן טוט איר דאָס — נאַטירלעך אין די גרענעצן פון מענטשלעכע כוחות — און אייערע רעזולטאַטן זיינען באמת איבער יעדער דערוואַרטונג. איר טוט מער פון מאַקסימום דערפון, וואָס עס זעט אויס צו זיין מעגלעך... און נאָך איין סוד פון אייער דערפאָלג: דאָס איז יענע אוממיטלבאַרקייט אין די באַציונגען צווישן אייך און די קינדער, וועלכע מען פילט, מען זעט, מען הערט אויף יעדן שריט און מיט וועלכער עס איז אָנגעזאַפּט די גאַנצע אַטמאָספער פון אייער אַנשטאַלט. און דאָס איז אַן אוממיטלבאַרקייט, אַ קעגנזייטיקע, וועלכע פאַרלייכטערט אין אַ גרויסער מאָס אייער אַרבעט". ("שול־וועגן", יאַנואַר, 1937).

אין דער אייראָפּעאיש־פּעדאַגאָגישער וועלט איז די מעדעם־סאַנאַטאָריע באַקאַנט געוואָרן אַ דאַנק דער גרויסער צאָל באַזוכער פון פאַרשיידענע לענדער. דער ערשטער גרויסער פּעדאַגאָג, וואָס האָט באַזוכט די מעדעם־סאַנאַטאָריע איז געווען פּראָפעסאָר א. פעריער, דאַמאָלסט דירעקטאָר פון "זשאַן זשאַק רוסאָ אינסטיטוט" אין דער שווייץ און דירעקטאָר פון אינטערנאַציאָנאַלן דערציונגס־ביוראָ. אַלס די העכסטע דערגרייכונג האָט א. פעריער באַטראַכט דאָס צוזאַמענלעבן פון די קינדער און די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן לערער און קינד. פּראָפעסאָר פעריער האָט שפּעטער געשריבן; "איך בין געווען גליקלעך צו זען דעם הערלעכן ביישפּיל פון סאָציאַלער הילף און זעלבסטפאַרוואַלטונג. עס וואָלט זיך וועלן זען ענלעכע ביישפּילן אומעטום אויף דער וועלט". פאַר זיינע צוהערער אין "זשאַן זשאַק רוסאָ אינסטיטוט" האָט ער גערעדט

וועגן די דערציערישע מעטאָדן און אויפטוען אין מעדעם־סאַנאַטאָריע. ער האָט רעקאָמענדירט זיינע צוהערער אומבאַדינגט צו באַזוכן אָט דעם יידיש־סאָציאַליסטישן אַנשטאַלט אין מיעדזעשין ביי וואַרשע.

אין אַרכיוו פון מעדעם־סאַנאַטאָריע, (געבליבן ערגעץ באַגראָבן) האָבן זיך געפונען אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען וועגן אַנשטאַלט — אין 15 שפּראַכן. טייל פון די אַרטיקלען געפינען זיך אין "פּראַנץ קורסקי אַרכיוו", אַנדערע דאַרף מען זוכן אין די ביבליאָטעקן פון דער וועלט.

די פּאָפּולאַריטעט פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע איז נאָך מער געשטיגן אַ דאַנק דעם פילם "מיר קומען אָן", וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס לעבן פון די קינדער אין אַנשטאַלט. נישט געווען גענוג מיטלען אויף צו קאָנען פילמירן און פּאַראייביקן אַלץ, וואָס האָט באַדאַרפט פאַראייביקט ווערן. דער פילם "מיר קומען אָן" איז געשאַפן געוואָרן ווי אַלץ אין סאַנאַטאָריע מיט גאָר ווייניק מיטלען, מיטן ביסל מיטלען, וואָס עס האָט ספּעציעל אויף דעם צוועק געשאַפן דער פאַרשטאָרבענער ברוך טשאַרני־וולאַדעק. וולאַדעק האָט געזען אין סאַנאַטאָריע פאַרווירקלעכט אַ טייל פון זיינע אייגענע חלומות און די חלומות פון זיין דור. ער האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף ווייזן דער ברייטער יידישער וועלט ווי אויך דער נישט־יידישער, וואָס די יידישע אַרבעטער אין פּוילן פאַרמאָגן. אַ דאַנק דעם פילם, וואָס איז געווען פאַרבאָטן אין פּוילן און איז געוויזן געוואָרן אין אַ ריי לענדער ווי פראַנקרייך, בעלגיע, ענגלאַנד און אויך אין אַמעריקע, איז ווידער אַ סך, גאָר אַ סך געשריבן געוואָרן וועגן דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. דאָס ווייניקע, וואָס דער פילם האָט אָפּגעשפּיגלט פון ווירקלעכן לעבן פון די קינדער אין מיעדזעשין, האָט אַרויסגערופן גרויס אָנערקענונג אין דער ברייטער אייראָפּעאיש־פּעדאַגאָגישער וועלט. דאָס העכסטע און דאָס שענסטע, וואָס דער פילם האָט אַרויסגעבראַכט זיינען נאַטירלעך די קינדער, די באַגאַבטע און באַהויכטע מיטן גייסט פון דורות יידישע קינדער. די אימעקס, די שאַפּיראָס, די קעצעלעך (אימעק דיסטעל, לובע שאַפּיראָ און זלמן קאַץ זיינען די הויפּט־העלדן פון פילם) און די אַנדערע — זיי זיינען געווען די אמתע בויער און שעפער פון דעם ווערק, וואָס האָט געהייסן מעדעם־סאַנאַטאָריע. אויפן וועלט־פּעדאַגאָגישן צוזאַמענפאָר אין פּאַריז (זומער, 1937) האָט דער פילם "מיר קומען אָן" געקראָגן די העכסטע אָנערקענונג און איז אַרויסגערוקט געוואָרן אויפן ערשטן אָרט צווישן אַלע דאָקומענטאַרע פילמען פון קינדער־לעבן, וואָס זיינען דאָרטן געוויזן געוואָרן.

בלויז איין ציטאַט פון די צענדליקער אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן וועגן פילם: "דאָס אומעטיקע און גרויע לעבן ווערט דאָ פאַרוואַנדלט אין אַ לעבן פון פרייד און צוטרוי. די שוואַכסטע לערנען זיך דאָ געניסן אַליין פון לעבן און אויך ווידמען זיך דעם לעבן פון אַנדערע. דאָ באַקענען זיי זיך מיט דער אמתער זון, מיט דעם אמת־ריינעם וואַסער און מיטן לעבן פון אַ קאָלעקטיוו ווי אויך מיט דער קאָלעקטיווער מאָראַל. די סאַנאַטאָריע איז איינס פון די שענסטע אויפטוען

פון דער פיזישער און מאָראַלישער היגיענע, אַ ווערק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן און וואָס פאַרשאַפט גרויס כבוד דעם יידישן סאָציאַליזם.״ (״אין קינאָ״, פאַריז, 1936)

רעזשיסירט דעם פילם האָט דער באַגאַבטער אין פוילן רעזשיסאָר אַלעקסאַנדער פאָרד (ליפשיץ). דעם סצענאַר האָט אָנגעשריבן יעקב פאַט. די באַקאַנטע שריפטשטעלערין וואַנדאַ וואַשילעווסקאַ און ח. ש. קאַזדאַן האָבן זיך באַטייליקט אין באַאַרבעטן דעם סצענאַר און די דיאַלאָגן. מיט דער פּראָדוקציע האָבן אָנגעפירט דער לאַנגיאָריקער מיטפאַרוואַלטער פון דער סאַנאַטאָריע ח׳ יוסף ברומבערג און דער שרייבער פון די שורות. די מוזיק צום פילם האָט געשאַפן דער באַקאַנטער יידישער מוזיקער הענעך קאָן.



ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען, אַז דווקא די אָרעמע יידישע גאַס אין פוילן זאָל האָבן אַזוי פיל דערגרייכט און אַ יידישע אַרבעטער - אינסטיטוציע זאָל ווערן אַ מוסטער פאַר אַנדערע אויפן פעדאַגאָגיש־דערציערישן געביט? פון וועלכע קוואַלן האָבן די פיאָנערן און בויער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול און פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע געשעפט זייערע גייסטיקע כוחות?

די יידיש־וועלטלעכע שול איז געקומען אויף דער וועלט אַלס קינד פון דער גרויסער רעוואָלוציע אין יידישן לעבן אין רוסלאַנד, ליטע און פוילן סוף 19־טן און אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט. דער יידישער לערער, דער בויער און פיאָנער פון דער יידישער שול, איז צוגעטראָטן צו זיין פיאָנערישער אַרבעט מיט אַ דרייפאַכער ליבע: ליבע צום פאָלק, ליבע צום קינד און ליבע צו דער פאָלקס־שפראַך. אַליין אַ קינד פון פאָלק, האָט ער מיט זיין גאַנצער נשמה, מיט זיין גאַנצן מהות געווידמעט זיך דעם יידישן פאָלקס־קינד. פול מיט ליבע צום קינד, האָט ער געזוכט נייע וועגן און נייע אופנים ווי אַזוי צו דערציען אַ נייעם דור, אַ דור וואָס זאָל זיין באַוואָפנט און פעאיק צו פאַרשענערן, פאַרבעסערן און גייסטיק באַרייכערן דאָס יידישע לעבן.

די נייע שול האָט אָנגעהויבן אין זיך פאַרקערפערן די שענסטע חלומות פון יענעם דור, פון יענער תקופה. זי איז געוואָרן די טרעגערין פון אַלע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אידעאַלן, מיט וועלכע די סאָציאַליסטישע יוגנט איז געווען דורכגעדרונגען. די חלומות פון די דערוואַקסענע האָבן גענומען אָפשפיגלען זיך אין די קינדער, און די שול איז נאַטירלעכערוויז געוואָרן די באַליבסטע אינסטיטוציע ביי אירע בויער און טרעגער, ביי די עלטערן און ביי אַלע אירע פריינד. די מעדעם־סאַנאַטאָריע האָט די אייגנשאַפטן פון דער יידישער שול נאָך מער פאַרטיפט און זיי וויטער אַנטוויקלט.

ביים אָרגאַניזירן די מעדעם־סאַנאַטאָריע האָבן מיר זיך אָפגעגעבן אַ חשבון פון די אַלע שוועריקייטן, וואָס מיר האָבן געהאַט פאַר זיך. מיר האָבן גוט געהאַט אין זינען, אַז די סאַנאַטאָריע דאַרף זיין אַ פאַרמאַכטער אַנשטאַלט, אָפגעריסן פון היים, שול, גאַס און פון גאַנצן אַרום, און אַז אַזאַ קינדער־אינסטיטוציע אָן העכערע

צילן, אָן אַ דערהויבענעם גייסט קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין היפוך פון דעם צו וואָס מיר שטרעבן. מיר האָבן אויך געהאַט אין זינען, אַז מיר וועלן דאַרפן האָבן צו טאָן מיט קינדער קראַנקע, אָפּגעשוואַכטע און גאַנץ אָפּט שוין דערשלאָגענע און אַפּאַטישע צום לעבן. אַזעלכע קינדער זיינען זייער סענסיטיוו און זייער פסיכיק איז אַ גאַנץ אַנדערע ווי ביי געזונטע קינדער. דערצו נאָך קומען די קינדער פון קעלערן, פון בוידעם־שטיבלעך און פון גאַסן, וואו עס איז נישטאָ קיין גרעזל, קיין ביימל. צו אַזעלכע קינדער דאַרף מען גאָר אַנדערע דערציער, דערציער פון אַ גאָר הויכער מדרגה. עס איז אויך געווען אַ פראַגע וועגן צוגעפּאַסטע דאָקטוירים און סאַניטאַרינס (קראַנקן־שוועסטער); נישט ווייניקער וויכטיק איז אין אַזאַ אַנשטאַלט אויך דער טעכנישער פּערסאָנאַל. יעדער טעכנישער מיטאַרבעטער, אפילו אַן אַרבעטער אויפן הויף אָדער אין גאָרטן, ווערט אַ מיטגליד פון דער סאַנאַטאָריע־משפּחה און ווירקט אַקטיוו אָדער פּאַסיוו אויפן לעבן פון אַנשטאַלט.ביים לייזן אָט די און אַנדערע פּראָבלעמען, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיטן איינאָרדנען דאָס לעבן פון די קינדער אין סאַנאַטאָריע, האָבן מיר זיך געריכטעט מיט אַ ריי גרונט־יסודות, וועלכע האָבן אונז געהאָלפן געפינען דעם מער־ווייניקער ריכטיקן וועג. אַ דאַנק זיי איז אונז געלונגען צו שאַפן אַ געהעריקן צוזאַמענלעבן פון די קינדער, אַ שעפערישן קאָלעקטיוו און אַ פריידיקע אַטמאָספער. די פּרינציפּן זיינען פאַר קיינעם נישט ניי און אוודאי זיינען זיי נישט ניי אין דער טעאָריע פון דערציונג, אין דער לערע פון פּעדאַגאָגיק. דער אויפטו פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע איז געווען דאָס וואָס זי האָט די אַלגעמיין באַקאַנטע טעאָריע געהעריק אָנגעווענדט אין לעבן און זי אויסגעפורעמט אין איין אויסגעהאַלטענע דערציערישע סיסטעם.



ליבע צום קינד איז געווען דער יסוד פונם לעבן אין מעדעם־סאַנאַטאָריע, ליבע צום קינד איז געווען דער העכסטער פּעדאַגאָגישער געבאָט פאַר יעדן לערער, פאַר יעדן דערציער און מיטאַרבעטער. דאָקטוירים, לערער, סאַניטאַרינס און טעכנישע מיטאַרבעטער, וואָס זיינען געווען באַשאָנקען פון דער נאַטור מיט גרויס ליבע צום קינד, האָבן זיך אַליין געצויגן צום אַנשטאַלט. אַלע אָן אויסנאַם האָבן געהאַט פאַר זיך איין ציל: שאַפן באַדינגונגען, אַז דאָס קינד זאָל וואָס מער געניסן פון זיין זיין אין סאַנאַטאָריע. די פרייד און די הנאה פונם קינד איז געווען די פרייד און הנאה פונם לערער, פונם דאָקטאָר און פון יעדן מיטאַרבעטער פון פּערסאָנאַל. אַ יום־טוב פאַרן קינד איז געווען דער גרעסטער יום־טוב פאַר יעדן פון די דערוואַקסענע. יעדער דערפאָלג פון אַ יחיד איז געווען דער דערפאָלג פונם גאַנצן אַנשטאַלט. מיט ליבע צום קינד און צו זיין אַנשטאַלט איז געווען דורכגעדרונגען אַלץ, וואָס איז נאָר געקומען אין באַרירונג מיט אים. און אָט די ליבע איז געווען דער יסוד און דער סוד פון דער גרויסער שעפערישקייט און פון אַלע דערגרייכונגען אויפן פּעדאַגאָגיש־דערציערישן געביט.

## אַלגעמיינע וועכנטלעכע קינדער־פאַרזאַמלונג
## אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע

רעכטס — ש. גילינסקי, י. מלאַטעק, רחל באַדאַנאַווסקי, לערערין פּאַלישוק.





דער קינדער־ראַט האַלט אַ זיצונג

### אַ זיצונג פון קינדער־ראַט אין מעדעם סאַנאַטאָריע

ביים טיש (פון לינקס):

ש. מענדעלסאָן, ווײַנאַפּעל, ה. פּאַסעסאָרסקי, ש. גילינסקי, י. מלאַטעק, מ. גילינסקי (באַטקע), אימעק דיסטעל, ר. באַדאַנאַווסקי

אין סאַנאַטאָריע דאַרף הערשן קאָנזעקווענטער צוטרוי — פונם לערער צום קינד און פונם קינד צום לערער. דאָס קינד דאַרף גלויבן דעם לערער. קוים גלויבט ער אים נישט, קען נישט זיין קיין רייד וועגן ווירקונג פון לערער אויפן קינד. און ווילסטו, אַז דאָס קינד זאָל דיר גלויבן, טרויען, דאַרפסטו גלויבן און טרויען דעם קינד. די ערשטע אויפגאַבע פונם לערער איז צו געווינען דעם צוטרוי פון די קינדער. און דאָס איז נישט שווער, אויב דו ביסט אויפריכטיק, אוממיטלבאַר, פריינדלעך און דיין באַציונג צו אים איז ווי פון אַ גלייכן צו אַ גלייכן. דעצידירנד איז אויך די אַלגעמיינע אַטמאָספער אין אַנשטאַלט. אויב דאָס איז אַן אַטמאָספער פון צוטרוי פון איינעם צום צווייטן, גיט עס זיך שנעל איבער דעם ניי־אָנגעקומענעם קינד און ער הויבט דיר אָן גלויבן. און קוים גלויבט ער דיר, האָסטו דעם שליסל צו זיין נשמה.

אָבער נישט מיט רייד, נאָר מיט מעשים, מיט פאַקטן דאַרף מען קומען צו די קינדער. אין לעבן ווירקן נישט סתם אידייען, סתם טעאָריעס. עס ווירקן נאָר פאַרקערפּערטע אידייען, פאַרקערפּערטע טעאָריעס. און אויב דאָס איז ריכטיק פאַר דערוואַקסענע, איז דאָס הונדערט פּראָצענט אמת ביי קינדער. קינדער דאַרף מען וויזן די זאַכן אַליין און נישט זייערע שאָטנס. נישט ריידן וועגן חברישקייט דאַרף מען, נאָר אַרויסווייזן חברישקייט, נישט ריידן וועגן העלפן דעם שוואַכן, נאָר עס פּראַקטיצירן. און אַזוי אויך מיט די פּראָבלעמען פון אָרדנונג, פון ריינקייט, פון אַרבעט און פון באַציונג צו דער נאַטור.

איינע פון אונזערע ערשטע אויפגאַבעס איז געווען — צוגעוואוינען די קינדער צו אַ היגיענישן לעבן. האָבן מיר גלייך ביים אָנהויב, ביי דער דערעפענונג פון אַנשטאַלט, אַריינגעפירט די ערשטע 14 קינדער אין אַזאַ ריינקייט, אַז די ציכטיקייט האָט געשלאָגן פון יעדן ווינקעלע. די קינדער זיינען געוואָרן איבערראַשט, ווען מען האָט זיי צום ערשטן מאָל אַריינגעפירט אין די שלאָף־צימערן מיט די ווייסע בעטן, אין די באָד־צימערן, אין די שפּיל־ און עס־צימערן. אָט דער ערשטער שטאַרקער איינדרוק פון ריינקייט איז געווען דעצידירנד פאַר דער גאַנצער ווייטערדיקער אַרבעט אויף דעם געביט. יעדער קינד האָט באַדאַרפט אויפהאַלטן די עקזיסטירנדע ריינקייט, איר נאָך מער אויסברייטערן. און די קינדער האָבן אָנגעהויבן פילן דעם טעם פון אַזאַ ריינקייט און געמאַכט אַלע באַמיונגען איר איינצוהאַלטן. מיט וואָס פאַראַ שטאָלץ קינדער האָבן געפירט זייערע עלטערן און געסט און געוויזן זיי ווי אַזוי די ריינקייט "שמעקט" אין סאַנאַטאָריע.

אַזוי איז געווען מיט אָרדנונג אין אַנשטאַלט און אויף אַ רייע אַנדערע געביטן. די אָרדנונג אין אַנשטאַלט האָט אַרויסגערעדט פון יעדער בלומען־בייט, פון יעדן גראָז־פּלאַץ, פון יעדער בייט אין גאָרטן, פונם צימער מיט מכשירים, ווי פון יעדן בעט אין שלאָף־צימער.

די זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון די קינדער האָט אויסגעפירט אַלע פונקציעס פונם קאָלעקטיוון צוזאַמענלעבן, און די קינדער ווי בינען, יעדער אויף זיין פּלאַץ, האָבן

הייליק אָפּגעהיט — יעדער זיין ווינקעלע, זיין אַרבעט, וואָס איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן. און אַזוי האָט מען זיך געלערנט האַלטן אַלץ אין אָרדנונג און במילא אויך זיך אַליין. און אַז מען איז צוריקגעקומען אַהיים האָט מען איינגעאָרדנט ביי זיך אַ "סאַנאַטאָריע". מען האַלט אָפן די פענסטער, מען וואַשט זיך דעם גאַנצן קערפּער, מען לערנט די מאַמע האַלטן ריין און וואַשן די קינדער און מען באַמיט זיך האַלטן אַלץ אין אָרדנונג. הונגער, נויט און ענגשאַפט לאָזן אָבער נישט די קינדער פאַרווירקלעכן זייערע פּלענער. עס בלייבט ביי זיי אַ בענקשאַפט, אַ שטרעבונג צו אַ העכערער אָרדנונג און צו אַ שענערן און אַ בעסערן לעבן.

די דערציערישע אַרבעט אין סאַנאַטאָריע האָט שטענדיק געהאַט פאַר זיך די גרעסטע מניעה — דאָס קורצע פאַרבלייבן פון די קינדער אין אַנשטאַלט. האָבן מיר געהאַלטן אין איין זוכן וועגן און מיטלען ווי אַזוי שטאַרקער צו באַווירקן די קינדער אין אָט דער קורצער צייט. און איינס פון די מיטלען איז טאַקע געווען די אַבסאָלוטע אויסגעהאַלטנקייט און שטאַרקער אויסדויער ביים דורכפירן אין לעבן אָט די פּרינציפּן, ביי וועלכע מיר האָבן זיך געהאַלטן. וויפל אויסגעהאַלטנקייט און אויסדויער עס האָט זיך געפאָדערט כדי דורכצופירן אין לעבן געוויסע פאָרמען פון צוזאַמענלעבן און צוזאַמענאַרבעט, אָדער פון צוזאַמענזיין! אָט איז די פּראָבלעם פון באַרויִקן די קינדער ביים עסן, ביי פאַרווײַלונגען און בכלל ביי יעדערן גרעסערן צוזאַמענקום. ווי נאָר די צאָל קינדער אין סאַנאַטאָריע האָט זיך פאַרגרעסערט, האָבן מיר געהאַט גרויסע שוועריקייטן ביים באַרויִקן די קינדער ווען זיי פלעגן זיך געפינען צוזאַמען אין אַ גרעסערער צאָל. עס פלעגט אָפט נעמען אַ סך מינוטן ביז די קינדער האָבן זיך באַרויִקט און געווען אומשטאַנד צוצוהערן זיך צו דעם, וואָס מען האָט גערעדט צו זיי. באַרויִקן מיט דער הילף פון אַ גלעקל? דאָס גלעקל טראָגט דאָך אַריין נאָך מער טומל און ווירקט אפילו דענערווירנד אויף די קינדער. רויִקייט דאַרף מען אַרויסרופן מיט רויִקייט. עס איז נויטיק אַ צייכן, וואָס זאָל רופן די קינדער צו אויפמערקזאַמקייט אָבער דער צייכן אַליין דאַרף זיין אַ רויִקער. מען האָט נאָך אַ באַראַטונג און אַ יישוב הדעת מיט די קינדער באַשלאָסן צו "באַרויִקן" פשוט דורך אויפהויבן אַ האַנט. די אויסגעהאַלטנקייט — דאָס בלייבן שטיין רויִק און נישט אָנקומען צו אַנדערע מיטלען — און דאָס אויסדויערן אַזוי אין משך פון צוויי־דריי וואָכן האָט דערפירט צו דעם, אַז ביים גרעסטן טומל (אפילו בעת שפּילערייען) איז גענוג געווען אויפצוהויבן אַ האַנט כדי מאָמענטאַל זאָל אָנהויבן הערשן אַן אַבסאָלוטע שטילקייט. דאָס בלייבן שטיל האָט זיך ווי דורך אַן עלעקטרישן שטראָם איבערגעגעבן פון קינד צו קינד. דאָס דורכפירן אין לעבן אָט דעם פּשוטן געדאַנק פון באַרויִקן מיט רויִקייט האָט אַרויסגערופן אַ סך דערהויבנקייט ביי די קינדער און ביי די לערער און האָט אינספּירירט אויך אַנדערע דערגרייכונגען אין לעבן פון אַנשטאַלט.

די קונסט פון דערציען און לערנען קינדער איז אין אַ גרויסער מאָס די פעאיקייט צו לערנען זיך פון די קינדער. קינדער זיינען גוטע לערער, אויב מען פאַר־

שטייט, ווי צו לערנען זיך פון זיי. זיי לערנען דיך קודם אויס ווי נישט צו האַנדלען, ווי נישט צו פירן זיך אין דעם אָדער יענעם פאַל.

אין די שמועסן מיט די קינדער (יעדער לערער אין זיין גרופּע) זאָגן זיך די קינדער פריי אַרויס וועגן דער אָדער יענער נישט־ריכטיקער אָדער נישט־פּאַסענדער האַנדלונג פון דעם אָדער יענעם לערער און אפילו פונעם אַנפירער פון אַנשטאַלט. די קינדער קלערן אויף, פאַרוואָס דער אָדער יענער קינד האָט זיך געפילט געטראָפן, אָדער אפילו באַליידיקט פון דעם אָדער יענעם לערער, אָדער חבר פון פּערסאָנאַל. אַזעלכע פראַגן האָט מען אָפט באַהאַנדלט אויף די זיצונגען פון קינדער־ראַט. און גאַנץ אָפט האָט אַ לערער געקראָגן אַ געהעריקן קיבעץ אין דער קינדער־צייטונג "אונדזער ראַדיאָ". פון די באַמערקונגען פון די קינדער האָט מען געקאָנט גאָר אַ סך לערנען. קינדער זיינען אָפט געקומען מיט פאָרשלאָגן צו די לערער און שפּעטער האָט מען אריינגענומען די פאָרשלאָגן אין אַלגעמיינעם פּראָגראַם פון אַנשטאַלט.

די דערציונג פונם קינד איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק פון די אַרומיקע באַדינגונגען. וואָס רייכער די אַרומיקע נאַטור, אַלץ מער שיינקייט און האַרמאָניע זאַפּט אין זיך איין דאָס קינד. וואָס גייסטיק־רייכער איז דאָס לעבן אַרום קינד, אַלץ מער גייסטיק שפּייז נעמט ער אין זיך אַריין. די סאַנאַטאָריע האָט דעריבער פון ערשטן טאָג אָן געזוכט צו שאַפן באַדינגונגען און מעגלעכקייטן פאַרן קינד אויסצו־לעבן זיך לויט זיינע נייגונגען און פעאיקייטן. אָנגעהויבן האָט מען פון אַ טויבן־שלאַק, וועלכער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין לעבן פון די קינדער, און דער־גאַנגען איז מען צו אַזעלכע איינריכטונגען ווי: הינער־ און בינען־צוכט; גאָרטן־ סאָד־ און בלומען־צוכט; וואַסער־באַסיין, ביאָלאָגישער מוזיי און מעטעאָראָלאָגישע סטאַנ־ציע; בלומען־קוסטעס, גראָז־פּלעצער און פּאַרק־אַלייען; שפּיל־פּלעצער און אייגענע שאָטן־פילמען; פאַרוויילונגס־שעהן, וועכנטלעכע קינדער־קאָנצערטן און גרויסע קינדער־פאָרשטעלונגען; שעהן פון פאָרלייענען פאַר די קינדער, לערנען די שפּראַך, לייענען און שטודירן ווערק פון יידישער און אַלגעמיינער ליטעראַטור; שעהן פון צייכענען, אַ קונסט־ווינקל און אויסשטעלונגען פון אייגענע אַרבעטן און פון ווערק פון קינסט־לער; נייען און אויסנייען פאַרן אייגענעם געברויך און צוגרייטן קאָסטיומען צו די גרויסע קינדער־פאָרשטעלונגען; כאָר, טענץ און מוזיק; שריפטלעכע מעלדונגען, וואַנט־צייטונג און טעגלעכע צייטונג "אונדזער ראַדיאָ", וועלכע דערשיינט אין די פרימאָרגנס און שפּיגלט אָפּ דאָס גאַנצע לעבן אין אַנשטאַלט.

אין די פרייע אָדער אין אַרבעטס־שעהן האָבן די קינדער ווי בינען צעשפּרייט זיך איבער אַלע ווינקעלעך פון אַנשטאַלט און אין יעדן ווינקל, אַרום דער אָדער יענער איינריכטונג, האָסטו געקאָנט זען שטראַלנדיקע פּנימער פון גליקלעכע קינדער, וואָס האָבן זיך געפּאָרעט אַרום "לעבעדיקע" זאַכן אָדער לעבעדיקע באַשעפענישן, וועלכע זיי האָבן שטאַרק ליב געהאַט. אַ קינד פון אַ תלמוד־תורה, וואָס פלעגט די ערשטע צייט מורא האָבן צוצורירן זיך צו די "פּגרים" (די אויסגעשטאָפּטע פויגלען און קליינע חיות), איז שפּעטער געוואָרן אַ גאַנצער נאַטור־פאָרשער.

דאָס קינד דאַרף שטענדיק זיין אַקטיוו, פיזיש און גייסטיק: כּדי אויפצוהאַלטן דעם געמיט ביים קראַנקן אָדער שוואַכן קינד דאַרף ער כּסדר אַקטיוויזירט ווערן. באַטירלעך, דאַרפן די אַקטיוויטעטן זיין צוגעפּאַסט צו זיינע פיזישע מעגלעכקייטן און צו זיין פיזישן צושטאַנד. אַ דאַנק די אַקטיוויטעטן און אַ דאַנק די פאַרשידנאַרטיקע באַשעפטיקונגען אין סאַנאַטאָריע האָט דאָס קינד זיך דאָ געפילט ווי אַ מיטגליד פון אַן אַרבעטנדיקן שאַפנדיקן קאָלעקטיוו, און נישט ווי אַ חולה אין אַ סאַנאַטאָריע. דאָס האָט געהויבן דעם געמיט פון קינד און גלענצנד געווירקט אויך אויף זיין שנעל פאַרבעסערן זיך. די רעזולטאַטן פון פיזישער פאַרבעסערונג אין סאַנאַטאָריע זיינען טאַקע געווען העכערע ווי אין אַנדערע ענלעכע אַנשטאַלטן. דער ציל פון די אַלע אַקטיוויטעטן איז געווען — שטאַרקן דעם קינד פיזיש, פאַרבינדן אים מיטן קאָלעקטיוו און רייכער מאַכן זיין גייסטיק לעבן. נישט געווען דעריבער אין אַנשטאַלט קיין שפּיטאָל־גייסט, קיין חולאים־אַטמאָספער. אפילו די קינדער, וואָס זיינען געלעגן אין איזאָלאַציע, האָבן שטאַרק אָפּגעהיט דעם שטרענגן פאַר זיי רעזשים און קאָאָפּערירט מיטן דאָקטאָר און מיט די סאַניטאַרינס כּדי וואָס שנעלער געזונט צו ווערן און קאָנען זיין צוריק ביי זייערע בלומען, ביי זייערע טויבן, אָדער קאָנען פאָרזעצן דאָס אויסשטודירן זייערע ראָלן אין דער קומענדיקער פאָרשטעלונג. די ציל־באַוואוסטע אַקטיווקייט אַנטוויקלט שטאַרק די פאַנטאַזיע און הויבט די מאָראַל פון קינד.

די זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון די קינדער איז דער בעסטער אופן צו דערציען זיי צו זעלבשטענדיקייט, צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט און געזעלשאַפטלעכקייט. אין קאָמפּעטענץ פון דער זעלבסט־פאַרוואַלטונג גייען אַריין אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צום לעבן פון די קינדער אין סאַנאַטאָריע און אַ צאָל פונקציעס, וואָס ווערן אויסגעפירט דורך די קינדער. די העכסטע אינסטאַנץ פון דער זעלבסט־פאַרוואַלטונג איז די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס באַטייליקן זיך אַלע קינדער חוץ די גאָר קליינע (ביז 8 יאָר). די פאַרזאַמלונג וויילט דעם קינדער־ראַט און טיילט אויס פון זיך אויפזעער, קאָמיסיעס און פאַרשיידענע אַמטן. טייל אויפזעער ווערן געוויילט אויף איין וואָך, אַנדערע אויף צוויי וואָכן. עס זיינען אויך דאָ חודשדיקע אַמטן (ביבליאָטעק־קאָמיסיע, קאָאָפּעראַטיוו, רעדאַקציע, פאַרווייַלונגס־קאָמיסיע א. א.).

דער קינדער־ראַט ווערט געוויילט אויף 10 וואָכן און טיילט פון זיך אויס אַ קאָנטראָל־קאָמיסיע, וואָס האָט די אויפגאַבע צו קאָנטראָלירן ווי אַזוי די אַרבעט ווערט אויסגעפירט אין אַלע ווינקעלעך פון אַנשטאַלט. אַרום און אַרום האָבן פונקציאָנירט ביז 35 קאָמיסיעס און אַמטן: 1־וואָכיקע — 10; 2־וואָכיקע — 11; חודשדיקע — 14. עס זיינען געווען קאָמיסיעס פאַר היגיענע (באָד־צימער, הענט־וואַשן, צאָן־בערשטלעך, שיך־פוצן א. א.), פאַר קולטור־טעטיקייט (רעדאַקציע, פאַרווייַלונגען, ביבליאָטעק, צייטונג, קונסט־ווינקל א. א.), ווירטשאַפטלעכע און פון נאַטור־געביט. דער קינדער־ראַט באַשטייט פון 7 מיטגלידער און 2 לערער מיט שטים־רעכט. נישט

געקוקט אויף דער "פֿליסיקייט" פֿון די קינדער, פֿונקציאָנירט די זעלבסט־פּאַרוואַלטונג שטענדיק אָן איבעררייס. פֿאַלט אַרויס אַ קינד פֿון אַ קאָמיסיע, פּאַרטרעט אים גלייך אַן אַנדער קינד.

אַממערסטן רייסן זיך די קינדער צו די אַרבעטן אין גאָרטן, אין ביאָלאָגישן צימער, אַרום די בעלי־חיים (הינער, טויבן, פֿייגעלעך, הינט, וועווערקעס, קיניגלעך א. א.) — באַזונדערס צו די טויבן. מיט יעדן יאָר פֿונקציאָנירט די זעלבסט־פֿאַרוואַלטונג אַלץ בעסער. דאָס איז הויפּטזאַכלעך צו פֿאַרדאַנקען יענע קינדער, וואָס האָבן שוין פֿאַרבראַכט אין סאַנאַטאָריע צו עטלעכע מאָל און זיינען גוט באַקאַנט מיט די פֿאַרשיידענע אַמטן. וויפֿל איניציאַטיוו און וויפֿל שעפֿערישקייט די קינדער האָבן אַריינגעטראָגן ביים אויספֿירן זייערע אַמטן און ביים דורכפֿירן געוויסע אַרבעטן! אויף יעדער זיצונג פֿון אַ קאָמיסיע און אין יעדן שמועס מיטן לערער קומען קינדער מיט נייע געדאַנקען און מיט נייע פֿאָרשלאָגן ווי בעסער איינצואָרדענען אָדער דורכצופֿירן די אָדער יענע אַרבעט אָדער ווי איינצואָרדענען די אָדער יענע נייע איינריכטונג. די קינדער האָבן געהאַט גאָר אַ גרויסן חלק אין דעם הויכן ניוואָ פֿון אַנשטאַלט. די זעלבסט־פֿאַרוואַלטונג האָט שטאַרק אַנטוויקלט ביי די קינדער די געפֿילן פֿון זעלבשטענדיקייט, פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט און געזעלשאַפֿטלעכקייט.

די קינדער פֿון סאַנאַטאָריע האָבן נישט נאָר געלעבט אויף דער נאַטור נאָר האָבן אויך געלעבט מיט דער נאַטור. עס ווערט ביי זיי געוועקט דער באַאָבאַכטונג־ און פֿאָרשונג־דראַנג. עס ווערט געלייגט אַכט אויף יעדער נאַטור־דערשיינונג און אויף יעדער ענדערונג פֿון וועטער, פֿון צייט פֿון יאָר: ווי אַזוי די ענדערונגען ווירקן אויפֿן אַרום און אויפֿן לעבן אין אַנשטאַלט. יעדע וויכטיקע געשעעניש אין דער נאַטור, דאָס אָנקומען פֿון פֿרילינג אָדער פֿון ווינטער, דאָס פֿלאַנצן בלומען, אָדער אַראָפּנעמען די ערשטע פֿרוכטן אָדער גרינסן פֿון גאָרטן ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ יום־טוב, אין אַ יום־טוב פֿון גאַנצן אַנשטאַלט.

שוין אין די ערשטע טעג פֿון אַנשטאַלט (אין קאַלטן ווינטער) האָט מען אָנגעהויבן קאָרמענען די הונגעריקע פֿייגעלעך. פֿון די פֿייגעלעך איז מען אַריבער צו טויבן, שפּעטער צו הינער און צו אַנדערע בעלי־חיים. מען האָט אָנגעהויבן באַאָבאַכטן און באַקענען זיך מיטן לעבן פֿון די אַלע בעלי־חיים און עס האָבן זיך געעפֿנט פֿאַר די קינדער נייע וועלטן, מיט גאָר נייע, טיפֿע אינטערעסן. אַזוי איז געווען אויך מיט גרינסן און מיט בלומען. דער גאָרטן, סאָד, די וואַרעם־הייזער זיינען געווען די באַליבסטע אַרבעט־פּלעצער און די באַליבסטע ווינקעלעך פֿון פֿאַרברענגען די פֿרייע צייט. און האָט מען אָנגעהויבן פֿאָרשן יעדע לעבעדיקע באַשעפֿעניש און יעדן געוויקס, איז אַנטשטאַנען דער ביאָלאָגישער מוזיי מיט די רייכע קאָלעקציעס פֿון בעלי־חיים און פֿון פֿאַרשיידנאַרטיקע געוויקסן. דאָ האָט מען שוין געאַרבעט מיט מיקראָסקאָפּן, ווי אמתע פֿאָרשער און אמתע שטודירער פֿון דער נאַטור. דער גאָט־געבענשטער נאַטור־פֿאָרשער און נאַטור־קענער ד"ר ישראל ביבער האָט אַזוי

געווירקט, אַז די קינדער זאָלן איינזאַפּן אין זיך די נאַטור און די נאַטור זאָל איינזאַפּן די קינדער.

היינט די "סאַנאַטאָריע" פאַר קראַנקע בעלי־חיים! דער קאַמף מיט פרעמדע טויבן־כאַפּער! און די פאַרנאַכטיקע שפּאַצירן אין אַרומיקן וואַלד! וויפל זאָרג און וויפל פרייד דאָס אַלץ האָט פאַרשאַפט די קינדער און ווי שטאַרק דאָס אַלץ האָט זיי פאַרבונדן מיט דער אַרומיקער נאַטור. און די שיינקייט פון דער נאַטור איז דאָך דער בעסטער מיטל פאַר עסטעטישער און האַרמאָנישער דערציאונג פון די קינדער.

שפּיל איז אַ טייל פון לעבן פון קינד. אין שפּיל איז דאָס קינד אַקטיוו, שעפעריש און אפילו דערפינדעריש. שפּיל פאַרשאַפט דעם קינד גרויס פאַרגעניגן, אין שפּיל ווייזט דאָס קינד אַרויס זיינע נייגונגען, זיינע פעאיקייטן און באַגאַבונגען. די סאַנאַטאָריע האָט דעריבער געלייגט גרויס אַכט אויף צו שאַפן מעגלעכקייטן פאַר די קינדער וואָס מער צו שפּילן זיך אַליין און צו שפּילן פאַר אַנדערע. אין די פרייע שעהן פלעגן די קינדער צעשיטן זיך איבער דער ווילע און אין וואַלד פון סאַנאַטאָריע, און יעדער ווינקל האָט געדינט ווי אַ שפּיל־פּלאַץ. מען האָט אויך אָנגעפירט קאָלעקטיווע שפּילן — דורך אַ לערער אָדער אַן עלטערן קינד.

צווישן די קינדער זיינען שטענדיק געווען זינגער, טענצער, דעקלאַמאַטאָרן, אַקטיאָרן און מוזיקער. עס האָבן זיך אויך געפונען "קינסטלער" — מאָלער אויף אָנצוצייכענען אַ בילד אָדער אַ קאַריקאַטור. די באַגאַבטע קינדער, אונטער דער אָנפירונג פון די קינסטלער־לערער מאָטל גילינסקי — "באַטקע" און יאַנקל טראָפּיאַנסקי (ביידע אומגעקומען) האָבן געגעבן קאָנצערטן, געזונגען אָדער געשפּילט צוערשט יעדער אין זיין גרופּע און שפּעטער — פאַר אַלע קינדער. די קאָנצערטן האָבן זיך אָנגעהויבן פון איינצעלנע אַרויסטרעטונגען ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן און שפּעטער האָט מען געהאַט וועכנטלעכע "ראַדיאָ־קאָנצערטן", אין וועלכע עס האָבן אָנטייל גענומען עטלעכע אָדער מער קינדער. די וועכנטלעכע קאָנצערטן זיינען געוואָרן אַ שטענדיקע אינסטיטוציע און צו זיי האָט מען זיך געגרייט אַ גאַנצע וואָך. פון די וועכנטלעכע קאָנצערטן איז מען אַריבער צו גרעסערע קינדער־פאָרשטעלונגען. די קינדער־פאָרשטעלונגען פון דער סאַנאַטאָריע זיינען געוואָרן אַ שם דבר אין וואַרשע. דער באַגאַבטער מאָטל גילינסקי — "באַטקע" האָט מיט דער הילף פון סאַנאַטאָריסט יאָסל מלאָטעק (איצט אין אַמעריקע) אָנגעשריבן די באַקאַנטע קינדער־פּיעסע "די ליאַלקעס" און שפּעטער האָבן ביידע צוזאַמען אָנגעשריבן אַ צווייטע פּיעסע "דער שפּייכלער". דער צווייטער באַגאַבטער לערער און מוזיקער, יאַנקל טראָפּיאַנסקי, האָט פאַרפאַסט צו די פּיעסעס די מוזיק. די קינדער־פאָרשטעלונגען זיינען אויך געגעבן געוואָרן אין וואַרשע און האָבן אַרויסגערופן די העכסטע אָנערקענונג הן ביים עולם און הן ביי די באַרימטע יידישע און פּוילישע אַקטיאָרן און פּעדאַגאָגן. (ביידע פּיעסעס זיינען דורך געוועזענע סאַנאַטאָריסטן מיט גרויס דערפאָלג געשפּילט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ.) דאָס גרייטן זיך צו אָט די קאָנ־

צערטן און פאָרשטעלונגען האָט אָנגעפילט מיט שאַפונגס־פרייד דאָס לעבן פון די קינדער און דערוואַקסענע אין אַנשטאַלט.

מען האָט אויך געשאַפן אייגענע פילמען. מ. גילינסקי — "באַטקע" און יאַנקל טראָופיאַנסקי האָבן מיט דער הילף פון קינדער אָנגעהויבן שאַפן שאָטן־פילמען (שאָטנס פון די אַקטיאָרן אויפן לייוונט) און מען איז שפּעטער אַריבער צו מאַכן אַן אמתן פילם "מיר קומען אָן". די טאַלענטירטע קינדער — און געווען אַזעלכע גאָר אַ סך — האָבן געהאַט אַ ברייט פעלד פאַר זייערע קינסטלערישע נייגונגען און באַגאַבונגען. אַזוי האָבן די קינדער אין מעדעם־סאַנאַטאָריע זיך אַליין געשפּילט און געשפּילט פאַר אַנדערע.



וואָס גרעסער און טיפער דער אינטערעס ביי די קינדער צום לעבן אין אַנשטאַלט, אַלץ מער אינערלעכע דיסציפּלין אַנטוויקלען זיי ביי זיך אַליין. די פראַגע פון דיסציפּלין, די שווערסטע פראַגע אין צוזאַמענלעבן פון קינדער, איז כמעט ווי געלייזט געוואָרן פון זיך אַליין. דער פּלאַן פון טאָג, די פאַרשיידענע אַרבעטן פון דער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, די אינדיווידועלע פאַראינטערעסירונגען, וועלכע האָבן געצויגן די קינדער אין איינעם אָדער אַ צווייטן ווינקל פון אַנשטאַלט, דער דראַנג ביי אַלע קינדער איינצוהאַלטן די איינגעשטעלטע אָרדנונג, און דאַן די באַציאונג פון די קינדער פון איינעם צום צווייטן און פון אַלע אין איינעם צו זייערע לערער און פירער, — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט רעגולירט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון די קינדער אין אַנשטאַלט. פאַלן פון אויסברעכן זיך פון דיסציפּלין זיינען געווען אַ זעלטענע דערשיינונג.

דאָס כאַראַקטעריסטישע אין צוזאַמענלעבן פון די קינדער איז געווען זייער באַציאונג צו קינדער — קאַליקעס, צו קינדער באַעוולטע פון דער נאַטור. די באַציאונג צו אָט די קינדער איז געווען אַזאַ האַרציקע, אַזאַ חברישע און דערביי מיט אַזוי פיל טאַקט און מאָס, אַז די לערער פלעגן זיך וואונדערן פון וואַנען נעמט זיך ביי די קינדער אַזוי פיל פאַרשטענדעניש פאַר די באַעוולטסטע צווישן די באַעוולטע. די באַציאונג צו אָט די קינדער איז געווען ממש רירנד. פּראָפעסאָר פעריער, דער גרויסער שווייצאַרישער פעדאַגאָג און קינדער־פריינד, האָט נאָך זיין באַזוך אין אַנשטאַלט צווישן אַנדערעס באַמערקט, אַז ער האָט דערקענט דעם גייסט פון אַנשטאַלט גלייך ביי זיין אַריינקומען, ווען ער האָט געזען ווי אַ קינד אַ קריפּל פילט זיך צווישן אַנדערע קינדער.



דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אינהאַלט פונעם לעבן אין סאַנאַטאָריע איז געווען איינער פון די הויפּט־פאַקטאָרן אין דער דערציערישער אַרבעט. די עלטערע קינדער זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט די שטרעבונגען פון דער ייד. אַרבעטער־שאַפט, און טייל פון זיי זיינען שוין געווען אָנגעשלאָסן אָן די סאָציאַליסטישע קינדער־



**אין וואַרעם־הויז**

אָרגאַניזאַציעס "סקיף" און "יונגבאָר" (סאָציאַליסטישער קינדער־פאַרבאַנד און יונגע באָראָכאָוויסטן). אָט די סקיפּיסטן און יונגבאָריסטן האָבן זיך שטאַרק אויסגעטיילט צווישן דעם עולם קינדער. נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע שטרעבונגען זיינען ביי זיי געווען באַהויכט מיט יוגנטלעכן ברען, מיט אידעאַליזם און הויכער מאָראַל. אויף אַלע געביטן פון סאַנאַטאָריע־לעבן האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט מיט זייער דראַנג אויס־צולעבן זיך יידיש און צו דינען דעם כלל. זיי זיינען געווען די בעסטע אַרויסהעלפערס אין אַנטוויקלען ביי די קינדער נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אַמביציעס: זאָרג וועגן ריינקייט און באַרייכערונג פון דער יידישער שפּראַך; אַנטוויקלען דרך ארץ און ליבע צום יידישן וואָרט, צו יידישע שאַפונגען און צום יידישן שעפערישן מענטשן; אַרויס־צורופן טיפע איבערלעבונגען ביים פייערן נאַציאָנאַלע און אַרבעטער־יום־טובים; וועקן מענטשלעכע און יידישע זעלבסטווירדע און א ווילן קעגנצושטעלן זיך קעגן נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע עוולות; זוכן אופנים פון הילף איינער צום אַנדערן און ווי צו דינען דעם כלל; אויסברייטערן די זעלבסטפאַרוואַלטונג און דאָס קאָלעקטיווע צו־זאַמענלעבן; אַרויסווייזן טאָלעראַנץ און פאַרשטענדעניש פאַר אַלע פאָרמען פון יידישן לעבן.

אויפן געביט פון שפּראַך האָט מען צוזאַמען מיטן לערער, מיטן דאָקטאָר און מיטן גערטנער געזוכט אויסצוגעפינען שוין־פאַראַנענע און צו שאַפן נייע ווערטער

— נעמען פאַר זאַכן, מיט וועלכע מען האָט ביז דער סאַנאַטאָריע ניט געהאַט צו טאָן אָדער פאַר וועלכע מען האָט פריער באַנוצט פוילישע נעמען. אויף די ווענט אין ביאָלאָגישן מוזיי האָט מען ביי דער זייט פון פוילישע אויפשריפטן געקאָנט לייענען אַזעלכע יידישע נעמען: וואַנדערנדיקע צווייגעלעך (אינסעקטן וואָס זיינען ענלעך צו צווייגעלעך), וואַסער־ליבעלעך, ים־שטערנס, אַכטפוס, איידלוויים, פעדערגראָז א. אנד. די קינדער האָבן צוגעטראַכט זייער געלונגענע צונעמען פאַר די אויספירער פון פאַרשידענע סאַנאַטאָריע־אַמטן: די קאָרעספּאָנדענטן פון דער טעגלעכער ציטונג "אונזער ראַדיאָ", למשל, האָבן געהייסן: שאַרף־אויער, שפּיץ־בלייער, לופט־כאַפּער און ענלעכע. די גאַסן און אַלייעס אין סאַנאַטאָריע האָבן געהאַט אַזעלכע נעמען: פּלאַץ פון גוטן אַפּעטיט (עס־אָרט אין דרויסן), פּלוידער־ווינקל, חברשאַפט־געסל, פאַרגעסענער ווינקל, בענקשאַפט־אַלייע (וואו די קינדער פלעגן אָפּוואַרטן זייערע עלטערן־געסט). אָפט האָט מען איינגעאָרדענט קאָנקורסן אויף געלונגענע נעמען פאַר פאַרשיידענע געביטן פון אַרבעט.

די סאַנאַטאָריע האָט פאַרמאָגט פּיעסעס געשריבענע דורך די קינדער. דעם גרעסטן דערפאָלג האָט געהאַט די פּיעסע אין צוויי אַקטן, וועלכע האָט געשילדערט די פאַרלעגנהייט פון אַ ניי־אָנגעקומען קינד, וואָס שטויסט זיך אָן אין סאַנאַטאָריע אויף גאַנץ נייע פאָרמען פון לעבן, אויף נייע מאכלים, אויף נייע באַגריפן וועגן ריינקייט, ער טרעפט דאָ פאַרשיידענע חיות און געוויקסן. דער צווייטער אַקט שילדערט ווי דאָס קינד פילט זיך נאָכן אומקערן זיך אַהיים. די פּיעסע האָט פאַרמאָגט הומאָר און סצענישקייט. — גאָר אינטערעסאַנט איז געווען די קאָלעקציע פון אייגענע געשאַפענע לידער (אַ פּאָר צענדליק), פאַראָדיעס, ווערטלעך און סצענקעס. די ווערטלעך זיינען געגאַנגען פון מויל צו מויל. דאָס פאַרשפּרייטסטע ווערטל איז געווען: "די סאַנאַטאָריע איז אַ תפיסה, אָבער אַ זיסע". מיט גרויס ברען האָט מען געזונגען דאָס אייגענע ליד: "אין מעדזעשין איז פאַראַן אַ סאַנאַטאָריע מיט אַ רויטן דאַך"...

די ראַציאָנעל־געפירטע גערטנעריי און הינער־צוכט האָבן די קינדער באַטראַכט ווי אַ יידיש־פּיאָנערישע אַרבעט. און עס איז טאַקע אין אַ געוויסן זין געווען פּיאָנעריש. די בעסטע יידישע פאַכלייט האָבן אין די געביטן אַריינגעטראָגן זייערע קענטענישן און האָבן געזוכט צו שאַפן דאָ מוסטערן פאַר דער יידישער גאַס. דער יידישער שטאָלץ איז געווען גאָר גרויס, ווען אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן — יידישע און נישט־יידישע, פון לאַנד און פון אויסלאַנד — האָבן אויסגעדריקט זייער באַוואונדערונג פאַר די אויפטוען אין סאַנאַטאָריע און געדאַנקט די קינדער פאַר זייער מוסטערהאַפטער פירונג און אויפפירונג. גאָר אַ גרויסע ווירקונג אויף די קינדער האָבן געהאַט די באַגעגענישן און דער קאָנטאַקט מיט יידישע שרייבער, מיט יידישע קינסטלער און געזעלשאַפטלעכע טוערס. די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע שאַפונגס־פרייד איז באמת געווען איינע פון די שטאַרקסטע איבערלעבונגען ביי די קינדער.

אין סאַנאַטאָריע האָט געהערשט פולע טאָלעראַנץ צו אַנדערש־דענקענדיקע קינדער און באַזונדערס צו די איינצעלנע רעליגיעז־געשטימטע חברים. די לעצטע

פלעגן נאָך עטלעכע טעג זיין אין סאַנאַטאָריע פילן זיך פולשטענדיק פריי. ביים פאַרטיילן אַמטן האָט מען שטענדיק געזאָרגט, אַז די פרומע זאָלן נישט דאַרפן טאָן געוויסע אַרבעטן אום שבת און נישט אין די פרימאָרגנס ווען די פרומע יינגלעך האָבן געדאַרפט דאַווענען. אַדאַנק אָט דער טאָלעראַנץ און פרייהייט האָבן די פרומע זיך שנעל אַסימילירט מיט די איבעריקע קינדער.



צום סוף אַ פראַגע וואָס האָט שטאַרק פאַרנומען די אָנפירונג פון אַנשטאַלט און די לערער: צי דאַרף מען זיך שטעלן אַזעלכע ברייטע דערציערישע אויפגאַבן, בעת מען האָט צו טאָן מיט קינדער וואָס בלייבן אין אַנשטאַלט פאַרהעלטנישמאָסיק אַ גאַנץ קורצע צייט. אונזער ענטפער איז געווען: יאָ, מען דאַרף זיך שטעלן וואָס גרעסערע און וואָס ברייטערע צילן. און די דערפאַרונג אין מעדעם־סאַנאַטאָריע האָט באַוויזן, אַז מיר זיינען געווען גערעכט.

דער קאָנטראַסט צווישן דער היים און דער סאַנאַטאָריע איז געווען אַזוי גרויס, אַז די איינדרוקן פונעם בעסערן און שענערן לעבן האָבן זיך טיף איינגעקריצט ביי די קינדער. דאָס קינד האָט זיך דאָ געפילט ווי אַ גלייכער ניט נאָר מיט די קינדער, נאָר אויך מיט די דערוואַקסענע, דערצו נאָך מיט אַזעלכע דערוואַקסענע צו וועלכע טאַטע־מאַמע האָבן אַרויפגעקוקט. צווייטנס, די לערער האָבן נישט נאָר ניט באַשטראָפט און נישט געמאַכט קיין פאָרוואורפן די קינדער ביים מאַכן פעלערן אָדער ביים זינדיקן קעגן אָנגענומענער דיסציפלין, נאָר פאַרקערט: מען האָט אָנגעוויזן ווי צו מאַכן בעסער, ווי געהעריק אויפצופירן זיך און מען האָט כסדר צוגעגעבן מוט און דרייסטקייט.

די קינדער פלעגן פאַרלאָזן די סאַנאַטאָריע מיט אַ בענקשאַפט, וואָס איז פאַרבליבן אויף לאַנגע יאָרן. און נאָך היינט ווען איר באַגעגנט זיך מיט אַ לעבנגעבליבענעם געוועזענעם סאַנאַטאָריסט, אַליין שוין אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע פון קינדער, דערפילט איר ווי טיף עס זיינען פאַרבליבן די איינדרוקן פונעם זוניקן לעבן אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע.

ש. גילינסקי

# די מעדעם סאַנאַטאָריע אין מלחמה־צייט

## א.

ג'לייך נאָכן פאַרנעמען וואַרשע

דורך די דייטשן האָט דער צ.ק. פון "בונד" אָנגעהויבן טראַכטן וועגן רעסטאווּרירן די מעדעם־סאַנאַטאָריע, וועלכע איז אין דער צייט פון די קריגס־אָפּעראַציעס געוואָרן אַזוי צעראַבעוועט, אַז ס'זיינען געבליבן נאָר די געביידעס, אָן שום איינריכטונגען. אַלס נייער דירעקטאָר איז באַשטימט געוואָרן דער ח' ש. אַבראַמסאָן (איצט אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע), וועלכער האָט טאַקע נאָך אַ חודש ענערגישער אַרבעט אויס־געריכטעט די נייע געביידע. צו דער אַרבעט האָבן זיך גלייך געשטעלט אַלע געבליי־בענע אין וואַרשע חברים פון דעם געוועזענעם טעכנישן פּערסאָנאַל: לאָנקע טאָטנגרעבער, שרה ראָזענבערג, נחמה מוסטער, רויזע בירנבערג און רעגינע גאָלדשטיין. איך בין גע־קומען אין סאַנאַטאָריע אין נאָוועמבער 1939. די סאַנאַטאָריע האָט שוין דעמאָלט עקזיסטירט אַ וואָך צייט. עס זיינען שוין דאַן געווען 30 קינדער מיט דער לערערין פעלע לינדעמאַן־וויניק און הינדזשע הימלפאַרב.

דער לערער־פּערסאָנאַל ווערט שפּעטער פאַרגרעסערט מיט די חברים לאה ראָטנבערג, לייבל פרידמאַן, ראָזע וועקסלער, בעלא פרוכט, ראָזע אייכנער און גוטע מאָרגנטאַלער־פאַוו.

איך האָב געבראַכט מיט זיך 10 נייע קינדער, וועלכע האָבן אין דער צייט פון די קריגס־אָפּעראַציעס פאַרלאָרן זייערע עלטערן. דאָס זיינען געווען קינדער פון די סאַמע אָרעמסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועמען די פאַר וואָכן קריג האָבן אינגאַנצן רואינירט. די קינדער האָבן שוין דעמאָלט אויסגעזען פאַרוואָרלאָזט, ווי נאָך לאַנגע יאָרן קריג. ווען זיי זיינען געקומען אין סאַנאַטאָריע, האָט דאָרט געוואַרט אויף זיי אַ ריין בעט, גוט עסן און אַ וואַרעמע האַרציקע אויפזיכט.

די סאַנאַטאָריע איז געווען טיילוויז אויסגעהאַלטן דורך דעם "צענטאָס", און דער ענערגישער ש. אַבראַמסאָן האָט שוין געזאָרגט וועגן געהעריקע שפּייז און אָנטועכץ פאַר די קינדער. אַזוי, אַז דעם ערשטן יאָר איז די סאַנאַטאָריע, אין פאַר־גלייך מיט די שוין דאַן שרעקלעכע באַדינגונגען, געווען אַ גן־עדן פאַר די קינדער. ערגער איז געוואָרן ווינטער, און דאָס צוליב דער באַהייצונג. דער ערשטער מלחמה־ווינטער איז געווען זייער אַ פראָסטיקער, און מיר האָבן עס שטאַרק אָפּגעפילט. נישט איין מאָל פלעגט מען כאַפּן אַ טענצל מיט די קינדער, כדי זיך צו דערוואַרעמען.

דערוויל זיינען כסדר צוגעקומען נייע קינדער. אחוץ די, וועלכע עס פלעגט אונדז צושיקן דער "צענטאָס", זיינען געקומען קינדער פון די פּאָלקסשולן, סקיפּיסטן, פאַר וועלכע אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט געזאָרגט. עס איז שווער צו רעדן וועגן פּעדאַגאָגישער אַרבעט דעם ווינטער. די צאָל קינדער איז נאָך געווען זייער אַ קליינע. אַלץ איז נאָך געווען אין סטאַדיום פון אָרגאַניזאַציע, עס עקזיסטירן שוין אָבער דעמאָלט 2 גרופּן: פאַר די יינגערע און פאַר די עלטערע.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ פאַל, וועלכער האָט געטראָפן אין יענער צייט, ד. ה. אין ווינטער 1940. איך האָב געאַרבעט ביי דער יינגערער גרופּע. דאָס זיינען געווען קינדער פון 5 ביז 7 יאָר. אין איינעם אַ טאָג זיינען צו אונדז געקומען אויף אַ באַזוך דייטשע זעלנער, וועלכע האָבן סטאַציאָנירט אין פאַלעניץ. זיי האָבן באַקוקט און באַוואונדערט די זויבערקייט און האָבן זיך צוגעקוקט צו די קינדער. די יינגערע קינדער זיינען געווען פאַרזאַמלט אין קלוב־צימער, וואו זיי האָבן געקנאָטן פאַרשיידענע זאַכן פון פּלאַסטעלין. און ווי אַלעמאָל, — אויף וואָס פאַראַ טעמע דער געשפּרעך ביי דער אַרבעט זאָל נישט זיין, — האָבן די קינדער (איבערהויפּט די יינגלעך) געמאַכט פון פּלאַסטעלין אַעראָפּלאַנען. דאָס האָבן די איבערלעבונגען געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף די קינדער (אַזוי צ.ב. איז ביי די יינגערע קינדער געווען זייער פּאָפּולער די שפּיל "כאַפּן אויף אַרבעט"). איינער פון די קינדער, דער 5 יאָריקער געניעק ראַפּאַלאָוויטש, האָט פּונקט געהאַט אויסגעפּאַרטיקט אַן אַעראָפּלאַן און איז מיט אַ פרייד צוגעלאָפן צו דער שטייענדיקער נעבן די דייטשן סאַנאַטאָריע־באַלעבאָסטע ח'טע גרינבוים, און אַ זאָג געטאָן אין פּויליש: Ja ich zaraz zbombarduje

("איך וועל זיי גלייך צעשמעטערן מיט באָמבעס"). די ח'טע גרינבוים האָט די נייגעריקע דייטשן פאַרטייטשט, אַז געניעק וויל ווערן אַ פליער. נאָך אַ פּאָר ענלעכע וויזיטן האָבן די דייטשן אונדז געלאָזט צורו.

נאָך 6 וואָכן אַרבעט פאָרט אַוועק די ח'טע לינדעמאַן, אויף איר אָרט ווערט אַנגאַזשירט די ח'טע לאה ראָטנבערג, אַ לערערין פון די געוועזענע פּ. צ. פאָלקסשולן אין וואַרשע. דעם ערשטן ווינטער דערגייט די צאָל קינדער ביז 70. נאָך אַ געהעריקער דערנערונג, היגיענישע באַדינגונגען און פרישער לופט, קומען די קינדער צו זיך, נעמען צו אַ סך אויף דער וואָג. דער גרעסטער טייל קינדער פאָרט נאָך אַ חודש זיין אין אַנשטאַלט צו זייערע עלטערן. די יתומים בלייבן אין סאַנאַטאָריע אָדער ווערן אַוועקגעשיקט אין פאַרשיידענע קינדער־הייזער.





איך דערמאָן זיך דעם ערשטן מלחמה־ניי־יאָר אין סאַנאַטאָריע. פאַרשטייט זיך, ער איז געווען ווייט פון די פאַרמלחמהדיקע ניי־יאָר אַוונטן. דאָך האָט מען שוין דעמאָלט געפילט די כאַראַקטעריסטישע פאַר דער סאַנאַטאָריע אַטמאָספערע פון האַרציקער וואַרעמקייט, חברישער באַציאונג צווישן לערער און קינדער. מיט דער צייט, ווען אין סאַנאַטאָריע איז אָנגעקומען אַ גרופּע עלטערע קינדער, איז דער עלטער־אונטערשייד צווישן די לערער און די קינדער געווען פּאַקטיש זייער אַ קליינער.

פרילינג 1940 ווערט אויסגעפּאַרטיקט די אַלטע געבײַדע און דאַן קומט צופאָרן אַ גרעסערע גרופּע קינדער. צווישן די ניי־געקומענע קינדער געפינען זיך פּאָלע און זאָשע ליפּשיץ, מאַניע קאַץ, לייטשע בלאַנק, מירקע קרישטאַל, ציוויע וואַקס, חנה׳לע וואַסער. פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע געוועזענע סאַנאַטאָריסטן ברענגען אַריין אַ שטאַרקע אויפלעבונג אין דער סאַנאַטאָריע. פּאָלע און זאָשע ליפּשיץ שרייבן אַליין אַ סצענאַר צו אַ פרילינג־פאָרשטעלונג און אינסצעניזירן די פאָרשטעלונג אַליין. דערנאָך, אַוועק־פאָרנדיק פון סאַנאַטאָריע צוריק קיין וואַרשע, שאַפן זיי אַ קינדער־טעאַטער (ביים סקיף), וועלכער טרעט אויף אין געטאָ מיט פּרעכטיקע קינדער־פאָרשטעלונגען אין גרויסע זאַלן. די צוגרייטונג צו דער פרילינג־פאָרשטעלונג אַבסאָרבירט אַלעמען אַזוי שטאַרק, אַז מען פאַרגעסט אָן דער דרויסנדיקער וועלט.

אַחוץ דער פרילינגס־פאָרשטעלונג ווערן דעם זעלבן זומער אויפגעפירט די "ליאַלקעס". אַלץ ווערט אָרגאַניזירט מיט הילף פון די קינדער. אין די צוגרייטונגען פון דער פאָרשטעלונג נעמט דעמאָלס אַן אַקטיוון אָנטייל די געוועזענע סאַנאַטאָריסטן סאַלע טשאַרנאַבראָדע. (זי איז 1943 אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע און דאָרט אומגעקומען). אין דער צייט פירט שוין די קינדער־זעלבסט־פאַרוואַלטונג אַ לעבהאַפטע אַרבעט. דער קינדער־ראַט פאַרנעמט איצט אין אַנשטאַלט אַ זייער אָנגעזעען אָרט. די טעג־לעכע צייטונג "אונזער ראַדיאָ" ווערט אַ סך לעבעדיקער, זי פאַרנעמט איצט אַ וויכטיקן אָרט אין סאַנאַטאָריע־לעבן, ווייל די אַנדערע אופנים פון אויסלעבן זיך פאַר די קינדער איז זייער שטאַרק באַגרענעצט, די צייטונג איז טאַקע די גאַנצע צייט אַן אמתע אָפּשפּיגלונג פון סאַנאַטאָריע־לעבן. יעדע געשעעניש ווערט דורך איר אויפגעכאַפּט און ווי געהעריק קאָמענטירט. מען פּראַקטיצירט אויך ראַדיאָ־"יובילייען". זייער פיין פאַלן אויס אַזעלכע ראַדיאָ־"יובילייען", איבערהויפּט ווען דעם ראַדיאָ לייענען עטלעכע קינדער. ס׳האָבן אויך ניט געפעלט קיין ראַדיאָ־קאָנצערטן, וואו די קינדער האָבן אויסגעפירט זייער רייכע ראַדיאָ־פּראָגראַמען. ווען עס וואָלטן איבערגעבליבן נאָכן שרעקלעכן חורבן כאָטש די דיק־פאַרשריבענע ראַדיאָ־העפטן, וואָלטן מיר שוין קיין שום אַרבעט וועגן דער סאַנאַטאָריע נישט געדאַרפט שרייבן. אין די טעגלעכע ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן פעלט אָבער אַזאַ ווינקל ווי נייעס פון דער וועלט. וויפיל מען זאָל נישט בראַווורירן, טאָר מען אָבער נישט פאַרגעסן, אַז אַרום זיינען דייטשן. מיט דער צייט ווען די געטאָ ווערט אָפּגעשלאָסן און די סאַנאַטאָריע פאַרוואַנדלט זיך אין אַן אינטערנאַט, ווערן אויך די שטענדיקע פריילעכע קאָמוניקאַטן וועגן די טשאָלדאַקעס * וואָס אַמאָל זעלטענער. פון די אַרטיקלען אין די ראַדיאָ־אויסגאַבן קען מען נישט פאַרגעסן די קאָמוניקאַטן פון דער "נאַטור־קאָמיסיע", וועגן די קיניגלעך, הינער. רירנד פלעגן זיין אין די פרילינגס־טעג די ווערטער וועגן דער דערוואַכנדיקער נאַטור, פון אַלעם האָט מען געקאָנט זען אַן אמתע ליבשאַפט צו יעדן גרעזעלע, צו יעדער נייער שפּראָצונג. בכלל איז די ליבשאַפט צו דער נאַטור געפלעגט געוואָרן אין גאָר אַ שטאַרקער מאָס.

*) גרינע, ניי־אָריבערגעקומענע סאַנאַטאָריסטן.

לאָמיר זיך אָבער אומקערן צו דעם ערשטן סאַנאַטאָריע־זומער. איך דערמאָן זיך די זיצונגען פון די פּעדאַגאָגישע ראַטן. מען פּרובירט שוין דעמאָלט געבן דער סאַנאַטאָריע אַ ריכטונג. ביז איצט איז אַלץ געפירט געוואָרן צופעליק. אַזוי ווי עס האָבן זיך געפונען חברים, וועלכע האָבן געקענט דעם פאַר־מלחמהדיקן גייסט פון סאַנאַטאָריע, ווערט זייער איינציקע שטרעבונג צו דערהאַלטן דעם דאָזיקן גייסט. פאַראַן סאַנאַטאָריע־אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן שטענדיק פאַר זייערע אויגן דעם מוסטער פון דער פאַר־מלחמהדיקער סאַנאַטאָריע און ווילן עקשנותדיק אַלץ צופּאַסן צו דעם. מיט גרויס ליבשאַפט און אַכטונג דערמאָנט מען די אַמאָליקע סאַנאַטאָריע־לערער. אין צייט פון קריג אַרבעטן אין סאַנאַטאָריע לערער, וועלכע האָבן אַ קנאַפּע דערפאַרונג אין זייער אַרבעט און דערפאַר ווערן די זיצונגען פון די פּעד. ראַטן אָפטמאָל פאַרוואַנדלט אין דיסקוסיע־אָוונטן פון אַלגעמיינע פּעד. פראַגן. מיט דער צייט ווערט איינגעשטעלט אַ פאַרבינדונג מיט די לערער פון די פאָלקס־שולן אין וואַרשע און מיר שאַפן אויפן אָרט אַ מין סעמינאַר, אייגנטלעך אַ "זעלבסט־בילדונג־קרייז". די אַממייסטן דיסקוטירטע פראַגע אין יענער צייט איז שאַפן געוויסע דערציאונגס־פּאָסטולאַטן, וועלכע זאָלן בילדן דעם כאַראַקטער פון דער סאַנאַטאָריע. פאַרשטייט זיך, די סאַנאַטאָריע־פאַנאַטיקער וואָלטן געוואָלט אַלץ קאָפּירן פון דער פאַר־מלחמהדיקער סאַנאַטאָריע. דאָס לאָזט זיך אָבער ניט אַדורכפירן, די באַדינגונגען צווינגען זייער אָפט אָפּצוטרעטן, גיין אויף קאָמפּראָמיסן. און סוף־כל־סוף "שאַפט" דאָך דאָס מלחמה־לעבן שוין פאַר אונז. ווען איך וואָלט איצט געוואָלט באַצייכנען דעם כאַראַקטער פון סאַנאַטאָריע אין צייט פון מלחמה, וואָלט עס אייגנטלעך געווען: קאָמפּראָמיס צווישן אונזערע שטרעבונגען און די מלחמה־באַדינגונגען. געוויסע זאַכן געלינגט אָבער איינצוהאַלטן טראָץ די אויסנדיקע איינפלוסן. די קינדער־זעלבסט־פאַרוואַלטונג און דער גייסט פון זעלבסט־פאַרוואַלטונג איז אין צייט פון קריג געווען נישט בלויז אַ דערציאונגס־מעטאָד, עס איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט. די טעגלעכע אַרבעט פון דער זעלבסט־פאַרוואַלטונג איז איצט אַ גאַנץ קאָנקרעטע. די קינדער דאַרפן איצט נישט ווי פאַר דער מלחמה נאָר אָפּהיטן דאָס וואָס ווערט זיי געגעבן, זיי מוזן איצט אַ סך זאַכן אַליין שאַפן. די קינדער רוימען אַליין זייערע צימערן (די בעטן ווערן געבעט ווי פאַרן קריג, די זאַכן איינגעלייגט אין "קאָסטקעס"), העלפן אין קיך, העלפן אין וועשעריי, נייען אין דער "שוואַלניע" אונטער דער אויפזיכט פון דער ח'טע מאַניע פרידמאַן, רוימען דעם גאָרטן. אַ גרופּע עלטערע ייִנגלעך איז דירעקט באַשעפטיקט ביי דער גערטנעריי־אַרבעט. אַלס גערטנער איז באַשעפטיקט דער ח' אייזיק, ער פירט איין אַ זייער גוטע גרינסן־ווירטשאַפט, וועלכע העלפט אונז אין צייטן פון מאַנגל אין עסן, אויספילן אַ סך בלויזן. יעדעס פּיצעלע ערד ווערט אויסגענוצט פאַר גרינסן־פלאַנצונגען. אין גאָרטן אַרבעטן אַ חוץ שטענדיקע דיזשורן פון קינדער, אויך גאַנצע גרופּן. אפילו די ייִנגסטע גרופּע העלפט צו אין דער אַרבעט אין גאָרטן. אַ חוץ דעם ווערט אויך איינגעפירט אַ הינער־ און קיניגלעך־צוכט, אויך מיט די בעלי־חיים פאַרנעמען זיך די קינדער. זומער 1940 קומט אין סאַנאַטאָריע צו פאַרן אַ גרופּע צוקונפטיסטן. זיי ווערן באַשעפטיקט אַלס טעכנישער פּערסאָנאַל.

זיי נעמען אָבער אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלגעמיינעם סאַנאַטאָריע־לעבן. דעם זעלבן זומער קומט אין סאַנאַטאָריע די ח׳טע ראָזע אייכנער, מיט איר זון זשאַנעק, זי געפינט זיך אין סאַנאַטאָריע אויף אָפּרו, אָבער נאָכדעם ווי זי דערפילט זיך געזונטער, טרעט זי צו צו דער אַרבעט אַלס לערערין. ראָזע אייכנער האָט געהאַט אין אָנהויב קריג אַדורכגעמאַכט אַ פּאָר חדשים תפיסה אין לאָדזש, זי האָט אויך נאָכדעם געהאַט שווערע איבערלעבונגען אין וואַרשעווער געטאָ. די גאַנצע צייט פון איר אַרבעט אין סאַנאַטאָריע איז ראָזע אייכנער געווען אַ ביישפּיל פון דויערהאַפטיקייט, מונטערקייט און אָפּטימיזם. אין סאַנאַטאָריע קומען אָפט פאָר פרייע פאַרווייליונגען, דאָס זיינען אייגנטלעך אימפּראָוויזירטע פאַרווייליונגען אין וועלכע ראָזע אייכנער נעמט דעם אַקטיווסטן אָנטייל. מיר, די יונגע, קענען זיך מיט איר קיינמאָל נישט צוגלייכן אין פרייעלעכקייט, רירעוודיקייט. זי באַוועגט זיך שנעל, פּונקט ווי אַ קינד. די ח׳טע אייכנער, הינדושע הימעלפאַרב און איך האָבן געוואוינט אין איין צימער. אין אָוונטיקע געשפּרעכן פלעגן מיר טיילמאָל אַרויספּרעסן פאַרשיידענע עפּיזאָדן פון איר רייכער און אינטערעסאַנטער פאַרגאַנגענהייט. זי דערציילט אָבער זייער אומגערן וועגן זיך, אפילו די געשעענישן וועלכע האָבן אַן אומדירעקטן שייכות מיט איר קומען אַרויס אָנפּערזאָניק.

זומער 1940 אָרדנט דער קינדער־ראַט אין דעם ערשטן קינדער־טאָג. דאָס איז געווען דער 1־טער קינדער־טאָג אין דער מלחמהדיקער סאַנאַטאָריע. דעם טאָג האָבן די קינדער אַליין אָנגעפירט מיטן אַנשטאַלט. די לערער האָבן, פאַרשטייט זיך, אימיטירט קינדער און האָבן אויסגעפירט אַלע פאַראָרדענונגען פון קינדער־ראַט. נאָכמיטאָג איז פאָרגעקומען אַ פאַרווייליונג אין וועלכער די לערער האָבן אויסגעפירט אַ סך נומערן. ס׳איז דעמאָלט געווען אַ טאָג פון אמתער קינדער־פרייד. דער טאָג איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַן אַפּעל פון קינדער־ראַט. זיינע מיטגלידער, אַלע אין סקיפּיסטישע בלויע בלוזעס און רויטע קראַוואַטן, זינגען דעם סאַנאַטאָריע־הימן. מען קען פון יענעם טאָג נישט פאַרגעסן זאָשע ליפּשיץ און ברוך פּעלץ, וועלכע שטייען אויף וואַך אין דער אַלטער געביידע און היטן די שטילקייט נאָך דער אָוונט־קאָנטראָל. אַזאַ שטילקייט האָט נישט געהערשט קיינמאָל ביי קיין דיזשור פון קיין שום לערער. די קינדער־טעג ווערן אויך ווייטער פּראַקטיצירט אין דער זעלבסטפאַרוואַלטונגס־אַרבעט, ווען דער קינדער־ראַט צוזאַמען מיט די לערער אַנערקענט, אַז דער קינדער־קאָלעקטיוו איז שוין גענוג רייף צו אַזאַ טאָג. זומער 1940 זיינען די קינדער פאַרטיילט אין פיר גרופּן — לויט דער עלטער. אין האַרבסט 1940 ווערט אַדורכגעפירט נאָך איין פאָרשטעלונג "דער שפּייכלער"; די פאָרשטעלונג איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן מיט דער באַדייטנדיקער הילף פון די קינדער. צו דער פאָרשטעלונג איז געקומען פון וואַרשע די ח׳טע סאָניע נאָוואָגרודסקא און נאָך געסט פון וואַרשע.

ווינטער 1941 ענדערט זיך קאַרדינאַל די לאַגע פון אַנשטאַלט. עס ווערט פאַרמאַכט די וואַרשעווער געטאָ. דער דאָזיקער פאַקט האָט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג אויף אונזער סיטואַציע. מיטן פאַרמאַכן די וואַרשעווער געטאָ ווערט אונזער מאַטעריעלע

לאַגע זייער אַ וואַקלדיקע. עס אַנטשטייען אפילו מיינונגען וועגן ליקווידאַציע. די פאַרמאַכטע וואַרשעווער געטאָ הייבט אָן ליידן שרעקלעכן הונגער, אונזערע אויסזיכטן אויף באַקומען שפּייז פון ״צענטאָס״ זיינען אַ סך קלענער; ביי דעם ״צענטאָס״ זיינען מיר נישט די וויכטיקסטע אינסטיטוציע. זיי האָבן אויך אַנדערע אַנשטאַלטן, אינטערנאַטן, קינדער־היימען. דער פּאַרטיי־קאָמיטעט באַשליסט אָבער, אַז מיר בלייבן עקזיסטירן. מצד דער פּאַרטיי ווערט געשאַפן אַ סאַנאַטאָריע־פּאַטראָנאַט, אין וועלכן ס׳גייען אַריין דער ח׳ אַבראַשע בלום, ח׳ בערנאַרד גאָלדשטיין און ח׳טע נאָוואָגרודזקע. מיר בלייבן הייסט עס אויף דער אויסהאַלטונג פון אונזערע פּאַרטיי־סובסידיעס, און אויף די שפּייז־צוטיילונגען פון ״צענטאָס״. אין דער צייט האָט די סאַנאַטאָריע־פּאַרוואַלטונג זייער אַ שווערע אויפגאַבע ביים באַקומען די געהעריקע מיטלען אויף אויסצוהאַלטן דעם אַנשטאַלט. אַ שווערער ענין איז אויך ביים אַרויסבאַקומען די דערלויבונג־ שיינען צום אַרויספירן די פּראָדוקטן פון וואַרשע.

מיט דער צייט ענדערט זיך אויך דער קינדער־קאָלעקטיוו. די קינדער פון סאַנאַטאָריע זיינען אַלע כמעט פון וואַרשע (בלויז אַ פּאָר קינדער פון פאַלעניץ). נאָכן פאַרמאַכן די וואַרשעווער געטאָ האָבן אַ טייל עלטערן מורא צו ווערן צעשיידט פון זייערע קינדער און נעמען דעריבער די קינדער אָפּ אַהיים. אויך עטלעכע צוקונפטיסטן פאָרן אַוועק קיין וואַרשע. אין אַ קורצער צייט אַרום ווערט אויך אָפּגעשלאָסן די פאַלעניצער געטאָ. אויף דער צווייטער זייט פון געטאָ געפינט זיך זינט לאַנגע יאָרן אַ קינדער־אינטערנאַט ״נאָש אול״ — אונזער בינשטאָק. דאָס איז געווען אַן אינטערנאַט פון אַ פילאַנטראָפּישער געזעלשאַפט, וועלכער איז אין צייט פון קריג איבערגענומען געוואָרן דורך דעם ״צענטאָס״. דער ״צענטאָס״, וועלכער האָט אַ חלק אין אונזער אויסהאַלטונג פאָדערט, אַז דער אַנשטאַלט פון פאַלעניץ זאָל אַריבערגעפירט ווערן צו אונז. נאָך לאַנגע וואַקלענישן באַשליסט די פאַרוואַלטונג אַריינצונעמען דעם ״נאָש אול״ אין סאַנאַטאָריע. עס קומען 130 קינדער. זיי זיינען אַלע אויסגעדאַרטע, שלעכט אָנגעטאָן, מיט ספּעציפישן פאַר אינטערנאַט־קינדער אויסזען. די קינדער ברענגען מיט זיך אַביסל אָנטועכץ, אַלץ פאַרשטייט זיך איינהייטלעך. די ערשטע זאַך איז איצט צו באַזאָרגן די קינדער מיט געהעריקער באַשפּייזונג און אויפזיכט. צוליבן מאַנגל אין פּראָדוקטן ווערט דעמאָלט אין סאַנאַטאָריע פּראַקטיצירט צוגאָב־באַשפּייזונג פאַר די קינדער וואָס דאַרפן עס אומבאַדינגט האָבן. פון אָט דער צודערנערונג געניסן ספּעציעל אָפּגעשוואַכטע קינדער. אויף דעם געביט זאָרגט אַממערסטן די דאָקטערין טאָלע מינץ. די דאָקטערין אַרבעט פון אָנהויב אַליין, פירט אויס אַ חוץ איר אַרבעט נאָך אַלע אַרבעטן, וועלכע געהערן צו היגיעניסטינס. שפּעטער ווערן אַנגאַזשירט צוויי ״שוועסטערס״ (סאַניטאַרינס), די ח׳טע רעגינע שעפּנער און געניע פרידמאַן. זייער אַרבעט ווערט פאַרטיילט אַזוי, אַז איינע פאַרנעמט זיך מיט די קראַנקע, די צווייטע מיט דער ריינקייט פון די געביידעס; וואָס שייך דער ריינקייט, ווערט זי איינגעהאַלטן אין אַ צופרידנשטעלנדיקער מאָס. די שלאָפצימערן זיינען שטענדיק ווייסע, עס קומען אָפּט פאָר ריינקייט־קאָנקורסן, די קינדער באַמיען זיך, אַז יעדער בעט זאָל האָבן וואָס אַ בעסערן קאַנט, יעדע ״קאָסטקע״ זאָל אויסזען פונקט ווי אַ

קאָסטקע צוקער. עס קומען אויך אָפּט פאַר ריינקייט־קאָנקורסן פאַר פּערזענלעכער ריינקייט און קאָנטראָל — דעמאָלט פּרובירן די קינדער אויף פאַרשיידענע אופנים שענער מאַכן זייער קליידונג, באַפּוצן זיי מיט עפּעס. ספּעציעלע אַכט ווערט געלייגט אויף דער ריינקייט פון דעם סאַנאַטאָריע־גאָרטן און בכלל סאַנאַטאָריע־שטח. מען היט זיך נישט צו וואַרפן קיין פּאַפּירלעך, נישט צו שמוצן. פון צייט צו צייט לאָזן זיך אַרויס ספּעציעלע "עקספּעדיציעס" צו רייניקן דעם פּלאַץ.

די קינדער, וועלכע זיינען צו אונז געקומען פון "נאַש אול" זיינען יתומים, זיי האָבן זייער גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אין אינטערנאַט. זיי זיינען אַלע נידערגעשלאָגן, האָבן מורא פאַר דער נייער סביבה. זיי באַציען זיך מיט גרויס אומצוטרוי צו די לערער פון סאַנאַטאָריע, בכלל איז ביי זיי אומצוטרוי איינע פון די שטאַרקסטע געפילן. עס געפינט זיך צווישן זיי אַ גרופּע פון 12־16־יעריקע יוגנטלעכע, וועלכע פּרובירן זיך אָפּצוזונדערן פון דעם אַלגעמיינעם סאַנאַטאָריע־לעבן. אין "נאַש אול" איז זיי טאַקע נישט געווען גוט, אָבער דאָס איז דאָך פאָרט געווען זייער היים. אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג ביי זיי איז דאָס וואָס די עלטערע פאַרנעמען זיך שטאַרק מיט די יינגערע קינדער. זיי זאָרגן פאַר די קליינע קינדער פּונקט ווי פאַר שוועסטער אָדער ברידער. צו דעם גאַנצן דיסאָנאַנס, וועלכן ס'ברענגען מיט זיך די נייגעקומענע קינדער, קומט נאָך צו די פראַגע פון דער שפּראַך. די קינדער פון "נאַש־אול" רעדן פּויליש און האָבן צו יידיש אַ שלעכטע באַציאונג. דאָס אַריינפּאַסן די קינדער אין דער סאַנאַטאָריע פאַרנעמט איצט דעם אויבנאָן פון דער אַרבעט. ווען די נייע קינדער איבערצייגן זיך, אַז אין דעם נייעם אָרט דראָט זיי נישט קיין שום "געפאַר", נאָר פאַרקערט, מען באַציט זיך צו זיי סימפּאַטיש, מיט פיל פאַרשטענדעניש, הייבן זיי ביסלעכוויז אָן ווערן פריינדלעכער, און נאָך אַ קורצער צייט פאַרשווינדט אינגאַנצן דאָס פּראָבלעם. די עלטערע קינדער ווערן מיט דער צייט די אַקטיווסטע סאַנאַטאָריסטן, ווערן מיטגלידער אין קינדער־ראַט און אַקלימאַטיזירן זיך אַזוי שטאַרק, אַז מען פאַרגעסט באַלד דעם אונטערשייד. אויך אין הינזיכט פון דער שפּראַך, ווערט וואָס אַמאָל בעסער. וואָס אַמאָל הערט זיך מער יידיש רעדן. וואָס אַמאָל ווערט אָבער שווערער מיט דער אפּראָוויזאַציע (דערנערונג). מיר באַקומען איצט פון "צענטאָס" זייער קליינע ראַציעס. קיין געלט אויף צו קויפן איז אויך נישטאָ. זומער העלפט מען זיך אַרויס מיט די גריגסן פון אייגענעם פעלד. ווינטער איז ערגער. די הויפּטשפּייז ווערט איצט קאַרטאָפל און קאַשע. אָבער דאָס אויך נישט אין אַ גענוגנדיקער מאָס. שוין אין ווינטער 1941 אַנטשטייט אַזאַ לאַגע, אַז די לערער ביים פונאַנדערגיסן זופּ, ציילן די קאַרטאָפל אין יעדן טעלער, אַז אַלע קינדער פון דער געגעבענער גרופּע זאָלן באַקומען אַ גלייכע צאָל קאַרטאָפל. אויף אַלע פעד. ראַטן ווערט איצט באַהאַנדעלט די פראַגע פון עסן. יעדער לערער וויל "איבערצייגן", אַז די קינדער פון זיין גרופּע דאַרפן באַקומען מער עסן. די קינדער הונגערן נישט אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, אָבער זיי דערעסן נישט. זייער אָפּט טרעפן פאַלן פון גנבענען ברויט. די דערוואַקסענע באַקומען זייער ברויט־ראַציע אויף אַ גאַנצן טאָג. די קינדער באַקומען איצט צוויי מאָל אַ טאָג צו 2 שטיקלעך ברויט. די קינדער גייען כסדר אַרום הונגעריק. ווען די

אויפֿזועער גרייטן צום טיש פֿאַר אַ מאָלצייט, שטייט אַלעמאָל אַ גרויסע גרופּע קינדער פֿאַר דער טיר פֿון עס־צימער און קוקט זיך נייגעריק צו צו דעם, וואָס עס באַוויזט זיך אויפֿן טיש. דאָס עסן ווערט דער הויפּט־אינטערעס ביי די קינדער. זיי ווערן אַפּאַטיש, ווילן זיך נישט שפּילן, זיינען ווייניק רירעוודיק. מיר פּרובירן דעם צו־שטאַנד אַנטקעגנווירקן, אָבער רעזולטאַטן זיינען זייער קליינע. ווינטער 1941 ווערט אין סאַנאַטאָריע איינגעשטעלט אַ שול; אַזוי ווי מיר האָבן פֿון אַ סאַנאַטאָריע זיך פֿאַרוואַנדלט איז אַן אינטערנאַט, דאַרף מען אָנהייבן זאָרגן וועגן נאָרמאַלער באַ־שעפֿטיקונג פֿאַר די קינדער. אויך דאָ ביים איינאָרדנען און איינשטעלן די לעקציעס, קומען אויף שוועריקייטן. מיר ווילן איינשטעלן גרופּן־אַרבעט, אָבער זייער אָפֿט איז אַזאַ לאַגע, אַז אין איין גרופּע געפֿינען זיך קינדער פֿון אַ פֿאַרשידענער אַנטוויקלונג און קענטניש. עס פֿעלן ביכער און צימערן צום לערנען. יעדן טאָג אַ חוץ שבת קומען פֿאָר לעקציעס. די קינדער לערנען זייער פֿלייסיק. אונזער ציל איז דערפֿירן די קינדער צו דעם נאָרמאַלן שול־ניוואָ.

די עלטערע קינדער, וועלכע האָבן שוין געענדיקט פֿאָלקס־שול, אַרבעטן אין ניי־וואַרשטאַט, אין סטאָלעריי און וועשעריי. דאָס זיינען ניט קיין ספּעציעל איינגע־אָרדנטע וואַרשטאַטן. אין דעם ניי־וואַרשטאַט פֿאַרריכט מען די קליידער פֿאַר די קינדער, די סטאָלעריי מאַכט האָלץ־שיך. אַ חוץ דעם אַרבעטן אַ סך פֿון די עלטערע מיידלעך אין קיך. די פֿרייע צייט פֿון לערנען און פֿון אַרבעט, פֿאַרברענגען די קינדער אויף שפּילן, די עלטערע האָבן זעלבסטבילדונגסקרייזן, א. א. וו. עס ווערט געשאַפֿן אַ ליטעראַרישער קרייז, וועלכער שטייט אויף זייער אַ הויכן ניוואָ. איך דערמאָן זיך צוויי ליטעראַרישע משפּטים, וועלכע דער קרייז האָט אַדורכגעפֿירט, איינער איבער פּרץ'ס "באָנטשע שוויַיג", דער צווייטער איבער זשעראָמסקי'ס "היימלאָזע". ביידע משפּטים האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסע זעלבשטענדיקייט פֿון דענקען.

ווען די סאַנאַטאָריע לעבט זיך איר כמעט נאָרמאַל לעבן, קומען אָבער אויסער דער סאַנאַטאָריע פֿאָר גרויסע ענדערונגען. פֿאַלעניצער געטאָ איז שוין לאַנג אָפּ־געשלאָסן. ביזן אָפּשליסן די געטאָ האָט פֿאַרן געפֿינען זיך אויף דער אַרישער זייט געדראָט נאָר תּפֿיסה, — איצט — טויט־שטראָף. זייער אָפֿט ווערן אַזעלכע טויט־אורטיילן איבער געכאַפּטע יידן אויף דער אַרישער זייט, אויסגעפֿירט לעבן דעם גרויסן פּלאַץ פֿאַר דער סאַנאַטאָריע.

די קליינע שטעטלעך אַרום וואַרשע ווערן ביסלעכוויַיז ליקווידירט, און די באַפֿעלקערונג ווערט איבערגעזידלט קיין וואַרשע. אויף אַזעלכע אויסזידלונגען ווערן אויסגעקליבן טעג פֿון די גרעסטע פֿרעסט און קעלטן. דערביי ווערן זיי אַזוי איינגע־אָרדנט, אַז אַ גרויסע טייל פֿון די יידן בלייבן אין וועג. דעם גאַנצן ווינטער 1941 יאָר, פֿאָלגן מיר מיט שרעק נאָך די געשעענישן אין די דערבייאיקע שטעטלעך. פֿאַר די קינדער ווערט, פֿאַרשטייט זיך, אַלץ אויסבאַהאַלטן. אונזער שטענדיקער ווונטש איז אָפּהיטן די קינדער פֿון אַלע גרויזאַמקייטן פֿון אַרום.

מיר ווילן אַלזאָ שאַפן אין דעם שרעקלעכן אַרום אַן "אינדזל פון גליק". פאַרשטייט זיך, אַז דאָס געלינגט בלויז טיילווייז. אַ גרויסע טייל פון די קינדער גייען אין שטעטל דערליידיקן פאַרשיידענע ענינים, טרעפן זיך מיט מענשן, אין סאַנאַטאָריע קומען זייער אָפט בונדיסטן פון פאַלעניץ. די פאַרבינדונג מיט פאַלעניץ איז אַ גאַנץ שטאַרקע, מיר זיינען אָבער כמעט ווי אָפגעריסן פון וואַרשע. פון וואַרשע קומען צו אונז צו פאָרן פון צייט צו צייט עטלעכע קינדער. עס קומען אויך צו גאַסט חברים בונדיסטן פון וואַרשע. זומער 1941 קומט צו גאַסט די ח'טע סאָניע נאַוואַגרודזקע, די דאָקטערין אננע מאַרגאָליס (די הויפּט־דאָקטערין פון אַנשטאַלט, וועלכע קומט בכלל פון צייט צו צייט אויף אינספּעקציעס), די דאָקטערין ברוידע־העלער.

אין וואַרשע ווערט געפּלאַנט, אַז די לערער פון די פאָלקס־שולן זאָלן קומען אין סאַנאַטאָריע אויף אָפּרו. עס קומט אָבער ניט דערצו, ווייל דאָס אַרויסבאַקומען דורכפאָר־שיינען איז דעמאָלט שוין זייער באַשווערט. דערפאַר ברענגט די פּאָסט פון וואַרשע איוב־בשורות, נישטאָ די וואָך עמיצער פון די קינדער זאָל נישט באַקומען די ידיעה, אַז זיינע נאָענסטע זיינען געשטאָרבן פון הונגער, טיפוס וכדומה. דערווייל רוקט זיך אָן נאָך אַ געפאַר.

אין דער געגנט פון קאַרטשעוו, געפינט זיך אַן אַרבעטס־לאַגער. מענטשן פאַר דעם לאַגער דאַרף ליפערן די אָטוואָצקער גמינע, צו וועלכער ס'אונטערליגט אויך פאַלעניצער געטאָ. מיט כאַפּן מענטשן אין דעם לאַגער פאַרנעמט זיך די יידישע פּאָליציי. זיי "וויזיטירן" זייער אָפט פאַלעניץ און ביי דער געלעגנהייט אויך די סאַנאַטאָריע. זיי האַלטן, אַז אונזערע עלטערע ייִנגלעך זיינען שוין גענוג דערוואַקסן צו פאָרן אין לאַגער. אין אַ סכנה געפינען זיך די דערוואַקסענע מענער, אָנגעשטעלטע אין סאַנאַטאָריע. בעת איינער אַזאַ "לאַפּאַנקע" ליגן אַלע מענער און די דערוואַקסענע ייִנגלעך 2 טעג באַהאַלטן. עס געלינגט אונז דעמאָלט אָפּצוהיטן אַלעמען פון דער לאַגער־געפאַר. פּונקט ווי אין וואַרשע, איז אויך אין פאַלעניץ די לאַגע פון די יידן אַ שרעקלעכע. הונדערטער מענטשן שטאַרבן פון הונגער, די טיפוס־עפּידעמיע איז זייער גרויס. אין סאַנאַטאָריע איז אָבער דורך דער גאַנצער צייט געווען בלויז איין פאַל פון טיפוס־קראַנקייט. דאַקעגן, זיך אָפּיאָגן פון דער "שוויעזשבע" (קרעץ)־עפּידעמיע איז אינגאַנצן אוממעגלעך, די קראַנקייט איז אין סאַנאַטאָריע אַן אָפטער גאַסט. אין דער צייט ווערט כסדר באַהאַנדלט די פראַגע פון אָפּשטעלן די עפנטלעכע פאַרוויילונגען. אין סאַנאַטאָריע ווערן לעצטנס פּראַקטיצירט פאַרוויילונגען פאַר פאַלעצינער איינוואוינער. אויף די פאָרשטעלונגען ווערן אַריינגעלאָזט פאַלעניצער, נאָך די קינדער־פאָרשטעלונגען פלעגן פאָרקומען טאַנץ־אָוונטן פאַר דערוואַקסענע. טאַנץ־אָוונטן ווערן געמאַכט צוליב אַ געווינלעכער סיבה — יעדער אַזאַ אָוונט ברענגט אַ פּאָר טויזנט זל. וועגן די דאָזיקע אונטערנעמונגען ווערן געפירט די הייסטע דיסקוסיעס: צי דאַרף מען צוליב דעם געלט, וואָס ווערט דורך אַזאַ אָוונט אַריינגעבראַכט, טאָלערירן אין אונזער אַנשטאַלט אַזאַ מין פאַרוויילונג? איך דערמאָן זיך, אַז דער ח' לייבל פרידמאַן, דער שטרענגסטער קעגנער פון דעם, פלעגט שטענדיק טענהן,

אַז די טאַנץ־אָוונטן וועלן זיין אַ פּלעק אין דער געשיכטע פון דער מלחמהדיקער סאַנאַטאָריע.

אַלע אויסערלעכע באַדינגונגען באַווירקן וואָס אַן אמת דאָס סאַנאַטאָריע־לעבן, אָבער געסט וואָס קומען צו אונז פון וואַרשע זיינען שטענדיק אַנטציקט מיט דער ריינקייט, מיט דעם צעבליטן גאָרטן און מיט דער פיינער אַטמאָספער, וואָס הערשט אין אַנשטאַלט. דער זומער 1941 גייט אַדורך אונטערן צייכן פון באַקעמפן די פּאַסיווקייט און אַפּאַטישקייט פון די קינדער. מיר פאַרשטייען זייער גוט, אַז ווען מען וואָלט געקאָנט געבן די קינדער גענוג צום עסן, וואָלטן זיי צוריק געוואָרן אמתע קינדער, וואָלטן זיי צוריק געוואָרן פריילעך, רירעוודיק און שפּילעריש. דאָס איז אָבער אוממעגלעך. מיר פּלעגן איצט ביי די עלטערע קינדער איבערהויפּט דעם געדאַנק, אַז מען זאָל אין זיך אויסאיבן אַזויפיל שטאַרקן כאַראַקטער, דער הונגער זאָל נישט באַווירקן אונזער גאַנץ לעבן; מען זאָל טראָץ אַלעם נישט אויפהערן לערנען, אַרבעטן, פירן די זעלבסט־פאַרוואַלטונגס־אַרבעט א. א. וו.

די עלטערע חברה ווייזט אַרויס אין דעם פּרט אַ סך הערואָיזם. בכלל פילן זיך די עלטערע חברה שטענדיק מיטפאַראַנטוואָרטלעך פאַרן גורל פון דער סאַנאַטאָריע. איך דערמאָן זיך דעם ערשטן מאַי 1940, די ערשטע מאַי־פייערונג אין סאַנאַטאָריע. מיר האָבן גראָד דעמאָלט געהאַט אָפּגענומען די פּיאַנינע, וועלכע עמיצער פון די פּאַלעניצער איינוואוינער האָט זיך געהאַט צוגעאייגנט. דעם ערשטן מאַי, ווערט אין סאַנאַטאָריע צום ערשטן מאָל צוריק איינגעפירט די "שטילע מינוט". מיר באַשליסן, אַז נאָך דער "שטילער מינוט" וועט איינער פון די סאַנאַטאָריסן שפּילן רייזענס "און זאָל ווי וויט נאָך זיין די צייט". ווי גרויס איז אונזער דערשטוינונג, ווען נאָך דעם ליד שפּילט בעקערמאַן "די שבועה", דעם "אינטערנאַציאָנאַל". אַלע קינדער כאַפּן עס אונטער און זינגען עס מיט. נאָך דעם פרישטיק ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס האָבן די עלטערע חברה אָרגאַניזירט.

אין 1941־סטן יאָר ווערט דער ערשטער מאַי געפייערט אַ סך שטילער. אין פּאַלעניץ סטאַציאָנירן דייטשן, באַזונדערס מוז מען זיך היטן פאַר די יידישע געשטאַפּאָ־לייט. אַ סך פון די פּאַלעניצער קענען דאָך אונזער מאַרקע.

דערווייל רוקט זיך אָן דער ווינטער 1942, דער לעצטער ווינטער פון דער עקזיסטענץ פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. עס פעלט באַהייצונג, די קינדער פרירן, די דערנערונג ווערט וואָס אַ מאָל ערגער. אַרום אונז נייע גזרות אויף יידן. נאָך אַ 2־חדשימדיקן איבעררייס ווערן אָנגעהויבן די לעקציעס. אין דעם ניי־יאָר־אָוונט 1942 ווערט דורכגעפירט זייער אַ שיינע פאָרשטעלונג. די קינדער פירן אויס אַן אינסצעניזאַציע, וועלכע שטעלט פאָר די פעלקער־פאַרברידערונג. די דאָזיקע פאָרשטעלונג, וועלכע איז אַן אַבסאָלוטע סתירה צו דער שוידערלעכער מלחמה־ווירקלעכקייט, רופט אַרויס פיל אַנטציקונג ביי אונזערע קינדער און די געקומענע געסט.

אין פעברואַר 1942 פאָר איך קיין וואַרשע. עס פאָרט אָפּ אַ קליינע גרופּע קינדער, צוזאַמען מיט די "קינדער" פאָרט די ח׳טע פעליציע מושקאַט — (פּ. פּאָליאַק־מושקאַט האָט געאַרבעט אין סאַנאַטאָריע אַלס דענטיסטין. זי באַגרענעצט זיך אָבער נישט מיט איר אַרבעט אויפן אָרט. זי איז זייער אַן אַקטיווע נאַטור. זי פאָרט כסדר אויף דער אַרישער זייט, זי האָט אַ גוטן אויסזען, באַזאָרגט פון דאָרט פאַרשידענע זאַכן און נאָך דער ליקווידאַציע פון דער סאַנאַטאָריע ווערט זי איינע פון די אַקטיווסטע מיט־אַרבעטערינס פון אונטערערדישן "בונד" און ראַטעוועט זייער פיל מענטשן).

מיר האָבן זיך געפילט שרעקלעך אומזיכער בעת דער רייזע קיין וואַרשע. מיר זיינען נאָך אַ לאַנגן איבערייס געווען אויף דער אַרישער זייט. איך בין געווען אַ חודש צייט אין וואַרשעווער געטאָ. אַלע זיינען דאָרט געווען זייער נידערגעשלאָגן, אומרואיק. שוין דעמאָלט האָט מען געשמועסט וועגן אויסזידלען אַ גרויסע צאָל יידן פון וואַרשע. ווען איך בין צוריקגעקומען אין סאַנאַטאָריע, האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער פרילינג און שפּעטער אַ הייסער זומער. ווי אַלעמאָל האָט די סאַנאַטאָריע אין פרילינג פּרעכטיק אויסגעזען. אַלץ האָט זיך וואונדערבאַר צעבליט. די דערפרוירענע קינדער האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין דרויסן, וואַרעמען זיך אויף דער זון. צוזאַמען מיט דעם פרילינג זיינען אַנטשטאַנען האָפנונגען, אַז אפשר שוין איצט וועט זיך דער גהינום ענדיקן. מיר האָבן זיך אָבער ביטער אַנטוישט. אין יולי 1942 הייבט זיך אָן די ערשטע אויסזידלונג פון וואַרשע. מיר זיינען מיט וואַרשע אין טעלעפאָנישער פאַרבינדונג. (דער טעלעפאָן איז אין דער וואוינונג פון דער ח׳טע סאָניאַ נאָוואָגרודזקי). יעדן טאָג קומען אָן ידיעות וועגן צוגענומענע "נאָנטע". מיר פאַרשטייען, אַז אונזער גורל איז געחתמעט. מיר ווייסן, אַז עס וועט אונז נישט אויסמיידן. מיר גלויבן אָבער נאָך דעמאָלט נישט, אַז אַלץ גייט אויף פאַרניכטונג. מען רעדט, אַז גאָר קליינע קינדער און אַלטע מענטשן גייען אויף פאַר־ניכטונג. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, מאַטערט מיך יעדן טאָג די ח׳טע אייכנער און בעט איך זאָל איר איבערגעבן מיין גרופּע און איך זאָל גיין אויף דער אַרישער זייט. זי זאָגט, אַז זי איז שוין אַלט און זי וויל דערפאַר גיין מיט די יינגסטע. מיר שטוינען אַלע מיט וואָס פאַראַ רואיקייט זי רעדט וועגן דעם. איך דערמאָן זיך אַ טאָג, ווען זי האָט דערציילט, אַז זי איז אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן און אינדערפרי איז זי אויפגע־שטאַנען עפּעס ווי אַ געלויטערטע, זי האָט געזאָגט, אַז זי איז שוין איצט אויף אַלץ גרייט, זי האָט שוין געמאַכט דעם לעצטן דין־וחשבון.

נאָך אַ חודש צייט בלוטיקע אַרבעט אין וואַרשע, טראָגן זיך די ס. ס. לייט איבער אויף דער ליניע וואַרשע־אָטוואָצק. דעם 21־סטן אויגוסט ווערט ליקווידירט אָטוואָצק. די קראַנקע פון די אַנשטאַלטן ווערן דערשאָסן אויפן אָרט. אַ פּאָר יידישע פּאָליציי־לייט, וועלכע זיינען אויף דער נאַכט געקומען קיין פאַלעניץ, האָבן דערציילט וועגן אַלע גרויזאַמקייטן בשעת דער אַקציע. דעם טאָג איז דאָס שטעטל פאַלעניץ ווי אויסגעשטאָרבן. אַלע לעבן אין דערוואַרטונג אויף דעם וואָס עס מוז קומען. אין סאַנאַטאָריע ווערן גע־מאַכט צוגרייטונגען צו דער "לעצטער רייזע". מען פּאַקט פאַר די קינדער פּעקלעך. מיר זיינען זיכער, אַז צומאָרגנס וועלן "זיי" קומען צו אונז. אין דער נאַכט שלאָפט קיינער

נישט. די קינדער זיצן אויף די בעטן נעבן זייערע פעקלעך. אַ גאַנצע נאַכט הערט מען שאָסן. דאָס גרייט די פוילישע גראַנאַט־פּאָליציי צו דעם באָדן פאַר דער מאָרגנדיקער אַקציע.

ס'איז 5 פאַרטאָג 22־טן אויגוסט, דער פרימאָרגן איז אַ זוניקער, שטילער. מיט־אַמאָל דערהערן זיך ווי עפּעס פון דער לופטן געשרייען: צום גמינע־פּלאַץ, אַלע צום גמינע־פּלאַץ. דאָס געשריי טראָגט זיך פון הויז צו הויז, פון אָרט צו אָרט, באַלד נעמט מען לויפן אין אַ שרעקלעכער בהלה, פונקט ווי מען וואָלט מורא געהאַט, אַז מען וועט נישט באַוויזן. די קינדער פון סאַנאַטאָריע שטעלן זיך אויס אין רייען, אין שפּיץ גייט די ה'טע איכנער און די דאָקטאָרין טאָליע מינץ. נאָך די קינדער גייט דאָס סאַנאַטאָריע־פּערסאָנאַל. די אויגן פון די קינדער זיינען טויט־צעשראָקענע. עס דירט אַרויס אַ שטומער צוג. מען גייט צום גמינע־פּלאַץ, פון דאָרט אין די וואַגאָנען, וועלכע פירן קיין טרעבלינקע.

פ ע ר ל ע ל נ ב ו י ג ן ־ כ ה ן

הינדזשע הימעלפאַרב — אַ יוגנטלעכע, טאָכטער פון באַקאַנטן בונדישן טוער הערשל הימעלפאַרב. זי איז געווען גוט באַקאַנט מיטן לעבן און פירונג אין דער סאַנאַטאָריע, וואו זי האָט אין די פריערדיקע יאָרן פאַרבראַכט עטלעכע מאָל צו אַ פּאָר חדשים.

פאָליע און זאָשע ליפשיץ —ביידע שוועסטער באַגאַבטע טענצערינס מיט גרויסע דראַמאַטישע פעהיקייטן. זייער פאָטער יוסף ליפשיץ (באַקאַנט אונטערן נאָמען יוסף באָסאַק) איז געווען אַן אָנגעזעענער בונדישער טוער, אומגעקומען אין אַ סאָוועטישער טורמע. ביידע זיינען אַלס קינדער עטלעכע מאָל געווען אין סאַנאַטאָריע.

מאַניע קאַץ — איינע פון די דריי „קעצלעך" (צוויי שוועסטערלעך און אַ ברידערל), וואָס שפּילן די הויפּט־ראָליע אין דעם סאַנאַטאָריע־פילם „מיר קומען אָן".

לייטשע בלאַנק — טאָכטער פון בונדישן טוער לייבל בלאַנק.

חנהלע וואַסער — טאָכטער פון בונדישן פירער חיים וואַסער.

די אַלע יוגנטלעכע האָבן זיך שפּעטער שטאַרק אויסגעצייכנט מיט זייער אַרבעט און ראָל אין דער אונטערערדישער באַוועגונג אין וואַרשע. זיי זיינען אַלע אומגעקומען מיט אַ העלדישן טויט.

פּערעלע עלנבויגן — די מחברין פון דעם אַרטיקל — איז אין די פריערדיקע יאָרן אַלס קינד געווען עטלעכע מאָל אין סאַנאַטאָריע. זי האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער קינדער־זעלבסט־פאַרוואַלטונג און איז פאַר איר פיינעם כאַראַקטער געווען שטאַרק באַליבט ביי די לערער. אינעם פילם „מיר קומען אָן" איז זי דאָ מיט איר אָפענעם און פריילעכן פּנים. זי געפינט זיך איצט דאָ אין לאַנד און איז די פרוי פון א. כהן.

„צענטאָס" — געזעלשאַפט צו זאָרגן וועגן יידישע יתומים.

ב.

## ווען די דייטשע חילות

האָבן אין סעפּטעמבער 1939 זיך דערנענטערט צו וואַרשע און די רעגירונג האָט גערופן אַלע מענער צו פאַרלאָזן וואַרשע, האָט אויך דאָס סאַנאַטאָריע־פּערסאָנאַל פאַרלאָזן די מעדעם־סאַנאַטאָריע. די קינדער זיינען שוין פריער געוואָרן אָפּגעשיקט אין זייערע היימען, צוליב דער געפאַר פון באָמבאַרדירונג.

אין די טעג ווען מיעדזעשין־פּאַלעניץ זיינען אָן אַ באַלעבאָס, ווען די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען זיינען שוין געהאַט אַוועק, און עס זיינען נאָך נישט געהאַט געקומען די דייטשן, איז די סאַנאַטאָריע אויסגערויבט געוואָרן אויף אַ וואַנדאַלישן אופן. אונטער דער אָנפירונג פון דעם סאַנאַטאָריע־וועכטער מאַקסימענקאָ, האָט מען אַרויסגעטראָגן בוכשטעבלעך אַלץ, אָנהויבנדיק פון קיך־געשיר, בעטן, בעטגעוואַנט, און ענדיקנדיק אויף די פענסטער־שויבן צוזאַמען מיט די ראַמען. ווען נאָכן פאַרענדיקן די קריגס־האַנדלונגען האָט דער אומלעגאַלער צ. ק. פון "בונד" דעלעגירט אַהין דעם ח׳ ש. אַבראַמסאָן, האָט ער אָנגעטראָפן אַ בילד פון פולשטענדיקן חורבן. מען האָט געמוזט אָנהויבן אַלץ פונדאָסניי: די קיך איז געווען צעשטערט, די מאָטאָרן פון וואַסער צוגענומען, די טירן צעבראָכן, די פענסטער זיינען נישט געווען, שוין אָפּגערעדט פון די אינעווייניקסטע איינריכטונגען.

אַ דאַנק דער ענערגיע פון דעם נייעם לייטער פון אַנשטאַלט ש. אַבראַמסאָן, וועלכער האָט אַראָפּגעבראַכט 3 יידישע אַרבעטער (די ח. ח. מאָזעס, יאַנקל און איזאַק פענטמאַן) איז געלונגען אין משך פון עטלעכע וואָכן ברענגען מער ווייניקער אין אָרדנונג די אַזוי גערופענע "נייע געביידע". ביי דער מיטהילף פון אַ גרופּע פּאַלעניצער בונדיסטן איז געלונגען אָפּצונעמען אַ טייל פון די אויסגעראַבירטע זאַכן. דעם 15־טן אָקטאָבער האָט שוין די סאַנאַטאָריע געקאָנט אויפנעמען די ערשטע גרופּע קינדער.

צו די נייע אויפגאַבן וועלכע האָבן זיך געשטעלט פאַרן פּערסאָנאַל האָט געהערט באַשיצן די סאַנאַטאָריע, באַזאָרגן דעם אַנשטאַלט מיט שפּייז־אַרטיקלען, וועלכע מען האָט שוין מער נישט געקאָנט באַקומען אויפן מאַרק אָדער באַקומען דורך באַשטעלונג צוגעשיקט אין אַנשטאַלט אַריין. אויסער דעם איז נאָך געשטאַנען די אויפגאַבע פון ברענגען אין אָרדנונג די אַנדערע געביידעס כדי צו קענען אַריינעמען אַ גרעסערע צאָל קינדער. צו דעם צוועק זיינען באַשעפטיקט געוואָרן די חברים ישראל ראַפּאַלאָוויטש (געוועזענער פונקציאָנאַר אין נאָדל־פאַריין, אין 1941 איז ער אַוועקגעפאָרן אין קראָקע פון וואַנען ער האָט געשטאַמט און דאָרט אומגעקומען) און פּינקוס ראָזנבערג, (געאַרבעט ביזן לעצטן מאָמענט אין סאַנאַטאָריע, און צוזאַמען מיט אַלעמען אַוועקגעפירט געוואָרן אין טרעבלינקע). חיים עלנבויגן און ראַפּאַלאָוויטש האָבן זיך פאַרנומען מיט באַזאָרגן שפּייז־אַרטיקלען, קוילן, ברענגען פּראָדוקטן פון וואַרשע. פּינקוס צוזאַמען מיט דעם שפּעטער, אָנהויב 1940, צוגענומענעם, געוועזענעם סאַנאַטאָריע־וועכטער קאָוואַלסקי, האָבן געהיט די סאַנאַטאָריע פון אָנפאַלן און גנבות.

חיים האָט אַדורכגעפירט אַלע טעכנישע אַרבייטן, ווי אויפזיכט איבער דער וואַסער־לייטונג, עלעקטריע און רעמאָנט פון די געביידעס.

אין וואַרשע איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ סאַנאַטאָריע־ביוראָ, וואו עס האָבן גע־אַרבעט די חברטעס לאָניע אייבעשיץ, קופּטשיק און שפּעטער אויך מאַשקאָוויטש. זייער אויפגאַבע איז געווען אָנגעמען קינדער, אַרויסבאַקומען שפּיז־אַרטיקלען פון "דזשוינט" און פון "צענטאָס", צו וועמען די סאַנאַטאָריע האָט פאָרמעל געהערט.

די צאָל קינדער האָט ביז פרילינג 1940 דערגרייכט 70. ערשט אין פרילינג פון 40־סטן יאָר נאָכן אויסרעמאָנטירן די אַנדערע געביידעס האָט די סאַנאַטאָריע געקענט אויפנעמען אַ גרעסערע צאָל קינדער. אין פרילינג 1940 פאָרט אָוועק דער פאַרוואַלטער פון סאַנאַטאָריע ש. אַבראַמסאָן אין אויסלאַנד. זיין אָרט פאַרנעמט אַלס דירעקטאָר דער חבר ז. מושקאַט, און אַלס פאַרוואַלטערן אויפן אָרט חברטע מאניע זיגעלבוים (פרוי פון אַרטור זיגעלבוים). צוליבן פאַרגרעסערן די צאָל קינדער ווערט אויך פאַר־גרעסערט דאָס לערער־פּערסאָנאַל.

מען האָט דעמאָלסט אויך אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע אַ גרופּע פון 12 יונגע מיידלעך "צוקונפטיסטקעס", וועלכע האָבן געהאָלפן אין דער אַרבעט און האָבן געוואוינט ווי אַ קאָלעקטיוו אין דער קאַנצעלאַריע־געביידע. דאָס זיינען געווען: הינדע, באַשע, רויזע, שרהלע שיפּמאַן, פריידקע מילשטיין, פּעלע פּערקאַל, חנהטשע וויסמאַן, גיטל סאַנדלער, האַנקע פלאַמענבוים, בעלאַ און נאָך צוויי. עס קומען דעמאָלט אויך אַרבעטן אין סאַנאַ־טאָריע מאניע באָרוכאָוויטש־פרידמאַן און חנהטשע ווערקצווייג־עלענבויגן. (אַלע — געוועזענע שילער און אַביטוריענטן פון די צישאָ־שולן, יעדער פון זיי איז געווען צו עטלעכע מאָל אין סאַנאַטאָריע — אין די פריערדיקע יאָרן).

דער זומער פון 1940 יאָר איז געווען דער רואיקסטער אין מלחמה־לעבן פון די פּוילישע יידן. דאָס מיליטער, ס. ס. און אַנדערע פאָרמאַציעס זיינען געוואָרן אָפּגעצויגן אויפן מערב־פראָנט, אין פּוילן זיינען געבליבן נאָר גאַנץ קליינע מיליטערישע און אַדמיניסטראַטיווע כוחות, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו פאַרנעמען זיך מיט די יידן.

אין דעם זומער טאַקע האָט די סאַנאַטאָריע געמאַכט דעם איינדרוק ווי פאַר דער מלחמה. די קינדער זיינען אָפּט געטוישט געוואָרן, כדי צו געבן אַ וואָס גרעסערע צאָל קינדער די מעגלעכקייט זיך אָפּצורוען. אין די זונטיקן זיינען עלטערן געקומען צו פאָרן צו זייערע קינדער. אין שכנות פון דער סאַנאַטאָריע האָט די פאַרטיי אפילו איינגע־אָרדנט אויף אַ קורצע צייט אַן אָפּרו־הויז פאַר עטלעכע צענדליק חברים, פיזיש־אָפּגע־שוואַכטע. דאָרטן איז פון אַ האַרץ־אַטאַק געשטאָרבן דער חבר קאַלאַדני. אַזוי גייט אַריבער דער זומער פון 40־סטן יאָר, אין מער וויניקער רו. די קינדער פאַרנעמען זיך מיט זייערע טאָג־טעגלעכע אַרבעטן אין דער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, גרייטן פאָרשטע־לונגען. עס געפינען זיך דאַן אין סאַנאַטאָריע אַ גרופּע 14־15 יעריקע מיידלעך און ייִנג־לעך, וועלכע זיינען די הייוון פון דעם קינדער־לעבן אין סאַנאַטאָריע. די פאָרשטעלונגען

"שפּיכלער", "לאַלקעס" א. א. וועלכע זײַנען אַדורכגעפירט געוואָרן דורך דער גרופּע, ווערן שפּעטער געגעבן אין וואַרשע מיט אַ גוואַלטיקן דערפאָלג. צו דער גרופּע האָבן געהערט ציוויע וואַקס, לײַטשע בלאַנק, זאָשע און פּאָלי ליפּשיץ, האַנושע וואַסער, מירקע קרישטאַל, ניסעלע הערשל גרושקאָ, סרולעק מייעראָוויטש, שיינדעלע לוסטיג־מאַן, א. א.

אין הערבסט 1940 ווערן אײַנגעפירט אין דער גאַנצער גענעראַל־גובערניע געטאָס פאַר יידן. דאָס ענדערט ראַדיקאַל די לאַגע פון די יידן, עס הויבט זיך אָן דער מורא־דיקער הונגער. אויך די יידן פון פאַלעניץ־מיעדזעשין ווערן אײַנגעשלאָסן אין געטאָ. פאַר אַרויסגיין פון געטאָ דראָט טויט־שטראָף. אין דעם טייל פאַלעניץ, וועלכער פאַלט אַרויס פון געטאָ, געפינט זיך אַ קינדער יתומים־אַנשטאַלט פון "צענטאָס". זיי ווערן אַי־בערגעפירט אין סאַנאַטאָריע. די צאָל קינדער דערגרייכט דאַן ביז 210. צוזאַמען מיטן פאַרגרעסערן די צאָל קינדער פאַרקלענערט זיך אָבער דער צושטעל פון פּראָוויאַנט, צוליב די שווערער געוואָרענע קאָמוניקאַציע־מעגלעכקייטן. פון דאַן אָן הויבט זיך אָן דער פּעריאָד נישט דערעסן. מען קען נישט ריידן וועגן הונגער אין סאַנאַטאָריע; אפילו אין די שווערסטע צייטן איז, אַדאַנק דער איבערגעבענער און אָנגעשטרענגטער אַרבייט פון דער לייטונג און פון די אָנגעשטעלטע, דער מינימום שטענדיק געגעבן געוואָרן.

דער כאַראַקטער פון דער סאַנאַטאָריע ענדערט זיך נאָכן שליסן די געטאָ. זי הייבט אָן טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַן אינטערנאַט. די קינדער אין זייער גרויסער מערהייט זײַנען שוין יתומים אָדער צוקונפטיקע יתומים.

פאַר די ייִנגערע קינדער ווערן אײַנגעפירט לערן־גרופּן און פאַר די עלטערע אַרבעטס־גרופּן. אונטער דער אָנפירונג פון דעם גערטנער חבר אייזיק ווערט באַאַרבעט יעדעס שטיקל פעלד, וואָס ברענגט אַ גרויסן צושטייער צו דער דערנערונג. אין שניידער־וואַרשטאַט אונטער דער אָנפירונג פון דער חברטע מאַניע פרידמאַן־באָרוכאָוויטש, (לאָדזש), אַרבעטן די דערוואַקסענע מיידלעך. עס ווערט אויך אײַנגעשטעלט אַ סטאָליאַר־וואַרשטאַט, וואו אונטער מיין אָנפירונג אַרבעטן די דערוואָקסענע ייִנגלעך. מיר פאַר־ריכטן מעבל, מאַכן הילצערנע טרעפּעס (שיך). מיר האָבן באַוויזן צו באַזאָרגן אַלע קינדער מיט האָלצערנע טרעפּעס פאַרן זומער, כדי צו אָפּהיטן די שיך פאַרן ווינטער.

נאָכן אָנהויב פון סאָוועטיש־דייטשן קריג ווערט די ווירטשאַפטלעכע לאַגע אַ קאַטאַסטראָפאַלע. די מיליאָנען דייטשע זעלנער, וואָס געפינען זיך דאַן אויף די געביטן, פרעסן אַלץ אויף. די אָנפירונג ווערט געשטעלט פאַר דער אויפגאַבע אַליין טיילווייז באַ־זאָרגן די פּראָוויאַנטירונג פון אַנשטאַלט, ווייל וואַרשע, וואו עס הערשט אַ גוואַלטיקער הונגער, איז ניט אימשטאַנד צו באַזאָרגן דעם אַנשטאַלט. די איינציקע שפּייז־פּראָדוקטן וואָס דער אַנשטאַלט באַקומט פון דאַן אָן פון וואַרשעווער דזשוינט און צענטאָס, זײַנען שוואַרצע קאָרן־מעל 95% און געשפּאָלטענער האָבער.

אין דער צייט ווערט געשאַפן פון פּערסאָנאַל פון דער סאַנאַטאָריע אַן אָרטיקע פאַרוואַלטונג, ווייל די פאַרבינדונג מיט וואַרשע ווערט וואָס אַמאָל שווערער, באַקומען

אַן אַריינפֿאָר־ערלויבניש אין וואַרשעווער געטאָ געהערט נישט צו די לייכטע זאַכן. פֿאָרן אָפֿט די חברים אָן דערלויבענישן, אָבער דאָס דראָט מיט די שווערסטע קאָנסעק־ווענצן.

די אָרטיקע פֿאַרוואַלטונג באַשטייט פֿון די ח. ח. מאַניע זיגעלבוים, ראָזע אייכנער, לייבל פֿרידמאַן, די דר. טאָליע מינץ, און חיים עלנבויגן. די אויפֿגאַבע פֿון דער אָרטי־קער פֿאַרוואַלטונג איז באַשליסן וועגן אינערלעכן לעבן אין אַנשטאַלט, אפֿילו פֿראַגן וואָס גייען אַריין אייגענטלעך אין דער קאָמפּעטענץ פֿון דער וואַרשעווער סאַנאַטאָריע־אָנפֿי־רונג האָבן אָפֿטמאָל געמוזט דעצידירט ווערן דורך דער אָרטיקער פֿאַרוואַלטונג, ווייל מען האָט זיך נישט געקענט פֿאַרבינדן מיט וואַרשע. עס געלינגט דאַן צו באַקומען אַ צוטיילונג פֿון פֿאַלעניצער ״יידן ראַט״ אויף אַ געוויסער צאָל שפּייז־פּראָדוקטן, דער־פֿאַר מוזן אַריינגענומען ווערן אויך קינדער פֿון פֿאַלעניץ אין אַנשטאַלט. אויסער דעם איז פֿאַר אַ געוויסע סומע געלונגען אָפּצומאַכן מיט באַאַמטע פֿון דער פּוילישער גמינע, אַז דער אַנשטאַלט זאָל באַקומען צוגעטיילט צוגאָב־קאַרטן אויף שפּייז, ווי עס באַקומען עס די פּוילישע אַנשטאַלטן. די אַרטיקלען, וועלכע מען האָט באַקומען אויף די צוגאָב־קאַרטן, האָבן פֿאַרנומען אַ זייער ערנסטע פּאָזיציע אין אויסהאַלט פֿון אַנשטאַלט. דאָס אָפּנעמען די פּראָדוקטן איז געווען פֿאַרבונדן מיט געפֿאַר, ווייל די פּראָדוקטן האָט מען געמוזט אָפּנעמען אויף דער אַרישער זייט, און קיין דערלויבענישן צו גיין אויף דער אַרישער זייט זיינען נישט געווען.

פֿרילינג פֿון 1942, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ענדגילטיקע אויסראָטונגס־אַקציע לגבי דער יידישער באַפֿעלקערונג, ווערן טיילוויז צוגענומען די צוטיילונגען פֿון דער פּוילישער גמינע, עס קומט דאַן צוהילף דער סאַנאַטאָריע דער יידישער אונ־טערנעמער פֿון די בערשטער־וואַרשטאַטן עמיל ווייס, וועלכן עס ברענגט אַראָפּ אין סאַנאַטאָריע דער חבר קלין.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פֿון וואַרשעווער געטאָ, איז עס קלאָר געוואָרן, אַז די טעג פֿון אַנשטאַלט זיינען געציילטע. עס זיינען נאָך געמאַכט געוואָרן באַמיאונגען איינצואָרדנען אין אַנשטאַלט וואַרשטאַטן, — אפֿשר וועט דאָס אָפּראַטעווען די סאַנאַטאָריע. פֿון דעם איז אָבער גאָרנישט געוואָרן. בלויז אַ גרופּע פֿון 15 דער־וואַקסענע יינגלעך זיינען אונטער מיין לייטונג אַוועק אַרבעטן אין נייוועדטס טאַרטאַק. אין דעם טאַרטאַק זיינען נאָך דער ליקווידאַציע פֿון פֿאַלעניצער געטאָ, געבליבן אַרבעטן עטלעכע הונדערט יידן. אָבער אין דעצידירנדן מאָמענט, ווען מען האָט אַלע יידן צו־נויפֿגעטריבן אויפֿן פּלאַץ פֿאַר דער שול, איז די גרופּע פֿון 15 נישט אַריינגעלאָזן גע־וואָרן אין טאַרטאַק און געטיילט דעם גורל פֿון אַלע איבריקע.

נאָך אַ חודש אַרבייט אין וואַרשע איז די פֿאַרניכטונגס־קאָמאַנדע געקומען אין אָטוואָצק, וואו אין משך פֿון איין טאָג איז אַ טייל יידן דערשאָסן געוואָרן אויפֿן אָרט און אַ טייל אַוועקגעפֿירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

פאַר די איינוואוינער פון פּאַלעניץ איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז דער סוף. אויב פריער האָט מען זיך געמאַכט אילוזיעס, אַז מען פירט אויף די מזרח־געביטן אויף אַרבעט, איז נאָכדעם ווי עס האָבן דערציילט די אַנטלאָפענע פון אָטוואָצק, (3 מייל פון סאַנאַטאָריע), וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען, איז קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען, וואָס די "איבערזידלונג" באַדייט.

דעם פאַרטאָג פאַר דער ליקווידאַציע איז צונויפגערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון די עלטערע קינדער, אויף דער פאַרזאַמלונג האָט דער לערער פרידמאַן אויפגעקלערט די קינדער וואָס עס קומט פאָר, און געראָטן די קינדער פּרובירן זיך ראַטעווען דורך אַנטלויפן און באַהאַלטן זיך אין די וועלדער. אַ גרופּע קינדער האָט זיך גלייך געלאָזט אין שכנותדיקן וואַלד. די פּוילישע פּאָליציי, וועלכע האָט געבילדעט אַ קאָרדאָן אַרום דעם וואַלד, האָט די קינדער צוריקגעבראַכט אין סאַנאַטאָריע אַריין. געראַטעוועט האָט זיך בלויז איין מיידל, האָכבערג, וועלכער עס איז געלונגען אויסצובאַהאַלטן זיך ביי פּוילישע שכנים.

דעם 20־סטן אויגוסט 1942, 5 פאַרטאָג האָט מען אָנגעהויבן צונויפטרייבן די באַפעלקערונג פון פּאַלעניץ און מיעדזעשין (אַ נאָענטער דאַטשע־אָרט) ביי דער שול. אויך די קינדער פון דער סאַנאַטאָריע מיטן גרעסטן טייל פון פערסאָנאַל זיינען אין רייען אונטער דער באַגלייטונג פון ס. ס.־לייט און פּאָליציי אַוועק אויפן פּלאַץ, וואו זיי האָבן געוואַרט אונטער דער ברענענדער זון אַ גאַנצן טאָג, ביז עס זיינען אָנגעקומען די וואַגאָנעס, אין וועלכע מען האָט זיי אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע.

דער סעקרעטאַר פון פּאַלעניצער יידן־ראַט כאַדזשקאָ האָט מיר דערציילט די פּאָלגנדיקע געשיכטע ווען איך האָב אים געטראָפן אין 1945 אין לובלין: ווען אַלע יידן זיינען דעם 20־טן אויגוסט 1942 געווען צוזאַמענגעטריבן ביי דער באַן־סטאַנציע כדי אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין טרעבלינקע, איז דער דייטשער קאָמענדאַנט פון דעם אויסראָטונג־אָפּטייל אַוועק אין דער באַגלייטונג פון כאַדזשקאָ אויף אַן אינספּעקציע פון געטאָ. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דער סאַנאַטאָריע האָט ער דערזען די בלומען־בייטן וועלכע זיינען געווען אויפן גאַנצן וועג פון אַריינגאַנג ביז צו די געביידעס; דאָס גאַנצע פעלד פון סאַנאַטאָריע איז געווען באַדעקט מיט פּרעכטיקע טאָמאַטן. ער האָט דערזען די ריינקייט און ציכטיקייט אין די געביידעס און אַרום. איז דער קאַלטבלוטיקער מאַסנמערדער געבליבן שטיין אַ פאַרוואונדערטער און זיך געפרעגט, ווער האָט דאָ געוואוינט? ווען כאַדזשקאָ האָט אים אַלץ אויפגעקלערט, איז דער קאָמענדאַנט צוריק־געגאַנגען צום באַנהויף און באַפוילן צו ברענגען ברויט און וואַסער פאַר די קינדער פון סאַנאַטאָריע.

חיים װלנבױגן



די דערגרייכונגען אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע זיינען געווען אַ רעזולטאַט פון קאָלעקטיווע אָנשטרענגונגען און פון קאָלעקטיווער שעפערישקייט. לערער, דאָקטוירים, סאַניטאַרינס, יעדער פון זיי האָט אויף זיין אָדער איר שטייגער געהאָלפן פאָרמירן דעם כאַראַקטער פון אַנשטאַלט.

מיט דער אַרבעט אין סאַנאַטאָריע זיינען פון די אומגעקומענע אַ לענגערע אָדער די גאַנצע צייט געווען פאַרבונדן:

**לערער:** מאַטל גילינסקי־„באַטקע", יאנקל טראופיאַנסקי, חנה זאַקהיים, פעלע לינדעמאַן־וויניק, ד״ר ישראל ביבער, יצחק מאַן, זונדל מאַנדלברויט, יאָסל קאַץ און גיטע סעגאַלאָוויטש, (מאַן און פרוי), לובע קאַנעל (פסיכאָ־לאָגין).

**דאָקטוירים:** אנא ברוידא־העלער, נ. שפּילפאַגעל־ליכטענבוים, אנא גאָצלאָוו, שאול גראָסבוים, צעלינא ראָזענגאַרטן, טאָלע מינץ.

**סאַניטאַרינס:** חייקע פלעקסער, רחל פאַלישוק, ר. קרינסקי.

**טעכנישער פּערסאָנאַל:** לאָניע טאָטענגרעבער, נחמה מוסטער, רויזע נירנבערג, רעגינע גאָלדשטיין, שרה ראָזענבערג, ב. צעלעמענסקי

**צייטווייליקע פאַרוואַל־טערין פון סאַנאַטאָריע אונטער די נאַציס:** מאַניע ראָזען־זיגעלבוים, פרוי פון ש. (אַרטור) זיגעלבוים.

די פאַרוואַלטונג פון דער סאַנאַטאָריע איז געווען מער ווי אַן אָנפירנדע קערפּערשאַפט פון אַנשטאַלט. די מיטגלידער פלעגן אָפט קומען אין סאַנאַטאָריע און דאָ פאַרברענגען מיט די קינדער שעהן און טעג. יעדער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד האָט געאָטעמט מיט דער לופט פון אַנשטאַלט. נח פּאָרטנאָי, פּאָרזיצער פון פאַרוואַלטונג, האָט מיט זיין אַריסטאָקראַטישער האַלטונג, מיט זיינע גוטע מאַניערן און הויפטזעכלעך מיט זיין אמת־חברישער באַציאונג צום קינד אַריינגעבראַכט יום־טובדיקייט און דער־הויבנקייט. שלמה מענדעלסאָן, וויצע־פאָרזיצער, איז געווען פאַר די קינדער "לערער מענדעלסאָן". חוץ די צוויי האָבן געהערט צו דער פאַרוואַלטונג (מיר געבן אָן נאָר די נעמען פון די אומגעקומענע): ד"ר אנא ברוידע־העלער, מאוריצי אָזשעך, יצחק גיטערמאַן, ליאָווא בוישטאַט און לעאָן מיכעלסאָן. דניאל גוזשיק, דירעקטאָר פון "דזשאָינט" (העלד פון געטאָ, אומגעקומען נאָך דער באַפרייאונג אין אַ לופט־קאַטאַ־סטראָפע) האָט פאָרמעל צו דער פאַרוואַלטונג נישט געהערט, ער איז אָבער געווען אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון סאַנאַטאָריע און האָט אַ סך אַרויסגעהאָלפן מיט ראַט און מיט טאַט.

# דער יידישער לערער אין ווארשעווער געטאָ

עס איז לײדער ביז יעצט ווינציק דערציילט געוואָרן וועגן דעם מאַרטירער־וועג פון יידישן לערער אונטער דער היטלער־אָקופּאַציע. צו אָרעם איז אונזער מענטש־לעך לשון איבערצוגעבן די גרויל פון זיין פּיין און אומקום. עס וועט זיכער ניט זיין קיין גוזמא ווען מיר וועלן באַצייכענען די יידישע לערערשאַפט אַלס די שטילסטע, טראַגישסטע העלדן פון יענער פאַרשאָלטענער תקופה.

באַלד ביים אויסברוך פון דער מלחמה אין יאָר 1939, ווי נאָר די דייטשע אעראָ־פּלאַנען האָבן ווי שוואַרצע היישעריקן באַדעקט דעם הימל פון די פּוילישע שטעט און געמאַכט אַ תל פון דער שטאָט וואַרשע — באַזונדערס פון דער ייִדיש־באַוואוינטער שטאָט־טייל, — האָט שוין דער יידישער לערער אַליין און ספּאָנטאַן זיך געוואָרפן צו הילף די געליטענע קרבנות פון דער מלחמה — און באַזונדערס דעם יידישן קינד.

אונטערן האָגל פון קוילן און באָמבעס, ריזיקירנדיק אויף שריט און טריט מיטן אייגענעם לעבן, איז דער יידישער לערער אַרומגעגאַנגען איבער די קעלערן און הויפן און האָט אָרגאַניזירט שוץ־פונקטן, באַשפּייזונגס־פונקטן פאַר דער באַפעלקע־רונג און פאַרן יידישן קינד.

ביים אַריינמאַרש פון די דייטשע הענקער־חילות אין די פּוילישע שטעט און ביים אָנהויב פון דער דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק לגבי דער יידישער באַפעלקערונג — האָבן מיר געזען דעם יידישן לערער אומדערמידלעך אויף אַלע פּאָזיציעס און געביטן פון לעבן. ער אָרגאַניזירט קיכן; קינדער־הייזער; האַלב־אינטערנאַטן פאַר קינדער פון גאַס, קינדער־בעטלער, קינדער קאַליקעס. ער פאַרנעמט זיך מיט סאָציאַלער הילף; זאָרגט פאַר די עלטערן פון די קינדער. דערביי האָבן לערער געפירט אַ ברייט־פאַר־צווייגטע פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט. דער לערער־פאַרבאַנד איז אין יענע טעג געווען דער צום בעסטן אָוועקגעשטעלטער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין — געזאָרגט פאַר זיינע מיטגלידער און געהעריקער אַרבעטס־פאַרטיילונג. דער לערער־פאַרבאַנד האָט געהאַט קאָנטאַקטן מיט שוועסטער־אָרגאַניזאַציעס אין דער וועלט און פלעגט באַקומען הילף אין דער פאָרם פון שפּייז, געלט, מעדיקאַמענטן א. א. וו. — פאַר זיינע מיטגלידער.

אין דער קאָנספּיראַטיווער אונטערערדישער טעטיקייט פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע האָבן די לערער פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ ביים צוגרייטן שילער־קאַדרען צום קאַמף — צום אויפשטאַנד פון 19טן אַפּריל.

ביים אָרגאַניזירן די יידישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט זיינען געשטאַנען בראש פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן פון צווישן דער לערערשאַפט. אין דער אָנפירונג פון זשיטאָס — "סאָציאַלע אַליינהילף" — איז געווען דער לערער — דער באַקאַנטער היסטאָריקער — גרינדער פון דעם אונטערערדישן אַרכיוו ד"ר עמנואל רינגעלבלום.

ביי דער שוץ איבערן פאַרלאָזענעם יידישן קינד איז געווען צום אַקטיוויסטן די באַרימטע פּעדאַגאָגין ראָזא סימכאָוויטש.

אויף אַלע אַנדערע אָנפיר־פּאָזיציעס זיינען געשטאַנען אין שפּיץ אויסער געזעל־שאַפטלעכע פּראָמינענטע טוער — אויך לערער מיט מער אָדער ווינציקער פּאָפּולערע נעמען ווי: סאָניע נאָוואָגרודזקא; פּעלא הערצליך; הערש סמאָליאר; גרינקרויט; שבע מילער; פּעליא פריימאַן; מורזשאַן; מאַניע ירוכימזאָן; דינה האָכבערג; ליזע נאכטנשטיין; ישראל ליכטנשטיין; געלע סעקשטיין; בערטא ווינאָגראַד; קאָזלאָווסקא; יוכבד זוסמאַן; בעלא זאָנשיין, ח. ברוידע מיט זיין פרוי, רחל ראָטנבערג, ליאָניע ראָטנבערג; אסתר לינדנהיים; פּעלא לינדעמאַן; רחל לאבענדזש; מינע אַבעלמאַן; לאקס־שימעל; פיינשטיין, באַשע בוקסבוים־עפּשטיין; י. גאָלדבערג; און א סך א סך אַנדערע. פאַרן באַקאַנטן פּעדאַגאָג ד"ר יאנוש קאָרטשאַק, וועלכער איז צוזאַמען מיט די קינדער פון זיין אינס־טיטוט מיטגעגאַנגען צום אומקום כדי זיי צו פאַרלייכטערן די לעצטע מינוטן פון זייער לעבן, — איז נאָך ניט אויפגעשטעלט געוואָרן דער דענקמאָל וואָס זאָל פאַר־הייליקן און פאַראייביקן זיין גרויסע לערער־פּערזענלעכקייט און טעטיקייט. חוץ די אַלע, זיינען געווען אַ סך נאָמענלאָזע פאָלקס־לערער, וועלכע זיינען געשטאַנען ביי דער שוואַרצער טאָגטעגלעכער אַרבעט פון שיצן דאָס יידישע קינד; מיט דער גרעסטער מאָס פון שטילן, באַשיידענעם מסירת־נפש געטראָגן זייערע לעבנס אין אַלע שווערע מאָמענטן פון יענער שרעקלעכער צייט.

ווען די יידישע באַפעלקערונג איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין די מויערן פון געטאָ, איז אָרגאַניזירט געוואָרן צו דער קינדער־הילף די גאַנצע לערערשאַפט פון אַלע גרופּירונגען און שאַטירונגען, פון עקסטרעם לינקע ביז רעליגיעזע גרופּן. דער באַטייט פון די געשאַפענע באַשפּייזונגס־פּונקטן איז געווען קאָלאָסאַל: דאָס זיינען געווען די איינציקע ערטער וואו עס האָבן זיך געזאַמלט און קאָנצענטרירט די יידישע קינדער — די יידישע יוגנט.

די דייטשע מאַכט האָט פאַרבאָטן צו עפענען שולן פאַר יידישע קינדער צוליב מורא, אַז די יידישע יוגנט זאָל זיך ניט קאָנצענטרירן אין קיין גרופּן. די קיך־פאַר־וואַלטונגען האָבן באַקומען אַ שטרענגן אָנזאָג פון דער דייטשישער מאַכט, אַז די קינדער זאָלן בלויז קומען אָפּעסן און גלייך פאַרלאָזן דעם לאָקאַל פון דער קיך. די קינדער־גרופּן טוישן זיך במשך פון גאַנצן טאָג. די ראָל פון לערער ווערט זייער קאָמפּליצירט. עס ווערט קאָנטראָלירט און באַשווערט זיין טעטיקייט. דאָ ביים עסן אין דער קיך באַקומען די קינדער אין געהיים זייער געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע דערציאונג.

ניט געקוקט אויף די אַלע באַשווערונגען, זיינען דאָך די קיכן געווען דער רעזער־וואואַר פון די שפּעטער־אַנטשטאַנענע שול־קאַמפּלעטן פון דעם אומלעגאַלן שול־וועזן. אין אָט די נעסטן איז דערצויגן און אויסגעשמידט געוואָרן דער צעמענטירנ־דיקער כח פון דער יידישער יוגנט, וועלכע האָט זיך שפּעטער אַזוי אויסגעצייכנט אין אַלע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע אַקציעס און בעת די קאַמפן אין געטאָ.

איך ברענג דאָ עטלעכע אויסצוגן פון קינדער־באַשרייבונגען, פון דעם וועט אונז קלאָרער ווערן וואָס פאַר אַן אַטמאָספער פון צוגעבונדנקייט דער לערערשאַפט איז געלונגען צו שאַפן אין די דאָזיקע קינדער־אַנשטאַלטן.

שרה נאָדעל — שילערין פון דער יידישער פאָלקס־שול — נאָוואָליפּקי 68 — שרייבט אין איר טאָגבוך וועלכן מיר איז געלונגען אויסצובאַהאַלטן:

„— מיין מאַמע שיקט מיר אין גאַס האַנדלען, אָבער איך קען זיך ניט אָפּרייסן פון דער שולע, איך ווייס ניט, וואָס איך און נאָך אַנדערע קינדער וואָלטן געטאָן ווען ניט די שעהן וואָס מיר פאַרברענגען מיט אונזערע לערער און חברים. איך וואָלט ניט אויסגעהאַלטן די שרעקלעכע אומעטיקע טעג. דאָ אין קיך באַקום איך חשק נאָך ווייטער צו לעבן. איך פאַרגעס אין אַלע מיינע צרות. דאָ אין קיך באַקום איך גלויבן, אַז מיר יידישע קינדער וועלן נאָך אַמאָל קענען זיין פריילעך".

אַ צווייט קינד פון דער זעלבער שול מיטן נאָמען אסתרל האַניקמאַן האָט מיר אַמאָל צוגעשיקט אַ בריוו מיט אַזאַ אינהאַלט:

„—ביי אונז אין קיך גרייטן מיר זייער אַ שיינע פאָרשטעלונג. דער לערער סמאָליאר האָט צענויפגעשטעלט אַ דראַמע. איך שפּיל פאַר אַ יידישע מאַמע וואָס וויל אַרויסרייסן ביי אַ דורכגייער אַ שטיקל ברויט פאַר איר קינד. שפּעטער טאַנצן מיר אַ טאַנץ פון הונגער. אָבער עס באַווייזט זיך די זון, און די דייטשן ווערן פאַרטריבן, און מיר יידישע קינדער דערלעבן גוטע און נייע צייטן.

אַזוי ענדיקט זיך די פאָרשטעלונג. אַז איך פאַרשפּיל זיך, פאַרגעס איך אַז איך בין הונגעריק און איך פאַרגעס אַז אין דרויסן זיינען דאָ אַזעלכע שלעכטע דייטשן. אינדערפרי לויף איך שנעל אין קיך, און איך וואָלט געוואָלט אַז דער טאָג זאָל זיך ניט ענדיקן, ווייל ווען עס ווערט פינסטער מוזן מיר אַלע שנעל זיך צעלויפן אַהיים און אין די שטיבער איז אַזאַ מרה שחורה און אַזוי פינסטער!"

פון דעם אויבן־געבראַכטן ווערט אונז קלאָר, וואָס פאַר אַ גייסט און ווינקל פון פרייד די לערער איז געלונגען צו שאַפן אין די דאָזיקע קיכן.

מיטן איינשליסן די יידישע באַפעלקערונג אין די מויערן פון געטאָ, זיינען אַנט־שטאַנען נייע קאַטעגאָריעס קינדער: כל המינים בעטלער, גאַסן־קינדער, זינגער איבער די הויפן; שויבן־קלאַפּער; פּראָפעסיאָנעלע שנאָרער; געמאַכטע קאַליקעס און כל

**אַרויסלאָז פון דער בר. גראָסער־שול אין וואַרשע, אַן ערך 1924**



ג. זאַלצמאַן, סאָניע נאָוואָגרודסקי, לאה האַלפּערן, יעקב גלאַטשטיין, י. פּאַט, ב. זאָנשיין (ערשטע ריי פון אויבן, צווייטע פון לינקס), דוד בארנבוים (אויבן, רעכטס, דער ערשטער).

המינים גייסטיק אָפּגעשטאַנענע און מאָראַליש פאַרדאָרבענע קינדער. די דערציִער־רישע, פּעדאַגאָגישע זייט פון דער אַרבעט איז געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער. אויך די געפאַר פון אַנשטעקנדע קראַנקייטן איז אַלץ גרעסער געוואָרן און אַ סך לערער זײַנען געפאַלן אין דער שלאַכט מיט דער שרעקלעכער טיפוס־עפּידעמיע אין געטאָ.

דאָ דערשיינט די שטראַלנדיקע פערזענלעכקייט פון דער אַזוי באַליבטער און אָנערקענטער יידישער פּעדאַגאָגין ראָזא סימכאָוויטש, וועלכע איז געפאַלן אַ קרבן פון איר מסירת נפשדיקער אַרבעט — זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס. זי האָט נישט געוואָלט זיין אָפּגעטיילט אין איר ביורא־צימער מיט קיין וואַנט־באַריערע, וואָס זאָל איר איזאָלירן פון יידישן קינד — דעם פּעטענט — און זי פלעגט אויפנעמען די מחנות פּעטענטן־קינדער דירעקט, — פלעגט אַמטירן ביי אָפענע טירן. און אין איינעם אַ פראָסטיקן ווינטער־טאָג איז נאָך שווערע באַמיאונגען און אינטערווענירן געלונגען צו ברענגען איר קערפּער אויפן יידישן בית־עולם אין וואַרשע. אַ קלײנער גרופּע בלויז, פון אירע פריינט, פאַרערער און לערערשאַפט, איז דערלויבט געוואָרן זי צו באַגלייטן צו איר אייביקער רו, וואו נישט אַלע פון די געפאַלענע לערער־קרבנות האָבן זוכה געווען צו באַקומען זייער קבר.

### אַרויסלאָז פון אַ באָראָכאָוו־שול אין וואַרשע



די לערער: (אין צענטער) — ל. נאַכטנשטיין, א. ווייו, ש. בראַטמאַכער, ערשטע ריי, אויבן, אין מיטן: א. פרוינד

אין די דאָזיקע שרעקלעכע טעג האָבן לערער געהאַט אַ כח צו זאָרגן וועגן דער דערציִעריש־פּעדאַגאָגישער הייך פון זייער טעטיקייט. מיט די ענינים האָט זיך פאַרנומען און געזאָרגט אַ ספּעציעל אָרגאַניזירטער, באַרופענער פאַכמענערישער אַפּאַראַט. אַ באַזונדער ראַט פון אינספּעקטאָרן פלעגט סיסטעמאַטיש באַזוכן די אַנשטאַלטן און זיי אינסטרואירן מיט אָנווייזונגען און צושטעלן מאַטעריאַלן.

פּעדאַגאָגישע קאָנפערענצן פלעגן פאָרקומען אָפט און סיסטעמאַטיש. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קורץ־טערמיניקער לערער־סעמינאַר פאַר דער אויסבילדונג פון נייע לערער־קאַדרען.

אין יאָר 1942 האָט דער יודן־ראַט געפּועלט ביי דער דייטשישער מאַכט צו עפענען שולן פאַר יידישע קינדער. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ בילדונגס־אָפּטיילונג, אונטער דער לייטונג פון האָרענשטיין. אַלע געזעלשאַפטלעכע שולן זיינען געווען אָפיציעל אונטערגעוואָרפן אָט דער בילדונגס־אָפּט. און איר אויסגעאַרבעטן שול־פּראָגראַם. פאַקטיש אָבער איז יעדער שול געבליבן ביי דער ריכטונג צו וועלכער זי האָט געהערט פאַר דער מלחמה. עס ווערן דאַן געעפנט אַלע טיפּן שולן וואָס האָבן עקזיס־

טירט אין פאַרמלחמהדיקן וואַרשע. עס ווערן געעפנט די צישאָ־שולן אויף קאַרמע־ליצקע 29; מילע 51; קראָכמאַלנע 36; אויף קראָכמאַלנע 36 האָט זיך אויך געפונען אַ גרויסער האַלב־אינטערנאַט פאַר גאָר קליינע קינדער און אויך קינדער אין פאָרשול־עלטער. מיט דעם אַנשטאַלט האָט אָנגעפירט די פרעבליסטן קאָזלאָווסקא. די שול אויף נאָוואָליפקי 68 איז געווען אָנגעפירט פון הערש סמאָליאַר און פעלא הערצליך.

ביי די שולן זיינען ווייטער געווען טעטיק די קיכן. די באַשפּייזונג פאַר די אַדורכ־גייענדיקע קינדער־קאָנסומענטן איז פאָרגעקומען נאָרמאַל.

דער פונדאַמענט פון דער שול איז געווען פון פריער אָרגאַניזירט — פון דער קינדער־קיך וואו עס פלעגן פאָרקומען די אומלעגאַלע שול־קאָמפּלעטן. די שילער־פעריפעריע, ווי אויך די עלטערן־פעריפעריע איז שוין צוגעגרייט פון פריער. דאָס גאַנצע קולטור־לעבן אין געטאָ צעוואַקסט זיך מיטן אַנטשטיין פון די שולן. עס ווערן אָרגאַניזירט עפנטלעכע געמיינזאַמע אַקציעס; אונטערנעמונגען, קינדער־פאָרשטעלונ־גען, וועלכע טיילן זיך אויס מיט זייער אינהאַלט, קינסטלערישן ניוואָ און פאַרנעם (די פאָרשטעלונגען אין די שולן אויף נאָוואָליפקי 68, אויף קראָכמאַלנע 36 און אין אַנדערע שולן). אַלע יידישע נאַציאָנאַלע יום־טובים ווערן פייערלעך אונטערגעשטראָכן. אויף אַן אימפּאָזאַנטן אופן פייערט מען דעם יאָרצייט פון י. ל. פרץ. דאָס איז געווען

### וולד. מעדעם־שול אין לאָדזש



צווישן די לערער:
מ. בירנבוים, ח. ל. פאָזנאַנסקי, בלומע מושקעס־סאָובעל, מ. עלנטוך, כאַ־ידאַק, שפיגעל (ישעיה?), זשעכלינסקי

אַ גרויסע אונטערנעמונג אויף וועלכער עס זיינען אויפגעטראָטן די קינדער פון די שולן צוזאַמען מיט אַרטיסטן. די אונטערנעמונג איז פאָרגעקומען אין בנין פון דער יודאַאיסטישער ביבליאָטעק אויף טלומאַצקע גאַס נומער 5. מיט דער אימפּרעזע האָבן אָנגעפירט מאַגיסטער לינדער און דער באַקאַנטער רעזשיסער מאַזאָ.

ביי אַלע שולן האָבן עקזיסטירט שול־פּאַטראָנאַטן, צו וועלכע עס זיינען צוגע־צויגן געוואָרן כל המינים יידן, מען האָט זיי אויסגעלערנט טראָגן פליכטן פאַר די קינדער־אינסטיטוציעס.

מיטן כסדרדיקן פאַרקלענערן דעם שטח פון געטאָ; צוליב די כסדרדיקע אויס־זידלונגען ווען עס זיינען צוגענומען געוואָרן די גרעסטע צאָל קינדער מיט זייערע לערער (געווען פאַלן ווען די דייטשן האָבן פאָרגעלייגט צו באַפרייען געוויסע פאַר־וואַלטער און לערער, אָבער כמעט אין אַלע פאַלן זיינען לערער מיטגעגאַנגען מיט זייערע אַנשטאַלטן) — איז די שוין איבערן יידישן קינד שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרן; דאָך איז זי ווייטער געבליבן אָרגאַניזירט.

די מיינסטע צאָל קינדער קומען איצט אין גרויסן אַנשטאַלט אויף דזשיקע 58 און דזשיקע 6. די איבעריקע ווערן קאָנצענטרירט אין זייערע הויפן וואו זיי באַקומען באַשפּייזונג. אין די ראַמען פון די הייזער ווערן ווייטער געפירט אומלעגאַלע שול־קאָמפּלעטן.

נאָך דער צווייטער אויסזידלונג־אַקציע דעם 18־טן פעברואַר, 1943־טן יאָר הערן אויף צו עקזיסטירן די אָפיציעלע אַנשטאַלטן. מען באַמיט זיך ניט צו קאָנ־צענטרירן די קינדער אין קיין עפנטלעכע אַנשטאַלטן. מען ראַטעוועט זיך ווער עס קען אויף אייגענער האַנט.

די קינדער זיינען צעוואָרפן מיט זייערע עלטערן איבער פאַרשיידענע אַרבעטס־שאַפּן, אָבער אויך דאָ דערגרייכט מען זיי. די געציילטע, די נאָך ביים לעבן געבלי־בענע לערער, אָרגאַניזירט אין דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וועקן ביי די קינדער און יוגנטלעכע קאַמפּס־גרייטשאַפט — ווייסנדיק גענוי וואָס עס ווערט געטאָן מיט די אויסגעזידלטע יידן — און — פּאַסנדיק דעם באַשלוס פון ווידערשטאַנד. דעם 19־טן אַפּריל זיינען לערער און שילער צוזאַמען געשטאַנען אין פייער פון קאַמף קעגן די מערדער פון אונזער פאָלק.

זאָל דאָ צום שלוס געבראַכט ווערן אַן אויסצוג פון אַ טאָג־בוך פון אַ יוגנטלעכן — אַ שילער וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין איינער פון די "צישאָ"־שולן, — ווי אַ באַשטעטיקונג צו דער גרויסער אַרבעט וואָס די דערציער און לערער האָבן איינ־געפלאַנצט אין דער יוגנט.

דוד גראַבער איז דער נאָמען פון דעם אביטוריענט פון דער באָראָכאָוו־שול, נאָוואָליפּקי 68. ער איז געווען איינער פון די וואָס האָבן מיטגעהאָלפן באַגראָבן דעם רינגעלבלום־אַרכיוו. זיין טאָג־בוך איז געפונען געוואָרן נאָך די אויסגראָבונגען פון רינגעלבלום־אַרכיוו און געפינט זיך אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע אונטער נומער — "1720".

און אַט איז אַן אויסצוג פון זיין צוואה, געשריבן דעם 3־טן יולי פון יאָר 1942:

״...איך וויל ניט קיין דאַנק, פאַר מיר וועט גענוג זיין, אַז די קינפטיקע דורות וועלן דערמאָנען אונזערע צייטן, אַז אין אַ באַפרייטער וועלט וועט מען דערמאָנען אונזערע לײדן און פּיין, אַז אין אַזאַ צייט פון אונטערגאַנג האָבן זיך געפונען מענטשן וואָס האָבן געהאַט מוט צו טאָן אַזעלכע אַרבעטן. מיר האָבן געפילט אונזער אַחריות. מיר האָבן זיך ניט געשראָקן פאַר דער ריזיקע. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון אַז מיר שאַפן אַ שטיק געשיכטע און דאָס איז וויכטיקער ווי אייגענע לעבנס״.

״דאָס וואָס מיר האָבן ניט געקענט אויסשרייען פאַר דער וועלט האָבן מיר באַגראָבן אין דער ערד״.

—״איך וויל ניט קיין דאַנק. נישט דערפאַר האָב איך מיין לעבן, מיין ענערגיע געגעבן. איך וואָלט געוואָלט דערלעבן דעם מאָמענט ווען מען וועט קענען אויסגראָבן דעם גרויסן אוצר און צעשרייען דעם אמת. זאָל זיך די וועלט דערוויסן.

״מיר וועלן עס אָבער זיכער ניט דערלעבן און דערפאַר שרייב איך מיין צוואה:

״...זאָל דער אוצר אַריין אין גוטע הענט. זאָל ער דערלעבן בעסערע צייטן, זאָל ער אַלאַרמירן די וועלט — וואָס עס איז זיך פאַרלאָפן אין 20־טן יאָרהונדערט. אונזער אַלעמענס וואונטש איז, אַז נאָכן פּובליקירן אים זאָל אים ווערן אָפּגעגעבן אַ באַזונדער אָרט אין באָראָכאָוו־מוזיי פון אַ באַפרייט ארץ ישראל און מיר וועלן דאַן קענען ליגן רואיק אין קבר. מיר קענען איצט רואיק שטאַרבן. מיר האָבן אונזער שליחות געטאָן. זאָל אונז די געשיכטע אַרויסגעבן איר צייגעניש״.

די יוגנט, וואָס איז דערצויגן געוואָרן דורך אונזער לערערשאַפט אין די שוידער־לעכע באַדינגונגען, האָט מען נאַציאָנאַל צעמענטירט, דערצויגן און צוגעגרייט צו ווידער־שטאַנדס־פעאיקייט, פּאָליטיש רייך געמאַכט און אויפגעהאַלטן. עס איז ניט קיין צופאַל וואָס די אַלע קינדער־העלדן האָבן געקענט אויסוואַקסן צו דער העכסטער מדרגה פון העראָאיזם. דאָס איז געשען אַדאַנק דעם וואָס די שול האָט געפלעגט און קולטיווירט אין זיי נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, קאַמפּספּעאיקייט, מענטשלעכע און נאַ־ציאָנאַלע ווירדע.



אין דער ענגער ראַם פון דער קורצער נאָטיץ לאָזט זיך ניט איבערגעבן די הויכע ליכט פון ריטערלעכקייט און העלדישקייט, וואָס שטראַלט אַרויס פון די אַלע לערער־געשטאַלטן אין יענע פינסטערע טעג.

יעדע פון די לערער־געשטאַלטן פאַרדינט געוויס פאַראייביקט צו ווערן אין אַ באַזונדערן בוך, אין אַ בוך פון טיפן מענטשלעכן טראַגיזם פון אונזער צייט, אין אַ בוך וואו עס זאָלן פאַרהייליקט ווערן אונזערע גרויסע לערער אין זייער ידישן גורל.

ג ע נ י א  ס י ל ק ע ס

**מיר שטייען ביים לעצטן בלעטל פונעם לערער־יזכור בוך. ווילן מיר דאָ אַוועקלייגן אויפן ברידער־קבר פון אונזער אומגעקומענער לערערשאַפט — אַ פּאָר שיינע בלומען פון געוועזענע און לעבנגעבליבענע תלמידים פון דער צישאָ־שול...**

**ווען יעקב פּאַט האָט אין 1946 באַזוכט פּוילן, האָט צו אים די געוועזענע תלמידה פון דער וואַרשעווער מעדעם־שול, נאַוואָליפּקי 68, רוזקע קירשענ־בוים אַזוי דערציילט: „ביינאַכט ווען מיר זענען געלעגן אין די שטאַלן פון אָשוויענטשים, נאָך יעדן טאָג ווען מען האָט גענומען הונדערטער צום טויט, פלעג איך זינגען אין דער פינצטער. פון אָט דעם זינגען האָב איך געשעפּט כוח. איין מאָל ביינאַכט האָב איך געזונגען אין שטאַל, אַזוי זיך, אַ קינדער־ליד פון אונזער שול, — מיר דוכט אַז עס איז לייב ניידוסעס אַ ליד:**

אַ ליבע קינד איז נעמילע,
אַ שיינע בלאָנדע מיידעלע,
דער פינפטער פרילינג גייט איר
אַנטקעגן פון דערווייטן...

**אין דער פינצטער איז צו מיר צוגעקומען אַ יידישע פרוי פון פראַנקרייך, געקושט מיך און זיך געבעטן:**

„זינג עס נאָך אַמאָל,
דו האָסט דאָך געזונגען וועגן מיין קינד"...

**ה. ש. קאַזדאַן האָט אין פעברואַר 1954 דערהאַלטן אַ בריף פון אַ געוועזענער שילערין פון דער גראָסער־שול אין וואַרשע, מרים דאָרן (היינט אין פּאַריז). שרייבט זי אַזוי:**

„ווען איך בין געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער מאַידאַנעק און גע־לעגן אויף דער האַרטער פריטשע הונגעריק, הילפלאָז, וויסנדיק אַז מיינע טעג זיינען געציילטע, בין איך נישט געוואָרן פאַרצווייפלט. איך האָב זיך איבערגעטראָגן צוריק קיין וואַרשע, אויף דער באַנק פון אונזער שול, און ווידער געלערנט פרץ'ן, שלום עליכם, מענדעלע, און אַנדערע... דאָס האָט מיר געגעבן כוח. ווירדיק, באמת ווירדיק, נישט פאַרלירנדיק זיך, האָב איך געטראָגן מיינע ליידן און אַזוי גע־וואַנדערט פון איין לאַגער ביזן צווייטן ביז צו דער ענדגילטיקער באַפרייאונג".

**די דאָזיקע שטילע ווערטער פון די געוועזענע תלמידים שיינען אַרויס ווי לויטערע פּערל אויף דעם מאָנומענט פון אונזער שול און אירע לערער...**

